פעסטונג־שטעט, איז עס דאָך געבליבן אַ קליין שטעטעלע און היינט־צו־טאָג איז עס כמעט אַ דאָרף.

מיט וואָס דערקלערט זיך, וואָס אַזאַ באַרימטע אַמאָל שטאָט האָט דורכגעמאַכט אַזאַ ירידה?

אַ סך דערקלערן עס דערמיט, וואָס אַ גרויסע שריפה, וואָס איז אויסגעבראָכן אין 18־טן יאָרהונדערט האָט געדראָט צו פאַרברענען די גאַנצע שטאָט, צוזאַמען מיטן אויבנדער־מאָנטן פּאַלאַץ, אַזוי אַז די שטאָט האָט שוין מער נישט גע־קענט אויפשטיין פון אירע חורבות און געבליבן אַ קליין שטעטעלע.

ווען מיר טוען אָבער אין דער אמתן אַ בליק אויף דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון וואָלבאָרזש, דאַן זעען מיר, אַז די אמתע סיבה פון דער ירידה איז געקומען צוליב — יידן...

יאָ, טאַקע ווייל די שטאָט האָט נישט פאַרמאָגט קיין געהעריקן יידישן ישוב האָט זי זיך נישט געקענט אַנט־וויקלען.

וואָלבאָרזש איז לאַנגע יאָרהונדערטער געווען אַ קאַפּי־טולע־שטאָט און זייענדיק אונטערן רשות פון גלחים, האָט די שטאָט פאַרשלאָסן אירע טויערן פאַר יידן. די גלחים האָבן פון צייט־צו־צייט אָפּגעהאַלטן דעם דראַנג פון די יידן זיך צו באַזעצן אין וואָלבאָרזש, ווי אויך אין דער סביבה, אַרום דעם טייך וואָלבורקע.

פּרטים וועגן די גלחימס מעשים פון יענער תקופה זענען אונדז נישט באַקאַנט, נאָר זייער אַרבעט האָט געהאַט די פּעולה, אַז אַ לאַנגע צייט האָט בשום אופן נישט געקאָנט זיך אַנט־וויקלען אַ יידישער ישוב אויפן פלאַכלאַנד ביים טייך וואָל־בורקע. די יידן, ממש יחידים, וועלכע האָבן דאָך געהאַט אין זייער רשות קרעטשמעס, האָבן געמוזט געהערן צו דער קהילה אין פּיעטרקאָוו.

אַ סוף צו דער ממשלה פון די גלחים אין וואָלבאָרזש איז געקומען ערשט אין יאָר 1818. די רוסישע מאַכט האָט אָפּגעשאַפט דעם גלחים־קאָלעגיאַט און פאַרוואַנדלט דעם בּיסקופן־פּאַלאַץ אויף מיליטערישע קאַסאַרן.

יידן האָבן דאַן זיך גענומען באַזעצן אין וואָלבאָרזש, אָבער די אַלטע שטאָט האָט שוין נישט געהאַט קיין מעגלעכ־קייט צו קאָנקורירן מיט די נייע שטעט לאָדזש און טאָמאַשאָוו, וואָס זענען געוואַקסן מיט אַ לעגענדאַרן טעמפּאָ.

אַזוי אַרום איז וואָלבאָרזש געבליבן אַ קליין שטעטעלע מיט אַ קליינעם קיבוץ יידן, הגם דאָס יידישע וואָלבאָרזש האָט געשמט אין דער סביבה מיט איר רבישן הויף. צו די וואָלבאָרזשער רביים איז מען געפאָרן פון גאַנץ ווייט. דער ערשטער וואָלבאָרזשער רב האָט געהייסן ר׳ בעריש. די קאָזשעניצער רביאישע דינאַסטיע האָט אָנגעהאַלטן ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה.

# דער ערשטער יידישער ישוב אין טאָמאַשאָווער סביבה

נישט געקוקט דערויף, וואָס די גלחים־שטאָט וואָלבאָרזש האָט אַ לאַנגע צייט געשטערט די יידן, וואָס האָבן זיך געוואָלט באַזעצן אין דער סביבה, האָט זיך דאָך אין אָנהויב פון 15־טן יאָרהונדערט געגרינדעט אַ יידישער ישוב אין שטעטל אויאַזד, וואָס ליגט 11 קילאָמעטער פון היינטיקן טאָמאַשאָוו, אויפן וועג קיין לאָדזש.

דער בויער פון שטעטל אויאַזד איז געווען דער לענטשי־צער מיעטשניק פּיאָטר סטריקאָווסקי. אין אָנהויב פון 15־טן יאָרהונדערט האָט ער געלאָזט אויסהאַקן אַ שטיק וואַלד און גענומען אויפשטעלן הייזער. ער האָט די איינוווינער, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין שטעטל, באַפרייט פון אַלערליי אָפּ־צאָלונגען און שטייערן אויף אַ צייט פון 20 יאָר. אויך האָט ער אויסגעפּועלט ביים דעמאָלטיקן פּוילישן קעניג, אַז דאָס שטעטל זאָל האָבן יעדע וואָך אַ יאַריד־טאָג און צוויי יאָר־יאַרידן.

די מערק, וועלכע האָבן זיך גענומען אַנטוויקלען, האָבן באַלד צוגעצויגן יידישע איינוואַנדערער פון דער אַרומיקער געגנט און עס האָט זיך געגרינדעט אַ יידישער ישוב.

לויט די לעגענדע דערציילט איז דער יידישער ישוב אַנטשטאַנען ביי פאָלגנדיקע אומשטענדן: דער קעניג וולאַ־דיסלאַוו יאַגעללאָ האָט מיט זיינע חילות אַדורכמאַרשירט אויאַזד אין 15־טן יאָרהונדערט קיין גרונוואַלד. מיט די פּוי־לישע חיילות האָבן מיטגעוואַנדערט פאַרשידענע יידישע סוח־רים. זיי האָבן עס אויסגעפּועלט ביים קעניג, אַז זיי זאָל דערלויבט ווערן בלייבן וווינען אין שטעטל און זיך אויפ־שטעלן אַ מקום־תפילה. זייער בקשה איז דערפילט געוואָרן און עס איז באַלד אַנטשטאַנען אַ יידישער ישוב אין אויאַזד.

אין עטלעכע יאָר אַרום ווערט דאָס גאַנצע שטעטל אָפּ־געקויפט דורכן לענטשיצער סטאַראָסטע און שפּעטער גייט עס ווידער איבער צום מעכטיקן וואָיעוואָדע פּיאָטר דינין. אונטער

זיין הערשאַפט איז זיך דער יידישער ישוב צעוואַקסן. די קהילה האָט שוין דאַן פאַרמאָגט איר אייגענע שול, ווי אויך אַ בית־עלמין. עס זענען אויך דאַן געקומען אין שטעטל און זיך באַזעצט יידישע פליטים פון דעמאָלטיקן שוין רשעותדיקן דייטשלאַנד.

אויפן אויאַזדער בית־עלמין האָט מען געבראַכט מקבר צו זיין מתים פון דער גאַנצער סביבה פון נעבן פיעטרקאָוו ביז צום היינטיקן לאָדזש.

שפעטער, אין יאָר 1476, האָבן די יידישע סוחרים אַדאַנק דער השתדלות פון דונין אויסגעפועלט ביים פוילישן מלך קאַזימיעזש יאַגעלאָנטשיק אַ דערלויבעניש און אַ באַשטעטיקונג אויף זייערע אַלע מערק־פּריווילעגיעס.

אין יאָר 1620 ווערט אויאַזד אָפּגעקויפט דורכן גראַף קאַספער דענהאָף, אַן איידעם פון די קאָניעצפּאָלסקיס. ער האָט אויפגעשטעלט אַ פעסטונג אין שטעטל ביים טייך טשאַרנע, ווי אויך אַ פּאַלאַץ צו וווינען.

יידן האָבן זיך גוט געפילט אונטער זיין ממשלה און אויך אונטער דער הערשאַפט פון זיינע קינדער.

האָבנדיק פרנסה בשפע, האָבן די יידן פון שטעטל געהאַלטן אין איין אַראָפּברענגען אַהער די בעסטע לומדים פון פוילן. אַ סך אויאַזדער רבנים האָבן שפּעטער געשמט אַלס מנהיגי הדור פון פוילישן יידנטום ביים אָנטיילנעמען אין די ראַטן פון „ועד ארבע ארצות", וואָס האָט אָפּגעהאַלטן קאָנגרעסן אין פאַרשידענע גרויסע שטעט, ווי לובלין, באַריסלאַוו און אַנד.

עס איז אויך געבליבן אַ לעגענדע, אַז אין אויאַזד האָבן זיך אין יענע צייטן בשום אופן נישט געקאָנט האַלטן קיין רבנים. יעדער רב, וואָס איז נאָר געקומען צו פאַרן איבערנעמען דעם כסא הרבנות, איז אין אַ קורצער צייט אַרום נסתלק געוואָרן. דאָס האָט אַזוי לאַנג אָנגעהאַלטן ביז דער גאָר יינגעטשקער רב, ר' זישע פלאָצקערס אַ זון, איז — ווי נאָר ער האָט איבערגענומען די רבנות — תיקף נסתלק געוואָרן. אַ צייט לאַנג האָט שוין קיין שום רב מער נישט געוואָלט איבערנעמען דעם אויאַזדער כסא הרבנות, וואָס ברענגט אַוועק פון דער וועלט. די קהילה האָט זיך דאַן געווענדט צום פיעטרקאָווער אַלטן ראש־ישיבה, ר' דוד חריף, ער זאָל איבערנעמען דעם רבנות־אַמט.

ר' דוד חריף האָט עס טאַקע איבערגענומען טענהנדיק, אַז ער איז סיי־ווי־סיי שוין אַן אַלטער מענטש און האָט נישט מורא פאַרן טויט. ר' דוד חריף האָט גראַד מאריך ימים געווען אויפן כסא הרבנות אין אויאַזד און דערגרייכט אַ טיפן עלטער. זיינע תלמידים זענען געווען די גרעסטע לומדים פון פוילן, ווי דער באַרימטער „תפארת שלמה", ר' יעקעלע און פיל אַנדערע. ר' דודס אַ זון, ר' יעקל דיין, איז אַ לאַנגע צייט געווען מורה־הוראה אין טאָמאַשאָוו. פון ר' דוד חריף אַן האָט דאָס כסא הרבנות שוין מער נישט נסתלק געווען אירע רבנים.

אויפן אויאַזדער בית עלמין געפונען זיך פיל קברים פון צדיקים און גדולים מיט הונדערטער יאָרן צוריק. די מצבות זענען שוין לאַנג פאַרשוווּנדן געוואָרן פון די קברים.

די לעגענדע ווייסט צו דערציילן, אַז אַ סך פון די צדיקים האָבן געהאַט באַשאַפן „גולמס" אַזוי ווי דער מהר"ל פון פּראָג באַנוצנדיק זיך מיט זיי צו פאַרשידענע צוועקן. אויף די קברים פון די צדיקים פלעגן אין חודש אלול קומען מענטשן פון גאַנץ ווייטע שטעט בעטן זכות־אבות...

# טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק אין די יאָרן 1789—1914 *

ווייסבערג משה

## א.

לויט אויטענטישע קוועלן איז טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצק געגרינדעט געוואָרן ענדע 18־טן יאָרהונדערט, אין די יאָרן ווען פּוילן האָט נאָך נישט עקזיסטירט אַלס זעלבסטשטענדיקע מדינה.

דאָס איז געווען דאַן, ווען מיט דער פּוילישער טעריטאָריע האָבן זיך צעטיילט די דריי אַמאָליקע גרויסמאַכטן:



גראַף אַנטאָני אָסטראָווסקי
גרינדער פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק
(מיסד העיר טומשוב־מזוביצק)

רוסלאַנד, עסטרייך און פּרוסיע (דייטשלאַנד). די גרויסע און ברייטע שטחים פון דער צוקונפטיקער שטאָט טאָמאַשאָוו זענען געווען באַדעקט מיט גרויסע און געדיכטע סאָסנע־וועלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן אין אַלע ריכטונגען אויף צענדליקער קילאָמעטער.

לויט אַ דאָקומענט, וואָס האָט זיך געפונען אין טאָמאַשאָווער שטאַטישן אַרכיוו, איז אין יאָר 1789 (דאָס יאָר פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע), פאַרלייגט געוואָרן ביים טייך וואָלבורקע אַ קליינער ישוב, וועלכער איז באַשטאַנען פון אייניקע קליינע הייזלעך און אַן אייזן־גיסעריי. דער דאָזיקער ישוב איז געגרינדעט געוואָרן דורך דעם גרויסן גוט־באַזיצער פון דער אויאַזדער געגנט טאָמאַש אַדאַם אָסטראָווסקי, וועלכער איז געווען אַ סענאַטאָר און שפּעטערדיקער פּרעזעס פון סענאַט אין קאָנגרעס־קעניגרייך פון דעמאָלטיקן פּוילן.

דאָס זענען געווען די יאָרן ווען אין די מערב־אייראָפּעישע לענדער (ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און אַנד.) האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און טעכניק. די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג, וועלכע האָט זיך ביז איצט באַזירט הויפּטזעכלעך אויף איר אַגראַר־ווירטשאַפט, איז איבערגעגאַנגען צו דער אינדוסטריע, וועלכע האָט זיך אַדאַנק דער נייער טעכניק און אַפּטע דערפינדונגען אָנגעהויבן אַנטוויקלען מיט אַ שנעלן טעמפּאָ. אין דער וויסנשאַפט ווערט עס באַצייכנט אַלס איבערגאַנגס־תקופה פון פיזיאָקראַטיזם צו דעם נייעם ווירטשאַפטס־שטראָם, דעם אַזוי גערופענעם מערקאַנטיליזם.

די דאָזיקע אַנטוויקלונג האָט גורם געווען דערצו, אַז דער זון פון טאָמאַש אָסטראָווסקי, אַנטאָני אָסטראָווסקי,* האָט באַשלאָסן אין זיינע גיטער גרינדן אַ טעקסטיל־אינדוסטריע. איינע פון די סיבות צו דעם דאָזיקן באַשלוס איז אויך געווען די דעצייזיע פון יאָר 1819, לויט וועלכער דער קאָנגרעס האָט אָפּגעשאַפן דעם צאָל־שטייער צווישן פּוילישן קעניגרייך און צאַרישן רוסלאַנד, און דער טראַנזיט פון אַלע סחורות פון פּוילן קיין מזרח איז געווען אָן שום אָפּצאָל. קאָלאָניסטן און פאַרשידענע אינדוסטריע־פאַכמענער האָבן באַקומען פּריוויל(ע)גיעס פאַרלייכטערונגען, הלוואות און באַדן, כדי זיך באַזעצן אין פּוילן.

אין טאָמאַשאָווער שטאַטישן אַרכיוו געפינט זיך אַ פּראָטאָקאָל פון יאָר 1845, וועלכער באַשטעטיקט, אַז אויף דעם פּלאַץ, ווו עס געפינט זיך היינט טאָמאַשאָוו, איז נאָך מיט 20 יאָר צוריק (דאָס הייסט אין יאָר 1825) געווען באַוואַקסן מיט גרויסע און געדיכטע וועלדער. ביי דעם טייך וואָלבורקע האָט זיך געפונען אַ גרויסער אויוון פאַר אייזן־גיסעריי, אַ פּאָר קליינע הייזלעך פאַר אַרבעטער און אַ קרעטשמע.

אויף דעם זעלבן פּלאַץ האָט אַנטאָני אָסטראָווסקי פאַרלייגט אַ פאַבריקן־צענטער אויפן נאָמען פון זיין פאָטער — טאָמאַשאָוו.

ער האָט געבראַכט דייטשע קאָלאָניסטן און פאַבריקאַנטן, געגעבן זיי פאַרשידענע פּריווילעגיעס און די האָבן אויסגענוצט די שיינע און באַקוועמע טאָפּאָגראַפישע לאַגע פון

---

* דאָס זענען אויסצוגן פון אַ לענגערער אַרבעט, געשריבן דורך מיין געוועזענעם פּראָפעסאָר פון היסטאָריע, טאַדעוש סטווערין, וועלכער איז געווען פּראָפעסאָר אין טאָמאַשאָווער לערער־סעמינאַר און אויך אין קראָקעווער אוניווערזיטעט. די אַרבעט איז געדרוקט געוואָרן אין אַ טאָמאַשאָווער יובילײ־צייטונג "Echo Mazowieckie", אין דער פּוילישער שפּראַך, דעם 20־טן אויגוסט 1927.

* אַנטאָני אָסטראָווסקי (1782—1843). דזשעדזשיץ פון אויאַזדער גיטער, דער איינציקער גרינדער פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, סיים־דעפּוטאַט פון בזשעזשינער פּאָוויאַט אין יאָר 1809, סענאַטאָר אין 1817, וואָיעוואָדע און גענעראַל אין פּוילישן קעניגרייך און פון דער וואַרשעווער בירגערלעכער גוואַרדיע אין יאָר 1831.

טאָמאַשאָוו, דאָס שטראָמעדיקע וואַסער פון טייך וואָלבורקע, דאָס רייכטום פון וועלדער און האָלץ און פאַרלייגט די טעקסטיל־אינדוסטריע. ערשט דאַן, ווען אין דער פאַבריקאַציע זענען באַשעפטיקט געוואָרן אַלץ מער מענטשן און די באַפעלקערונג האָט זיך פאַרגרעסערט, האָט דער „דזשעדזשיץ" אָסטראָווסקי געבויט זיך זיין הויז, דעם פּאַלאַץ.** נישט ווייט פון פּאַלאַץ האָט ער געגרינדעט די פּאָסט און דעם בראָוואַר, וועלכער האָט שפּעטער געהערט צו ע. קנאָטע.

ב.

אין יאָר 1822 זענען אין טאָמאַשאָוו געשטאַנען נאָר 4 הייזער, אין וועלכע עס האָבן געוווינט 30 נפשות. ווי עס האָט איבערגעגעבן דער 89־יאָריקער עדמונד קנאָטע (אין יאָר 1905), איז איינס פון די פיר הייזער געשטאַנען אויף אַנטאָניעגאָ־גאַס, קעגנאיבער דער פּיליטשנע, (ווו לענגא האָט געהאַט זיין געשעפט). דאָס צווייטע הויז איז געווען א. נויפעלדס אויף דער טקאַצקע־גאַס און צוויי הייזער זענען געשטאַנען אויפן וועג קיין בריסטאָווקע.

אין יאָר 1824 האָט שוין טאָמאַשאָוו געציילט 1200 איינוווינער און באַקומען די רעכט צו ווערן אַן אינדוסטריע־ישוב.

אין טאָמאַשאָווער שטאַטישן אַרכיוו געפינט זיך אַ דאָקומענט וועגן דער קאָלאָניזאַציע פון נייעם ישוב אין די יאָרן 1822—1830. לויט דעם דאָקומענט ווייזט זיך אַרויס, אַז דער הראַביע אָסטראָווסקי האָט געבראַכט קיין טאָמאַשאָוו אויך יידישע ספּעציאַליסטן אין דער טעקסטיל־בראַנזשע און געגעבן זיי אַלע מעגלעכקייטן און פאַרלייכטערונגען זיך צו באַזעצן.

אין די יאָרן 1824—1827 האָט זיך געגרינדעט די עוואַנגעלישע געמיינדע; אין יאָר 1826 האָט די קאַטוילישע פּאַראַפיע אויפגעשטעלט אַן האָלצערנע קירכע (קאַשציאָל) אויף דער וויעטשנאַשטש־גאַס. אין יאָר 1829 איז שוין געווען אָרגאַניזירט די יידישע קהילה און דער הראַביע אָסטראָווסקי האָט צוגעטיילט פאַר די יידן פּלעצער צו בויען די שול, אַ יידישע שולע, די מקוה, אַ שפּיטאָל און צוויי מאָרגעס ערד פאַר אַ בית־הקברות.

*

אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון פּוילן צו יענער צייט האָט דאָמינירט די טעקסטיל־אינדוסטריע, וועלכע האָט אַרומגענומען ביי 85% פון דעם פּוילישן עקספּאָרט.

אין די יאָרן 1823—1830 האָט דאָס פּוילישע קעניגרייך עקספּאָרטירט סחורות פאַר אַ סומע פון 15 מיליאָן רובל. פון דעם האָט נאָר דער עקספּאָרט פון טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען באַטראָפן 12.6 מיליאָן רובל. (לויטן בוך פון ל. יאַנאָוויטש: „Zarys rozwoju przemysłu w Królestwie Polskim").

טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצק האָט אין דער פּוילישער אינדוסטריע גענומען אַן אָנגעזעענעם אָנטייל.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז די ביז איצטיקע טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען זיינען געווען טוך־שטאָפן. די ערשטע בוימוואָל־פאַבריק אין פּוילן איז אַנטשטאַנען אין טאָמאַשאָוו פאַרן אויסברוך פון נאָוועמבער־אויפשטאַנד. די פאַבריק איז געבויט געוואָרן ביים וואַלד, אויפן וועג קיין זאַוואַדע און איר לייטער



דער פּאַלאַץ פון הראַביע אָסטראָווסקי אין יאָר 1812

איז געווען אַן ענגלענדער מיטן נאָמען וו. דזשאָנס. אַרום דער פאַבריק זענען געבויט געוואָרן 21 הייזלעך און ווען דער פּוילישער נאָוועמבער־אויפשטאַנד פון 1831 איז אונטערדריקט געוואָרן איז די פאַבריק פאַרניכטעט געוואָרן. דאָס האָט איבערגעגעבן אין זיין טאָג־בוך ע. קנאָטע, וועלכער באַצייכנט, אַז דער הראַביע אַנטאָני אָסטראָווסקי איז געווען דער פאָטער פון דער בוימוואָל־אינדוסטריע אין פּוילן, הגם די געשיכטע וועגן דער אַנטוויקלונג פון די בוימוואָל־שטאָפן איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין לאָדזש אין יאָר 1831.

די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין טאָמאַשאָוו ווירקט, אַז די שטאָט און איר באַפעלקערונג פאַרגרעסערט זיך.

** אָסטראָווסקיס פּאַלאַץ, געבויט אין יאָר 1812.

אין שטאַטישן אַרכיוו אין טאָמאַשאָוו געפינט זיך אַ דאָ־קומענט פון יאָר 1830, וואָס הייסט „דיפּלאָמאַט פון דער שטאָט טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק און בזשעזשינער פּאָוויאַט, ראַווער קרייז, מאַזאָוויעצקע וואָיעוואָדסטוואָ", אונטערגעשריבן דורך דעם דעמאָלטיקן אינערן־מיניסטער טאַדעאוש מאָסט־קאָווסקי. אין דעם דאָזיקן דאָקומענט ווערט געזאָגט צווישן אַנדערן: דער האַנטווערקער־ישוב טאָמאַשאָוו ווערט אָנער־קענט אַלס שטאָט און באַקומט דעם נאָמען טאָמאַשאָוו מאַזאָ־וויעצקי, כדי אים אונטערצושיידן פון אַנדערע אָרטשאַפטן מיטן זעלבן נאָמען. די שטאָט באַקומט אַ דערלויבעניש איינ־צוּאָרדענען 12 יאַר־מערק פון גרעסערן פאַרנעם און געוויינ־לעכע מערק יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק.

ג.

עס האָט זיך געדוכט, אַז טאָמאַשאָוו וועט זיך אַנטוויקלען אין אַ בליענדיקער שטאָט מיט אַ שנעלן טעמפּאָ. עס איז אָבער געווען אַנדערש. עס איז געקומען דער נאָוועמבער־אויפשטאַנד אין יאָר 1831.

היות דער ברודער פון הראַביע אַנטאָני אָסטראָווסקי, ווּלאַדיסלאָוו, איז געווען צווישן די פירער פון אויפשטאַנד, זענען אין יאָר 1832, נאָכן דורכפאַל פון אויפשטאַנד, קאָנ־פיסקירט געוואָרן אַלע אָסטראָווסקיס גיטער און טאָמאַשאָוו האָט אויפגעהערט צו זיין זייער אייגנטום.

נאָכן אויפשטאַנד האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע אין פּוילן שטאַרק פאַרערגערט און די ווירטשאַפט אין טאָמאַשאָוו האָט באַקומען אַ שטאַרקן קלאַפּ. די פּראָדוקציע איז געפאַלן אויף אַ העלפט און דער ווערט פון דער פּראָדוקציע — אויף אַ פערטל, און אויך אויף דעם איז אַרויפגעלייגט געוואָרן צאָל־אַפּצאָל. פיל פאַבריקאַנטן האָבן פאַרלאָזט די שטאָט, דער האַנדל איז כמעט אָפּגעשטעלט געוואָרן.

די ייִדישע קהילה האָט אויף אירע אייגענע קאָסטן איינ־געאָרדנט אַ שפּיטאָל אין אַ פּריוואַט הויז, וואָס האָט געקענט אויפנעמען 12 קראַנקע. פון די אַלע צוגעזאָגטע פּלעצער האָט די קהילה באַקומען נאָר דעם באָדן אויפן בית־הקברות.

פון דער רואינירטער אינדוסטריע זיינען אין טאָמאַשאָוו פאַרבליבן נאָר צוויי וועבערייען, 4 פאַרבערייען, 2 פאַבריקן פון אַגראַר־מאַשינען און אייניקע קלענערע פאַבריקלעך. טאָ־מאַשאָוו האָט דאַן געציילט 4800 נפשות, 111 געבויטע און 223 הילצערנע הייזלעך.

אין דער צייט זיינען אין טאָמאַשאָוו געגרינדעט געוואָרן די ערשטע האַנטווערקער־צעכן: אין יאָר 1836 דער שוסטער־צעך, אין יאָר 1840 דער טישלער־צעך און שלאָסער־צעך; אין יאָר 1846 דער קצבים־צעך. דאָך ווערן די יאָרן פון 1830—1850 באַטראַכט פאַר טאָמאַשאָוו אַלס אַ תקופה פון וועגעטאַציע.

אין יאָר 1851 האָט זיך געפילט אַ געוויסער אויפשטייג פון דער אינדוסטריע אין שטאָט, אָבער נאָר אויף אַ קורצער צייט.

אין יאַנואַר 1863 איז ווידער אויסגעבראָכן אין פּוילן אַן אויפשטאַנד און נאָך איר אונטערדריקונג האָבן די רוסישע סאָלדאַטן, בעיקר די קאָזאַקן, אָפּגעטאָן אין שטאָט מיאוסע מעשים. זוכנדיק אַנטיילנעמער אין אויפשטאַנד האָבן זיי דער־וויַיל געשלאָגן ייִדן און זיי באַרויבט. לויט אויטענטישע מקו־רות האָט מען אַ ייד מיטן נאָמען גראַנזע געשלאָגן אין מאַרק מכות רצח, כדי ער זאָל אויסגעבן ווו עס געפונען זיך די אויפשטענדלער.

דער טעכנישער פאָרשריט אין דער אינדוסטריעלער פּראָ־דוקציע האָט זיך אין טאָמאַשאָוו אָנגעפאַנגען זייער שפּעט. אין יאָר 1858 האָט מען קיין טאָמאַשאָוו געבראַכט די ערשטע דאַמף־מאַשין, אין 1862 — די צווייטע און אין יאָר 1865 האָבן שוין אין אונדזער שטאָט געאַרבעט 5 דאַמף־מאַשינען. עס הייבט זיך אָן צו פילן די מעכאַניזאַציע פון דער אינדוסטריע און אין איבערגאַנג פון האַנט־ווערקעריי צו דאַמף־מאַשינען, און פון האַנט־פּראָדוקציע צו אַן אינדוסטריע אויף אַ ברייטן מאַשטאַב.

די שטאַרקע באַוועגונג און אויפבלי פון דער אינדוסטריע אין טאָמאַשאָוו הויבט זיך אָן אין יאָר 1870. אַלס רעזולטאַט פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פאַרגרעסערט זיך די באַ־פעלקערונג. אין יאָר 1874 האָט טאָמאַשאָוו געציילט 9000 איינוווינער, אין 1879 — 12,000 און אין יאָר 1885 — 15,000 נפשות.

די פאַבריק, וועלכע האָט באַוויזן זיך אַרויסצושלאָגן אויף דער ערשטער פּאָזיציע, האָט געהערט צו הילער לאַנדסבערג און האָט עקזיסטירט זינט דעם יאָר 1857.

ד.

אין יאָר 1892 האָט די שטאָט טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצק געציילט 19,024 איינוווינער, דערונטער 7768 ייִדן, דאָס הייסט אַרום 40%. טאָמאַשאָוו איז געוואָרן אַ וויכטיקער צענטער פון טעקסטיל־אינדוסטריע און קליידונגס־שטאָפן. קאַמגאַרנס, שעוויאָטן, ריפּסן און אַנדערע שטאָפן ווערן געשיקט און באַקאַנט נישט נאָר אין גאַנץ רוסלאַנד, נאָר אויך אויפן וויַיטן מזרח, ווי אין כינע און אין אַנדערע לענדער.

אין די ערשטע יאָרן פון 20־טן יאָרהונדערט האָט טאָ־מאַשאָוו געציילט ביי 40,000 איינוווינער. אין די יאָרן האָט שוין עקזיסטירט אויך די טאָמאַשאָוער קונסט־זייד־פאַבריק אין ווילאַנאָוו, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1910.

די שטאַרקע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג אין פּוילן און אַדאַנק דעם אויך אין אונדזער שטאָט, אין די לעצטע יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט, איז געווען אַ פּועל־יוצא פון דעם, וואָס אין לאַנד זענען אַריינגעפלאָסן פרעמדע קאַפּיטאַלן און דער דעמאָלטיקער רוסישער פינאַנס־מיניסטער וויטע האָט געפירט אַ מער ליבעראַלע עקאָנאָמישע פּאָליטיק. די דאָזיקע לאַגע האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. די אַנטוויקלונג פון גרויס־קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם אין אייראָפּע האָט אויך גורם געווען צו דער אַנטוויקלונג פון אַ שטאַרקן אַרבעטער־קלאַס, וועמענס פרייהייט ווערט אונטערדריקט מיט אַ שטאַרקער האַנט, בפרט אין צאַרישן רוסלאַנד און אין פּוילן. עס פאַרשאַרפט זיך דער קלאַסן־קאַמף, עס קומען פאָר טעראָר־אַקטן, שטרייקן, אַטענטאַטן און אַנדערע אומרוען. עס קרייצן זיך די אינטערעסן פון פאַרשידענע פעלקער און מדינות אין אייראָפּע און אויף דער גאָרער וועלט. די ריוואַליזאַציע צווישן ענגלאַנד און דייטשלאַנד, דער באַלקאַנישער קריג און אַנדערע וויכטיקע פּאָליטישע געשעענישן גייען אַדורך איבער גאַנץ אייראָפּע, ווי אַן עלעקטרישער שטראָם, וואָס איז גורם צום אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג אין יאָר 1914. די אָנגעשטרענגטע לאַגע אין די לעצטע יאָרן פאַרן וועלט־קריג האָט ווידער גורם געווען, אַז דער בילאַנס פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע האָט זיך פאַרקלענערט אויף 20 פּראָצענט.

ה.

הגם די אינדוסטריע האָט זיך אַזוי שיין אַנטוויקלט, איז דער אויסערלעכער אויסזען פון טאָמאַשאָוו געווען אַ שטאַרק פאַרנאַכלעסיקטער. פאַרן יאָר 1884 איז געווען אין שטאָט טאָמאַשאָוו ברוקירט נאָר איין גאַס פון דער בריק ביז צום קאָסציושקאָ־פּלאַץ. ערשט אין 1884 איז אויסברוקירט געוואָרן דער מאַרק און אַנדערע גאַסן. בילדער און פּלענער ווייזן, אַז אין יאָר 1893 האָט די שטאָט טאָמאַשאָוו געהאַט לויט איר אויסערלעכן אויסזען אַ האַלב־דאָרפישן כאַראַקטער. אין יאָר 1895 איז נאָך אויפן אָרט פון דער קאַליסקאַ־גאַס (פּיאָטרקאָווער) געווען אַ געדיכטער וואַלד.

דאָך האָבן זיך אין דער שטאָט אַנטוויקלט פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פאַרבאַנדן, דאָס שולוועזן און אַנדערע. אין יאָר 1877 איז געגרינדעט געוואָרן דער פייערלעשער־פאַרבאַנד, אין 1887 — דער שטאָטישער שפּיטאָל אונטער דער לייטונג פון ד״ר ראַדע.

עס זענען אויך געגרינדעט געוואָרן אַ ריי יידישע אינסטיטוציעס, פאַרבאַנדן און פאַרשידענע געזעלשאַפטן. אין יאָר 1908 איז אַנטשטאַנען דער מוזיקאַליש־ליטעראַרישער פאַרבאַנד „הזמיר". אין יאָר 1911 איז געגרינדעט געוואָרן דאָס יידישן טורן־ און ספּאָרט־פאַראיין זש.ט.ג.ס. און אין דער זעלבער צייט אַ ריי יידישע צעכן און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.



דאָס אַלטע הויז פון פריערדיקן מאַגיסטראַט



מראה כללי של העיר בשנת 1915

טאָמאַשאָוו אין יאָר 1915

די אַלעקסאַנדעראָווסקע 4־קלאַסן שולע איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1880, אין וועלכער עס האָבן געלערנט פיל יידישע קינדער. אין די יאָרן איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע יידישע שולע און עס האָבן שוין עקזיסטירט מער ווי צען חדרים.




דער מאַרק־פּלאַץ אין יאָר 1922

אין יאָר 1900 האָט מען געעפנט אין טאָמאַשאָוו די 7־קלאַסיקע האַנדלס־שולע.

צו דער קולטור־קאָמיסיע האָבן צווישן אַנדערע געהערט ד"ר ראַדע, אַלעקסאַנדער לאַנדסבערג, פעליקס לאַנדסבערג און מאַריץ האַלפּערן. אַלעקסאַנדער לאַנדסבערג האָט געגעבן זיינס אַ בנין אויף דער ערשטער גימנאַזיע מיט פולע רעכט.

צו דער צייט האָט שוין עקזיסטירט, אונטער דער לייטונג פון פרוי ווייקסעלפיש, די יידישע פריוואַטע שולע פאַר מייד־לעך, וועלכע איז אין יאָר 1913 פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פריוואַטער גימנאַזיע פאַר יידישע מיידלעך. אין יאָר 1905 איז געגרינדעט געוואָרן די 4־קלאַסן־שולע פאַר מיידלעך פון עמיליאַ קוראַשעווונאַ. אין דער דאָזיקער שולע האָבן געלערנט פיל יידישע מיידלעך.




אַנטאָניעגאָ־גאַס אין יאָר 1920

אין יאָר 1918, ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט דער ערש־טער וועלט־קריג, האָבן אין דער פילאָלאָגישער גימנאַזיע געלערנט אַרום 400 שילער, דערונטער אַ גרויסער טייל יידי־שע יוגנטלעכע. אויך מיין עלטסטער אומגעקומענער ברודער אברהם־יצחק האָט אין דעם יאָר פאַרענדיקט די דאָזיקע גימ־נאַזיע.

די יידישע קהילה (גמינע) האָט זיך אין יאָר 1904 אָרגאַ־ניזירט אויף פעסטערע יסודות. דער פרעזעס פון דער קהילה איז געווען אַלעקסאַנדער לאַנדסבערג, וועלכער האָט רעפּרע־

(„געדאַנקען וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ געזעלשאַפטלע־כער רעפאָרם"). אין דעם דאָזיקן בוך ברענגט דער מחבר אַרויס פיל ליבעראַלע אַנשויאונגען. צווישן אַנדערן דריקט ער זיך אויס, אַז דאָס גרינדן טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק דורך אים האָט געדאַרפט דינען פאַר פוילן אַלסביישפיל פון אַ לי־בעראַלער שטאָט, אין וועלכער עס זאָלן זיך אויסלעבן מאַ־טעריעליש, מאָראַליש, קולטורעל און געזעלשאַפטלעך אַלע איינוווינער אָן אונטערשיד פון רעליגיע און ראַסע.

דער מחבר באַטאָנט, אַז טאָמאַשאָוו דאַרף דינען אַלס




קאַליסקאַ־ (פּיאָטרקאָווער) גאַס אין 1920

זענטירט די גמינע פאַר די רעגירונגס־אַמטן, געווען פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַרן בודזשעט, פאַר דער עווידענץ פון דער יידישער באַפעלקערונג, פאַר אויסהאַלטן די מיטגלידער פון ראַבינאַט, דאָס יידישע שול־וועזן, ווי אויך פאַר דער מקוה און בית־עולם.

*

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין יאָר 1934 איז אין פּאַריז דערשינען אַ בוך פון אַנטאָני אָסטראָווסקי אונטערן נאָמען „Pomysły o Potrzebie Reformy Towarzyskiej"

ביישפּיל פאַר גאַנץ פוילן ווי צו לייזן די יידן־פראַגע און ער באַדויערט, וואָס נאָכן דורכפאַל פון דעם נאָוועמבער־אויפ־שטאַנד איז ביי אים אַוועקגענומען געוואָרן די מעגלעכקייט צו רעאַליזירן זיינע שיינע, גוטע און ליבעראַלע פּלענער.

וועגן דער ליבעראַלקייט און טאָלעראַנץ פון הראַביע אָסטראָווסקי שרייבט אויך אין זיין מאַנוסקריפּט יעקב שטיינמאַן ז"ל.

דאָס זענען די מאָנאָגראַפישע שטריכן פון דער געשיכטע פון אונדזער שטאָט טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצק ביז צום ערשטן וועלט־קריג.

# גראף אנטאני אסטראווסקי בויט די שטאט טאמאשאוו

דער גראַף אַנטאָני אָסטראָווסקי, וועלכער האָט גע־שטרעבט צו אַ שנעלער אַנטוויקלונג פון אַ וועבער־שטאָט, האָט נאָך דער שריפה, וואָס האָט פאַרברענט גאַנץ אַנטאָלין, באַשלאָסן אַריבערצופירן די וועבערס קיין טאָמאַשאָוו. היות דאָרט איז געווען אַ סך האָלץ, ציגעלניעס און קאַלך־אויוונס, איז מעגלעך געווען שנעל אויפצובויען פרישע הייזער און וואַרשטאַטן פאַר די וועבערס.

גראַף אַנטאָני אָסטראָווסקי האָט דאַן די נייע שטאָט אַ נאָמען געגעבן „טאָמאַשאָוו", נאָך זיין פאָטער גראַף טאָמאַש.

דער גראַף, וועלכער באַרימט זיך אַלס רעפאָרמאַטאָר און אויטאָר פון אַ בוך וועגן געזעלשאַפטלעכע רעפאָרמעס, האָט געזאָרגט, אַז די שטאָט זאָל קענען האָבן כלערליי באַקוועמ־לעכקייטן בכדי זי זאָל זיך שנעל אַנטוויקלען.

צו דעם צוועק פאַראָרדנט דער גראַף איבערצוטראָגן די פּאָסט, וואָס איז ביז דאַן געווען אין לובאָכניע, קיין טאָמאַשאָוו. עס ווערט איינגעפירט, אַז ספּעציעלע אָמניבוסן זאָלן קורסירן אַלס פּאָסט־וואָגנס צווישן פּיעטרקאָוו—ראַווע—ראַקאָטשין—בזשעזשין—אָפּאָטשנע—קאָלושקי.

דער גראַף בויט אויך אין דער נייער שטאָט אַ ברויעריי. עס ווערט אויך אויפגעשטעלט אַ „טאַנץ־זאַל", אין וועלכן עס קומען פאָר קאָנצערטן און פאַרשידענע פאַרוויילונגען.

דער גראַף זאָרגט אויך, אַז די וועבערס זאָלן זיך אָרגאַניזירן און אין יאָר 1824 אַנטשטייט שוין אין טאָמאַשאָוו דער ערשטער וועבער־צעך.

אין זאַך האָט אָבער דאַן לכתחילה שטאַרק באַזאָרגט דעם גראַף. נעמלעך, ווי אַזוי אויפצושטעלן אין דער נייער שטאָט אַ קאָסציאָל, וווּ די נייע איינוווינער זאָלן קענען תפילה־טאָן. דאָס פּראָבלעם וועגן אַ פּאַראַפיע פאַר דער נייער שטאָט אויפן נאָמען פון זיין פאָטער, האָט אים, דעם גראַף אַנטאָני, נישט געלאָזט רוען.

ער איז אָבער געפאַלן אויף אַ פּלאַן אַ דאַנק וועלכן ער האָט די דאָזיקע זאָרג שנעל איבערגעקומען. כדי אויסצומיידן די גרויסע שוועריקייטן, וואָס זענען אים אין דעם פאַל גע־שטאַנען אין וועג מצד דער רוסישער רעגירונג, האָט ער געפונען אַזאַ עצה:

אין דאָרף טאָביאַש, צווישן אויאַזד און טאָמאַשאָוו, איז געשטאַנען אַ קליינע הילצערנע קאַפּליצע נאָך פון יאָר 1781. אָט דעם דאָזיקן קליינעם קאָסציאָל האָט דער גראַף באַשלאָסן אַריבערצופירן אין געהיים קיין טאָמאַשאָוו.

אין אַ פינצטערער נאַכט פון יאָר 1826 שיקט ער פאַרנאַלן־וועגענער מיט אַלע זיינע פאַראָבקעס, וואָס ער האָט נאָר גע־האַט, און הייסט זיי שנעל פאַנאַנדערנעמען די קאַפּליצע און עס אַריבערפירן נאָך אין דער זעלבער נאַכט קיין טאָמאַשאָוו. אין דער זעלבער נאַכט איז עס טאַקע געוואָרן צוריק אויפ־געשטעלט. די קאַפּליצע שטייט נאָך עד היום אין טאָמאַשאָוו אויף דער וויעטשנאָשטש־גאַס.

דער אויבנדערמאַנטער פאַל זאָגט שוין אַליין עדות אויף ווי וויט עס איז געגאַנגען דער גראַף אַנטאָני, אַז זיין שטאָט זאָל זיך אַנטוויקלען, ווערן אַ גרויסע פאַבריקן־שטאָט. זיין חלום האָט טאַקע גענומען רעאַליזירט ווערן און אין יאָר 1830 ווערט שוין טאָמאַשאָוו אָנערקענט אַלס שטאָט מיט איר איי־גענעם ערשטן בורמיסטוש שניעגאָצקי.

אַלס הערב פון דער שטאָט ווערט אָנגענומען דער „בער־הערב" פון דער פאַמיליע אָסטראָווסקי.

טאָמאַשאָוו מיט אירע פאַבריקן, האָבנדיק די ערשטע וואָל־פאַבריק אין פּוילן (אונטער דער אויפזיכט פון באַרימטן ענגלישן אינזשיניער יאַנעס. אויף דעם אָרט ווו עס פירט היינט דער וועג קיין זאַוואַדע. דעמאָלט זענען דאָרט געשטאַנען 21 הייזער מיטן נאָמען ניי־אָסטראָוו), האָט געהאַט אַלע שאַנסן פאַרוואַנדלט צו ווערן אין דער גרעסטער פאַבריקאַציע־שטאָט פון פּוילן, ווייל ערשט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָט זיך לאָדזש גענומען אַנטוויקלען אַלס פאַבריק־שטאָט. ליידער האָט דער אויפשטאַנד פון יאָר 1830 איבערגעריסן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג, אויפשטייג און אויפשוווּנג פון דער שטאָט. לאַנגע יאָרן האָט זי וועגעטירט און דערנאָך, ווען זי האָט זיך גענומען ווידער פונאַנדערבויען און אַנטוויקלען אויפסניי, איז שוין לאָדזש געווען אַן אַנטוויקלטער צענטער פון פאַברי־קאַציע.

(פון די ייוו"אָ־אַרכיוון)

# דער ערשטער יידישער פריץ אין פוילן

אז מען פארט מיטן אויטא פון טאמאשאוו קיין ווארשע, פארט מען אדורך דאס דארף לובאכניא, וואס ליגט עטלעכע קילאמעטער ווייט פון טאמאשאוו. דאס דארף האט הינטער זיך א רייכע פארגאנגענהייט. שוין אין די צייטן פון קעניג באלעסלאוו קשיוואאוסטי ווערט עס דערמאנט. אין יאר 1111 ווערט עס א פאראפיע. אין 16־טן יארהונדערט האט עס גע־הערט צו די גראפן דונין. אין 1771 געהערט לובאכניא ווידער צו סטאניסלאוו לובאמירסקי, דער פוילישער קרוין־מארשאל.

דורך לובאכניא האט דער קעניג יאגעללא אין 15־טן יאר־הונדערט מארשירט מיט זיינע חיילות. די לעצטע צייטן האט דא ווידער אדורכמארשירט גענעראל דאמבראווסקי מיט זיינע חיילות.

אין דער יידישער לעגענדע פארנעמט אויך דער לובאכ־ניער וואלד אן ארט. די לעגענדע דערציילט, אז דורך דעם וואלד איז יונגערהייט דער קאצקער רבי מיט זיין חבר גע־גאנגען צופוס קיין פשיסכע אויף א יום־טוב צום רבין ר׳ בונם מפשיסכע. דא אין וואלד זאל דער קאצקער זיך האבן אנידער־געזעצט אויף א גרויסן שטיין, א בליק געטאן אין דער זייט פון ספאלע, אזוי ווי ער וואלט עפעס דערשמעקט. ער האט טיף אפגעזיפצט און געזאגט:

— אוי, אוי! דארט וועט לאנגע יארן זיין די וווינונג פון די רוסישע צוררי יהודים!...

די חסידים האבן געוווסט אנצווייזן דעם שטיין, אויף וועלכן דער קאצקער רבי איז געזעסן. זיי דערציילן אויך, אז אין יאר 1930, ווען דער גערער רבי איז אדורכגעפארן דעם וואלד מיט אן אויטא, איז ער אראפגעגאנגען פון אויטא, אויסגעזוכט דעם לעגענדארן שטיין און א לאנגע צייט זיך דארט מתיחד געווען — — —

באזונדערס פארנעמט לובאכניע א חשובן ארט אין דער יידישער היסטאריע. אט דא האט דער ייד זילבערשטיין אין יאר 1810 אפגעקויפט ביים לובאכניער פריץ דאס דערפל יאקובאוו, וואס ליגט צווישן טאמאשאוו—לובאכניא. דעמאלט האט דער ווארשעווער פוילישער סיים פון „ווארשעווער פירש־טענטום" צום ערשטן מאל דערלויבט דעם אויבנדערמאנטן צו קויפן, אלס ייד, ערד אין פוילן אלס פריוואט אייגנטום.

אינטערוועניִרט אין ווארשע לטובת דער קניה האט דער גראף טאמאש אסטראווסקי, דער גרויסער אוהב ישראל.

אט ווי עס ווערט דערציילט:

עס איז געווען א ווארעמע נאכט. דער גראף טאמאש אסטראווסקי מיט זיינע צוויי זין זענען געפארן פון ווארשע אין א קארעטע, געשפאנט „נא שפיץ". אויפן וועג האבן זיי געטראפן פארן די בזשעזשינער גרעפין אין באגלייטונג פון ייד זילבערשטיין. זיי האבן זיך צעשמועסט, און די בזשעזשי־נער גרעפין האט דערציילט, אז דער ייד האט איר אויפ־געוויזן, אז מען דארף אין פוילן אנטוויקלען שפינעריי־ווארשטאטן, כדי פוילן זאל יאר־איין יאר־אויס נישט דארפן אויסגעבן לעגענדארע סכומים געלט אויף די לייפציקער יארידן פאר פארשידענע סחורות.

הערש זילבערשטיין, וועלכער האט אויסגעוואנדערט מיט זיין פאטער אין יאר תק"ן פון דייטשלאנד, איז געווען גוט באקאנט אין האנדל צווישן דייטשלאנד און פוילן. ער אליין האט געהאנדלט פאר ריזיקע סומעס מיט לייפציג און בא־הערשנדיק גוט די פראנצויזישע שפראך, האט זילבערשטיין געמאכט א גוטן איינדרוק אויפן גראף אסטראווסקי מיט זיינע זין.

זילבערשטיין האט איבערצייגט זיינע מיטפארערס, ווי ווייט שעדלעך עס איז פאר א לאנד, וואס האט די שליאכטע איינגעשלאסן אין די ד׳ אמות פון ערד און וואלד־עקספלאא־טאציע און די יידן געמאכט פאר לופט־סוחרים. ער האט גע־טענהט, אז מען דארף עפענען אלע קוואלן פון אינדוסטריע אין לאנד, סיי פאר פאליאקן און סיי פאר יידן. אויך דארף מען ווידער צולאזן די יידן צו ערד, זיי זאלן קאנען זיין לאנד־ווירטן...

דער פועל־יוצא פון דעם שמועס איז געווען, אז דער גראף האט אינטערוועניִרט לטובת זילבערשטיינען ביים קויפן דאס דארף יאקובאוו. און דאס ערשטע מאל אין דער געשיכטע פון יידן אין קאנגרעס־פוילן, איז זילבערשטיין געווען דער ערשטער יידישער פריץ אין פוילן. דער דעקרעט פון ווער־שעווער סיים וועגן דער קניה געפינט זיך עד היום אין רעגירונגס־ארכיוו אין ווארשע.

זילבערשטיין האט פיל יארן געוווינט אין יאקובאוו. די בזשעזינער גרעפין האט אים געשיקט אסך מאל ער זאל ברענגען וועבערס פון דייטשלאנד קיין פוילן.

אין יאקובאוו האט זילבערשטיין געפירט א ברייט שררה־דיק לעבן, געפירט אגיטאציע צווישן יידן, אז זיי זאלן זיך פארנעמען מיט ערד־ארבעט. זיין זון מארקוס זילבערשטיין, ווי אויך די שנור זיינע, זענען געווען באוווסט צווישן די דעמאלטיקע משכילים אין פוילן.

אין א צייט ארום זענען די זילבערשטיינס אוועק קיין לאדזש, און אלס די ערשטע גרויסע יידישע פאבריקאנטן, פיל

בייגעשטייערט צו דער אַנטוויקלונג פון לאָדזש. די זילבער־שטיינס זענען געבליבן לאָדזשער פאַבריקאַנטן.

מיט יאָרן שפּעטער האָבן זילבערשטיינס ווערטער געהאַט אַן אָפּקלאַנג ביי גראַף טאָמאַשס זון, אַנטאָני אָסטראָווסקי און ער ברענגט אויך וועבערס פון דייטשלאַנד, שטעלט פאַר זיי אויף הייזער פון די חורבות פון דער אוואַזדער פעסטונג. ער נעמט בויען אַ נייע שטאָט, וועלכע ער רופט אויף זיין נאָמען אַנטאָלין. אַט דער אַנטאָלין איז געווען דער פאָרגייער פון טאָמאַשאָוו.

(פון די ייוו"אָ־אַרכיוון)
איבערגעגעבן פון **פ. גאַרפינקעל**

# מאַרשאַלעק וולאַדיסלאַוו אָסטראָווסקי אין יאָר 1830

די ערשטע יאָרן זינט דער אַנטשטייאונג פון טאָמאַשאָוו זענען אויסגעפאַלן אין דער צייט ווען דאָס גאַנצע פּוילישע לאַנד האָט געקרעכצט אונטער דער אַכזריותדיקער האַנט פון רוסישן פירשט קאָנסטאַנטין, דעם רוסישן צאַרס אַ ברודער. אין וואַרשע האָט מען זיך דעמאָלט געגרייט צום אויפשטאַנד, וואָס איז אויסגעבראָכן אין נאָוועמבער 1830.

צווישן די הויפּט־אָנפירער פון אויפשטאַנד האָט פאַרנו־מען אַ באַזונדערס חשובן אָרט דער גראַף וולאַדיסלאַוו אָסטראָווסקי, גראַף אַנטאָני אָסטראָווסקיס אַ ברודער. ער ווערט אַ מיטגליד אין דער צייטווייליקער פּוילישער אויפ־שטאַנד־רעגירונג, צוזאַמען מיט די פּוילישע אָנפירער אַדאַם טשאַרטאָריסקי, פּאַץ, לעלעוועל, דעמבאָווסקי און קאָכאַ־נאָווסקי.

גראַף וולאַדיסלאַוו אָסטראָווסקי ווערט אַפילו דערנאָך מאַרשאַלעק אין פּוילישן סיים און פירט אַדורך דאָס דעטראָ־ניזירן פון די ראָמאַנאָווס אויף דער פּוילישער ערד.

מאַרשאַלעק וולאַדיסלאַוו אָסטראָווסקין האָט צוגעהאָלפן דער ברודער אַנטאָני. אַ צייט לאַנג פאַרן אויפשטאַנד האָט זייער הויף־ייד שמאי זילבערשטאַנד געברענגט צו פירן פון די אָסטראָווסקיס גיטער ביי לובלין, פּולע וועגענער מיט פּעסלעך, אין וועלכע עס זענען געווען פאַרפּאַקט אין בלאָטע זילבערנע מטבעות. דאָס זילבער־געלט איז געוואָרן אויסגע־שווענקט און גערייניקט אין טייך טשאַרנע.

דאָס געלט איז געגאַנגען פאַר די פּוילישע רעוואָלוציאָ־נערן, אויף איינצוקויפן פאַר דער אַרמיי שפּייז און כלי־זין.

די נייע שטאָט טאָמאַשאָוו האָט אויך נישט גערוט. מען האָט אויף דער גאַנצער פאַרע אויסגעאַרבעט סחורות, כדי צו מאַכן פון זיי מונדירן פאַר דער פּוילישער אַרמיי. די שטאָט איז דאַן רייך געוואָרן און געהאַט פּרנסה בשפע. דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויף דער סביבה, ווו הונדערטער יידן האָבן געוווינט אין די דערפער. די יידן האָבן זיך דאַן באַזעצט אין דער נייער שטאָט טאָמאַשאָוו.

מאַרשאַלעק וולאַדיסלאַוו אָסטראָווסקי האָט זיך איינגע־שריבן מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן. ער איז געמלעך געווען איינער פון די חסידי אומות העולם, אַן אידעלע סובטעלע פּערזענלעכקייט, וואָס נאָר יענע תקופה פון ליבעראַליזם האָט געקאָנט אַרויסגעבן.

אין דער רעוואָלוציע־צייט אין יאָר 1830, איז ביי יידן אַרויסגעשווומען דער געדאַנק, נאָכצוטאָן דעם ביישפּיל פון 1794 און שאַפן אַ באַזונדערן יידישן אויפשטענדלער־פּולק. כדי דאָס רעאַליזירן האָט הויפּטזעכלעך געאַרבעט מעשים בערעק יאָסעלעוויטשס זון. קעגן דעם פּראָיעקט האָט זיך אַנטקעגנ־געשטעלט דער מאַרשאַלעק וולאַדיסלאַוו אָסטראָווסקי. דער איידעלער גראַף האָט שטאַרק פיינט געהאַט די פּוילישע שליאַכטע מיט זייערע פּאָראורטיילן, וועלכע האָבן דורך זייער צעטיילן דאָס פאָלק אין באַזונדערע קאַסטעס דערפירט פּוילן צו איר ירידה. ער האָלט, אַז אַ רעוואָלוציע דאַרף אַחוץ דער־גרייכן נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט אויך דערפילן אַ גאַנצע ריי אויפגאַבן פון סאָציאַלן כאַראַקטער, און קודם כל מוזן די יידן באַקומען גלייכע בירגער־רעכט מיט אַלע פּאָליאַקן. אַלע מוזן זיין גלייך, און דעריבער זאָל אויך די אַרמיי באַשטיין פון גלייכע מיט גלייכע. די יידן מוזן אויפגענומען ווערן אין דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע, קיין באַזונדער יידיש מיליטער דאַרף נישט זיין.

ווערן טאַקע דעמאָלט אַלע יידישע פריייוויליקע איינגע־גלידערט אין דער אַלגעמיין־פּוילישער אַרמיי. דער מאַרשאַלעק אָסטראָווסקי איז אַליין געווען דער פירער פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע און ווי נאָר עס איז צו אים אַריין אַ גרופּע פון 850 יידן מיט בערד, נעמט ער זיי אויף מיט אַ פייערדיקער רעדע, וועלכע איר גליכן איז נאָך נישט געהערט געוואָרן פון אַ קריסטלעך מויל ביז אים. ער פאַרענדיקט די רעדע מיט די ווערטער:

— זאָל דער גאָט פון די מכבייער, דער ד' צבאות,

וואָס איז זיך נוקם פאַר אַלע מענטשלעכע בזיונות, אויך אייך אויפוועקן פון פאַרגליווערונג, וואָס איז אַ פּרוכט פון דער טרויעריקער לאַגע פון פאָלק ישראל!

די לעצטע ווערטער שמעקן מיט מיצקעוויטשעס דעמאָלטיקער פּראָפּאַגאַנדע פאַר „כּבוד דעם ברודער ישראל" און מיט דער לערע פון טאָוויאַניזם, אַז פּוילן איז דער משיח פון פעלקער, פּוילן ליידט פאַר אַלע אונטערדריקטע און ווען פּוילן וועט צערייסן די קייטן פון בזיונות, וועלן אויך די יידן געהאָלפן ווערן.

שפּעטער, ווען די יידישע אויפשטענדלער-סאָלדאַטן האָבן אויסגעפירט זייער אַרבעט בשלימות, האָט מאַרשאַלעק וולאָדיסלאַוו אַסטראָווסקי אַנגעקוואָלן פון זיי.

מיטן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע האָבן די יידן אויך פאַרשפּילט אַסך האָפענונגען. (פון די ייוו"א-אַרכיוון)

# טאָמאַשאָוו נאָכן נאָוועמבער-אויפשטאַנד

אין יאָר 1831, ווען די רוסישע מלוכה האָט קאָנפיסקירט די אַסטראָווסקיס גיטער, ווערט אויך טאָמאַשאָוו קאָנפיסקירט. פאַרלירנדיק איר געטרייען אַפּוטרופּוס איז די פאַבריקאַציע איינגאַנצן געפאַלן. אַ סך פאַבריקאַנטן האָבן ליקווידירט זייערע וואַרשטאַטן, אַנדערע ווידער האָבן עמיגרירט ערגעץ אַנדערשוו, אַרויסצושיקן ווידער סחורות קיין רוסלאַנד האָט זיך נישט געלוינט, ווייל די רוסישע מאַכט האָט אַרויפגעלייגט אַ גרויסן אַפּצאָל אויפן עקספּאָרט. אַזוי אַרום האָט די שטאָט אין סאַמע מיטן בליען גענומען וועלקן.

מיט יאָרן שפּעטער האָט די גרעפין אַסטראָווסקאַ, גראַף אַנטאָניס ווייב, זיך משתדל געווען אין פּעטערבורג ביי דער רוסישער צאַרין, אַלעקסאַנדערס ווייב, אַז מען זאָל אָפּגעבן די קאָנפיסקירטע גיטער. די צאַרין האָט געאַרבעט מעשים, ביז ענדלעך האָט מען די גיטער צוריקגעגעבן אַלס געקויפטע גיטער, אַז דער גראַף סטאַניסלאַוו אַסטראָווסקי, אַנטאָניס זון, זאָל פאַר די אויסצאָלן אין פאַרלויף פון אַ צענדליק יאָרן.

טאָמאַשאָוו אָבער אַלס שטאָט, וועלכע האָט זיך געשכנותט מיט ספּאַלע, ווו עס איז דעמאָלט געוואָרן אייפגעשטעלט אַ פּאַלאַץ פאַר די רוסישע צאַרן — האָט די רעגירונג נישט געוואָלט אָפּגעבן. טאָמאַשאָוו איז פאַרבליבן אַ רעגירונגס-שטאָט (1844). און הגם די רעגירונג האָט געפּרוווט טאָן פיל טובות די טאָמאַשאָווער איינוווינער און פאַבריקאַנטן, איז שוין די שטאָט אָבער מער נישט געוואַקסן. פאַרקערט, עס האָט זיך אָנגעהויבן איר ירידה, איר באַרג-אַראָפּ...

דער גראַף סטאַניסלאַוו אַסטראָווסקי האָט דווקא געוואָלט רעאַליזירן דעם פאָטערס חלום, אַז טאָמאַשאָוו זאָל ווערן אַ גרויס-שטאָט. ער האָט געפּרוווט אָנהויבן פאַרבויען דעם גאַנצן וועג טאָמאַשאָוו—אויאַזד מיט הייזער, נאָר דער פּלאַן האָט זיך אים נישט איינגעגעבן צוליב פאַרשידענע סיבות...

ערשט אין יאָר 1851, ווען די אָפּצאָלן פון סחורות ווערן דורך דער רוסישער רעגירונג געמילדערט און עס ווערט איינגעפירט אַ פּראָטעקציע-צאָל, נעמט די שטאָט צוריק זיך אַנטוויקלען. עס ווערט אויך (1860) געגרינדעט אַ פאַבריק פון וואָל- און באַרכאַן-אויסאַרבעטונגען, ווי אויך קראַנענבערגס אייזן-גיסעריי אין גוסטעק.

אין יאָר 1863 האָבן אַרום טאָמאַשאָוו זיך אָפּגעשפּילט פיל פּאַרטיזאַנישע מלחמות צווישן די פּוילישע אויפשטענדלער און רוסישע חיילות. אַ סך דאָרפס-יידן פון דער סביבה האָבן אָנטיילגענומען אין דער רעוואָלוציע. אַזוי אַרום האָט איינער פון די הויפּט-אָנפירערס פון דער רעוואָלוציע, זייענדיק געיאָגט דורך די קאָזאַקן, זיך געראַטעוועט, ווייל ער איז אַריין צו אַ דאָרפס-ייד, דאָרט אָנגעטאָן טלית און תפילין. ווען די קאָזאַקן זענען אַריין אין שטוב האָבן זיי אים אָנגענומען פאַר אַ ייד און אַדאַנק דעם איז ער טאַקע ניצול געוואָרן.

אַ גרויסן טעות האָבן טאָמאַשאָווער פאַבריקאַנטן געמאַכט דערמיט, וואָס זיי האָבן מיט אַסך יאָרן שפּעטער, ווי אין לאָדזש, איינגעפירט מעכאַניזירטע מאַשינען. אין יאָר 1858 האָט מען אַפילו שוין געפּרוווט אין טאָמאַשאָוו אין אַ פאַבריק אַראָפּצוברענגען אַ מעכאַניזירטע קראַפט-מאַשין, וועלכע האָט זיך אָבער נישט איינגעגעבן צו דער אַרבעט. פיל יאָרן האָט מען אין טאָמאַשאָוו זיך באַצויגן מיט ביטול צו דער נייער מאָדע. אין יאָר 1862 ווערט קיין טאָמאַשאָוו אַראָפּגעבראַכט אַ צווייטע מאַשין. ביסלעכווייז ווערט שוין שפּעטער די האַנט-אַרבעט פאַרטויזשט אויף מעכאַניזירטע מאַשין-פאַבריקן. אין יאָר 1865 פאַבריצירט שוין טאָמאַשאָוו יערלעך אויף אַ סומע פון 2 מיליאָן רובל, פאַרפּלייצנדיק מיט טאָמאַשאָווער סחורות דעם גאַנצן מזרח-מאַרק. די פאַבריקאַנטן פון דייטשלאַנד פּרוון

שטערן, אַז טאָמאַשאָוו זאָל זיך אַנטוויקלען. עס העלפט אָבער גאָרנישט. טאָמאַשאָוו האַלט שוין אין איין וואַקסן.

דאָך איז לאָדזש פילפאַכיק איבערגעוואַקסן טאָמאַשאָוו. די אומשטענדן זענען ווידער אויסגעפאַלן מזלדיק פאַר לאָדזש. אין יאָר 1870 האָט שוין לאָדזש אַ גוטע באַן־ליניע — טאָמאַשאָוו אָבער ערשט אין יאָר 1884. לאַנגע יאָרן האָט טאָמאַשאָוו געמוזט שיקן אירע סחורות אויפן פאַרצייטישן אופן, ווייל זי האָט נישט געהאַט קיין געהעריקע באַן־קאָמוניקאַציע.

אַזוי אַרום איז טאָמאַשאָוו, הגם די ערשטע פאַבריקאַציע־שטאָט אין פוילן, דאָך געבליבן הינטערשטעליק לגבי לאָדזש און אַנדערע גרעסערע טעקסטיל־אינדוסטריע־צענטערן.

פון 19־טן יאָרהונדערט ווערט אין טאָמאַשאָוו אויפגעשטעלט אַ רוסישע צערקווע. די רוסישע רעגירונג האָט דאַן געהאַלטן פון קורס צו רוסיפיצירן דאָס פוילישע לאַנד. דאָס מחנך זיין די צערקווע ווערט געפראַוועט מיט פאָמפּע. עס קומט אַראָפּ דער רוסישער קייסער, מען אָרדנט איין לכבוד אים פאַראַדן. ביי די „בלאָע קוואַלן" האָט די גרעפין אָסטראָווסקאַ אים איבערגעגעבן אַלס מתנה אַ פלעשל וואַסער פון די קוואַלן, באַווייזנדיק זיך מיט דער חשיבות פון די קוואַלן, וואָס זענען באַרימט גאַנץ ווייט.

די „בלאָע קוואַלן" האָבן געהערט צו אַ ראַווער פריץ. אין 19־טן יאָרהונדערט האָט דער גראַף סטאַניסלאַוו אָסטראָווסקי געוווּנען די קוואַלן פון יענעם ביי אַ פאַרטיע שאַך־שפּילן.

נאָך דער מלחמה גייען די „בלאָע קוואַלן" אַריבער אין פריוואַטע הענט און צום סוף קויפט זיי דער לאָדזשער מאַגיסטראַט (1925) פאַר אַ סומע פון 95,000 זלאָטעס.

אין דער וועלט־מלחמה פאַרלירט טאָמאַשאָוו דעם מזרח־מאַרק און נעמט ווידער וועגעטירן. צום גליק אָבער האָט זיך אין יאָר 1910 געגרינדעט די קונסט־זייד־פאַבריק, וועלכע אַנטוויקלט זיך און לעבט־אויף די טאָמאַשאָווער פעריפעריע „ווילאַנאָוו", ווו פיל טויזנטער אַרבעטער זענען תמיד באַשעפטיקט.

(פון די ייוו"אָ־אַרכיוון)

# די ערשטע יידן אין טאמאשאוו

א. בוגאיעוויטש

אַדאַנק דער ענערגיע פון דריי פעלקער, איז אויסגעוואַקסן אַן אינדוסטריע־שטאָט אינמיטן וואַלד, ווו ביז דעמאָלט האָט זיך געטראָגן דאָס ברומעריי פון בערן און געהייל פון פוקסן, ווי אויך אַנדערע חיות. דער געדיכטער מאַזאָווער וואַלד האָט גענומען אַלץ שיטערער ווערן און זיין פּלאַץ האָבן פאַרנומען געבויטע הייזער. אין יאָר 1827 ווערט אַפילו שוין אויפגעבויט די ערשטע געמויערטע פאַבריק אונטער דער פירמע „באטאוויע". די זעלבע פאַבריק עקזיסטירט נאָך ביזן היינטיקן טאָג און ווערט געפירט דורך דער פאַמיליע בארטקע.

און ווייל טאָמאַשאָוו איז אַנטשטאַנען אינמיטן וואַלד, איז נאָך עד היום געבליבן אין איר אַזאַ ביימער־רחבות, וואָס איז זעלטן צו געפינען אין אַנדערע שטעט. די ביימער־רחבות, די באַקוועמע אומגעבונג פון ישוב, באַזאָרגט מיט צוויי טייך־צופלוסן פון דער וואָלבורקע און טשאַרנע. די לאַנג־טערמיניקע הלוואות און די ערד־שטחים, געגעבן דורכן גראַף אָסטראָווסקי צו די טאָמאַשאָווער תושבים — דאָס אַלץ האָט געלאָקט די יידן קומען באַזעצן זיך אין נייעם טאָמאַשאָווער ישוב, ווו זיי האָבן געלעבט פריי אונטער דער ממשלה פון גראַף אָסטראָווסקי.

מיטן צעוואַקסן זיך פון טאָמאַשאָוו, ווערט אַלץ מער

אויפגעדעקט די פּיליצע. הונדערטער יאָרן איז זיך די פּיליצע געפלאָסן אין שאָטן פון דעם מאַזאָווער אור־אַלטן וואַלד. אין איר שויס האָבן זיך געפרייט די „וואַסער־טעכטער" און יעדע נאַכט האָבן די פאַנטאַסטישע „וואַלד־ברואים" געטאַנצט אויף אירע כוואַליעס מיט פּורפּור־ליכטלעך. און דאָ פּלוצים האָט דער מענטש אויסגעהאַקט דעם וואַלד, פאַראומרייניקט די פּיליצער כוואַליעס מיט כלערליי פאַרבן און אָפּפאַל. דער מאַיעסטעטישער פּיליצע האָט עס אויפגעבראַכט און זי האָט באַשלאָסן, אַז דער מענטש מוז צאָלן אַ פּרייז פאַרן באַאומרויקן זי... יעדעס יאָר ווערט דערטרונקען אַ מענטש אין אירע כוואַליעס. קיין חילוק נישט — אַ פּאָליאַק, אַ ייד, אָדער אַ דייטש.

דאָס פאָלק גלויבט, אַז די פּיליצע באַרויקט זיך מיט דעם מענטשלעכן קרבן אויף אַ גאַנץ יאָר, ביז זי קלויבט זיך אויס אַ צווייטן קרבן...

און אַ פאָלקס־ווערטל שטאַמט דערפון אין דער גאַנצער סביבה: אַז איינער וויל אויסדריקן די רשעות פון אַ געוויסער פּערזאָן, זאָגט ער: „דו דאַרפסט אַ קרבן, ווי די פּיליצע יעדעס יאָר אַ מענטש"...

אין יענער תקופה האָט דאָס יידישע טאָמאַשאָוו שוין

געציילט טויזנט נפשות. און דאָך איז נאָך אין טאָמאַשאָוו נישט געווען קיין באַזונדערע יידישע קהילה, ווייל טאָמאַשאָוו גופא איז נאָך דאַן נישט געווען פאַררעכנט אַלס שטאָט. די יידן האָבן דעריבער געהערט צו דער אויאַזדער קהילה. און אַזוי ווי דאָס רוב יידישע תושבים האָבן געשטאַמט פון אויאַזד גופא, און די פרעמדע יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין טאָמאַשאָוו האָבן אויך געהערט צו דער אויאַזדער קהילה, האָבן זיי דעריבער איבערגענומען אַלע מנהגים מיט דער גאַנצער לאָקאַל־פסיכיק פון די אויאַזדער יידן. אַפילו דאָס טאָמאַשאָ־ווער יידיש־רעדן איז אַן אָפּשטאַם פון יידיש־רעדן אין אויאַזד, וואָס איז, אגב, אַ ריינער און דייטלעכער יידיש.

אויף דעם בית־עלמין האָט זיך דעמאָלט געפונען אַ באַזונדערע שכונה אונטערן נאָמען „די טאָמאַשאָווער שכונה"...

פון אויאַזד טראָגט דאָס שוואַרצע טייכל טשאַרנע אירע פאַמעלעכע כוואַליעס צו דער שויס פון פיליצע. פון אויאַזד שטאַמט אויך דער בויער פון טאָמאַשאָוו, גראַף אַנטאָני אָסטראָווסקי, אויך די ערשטע טאָמאַשאָווער יידן זענען געווען אויאַזדער תושבים. און אַזוי־ווי די רואיקע טשאַרנע־כוואַליעס ווערן אויסגעמישט און פאַרווירבלט אין דער שטראָמיק־פליסנדיקער פיליצע, אַזוי האָבן אויך די טאָמאַשאָווער יידן גענומען בויען אַ ניי לעבן — אַ לעבן פול מיט טעמפּאָ און פאַרשידנפאַרביקייט.

## פאַקטן און לעגענדעס

ווי מיר האָבן געזען אין אונדזער ערשטער סעריע „בלעטלעך געשיכטע פון טאָמאַשאָוו", איז די אַנטשטייאונג פון טאָמאַשאָוו ענג פאַרבונדן מיטן ישוב פון אויאַזד, וואָס עקזיסטירט שוין פון 15־טן יאָרהונדערט. עס וואָלט, אַלזאָ געווען אַ היסטאָרישע זינד צו זאָגן, אַז די יידישע קהילה אין טאָמאַשאָוו עקזיסטירט ערשט פון 19־טן יאָרהונדערט, ווייל פאַקטיש איז דער יידישער ישוב אין טאָמאַשאָוו נישט מער, ווי אַ המשך פון יידישן ישוב אין אויאַזד און אַדאַנק פאַרשידענע אומשטענדן איז „די טאָכטער איבערגעוואַקסן די מוטער", איבערלאַזנדיק די מאַמע אַז אַלטע, פאַרוועלקטע זיצן אויף די חורבות פון איר רייכן עבר.

ווי מיר האָבן שוין באַמערקט, האָט דער יידישער ישוב אין אויאַזד אַ פאַרגאַנגענהייט פון פינף הונדערט יאָר — איז עס נאַטירלעך, וואָס אויאַזד האָט אַרויפגעלייגט איר חותם אויף דער הונדערט־יאָריקער טאָכטער — טאָמאַשאָוו. עס איז אַלזאָ כדאי זיך קודם־כל צו באַקענען מיטן יידישן לעבן אין אויאַזד, וואָס איז ווירקלעך דאָס אורשפּרינגלעכע יידישע לעבן פון טאָמאַשאָוו.

ווי געזאָגט, פאַרמאָגט דער יידישער ישוב אין אויאַזד הינטער זיך אַ רייכע פאַרגאַנגענהייט פון פינף הונדערט יאָר, פונדעסטוועגן קאָן מען נישט וויסן גענויע פּרטים וועגן יידישן לעבן אין משך פון דער גאַנצער צייט, ווייל אונדזערע עלטערן האָבן קנאַפּ געזאָרגט אויפצושרייבן וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט. זיי האָבן נישט געהאַט קיין צייט צו אַזעלכע „קלייניקייטן". זיי זענען געווען שטענדיק פאַרנומען מיט תורה און פרנסה. איבעריקנס, האָבן צווישן די אומות העולם דעמאָלט אויך זיך געפונען וויניק כראָניק־שרייבערס.

און דאָך קאָנען מיר היינט וויסן אויספירלעך אַלץ וואָס עס האָט מיט אונדזערע עלטערן פּאַסירט דורך די אַלטע „פּנקסים", וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געפירט אין יעדער שטאָט און שטעטל. אין די דאָזיקע פּנקסים האָבן זיי פאַרשריבן תקנות פון רבנים, דין־תורהס פון יחידים, וואָס האָבן געוואָגט זיך אַנטקעגנשטעלן די פּרנסי־חודש אאַז"וו.

אַדאַנק די פּנקסים דערוויסן מיר זיך אַ סך טשעקאַווע זאַכן פון אונדזערע עלטערנס לעבן. און מיר זענען בכוח אָנצושרייבן די געשיכטע פון זייער לעבן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ אַלטע קהילה, ווי אויאַזד, האָט אויך געהאַט איר פּנקס, פון וועלכן מיר וואָלטן געוווּסט פיל אינטערעסאַנטע זאַכן. ליידער איז מיט 60 יאָר צוריק דער פּנקס פאַרברענט געוואָרן. עס איז דעמאָלט געווען אַ מנהג ביי יידן, אַז אין יעדער שול איז געווען אַ ספּעציעלער „כסא של אליהו", און יעדער ברית איז געפייערט געוואָרן אין דער שול. אליהוס שטול איז ספּעציעל געווען אָנגעגרייט צו דעם צוועק. אַט ביי אַזאַ ברית איז אויסגעבראָכן אַ שריפה, פון אַ פאַרגעסן ברענענדיק ליכטל, און אַזוי איז פאַרברענט געוואָרן די שול מיט די ספרי־תורות און דער "פּנקס" בתוכם.

אַזוי אַרום האָבן מיר גאַנץ קנאַפּע ידיעות פון יידישן לעבן אין אויאַזד אין די אַלטע צייטן. דאָך זענען געבליבן אַנדערע סימנים פון יענע יאָרן, וואָס זאָגן עדות וועגן יידישן לעבן. נעמלעך: אַן אַלטער בית־עלמין, וואָס האָט אונטער זיך פיל יאָרהונדערטער, אַ גרויסער שטח פון בית־עלמין האָט שוין מער נישט אויף זיך קיין מצבות. עס איז נאָר דאָ אַ מינדלעכע מסורה, אַז דאָרט האָט מען פאַרצייטנס געבראַכט צו פירן מתים פון דער גאַנצער געגנט, פון לאָדזש ביז פּיעטער־קאָוו. איין מצבה פון פרעמדע מתים געפינט זיך נאָך עד היום, שוין פון די שפּעטערדיקע צייטן. דאָס איז די מצבה פון דעם אינאָוולאָד, דעם הרב ר' דוד בר' אברהם הכהן ז"ל פון יאָר תקפ"ז, וועלכער איז געווען אַ גרויסער למדן און צדיק.

דער פאַקט מיט דעם היסטאָרישן בית־עלמין זאָל, לויט אַ ווערסיע, האָבן גורם געווען דערצו, אַז אויאַזדער יידן האָבן אין דער גאַנצער געגנט געהייסן „אויאַזדער מתים", ווייל פון גאַנץ ווייט האָט מען געבראַכט מתים צו קובר זיין אין אויאַזד.

לויט אַן אַנדערער ווערסיע זאָל דער נאָמען שטאַמען

אין דעם יידישן צענטער זענען געווען אַריינגערעכנט די גאַסן: יעראָזאָלימסקאַ, בזשׂניטשנאַ, פּיעקאַרסקאַ, פּאָלנאַ, ווסכאָדניאַ, האַנדלאָוואַ, קראַמאַרסקאַ, מיט דער „קאָזע־גאַס“, ווי מען האָט זי גערופן, מיט אירע ספּעציפישע טיפּן. אויך די וויעטשנאָשטש, קזשיזשאָוואַ און אַ טייל פון דער זגאָזשעליצקאַ האָט געהערט צום יידישן צענטער. די פּילסודסקיעגאָ (פּיעטרקאָווער אַלייען), כמעט דער גאַנצער מאַרק (קאָסציושקאָ) און די אַנטאָניעגאָ, ווו עס האָט געאָטעמט מיט יידיש לעבן.

איך געדענק כמעט יעדעס הויז, יעדע שטוב, מיט די פיל געשעפטן און זייערע בעלי־בתים.

## די פּיעקאַרסקאַ־גאַס

אָט איז די פּיעקאַרסקאַ־גאַס. פאַר מיינע אויגן שטייט נאָך, ווי לעבעדיק ווייַנראָטס (שוליק קלעזמערס) אַלט הייזל, ווו איך בין געבוירן.

אין יאָר 1913 האָט שוליק קלעזמער געבויט דאָס נייע הויז אין שכנות פון אונדזער שיינער שול אויף פּיעקאַרסקאַ 8. צווישן די צוויי בנינים איז געשטאַנען די אַזוי גערופענע „שוואַרצע עגלה“, וואָס צום אָנהויב האָט זי באַדינט דער אַלטער בערל מיטן גרויסן הויקער. שפּעטער האָט זיין פּלאַץ געירשנט דער הויכער יאָסקע (קראַוזע).

ווער פון פאָריקן דור געדענקט נישט שוליק קלעזמער, מיט זיין שיין שפּילן שטענדיק די ערשטע פידל? דעם באַקאַנטן „קאַנאַריק“ אויף יידישע חתונות, אָדער דאָס שפּילן אין אַלטן קינאָ „אָדעאָן“ ביי נייפעלדן, ווען עס האָט נאָך עקזיסטירט דער שטומער פילם.

וואָס פלעגט ער טאָן ווען ער האָט געדאַרפט גיין שבת פאַרן ליכט־צינדן מיט זיין פידעלע אין קינאָ? (אַפילו אַלס פּאָרגעשריטענער האָט ער זיך געשעמט אין דער צייט צו טראָגן אַליין זיין פידל), פלעגט ער נעמען אַ קליינעם יינגל פון זיין הויף (אָפטמאָל אויך מיך), צוגעזאָגט אים אַריינצונעמען אין קינאָ און זען דעם פילם.

און ווער זענען געווען זיינע 19 איינוווינער? איך געדענק זיי כמעט אַלע.

עטלעכע פון זיי וועל איך דאָ דערמאָנען לויט זייער ספּעציפישקייט און אייגנאַרטיקייט: יענקל גרוינעמס — אַ בעקער (אייזנשטיין) מיט זיינע 3 זין און 4 טעכטער.

ווען זיי האָבן געזינגען שבת זמירות, האָט זיך די גאַנצע פּיעקאַרסקאַ צונויפגעזאַמלט הינטער זייערע פענצטער.

טוביהלע שניידער (גאָלדשטיין), מיט זיין שניידער־ווערקשטעל, וואָס מען האָט באַדאַרפט וואַרטן אַ האַלב, אָדער אַ גאַנץ יאָר, ביז ער האָט פאַרטיק געמאַכט אַ שטיקל אַרבעט (אַן אָנצוג) — האָט אויך געוווינט ביי שוליקן אין הויז.

כדאי צו דערמאָנען מרדכי הענעך און אסתר־מלכה צוקער, אָדער ווי זיי זענען באַקאַנט געווען אין די יידישע קרייזן אין שטאָט, מיטן נאָמען די „קראַיאָווע קאַסע“, ווייל זיי האָבן דיסקאָנטירט וועקסלען, אָדער געגעבן הלוואות אויף פאַרמשכנטע קידושין־רייפלעך, צירינג, פּעלצן אד״גל.

בעת די טראַנזאַקציעס האָט אסתר־מלכה קודם כל באַרעכנט די פּראָצענטן, וואָס זי האָט באַלד אַראָפּגענומען, אַזוי אַז עס איז דעם „קליענט“ כמעט שוין גאָרנישט פאַרבליבן פון קרן. אויף דעם האָט זי געהאַט אַ היתר, ווייל איר מאַן ר׳ מרדכי הענעך, פלעגט זאַמלען נדבות פאַר אָרעמעלייט און אָרעמע כלות יעדן פרימאָרגן אין בית־המדרש ביים דאַווענען.

דער שכן פון הויז, ר׳ מאיר יחיאל וויינמאַכער, אַ זייער פרומער ייד, אַ נידעריקער, מיט אַן איינגעהויקערטער פּלייצע, פלעגט יעדן פרימאָרגן גיין מיט זיין גרויסן פולגעפּאַקטן טלית־זעקל צום דאַווענען און ערשט אין די מיטאָג־שעהן זיך צוריקקערן אַהיים. זיין זון, משה, איז געווען פון די ערשטע צעירי־ציון־מיטגלידער אין טאָמאַשאָוו.

מיינע עלטערן — מיין טאַטן ע״ה האָט מען גערופן אַברהם טרייבעטשאַוש (זשולטאָווסקי), דער שטאָטישער מנקר — האָבן געוווינט אויפן הויף אַנטקעגן איבער דער פּלומפּ אין אַ באַזונדערער הייזקע, וואָס האָט אויך געהאַט אַ יאָר־סוכה מיטן מוזיקאַלישן הערב ביים אַריינגיין. דער בעל־הבית, שוליק קלעזמער, פלעגט אַריינקומען אין דער סוכה מאַכן קידוש בלויז די ערשטע נאַכט פון יום־טוב. די סוכה האָט מיין טאַטן געדינט אַ גאַנץ יאָר אַלס יאַטקע צו פאַרקויפן געמאָלן פלייש.

אין יענע צייטן האָט אויך געוווינט אין דעם הויז די הייבאַם בוראָדינאַ מיט איר טאָכטער קלאַראַ, וועלכע איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַרימט געוואָרן אַלס יידישע פאָלקסאַרטיסטין און שוישפּילערין פון יידישן טעאַטער אין פּוילן, אונטערן נאָמען קלאַראַ סעגאַלאָוויטש. דער יידישער דיכטער און שרייבער זעליג סעגאַלאָוויטש איז געווען איר צווייטער מאַן. איר ערשטער מאַן איז געווען מאיר פלאַפּאַן פון טאָמאַשאָוו, ווען זיי ביידע זענען געווען מיטגלידער פון „הזמיר“.

דאָס הויז פון נחמיה פּאַקולאַ אויף פּיעקאַרסקאַ 6 מיט דער גרויסער צאָל בלויז יידישע איינוווינער, האָט אין זיך געהאַט אייגנאַרטיקע טיפּן, וואָס אייניקע פון זיי איז כדאי צו דערמאָנען. איינער פון די ערשטע קרבנות אין שטאָט, וואָס איז מיר באַקאַנט פון דעם הויז, איז געווען דער איידעם פון נחמיה פּאַקולאַ, משה דוד, דער אייגנטימער פון שפּייזגעוועלב אין דעם הויז.

ווי געזאָגט, איז ער געווען פון די ערשטע קרבנות בעת די דייטשע רוצחים זענען אַריינגעקומען אין שטאָט.

ביי נחמיהן אין הויז האָט געוווינט דער דרדקי־מלמד, ר׳ שלמה גבריאל יונג. דאָס איז געווען אַ טיפּישער מלמד

נאָך פון די פריערדיקע דורות, מיט אַ לאַנגער, שניי־ווייסער באָרד. אויף די עלטערע יאָרן איז זיין ווייסע באָרד געל גע־וואָרן פון דער לאַנגער ליולקע, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזט פון זיין מויל, אויסער שבת. אויף זיין גראָבער נאָז זענען שטענדיק געהאָנגען די ברילן־צוויקערס בלויז מיט איין גלעזל. זיין ווייב, די הויכע שיינדל, די רביצן, מיט אַ טיף־זיידענער „קופקע" אויפן קאָפ און שטענדיק מיטן קאַנ־טשיק אין האַנט, האָט איר מאַן צוגעהאָלפן צו דער מלמדי־שער פרנסה. ווי איז געווען צום תלמיד, וואָס האָט פאַרזוכט דעם טעם פון שלמה גבריאלס קאַנטשיק...



גבריאל מלמד

קעגנאיבער, אויף פיעקאַרסקאַ 3, איז געשטאַנען דאָס נידעריקע הילצערנע הייזקע, וועמעס בעל־הבית איז געווען דער „טויטער שלמה". פון פראַנט האָט געהאַט זיין בעקעריי משה בייגלבעקער, אַ הויכער און דאַרער ייד, שטענדיק מיט אַ בלאַס פּנים און אַ שיטער ווייס־גרוי בערדל, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף זיין ערלעכקייט און פרומקייט. זיינע אַלע יאָרן איז ער געווען אַ הייסער חסיד פון אויאַזדער רבין. אַז מען האָט געשטעלט טשאָלנט ביי איטע דער בייגל־בעקע־רין איז מען געווען זיכער אַז ס'וועט געראָטן און מען וועט האָבן שבת וואָס צו עסן.

דער שכן פון בייגלמאַכער איז געווען דער פישער, דער געלער הלל, מיט דער מעשן־געלבער באָרד (פון דער משפחה סאַלעם). זיין מוטער האָט מען גערופן חוה ניקעלס.

ווען ר' הלל פישער איז געפאָרן קיין בריסטאָווקע צו דער פּיליצע כאַפּן פיש האָט ער קודם־כל „אנגעלאָדן" אויף זיין צעבראָכענעם הילצערנעם וואָגן זיין ווייב נעמי מיט זיינע 2 טעכטער. דערנאָך האָט ער, מיט דער הילף פון זיין איינציקן זון, ישראל־לייביש, אַרויפגעפּאַקט די נעץ מיט די לאַנגע שטעקנס און קוישן. די גאַנצע שווערע משא האָט נעבעך קוים געקענט דערשלעפּן די אויסגעדאַרטע אַלטע קליאַטשע, וואָס האָט געשלעפּט דעם וואָגן סיי זומער אין די היצן, און סיי ווינטער אין די גרעסטע פרעסט.

ווען זיי זענען געקומען אַהיים פונעם פיש־פאַנג דאָנער־שטיק שפּעט ביינאַכט (אויב עס האָט זיי בכלל געלונגען צו כאַפּן אַ ביסל פיש), האָט אויף צומאָרגנס פרייטיק, פאַרשטייט זיך, נעמי די פישערקע זיך אַרויסגעשטעלט מיט 2 גרויסע באַליעס אויפן מאַרק (קאַריטאַזש) און פאַרקויפט די לעבעדי־קע פישלעך פאַר די יידן אויף שבת.

נאָכן פאַרקויפן די סחורה איז נעמי נישט חלילה געגאַנ־גען אַהיים מאַכן שבת (דאָס האָבן געטאָן די טעכטער), נאָר געזאָרגט פאַר אָרעמע און קראַנקע, אַז זיי זאָלן האָבן שבת עפּעס צו עסן.

שבת אין דער פרי, ווען יידן זענען געגאַנגען אין בית־המדרש אַריין צום תהילים־זאָגן אָדער צום דאַווענען, האָט מען געקענט באַגעגענען ר' הלל דעם פישער מיט אַ גרויסן קויש אין האַנט, גיין אין שטאָטישן שפּיטאָל אויף אַנטאָניעגאָ, אַנט־קעגנאיבער ראַדעס פּאַלאַץ, און טראָגן פאַר די יידישע קראַנ־קע אַ ביסל שבתדיקע מאכלים, ווי פיש, חלות, פלייש, אַ ביסל מייערן־צימעס און אַנדערע גוטע זאַכן.

ר' הללן איז שטענדיק געווען דערלויבט אַריינצוגיין אין שפּיטאָל.

אין הויז נומער 5 האָט געלעבט די גראָבע רבקה־רחל (אייזנשטיין), אַן אַלמנה, וואָס איר פרנסה איז באַשטאַנען אין פאַרקויפן היזון פאַר די בעקערס. זי איז געווען אַ מאַמע פון 6 טעכטער און 3 זין, כמעט אַלע האָבן נאָך ביז דער מלחמה חתונה געהאַט. חוץ דער יינגסטער טאָכטער, שבע, איז פון דער גאַנצער משפחה כמעט קיינער נישט געבליבן, אויסער אַן איי־ניקל, וואָס לעבט אין רמת־גן.

אין שכנות פון רבקה־רחלס נידעריקער הייזקע איז גע־שטאַנען נאָך אַן ענלעך הייזל (די הייזלעך האָבן זיך גערעכנט צו די ערשטע יידישע הייזער זינט דער עקזיסטענץ פון טאָ־מאַשאָוו), וואָס האָט געהערט צו משה שוסטער (שאַפּמאַן, אַן ערלעכער ייד און בכבודיקער בעל־הבית אין שטאָט. זיין על־טסטער זון, אברהם, אַ ייד אַ למדן, איז געווען דער קהילה־סעקרעטאַר פון שכנותדיקן שטעטל בזשעזשין, ווי אויך דער שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „טאָמאַשאָווער וואָכנבלאַט". דער צווייטער זון, דוד, איז געווען איינער פון די יידישע ראַט־מענער אין מאַגיסטראַט. די אַנדערע 2 זין פון משה שוסטער זענען געווען: עזריאל, אַ מאלער (מיך פעטער ביי וועמען איך האָב געלערנט דאָס פאַך) און יעקב, אַ שניידער. אויך פון

דער דאָזיקער משפחה איז קיינער נישט געבליבן צווישן די לעבעדיקע, אויסער אַן אייניקל, פון דער טאָכטער פייגע, וואָס לעבט אין קאַנאַדע.

ר׳ בערל בלאַכעראָוויטש, אַ גערער חסיד און פאַבריקאַנט, ווי אויך זיין איידעם, ר העניך האַראָוויטש, געווען אַ דאָזאַר פון רעליגיעזן בלאָק, האָבן געלעבט אויף דער דאָזיקער גאַס. ר׳ בערלס דריי אייניקלעך לעבן אין ישראל.



העניך האַראָוויטש

אין שכנות פון הויז, אַ ביסל ווייטער, איז געווען די פאַבריק פון ר׳ מאָטל סאָלאָמאָנאָוויטש. דאָס איז געווען די רויטע געבוידע אויף פיעקאַרסקאַ, ראָג קזשיזשאַוואַ.

ר מאָטל, אַ חסידישער ייד, וואָס שבת איז ער געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ זיידענער זשיפּיצע מיט אַ סאַמעטן היטל אויפן קאָפּ, האָט געדאַוונט אין סקאָלקאָווער שטיבל. אין די וואָכעדיקע טעג איז ער געווען אייראָפּעיש געקליידעט. אין זיין פאַבריק האָבן געאַרבעט אַ גרויסער טייל יידישע וועבער.

זיין האַנט איז געווען אָפן פאַר אַלע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. ער איז נפטר געוואָרן אין עסטרייך, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1915. ער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין טאָמאַשאָוו. פון אַלע זיינע קינדער לעבט מיט אונדז דאָ אין ישראל דער פּרעזעס פון אונדזער ארגון ר יצחק סאָלאָמאָנאָוויטש.

### יעראָזאָלימסקאַ־גאַס

די גאַס איז געווען דער הויפּט־צענטער, דער נערוו, די נשמה פון יידישן פּולסירנדיקן לעבן אין שטאָט. איך געדענק די שבתדיקע שענק קעגנאיבער דעם בית־המדרש, אין הויז פון די ברידער שלמה און בצלאל שטערן, אָדער די „מעגעס״, ווי מען האָט זיי גערופן.

אין דעם דורכגאַנגס־הויף פון יעראָזאָלימסקאַ־האַנדלאָוואַ, איז געווען די שבת־שענק פון ר געצל, דער אַמשינאָווער חסיד, מיט זיין ווייב „פערל די געצלינע״. די שבת־שענק האָט מען גערופן אַזוי, ווייל די יידן פון דער סביבה פלעגן זיך אַריינכאַפּן שבת נאָכן שלאָף צו ר׳ געצלען אויף אַ גלעזל ביר, פאַרבייסנדיק מיט אַ שטיקל הערינג און אַן אייער־מצהלע, אָדער אַ ביסל געזאָטענע אַרבעס. פערל די שענקערין האָט יעדן איינעם פון אירע שבתדיקע קליענטן געדענקט און אינזינען געהאַט ער זאָל אַרויס אַ צופרידענער. אירע קליענטן האָבן זיך געבילדעט פון ספּעציפישן שיכט יידן פון דער געגנט, ווי משניות־לערנער, תהילים־זאָגער, קצבים, בעלי־מלאכות און סתם יידן.

די שענק פון ר׳ געצלען איז געווען אַן אייגנאַרטיקע אין דעם יידישן צענטער, מיט אירע קליענטן פון פאַרשידענע טיפּן און געשטאַלטן. איר אייגנאַרטיקייט איז באַשטאַנען דערין, וואָס זי האָט געוווינט אין אַ פּריוואַטער וווינונג, וואָס איז באַשטאַנען פון איין צימער ד׳ על ד׳, מיט אַ קליין שמאָל קעכל. אין צימער זענען געשטאַנען 2 בעטן, אָפּגערוקט אויף אַ געוויסן מרחק (ווי ביי חסידישע יידן), און אינצווישן — אַ לאַנגער טיש, וואָס אַרום אים זענען טאַקע געזעסן די שבתדיקע קליענטן און געשמאַק געטרינקען דאָס גלעזל ביר — געצאַפּט גלייך פון אַ פעסל, וואָס איז געשטאַנען ביי דער זייט פון טיש — און ווי געזאָגט, פאַרביסן מיט אַן אייער־מצהלע. דאָס איז אויך אַריינגערעכנט געוואָרן אין די שבתדיקע פאַרגעניגנס, וואָס דער סאָרט יידן פון דער סביבה האָבן געקענט געניסן.

פון דער בית־המדרש־גאַס געדענק איך אויך מיין ערשטן רבין דעם דרדקי־מלמד, וואָס האָט מיך געלערנט דעם ערשטן אלף־בית. דאָס איז געווען ר מרדכי מלמד — אַ הויכער, אַ שטרענגער, מיט אַ לאַנגער, שניי־ווייסער באָרד. זיין פּנים האָט שטענדיק אָפּגעשאָטנט אַ בייזן בליק. אין דער הינטערשטער טאַש פון זיין כאַלאַט האָט שטענדיק אַרויסגעשטעקט אַ לאַנגן רויט טיכל, וואָס האָט געדינט צו ווישן זיין גראָבע לאַנגע נאָז. ער האָט געוווינט ביי גרשון־דוד „קישקעלע־ייד״ — איינעם פון די איינוווינער אין הויף.

זיין ווייב, שיינדל־לאה, אָדער ווי מיר האָבן זי גערופן „שיינדל די רביצין מיטן הויקער״, פלעגט גיין נאָך די שלעכטע חדר־ייִנגלעך און זיי ברענגען אין חדר אַריין, פאַרנאַרנדיק זיי מיט צוקערקעס.

מרדכי דער מלמד איז אויך געווען אַ שיינער בעל־תפילה,

מיט א באַס־שטימע. ער האָט געדאַווענט אין בית־המדרש אין די ימים־נוראים. הגם אויף דער עלטער האָט ער שוין אַ ביסל „אונטערגעהינקט" מיט זיין דאַווענען, אָבער דאָס „ברעטל" האָט ער געמוזט האָבן, ווי אַ פיש מוז האָבן וואַסער...

פון דער טאַמאַשאָווער יידישער עלטערער גענעראַציע געדענקען זיכער ר' שייע שמש (קימעלפעלד), וואָס האָט באַדינט יאָרן־לאַנג דעם בית־המדרש. זיין הויכע, פעסטגע־בויטע געשטאַלט האָט אַנגעוואָרפן אַ מורא און אָפשיי ווי נאָר ער פלעגט אַריינקומען אין די שפעטע אָוונט־שעהן צו שליסן דעם בית־המדרש. באַזונדערס האָבן געציטערט פאַר אים די קונדסים, וואָס האָבן געשפילט קאָרטן, אַן „אײן־און־צוואַנציק", הינטער די קאַכל־אויוונס בייביידע אַריינגענג אין בית־המדרש, וואָס האָבן אין ווינטער געוואַרעמט די מתפללים.

פון שמשות האָט אָבער ר' שייע נישט געהאַט קיין פרנ־סה — האָט זיין ווייב צוגעהאַנדלט מיט קאַלך. יעדן דינסטיק און פרייטיק האָבן אירע זין איר געהאָלפן אַרויסשלעפן דאָס ווע־געלע מיט קאַלך אויפן מאַרק, צו איר שטענדיקן פלאַץ ביי דער רוסישער צערקווע.

איך געדענק אויך דאָס שיינע הויז אין צענטער פון דער גאַס, וואָס האָט געהערט צו עמנואל חלאַוונעס (האָוזער). איך געדענק אייניקע איינוווינער פון דעם הויז אויפן ערשטן שטאָק: משה מאַרקאָוויטש (משה לאה־דינהס), זיינע 2 לעבן־געבליבענע זין געפינען זיך: לעאַן אין ישראל און ישראליק — אין אַמעריקע.

איך געדענק גוט יענקל באַגאַטש, דעם חתונה־קלעזמער מיטן באַס, וועלכער האָט געוווינט אויפן ערשטן שטאָק. איך געדענק דאָס ראַגאָווע געוועלב פון רחל פאַליקס. איר מאַן, לייביש ניעדזשוויעדזש, איז געווען דער גבאי פון שידלאָווער צער שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען ביי זיי אין דער וווינונג, וווּ מען האָט געדאַווענט יעדן שבת.

אין מיינע גאָר יונגע יאָרן האָט מיין פאָטער, ע"ה, געדאַ־ווענט ביי די שידלאָווצער. איך געדענק אייניקע פון זיי, זייער חשובע בעלי־בתים פון דער שטאָט: די ברידער משה־עליע און אברהם רייזבוים; מאיר מילשטיין, פאַליק בעקערס איידעם, אהרן־מענדל ווייסמאַן, דער דאַמען־שניידער. זיין זון בנימין לעבט אין אויסטראַליע. משהלע פלאַמקע, אַ לעדער־סוחר.

מיין פאָטער איז ביי דעם מנין געווען דער בעל־תפילה אין די ימים־נוראים. צו מיין בר־מצווה בין איך עולה־לתורה געווען ביים דעם דאָזיקן מנין.

די וויכטיקע געוועלבער אין דעם הויז פון עמנואל האָ־זער זענען געווען: ביילע דער פאַקערינס „טשייניע". די יאַט־קעס פון מאַנעלע בערמיינסקי מיט זיין ווייב, די הויכע שבע. עמנואל האָלאַק, דער קצב, איז לעצטנס אַראָפּ פון זינען, און אין אַ יום־כיפור האָט מען אים געפונען אַ טויטן אין דאָרף זאַוואָדע, ווו ער איז דערטרונקען געוואָרן אין טייך וואָלבורקע.

מענדל אהרונס זשולטאָווסקי און דאָס געוועלב פון פסח האָוזער, איידעם פון עמנואל האָוזער, וואָס האָט פאַרקויפט געבעקס פון זיין בעקעריי, האָט זיך געפונען אין קעלער פון דעם דאָזיקן הויז.

די בעקעריי פון פסח האָוזער דערמאָנט מיר נעכט פון שרעק, וואָס איך האָב געהאַט אין שייכות מיט אַ רויב־איבער־פאַל אויף צוויי יידן. אַזעלכע רויב־איבערפאַלן זענען נישט געווען קיין נייעס אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן אין אונדזער שטאָט טאָמאַשאָוו.

אין צענטער פון דער יידישער געגנט, ביי עטל פאָמפּ (ראָזענבלום), אויפן הויף אין אַ קעלער, האָט געוווינט דער גוי „לאַפּקע". ער האָט געהאַט אַ זון מיטן נאָמען מיכאַלעק. ער האָט גערעדט יידיש, ווי אַן עכטער ייד, להבדיל. אָט דער דאָזי־קער מיכאַלעק „לאַפּקע" איז געווען דאָס געשפענסט פון דער יידישער גאַס. אין אַ פינצטערער, ווינטערדיקער נאַכט, איז דער דאָזיקער גנב, שיכור און אַוואַנטוריסט איבערגעפאַלן צוויי יידן אויפן הויף פון בערל־משה קצב אויף בוזשניטשנאַ 14. די איבערגעפאַלענע יידן זענען געווען: קאָפּעל (באָרשט־ייד), ראָזענצווייג און לייביש־מענדל בירענצווייג (צעבולאָזש). ער האָט זיי צוגעשטעלט דעם רעוואָלווער צום קאָפּ און אַרויס־גענומען פון זייערע קעשענעס די טייסטערס מיט געלט.

יענעם פינצטערן אָוונט האָט איך זיך צופעליק געפונען אויף דער דאָזיקער גאַס.

איך בין געגאַנגען אַהיים פון שוליק קלעזמער (ער האָט דעמאָלט געוווינט אויף דער ציכאַ־גאַס, אַנטקעגן דעם פּוט־באַל־פּלאַץ), ווו איך בין געגאַנגען צו באַשטעלן אים שפּילן אויף אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג פון די יידישע אַמאַטאָרן־טרו־פּעס, ווו איך האָב געגומען אַנטייל.

צוקומענדיק צום הויז פון מיין זיידן חיים גראָסמאַן ע"ה, אויף בוזשניטשנאַ־גאַס, האָב איך פּלוצים דערהערט צוויי רעוואָלווער־שאָסן. אין דעם מאָמענט זענען פאַרבייגעלאָפן פאַר מיינע אויגן מיט אַ גרויסער שנעלקייט צוויי געשטאַלטן, וואָס איינער פון זיי איז געווען דער שייגעץ מיכאַלעק „לאַפּקע". באַלד דערנאָך האָב איך דערהערט די געשרייען פון די צוויי באַפאַלענע יידן. מען האָט מיך, פאַרשטייט זיך, דערנאָך גערופן אַלס עדות און אויפן סמך פון מיין עדות־זאָגן האָט די פּאָלי־ציי דעם שייגעץ אַרעסטירט, אָבער ביז צום פּראָצעס האָט מען דעם חברה־מאַן באַפרייט אויף קויציע. דאָן האָט מיך באַ־פאַלן אַ פחד און איך בין געלעגן באַהאַלטן אויפן פּיעקעליק ביי פסח האָוזער אין דער בעקעריי אַכט נעכט.

די דאָזיקע איבערלעבעניש וועל איך קיינמאָל נישט פאַר־געסן.

איך וויל דערמאָנען די טיפֿן פֿון דעם נידעריקן הייזל אויף יעראָזאָלימסקאַ 13. דאָס איז געווען מרדכי בלאַכאַזשס הויז. פּונקט ווי אין אַנדערע הייזער אויף דער גאַס זענען אויך געווען אין דעם דאָזיקן הייזל עטלעכע געוועלבער: צוויי יאַטקעס, אַ קאָלאָניאַל־געוועלב און אַ געוועלב פֿון געבעקס.

דער בעל־הבית פֿון דעם הויז, מרדכי בלאַכאַזש, האָט געפֿירט די דייטשן פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה „ביי דער נאָז" מיט זיין געהיימער ספּירט־פֿאַבריק. ווען דער דייטשער מסורניק פֿאַביאַן האָט אים געכאַפּט ביים אויסאַרבעטן דעם ביטערן טראָפּן, האָט ער אים אַלץ צוגענומען און פֿאַרניכטעט. אָבער מרדכי האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן און פֿאָרגעזעצט דאָס פֿאַבריצירן דעם דערלויבטן ביטערן טראָפּן. ווען מען האָט אים אָבער געכאַפּט ביים מאַכן פֿאַלשע דייטשע מאַרקן, האָט ער געמוזט אַוועק פֿון דער שטאָט.

דער אייגנטימער פֿון קאָלאָניאַל־געוועלב איז געווען הער־של טענענבוים, אָדער ווי מען האָט דאָס געוועלב גערופֿן „רייזל מאַכלס". זייער זון יאָסל לעבט אין ניו־יאָרק.

דאָס געוועלב פֿון געבעקס האָט געהערט צום בעקער וועלוול מלינקעוויטש און די צוויי יאַטקעס צו לאה אהרונס, אָדער ווי מען האָט גערופֿן איר מאַן „דער משוגענער ישראל משה". און צו יאָסל באַך (ציגאַמאַן) — אַ הויכער, פֿעסט־געבויטער ברייט־ברוסטיקער ייד. דאָס קצבישקייט האָט מען גלייך דערקענט אויף זיין פּנים. אויך זיין זון, יונה, אַ בחור אַ ריז, איז געווען אַריינגעראָטן אין טאַטן. ווען ער האָט געריטן אויף זייער פֿערד האָט ער מיטגעריסן די שטיינער פֿון דער בית־המדרש־גאַס.

אַזעלכע העלדישע און שטאַרקע יידן זענען געפֿאַלן, ווי אונטערגעהאַקטעביימער פֿון דער בעסטיאַלישער נאַציִשער האַק. ווייניק, זייער ווייניק אַזעלכע גיבורים האָבן זיך גע־קענט אַנטקעגנשטעלן די שטורמישע ווינטן, וואָס האָבן גע־בלאָזן אויף די אָקופּירטע געביטן בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה, ווו די דייטשע רוצחים האָבן אַלץ פֿאַרניכטעט ווי אַ פּעסט אויף זייער וועג.

*

עס וואָלט זיך געוואָלט געדענקען, אַלץ פֿאַרצייכענען. יעדעס הייזל, יעדעס געסל, יעדעס שטעגל, יעדע געשעעניש, יעדן טיפּ און חבר פֿון דער אומפֿאַרגעסלעכער היימשטאָט טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, אָבער עס איז שוין אַדורך אַ תקופה פֿון 36 יאָר, ווי איך האָב פֿאַרלאָזט מיין שטאָט, ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל פֿאַרלאָזן טאָמאַשאָוו פֿאַרן חורבן, נאָכדעם ווי איך האָב חתונה געהאַט אין אַן אַנ־דערע שטאָט, לאָסק, ווו איך האָב אויפֿגעבויט מיין ערשטע היים און משפּחה — אַ פֿרוי מיט 3 קינדער. און דאָס אַלץ איז אַוועק מיטן רויך פֿון די קרעמאַטאָריעס אין טרעבלינקע, כעלמנאָ און אוישוויץ, נאָכדעם, ווי איך און מיין יינגסטער ברודער׳ אַלטער־שלום, היינט אין אַמעריקע, זענען געבליבן לעבן.

אָט דערמאָן איך זיך דאָס הויז אויף יעראָזאָלימסקאַ 14 פֿון ר׳ אברהם שייעוויטש (אברהם פֿאַלעך) ביים אַרויפֿגיין אויף אייניקע טרעפּלעך פֿון דער גאַס. איך געדענק, ווי ביי ר׳ אברהמען אין שטוב איז געווען אַ באַק־אויוון אויף צו שטעלן טשאָלנט, אַ גאַנץ יאָר. און אַז עס זענען געקומען די טעג פֿון ערב פּסח, ראש־חודש ניסן, פֿלעגט מען אָנהייבן באַקן מצות. עס פֿלעגן קומען „וואָלגערן" די מצות פּוילישע פֿרויען פֿון די אַרומיקע דערפֿער. דער ריח בעתן באַקן די מצות אין דער בע־קעריי האָט זיך געטראָגן איבער דער גאַנצער סביבה.

עס שטייט מיר נאָך היינט פֿאַר די אויגן דאָס בילד פֿון די פֿאַר פּסחדיקע אָוונט־שעהן בעת מען האָט אַרויסגעטראָגן די פֿריש־געבאַקענע, געשמאַקע מצות.

פֿאַר די רייכערע שיכטן פֿלעגט מען אָפּשיקן אַהיים די מצות אין גרויסע קוישן אין גרעסערע קוואַנטומס. די טרע־גערס האָבן פֿאַר דעם באַקומען ביר־געלט און געווונטשן אַ כשרן פּסח. די אָרעמע יידישע באַפֿעלקערונג, ווי בעלי־מלאכות און סתם אַרבעטער, פֿלעגן אַליין קומען אין די מצה־בעקע־רייען מיט ריינע ווייסע ציכלעך פֿון אַ קאָפּ־קישן, כדי זיך קויפֿן דעם האַלבן פֿוד מצות לכבוד פּסח.

נאָך אַ מצה־בעקעריי האָט זיך געפֿונען אין זעלבן הויז. די דאָזיקע בעקעריי האָט געהערט צו רחל־לאה די לעקעך־בעקערין. אירע מצה־קונים זענען באַשטאַנען מערסטנס פֿון די חסידישע קרייזן אין שטאָט. איר אויסערלעכער אויסזען, מיט איר טיפּש־גלאַנציקער שוואַרצער „קופּקע" אויפֿן קאָפּ, אַראָפּגעלאָזט ביז איבער די אויערן, אַז מען זאָל חלילה קיין איין אייגענע האָר נישט אַרויסזען, האָט עדות געזאָגט אויף איר פֿרומקייט און אַז מען קען פֿון איר בעקעריי עסן אַן אָפּגע־היט־כשרע מצה אויף פּסח.׳

אויף דעם זעלבן גרויסן הויף, וואָס האָט זיך געגרענעצט פֿון דרום מיטן הויף פֿון הויז, האָבן געוווינט ר׳ יחזקאל האָדל־מאַכער, אברהם בייטל, בונם קימעלפֿעלד און אַנד.

אין מזרח־זייט פֿון הויף, פֿון בערל ניקעלס דעם פֿישער, האָט מען יעדן טאָג געקענט זען, ווי עס ציט די שטריק ר׳ הערשל דער שטריקמאַכער. דער זון פֿון ר׳ אברהם שייעוויטש שטייט אַרומגעוויקלט מיט אַ „זאַק־ליילעך", אין וועלכן ער האָט געהאַלטן די רוימאַטעריאַלן (פּאַקולעס), און דרייט די שטריק מיט דער הילף פֿון אַ גרויסן ראָד, וועלכן עס האָט אַ גאַנצן טאָג געדרייט יחיאל משה, אסתר דער קרומערס זון.

הערשל שטריק־מאַכער האָט אַזוי שפּינענדיק די שטריק זיך גערוקט אַרונטער, מאַכנדיק אַזוי אַרום אין משך פֿון טאָג

פיל קילאָמעטערס — אויב מען וואָלט עס באַרעכנט לויטן קי־לאָמעטראַזש.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז דער צענטער פון די כשרע יידישע יאַטקעס געווען אויף דער יעראָזאָלימסקאַ־גאַס און איינציקע פון זיי האָב איך שוין דערמאָנט. זאָל אַלזאָ אויך דערמאָנט ווערן פון זעלבן הויז די יאַטקע, וואָס האָט געהערט צו משהל מנשהס (סערוואַטאַר). זיינע דריי טעכטער דאַרפן זיך געפינען אין ישראל. אַן אָנגעזעענער און אָפּגעהיטענער ייד, ווי אויך אַ גוטער בעל־תפילה.

איך געדענק איינעם פון זיינע זין, מאיר, איינער פון די בעסטע יידישע ספּאָרטלער פון ספּאָרט־פאַראיין אין שטאָט. אַ שיינער, פעסט־געבויטער ברייטביייניקער געזונטער בחור, אַן אמתער ספּאָרטלער. ער איז אומגעקומען, ווי איך ווייס, אין איינעם פון די פאַרניכטונגס־לאַגערן.

מיט אַ הויז ווייטער איז געווען אַ שפּייז־געוועלב, וואָס האָט געהערט צו גאָלדע זיאלס. איר זון יחיאל גאָלדבערג, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „חיל פּאָפּוס", איז געווען אַן אייגנאַרטיקער טיפּ. אין זיין סביבה האָט מען אים גערופן פּאָפּוס לויט אַ געשטאַלט פון דער גאָלדפאַדען־אָפּערעטע „בר־כוכבא". ער איז געווען אַ בלינדער אויף אַן אויג און אַ קרומער אויף אַ פוס, פּונקט ווי דער העלד פון דער אָפּערעטע.

יחיאל גאָלדבערג איז געווען אַן אַלטער בחור און מיט אַט דעם צונאָמען האָט אים באַשאַנקען דער באַקאַנטער אַרטיסט פון אונדזער שטאָט מולעק קעסלער, אויך אַן אַלטער בחור.

אַ בעל־הבתישער, שיין־געפּוצטער און אָנגעזעענער ייד אין דער סביבה איז געווען ר' זיינוול כלעב, אָדער ווי מען האָט אים גערופן — זיינול פּאַשאַרניק. ער האָט געהאַט זיין גע־וועלב ביי בלייבערגן און פאַרקויפט גענדז. זיין גענדזן־פּאַשאַר־ניע איז געווען אויף דער וויעטשנאַשטש־גאַס. ער איז געווען אַ ייד אַ בעל־צדקה מיט אַן אָפענער האַנט, ווי מען זאָגט. ער פלעגט דאַווענען שבת אין בית־מדרש ביים צווייטן מנין. שבת האָט ביי זיין טיש געמוזט זיין אַן אורח און נישט חלילה אַוועקגיין אַ הונגעריקער.

אַט איז דער פרומער פריזירער חיים בלייבערג אין יידישן צענטער פון טאָמאַשאָוו. ווער געדענקט נישט דעם דאָזיקן ייד און זיין התנהגות מיט זיין פריזיר־אַנשטאַלט אין זיין ראַג־הויז אויף יעראָזאָלימסקאַ־פּאָלנאַ, אַרויפצוגייען אויף טרעפּלעך. זיינע ספּעציפישע קליענטן זענען באַשטאַנען הויפּטזעכלעך פון חסידים אין דער סביבה.

פרייטיק פאַרנאַכט, קורץ פאַר ליכט־צינדן האָט חיים גע־זאָרגט, אַז זיין געוועלב זאָל פאַרמאַכט ווערן, כדי זיין פון די ערשטע צוזאַמען מיט זיינע צוויי זין אין בית־המדרש צו קבלת שבת.

אין בית־המדרש ביים דאַווענען האָט מען גלייך געקענט באַמערקן ר' חיימלען, דעם פרומען פריזירער. ער איז גע־שטאַנען ביי דער מזרח־וואַנט צוזאַמען מיט אַלע אָנגעזעענע און שיינע בעלי־בתים פון דער שטאָט. בשעתן דאַווענען האָט ער שטענדיק געהאַט אַריבערגעוואָרפן דעם שווערן וואָלענעם טלית מיט דער ברייטער עטרה איבערן קאָפּ. דאָס פאַרשניצטע שפּיציק־ווייסע בערדל האָט זיך אַזש געטרייסלט פון התלה־בותדיקן דאַווענען. אַז ר' חיימל בלייבערג האָט זיך געפונען אין בית־מדרש האָט אים געקענט הערן דאַווענען אַפילו דער יעניקער, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר.

קעגנאיבער דעם פריזירער, אויף דער זעלבער גאַס נומער 7, האָט געהאַט זיין הויז דער אָנגעזעענער נגיד, חסיד און אָרנטלעכער ייד ר' יעקל האָפמאַן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: יעקל „נאַפּציאַזש" און „דער געלער" יעקב. זיין גרויס ראַגאָווע הויז אויף פּאָלנאַ־יעראָזאָלימסקאַ מיט איר גרויסער צאָל יידישע איינוווינער איז געשטאַנען אין גרעסטן יידישן צענטער פון דער שטאָט. אַ ייד אַ בעל־צדקה, מיט אַ ברייטער אָפענער האַנט פאַר יעדן, וואָס האָט זיך געווענדעט צו אים. זיין ראַגאָווע הורט־געשעפט, אַרויפצוגייין אויף טרעפּלעך, איז באַשטאַנען פון נאַפט־ און זאַלץ־פאַרקויף. דאָ איז געווען דער צענטער פון דער דאָזיקער בראַנזשע.

איך געדענק איינציקע איינוווינער פון דעם דאָזיקן גרויסן הויז. דאָ האָט געוווינט ר' גדליה שוחט. עס האָט זיך דאָ גע־פונען דער „בונד", וואָס האָט פאַרנומען די גאַנצע לענג פון הויז אויפן ערשטן שטאָק. אונטן, אין פאַרטער, האָט געוווינט ר' יוסף שאַץ, דער מוכר־ספרים. זיין עלטסטער זון איז נאָך געווען משורר ביים חזן טשאַמיינסקי ז"ל. דער צווייטער זון, אברהם יחיאל שאַץ, געלעבט אין ישראל. אַ פאַן אויף שמחת־תורה פאַר קינדער האָט מען נאָר באַקומען ביים מוכר־ספרים, ר' יוסף שאַץ.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין דעם הויז אויך געווען די יידישע פאָלקס־קיך, אויסגעהאַלטן דורך פילאַנטראָ־פּישע אינסטיטוציעס, ווי אויך דורך דער יידישער גמינע, וואָס איר ראש־הקהל צו יענער צייט איז געווען דער באַקאַנטער עסקן און פאַבריקאַנט ר' הלל לאַנדסבערג.

אין דער זייט פון יעראָזאָלימסקאַ איז געווען אַ קעלער — דאָס פּרוכטן־געשעפט פון רויזע ברוך (שוואַרץ). ווייטער אַ ביסל איז געווען די בעקעריי פון קרומען הענעך. נאָך איינוווי־נער פון דעם הויז, וואָס איך געדענק זענען געווען: די משפחה גאָלדבערג, דער „שוואַרצער יוסף", גרונעם אייזנשטיין, אליעזר פליישמאַן, דער מנהל פון תלמוד־תורה, אַ הויכער הדרת־פּנימדיקער בן־תורה. זיינע דריי קינדער לעבן אין חיפה — משה מיט זיין פרוי, דאָס אייניקל פון ר' יעקל האָפמאַן און לייבל מיט זיין שוועסטער אין קרית־חיים. דאָס זענען געווען אַ טייל פון די איינוווינער פון יעקל „נאַפּציאַזש". אַז מען האָט

געוואָלט וועמען מכבד זיין מיט כבוד האָט מען אים געזאָגט, אַז ער וועט זיצן מיט יעקל האָפּמאַן צוזאַמען אין דער סוכה. אַט אַזעלכע יידן האָט געהאַט אונדזער שטאָט טאָמאַשאָוו.

איך וואָלט אויך געוואָלט דערמאָנען דאָס גרויסע הויז פון נייבאָוערן מיט די דריי פראָנטן פון יעראָזאָלימסקאָ, פּאָלנאָ און מאַרק (קאָריטאָאַש), מיט די קראָמען, איינוווינער און פאַרשידענע טיפּן, וואָס דאָס הויז האָט פאַרמאָגט.

דאָס ראָגאָווע געוועלב איז באַשטאַנען פון אַ „טשאַיניע", ווו אַלע סטראַגאַן־אייגנטימער, פישערס, טרעגערס, בעלי־עגלות און סתם פאַרבייגייער, האָבן זיך אַריינגעכאַפּט צו ר׳ מענדל „טשאַיניאַזש" עפּעס צו פאַרבייסן און פאַרטרינקען מיט אַ גלעזל ביר. ר׳ מענדל — אַן אַלעקסאַנדער חסיד, אַ ברייט־פּלייציקער, נידעריקער, גראָב־בייכיקער, פעסט־געבויטער ייד. נישט קיין אָרעמאַן, אָבער אַ קמצן. ער האָט געפירט דאָס געשעפט מיט אַ שטאַרקער האַנט, ווי דאָס האָט זיך געפאָדערט אויף דעם פּלאַץ לגבי דעם סאָרט קליענטן, וואָס זענען געקומען אַהער.

אין צווייטן געוועלב האָט ר׳ איטשע וואַטענבערג, דער בעקער, פאַרקויפט זיין געבעקס, וואָס ער האָט געבאַקן אין זיין בעקעריי, אויף דער קאָזיע־גאַס. ביי אים פלעגט מען באַ־קומען גוט און שיין געבעקס, ווי גלאַנצנדיקע „ליאַקירטע" חלות אויף שבת, וואָס ער, ר׳ איטשע, האָט זיי אַליין געשמירט, נישט פאַרלאָזנדיק זיך אויף זיינע בעקער־געזעלן.

אין זיינע יונגע יאָרן איז ער געווען אַן אַגענט פון זינגערס ניי־מאַשינען. שפּעטער האָט ער זיך געלערנט דאָס בעקער־פאַך ביי זיין פאָטער, ר׳ פנחס בעקער. אַ שטיף־געפּוצטער און קלוגער ייד איז ר׳ איטשע געווען און אין די דרייסיקער יאָרן איז ער טאַקע אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן צום מאַגיסטראַט פון האַנטווערקער־פאַראיין.

די וויטערדיקע געוועלבער האָבן געהערט צו ר׳ שמואלקע האדלעך־מאַכער, סאָניאַ סקאָרופּאַ, בערטשע גלעזער (שטיינ־בערג), חיה טשאַרנעס.

די איינוווינער פון הויז זענען געווען: שליט, דער איי־דעם פון ר׳ מענדל טשאַינאַזש, איטשע ראַווער, אַ שניידער און יענקל קריס.

ביים אַריינגאַנג אין טויער פון דעם הויז אויף דער יעראָ־זאָלימסקאָ־גאַס האָט געוווינט אַ ייד, אַ שוסטער, אַ הייסער און שטאַרק איבערגעגעבענער ציוניסט, ר׳ אברהם געלבאַרד, מיט זיין משפחה. ביי יעדער געלעגנהייט, ביי יעדע ציוניס־טישע פאַראַנשטאַלטונג האָט ר׳ אברהם אַרויסגעוויזן זיין התלהבות צו ארץ־ישראל. די משפחה געלבאַרד איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין די דרייסיקער יאָרן. געלבאַרד און זיין פרוי זענען דאָ נפטר געוואָרן. זייערע קינדער זענען

חיה, די פרוי פון גדליהו קאָשעראָווסקי און דער זון שמואל, וואָס לעבן אין גבעתיים.

עס האָבן נאָך געוווינט אין דעם גרויסן הויז פאַרשידענע יידן, וואָס איך געדענק זיי נישט אַלע.

עס וואָלט נישט ריכטיק געווען פון מיין זייט ווען איך פאַרענדיק מיין שפּאַציר איבער דער הויפּט־גאַס פון יידישן צענטער אין מיין אַלטער היים טאָמאַשאָוו און נישט דערמאָנען און פאַרציכענען דעם אָביעקט, וואָס האָט געהייסן „קינאָ אָדעאָן" אויף יעראָזאָלימסקאָ נומער 3. דער בנין, וואָס האָט איינגעפירט דעם ערשטן קלאַנג־פילם אין דער שטאָט. דאָ, אין דעם בנין זענען אויפגעפירט געוואָרן פאַרשידענע טעאַטער־פאַרשטעלונגען, יידישע און נישט־יידישע, מיט באַ־רימטע אַרטיסטן. דאָ זענען אויך פאָרגעקומען פאַרשידענע קולטורעלע פאַראַנשטאַלטונגען. דער בנין האָט געהאַט אַן און פאַר זיך, אַ געוויסע היסטאָרישע באַדייטונג אין דער צו־קונפט.

אויף וויפל איך געדענק און ווי עס איז מיר געווען באַקאַנט, איז די געשיכטע פון דעם בנין, וועלכן מען האָט גערופן „קינאָ אָדעאָן", געווען אַזאַ: אין שכנותדיקן הויז, וואָס האָט געהערט צו שעפּסן, האָט געהאַט אַ געשעפט פון לעדער אַ געוויסער ייד מיטן נאָמען ר׳ יעקל ווינטערטער. ער איז געווען אַן אַלעקסאַנדער חסיד. אַן אָנגעזעענער בעל־הבית אין שטאָט, וואָס האָט, לא עלינו, נישט געהאַט קיין קינדער. ער האָט געהאַט אַן אַדאָפּטירט משפחה־קינד, וואָס מען האָט גערופן ישראליק ווינטערטער. נישט ווייט פון זיין געשעפט האָט ר׳ יעקל געהאַט אַ שמאָלן, אָבער לאַנגן פּלאַץ, פאַרצאַמט פון פראָנט מיט אַ נידעריק־פאַרעלטערטער מויער, ווו עס האָט געוואַקסן גראָז און ווו די קאָזע פון בעל־הבית, וועלכע ישראליק האָט געהיטן, האָט זיך געפּאַשעט.

אַ געוויסן טאָג האָט דער פאַרוואַלטער פון אַלטן קינאָ "אָדעאָן", בערנשטיין, געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט ר׳ יעקל דעם לעדער־סוחר, אַז ער, בערנשטיין, וועט אויפשטעלן אַ בנין אויף זיין פּלאַץ, וואָס וועט צוערשט דינען אַלס קינאָ־זאַל און אין 15 יאָר אַרום זאָל דער בנין אַריבערגיין אין רשות פון ר׳ יעקלען און דינען אַלס שול פאַר יידן פון דער שטאָט. דער בנין איז פאַרענדיקט און באַנייט געוואָרן אין יאָר 1926. די אַרכיטעקטור פון אינעווייניק איז באַלד געבויט געוואָרן אין פאָרם פון אַ שול, מיט אַ רונדיקן סופיט, אונטערגעהאַלטן פוןביידע זייטן מיט רונדיקע זיילן און פון אויבן מיט אַ גאַ־לעריע, וואָס זאָל שפּעטער דינען אַלס עזרת־נשים. ביים אַריינ־גאַנג איז געמאַכט געוואָרן אַ ברייטער און הויכער טויער, ווי עס פּאַסט פאַר אַ שול, אַ בית־כנסת, פון דעם סטיל.

ווי געזאָגט, האָט ר׳ יענקל די געביידע געזאָלט באַקומען אין פופצן יאָר אַרום, ד.ה. אין יאָר 1941. צי האָט ער עס

אבער דערלעבט? — ליידער. זיין געדאנק צו פאראייביקן זיין נאמען אין א הייליק הויז, ווו יידן זאלן יעדן טאג דאווענען און אפגעבן א לויב דעם בורא־עולם, איז נישט מקויים געווארן. אבער ווו זענען די יידן מיט די דאזיקע שיינע כוונות? זאלן כאטש פאראייביקט ווערן זייערע נעמען אין אזא ווערק, וואס הייסט „יזכור־בוך" פון טאמאשאוו־מאזאוויעצקער יידישער קהילה.

און זאל דא אויך דערמאנט ווערן דאס הויז ביים ראג פון דער גאס מיט זיינע צוויי שיינע יידן, וועלכע איך געדענק אזוי גוט. דאס זענען געווען: הרב ר' משהל מילשטיין ז"ל, אדער משה טושינער, ווי מען האט אים גערופן. ער איז געווען פון דער יידישער זייט: הלל קושטוצקי, א זון פון אלטער היטל־מאכער און דער אידעם פון משה שוסטער, יעקב וויינטרעטער, דער לעדער־סוחר; גיטל דער קליינער שיינדעלעס, מיט אירע דעליקאטעסן און פרוכטן־געוועלב; יחזקאל לאנדאו (זיינע א טאכטער וווינט אין חיפה) מיט זיינע פאטא־אפאראטן. א ייד א געפוצטער און הייסער חסיד, איינער פון די אקטיווסטע אנטיילנעמער אין די באקאנטע און נישט פארגעסענע רבנים־מחלוקתן פון דער שטאט אין די יארן 1924—27 און אין די וואלן, וואס זענען פארגעקומען אזש דריי מאל.

ער איז געווען אן אנהענגער פון ווישעגראדער צד.

איבער די געוועלבער איז געווען די פוילישע פאליציי,



בוזשניטשנא־גאס נאכן קריג

דער שטעלפארטרעטער פון שטאט־רב, דער דיין, דער מרא־דאתרא, דער גייסטיקער פארשטייער ביי יעדער געלעגנהייט. א ייד מיט א הדרת־פנים, א למדן און בן־תורה. ער האט געהאט דעם בית־דין אין דעם דאזיקן הויז. אין שכנות פון אים האט געוווינט דער באקאנטער און געלערנטער ייד פרוינדליך מיט זיין ביורא פאר שרייבן ביטעס. זיין ברודערס א זון איז געווען דער ערשטער סעקרעטאר און גרינדער פון אירגון טאמאשאוו אין ישראל. ער איז נפטר געווארן מיט עטלעכע יאר צוריק דא אין לאנד.

די יעראזאלימסקא־גאס וועל איך פארענדיקן מיטן דערמאנען דאס גרויסע דריי־פראנטיקע הויז פון איטשע שעפס. ער איז געווען איינער פון די רייכסטע און אנגעזעענסטע יידישע בעלי־בתים אין יידישן צענטער בפרט און אין דער שטאט בכלל. אן אייגנטימער פון א באנק, וואס איז געווען אין זיין הויז אין דער זייט פון אנטאניעגא.

כדאי נאך צו דערמאנען די אייגנטימער פון די געוועלבער אבער דאס אלץ און די אלע עקזיסטירן נישט מער. די פוסטקייט אין דער יידישער הויפט־גאס איז גרויס. דארט אטעמט נישט מער קיין יידיש לעבן. עס ארבעט דא נישט מער קיין יידישער בעל־מלאכה. עס טראגט נישט מער קיין יידישער טרעגער קיין פעקלעך. עס האנדלט נישט מער קיין יידישער סוחר. עס לויפן נישט איבער די יידישע גאסן פון טאמאשאוו אונדזערע משהלעך און שלמהלעך. אלץ איז אוועק מיטן רויך אין די קרעמאטאריעס. זאל דאס אלץ פאראייביקט ווערן און שטענדיק שטיין פאר אונדזערע אויגן, דא אין אונדזער נייע היימלאנד, ווו מיר, שארית הפליטה, שאפן און בויען א נייע לעבן.

## בוזשניטשנא

אין שפאציר איבער די גאסן פון מיין חרוב־געווארענער היימשטאט טאמאשאוו, קום איך איצט צו דעם קלענערן צענטער פון די יידישע גאסן, וואס האט געהייסן בוזשניטשנא.

שטענדיק, שטענדיק וועט שטיין דאָס בילד פאַר מיינע אויגן, ווי אונדזערע מאַמעס, באָבעס, מומעס און סתם פרומע פרויען שטראָמען אין שבתדיקע פרימאָרגן־שעהן, אָנגעטאָן אין די שיינע שבתדיקע קליידער, מיטן דיקן קרבן־מנחה־סידור אין די הענט, אין דער ווייבער־שול פון בית־המדרש אויפן ראָג בוזשניטשנאַ־יעראָזאָלימסקאַ אַרויפצוגיין אַ פיר טרעפלעך.

דאָס בילד פון אַן ערב יום־כיפורדיקן בין־השמשות פאַר כל־נדרי, ווען יידן גייען אין שול מיט בענקלעך אין די הענט, אָדער אַ בילד פון אַ הושענה־רבהדיקן פרימאָרגן, פון האַנדל מיט וואָלבאָזשער הושענות — האָט צוגעגעבן עפּעס ספּעציפישעס, אָנגערעגט צו הויכע געדאַנקען, אָפּצוגעבן זיך אַ חשבון־הנפש.

וויל איך אויך דאָ דערמאָנען עטלעכע טיפּן און געשטאַלטן פון דער אויבן־דערמאָנטער גאַס: פאַליקל בעקער (אייזענשטיין). ער איז נפטר געוואָרן נאָך פאַר דער מלחמה, אָבער כדאַי אים צו דערמאָנען. אַ נידעריק, קליין־געוויקסיק יידל, שטענדיק מיט דער קורצער ליולקע אין מויל. האָט אויך ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן, און דאָס דערפאַר ווייל ער האָט געהערט צו דער חברה קדישא אין שטאָט. ער איז דאָך געווען אַ בכבודיקער בעל־הבית אין דער סביבה, האָט אַליין שווער געאַרבעט אין זיין בעקעריי ביז אין זיינע לעצטע איבער נײַנציק לעבנס־יאָרן.

אויפן הויף ביי אים האָט אויך געלעבט אַ ייד, אַ וועבער, מיטן נאָמען חיים זינגער, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „חימל פּאַיאַץ". פאַר וואָס מען האָט אים גערופן אַזוי, איז אַ באַזונדער קאַפּיטל, וואָס איז פאַרבונדן מיטן יידישן אַמאַטאָרן־קרייז אין טאָמאַשאָוו. זיינע 2 זין — בערל איז אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ, און איטשע לעבט היינט אין אַרגענטינע.

אין דער זעלבער גאַס, נומער 16, איז געווען דאָס הויז פון מענדל קאַנטעראָוויטש (מענדל זייפּענזידער). דאָרט האָט ער אויך געהאַט זיין זייף־פאַבריק, די איינציקע אין דער שטאָט. זיין אויסאַרבעטונג האָט מען גערופן די „טראָיקאַ".

אין זיין הויז איז איינגעשטאַנען צום ערשטן מאָל דער ווישעגראָדער רב, ר' דוד באָרנשטיין ז"ל. ווען ער איז געקומען קיין טאָמאַשאָוו, האָט ער דאָ געפּראַוועט „טיש" מיט זיינע אָנהענגער, וועלכע האָבן אגב שפּעטער צעפלאַקערט די באַקאַנטע רבנים־מחלוקה אין שטאָט אין די יאָרן 1927—1924.

ר' מענדל איז געווען פון אַ גרויסן יחוס. אַ ייד אַ בן־תורה מיט אַ הדרת־פּנים און אַ שיין געפלעגטער באָרד. זיין מאַיעסטעטיש אויסזען האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ. אַ גרויסער בעל־צדקה און מכניס־אורחים. אין זיין הויז איז טאַקע געווען די באַקאַנטע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע „לינת החולים", ווי איך וועל אין מיין ווייטערדיק באַשרייבן שילדערן איר וויכטיקע און נוצלעכע טעטיקייט.

אין דעם הויז איז אויך געווען אַ שפּייז־געוועלב, וואָס האָט געהערט צו ר' זלמן אולמאַן ז"ל. ער איז נפטר געוואָרן פאַר דער מלחמה. אַ שטילער, באַשיידענער און ערלעכער סוחר. זיין פרוי אסתר איז געווען די טאָכטער פון משהל סערוואַטאָר. יונגערהייט געוואָרן אַן אלמנה מיט עטלעכע קינדער. איינער פון זיי, יעקב, לעבט איצט מיט זיין משפחה אין תל־אביב.

די איבעריקע איינוווינער פון דעם הויז געדענק איך נישט גענוי. וואָס איך געדענק יאָ, דאָס איז זיכער, אַז אַלע זענען זיי געווען בכבודיקע בעלי־הביתישע יידן פון דער שטאָט.

דאָס שכנותדיקע הויז נומער 18 פון דער גאַס האָט געהערט צו חיים גאַסמאַן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן "חיים טאָרבע". די 21 איינוווינער פון זיין הויז זענען באַשטאַנען פון 8 יידישע און 13 קריסטלעכע. ער האָט געלעבט ביז דער מלחמה. אין עלטער פון 84 יאָר איז ער נפטר געוואָרן אין זיין הויז, אָבער פון הונגער. מיין זיידע, חיים ע"ה, איז געווען אַן אָנגעזעענער בעל־הבית אין דער שטאָט. אַ ייד אַ מתנגד, וואָס האָט זיינע אַלע יאָרן, אויף וויפל איך געדענק, געדאַוונט ביים אויאַזדער רבין. אין זיין וווינונג פלעגן זיך יעדן שבת צוזאַמענקומען זיינע גוטע פריינט, ווי גוטמאַן, שניידער, שייעלע שאָפּאַן, הערשל טענענבוים, פייוול־דוד קראָנהיים א"אַנד — צו לערנען משניות, „מאור ושמש", „אור החיים" און חומש מיט רש"י. איך, אַלס עלטסטער אייניקל, ווי אויך די אַנדערע אייניקלעך, האָבן קליינערהייט יעדן שבת אין דער פרי געמוזט זיין ביים זיידן ע"ה, כדי מעביר־זיין די סדרה פון דער וואָך. עס האָט נישט געטאָרט פעלן קיין אורח ביי זיין שבת־טיש. זיינע יידישע איינוווינער זענען געווען: גבריאל טישלער, אַ מיטגליד אין דער חברא קדישא; אברהם ראָזענבערג, אַ ייד אַ בעל־עגלה (זיינע צוויי קינדער — די טאָכטער פייגע און דער זון לייביש לעבן אין ניו־יאָרק); משהלע פלאָמקע (זיין אייניקל יעקב כתם־אופיר לעבט אין חיפה. ער איז איינער פון די ערשטע עולים אין ישראל פון אונדזער שטאָט).

אויף דער זעלבער גאַס, נומער 23, האָט געלעבט אַ ייד, וואָס מען האָט גערופן אריה ניקעלס (סאַלעם). אָדער אריה מיט די קאָזעס, ווייל ער האָט געהאָדעוועט גאַנצע סטאַדעס מיט קאָזעס. אַנדערע האָבן אים אויך גערופן אריה טעפּער. ער אַליין האָט געשלעפּט דעם הויכן און לאַנגן דראַביניאַסטן וואָגן, ביים דישעל אויפן מאַרק צוויי מאָל אין וואָך — דינסטיק און פרייטיק, צו פאַרקויפן זיין פּראָדוקציע. ער איז געווען זייער אַ פּרימיטיווער און פּשוטער מענטש, וואָס האָט זיך מפרנס געווען פון בזעת אַפּיך תאכל לחם.

אין דער זעלבער גאַס, נומער 15, איז געשטאַנען, בערך

אַ צוואַנציק מעטער פון דער גאַס, אַ נידעריק, קליין הייזקעלע, וואָס דעם דאַך האָט מען כמעט געקענט דערלאַנגען מיט דער האַנט. פיר איינוווינער האָבן געלעבט אין אָט דער הייזקע. איך געדענק זיי אַלע און עס איז כדאי זיי דערמאָנען: נתן דוד מלמד, חיים טישלער, ישראלטשע שמש און יצחק באַש.

נתן־דוד מלמד איז געווען אַ ייד אַ נידעריק־איינגעבויגענער, אַ בייזער און קיינמאָל נישט קיין צופרידענער. ער איז געווען דער מלמד פון דער תלמוד־תורה, וואָס האָט זיך געפונען אויף פאָלנאַ, ביי אַלטער שניידער. איך האָב געהאַט דעם זכות צו לערנען ביי אים איין „זמן". זיינע קלעפּ מיט אַ גראָבן שטעקן געדענק איך נאָך היינט. ביים חזרן אָדער פאַרהערן די פרשה פון דער וואָך האָט ער געהאַט אַ טבע צו קנייפּן, רייסן ממש שטיקער פלייש. ער האָט מער געשלאָגן די תלמידים איידער געלערנט.

חיים טישלער (ראָזענבליט), אַן איידעם פון שלמה גבריאל מלמד, איז געווען אַ האָרעפּאַשנע נידעריק פעסט־געבויט יידל, וואָס האָט ליב געהאַט אַ סך צו רעדן. ער האָט געהאַט זיין טישלער־ווערקשטעל ביי נייבאָרן, ווו ער האָט געאַרבעט מיט זיינע פיר זין. איינער פון זיי, ישראל, האָט געלעבט אין חולון און איז אין עלטער פון 62 יאָר געשטאָרבן. ישראלטשע שמש מינק — אַ נידעריק פעסט־געבויטער ייד, מיט אַ שוואַרץ־געדיכטער קורצער באָרד, וואָס איז אַלע יאָרן געווען שמש ביים ראָספּשער רבין ז"ל.

יצחק באַש איז געווען אַ טיפּ, וועלכער איז אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אין די צוואַנציקער יאָרן געווען זייער באַקאַנט אין שטאָט. אַ הויכער פעסט־געבויטער, ברייט־פּלייציקער ייד, איירָאָפּעאיש געקליידעט. זיינע לעצטע יאָרן האָט ער געאַרבעט אַלס וועבער ביי לאַנדסבערגן. אין די ערשטע מלחמה־יאָרן איז ער געווען אָרדענונגס־מאַן ביי „לינת הצדק", ווו מען פלעגט אַרויסגעבן אונטערשטיצונג, ווי שפּייז־אַרטיקלען, קליידער, מעדיקאַמענטן און אַפילו געלט, פאַר אָרעמע פון דער שטאָט.

ווי געזאָגט, איז ער געווען דער היטער פון אָרדענונג אין דער אויבנדערמאָנטער פילאַנטראָפּישער אינסטיטוציע בעת מען פלעגט שטיין אין דער ריי אויף אַנטאַניעגאָ־גאַס ביי וואָלקן אין הויז. ווי איז געווען צו דעם, וואָס האָט נישט געוואָלט זיך צופּאַסן צו זיינע באַפעלן. דער בייזער בליק פון זיינע שאַרפע אויגן איז געווען גענוג, אַז דער מענטש זאָל זיך שטעלן אין דער ריי.

איך געדענק אַ פאַל, ווען ר' יצחק האָט געהיט די אָרדענונג, בעת די חברה „עין יעקב" האָט אין יאָר 1918, אין אַ פּראַסטיקן ווינטער־אָונט אויפגעפירט אין קינאָ „מאָדערן" די פאַרשטעלונג „מכירת יוסף". ר' יצחק איז געווען דער וואָס האָט געזאָרגט, אַז די פאַרשטעלונג זאָל פאַרקומען ביי דער גרעסטער אָרדענונג. (וועגן דער חברה „עין יעקב" און איר טעאַטער־טעטיקייט — אין אַ באַזונדער קאַפּיטל).

אַ דאַנק זיין מוסטערהאַפטער אָרדענונג, וואָס ער האָט געהאַלטן בעת די פאָרשטעלונגען, האָט מען ביי אים אין שטוב מיט אַ יאָר שפּעטער געמאַכט די רעפּעטיציעס צו אַ צווייטער פאָרשטעלונג „אחשוורוש", ווו איך האָב צום ערשטן מאָל זיך באַטייליקט אין טעאַטער־אויפפירונגען.

דאָס נעבענדיקע הויז פון איטשע מאַלאַזש, אויף בוזשניטשנאַ 13, ווו ער האָט געהאַט זיין סאָדע־וואַסער־פאַבריק און זיין אייז־קעלער, ווו ער פלעגט האַלטן דאָס אייז, וואָס איז געבראַכט געוואָרן ווינטער פון דער וואַלבורקע און איז אָפּגעלאַגערט געוואָרן אויף זומער.

כדאי דאָ דערמאָנען ר' ישראל־יידל פּיליכאָווסקי, אָדער ווי מען האָט אים גערופן אין שטאָט ישראל־יידל „שמאַציאַזש". אַ באַשיידענער ייד, אַ פאָלקס־מענטש, מיט אַ וואַרעם האַרץ און יידישער נשמה; נישט קיין גרויסער בעל יכולת — ווייט פון מאַכן פרנסה און דערפאַר האָט מען אים געגעבן דעם פּאָסטן אַלס שמש און שליח אין דער פילאַנטראָפּישער אינסטיטוציע „לינת החולים", ווו ער האָט באַדינט בלב ונפש. צו יעדער צייט, סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט, האָט ער געהאָלפן אָרעמע קראַנקע אין שטאָט און זיי באַזאָרגט, מיט דער הילף פון דער אויבנדערמאָנטער אינסטיטוציע, מיט די בעסטע מעדיקאַמענטן, ווי אויך דערלאַנגט אַנדער הילף, וואָס ער האָט נאָר געקענט.

דעם שבתדיקן טאָג האָט ער געווידמעט פאַר די קראַנקע, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטאָטישן שפּיטאָל. פריער איז ער געגאַנגען אינדערפרי צום תהילים־זאָגן אין בית־המדרש אַריין און אָפּדאַוונען מיטן ערשטן מנין, דאַן האָט ער קומענדיק אַהיים גענומען דעם קויבער און זיך געלאָזט איבער די יידישע הייף, געשריען „גוט שבת", און אַז די יידישע פרויען האָבן אים דערזען, האָבן זיי אים גלייך געבראַכט שבתדיקע חלות און אַנדערע לעבנסמיטלען. נאָכן צונויפזאַמלען די אַלע שפּענדונגען, האָט ר' ישראל זיך געלאָזט אין וועג אַריין צום שפּיטאָל און דאָס אַלץ פאַרטיילט צו די קראַנקע, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען.

נישט קיין סך אַזעלכע יידן, ווי ר' ישראל־יידל האָבן זיך געפונען ביי אונדז אין שטאָט. ער איז געווען איינער פון די געציילטע, וואָס האָבן געזאָרגט פאַר אָרעמע קראַנקע און בכלל פאַר מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין נויט.

אויך פון דעם הויז נומער 11 אויף בוזשניטשנאַ קען איך פאַרצייכענען צוויי געשטאַלטן. דער ערשטער איז דער גמרא־מלמד משהלע פשיסכער, אַ פול־פּנימדיקער, ברייטפּלייציקער בייזער ייד, זייער אַ שטרענגער, אָבער גוטער מלמד. אַז ער האָט געדאַרפט שלאָגן אַ תלמיד, האָט ער זיך באַנוצט מיט

אַ לעדערנעם דרייפאַכיקן רימען, אָדער, ווי מען האָט אים גערופן „דער ליפּעץ״. דער תלמיד האָט זיך געמוזט אַליין אַוועקלייגן אויף דער באַנק, וואָס האָט געדינט בלויז צו שטראָף־צוועקן.

משהל פּשיסכער האָט געשטאַמט פון גרויסן רבנישן יחוס פון דער שטאָט פּשיסכע. נישט יעדן תלמיד האָט ער אָנגענומען צו זיך אין „חדר״. דער שכר־לימוד איז ביי אים געווען טייערער, ווי ביי אַ צווייטן מלמד.

דער צווייטער טיפּ פון דעם הויז איז געווען הערשל שפּערלינג, דער נאַכט־וועכטער. אין זיינע יונגע יאָרן איז ער געווען אַ וועבער, האָט געאַרבעט אין איינער פון די גרויסע פאַבריקן אין שטאָט. שפּעטער איז ער געוואָרן פּאַראַליזירט אויף אַ האַלבן קערפּער און נאָכגעשלעפּט דעם לינקן פוס. האָט מען אים טאַקע געטראָפן ביינאַכט היטן די געוועלבער אין בית־המדרש־גאַס מיטן קליינעם נאַפּט־לאַמטערנדל אויף דער לינקער פּאַראַליזירטער האַנט און אין דער רעכטער אַ גראָבן שטעקן.

מיט דעם דאָזיקן שטעקן פלעגט ער קלאַפּן אין די שטיינער אַרויסגייענדיק ביינאַכט אויף שמירה. דאָס איז געווען דער צייכן, אַז הערשל שפּערלינג גייט שוין היטן די געוועלבער און יאַטקעס.

דער ליידיקער פּלאַץ, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן אויבנדערמאָנטן הויז, איז געווען דאָס הויז פון דוד טישלער. אַ נידעריק הילצערנע הייזקע מיט אַ האַלב־איינגעפאַלענעם דאַך, ווייט אַוועק פון דער גאַס.

איך געדענק נאָך דעם ייד, ווען אויף דער עלטער האָט ער שוין נישט געאַרבעט קיין טישלעריי, נאָר יעדן דינסטיק און פרייטיק האָט ער אַליין זיך איינגעשפּאַנט אין אַ קליין וועגעלע פון פיר רעדלעך, אונטערגעשטופּט דורך זיין יינגסטן זון, און אַרויס אויפן מאַרק מיט אַ ביסל שניט־סחורה צו פאַרקויפן פאַר די פויערים, וואָס זענען געקומען פון דער אַרומיקער געגנט.

אין זעלבן הויז פון דוד טישלער איז אין מיינע צייטן געווען דער מנין פון די קצבים. מען האָט דאָ געדאַוונט פון שבת צו שבת און פאַרענדיקט מיט אַ לחיים.

אין הויף איז אויך געווען אַ רויטע אָפּיצינע, געמויערט פון ציגל. געדענק איך די צוויי איינוווינער דוד שפּערלינג, וועמענס זין זענען געווען פון די ערשטע מיטגלידער אין ספּאָרט־פאַראיין אין דער שטאָט. דער צווייטער איינוווינער איז געווען אהרון מילשטיין, דער זון פון שמואל חיה־רבקהס, אַ זייגערמאַכער. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דוד טישלער. זייער טאָכטער, די פרוי פון אהרון פּאַקין לעבט אין תל־אביב.

דאָס איז געווען דאָס הויז נומער 7.

וועגן די איינוווינער פון הויז נומ׳ 3־5, וואָס האָט געהערט צו ר׳ חיים אליעזר זיידלער, וואָלט מען געקענט אַ סך שילדערן און שרייבן, ווייל דאָס איז געווען אַ גרויס הויז פון איבער 30 איינוווינער און איך געדענק זיי כמעט אַלע, ווייל מיר האָבן געוווינט אין שכנות, אָבער איך וועל זיך באַגרענעצן מיט אייניקע פון זיי, וועלכע פאַרדינען אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט.

אַלזאָ, ר׳ חיים אליעזר אַליין. אַ הויכער, עטוואָס איינגעבויגענער ייד. אָנגעלענט אויף אַ שטעקן אין האַנט, האָט ר׳ חיים אליעזר געפירט זיין הורט־געשעפט. ער האָט געהאַט די פאַרטרעטונג פון „אַנשטאַטס״ ביר פון לאָדזש, ווי אויך פון קנאַטע אין טאָמאַשאָוו. די שפּייכלערס האָט ער געהאַט אויפן הויף, וווּ מען האָט אויך אָנגעפילט דאָס ביר אין פלעשער. באַזונדער האָט ער געהאַט אַ גרויסן אייז־קעלער. שפּעטער האָט ער פאַרדינגען די פאַרטרעטונג צו די ברידער ניטענבערג פון בזשעזשין.

ר׳ חיים אליעזר איז געווען אַן אָנגעזעענער בעל־הבית אין שטאָט. ער איז אויך געווען איינער פון די אַקטיווסטע מיטגלידער אין דער ציוניסטיש־רעליגיעזער אָרגאַניזאַציע „מזרחי״ אין שטאָט. ער איז אויך באַקאַנט געווען אַלס נדבן און כלל־טוער, האָט אונטערגעשטיצט פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, געבאַרגט געלט אַלס גמילות־חסד.

אין זעלבן הויז האָט געוווינט ר׳ ישראל קאַפּיציאַזש. ווער פון אונדז געדענקט נישט דאָס נידעריק־איינגעהויקערטע יידל מיט דער גראָבער רויטער נאָז פון מאַכן אַ „לחיים״, ווי געוויינלעך אַ חברה־קדישא־מאַן.

אַז ר׳ ישראל קאַפּיציאַזש איז געגאַנגען מיט דער לאָפּאַטע אונטערן אָרעם, האָט מען שוין געוווּסט, אַז עס איז דאָ אַ בר־מינן אין שטאָט. קיין גרויסע פּרנסה האָט ער נישט געהאַט פון דעם. דערפאַר האָט זיין ווייב, די הויכע בינע, אים צוגעהאָלפן צו פאַרדינען דערמיט, וואָס זי פלעגט קויפן יעדן דינסטיק אַ פּאָר גענדז אויפן מאַרק, זיי געשאָכטן, אָפּגעפליקט און אָפּגערייניקט און זיך אַוועקגעלאָזט איבער די הייזער פון אירע שטענדיקע אָפּנעמער. זייער טאָכטער, די לאָמע איטע פלעגט איר אויך צוהעלפן אין פליקן די גענדז און פונאַנדערטראָגן איבער די רייכע הייזער. זייער זון, דער הויכער ברוך, פון פאַך אַ טישלער, איז געווען באַקאַנט אין שטאָט מיט זיין קאָמוניסטישער טעטיקייט. ער איז דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן אין שטאָט. זיי האָבן אויך געהאַט אַ זון, יצחק, נישט קיין איבעריקער חכם. פון דער גאַנצער משפּחה איז קיין זכר נישט געבליבן.

מיט יאָרן צוריק, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט אויך געלעבט אין דעם הויז ר׳ שמואל־זיינוול, דער מלמד. אַן אָפּגעהיטענער, פרומער ייד. זיין מלמדות איז געווען

פון אַ העכערער מדרגה, דאָס הייסט פון תלמידים, וואָס האָבן שוין געלערנט גמרא און תוספות. זיין אייניקל, ר׳ שלמהלע וואקס ז״ל, האָט געלעבט מיט אונדז דאָ אין לאַנד ביזן יאָר תרכ״ג. ער איז געווען דער נערוו פון אונדזער אירגון אין ישראל, איינער פון די ערשטע עולים פון אונדזער שטאָט.

איך וויל דערמאָנען נאָך עטלעכע נעמען פון דעם הויז, ווי שלום שוחט (וויזעל), שמואל חיה־רבקהס, אָדער שמואל מיל־שטיין, אַ קצב; איטשע אהרונס, אָדער איטשע זשולטאָווסקי — אויך אַ קצב. חיים־לייב לעקעך־בעקער; זלמן אולמאַן, דער אייגנטימער פון אַ שפּייז־געוועלב מיט זיין וויב שיינדל; פּאַ־לעך, די טאָכטער פון אברהם שייעוויטש. איצט די רויטע אָפּיצינע פון צווייטן הויף, וועלכע ר׳ חיים־אליעזר האָט שפּעטער פאַרקויפט צו עזריאל שאפּמאַן. דאָס איז געווען מיין פעטער, אַ מאָלער, ביי וועמען איך האָב געאַרבעט און געלערנט דאָס פאַך. ער איז געווען איינער פון משה שוסטערס זון. אַ ייד אַ בר־שכל און יודע־ספר, אויך אַ בעל־קורא און בעל־תפילה אין דער חברה „קנין ספרים". עלקע זיין פרוי, אַ שוועס־טער פון מיין מוטער, מיט זייערע צווי זין, זלמן און אשר, האָבן מיטגעאַרבעט מיטן פאָטער. זיי זענען אַלע אומגעקומען אין אוישוויץ. אויך פון דער משפּחה, איז קיינער נישט גע־בליבן.

אין דעם הויז האָט אויך געלעבט אַ ייד, וואָס מען האָט אים גערופן אין שטאָט „משה גוי". ער איז כמעט געווען דער איינציקער יידישער מויערער אין שטאָט, צוליב וואָס מען האָט אים געגעבן דעם דאָזיקן צונאָמען.

אין שכנות פון אים האָט געוווינט ר׳ משה שוואַרצבאָרד, אַ בכבודיקער ייד, אַ וועבער, וואָס מיט זיין התנהגות האָט ער אויף זיך געצויגן די אויפמערקזאַמקייט און דרך־ארץ. זיין עלטסטע טאָכטער, שיינדל, האָט חתונה געהאַט מיט אביגדור פּאַטערהענדלער, זון פון צאַטל די קצבטע. זייער איינציקע טאָכטער העלאַ לעבט אין אויסטראַליע און איז די פרוי פון ישראליק גראַסמאַן.

שווער צו פאַרגעדענקען גענוי אַלע איינוווינער פון דעם הויז, ווייל זייער צאָל איז געווען גרויס, בערך פון 27 ביז 30 משפּחות, ד. ה. אַרום 160 נפשות. און ווייל איך געדענק נישט אַלע נעמען, זאָל כאָטש פאַראייביקט ווערן זייער צאָל אין דער מצבה פון אונדזער חרוב־געוואָרענער שטאָט, אין יזכור־בוך. און זאָל עס אויך חל זיין אויף די איבעריקע הייזער און גאַסן, איבער וועלכע איך מאַך איצט מיין וויטיקדיקן שפּאַציר.

איך וועל פאַרענדיקן דעם שפּאַציר און זכרונות פון דער בוזשניטשנאַ־גאַס מיטן הויז נומער 3־1. דאָס איז געווען פישל שענקערס הויז, ווו איך האָב געלעבט 14 יאָר ביז מיין פאַר־לאָזן טאָמאַשאָוו אין 30־טן יאָר, ווי אויך מיינע עלטערן ז״ל מיט מיינע 3 ברידער און איינציקע שוועסטער, ביז זייער אומקום צוזאַמען מיט די אַנדערע טאָמאַשאָווער יידן אין טרעבלינקע.

פון דעם הויז געדענק איך כמעט אַלע איינוווינער. 32 משפּחות, אַרום 120 נפשות און צווי מנינים — דאָס אָטוואָצ־קער שטיבל און די חברה „קנין ספרים" — אָבער איך וועל נאָר דערמאָנען עטלעכע נעמען, ווי די משפּחה טושינסקי, אַ וועבער, קירשבוים, אַ קצב, שלמה פאַנטל, אַ וועבער; מרדכי שפּערלינג, אַ בעל־מלאכה; דער גלעזער זעליק, אַ סוחר; מלך פּאַקולאַ, אַ וועבער; יצחק גאָלדשטיין (איציק פלעשל), אַ וועבער; חיים יואל טאלמאַן, אַ וועבער; איטשע פּאַקולאַ, אַ היטל־מאַכער, ביי וועמען אין שטוב זענען פאַרגעקומען די רעפּע־טיציעס פון די טאָמאַשאָווער אַמאַטאָרן־טרופּעס מיינע עלטערן אברהם זשולטאָווסקי, דער שטאָטישער מנקר פון די יאַטקעס אין יידישן צענטער פון דער שטאָט. מיין טאַטע ע״ה איז געווען אַן אַמשינאָווער חסיד, באַקאַנטער בעל־תפילה און בעל־קורא (צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים וויל איך דאָ נישט אויסנוצן די געלעגנהייט און אויסרעכענען אונדזער יחוס). מיין מאַמע איטע ע״ה, איז געווען די עלטסטע טאָכטער פון חיים און טעמע גראַסמאַן.

און הגם איך וועל אויסמיידן פּרטים וועגן אונדזער דער־ציאונג, איז אָבער כדאי אונטערצושטרייכן, אַז מיר האָבן באַקומען אַ שטרענג־רעליגיעזע דערציאונג.

איין פּרט וועל איך זיך יאָ דערלויבן צו דערמאָנען. דאָס איז געווען בערך זעקס וואָכן נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה. איך האָב זיך דאַן געלאָזט אין וועג אויף אַ ראָווער פון מיין וווינאָרט לאָסק דורך פּיעטרקאָוו קיין טאָמאַשאָוו — אַ מהלך פון 80 קילאָמעטער.

אויפן וועג האָב איך דאַן אָנגעטראָפן טויטע קערפּערס און לעבעדיקע דייטשע מערדער. דער גאַנצער וועג איז געווען אויסגעשטעלט אויף געפאַר און טויט־שרעק, אָבער נישט קוקנדיק אויף אַלע סכנות איז געווען מיין ציל זיך צו זען מיט מיינע עלטערן, און דאָס איז, ליידער, געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב געזען מיינע עלטערן און מיין איינ־ציקע שוועסטער און די ברידער. אַ פּאָר טעג פאַר מיין לעצטן באַזוך אין דער היים איז פאַרברענט געוואָרן דורך די דייטשע מערדער די שיינע שול אויף ראָג פּיעקאַרסקאַ און האַנדלאָוואַ. ווי מיין פאָטער האָט מיר דערציילט, האָט ער דער־זעענדיק דורך די פענצטער פון אונדזער שטוב די פלאַמען פייער פון דער ברענענדיקער שול, האָט ער זיך שטאַרק צע־וויינט: אויב גאָט קען צוזען, ווי די שול ברענט — דאָס הויז ווו דורות פרומע יידן האָבן געבעטן און געגלייבט — ווייסט ער נישט און איז אין ספק צי ער עקזיסטירט בכלל... אַזעלכע ווערטער האָב איך קיינמאָל נישט געהערט פון מיין טאַטן, ע״ה, אַלס חסידישער און פרום־אָפּגעהיטענער ייד.

ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, האָט זיך ר׳ גדליהו שוחט ז״ל אויך אויסגעדריקט אויף אַזאַ אופן, אָבער ליידער איז עס אַ פאַקט, אַז אַזעלכע פרומע און גלויביקע יידן זענען אַריין אין אַזאַ פאַרצווייפלונג צוזעענדיק די פאַרניכטונג און אונ־טערגאַנג פון דער יידישער טאָמאַשאָווער קהילה.

## די האַנדלאָווע גאַס

די גאַס איז געווען באַוווינט פון בלויז יידן פון פאַרשידענע שיכטן, ווי סוחרים, מאַרק־שטייערס, שניידערס, שוסטערס, טישלער, טרעגער און סתם בעלי־מלאכות. אַ גאַס, וווּ ס׳האָט פולסירט אַ הונדערט־פּראָצענטיק יידיש לעבן, איבערהויפּט שבת, ווען יידן זענען אַרויס פון דער שול נאָכן פאַרענדיקן דאָס דאַווענען, גייענדיק אַהיים איבער די יידישע גאַסן פון דער שטאָט.

אַזעלכע זכרונות קענען קיינמאָל נישט און וועלן נישט פאַרגעסן ווערן.

איך וועל נאָך דערמאָנען געוויסע געשעענישן און עט־לעכע געשטאַלטן, בכדי דערמיט פאַראייביקן אויך די גאַס אין אונדזער יזכור־בוך.

איך וויל פאַראייביקן דעם נאָמען פון אַ ייד, וואָס ער איז נפטר געוואָרן אין די צוואַנציקער יאָרן. דאָס איז געווען ר׳ זעליק שוחט ז״ל, וואָס האָט געוווינט אין דער דערמאָנטער גאַס ביי עמנואל ראָזענבלום (פּיעטריק) אין הויז. ר׳ זעליק שוחט איז אויך געווען דער שטאָט־מוהל. ער האָט אַריינגע־בראַכט בברית אברהם אבינו צענדליקער געבוירענע ייִנגלעך אין אונדזער שטאָט. ווער פון אונדזער דור געדענקט נישט דאָס געשטאַלט פון דעם טייערן הדרת־פּנימדיקן ייד מיט זיין איינגעקנייטשטער נאָז, איילנדיק, שטאָלץ און מיט קורצע טריט, אָנגעלענט אויף זיין שטעקן אין דער האַנט?

געווען איז ער אַן איש תמים, תלמיד־חכם און אוהב שלום. ביי יעדן סכסוך צווישן שוחטים און קצבים, אָדער מנקרים און קצבים, איז ער געווען דער בעל־פּשרה און פּוסק אחרון.

ביי יחזקאל טישלער (גוטגעלט) אין הויז פון דער אויבנ־דערמאָנטער גאַס נומער 8, אַנטקעגנאיבער דער שול, האָט געלעבט אַ פרוי מיטן נאָמען דאַיע קאָהן (פון מאַן גערשע־נאָוויטש), אָדער ווי מען האָט זי גערופן „דאַיע די שטאָט־נבאיטע״. דאָס איז אפשר געווען די איינציקע פרוי אין שטאָט, וואָס האָט געצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט מיט איר גייסטיקייט אויך איר געזעלשאַפטלעכער און פילאַנטראָפּישער טעטיקייט אין אונדזער שטאָט.

שפּעטער זענען געווען קלאַנגען אין שטאָט, אַז ברייט־באַרט האָט געשפּענדעט אַ העלפט פון זיין הכנסה נאָך אַ געשפּרעך מיט דער נאָבעלער פרוי דאַיע קאָהן.

שטאָלץ זענען מיר, טאָמאַשאָווער יידן, געווען מיט אַזעל־כע נשים צדקניות, וואָס מיר האָבן געהאַט אין אונדזער שטאָט און שטאָלץ איז איר זון, מאַקס גערשאָנאָוויטש, וועלכער לעבט אין פּאַריז, וואָס ער האָט געהאַט אַזאַ מאַמע. כבוד איר אָנ־דענק!

אין שכנות פון אויבנדערמאָנטן הויז איז געווען אַ תבואה־געוועלב. דער אייגנטימער פון דעם געוועלב, איז געווען ר׳ יחיאל גראַנעק ז״ל, אַ תבואה־סוחר. שטענדיק אַ לוסטיקער און פריילעכער מיט זיינע פריילעכע וויצן, ווו ער האָט זיך נאָר געפונען.

ביי זיין געוועלב האָט מען יעדן דינסטיק און פרייטיק געקענט זען די באַוועגונג פון פּויערים וואָס זענען געקומען פאַרקויפן זייער תבואה. זיין זון דוב גראַנעק לעבט אין ישראל (רמת יצחק). ער איז איינער פון די ערשטע עולים פון אונ־דזער שטאָט.

נישט ווייט פון יחיאל גראַנעק, נעענטער צום מאַרק, איז געווען דאָס געטרעַנק־געשעפט פון ר׳ פרץ שטערנפעלד ז״ל, איינער פון די שיינע און אָנגעזעענסטע בעלי־הבתים פון דער שטאָט. אַ בכבודיקער און שיינער עסטעטיש־געקליידעטער חסי־דישער ייד. ער האָט געדאַוונט אין סקולקעווער שטיבל. מען האָט אים געקענט זען יעדן שבת אָנגעטאָן אין אַן אַטלעסענער זשופּיצע מיטן סאַמעטענעם היטל אויפן קאָפּ, גיין צום דאַ־ווענען מיט זיין זון. דער שפּעטערדיקער באַקאַנטער אַדוואָקאַט שטערנפעלד אין שטאָט.

אויף דער האַנדלאָוואַ־גאַס, ביי דער שול, איז געווען אַ הויז, וואָס האָט זיך געצויגן ביז וואָסקאַדניע. דאָס הויז האָט געהערט צו די ברידער אברהם און חנון קעסלער. פון דעם הויז געדענק איך אויך איניקע איינוווינער, ווי אויך אַ טראַגישע געשעעניש, וואָס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון.

אַמבולטסטן געדענק איך אברהם און חנן קעסלער. אב־רהם קעסלער איז געווען אַ ייד אַ מתנגד, אַ קורץ־געקליידעטער, מיט אַ קורץ־געשוירן ווייס בערדל, אַ ברייטפּלייציקער. ר׳ אברהם קעסלער איז זיך שטענדיק געגאַנגען זיין בעל־הבתישן וועג. זיך נישט געמישט אין קיין קהילישע, פּאָליטישע אָדער געזעלשאַפטלעכע ענינים, אָבער פילאַנטראָפּישע אינסטיטו־ציעס האָט ער יאָ געשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט. ער האָט אָפּגעהיטן זיין וואַרשטן־פאַבריק, וואָס האָט זיך געפונען ביי אים אויפן הויף.

זיין ברודער, חנן, איז אויך געווען כמעט דער זעלבער טיפּ, וואָס אברהם. מען האָט קיינמאָל אין שטאָט נישט גע־הערט, אַז די ברידער קעסלער זאָלן זיך מישן אין געשעפטן, וואָס געהערן נישט צו זיי. זיך שטענדיק געגאַנגען דעם דרך־הישר.

חנן קעסלער האָט געהאַט דריי זין און איין טאָכטער. די נעמען פון די זין זענען געווען: איציק, מולעק און לוטעק.

אַלע דריי זענען געווען אַקטיאָרן פון דער יידישער בינע. אממערסטן איז געווען טעטיק און אַקטיוו אויף דעם געביט מולעק.[1] ווער האָט נישט געקענט מוליש קעסלער, ווי מען האָט אים גערופן אין שטאָט, זיין טאַנצנדיק־אַרטיסטיש גיין איבער די גאַסן, מיטן שטענדיק אויפגעשטעלטן קאָלנער פון דעם קורצן און לייכטן אויבערמאַנטל, כדי צו פאַרשטעלן דעם שמוציקן קראַגן פון העמד, וואָס איז געווען אַריינגעשטעקט; דאָס פּינקטלעך אויסגעבונדענע שלייפל, אָדער ווי ער האָט עס גערופן „די שפּאַנישע פליג". דעם קאָלנער פון העמד, האָט ער געזאָגט, דאַרף מען קענען אויסנוצן אויף אַלע 4 זייטן, ווייל... ער האָט זיך נישט געקענט דערלויבן צו געבן אים אין דער וועשעריי (דאַן האָט מען די קעלנער צו מענער־העמדער געטראָגן באַזונדער).

מוליש איז געווען נישט קיין שלעכטער אַרטיסט, אָבער קיין גרויס מזל האָט ער צו דעם נישט געהאַט. בעת דער פאַרשטעלונג פלעגט ער מורא האָבן צו לאָזן דרוקן געלע אַפישן, ווייל די פאַרב, האָט ער געזאָגט, איז פאַר אים נישט מזלדיק, הגם אויך אָן דעם האָט ער נישט שטענדיק מצליח געווען.

אַז דער פאָטער, חנן, האָט אים געפרעגט: „מולעק, ווי הייסט די פאַרשטעלונג אין וועלכער דו שפּילסט היינט?", האָט מולעק געענטפערט: „היינט שפּילט מען די פּיעסע „אַ מענטש זאָל מען זיין". האָט דער פאָטער אים ווידער געפרעגט: „און ווען וועסטו שפּילן „אַ מענטש זאָלסטו זיין?"...

מולעק קעסלער איז אויך געווען אַ פריזירער און געאַרבעט ביים פריזירער ברענער אויף דער פּיעטרקאָווער גאַס. ווי איך געדענק אים, איז ער זיינע אַלע יאָרן געווען אַ בחור און נישט חתונה געהאַט.

אין הויז ביי די קעסלערס האָט זיך געפונען די חברה „חסד של אמת" מיט איר ספּעציפישער טעטיקייט. צו דער חברה האָבן געהערט שיינע און בכבודיקע בעלי־בתים פון דער שטאָט, ווי אויך יינגערע בחורים. איך וועל דערמאָנען אייניקע פון זיי, אויף וויפל איך געדענק: פּסח ווייסבאָרד, אַנשל וואַלד, יחיאל גראַנעק, די ברידער קענקיס. פון די יינגערע — משה ווייסבאָרד, חיים כלעב און אַנדערע.

ביי דער חברה „חסד של אמת" האָט אויך עקזיסטירט אַ מנין, ווו מען פלעגט דאַווענען שבתים און יום־טובים. דער הויף פון קעסלערס הויז האָט אויסגעזען, ווי אַ פאַרמאַכטער שמאָלער קאַסטן. אין די זומער־טעג האָבן זיך דאָרט קוים אַריינגעפּרעסט די זון־שטראַלן און אין ווינטער האָט אַרום דער פּלומפּ זיך געבילדעט אַן אייזבאַרג פון אַ סך „פּלימפּן", וועמעס זיס וואַסער האָט געשמט אין דער גאַנצער אומגעבונג.

אויף דעם הויף, אונטער הילצערנע טרעפּ, מיט אַ שאָקלענדיקן הילצערנעם פּאַרענטש, איבער וועלכן קליינע קינדער פון הויף האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט מיט געפילדערייען, האָט געוווינט דער תלמוד־תורה־מלמד, ביי וועמען איך האָב אויך געהאַט דעם כבוד צו לערנען אַ געוויסע צייט. מען האָט אים גערופן „יאָסל מאַנגלאָזש", אָדער יאָסל קאָנטשינסקי. היות דאָס מלמדות האָט אים נישט געקלעקט אויף פּרנסה, האָט ער אויך געהאַט אַ מאַנגל צו מאַנגלען וועש. נאָך אַ טאָג קנעלן מיט יינגלעך האָט ער קומענדיק אַהיים פון תלמוד־תורה זיך ערשט גענומען צום מאַנגל.

איבער יאָסל מאַנגלאָזש, אַרויפגייענדיק אויף הילצערנע האַלב־צעבראָכענע טרעפּ, האָט געלעבט און טראַגיש געשטאָרבן אין יאָר 1924, דער שטאָטישער מורה־הוראה און מרא דאתרא, ר' חיים בריטשמאַן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן אין שטאָט: „ר' חיים קאָלעשיקער". זיין געשטאַלט שטייט מיר נאָך היינט פאַר די אויגן. אַ נידעריקער, נישט דיקער ייד, מיט אַ שטענדיק ריין־געפלעגטער קורצער גרוילעכער באָרד, וואָס האָט אים צוגעגעבן אַ מאַיעסטעטישן אויסזען. זיין ענערגיש גיין צום און פון דאַווענען מיט דעם גרויסן טלית־זאַק האָט אַרויסגערופן גרויס דרך־ארץ.

ביים פּסקענען אַ שאלה — זאָל דאָס האָבן געווען די גרינגסטע — האָט ער מחמיר געווען. זיין בית־דין־שטיבל איז געווען אָנגעשטעלט מיט פול־געפּאַקטע שענק מיט ספרים. געהאַט האָט ער דריי טעכטער און צוויי זין. די טעכטער זענען געווען גראַטענע שיינע מיידלעך. איך געדענק נישט זייערע נעמען. דאַקעגן די זין זענען נישט געווען מיט אַלעמען. דער עלטערער, מנחם, איז געווען אַ טישלער; אַ ברייטביייניקער בחור, נישט קיין איבעריקער חכם, מיט אַן אויסטערלישן אויסזען. זיין באַוואַקסן נישט געפלעגט פּנים מיטן פאַרפעצטן צעקנייטשטן היטל, זיין מאַנטל מיטן שטענדיק אויפגעשטעלטן קאָלנער, שוואַרץ־באַוואַקסענעם ברוסטקאַסטן, די אויסגעדרייטע נישט צוגעבונדענע שיך — האָבן עדות געזאָגט, וואָס פאַראַ מענטש דאָס איז געווען. אַז ער האָט געאַרבעט ביי אַ טישלער־מייסטער אַ חודש צייט איז געווען אַ סך.

דער יינגערער זון איז געווען אַ דעפעקטיווער, געשאָקלט מיטן קאָפּ און געוואָרפן מיט די הענט. ווען די חדר־יינגלעך זענען געגאַנגען אַהיים און געטראָפן אין דער שול־גאַס דוד דעם מורה־הוראהס זון, זענען זיי שוין נישט געגאַנגען גלייך אַהיים...

איך געדענק נאָך פון יענע צייטן דאָס הויז פון ר' פּנחס בעקער (וואַטענבערג), אַ בעל־הבתישער ייד, אַ בעל־תפילה און בכבודיקער ערלעכער בעל־מלאכה. ער האָט אַליין געפירט זיין בעקעריי אויף דער עלטער, מיט דער הילף פון זיינע

צוויי טעכטער: אַלטע־נעכע, וועלכע דאַרף זיך היינט געפינען אין פּאַריז און חיה, די יינגערע.

אַנטקעגנאיבער ר׳ פּנחס בעקער, אויף דער קראַטקע, איז געווען די קוזשניע פון ר׳ חיים־לייב קאָוואַל (יאַקובאָוויטש). זיין זון דוד לעבט אין גבעתיים. דאָס איז געווען די איינציקע יידישע קוזשניע אין שטאָט (חוץ פון איבער דער בריק, ווו עס איז געווען נאָך אַ יידישע קוזשניע, אַנטקעגנאיבער לאַנדסבערגן. דער נאָמען פון יענעם שמיד איז געווען — קליין).

צו ר׳ חיים־לייבן זענען טאַקע געקומען אַלע יידישע בעלי־עגלות פון דער שטאָט מיט זייערע פּראַכט־וואַגנס, וואָס האָבן געפירט און געבראַכט סחורות פון וואַרשע און לאָדזש. שפּעטער איז די קוזשניע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאָדערנער שלאָסעריי, ווו ר׳ חיים־ליב, דער בכבודיקער ערלעכער בעל־מלאכה, האָט זיין גאַנץ לעבן שווער געאַרבעט און געצויגן זיין פּרנסה.

אין דער האַנדלאָווע־גאַס נומער 14 האָט אויך געלעבט און געאַרבעט די משפּחה ליסאָפּראַווסקי, פון פאַך בלעכער. דער פאָטער מיט זיינע זין האָבן געאַרבעט אין ווילאַנאָוו.

איינער פון זיינע זין, לעאָ ליס, לעבט אין ניו־יאָרק און איז דאָרט טעטיק אין דער טאָמאַשאָווער סאָסייעטע.

אין דעם זעלבן הויז האָט אויך געלעבט ר׳ וואָלף זייפנזידער, אַ ייד אַ סוחר און הייסער אַלעקסאַנדערער חסיד.

אין הויז, האַנדלאָווע נומער 14, האָט אויך געלעבט און געאַרבעט אַ יידישער בעל־מלאכה, אַ שוסטער, מיטן צונאָמען „טשאַק״. זיין אמתן נאָמען געדענק איך נישט. ס׳איז אָבער כדאַי צו דערמאָנען דעם דאָזיקן טיפּ. דאָס איז געווען אַ נידעריק, ברייטפּלייציקער ייד, מיט אַ שוואַרצער ברייטער נישט־געפלעגטער באָרד. ער איז קיינמאָל נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן. צי דאָס איז געווען אין בית־מדרש אַריין צום דאַווענען, צי דאָס איז געווען אין אַ יאַריד־טאָג, דינסטיק, אָדער פרייטיק אויפן מאַרק, מיט אַנגעהאָנגענע אויףביידע הענט עטלעכע פּאָר שטיוול צו פאַרקויפן צו די פּויערים, וואָס האָבן שוין אים געקענט מיט זיינע גוטע אויסאַרבעטונגען. דאָס איז אויך געווען אַ טיפּ, וואָס האָט ליב געהאַט זיך מישן אין קהל־שע זאַכן, אָבער קיינמאָל נישט מצליח געווען אין דעם. ער איז טאַקע שטענדיק געבליבן ביים שרייען...

ווייטער אין גאַס איז געשטאַנען אַן איינשטאָקיק הייזל מיט אַ ברייטן אַריינפאָר־טויער. דער בעל־הבית, „מאָטל קאַלטן״ האָט דאָס הייזל שפּעטער פאַרקויפט צו „יחזקאל דאַלאַרטשיק״. פאַרוואָס מען האָט דעם ייד גערופן „דאַלאַרטשיק״, וועל איך אים אָפּשילדערן אויף וויפל איך געדענק עס.

זיין אמתער נאָמען איז געווען יחזקאל וואָלאַרד. ער האָט פריער געלעבט אין שכנותדיקן שטעטל אויאַזד אַלס אָרעמער שניידער. אַגב, איז ער געווען מער טאָמאַשאָווער, ווי אויאַזדער, ווייל זיין מאַמע לאה, שייע פאָנפערס, מיינע אַן עלטער־מומע, האָט שטענדיק געלעבט אין טאָמאַשאָוו, ווו זי איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער פון 95 יאָר.

די מומע לאה, ע״ה, האָט געהאַט נאָך אַ זון אין אַמעריקע, ווו ער איז אומגעקומען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און די מוטער מיטן ברודער האָבן שפּעטער אָפּגענומען אַ גרויסע ירושה פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג. און ר׳ יחזקאל האָט זיך טאַקע אַריבערגעפּעקלט קיין טאָמאַשאָוו. אַ דאַנק דער דאָזיקער ירושה האָט טאַקע יחזקאל געקויפט דאָס אויבנדערמאָנטע הייזל, אָוועקגעוואָרפן שער־און־אייזן און געלעבט פון



פּאָלנאַ־גאַס נאָכן קריג

די אַמעריקאַנער דאָלאַרן. זיין הויז איז געווען אָפן פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן. ער האָט געגעבן אַ סך צדקה אויף פּילאַנט־ראָפּישע צוועקן. אין זיינע לעצטע פאַרהעלטנישמעסיק־יונגע יאָרן איז ער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן ערב דער לעצטער וועלט־מלחמה. זיין עלטסטער זון, יעקל וואָלאַרד, האָט זיך גע־ראַטעוועט פון נאַצישן גיהנום און לעבט היינט אין ניו־יאָרק.

מיט דעם פאַרענדיק איך מיין שפּאַציר איבער נאָך אַ יידישער גאַס פון אונדזער היימשטאָט טאָמאַשאָוו מיט אירע איינוווינער, זייער לעבן און שאַפן, וואָס איז פאַרניכטעט און אָפּגעמעקט געוואָרן דורך די בלוטדורשטיקע דייטשע חיות.

## פּאָלנאַ־גאַס

די פּאָלנאַ־גאַס האָט אין גרעסטן טייל אויך געהערט צום יידישן צענטער פון אונדזער שטאָט. פון מאַרק ביז צו דער טשיכע־גאַס, אָדער ביז ד״ר ראַדעס פּאַלאַץ, איז געווען באַ־וווינט דורך יידן. אַ טייל פון אָט דער גאַס האָב איך שוין גע־שילדערט.

אויף פּאָלנאַ נומער 4 האָט געלעבט ר׳ משה וואַרטמאַן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „משה וועלוולס״, אַ זון פון וועלוול דעם בית־דין־שמש. אַ וווקסיקער, קרענקלעכער, וואָס האָט אַלע זיינע יאָרן געליטן פון אַסטמע, זיין פּנים בלאַס, מיט אַ שיטער, קורץ בערדל און אַ גרויסער וואַרצל אויף דער רעכטער באַק. ווינטער־צייט איז זיין האַלדז געווען פאַר־וויקלט מיט אַ וואָלענעם שאַל. צוליב זיין שווער אָטעמען האָט ער בעתן רעדן מיט עמעצן שטענדיק פאַרמאַכט די אויגן. זיין פּרנסה איז באַשטאַנען אין אַרויספירן, אין די מאַרק־טעג, אַ וועגעלע מיט אַ ביסל גאַלאַנטעריע, און אין די איבעריקע טעג פון דער וואָך האָט ער אין שטוב געוויקלט אויף אַ האַנט־רעדל שפּולקעס גאַרן פאַר שניידערס. ער איז געווען אַ חברה־מאַן און געדאַוונט אין דער חברה „עין יעקב״, וואָס האָט זיך געפונען נעבן שטאַטישן בית־המדרש, ווו ער האָט פאַרנומען אַ חשובן פּלאַץ. ער איז אויך טעטיק געווען אויף פאַרשידענע אַנדערע געביטן אין דער חברה. איבערהויפּט אין דעם אָמאָ־טאָרן־קרייז.

איצט קומען מיר צו צום הויז נומער 6 פון דער פּאָלנאַ־גאַס.

שוין מער ווי דריי צענדליק יאָר זענען פאַרביי זינט איך האָב פאַרלאָזט מיין היימשטאָט, און עס איז שווער יעדן איי־נעם און יעדע געשעעניש צו פאַרגעדענקען, אָבער עס זענען פאַראַן זאַכן, טיפּן און סתם־יידן, וואָס לאָזן זיך נישט פאַר־געסן און שטייען תמיד לעבעדיק פאַר מיינע אויגן.

אויך דאָס הויז אויף פּאָלנאַ 6 געדענק איך, ווייל מיין זיידע שיע טרייביטשאַזש ז״ל, האָט דאָרט געלעבט און גע־שטאָרבן אין יאָר 1919, ווען איך בין געוואָרן בר־מצווה.

אַלס יינגל פון 13 יאָר געדענק איך אַלזאָ פאַרשידענע אינטערעסאַנטע טיפּן פון דעם הויז.

דאָס הויז איז באַשטאַנען פון צוויי געביידעס — דאָס פראָנט־הויז צו דער גאַס, מיט אירע אַכט איינוווינער און די רויטע ציגלדיקע, נישט־פאַרפּוצטע אָפיצינע, מיט אירע איינ־וווינער.

איך וועל דערמאָנען אַ ייד מיטן נאָמען אלי שאַפּמאַן, אָדער עליע שניידער. אַ נידעריק, פּול־פלייִשיק, געוואָקסענער מענטש, אַ מטופּל פון אַכט קינדער — פינף זין און דריי טעכ־טער. צוויי איבערגעבליבענע זין — שיע און אברהם, ווי אויך איין טאָכטער, ריווע, לעבן אין טאָראָנטע, קאַנאַדע. אַלי איז געווען אַ ייד אַ שטאַרקער וויצלער און שטענדיק פריי־לעכער, באַזונדערס ווען ער פלעגט קומען אויף אַ שמחה. דריי פון זיינע זין האָבן נאָך געזינגען אַלס משוררים ביים אַלטן חזן טשאַמיינסקי ז״ל.

ער אַליין, אַלס שניידער, איז נישט געווען קיין גרויסער בעל־פּרנסה. קיין לערן־יינגל האָט זיך ביי אים נישט געהאַלטן לאַנג, ווייל ער האָט אים געהייסן, באַלד פון ערשטן טאָג, זיין ביי אים אַ משרת און אַראָפּטראָגן דעם שמוץ פון דריטן שטאָק. אַ גוטער בעל־מלאכה איז ער יאָ געווען, אָבער אַ האַלב יאָר האָט געדויערט ביז ער האָט פאַרטיק געמאַכט דאָס מלבוש, וואָס מען האָט באַשטעלט ביי אים.

און נאָך אַ טיפּ פון דעם הויז איז כדאי צו דערמאָנען: דער העבראַאישער לערער זשוק, ביי וועמען איך האָב געהאַט דעם כבוד צו לערנען די ערשטע פאַר העבראַאישע ווערטער, נאָך דעמאָלט ווען איך האָב געלערנט אין תלמוד־תורה אויף דער זעלבער גאַס.

געווען איז ער אַ ליטוואַק, אַ קורץ־געקליידטער, מיט אַ שוואַרץ־קיילעכדיקער געשוירענער און געפּלעגטער באָרד. אַ ייד מיט גרויסע ציוניסטישע געפילן און אַנשויאונגען.

ער איז געווען דער, וואָס האָט אין זיינע תלמידים אַריינגעגעבן און אַריינגעפּלאַנצט דעם ערשטן ציוניסטישן גייסט און געדאַנק. זיין זון איז געווען פון די ערשטע אין די קיבוצים פון „השומר־הצעיר״ אין שטאָט.

אין דער זעלבער רויטער אָפיצינע האָט געוווינט ר׳ לייב־יש באַק, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „לייביש פּאָמפּ״. מיט דעם דאָזיקן צונאָמען איז ער געקרוינט געוואָרן דורך די שטאָטישע ליצנים, צוליב זיין גרויסן און פעטן בויך. בכלל איז ער געווען אַ נידעריקער פּול־פלייִשיקער ייד, מיט אַ דיקן קאַרק, אויף וועלכן עס איז געזעסן אַ גרויסער קאָפּ, און זיין בלאָנד בערדל איז געווען שפּיציק געשוירן.

ר׳ לייביש פלעגט זיך נוהג זיין יעדן דינסטיק אַליין גיין אויפן מאַרק קויפן אַ פעטע גאַנדז און פרייטיק צו קויפן אַ גרויסן קאַרפּ ביי בערל ניקלס.

אַז מען האָט געפרעגט ר׳ לייבישן וויפל זיין בייכל האָט אים שוין אָפּגעקאָסט, פלעגט ער זיך ווינטשן, אַז ער זאָל עס פאַרמאָגן. און די שונאים פלעגט ער ווינטשן וויפל דאָס האָט די ווערט...

נאָך שכנים זענען געווען אין דעם הויז, ווי פּיזיצקי, איי־נער פון די טיכטיקסטע טאָמאַשאָווער ציוניסטן; ר׳ שמעלקע האָדל־מאָכער, אַן אַמשינאָווער חסיד; ר׳ מאָטעלע ווינער; דער בעל־הבית פון הויז, וואָס האָט דאָס הויז איבערגענומען בירושה פון זיין פאָטער ר׳ חיים לייב ווינער.

אין דעם הויז איז אויך געווען דאָס סקולקעווער שטיבל, ווו עס האָבן געדאַוונט יעדן שבת זייער אָנגעזעענע און שיינע בעלי־בתים פון שטאָט, ווי ר׳ מאָטל סאָלאָמאָנאָוויטש ז״ל, ר׳ פּרץ שטערנפעלד ז״ל, ר׳ אליעזר קירשבוים ז״ל, ר׳ הערץ מאָרגנשטערן, ז״ל, ר׳ שיע זשולטאָוווסקי („טרייביציאַזש״) און אַנדערע שיינע בעל־בתים, וואָס איך געדענק זיי נישט אויס־צורעכענען.

עס איז נאָך כדאי צו דערמאָנען עטלעכע געשטאַלטן פון דער אויבנדערמאָנטער גאַס, וואָס האָבן פאַרנומען אַ חשובן פּלאַץ אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אונדזער שטאָט.

און אַזוי שפּאַצירנדיק ווייטער אין דער פּאַלנע־גאַס קום איך צום נומער 10.

דער בעל־הבית פון דעם הויז איז געווען ר׳ מאיר מאָזעל־שיין, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „מאיר קאַשע״. דאָס הויז איז טאַקע געווען אַ נידעריק הילצערן הייזל, אַז דעם דאַך האָט מען כמעט געקענט דערלאַנגען מיט דער האַנט. דאַקעגן דער אויסגעפּלאַסטעטער מיט שפּיציקע שטיינער הויף, איז געווען אַ גרויסער און ברייטער, וואָס די גרויסע פראַכט־וועגענער, געשפּאַנט אָפט אין צוויי פּאָר פערד, האָבן געהאַט רחבותדיקייט אַריינצופאָרן.

ר׳ מאיר, וועלכער האָט געפירט דעם טראַנספּאָרט פון און קיין טאָמאַשאָוו, איז געווען אַ בעל־הבתישער ייד. ער האָט תמיד אַ ביסל אונטערגעהינקט אויף אַ פוס און צוליב דעם איז ער תמיד געגאַנגען מיט אַ גראָבן שטעקן.

זיינע דריי זין: גדליהו, דער עלטסטער, איז געווען אַ מיט־גליד פון דער חברה ״חסד של אמת״. משה און יעקל האָבן אין די לעצטע יאָרן שוין געפירט דאָס געשעפט ביי דער מיטהילף פון זייער שוועסטער מאַניע, היות דער פאָטער איז שוין גע־ווען אַן אַלטער.

דאָס הויז פון „מאיר קאַשעס״ איז געווען באַקאַנט אַלס הויז ווו מען גיט פיל צדקה. אַפילו נאָכן טויט פון ר׳ מאירן האָט די דאָזיקע צדקה זיך נישט אָפּגעשטעלט.

אַנטקעגנאיבער נומער 11, איז געווען דאָס הויז פון ר׳ אברהם גאָסטינסקי, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „אברהם עזיאל׳ס״, אַ שיינער בעל־בתישער הדרת־פּנימדיקער שטענ־דיק־געפּוצטער ייד, מיט אַ געלער, שוין אַ ביסל גרויער באָרד. מיט גילדענע רעמלעך פון ברילן אויף זיינע אויגן, האָבן עדות געזאָגט וועגן זיין בעל־בתישקייט. ער איז געווען דער גרעסטער פעל־סוחר אין שטאָט, דער לאַנג־יאָריקער גבאי אין שטאָטישן בית־מדרש, דער פּרעזעס פון „לינת־החולים״, אַ חסיד פון ראַדאָשיצער שטיבל, וואָס אַ דאַנק אים איז דעם ראַדאָשיצער רבינס זון געשטאַנען דער דריטער אויף דער קאַנדידאַטן־ליסטע צו די רבנים־וואַלן אין דער שטאָט.

אַז דער ראַדאָשיצער רבי ר׳ אליעזרל זצ״ל איז געקומען איין־איינציק מאָל קיין טאָמאַשאָוו אין שייכות מיט די רבנים־וואַלן, איז ער איינגעשטאַנען ביי ר׳ אברהם גאָסטינסקין אין זיין רחבותדיקער דירה, אין זיין הויז. זיינער אַ זון דאַרף לעבן אין אויסטראַליע און דאָס זאָל זיין הלל, מיינער אַ חדר־חבר.

דאָס קומען פון ראַדאָשיצער צדיק, ר׳ אליעזרל זצ״ל קיין טאָמאַשאָוו, איז געווען אַ גרויסע סענסאַציע און האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין שטאָט סיי ביי פרומע און סיי ביי פרייע. אַ גרויסער עולם איז אים געקומען מקבל־פּנים זיין קיין בריס־טאָוועק, נאָכדעם ווי ער איז אָנגעקומען מיט אַ פויערישן ברע־טער־וואָגן, געשפּאַנט אין אַ פּאָר פערד פון ראַדאָשיץ.... אַן אַלטע, איינגעהויקערטע, מאָגערע געשטאַלט איז געזעסן איינ־געפּרעסט אויף אַ זאַק היי. מען האָט קוים אַרויסגעזען זיין בלאַסן פּנים. דער קאָפּ איז געווען באַדעקט מיט אַ ברייטן סאַמעטענעם שוואַרצן קאַפּעלוש.

דער ראַדאָשיצער צדיק איז קיינמאָל נישט געפאָרן מיט קיין באַן און נאָר מיט אַזאַ פורל. ער האָט עס געטאָן מחמת ער האָט געוואָלט אויסמיידן שעטנז...

ביים וועלן געבן אים שלום אויף דעם שטויביקן און זאַמדיקן וועג פון דאַרף בריסטאָוועק, האָט יעדער ייד, וואָס האָט מצליח געווען זיך צוצושטופּן צום וואָגן, געגעבן דעם רבין אַ מטבע אַלס סגולה צו מזל...

דאָס בילד וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווען אַנקו־מענדיק צום הויז פון ר׳ אברהם גאָסטינסקי, האָט מען דעם רבין אַרויפגעטראָגן אויף די הענט. לאַנג, זייער לאַנג, האָט מען גערעדט אין שטאָט, אַז עס איז אַ גרויסער זכות פאַר דער שטאָט, וואָס דער הייליקער צדיק איז געקומען צו די טאָ־מאַשאָווער יידן. זיין אַכסניה איז אַליין געווען ביי דעם אָנגע־זעענעם בעל־הבית פון שטאָט, ר׳ אברהם עזיאל׳ס.

אין דער זעלבער גאַס האָט אויך געלעבט אַ ייד, וואָס מען קען זאָגן, אַז ער האָט געהאַט הינטער זיך אַ שטיק געשיכטע, וואָס האָט געהאַט אַ צוזאַמענהאַנג מיט דער אַנטשטייאונג פון דעם נייעם פּוילן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס איז געווען ר׳ דוד וואַרזאַגער, פון פאַך אַ מאָלער. ער האָט גע־וווינט אין הויז נומער 18 פון דער אויבנדערמאָנטער גאַס. ער איז געווען דער איינציקער ייד אין שטאָט און אפשר פון די

געציילטע יידן אין פוילן בכלל, וואס האבן גענומען אן אקטיוון אנטייל אין דעם אויפשטאנד צוזאמען מיט פאליאקן אין יאר 1863 קעגן רוסישן צאריזם, וואס האט אין יענער צייט גע־הערשט אין פוילן.

ווען די פוילישע מדינה האט געפייערט איר זעלבשטענ־דיקייט צווישןביידע וועלט־מלחמות, האט מען געקענט זען ר׳ דוד ווארזאגער אנגעטאן אין דעם וועטעראנישן מיליטע־רישן בלויען מונדיר מיט דער „ווירטוטי מיליטארי״־אויס־צייכענונג אויף זיין ברוסט, און אויפן קאפ דאס פירשפיציקע היטל מיטן פוילישן אדלער, זיצן אין דער ערשטער ריי אויף דער בינע, וועלכע איז יעדעס יאר אויפגעשטעלט געווארן צו דעם צוועק אויף אנטאניעגא־גאס.

ווען ר׳ דוד איז געשטארבן אין טיפן עלטער פון איבער 90 יאר, האט אים די פוילישע ארמיי איינגעארדנט די לוויה מיט גרויס פאראד.

פון זיין פריוואט לעבן איז מיר ווייניק באקאנט, אחוץ דעם, אז ער האט געהאט עטלעכע זין אויך מאלערס. די נעמען פון די וואס איך געדענק זענען: לייביש, יידל און יהושע. דער לעצטער האט געלעבט אין דער שכונותדיקער שטאט פיעטרקאוו, שפעטער אין ישראל, אין רמת־גן, ווו ער איז געשטארבן אונטער זיין העברעאיזירטן נאמען יהושע אמיתי ז״ל.

א טראגישע געשעעניש געדענק איך אויף דער פאלנא־גאס, ווען איך האב נאך געלערנט אין תלמוד־תורה. אין שכנות־דיקן הויז האט געוווינט א ייד א תבואה־סוחר, וואס מען האט גערופן הענעך אינעוזליצער (זיין פאמיליע־נאמען געדענק איך נישט). ער פלעגט ארויספארן מיט זיין אייגענעם „שפאן״ — א ווייס פערד און פלעגט איבער די דערפער איינקויפן תבואה.

אז ר׳ הענעך איז געפארן איבער דער פאלנא־גאס שטענ־דיק אין גאלאפ פלעגן פונקען פליען פון ברוק.

אליין איז ער געווען א ייד א גיבור, מיט א געקרייזלטער שווארצער, קורצער בארד. שטענדיק מיט א ציגאר אין מויל. אין א קאלטן שנייאיקן ווינטער־טאג זענען צו אים אין שטוב אריינגעקומען צוויי גויים און אים פארגעלייגט פארן מיט זיי צו קויפן א גרויסן קוואנטום תבואה. פארשטייט זיך, אז ר׳ הענעך האט מיטגענומען א גרעסערע סומע געלט, בכדי איינצוקויפן די סחורה. און ווי שטענדיק איז אויך דאס מאל ר׳ הענעך געפארן מיט זיין פערד און וואגן מיטנעמענדיק מיט זיך די צוויי גויים.

קומענדיק אין דאמבראווער וואלד, א מהלך פון 3 ביז 4 קילאמעטער פון דער שטאט, האבן די גויים אכזריותדיק, מיט א האק, אים דערמארדעט און צוגערויבט ביי אים דאס געלט. זיין קריסטלעכער משרת האט שפעטער דערקענט די מער־דער. וואס פון דעם משפט איז שפעטער געווארן געדענק איך נישט.

איך וועל מיין אומעטיקן שפאציר איבער דער דאזיקער גאס פארענדיקן מיט דערמאנען דעם שיינעם און בכבודיקן בעל־הבית ר׳ אלטער ווארטמאן, אדער ווי ער איז באקאנט געווען מיטן צונאמען „אלטער שניידער״. ער איז געווען דער בעל־הבית פון „תלמוד־תורה״־הויז אויף דער פאלנא־גאס, ווו קינדער פון מיטעלער שיכט האבן באקומען זייער עלעמענ־טארע רעליגיעזע און א טייל העבראישע דערציאונג. איינער פון די לערערס געפינט זיך היינט צווישן אונדז אין ישראל. דאס איז פיזיצקי, דער לאנגיאריקער פארוואלטונגס־מיט־גליד פון אונדזער אירגון.

ר׳ אלטער שניידער איז געווען א ייד מיט א שווארץ־גע־פלעגטער הערצל־בארד. שטענדיק מיטן מתנגדישן רונדיקן קאפל אויפן קאפ. זיין שטוב־מלבוש, דער לאנגער שלאפ־ראק מיט אן ארומגעגארטלטער גראבער שנור האט עדות גע־זאגט אויף זיין באשיידנקייט און בעל־בתישקייט. פון פאלי־טיק און קהלשע ענינים איז ער געווען זייער ווייט.

איינמאל איז ביי אים געשען א טראגיקאמישער טעות.

געשען איז עס אזוי: אין שטאט האט געוווינט נאך א ייד מיטן נאמען אלטער שניידער, נאר יענעם האט מען גערופן ביים פאמיליע־נאמען, אלטער שטעטער. ער האט געוווינט אין דער „קאזע־גאס״. איז געקומען דער טאג ווען ר׳ אלטער שטעטער, אדער ווי מען האט אים אויך גערופן אלטער שניי־דער, איז געשטארבן. האט די חברה קדישא געשיקט דעם הויכן יאס מיט דער שווארצער עגלה צו ר׳ אלטער שניידער. אנשטאט צו פארן נעמען דעם טויטן שניידער, איז ער פאר־פארן צום לעבעדיקן ר׳ אלטער. ווען דער בעל־עגלה פון שווארצן צוגעמאכטן וואגן האט דערזען פאר זיין הויז דעם לעבעדיקן „בר־מינן״ און ר׳ אלטער ווארטמאן האט באלד פאר־שטאנען דעם טעות, איז ר׳ יאסל צוגעגאנגען צו ר׳ אלטערן און האט אים געווונטשן אריכת־ימים.

די לעצטע יידישע משפחה, וואס האט געוווינט אויף דער פאלנא־גאס איז געווען די משפחה זשולקעוויטש, אדער ווי מען האט זיי גערופן אין שטאט די „נאוואזיענצעס״. זייער בא־שעפטיקונג איז געווען טראנספארט פון סחורות קיין לאדזש.

ווייטער איז שוין געווען די גאס באוווינט מיט בלויז גויים ביז זי האט זיך פארענדיקט אין צפונדיקן טייל ביי ד״ר ראדעס פארק.

די גאס איז אויך געווען איינע פון די באשטאנדטיילן פון יידישן צענטער אין שטאט, ווו עס האבן געלעבט פארשידענע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג, וואס איז אפגעמעקט געווארן צוזאמען מיט אלע אנדערע יידישע גאסן אין שטאט.

## די ווסכאָדניאַ־גאַס

די ווסכאָדניאַ־גאַס איז אויך געווען אַ באַדייטנדיקער טייל פון יידישן צענטער אין דער שטאָט, הגם נישט מיט קיין קראָמען, אָדער געשעפטן. עטלעכע טיפּן און געשטאַלטן פון דער דאָזיקער גאַס איז כדאַי צו דערמאָנען.

די ווסכאָדניאַ האָט זיך אָנגעהויבן פון פּאָלנאַ, אַדורכ־שניידנדיק די האַנדלאָוואַ און קראָמאַרסקאַ און זיך פאַרענדיקט ביי קושיושאָוואַ.

אויך פון דער גאַס וועל איך דערמאָנען עיטלעכע אייגנאַרטיקע געשטאַלטן, הגם נישט יעדער פון אונדזערע לאַנדס־לייט וועט זיי נאָך אפשר געדענקען.



דוד וואַרזאַגער
השתתף במרד הפולנים נגד רוסיה הצארית בינואר 1863
אַנטיילגענומען אין פּוילישן אויפשטאַנד קעגן צאַרישן רוסלאַנד אין יאַנואַר 1863

קימעלפעלד, וועמען מען האָט תמיד געקענט זען אין די פרימאָרגן־שעהן גיין אין בית־המדרש־גאַס צום דאַוונען. שוין אויף די אַלטע יאָרן — אַן איינגעהויקערטן. דאָס גלאַנ־ציקע כאַלאַט אונטערגעבונדן מיט אַ גאַרטל, וואָס האָט אויס־געזען מער ווי אַ געוויינלעכער שטריק, האָט באַדעקט זיין קליינעם גוף. זיין תמימותדיק פּנים — באַצירט מיט אַ שיטע־רער ווייסער באָרד האָט עדות געזאָגט וועגן זיין פרומקייט, ערלעכקייט און אָפּגעהיטנקייט.

ער האָט געהאַט עטלעכע זין, אייניקע פון זיי געדענק איך. שייע שמש, בונם מיט דער גרויסער געדיכטער באָרד, (דערפאַר האָט מען אים גערופן „בונם פּאָמיעטלע״), מענדל יאַטשע און מאיר, וועמעס זון שלמה זעליק לעבט אין ישראל.

אין שכנותדיקן הויז נומער 3, האָט געלעבט ר׳ אברהם בייטל, פון פאַך אַ טאַפּעצירער, אַן אָנגעזעענער געזעלאַשפט־לעכער טוער אין אונדזער שטאָט, איינער פון די גרינדער פון „לינת־החולים״. בלויז צוויי פון זיינע זין זענען געבליבן פון דער גאַנצער משפחה — וועלוול, וואָס לעבט אין אַמעריקע און פּרץ אין ישראל.

אין דעם הויז האָט אויך געלעבט אַ ייד מיטן נאָמען ר׳ יחזקאל בלאַנקעט (חאַסקל האַדלמאַכער), אַן אַמשינאָווער חסיד. ער איז אויף די עלטערע יאָרן געווען פּאַראַליזשירט אויפן לינקן טייל קערפּער.

אגב, געדענק איך, אַז אין אַט דעם הויז איז אין יאָר 1924 אויסגעבראָכן אַ שריפה. עס איז דאַן געווען פרייטיק־צו־



פייגע וואַרזאַגער, פרוי פון דוד

נאַכטס. ווי מען האָט איבערגעגעבן, איז די שריפה אויסגע־בראָכן אויפן בוידעם, ווו ר׳ אברהם בייטל האָט געהאַט דאָס מאַטעריאַל צו דער אויסאַרבעטונג פון זיינע מאַטראַצן. איך בין געווען איינער פון די, וואָס האָבן געהאָלפן ראַטעווען דעם פּאַראַליזשירטן ר׳ חאַסקל האַדלמאַכער פון ברענענדיקן הויז, פון וועלכן עס איז נאָר פאַרבליבן אַ באַרג אַש.

אַנטקעגנאַיבער דעם הויז האָט געוווינט דער היטלמאַ־כער, ר׳ אפרים קאַשטוצקי, אויך איינער פון די בכבודיקע יידן, אַן אָנגעזעענער בעל־הבית אין שטאָט. ער איז געווען דער מומחה פון דעם יידישן היטעלע, וואָס די חסידים האָבן גע־טראָגן אין שטאָט, אָדער ווי מען האָט עס גערופן: דאָס „יידי־שע גלות־היטעלע״.

פון הויז נומער 7 געדענק איך צוויי יידן. איינער איז געווען דער בעל־הבית פון דעם הויז, ר׳ בערל סאַלעם, אָדער „בערל ניקעלס״, ווי מען האָט אים גערופן.

זיינע דריי זין: פּרץ, יצחק און מאָטל זענען געווען די הויפּט־פישרס פון שטאָט, וואָס האָבן באַזאָרגט די יידישע באַפעלקערונג מיט פיש אויף שבת. זייער פאַרקויף־פּלאַץ איז געווען אויפן „קאַריטאַזש". דער פאַרקויף פון די לעבעדיקע קאַרפּן און העכט איז תמיד געווען באַגלייט מיט געשרייען און קריגערייען צווישן די ברידער.

דער מורה־הוראה, וואָס האָט געוווינט ביי בערל ניקעלס אין הויז, איז געווען איינער פון די מרא דאתראס אין שטאָט. מען האָט אים גערופן ר׳ בערל סקערניעוויצער. זיינס אַן אייניקל לעבט אין ישראל. ר׳ בערל, אַ נידעריקער, בייכיקער ייד, וועמענס לאַנגע ווייסע באָרד און הדרת־פּנים האָט עדות געזאָגט אויף זיין למדנות, — האָט געדאַוונט אין שטאָטישן בית־מדרש. אין אַ יומא־דפּגרא, ווען ער האָט געדאַרפט האַלטן אַ דרשה און זאָגן אַ ביסל מוסר פאַרן עולם, האָט ער מער געשאָקלט מיט זיין ווייסער לאַנגער באָרד און דערביי צוגעמאַכט די אויגן, איידער ער האָט אַרויסגעבראַכט אַ וואָרט תורה. דעם אמת געזאָגט, האָט אין דעם ייד געשטעקט זייער אַ סך תורה, אָבער אַרויסגעבן עפּעס פון זיך האָט ער ליידער נישט געקענט. דעם טאַלאַנט פון רעדן פאַרן עולם האָט ער נישט באַזיצט.

דאָס הויז נומער 9 מיט די רויטע ציגל טיף אין הויף, האָט אויך געהערט צו ר׳ בערל ניקלס. איך געדענק נאָר די בעקעריי פון מענדל באַנד.

אויך דאָס הויז נומער 11 האָט געהערט צו דעם זעלבן בעל־הבית. אין מיינע צייטן איז דאָרט געווען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „התאחדות". פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע זענען אַ סך חלוצים עולה געווען קיין ארץ־ישראל, נאָך פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה, און לעבן דאָ היינט מיט אונדז.

דאָס הויז האָט געהאַט אַ סך איינוווינער. איך וועל נאָר דערמאָנען דאָ איינעם, וועלכן איך האָב געקענט און געדענק זייער גוט, ווייל ער איז געווען פון מיין פאַך, אַ מאָלער. געהייסן האָט ער אברהם ראָזענטאַל. גערופן האָט מען אים דער „האָז". דעם צונאָמען האָט ער זיך מיטגעבראַכט פון זיין געבורט־שטאָט אָפּאָטשנע, ווז מען האָט זיי דאָרט גערופן „די אָפּאָטשנער העז", ווייל זיי זענען קיינמאָל נישט געגאַנגען, נאָר שטענדיק געלאָפן. קיינמאָל נישט קיין צייט געהאַט, זיך שטענדיק געאיילט. ווען אברהם „האָז" האָט געדאַרפט גיין צו דער אַרבעט ווי געווינלעך אין די פרימאָרגן־שעהן, האָט ער זיך אין אָוונט צוגעגרייט די כלים — אַ לייטער, אַן עמער, די באַרשטן — ביים בעט, כדי ער זאָל נישט פאַרלירן קיין צייט אינדערפרי. אַז עס האָט נאָר אָנגעהויבן טאָגן, האָט ער גלייך געעפנט דעם לאָדן פון פענצטער און דערמיט געמאַכט אַזאַ טומל און רעש, אַז ער האָט אַוש אויפגעוועקט זיין ווייב טריינע, וואָס האָט אים צוריק אַריינגעיאָגט אין בעט אַריין, באַגלייטנדיק מיט קללות, פאַר וועלכע ער איז איר נישט געבליבן שולדיק, זיינס אָבער האָט ער אויסגעפּירט.

אַ ביסל ווייטער אין דער גאַס האָט געלעבט אַ ייד, וואָס האָט זיך כשר פאַרדינט ער זאָל דערמאָנט ווערן.

ווער געדענקט עס נישט דעם לאַנגיאָריקן בעל־קורא פון דער שטאָטישער שול, דעם לעדער־סוחר ר׳ יעקב שימבאַך, דעם געזעלשאַפטלעכן, ציוניסטישן און פילאַנטראָפּישן עסקן.

שוין בלויז זיין אויסערלעכער עסטעטישער אויסזען האָט געצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. צי דאָס איז געווען אין שול, בשעתן לייענען שבת די פּרשה פון דער וואָך, מיט זיין אָנגענעמער קלינגענדיקער שטימע, אָדער בעת זיין דערשיינען אויף די ציוניסטישע פאַראַנשטאַלטונגען, האָט ער אומעטום אַרויסגערופן כבוד און פאַרערונג, וואָס איז אים טאַקע צוגעטיילט געוואָרן דורך אַלעמען.

יעקב שימבאַך איז אין שטאָט פאַררעכנט געוואָרן אַלס איינער פון די שענסטע און בכבודיקסטע בעלי־בתים.

## קאָזע־גאַס

איך דערנענטער זיך צו דער אַזוי גערופענער קאָזע־גאַס, וואָס איז באַקאַנט געווען אין אונדזער שטאָט מיט אירע טיפן און געשטאַלטן.

פאַרוואָס מען האָט גערופן אָט די גאַס אַזוי איז ווייל מיט יאָרן צוריק האָבן יידן אין דער געגנט געהאָדעוועט קאָזעס און אין מיינע צייטן האָט דאָרט נאָך געלעבט אַ ייד, וועלכן מען האָט גערופן „לייבקע מיט די קאָזעס".

פון אָט דער גאַס קען איך נאָך פאַרצייכענען פאַרשידנאַרטיקע און אינטערעסאַנטע געשטאַלטן.

איך וועל אָנהייבן מיט אַ קלעזמער. גערופן האָט מען אים יהושוע קערצפעלד, אַ ליטוואַק. ווי קומט אַ קלעזמער אַ ליטוואַק צו אונדז אין שטאָט? ער איז געווען אַן איידעם פון קלעזמער ר׳ הערש טאַנט (וויינראָט), אָדער ווי מען האָט אים גערופן „הערשטאַנט מיטן באַס".

איך געדענק אים נאָך ווען ער האָט מיטגעשפּילט מיט זיינע זין אברהמטשע קלעזמער — די ערשטע פידל און משה די צווייטע פידל.

ווען ער האָט חתונה געמאַכט איינע פון זיינע טעכטער פאַר דעם אויבנדערמאָנטן קערצפעלד האָט ער שוין געשפּילט אויף וויאָלאָנטשעל. נישט בלויז אויף חתונות האָט ער געשפּילט, נאָר אויך אויף יידישע פאָרשטעלונגען, ווו ער אַליין האָט טיילמאָל געשריבן די נאָטן, ווי אויך אין קינאָ, ווען עס איז נאָכנישט געווען קיין קלאַנג־פילם.

זיינע זין, וועלוול און יצחק, זענען אויך געווען מוזיקאַנטן. וועלוול האָט געשפּילט אויפן טראָמפּייט און יצחק, דער יינגערער, איז שוין אין אונדזער צייט געווען אַן עילוי

און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שיין שפּילן אויך אויף אַ וויאָלאָנטשעל, ווי זיין פֿאָטער.

אין דער זעלבער קאַזע־גאַס האָט אויך געלעבט דער מז־רחישער כלל־טוער, ר׳ יצחק פֿאַקטאָר. זיין ווייב האָט מען גע־רופֿן ראַצע דוד שוחטס (זייער טאָכטער באַלטשע לעבט אין תל־אביב). אויסער דעם וואָס ר׳ יצחק פֿאַקטאָר איז געווען איינער פֿון די אַקטיווסטע טוער פֿון מזרחי, איז ער אויך געווען טעטיק אַלס פֿאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין „לינת־החו־לים״, ווו ער האָט געשפּענדעט אַ סך צייט און כּוח פֿאַר דער וויכטיקער פֿילאַנטראָפּישער אינסטיטוציע.

פּונקט ווי זיינע חברים, האָט ער אויך געזאָרגט פֿאַר די אָרעמע קראַנקע אין שטאָט. אונדזער שטאָט האָט טאַקע געקענט שטאָלץ זיין מיט אַזעלכע יידן, ווי עס איז געווען ר׳ יצחק פֿאַקטאָר.

וועט נישט קאַליע ווערן. ווען שימשע האָט געקלאַפּט דעם פֿעלץ אויפֿן הויף מיט די שטעקעלעך צום טאַקט, האָט מען געמיינט, אַז אַ גאַנצער אָרקעסטער גייט. וויי איז געווען צו דעם, וואָס האָט געוואָלט באַרירן זיינע „פּרנסה־געבער״ די שטעקעלעך. ווען שימשע האָט געטראָגן וואַסער זענען די עמערס געווען איבערפֿולט, אַז ער זאָל חלילה נישט אָפּנאַרן די בעל־הביתטע וויניקער מיט אַ קוואָרט וואַסער. ווען שימ־שע האָט שוין מיט מזל חתונה געהאַט אין עלטער פֿון העכער 40 יאָר, איז ער געוואָרן נאָך שטאָלצער, נאָך שטייפֿער... קו־מענדיק אין בית־מדרש יעדן טאָג צום דאַווענען איז קיינער נישט געווען גלייך צו אים. פֿינקטלעך, גלייך, מיטן קנייטש, האָט שימשע צוזאַמענגעלייגט דעם טלית און תפֿילין. וויי איז געווען צו דעם, וואָס האָט זיך געוואָלט צורירן צו זיין רייכ־טום, וואָס הייסט טלית און תפֿילין. ליצים האָבן אָפּגעוואַרט ווען



ווסכאַדניאַ (די „קאַזע״־גאַס) נאָכן קריג

וואָס האָט די קאַזע־גאַס נישט פֿאַרמאָגט? וואָס פֿאַראַ טיפּן האָט מען אין דער דאָזיקער געגנט נישט געפֿונען? — עס האָבן דאָרט געלעבט שוסטערס, שניידערס, בעקערס, בעלי עגלות, פֿאַבריקאַנטן, סוחרים, טרעגערס. אַפֿילו משוגעים און נאַראָנים האָבן דאָרט נישט געפֿעלט.

אָט האָט אין קאַזע־געסל געלעבט דער באַקאַנטער אין שטאָט שימשעלע גולם, אָדער ווי מען האָט אים גערופֿן דער „שטייפֿער שימשע״, „שימשע וואַסערטרעגער״, „שימשע מיט די שטעקעלעך״. דער לעצטער נאָמען איז שוין געווען פֿאַר־בונדן אַ ביסל מיט זיין פֿאַך־קענטעניש.

אַז שימשע מיט זיינע שטעקעלעך האָט אויסגעקלאַפּט, אויסגערייניקט און איינגעפּעקלט אַ פֿעלץ ביי אַ שטאָטשין גביר אויף ווינטער — האָט מען געקענט זיין זיכער, אַז ער

שימשע האָט שוין געהאַט אָפּגעדאַווענט און צוזאַמענגעלייגט דעם טלית, כּדי אים ווידער צעוואַרפֿן.

„מיין טלית — פֿלעגט שימשע זאָגן מיט שטאָלץ — מוז ביי מיר ליגן אַזוי גלייך, ווי איך פּעקל איין אַ פֿעלץ״.

אַן אייגנאַרטיקער טיפּ פֿון דער געגנט איז געווען ר׳ חיים־אייזיק בעקער (גראַנאַט). ער איז אויך געווען דער בעל־הבית פֿון דעם הויז ווו ער האָט געהאַט די בעקעריי.

ר׳ חיים־אייזיקן האָט מען שטענדיק געקענט זען אין דער געגנט אַ פֿאַרשמירטן, אָדער פֿאַרשטויבטן פֿון מעל. אַפֿילו אין זיינע לעצטע לעבנס־יאָרן האָט ער אַליין געאַרבעט אין זיין בעקעריי. אַז ער איז אַריין אין „פּיס־גרוב״ צו דעם בעקער־אויוון שבת־צונאַכטס, האָט ער אים ערשט פֿאַרלאָזן פֿרייטיק פֿאַרן צינדן ליכט. ער האָט זיך קיינמאָל נישט גענומען קיין

ביסל ציוט איבערצוטאָן זיך אין ריינע בגדים. אין אַן ערב יום־כיפור האָט אַמאָל ר׳ חיים־איזיק זיך אַזוי פאַרגאַלאָ־פירט אין זיין אַרבעט, אַז ער האָט אַזש פאַרגעסן, אַז מען דאַרף גיין צו בל־נדרי. ערשט נאָענט פאַר דער „סעודה המפסקת״ האָט אים זיין ווייב האָדעס דערמאָנט, אַז מען דאַרף שוין באַלד גיין אין שול אַריין. אַן ערלעכער און אָפּגעהיטענער ייד איז דאָך ר׳ חיים־איזיק געווען. זיינע אַלע יאָרן אַליין שווער און ערלעך געהאָרעוועט. ער האָט געהאַט דריי טעכטער: חנה, עטל און טריינע, ווי אויך אַ בן־יחיד, אברהם.

אברהם־חיים איזיקס האָט געהאַט זיין געוועלב פון שפּיל־צייג ביים אַלטן קינאָ „אָדעאָן״. אברהם האָט אויך געהאַט אַן איינאיינציקן „תכשיט״, וואָס איז געווען גוט באַקאַנט אין שטאָט. געהייסן האָט ער שמואליקל. מען האָט אים אויך גערופן „די משוגענע מינדעלע״. דאָס איז געווען זיין מוטער, וועלכע האָט זיך געגעט מיט זיין פאָטער.

אַז שמואליק האָט אַרויסגעפירט אַ וועגעלע ברויט פון זיידנס בעקעריי אין אַ יאַריד־טאָג אויפן מאַרק, ווו זיין מומע טריינע איז געשטאַנען מיט אַ סטראַגאַן, האָט ער דערוויל פאַרקויפט אַ העלפט פון געבעקס אויפן וועג צו די פויערים. קיין גרויסן כבוד האָט ער זיין זיידן, דעם ערלעכן ייד, נישט פאַרשאַפט אויך מיט אַנדערע גניבות אין שטאָט. ר׳חיים־איזיק איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער אין אַ פורים־טאָג אין יאָר 1929.

זאָלן אויך דערמאָנט ווערן פון דער געגנט די פּשוטע האָרעפּאַשנע יידן, ווי די טרעגערס נפתלי און מאָטל, אָדער ווי מען האָט זיי גערופן די „וואַרגאַלס״ (זייער פאַמיליע־נאָמען געדענק איך נישט). פאַרוואָס מען האָט זיי גערופן „וואַרגאַל״ ווייס איך אויך נישט. מען האָט זיי געקענט טרעפן שטיין אויפן „קאַריטאַזש״, אין מאַרק ביי יעקל פאַגעלס שענק, אָרומ־געוויקלט מיט די גראָבע שטריק אויף זייערע לענדן, וואַרטנ־דיק אויף אַ טאָג שווערער פרנסה.

איך וועל פאַרענדיקן מיין שפּאַציר איבער דער ווסכאָד־ניע גאַס מיט אַ געשטאַלט, וואָס האָט געהייסן „דער לאָמער קלמן״ (זיין פאַמיליען־נאָמען געדענק איך נישט). נישט בלויז וואָס מען האָט אים סתם אַזוי גערופן „דער לאָמער קלמן״, נאָר ער איז ממש געווען אַ לאָמער, געהאַט אַ קורצן פוס. דאָס גיין איז אים אָנגעקומען שווער. תמיד אָנגעלענט אויף אַ שטעקעלע, אָבער אַן אָנגעזעענער בכבודיקער און בעל־הביתישער ייד איז ער געווען. איינער פון די גרויסע וואָל־סוחרים אין אונדזער שטאָט. צופיל פּערזענלעכע פּרטים געדענק איך נישט וועגן אים, אָבער די אויפמערקזאַמקייט האָט ר׳ קלמן אויף זיך געצויגן ווען ער איז געגאַנגען איבער דער קאָזע־גאַס, ווו ער האָט געוווינט.

די ווסכאָדניע גאַס איז געווען אַ באַדייטנדער באַשטאַנד־טייל פון יידישן טאָמאַשאָוו, וואָס איז פאַרניכטעט און אָפּ־געמעקט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע גאַסן מיט זייער באַדייטנדער צאָל יידישע איינ־וווינער.

זאָלן מיר מוחל זיין אַלע לעבנגעבליבענע פון דער דערמאָנטער גאַס, וואָס לעבן מיט אונדז דאָ אין ישראל און חוץ־לארץ. אויב איך האָב נישט דערמאָנט זייערע נאָענטע, וואָס זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט אונדזערע טייערע און אומפאַרגעסענע קדושים פון אונדזער שטאָט. זאָל דאָס יזכור־בוך חל זיין אויך אויף אָט די אַלע, וועלכע ווערן נישט דערמאָנט.

## די קראַמאַרסקאַ־גאַס

די קראַמארסקאַ־גאַס האָט זיך אָנגעהויבן ביי וויעטש־נאַשטש און זיך פאַרענדיקט ביי דעם שטרוי־מאַרק. די דאָ־זיקע גאַס האָט אַדורכגעשניטן די פּיעקאַרסקאַ, ווסכאָדניע און די פּיעטרקאָווער אַלייען, אָדער ווי מען האָט זי גערופן פאַר דער מלחמה: פּילסודסקעגאָ, וואָס איז אויך געווען אַ באַדייטנדער טייל פון יידישן טאָמאַשאָוו.

איך וועל פּרוּוון אויך פון דער גאַס דערמאָנען עטלעכע ספּעציפישע טיפּן אויף וויפל איך וועל זיך קענען דערמאָנען.

די קראַמארסקע איז נישט געווען אַזוויי אַנדערע יידישע גאַסן אין שטאָט מיט זייער גערויש און געפּילדער פון גע־שעפטן, סוחרים, בעלי־מלאכות און זייערע וואַרשטאַטן. דאָך האָט זיך אויך דאָ געפּילט אַ פּולסירנדיק לעבן אין פּולן פאַרנעם. ביים אָנהויב פון דער גאַס (אָדער דאָס איז געווען דער סוף) האָט געלעבט דער ראָספּשער רבי ר׳ שלמהלע וועלטפריד. ער האָט געהאַט עטלעכע זין (6 אָדער 8 זענען זיי געווען), מיט דעם ייִנגסטן, יאָסעלע, בין איך געגאַנגען אין „חדר״. וועה פון אונדזער דור, וואָס האָט באַ־קומען אַ רעליגיעזע דערציאונג, אָדער איז געווען פאַררעכנט צו די דאָזיקע קרייזן, געדענקט נישט דעם ראָספּשער רבין אין שטאָט, וואָס האָט געהאַט אַ סך אָנהענגער אין און אויסער דער שטאָט טאָמאַשאָוו?

נישט קיין הויכער, אָבער אַ הדרת־פּנימדיקער ייד איז ער געווען, וואָס האָט צו זיך געצויגן גרויס דרך־ארץ. ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַן עילוי, גרויסער בעל־מנגן און שיינער בעל־תפילה.

זיין טיש־פירן האָט צוגעצויגן נישט בלויז זיינע שטענ־דיקע אָנהענגער, נאָר סתם יידן פון דער שטאָט. כדאי געווען הערן און געניסן פון די שיינע און האַרציקע ניגונים, וואָס ער פלעגט זינגען אין דער באַגלייטונג פון זיינע געראָטענע זין, חוץ פון דעם תורה־זאָגן פאַר די פאַרזאַמלטע, וואָס האָבן הנאה געהאַט פון זיינע פירושים און תורה־ווערטלעך.

איך געדענק דאָס געזנגי, ווייל מיין זיידע ע״ה, וועלכער איז אויך געווען זיינס אַ חסיד און טיש־זיצער, האָט מיך, אַלס יינגל, אַמאָל אין אַ שבת מיטגענומען צום ראַשפּישער, כדי הערן זינגען זמירות.

איך געדענק אויך אַ מעשה, ווי מען האָט דעם רבין געבעטן אין אַ ראָש־השנה, אַז ער זאָל קומען דאַווענען אַ מוסף אין שטאָטישן בית־המדרש. צוליב דער באַוווּסטער רבנים־און שוחטים־מחלוקת אין שטאָט, האָבן די מתפללים פון בית־המדרש נישט געוואָלט לאָזן דעם שטענדיקן בעל־מוסף (איינער פון די הויפּט־שוחטים) צום עמוד. איז געגאַנגען אַ דעלעגאַציע פון אָנגעזעענע בעלי־הבתים פון שטאָט צום ראַשפּישער רבין אים בעטן קומען דאַווענען מוסף. באַלד האָט ער נישט גע־וואָלט גיין דאַווענען צוליב צוויי סיבות: ערשטנס האָט ער זיך נישט געוואָלט מישן אין קיין מחלוקת פון וואָס ער איז זייער ווייט געווען. צווייטנס, האָט ער נישט געוואָלט איבער־לאָזן זיין מנין חסידים, וואָס האָבן שטענדיק ביי אים געדאַווענט אָן אַ בעל־תפילה. דער סוף איז געווען, אַז ער איז מסכים געווען גיין דאַווענען מוסף, אָבער צוזאַמען מיט אַלע זיינע מתפללים. האָט טאַקע דער עולם גרויס הנאה געהאַט יענעם ראָש־השנה, הגם זיי זענען אַהיימגעגאַנגען פון דאַווענען ערשט 4 אַזייגער נאָכמיטאָג.

לאַנגע יאָרן האָט דאָס יידישע טאָמאַשאָוו געדענקט דעם ראָש־השנה, ווען דער ראַשפּישער רבי האָט געדאַווענט מוסף אין שטאָטישן בית־המדרש אויף יעראָזאָלימסקאַ, ראָג בוזש־ניטשנאַ.

מיר ווען זיך צוריקקערן אויף קראַמאַרסקאַ און נאָך דערמאָנען עטלעכע איינוווינער פון דער דאָזיקער יידישער גאַס אין אונדזער שטאָט.

דער צווייטער פון דער קראַמאַרסקאַ, וואָס איך געדענק און וויל דערמאָנען, איז געווען גוט באַקאַנט אין שטאָט, אי־בערהויפּט אין די חסידישע קרייזן. דאָס איז געווען ר׳ יצחק שוחט (טאָוב), אָדער ווי מען האָט אים גערופן: „דער זאַ־באָכוואָסטער״. ער האָט זיך גערעכנט אין שטאָט, אויסער אַלס איינער פון די הויפּט־שוחטים, תלמיד־חכם און ירא־שמים, אויך אַלס איינער פון די בעסטע בעלי־תפילות. ער איז טאַקע געווען דער שטענדיקער בעל־שחרית אין די ימים נוראים אין דער שטאָטישער שול. ער האָט אַליין געשריבן נאָטן. אין די מוזיקאַלישע קרייזן האָט מען געזאָגט, אַז ער איז געווען זייער מוזיקאַליש. ווען זיינער אַן אידעם האָט אַמאָל געדאַווענט אין בית־המדרש אַלס בעל־תפילה אַ „הלל״ (דאָס איז געווען אין אַ שבת ראָש־חודש), איז דעם „זאַבאָכוואָסטער״ נישט געפעלן געוואָרן דער „אם הבנים״ פון ערשטן קאַפּיטל אין „הלל״, היות ער האָט אים נישט ריכטיק אויפן מוזיקאַלישן אופן אַרויסגעבראַכט.

ר׳ יצחק שו״ב איז געווען אַ גרויסער פּעדאַנט אויף זיין אויסערלעכן אויסזען. זיין בלאָנדע, שוין אַ ביסל גרוילעכע באָרד איז שטענדיק געווען געפלעגט און ריין. אַזוי אויך זיינע קליידער און די נידעריקע גלאַנצנדיקע שטיוועלעך. אָבער אויך אַ ׳גרויסער עקשן איז ער געווען. אין דער באַוווּסטער רבנים־מחלוקה אין שטאָט האָט ער גענומען אַ זייער אַקטיוון אָנטייל אַלס גערער חסיד, און ווי די אַנדערע שוחטים פון דער שטאָט, האָט ר׳ יצחק שו״ב זיך בכלל ליב געהאַט צו מישן אין קהלשע ענינים.

אין דער זעלבער גאַס האָט געלעבט נאָך אַ רבי, וואָס האָט געפירט זיין רבישן הויף אויף אַ קלענערן שטייגער, ווי דער ראַשפּישער. דאָס איז געווען דער אויאַזדער רבי (זיין פּריוואַטן נאָמען געדענק איך נישט). זיינע אָנהענגער זענען באַשטאַנען פון מתנגדים, וואָס האָבן זייער שטאַרק פון אים געהאַלטן. ער פלעגט אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע און געבן רפואות פאַר קראַנקע. שבת פלעגט ער זיך נוהג זיין נישט רעדן קיין דברי־חול, נאָר לשון־קודש. אין אויסערלעכע ענינים האָט ער זיך קיינמאָל נישט געמישט. ער איז געווען אַ כהן. ווען עס זענען געקומען די ימים נוראים איז ער גע־גאַנגען אָנגעטאָן מכף רגל עד ראש אין ווייסן. אויך ביי אים האָבן געדאַווענט עטלעכע מנינים אין די שבתים און ימים טובים, חוץ זיינע שטענדיקע פּאַרערער.

איך וואָלט נאָך געקענט דערמאָנען אַ סך יידישע איינ־וווינער פון דער דאָזיקער גאַס, נאָר איך געדענק זיי נישט אָפּצושילדערן פּערזענלעך אויסער דערמאָנען זייערע נעמען און צונעמען, ווי מען האָט זיי גערופן, אָדער ווי זיי זענען באַקאַנט געווען אין שטאָט, ווי צ.ב. „דער גראָבער ישראל שניידער״, אַ געוויסער ראָזענבליט — אַ מאָלער, איטשע משה „הויקער״ — אַ שניידער, אסתר צפורהס ושולטאָוואָסקי מיט איר געוועלבל פון שפּייז־אַרטיקלען. אירע אַלע קינדער געדענק איך: דער זון משה, חיים־אייזיק בעקערס איידעם; נחמיה (ער איז געווען פון אונדזערע חברים). די טעכטער העניע און ביילע, וועלכע האָבן צוגעהאָלפן דער מוטער, די אלמנה, אין דער פּרנסה.

איך געדענק אויך פון דער גאַס אַ פּרוי מיטן נאָמען קיילע־יענטע די אייער־סוחרטע מיט איר שטאָמלדיקן זון, דעם אַלטן בחור יאָסל, וואָס האָט געטראָגן צו די באַלעבאַטעס אין שטוב אַריין אייער, פּוטער און קעז צו פאַרקויפן. עס פלעגן זיך אָפּשפּילן קאָמישע סצענעס ביז מען האָט אים פאַר־שטאַנען.

אויף דעם זעלבן הויף האָט געוווינט אַ פּרוי, וועלכע איז געווען באַקאַנט אין דער געגנט מיטן נאָמען „שבע די ציבעליאַרקע״, אַן אלמנה, אַ נידעריקע און איינגעשרומפּענע, מיט פיל קנייטשן אויפן פּנים. אַליין איז זי נישט געווען

קיין גבירטע און דאך האט זי פון צייט צו צייט געהאלפן ארעמע. איר פרנסה איז באשטאנען אין דעם, וואס איר איינציקער זון, מענדל בירענצוויג, האט יעדן דינסטיק און פרייטיק ארויסגעטראגן דעם סטראגאן־טיש אויפן מארק, כדי פארקויפן גרינצייג, ווי ציבעלעס און אנדערע שאר ירקות.

א קצב האט אויך געלעבט אין דעם דאזיקן הויז. ער האט אויך געהאט דא זיין יאטקע. גערופן האט מען אים יעקב סקאטעק. א הויכער בריית־פלייציקער, ווי אויך אפגעהיטענער ערלעכער ייד, וואס האט קיינמאל נישט ארויסגעלאזט די קורצע, אביסל פארבויגענע ליולקע פון זיין מויל. ער איז נישט געווען פון די היציקע קצבים אין שטאט. א רואיקער און געלאסענער ייד, וואס איז געגאנגען שטענדיק זיין אייגענעם באשיידענעם וועג.

זיין יאטקע האט זיך געגרענעצט מיט א הילצערנעם, האלב־פארפוילטן פלויט, ווי אויך מיט דער רעזורע פון ישראליק פרענקל, וועלכער לעבט היינט אין שיקאגא (אמעריקע). ער איז געווען פון די ערשטע, וואס די דייטשן האבן געכאפט ערב ראש־השנה און אוועקגעשיקט אין קאנצענטראציע־לאגער בוכנוואלד. ער איז דארט געווען צוזאמען מיט נאך עטלעכע לעבנגעבליבענע טאמאשאווער יידן.

אקעגנאיבער האט אין יענע צייטן געוווינט דער דאמען־שניידער ר׳ אלטער שטעטער. דאס איז געווען דער אלטער שניידער, מיט וועמען עס האט פאסירט דער פאטאלער טעות, ווען ער איז געשטארבן און דער הויכער יאס איז מיט דער עגלה פארפארן צו אלטער שניידער אויף פאלנע, ווי איך האב שוין געשילדערט.

ר׳ אלטער שטעטער האט געהאט 2 זין, וואס זענען באקאנט געווען אין שטאט. חוץ וואס די האבן געהאלפן דעם פאטער אין זיין פאך, האט זיך דער עלטערער זון משה באקאנט געמאכט מיט זיין שיין שפילן פידל. ער האט נאך זיינער צייט געשפילט אין קינא „אדעאן" איידער עס איז אנטשטאנען דער קלאנג־פילם. דער יינגערער זון, מאטעס, איז געווען פון די ערשטע און בעסטע ספארטלער אין יידישן ספארט־פאראיין.

אין דער גאס האט זיך אויך געפונען דער „מזרחי"־לאקאל, וואס האט געפירט א זייער פארצווייגטע און דערפאלגרייכע רעליגיעז־ציוניסטישע טעטיקייט.

דער פארשטארבענער, אין ישראל, ר׳ שלמהלע וואקס ז"ל, דער מיטגרינדער און לאנגיאריקער אקטיווער פארוואלטונג־מיטגליד פון אונדזער טאמאשאווער קאמיטעט, האט אויך געהערט צו דער „מזרחי" אין שטאט.

ווי געזאגט, האט זיך די קראמארסקא נאך געצויגן ביז דער פילסודסקעגא־גאס. ווער איך נאך דערמאנען אייניקע יידן פון דער גאס, וואס האט זיך געענדיקט ביים שטרוי־מארק.

אין דעם ווינקל־הויז, וואס האט געהערט צו דעם יידישן בעל־הבית ווארנברון, איז געווען די בעקעריי פון ר׳ משה־יאסל סאלאמאנאוויטש, וואס זיין גאנץ לעבן האט ער אליין געארבעט אין דער בעקעריי. אויף דער עלטער האט אים צוגעהאלפן זיין יינגסטער זון עובדיה. ער איז געווען א מיטגליד אין דער חברה־קדישא. אין עק פון דער גאס איז געווען א גרויס הויז מיט בלויז יידישע איינוווינער, וואס איך געדענק עטלעכע פון זיי.

ר׳ אהרון צינאמאן, אדער ווי מען האט אים גערופן „אהרון באץ", א קצב; דער חסידישער בעקער ר׳ זלמן לעש. ער האט געהאט א געוועלב, ווו ער האט פארקויפט זיין געבעקס, ביי חיים לייבוש שענקער אויף פאלנא, עק יעראזאלימסקא.



קושיזשאווא־גאס (ווינקל וויעטשנאשטש)

במגרש על יד הכנסיה הזו נאספו יהודי טומשוב לגרוש לטרבלינקה.

פון דעם פלאץ, ביים הילצערנעם „טומאהלע" איז פארגעקומען די אויסזידלונג פון טאמאשאווער יידן קיין טרעבלינקע.

זיין זון יחיאל איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין „עזרת יתומים".

די משפחה פלאַפּאַן, מאָטל פּאַקולאַ, דער איידעם פון אהרון „באַץ". געווען אַ וועבער, שפּעטער געוואָרן אין שטאָט אַ ווינקל־שוחט. געווען אַ פרומער ייד, אַן אַמשינאָווער חסיד.

די קראַמאַרסקע־גאַס איז כמעט אינגאַנצן געווען באַוווינט דורך יידן.

זאָל מיר קיינער נישט חושד זיין אין שלעכטער כוונה, חלילה, הלמאי איך האָב נישט דערמאָנט זייערע נאָענטע קרובים.

## די קזשיזשאָוואַ־גאַס

פון דער קזשיזשאָווע גאַס, וועלכע איז שוין געווען מער דערווייטערט פון יידישן צענטער, געדענק איך צו פּאַרציי־כענען עטלעכע יידן. נישט אַלע געדענק איך גענוי, כדי קענען שילדערן. איך וויל בלויז דערמאָנען זייערע נעמען און זייער געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

אין אָנהויב פון דער גאַס, ביי וויעטשנאָשטש, האָט גע־וווינט און איז אויך געווען דער בעל־הבית פון זעלבן הויז ר' לייבוש וואַרזאַגער. איינער פון די בעסטע מאַלער־מייסטער אין שטאָט. איך האָב אויך געאַרבעט ביי אים אין דעם פאַך. אין דער ווילאַנאָווער קונסט־זייד־פאַבריק האָט ער מיט זיין ברודער יידל, ווי אויך מיט זייער שוואָגער אברהם ווידלער, אויסגעפירט אַלע מאַלער־אַרבעטן.

אויף וויפל איך האָב געהערט, איז לייבוש וואַרזאַגער אין דער צייט פון צווייטן וועלט־קריג געווען דער יודענעלטסטער פון דער יידישער קהילה אין שטאָט. ער איז צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יידישע פאָרשטייער פון יודנראַט אויף אַ טראַגישן אופן אומגעקומען פון די דייטשע רוצחים.

אין דער גאַס האָבן אויך געלעבט די צוויי יידישע פאַ־בריקאַנטן: שטיינמאַן און אַראָנזאָן. דער ערשטער איז געווען דער גרינדער און לאַנג־יאָריקער פּרעזעס פון יידישן טורן־און ספּאָרט־פאַראיין פון דער שטאָט.

אין שכנות פון זיי איז געווען דאָס הויז פון חסידיש־יידישן פאַבריקאַנט ר' חנן רובין — אַ הויך־וווקסיקער ייד מיט אַ שניי־ווייסער באָרד. שבת איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ זיי־דענער זשופּיצע מיט אַ סאַמעטן היטל אויפן קאָפּ, געדאַוונט האָט ער אין גערער שטיבל. געשטאָרבן איז ער נאָך פאַר דער מלחמה נישט אין טאָמאַשאָוו. זיין טויט איז געווען אַ סענ־סאַציע אין דער שטאָט. זיין משפחה האָט געוואָלט, אַז ער זאָל געבראַכט ווערן צו קבורה אין טאָמאַשאָוו, האָט מען זיין טויטן קערפּער אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן לאַנגן ביבער־פּאַלטן, אויפן קאָפּ אַ האַרטן „דענטאָ" (קאָפּעליוש), מיט זיין אָנלען־שטע־קעלע, וואָס איז געווען פאַרענדיקט מיט אַ זילבערן קעפּל — אין דער רעכטער האַנט, אים אַריינגעזעצט אין אַן אויטאָ און געבראַכט קיין טאָמאַשאָוו, ווו ער איז טאַקע געקומען צו קבורה.

די סענסאַציע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט חנן רובינס טויטן קערפּער אַרויסגעגנבעט פון די הענט פון דער חברה־קדישא אין דער שטאָט ווו ער איז געשטאָרבן.

אַ באַוווסטער טיפּ, נישט נאָר אין דער קזשיזשאָווע־גאַס, נאָר אין דער שטאָט, איז געווען ר' נפתלי ניסענבוים, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „נפתלי שמערגע". ר' נפתלי איז געווען פון מיטעלן וווקס, מיט אַ ווייסער ברייטער באָרד, וואָס האָט כמעט פאַרדעקט זיין גאַנצן ברוסט־קאַסטן. פון פאַך איז ער געווען אַ שניידער, נאָר עוסק געווען האָט ער נישט אין זיין פאַך. ער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו שניידעריי, ווייל ער איז געווען פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער און פילאַנ־טראָפּישער אַרבעט.

ר' נפתלי איז געווען פון די ערשטע מיטגלידער פון „לינת הצדק". אין שטאָט האָט מען געהאַלטן ר' נפתלין פאַר אַ שטיקל מומחה פון מעדיצין אין יענע צייטן. אָפט האָט מען אים טאַקע גערופן צו אַ קראַנקן פון די מיטעלע און אָרעמע שיכטן צו שטעלן באַנקעס, מעסטן די היץ, אָדער צולייגן דעם קראַנקן קאָמפּרעסן. טיילמאָל האָט ער נישט געוואַרט ביז מען וועט אים רופן, ווייל ר' נפתלי האָט געוווסט פון יעדן קראַנקן און אָרעמען ייד אין שטאָט. ער האָט יידן געהאָלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט.

אויף דער קזשיזשאָווע נומער 19, ביי ברענערן אין הויז, איז געווען דער לאָקאַל פון די „רעכטע פּועלי־ציון" (פּאַראיי־ניקט מיט צ. ס.). די פּאַרטיי האָט געציילט אַ גרויסע צאָל חברים און האָט געפירט אַ ברייטע און פאַרצווייגטע ציוניס־טישע טעטיקייט אויף אַלע געביטן.

די פּאַרטיי האָט אויך געהאַט אַ שיינע ביבליאָטיק, וועלכע האָט פאַרנומען אַ זייער חשובן פּלאַץ צווישן די יידישע קרייזן אין שטאָט.

ביי דער פּאַרטיי פון רעכטע פּועלי־ציון האָבן עקזיסטירט פאַרשידענע קולטור־קרייזן, צווישן אַנדערע אַ דראַמאַטישער קרייז אונטערן נאָמען „די כאַלאַסטרע", וואָס האָט אויפגע־פירט פון צייט צו צייט אין איר אייגענעם לאָקאַל, ווי אויך אין אַנדערע פּלעצער, פאַרשידענע לייכטע רעווי־פאָרשטע־לונגען. אַ באַדייטנדיקן טייל פון מאַטעריאַל פאַר די פאָרשטע־לונגען האָט באַאַרבעט און געגעבן דער רעדאַקטאָר פון „טאָ־מאַשאָווער וואָכענבלאַט" נאָטע גאָלדקראַנץ. צו דער „כאַלאַס־טרע" האָבן געהערט און אָנטיילגענומען די חברים און חברות רעגינאַ שטערן, קרול, גראָסמאַן, קנעכט, שטשופּאַק, יעקעלע קאַפּער, אברהם גאָלדקראַנץ, סאַוויצקי, הענוך דלוזשנאָווסקי, (שמואל־אלי), אשר פאַקין, אַריה ראָזענבוים און דער שריי־בער פון די דאָזיקע שורות.

ביי מיין פארלאזן טאמאשאוו, אין יאר 1930, האבן געהערט צום פארטיי־ראט די חברים: חיים כהן (קאגאן), שלום שטשופאק, יעקב קאפער, דב (בער) אקסעלראט, ישראל ראזענבליט, אשר מיכאל גראסמאן.

אין ישראל לעבן היינט די חברים: בעלא כהן, עליזה וואלד, אברהם קילשטיין, פרץ בייטעל, די ברידער משה און שלמה בירנשטאק און זלמן זשולטאווסקי (זהבי). אשר מאכל גראסמאן געפינט זיך אין אמעריקע.

דער פאבריקאנט פון דיוואנעס, וואס זיין פאבריק האט ער געהאט אין סטארושיץ, כלל־טוער און לאנגיאריקער מיטגליד פון דער יידישער קהילה; דער אקטיווער ציוניסט, דער לאנגיאריקער פרעזעס פון „לינת הצדק" און פארשטייער פון יידישע בענק און אנדערע פילאנטראפישע אינסטיטוציעס, באלעסלאוו שעפס, האט אויך געהאט זיין וווינונג אויף דער

נישט איינמאל האט מען דארט צעבראכן שויבן און געשפאלטן קעפ, ווען עס פלעגן פארקומען וואלן אין שטאט. זיינע חסידישע אנהענגער האבן אים, דעם ווישעגראדער אראפגעבראכט קיין טאמאשאוו און אים באזעצט אויף דער קושיזשאווע, ווייל מיט דעם „טריק" זענען זיי די חסידישע קרייזן געווען זיכער, אז ער וועט אויסגעוויילט ווערן אלס טאמאשאווער רב און אזוי ארום דערגרייכן דעם כסא־רבנות פון דער שטאט, אבער ערשט נאך דריי מאל איז דער ליפנער רב, הרב שמואל הלוי בראדט, אויסגעוויילט געווארן דורך די ציוניסטישע און „מזרחי"־קרייזן.

נאך א ייד, וואס האט געוווינט אין דעם הויז, איז ווערט דערמאנט צו ווערן. דאס איז געווען ר' יענקל וואלד, אדער ווי מען האט אים גערופן „יענקל צעקאנאווער". אן אנגעזעענער און חשובער בעל־הבית אין שטאט. אויך א חברה־קדישא־מאן.



**משפחת חנן רובין**

די פארצווייגטע משפחה פון חנן רובין
(50־יאריקער יובל פון זיין חתונה)

קושיזשאווע (שפעטער זיין פאלאץ אויף פיליטשנע). זיין געזעלשאפטלעכע ציוניסטישע און פילאנטראפישע טעטיקייט איז אלעמען געווען גוט באקאנט. די וואס האבן מיטגעארבעט מיט באלעק שעפס (אויב עס זענען געבליבן לעבן אזעלכע) וואלטן געקענט איבערגעבן מער פרטים פון דעם דאזיקן יידישן עסקן און כלל־טוער. אין שפאציר איבער די יידישע גאסן פון אונדזער שטאט פון פאר דער מלחמה געדענק איך דעם דאזיקן פאבריקאנט אלס אנגעזעענע פערזענלעכקייט.

אויף דער זעלבער גאס ווו עס האט זיך געענדיקט די ווסכאדניע איז געשטאנען א הויז ווו אין די צוואנציקער יארן האט זיך דא שטארק געטומלט צוליב דעם, וואס דער ווישאגראדער, רב ר' דודל בארנשטיין ז"ל, וועלכער איז געווען קאנדידאט צו די רבנים־וואלן אין שטאט האט דא געוווינט.

זיין דאווענען מנחה פארן עמוד, שבת, אין די בין־השמשות־שעהן אין שטאטישן בית־המדרש, פארציענדיק זיך מיט זיין קלינגענדיקן „אתה אחד" — איז זייער באליבט געווען ביי זיינע מתפללים. זיין טאכטער ליזא בירנשטאק לעבט אין ישראל (חולון).

איך וועל פארענדיקן די גאס מיט דעם שיינעם גרויסן הויז פון קארטושן, וואס איז געשטאנען נישט ווייט פון שטרוי־מארק, ווו עס האבן געוווינט ד"ר פרוכט און ד"ר יובילער.

ד"ר פרוכט איז ענדע פון די צוואנציקער יארן געווען וויצע־בירגערמייסטער פון מאגיסטראט, אבער נישט אזוי נאענט צו יידישע אינטערעסן און פראבלעמען. ערב די וואלן צום שטאטראט אין יאר 1929, בעת ער איז אויך צווישן

אַנדערע געשטאַנען אויף דער קאַנדידאַטן־ליסטע פון אַ גע־וויסער פּאַרטיי, איז ער אַרויסגעטראַטן און גערעדט אין דער פוילישער שפּראַך. דאָס איז געווען אין פּייערלעשער זאַל. פּלוצים איז אַנטשטאַנען אַ טומל. די פּאַרזאַמלטע האָבן גע־פאָדערט, אַז ער זאָל רעדן יידיש, אַנווייזנדיק, אַז ער רעפּרע־זענטירט אַ יידישע ליסטע צום שטאָטראַט. ליידער אָבער איז ער פון רעדן יידיש געווען זייער ווייט צוליב זיין גרויסער אַסימילאַטארישער איינשטעלונג.

ד״ר פּרוכט האָט לעצטנס געוווינט ביי ריזיקן.

דערמיט פאַרענדיק איך אויך די גאַס, וואָס האָט געהייסן פאַר מיינע צייטן קזשיזשאַוואַ.

## די זגאַזשעליצקאַ־גאַס

די זגאַזשעליצקאַ־גאַס, וועלכע איז געלעגן פּאַראַלעל מיט דער קזשיזשאַוואַ, איז כמעט נישט באַוווינט געווען דורך יידן. איך וויל דערמאָנען בלויז צוויי יידישע משפּחות פון דער דאָזיקער גאַס. דאָס זענען דוד קנעכט און יעקב דוד גינגאָלד. ביידע זענען זיי געווען וועבער־אַרבעטער און ביידע זענען באַקאַנט געווען אין די יידישע קרייזן אַלס געזעלשאַפטלעכע טוער. יעדער באַזונדער לויט זיינע פּאָליטישע אַנשויאונגען און איבערצייגונגען.

הגם דוד קנעכט איז זיינע אַלע יאָרן געווען אַ לונגען־ליידנדער, האָט עס אים אָבער נישט אָפּגעהאַלטן פון געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט. איינער פון זיינע 3 זין, שמואל, מיין בעסטער און טייערסטער חבר אין די יינגע יאָרן און שפּע־טער אין דער פּאַרטיי, האָט חתונה געהאַט מיט יעקב וואַלדס טאָכטער — אויך אַ חברטע פון דער פּאַרטיי. זיי זענען אומ־געקומען צוזאַמען מיט אַלע יידן פון טאָמאַשאָוו.

## די קאַליסקאַ־גאַס

נאָך מיין שפּאַציר איבער דעם צענטער פון די יידישע גאַסן, וועל איך אויך פּרווון שילדערן און זיך דערמאָנען, אויף וויפל מיין זכרון וועט מיר דינען, דעם גאַנצן צענטער פון אונדזער שטאָט גופא, וואָס איז באַשטאַנען פון דער קאַליסקאַ, קאָסציושקאָ (דער מאַרק), אַנטאָניעגאָ און פּיליטשנע. אויך דאָ, אין דעם צענטער, האָט פּולסירט דער יידישער גייסט און האַנדל, ווי אויך דאָס יידישע קולטור־לעבן.

ווער פון אונדז געדענקט נישט די פּאַוושעכנע שולע מיטן לערער יאַיטע שטיינמאַן און אויפן הויף די טורן־האַלע מיט אירע פאַרשידענע ספּאָרט־סעקציעס, ווו עס זענען פאָרגעקומען כמעט אַלע עפנטלעכע ציוניסטישע פאַראַנשטאַל־טונגען, ווי פּראָטעסט־מיטינגען קעגן „ווייסן בוך״, פאַרלעזונ־גען פון פאַרשידענע פּאַרטייען, פאַרווייליונגס־אָוונטן, טעאַטער־פאַרשטעלונגען. אַפילו די וואַלן צו רבנים צום ערשטן מאָל, אין די יאָרן 1925—1926 זענען פאָרגעקומען אין דעם אויבנ־דערמאָנטן זאַל.

אין דער זעלבער גאַס האָט זיך אויך געפונען די העב־רעאישער שול „התחיה״, די שול פון די ווייסלפישן אין זיל־בערס הויז. דער „הזמיר״ אין ווינקל־הויז פון דער זגאַזשע־ליצקאַ. אויך די יידישע גמינע האָט זיך געפונען אויף דער גאַס ביי וואַרנבראַן אין הויז. און אין די דרייסיקער יאָרן האָט אין דער זעלבער דירה געוווינט הרב בראָט ז״ל.

כדאי אויך צו דערמאָנען אייניקע פּערזענלעכקייטן און אָנגעזעענע בעלי־בתים פון דער גאַס אויף וויפל איך גע־דענק.

איך געדענק דעם באַנקיר וואַסערמאַן, אַלטער כהנא, דעם הויכן נחמן, דעם יידישן פּייערלעשער דוד ראָזענבערג און זיין זון יידל, אַ לאַוניק אין מאַגיסטראַט.

איצט די אַלייען גופא פון דער גאַס, מיט די בענק פאַר די שפּאַצירנדיקע זיך אָראָפּצורעדן, כאַפּן אַ שמועס וועגן וועלט־פּאָליטיק, שטאָטישע געשעענישן פאַרבראַקט מיט אַ ביסל רכילות. און דאָס אַלץ אונטערן שאָטן פון די ברייט־צעוואַקסענע ביימער פון ביידע זייטן, אויף וועלכע עס האָבן זיך רואיק שפּאַצירט די געלע וועווירקעס, אַראָפּשפּרינגענדיק פון צייט צו צייט אויף דער ערד, ווו די שפּאַצירנדיקע האָבן זיי צוגעוואָרפן פאַרשידענע צוקערקעס און אַמאָל אויך ניס, וואָס האָט זיי פאַרשאַפט פיל פאַרגעניגן.

ווי געזאָגט, האָט די גאַס נישט געהערט צום סאַמע יידישן צענטער. דאָך האָבן דאָ געלעבט אַרום אַכציק פּראָצענט יידן. ווער שמועסט נאָך אין אַ שבתדיקן טאָג, ווען די שפּאַצירנדיקע זענען געווען כמעט בלויז יידן.

## דער קאָסציושקאָ־פּלאַץ

נישט לייכט איז צו דערמאָנען און געדענקען דעם טייל שטאָט, וואָס האָט געהייסן „דער מאַרק״, מיט אירע געוועלבער פון יידישע סוחרים, וואָס אַחוץ עטלעכע קריסטלעכע גע־שעפטן, ווי די אַפּטייק פון באַזשענסקי, דער סקלאַד אַפּטעטש־ני פון פּאַטשקאָווסקי, די שענק פון כאַינאַצקי, די אַלטע דייטשע קירכע, דער האָטעל „פּאַריז״, דאָס דעליקאַטעסן־געשעפט פון דייטש מיללער אין ווינקל ביי שעפּסן אין הויז, און זיין שכן, דער דייטשער קצב דיקהאָף, ווי אויך די אַפּטייק פון קנאַבע מיט זיין שכן גאַזשדזשיק — זענען אַלע אַנדערע געווען יידישע געשעפטן.

איך געדענק אַ ייד, וועלוול העלער, וועלכער האָט געהאַט זיין געוועלב אין עק קאַליסקאַ, אין מאַרק, ביי שפּיוואַק אין הויז. ר' וועלוול — אַ נידעריקער ברייט־פּלייציקער ייד מיט אַ ברייטער בלאָנדער געפלעגטער באָרד. ווען ער האָט געזאָגט תהילים שבת אין דער פרי אין שטאָטישן בית־המדרש, פאַרן

עמוד, האָט מען זיין שטימע געקענט הערן אין דער גאַנצער סביבה.

אין זעלבן הויז האָט געהאַט זיין מאַנופאַקטור־געשעפט אלימלך פאַקין (זיין זון ד״ר פאַקין לעבט אין פתח־תקוה).

דאָס איז געווען די מערב־זייט פון מאַרק. אויף דער דרום־זייט געדענק איך מערערע געשעפטן, ווי די יאַטקע פון יידל זלאַטאָגורסקי. (זיין זון לעבט אין ישראל); דאָס אייזן־ און פאַרבן־געשעפט פון לייבוש זשעלאַזניק; די שענק פון מנחם דאַנער; דאָס פּאַפּיראָסן־געשעפט פון קאַטשקעוויטש; דאָס באַרשטן־געשעפט פון מילשטיין; דאָס זייף־געשעפט פון קאַנטאָראָוויטש. דערנאָך דאָס פאַרבן־געשעפט פון יעקל בלומבערג; דאָס געשעפט פון שניידער־צודאַטן פון פענסטערמאַן; די שענק פון יעקל פאַגעל און אַנדערע.

דאָס איז נאָר אַ טייל פון די יידישע געשעפטן אויף דער זייט מאַרק, וואָס איך געדענק.

איצט, די מזרח־זייט פון מאַרק, אָדער ווי מען האָט דעם טייל שטאָט גערופן „דער קאַריטאַזש״.

דאָ זענען געווען חיים בענגעלעראָוויטשס הורט־געשעפט פון הערינג; דאָס שפּייז־געוועלב פון זאַמענטשקאָווסקי; דאָס שניידער־ווערקשטעל פון עמנואל גראָסמאַן; די שענק פון איציק שענקער; די תבואה־הורטאָווניע פון הענעך שקלאַזש.

ווייטער אויף דער זעלבער זייט איז געווען אַ גרויס מאַנופאַקטור־געשעפט, וואָס איך געדענק נישט דעם נאָמען פון אייגנטימער. דערנעבן איז געווען דאָס גאַלאַנטעריע־געשעפט פון ראָזענבלום.

אין דעם ווינקל האָט זיך אָפּגעטיילט דאָס געסל, וואָס מען האָט גערופן „רידזיקס באַרג״, ווו עס האָבן זיך געפונען די טריפהנע יאַטקעס, וועמענס אייגנטימער זענען געווען בלויז יידן. איך געדענק נאָר איניקע נעמען פון זיי: משה מילשטיק, שמואל חיה־רבקהס; זיין ברודער משהל יצחק קירשבוים; פייוול זשולטאָווסקי; אַלטער פנחס בערמיינסקי, מנשה סערוואַטאַר און אַנדערע.

איצט קום איך צום צפון־טייל פון מאַרק. דאָ וועל איך דערמאָנען דאָס הויז פון דעם איינוווינער גאָלד, וווּ דאָס ערשטע געוועלב איז געווען פון זייגערמאַכער אהרון מילשטיין.

אין דעם הויז איז אויך געווען דאָס דעליקאַטעסן־געוועלב פון ווייסבראָט, אָדער ווי מען האָט זי גערופן „די גראָבע גיטל״.

נאָך צוויי יידישע געשעפטן געדענק איך פון דער זייט. דאָס זענען געווען: דאָס הורט־געשעפט פון פּאַפּיראָסן פון אַלעקסאַנדער זינגער און דאָס גרויסע פּאַפּיר־געשעפט פון פסח ווייסבאַרד. אין ווינקל ביי קנאַטעס הויז איז געווען דאָס הויז פון עמנואל ראָזנבלום, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „מיניל פּיעטריק״. אין מיינע צייטן איז ער געווען דאָזאַר אין דער גמינע.

דאָרט זענען געווען די געוועלבער פון אלימלך גלאָס — אַ פּאַפּיר־געשעפט; דאָס הורט־געשעפט פון וויין, וואָס האָט געהערט צו שיליטן, און די בעקעריי פון יעקל אייזענשטיין. דאַן משה בייגעלבעקער.

ווי עס איז צו זען, זענען כמעט אין אַלע זייטן פון מאַרק געווען אויסשליסלעך יידישע געשעפטן. איצט די טאָרג־שטייערס, וואָס זענען אַממערסטן באַשטאַנען פון יידישע סטראַגאַנעס אין די מערק־טעג דינסטיק און פרייטיק.

וואָס האָט מען אַלץ נישט געקענט קויפן דאָ אויפן מאַרק? פון גרינצייג און פיש, פּרוכטן און געבעקס. דאָס האָט זיך אַלץ געפינען אויפן „קאַריטאַזש״. אין צווייטן ווינקל: שניט־סחורה, פאַרשידענע שניידער־אויסאַרבעטונגען פאַר די פּויערים, שיכוואַרג און הויפּטזעכלעך — שטיוול; גרייטע וועש און גאַלאַנטעריע־סחורות. אין ווינקל ביי קנאַטן איז ווידער געווען צו באַקומען פון הינער, אייער, פּוטער, קעז. די דאָזיקע אַרטיקלען האָבן שוין געבראַכט אויפן מאַרק די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער.

ביים פּלויט פון דער אַמאָליקער רוסישער צערקווע זענען געשטאַנען וועגעלעך מיט קאַלך און ערדענע טעפּ.

איך וויל דאָ אויך דערמאָנען צוויי טיפּן, וואָס מען האָט זיי געקענט טרעפן אין אַ יאַריד־טאָג. דאָס זענען געווען די משוגענע חוהלע און אלי־מאיר דער יידישער שיכור.

די משוגענע חוהלע מיטן רויט־פלאַמיקן פּנים. די האָר אויפן קאָפּ שטענדיק צעשויבערט, אָפּט פאַרבונדן מיט אַ שוואַרץ קאָפּ־טיכל ביז אונטער דער גאָמבע. קליידער פלעגט זי אויף זיך טראָגן וויפל זי האָט פאַרמאָגט, איינס אויפן אַנדערן, בערך אַ פינף אָדער זעקס קליידער, און דאָס אַלע געלאַטעטע. חוהלע האָט פאַרקויפט צוקערקעס פאַר קליינע קינדער זיצנדיק אויפן קאַריטאַזש צווישן די סטראַגאַנעס, אָדער ביי די פיש־הענדלער, ווו זי האָט אויסגעלייגט איר סחורה אויף די שמוציקע פאַרלאַטעטע קליידער. ווינטער האָט מען זי געקענט זען זיצן מיט אַ פייער־טאָפּ אונטער אירע קליידער, כדי זיך צו דערוואַרעמען. אויף אירע פיס האָט זי געהאַט אַרומגערינגלט אָן אַ שיעור שמאַטעס. ווען קונדסים פלעגן צוקומען צו איר קויפן צוקערקעס, האָבן זיי איר געמאַכט גרויסע צרות. זיי האָבן איר באַצאָלט פאַר צוויי צוקערקעס מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער האַנט געכאַפּט וויפל זיי האָבן געקאָנט. ווען חוהלע האָט גענומען שרייען און נאָכלויפן די יאַטלעך, באַגלייטנדיק זיי מיט קללות, האָט זי מיט אירע געוואַלטן פאַרהילכט דעם גאַנצן מאַרק. עס איז איר נישט געווען מקנא צו זיין ווען שמוליקל גנב, דער

משוגענער מינדלס זון, האָט זיך גענומען צו איר. דאָ איז שוין געווען אַ גאַנצע פאַרשטעלונג...

דער צווייטער טיפּ, וואָס האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט אין אַ טאַרג־טאָג, איז געווען אלי־מאיר פּיאַק — אַ נידע־ריק, בייכיק יידל מיט פעט־רונדיקע באַקן און גאַמבע, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ שיטער שוואַרץ בערדל. פון שטענדיקער שיכרות האָבן זיינע אויגן געגלאַנצט, ווי צוויי ברענענדיקע לאָמפּן.

פון פאַך איז ער געווען אַ שוסטער. זיך ספּעציאַליזירט אין מאַכן שטיוול. אלי־מאיר האָט אין משך פון דער וואָך אויסגע־פאַרטיקט אַ צוויי, אַדער דריי פּאָר שטיוול און זיי פאַרקויפט אין אַ מאַרק־טאָג צו די פויערים, וואָס פלעגן קומען אין שטאָט אַריין. דאָס געלט, וואָס ער האָט איינגעלייזט פאַר זיין סחורה האָט ער נישט אַהיימגעטראָגן צו זיין ווייב אסתר די קרומע (זי איז געווען אַ פּאַראַליזירטע), נאָר אַריין צו איציק שענ־קער, אַדער צו יעקל פאַגעל און געמאַכט אַ „לחיים". און דאָס נישט קיין קליינעם. ביז ער איז געוואָרן שטאַרק שיכור. ער איז דאַן נישט פעאיק געווען צו גיין אַהיים און זיך האַלטן אויף די פיס. נישט איין מאָל האָט יעקל, זיין עלטסטער זון, אַדער דער צווייטער זון משה־יחיאל, אים געפירט אַהיים אויף אַ האַנט־וועגעלע, אַ צוגעבונדענעם מיט אַ שטריק ער זאָל נישט אַרויספאַלן.

איך דאַרף באַמערקן, אַז אויף וויפל איך געדענק זענען זיינע קינדער געווען זייער בכבודיקע און שטילע מענטשן און געטאָן אַלץ וואָס מעגלעך, כדי אויסצומיידן די חרפּה, וואָס זייער פאָטער האָט זיי שטענדיק פאַרשאַפט מיט זיין אומ־אויפהערלעכן טרינקען דעם ביטערן טראָפּן.

עס איז געווען נאָך אַ טייל פון מאַרק, ווו עס האָט זיך געפונען דער דענקמאָל פון קאָסציושקאָ. אויך דאָ האָבן פון ביידע זייטן זיך קאָנצענטרירט דאָס רוב יידישע געוועלבער.

איך וועל אויך דערמאָנען אַ געוויסן טיפּ, וואָס האָט געלעבט אויף דעם שטח, אָבער ערשט צום סוף, ווען איך וועל פאַרענדיקן דעם צווייטן טייל פון מאַרק.

אין דער זייט ווו די דראָזשקעס, וואָס זענען געפאָרן צו דער באַן (ווי באַקאַנט איז צו דער באַן־סטאַציע פון אונדזער שטאָט געווען אַ מהלך־רב), זענען געשטאַנען, איז געווען דאָס ערשטע געוועלב פון דעם שטומען זייגערמאַכער אברהם. דער־נעבן איז געווען דאָס שניט־געשעפט פון מיכאַלעוויטש. זייער זון גרשון, אַדער ווי מען האָט אים גערופן „מזיק", האָט גע־שפּילט אין פוטבאָל־מאַנשאַפט „הכוח". דאָס געוועלב פון בנימין טישלער, אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז באַשטאַ־נען פון אייזן־פאַרקויף. איך געדענק אויך דעם זייגערמאַכער ר' בערל דלוזשנאָווסקי — אַ ייד אַ הדרת פּנים, אַ גערער חסיד, געוווינט האָט ער איבער דער בריק.

ווייטער זענען געווען די געוועלבער פון יעקעלע זיל־בערשטיין, פון זייגערמאַכער שייעוויטש (זיין זון דב לעבט אין חיפה). צום סוף פון דער ריי געשעפטן, אין הויז פון אַלטן מאַגיסטראַט — דאָס שיך־געשעפט פון דעם בכבודיקן ייד אין שטאָט ר' הערשל קאַשעראָווסקי, אַדער ווי מען האָט אים גערופן: „הערשל קוטשעביירעך". פאַרוואָס מען האָט אים גערופן מיט דעם צונאָמען ווייס איך נישט ביזן היינטיקן טאָג. זיינע צוויי זין, גדליהו און אברהם, לעבן אין ישראל און רעכענען זיך צו די ותיקים פון לאַנד. זיי זענען געווען פון די ערשטע עולים פון אונדזער שטאָט.

פון דער אַנדערער זייט פון דעם טייל מאַרק זענען געווען דאָס אייזן געשעפט פון רזשעשעווסקי, דער רעסטאָראַן פון יעקב וויינריב. דער דאָזיקער רעסטאָראַן האָט זיך געפונען אין הויז פון האָטעל „פּאַריז". אין דעם הויז איז אויך געווען די פּריוואַטע באַנק פון וואַסערמאַן און שטיינמאַן. אַ זון פון אייגנטימער פון דער באַנק, משה שטיינמאַן, איז אין די צוואַנציקער יאָרן דערמאָרדעט געוואָרן אויף אַ ברוטאַלן אופן, אין פעלד, ביי די נאַגאָזשיצער וועלדער. דער מערדער האָט זיין קרבן פאַרנאַרט מיטן אויסרייד צו מאַכן אַ געלט־אויסטויש. דער מאָרד האָט בשעתו אַרויסגערופן אַ גרויסע דערשיטע־רונג און טרויער אין אונדזער שטאָט.

ווייטער איז געווען דאָס גרויסע שניט־געוועלב פון באַ־קאַנטן מזרחי־טוער משה בענטשקאָווסקי.

ווי באַקאַנט, איז ר' משה אין יענע צייטן געפאָרן קיין ארץ־ישראל, געקויפט באָדן און זיך צוריקגעקערט אַהיים, ווו ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין משפּחה דורך די היטלע־ריסטישע רוצחים. בלויז איין זון זיינער לעבט אין חיפה.

ווייטער איז געווען דאָס שניט־געשעפט פון יחיאל־מאיר גראָסמאַן. אויך ער איז אומגעקומען מיט זיין ווייב רבקה (די טאָכטער פון ר' דוד שמואל פון איבער דער בריק), מיט זיינע זעקס קינדער. איין לעבנגעבליבענער זון פון דעם שניט־סוחר יחיאל־מאיר לעבט אין סידניי, אויסטראַליע. דאָס איז דער יינגסטער, ישראליק.

איך וויל פאַרענדיקן די געגנט פון דעם טייל מאַרק מיט בער הויקער (בער שאַפּשעוויטש). פון פאַך איז ער געווען אַ פריזירער. ער האָט געהאַט זיין פריזיר־אַנשטאַלט אין דער ריי געוועלבער, וואָס איך האָב אויבן דערמאָנט. אַ נידעריקער, בייכיקער ייד מיט אַ גרויסן הויקער. ער איז נישט געווען קיין גביר. פון זיין פריזיר־פאַך האָט ער נישט געהאַט קיין פּרנסה. ער האָט זיך דעריבער אויך פאַרנומען מיט פעלדשעריי צווישן די פויערים פון די אַרומיקע דערפער. ווען עס איז געקומען אַ פויער מיט אַ חולאת, האָט ער געוווסט דעם אַדרעס פון בער הויקער.

אַז בער הויקער האָט זיך גענומען מטפּל זיין מיט פויערי־

שע פּאַציענטן. האָט ער אים קודם אַריינגענומען אין אַ באַ־זונדערן צימער און מיט אים געמאַכט פאַרשידענע פּרימיטיווע עקספּערימענטן און דער חולה איז באַלד געזונט געוואָרן...

דער פויער האָט פאַר דעם וויזיט געמוזט פּאַראויס באַ־צאָלן, ווייל ווי ס׳מאַכט זיך, איז בעסער, ווי ער פלעגט זאָגן, איך זאָל קודם האָבן די פּאָר זלאָטעס ביי מיר אין טאַש. און דאָס דערפאַר, ווייל בער הויקער איז געווען אַליין אַ מבין אויף זיין „מעדיצינישער פּראַקטיק״. ער איז אויך געווען אַ גרויסער וויצלער, דערציילט וויצן פאַר זיינע פויערישע פּאַציענטן, וואָס האָבן שטאַרק הנאה געהאַט. זיי פלעגן אַזש רויט ווערן פאַר געלעכטער און ער אַליין האָט אויך מיט־געלאַכט, זיך אַזש פאַרהוסט צוליב זיין אַסטמע־קראַנקהייט אויף די עלטערע יאָרן.

דערמיט האָב איך פאַרענדיקט דעם שפּאַציר און דערי־נערונגען פון גרויסן מאַרק פון אונדזער שטאָט, וואָס איז אַזוי רייך געווען מיט יידישן חן.

פון דעם מאַרק האָט אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג געצויגן זייער חיונה און געהאַט שיין פּרנסה, בפרט אין די יאַריד־טעג, דינסטיק און פרייטיק.

די דאָזיקע יאַריד־טעג לאָזן זיך נישט לייכט פאַרגעסן, מיט זייער ספּעציפישן גערודער און טומל, ווען פויערים פון די אַרומיקע דערפער זענען זיך אָנגעפאָרן אין שטאָט. אויך יידן מיט זייערע סחורות, וואָס האָבן געצויגן חיונה און גע־מאַכט אַ לעבן.

דאָס אַלץ איז מער נישטאָ. די מערדער־האַנט האָט אַלץ פאַרשניטן.

## די אַנטאָניעגאַ־גאַס

איך וועל פאַרענדיקן מיין שפּאַציר איבער די גאַסן פון אונדזער שטאָט מיט דער אַנטאָניעגאַ־גאַס, וואָס איז טאַקע געווען דער הויפּט־פּונקט פון שפּאַציר פון אונדזער דעמאָלטי־קער שיינער יוגנט און פון דער יידישער באַפעלקערונג בכלל.

ווער פון אונדזערע יידן האָט נישט שפּאַצירט אין די בין־השמשותדיקע שעהן פון שבת, אָדער שבת־צו־נאַכט אויף דער־אָ גאַס, אָנהייבנדיק פון שעפּס הויז ביז צו ראַדעס גאָרטן? פון אַ פאַבריקאַנט ביז אַ פּשוטן אַרבעטער, בעל־מלאכה, סוחר, סטודענטן, אָדער פאַרליבט פּאָרל — אַלע זענען געגאַנגען שפּאַצירן אויף דער אַנטאָניעגאַ־גאַס. מען האָט אויך געקענט טרעפן זיצן אַ בחור פון אַ חסידישער היים מיט אַ „טריף־פּסול״ ביכל אין האַנט און געשמאַק לייענען. עס איז אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען וואָס אַרום אים טוט זיך.

די בערזשע פון וואָל־סוחרים און מעקלערס פון דער בראַנזשע האָבן זיך אויך געפונען אויף דער גאַס, אויף דעם טראָטואַר פון אַלטן קינאָ „אָדעאָן״ ביז בעריש ליבסטערס שענק.

איך וויל דאָ דערמאָנען עטלעכע יידישע געשעפטן פון דער גאַס אויף וויפל איך געדענק.

אָט איז דאָס געשעפט פון אברהם גראַנאַט, וואָס האָט געהאַט צו פאַרקויפן פאַרשידענע שפּילצייגן פאַר קינדער.

ביים אַריינגאַנג פון אַלטן קינאָ (שפּעטער דער לאָקאַל פון אַנטיסעמיטישן פאַרבאַנד „סאָקול״) איז געווען דאָס יובע־ליר־געשעפט און זייגערמאַכער פון יאַנגערמאַן.

ווער פון אונדז געדענקט נישט שמואל־דוד יונגערמאַן? — אַ זייגערמאַכער, אַן עסקן, אַ כלל־טוער, האָט געהערט צו אַלע פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן עקזיסטירט אין שטאָט, זיך געשטופּט אַפילו צו די קהילה־וואַלן און צום מאַגיסטראַט. ער האָט אויך געהאָלפן אָרעמע און קראַנקע מענטשן.

אין דעם שכנותדיקן גרויסן הויז, אויפן ערשטן שטאָק, איז געווען אין יענע צייטן אַ רעסטאָראַן, וועמענס אייגנטימער איז געווען ר׳ משה אליעזר מערקין, אָדער ווי ער איז געווען באַקאַנט אין דער שטאָט „די קליינע חיהלע״. איך בין זיכער, אַז קיינער, אָדער ווייניק פון אונדז וועלן נישט געדענקען דעם רעסטאָראַן, וואָס האָט געהערט צו אַ משפּחה פון ערלעכע און פיינע מענטשן.

ר׳ משה אליעזר איז נפטר געוואָרן ערב דער מלחמה. זיין טאָכטער איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געשטאָרבן.

היינט די שענק פון בעריש ליבסטער. ביי דער געלעגנ־הייט איז כדאי צו דערמאָנען די נעמען פון די יידן, וואָס זענען אַריינגעקומען אַהער. מיין כוונה איז נישט בלויז צו דערמאָנען די שענק פון ליבסטער, נאָר אויך זיינע קליענטן. איך האַלט עס פאַר אַ חוב צו פאַראייביקן אַלע נעמען אין אונדזער „יזכור־בוך״, יעדן ייד פון אונדזער שטאָט, וואָס איך געדענק. איך אַליין בין אויך געווען איינער, הגם נישט פון די שטענדיקע קליענטן, וואָס איך בין אַריינגעקומען פון פרייטיק צו פרייטיק, בעת איך בין געגאַנגען פון דעם שטאָ־טישן מרחץ, צו טרינקען אַ גלעזל ביר צוזאַמען מיט שמואל־יאָסל מאַרשעליק, אברהם געלבאַרד, הערשל שפּיץ (פייגעלעס), זקן מאַלאַזש (יונג) און אַנדערע, וואָס איך געדענק נישט לייי־דער זייערע נעמען.

זאָל אויך פאַראייביקט ווערן דער נאָמען פון ר׳ מאָטל ניעמיעץ, וואָס האָט געהאַט דאָס געשעפט אויף דער אויבן דערמאָנטער גאַס ביי איטשע שעפּס. זיין נאָמען איז גוט באַ־קאַנט געווען אין אונדזער שטאָט. ער איז געווען אַ גערער חסיד, דאַזאָר אין דער קהילה און כלל־טוער. זיין פיין מאַיעס־טעטיש אויסזען, מיט די גאָלדענע ברילן און שוואַרצער באָרד האָט געצויגן צו זיך אַ סך דרך־ארץ. זיין זון משה — איינער פון די אָפּגעראַטעוועטע שארית־הפליטה, לעבט אין אַמע־ריקע.

אויך דעם ייד, וואָס איך וועל איצט דערמאָנען, וועלן ווייניק פון אונדז געדענקען. דאָס איז געווען מאַכל ערליך, וואָס האָט געהאַט אַ רעסטאָראַן ביי דעם גאַלאַנטעריע־געשעפט פון יידישן אַסימילאַטאָר לענגאַ.

אין דעם זעלבן הויז, אויף אַ ליידיקן פּלאַץ, האָט דער אַמשינאָווער חסיד, ר׳ יהושוע לאַך, געהאַט צו פאַרקויפן ראָלניטשע מאַשינען. ר׳ יהושוע איז געווען אַ שיין און ריין געפּוצטער ייד, מיט אַ לאַנגער געלער באָרד. ער האָט פאַר־מאָגט כאַראַקטער און גוטהאַרציקייט. זיין טיר איז שטענדיק געווען אָפן פאַר יעדן ייד, סיי אַ חסיד און סיי אַ פּשוטן מענטש. ער האָט ליב געהאַט טון טובות.

ר׳ יהושוע לאַך איז געווען איינער פון די ערלעכסטע יידן אין שטאָט. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געיאָגט נאָך כבוד. ער האָט געוווינט ביי ר׳ מאָטל שעראַדסקי אין הויז.

ר׳ מאָטל איז שוין געווען אַן אַנדערער טיפּ ווי זיין לאָקאַטאָר. הגם ער איז געווען איינער פון די יידישע פאַברי־קאַנטן אין שטאָט, איז ער אָבער געווען אַ גרויסער קמצן. מען פלעגט זאָגן, אַז די יידישע וועבער, וואָס האָבן ביי אים געאַרבעט, האָבן ביי אים נישט געלעקט קיין האָניק...

ביי אים אין הויז איז אויך געווען די ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציע, ווי אויך די „צעירי־ציון״־באַוועגונג, אין וועלכע איך בין אַריינגעטרעטן אין יאָר 1923.

דער יושב־ראש איז אין דער צייט געווען אונדזער נישט פאַרגעסענער חבר חיים קאַגאַן (כהן), וואָס האָט געהאַט זיין פּאַטאָ־געשעפט צוזאַמען מיט זיינע ברידער אויף דער דאַזיקער גאַס נומער 24. ער מיט זיין משפחה זענען עולה־געווען אין די דרייסיקער יאָרן און איז אין ישראל געשטאָרבן. זיין פרוי ביילע לעבט און איז איינע פון די אַקטיווסטע מיטאַרבעטע־רינעס אין קאָמיטעט פון „יזכור־בוך״.

איך וויל נאָך דערמאָנען די אָנגעזעענע בעלי־הבתים אין אונדזער שטאָט, וואָס האָבן געלעבט אויף דער גאַס. דאָס זענען געווען: דער וואָל־סוחר משה־אלי רייזבוים (זיינע 2 זין אהרון און חיים לעבן אין תל־אביב).

דער בעל־הבית פון דעם שענסטן און גרעסטן הויז אויף דער גאַס, ר׳ תבל ווינבערג, זיין זון יאָסל און זיין איידעם הערץ מאָרגענשטערן.

ביי ר׳ תבל ווינבערג אין הויז האָבן געוווינט די יידישע פאַבריקאַנטן פון סטאַזשיץ מרגולית־באָרנשטיין.

ווייטער אויף דער גאַס האָט געהאַט האַנטווערקער זיין גרויסע דרוקעריי. בזשאָזאַס הויז מיט זיין גרויס מאַנופאַקטור־געשעפט. אין זיין הויז האָט אויך געוווינט דער באַוווּסטער כלל־טוער און פילאַנטראָפּ, דער דענטיסט רוטנבערג. זיין טעטיקייט אויפן געזעלשאַפטלעכן און פילאַנטראָפּישן געביט איז געווען יעדן ייד פון שטאָט גוט באַקאַנט.

זאָל פאַר די אַלע אַזוי טראַגיש אומגעקומענע, ווי אויך פאַר די פאַרשטאָרבענע פון פאַר דער מלחמה, וואָס מען קען ליידער נישט קומען צו זייערע קברים אויף קבר־אָבות, זיין דער יזכור־בוך אַן אייביקער דענקמאָל. זאָל זייער אָנדענק קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן! זאָל עס זיין אַ קדיש, געזאָגט פון איינעם פון זיי, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון די רוצחישע נעגל, כדי זיי דערמאָנען אויף וויפל זיין זכרון האָט אים געדינט.

צוליב דער איינציקער סיבה, וואָס איך געדענק נישט מער די גאַסן, ווו עס האָבן געלעבט אייניקע יידן און נישט די נעמען זייערע, זאָל מיר יעדער איינער פון אונדז, וואָס וועט לייענען מיין טרויעריקן שפּאַציר איבער די יידישע גאַסן פון אונדזער שטאָט, מוחל זיין. איך בויג מיין קאָפּ פאַר די אַלע, וואָס איך בין נישט אימשטאַנד געווען אויסצורעכענען און דערמאָנען. דאָס זענען נאָך איינצלנע יידן פון די גאַסן פּיליטש־נאַ און סביבה; די טקאַצקע און שטרוי־מאַרק און סביבה; די וואַרשעווער גאַס איבער דער בריק און אַלע אירע זייטיקע געסלעך, ווי אויך די פאַרשטאָט סטאַרזשיץ און אַנדערע.

זאָלן אַלע יידישע איינוווינער פון די דערמאָנטע גאַסן, צוזאַמען מיט אַלע יידן פון די איבעריקע גאַסן און געסלעך פון אונדזער שטאָט, בלייבן אויף אייביק אין אונדזערע הער־צער!

ווי אַ נר־תמיד וועט אייביק לויכטן דער אָנדענק פון די טראַגיש־פאַרשניטענע קדושים פון אונדזער שטאָט צוזאַמען מיטן אָנדענק פון די זעקס מיליאָן פאַרפייניקטע!

כבוד זייער אָנדענק!

# לעבנשטייגער אין מיין שטאט

לייב יאַנושעוויטש / תל־אביב

**(עפּיזאָדן, געשטאַלטן, זכרונות)**

פינף יאָר בין איך אַלט געווען ווען מיין פאָטער, וועמען מען האָט גערופן דער „געלער איטשע" האָט זיך באַזעצט אין טאָמאַשאָוו. דער פאָטער מיינער איז געווען אַ ייד אַ חכם, מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויף זיין פּנים, יעדן איינעם געגעבן עצות, אָבער זיך זעלבסט האָט ער קיינמאָל נישט געקענט געבן קיין עצה, ווייל דאָס מזל איז שטענדיק צו אים געקומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג.

אין מיינע קינדער־יאָרן, ביזן יאָר 1939, האָב איך מיין גאַנצן גייסטיקן לעבנס־שטייגער געשעפּט פון דער סביבה, ווו איך האָב געלעבט.

עס דערמאָנען זיך פאַרשידענע געשטאַלטן פון מיין שטאָט טאָמאַשאָוו, וועלכע זענען שוין לאַנג נישטאָ אויף דער וועלט, נאָר זייערע שאָטנס לעבן אין מיין זכרון און קענען נישט פאַרגעסן ווערן.

אין יענע צייטן, ווען אַ שוואַנגערנדיקע פרוי האָט באַקומען געבורטס־ווייען, פלעגט מען רופן צו איר די אַקושערקע באַראַדינאַ, און ווען ס'איז, חלילה, שווער געגאַנגען מיטן געבורטס — איז מען געלאָפן אין בית־המדרש, אויפגעמאַכט דעם אָרון־קודש און געזאָגט קאַפּיטלעך תהילים. און אַז גאָט האָט געהאָלפן און עס איז געבוירן געוואָרן אַ בן־זכר, זענען מיר, ייִנגלעך, געגאַנגען צו דער קימפּעטאָרין במשך אַ וואָך צייט און יעדעס מאָל האָבן מיר צוזאַמען געלייענט „קריאת־שמע", באַקומען אַ פּאָר ממתקים און זיך געזעגנט מיט אַ צוזאָג פון „המלאך הגואל".

פרייטיק צו־נאַכטס, פאַרן ברית, האָט מען געפּראַוועט דעם „זכר": געגעסן קיילעכדיקע אַרבעס, געזאַלצענע און געפּעפּערטע, אויפגעמאַכט אַ פעסל העל ביר פאַר די מענער, אַ פעסל שוואַרץ ביר פאַר די פרויען און מען האָט זיך משמח געווען.

אין טאָג פון ברית האָט זיך געיאָוועט דער באַוווּסטער מוהל זעליג שוחט מיט זיין פלאַטשיקער נאָז, אַ וותיק אין פאַך, מיט גרויסער פּראַקטיק. דעם שוחט האָט מען אָפּגעגעבן גרויס כבוד און נישט איינער האָט אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרן זיך געריִמט, אַז זעליג דער שוחט איז געווען זיין מוהל און אַ דאַנק אים האָט ער זוכה געווען צו זאָגן: „אתה בחרתנו"...

### מיינע מלמדים

ווען אַ ייִנגעלע איז אַלט געוואָרן פינף יאָר, האָט מען אים איבערגעגעבן צו אַ דרדקי־מלמד. אַלס אַזאַ האָט געשמט שלמה־בער מיט דער ליולקע. דער ניקאָטין פון דעם פאַרברענטן טאַבאַק פון זיין ליולקע האָט דעם מלמד שלמה־בער געדינט אויף היילונגס־צוועקן קעגן „נגע־צרעת", ווי אויער־שמערצן און צו אַנדערע חולאתן, וואָס זענען באַצייכנט געוואָרן אַלס „באַבסקע רפואות".

אַ צווייטער מלמד אין דער זעלבער תלמוד־תורה, ווו עס האָט געלערנט שלמה־בער, איז געווען דער „בלינדער אברהם".

אַלס איינער פון די בעסטע מלמדים ביי וועמען איך האָב געלערנט איז באַקאַנט געווען אברהם קאָמאַראָווער.

אויף דער האַנדלאָווע־גאַס, קעגנאיבער דער שול, האָט זיך געפונען דאָס חדר „יסודי התורה", ווו עס זענען, אויסער יידישע לימודים, אויך געלערנט געוואָרן אַלגעמיינע לימודים, ווי מאַטעמאַטיק, די פּוילישע שפּראַך און אַנדערע.

מיט די לימודי־חול האָט אָנגעפירט דער לאָמער גלאָגאָווסקי. עס האָט דאָרט געלערנט דער לערער וויס און אַנדערע, וועלכע האָבן אָפטמאָל געמוזט אויסשטיין פיל צרות פון די פאַרשייטע שילערס בעתן לערנען.

אין דעם דאָזיקן „חדר" האָבן געלערנט די באַוווּסטע מלמדים: שלמהלע בינענשטאָק, משה־מאיר פריידענרייך, יחיאל־מאיר וויינמאַכער — יידן מיט פיל בקיאות אין תורה, אָבער גרויסע קבצנים.

אין דער ערשטער כיתה האָט מען די גאַנצע וואָך געלערנט חומש מיט רש"י, פרייטיק האָט זיך געלאָזט הערן דער ניגון פון שיר־השירים און מעביר זיין די סדרה (שניים מקרא ואחד תרגום) מיט אַ ספּעציעלן געדרייטן „מהפך־פּשטא"־ניגון, וואָס האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם, שוין אָפּגערעדט פון „שלשלת", וואָס איז באַגלייט געוואָרן גאַנץ אָפט מיט דרייען דאָס אויער פון תלמיד דורך דעם רבין פאַר נישט נאָכזאָגן פּינקטלעך דעם פּסוק, מיט די געהעריקע „וואַריאַנטן" און „וויבראַציעס"...

אין די העכערע כיתות האָט מען געלערנט אַ בלאַט גמרא מיט רש"י. בשעתן לערנען האָט מען פון צייט צו צייט בגניבה אַריינגעכאַפּט אַ קערטל אונטערן טיש.

אַ ספּעציעלע שמחה האָט אונדז, תלמידים, פאַרשאַפט די „ניטל"־נאַכט, ווייל דעמאָלט זענען מיר געווען באַפרייט פון לערנען און מען האָט געקענט שפּילן אין קאָרטן.

ווען מיר זענען דערגאַנגען צו דער מדרגה פון לערנען גמרא מיט תוספות, זענען מיר געווען געצוווּנגען יעדן צווייטן שבת אַדורכגיין אַן עקזאַמען, כדי פעסטצושטעלן צי דעם רבינס תורה האָט געבראַכט די געווּנטשענע רעזולטאַטן.

פיל תלמידים האָבן זיך געריסן צו דער פאַרהערונג,

אבער ווען מען האט געקענט פטור ווערן א ביסל פון דעם „קנעלן" אין „חדר", האט עס ביי אונדז ארויסגערופן נישט ווייניק פרייד.

איינמאל, געדענק איך, איז די פרייד ביי די תלמידים געווען זייער גרויס. די סיבה איז געווען, וואס די סאניטארע קאנטראל־קאמיסיע פון פוילישן געזונטהייט־אמט האט גע־דראט, צוליב היגיענישע באדינגונגען, צו שליסן דעם „חדר".

צו דער העכסטער מדרגה אין לערנען זענען מיר דער־גאנגען ביי אברהם פאביאניצער און אשר פערדער. זייערע באגריפן און פירושים פון די ווערטער „חריף", אדער „בקיא" און נאך שארפער די פלפולים פון תנאים און אמוראים האבן זיך געהערט פון גאנץ ווייט.

### שבת

פונקט ווי אין אלע שטעט און שטעטלעך אין גלות־פוילן האט מען אויך אין טאמאשאוו שטארק אפגעהיטן די הייליקייט פון שבת־המלכה, וועלכע האט זיך געפילט אין יעדן ווינ־קעלע פון דער שטאט, אין יעדן יידישן הויז — ארעם צי רייך.

שוין מיטוואך האבן די פרויען אנגעהויבן גרייטן דעם שבת — איינגעקויפט מעל, צוקער, אייער, א פלאש ווייסן בוימל, א פלאש שווארצן זשעפאקאווע אייל, צימערינג, גע־ווירצן און אנדערע שבתדיקע מאכלים, וואס האבן פאר־שפרייט א גוטן ריח.

דאנערשטיק אוונט האבן די יידישע מאמעס פארקנאטן די ראשטשינע, באדעקט מיט א ווייס ציכל. פרייטיק אין דער פרי האט מען צעשניטן דאס טייג אויף לאנגע וואלקעס, גע־פלאכטן קוילעטשער, באשמירט זיי מיט א גענדזענע פעדער, געטונקען אין אן איי־געלכל, כדי עס זאל באקומען א גלאנץ ביים אויסבאקן, אוועקגעטראגן צום בעקער און געווארט, אז דאס געבעקס זאל געראטן.

עס איז נישט געווען קיין יידישע שטוב, ווו עס זאל נישט זיין פיש און פלייש אויף שבת, ווייל אן די צוויי ארטיקלען האט געהייסן פארשעמען דעם שבת, און יעדע פאראארעווע־טע און פארשוויצטע באלעבאסטע האט אלץ געטאן לכבוד שבת. רייכע האבן אנגעגרייט אויף שבת לעבעדיקע קארפן, אדער א העכט, און ארעמע, וועלכע האבן אפטמאל מיט דער גרעסטער מי דערגרייכט אין משך פון דער וואך דאס שטיקל ברויט און אויך געהונגערט, האבן לכבוד שבת געקויפט קליינע פישעלעך, אזוי גערופענע פלאטקעס, אדער „ווייסעלעך" און געמאכט פון זיי קאטלעטן.

פרייטיק נאך מיטאג זענען יידן געגאנגען אין מקווה זיך וואשן און טובלען ביי משה פעטער (גאלדקראנץ). און ווען דער אוונט איז צוגעפאלן, האבן פון אלע פענצטער אין די יידישע הייזער ארויסגעשטראלט די שבתדיקע ליכטלעך און אן אנגענעמע שטילקייט האט באהערשט די שטאט, גלייך ווי די שכינה וואלט זיך אראפגעלאזן אויף די יידישע גאסן.

נאכן ליכט־צינדן האבן זיך די באלעבאסטעס געזעצט ביי די הייזער, כדי כאפן א ביסל פרישע לופט נאך דער שווע־רער הארעוואניע פון פרייטיקדיקן טאג. פרויען מיט שייטלעך, עלטערע פרויען מיט „קופקעס", באפוצטע מיט שטראלנדיקע שטיינדלעך, זענען געזעסן, גערוט און געווארט אויפן בעל־הבית ער זאל קומען פון דאווענען.

אין דער צייט זענען דער בית־הכנסת, דאס בית־המדרש און שטיבלעך געווען איבערפולט מיט מתפללים.



וועלוול שמש (ווארטמאן)

איך דערמאן זיך, אז אין בית־המדרש איז געווען דער לייטער פון די תפילות־„צערעמאניעס" נחמן שמש. ער האט איינגעלאדן שטענדיק דעם בעל־תפילה; ער האט געגעבן דעם טראדיציאנעלן קלאפ אין טיש; ער האט געדענקט דעם נאמען פון יעדן טאמאשאווער ייד און אויפגערופן אים אויך ביים פאטערס נאמען מיט א הויכן „יעמוד" צו קריאת־התורה. אין בית־הכנסת האט די זעלבע פונקציע אויך דערפילט וועלוול שמש און אנדערע.

דאס בית־המדרש איז געווען לענגער, ווי העכער, און ווען מען האט זיך געשטעלט אויף די פינגער האט מען דער־גרייכט דעם באלקן (סופיט). עס זענען געשטאנען לאנגע טישן און בענק פון בײדע זייטן. יעדן טאג, 6 א זייגער אין דער פרי, האבן זיך אנגעהויבן די תפילות. יידן קליינהענדלער, בעלי־מלאכות, בעלי־עגלות, געגריוועטע שוסטערס און טאנ־דייט־שניידערס, פארמיטלערס, מעקלערס, באשעפטיקטע ביי

לופט־פרנסות און סתם־יידן — אלע זענען געקומען אין בית־המדרש אריין זאגן א פאר קאפיטלעך תהילים, אריינכאפן דאס דאווענען און אפטמאל שאפן א קרענצל, אדער הערן א ביסל נייעס.

די וועלכע האבן פרי געענדיקט דאס דאווענען און האבן זיך געקענט דערלויבן — האבן אונטערגעהאלטן דאס הארץ מיט א גלעזל יי״ש און פארביסן מיט אן אויפגעבלאזן אייער־קיכל. אנדערע ווידער האבן פארגעזעצט דאס דאווענען מיט גרויס התלהבות. פון צייט צו צייט אויפגעמונטערט זיך מיט א שמעק טאבאק פארמישט מיט קעלניש וואסער פון א ספעציעל פושקעלע אויסגעפלאסטערט מיט סאמעט. דאס האט זיך שטענדיק געענדיקט מיט א האסטיקער ניסעריי.

א פריש ביסל טאבאק מהנה צו זיין דעם עולם איז שטענדיק געווען ביי וועלוול העלער. ער האט שטענדיק, ביים זאגן תהילים, אוועקגעשטעלט זיין שקאטולקעלע מיט טאבאק און שמעקט יידעלעך וויפל עס לאזט זיך!...

שבת נאכמיטאג, נאכן שלאף, זענען די בעל־בתישע יידן ווידער אוועק אין בית־המדרש אויסהערן א שטיקל מדרש תנחומא, וואס איז געלערנט געווארן איין וואך דורך סרולקע רייזבוים און די צווייטע וואך דורך א ייד מיטן נאמען ראזענווייג.

רייזבוים פלעגט לויט זיין טבע צוטראגן דעם „מדרש" נאענט צו איין אויג, פארטראכט זיך, געוואנדעט זיין בליק צום פארזאמלטן עולם און גענומען זאגן דעם מדרש בעל־פה.

אחוץ דעם האט ראזענווייג זיך פארנומען מיט פארקויפן לאטעריע־צעטלען און בדוחק געהאט פרנסה. ער האט יעדן געבעטן פרווון דאס מזל, אבער ער אליין האט קיין מזל נישט געהאט.

**טיפן אין מיין סביבה**

מיר האבן געוווינט אויף קראמארסקא־גאס 32, ביי שמעון פערבער אין הויז. אין דעם דאזיקן הויז האט אויך געוווינט דער ראספשער רבי, ר' שלמה־זלמן וועלטפרייד, וועלכער האט דאס רוב צייט פארבראכט צווישן זיינע פיר ווענט און געלעבט אין זיין אייגן וועלטל.

אויפן הויף איז געשטאנען א גאנץ יאר דעם רבינס סוכה, באדעקט מיט פאפע קעגן רעגן. אויף סוכות האט מען זי געעפנט און מקיים געווען די מצווה: „חג הסוכות תעשה לך שבעת ימים". אין דער דאזיקער סוכה האט מען אויך געלערנט און געשלאפן.

עס האט געטראפן, אז אין די וואכן־טעג האט געפעלט א ייד צום מנין, צו דאווענען ביים רבין. נאך מיין בר־מצווה בין איך שוין צוגערעכנט געווארן צום מנין און אפטמאל געדאווענט ביים רבין. ווען מען איז דערגאנגען ביז „ברכו את ה' המבורך" איז אריינגעקומען דער גראבער ישראל שמש (מינק) איינגעהילט אין טלית, געוויזן מיט דער האנט, אז איך זאל אריין צום דאווענען און געשריגן: „נו, מפסיק..."

ווען איך האב איינמאל נישט געוואלט אריינגיין האט ער מיך שטארק אנגעגריפן און פון גרויס פחד בין איך שטענדיק אליין געלאפן, פרייוויליק, צום דאווענען. ערשט נאך א געוויסער צייט האב איך פארשטאנען, אז צוליב אזא ייִנגל ווי איך, קען דאס גאנצע דאווענען אפגעשטעלט ווערן.

און ווען איך דערמאן אונדזער וווינונג אויף קראמארסקא 32, קען איך נישט פארגעסן דעם טיפ פון שטאט, דעם גייסטיק־קראנקן שיעלע קאפלאוויטש. ער איז געווען גוט באקאנט אין שטאט, האט שטענדיק געהאלטן די האנט ביים מויל און גערעדט צו זיך. סיי זומער און סיי ווינטער, בייטאג און ביינאכט, פלעגט ער רעדן וועגן גוטע און שלעכטע מלאכים, געגעבן פירושים וועגן זיי, אנהייבנדיק פון יעקב אבינו ביז אים, שיעלעס צייטן.

נישט ווייט פון מיין הויז האט זיך געפונען די וויעטשנאשטש־גאס. דער אריינגאנג פון נומער 7 אויף דער דאזיקער גאס איז געווען זייער א שמאלער און פון ביידע זייטן זענען געשטאנען קליינע הייזקעס. אויפן הויף פון דער לינקער זייט — א גרויסע אפיצינע, געבויט פון רויטע ציגל. פון דער רעכטער זייט — א נידעריק הילצערן הייזל, ענלעך צו א שוועדישן שיכון. אין דעם הילצערנעם הייזל האבן געוווינט דער בעל־הבית חנא סקורניצקי און בעריש ראזנצווייג (בעריש דאסעלעס) מיט זיינע צוויי טעכטער, וועלכע זענען שוין לאנג אריבער די יארן פון „ראויות לחופה".

בערישס טעכטער האבן געטראגן דעם עול פרנסה, געפארן אויף די יארידן מיט שניט־סחורה: דינסטיק און פרייטיק אויפן מארק אין טאמאשאוו און מאנטיק און דאנערשטיק אויף די מערק אין אויאזד, אדער וואלבאזש. אין א יאריד־טאג איז דעם פאטערס פונקציע געווען צו אבסערווירן די קונים און אפהיטן די סחורה פון גנבים, בעת די טעכטער האבן געפירט דעם האנדל.

בעריש דאסעלעס איז געווען א ייד א למדן, א מופלג בתורה. ער האט געדענקט און ציטירט יעדע אמרה און משל פון חז״ל, דאס ספר, די זייט און אפילו די שורה, און ווען עמיץ האט זיך דערלויבט אין בערישס אנוועזנהייט ארויסצוזאגן א מיינונג וועגן אן אנדערן ייד, אז דער אדער יענער איז א למדן, האט זיך זיין ליולקע צערויכערט מיט א געדיכטן רויך און ער האט געפרעגט: „פון ווען אן ביסטו עס געווארן א מבין אויף תורה און לימודים?" מען האט גלייך געמוזט טוישן די טעמע, כדי אפצושוואכן זיין אויפרעגונג.

על פי רוב זענען די יידן אין בעריש דאסעלעס אנוועזנהייט אריבערגעגאנגען צו פאליטישע טעמעס, ווייל אויך אין דעם האט ער זיך ליב געהאט צו גריבלען.

חנא סקורניצקי איז געווען אַ ייד מיט אַ הדרת־פּנים, מיט אַ ברייטער ווייסער באָרד, אַן אַלעקסאַנדער חסיד. ער האָט נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון ר׳ ספרא ורבא, אַליין געגאַנגען איינקויפן אַן עוף אויף שבת ביי די אָנגעקומענע פויערטעס פון די דערפער, און אַז ער האָט גענומען בודק זיין די הון, האָט ער פריער אַ בלאָז געטאָן צווישן די פעדערן, כדי פעסט־שטעלן צי עס וועט גוט זיין אויף אַ יויך לכבוד שבת.

ער האָט אויך אָפּגעהיטן זיין פּרוכטן־סאָד, וואָס האָט זיך געצויגן הינטער זיין הייזל און אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָלן דאָ נישט פּאַרקומען קיין „ראָמאַנטישע סצענעס״.

אין דער לינקער זייט האָבן געוווינט די פאַלקעס: יאַכי־מאָווסקאַ און טוואַרדאָווסקאַ, וועלכע פלעגן יעדן שבת גיין פון איין יידיש הויז צום צווייטן אין דער גאַנצער סביבה מיט אַ שעכטל שוועבעלעך אונטערן פאַרטעך און גורם געווען, אַז יידן זאָלן אָפּהיטן די מצווה: „לא תבערו אש בכל מושבותיכם ביום השבת״. די גויעטעס האָבן איינגעהייצט די קאַפּל־אויוונס און באַקומען דערפאַר אין יעדן יידישן הויז אַ שטיק חלה מיט אַ צולאָג פון צוואַנציק גראָשן.

**ימים־נוראים**

אַזוי ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין די גלות־לענדער, בפרט אין פוילן, זענען אויך אין טאָמאַשאָוו געווען די טעג פון חודש אלול — טעג פון תשובה. די טעג זענען געוואָרן קירצער און קילער און דער אַזוי גערופענער „גאָל־דענער פוילישער האַרבסט״ האָט אָנגעהויבן באַהערשן די נאַטור.

אין פאַרשידענע ווינקעלעך פון יידישן טאָמאַשאָוו האָט זיך געהערט דאָס אויספּרוּוון די שופרות פון פאַרשידענע בעלי־תוקע. אַלס בעסטער בעל־תוקע אין טאָמאַשאָוו איז גע־ווען באַקאַנט אין מיינע יינגל־יאָרן הענעך בערלינער. יעדע תקיעה פון זיין שופר האָט אַדורכגעריסן די לופט מיט די קלאָרסטע און ריינסטע תקיעות, וועלכע זענען געווען אָן שום פּגם און דאָס ווידערקול האָט זיך צעטראָגן אַרום. הענעך בערלינער האָט זיך אויך גערעכנט אַלס בעסטער בעל־קורא אין שטאָט.

פאַרשידענע יידן, און דער עיקר אַלע שוחטים און ווינקל־שוחטים, ווי מאָטל פאַקולאַ, האָבן זיך געאיבט און געגרייט צו זיין בעלי־תפילות אין די ימים־נוראים, געחזרט די ראש־השנה־ און יום־כיפור־תפילות ביז האַלבער נאַכט, כדי זיין ראוי זיך שטעלן ביים עמוד, אַז דער עולם זאָל הנאה האָבן.

ווען יצחק שוחט האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ הויך ביים עמוד האָט זיין קול געקלינגען, ווי אַ באַריטאָן, און ווען ער האָט אַראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ צום עמוד האָט זיך זיין קול גע־ביטן אויף אַ באַס־שטימע. אָפטמאָל האָט זיך געדאַכט, אַז צוויי בעלי־תפילות שטייען ביים עמוד.

דער בעסטער בעל־תפילה איז געווען גדליהו שוחט. ער האָט געהאַט דעם גרעסטן כאָר מיט משה דזשאַזגאַ בראש. מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער נעמט אויס בעסער ווי אַ חזן. ווען גדליהו שוחט האָט ביים „שחרית״, אין דער גרויסער שול, געזאָגט מיט זיין לייבן־שטים „אבינו מלכנו קרע רוע גזר דיננו״, האָט ער מיטגעריסן די הערצער פון אַלע מתפללים.

אַלס באַרימטע בעלי־תפילות האָבן אויך געשמט: יוסף־זישע נאַמבערג, יענקעלע פעסטערמאַן, אשר פּערבער, מענדל כעלעמער און אַנדערע.

ראש־השנה נאָכמיטאָג זענען יידן געגאַנגען צו דער וואָל־בורקע, נאָענט צו דער בריק און אויסגעליידיקט די טאַשן פון עבירות, ווי אין פּסוק שטייט: „ותשליך במצולות ים כל חטאתם״.

קלענערע גרופּעס יידן זענען אויך געגאַנגען צו „תשליך״ אין דער ריכטונג פון „חזיר־מאַרק״, ווו עס האָט זיך געפונען אַ פאַרלאָזטער ברונעם.

נאָך די טעג פון „תשובה״, וועלכע דויערן איבער יום־כיפור, קומען די פריילעכע טעג פון סוכות. יידן פון פאַרשי־דענע שטיבלעך: גערער חסידים, אַלעקסאַנדערער, ראַדאָמ־סקער, ראַדאָשיצער, ראַדזינער, אַמשינאָווער, אָסטראָווצער און אַנדערע, לויפן מיט אתרוגים איבער די הייזער מקיים זיין די מצווה פון בענטשן אתרוג. שמחת־תורה פאַרבעטן די אָנגע־זעענע און מער פאַרמעגלעכע בעלי־בתים פון יעדן שטיבל זייערע מתפללים אויף אַ טראַדיציאָנעלן קידוש: בראָנפן מיט לעקעך און מוצאי שמחת תורה אויף אַ סעודה מיט אַ פּאָר פעסלעך ביר.

שמחת־תורה אין שול און אין בית־המדרש האָבן זיך פאַרזאַמלט טויזנטער יידן — מענער, פרויען און קינדער מיט די שמחת־תורה־פענדלעך, מיט די אַרויפגעזעצטע רויטע עפּעלעך און ליכטלעך, אַרומגעגאַנגען אַרום דעם בעלעמער מיט די ספרי־תורהס אין די הענט די זיבן טראַדיציאָנעלע הקפות, געזונגען, געטאַנצט און זיך משמח געווען מיט גאָטס תורה.

**פ ס ח**

נאָך פיל טעג פאַר פורים האָט זיך געמערקט אין שטאָט אַן אויפלעבונג אויף יעדן געביט. דאָס זענען געווען די פּי־בערהאַפטע צוגרייטונגען צום פּסח־סעזאָן, וואָס האָבן זיך פאַרשטאַרקט מיט יעדן טאָג, ווי עס שטייט געשריבן: „שלושים יום לפני החג שואלים ודורשים בהלכות החג״.

היטלמאַכערס, שוסטערס און שניידערס פון אַלע קאַטע־גאָריעס האָבן געהאַט פולע הענט מיט אַרבעט: מאָדערנע אַנצוגן, כאַלאַטלעך און געהאַקטע זשופּיצעס. אַלס ספּעציאַ־ליסטן צו נייען זיידענע קאַפּאָטעס האָבן זיך גערעכנט ישראל צעטער און מרדכי ישראל ברוך. מען האָט געזאָגט, אַז לייב־

קעלע מיט די קאָזעס איז אויך געווען באַוואָרפן מיט איבערניצוועצן אַלטע בגדים. אַלע האָבן געאַרבעט ביז חצות, ביז אין דער האַלבער נאַכט אַריין.

גלייך נאָך פורים דערפילט זיך שוין אין דער לופט דער אָנקומענדיקער פרילינג. עס ווערן באַזייטיקט די טאָפּלטע פענצטער, די וואַטעס מיט די טראָטשינעס. מען הייבט אָן ריי־ניקן די דירות. יעדער הויף ווערט פאַרפולט פון אַלט מעבל — טישן, שענק, בענקלעך. מען שיט אויס די צעריבענע שטרוי פון די אַלטע שעניקעס און מען פאַקט אָן די שלאָפזעק מיט פרישע בינטלעך שטרוי, וואָס צעשטעכט בייניאַכט די אברים. די שטובן ווערן געפוצט, די ווענט באַגאָסן מיט נאַפט פאַרן קאַלעכן, אָדער מאָלן — אַ גענעראַל־קאַמף מיט די אינזעקטן.

די לייכטער, מערזשלעך און אַנדערע מעשענע און זילבערנע כלים ווערן געפוצט מיט פלעשלעך „סידאָל". אַנדערע כלים מאַכן אַדורך אַ „טבילה". די קרעדענצן ווערן באַפּוצט מיט ספּעציעל־געבלימטע פּאַפּירענע בויגנס, און די עקן דעקאָרירט מיט לאַנגע אויסגעשוירענע פאַסן (קאָראַנקעס) מיט שפּיצלעך.

*

נאָך צוויי וואָכן פאַר פּסח האָבן שוין געווויסע בעקערייען אָנגעהויבן באַקן מצות, ביי וועלכע עס זענען געווען באַשעפטיקט פיל יידן — מענער, פרויען און אַפילו קינדער פון אָרעמע היימען, כדי צו פאַרדינען אַ פּאָר זלאָטעס אויף פּסח. יעדער איינער לויט זיין באַשטימטער פונקציע: מערערס, וואַסערטרעגער, שיבערס, רעדלערס, קנעטערס, וועלגערער ביי לאַנגע טישן און אַנדערע.

אויף די אַלע האָט אַכטונג געגעבן אַ משגיח מיט אַ ווייס האַנטעך אויף די פּלייצעס, וועלכער האָט זיך אַרומגעדרייט און אַכטונג געגעבן אויף דער כשרות. טאָמער איז געווען אַ שאלה: ספק כשר, ספק טריפה, האָט וועגן דעם געפּסקנט דער מאַגעלניצער, אָדער דער אַלעקסאַנדערער מורה־הוראה.

די מצות האָט מען פונאַנדערגעטראָגן אין די יידישע הייזער, יעדער לויט זיין באַשטעלונג — אַ פּוד, צוויי פּוד, — אין ווייסע ציכלעך, אָדער אין געפלאָכטענע שטרוי־קוישן, געבערענגט זיי אַהיים, אַרויפגעשטעלט אויפן שאַנק, אָדער אויפגעהאָנגען אויף דער וואַנט, אַפילו אין אַ זייט אויפן סופיט.

אין דער נאַכט פאַר ערב פּסח, האָט מען צעלייגט שטיקלעך ברויט צו בדיקת חמץ. דער בעל־הבית איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ ליכטל, צונויפגענומען די שטיקלעך ברויט מיט אַ געגנדזענע פעדער (פלעדערוויש) און אַ הילצערנעם קאָכלעפל, פאַרבינדן עס צוזאַמען מיטן ליכטל אין אַ ווייס שטיקל לייוונט און צמאָרגנס אין דער פרי, האָבן עס די קינדער פאַרברענט אויפן הויף.

ערב פּסח אויף דער נאַכט, ביים אַריינגאַנג אין בית־המדרש, זיצט זיך ביים ערשטן טיש יוסף שאַץ און ביים צווייטן טיש זיינוועלע גאַנעק (קאַנטאָראָוויטש), וואָס איינע פון זיינע פּרנסות איז געווען דאָס פלעכטן ציצות אין די טלית־קטנס.

פאַר די פּסח־טעג און אין די איבערגאַנגס־טעג פון ווינטער צו זומער, נאָך פּסח, האָבן יידן גענומען פאַרפּאַקן די ווינטער־בגדים: פּעלצן און מאַנטלען. מען האָט די ווינטער־בגדים איבערגעשאָטן מיט נאַפּטאַלין, נאָכדעם ווי „שמשון גולם" מיט די צוויי שטעקעלעך איז געדינגען געוואָרן אויסצוקלאַפּן די מלבושים פון שטויב.

„שמשון גולם" פלעגט זיך אַוועקשטעלן ביים טיש, אַוועקגעלייגט דעם בגד, פאַרריסן דעם קאָפּ אין אַ זייט און גענומען שנעל קלאַפּן מיט די שטעקעלעך, ווי אַ געאיבטער קאַפּעלמייסטער, אַ שטעקעלע אין דער לופט, אַ שטעקעלע אויפן מלבוש, אַזוי לאַנג ביז דער מלבוש איז ריין געוואָרן.

„שמשון גולם" איז געווען אַ הויכער, פעסט־געבויטער און שטילער, אָנגעטאָן שטענדיק אין אַ שוואַרצן אָנצוג מיט אַ שוואַרץ פּלאַטשיק ליציפּעט־היטל, פאַרבויגן מיטן דאַשעק אין דער הויך. ער איז געווען זייער אַ געפּוצטער און תמיד געגאַנגען מיט די הענט פאַרלייגט אויפן הינטן. ווען יינגלעך האָבן אים נאָכגעשריגן „שמשון גולם" איז זיין שטייפע פיגור שטיין געבליבן, דעם קאָפּ אויף אַ זייט, אַז די אָדערן אויפן האַלדז האָבן זיך אים אַזש אָנגעצויגן, און ער האָט מיט כעס אויסגעשריגן: „ליג אויפן בית־עולם".

ווען שמשון האָט זיך אַוועקגעזעצט עסן זיין מיטאָג, האָט זיך באַמערקט אויפן פענצטער אַ גרויסע שיסל קאַרטאָפל מיט אַ גרויסן סלאָי באָרשט און יעדע ווײַלע האָט זיך געהערט זיין אויסגעשריי: „מאַמע עס פעלט מיר באָרשט", „מאַמע עס פעלן מיר קאַרטאָפל".

אין „שמשון גולם" איז איינגעוואָרצלט געווען דער יידישער מוסר פון „כבד את אביך ואת אמך", וואָרום זיינע ליבסטע אויסדרוקן זענען געווען ביי יעדער געלעגנהייט: „מיין מאַמע זאָל אַזוי געזונט זיין".

ווען מען האָט אים געפרעגט: „שמשון, פאַרוואָס האָסטו נישט חתונה?", האָט ער געענטפערט, אַז קיינער וועט אים נישט אויסוואַשן קיין העמד אַזוי ריין, ווי זיין מאַמע.

„שמשון גולם" איז דערמאָרדעט געוואָרן פונקט ווי פיל אַנדערע יידן פון זיין שטייגער אין אונדזער שטאָט טאָמאַשאָוו.

די דייטשע פאַרברעכער, ימח שמם, האָבן נישט געמאַכט קיין שום אונטערשייד צווישן יידן חכמים, נאַראָנים, רייך און אָרעם. פאַר זיי איז יעדער ייד געווען אַן „אָביעקט" צו שטילן זייערע סאַדיסטישע מענטשפרעסערישע חיה־אינסטינקטן.

# א יידיש הויז מיט א האלבן יארהונדערט צוריק

יעקב ליינער

אויף דער קראָמאַרסקע גאַס, עק ווישטשנאָשטש, איז געשטאַנען דאָס אַזוי גערופענע „קאַלערשטיינס הויז". דער ערשטער שטאָק פון דעם דאָזיקן הויז איז געווען באַוווינט דורך מיינע עלטערן ר' חנינא־דוד און טויבע ליינער און דורך מיין זיידע־באָבע ר' יודל און אַלטע־חיה נאָמבערג ז"ל.

מיין פאָטער האָט צו יענער צייט געהאַט אַ פאַרטרעטונג פון אַ שוויצאַריש־פוילישער געזעלשאַפט: „שטיין עט קוזניצקי", וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט אימפּאָרטירן רויע וואָל און זייד צו שפּינען פאַר דער טעקסטיל־אינדוסטריע.

די דערהאַלטענע פּראַכטן און ספּעציפיקאַציעס פלעגט ער איבערגעבן דירעקט צו די פאַבריקאַנטן און שפּינער צו דער ווייטערדיקער באַהאַנדלונג. אַזאַ באַדינונג האָט אים פאַרקלענערט דעם רווח, אָבער געגעבן מעגלעכקייטן אויסצונוצן די צייט צו גייסטיקע ווערטן צו וועלכע ער האָט תמיד געשטרעבט.

דער סדר־היום פון מיין פאָטער, ר' חנינא ליינער, האָט זיך אָנגעהויבן מיט סטאַבילע שעורים אין תנ"ך, תלמוד און זוהר און ער האָט געזאָרגט, אַז קיין איין רגע זאָל אים נישט גיין לבטלה.

זיין „האָבי" איז געווען צו פירן גייסטרייכע שמועסן און ער האָט געקענט משפיע זיין אויף אַנדערע.

ר' יודל נאָמבערג האָט, מיט זיין שיינעם געשטאַלט, זיין הדרת־פּנימדיק זויבערער באָרד, אַרויסגערופן צו זיך גרויס רעספּעקט. זיין באַנוצן זיך שטענדיק מיט די צוגעפּאַסטע דברי חז"ל און ספרי חסידות האָבן ביי יעדער געלעגנהייט געשאַפן אַ יסוד פאַר אַ פּרק מוסר.

איך דערמאָן זיך אין דעם הויז דעם פּשוטן טיפּ פון דעם אַמאָליקן יידישן שטעטל. דאָס איז געווען וואַלף־בער, דער וואַסער־טרעגער, אַן ערלעכער, אָבער זייער פּרימיטיווער ייד, וועלכער האָט אַפילו די יידישע שפּראַך נישט באַהערשט.

פלעגט דער דאָזיקער וואָלף־בער אַריינקומען יעדן שבת צו מיין זיידן ר' יודל נאָמבערג מאַכן קידוש און נאָכן אויסטרונקען דאָס גלעזל בראַנפן און צובייסן האָט ער זיך באַמיט נאָכצוזאָגן פּסוקים פון דער פּרשה.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם וואַסער־פירער וואָלף־בער דערמאָן איך זיך דעם טראַגישן פאַל, וואָס האָט פּאַסירט בערך מיט 60 יאָר צוריק אין אונדזער הויז. צענדליקער מענטשן, אָנטיילנעמער אין אַ ברית־מילה, האָבן זיך דעמאָלט שטערבלעך פאַרסמט מיטן עסן, וואָס מען האָט דערלאַנגט צו דער סעודה.

די פאַרסמטע האָבן זיך געמאַטערט אין שרעקלעכע יסורים. די מעדיצינישע הילף איז געווען מאַכטלאָז און נישט געפונען קיין מיטלען צו ראַטעווען די אומגליקלעכע. עס זענען געפאַלן די ערשטע קרבנות. געוויינען און געשרייען האָבן זיך געטראָגן פון אַלע ווינקלען.

אין יענע צייטן איז נאָך דער מענטש נישט באַטראַכט געוואָרן ווי אַ שרייפל פון אַ מאַשין, אָדער ווי אַ פליג. די יסורים פון אַ יחיד האָבן אויפגעציטערט אַ שטאָט. בעת אַ לוויה זענען די געשעפטן פאַרמאַכט געוואָרן און שוין פאַרטאָג האָט דער שמש וועגן דעם מודיע געווען דורך קלאַפּן אין די לאָדן פון די איינוווינער.

האָט טאַקע דאָס גאַנצע יידישע טאָמאַשאָוו אויפגעציטערט פון דער דאָזיקער שוידערלעכער טראַגעדיע. צענדליקער מענטשן זענען אַרומגעלאָפן ביי טאָג און באַנאַכט פון איין קראַנקן צום צווייטן און געזוכט מעגלעכקייטן און האָפענונג צו העלפן זיי מיט דער גרעסטער מסירת־נפש.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן איז איינער פון די גרעסטע מעדיצינישע פעלערן געווען דאָס, וואָס די דאָקטוירים האָבן שטרענג פאַרבאָטן צו געבן די געליטענע וואַסער.

ווען די פרייוויליקע מענטשן זענען אַריינגעקומען צו וואָלף־בער דעם וואַסערטרעגער, וועלכער האָט אויך אָנטייל גענומען אין דער פאַרסמטער סעודה, האָבן זיי אים געטראָפן ליגן ביי צוויי עמער וואַסער, פון וועלכע ער האָט כסדר געשעפּט און געטרונקען. די באַזוכער זענען אין גרויס שרעק אויפגעשפּרונגען און געשריגן: „וועלוול! וואָס טוט איר? איר דערהרגעט זיך דאָך! די דאָקטוירים זאָגן, אַז פון וואַסער מוז אַלץ אינעווייניק אויפרייסן". ענטפערט וואָלף־בער מיט די לעצטע כוחות: „איך בין געוווינט צו לעשן מיט וואַסער."

און עס איז כדאי צו באַטאָנען, אַז וואָלף־בער איז געווען צווישן די געציילטע, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון דער פאַרסמטער סעודה.

אין דעם הויז, ווו מיר האָבן געוווינט אין אַ דירה, אויפן פאַרטער, האָט אויך געוווינט אַ געוויסער יענקל וואַלד. דער ייד מיט זיין משפּחה האָבן שווער געאַרבעט אַ גאַנצע וואָך. ער איז געווען אַ בעל־עגלה — אַ כאַראַקטעריסטישע באַשעפטיקונג פאַר גלות־יידן.

צוויי מאָל אַ וואָך פלעגט יענקל פירן קיין לאָדזש מאַנופאַקטור, וואָס די טאָמאַשאָווער פאַבריקאַנטן האָבן געליפערט פאַר די לאָדזשער סוחרים און צוריק האָט ער געפירט רוי־

שטאָפן, בריוו, געלט און פאַרשידענע פעקלעך, וועלכע ער האָט מיט דער הילף פון זיין פאַמיליע צעטיילט אין שטאָט.

די גאַנצע וואָך איז יענקל און זיין משפחה געווען פאַר־האָרעוועט ביז שפּעט ביינאַכט, אָבער ווען עס איז געקומען שבת, האָבן זיי זיך פאַרוואַנדלט אין אַנדערע מענטשן.

יענקל וואָלד מיט זיין משפחה האָבן כאַראַקטעריזירט אַ טיפּישע יידישע משפחה אין אַמאָליקן פוילישן, אָדער רוסישן שטעטל. די גאַנצע וואָך איז מען געווען פאַריאָגט, כדי אָפּצו־געבן דעם גרעסטן כבוד דעם שבת־קודש.

דער בעל־עגלה וואָלד איז געווען דער ערשטער אין אונ־דזער הויז, וועלכער האָט מעביר געווען די סדרה. בעת מיר זענען געגאַנגען שבת צום דאַווענען אין אונדזער חסידים־שטיבל, האָט די משפחה וואָלד שוין געזונגען די זמירות. באַלד נאָך דער „הבדלה" האָט זיך ביי וואָלדן אָנגעהויבן די וואָך פון האָרעוואַניע. מען האָט שוין אַרויסגעשלעפּט די וועג־גענער. די גאַנצע משפחה האָט אָנגעהויבן אָנלאָדן די סחורות, די זעק און פעק, און געגרייט זיך צו לאָזן פאַרטאָג אין וועג אַריין.

סוכות זענען אַלע שכנים געזעסן צוזאַמען אין מיין זיידנס סוכה און אויך דער בעל־עגלה מיט זיינע זין האָבן מכבד גע־ווען אונדזער סוכה, אין וועלכער עס האָט געהערשט די שיינע חסידישע טראַדיציע און די ספּעציפיש־יידישע אַטמאָספער — אַן אַטמאָספער פון יידישקייט, וועלכע האָט כאַראַקטערי־זירט אַן אַמאָליק יידיש הויז מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק.

### ר' עמנואל זילבערשטיין און אשר כהן

דעם באַרימטן אָשר כהן, וועלכער איז געווען דער אייגנ־טימער פון דער „ווידזעווער מאַניפאַקטור" אין לאָדזש, געדענק איך אַלס חסידישן בחור, אין זיין געבורטס־שטאָט טאָמאַשאָוו.

ווען איך בין געווען אַ ייִנגל געדענק איך די צווי איבער־געגעבענע חברים: ר' עמנואל זילבערשטיין און אָשר כהן אַלס אויסגעשפּראָכענע בני־תורה. ביידע יינגעלייט האָבן נאָך דער חתונה געגעסן „קעסט", יעדער ביי זיין שווער. ביידע האָבן צוזאַמען געלערנט אין אַלעקסאַנדער חסידים־שטיבל אין טאָמאַשאָוו. ביידע חברים זענען געווען זייער פעאיק, געהאַט גוטע קעפּ. תמיד האָבן זיי זיך געטיילט מיט זייערע מחשבות, צוזאַמען געפאָרן צום רבין. מען האָט כמעט נישט געזען איי־נעם אָן דעם אַנדערן.

געענדיקט דעם קעסט־פּעריאָד האָט זיך אָשר כהן גענומען צו טעקסטיל־פאַבריקאַציע, געוואָרן רייך און אַנגעזען, גע־שטיגן ביזן שפּיץ־לייטער אַלס גרויס־אינדוסטריעלער און צום סוף געוואָרן דער באַקאַנטער אָסקאַר כהן, דער אייגנטימער פון דער „ווידזעווער מאַנופאַקטור" אין לאָדזש, וועלכער האָט פאַרן לעצטן וועלט־קריג באַשעפטיקט העכער 30 טויזנט אַר־בעטער.

אָשר כהן איז באַקאַנט געוואָרן אין גאַנץ פוילן און אין דער גאַנצער וועלט צוליב זיין גיגאַנטישער וועלט־פירמע.

זיין חבר, ר' עמנואל זילבערשטיין, האָט זיך גענומען צו מלמדות און ער האָט זיך געשאַפן אַ נאָמען אַלס אויס־געצייכנטער מלמד. עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז ר' עמנואל האָט זיין וועג אין לעבן אויסגעווילט צוליב מאַנגל אין פעאיקייטן. אדרבה, לויט זיין פּקחות און זיין אָריענ־טירן זיך אין וועלטלעכע ענינים, לויט זיין רייכער שפּראַך און רעפּרעזענטאַטיווער געשטאַלט וואָלט ער זיכער געקאָנט מצליח זיין אויף פאַרשידענע געביטן. עס איז געווען אַ תענוג צו הערן מיט וואָס פאַראַ לייכטקייט ער האָט אויפגעקלערט שווערע און טיפע באַגריפן, ווי קלאָר און ריין זיין שפּראַך איז געפלאָסן, ווי טיפזיניק און פיל מיט איינגעבוירענער חכמה.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער געוווינט אין לאָדזש און איז באַקאַנט געווען אַלס ר' עמנואל טאָמאַשאָווער.

אין די חסידישע און לומדישע קרייזן האָט מען אים שטאַרק געשעצט, אָבער כבוד מיט פּרנסה גייען נישט שטענ־דיק צוזאַמען האַנט ביי האַנט. ספּעציעל האָט ער דאָס געפילט ווען ער האָט געדאַרפט חתונה מאַכן אַ קינד. אַלטע חברים און פריינט האָבן אים געגעבן אָנצוהערן וועגן זיין אַמאָליקן חבר אָשר כהן, אָבער ער האָט דעם געדאַנק אַלעמאָל אָפּגע־וואָרפן.

עס האָט פּאַסירט אַ טראַגישער פאַל, אַז אָשר קאָנס אַ זון איז דערשאָסן געוואָרן דורך אַ פוילישן אַרבעטער און דאָס גאַנצע לאָדזשער יידנטום איז געוואָרן אויפגערודערט. דאָס מאָל האָט ר' עמנואל באַשלאָסן צו גיין צו זיין אַמאָליקן חבר מנחם־אבל זיין. דער גורל האָט געוואָלט, אַז אין דעם זעלבן חודש האָט ער חתונה געמאַכט אַ טאָכטער.

ווען אָשר כהן איז געזעסן „שבעה", איז צו אים געקומען זיין פריינט ר' עמנואל אויסדריקן אים מיטגעפיל און ביי דער געלעגנהייט, בעת דעם וואָרעמען שמועס, האָט ער אים געגעבן אָנצוהערן אויף אַ דעליקאַטן אופן וועגן זיין לאַגע האַלטנדיק אין דער האַנט די חתונה־קאַרטע. אָשר כהן האָט אים אַרויס־געצויגן די קאַרטע פון דער האַנט, פאַרשטעקט זי אין בוזעם־טאַש און געזאָגט צו אים אויך אויף אַ דעליקאַטן אופן, אַז ער וועט אים שיקן דאָס דרשה־געשאַנק מיט דער פּאָסט.

אַ פּאָר וואָכן האָט ר' עמנואל זילבערשטיין געלעבט אין שפּאַנונג און אַ נייגעריקן אומגעדולד. ענדלעך איז דער צו־שטייער אָנגעקומען. אָשר כהן האָט זיין פריינט און חבר געשיקט אַ ספר מיטן נאָמען „מעדני מלך", וואָס ער האָט מחבר געווען צו יענער צייט, ווען ער איז געווען אַ חסידישער בחור „אויף קעסט" צוזאַמען מיט ר' עמנואל זילבערשטיין.

# בימים ההם

יעקב שטיינמן

## קצפים בעירנו

שמענו כי ישנם ברוסיה „קצפים ויחפים" הפורעים פרעות ביהודים, והם פראים למחצה, גסים ובורים בלי בושה ונימוס, ושלעומתם האכרים הפולנים הם אצילים, עדינים ובני תרבות במידה ידועה. לא ידענו את טיבם ומהותם, והכרנו רק קצפ אחד מוכר „סחר מרוזני" (גלידה). בשנת 1880 זכינו לקבל את פניהם בעירנו עם התחלת בנינה של מסילת הברזל האיונגרודי־דומברובית שעברה דרך עירנו, ושעל ידה נתחברה ללודז' ולוורשה, — כלומר עם רוסיה.

מסילת הברזל הזאת הביאה תנועת חיים בתוצרת האריג, ומאז התחילו הסוחרים מרוסיה לבוא לעירנו לקנות את תוצרתה, כי הנסיעה מורשה ומלודז' לעירנו היתה קשורה בתלאות וקשיים דרך התחנה של מסילת הברזל הוינאית־רוקוצין, שהיתה רחוקה ארבע פרסאות מעירנו בלי כביש ומסילה ישרה ותקינה, והסוחרים מנעו את רגליהם מעירנו כי לא רצו לסבול מחיבוט הדרך.

כידוע, היה אז שכר הפועלים הפשוטים בפולין משלושים עד ארבעים קופיקות ליום, ותמיד היו פועלים מחוסרי עבודה. למרות זאת הביאו קבלני בנין המסילה את הקצפים לעסוק בבנינה, כי זאת דרשה הממשלה הרוסית בנתנה את הרשיון לבנין המסילה. אז זכינו לראות את הקצפים בנבלותם ושפלותם. הם התהלכו יחפים בקיץ ובחורף, לא חבשו כובעים על ראשיהם, והיו לבושים מכנסים רחבים בלי מעיל, והכותונת לא היתה תחובה במכנסים כי אם מעליהם, ושמשה להם במקום מעיל.

כמעט כולם היו בעלי זקן עם בלורית פרועה ומדובללה ולא רחוצים, כי עוד לא היתה בעירנו „בניה" (בי־מסותא) רוסי לזעה.

כל יום ראשון בשבוע ובשעות הערב ביומא דחול, היו ממלאים הקצפים את כל רחובות העיר ואת בתי המרזח, כולם היו סבואים כלוט, ובידיהם בקבוקי יין שרף ומלפפונים. היו מתהוללים ומשתובבים, רודפים אחרי נשים וקרו גם מעשי־אונס. הם היו מחרפים ומגדפים כל איש ובפרט את היהודים שהיו בדרכם. הם היו מכים אותם ומחבלים בהם ומקימים שערוריות בעיר. לכל חנות שהיו נכנסים לקנות דבר מה, היו גונבים כל מה שעלה בידם, ולפעמים היו מטנפים ומשחיתים את הסחורות שהציעו להם. פעם ניגש קצפ אחד אל יהודיה שישבה בשוק עם שולחן ירקות ושאל למחירם. בשמעו את תשובתה, פיזר את הירקות על הארץ, רמס אותם ברגליו, סטר לירקנית והסתלק בגדפו את כל היהודים.

השוטרים האחדים שהיו בעיר לא יכלו להשקיטם ולהרגיעם או לאסרם, כי פחדו להתקרב אליהם מפני תנופת אגרופם והאבנים שהיו תמיד בכיסם. היהודים שהיו יוצאים בשבת ובחגים לראות את עבודתם בבנין הגשר על נהר הפיליצה ולשמוע את רינתם בשעת עבודתם, היו שבים לביתם מוכים ופצועים, כי הקצפים היו סוקלים ורוגמים אותם באבנים, רודפים אחריהם וחובטים בהם במקלות ובאלות.

כשבא הקטר הראשון עם נוסעים מלודז' לטומשוב, יצאו כל בני העיר, זקנים וטף, אל התחנה לראות את הקטר והרכבת, כי תשעים אחוז מהם לא ראו מעודם קטר ורכבת כי אם רק שמעו עליה. בראותם את הרכבת המתקרבת אל התחנה במלוא קיטורה ונוסעים יוצאים מהקרונות, לא היה קץ לשמחתם ולהשתוממותם. עוד יותר גדלה שמחתם למחרת היום כשנעלמו כל הקצפים מהעיר ונפטרנו מהמפלצות האלו שהחרידו את כל התושבים בגסותם ובפראותם.

נוסעי הרכבת מלודז' היו מוכרחים לצאת ממנה בתחנה בקולושקי ולעלות על גשר עץ גבוה כארבע קומות שהיה בנוי על פני כל פסי ואדני המסילה, ולרדת ממנו בכדי להשיג את הרכבת היוצאת לטומשוב. בחורף, כשהשלג והכפור כיסו את הגשר, או בלילה, בחושך ובאפלה, אירעו כל מיני תקלות לנוסעים, כי הם היו מתחלקים על הקרח והשלג. כל התלונות לממשלה המרכזית לא הועילו והגשר עמד בקלקלתו ובסכנותיו, עד ששוחררה פולין. ביום השלישי לקיומה של הממשלה הפולנית נהרס והוסר הגשר, והרכבת החלה לנסוע ישר מלודז' לטומשוב.

מהיום שחוסלה חבורת הגנבים על ידי הגרמנים, לא נראו עוד ולא נשמע בעירנו על גנבים יהודים, כי אם רק גנבים נוצרים, ואומנות הגניבות בעירנו היתה בהחלט „יודען רייך"

## גנבים ושודדים

יערות עד שסובבו את טומשוב מכל עבריה, שמשו מקום מקלט לשודדים ולגזלנים, שהפילו את חיתתם על העיר וסביבותיה, לאחר המרד של שנת 1863. פליטי המרד שלא יכלו לגור בעיר, הסתתרו ביערות, שדדו גזלו וגם רצחו נפשות ואף שוטרים שיצאו לתפסם. המפורסם שבהם היה השודד אורלובסקי וכנופיתו, שהדריכו בשנות השבעים למאה שעברה, את מנוחת הרשות הרוסית שלא יכלה במשך הרבה שנים לבערם. אורלובסקי היה בא מזמן לזמן לעירנו, מבלה בה כרצונו, ואף פעם לא נפל בידי השוטרים שידעו על בואו העירה, כי רבים מתושבי העיר הנוצרים, סככו עליו ועל מקום מגוריו, ולא גילו את מקום מחבואו, — מפחד או מאהדה

לפעולותיו. הוא היה בעיניהם כמעט לגבור לאומי, הנוקם את נקמתם ברוסים.

אף על פי שלא נגע לרעה בתושבי העיר, היה מטיל בבואו העירה פחד ובעתה על התושבים. ובהודע שהוא בעיר, היתה אוחזת את כל תושביה חרדה. החנויות היו נסגרות עם שקיעת החמה ואיש לא היה מעיז לצאת בלילה מפתח ביתו.

התושבים היו מספרים עליו מעשיות, בדויות או אמיתיות, שמעולם לא נגע לרעה בעניים ובאביונים, כי אם היה עוזר להם במתנות ובכסף, והיה מתנפל רק על עוברי דרכים עשירים ששמם יצא כנוכלים או קמצנים, וידם קפוצה לבלי עזור לנדכאים ולחולים. כל המעשיות שספרו עליו ועל תחבולותיו להתחמק מידי רודפיו השוטרים, דומות בהרבה לספורים על רינלדו רינלדינו האיטלקי. בשמו של אורלובסקי היו מפחידים אותי, בהיותי ילד פעוט. אם רציתי לצאת החוצה בלילה, וכששמעתי מאמי: „אל תצא, אורלובסקי בעיר", ידעתי שאני צריך להתחבא במטתה של אמי.

שנים רבות סבלה עירנו ממוראו של אורלובסקי, מחיפושי השוטרים בלילות בבתי האזרחים, ומהקנסות שהטילה הרשות על העיר המסתירה את השודד השנוא עליה, עד שנודע פתאום שאורלובסקי יצא מפולין לאמריקה. אמנם הוא גז ונעלם, אבל שמו וזכרו נשארו בעיר, כי יהודיה הכתירו איש חסיד אחד, נוכל רמאי ופושט בכל שבוע את רגליו לנושיו, וקראוהו „שלמה'לע אורלובסקי".

שנים אחרי זה הופיע בסביבות העיר שודד וגזלן חדש, דאניעל שמו, ושטח פעולותיו היה מסוליוב הקרובה לעירנו, עד פיוטרקוב וטומשוב. הוא לא היה מבחין בין יהודי לנוצרי, בין עשיר לעני, חמס, גזל ורצח את כל מי שנפל לידיו, וגם לו היו הרבה עוזרים. כל עמל המשטרה לתפסו ולחסל את כנופיתו היה לשווא, ועריצותו הלכה וגברה. בעירנו לא נראה וקרבנותיו היו העוברים ושבים בין טומשוב לפיוטרקוב, סוליוב ואופוצ'נה, בעלי האחוזות הגדולות, ואכרים אמידים. שר הפלך הפיוטרקובי, בהווכחו כי המשטרה לבדה לעולם לא תתפוש אותו ואת חבריו, קרא לעזרה גדוד דרגונים. הפרשים הקיפו בצורת שרשרת את כל היערות ותפשו את חבריו אחד אחד, וכשנשאר דאניעל לבדו, רדפו הדרגונים אחריו במשך כמה ימים בסביבות סוליוב והדביקוהו בין היער והנהר פיליצה. דאניעל קפץ לפיליצה ורצה לשחות לעבר השני של הנהר, אבל הדרגונים ירו בו ברוביהם.

הוא נפגע וטבע בנהר. זה היה האחרון מהשודדים שהחרידו את סביבות העיר, ואחריו פסקו פגעי השודדים ומוראם.

מלבד הגזלנים שאומנותם היתה החמס, לא חסרו בעירנו גנבים שהיו גונבים ולעת מצוא גם שודדים. ביניהם היו לחרפתנו גם יהודים שהגניבות היו אומנותם, לבסוף נפלו בידי השוטרים ונידונו לעבודת פרך בסיביר.

אחרי חיסולה של החבורה הנוצרית־יהודית הזו, קמה חבורת גנבים של פולנים טהורים, ובראשם עמד סלדקא המפורסם, אשר חוסלה על ידי הגרמנים אחרי כבשם את עירנו בשנת 1914.

מלבד הגנבים הלויתנים, פעלו ביומא דשוקא חבורות שונות של כייסים צעירים, שהיו מריקים את כיסיהם של האכרים ושל הנשים שבאו לקנות ירקות ועופות לכבוד השבת.

## משומדים

אופייני הוא הדבר, כי במשך זמן רב היו פקידי הרשות הרוסית בטומשוב משומדים. תקופה ארוכה שימש ראש העיר קצין רוסי גבוה ניעמיראווסקי, יהודי משומד מהקנ־טוניסטים. היו לו כשרונות של אדמיניסטרטור חרוץ ופעיל, ובימיו גזה מראיתה האפלה והעגומה של העיר וקיבלה צורה תרבותית. הוא ריצף את השוק והרחובות באבנים והעמיד פנסי נפט להאיר את העיר. אמנם, הלצים התלוצצלו, כי המנורה הקבועה על כלונס העץ משמשת רק לעוברים והשבים שיזהרו ולא יפוצצו את ראשיהם בכלונס, אבל בכל זאת גרשו הפנסים את האפלה מהעיר, ונעלמו פנסי היד של התושבים.

הוא גזר את „הגזירה" שאסור לבנות בתים חדשים מעץ, כי אם רק מלבנים, ואלמלא גזירתו זו היתה טומשוב עד היום עיר של בתי־עץ. אוזניו היו אטומות לשמוע את הקללות שנפלו על ראשו בגלל „גזירת בתי העץ".

עוד „חסרון" גדול היה בו: היה נקי כפיים, שוחד לא לקח ודורונות לא קבל, ובכל חומרת הדין היה דורש ומשגיח על הנקיון בעיר. עינו היתה גם פקוחה, שהנענשים ישאו את עונשם וישבו בכלא, ולא יפטרו את עצמם בשוחד. היה רושם את הנענשים ברשימת האנשים, שכבר ריצו את עוונם, במחיר של חצי רו"כ.

הודות ליוזמתו, נוסדה בעיר חברת „מכבי־אש" ומוסדות שונים אחרים.

ביחוד הראה את ידו הקשה ליהודים בגביית מסי־הממשלה ובהקפדתו על נקיון בתיהם. מאחורי גבו היו כולם מקללים אותו.

בחצר ביתו של שמואל שפס נדלקה פעם חבית עם זפת. הבנינים היו כאן צפופים ומיושבים יהודים. התושבים נתאספו מכל החצרות, אבל אף איש מהם לא הרים את ידו לכבות את האש, כולם רק צעקו:

— גוואלט! תבערה!

כשבא שר העיר נימירובסקי, לקח מכסה וכסה את

החבית, והאש כבתה מאליה. כשגמר את מלאכתו, קרא ליהודים שעמדו מסביבו:

— אסלי ווי, פארשיוויע זשידי! (חמורים אתם, יהודים מצורעים).

אנכי שעמדתי ממולו קראתי אליו:

— טי סאם פארשיווי זשיד (אתה בעצמך יהודי מצורע!).

הוא התחיל להתקרב אלי, אבל לך וחטוף את הרוח בשדה.

גם שר השוטרים טרלצקי היה מומר מהקנטוניסטים, אבל הוא היה טיפוס שפל, בלי אופי ובלי מצפון. היה לוקח שוחד, מרגל, שותף לגנבים והטיל חתיתו על היהודים. אבל אותו לא שנאו היהודים, כי בעד חצי „ציפור" יכלו לטשטש ולמחוק את כל הפרטי־כלים שהיה עורך נגדם.

מומר מגוחך ומעורר בחילה היה הרופא מטעם שר המחוז בטומשוב. הד"ר שפיגל. הוא היה יהודוני בעל חטוטרת, זקן שיבה קצר עיטר את פניו, כל תנועותיו היו כשל בטלן מבית־המדרש הישן, ועיניו הפיקו שפלות ורמאות.

גם אשתו היתה מומרת, ואילו היו מניחים על ראשה הקרח את השביס המסורתי היהודי, אי אפשר היה אז להבחין, בינה ובין אשה חסידה וכשרה.

כמדומה לי, שהזוג הזה מוצאם היה מלובלין. ד"ר שפיגל זה היה אץ להתעשר, קמצן ומלווה כסף ברבית. היה בלתי חברותי, לא התרועע עם יהודים וגם לא עם נוצרים. ליהודים לא הראה כל שנאה וגם לא אהדה. מקצועו היה מחלות ילדים, ובבואו אל החולה היו דבריו הראשונים:

„דאַוואַי דוואַ זלאָטע אי פּאָקאַזש יאַזיק!" (תן שני זהובים והראה את הלשון!). יותר לא דרש מעודו.

גם הפסטור הלוטרני היה מומר, ושמו היה בענוא. הוא היה ידען בעברית והיה מתרועע עם יהודים ובפרט עם המשכילים.

היתה שמועה, כי גם שר המחוז היה משומד, אולם זה לא התברר אף פעם. מבני העיר לא ישבו משומדים בטומשוב.

לפני חמישים ותשע שנים (וכעת לפני כ־87 שנים) יצא בחג השבועות קול בעיר, כי איזה יששכר קליינברד עומד להכנס לכנסיה הקטולית. היהודים השתמשו בכל התחבולות, שלמו הרבה כסף בכדי להוציאו מהמנזר בוואלבאזש ושלחוהו לקרקוב, שם חזר ליהדות.

## החברה קדישא

בין כל החברות השונות הנפוצות ברחוב היהודי, התבלטה והורגשה ביותר החברה קדישא. לה היה תקנון חמור מעין דינים שנתקדשו בקדושת הדת. בפעולותיה המחוצפות הטילה את מרותה ואימתה על התושבים, והשתמשה נגדם בכפיה ובאונס. לא בנקל עלה לאדם להתקבל בתור חבר לחברה הזאת. דין קדימה ובכורה היה לבני החברים בחברה. הם הוכנסו לתוכה באופן אוטומטי. חבר חדש היה מתקבל ומתאשר על ידי הגבאים אחרי הפצרות רבות, ושלוש שנים היה „פרחח" ולא יכול היה להינות מהזכויות של חבר ותיק, והיתה מוטלת עליו החובה למלאות את כל הפקודות של החברים הוותיקים. בעבור החבר החדש את הנסיון של שלוש שנים, היו מכתירים אותו בתור „חבר עסקן" עם הזכות להשתתף במשתאות החברה, בבחירות ובקבורת בר־מינן, בלשונם „שיבוטא" (אָן העכטל).

מכל המטרות הנעלות והחשובות שהיו לה לפנים לחברה קדישא, כמו: ביקור חולים, ניחום אבלים, החזקת ההקדש — לא נשארו לה, ברבות הימים, אפילו זכר ושריד מהן. בשעת לידתה היו לה מטרות פילנטרופיות, אבל הן הוזנחו ונשכחו, ובמקומן הושרשו מטרות זרות: לסחוט כסף מהאבלים, לקבור את המתים כמו „שיבוטות" ולערוך אחרי הקבורה משתה. כל ימי השנה היו להם כיום טוב אריכתא לזולול ולסבוא. מראש חודש אלול החלו לערוך בכל יום משתאות וסעודות בזעיר אנפין, וביום זה היו קונים גם סוכר וביצים לאפית עוגות הדבש לערב יום־הכיפורים ושמחת תורה.

בערב יום הכיפורים בבוקר, בשעה שמבקרים את קברי הקרובים, היו באים כל חברי החברה לבית הקברות, וכל המבקרים בו היו מקבלים כוס יי"ש ופרוסה של עוגת דבש, ואת נדבותיהם לטובת החברה היו זורקים לקערות. חברי החברה ובפרט הגבאים היו שותים „לחיים" עם כל המבקרים בבית הקברות, ולתפילת „כל נדרי" היו באים לבית־הכנסת שיכורים כמו לוט. הכסף שהיה נאסף בקערות היה נעלם מיד בין אצבעותיהם של הגבאים ובני החברה, ומעולם לא הוכנס לחשבון הכנסות החברה. מבית הקברות היו מביאים החברים לנשותיהם מנות של עוגות דבש, ובמוצאי יום הכיפורים היו שותים וסובאים כל הלילה.

בליל הושענא רבה היו עורכים את הבחירות לועד החדש, וכל אותו הלילה, ובשמיני עצרת, ובליל שמחת תורה ולמחרתו, היתה נמשכת השתיה. בשמחת תורה בבוקר היו שולחים הגבאים החדשים לבית כל חבר וחבר מנות מסוימות של עוגות דבש ו„הבדלות". ביום א', פרשת חיי שרה, היתה נערכת הסעודה המסורתית, ובה היו מוצאים את „תיקונם" המון אווזים וזפקים, ויין ושכר נשפך לגרונם כמים.

רובם היו מומחים לשתיה ולא היו מתבסמים מעולם, רק פאלעקל האופה היה מתבסם מהכוס הראשונה, ומיד היה מתחיל לקלל ולגדף את ראש הקהילה נייפעלד. הוא היה מקלל אותו, כי האמין שמעולם לא היה מפוכח, לא ידע כי הגבאים והכנופיה שלהם היו נותנים לפעמים כוס יי"ש וזפק.

גם בכל ימות החורף היו עורכים להם בני העליה שבחברה קדישא משתאות בבתי מרזח שונים, ואם אזל להם הכסף

המזומן; לא חדלו ההילולות, כי היו לוקחים הכל בהקפה על חשבון החולים שיהיו בעזרת השם „לשיבוטות". אם שמש בית־המדרש, בלכתו בבוקר לעורר את הישנים „לעבודת הבורא", היה דופק על תריסי החלונות רק שתי דפיקות, היה זה משמש אות שבלילה נפטר מישהו, ומיד היו מודיעים חברי החברה איש לרעהו את הבשורה: „יש שיבוטא", ואחרי תפילת הבוקר היו הולכים לבית המרזח של ליזר רעדליך לשתות יי"ש.

פעם אחת פגשתי להקת חברי החברה ובראשם הירשל רעדליך, שעמדו בליל חורף בשעה מאוחרת לפני ביתו של ברגסון ברחוב אנטוני, להיוודע אם כבר מת בנו היחידי ששכב חולה, ולא היתה להם שהות לחכות, כי רצו לערוך עוד בו בלילה את „השולחן היפה" (בלשונם: אן היפשער טיש).

אחרי קבורת המת היתה מתעוררת תמיד מריבה בין הגבאים ובין החברים, שהיו טוענים, כי הגבאים מעלימים ולא מוציאים את כל הכסף שקיבלו בעד הקבורה. ואלה שהגבאים היו מפחדים מפניהם היו מקבלים מהם דמי־שתיקה, רובל אחד לאיש.

הם היו שותים יי"ש אחרי הרמת המת מהמיטה, בשעת גזירת הקרשים לארון, לפני הטהרה ואחרי סתימת הגולל. את הסעודה הרחבה בערב, אחרי הקבורה, היו עורכים בבית המרזח של נחמיה פאקולא או לייזר רעדליך.

מענין להעיר, כי בכל מעשיהם, מגזירת הארון עד סתימת הגולל, אף על פי שהיו סבואי יי"ש, היו משתמשים במלים ובבטויים עבריים, למשל: תן את „הקרשים", פשוט את „ידיו", סגור את „עיניו", הנח את „ראשו", „גולל", „דופק", וכדומה. העובדה הזאת מעידה, כי קבורת המת היתה מעולם אצל היהודים טכס של קדושה ולכן צריכים להשתמש בזמן הקבורה בלשון הקודש.

בכל תקיפותם והמשמעת ששררה ביניהם, הופרעה מנו־חתם לעתים קרובות. פעם פרץ ריב בין טביל החייט ואברהם פאלעק ובין הגבאים בגלל חלוקת הכספים, והם הלכו ויסדו להם חברה קדישא חדשה שנקראה בשם: „החברה הירוקה".

תענוג היה אז למות בטומשוב, כי החברות התחרו ביניהן וכל אחת הורידה את מחיר הקבורה. לעתים קרובות היו ביניהן מהלומות ומכות, וגם גרמו לבזיון המת, כי לפעמים, אם חברה אחת לקחה את המת ברשותה, באה השניה והוציאה אותו מידם בחזקה.

המאורעות שאירעו ביום קבורתו של מיכל שפיבק מעידים על קלסתר פני החברה ומהותה. שפיבק ציווה בצוואתו עשרת אלפים רובל בשביל הקהילה, וסכומים מסוימים למוסדות אחרים ולקרוביו, אבל בריוני החברה־קדישא לא הסתפקו בסכום שקיבלה הקהילה, ודרשו הוספה גדולה בשבילה. הבר־מינן שכב שלושה ימים, ומשפחתו הוסיפה עוד 3.000 רובל. בשעה שהעגלה החלה לזוז עם המת התנפלו עליה אחדים מחברי החברה בגלל זה שנעשה להם עוול בעת „חלוקת הכסף". הם התירו את הסוסים ועכבו את ההלוויה, עד שקיבלו גם הם 3.000 רובל.

סאתם נתמלאה עם מותו של חברי מאיר, בנו של ר' יוסף שפס. היה זה ביום הראשון של חג השבועות. ועד הקהילה דרש מהחברה לסדר את הקבורה ביום השני של החג מבלי לדבר על דמי קבורה ביום טוב, אבל החברה קדישא סרבה לסדר את הקבורה בלי מזומנים. ביום זה היה שרב גדול ואי־אפשר היה להמתין עד לאסרו חג, והוכרחו לשלם בחג את הסכום שדרשה החברה קדישא.

את בזיונו של המת מאיר שפס, שהיה רעי וציוני טוב, נקמתי בפרסמי ב„הצפירה" דברים חריפים נגד החברה קדישא, נגד מנהגיה הפראיים וההפקרות שלה. אחרי זה השתמש ראש הקהילה אלכסנדר לנדסברג בכל כוח השפעתו, ושר הפלך ציווה לפרק ולחסל את פעולות החברה. שנאה כבושה נשארה בלבות חברי החברה ללנדסברג ולי. אבל כדאי היה לקבל הכל באהבה ולהפטר מהנגע הזה. אלמלא היו לו לאלכסנדר לנדסברג זכויות אחרות מלבד זה שגרם לפירוק החברה, דיה הזכות הזו לבדה, שיפתחו לפניו שערי גן־עדן.

# משה דלוזשנאָווסקי

מאַקס גערשאָנאָוויטש / פּאַריז

(ביאָגראַפישע פאַרצייכענונגען)

משה דלוזשנאָווסקי איז געבוירן אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָ־וויעצק און האָט געלערנט אין „חדר", ישיבה, בית־המדרש און שפּעטער האָט ער דורך זעלבסטבילדונג געלערנט וועלט־לעכע לימודים און שפּראַכן.



משה דלוזשנאָווסקי

אין יאָר 1925 האָט ער צוזאַמען מיט נטע גאָלדקראַנץ און ירחמיאל האָניג אָנגעהויבן אַרויסגעבן די צייטונג „טאָמאַ־שאָווער וואָכנבלאַט", וועלכע איז דערשינען אָן איבעררייס ביז צום אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג אונטער דער רעדאַקציע פון נטע גאָלדקראַנץ.

משה דלוזשנאָווסקי האָט אין „טאָמאַשאָווער וואָכנבלאַט" פאַרעפנטלעכט דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן.

נאָכן דינען צוויי יאָר אין פּוילישן מיליטער אין לאָדזש, האָט דלוזשנאָווסקי עמיגרירט אין יאָר 1931 קיין פראַנקרייך און זיך באַזעצט אין פּאַריז. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו פּאַריז, איז ער, צוזאַמען מיט טויזנטער מענטשן, געלאָפן קיין דרום־פראַנקרייך און דורך וועגן און אומוועגן זיך דערשלאָגן צו די פראַנצויזיש־שפּאַנישע ברעגן.

אין דער פּאָרט־שטאָט באַיאָן איז דלוזשנאָווסקי, צוזאַמען מיט עטלעכע הונדערט ייִדן, אויפגענומען געוואָרן דורך אַ פראַנצויזישן אומבאַקאַנטן שיפס־קאַפּיטאַן, וועלכער האָט אַלע־מען געבראַכט מיט דער שיף קיין קאַזאַבלאַנקאַ (מאַראָקאָ). ער האָט די העלדישקייט פון דעם פראַנצויזישן קאַפּיטאַן גע־שילדערט אין זיין באַרימטער דראַמע: „די איינזאַמע שיף", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אויף פאַרשידענע בינעס אין אַ גאַנצער ריי לענדער.

אין די יאָרן 1941־42 האָט מ. דלוזשנאָווסקי געלעבט אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין מאַראָקאָ, באַקענט זיך דאָרט מיטן קאָלירפולן לעבן פון די דאָרטיקע ייִדן און אַראַבער און מיט יאָרן שפּעטער זיי געשילדערט אין אַ ריי ווערק, דראַמעס און אַרטיקלען, וואָס זענען דערשינען אין פיל פּעריאָדישע אויסגאַבן — ייִדישע העברעאישע, ענגלישע און שפּאַנישע, ווי אויך אין זיינע ביכער.

אין יאָר 1942 איז מ. דלוזשנאָווסקי געקומען קיין אַמע־ריקע און זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק. ער איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון פּרעסע־אָפּטייל פון „פּאַראייניקטן ייִדישן אַפּיל" און נאָכדעם געוואָרן מיטאַרבעטער אין דער ניו־יאָרקער טאָג־צייטונג „פאָרווערטס", וווּ עס דרוקן זיך זיינע ראָמאַנען, דערציילונגען, אַרטיקלען און רעפּאָרטאַזשן.

מ. דלוזשנאָווסקי איז דער מחבר פון זעקס ביכער דער־ציילונגען. איינעם פון זיינע ביכער האָט ער געווידמעט אויס־שליסלעך קינדער־דערציילונגען. דריי פון זיינע ראָמאַנען זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויף ענגליש, העברעאיש און שפּאַניש.

צווישן זיינע דראַמעס, וואָס זענען געשפּילט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג, איז כדאי צו דערמאָנען די דראַמע „די איינזאַמע שיף", „דער עלפטער יורש" און „בצל הרי אטלס", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אין חיפה.

וועגן דלוזשנאָווסקיס שאַפן זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ גרויסע צאָל אַרטיקלען און אָפּשאַצונגען פון זייער אָנגע־זעענע קריטיקער, ליטעראַטור־קענער און שרייבער אין כמעט אַלע לענדער, וווּ עס געפינען זיך ייִדן.

דלוזשנאָווסקי האָט אין עטלעכע פון זיינע ביכער געוויד־מעט פיל דערציילונגען די קדושים פון זיין היימשטאָט טאָמאַ־שאָוו־מאַזאָוויעצק. וועגן טאָמאַשאָווער טיפּ קען מען לייענען אין זיינע ווערק: „דאָס ראָד פון מזל", „פענצטער און טירן" און אין אַנדערע ביכער און דערציילונגען.

# טאמאשאוו - מיין ווייטע, מיין נאענטע היימשטאט

משה דלוזשנאווסקי

עס גייט נישט פאַרביי קיין טאָג עס זאָל אין מיין געדעכעניש נישט אויפטויכן מיין נאָענטע, מיין ווייטע היימשטאָט טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק. עס איז מיין היים, אַזוי ווי טויזנטער, טויזנטער שטעט און שטעטלעך פון דעם נאָענטן אַמאָל זענען די היימען פון וועלטן יידן. עס איז די היים נאָך וועלכער מען בענקט דאָס גאַנצע לעבן. די היים פון דער מאַמעס ערשטן גלעט איבערן קאָפּ, די טרערן, וואָס דו האָסט געזען זיך פּערלען איבער מאַמעס בלייכע באַקן, איר געלעכטער און קרעכץ, וואָס דו האָסט געהערט; דיין היים, ווו דו האָסט געזען דאָס ערשטע מאָל דעם הימל אין זיין בלוי און אין גרוי; די היים, ווו דו האָסט דאָס ערשטע מאָל געזען דעם זילבער פון דער לבנה, וואָס לעבט אין דיר.

די היים מאָנט, פּייניקט און פאָדערט: פאַרגעס מיך נישט, קריץ מיך איין, וואָס מער, אין דיין זכרון, ווייז אויס מיט מיר צוזאַמען דעם איכה, זאָג מיט מיר צוזאַמען די קינה איבער דעם חורבן, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער מיר, טו אָן אַ זאַק אויף די לענדן, באַדעק דיין קאָפּ מיט אַש און קלאָג, טרויער רייס פאַסן פון דיין לייב און פאַרגעס מיך נישט! געדענק מיך אין אַלע דיינע טעג, נעכט און מינוטן פון דיין זיין!...

טאָמאַשאָוו — מיין היימשטאָט. די שטאָט פון מיינע ערשטע חלומות, ערשטע בענקשאַפטן. דעם ערשטן טרויער איינגעוויגט אין זיך, די ערשטע טוי־טראָפּנס געפילט אין די פרימאָרגנס אויפן וועג אין „חדר" אַריין, ווו די אויפגייענדיקע זון האָט זיך געשפּיגלט מיט וועלטן פייערן אין יעדן טראָפּן.

איך האָב זיך אויסגעוואָלגערט אין דער וועלט, אין פרעמדע שטעט און לענדער געוווינט, געהוליעט, געטרויערט, געוויינט און אויך גענאָסן פרייד; געטרונקען וויין און אויך סם־טראָפּנס; אין הונדערטער פּאַרקן און גערטנער, אין מוזייען און טעאַטערס, אין ביבליאָטעקן, אויף גאַסן און בולוואַרן פון אייראָפּעס מעטראָפּאָליעס פאַרוויגט זיך אין טרויער און פרייד, אָבער דיך מיין היימשטאָט האָב איך נישט פאַרגעסן. אין הונדערטער דערציילונגען האָב איך דיך דערמאָנט צום גוטן, געבענטשט זיך מיט דיר, גאַנצע קנוילן מיט בילדער אַרויסגעטויכט; מענטשן, געשטאַלטן אויסגעשמידט פון דיין שויס אַרויס און געפּרוווט זיי געבן אַ תיקון, מיין ערשטע היים — טאָמאַשאָוו.

יעדער מענטש גאַרט דאָך אייגנטלעך דאָס גאַנצע לעבן נאָך דעם ווייטן אַמאָל, וואָס איז אַזוי נאָענט. איצטער שטייט זי ווידער פאַר מיינע אויגן, די חרובע היימשטאָט מיינע, טאָמאַשאָוו. זי טויכט אַרויס אין דער גאַנצער לויטערקייט און אין חורבן. הויב איך זיך אָן דערמאָנען אַ געשטאַלט, אַזוי קומען אָן אַ שיעור געשטאַלטן, מענטשן, יידן, מענער, ווייבער, קינדער, זקנים און אַלע דאַרפן דאָך אַ תיקון. עס קומט צוריק דער אַמאָל: קלאַנגען, אויסזען, קאָליר, סצענעס, בילדער, געשעענישן...

איך זע דיך מיין היימשטאָט טאָמאַשאָוו: גאַסן, געסלעך מיט די הייזער און פענצטער, ווי אויגן, וואָס קוקן, באַגלייטן. איך זע יידן — פאַרהאָרעוועטע, פאַרשמייעטע, שטילע און פאַרבענקטע, ליידנדיקע. אַ סך וואַרטן אויף משיחן און אַנדערע האָבן שוין רעזיגנירט; אַ סך נעמען דעם היינט און די ליידן און פריידן און אַנדערע גיבן קוהלתדיק אַ מאַך מיט דער האַנט: הבל הבלים. איך זע יידן — וועבערס און הענדלערס, פאַבריקאַנטן, מעקלערס, שטילע און טומלדיקע, תלמידי חכמים און אַביסעלע פאַרגרעבטע, וואָס האָבן דעם שמייכל פון נאַיוויטעט אויפן פּנים און דעם חשק אַריינצוכאַפּן אַביסל וויסן. איך הער דאָס געפּייף פון די פאַבריקן־קוימענס אין די פרימאָרגנס; איך זע די בלייכע, גרווילעכע פּנימער פון די אַרבעטער אין די צענדליקער פאַבריקן, ווען זיי יאָגן זיך אין די גרויע, צי אין די בלויע פרימאָרגנס, מיט נישט דערברענטע שטיקלעך מאַכאָרקע־פּאַפּיראָסן אין די שפּיצן פינגער; איך זע די אַרבעטער אין די פאַרנאַכטן, ווען זיי יאָגן זיך מידע, פאַרהאָרעוועטע פון אַ גאַנצן טאָג, צו זייערע היימען, צו ווייב און קינדער. איך זע טאָמאַשאָווער יידן — סוחרים מיט ברייט־פאַרקעמטע בערד. זיי פאָרן אויף דראָזשקעס און זיצן זייטיק מיט אומגעדולד און נייגיר, אָדער די וואָס שפּאַנען איבער גאַסן און יאָגן זיך נישט צו פאַרשפּעטיקן אַ מסחר און איך זע יידן — פאַרחלומטע, פאַרדבקהטע — אײלן זיך נישט צו פאַרשפּעטיקן אַ מנין, נישט צו פאַרשפּעטיקן אַ דבר־מצווה.

איך זע דיך מיין היימשטאָט מיט אַלע שיינקייטן, מעלות און חסרונות, מחלוקתן פאַר אַ נייעם רב, אַ מחלוקה לשם שמים; איך זע דיך אין דיין גרייטקייט צו טראָגן הילף און גוטסקייט פאַר אַנדערע, אין דיין מסירת נפש און דיין פונאַנדערבליאונג.

איך האָב ביי דיר אויסגעבעטן קאָלירן, טענער, גוטע מידות און אויך זיכער שלעכטע מידות און מיטגענומען אין מיין באַגאַזש־אוצר אין דער גרויסער וועלט אַריין און אין שעהן פון פּיין און טרויער, ווען אַ ווייטע בענקשאַפט לייגט

זיך איבער לייב און לעבן, דערמאָן איך דיך אַלעמאָל צום גוטן און מיט בענטשונג, מיין ווייטע, נאָענטע היימשטאָט — טאָמאַשאָוו.

## מיינע מלמדים אין טאָמאַשאָוו

### אהרנדל שוסטערס קעניגרייך

די שטוב — אַהרנדל שוסטערס וווינונג, איז געווען אָרעם, אָפּגעלאָזן. פון די פיר גרויע ווענט האָט זיך געשיילט דער קאַלך און עס האָבן זיך אַרויסגעזעען ברוינלעך־שוואַרצע ליים־פלעקן. דער סופיט איז געווען געשפּאָלטן, מיט רעגן־פלעקן פון שוואַרץ און בלוי — אַ סימן, אַז דער דאַך איז געווען צעלעכערט. עס זענען געשטאַנען צוויי בעטן. עס זאָגט זיך נאָר — בעטן, אין דער אמתן זענען עס געווען עטלעכע צונויפגעשלאָגענע ברעטער מיט שטרוי־סיעניקעס און אַ צע־קנאָדערט בעט־געוואַנט. אין מיטן שטוב — אַ הילצערנער טיש מיט אַ הינקענדיקן פוס און צוויי הילצערנע הינקענדיקע בענק. ביי דער טיר — צוויי הילצערנע וויאַדרעס פאַר וואַסער צום טרינקען און פאַר אָפּפאַל. ביי דער טרונק־וויאַדרע איז געווען מיט אַ דראָט צוגעבונדן אַ בלעכענע שעפּ, כדי מען זאָל וויסן, אַז מען זאָל דאָ נישט אַריינגיסן קיין אָפּפאַל, און די שעפּ האָט געניצט פאַר אַ טרונק וואַסער.

אין אַ ווינקל ביים איינציקן פענצטער פון דער דירה איז געשטאַנען אַהרנדל שוסטערס וואַרשטאַט: אַן אָנגעוואָרף פון טשוועקלעך, הילצערנע שטיפטן, דראַטוועס, סמאָלע, אַ לעדערנער רימען מיט עפּעס אַן אייזן, וואָס זעט אויס, ווי אַ מענטשלעכער פוס, אַ שוסטער־בענקעלע אויף דריי פיסלעך און אַ באַרג מיט צעריסענע, צעקרומטע, פאַרבלאָטיקטע שיך.

אין אַ צווייטן ווינקל איז געווען אַן אָנגעוואָרף פון שמאַטעס און אַלטוואַרג, רעדער, אייזנס, בלעכן, פּאַפּירן, קוישן, שטרוי. וויאַזוי דאָס אַלץ איז געווען צוזאַמענגעקנוילט און עס איז נישט געוואָרן אַ שריפה, איז פּשוט נישט צו פאַרשטיין. אויפן פענצטער זענען אויך געשטאַנען עטלעכע בלומען־טעפּ מיט גרינע פלאַנצן, וואָס האָבן אין דער חושך־דיקער דירהלע און ביטערן דלות צוגעגעבן אַ ניואַנס פון אַ שטיקל דרויסן, פון אַ פלאַנץ, פון גרינס און שיינס.

אין איין בעט איז שטענדיק געלעגן, טאָג און נאַכט, אהרנדלס ווייב. איר פּנים איז געווען איינגעשרומפּן, צע־קנייטשט, בלייך, מיט אַ צעשוונדענער הויט. אין פּנים צוויי גרויע, טרערנדיקע אויגן, בלייכע דינע ליפּן. דאָס פּנים האָט זיך געהאַלטן אויף אַ דינינקן האַלדז, הויט און בלויע אָדערן.

זי איז געווען איינגעדעקט אין שמאַטעס און זעק און כסדר געקרעכצט, געברומט. זי איז געווען האַלב פּאַראַליזירט און נאָך געהאַט אַן אַ שיעור קראַנקהייטן. זינט איך האָב זי גע־קענט, ווען איך האָב געלערנט אלף־בית ביי אהרנדל שוסטער, איז זי קיינמאָל נישט אַראָפּ פון בעט און אהרנדל האָט זי באַדינט מיט כבוד און געטריישאַפט.

אַהרנדל איז געווען אַ נידעריקער, אַ פול־געפּאַקטער, אַ קרעפּקער ייד. זיין פּנים איז תמיד געווען אָנגעלאָפן פון ווינטן, רעגנס, קעלטן און זון און האָט אויסגעזען ווי געשוואָלן. אַ קליין ברוין בערדל האָט אַרומגערעמט דאָס פולע פּנים. איבער צוויי שמאָלע אויגן־שפּעלטלעך זענען געזעסן אויף אַ פולער פליישיקער נאָז אַ פּאָר ברילן אין דרעטלעך. זיינע אויגן האָבן כסדר געזוכט און געגנישטערט און וואָס פאַר אַ שמאַטע ער האָט געפונען אין גאַס, צי אין הויף, האָט ער אויפגעהויבן און געבראַכט אין זיין דירהלע אַריין. האָט ער דעריבער אָנגעקליבן פּאַפּירן און שמאַטעס גאַנצע בערג. ער איז געגאַנגען זייער שנעל און אייביק געברומט עפּעס אונטער דער נאָז. ער איז אויך געווען אַ שנאַפּלער און אַ חוץ ברומען און רעדן האָט ער געהאַלטן אין איין זאָגן תהילים און סתם פּסוקים פון דאַווענען גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין.

ער האָט געהאַט אַ וועלט מיט פּרנסות און געקענט אַ וועלט מיט מלאכות.

געוווינט האָט ער איבער דער בריק, אויפן הויף ביי מיין זיידן, ראובן פיאוס. מיין זיידנס הויז איז געווען אויף דער וואַרשעווער גאַס, צווישן אליהו האָניגס הויז און דעם הויז פון אַ דייטש מיטן נאָמען רוטקע.

איך בין אויך געווען באַקאַנט אַלס ראובן פיאוס אייניקל און מיין טאַטע, הענעך, אַלס ראובן פיאוס איידעם. אויפן הויף ביים זיידן האָבן געוווינט אַ סך יידן: אהרן־לייזער, דער האָלץ־סוחר, וואָס פלעגט זיך יעדן פרימאָרגן מיטן טלית־זאַק אונטערן אָרעם נעמען האַנדלען און דינגען מיט די האָלץ־העקער און אויסלאָזן יעדעס מאָל מיט דעם פסוק:

— קודם ראַמבציען, ואחר כך זאַפּלאַצען — אַזוי האָט ער געטענהט צו די גויאישע האָלץ־העקער, חצי לשון־קודש פאַרן דאַווענען און חצי פּויליש. פאַרט גויים. געהייסן האָט עס: דערוייל צעהאַקט דאָס האָלץ, נאָכדעם וועט מען שוין דורכקומען.

עס האָט אויך דאָ געוווינט יוסף „פּאַלקאָווניק", וואָס האָט געהאַט אַ יאַטקע אין דער וואַרשעווער גאַס, טעכטער און זין, וואָס איינער פון זיי, בעריש „פּאַלקאָווניק", האָט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער אָפּגעקויפט ביים זיידן דעם הויף, דאָס הויז מיטן גאַנצן פּאַלוואַרק. עס האָט דאָ געוווינט די

גרויסע משפחה שלמה „מילטער", דער מילך־הענדלער, אַ געזינדל פון מאַן און ווייב, צוואָקסענע, לייביקע טעכטער און זין, אויך גרויסע, צעוואַקסענע. עטלעכע פון זיי זענען אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַוועק קיין ארץ־ישראל און געוואָרן חלוצים. ווער האָט אַלץ נישט געווינט אויף ראובן פּיאוס הויף?

אַהרנדל שוסטער האָט עטלעכע שעה אַ טאָג געלאַטעט צעריסענע יידישע שיך. אַוועקגעזעצט זיך אויפן בענקל, גענומען אַ שוך אין האַנט אַריין, מיט זיינע שמאָלע אויגן־שפּעלטלעך באַטראַכט צי מען קען נאָך פון דעם שוך מאַכן אַ „לייט", געדרייט אויף אַלע זייטן, אונטערגעזיפצט און צוגעזונגען אַן אַלט סאָלדאַטסקע לידל, אָדער גאָר געברומט ויין יום תהילים. דער שוך האָט זיך געגליטשט צווישן זיינע פינגער אַהין און אַהער און אַהרנדל האָט אַלץ נישט געקענט באַנעמען וויאַזוי קען מען נאָך טאַקע פאַרריכטן די פּאָדעשוועס, די זויל, די כאָלעווע און עס האָט געדויערט לאַנג ביז ער איז געקומען צו אַ שטיק אויספּיר און דעם שוך, אָדער דעם שטיוול גענומען אין דער אַרבעט אַריין. אינמיטן דריינגען האָט ער זיך גאָר גענומען קאָכן אַן אָנגעריישטע, אָדער אַ קאַרטאָפל־גריץ, ווייל דאָס האַרץ איז אים פאַרחלשט געוואָרן און דאָס ווייב אין בעט האָט אים געמונטערט מיט איר דין, כריפּעדיק קולכל:

— אַהרן, שטעל שוין צו אַ לעפל געקעכטס! דאָס האַרץ איז מיר אַוועק!

ער האָט געשיילט קאַרטאָפל, צוגעשטעלט אויפן אייזערנעם אויוועלע דאָס טעפּל, געפּאָרעט זיך אין אַלע זייטן און זיך גענומע צו דער צווייטער מלאכה: מלמדות.

עס האָבן ביי אים געלערנט אלף־בית־יינגלעך און מיידלעך דעם אָנהויב פון אלף־בית. אַ גאַנצע שטוב מיט קינדער האָט זיך אָנגעפּולט אין דעם געדרענגעניש, אויסגעזעצט זיך אויף די צווי הינקנדיקע בענק. די מיידלעך באַזונדער און די יינגלעך באַזונדער. אַהרנדל האָט אויפן טיש אַוועקגעלייגט צווי טאָוולען מיט געכתיבהטע אותיות. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ הילצערן שפּענדל, אַזאַ מין טייטל און ער האָט זיך אונטערגעזונגען:

— ני, אלף, מיט אַ קעפּעלע אינדערהויך און אַ קעפּעלע אונטן... ני, בית... דריי ווענטלעך, זאָג הויך! חזר איבער: אלף! בית!...

די קינדער האָבן מיט דינינקע קולכלעך אויסגעזונגען אַהרנדלס ווערטער, געקוקט אויף זיין טייטל איבער די טאָוולען, אויף זיין גרויסער פלישיקער נאָז, פאַרוויגט געוואָרן פון זיין שנאָפּלדיק געזאַנגעכץ. אינמיטן דעם לערנען האָט זיך גאָר געהערט דעם ווייבס קרענקלעך קול פון בעט אַרויס:

— אַהרן, דער קאָפּ שפּאַלט זיך מיר! זיי קוויטשען צו הויך! וואָס איז ס'געשריי? די גריץ וועט זיך איבערקאָכן! אהרן, שטיי נישט!

דאָס שטערצל איבער דעם טעפּל אויפן אייזערנעם אויוועלע האָט געטענצלט, געזאָטן, געצישעט. די גריץ איז געוואָרן פערטיק, אהרנדל האָט אָנגעקאָרמעט זיין קראַנק ווייב, אַליין זיך געוואַשן די הענט, אָפּגעבראָכן אַ שטיק ראָזעווע ברויט, איינגעטונקען אין זאַלץ פון אָפּגעבראָכן גלעזערן זאַלץ־מעסטל, אַריינגעגאָסן אין אַ הילצערן שיסעלע פון זידנדיקן טעפּל אַ ביסל גריץ און גענומען עסן מיט גרויס אַפּעטיט. נאָכן אָפּעסן אַ דריי שיסעלעך זופּ, האָט ער פאַרטרונקען מיט אַ שעפּ וואַסער פון עמער און געבענטשט מיט פרייד און לויב־געזאַנג דעם רבונו של עולם, וואָס האָט אים, דעם מינדעסטן קנעכט זיינעם, געגעבן אַזאַ רייך מאָלצייט און האָט נאָך זיין ווייב אָנגעקאָרמעט צו דער זעט. אוי, טאַטע זיסער... ואכלת ושבעת וברכת... — אַזש דאָס גאַנצע פאַרחושכטע שטיבל איז פול געוואָרן מיט געזאַנג.

די פרנסה פון קלויבן שמאַטעס איז געווען סתם אַזוי, דאָס הייסט פאַר „ווילטאָג" וועגן און קיין גרויסע זיבן זאַכן האָט עס אים נישט אַריינגעבראַכט. די הויפּט־פרנסה זיינע איז געווען, וואָס ער האָט גענעכטיקט ביי נחום גלאָווינסקי אויפן טאַרטאַק. דאָס הייסט קיין נאַכט־שומר איז ער נישט געווען, וואָרום וועלכער גנב וועט זיך עס שרעקן פאַר אהרנדלען, נישט אַריבערשפּרינגען דעם פּלויט און צוגנבענען אַ ברעט? נאָר אַהרנדל איז געווען סתם אַזוי אַזאַ מין „אַסיסטענט" אַ געהילף־נאַכט־שומר. פאַרטאָג, ווען דער אמתער נאַכט־סטרוזש האָט געדאַרפט כאַפּן אַ דרעמל, האָט אַהרנדל דעמאָלט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, געדאַוונט שחרית אין טלית און תפילין און אין איין וועגס, אויף וויפל די אויגן האָבן גע־גרייכט, האָט ער געהיטן פון גניבה.

נחום גלאָווינסקיס טאַרטאַק איז געווען אין סטאַרזשיץ. דער גרויסער טאַרטאַק־הויף האָט אַרומגעכאַפּט אַ ריזיקן שטח, וואָס איז געווען באַלייגט מיט אַלערליי געהילצן. אין מיטן איז געשטאַנען די זעגעריי, וואָס האָט געזשומעט און געהוזשעט פון די בלויע פרימאָרגנס אָן ביז שפּעט אין אָוונט. דער טאַרטאַק איז געווען אַרומגעכאַפּט מיט אַ גרויסן פּאַרקאַן, געגרענעצט זיך ביי אַ טייך און אויך אָנגערירט די פאַבריקן, די טוך־וועבערייען פון דער באַקאַנטער טאָמאַשאָווער משפחה, די ברידער עמנואל (מאַנולעק) אַדאַש, איגנאַץ באַרנשטיין און זייערע שוואָגערס: גאָלדשטאָוב און מאַרגאָליס (דער לעצטער איז געווען אינגאַנצן בלינד און דאָך איז ער געווען זייער אַקטיוו אין דער פירמע און מען האָט וועגן אים דערציילט פשוט חידושים, ווי אַזוי ער קען מיט די פינגער „דערטאַפּן" די קאָלירן פון זיינע סחורות).

נחום גלאָווינסקיס טאַרטאַק האָט זיך געגרענעצט מיט

דער באַרימטער טאָמאַשאָווער וועבעריי־פירמע פון די באַרנ־שטיינס, וואָס איז געווען נישט בלויז באַרימט אין טאָמאַשאָוו, מיט דער גוטער קוואַליטעט פון זייערע סחורות, נאָר אין גאַנץ פּוילן און ווייט אויסער די גרענעצן פון פּוילן.

נחום גלאָווינסקי איז געווען אַ ייד מיט אַ הדרת־פּנים, אַ נגיד און חשובער בעל־הבית. ער האָט זיין טאַרטאַק געפירט ביד חזקה, באַשעפטיקט אַ גרויסע צאָל אַרבעטער און אַפילו אויף זיך הויף געהאַט אַן אייגענעם מנין. זיין משפּחה איז געווען זייער אַ גרויסע: זין, טעכטער, איידעמס, שנירן, אייניקלעך. עס זענען דאָ געקומען יידן וואָלד־סוחרים, מעק־לערס פון ווייטער ווייט. (אין טאָמאַשאָוו זענען נאָך געווען עטלעכע טאַרטאַקן, וואָס האָבן געהערט צו יידן, ווי: זלמן פיינמאַנס טאַרטאַק, וואָס האָט זיך געפונען האַרט ביי דער באַן און אין פאַרנעם געווען נאָך גרעסער ווי גלאָווינסקיס. אויך זלמן פיינמאַן האָט געהאַט אַ גרויסע משפּחה פון זין און טעכטער, און דאַכט זיך איינער פון די זין, מיין יוגנט־חבר אברהם פיינמאַן, איז היינט אין ישראל. אויך פיינמאַנס טאַרטאַק האָט באַשעפטיקט אַ גאַר גרויסע צאָל אַרבעטער און געווען אַ שם־דבר אין טאָמאַשאָוו. נאָך אַ טאַרטאַק האָט געהערט צו דער משפּחה זיידלער און וואַלד, וואָס האָט זיך געפונען אין דער קאַליע־גאַס, האַרט נעבן בית־החיים).

אַהרנדל, דער אלף־בית־מלמד איז דאָס געווען דער אי־בערנעכטיקער ביי נחום גלאָווינסקי. פאַר זיין אַרבעט האָט ער געקראָגן גוט אָנצועסן, האַלץ אויף ווינטער און נאָך אַ פּאָר גילדן. יעדן פרימאָרגן, ווען צו די פאַבריקן פון די באַרנ־שטיינס האָבן זיך געצויגן הונדערטער אַרבעטער, וועבערס, נייערס, אויספּאַרטיקער. יידן און נישט־יידן, אין זייערע רעקלעך און קאַשקעטן אויף די קעפּ, נישט דערשלאָפענע מיט רויכערנ־דיקע מאַכאָרקע־פּאַפּיראָסן, און אויך כאַפּטעס ווייבער; דע־מאָלט ווען דער פאַבריק־קוימען האָט מיט אַ שאַרפן פייף אָנגעזאָגט די צייט פון אָנהויבן דעם אַרבעטס־טאָג — האָט אַהרנדל געשפּאַנט אַהיים, נאָך אַ נאַכט אין טאַרטאַק, צו זיין אָרעם, פאַרחושכט שטובל, צו זיין קראַנק ווייב, צו די בלומען־טעפּ אויפן פענצטער און צו די יינגלעך און מיידלעך, וואָס וועלן באַלד אָנפילן דאָס שטובל מיט געלעכטער און געזאַנג פון יידישע אותיות — דער אלף־בית.

ביי אהרנדלען האָב איך זיך געלערנט אלף־בית, און אַלט געווען בין איך דעמאָלט דריי יאָר.

אַזוי האָט אַהרנדל געבידעוועט מיט זיינע פּרנסות און מלאכות. געעלטערט זיך אין אָרעמקייט מיט זיין קראַנק ווייב, מיט די גריצן און די יינגלעך און מיידלעך אויסזינגענדיק דעם אל־בית, וואָס ער האָט זיי אויסגעלערנט צווישן פאַר־ריכטן שיך און שטיוול.

פון דער נאַטור איז ער געווען אַ טרוימער. ער האָט געחלומט עפּעס צו דערגרייכן, עפּעס אויפצוטאָן און עפּעס דערפינדן. ווייזט אויס, אַז ער האָט זיך צו עפּעס דאָך דער־טראַכט מחמת אין איין שיינעם טאָג, האָט מען אויפן הויף צו אים געבראַכט סלופּעס האָלץ פון אַ ספּעציעלן האַרטן מין און אהרנדל האָט פּלוצים אַוועקגעוואָרפן שוסטעריי און זיך גענומען שניצן און קריצן, זעגן און שניידן. ער האָט דערפינדן אַזאַ מין וואָגן, וואָס קען גיין אָן פערד...

ווען אין דער גרויסער וועלט, טויזנטער מיילן ווייט פון אַהרנדלען מיטן הויף, האָט זיך גערודערט מיט טעכניק, וויסנשאַפט, אויטאָמאָביל, „פּערפּעטעאום מאָבילע", האָט זיך עפּעס אין אַהרנדלס מוח אָנגעשלאָגן און דאָרטן אויפגעבויט אַ געדאַנק: אַ וואָגן אָן פערד. ער האָט יאָרן געאַרבעט און געקריצט, געשניטן, געפּיילט. דאָס ווייב איז אים געשטאָרבן. די ראיה האָט אים שוין נישט געדינט, געמוזט אויפגעבן עט־לעכע פון זיינע מלאכות. געבליבן בלויז ביי נחום גלאָווינסקיס טאַרטאַק, אַלץ נאָך אַ געהילף פון אַ נאַכט־שומר און זיין חלום האָט אים געטראָגן אויף פליגל און פאַר אים געעפנט אין דער פאַנטאַזיע טיר און טויער.

אויך קיין טאָמאַשאָוו איז אָנגעקומען דער אויטאָמאָביל. אהרנדל האָט געזען מיט זיינע שוואַכע אויגן אַ וואָגן, וואָס לויפט אין מיטן גאַס אָן פערד, בלויז מען דרייט ביי אַ רעדל, היינט איז דאָך זיין טירחה פון יאָרן אַרבעט פּשוט אַרויסגע־וואָרפן. האָט דאָך אים דער חלום אָפּגענאַרט, טאַקע אָפּגענאַרט. די פּלענער אין מוח, דער חלום און די אַלע דערפינדערישן האָבן אים, אהרנדלען אָפּגענאַרט. איז עס טאַקע הפקר אַ וועלט?

ער האָט אָבער נישט אויפגעהערט זאָגן תהילים, נישט אויפגעהערט זאָגן פּסוקים פון דאַווענען כסדר, ביז ער איז איינגעשלאָפן אַזוי זאָגנדיק זיין יום־תהילים.

ווען איך בין האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געקומען פון פראַנקרייך קיין פּוילן אויף אַ קורצן באַזוך, האָב איך אויפן זיידנס הויף שוין נישט געטראָפן די אַלע יידן, נישט זייערע פריידן און נישט זייערע ליידן. פון אַהרנדל שוסטער און זיין בידנעם קעניגרייך איז שוין נישט געווען קיין זכר. בלויז אין זיין קאַמער האָב איך געזען אהרנדלס חלום אין דער גאַנצער טראַגיק, אָפּגענאַרטער גרויס: רעדער, שטאַבעס, אַקסן, זיץ־פּלעצער, אַ גאַנצער וואָגן איז געשטאַנען גרייט זיך אַרויסצולאָזן. אַ וואָגן פון האָלץ און טרויער, אַ וואָגן פון חלום אויסגעבויט. אַ חלום פון אַן אָרעמען ייד, וואָס איז געבליבן אין אַ קאַמער פון שפּינוועבסן — נישט דערחלומט און נישט דערגאַנגען.

**דער דרדקי־מלמד יצחק „מילטער"**

אַז מען האָט זיך אויסגעלערנט אלף־בית אין אַהרנדל שוסטערס קעניגרייך, האָט מען געקענט אַרויף אַ שטאַפּל און אָנשפּאַרן אין יצחק מילטערס חדר, לערנען עברי.

פאַרוואָס ער האָט געהייסן „מילטער“, ווייס איך נאָך ביז היינט צו טאָג נישט. דער אמתער נאָמען זיינער איז גאָר געווען יאַנג. אָבער יאַנג וואָלט זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין דער ווונדערלעכער ראָם פון יידישער שיינקייט, אין וועלכער עס האָט געלעבט דער טאָמאַשאָווער דרדקי־מלמד. ווער האָט ביי אים נישט געלערנט? — הונדערטער. הונדערטער ייִנגלעך אין עלטער פון דריי און פיר יאָר זענען דורכגעגאַנגען זיין „חדר“, איבער דער בריק אויף דער וואַרשעווער גאַס אַנט־קעגנאיבער מעכל פעלדשער, אין הויז פון דעם שמיד קאַפּער, קעגנאיבער דעם אַלטן בית־המדרש.

ביי אהרנדלען האָב איך געלערנט אלף־בית פיר וואָכן צייט, אויסגעלערנט זיך און גלייך אַריין צו יצחק „מילטער“ אין חדר. יצחק איז געווען מיין טאַטנס אַ נאָענטער ידיד, הגם מיין טאַטע איז גאָר געווען אַ הייסער גערער חסיד און אויך געווען דער שטענדיקער בעל־תפילה פון גערער שטיבל איבער דער בריק אויפן הויף פון הענעך באַראַן. און יצחק „מילטער“ איז געווען אַ פאַרברענטער אַלעקסאַנדער חסיד און געדאַוונט אין אַלעקסאַנדער שטיבל, אָבער דאָס האָט גאָרנישט געשאַדט צו זייער פריינטשאַפט.

מיר האָבן געוווינט אין סטאַרזשיק און מיין פאָטער האָט דאָרט געהאָט אַ בשמים־ און שפּייז־געוועלב. אַ לאַנגער וועג האָט זיך געצויגן פון דער וואַרשעווער גאַס און דורך פופּציק וויאָרסט אַנגעשפּאַרט אַזש קיין לאָדזש און אויך געקענט פאַרקערעוועו קיין וואַרשע.

האַרט נעבן די גרויסע וועבעריי־פאַבריקן פון די ברידער באַרנשטיין איז געלאָפן אַ קרומלעכער, זאַמדיקער וועג ביז העט אַרויף צו אַ טאַרטאַק ביי דער באַן. עס איז געווען אַ גאַס פול מיט שטיינער, זאַמד און מוראַדיקע בלאָטעס. ביי בײדע זייטן וועג — הייזקעס מיט הילצערנע און שטרויענע דעכער. דאָ האָבן געוווינט די וועבער און אַנדערע אַרבעטער פון די פאַבריקן און טאַרטאַקן. שטענדיק זענען דאָ געווען אויף הפקר ביזע הינט, קי, פערד און אויך יויזלען זענען געווען צעשטעלט אין מיטן וועג.

עטלעכע יידישע משפחות האָבן דאָ געוווינט און אין די פרימאָרגנס, ווען מיינע עלטערע ברידער זענען געלאָפן אין די חדרים פון גמרא און תוספות־מלמדים, אָדער געגאַנגען אין בית־המדרש לערנען, בין איך שוין מיטגעלאָפן מיט זיי אין חדר אַריין צום דרדקי־מלמד, ר׳ יצחק. דורכצוגיין די גאַס, ווו מיר האָבן געוווינט, כדי אַרויסצוקומען אויף דעם הויפּט־שאָסיי, איז געווען פשוט ווי דורכצוגיין פייערן פון גיהנום. די זאַמדיקע גאַס מיט די צעוואָרפענע כאַטעס איז געווען פול מיט שקצים, לאָבוזעס, וואָס האָבן מיך מיט מיינע ברידער געריסן ביי די פיאות, אַראָפּגעוואָרפן די היטלען פון די קעפּ, אויסגעשמירט מיט בלאָטע די מלבושים, אָנגעריצט אויף אונדז די הינט און געשריגן: „זשיד־כאַלאַמיד“, „ביי־ליסיע“, „ציצעלע־אַי־וואַי־וואַי“. מען האָט זיך גאָר געקענט אויסקויפן פון די שקצים און כוליגאַנעס דורך געבן זיי באַ־ניקערן, פאַפּיראָסן, ציקערלעך. די אַלע גוטע זאַכן האָבן מיר, די פיר ברידער גענומען פון אונדזער אָרעמען געוועלבל יעדן פרימאָרגן, כדי אונטערצוקויפן די שקצים, זיי זאָלן אונדז לאָזן דורכגיין די גאַס אין חדר אַריין. דאָס געוועלבל האָט אָבער נישט געסטייעט אויף דעם. אַרום און אַרום זענען מיינע עלטערן געווען גרויסע קבצנים, קוים קוים אַרויסגע־שלעפּט אויף ברויט מיט קאַרטאָפל, שכר־לימוד און דירה־געלט, און אַז מען האָט נאָך געדאַרפט אַוועקגעבן די שקצים פון דעם געסל דאָס גאַנצע ביסל האָב און גוטס — וואָס האָט שוין געקענט בלייבן?

דאָס ערגסטע איז געווען מיט די הינט. נישט איינמאָל האָבן זיי צעריסן מיין קאַפּאָטע און די קאַפּאָטעס פון מיינע עלטערע ברידער. נישט איינמאָל צעביסן דאָס לייב און נישט איינמאָל האָבן מיר אויפגעהויבן אַ געוואַלד אין געסל, אַז אונדזערע געשרייען און געוויינען האָבן געקענט רירן אַפילו אַ שטיין, אָבער... נישט אונדזערע שכנים.

דאָך האָבן מיינע ברידער אין משך פון יאָרן נישט פאַר־פעלט אַ טאָג צו גייין אין די חדרים, אָדער אין בית־המדרש אַריין לערנען, און אַזוי האָט זיך אויך אָנגעהויבן מיין וועג אין די חדרים אַריין לערנען תורה.

דער גאַנג אין די פרימאָרגנס אין חדר אַריין איז טאַקע געווען פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות, אָבער דערפאַר זענען מיר פאַרגיטיקט געוואָרן מיט אַ סך ווונדערלעכע זאַכן אויפן וועג און אויך מיט ווונדער ממש.

די קוימענס פון די וועבערייען האָבן געפיפן דין, הייזע־ריק, גראָב, קוויטשיק, מיט רוגזה און אָנגעזאָגט די צייט ווען די אַרבעט הויבט זיך אָן מיט דער פולער פאַרע. אין די ווינטער־טעג האָבן זיך די עלעקטרישע לעמפּלעך צעצונדן, ווי געלבלעך־קרענקלעכע פלעקן אין די הונדערטער פענצ־טער, אויפגעבליצט ווי שטיקלעך גאָלד אויף אַ גרויען הינ־טערגרונט. די פאַסן, טראַנסמיסיעס און רעדער האָבן זיך צעהוזשעט און צעזונגען. עס איז געווען דער אָנהויב פון אַ פּראָדוקטיוון טאָג אין אונדזער שטאָט טאָמאַשאָוו, וואָס האָט פאַרמאָגט צענדליקער פאַבריקן, טויזנטער אַרבעטער: יידן און נישט־יידן און דעם שם פון אירע סחורות צעטראָגן איבער אַ סך שטעט און לענדער.

נאָכדעם האָבן מיר געדאַרפט פאַרבייגיין נחמן גאָמזוס מיל, וואָס איז געשטאַנען אַריינגערוקט אויף אַ פעלד אַרומ־געצוימט מיט אַ פלויט. אויך אין דער מיל האָבן די לעמפּלעך געברענט און דורך די פאַרמעליקטע פענצטער קוים זיך אַרויסגעריסן מיט אַ בלאַסן אָפּשיין. די מיל־שטיינער, פאַסן,

רעדער האָבן געהוזשעט, געברומט, געקלאַפּט מיט אַ רעגלמעסיקן ריטם לויטן לויף פון דעם קליינעם טייך האַרט ביי דער מיל.

נחמן גאָמזו האָט געהאַט אַ גרויס הויזגעזינט געזונטע יידן, מילנערס און סוחרים. דאָ זענען פאַרפאָרן אין גרויען, אָדער בלויען פרימאָרגן, כלערליי וועגענער — פויערישע און שטאָטישע; מיט איין פערד געשפּאַנט אין אַ לייטער־וואָגן און מיט צוויי פערד געשפּאַנט אין אַ בכבודיקן וואָגן. די וועגענער באַלאָדן מיט זעק קאָרן, ווייץ, גערשטן. אַזוי כסדר. יאָרן און יאָרן. און די שפע האָט זיך געטראָגן פאָרויס, צוזאַמען מיט דער הודזשעריי פון די מיל־שטיינער, פאַסן און רעדער.

אַנטקעגנאיבער איז געווען דער סאָד פון נתן דעם שוסטער. צעוואָרפענעביימער אויף אַ גרויסן פעלד און אַ צלם אין פראָנט. דער צלם מיט דער „הייליקער מוטער" אין אַ שטיינערנעם אויסהויל, האָט נעבעך דעם פרומען נתן פאַרשאַפט געגוג האַרצווייטאָק, ווייל ער האָט געמוזט אַוועקשפּאַנען טיפער אין פעלד און זיין וואָס ווייטער פון דעם צלם, בשעת ער האָט מתפלל געווען דריי מאָל אַ טאָג און בשעת עס האָט זיך אים פאַרגלוסט זאָגן דעם יום־תהילים. דערפאַר אָבער זענען די באַרנעס און עפּל, די פלוימען און אַגרעסן געווען זאַפטיקע, מחיהדיקע, אויסגערייפטע פון זון און רעגנס, און נתן דער שוסטער האָט נישט געזשאַלעוועט פון גאָטס גאָב פאַר חדר־יינגלעך. איז אַ חדר־יינגל דורכגעגאַנגען זיין סאָד, האָט אים שוין נתן מכבד געווען מיט שבת־אויבס אין די וואָכן־טעג.

אַ ביסל ווייטער האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף אַ פעלד משה טרעלערס סאָד מיט אַלע שיינקייטן. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די וואַרשעווער גאַס. פון איין זייט האָט געפירט אַ שאָסיי אויף דער קאָלעיאָווע־גאַס צו דער באַן, ווו עס זענען טאַקע געלאָפן צענדליקער דראָזשקעס הין און צוריק. און צום בית־הקברות האָט געפירט דער שאָסיי און צו די געדיכטע ספּאַלער וועלדער האָט אויך געפירט אַ שאָסיי.

אין די וועלדער פלעגט דער רוסישער צאַר אַראָפּקומען האַרבסט־צייט מיט זיין סוויטע אויף יאַגד נאָך הירשן, וואָס האָבן זיך געמערט און געפּרוכפּערט אין די וועלדער בלויז פאַר זיין הנאה וועגן, ער זאָל זיי קענען שיסן ווען ער לאָזט זיך אויף יאַגד. שלעסער און פּאַלאַצן האָט דער רוסישער קייסער געהאַט אין די ספּאַלער וועלדער אַרום טאָמאַשאָוו. אויך קיין ווילאַנאָוו, צו די זייד־פאַבריקן, האָט דער שאָסיי געפירט.

פון דער אַנדערער זייט איז ווידער געלאָפן אַ וועג, וואָס מען האָט גערופן „די בראַקן". די וואַרשעווער גאַס האָט זיך אויסגעלייגט אין איר גאַנצער לענג מיט הייזער קליינע און גרעסערע און ביים סאַמע אָנהויב האָט יאָסעלע געהאַט זיין געוועלבל פון זיסוואַרג. ווער פון די חדר־יינגלעך האָט נישט געקויפט ביי יאָסקעלען אין געוועלבל אַ מאָנדל פאַר איין איינציקן גראָשן? און ווען האָט יאָסקעלע נישט געקניפּט אין די באַקן, אַז עס זענען אַרויסגעקומען בלויע צייכנס און בשעת־מעשה אויסגעפרעגט וועגן דער פרשה, וואָס גייט די וואָך. צי ער האָט אַריינגעשטופּט אין זיינע ברייטע נאָזלעכער אַ פאָרציע שמעק־טאַבאַק, געניאָסן מיט ווילדע שרייענדיקע „אַפּטשיקס" און נישט אָפּגעלאָזט דאָס חדר־יינגל, ביז מען האָט נאָכגעזאָגט אַ שטיק פון דער פרשה, צי אַ שטיק פון דעם גמרא־שיעור.

יאָסקעלע האָט געהאַט אַ קינדעריש פנים און געפּאַקטן קליינעם גוף און האָט אַליין אויסגעזען, ווי איינס פון די פיל פאַרביקע מענטשעלעך, וואָס זענען געווען אויפגעמאָלן אויף די שאַכטלען פון זיין צוקערוואַרג. נאָר ער איז געווען די גוטסקייט אַליין און מען האָט דערציילט וועגן אים און זיינע מעלות גאָר אַ סך, אַז ער העלפט אָרעמע און דערשלאָגענע מיט אַ פאָרגילדן און מיט גוטע עצות און צו זיין פרומקייט האָט גאָרנישט געהאַט קיין שיעור.

נאָכדעם האָט מען געדאַרפט פאַרבייגיין דאָס הויז און געוועלב פון אליהו האָניג, ווּעמען באַנדיטן האָבן מיט יאָרן שפּעטער דערמאָרדעט און זיין זון ירחמיאל האָניג, מיינער אַ חבר פון קינדווייז אָן, איז געוואָרן אַ יידישער שרייבער און געפינט זיך היינט אין לאָנדאָן. דאַן דאָס הויז פון ראובן פיאוס בעקעריי און דאָס בית־המדרש און אָט נאָך אַ פאָר הייזער און מיר זענען ביי דער שמידעריי פון דעם קאָוואַל קאַפּער, ביי וועמען עס האָט געוווינט ר׳ יצחק „מילטער" און דאָרט געהאַט זיין חדר.

עטלעכע צענדליק יינגלעך האָבן זיך אַלעמאָל געפונען אין חדר. יצחקס דירה איז באַשטאַנען פון צוויי שטובן; אַ קיך, וואָס איז געווען אויך דאָס חדר און אַ שטוב צו שלאָפן. די יינגלעך דריי־ און פיר־יעריקע, וואָס זענען ערשט דורכגעגאַנגען אהרנדלס „חדר", זענען דאָ געזעסן אויסגעזעצט אויף דער פאָדלאָגע, געשפּילט אין קנעפּלעך, אין שרייבפעדערן, אין שטיינדלעך און געוואַרט צוגערופן צו ווערן צום טיש „לערנען".

דער דרדקי־מלמד, יצחק, איז געווען פון מיטעלן וווּקס, אַ דיקלעכער, אַ געזעצטער און זיין גאַנג איז געווען אַ ביסל שפּרינגענדיק פאָרויס. זינט איך געדענק אים האָט ער געהאַט אַ גרויע באָרד, אַ הויכן געקנייטשטן שטערן און גוטע מילדע אויגן. ביי אים האָבן געלערנט בלויז יינגלעך.

פון פרימאָרגן איז ער געזעסן ביים עק פון לאַנגן הילצערנעם טיש ביי אַן אָפן סידורל. ביים ווינקל פון טיש איז געשטאַנען אַ יינגל. איז עס געווען אַ קליין־געוואוקסיק קינד,

האט עס זיך געשטעלט אויף א הילצערן קלעצל און יצחק איז מיט א הילצערן טייטל נאכגעגאנגען די אותיות איבערן סידורל, וואס דאס יינגל האט אויסגעזונגען. מען האט נישט פארלוירן קיין צייט. יצחק האט מיט יעדן יינגל גענוג געאר־בעט אין משך פון טאג. ער האט ערלעך און מיט גרויסער הארעוואניע פארדינט זיין שטיקל ברויט. איבער פערציק יינגלעך זענען דא געווען יעדן טאג און יעדעס יינגל האט עטלעכע מאל אין טאג אריינגעכאפט א שטיקל עברי פון סידורל ארויס.

יצחק דער מלמד האט געליטן פון קאפ־ווייטיק און די רפואה האט ער אליין אויסגעפונען: ער האט צוגעלייגט צום שטערן שאלעכץ פון שווארצן רעטעך. צום אנבייסן האט אים דאס ווייב געגעבן ברויט, שווארצן רעטעך, א גלאז טיי און מיינסטנס וואסער. דאס שאלעכץ פון דעם שווארצן רעטעך האט אים געראטעוועט דאס לעבן. ער האט געפילט א גענע־זונג אין קאפ אזוי ווי ער האט נאר צוגעקלעפט א שטיקל שאלעכץ. „עס זויגט אויס די יסורים" — פלעגט ער טענהן.

זיין ברודער, שלמה מילטער, האט צעטראגן מילך איבער יידישע הייזער און געווען א מוראדיק פרומער. ביים דאווענען אין די שבתים האט ער מיט זיין גרויסן וואלענעם טלית איינגעהילט א קאפטע יינגלעך, וואס האבן געמוזט נאכזאגן דעם בעל־תפילה דעם „ברוך שמו" און דעם „אמן". שלמה האט מיט זיינע גרויסע אויגן אונטער דיקע ברעמען אכטונג געגעבן, אז קיין יינגל זאל חלילה נישט פארפעלן נאכצו־זאגן. יצחק איז אויך געווען גוואלדיק פרום, אדער זיך גע־פירט, ווי אן אלעקסאנדער חסיד. ער איז געווען א גרוי־סער בעל־מידות, געלאפן טאן טובות מיט די לעצטע כוחות. א גאנצן טאג האט ער געהארעוועט ביים טיש מיט די יינג־לעך און אריינגעהאקט אין זיי פסוקים און כמעט גאנץ שחרית. און נישט געקוקט דערויף איז ער אין די אוונטן געלאפן מבקר־חולה זיין קראנקע, געזאגט פאר זיי תהילים און א סך מאל איבערגענעכטיקט ביי זיי, אויסגעזעסן א גאנצע נאכט און אונטערגעברומט פסוקים פון חצות. ערשט ביים אויס־ברוך פון טאג האט ער איינגעדרעמלט אויף א שעה צייט און געלאפן אהיים, געכאפט דעם טלית־זאק, געלאזט זיך אין בית־המדרש אריין צום ערשטן מנין און נאכדעם אין זיין ארע־מער שטוב דערכאפט דאס הארץ מיט ברויט און רעטעך. אין א יומא דפגרא, האט זיין ווייב אים מכבד געווען מיט א שיסעלע גריץ.

ווער האט נישט געלערנט ביי יצחק „מילטער" אין חדר? ירחמיאל האניג, נטע גאלדקראנץ, וואס האט מיט יארן שפע־טער ארויסגעגעבן דאס „טאמאשאווער וואכנבלאט" און אויך א סך יינגלעך פון איבער דער בריק און פון דער גאנצער שטאט. יצחק איז מיט זיי דורכגעגאנגען דעם ערשטן פאקול־טעט פון לערנען עברי.

יצחקס אייניקל געפינט זיך היינט אין ניו־יארק, זיין נאמען איז שמואל דוד זינגער, ער איז א באקאנטער ליטע־ראטור־קריטיקער, א צייט לאנג געווען באשעפטיקט אין די שולן פון ארבעטער־רינג אין ניו־יארק און איצט איז ער די־רעקטאר פון דער ארבעטער־רינג־דיוויזיע ביי דער הסתדרות.

כדי ארויסצוברענגען בולטער דאס געשטאלט פון יצחק דעם דרדקי־מלמד, וויל איך צוגעבן די עטלעכע שורות: אין די דרייסיקער יארן, ווען איך האב געוווינט אין פראנקרייך, האב איך באקומען א בריוו, וווּ מען האט מיר אנגעזאגט די ביטערע בשורה, אז דער טאטע מיינער, הענעך־מרדכי, איז געשטארבן און אין בריוו האט מען מיר אויך געשריבן, אז יצחק האט נישט פארפעלט קיין איין טאג צו קומען מבקר־חולה זיין מיין טאטן, הגם יצחק איז שוין געווען א זקן און די כוחות האבן אים נישט געדינט. אין די „שבעה"־טעג איז ער געקומען אין אונדזער שטוב דאווענען שחרית און אויך מנחה און מעריב. קיין מנינים האבן ברוך־השם נישט געפעלט.

אויפן זיבעטן טאג, ווען די מאמע מיינע האט זיך אויפ־געהויבן פון „שבעה"־בענקל און מען האט געדאווענט דארט דעם לעצטן שחרית, איז יצחק געגאנגען אהיים און אריבער־גייענדיק די שוועל פון זיין דירה האט ער זיך דערפילט שלעכט. מען האט אים אריינגעלייגט אין בעט און ער איז מער פון בעט נישט אויפגעשטאנען. ביים לעבן זענען יצחק און מיין פאטער געווען גרויסע ידידים, נישט געקוקט דער־רויף, וואס ער איז געווען א גערער חסיד און מיין פאטער אן אלעקסאנדער, וואס דאס האט אין דער אלטער היים גע־הייסן: פייער און וואסער, וואס קען נישט לעבן בשלום... גערער חסידות און אלעקסאנדערער חסידות — צוויי בערג, וואס קענען זיך נישט צונויפטרעפן...

### דער הויכער משה־מרדכי

אין זמן אין יצחק מילטערס חדר האט מען זיך אויס־געלערנט דאווענען, זאגן עברי הייסט עס און מען האט שוין געקענט זיין א פאלנער ייד. באלד נאכן זמן בין איך אריין אין חדר צו דעם הויכן משה מרדכי.

דא האט מען שוין אנגעהויבן לערנען חומש מיט רש"י, שיר־השירים און קוהלת און אויך שוין גמרא בבא־מציעא.

א לאנגע שטוב מיט איין פענצטער. עס איז טונקל און אומעטיק. ארום א לאנגן טיש זיצן אויף א בענק א דריי צענד־ליק יינגלעך, שאקלען זיך און זינגען, פרווון איבערשרייען איינס ס'אנדערע און אלע צוזאמען זינגען אויס פסוק נאך פסוק אין לערנען.

אין מיטן שטוב דרייט זיך דער מלמד משה מרדכי. ער

איז הויך, לאַנג און דאַר. זיין פּנים האָט אין זיך עפּעס פון אַ נזיר, פון אַ סריס, פון אַ חכם און אַ טיפּש. דאָס פּנים איז לאַנג און אויסגעצויגן, די נאָז אויסגעצויגן, דאָס בערדל ווי ביי אַ ציג, לאַנגע פּיאות פון ביידע זייטן, די אויגן אין פּנים טונקל און סאַמעטיק. אַ לאַנג אויסגעריבן כאַלאַטל מיט אַ גאַרטל הילן אַרום זיין גוף, און איין האַנט האַלט דער חומש־מלמד, משה־מרדכי אַ קאַנטשיק. אַ פּיסל פון אַ שעפּסל מיט אַ צענדליק רימענדלעך. ער שפּילט זיך מיט דעם הענטל, גלעט עס מיט הנאה און הערט זיך איין אינעם לערנען־געזאַנגט פון די תלמידים זיינע.

ער האָט ליב געהאַט צו שמייסן זיינע תלמידים, נישט סתם אַזוי, נאָר אויב דער תלמיד האָט זיך מיט עפּעס פאַר־זינדיקט, אָדער נישט געקענט מעביר זיין די סדרה, די פּרשה מיט רש"י, האָט ער גענומען דאָס ייִנגל אים אַריבערגעלייגט אויף די קני און אַריינגעשמיסן לייכט, נאָר געפּלאַטערט האָט שוין דאָס ייִנגל פאַר שרעק, ווי פאַר אַן עקזעקוציע.

דאָס חדר פון משה מרדכין האָט זיך געפונען קעגנאי־בער משה יצחק אַנקערס אייזן־געשעפט. דאָס דירהלע איז באַשטאַנען פון אַ קיך און אַ שטוב צו שלאָפן. אין דער קיך האָט מען געגעסן, געבאַקן ברויט, געוואַשן וועש, געהאַנדלט מיט שניט־סחורה און דאָס „חדר" מיט אַ קנאַפּע פערציק ייִנגלעך האָט זיך דאָ אויך געפונען. משה מרדכי האָט גע־האַט אַ גרויס הויזגעזינט, זין און טעכטער. דער עלטסטער זון, אברהם, איז געווען אַ ישיבה־בחור און אפילו געלערנט אין גערער הויף. משה־מרדכי איז געווען אַ גערער חסיד, אַרומגעגאַנגען אַ פאַרחלומטער און מיט זיין לאַנגן דאַרן אויסזען האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ נזיר, עפּעס אַ נישט־דאָאיקער, אַ נישט־וועלטיקער. ער האָט טאָקע ווי־ניק הנאה געהאַט פון דער וועלט, דאַכט זיך בלויז אַ שטיקל ברויט מיט זאַלץ און אַ ציבעלקע. אין זיין שטוב איז אַלע מאָל געווען אַ גרויס אָרעמקייט און אים האָט עס אפשר נישט געאַרט. פאַר אים איז געווען גענוג דאָס געזאַנג פון די תלמידימלעך און זייערע פּסוקים, וואָס האָבן זיך געקייקלט איבערן צימער, אַנגעשלאָגן זיך אין די גרויע ווענט און געזוכט אַן אויסגאַנג.

ער איז געקומען אין „שטיבל" אַריין צו מנחה־מעריב און גאַרנישט געהאַט חשק אַוועקצוגיין. ער האָט געחלומט צו געווונען אויף אַ נסיעה צום רבין כאָטש צוויי מאָל אַ יאָר, אָבער דאָס מזל האָט אים נישט צוגעשפּילט. די חסידים פון גערער „שטיבל" האָבן צווישן זיך געשאַפן אַן אייגענע לאָ־טעריע, וואָס איז באַשטאַנען פון צונויפגעדרייטע קוויט־לעך מיט צוויי יאַרמעלקעס. יעדער פון די מתפּללים האָט יעדע וואָך אָפּגעשפּאַרט עטלעכע גראָשן און געגעבן פּנחס אייזנהענדלער צו האַלטן, ווי אין אַ קאַסע, און יעדן חודש האָט מען געצויגן די קוויטלעך און אויסגעקומען איז, אַז יעדער פון די מתפּללים האָט געמוזט געווינען אַ נסיעה צום רבין איין מאָל אין דריי יאָר. משה־מרדכי איז עפּעס איין מאָל געפאָרן קיין גער און צוריקגעקומען מיט אַ ליכטיקן פּנים, אָבער דאָס נזירות איז פון אים נישט אַוועק.

איין זון זיינער האָט געאַרבעט אַלס וועבער אין דוד באַרנשטיינס פאַבריק, וואָס האָט זיך געפונען האַרט נעבן שטאָטישן טייך וואָלבאָרקע, וואָס איז געלאָפן אינמיטן שטאָט און אַ בריק האָט צונויפגעבונדן ביידע טיילן טאָמאַשאָוו. אין דוד באַרנשטיינס פאַבריק האָט מען נישט געאַרבעט אין שבת. חסידישע טאַטעס האָבן געלערנט זייערע זין דאָס וועבער־פאַך, ווייל דאָך האָט מען געקענט אַרויסשלאָגן פּרנסה דער־פון.

משה־מרדכי האָט געהאַט אַ גרויסע מעלה. ביי אים האָט אַ תלמיד געמוזט זיך אויסלערנען חומש מיט רש"י גרינט־לעך. ער איז געווען אַ גוטער אויסטייטשער און עס האָט נישט געהאָלפן צי דאָס ייִנגל האָט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ צי אַ גוטן קאָפּ. אין צוויי „זמנים" האָט זיך אַ ייִנגל אויסגע־לערנט חומש, רש"י, די מסכת בבא מציעא, שיר־השירים און נאָך אַ סך קלייניקייטן, וואָס האָבן געעפנט דאָס טויער פאַר אַ ווייטערדיקן לערנען. אין די שבתים איז ער געקומען צו די בעלי־בתים זיינע און מען האָט פאַרהערט דעם תלמיד. בשעתן פאַרהערן האָט משה־מרדכי געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן, זיין דאַרער קערפּער האָט זיך געוויגט אויף דער שטול און געשאָקלט, דאָס נזירישע פּנים איז געווען בלאַס און אָנ־געשטרענגט. ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין וואָרט, וואָס דאָס שטימעלע פון ייִנגל האָט אויסגעזונגען. איז דאָס פאַר־הערעכץ אַדורך גוט, האָט זיין נזיר־פּנים באַקומען אַ רויט־לעכע פאַרב, אַ סימן פון הנאה, קוים אָבער איז דאָס פאַר־הערעכץ נישט געגאַנגען, איז די בלאַסקייט אויף זיין פּנים געוואָרן טיפער און אַרום די פאַרמאַכטע אויגן זענען די שוואַרצע רעדער געוואָרן נאָך שוואַרצער.

**זאַקעלע מלמד און זיינע צרות**

זאַקעלע מלמדס „חדר" איז געווען אַזאַ מין בריק, וואָס מען האָט געדאַרפט אַדורכגיין פון דער לייכטער אַרטילע־ריע — חומש מיט רש"י, אַ שטיקל תנ"ך, ביז דער גאָר שווערער אַרטילעריע — תוספות און אַנדערע מפרשים.

ביי זאַקעלען אין „חדר" האָט מען שוין געלערנט בבא בתרא, דאָס איז שוין געווען אַ שטיקל מדרגה, אָבער גרויס־האַלטן האָט מען זיך נישט געקענט.

זאַקעלעס „חדר" האָט זיך געפונען אין הויז פון דער מקווה איבער דער בריק, בשכנות מיט דער רעזורע פון הערשל פעלדשער. זאַקעלע איז געווען אַ דאַרער, קליינער,

איינגעשרומפענער ייד. ער האט געליטן פון אסטמע און כל־ערליי אנדערע חולאתן. עס איז אים געווען שווער צו כאפן דעם אטעם, האט מען אים גערופן זדעכליאק. דערצו האט ער געהויכערט מאכארקע־פאפיראסן. דער רויך האט אים געשטיקט,' די אסטמע האט אים געפייניקט און געשטיקט, האט ער געהוסט ביז אויסצוגייען. געוווינט האט ער אין איין שטוב, מיט א צוויי שטיקלעך צעקאליעטשעט מעבל, מיט א קראנק, חרובדיק ווייב און צוויי זין, משה יחיאל און יצחק.

אין מיטן שטוב — א לאנגער טיש מיט צוויי הילצערנע בענק. זאקעלע איז געזעסן אויבן־אן ביים טיש, ארום אים א צוויי צענדליק זעקס־און זיבן־יעריקע יינגלעך מיט וועלכע ער האט געלערנט דעם שיעור פון דער וואך, דאס הייסט: זאקעלע האט געהוסט, געהויכערט, ארויסגעלאזט פון מויל וואלקנס שווארצן רויך, שטיקנדיקן רויך און מיט א קול, וואס וואלט ווי זיך ארויסגעריסן פון א פאס ארויס, הייזעריק, כריפקע, ווי א באס, מיט א זעג און א כריפקע צעבראכן פידל וואלטן ווי אויסגעשפילט אזא סארט אויסטערלישן ניגון, וואס האט זיך געשלעפט און געצויגן פון די געדערעם ארויס:

— המביא גט ממדינת הים, צריך... קכע, קכע, קכע, מממ, קכ־ע־ע —

און די תלמידים האבן מיטגעזאגט:

— המביא גט ממ...

אין שטוב איז געווען אזא ארעמקייט, אזא שומו שמים, קוים געקלעקט אויף ברויט מיט קארטאפל און אויך דאס נישט צו דער זעט. דאס כאלאטל אויף זאקעלעס לייב האט זיך קוים געהאלטן, עס איז פון דעם געפאלן פאסנווייז.

ער איז געווען אן אלעקסאנדערער חסיד און זיינע באלעבאטים זענען געווען גרויסע ארעמעלייט און דער שכר־לימוד, וואס זיי האבן געצאלט איז געווען א שיבוש, אבי יוצא זיין. און מיט זאקעלען האט מען זיך געקענט דינגען. אויב מען האט געצאלט א גילדן א וואך שכר־לימוד אין אן אנדער חדר, האט מען זאקעלען געצאלט בלויז צען גראשן.

עס האט אויסגעזען, ווי גאט האלט אן אויג אויף דעם בידנעם, איינגעשרומפענעם זאקעלע מלמד און שלאגט אים אן אויפהער, א סך מער ווי ער האט געשלאגן אויף די בלעטער פון תנ"ך זיין קנעכט איוב.

דער עלטסטער זון, משה יחיאל, האט געהאט א גוטן קאפ, איז ער אוועק פון דער גמרא, אוועק פון בית־המדרש און געווארן א משכיל, געפרוווט שרייבן שירים אין לשון־קודש און טאג און נאכט געלייענט אויפן בוידעם העבראישע ספרים. קיינמאל נישט דערעסן, נישט דערשלאפן — האט ער זיך איינגעהאנדלט טובערקולאז.

זאקעלע אליין איז מיט יעדן טאג געווארן איינגעשרומפענער און דאס קול ביים לערנען מיט די קינדער איז שוין געווען כריפקע, בלויז ווי א זעג אן א באס. די אלעקסאנדערער חסידים האבן אים מן הסתם ארויסגעהאלפן, ווייל זאקעלע איז געווען א הייסער חסיד און פאר חסידישקייט וואלט ער געגאנגען אויף קידוש־השם, ווער שמועסט נאך די אלעקסאנדערער שיטה.

אין זמן האב איך דארט געלערנט און עפעס דערגאנגען אויף די בלעטער פון דער גמרא בבא־בתרא צו געלט־סיכסוכים, דיני ממונות און זאקעלע האט מיט זיין שטיקנדיק קול געהאלפן ארויסקריכן פון דעם פלאנטער און איך בין דארט דורכגעגאנגען גאנץ בבא־בתרא.

א שטיק נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען יידן האבן זיך געכאפט צו פארשידענע פרנסות אבי נישט אריינצוגיין אין דער קאטעגאריע פון יורדים און ארעמעלייט, האט מען איינמאל אין א שיינעם טאג טאקע געזען אויף דער ווארשעווער גאס א בילד, וואס איך וועל קיינמאל נישט פארגעסן: זאקעלע מיט זיין קראנקן זון משה־יחיאל האבן געשלעפט א וואגן קוילן פון דער באן (א מהלך פון קרוב צוויי מייל) איינגעשפאנט ווי צוויי פערד און פון הינטן האבן נאכגעשטופט דעם הילצערנעם וואגן זאקעלעס קראנקע ווייב און דאס יינגל יצחק. די משפחה האט גענומען האנדלען מיט קוילן, מיטגעשלעפט מיט די לעצטע כוחות איבער די גאסן פון טאמאשאוו אט די סחורה צום פארקויפן. זאקעלעס גוטע פריינד, אלעקסאנדערער חסידים, האבן אראפגעלאזט די קעפ און זיך פארשעמט, צוקוקנדיק זיך ווי זאקעלע שלעפט דעם וואגן, אבער דאך האט מען עס אויסגעטייטשט, ווי זאגן די חכמים: „פשוט נבלה בשוק" — שינד אפ, הייסט עס, א נבלה אין גאס, אבי זאלסט נישט אנקומען צו מענטשן. און זאקעלע האט עס געטאן. אין דעם בילד איז געווען אזויפיל מענטשלעכע גרויסקייט און געריכטקייט, אז בשעת איך שרייב די שורות שטיקט מיך פון דעם עלנט, וואס האט דעמאלט אנגעווארפן אין גאס פון אונדזער טאמאשאוו.

יעדן טאג האבן די געשלעפט דעם וואגן קוילן, ביז... צוערשט איז זאקעלע געשטארבן, אוועקגעפאלן אין מיטן גאס און עס איז געווארן אויס מיט אים, טאקע ביי דעם וואגן קוילן איז ער נפטר געווארן. זיין בידנע שטיקל ברויט האט ער פארדינט, ווי אין פסוק שטייט „בזעת אפיך". א הייליקער געשטארבן, זאט מיט יסורים, פיין און צרות, וואס מער קען שוין קיין מענטשלעכער גוף נישט אויפנעמען. מיט א שטיקל צייט שפעטער איז אויך געשטארבן דאס ווייב. שטיל און אן א קרעכץ און אויך ביים קוילן־וואגן. דער עלטסטער זון, משה־יחיאל, דער משכיל, איז קראנק געווארן, אפגעלעגן אין בעט לאנגע וואכן און אויסגעשפיגן די לונגען. דריי גוטע פריינד האט ער געהאט, משה־יחיאל. דאס זענען געווען: נטע גאלדקראנץ, ירחמיאל האניג און איך, דער שרייבער פון די שור־

רות. מיר האָבן געטאָן אַלץ, כדי אויפצוהאַלטן זיין צעווייטיקטן גוף.

ביי זיין לוויה האָט מען געלייענט עטלעכע העברעאישע שירים, וואָס ער אַליין האָט געשריבן. דער ייִנגסטער זון, יצחק, האָט געהאַט אַן אומגעלומפּערטן קערפּער, קרימלעך און אויסגעבויגן, אָבער געווען אַ גוטער, גאָרנישט צום באַשרייבן. געלייגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט צו באַדינען אַ חבר.

אויב איך וועל האָבן כוחות, וועל איך אַמאָל דאָס געשטאַלט פון זאָקעלע מלמד פאַראייביקן אין אַ גרעסערער נאָוועלע. אויב מען זאָגט אַ צדיק הדור, אַ למד־וואָווניק, אַ בעל־מידות — האָט עס זיך אַלץ געפונען אין דעם איינגעשרומפּענעם קערפּער פון דעם אָרעמען ייד, וואָס איך ווייס בלויז זיין אייניקן נאָמען: זאָקעלע — פון דעם וואָרט זקן.

אָט אַזעלכע, ווי זאָקעלע מלמד, זענען געווען אין יעדן שטעטל זייער אַ סך. אין יעדער גאַס פון אַ פּויליש שטעטל זענען זיי געווען מיט זייער שיינקייט, מסירת־נפש און מיט זייערע יסורים. זיי האָבן פאַרנומען קלעפּ באהבה און אויסגעגאַנגען אין די יסורים אויך באהבה.

אונדזער טאָמאַשאָוו האָט געהאַט אַזעלכע יידן און איך דערמאָן זיי באהבה.

## יצחק־בערל פּישערס און זיין התנהגות

פון דער לאַנגער וואַרשעווער גאַס האָבן זיך איינגעשניטן געסלעך אין פאַרשידענע ריכטונגען און נאָכדעם זיך פונאַנדערגעלאָפן אין פאַרשידענע זייטן צי ווינקלען, וואָס האָבן געהאַט אַ שם־דבר אין טאָמאַשאָוו. איך מיין דאָ טאַקע דאָס קליינע געסל „די פּיעקלע־גאַס", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביי אברהם־משה קאָלערשטיינס הויז און געלאָפן העט אַרויף ביז צו לאַנדסבערגס פאַבריקן און נאָך ווייטער.

אין דעם געסל האָט אין אַ זייטיקן הויף, וואָס האָט געפירט צו ווייטע פעלדער, געוווינט דער גמרא־און תוספות־מלמד יצחק־בערל פּישערס. עס איז נישט קיין קלייניקייט אַזוי אַרויסצוזאָגן דעם לאַנגן נאָמען, מחמת דער דאָזיקער גמרא־מלמד איז געווען אַ שם־דבר אין שטאָט, און אַז אַ ייִנגל איז דורכגעגאַנגען זיין „אוניווערזיטעט" און אַרויס בשלום, האָט ער זיך עפּעס אויסגעלערנט. און געלערנט האָט מען ביי אים נישט בלויז איין זמן, נאָר גאַנצע דריי און אַמאָל פיר, דאָס הייסט, אין אַן עלטער פון זיבן ביז עלף יאָר בערך.

אין דער דאָזיקער גאַס האָט געשוויבלט און געווימלט מיט אַרבעטער, וועבערס, וואָס האָבן געצויגן אין די פרימאָרגנס אין לאַנדסבערגס פאַבריקן אַריין און אין די פאַרנאַכטן געצויגן פון די פאַבריקן אַהיים אויף נאַכט־רו. די פירמע לאַנדסבערג איז געווען באַקאַנט נישט בלויז אין טאָמאַשאָוו, נאָר אויך אין גאַנץ פּוילן און זיכער ווייטער פון פּוילן. געשמט מיט אירע סחורות, מיט איר נאָמען און פאַרנעם. הונדערטער משפחות האָט די פירמע לאַנדסבערג — אַזוי גוט ווי די אַנדערע וועבערייען אין טאָמאַשאָוו — געשפּייזט, געגעבן אַרבעט און אַ שטיקל אָנהאַלט.

אַזוי איז אויך געווען מיט די פירמעס באָרנשטיין, בלאַכעראָוויטש, סאַלאָמאָנאָוויטש, שטיינמאַן, אַראָנסאָן (אויף וויפל איך געדענק), וואָס האָבן געגעבן אַרבעט פאַר טויזנטער וועבער און אַוועקגעשטעלט די שטאָט טאָמאַשאָוו אַלס איינע פון די אינדוסטריעלע וועבעריי־צענטערן אין פּוילן. אויף וויפל יידן האָבן געבויט אין טאָמאַשאָוו, צי אין לאָדזש, צי אין פּאַביאַניץ וועבערייען איז נישט מיין געביט און איך וועל דאָס איבערלאָזן פאַר אַנדערע, אָבער מיט מיין שטאָט בין איך שטאָלץ אויך צוליב דעם, וואָס זי האָט נישט געלעבט פון לופט־פּרנסות. דער רוב מנין פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָמאַשאָוו איז געווען באַשעפטיקט אין דער וועבעריי־אינדוסטריע, אַזוי גוט ווי די מערהייט פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אין שטאָט איז געווען באַשעפטיקט אין דער וועבעריי־אינדוסטריע, סיי אין פאַבריקן פון יידישע אייגנטימער און סיי אין פאַבריקן פון נישט־יידישע אייגנטימער.

די פּיעקלע־גאַס איז געווען איינע פון די הויפּט־נערוון אין שטאָט. דורך דעם געסל האָבן טויזנטער אַרבעטער געשפּאַנט אַ פּראָדוקטיוון טאָג אַנטקעגן. אויך מיר, גמרא־בחורים, האָבן געשפּאַנט דורך דעם געסל אינעם חדר צו יצחק־בערל פּישערס.

מיר זענען אַדורך דורך אַ טירל פון פּאַרקן — און געלאָזט זיך צום הויז, וואָס איז געשטאַנען כמעט אָפּגעזונדערט אין מיטן אַ פעלד.

יצחק־בערל פּישערס „חדר" איז געווען פאַר יעדן חדר־ייִנגל אַן אַנטדעקונג, אַ שטיקל פרייד און נישט אַזאַ אָפּקומעניש, ווי די אַנדערע חדרים אין שטאָט. דאָס איז געווען קאָליר און טענער פון אַ שענערער וועלט. ערשטנס, דער מלמד, יצחק־בערל אַליין: אַ הויכער, אַ דינער, אַ שיין פּנים, איינגערעמט אין אַ שוואַרצער באָרד (אַזוי ווי איך געדענק אים), וואָס איז אַזש אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן בלוי און אויגן גליאיק־שוואַרצע, אַ הויכער ווייסער שטערן, אַ געשטאַלט, וואָס וואָלט זיך געפּאַסט פאַר אַן אַריסטאָקראַט, פאַר אַן אָריענטאַלישן פּרינץ. זיין קול האָט אויך געהאַט אין זיך עפּעס פון אַן אַריסטאָקראַט: אַ טענאָרישע ווייכקייט. ער האָט נישט געשריגן, נישט געריסן זיך אין דער הויך, נאָר גערעדט מיט אַ געוויסער שטילקייט און סאַמעטיקער הייזעריקייט.

יעדן פרימאָרגן, ווען דאָס „חדר" איז זיך צונויפגעקומען און די ייִנגלעך האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום דעם לאַנגן הילצערנעם טיש, איז יצחק־בערל אַריינגעקומען פון דעם צווייטן

צימערל. ער איז ערשט געווען נאָך שחרית. אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך געזעצט אויבנאָן ביים טיש, באַטראַכט די תלמידים צי קיינער פעלט נישט. אין דער מינוט האָט אים דאָס ווייב געבראַכט צום טיש אַ גלאָז קאַווע און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָצעדור פון שפּיל און אויסדויער. דער מלמד האָט אַ זופּ געטאָן מיטן לעפּעלע, — אַ האַלב צעבראָכן זיל־בערן לעפּעלע איז עס געווען — און געטאָן אַ קרעכץ פון גרויס הנאה, וואָס זיין דאַרער אָרעמער גוף האָט פאַרצערט אַ טראָפּן וואַרעמע קאַווע. דאַן האָט ער אַרויסגעברומט צו די תלמידים:

— נו, חברה, שטייט נישט, מישט אויף די גמרות, דף...

אין איין איינציקער מינוט זענען געווען אָפן אַלע גמרות, פאַרגעלטע, צעקנייטשטע בלעטער, אָפּגעריבענע אותיות. קינ־דערישע אויגן איבער די אותיות, האַרץ־קלאַפּונג פאַר דעם שיעור, פאַר דעם וואָס מען וועט היינט לערנען אַ גאַנצן טאָג גמרא מיט תוספות.

— הייבט אָן דעם שיעור — האָט יצחק־בערל אַ קאָ־מאַנדעווע געטאָן און ווידער געזופּט אַ לעפּעלע קאַווע, ווי אַ רפואה פאַרן גוף און פאַרן ביסל געזונט.

און דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן. עס איז געווען אַ טאָג פון אַרבעט, שווערער אַרבעט און פון לערנען. מען האָט עפּעס אויסגעלערנט אין דעם חדר. יעדן טאָג איז דאָס יינגל ריי־כער געוואָרן מיט אַ בלאַט צי צוויי גמרא און אַ שטיק תוספות.

יעדן טאָג נאָכמיטאָג האָט דער מלמד געמוזט זיך צו־לייגן און כאַפּן אַ דרעמל. ער איז נאָכן דרעמל געוואָרן אויפ־געפרישט — אַזוי האָט ער דערקלערט — און אָנגעהויבן דאָס לערנען מיט אַ גרעסערער התמדה. ער האָט געהאַט אַ טבע צו שטאַרכן מיט די שפּיצן פון זיינע פינגער, און געהאַט האָט ער דווקא שיינע לאַנגע פינגער, ווי ביי אַ פּיאַנאָ־שפּילער. ער פלעגט אויסשטרעקן די האַנט און געבן אַ שטאַרך אַ יינגל אין דער ברוסט אַריין. עס האָט שטאַרק ווי געטאָן און נישט איינמאָל האָט זיך דאָס יינגל צעוויינט אויפן קול פון אַזאַ מין שטורכעץ און נישט איינמאָל איז געקומען צו אַ סיכסוך צווישן דעם בעל־הבית און דעם מלמד, אָבער יצחק־בערל פּישערס האָט זיך נישט געקענט אָפּגעוווינען פון שטורכן מיט זיינע שפּיצן־פינגער.

דאָך האָט קיינער נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס חדר. מען האָט אים ליב געהאַט, יצחק־בערלען. מען איז געווען פאַר־כישופט פון זיין שיין קול און זיין אויסזען און אַ חוץ אַלעם, האָט מען טאַקע ליב געהאַט דאָס חדר. די ענגע שטוב מיטן איינציקן פענצטער צום דרויסן. די קיך וווּ דאָס ווייב זיינס, לאה, האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געפּאָרעט און געהאָרעוועט, גע־קאָכט פאַר אַ הויזגעזינט פון אַ צענדליק נפשות.

יצחק־בערלס הויזגעזינט איז באַשטאַנען פון שוואַרץ־חנעוודיקע מיידלעך מיט אַן אויסזען פון אָריענטאַלישע פּרינ־צעסינס, איינע שענער פון דער אַנדערער, גראַציעז און צאַרט, גוט געבויט און איידעלע מאַניערן, שוואַרצע אויגן, געטאָקטע פּנימער, אמתע שולמיתן פון שיר־השירים אַרויס, וואָס נאָר אַ קעניג קען זיך אין זיי פאַרליבן. דריי זין האָט ער געהאַט. דער עלטסטער, שלמה, איז געווען אַ וועבער אין איינער פון די טאַמאַשאָווער פאַבריקן, דער צווייטער, יעקב־עלי איז געווען אַ ישיבה־בחור, אַ לערנער. ער האָט חתונה געהאַט, איבערגעלאָזט דאָס ווייב, אַוועק קיין גער און געוואָרן אַ בית־המדרש־זיצער אין גערער הויף, נישט געוואָלט צוריקקומען צום ווייב. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז יצחק איז געפאָרן קיין גער, געוויינט פאַרן רבין און יעקב־עלי איז צוריקגעקומען, געווען אַ שטיקל צייט און ווידער אַוועק אין בית־המדרש קיין גער.

דער דריטער זון, יחיאל־מאיר, איז געווען אַ גולם, אַ ריזיק געשטאַלט מיט אַ גולמדיק פּנים און באַנעמען (אין מיין ראָמאַן „קונצנמאַכער" קומען אַרויס די געשטאַלטן פון דעם מלמד און יחיאל־מאירן בולטער). ער האָט געהאַקט האָלץ געבראַכט וואַסער פאַרן הויז, געטאָן קיך־זאַכן און אַלעמאָל געווען הונגעריק, אַלעמאָל אַן אָפן לאַכנדיק מויל געהאַט און געהירזשעט, ווי אַ גולם.

יצחק בערל איז געווען אַ גערער חסיד און שטענדיקער בעל־קורא אין גערער שטיבל, איבער דער בריק. זיין לייענען פון ספר איז געווען אַ שם־דבר. זיין קול האָט געהאַט אַלע טעמים פון אַ טענאָר מיט אַ סאַמעטענער ווייכקייט און האַר־ציקייט. מען האָט זיך צו זיין לייענען אין ספר גוט צוגעהערט. יאָרן דורכאַנאַנד איז ער געווען דער בעל־קורא און עפּעס איינמאָל אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געטראָפן אַ מכשול. אין שטוב איז געווען אַ מוראדיקע אָרעמקייט, די בעלי־בתים האָבן נישט געהאַט צו צאָלן שכר־לימוד, טאַקע אין יענער צייט האָט מען עפּעס מוציא שם־רע געווען אויף זיין עלטסטער טאָכטער. עס איז געווען הוילע רכילות. עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז עס זענען געווען בלויז בייזע רייד, נישט פאַרגינערישקייט. דערווייל אָבער האָט מען אים מעביר געווען פון לייענען אין ספר אין די שבתים. עס איז געווען אמתער שפיכת־דמים. עס האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים פאַר און קעגן. אַ צייט לאַנג האָט מען נישט געהערט דאָס שיינע קול ביים לייענען. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט מען אים מפייס געווען, איבערגעבעטן הייסט עס און טאַקע מיט גרויס געבעט האָט ער צוריק איבערגע־נומען די חזקה און ווייטער געווען דער שטענדיקער בעל־קורא.

יצחק בערל פּישערס איז שטענדיק געווען אַ גרויסער קבצן,

הגם זיין ווייב לאה האָט געהאַנדלט מיט שניט־סחורה, געפּאָרן אויף די מערק קיין אויאַזד, אינעוולאַדז, וואָלבאָרזש. עס איז אַלץ נישט גענוג געווען צו באַשפּייזן אַזאַ גרויס הויזגעזינט.

יעדן פאַר פּסח איז די קיך, דאָס הייסט דאָס חדר, פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ מצה־בעקעריי. דאָס איז אויך געווען אַ צושפּרונג צו דער פּרנסה. דעם לאַנגן טיש האָט מען באַ־דעקט מיט ברעטער און מען האָט געקנאָטן טייג אויף מצות. די קיך איז געוואָרן אַ ברענענדיקער אויוון און צווי וואָכן צייט האָט זיך דאָ געריבן און געקאָכט אַזש הימל עפּן זיך. געלערנט האָט מען דעמאָלט אויפן בוידעם, אָדער אינדרויסן אויפן פעלד און ווו נישט.

באַלד נאָך פּורים האָט זיך דאָ גענומען קאָכן און אַ פרייד האָט אַרומגעכאַפּט יעדן. ווער האָט זיך געקענט צו אונדז גלייכן? פרייהייט! מען וועט לערנען גמרא „פּסחים", אָבער נישט מיט אַזאַ שטרענגקייט, נישט זיין צוגעבונדן אַ גאַנצן טאָג צום טיש. מען וועט העלפן ברענגען וואַסער אָנצופילן די פעסער פאַר פאַרקנעטן מעל צו מצות, מען וועט שלעפּן האָלץ, העלפן וואַלגערן טייגלעך, צוטראָגן צום אויוון, שלעפּן די קאָך ביים עק, לויפן אין פעלד דעם ווינט אַנטקעגן. מען וועט לערנען שיר־השירים און עס וועט זיין אַזוי פריילעך און גוט אויף דער נשמה, ממש אַ גן־עדן.

ביים באַקן מצות איז דער גולם זייער צונוץ געקומען. ער האָט געאַרבעט פאַר אַנדערע דריי מענטשן און קיינמאָל נישט מיד געוואָרן. מען האָט אים נאָר געדאַרפט געבן אָפּצועסן און צוזאָגן אַ דאָפּלטע סעודה אין פּסח.

ל"ג בעומר פלעגט יצחק בערל אונדז נעמען אין וואַלד, אָדער אויף אַ לאָנקע און אַליין איז ער דאַן אויך געוואָרן אַ ביסל שטיפעריש. ער האָט אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן אין זיינע שווערע זאָרגן, אין זיינע ביטערע צרות, ווייל געשלאָגן איז ער געוואָרן מיט אָרעמקייט, צרות פון די קינדער, חרפות און מחלוקת, און אַ חוץ דעם די מערכה פון אַ מלמד. ער איז געווען אַזוי אָרעם, אַז ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין זייגער אין הויז, נישט געקענט פון אַלע פּרנסות קומען צו אַ שטיקל זייגער, פלעגט ער זיך באַנוצן מיט דעם שכנס קאָפּל דעם שוסטערס זייגער. אין די ווינטער־פאַרנאַכטן פלעגט ער יעדעס מאָל אַריינשיקן אַ ייִנגל צו קאָפּל דעם שוסטער, געווויר ווערן וואָס דער זייגער זאָגט און ווי מען האַלט אין דער וועלט.

אין מיינע זכרונות פון די ייִנגל־יאָרן קומט אַרויס די שענסטע און פול מיט חלום און ווייטער בענקשאַפט — דאָס „חדר" פון יצחק בערל פישערס. מיט אַלע קאָלירן, טענער, ניואַנסן, שיינקייטן און וווּנדערלעכע אָפּרופן קומען די זכרו־נות אַרויס. עס טויכט אויף דער ווייטער ווייט אין דער גאַנ־צער ראָמאַנטישער פאַרהילונג. דער גאַנצער פּערסאָנאַזש פון פיגורן, טיפּן, געשטאַלטן פון חדר פאַרטאָפּלט אין אַ סך אַנ־דערע געשטאַלטן. דאָס גאַנצע שטעטל שווימט אַרויס, ווי פון אַ ווייטן זילבערנעם נעפּל און אַלץ דרייט זיך אַרום דעם אָרט פון „חדר" ביי יצחק בערל פישערס. אַלע קאָנפליקטן, טרע־פּעכצן, טראַגאַדיעס, טרויער און פרייד זאַמלט זיך און וויקלט זיך אַרום דעם. דאָס איז דערפאַר, ווייל מיר האָבן דאָרטן איבערגעלעבט צוויי, דריי יאָר פון אַ געוויסער פרייד און לייטזעליקייט. מען האָט דאָרט געלערנט און טאָקע דערגאַנ־גען אין לערנען צו שיינקייט און דערהויבנקייט. איך בין אַרויס פון יצחק בערל פישערס "חדר" אַ פאָלנער ייד. הגם איך בין ערשט געווען עלף יאָר אַלט, האָב איך שוין געקענט גוט די מסכת קידושין, כתובות, גיטין, זבחים, יבמות. שוין געהאַט דורכגעשוווּמען דעם ים פון די גמרות און אַ דאַנק דעם מלמדס לערנען און געבן צו פאַרשטיין און אַ דאַנק זיין שיינער שטימע האָב איך אַלץ פאַרנומען צום גוטן.

אין מיינע שענסטע זכרונות, אין די פריידיקע שעהן פון דעם ווייטן אַמאָל, וועל איך אַלע מאָל געדענקען מיין מלמד יצחק בערל פישערס פון דער פּיעקלע־גאַס גאָר צום גוטן און מיט בענטשונג.

## אברהם משה הויקער

אָנצוקומען אין חדר פון אברהם משה הויקער, וואָס האָט געוווינט אין דער שול־גאַס און האָבן די זכיה ביי אים צו לער־נען עטלעכע זמנים, האָט מען געדאַרפט האָבן דריי זאַכן: אַ שאַרפן מוח, — דאָס איז געווען זיין ערשטער באַדינג; אַ ווילן צו לערנען און זיין אַ ירא־שמים. אָט מיט די דריי אויס־צייכענונגען האָט מען געקענט אָנקומען אין אברהם משה הויקערס „אוניווערזיטעט".

ער איז געווען אַ קליין־ווּקסיקער, געהאַט אַ הויקער פון פאָרנט און אַ הויקער אויף די פּלייצעס. זיין פּנים איז געווען אַלעמאָל רויט, אָנגעשטרענגט, מיט אַ שיטער בערדל און אַ פּאָר גרויסע אויגן, וואָס זענען געזעסן אין קאָפּ, אָט־אָט גרייט אַרויסצושפּרינגען. די אויגן האָבן געקוקט מיט חכמה און כעס, מיט עפּעס אַ בייזקייט הלמאַי דער רבונו של עולם האָט אים געגעבן צוויי הויקערס און אַנדערע מענטשן קיין איינעם נישט. פאַרוואָס דאַרף ער טראָגן אַזאַ משא. און פאַרוואָס קומט עס אים? אין די אויגן איז אָבער געווען אַ חכמה און אַ גוטס־קייט אויך, וואָס האָבן געטענהט: דער מענטש איז דאָך באַשאַפן בצלמו של אלוקים, הייַנט וואָס פאַראַ טענות קענ־סטו האָבן? דעריבער האַלט זיך מיט דיינע הויקערס און לערן תורה מיט ייִדישע קינדער.

און אברהם משה האָט אַזוי געטאָן. טאָג און נאַכט גע־לערנט תורה און געשאַרפט די מוחות פון ייִדישע קינדער. ביי אים אין „חדר" פלעגט מען געוויינלעך לערנען ביז בר־

מצווה, די יאָרן צווישן עלף און דרייצן. און אַז מען איז אַרויס פון אברהם משהס „חדר" האָט מען שוין געהאַט אַן אַטעסטאַט אויף אַ גוטן קאָפּ, כמעט אַן עילוי און מען האָט געמוזט קענען על כל פנים דרייסיק בלאַט נדרים מיטן ר"ן פון אויסנווייניק, און דאָס איז שוין גאָרנישט געווען קיין קלייניקייט. פאַרקערט, דאָס האָט שוין אָנגעצייכנט דעם וועג פאַר דעם יינגלס צוקונפט, וואָס האָט אין אַ סך פאַלן גאָר געהאַט אַן אַנדערע ווירקונג.

דאָס „חדר" האָט זיך געפונען אין דער ווינונג פון צוויי אָרעמע צימערלעך אין דעם פלאַנטער פון געסלעך ביי דער גרויסער טאָמאַשאָווער שול, גאָר נאָענט פון מאַרק, מיט די צענדליקער געוועלבער און געשעפטן, דוכט זיך האַנדלאַוואַגאָס, צי קאָזע־גאַס. איך געדענק שוין נישט. איך געדענק בלויז דעם פלאָנטער פון גאַסן און די גאַסן זענען געווען פול מיט יידן, ווי מילגרוימען מיט קערנער: געוועלבער, וואָרשטאָטן, סוחרים, מעקלערס, וועבערס, בעלי־מלאכות אַלערליי און שטענדיק האָט זיך געהערט דער יידיש אין אַלע שיינקייטן סיי אין רייסערייען, סיי אין געלעכטער, סיי אין געוויין.

נישט ווייט פון דעם געסל זענען געשטאַנען עטלעכע צענדליק דראָזשקעס מיט די טאָמאַשאָווער דראָזשקאָזשעס. לאָמיר דערמאָנען עטלעכע נעמען אויף וויפל איך געדענק: יונה, לייבקע, יאָמע, יאָסקע. זיי זענען געזעסן אויף דער קעלניע — געזעסן און געוואָרט אויף פאַרשוינען פירן צו דער באַן, אָדער אויף פּאַרלעך, וואָס ווילן פאַרברענגען ביים קאַלירטן וואַסער פון דער פּיליצע, אָדער גאָר צו די ספּאַלער וועלדער, אָדער אַ שפּאַציר דורך די וועלדער אויפן פּיעטרקאָווער שאָסיי.

נישט ווייט פון אברהם משה הויקערס „חדר" האָט זיך אויסגעשפּרייט די פּיעטרקאָווער גאַס מיט די אַלייען ביימער אינמיטן און די בענק, וואָס זענען געווען אַן אָפּרו־אָרט פאַר הונדערטער מידע מענטשן, יידן און נישט־יידן. אין דער גאַס האָבן געוווינט עטלעכע דאָקטוירים: נאַרעווסקי (וועמען איך האָב באַשריבן אין מיינע נאָוועלן), דאָקטאָר ראַדאַ, וואָס האָט געהאַט, דוכט זיך, אַ קליינעם מאָנומענט פון אַ בראָנדז קעפּל, געמאַכט פון אַ פרימיטיוון סקולפּטאָר אין שטאָטישן פּאַרק פון דער בריסטאָווקע־גאַס. אין דער גאַס האָבן געוווינט פאַבריקאַנטן, דאַמסקע שניידערס, כלי־זמרים, טוך־סוחרים און וואָל־מעקלער, טאַרטאַק־אייגנטימער און קאָמיוואָיאַזשאָרן.

אין דער בריסטאָווקע־גאַס מיט די שאָטנדיקע באָבלעטערטע ביימער, וואָס האָט געצויגן ווייט אַרויף ביז צום קאַלירטן וואַסער פון דער פּיליצע, האָבן געוווינט טאָמאַשאָווער פאַבריקאַנטן, סוחרים, דאָקטוירים, אינזשיניערן. עס איז געווען די גאַס וווּ די אינטעליגענץ האָט שפּאַצירט אין די פאַרנאַכטן און מען האָט גערעדט וועגן וועלט־פּראָבלעמען און וועלט־שמערץ. דער עיקר בחורים און יונגע מיידלעך האָבן גערעדט וועגן דאָסטאָיעווסקי, טאָלסטאָי, אַנאַטאָל פראַנס און וועגן וועלכע ליטעראַרישע געשעענישן, אָדער באַרימטע וועלט־שרייבער האָט מען נישט גערעדט?

נישט ווייט פון אברהם משהס חדר האָבן זיך געפונען די חסידישע שטיבלעך און בתי־מדרשים: גערער, אַלעקסאַנדער, דאַמבראָווער, וואַלבאָזשער און נאָך און נאָך. אויך גאָר נאָענט האָט זיך געפונען דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אויף פּאַלנאַ 3 און דער פּאַר־איין פון די פּועלי־ציון, צעירי־ציון, מרכז, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, דער הזמיר, אַ ספּאָרט־פאַראיין און די אַלע קולטור־אָרגאַניזאַציעס מיט וועלכע טאָמאַשאָווער יוגנט, אַזוי גוט ווי די יוגנט פון אַלע שטעט און שטעטלעך, האָט זיך געשפּייזט און גענערט.

איך געדענק נישט, צי אברהם־משה האָט געהאַט קינדער. איך דערמאָן זיך בלויז, אַז אין די קליינע צוויי שטיבלעך, דאָס „חדר" און דאָס שלאָפצימערל האָט געהערשט אַ גוואַלדיקע ריינקייט און אויך שטיל איז דאָרט געווען, אַזוי ווי מען האָט אויפגעהערט לערנען. מער ווי אַ צוועלף ביז פופצן תלמידים האָט דאָס „חדר" נישט פאַרמאָגט און געקליבענע זענען זיי געווען. מען האָט געלערנט פון פרי ביז אָוונט. אברהם משה האָט אַ סך גערויכערט, געטראָגן אַ כאַלאַט מיט אַ גאַרטל און אַזוי זיצנדיק פלעגט ער זיך איינהערן צום יינגלס שיעור, און זיך געשפּילט מיטן גאַרטל. זיין געשטאַלט האָט זיך געקענט אויסגלייכן מיט דער געשטאַלט פון זיינע צוועלף־יעריקע תלמידים, נאָר זיינע אויגן האָבן געמאָנט, געפּאָדערט, אַריינגעדרונגען אין דער נשמה פון דעם תלמיד און פאַרלאַנגט חשבון. דאָס הייסט מען מוז לערנען.

טיילמאָל, אין די שבתים, פלעגט ער אַרויסקומען צו אונדז בכדי מיך פאַרהערן. איך האָב שוין דעמאָלט געקענט אַ שפּאָר ביסל בלעטער נדרים מיטן ר"ן פון אויסנווייניק, שוין געוווסט אַלץ וועגן שבועות, נדרים. דער טאַטע האָט אַריינגעקוקט אין דער גמרא נדרים, אברהם משה איז געזעסן ביים טיש אין זיין ברייטן סאַמעטענעם היטל און געהאַלטן צוגעמאַכט זיינע גרויסע אויגן, די מאַמע האָט שטיל און פרום אָוועקגעשטעלט אויפן טיש שבת־אויבס און פרום זיך איינגעהערט אין מיין קלינגענדיקן זאָגן. דוכט זיך, אַז אפילו די קאַץ, וואָס האָט כלומרשט געדרעמלט, האָט זיך איינגעהערט און איך בין „געפאָרן", ווי אויף אַ גלאַטן שאָסיי.

אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, האָט מען מיך געלאָזט פריי, און די ביידע יידן, אַלטע ידידים, ביידע גערער חסידים, האָבן זיך געגעבן אַ לאָז אין ים־התלמוד, אַזש פונקען זענען געפלויגן. מען האָט אַדורכגעוואָרפן: רמב"מס, מהרש"אס, תוספותן, שטיקער גמרא פון גאַנץ ש"ס אַרויס, אַ וועלט מיט

מפרשים און גאונים און עס האָט גאָרנישט געגומען קיין סוף. פונוואַנען האָט זיך גענומען צו די צוויי יידן אַזויפיל וויסן, כוחות צו האַלטן מלחמה צווישן זיך מיט פּילפּולים, פּשטלעך, אַפילו מילתא בדיחותאס ?

זיי וואָלטן אַזוי אַפּגעזעסן טעג און נעכט, פאַרגעסן אין דער דרויסנדיקער וועלט, אין די זאָרגן, אָרעמקייט און יסו־רים, שרעק און נישט־זיכערקייט, נאָר עפּעס אַ בלויקייט האָט זיך געשפּרייט אין דרויסן, אַ סימן מען דאַרף לויפן אין שטיבל אַריין צו מנחה, שלוש־סעודות, בני היכלא. אויפן וועג וועט מען ווייטער פּעכטן מיט זאָגעכצן, מיט תורה. איינער וועט דעם אַנדערן נישט איבערשפּאַרן,ביידע זענען זיי מסכים און ביידע שלאָגן זיי זיך דאָך איצט מיט די כוואַליעס פון ים־התלמוד און די גרויסע וועלט האָט פאַר זיי נישט קיין ווערט. זיי זענען באַהאַפּטן מיט דעם אייביק־שיינעם, אייביק־דערהויבענעם, דאָס דערהויבענע און שיינע אינעם ייד, דאָס שיינע אינעם מענטש...

# אַ זעלטענע ברכה

משה דלוזשנאָווסקי

## א

דער ספּאָלער וואַלד ציט זיך אויף מיילן־ווייט אין אַ גע־דיכטער, אומהיימלעכער טיפקייט. ריזיקע אַלטע דעמבעס, וואָס זייערע וואָרצלען שפּאַרן אַרויס פון דער ערד, ווי אויפ־געלאָפענע אָדערן אויף הענט און אויך שלאַנקע, הויכע סאָס־נעס, וואָס רייסן זיך צו די הימלען מיט זייערע קרוינען־בלעטער און צווייגן, ווי אויסגעקרומטע גאָפּלען. און הגם זיי פלעכטן זיך איינע אין דער אַנדערער גרייט צום טאַנץ, קענען זיי זיך דאָך נישט דערגרייכן.

אין די סוף־זומערן, ווען דער פּוילישער האַרבסט צע־שפּילט זיך מיט אַלע קאָלירן און טענער, די בלעטער אויף די ביימער ווערן פאַרוואַנדלט אין פלאַקערנדיקן בורשטין, פאַלן אויף דער ערד אין אַ גאָלדיק־פּוכיקער ווייכקייט, אָדער ווערן פאַרטראָגן פונעם פייפנדיקן ווינט אויף פוסטע פעל־דער און וועגן, דעמאָלט פלעגט איין מאָל אין עטלעכע יאָר צייט אַראָפּקומען דער רוסישער קייסער מיט זיינע חיילותן און לייב־וואַכן; קומען פון ווייטע לענדער און רעזידענצן אַזש דאָ אַהער אין דעם אַלטן פּוילישן וואַלד אויף יאַגד.

דאָ, אין דער וואַלד־געדיכטעניש, פלעגט דער קייסער זיך באַזעצן מיט זיינע חיילותן, לייב־וואַכן, קעפּס־ווייבער פאַר אַ גאַנצן יאַגד־סעזאָן. זיי האָבן פאַרנומען אַ ריזיקן שלאָס, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן וואַלד אין אַ מאַיעסטעטישן געבוי, מיט אַלערליי טורעמלעך, שניצונגען, קאַרניזן, פליגל. אַרום דעם שלאָס האָבן זיך געצויגן קליינע פאַלאַצלעך און געביי־דעס, גאָר קליינע הייזקעס און ליזונטענע ביידלעך. אין די קילע פאַרטאָגן, ווען אויף די גראָזן און גאָלדיק־וויאַנענדיקע בלעטער האָבן געפּערלט די זילבער־גאָלדענע טוי־טראָפּנס, און די ביימער־קרוינען זענען אַנגעצונדן געוואָרן מיט אַ ראָ־זעווער ליכט פון דער אויפגייענדיקער זון, אָדער די האַרבסט־ווינטן האָבן געוואָיעט צווישן די ביימער, האָט זיך דער קיי־סער מיט זיינע שררות און לייב־וואַכן אַרויסגעלאָזט אויף יאַגד צו שיסן הערשן, וואָס האָבן זיך אין ספּאָלער וואַלד געמערט און געפּרוכפּערט אין אַלע גרויסן — סיי לייביק און סיי אין דער הערנער־שיינקייט — פאַר דעם קייסערס הנאה וועגן.

די אומהיימלעכע טיפקייט פון ספּאָלער וואַלד האָט אַנגע־וואָרפן אַ מורא און שרעק אויף מענטשן פון ווייט אַרום. יידן האָבן סתם אויסגעמיטן אַריינצושטעלן אַ פוס אין דעם ביי־מער־געפלעכטס, מחמת דאָרט זענען אַלע מאָל געווען זיכערע נעסטן פאַר באַנדיטן, מערדער און סתם שקצים מיט הינט, וואָס האָבן זיך דאָ געלאָזט ווילגיין מיט הפקרדיקע שטיק, ווייט פונעם אויג פון געזעץ.

דער ספּאָלער וואַלד האָט פון איין זייט אַרומגענומען, ווי אַ האַלבער גאַרטל אַ געדיכט־באַפעלקערטע שטאָט פון יידן און נישט־יידן — און פון דער צווייטער זייט האָט דער זיל־בער־בלוילעכער טייך פּיליצאַ אַרומגעכאַפּט די שטאָט אויך, ווי אַ האַלבער גאַרטל, געקורטשעט און געשלענגלט זיך מיט כוואַליעס, אינדזעלעך, וויסן שוים אויף ווייט אַוועק און ער־געץ־ווו מיט רעש אַריינגעפאַלן אין דער ווייסל.

אין די האַרבסט־פאַרטאָגן, ווען דער קייזערלעכער שלאָס איז געווען באַזעצט מיט די חשובע לייט, איז דער אַלטער וואַלד פאַרהילכט געוואָרן פון יאַגד־טראָמפּייטן, פעלד־האָרנס, זילבערנע פאַנפאַרן, בילן פון בלוט־הינט און סתם כלבים, הירזשערייען פון פערד, געלעכטערס און געשרייען פון מענ־טשן, קראַקערייען פון ווילדע פייגל. די קולות האָבן אָפּגע־הילכט, ווי אַ ווילדע סימפאָניע, וואָס גיסט זיך צונויף אין אַן

אַ שיעור טענער: ברויזנדיקע, שטורמישע, דינע, צאַרטע, אויפרייסנדיקע. טענער ווי וואַסער־פאַלן אין די בערג און געוויינען, דונערן און פלייטן־שפיל.

אין יענע טעג, וואָס זענען אויסגעפאַלן אַרום סוכות, פלעגן זיך באַווייזן אין שטאָט, האַרט ביים ספאַלער וואַלד, הויכע, מגושמדיקע זעלנער, וואָס זענען געריטן אויף פלינקע, קליינע פערד. אויף די קעפ האָבן זיי געטראָגן — פאַררוקט אויף אַ זייט — פוטערנע היטלען. פון איין זייט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ דיקע, אַנגעוואַקסענע קוטשמע האָר, אַ ווילדע פאה, וואָס האָט זיך גוט צוגעפּאַסט צו די רויטע, מיט ווינטן־אָנגעלאָפענע, פאַרהאַרטעוועטע, קנאָכיקע פּנימער. די מונדירן זענען געלעגן אויף זייערע לייבער, ווי אויסגעגאָסן. פון איין זייט מונדיר איז געהאַנגען אַ שווערד, וואָס די שייד אַליין האָט געבלאַנקט מיט אַ זילבערנער בלענדעניש, היינט ווער רעדט שוין וועגן דער שווערד גופא. ביי אַנדערע זעלנער האָט געשטעקט אין פערד־זאָטל אַ שפּיז, וואָס האָט זיך געריסן אין הימל אַריין מיט אַ דראָענדיקער שאַרף. די זעלנער זענען געווען אויסגערוט און אויסגעפּאַשעט, ווי די פערדלעך, אויף וועלכע זיי זענען געזעסן אין די זאָטלען, ווי אויף אַ וויגשטול. די שאַרפע פלינקע אויגן פון די זעלנער זענען געווען אָנגעשפּיזט צו דער גאַס און צו אירע איינוווינער, צו די צעשראָקענע, צעטומלטע ייִדן, וואָס האָבן מיט אַלע כוחות געזוכט אויסצומיידן די זעלנער מיט די פערד, מיט די ווילדע פּיאות, מיט די שווערדן. די זעלנער האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק איבער דער שטאָט. דורך זייער רייטן מיט פאַררייסענער גאווה און זייערע געזאַנגעכצן, מיט רויע, פרעמדע קולות.

ב

אונדזער הויף אין שטאָט איז געווען אַ שטילער, אַ פאַרזאָרגטער, אַן אונטערטעניקער. די עטלעכע ייִדישע משפּחות פון הויף זענען געווען פאַרנומען מיט שווערער פּראַצע, ביטערער האָרעוואַניע, מיט זאָרג פון טעגלעכן אויסקומעניש. דירה־געלט, שכר־לימוד פאַר די קינדער אין די חדרים, אַ פאַר גאַנצע שיך, אַ זעקל קאַרטאָפל מיט אַ פעסל זויערע קרויט אויף ווינטער; אַ גאַנצע וואָך זאָרג פון וואַנען צו נעמען אויף שבת, כדי נישט פאַרשעמט צו ווערן פאַרן אייגענעם טיש, פאַר די פיר ווענט; זאָרג פאַרן בידנעם געזונט. געווען אַ הויף פול מיט ייִדן און פול מיט לײַדן און פריידן, ווי אַ מילגרוים מיט קערנער.

כמעט אַ גאַנץ יאָר איז יעדער געווען פאַרנומען מיט זיך אַליין, מיט די אייגענע צרות און מיט די אייגענע טראָפּנס פרייד, וואָס זענען אַרייגעפאַלן: אַ יום־טוב, אַ חתונה, אַ ברית, אַ בריוו פון אַמעריקע מיט אַ גוטער בשורה. קוים איז אָנגעקומען ראש־חודש אלול, האָט מען אין די בתי־מדרשים, אין די חסידים־שטיבלעך געבלאָזן שופר ביי שחרית. דער ווינט האָט זיך צעשפּילט און אַ ריס געטאָן די שינדל־דעכער, אַראָפּגעטראָגן אין די סעדער די לעצטע פּירות פון די ביימער; די סאַדאָווניקעס האָבן אויסגערוימט די בערג עפּל. באַרנעס, פלוימען פון די סעדער און זיי באַהאַלטן אין די טונקעלע קעלערן צו פאַרקויפן צו ייִדן אויף די ימים־נוראים. זיי זאָלן האָבן צו מאַכן אַ שהחיינו. דעמאָלט — אין יענע טעג, איז אונדזער הויף געוואָרן אומרואיק. אַלע האָבן געפילט בחוש, אַז עס קומט אָן אַ שטורעם.

אַזוי ווי אַלע יאָר אין דער צייט, וועלן זיך צווישן די שכנים פון הויף שאַפן צוויי צדדים. איינער קעגן דעם אַנדערן וועט ווערן אָנגעבלאָזן, ווי העגנער. מען וועט זיך נעמען רייסן ביי די קעפּ און עס וועט שיעור קומען צו פּעטש. דאָס הייסט, פּאַטשן וועט מען זיך נישט, חלילה, נאָר עס וועט נישט האַלטן ווייט פון דעם, גאָרנישט ווייט.

די מחלוקת הייבט זיך אָן געוויינלעך פון אַן איבעררייִדעניש צווישן פינטשע דעם קאַשע־מאַכער און יונה דעם סטאָליער, וואָס וווינען אויפן הויף שוין מכמה יאָרן טיר ביי טיר. אין שטאָט האָט מען געהערט, אַז אָט־אָט — און דער רוסישער קייסער קומט אַראָפּ מיט זיינע לייט. ער וועט איינשטיין אין וואַלד פון די אָנהייב סליחות־טעג ביז העט־ווייט אַריבער סוכות. די קלאַנגען נעמען זיך פון דעם, וואָס מענטשן האָבן שוין באַצייטנס (דער זומער שטייט נאָך אין זיין פולער שיינקייט, ס'איז נאָך אַפילו נישט קיין שבת נחמו און פון גיין צו סליחות חלומט מען נאָך אַפילו נישט) געזען זעלנער אויף די פלינקע, געזעצטע פערדלעך דורכרייטן די שטאָט. זיי האָבן געזונגען מיט רויע קולות און איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ ריח פון דזשעגעכץ און בערג פערדן־מיסט. דאָס איז אַן אָנזאָג און אַ סימן, אַז באַלד טאַקע, איידער־וואָס און איידער־ווען, קומט „ער" אָן. פאַלט אָן אַן אומהיימלעכע מורא אויף קינד און קייט און עפּעס אַזאַ געפיל פון סוד און נייגעריקייט; אפשר וועט דער קייסער אָנטאָן דער שטאָט דעם גרויסן כבוד און באַווייזן, אַז זיינע געטרייע אונטערטאַנען זאָלן אַ קוק טאָן אויף אים?

ווען נאָר ער האָט זיך געפונען אין ספּאַלער וואַלד, איין מאָל אין יאָרן, האָבן די גלחים און שטאָט־טאַטעס, די פאַבריקאַנטן, חשובע לייט, די דאָזאָרן און רבנים זיך געגרייט מיט גרויס ציטערניש, מיט ברויט און זאַלץ, צלבים און, להבדיל, ספר־תורהס צו דעם ברוך־הבא. און געשען איז עס בסך־הכל אַן איינציק מאָל: ער האָט זיך דעמאָלט דורכגעטראָגן איבער דער שטאָט מיט קאַטשן און פערד, אַזוי ווי פּרעהס חיילות. הוראַ־געשרייען האָבן אויפגעריסן די לופט און פייגעלעך זענען אין מיטן פלי אַראָפּגעפאַלן פאַר אימה. שווערדן האָבן געבלאַנקט אונטער דער זון, ווי גאָלד און זילבער. ער האָט זיך

דורכגעטראָגן מיט זיין סוויטע, ווי אַ רוח, ווי אַ שטורעמווינט. דאָס געשטופעריי אין די גאַסן און אין מאַרק איז געווען אין לשער: מען האָט פשוט צעקוועטשט מענטשן אויף טויט און קיינער האָט נישט געקענט כאַפּן אַ בליק אויף אים. די פערד האָבן זיך געריסן, ווי נישט־גוטע און די שוואַרצע קאָטשן, מיט בלויז צוויי פענצטערלעך, זענען געווען פאַרמאַכט. און דער עיקר: די קאָזאַקן אויף די פלינקע, געזעצטע פערדלעך האָבן נישט צוגעלאָזט...

געבליבן איז אין יענעם פאַרנאַכט בערג פערדן־מיסט אין די גאַסן, אין מאַרק און ביי דער צערקווע. עס האָט גענומען עטלעכע טעג אָפּצורייניקן דאָס מיסט.

און אַז עס הייבן זיך אָן אַזעלכע קלאַנגען, ווערט פּינטשע דער קאַשע־מאַכער אומרואיק. ער קען שוין מער נישט איינשטיין אין דער ענגער קאַמער ביי זיין קליין קאַשע־מילעכל, מיט די שווערע שטיינער. עס טרייבט אים און עס יאָגט אים. ער פילט דעמאָלט בחוש, אַז ער שטייט פאַר אַ גרויסער זאַך, ער דאַרף עפּעס צורעכט מאַכן, ער מוז געפינען אַ תיקון. עפּעס אַזוינס ווי אַ נסיון. ווער ווייסט, אויב דער רבונו־של־עולם וועט אים געבן כוחות בייצושטיין דעם נסיון.

פּינטשע איז אַ דאַרער מאַנספּאַרשוין, הויך געוואַקסן און אַ ביסל הויקערדיק; דער אויבערשטער טייל גוף בייגט זיך אַראָפּצו. די הויט פון זיין פּנים איז צעקנייטשט און די ביינער שטאַרצן אַרויס מיט אַ קנאָכיקער פאַרשפּיצטקייט. שטיקלעך באָרד כאַפּן אַרום דאָס פּנים מיט די שוואַרצע, טרויעריקע אויגן, איבער וועלכע די ברעמען זענען שטעכיק און ווילד. ער שטייט אויף פאַרטאָג, לאָזט זיך אין אַלטן בית־המדרש איבער דער בריק צו שחרית און כאַפּט דערווייל אַריין עטלעכע יום תהילים מיטאָמאָל. נאָכן דאַווענען עסט ער אָנבייסן: אַ שטיק ראַזאָווע ברויט מיט אַ ציבעלקע, טייל מאָל מיט אַ שטיקל קנאָבל, אויב עס איז פאַראַן אין שטוב. ווען ער איז גוט אויפגעלייגט, אָדער עס איז אַ יומא־דפגרא און אין שטוב איז גראָד דאָ אַ פלעשל מיט אַ ביסל בראָנפן, פאַרטרינקט ער אַ גלעזל און גיט אָפּ אַ לויב דעם רבונו־של־עולם פאַר דער גרויסאַרטיקער סעודה.

נאָכן אָנבייסן נעמט זיך פּינטשע צו דער אַרבעט: דרייען ביי אַן אייזערן הענטל, וואָס איז פאַרטשעפּעט צו צוויי טיפע אייזערנע קאַסטנס מיט אַ ראָד, וואָס האָט שטעכיקע ציינער און איבערן ראָד אַ קייט. אין די צוויי קאַסטנס ליגן שטיינער, עטלעכע פּוד די וואָג. ווען פּינטשע דרייט דאָס אייזערנע הענטל, דרייט זיך דאָס ראָד מיט דער קייט און די אייזערנע קאַסטנס מיט דער משא שטיינער דרייען זיך אויך. זיי צערייבן אַ גאַנץ זעקל קערנער אַ טאָג און עס קומט אַרויס צעהאַקטע, ברוינע קאַשע.

פּינטשע שטייט ביים אייזערנעם הענטל פון פרימאָרגן ביז די בלויע פאַרנאַכטן, דאָס הייסט, ביז מנחה. ער פאַלט פון די כוחות עטלעכע מאָל אַ טאָג. די ביינער פון לייב ברעכן, די פיס האַקן זיך אונטער, האַלדז און נאַקן ציט און שטעכט. דעמאָלט נעמט ער אַ שעפּ קאַלט וואַסער, מאַכט אַ ברכה און פרישט אָפּ די כוחות, ברומט פסוקים תהילים און דרייט ווייטער דאָס ראָד. אָבער ער האָט נישט קיין טענות צו גאָט און נישט צו קיינעם. ער בעט נאָר בלויז ביי גאָט ער זאָל אים צושיקן נאָך אַ מצווה און נאָך אַ מצווה, כדי ער זאָל קענען מאַכן נאָך אַ ברכה. פאַר אַ נייער ברכה, נישט בלויז די געוויינלעכע המוציא איבער ברויט; פאַר שהכלס איבער וואַסער, די ברכות ביים דאַווענען, איז פּינטשע גרייט צו גיין אין פייער און וואַסער.

ווען פּינטשע דערהערט נאָר, אַז דער רוסישער קייסער קומט אַראָפּ אין ספּאַלער וואַלד, צעוואַקסט זיך אין אים אַ בענקעניש. די פאַנטאַזיע נעמט אַרבעטן ביי אים: אין יענעם טאָג וועט ער אָנטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, דורכשטופּן זיך דורכן המון און אפשר וועט אים דער אויבערשטער העלפן און ער וועט קענען כאַפּן אַ בליק אויפן קייסער. דעמאָלט וועט ער קענען מאַכן די זעלטענע ברכה צו וועלכער נישט יעדער מענטש איז זוכה: „ברוך שחלק מכבודו לבשר ודם”... ווער וועט דעמאָלט זיין גלייך צו אים?

אַלע אין הויף ווייסן פון פּינטשעס בענקעניש. נאָר דער קייסער קומט נישט אין שטאָט אַריין. ער איז פאַרנומען מיט שיסן הירשן אין וואַלד, מיט הוליאַנקעס, טיילן מעדאַלן, אָנטאָן מעדאַלן איבער דער ברוסט, מיט מושטירן זעלנער און נאָך אַזעלכע תאוות. פּינטשע ווערט דערווייל פאַרצערט פון בענקעניש. דאָס ווייב יאַדעט אים, אַז ער האָט נאָר אין זינען יענע וועלט, נאָך אַ ברכה און נאָך איינע. אין שטוב איז נישטאָ קיין כזית איבעריק ברויט, קיין זומער־פּרי. עס גייט צו די ימים־נוראים און קיין איבעריקע פּרוטה איז נישטאָ. פּינטשע מאַכט זיך נישט פון איר שרייען, הגם ער ווייסט, אַז זי איז גערעכט.

די גרעסטע צרות האָט אָבער פּינטשע פון זיין שכן, יונה דעם סטאָליאַר. יונה איז אַ געזעצטער מאַנספּאַרשוין מיט אַ שוואַרצלעך־גרוילעכער באָרד, מיט אויסגערונדיקטע, פולע פּלייצעס, מיט אַ פולן, רויטלעכן פּנים. די אויגן זיינע האָבן אַ טיפע וואַרעמקייט. זיין אויסזען איז בכבודיק, זיין גאַנג איז אַ טענצלדיקער, פון זיינע רייד הערט זיך די פרייד פון אַ ייד אַ בעל־בטחון און ער האָט דעם רוסישן קייסער מיט זיינע לייט, מיט זיין שיסן הירשן אין וואַלד, מיט זיין פּרצוף־פּנים — טיף טייער אין דער אדמה.

יונה האָט זיין וואַרשטאַט נעבן דער ענגער קאַמער, וווּ פּינטשע מאָלט זיין קאַשע. פון יונהס קאַמער הערט זיך דאָס היימישע געזאַנג פון הובלעווען האָלץ, זעגן, קלאַפּן. עס

טראָגן זיך פון דאָרט פרישע ריחות פון געהילץ און די פּאָד־לאָגע איז דאָרט פול מיט גאָלדיק־ברוינלעכע, דינינקע, זיי־דענע האָלץ־אָפּפאַלעכץ. יונה קלאַפּט, זעגט, הובלעוועט, מאַכט אין מיטן טאָג אַ לחיים און פאַרבייסט מיט אַן אייער־קיכל, גרויס ווי אַ טעלער. ער מאַכט שרענק, בעטן, בענק, טישן פאַר יידן אין שטאָט. פאַר אַ ניי פאַרפאָלק ערשט פון אונטער דער חופּה אַרויס. אַ גאַנץ געשטעלט פון מעבל פאַר אַ נייער דירה.

יונה קען נישט פאַרנעמען פינטשעס ווילדע גענג און גלוסטעניש אַריינצוכאַפּן נאָך אַ ברכה. דערצו קען ער נישט פאַרשטיין: וואָס איז דאָס די גאַנצע מצאַצע מיטן קייסער, וואָס מען דאַרף איבער אים מאַכן אַ ברכה?

— ער איז דאָך נישט מער ווי אַ שטיק פליש פונקט ווי יעדער פון אונדז און פונקט ווי יעדער גוי. די ווערעם וועלן אויך אים פרעסן אין קבר. דערצו איז ער נאָך אַ רוצח, וואָס לאָזט אומברענגען טויזנטער אַרבעטער, לאָזט מאַכן פּאָגראָ־מען און חורבות אויף יידן! ער איז אַ שטיק דר...

אַזוי טענהט יונה און ער האָט מורא צו פאַרענדיקן דאָס מיאוסע וואָרט, מחמת ווענט האָבן אויערן. מער פעלט אים נישט, נאָר מען זאָל הערן, אַז ער האָט פון זיין מויל גאָר אַרויסגעבראַכט אַזאַ וואָרט. דערצו לאָזט אים פינטשע נישט פאַרענדיקן:

— ער איז אַ מלך און איז אויסדערוויילט פון גאָט! אַ באַזונדערער מלאך באַגלייט אים.

— געטס נאָר אַ קוק! — ווערט יונה אָנגעצונדן און זיין גוטמוטיק פנים ווערט נאָך רויטער — ער האָט שוין אַ באַ־זונדערן מלאך און גאָט האָט אים אויסדערוויילט! אַז אָך און ווי צו די יאָרן! וואָס דאַרפט איר זיך אַזוי צעריסן דעם יאַשטשיק? ווי מעג דאָס אַ ייד איבער אַזאַ איינעם מאַכן אַ ברכה? און אויב שוין יאָ, אַז פון אויבערשטנס כבוד האָט מען אים צוגעטיילט אַ שטיק, אַ חלק — וועט מען זיך באַ־גיין אין הימל אָן אייער ברכה, רעב פינטשע! מען וועט זיך באַגיין!

קען שוין פינטשע נישט פאַרטראָגן די גראָבע רייד פון דעם סטאָליאַר, וואָס מער ווי דאַוונען מיט גרייזן קען ער נישט, אַ קליין שטיקעלע תהילים איין מאָל אין אַ יובל איז פאַר אים גענוג. אין אַ ספר קוקט ער זעלטן אַריין, נאָר איז שטענדיק פאַרנומען מיט מאַכן „לחיימס", מיט מאַכן שרענק, טישן, בעטן...

— ביסט אַן עם־הארץ, יונה! — קאָכט זיך פינטשע און זיין דאַרער גוף שאָקלט זיך, ווי אַ דאַר ביימל אין ווינט — טאָרסט אַזוי נישט ריידן! ער איז אַ מלך, אַן אויסדערוויי־לטער! דו ווייסט אַפילו נישט, אַז אונדזערע חכמים הייסן מאַכן אַ ברכה איבער אַ מלך בשר ודם! ווען קען אַ ייד זוכה זיין צו דעם האַ? עס וואַלגערן זיך אַזוינע ברכות אין די גאַסן ביי דיר?

גייט שוין יונה אַרויס פון די כלים:

— געהערט אַ מעשה! די חכמים הייסן! זאָלן זיי זיך איינשטעלן דאָס לעבן און לויפן קוקן זיין פרצוף! וואָס מ׳־שטיינס געזאָגט איז דאָ פאַראַן צו זען! יעדער מענטש איז דאָך באַשאַפן אין גאָטס געשטאַלט! אַז אים האָט אָפּגעגליקט און ר׳האָט לענדער און מדינות, ווייבער און וועלדער, דאַרף איך נאָך מאַכן איבער אים אַ ברכה?! שעמט זיך, רעב פינטשע! געהערט אַ מעשה, אַ ברכה איבער אים, ווי, להבדיל, איבער אַ ברויט? אַ ברויט איז — ברויט, עס זעטיקט דעם גוף, אָבער...

פון וואָרט צו וואָרט איז אַלע מאָל געקומען צו מחלוקת. אין הויף האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים: איין צד האָט גע־האַלטן מיטן קאַשע־מאַכער, דער צווייטער צד, מיט יונה דעם סטאָליאַר. אַרום און אַרום איז דער קייסער נישט מער, ווי אַ פראָסט שטיק פליש, ער לאָזט מאָרדעווען יידן, לאָזט זיינע זעלנער שיסן אויף אַרבעטער אין מיטן העלן טאָג. און דער עיקר: אַזאַ ייד ווי פינטשע, וואָס קען נישט מפרנס זיין ווייב מיט קינדער, האָרעוועט, ווי אַ פערד און ליגט ניט איילן אין דר׳ערד — אַזאַ איינער דאַרף נישט איינרייסן וועלטן. פאַראַן בעסערע ברכות... פרישע ווינטרויבן איבער וועלכע עס ליגט נאָך דער טוי פון די פרימאָרגנס, אַ גלעזל טאָקאַיער ווייַן, אַפילו אַ ברכה איבער אַ שטיק פריש ראַזאָווע ברויט, ווער שמועסט נאָך מיט פוטער! איז שוין אַזאַ גוט יאָר אויף יידן, ווי עס איז בעסער און מחיהדיקער...

...דאָרט ווייט, אַרום דעם וואַלד, האָבן געהיטן זעלנער סיי אויף פערד מיט שווערדן און פיקעס און סיי פוסגייער מיט בלויז ביקסן. טויזנטער הירשן זענען אויסגעשאָסן געוואָרן אין די געדיכטע וואַלד־טיפענישן. די ברומענישן פון די פאַר־וווּנדעטע חיות, דאָס הירזשען פון די צעיאָכמערטע פערד, דאָס היילן און בילן פון די בלוט־הינט, דאָס שאַלן פון די האָרנס, האָבן פאַרהילכט דעם וואַלד אויף ווייט און ברייט.

דער קייסער האָט זיך אין שטאָט נישט באַוויזן, קיינעם נישט געוואָלט אָנטאָן דעם כבוד, נישט די גלחים, נישט די שטאָט־טאַטעס, נישט די דאָזורן, כאָטש די שווערע גלאָקן פון רוסישן קלויסטער אין מיטן מאַרק, האָבן יעדן טאָג געק־לונגען לאַנגע שעהן און פאַרטויבט דעם מאַרק מיט אַנזאָג. יידן האָבן אַריינגעלייגט וואַטע אין די אויערן, בכדי נישט צו הערן די הילכיקע גלאָקן־קלאַנגען, וואָס האָבן מיט יעדן זעץ אַנגעוואָרפן שרעק אין די הערצער.

ג

איין מאָל אין אַ האַרבסט, האָט שטאָט זיך דערוווּסט, אַז שוין... דאָס מאָל קומט ער אויף זיכער. אַז דאָס מאָל איז

טאקע אויף אן אמת. האט מען געקענט זען באשיימפּערלעך. יעדן טאג זענען אנגעלאפן קאזאקן אויף זייערע קליינע ברוי־נע, אויסגעפּאשעטע פערדלעך, ווי די רוחות. די שווערדן האבן זיך געבאמבלט ביי די שטיוול און ביי די פערדס בויכער. זיי זענען אדורך אין ווילדן גאלאפּ די גאסן, דעם מארק. די פערד האבן געזעצט מיט די פּאדקאוועס און די שטיינער פון ברוק, אזש פונקען האבן געשפּריצט. יידן האבן זיך שנעל אריינגערוקט אין די הייזער און געטראכט פון גומל־בענטשן שבת ביים דאווענען. מאלע וואס א קאזאק קען זיך פּארגלוסטן אין מיטן העלן טאג: א זעץ מיט דער נאגייקע, א שפּיל טאן זיך מיט דער שווערד איבער יידישע קעפּ, צו וואס איז דען באשאפן געווארן א נאגייקע, א שווערד אין די הענט פון אזא איינעם מיט א פּרצוף פון א רוצח?

מען האט אנגעהויבן פּוצן און אויסטראַיען דעם קלויס־טער אין מיטן מארק. די ציבעלע־טורעמס באשמירט אויף בלוי, די צלמים גאר אויפן שפּיץ — באגאלדיקט. דעם צו־גאנג באלייגט מיט בלומען און בלעטער. דעם מארק האט מען גערייניקט, עטלעכע טעג נישט ארויפגעלאזט קיין פערד און קיין וועגענער, נישט געלאזט די וואסערטרעגער שעפּן וואסער ביים שטאט־ברונעם. די גלחים האבן אויסגעפּרוווט זייערע קולות און געבלעקעט אין מיטן העלן טאג. עלעהיי א חגא. די שטאט־טאטעס האבן זיך גערייניקט די קאפּאטעס, אפּגע־שוירן די האר און מיט קלאפּנדיקע הערצער געווארט אויף דעם גרויסן טאג.

ביי אונדז אויפן הויף האט מען עס אנגעזען מער ווי אויף אלע יידישע הייף פון שטאט: דער הויף איז געגאנגען אויף רעדלעך. עס האט זיך געטומלט, ווי אין א בינשטאק אין א זומער־פּארנאכט. פינטשע איז דורך די עטלעכע טעג גע־ווארן נאך דארער, איינגעהויקערטער און דאס הויכע גע־שטאלט האט זיך עפּעס געבראכן און געוויגט. יעדער טראפּן בלוט איז אים אפּגערונען פון פּנים. בלויז זיינע טיפע, שווארצע אויגן האבן געברענט מיט אן אויסטערלישער פרייד.

דעם קאשע־מאכערס צד האט זיך געפילט, ווי די אמתע בעלי־שמחה. יונה סטאליאר מיט זיין חברה זענען ארומגע־גאנגען בייזע, אויפגערעגטע און זענען גרייט געווען צו מאכן א רעוואלוציע אויפן הויף. יונה האט אין די טעג געמאכט גרעסערע „לחיימס" און געשאלטן אלע קיסרים אין זייער טאטן אריין. און דער טאג איז געקומען — א זוניקער, א קאלטער, א טרוקענער ווינט האט זיך געטראגן מיטן זאמד און שטויב. פּארטאג האבן קאזאקן אויף פערד, מיט בלאנקע שווערדן אין די הענט, אריינגעפלייצט אין שטאט אריין פון אלע זייטן. די פערד האבן געהירזשעט, געגאנגען אין א ריטמישער גלייכקייט. דאס מאל זענען זיי נישט געפלויגן נאר געגאנגען מיט א פריי־לעכן גאנג. זיי האבן זיך אויסגעשטעלט אין די גאסן און ארומגענומען דעם גאנצן מארק, ווי א רייף. אומעטום פער־דישע בייכער, ווייַדלען און פעטע הינטנס.

אויף די באלקאנדלעך און אין די פענצטער האבן גע־האנגען פענער, פלושענע, קאלירע קאלדרעס, טעפּיכער. מען האט אויך ארויסגעהאנגען א פיין אויסגענייטן פּרוכת. דער ווינט האט געפּיפן דורך די פלאטערנדיקע פענער און קאלדרעס. די קלויסטער־גלאקן האבן מיט מעטאליקע טיפע טענער פייערלעך און הילכיק אנגעזאגט די גרויסע בשורה. די פאבריק־קוימענס האבן גערעוועט מיט א ווילסט ריטשעריי, ווי בשעת א שריפה אין שטאט. די גאסן, דער מארק, די וועגן זענען געווען געפּאקט פון מענטשן. מענער און ווייבער, פויערים און פויערטעס, חשובע לייט מיט צילינדער און פראק. דאס פאלק האט מען נישט צוגעלאזט א ביסעלע נענ־טער צום מארק. אלע האבן געמוזט שטיין הינטער די פער־דישע הינטנס און די ברייטע פלייצעס פון די רייטער מיט די בלאנקע שווערדן אין די הענט קעגן דער גאלדיקער זון.

פינטשע האט זיך אנגעטאן די שבתדיקע קאפּאטע אויס־געפוצט די שטיוול. אויפן קאפּ דאס סאמעטענע היטל, טאקע גרייט צו טאן א מצווה. דאס ווייב האט אויף אים געקוקט בייז און צו להכעיסדיק. אט א שלימזל, פּארגלוסט זיך אים ברכות איבער קיסרים און טו אים עפּעס. ער האט זיך באוויזן אויפן הויף אין די שבתדיקע בגדים, הגם עס איז גאר געווען מיט־וואך. זיין צד האט אים געווונטשן א גוטע זאאונג און יונה מיט זיינע לייט האבן געחוזקט. דער סטאליאר האט גערעדט בייזלעך:

— קוקט אים אן! ווי ער וואלט געגאנגען מקבל פּנים זיין משיחן! א ייד אן עקשן...

— קענט איר נישט באשטיין, ר' יונה — האט אים אן אנדערער ייד אפּגעענטפערט — מיט אזא ברכה וועט פינטשע דער ערשטער מקבל פּנים זיין משיחן. איר מעגט דאס וויסן!

— אט האסטו דיר א נייע בשורה און א פרישן אנשי־קעניש!

אין זיין חוזק האט זיך געהערט עפּעס א טאן פון קנאה, וואס פינטשע האט דאך זיך דערוואַרט. פינטשע האט זיך גע־לאזט מיט שנעלע טריט צום שטראם מענטשן אין מארק. מען האט אים געשטויסן און געשטופּט. ער האט זיך אויסגע־מישט צווישן גויים, ווייבער, פויערים, פויערטעס, פערד, געלעכטערס און מיאוסע רייד. ער איז געבליבן איינגעשמידט צווישן מענטשלעכע לייבער, הינטער א פערד, וואס האט געזעצט מיט די פּאדקאוועס איבער די שטיינער. אויף די ליפּן איז אים געלעגן גרייט די ברכה, א פּולע, ווי איבער א קידוש־בעכער מיט וויין.

אַ ברייטע, אויסגעפּאַשעטע פּלייצע פון אַ מגושמדיקן קאַזאַק איז „אים געשטאַנען פאַר די אויגן. איבער דער פּלייצע אַ האַריקער מונדיר. אַ בלאַנקע שווערד אין דער האַנט האָט געפינקלט קעגן דער זון און אַ וועלט מיט שטראַלעכלעך האָבן זיך געשפּילט אין דער זילבער־בלוילעכער שאַרפקייט פון דער שווערד.

מען האָט אים געשטויסן פון אַלע זייטן. דאָס פערד האָט געבריקעט פון פאַרנט זיין לייב. פּלוצים האָבן זיך געהערט „הוראַ״־געשרייען, מוראדיקע קולות, אַזש די לופט האָט געציטערט. די פערד האָבן געהירזשעט און זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס. פּינטשע האָט עפּעס דורך אַ שטיקעלע ליכט־עפּענונג פון לייבער געזען אַ שוואַרצע קאָטש. מער האָט ער גאַרנישט געזען. אַ שוואַרצע מאַסע און די קאָטש — אַן עגלה, להבדיל בין חיים למוות — מער גאַרנישט. ער האָט אָבער געוואָלט זען, ווייל מען מוז אָנקוקן דאָס פּנים. ערשט דעמאָלט מעג מען מיט דער גאַנצער זיכערקייט מאַכן די ברכה. אָבער גיי זע, אַז די וועלט גייט גאָר אונטער פערדישע ווידלען, פונקען פייער. קאָזאַקן, ראַפּניקעס, שווערדן, געוואַלדן, געלעכטערס, פערדן־מיסט, ריחות צו איבלען. עס איז תוהו־ובוהו! זאָל דאָס זיין דער כבוד פון אַ קייסער?

פּינטשע האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון דער איינגעשמידקייט און מיט עקשנות אַדורכהאַקן די קייט פון מענטשן און חיות. דאָס פערד האָט אים געטאָן אַ זעץ אין אַ פוס. דער ווינט האָט אים פאַרפּרישעט די אויגן. ער האָט געטאָן אַ שטרעק אויס די הענט, ווי צו מאַכן זיך אַ וועג פאַרויס צו דער מצווה — די ברכה.

דער קאָזאַק אויפן פערד האָט זיך שווער אויסגעדרייט. ער האָט געזען דאָס סאַמעטענע היטל, אַ באָרד, פייערדיקע אויגן, אַ דאַר, ביינערדיק פּנים. האָט ער קיין איבעריקע רגע נישט געטראַכט און מיטן ראַפּניק אַ זעץ געטאָן ווו עס האָט זיך געלאָזט. צו דעם איז דער ראַפּניק באַשאַפן געוואָרן נאָך פון ששת ימי בראשית. פּינטשעס הויכער, דאַרער קערפּער האָט זיך איינגעבראָכן, פון אונטער דעם סאַמעטענעם היטל האָט אַ פּלייץ געטאָן אַ ריטשקעלע בלוט.

פּינטשע האָט דעם קייסערס פּנים נישט געזען. די ברכה איז אויסגעגאַנגען אַ פאַרשעמטע אויף זיינע צעוויטיקטע בלייכע ליפּן.

די פערד און די קאָזאַקן האָבן זיך צעיושעט. דאָס הירזשעריי האָט זיך אויסגעמישט מיט די „הוראַ״־געשרייען. דער הימל, אַ בלויער, מיט זילבערנע וואָלקנדלעך האָט איבערן מאַרק געפלייצט מיט ליכט, דאָרט, ווו די שוואַרצע קאָטש מיט דעם קייסער איז געשטאַנען, געפאָרן געטראָגן געוואָרן. אַ פערד האָט אַ בריקע געטאָן אין פּינטשעס בויך. עטלעכע גויאישע הענט האָבן דעם קאַשע־מאַכערס קערפּער אַרויסגעשלעפּט פון צווישן די פערדישע פיס און הענגענדיקע שווערדן און אים אַ צעממיתטן אַוועקגעלייגט ביי אַ שוועל פון אַ פאַרמאַכטער יידישער קראָם. אָנשטאָט דער ברכה האָבן זיינע ליפּן קוים אַרויסגעבראַכט די ווערטער פון ווידוי.

# אַ משכּון

משה דלוזשנאָווסקי

אין שטאָט טאָמאַשאָוו האָט מען געוווּסט, אַז דער זיידע פֿאַרמאָגט אַן אַלטן חנוכּה־לאָמפּ געשמידט און געהאַמערט פֿון ריינעם זילבער. אין די חנוכּה־טעג פֿלעגן מענטשן קומען באַוווּנדערן דאָס מייסטער־שטיק, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט און אַראָפּגעשיינט מיט צוויי לייבן, וועלכע האָבן אין זייערע לאַפּעס געהאַלטן צוויי קריגלעך. איבער זיי האָבן צוויי אָדלערס זיך געשפּרייט מיט פֿליגל. די אַכט קליינע קריגעלעך, אין וועלכע מען האָט אָנגעגאָסן די בוימאייל, זענען געזעסן איבער די רוקנס פֿון טייבעלעך.

מען האָט דערציילט, אַז מיט אַ סך יאָרן צוריק, ווער ווייסט ווען און ווו, איז דאָ איין מאָל אָנגעקומען אַ פֿרעמדער ייד. גערעדט האָט ער עטלעכע לשונות און איבערגעגעבן פֿון מויל צו אויער, אַז ער זאַמלט געלט אויסצולייזן געפֿאַנגענע יידן פֿון גוייִשע הענט. ער האָט מיט זיך געהאַט פֿאַרשידענע חפֿצים און צווישן זיי דעם חנוכּה־לאָמפּ, וואָס דער זיידע האָט אָפּגעקויפֿט און באַצאָלט אַ מטמון מיט געלט. פּשוט זיך בדיל־הדל געשטעלט, פֿאַרזעצט דאָס קישן פֿון אונטערן קאָפּ אַבי צו באַצאָלן דעם פֿרעמדן פֿאַרן טייערן חפֿץ. דערמיט האָט ער געטאָן צוויי מצוות: געהאָלפֿן אויסלייזן יידישע געפֿאַנגענע, ווייל פּדיון שבֿוים איז נישט קיין קלייניקייט, און איינגעשאַפֿט זיך אַ חנוכּה־לאָמפּ, וואָס באַשיינט דאָס הויז אין די אַכט יום־טובֿ־טעג.

יאָר־איין, יאָר־אויס פֿלעג איך דעם ערשטן חנוכּה אין דער פֿרי פֿעדערן און קומען אין זיידנס שטוב אַריין זען דעם שיינעם לאָמפּ און אין איין וועגס קריגן חנוכּה־געלט. דעם זיידנס פּנים האָט געשיינט. די גאַנצע וואָכעדיקייט און זאָרג איז פֿון אים פֿאַרשוווּנדן, און די זאָרג האָט אים דאָך די טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר כּסדר געפּייניקט. צוויי זין זענען אים אומגעקומען, איינער אין מלחמה, דער צווייטער אין תּפֿיסה פֿאַר וועלן איבערקערן די וועלט און ברענגען דעם אייביקן יושר. אַ טאָכטער איז אים געשטאָרבן אין קינפּעט מיטן ערשטן קינד; אויף דער שניט־קראָם זיינער איז ער געווען פֿאַרמשכּונט מיט חובֿות. דאָך האָט ער זיך געהאַלטן און נישט איינגעבראָכן. געטראָגן די יסורים מיט אַ פּאַטאַלער אונטערטעניקייט, אַזוי איז דעם באַשעפֿערס ווילן...

איך האָב אים געטראָפֿן זיך אַרומדרייען איבערן שטוב אַן אויפֿגעלייגטן, אונטערגעזונגען אַן אַלטן ניגון, געהאַלטן די הענט אַריינגעשטעקט אינעם גאַרטל. געטאָן מיר אַ קנופּ אין באַק, אַזש טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן. ער האָט אַ שמייכלדיקער געזאָגט:

— נו, חומש־בחור, געקומען נאָך חנוכּה־געלט, האַ?

איך האָב זיך געקווענקלט, צוגעהאַלטן מיט דער האַנט די צווייטע באַק, כּדי נישט צו כאַפּן כּבֿוד אַ צווייטן קנופּ, און שטיל געענטפֿערט:

— נישט חנוכּה־געלט, מיין איך, דעם לאָמפּ... דעם לאָמפּ וויל איך זען. איך קען זיך נישט דערוואַרטן ביז פֿאַרנאַכט.

— ווילסט דאָך מיר פֿאַררעדן די ציינער, כּדי זאָלסט קריגן אַ זשמעניע חנוכּה־געלט, דו שייגאַץ איינער! נו, גוט, גוט.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער דעמבענער ספֿרים־שאַפֿע, געעפֿנט צוויי טירן. עס האָט אַ שלאָג געטאָן פֿאַר די אויגן דער טונקעלער ברוין פֿון לעדערנע רוקנס איבער גמרות — דער ווילנער ש״ס, מיט גאָלד־געליישטע אותיות אין די רוקנס. די גמרות זענען געשטאַנען אין אַ געפּרעסטער ענגשאַפֿט אויף דער אויבערשטער פּאָליצע. אויף די אונטערשטע פֿאַכן זענען געשטאַנען אין אַ ריטמישן סדר: משניותן, חומשים, ספֿרים, מנורת־המאור. פֿון דער זעקסטער פּאָליצע האָט דער זיידע פֿאַרזיכטיק אַראָפּגענומען אַ פּעקעלע אין געלבן פּאַפּיר, צוגעטראָגן צום טיש און ברייטלעך פֿאַנאַנדערגעבונדן. דער זילבער האָט אַ בלענד געטאָן און די לייבן, אָדלערס, טויבן זענען אַרויסגעקומען, ווי פֿון ווייסן פֿייער, לעבעדיקע, צעפֿלאַקערטע. דער זיידע האָט שוין געהאַט גרייט אַ וואָלן טיכל און גענומען פּוצן דעם לאָמפּ. ער האָט פּאַמעלעך געפּוצט. דער זילבער איז געוואָרן פֿינקלדיקער און געגלאַנצט, ווי אַ געשליפֿענער שפּיגל. איך האָב מיין פּנים צוגעבויגן צו דעם זילבערנעם ווענטל מיט די געהאַמערטע חיות און האָב זיך אַליין געזען בעסער, ווי אינעם שפּיגל ביי אונדז אין הויז.

איך האָב דערפֿילט אַ לייכט פּעטשל פֿון זיידנס האַנט איבער מיין פּנים. ער האָט געזאָגט אין אַ בייזלעכן טאָן:

— אַ מענטש טאָר נישט צו פֿיל קוקן אין זילבער און נישט שפּיגלען זיין פּנים. דערצו נאָך אין אַ הייליקן חפֿץ. נישט אין זילבער. דו הערסט, חומש־בחור! דער מענטש איז באַשאַפֿן אין גאָטס געשטאַלט, דאַרף זיין ענייוותדיק, צניעותדיק, נישט וועלן אויפֿרייסן די אויגן. אַ ייד טאָר דאָס נישט!

איך האָב זיך פֿאַרשעמט און אַוועקגעכאַפּט דעם קאָפּ פֿונעם ים מיט זילבער.

מיטן צופֿאַלן פֿון אָוונט האָט דאָס קנייטל אינעם ערשטן קריגעלע זיך צעברענט. די לייבן, די אָדלערס, האָבן אינעם ברענענדיקן פֿלעמל אויסגעזען, ווי גאָלדענע פֿייערדיקע חיות אין אַ ראַם פֿון אויסטערלישער שיינקייט. דער זיידע האָט זיך געדרייט איבערן שטוב, אונטערגעזונגען. דאָס פֿלעמל האָט פֿריילעך געטאַנצט און זיך איבערגעוואָנקען מיטן פֿלעמל

פון שמש אין א לייבס לאַפּע. דער נס פון דער מעשה, וואָס איז טויזנטער יאָר אַלט, האָט געפּלאַטערט אין שטוב, אַזוי גוט ווי אין אַלע יידישע שטובן אין דער גאַנצער וועלט.

דער זיידע איז געשטאָרבן. דער חנוכה־לאָמפּ איז אַריבער בירושה צו זיין איינציק לעבן־געבליבענעם זון, מיין פאָטער, צוזאַמען מיט דער ספרים־שאַנק. די איבערשטע פאַליצע פון דער שאַפע האָט געהאַלטן אין זיך דעם אוצר פון א מיסטעריעזער בענקשאַפט צו דער שיינקייט, וואָס אַן אַלטער יידישער מייסטער האָט ערגעץ אין א ווינקל פון דער וועלט, געהאַמערט, געשמידט און דאָס חפץ איז ווער ווייסט דורך וואָס פאַרא גילגולים אַנגעקומען צו אונדז אין הויז אַריין.

עס זענען געקומען שווערע יאָרן: מלחמה, נויט, קראַנקהייטן פאַרטריבן געוואָרן פון איין עק שטאָט צו דער אַנדערער. אין שטוב ביי אונדז האָט געהערשט הונגער און טרויער. דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען א צעבראָכענער, געקרעכצט, געוויינט אין די ווינקעלעך פון שטוב, אַריינגעיאָמערט אין זיך, געזאָגט פסוקים תהילים מיט א טיף געבעט און האָט קיין מאָל נישט דערזאָגט אַזוי ווייט, אַז ער זאָל קענען אָנשפּאַן א טראָפּן פרייד. ער האָט זיך געגומען צום הארצן, הלמאי ער איז אַריין אין דער משפחה פון יורדים אין שטאָט. נישט געוואָלט אָננעמען קיין טרייסט, אַז א ייד טאָר נישט פאַרלירן דעם בטחון. אין די ערגסטע שעהן פון לעבן אפילו, טאָר ער נישט אַריינפאַלן אין עצבות, וואָס צעטרייסלט דאָס געמיט און טרייבט צו א ביטערן סוף.

ווידער איז געקומען חנוכה. א גאַנצן טאָג האָב איך געוואַרט דער טאַטע זאָל עפענען די ספרים־שאַנק, אַראָפּנעמען פון דער אויבערשטער פאַליצע דעם לאָמפּ און צוגרייטן צום יום־טוב. ער האָט אָבער די ספרים־שאַנק נישט געעפנט. איך האָב אים נישט דערקענט. זיין פּנים איז געווען בלייך, זיין געשטאַלט — געהויקערט און א חושכדיקע גרויקייט איז אין דעם טאָג איבער אים אַרויף.

דער טאָג האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרגיין. אין דרויסן איז געווען א ביטערער פראָסט און אין שטוב — א קעלט. אויף די שויבן פון די פענצטערס האָבן פאַמעלעך זיך צעבליט: בלומען, ביימער, בלעטער אין א בלוילעכן זילבער פון דעם גרימיקן פראָסט. מען האָט נישט געקענט זען צי עס איז טאָג צי נאַכט. דער טאַטע האָט פון א ווינקל אין שטוב אַרויסבאַקומען א קאַרטאָפל און פון ערגעץ צוויי גרוי־חלבנע ליכטלעך. זיינע אויגן זיינען געווען פייכט. ער האָט געקוקט אויף דער מאַמע און אויף די קינדער און געגומען ריידן צו אַלעמען און צו קיינעם נישט:

— נו, מיר וועלן זיך גרייטן צו בענטשן חנוכה־ליכט — דאָס קול האָט זיך געשטיקט ביי אים אין האַלדז — מילא, מען קען זיך באַגיין אָן א חנוכה־לעמפּל. נישט דאָס חפץ, נישט דער זילבער, אַדער דער מעש איז דער עיקר, נאָר דער פלאַם, דאָס פייער, וואָס דערציילט די גרויסקייט פון דער מעשה.

— דאַרפסט זיך וועגן דעם נישט אָפּעסן דאָס האַרץ — האָט די מאַמע געפּרוווט אָוועקמאַכן דעם טאַטנס טרויער און האָט פאַרבראָכן די הענט, אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, מען זאָל נישט זען דאָס חשכות אין אירע אויגן — דער זילבערנער לאָמפּ וועט נאָך באַשיינען אונדזער הויז. אויף יעדער זאַך קומט א צייט.

דער טאַטע האָט מיט א מעסער גערייניקט די קאַרטאָפל, אויסגעצופּט די ווייסע אַנגעוואָקסענע וואָרצלען, געמאַכט א גריבל און אַריינגעשטעקט דאָס חלבנע ליכטל. דאָס צווייטע ליכטל האָט געזאָלט זיין דער שמש און ער האָט געהאַט בדעה עס אַנצוטריפן אויפן טיש. ער האָט געברומט:

— נישט געקענט אויסליזן פון שלום־בערן דעם לאָמפּ. דער רבונו־של־עולם איז מיין עדות, אַז נישט געקענט.

איצט האָב איך זיך געכאַפּט ווו דער לאָמפּ געפינט זיך: פאַרמשכונט ביי שלום־בערן.

אַלע אין שטאָט האָבן געקענט שלום־בערן דעם פּראַצענטניק. ער האָט אויסגעבאָרגט געלט אויף משכנות און גענומען פּראָצענט, לויטן איינזען: ביי א גאָר רייכן מאַן, וואָס דאַרף אויף דער שנעל א הלוואה, האָט ער גענומען א פעטן פּראָצענט; ביי א האַלב־פאַרמעגלעכן, האָט ער גענומען א קליינעם פּראָצענט; ביי אַן אָרעמאַן א יורד, וואָס האָט פאַרזעצט די שבת־לייכטערס, דעם קידוש־בעכער, האָט ער גענומען קוים־קוים עפּעס, וואָס זאָל דעקן זיין אחריות פאַר היטן יענעמס חפץ. אַזעלכער ווי דער, וואָס איז געקומען פאַרזעצן דאָס קישן פון אונטערן קאָפּ, האָט שלום־בער נאָך אַליין געגעבן א הלוואה, נישט געוואָלט נעמען דאָס קישן אַלס משכון, און דער אָרעמאַן איז אָוועק פון שלום־בערס שטוב מיט א לייכט געמיט און ביי דער שוועל איבערגעלאָזט א באַרג ברכות. ער איז געווען אַן ערלעכער מאַן, ביי קיינעם קיין איבעריקע פּרוטה נישט גענומען און א סך מאָל צוריקגעגעבן די שטוב־לייכטערס, דעם קידוש־בעכער, אַבי די באַלעבאָסטע זאָל נישט האָבן א פאַרשטערטן שבת, אַבי מען זאָלן אויפן שבתדיקן טיש האָבן די לייכטערס מיט פריילעכע פלעמלעך און דער וויין זאָל זיך שוימען איבערן ראַנד פון בעכער ביי קידוש.

איך האָב אים גוט געקענט. דער טאַטע פלעגט מיך אַלע מאָל שיקן צו אים מיט עפּעס א צעטעלע באַשריבן מיט ציפערן. שלום־בער פלעגט ביי מיר נעמען דאָס שטיקל פּאַפּיר און מיט זיינע שיקלדיקע אויגן, איבער וועלכע די ברעמען האָבן אונטערגעציטערט, פלעגט ער עס גוט באַטראַכטן, נאָך

דעם פלעגט ער פון אַ קאַסטן באַשמידט מיט אייזנס אַרויס־נעמען אַ ביסל געלט, עס מיר געבן פאַרן טאַטן און אונטער־געברומט יעדעס מאָל דעם זעלבן פזמון:

— היט דאָס געלט, בחורל. געלט איז אַ טייערע זאַך, מען דאַרף וויסן ווי עס צו היטן און ווי אַזוי עס צו פאַרדינען.

דעם חנוכה־לאָמפּ האָט, ווייזט אויס, דער טאַטע אַליין געטראַגן צום פאַרמשכונען, געוואָלט האַלטן דעם סוד ווי לאַנג עס וועט זיך לאָזן, זאָלן די קינדער נישט וויסן פון דעם ביטערן גזר און דער רבונו של עולם קען דאַך העלפן אַפילו ווען דער חלף ליגט אויפן האַלדז...

איך האָב איצט לאַנג נישט געטראַכט און בין אַרויס פון הויז.

די גאַס איז געווען באַדעקט מיט אַ בלוילעך־זילבערנעם שניי. פון די קומענס אויף די דעכער האָבן זיך געצויגן בלויע רויכלעך צום לויטערן הימל. איך בין געלאָפן אין איין געסל אַריין, פונעם אַנדערן אַרויס. מען האָט זעלטן באַגעגנט אַ פאַרבייגייער. איך בין אָנגעקומען צו שלום־בערס הויז און בין אַריין צו אים אין שטוב. עס איז דאָרט געווען וואַרעם. זיין הויכע געשטאַלט האָט זיך געוויגט איבער אַ מעשענעם חנוכה־לעמפּל. ער האָט דאָרט אין די קליינע רערלעך אָנגע־גאָסן בוימאייל און פאַרלייגט אינעם ערשטן רערל אַ קנייטל.

זיין פּנים, די שיקלדיקע אויגן, די שוואַרצע באָרד האָבן זיך אויסגעדרייט צו מיר. ער האָט גאַנץ שטיל געפרעגט:

— וואָס ווילסטו זאָגן גוטס, בחור? ביסט, דוכט זיך, נפתלי שכנאס יינגל. אַ גמרא־בחור, האַ?

— יאָ, אין אַ יאָר אַרום ווער איך בר־מצווה.

— אין אַזאַ קעלט ביסטו געקומען. גיי צום אויוון, וואַרעם זיך אָן און זאָג מיר וועגן וואָס ביסטו געקומען.

— עס איז מיר נישט קאַלט. איך בין געקומען — האָב איך געשטאַמלט — נאָך דעם זיידנס חנוכה־לאָמפּ. היינט...

— האָסט געבראַכט דאָס געלט? איך מיין פאַרן משכון. דער טאַטע...

איך האָב איבערגעהאַקט זיינע רייד:

— נישט געבראַכט קיין געלט! מיר האָבן נישט היינט. אפשר נאָך חנוכה. אפשר...

דער ייד האָט געקוקט אויף מיר און געשוויגן. אַ רחמנות האָט מיך אַרומגענומען אויף דעם הויכן מאַן, וואָס האָט געלט, אַ וואַרעמע שטוב און אונדזער זילבערנעם, שיינעם חנוכה־לאָמפּ. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז ער וויינט, אַז אים איז אויך נישט גוט מיט דעם אַלעם וואָס ער פאַרמאָגט. ער האָט אַלץ שטיל גערעדט:

— דיין טאַטע האָט דאָס לעמפּל איינגעלייגט ביי מיר. איך האָב אים געבאָרגט שיין געלט אויף דעם, ער זאָל קענען פירן אַ שטיקל מסחר. איך האָב אים געבאָרגט אַ סך מער, ווי דאָס חפץ האָט די ווערט. נאָר ווייזט אויס, גיט אים דער רבונו־של־עולם נישט קיין מזל און... און...

— דער טאַטע וועט אָפּצאָלן, ער וועט פאַרדינען. ער וועט מצליח זיין.

— הלוואַי, בחור. עס איז גוט, אַז אַ ייד האָט בטחון, עס איז די שענסטע מידה. דורך בטחון קען מען אַלץ דערגרייכן, אַפילו צום טויער פון רחמים קען מען דערגרייכן...

— באָרגט אונדז אויס דעם לאָמפּ אויף די אַכט טעג חנוכה. דער טאַטע און די מאַמע זענען זייער באַזאָרגט, אַ פאַרשעמטער יום־טוב ביי אונדז אין הויז.

— איך קען דיר נישט צוריקגעבן דאָס לעמפּל.

— עס איז נישט קיין לעמפּל — האָב איך געגומען שרייען — פאַרן געלט, וואָס דער זיידע האָט אַמאָל באַצאָלט פאַר דעם לאָמפּ, האָט מען אויסגעלייזט געפאַנגענע.

— איך ווייס, גמרא־בחור, דאָס האַרץ טוט מיר ווי און איך האָב גרויס צער, וואָס דער יום־טוב איז ביי אייך אַ פאַר־שטערטער, גרויס צער, גלויב מיר, איך בין גרייט דיר אָוועק־צוגעבן דאָס חפץ און אַפילו נישט איינמאָנען דאָס געלט פון דער הלוואה, אָבער...

— דער טאַטע וועט אָפּגעבן, איך וועל דעם לאָמפּ היטן און צוריקברענגען צו דער צייט.

שלום־בערס פּנים איז געוואָרן רויט און בלייך, די באָרד האָט ביי אים אונטערגעציטערט. ער האָט גענומען גיין הין און צוריק איבערן שטוב. פּלוצים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט האַרט נעבן מיר, געגעבן מיר אַ גלעט איבער די באַקן מיט זיינע ביינערדיקע קאַלטע פינגער. זיי זענען געווען זייער קאַלט.

— דו ברענגסט מיך צו רעדן וואָס איך דאַרף נישט. איך קען דיר דעם לאָמפּ נישט געבן. אַ נדר...

— אַ נדר? פאַרוואָס?

— ווען דער טאַטע דיינער האָט פאַרמשכונט, האָט ער זיך געטאָן אַ נדר, אַז ער וועט נישט קומען נאָך דעם חפץ, ביז ער וועט האָבן דאָס געלט, כדי ער זאָל נישט דאַרפן ווידער אַ מאָל דאָס חפץ פאַרזעצן. פאָלג מיך, גמרא־בחור, פאַרשאַף נישט דעם טאַטן קיין צער. דאָס חפץ געהער צו אייך, קיינער וועט עס נישט רירן. ברענג נישט דעם טאַטן צו עצבות, פאַר־שטייסט?...

— איך פאַרשטיי...

עס האָט מיך גענומען שטיקן אינעווייניק. איך האָב ערשט פאַרשטאַנען מיין טאַטנס מעמד, זיין טרויער. איך האָב שוין געוואָלט אַרויסלויפן פון שלום־בערס שטוב, נאָר אַ ווילדער חשק איז מיר באַפאַלן אַ קוק צו טאָן אויף דעם חנוכה־לאָמפּ.

— ר׳ שלום־בער, לאָזט מיך בלויז אַ קוק טאָן אויף אונדזער... אונדזער לאָמפּ.

שלום־בער איז צוגעגאַנגען צום קאַסטן און אַ גרויסן אײַזערנעם שליסל געדרייט הין און צוריק און געעפנט. עס האָט אַ בלענד געטאָן פאַר מײַנע אויגן: זילבער, מעש, קריש־טאָל, לײַכטערס, בעכערס, בשמים־ביקסן, וואַזעס, אתרוג־פּושקעס, לעפל, גאָפּלען, שבת־מעסערס, אַלץ איז געלעגן צוזאַמענגעפּלאַכטן. די ליכט פון דעם בליץ־לאָמפּ איבערן סופיט איז געפאַלן איבער די חפצים אין קאַסטן און אַנגע־צונדן וועלטן מיט פלאַמיקע שטראַלעכלעך. עס האָט אויס־געזען, ווי אַ כישופמאַכער וואָלט דאָ צוזאַמענגענומען אוצרות און באַהאַלטן זיי פאַר דער דרויסנדיקער וועלט און די טײַערע פינקלדיקע חפצים זענען פאַרמשפּט צו ליגן אין דעם פינצ־טערן קאַסטן. שלום־בער האָט געזוכט צווישן די חפצים און אַרויסבאַקומען דעם פאַרפּאַקטן חנוכה־לאָמפּ, צוגעטראָגן צום טיש, אַראָפּגענומען די פאַרפּאַקונג. דער לאָמפּ האָט אַ פּליץ געטאָן מיט ליכטער מיר אין די אויגן אַרײַן. איך האָב נישט ווילנדיק געשפּיגלט מײַן פּנים אינעם זילבער. באַלד האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דער לאָמפּ איז פאַרמשפּט צו ליגן אין קאַסטן ווער ווייסט ווי לאַנג. איך בין שנעל צוגעלאָפן צו דער טיר, אַרויס אין דרויסן, און געלאָפן אַהיים.

אין שטוב ביי אונדז איז געווען קאַלט. דאָס נאַפט־לעמפּל האָט געקאָפּטשעט.

— ווו ביסטו אַהינגעקומען? מען וואַרט דאָך אויף דיר מיטן צינדן דאָס ליכטל — האָט דער טאַטע געזאָגט.

— ווו ביסטו געווען אין אַזאַ פראָסט? — האָט די מאַמע אַ דערשראָקענע געפרעגט.

— איך... איך בין נאָר אַרויסגעלאָפן אַזוי זיך אַ ביסל גליטשן אין גאַס.

דער טאַטע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן זײַטיק, אָנגע־צונדן אַ שוועבעלע און איין חלבן־ליכטל האָט אַ פלאַם־געטאָן ביי אים אין האַנט. דאָס צווייטע האָט שוין געשטעקט אין דער קאַרטאָפל. ער האָט עס אויך אָנגעצונדן. ער האָט גענו־מען זאָגן די ברכות מיט אַ געזאַנגל. ביידע ליכטלעך האָבן זיך פריילעך צעפלאַקערט.

איך האָב געקוקט אויף דער רויער קאַרטאָפליע, וואָס האָט איצט, אין מײַנע אויגן אויסגעזען, ווי דעם ייִדנס לאָמפּ, מיט די לייבן, אָדלערס, טויבן און דער פייערדיקער ווייסער זילבער שײַנט און ברענט; באַלייכט דעם טאַטנס קאָפּ, זײַן פּנים, די אויגן זײַנע, וואָס קאָנען נישט פאַרטראָגן קיין בושה און דער שטאָלץ זײַנער איז פון אַ קעניג.

איך האָב געשוויגן, דער טאַטע האָט געזונגען די ברכות, די לייבן, די אָדלערס האָבן געשוועבט פאַר מײַנע אויגן אין אַ גאָלדיקן זילבער.

דער מאַמעס קול האָט מיך אויפגעוועקט:

— איבער אַ יאָר, אם ירצה השם, וועט מען צינדן חנוכה־ליכט אין ייִדנס זילבערנעם לאָמפּ!... וואָס קען מען טאָן? אַ זילבער, צי אַ גאָלדן חפץ איז אַלע מאָל אויסגע־שטעלט פאַרמשכונט צו ווערן, אַזוי איז שוין אויף דער וועלט. אַלץ בעסער ווי מען זאָל, חלילה, פאַרמשכונען אַ מענטש און מען קען אים נישט אויסלייזן.

איך האָב דער מאַמעס רייד נישט געקענט אויסטײַטשן נישט צום בייזן און נישט צום גוטן.

# טאָמאַשאָוו אין משה דלוזשנאָווסקיס שאַפונג

ש. ד. זינגער, ניו־יאָרק

(אויסצוג פון אַן אָפּהאַנדלונג)

שמואל דוד זינגער (אין די יונגע יאָרן ש. ד. יאַבלאָנקעוויטש) איז איינער פון די זשורנאַליסטן און ליטעראַטן, וועלכע זענען געבוירן אין טאָמאַשאָוו און דאָרט פאַרבראַכט זייערע יוגנט־יאָרן. צו דער גרופּע האָבן געהערט: נטע גאָלדקראַנץ ז״ל, ירחמיאל האָניג, וועלכער לעבט אין ענגלאַנד, משה דלוזשנאָווסקי, וועלכער געפינט זיך אין ניו־יאָרק און אַנדערע, וועלכע זענען אומגעקומען בעת דער נאַצי־פאַרניכטונג אין די מלחמה־יאָרן.

ש. ד. זינגער איז אַ ליטעראַטור־קריטיקער. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג וועגן מ. דלוזשנאָווסקיס שאַפונגען און פאַרגעסט נישט ביי דער געלעגנהייט אַרויסצוברענגען פון דער דאָזיקער שאַפונג די מאָטיוון וועגן דעם שרייבערס היימשטאָט טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק.



דער ליטעראַטור־קריטיקער ש. ד. זינגער

— — — אין מ. דלוזשנאָווסקיס ביכער „דאָס ראָד פון מזל", „אַ ברונעם ביים וועג" און „פענצטער און טירן" געפינען מיר אַ שלל מאָטיוון פון לענדער און שטעט, אין וועלכע דעם פּראָזע־שרייבער איז אויסגעקומען צו לעבן. אין די לענגערע שילדערונגען פון די יידן אין פראַנקרייך און מאַראָקאָ קומט צום אויסדרוק זייער אָפּט זיין לעבן אין דער פרעמד.

אין די ביכער געפינט מען אַ טייל פון דער אויטאָביאָגראַפיע פון דעם היימלאָזן יידישן שרייבער, וועלכער האָט גאָר יונג פאַרלאָזן זיין היימשטאָט טאָמאַשאָוו.

די קורצע דערציילונג „די פאַרם", וואָס איז אַזוי אייגן דלוזשנאָווסקין, איז ווי אַנגעמאָסטן פאַר זיין לירישער פּראָזע, וווּ ער שילדערט די איינזאַמקייט און דעם עלנט פון די אויסגעוואָרצלטע און פאַרטראָגענע אין דער פרעמד.

דאָס האָט ער, דלוזשנאָווסקי, זיין אייגן טרויעריק קול געלאָזט הערן אין נאָמען פון אַלע איינזאַמע.

ער האָט שטענדיק געהערט צו די שרייבער, וועלכער האָט אין דער פרעמד, אין פּאַריז, אין מאַראָקאָ און אין אַמעריקע געליטן פון דער דאָזיקער אויסגעוואָרצלטקייט.

ביזן חורבן האָט ער געטראָגן אַ טיפע בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים אין טאָמאַשאָוו, און קיינמאָל נישט פאַרגעסן פון וואַנען ער קומט.

משה דלוזשנאָווסקי האָט אויך אין ניו־יאָרק גענומען זיך דערמאָנען אין זיין היימשטאָט טאָמאַשאָוו, וואָס אין פּוילן! אַ שטאָט פון תורה און מסחר, חסידות און וועבעריי־פאַבריקן.

דער שרייבער פון די שורות קומט אויך פון דער זעלביקער שטאָט. און איך וויל גערעכט זיין צו מיין בן־עיר, משה דלוזשנאָווסקי, צו ווען איך טראָג אין האַרצן אַ סך דאַנקבאַרקייט, וואָס אויך מיין שטאָט איז נישט געבליבן קיין פאַרגעסענע צווישן די הונדערטער חרוב־געוואָרענע יידישע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן.

דלוזשנאָווסקי האָט געטאָן אַ חסד של אמת מיט די טייערע טאָמאַשאָווער יידן, די פאַרשניטענע פאַר דער צייט, די אומגעבראַכטע פון דעם מערדערס האַנט. ער האָט געהייליקט דעם אָנדענק זייערן מיטן דערציילן וועגן זייער פרומקייט און פון זייער ערלעך לעבן.

די שטאָט טאָמאַשאָוו שטייט אויף אַ לעבעדיקע אין דלוזשנאָווסקיס דערציילונגען.

עס קומט דעריבער נישט גרינג אָן צו שילדערן אַ לעבן, וואָס האָט מער קיין המשך נישט. דלוזשנאָווסקי, וואָס איז דורכאויס ליריש אין זיין שרייבן, סיי מיט זיין האַרציק־וואַרעמען טאָן ביים איבערגעבן מענטשלעכע בענקשאַפט און ליידן, סיי אינעם באַזינגען די זעלטענע מינוטן פון פרייד און גליק, האָט דאָס משמעות דערפילט. ער האָט דעריבער אין די מערסטע דערציילונגען פון דער אַלטער היים, אויסגעמיטן צו שילדערן דעם חורבן גופא. דלוזשנאָווסקי קערט זיך אום צום שטעטל אַזוי ווי ער האָט עס איבערגעלאָזט.. און הלוואַי טוט ער עס ווייטער אַזוי אָן דעם צומיש פון די לעצטע גרויליקע געשעענישן, וועלכע דאַרפן געשילדערט ווערן דורך די, וואָס האָבן עס אַליין איבערגעלעבט.

אויך די ביים לעבן געבליבענע עדות דאַרפן דערפון קיין „ליטעראַטור" נישט מאַכן, נאָר באַגנוגענען זיך מיטן דערציילן דאָס, וואָס זיי האָבן געזען מיט זייערע אויגן.

דלוזשנאָווסקיס שילדערונגען פון זיין היימשטאָט טאָמאַשאָוו, פאַרמאָגן אין זיך אויסגעלייטערטע און געפרוווטע בענק־

שאפטן ; אזא, וואס קומט מיט דער חכמה פון לעבן, פון זען מענטשן און שטעט. דאס קומען צוריק אהיים, ווען אפילו בלויז אין דער פאנטאזיע, שטילט אויך איין די אומרו אין הארצן און גיט די אילחיע כאטש פון היים, פון טאטע־מאמע, קרובים און פון אייגן היימיש ווינקל.

דלושנאווסקי קומט צוריק אין שטעטל, ווי אן אייגענער, אן דער סאטירע פון דעם עלטערן דור שרייבערס און אן דער זיסער ראמאנטיק פון דעם שפעטערדיקן דור, אבער א טיפער קוואל איז געווען זיין יידישע היימשטאט ביזן חורבן, דאס שטעטל, וואס איז פון א סך פארגעסן געווארן.

אין דלושנאווסקיס שילדערונגען וועגן זיין געבורט־שטאט טאמאשאוו, איז פאראן הומאר, אבער נישט קיין פלאכער ; יידן רעדן מיט א לשון, וואס מאכט פריילעך דאס טרויעריקסטע געמיט. אזוי האבן יידן גערעדט, געמסחרט, זיך געקריגט און איבערגעגעבטן. אן עדה א גאנצע שטייט אויף און בלייבט שטיין פאר אונדז אין די לעצטע שקיעה־שטראלן איידער די פינצ־טערע היטלער־נאכט האט אלץ אויסגעלאשן. אזוי קערט זיך דלושנאווסקי צוריק צו זיין אמאליקער היים, די שטאט טא־מאשאוו, וואס איז איצט חרוב און מאנט עס פון אים.

# טאמאשאווער שטאטראט

מ. ווייסבערג

עס איז נישט אונדזער אויפגאבע צו שרייבן אין יזכור־בוך אין א ברייטערער פארם וועגן דער טעטיקייט פון דער שטאט־פארוואלטונג, ווייל נישט שטענדיק האט דער ארטיקער מוניציפאלער ראט אויסגעפירט אירע אויפגאבן, ווי געהעריק כלפי דער יידישער באפעלקערונג, הגם די יידן האבן פארנו־מען דעם ערשטן פלאץ ביים צאלן די שטייערן.

דער שטאט־ראט האט זייער ווייניק געזארגט פאר דעם היגיענישן און געזונט־צושטאנד אין די יידישע גאסן. ווייניק יידישע גאסן האבן געהאט טראטוארן, די באלייכטונג פון די גאסן איז געווען א שוואכע, די הייזער און הייף — פארנאכ־לעסיקטע. ווען דער שטאט־ראט האט אויסגעבויט א שול־בנין פאר יידישע קינדער, האבן זיי דעם בנין אוועקגעגעבן פאר פוילישע קינדער (דאס איז געווען דער שיינער שול־בנין אויפן ראג פארנע און פיעטרקאווער).

מיר ברענגען נאר אייניקע קורצע באמערקונגען וועגן דער טעטיקייט פון שטאט־ראט צוליב דעם, וואס אויך פארשטייער פון די יידישע פארטייען זענען געווילט געווארן אין די שטאט־פארוואלטונגען, אבער צוליב דעם, וואס זיי זענען געווען שטענ־דיק א מינדערהייט, איז זייער השפעה נישט געווען קיין גרויסע.

אין יאר 1919 זענען נאר פון „בונד" געווילט געווארן פינף יידישע ראטמענער.

דער שטאט־ראט, וועלכער האט אנגעהויבן אויסבויען די



ועו בנין פון שטאטראט

בנין מועצת העיר

שטאָט נאָך דער רוסישער און דייטשער אָקופּאַציע אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך קאָנסטיטואירט דעם 16־טן יולי 1921. אין דעם נייעם שטאָט־ראָט זענען אויך גע־ווײלט געוואָרן איניקע יידישע ראַטמענער, צווישן זיי ד״ר לודוויג פּרוכט, אַלס לאָווניק, כהנא און אַנדערע, וועמענס נע־מען איך געדענק נישט. ד״ר לודוויג פּרוכט איז געווײלט גע־וואָרן אַלס וויצע־בירגערמייסטער פון דער שטאָט דעם 31־טן אויגוסט 1926.

די קאַסע פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג איז געווען ליידיק אין רעזולטאַט פון די קריגס־אָפּעראַציעס און אנדרלמוסיה אין שטאָט. עס איז נישט געווען מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר די פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך, ווי ברויט, פלייש, און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען, וועלכע מען האָט געדאַרפט צושטעלן פאַר דער שטאָט.

דער שטאָט־ראָט האָט זיך דאַן געווענדט נאָך הילף צו די אָרטיקע פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ דרינ־גענדיקע גרויסע הלוואה צו העלפן דער שטאָט־פאַרוואַלטונג לאָזן אין גאַנג איר גאַנצן אַפּאַראַט.

עס איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז פינאַנסירער פון דער הלוואה זענען געווען בעיקר די יידישע אינדוסטריעלער.

די ערשטע טעטיקייט פון נייעם שטאָט־ראָט איז געווען צו באַלייכטן די שטאָט, כדי אָפּהיטן די זיכערקייט פון דער באַפעלקערונג אין די פינצטערע נעכט.

אין סעפּטעמבער 1921 זענען צום ערשטן מאָל די טאָמאַ־שאָווער גאַסן באַלויכטן געוואָרן מיט גאַז־לאָמפּן. דעם 12־טן מערץ 1923 איז צום ערשטן מאָל טאָמאַשאָוו באַלויכטן געוואָרן מיט עלעקטריש ליכט.

די אַרבעטסלאָזיקייט אין שטאָט, נאָכן ערשטן וועלט־קריג, איז געווען גרויס. די טעקסטיל־פאַבריקן, וועלכע זענען געלאָזן געוואָרן אין גאַנג, האָבן אַ ביסל פאַרקלענערט די אַרבעטס־לאָזיקייט, אָבער דאָס איז נישט געווען גענוג. די רואינירטע און פאַרנאַכלעסיקטע שטאָט האָט געגעבן דעם שטאָט־ראָט די מעגלעכקייטן צו שאַפן נייע אַרבעטס־פּלאַצוווקעס, כדי לינ־דערן דאָס פּראָבלעם פון אַרבעטסלאָזיקייט.



ד״ר לודוויג פּרוכט
סגן יושב־ראש היהודי של מועצת העיר
דער יידישער וויצע־בירגערמייסטער

איינע פון די ערשטע עפנטלעכע אינוועסטיציע־אַרבעטן איז געווען דאָס בויען פון דער שטאָטישער באָד, וועלכע איז טעטיק געוואָרן דעם 3־טן יאַנואַר 1923. צוליב דעם, וואָס די באָד איז געוואָרן איינע פון די נוצלעכסטע אַנשטאַלטן אָפּצוהיטן די היגיענע פון דער אָרטיקער אָרעמער באַפעלקערונג, איז זי אין יאָר 1925 אויסגעברייטערט געוואָרן און אין יאָר 1926 איז צוגעבויט געוואָרן נאָך אַ בנין מיט 10 וואַנע־צימערן.

דעם 24־טן יוני 1923, איז פאַרענדיקט געוואָרן דאָס בויען פון דער נייער בריק איבער דער וואָלבורקע (זעכציק מעטער די לענג און זעקס מעטער די ברייט), וועלכע האָט פאַראייניקט די צוויי טיילן פון דער שטאָט.

אין דער זעלבער צייט איז געלייגט געוואָרן דער גרונט־שטיין פון נייעם ראַטהויז.

אין יאָר 1925 איז פאַנאַנדערגענומען געוואָרן די רוסישע צערקווע, וועלכע האָט זיך געפונען אין צענטער פון שטאָט אויפן מאַרק־פּלאַץ. די בוי־מאַטעריאַלן פון דער צערקווע זע־נען באַנוצט געוואָרן צו בויען אַ נייעם ראַטהויז פאַר דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און פאַר אַלע מוניציפּאַלע אַמטן.

אין די יאָרן 1921—1927 זענען ברוקירט געוואָרן מע־רערע טאָמאַשאָווער גאַסן און טראָטואַרן, ווי די ברייטע טראַ־



פינה באולם הישיבות   אַ ווינקל אין באַראַטונגס־זאַל

טאָרן אויף אַנטאָניעגאַ־גאַס, קאָסציושקאָ־פּלאַץ און קאַליס־קאַ־גאַס (פּיִעטרקאָווער). די שטאָט איז פֿאַרבונדן געוואָרן מיט סטאַזשיץ דורך אַ טראַטואַר פֿון אַנדערהאַלבן קילאָמעטער. טראַטואַרן זענען אויך אויסגעלייגט געוואָרן ביז צו דער באַן און ווילאַנאָוו אויף אַ לענג פֿון צוויי קילאָמעטער.

איך האָב נאָר דערמאָנט אייניקע טעטיקייטן פֿון טאָמאַ־שאָווער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דער אַנטוויקלונג און אויפֿבלי־בונג פֿון דער שטאָט האָבן נישט קיין קליינע פֿאַרדינסטן גע־האָט די יידישע ראַטמענער, די לאַווניקעס, דער וויצע־ביר־גערמייסטער ד״ר פּרוכט, די יידישע פֿאַבריקאַנטן און דאָק־טוירים, ווי אויך די אַנגעזעענע געזעלשאַפֿטלעכע טוער, וועלכע האָבן אַוועקגעגעבן אַזוי פֿיל געלט און מי פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון דער שטאָט. אַלץ וואָס זיי האָבן געשאַפֿן און געבויט איז אַריבער אין די פּוילישע הענט, וועלכע האָבן נישט ווייניק געשעפּט נחת פֿון דער פֿאַרניכטונג פֿון די אַלע יידישע טוער און דער גאַנצער יידישער באַפֿעלקערונג דורך דעם נאַציזישן אָקופּאַנט.

# דער טייך וואָלבורקע

בלה כהן

עס קומט אויס אַ ביסל אויסטערליש צו שרייבן אין אַ יזכור־בוך וועגן עפּעס אַ טייך, אָדער טייכל, מיטן נאָמען וואָלבורקע, וועלכע פֿליסט אין שטאָט טאָמאַשאָוו — און דאָך האָט דער דאָזיקער טייך געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין אַמאָליקן יידישן לעבן פֿון אונדזער שטאָט.

דער טייך וואָלבורקע פֿליסט פֿון דער וואָלבאָזשער ריכ־טונג און פֿון דאַנען זיין נאָמען וואָלבורקע. ער פֿליסט אַדורך כמעט אין צענטער פֿון שטאָט און פֿאַלט אַריין אין דער פּיליצע.

אין סאַמע צענטער פֿון שטאָט ציט זיך איבער דעם טייך וואָלבורקע אַ פֿעסטע בעטאָן־בריק, וואָס פֿאַראייניקט די צוויי טיילן שטאָט. אין דעם יידישן טאָג־טעגלעכן לעבן האָט אפשר די דאָזיקע בריק געשפּילט אַ גרעסערע ראָל, ווי דער טייך גופא.

ווען מען האָט געפֿרעגט אַ יידן פֿון אונדזער שטאָט ווו ער וווינט, האָט ער נישט אָנגערופֿן דעם נאָמען פֿון דער גאַס, נאָר געענטפֿערט: איבער דער בריק; אָדער: אין דער שטאָט; ווו גייסטו? — איבער דער בריק.

הגם יידן און בפֿרט די יוגנט פֿון די כלערליי באַוועגונגען און פּאַרטייען, געזעלשאַפֿטן, ספּאָרט־ווענן און אַנדערע, האָבן פֿאַרבראַכט צוזאַמען די צייט, צוזאַמען געפֿירט אַ געזעל־שאַפֿטלעכע און פּאָליטישע טעטיקייט, אָבער דאָך האָט די בריק סימבאָליזירט אַ געוויסע גרענעץ פֿון די צוויי שטאָט־טיילן.

אונטער דער בריק האָבן זיך געפֿונען די סטאַווידלעס (שיבערס), וועלכע האָבן רעגולירט דעם שטראָם פֿון וואַסער. יעדער דורכגייער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער בריק, כדי צו כאַפּן אַ בליק אויף די שטורמיש־ברויזנדיקע כוואַליעס און אָפּטמאָל אויף די אויסגעאיבטע גוטע שווימער, וועלכע פֿלעגן זיך באָדן אין די טיפֿסטע וואַסערן ביי דער בריק.

דער טייך וואָלבורקע, איבער וועלכן די בריק האָט זיך געצויגן, האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פֿון דער שטאָט. לענגאויס ביי די ברעגן פֿון טייך האָבן זיך געפֿונען די גרעסטע צאָל טעקסטיל־פֿאַבריקן און אַנדערע אונטערנעמונגען אין שטאָט, פֿאַר וועלכע דאָס וואַסער פֿון דער וואָלבורקע האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג. אַי־בערהויפּט פֿון דער צייט, ווען אַלע מאַשינען זענען באַוועגט געוואָרן דורך דאַמף־קראַפֿט.

צווישן די פֿיל גרויסע פֿאַבריקן האָבן זיך געפֿונען ביי די וואָלבורקע־ברעגעס די פֿאַבריקן פֿון די יידישע פֿאַברי־קאַנטן: לאַנדסבערג, דוד באַרנשטיין און אַנדערע.

כדאַי דאָ אונטערצושטרייכן, אַז אין באַרנשטיינס פֿאַבריק האָבן אויסשליסלעך געאַרבעט יידישע וועבער און אַנדערע פֿאַכלייט. צוליב דעם איז די פֿאַבריק געווען די איינציקע אין שטאָט, וועלכע איז געווען געשלאָסן שבת און טעטיק זונטיק.

די גרויסע בעטאָן־בריק אין צענטער פֿון שטאָט איז נישט די איינציקע, וועלכע ציט זיך איבער דעם טייך וואָלבורקע. צווישן אַנדערע ציט זיך אַ לאַנגע בריק אויף דעם מערב־טייל פֿון דער שטאָט, די אַזוי גערופֿענע רולאַנדוועקע־בריק. אויך דאָרט געפֿינען זיך פֿיל אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, דער עיקר טעקסטיל־פֿאַבריקן.

אויך די באָד און מקווה האָבן זיך געפֿונען אין דער נאָענט פֿון טייך וואָלבורקע.

איך דערמאָן זיך ווען דער טייך וואָלבורקע איז אויסגענוצט געוואָרן אַלס אַ פּלאַץ פון באָדן זיך אין די הייסע זומער־טעג פאַר די הונדערטער און טויזנטער יידן און גויים נאָך איידער די פּלאַזשעס ביי דער פּיליצע זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּלעצער פון דערהאָלונג און פאַרברענגען אויף די ווייס־געלע זאַמדן. דאָ איז מען געקומען זיך אָפּברענען אין די זומערדיקע זון־שטראַלן, אָדער אָפּקילן זיך און פאַרברענגען אין די שאָטנדיקע געדיכטע סאָסנע־וועלדער, שווימען און פּליעסקען זיך אין דעם קרישטאָל־ריינעם וואַסער פון דער פּיליצע.

ביז דאַן איז די וואָלבורקע געווען דער פּלאַץ פון באָדן זיך און פאַרברענגען אָנגענעם די צייט אויף דעם רחבותדיק־זאַמדיקן פּלאַזשע־שטח, וועלכער האָט זיך געצויגן לענגאויס דעם טייך־ברעג, פּאַראַלעל צו דער טקאַצקע־גאַס.

איך דערמאָן זיך, ווי יעדן פרייטיק נאָכמיטאָג אין די זומער־טעג, האָבן מאַסן עלטערע יידן, ווי אויך קינדער, געשטראָמט דורך ריזיקס־באַרג און דורך דעם פּשעסקאָק פון קאָסציושקאָ־פּלאַץ צום טייך וואָלבורקע, כדי צו טובלען זיך לכבוד שבת.

און ווען עס איז געקומען דער ווינטער און דאָס וואַסער פון טייך וואָלבורקע איז פאַרפרוירן געוואָרן, האָט מען געזען די הונדערטער ייִנגלעך און מיידלעך און אויך דערוואַקסענע, ווי זיי גליטשן זיך שעהענלאַנג, טאַנצן און מאַכן פּיראַמידעס אויף דעם גלאַטן און גליטשיקן אייז.

אין דער צייט איז אויך דאָס אייז געווען אַ קוואַל פון פּרנסה. פיל יידן, הויפּטזעכלעך די אייגנטימער פון סאָדעוואַסער־פאַבריקן האָבן געזאַמלט אויף ספּעציעלע פּלעצער דאָס אויסגעהאַקטע אייז פון דער וואָלבורקע.

גאַנצע טעג האָט מען געזען פירן אָנגעלאָדענע וועגענער מיט אייז אויף ספּעציעלע פּלעצער, אָדער מאַגאַזינען, וווּ דאָס אייז איז באַדעקט געוואָרן מיט זאַלץ, טראָצינעס און זאַמד, כדי „איבערצוהאַלטן" דעם זומער.

דאָס זענען בלויז קורצע פאַרצייכענונגען וועגן דעם טייך וואָלבורקע און וועגן דער גרויסער בריק, וואָס האָט צעטיילט די שטאָט אויף צוויי טיילן און פוןביידע זייטן האָט פּולסירט אַ פאַרצווייגט יידיש קולטורעל און ווירטשאַפטלעך לעבן. פון איין זייט די לאַנגע יידישע ירושלים־גאַס און פון דער צווייטער זייט בריק די לאַנגע יידישע וואַרשעווער גאַס. צוויי גאַסן אין צוויי טיילן שטאָט, אָבער צוזאַמען געלעבט, צוזאַמען געשאַפן און צוזאַמען אומגעקומען און אויפגעהערט עקזיסטירן. הייליק זאָל זיין זייער אָנדענק, פאַרשאָלטן זאָלן זיין זייערע אומברענגער!

# די בלויע וואַסער־קוואַלן

## משה ווייסבערג

בערך צוויי קילאָמעטער פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק און אַרום 300 מעטער פון טייך פּיליצע, אויף דער ערד פון דאָרף לודוויקאָוו, געפינען זיך די פּראַכטפולע בלויע וואַסער־קוואַלן, וועלכע האָבן באַקומען זייער נאָמען פון די פאַרביקע וואַסערן, וועלכע שטראָמען פון איר אַרויס.

צווישן אויסגעשפּרייטע טעפּיכער פון גרינע לאָנקעס שפּיגלען זיך אין דעם אויבערפלאַך פון דער פאַרביקער „סאַדזאַווקע" די שלאַנקע אָלכע־ביימער און פון איר, פון אָט דער „סאַדזאַווקע" שפּריצן עס אַרויס די בלויע קוואַלן.

פון דער מערב־זייט פון טייכל געפינט זיך אַ קליין בריקל צוזאַמענגעקלאַפּט פון אייניקע ברעטער און פון דאַנען קען מען זען די שטאַרקסטע קוואַלן. אין גלאַנץ פון די גאָלדענע זומער־שטראַלן און אויף דעם אויבערפלאַך פון טייכל שאַפט דער קוואַל אַ בלויען פלעק פון אַ פאַרמלאָזן בלויען „ראָד" פון אַ דיאַמעטער ביז צוויי מעטער.

די העל־שיינע פאַרב פון „ראָד" באַזונדערט זיך אין די טונקעלע וואַסערן. נאָענטער צום מיטן פון טייכל איז דער אויבערפלאַך באַדעקט מיט אַלע רעגנבויגן־פאַרבן. יעדע פאַרב באַווייזט זיך אין אַ שאָטן פון צוויי־צענטימעטער־קרייזלעך, וועלכע פאַרשווינדן מיטן אויגנבליק, כדי ווידער צו דערשיינען.

אין דער טיפעניש, אין מיטן פון דעם שאַפיר־שיינעם פלעק, באַשטראַלטע פון גאָלדענע זון־שטראַלן, שטויסט זיך אָן אויפהער אין דער הייך פון אַרום 10 סענטימעטער אַ „גאָלדן" זאַמד־פאָנטאַנקעלע.

ווען די זון באַהאַלט זיך הינטער די וואָלקנס, ציטערן נישט מער די רעגנבויגן־קרייזלעך און אויפן גרונט פון טייכל זעען זיך בלויז טונקל־בלויע פלעקן און אין די סאַמע טיפענישן אַ געלע זאַמד־פאָנטאַנקעלע. ווען מען וואַרפט אַריין אַ שטיינדל אין דער נאָענט פון קוואַל און עס פאַלט אויפן באָדן, באַקומט עס אַ טונקל־בלויען קאָליר.

דאָס וואַסער פונעם קוואַלעכל איז אַזוי דורכזיכטיק, אַז עס דוכט זיך, ווי מען וואָלט געקענט מיט דער האַנט אַנרירן דעם גרונט, הגם דער קוואַל שפּריצט אַרויס פון אַ פיר־מע־טערדיקער טיפעניש. דאָס וואַסער איז אַזוי קאַלט, אַז אַ פאַר־פּראָפּטע פלאַש מיט קאַלט קוואַל־וואַסער פּלאַצט.

גרויסע לאַנקעס און דער פּיליצע. פון ביידע זייטן זעט זיך אַ פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע פון דער שטאָט טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק מיט אירע אויסגעשטרעקטע אין דער לופט פאַבריק־קוימענס.

איבער דער שטאָט פלעגט מען פירן פעסלעך מיט דעם גוטן וואַסער פון די בלויע קוואַלן. יידן האָבן געקויפט דאָס



דער בלויער קוואַל

המעין הכחול

נאָענט צום מזרח־ברעג פון דער „סאַדזאַווקע״ געפינען זיך נאָך צוויי קוואַלן, פון וועלכע עס שטראָמט אויך בלוי וואַסער.

דאָס וואַסער פון טייכל שטראָמט מיט אַ שמאָלן פּאַס און פאַלט אַריין אין דער פּיליצע. די בלויע וואַסער־קוואַלן גע־פינען זיך אין אַ פּרעכטיקער פּאַנאָראַמע, צווישן אַ וואַלד,

וואַסער, געצאָלט 10 גראָשן פאַר אַן עמער וואַסער, פון וועלכן מען האָט געקאָכט געשמאַקע טיי.

עס שטראָמען אַן אויפהער די קאַלטע און געשמאַקע וואַ־סערן פון די בלויע קוואַלן אין טאָמאַשאָוו, אָבער קיין יידן זענען שוין דאָרט נישטאָ מער און טרינקען מער נישט פון די וואַסערן.

זיי האָבן געזוכט פּאַסיקע מענער צווישן „עמך”. דאָס זענען געווען, ווי איך געדענק זיי אַלע: משה־אלי בעלפער, וועלוול מאַרקאָוויטש, וועלוול בייטעל, זישע קימעלפעלד, שיע מאַר־קאָוויטש און דער שרייבער פון די שורות. איך האָב אויס־געפירט די פרויען־ראָלן אין די פאָרשטעלונגען: ביי עקידת־יצחק — די מוטער שרה. ביי אַחשווערוש — זרש.

הגם די פאָרשטעלונגען זענען נישט געווען אויף אַזאַ הויכן קינסטלערישן ניוואָ, איז דאָך כדאי צו באַמערקן, אַז די טעאַטער־אימפּרעזעס זענען געווען דער אָנהויב, דער יסוד און די שטויסקראַפט צו שאַפן און אָרגאַניזירן אַ דראַמאַטישן קרייז אין אונדזער שטאָט, מיט יינגערע און בעסערע כוחות, וואָס זאָל זיין באַזירט אויף אַ בעסערן, שענערן, קינסטלע־רישן און קולטורעלן ניוואָ.

און מיר אַלע, די אָנטיילנעמער פון דרויסן, ד. ה. נישט קיין מיטגלידער פון „עין־יעקב”, האָבן דאָן אָנגעהויבן מאַכן רעפּעטיציעס צו דער ערשטער פאָרשטעלונג „בר־כוכבא” פון א. גאָלדפאַדען. צו דעם צוועק האָבן מיר צו־קאָאָפּטירט נאָך פרישע און יונגע כוחות, דערונטער אויך פרויען.

אונדזער אַנסאַמבל איז דאַן באַשטאַנען פון פאָלגנדע פּערזאָנען: איטשע פּאַקולאַ (אין זיין וווינונג, אויף באָזש־ניטשנאַ, ווו מיר האָבן געמאַכט די רעפּעטיציעס), משה־אלי בעלפער, די שוועסטערן פרימעט, רבקה מאַרקאָ־וויטש און זייערע ברידער וועלוול און שיע, וועלוול בייטעל, סאָלאַ גרין, גאָלדע ווייסמאַן, רייזל ב., פראַניע שמולעוויטש, משה שאָפּמאַן, זישע קימעלפעלד, מאַשאַ זאַיאָנץ, אלי באַרדע, יאָסל ברענער (כאָר־דיריגענט) און זלמן זשולטאָווסקי.

אין די יאָרן 29—30 איז אויך געווען באַטייליקט די גוטע און שיינע זינגערין (מעצאָ־סאָפּראַן), די טאַלאַנטפולע אַרטיס־טין סאָבינאַ פּרעסמאַן (היינט וישליצקי), לעבט אין ניו־יאָרק. הגם די אַלע פאָרשטעלונגען זענען אויסגעפירט גע־וואָרן אָן אַ ספּעציעלן טעאַטער־רעזשיסער, זענען זיי געווען געלונגענע. די אָרטיקע פרעסע („טאָמאַשאָווער וואָכנבלאַט”), האָט שטענדיק געווידמעט אַ בכבודיקן פּלאַץ און געהעריקער אָפּשאַצונג פון די דאָזיקע פאָרשטעלונגען.

עס זענען געווען פאַרשידענע אונטערנעמער, וואָס האָבן טעכניש אויסגעפירט די פאָרשטעלונגען, צווישן אַנדערע: די געזעלשאַפט „קנין־ספרים”, וואָס דער ריווח איז געווען באַ־שטימט לטובת איר גמילת־חסדים־קאָסע.

מיר האָבן אויך געגעבן פאָרשטעלונגען פאַר פאַרשידענע סאָציאַלע פאַלן, ווי פאַר קראַנקע, „עזרת־יתומים”, ווי אויך פאַר חתונה־מאַכן אַן אָרעמע כלה.

איך וואָלט געקענט דערמאָנען פאַרשידענע קוריאָזן אין משך פון דער טעאַטער־טעטיקייט פון די טאָמאַשאָווער יידי־שע אַמאַטאָרן־גרופּעס און דראַמ.־קרייזן. על פי רוב האָט עס פּאַסירט בעת מיר זענען אַרויסגעפאָרן אין דער סביבה פון אונדזער שטאָט שפּילן טעאַטער, ווי קיין אָפּאָטשנע, אויאַזד, ראַוואַ־מאַז. און אַנדערע.

דערפאַר אָבער האָבן מיר בעת די רעפּעטיציעס פאַר־בראַכט שיינע „באָהעמישע” אָוונטן. די פריילעכע שטימונג, דאָס חברישע צוזאַמענלעבן זיך — קען נישט און וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

פאַר מיין פאַרלאָזן טאָמאַשאָוו, אין סוף פון 30־סטן יאָר, האָב איך נאָך באַוויזן צו אָרגאַניזירן דעם דראַמ.־קרייז „די כאַליאַסטרע”, ביי אונדזער פּאַרטיי, רעכטע „פּועלי־ציון”. די טעטיקייט פון „די כאַליאַסטרע” איז געשטאַנען אויף אַ זייער שיינעם קינסטלערישן און קולטורעלן ניוואָ. דאָס מאַטעריאַל צו די פאָרשטעלונגען (רעוויעס), איז באַאַרבעט געוואָרן דורך דעם רעדאַקטאָר פון „טאָמאַשאָווער וואָכנבלאַט”, נתן גאָלד־קראַנץ ז״ל און די חברים, וואָס האָבן זיך באַטייליקט זענען געווען: אברהם גאָלדקראַנץ, סאָוויצקי, הענעך דלוזשנאָווסקי (שמואל־אלי), אָשר פאַקין, אריה ראָזענבוים, מאַניע קרול, רעגינאַ שטערן, שלום שטשופּאַק, מאַכל גראָסמאַן, יענקעלע קאַפּער און שמואל קנעכט. די פאָרשטעלונגען זענען פאָר־געקומען אין אייגענעם לאָקאַל פון דער פּאַרטיי.

מיין כוונה צו שרייבן דאָס אַרטיקל איז קודם־כל, כדי צו דערמאָנען און פאַראייביקן די אַלע מיינע חברים און באַ־קאַנטע, וואָס איך האָב מיט זיי אַזוי פיל שיינע טעג און יאָרן פאַרבראַכט.

כבוד זייער אָנדענק!

# יובילײ־פײַערונגען און אימפּרעזעס

## „דער תלמיד חכם"

די לעצטע סצעניש אויפפירונג דורכן דראַמאַטישן קרייז בײַם „ברית החייל" די איז 5־אַקטיקע פּיעסע „דער תלמיד חכם" באַווײַזט, אַז דער דערמאָנטער קרייז שטעלט זיך נישט אַפּ פאַר קיין שום שוועריקייטן און ווידמעט געטוג צייט און ענערגיע פאַר דער אונטערגענומענער טעטיקייט.

אוודאי איז אַזאַ גרעסערע פּיעסע פון ברייטערן פאַרנעם נאָך נישט צוגעפאַסט צו די אַנטוויקלענדיקע זיך ערשטע טריט, געשטעלט דורך יונגע כוחות פון דער דראַמ.־סעקציע. זי וואָלט געדאַרפט איר אַרבעט פאַרווענדן בײַ קלענערע, מאָדערנע היינטצייטיקע סצענישע ווערק, אָבער ווי ס'איז שוין דורך אונדז אַמאָל באַמערקט געוואָרן, פאַרמעסט זיך דער דאַזיקער קרייז צו גרעסערע פאַרשטעלונגען בײַ וועלכע ער איז ביז איצט נאָך נישט געשטרויכלט געוואָרן.

די אויפגעפירטע פּיעסע „דער תלמיד חכם" האָט שבת־צו־נאַכטס צוגעצויגן אַ גרעסערן עולם און אַדורך מיט דערפאָלג. דער קרייז האָט, אַלזאָ, אין משך פון זײַן קורצער עקזיסטענץ געווינען צו זיך אין אַ געוויסער מאָס צוטרוי.

ווי אַזוי די פאַרשטעלונג איז אַדורך? — ווידער דאָס זעלבע: אַמאַטאָרן מוז מען אין פיל פאַלן מוחל זײַן, בפרט ווען זיי גיבן אַלץ וואָס זיי קענען און באַמיִען זיך מיט אײַבערגעגבנקייט צו פאַרקערפּערן די ראָלן.

די גרעסערע פאַראַנטוואָרטלעכערע ראָלן זענען אויך דאָס מאָל גוט אויסגעפירט געוואָרן. דאָס קען מען זאָגן קודם־כל אין באַצוג צו די פּרויען קאַראַלאַ ווייסבאַרד (צמח למדנס ווײַב זעלדע), פּרל. גוטשאַ רעדזשיצקאַ (זאָפיע, מייבלומס טאָכטער) און אויך אַבראַם מייבלום (וואָלף גאָלדמאַן), מרדכי „נאַז" (יאַנקל רעדזשיצקי), תלמיד חכם (יוסף רעדזשיצקי) און ז. מאַרקאָוויטש, אַלס צמח למדן.

די אַלע האָבן פאַרשטאַנען זייערע ראָלן און איבערגעגעבן אַלץ, וואָס עס איז געלעגן אין זייערע כוחות.

געהאָלפן צום דערפאָלג האָבן אויך לעאָן וואַלד (בראַנין), פּרל. בראַניאַ ווייסבאַרד (חייקע), ש. גראָס (רודניק), שלום עפּשטיין אַלס מאַטל דינער.

אין דער פאַרשטעלונג האָבן אויך אָנטייל גענומען פּרל. פ. פּינקוסאָוויטש, פּרל. ס. ראָזענצווייג און מ. גאָלדבערג.

## 40־יאָריקער יובילײ פון „עין יעקב וגמילת חסד"

עס איז געוואָרן 40 יאָר זינט עס עקזיסטירט אין אונדזער שטאָט די חברה „עין יעקב וגמילות חסד". די חברה איז בשעתו געגרינדעט געוואָרן דורך די ה"ה בעריש־יואל טאַלמאַן, משה אהרן מילשטיין, יחזקאל לאַנדאַו, זלמן דזשאַזגאַ און יאַנקל ווייסבערג.

אין שייכות מיט דעם יובילײ פון דער דאַזיקער אַלטער אינסטיטוציע, האָט די פאַרוואַלטונג אײַנגעאָרדנט פאַרגאַנגענעם זונטיק, אין אייגענעם לאָקאַל אויף יעראָזאָלימסקע, אַ פײַערונג צו וועלכער עס זענען פאַרבעטן געוואָרן פאַרשטייער פון פאַרשידענע היגע געזעלשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס, אַלע מיטגלידער פון „עין יעקב" און אויך הרב בראַט.

נאָכן זינגען דורך ה' אהרן קופּערבערג מיט אַ גוט־איינשטודירטן כאָר "מה טובו", ווערט די פײַערונג געעפנט דורכן גבאי, ה' בעריש גאָלדבערג, וועלכער באַגריסט די געסט און דאַן בעט ער צו באַערן מיט אויפשטיין פון די ערטער די פאַרשטאָרבענע חברים פון דער חברה.

ער רעדט אויך וועגן די צילן און אויפגאַבן פון דער חברה, וועלכע האָט אַ גמילת־חסד־קאַסע, וואָס העלפט די נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער און אויך אַ „ביקור חולים" צו דערטיילן הילף קראַנקע מיטגלידער.

מיט אַ קורצער אָבער זייער געלונגענער רעדע, טרעט דאַן אַרויס הרב ש. בראַט, אָנווײַזנדיק אויף די הויפּט־אויפגאַבן און באַדייטונג פון אַ חברה, וועלכע דאַרף שאַפן אַ ריינע געזונטע לופט און ווינטשט צום סוף, אַז דער 50־יעריקער יובל זאָל געפײַערט ווערן אין דעם יידישן לאַנד.

מיט באַגריסונגען טרעטן דאַן אַרויס: אין נאָמען פון מזרחי — ש. י. אַש; צעירי מזרחי — גאָלדבערג; חסד של אמת — פ. ווייסבאַרד; „קנין ספרים" — טושינסקי; חברה חיטים — עמ. גראָסמאַן; בית המדרש דעבר הנהר — מ. פּיעטרקאָווסקי און פון שטאָטישן בית־המדרש — י. סקורניצקי.

נאָך די באַגריסונגען זינגט נאָך ה' קופּערבערג מיטן כאָר עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים און דערנאָך ווערט דורך הרב בראַט געעפנט דאָס ספר הזהב פון דער חברה און עס שרייבן זיך דאָרט אויך אײַן די מיטגלידער און דעלעגאַטן.

מיטן געזאַנג פון „התקוה" ווערט די יובילײ־פײַערונג בײַ אַ געהויבענער שטימונג געשלאָסן.

די איצטיקע פאַרוואַלטונג פון „עין יעקב וגמילת חסד" באַשטייט פון די ה"ה בעריש גאָלדבערג — פּרעזעס; חיים ווייס — קאַסירער; יהושע ניעדזשוויעדזש — סעקרעטאַר; בעריש יואל טאַלמאַן און שמואל מילשטיין — פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער; רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: אהרן קופּערבערג און

משה אהרן מילשטיין; גבאים: שלמה־אליעזר רובין און בע־ריש מילשטיין.

### „קויף נישט ביי קיין יידן!"

צו אונדז אין רעדאַקציע האָבן זיך נעכטן געווענדעט עטלעכע היגע יידישע סטראַגאַן־אייגנטימער, וועלכע האָבן דערציילט פאָלגנדן סקאַנדאַליעזן פאַקט:

בעת אַן „אָדפוסט", דעם פאַרגאַנגענעם דינסטיק אין דאָרף סמאַרדזעוויץ ביי טאָמאַשאָוו, ווו עס האָבן אויך אויסגעשטעלט סטראַגאַנען מיט סחורות צום פאַרקויפן אויך עטלעכע יידן — זענען אויסגעהאַנגען געוואָרן פון אַלע זייטן פון מאַרק־פּלאַץ אויפשריפטן מיטן אינהאַלט: „Nie kupuj u Żyda" („קויף נישט ביי קיין ייד!").

ווען די סטראַגאַנען־אייגנטימער מאַניע טאַראַדייקאָ, לייבקע זאַמעלינסקי און פרוי רייזל קורץ האָבן וועגן דעם אויפמערקזאַם געמאַכט דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט פון בלאַגע (אָפּאַטשנער קרייז) אינטערווענירנדיק ביי אים, אַז די אַנטיסעמיטישע, יידן־העצערישע לאָזונגען, זאָלן אַראָפּגענומען ווערן, האָט יענער זיך אָנטזאָגט דאָס צו טון. די עפנטלעכע באַיקאָט־צעטלען זענען ווייטער געבליבן הענגען (אָן אַריגינאַל פון דעם געפינט זיך אין דער רעדאַקציע).

דער דאָזיקער אומדערהערטער פאַקט גלייכגילטיק צוקוקן זיך דורך אַ פּאָליציי־קאָמענדאַנט, וועלכער האַלט זיך פאַר אַ גאַנצן מושל, און דאָס דערלאָזן אַן עפנטלעכע העצע קעגן יידן — טאָר בשום אופן נישט פאַרשוויגן ווערן. די העכערע מאַכט־אָרגאַנען דאַרפן זיך מיט דעם ענין פאַראינטערעסירן, כדי אויף להבא אויסצומיידן, אַז אַזעלכע ענלעכע פאַלן זאָלן מער נישט האָבן קיין אָרט.

ווי מיר דערוויסן זיך, וועט דער היגער יידישער סוחרים־פאַרבאַנד וועגן דעם ענין גענוי מיטטיילן דעם יידישן נאַציאָנאַל־ראַט און דעם דעפּ. ווישליצקי, כדי ער זאָל אינטערווענירן ביי דער צענטראַל־מאַכט.

### גראַנדיעזע גימנאַסטישע ספּאָרט־אימפּרעזע

פאַרגאַנגענעם מיטוואָך אין אָוונט (מוצאי יו"ט) איז אונטער דער לייטונג פון אינסטרוקטאָר ה' שטעטער, פאַרגעקומען אין אייגענעם לאָקאַל פון היגן יידישן טורן־ און ספּאָרט־פאַראיין (קאַליסקאַ 37) אַ גראַנדיעזע גימנאַסטישע ספּאָרט־אימפּרעזע, געווידמעט דאָס שליסן דעם זומער־סעזאָן.

נישט געקוקט אויף דער שוואַכער רעקלאַמע, האָט זיך דאָך פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם, כדי בייצוווינען די אינטערעסאַנטע אימפּרעזע.

דאָס פּראָגראַם איז באַשטאַנען פון זייער עפעקטפולע נומערן. דער שענסטער נומער, וואָס די מענער־סעקציע האָט אויסגעפירט, איז אָן ספק געווען די איבונגען מיט די צושטאַקן (מאַטשוגעס). די איבונגען אויף דער שטאַנג — אויסגעפירט דורך די ה"ה: שטעטער, יאַקובאָוויטש, גאָלדשטיין, מאָרדקאָוויטש — האָבן שטאַרק אויסגענומען ביים עולם.

אויף די דאַמען־סעקציע האָט אימפּאָנירט מיט עטלעכע נומערן צווישן וועלכע דער אַריגינעלסטער איז געווען דער






| | |
|---|---|
| Redakcja gazety „Tomaszower Wochenblat" w Tomaszowie-Maz. zaświadcza niniejszem, iż p. | La Rédaction du journal „Tomaszower Wochenblat" à Tomachow certifie que le porteur de laprésent M. |
| Max Gerchonowitz | |
| jest stałym współpracownikiem pisma w charakterze | est collaborateur du journal en qualité du |
| Korespondenta | |
| wszystkie władze, urzędy i instytucje proszone są o udzielenie pomocy ułatwień przy wykonywaniu przez niego obowiązków zawodowych | tous les pouvoirs et institutions sont priés de vouloir bien lui prêter aide et de lui faciliter l'accomplissement de son devoir |

REDAKCJA Tomaszower Wochenblat
Redakcja
La Rédaction
Redaktor

קאָרעספּאָנדענט־קאַרטע פון „טאָמאַשאָווער וואָכנבלאַט" אין פּאַריז.

ספאָרט־טאַנץ אויסגעפירט דורך די פרל. זילבערוואַסער 1, זילבערוואַסער 2, לאָקעטש, זשעראַנסקאַ און ראָטענבערג.

דער דאָזיקער טאַנץ איז אויפגענומען געוואָרן מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן און האָט געמוזט עטלעכע מאָל איבערגעחזרט ווערן!




דער וועלט־באַרימטער שאַך־מייסטער שמואל זשעשעווסקי, טאָמאַשאָווער לאַנדסמאַן — שפילט פון די יונגסטע יאָרן

צו יעדן נומער איז געווען צוגעפּאַסט די מוזיק.

עס וואָלט געווען ווּנטשנסווערט, אַז די פאַרוואַלטונג פון טורן־פאַראיין זאָל איינאָרדנען אַזאַ אימפּרעזע אין אַן עפנטלעכן טעאַטער־זאַל, וואָס וואָלט זיכער געגאַנגען מיטן גרעסטן דערפאָלג.

### הכנסה פון אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג

די פאָרשטעלונג „דאָס קאַפּריזנע כלה־מיידל", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן דורך די היגע יידישע אַמאַטאָרן אין טעאַטער „אָדעאָן", דאָנערשטיק, דעם 13־טן ד.ח., האָט צוגעצויגן אַ זייער גרויסן עולם און אַדורך מיט אַ געהעריקן דערפאָלג. דער ריינער ריווח, וואָס איז באַשטימט געווען אויף אַ זייער נויטיקן פילאַנטראָפּישן צוועק, האָט באַטראָפן אַ סומע פון 194,60 זל.

דאָס געלט איז באַלד דורך דער איניציאַטיוו־גרופּע איבערגעשיקט געוואָרן פאַר דעם דערמאָנטן צוועק.

די איניציאַטיוו־גרופּע פון דער אונטערנעמונג האַלט דעריבער פאַר איר חוב אויסצודריקן עפנטלעך אַ טיפן דאַנק די באַטייליקטע אַמאַטאָרן אין די פּערזאָנען פון: פרל. מאַניאַ זאַיאַנץ, ה"ה זלמן זשולטאַווסקי, וועלוול מאַיערקעוויטש, משה שאַפּמאַן, דוד זינגער און א. י. אַלי באַרדאַ פאַר זייער דערפאָלגרייכער און נישט־האָנאָרירטער אַרבעט.

אַ דאַנק אויך דעם חשובן פּובליקום פאַרן אַרויסווייזן פאַרשטענדעניש און אונטערשטיצן דעם אַזוי נייטיקן צוועק.

די איניציאַטיוו־גרופּע:

**מאַניאַ זאַיאַנץ, יידל גראָסבערג, ישראליק פרענקעל**

### פייערלעכע דערעפענונג פון לאָקאַל און ביבליאָטעק ביי די רעכטע „פועלי־ציון"

פאַרגאַנגענעם זונטיק איז אין אייגענעם לאָקאַל פון די היגע רעכטע פּ. צ. (קזשיזשאַוואַ 19) פאָרגעקומען אַ פייערלעכע דערעפענונג פון אַ נייער „באָראָכאָוו"־ביבליאָטעק און ניי־רעמאָנטירטן זאַל.

ביי אַ פול־געפּאַקטן זאַל פון איבער 200 מאַן, עפנט דעם אָוונט ה' חיים קאַגאַן, וועלכער האַלט אַ לענגערע רעדע וועגן די אויפגאַבן פון דער ציוניסטיש־פּראָלעטאַרישער אָרגאַניזאַציע אין אונדזער שטאָט און שטרייכט אויך אונטער די באַדייטונג פון דער ניי־געעפנטער ביבליאָטעק פאַר די ברייטע היגע יידישע מאַסן.

באַגריסונגס־רעדעס האַלטן דאַן די ספּעציעל אָנגעקומענע פאָרשטייער פון די „פועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציעס אין די אַרומיקע שטעט, ווי: פּיעטרקאָוו, בעלכאַטאָוו, אָפּאָטשנע, ראַוואַמאַז. א. אַנד.

אין צווייטן טייל פון דער פייערונג זענען געלונגען אויסגעפירט געוואָרן רעציטאַציע־ און געזאַנג־נומערן דורך די ה"ה גראָסמאַן און זשולטאַווסקי.

זייער גוט האָט באַזונדערס אויסגענומען דער כאָר פון די ראַוואַער חברים אונטער דער אָנפירונג פון ה' גוטמאַן, וועלכע האָבן געזונגען אַ ריי אַרבעטער־ און פאָלקס־לידער.

מיטן געזאַנג פון דער „פועלי־ציון"־„שבועה" און „אינטערנאַציאָנאַל" ווערט די פייערונג פאַרענדיקט.

נאָך דער פייערונג איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט פאַר די אָרטיקע און פרעמדע איינגעלאַדענע חברים, ווו דער עולם האָט אין אַ געהויבענער שטימונג גוט פאַרבראַכט אַ גאַנצע נאַכט.

### צום 20־סטן יובל פון יידישן לעגיאָן

קומענדיקן זונטיק, דעם 1־טן אויגוסט (כ"ד מנחם אב) פאַלט אויס דער 20־טער יובל פון יידישן לעגיאָן. אין שייכות דערמיט האָט די צענטראַלע פון „קרן תל־חי" פּראָקלאַמירט אויף דעם טאָג אַן אַקציע פאַר „פלוגות הגיוס" אין ארץ־ישראל.

ווי אומעטום, וועט אויך די אָרטיקע תל־חי־קאָמיסיע אַדורכפירן זונטיק אין אונדזער שטאָט די דערמאָנטע אַקציע, וועלכע דאַרף אונטערגעשטיצט ווערן דורך די יידישע נאַציאָנאַלע, ובפרט רעוויזיאָניסטישע קרייזן.



דריי טאָמאַשאָווער זשורנאַליסטן:
יוסף גראַנאַט, בנימין קורץ, ירחמיאל האָניג



טאָמאַשאָווער ליטעראַטן און שרייבער:
משה דלוזשנאָווסקי, ליטעראַטור־קריטיקער ש. ד. זינגער (ביידע אין ניו־יאָרק), ירחמיאל האָניג (לאָנדאָן)

# עליה פון טאמאשאווער קיין ארץ־ישראל

**דער אָפּפאָר פון ה׳ יעקב שטיינמאַן**

זונטיק פרי האָט פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו, אָפּפאָרנדיק קיין ארץ־ישראל, דער באַקאַנטער, אַנגעזעענער היגער ציוניסטי־שער און געזעלשאַפטלעכער עסקן, געוו. לאַנגיאָריקער פאַר־וואַלטונגס־פּרעזעס פון דער יידישער קהילה (13 יאָר) ה׳ יעקב שטיינמאַן.

ביי דער אָנוועזנהייט פון אַ גרויסער צאָל מתפללים, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען אַ נישקשהדיקער ציוניסטישער עולם, האָט דער היגער רב, בראָט, געהאַלטן שבת אין דער שטאָטישער שול, פאַר קריאת התורה, אַ געזע־גענונגס־רעדע לכבוד דעם אָפּפאָר פון אויבנדערמאָנטן סע־ניאָר און פּיאָנער פון היגן ציוניזם. ער האָט דערביי אויסגערעכנט זיינע פאַרדינסטן פאַר דער היגער יידישער באַפעלקערונג בכלל און פאַר דער ציוניסטישער זאַך בפרט, געזעגענענדיק אים מיט וואַרעמע ווערטער אין נאָמען פון אַלע מתפללים.

די עולי־לתורה האָבן אין שייכות מיט דער געזעגענונגס־רעדע מנדר געווען פאַר דער אין דעם זעלבן שבת פּראָק־לאַמירטער אַקציע פון „יער פּילסודסקי״.

נאָך אַ „קידוש״, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן שבת נאָכן דאַווענען אין דער וווינונג פון ה׳ שטיינמאַן, איז אין אָוונט פאָרגעקומען אין דער וווינונג פון ה׳ פ. ווייסבאָרד (פל. קאָסציושקי 14) אַ געזעגענונגס־באַנקעט, צו וועלכן עס זענען געקומען די נאָענטסטע חברים און מיטאַרבעטער פון ה׳ שטיינמאַן.

אַדוו. י. שטערנפעלד עפנט דעם באַנקעט און גיט אי־בער דעם עולה שטיינמאַן אַ דיפּלאָם פון דער היגער ק.ק.ל.־קאָמיסיע, וועלכע פאַרשרייבט אים אין „ספר הזהב״ פון ק.ק.ל.

דעם פאָרזיץ פון באַנקעט נעמט דאַן איבער ה׳ צבי כהנא, וועלכער לייענט אַדורך אַ געזעגענונגס־טעלעגראַמע, וועלכע איז צוגעשיקט געוואָרן פון צ.ק. פון דער ציוני. אָרג. אין פּוילן, אונטערגעשריבן דורך ד״ר י. שיפּער, דאַן אַ באַ־גריסונגס־בריוו פון קרן־היסוד־דירעקטאָריום אין פּוילן, אונ־טערגעשריבן דורך פּראָפ. שאָר, ד״ר הינדעס, אַדוו. לעווינ־זאָן; אַ בריוו פון וויצע־דירעקטאָר פון קה״י ה׳ אַ. זילבער־בערג, פון היגן חלוצים־קיבוץ א. נ. פון יוסף ויתקין א. אגד.

מיט געזעגנונגס־רעדעס טרעטן דערנאָך אַרויס די ה״ה מ. ליפּשיץ, אַנשל וואַלד און ה. לאַפּאַן. דער לעצטער וועל־כער איז ספּעציעל געקומען פון וואַרשע צום באַנקעט, דער־ציילט זכרונות וועגן דער אַמאָליקער ציוניסטישער אַרבעט אין טאָמאַשאָוו מיט ה׳ שטיינמאַן. ער לייענט אַדורך צוויי אינטערעסאַנטע דאָקומענטן — איינער אין וועלכן ה׳ שטיינמאַן איז אָנגעגעבן — אויס מורא פאַר דער צאַרישער מאַכט — אונטער אַ פּסעוודאָנים ביי אַ הערצל־אָוונט און דער צווי־טער דאָקומענט — אַ באַשטעטיקונג פון מ. מ. אוסישקין פאַר יעקב שטיינמאַן אַלס מורשה פון א.ג. „אָדעסער קאָמי־טעט אין טאָמאַשאָוו״.

פרל. פּאַמפּער גיט דאַן איבער דעם ה׳ שטיינמאַן אַ



געזעגנונגס־באַנקעט פאַר יעקב שטיינמאַן, ערב זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1935

פראַכט־אויסגאַבע פון ח. נ. ביאַליקס אַלע שירים אַלס מתנה פון דער היגער ק.ק.ל.־קאָמיסיע, אונטערגעשריבן דורך אַלע חברים.

עס באַגריסן נאָך די ה"ה ש. ד. יונגערמאַן, י. פריידענרייך און דער שילער פון דער היגער יידישער גימנאַזיע, אברהם פריידענרייך, וועלכער האָט אַ שיינע געזעגענונגס־רעדע אין העברעאיש. דער עולם פאַרברענגט נאָך ביי פיין־סערווירטע טישן ביז שפּעט אין דער נאַכט אין אַ געהויבענער שטימונג. דער באַנקעט פאַרענדיקט זיך מיטן געזאַנג פון „תחזקנה" און „התקוה".

**געזעגענונגס־באַנקעט אין „השומר הצעיר"**

שבת, דעם 9־טן אַפּריל אָוונט, האָט דער היגער „השומר הצעיר" איינגעאָרדנט אין לאָקאַל פון „התאחדות" אַ געזעגענונגס־באַנקעט פאַר דעם ח' בערל גראַנעק, וועלכער איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין דעם היגן „השומר הצעיר"־קן, ווי אויך אַ מיטאַרבעטער אין דער היגער „קרן קימת לישראל"־קאָמיסיע.

מ. מילשטיין עפנט דעם באַנקעט און גיט איבער די פירונג פון באַנקעט דעם ח' י. קאַרמאַן (לאָדזש). אין נאָמען פון קק"ל באַגריסט ח. קאַנטאָראָוויטש, „החלוץ" — ש. שטשופּאַק, קפא"י — ג. קאַשעראָווסקי, האתאחדות — ל. פעלד, הרצליה — פּרל. זינגער, גורדוניה — ל. אייזענבערג, פרייהייט — שטיינאָוויטש, קבוצת הכשרה — רובינשטיין און אין נאָמען פון דער „טאָמאַשאָווער צייטונג" — ה' קורץ.

אויף די באַגריסונגען ענטפערט דער בעל־השמחה בערל גראַנעק. ער פאָדערט נאָך מער צו פאַרשטאַרקן די אַרבעט אין דער פּאַרטיי און האָפט צו טרעפן זיך מיט די אַלע, דאָ פאַרזאַמלטע חברים, אין ארץ־ישראל.

דער עולם נעמט טועם זיין פון די פאַרשידענע מאכלים. מען עסט, מען טרינקט און מען לאָזט זיך ווילגיין ביזן גרויען טאָג.

אין דער צייט פון אָפּפאָר פון צוג, טראָגט זיך איבער בערל גראַנעק אין דער באַגלייטונג פון זיינע חברים צום באַנהויף. דאָרט פאָטאָגראַפירט זיך די גאַנצע חברה. פונקט 6 אַ זייגער רירט דער צוג מיט זייער ליבן חבר. דער עולם זינגט „התקוה" און קוים קענענדיק זיך פון אים אָפּרייסן, לאָזן זיי זיך מידע, האַלב־פאַרשלאָפענע, צוריק יעדער צו זיין היים.

**דער געזעגענונגס־באַנקעט אין „גורדוניה"**

זונטיק, דעם 10־טן אַפּריל, אָוונט, איז אין לאָקאַל פון „התאחדות" איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער היגער „גורדוניה" אַ געזעגענונגס־באַנקעט פאַר דער חברה בריינע גראַנעק, וואָס איז אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל צו דער קבוצה „גורדוניה" ב' אין רחובות, ווו עס אַרבעטן שוין אייניקע חברים פון דער היגער „גורדוניה"־אָרגאַניזאַציע זינט אייניקע יאָר.

דער זאַל איז געווען שיין אויפגערוימט. די טישן שיין־סערווירט און דער עיקר: די צימערן זענען געווען פול פון אַ לעבעדיקער שפּרודלדיקער יוגנט. עס האָבן זיך דאָרט געפונען, אויסער די פאַרטרעטער פון די היגע יוגנט־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, אויך די פאַרטרעטער פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס „התאחדות" און „פועלי־ציון".

אין לאָקאַל איז פריילעך, דער עולם איז פאַרטיילט אין גרופּקעלעך. מען זינגט פאַרשידענע ארץ־ישראל־ און חלוצים־לידער אויף העברעאיש און יידיש. פלוצים טיילן זיך עטלעכע אויס און כאַפּן דרך־אגב אַריין אַ ריקודל.

ŻYD. TOW. DOBROCZ.
„LINAS-HACHOLIM"
W TOMASZOWIE MAZ.
UL. BÓŻNICZNA 16. - TEL.

Nr. Dz.

TOW. ISTNIEJE OD 1922 R.
Posiada własny Gabinet lekarski.
Udziela biednym chorym porad lekarskich, recept, odżywiania, zabiegów felczerskich, dyżurów nocnych, elektryzacyj i t.p.
Wypożycza również chorym medykamentów leczniczych.

הילפס - געזעלשאַפט
„לינת-החולים"
אין טאָמאַשאָוו-מאַז.
בוזשניצנע 16.
עקזיסטירט פון 1922 יאָר.

Lekarz Dentysta
Owsiej Rotenberg
Tomaszów-Maz.
Tel. 131.

Stowarzyszenie Kobiet
„EZRAS CHOLIM"
w Tomaszowie-Maz.

עזרת חולים

המוסדות
בעירנו

ŻYDOWSKI
DOM STARCÓW
Tomaszów-Maz., Prewa 2.

מושב זקנים

SZKOŁA RELIGIJNA
TALMUD-TORA
W TOMASZOWIE MAZ.

חדר מתוקן
תלמוד תורה

המוסדות בטומשוב מזוביצק

געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין אונדזער שטאָט

# אויפבלי פון יידיש לעבן

נ. גאָלדקראַנץ

(אויסצוגן פון יובילײ־נומער פון
„טאָמאַשאָווער וואָכנבלאַט״)

דעם „שפּאַציר איבער די טאָמאַשאָווער יידישע אינסטי־טוציעס״ האָב איך געהאַט בדעה איבערצוגעבן אין אַ ברייטערער פאָרם, כדי ווי געהעריק ברענגען אַ בולטע אָפּשפּיגלונג וועגן זייער טעטיקייט, אויפגאַבן און אַדורכגעפירטע אַרבעטן. נישט וועלנדיק מאַכן קיין אויסנאַמען, וואָלט איך געמוזט אַרומנעמען אין מיין שפּאַציר אַלע טאָמאַשאָווער יידיש־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס ווייזן נאָר אַרויס



נתן גולדקראַנץ
עורך העתון „טאָמאַשאָווער וואָכענבלאַט״
(רעדאַקטאָר „טאָמאַשאָווער וואָכנבלאַט״)

וועלכע־נישט־איז סימנים פון לעבן. דאָס איז געווען — צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים — פאַרבונדן מיט אומגעהויערע שוועריקייטן און מיט אַ צייט־לאַנגער אַרבעט. איך האָב דעריבער געמוזט — אויך צוליבן באַגרענעצטן פּלאַן -- זיך באַגנוגענען מיטן איבערגעבן וועגן דער טעטיקייט פון די היגע יידישע קולטורעלע, ווירטשאַפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וועמענס צאָל, ווי מיר זעען, עס איז אין טאָמאַשאָוו אַ נישקשהדיקע — אין אַ קורצערער פאָרם, אויסמיידנדיק דערביי אַזעלכע אינסטיטוציעס, וואָס זענען ווייניק, אָדער לגמרי נישט אָנזעעוודיק אויף דער יידישער גאַס און שפּילן אַן אומבאַדייטנדיקע ראָל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די ערשטע אינסטיטוציע, וועלכע האָט אַ וויכטיקע באַדייטונג און פאַרנעמט אַן ערנסטן אָרט אין היגן יידישן לעבן איז בלי ספק —

### די יידישע קהילה

די קאָמפּעטענץ און טעטיקייט פון יידישע קהילות בכלל ובתוכם די היגע, לאָזט זיך גענוג פונאַנדעררוקן און פונאַנדערשפּרייטן אין אַ ברייטן פאַרנעם אַזוי, אַז ביי אַ געהעריקער צוזאַמענאַרבעט מצד דער היגער יידישער געזעלשאַפט מיט דער אָנפירנדיקער אינסטאַנץ, וואָלט די היגע קהילה אימשטאַנד געווען צו ווערן די רעגולאַטאָרין אויף אַ סך געביטן פון היגן יידישן לעבן. ליידער, זענען אָבער אַ גרויסער טייל פון די אויפגאַבן און טעטיקייט ביז איצט פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן אין אַ גרויסער מאָס, וואָס איז אַ פּועל־יוצא פון די לאַנגע רייבונגען, אַמביציעס און רב־שוחטים־מחלוקתן, צוליב וואָס עס איז אַריינגעטראָטן אַ דיסהאַרמאָניע און צו גלייכער צייט אָפּגעריסנקייט ביי דער אַרבעט צווישן אַ טייל מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג און ראַט פון דער קהילה.

די ברייט־פאַרצווייגטע אַרבעט פון דער קהילה ווערט אָנגעפירט דורך דעם לאַנג־יאָריקן גמינע־פּרעזעס ה׳ יעקב שטיינמאַן, וועלכער באַקומט אַ קנאַפּע מיטהילף פון די איבעריקע מיטגלידער.

די אויפגאַבן, ווי געזאָגט, זענען פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן, נישט ווייניק שולד דערביי האָט אויך די יידישע באַפעלקערונג, וועלכע ווייזט אַרויס אַ שוואַכע באַציאונג צו דער קהילה, דערפילט נישט אירע התחייבותן, אַנדערש וואָלט די קהילה ביי איר גאַנצער צעריסנקייט געהאַט זיכער אַן אַנדער פּנים.

פונדעסטוועגן, נישט געקוקט אויף דער אַפּאַטיע מצד דער באַפעלקערונג, ווערט דאָך אין אַ קלענערער, אָדער גרעסערער מאָס, ביי שווערע פינאַנסיעלע מעגלעכקייטן, געפירט אַ טעטיקייט. אַחוץ ביי רעליגיעזע ענינים, ווי אויסהאַלטונג פון דער שטאָטישער שול, בתי־מדרשים, רב, מורי־הוראות, מקווה, שעכטהויז, שוחטים א.ד.גל., ווערט דאָך געפירט אַן אַרבעט אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט און שוץ, ווי שטיצע פאַר אָרעמע, קוראַציע, מעדיציניש׳ע הילף אין שטאָט, אָדער אָפּעראַציעס אין דער פרעמד, וואָס קאָסט אָפּ ביז 20 טויזנט זלאָטעס יערעלך. דאַן אויפן געביט פון יידישן שול־וועזן: אַ תלמוד־תורה, וואָס האָט זיך אַמאָל אויסגעהאַלטן פון נדבות, ווערט איצט פולשטענדיק אויסגעהאַלטן דורך דער קהילה. די טאָמאַשאָווער תלמוד־תורה ציילט 130 שילער, 3 לערער, 4 מלמדים, אַ לייטער און האָט אויך די רעכט פון אַ פאָלקס־שול:

סובסידיעס פאַרן יידישן גימנאַזיום, חדר יסודי־התורה; לערער אין יתומים־הויז. אין איר געביידע אויף קאַליסקאַ 37, עקזיסטירט אַ יידישע פאָלקס־שולע. די קהילה האָט אויך געמאַכט באַמיאונגען צו עפענען העברעאישע אָוונט־קורסן פאַר אַלע שילער פון די יידישע פאָלקס־שולן, אָבער נישט געקענט קריגן פון דער שול־מאַכט די דערלויבעניש דערצו; אַ דאַנק דער באַמיאונג פון דער קהילה זענען אויך אַראָפּגעבראַכט געוואָרן צוויי לערער־סעמינאַריסטן צו אונטעריכטן יידישע רעליגיע. אמת, די תלמוד־תורה איז אפשר נישט באַפרידיקנדיק, אָבער שולדיק אין דעם נידעריקן דערציאונגסניוואָ זענען די עלטערן פון די קינדער גופא און די קהילה־פאַרוואַלטונג וואָלט געדאַרפט אָנהייבן אַ נייעם קאַמף בכדי איינצופירן נייע רעפאָרמען.

אַרומנעמען אַלע צווייגן פון דער קהילה־טעטיקייט אין אונדזער שטאָט וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ. איינס איז זיכער; וואָלט די קהילה געהאַט געהעריקע הכנסות, וואָלט די טעטיקייט געווען אַ בעסערע. ווען מען וואָלט געצאָלט עטאַט, ווען די קהילה וואָלט נישט שטענדיק געהאַט אַ פאַרלוסט פון פרעלימינירטן בודזשעט ביז 40%, וואָלט געווען גאַנץ אַנדערש.

ווי מען ווערט אינפאָרמירט, צאָלן נאָר עטאַט אַרום 300 נפשות, די רעשט ווײַנט, שעלט, סטראַשעט, האָט פּרעטענזיעס, און דאָס דערלאָזט נישט אויסצוברייטערן די קהילה־טעטיקייט, ברענגט איר פינאַנסיעלע שוועריקייטן.

מען וואָלט דאַן געקענט פאָדערן פון דער קהילה, אַ האַנטווערקער־שול, אַ מושב זקנים, אָוונט־קורסן, שפּאָר און ג״ח־קאַסע, אַ מאָדערנע תלמוד־תורה און נאָך און נאָך, אָבער נישט ביי אַזאַ גלייכגילטיקייט און שרעקלעכער באַציאונג מצד דער היגער יידישער באַפעלקערונג צו איר קען מען עפּעס אויפטאָן.

### יידישער סוחרים־פאַרבאַנד

די שטאַרקסטע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציע אין אונדזער שטאָט איז אָן ספק דער יידישער סוחרים־פאַרבאַנד אויף קאַליסקאַ 37. אַנטשטאַנען איז דער פאַרבאַנד אין אַ צייט פון קריזיס, דעוואַלואַציע. בימי גראַבסקי איז דעם פאַרבאַנד, באַלד נאָך זיין אַנטשטייאונג, נישט איינמאָל אויסגעקומען צו קעמפן בכדי צו פאַרטיידיקן די סוחרישע אינטערעסן. בראש פון געגרינדעטן פאַרבאַנד זענען דעמאָלט געשטאַנען חיים יצחק קאַטשקעוויטש, איטשע גאָלדקראַנץ, דוד ראָזענצווייג און פּנחס קאַטשקעוויטש.

אין יאָר 1925 ווערט דער פאַרבאַנד רעאָרגאַניזירט און די אָנפירונג נעמט איבער ה׳ חיים בענגלעראָוויטש, וועלכער זעט־איין, אַז אויפן טאָג־אָרדענונג פון פאַרבאַנד דאַרף נישט בלויז שטיין די שטייערן־פראַגע, נאָר ס׳דאַרף אונטערגענומען ווערן אַ ברייט־פאַרצווייגטע אַרבעט און בתוכם דאַרף געזאָרגט ווערן אויך וועגן קרעדיט פאַר קליינהענדלער און סוחרים.

סוף יאָר 1925 ווערט טאַקע ביים פאַרבאַנד געשאַפן אַ גמילת־חסד־קאַסע, וועלכע האָט געהאַט פאַר אַ ציל אַרויסצוגעבן די נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער אָנפראָצענטיקע הלוואות. די דאָזיקע קאַסע האָט זיך באַלד אַנטוויקלט אין אַ גע־העריקן טעמפּאָ און געוואָרן אַ וויכטיקע און נוצלעכע אינסטיטוציע. אין יאָר 1928 ווערט לויט דער איניציאַטיוו פון פאַרבאַנד, מיט דער מיטהילף פון היגן גרויס־אינדוסטריעלער, ה׳ עמנואל באָרנשטיין, געשאַפן די קאָאָפּעראַטיווע סוחרים־באַנק („באַנק קופּיעצקי״).

דער פאַרבאַנד ווערט אַלזאָ מיט דער צייט אַ נויטיקע אינסטיטוציע אָן וועלכער די היגע סוחרים קענען זיך נישט באַגיין. די צאָל מיטגלידער וואַקסט פון טאָג צו טאָג און דער פאַרבאַנד גרופּירט באַלד אַרום זיך אַלע בראַנזשעס און האָט פאַרטרעטער אין שטאָטראַט, בענק, גמינע און שאַצונגס־קאָמיסיע. מען מוז מודה זיין, אַז אַ דאַנק דער ברייטער טעטיקייט פון דער פאַרוואַלטונג מיטן פּרעזעס בענגלעראָוויטש בראש, האָט דער פאַרבאַנד אַ סך געלייסטעט און אויפגעטאָן לטובת דעם טאָמאַשאָווער סוחרטום.

צו דער פאַרוואַלטונג געהערן די ה״ה ה. בענגלעראָוויטש, אַנטאָני זילבער, מאיר שעפּס, א. קאָלערשטיין, ה. לאַנדסבערג, א. זילבערמאַן, ש. פערבער, מ. פאַקין און ב. גאָלדבערג. פאַרטרעטער: ש. מילשטיין און י. קירשבוים. רעוו.־קאָמיסיע: נ. טריטער, ד. יעלין, ה. דאַנציקער און ב. קורץ.

אַ ברייטע טעטיקייט פון אומגעהויערער נוצלעכקייט וויזט באַזונדער אַרויס די גמילת־חסד־קאַסע ביים פאַרבאַנד, פון וועלכער עס געניסן פון אָנפראָצענטיקע הלוואות ביז 280 מיטגלידער (150—200 זל.). די קאַסע האָט נישט קיין שום זייטיקע הילף, נאָר אַ דאַנק דער אומדערמידלעכער אַרבעט פון פּרעזעס ה׳ עמ. באָרנשטיין, פאַרגרעסערט זיך דער גרונט־קאַפּיטאַל פון איין יאָר־באַריכט ביז דעם צווייטן אויף גאַנצע 100 פּראָצענט.

אַלס באַווייז קען דינען דאָס, וואָס אין יאָר 1926 האָט דער אומזאַץ פון דער קאַסע באַטראָפן 3.108 זל. אין יאָר 1927 — 38.720 זל. און אייגן קאַפּיטאַל 1861 זל. אַחוץ פּקדונות ביז 3 טויזנט זלאָטעס.

אין יאָר 1928 באַטרעפט שוין דער אומזאַץ 70.633 זל. אייגן קאַפּיטאַל 10.115 זל. (אַ חוץ פאַרגרעסערטע פּקדונות

אין יאָר 1929 באַטרעפט דער אומזאַץ 95.862 זל. און אייגן קאַפּיטאַל 10.115 זל. (אַ חוץ פאַרגרעסערטע פּקדונות און און אין פערטן יאָר, הגם דער בילאַנס איז נאָך נישט פאַרענדיקט, באַטרעפט שוין דער אומזאַץ איבער 100 טויזנט זל.

די מיטגלידער פון דער קאַסע צאָלן אָפּ רעגולער די הלוואה־ראַטעס אַ דאַנק דעם, וואָס די פאַרוואַלטונג פון דער קאַסע פירט־אויס נאָרמאַל און בשלמות איר נוצלעכע אַרבעט.

די לייטונג באַשטייט פון: עמ. באַרנשטיין — פרעזעס, ח. בענגלעראָוויטש, מ. שעראַדזקי מ. פּאַקין, א. זילבערמאַן, א. שיליט, א. מערין, ה. לאַנדסבערג, ב. גאָלדבערג, א. קאָלער־שטיין, מ. שעפּס, א. זילבער, ד. יעלין, ח. לאַנדאַ, י. קירשבוים, ג. טריטער, ה. דאַנציגער, ש. פערבער און ש. מילשטיין.

## צענטראַלער יידישער האַנטווערקער־פאַרבאַנד (פּל. קאָסציושקי 14)

איינע פון די שטאַרקסטע יידישע ווירטשאַפטלעכע אָר־גאַניזאַציעס אין אונדזער שטאָט איז דער צענטראַלער האַנט־ווערקער־פאַרבאַנד אויף פּל. קאָסציושקי 14.

דער פאַרבאַנד איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1917 דורך דעם פאַרשטאָרבענעם ערן־פרעזעס און דאָזאָר דוד ראָ־זענבערג. אַ ברייטערע טעטיקייט וויזט אָבער דער פאַרבאַנד אַרויס פון יאָר 1925, ווען עס טרעטן אַריין אין דער אַרבעט יינגערע כוחות, וועלכע הייבן אָן בעסער צו פאַרשטיין די אויפגאַבן פון פאַרבאַנד אין באַצוג צום יידישן בעל־מלאכה. עס דויערט נישט לאַנג און די האַנטווערקער־אָרגאַניזאַציע האַלט אָפּ אַ גראַנדיעזן נצחון ביי די לעצטע שטאָטראַט־וואַלן. עס ווערן אַריינגעפירט אין שטאָטראַט עטלעכע אייגענע ראַט־מענער און אין רעזולטאַט אויך אַלס לאַווניק אין מאַגיסטראַט דעם ה׳ י. ראָזענבערג.

דער פאַרבאַנד נעמט אַרום פאָלגנדע סעקציעס: שניי־דערס, שוסטער, פריזירער, בעקער, טישלער, מאָלער, בלע־כער, קאָוואַליעס, זייגערמאַכער, היטלמאַכער, גראַווירער, דרו־קער א. אַנד.

אין פאַרגאַנגענעם יאָר ווערט פרעזעס פון פאַרבאַנד דער לאַווניק ראָזענבערג. עס שטייען דעמאָלט פראַגן פון ערשט־קלאַסיקער באַדייטונג פאַר בעלי־מלאכות. קודם־כל דאָס צעכן־געזעץ צו וועלכן מען האָט געדאַרפט צופּאַסן די מיט־גלידער.

אַ דאַנק די באַמיאונגען פון פרעזעס, ווערן עטלעכע הונדערט מיטגלידער באַזאָרגט מיט באַשטעטיקונגען דורכן אָרטיקן מאַגיסטראַט, וואָס גיט זיי דאָס רעכט צו פירן די ווערקשטאַטן; עס ווערן געשאַפן אומזיסטע אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע און יוגנטלעכע, אָנגעפירט דורך קוואַליפיצירטע לערער. עס ווערן געפירט צושניידער־קורסן פאַר מענער און דאַמען־שניידער אונטער דער לייטונג פון ה׳ אורמאַן פון סאָסנאָוויץ און עטלעכע פופציק שניידער־שילער באַקומען נאָכן עקזאַמען אין פאַרבאַנד צושניידער־דיפּלאָמען.

אויסער די טאָג־טעגלעכע אינטערעסן, ווי שטייער־עני־נים אד.גל., ווערט געפירט אַ צוגרייטונגס־אַרבעט פון די מיטגלידער צו די פאַרשטייענדיקע עקזאַמענס. עס געלונגט, אַ דאַנק אינטערווענצן ביים פרעזידענט פון דער האַנטווערקער־קאַמער, אויסצופּועלן הנחות און פאַרלייכטערונגען צו די עק־זאַמענס.

די הויפּט־אַרבעטן און ענערגיע אין דערמאָנטן פאַרבאַנד ווערן די לעצטע פּאָר וואָכן אָנגעווענדעט כדי צו אָרגאַניזירן די פאַרשידענע פאַכן און סעקציעס ביים פאַרבאַנד אין באַזונ־דערע צעכן. נאָך לאַנגער מי איז געלונגען צו באַקומען די לעגאַליזאַציעס אויף בעקער־מייסטער־צעך, שניידער־מייסטער־צעך, טישלער־מייסטער־צעך און שוסטער־מייסטער־צעך.

די דאַזיקע צעכן וועלן האָבן אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג און שפּילן אַ גרויסע ראָל אין דער צוקונפט.

עס איז אַלזאָ, ווי מיר זעען, נישט קיין גוזמא, ווען מיר זאָגן, אַז דער היגער צענטראַלער יידישער האַנטווערקער־פאַרבאַנד בילדעט אַ שטאַרקן כוח אויף דער יידישער גאַס אין טאָמאַשאָוו.

## יידישער אומפּאַרטייאישער האַנטווערקער־פאַראיין

דער דאָזיקער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן אין אָק־טאָבער 1929, נאָך די רייבונגען, וואָס זענען אַנטשטאַנען צווישן די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער אין היגן צענטראַלן יידישן האַנטווערקער־פאַראיין פון וועלכן אַ טייל, נישט קע־נענדיק אַדורכקומען, האָבן זיך אָפּגעריסן.

דער אויבנדערמאָנטער פאַראיין ציילט ביים היינטיקן טאָג 158 אַקטיווע מיטגלידער. די אויפגאַבן פון פאַראיין זענען צו פאַרטיידיקן און באַשיצן די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די מיטגלידער.

דער פאַראיין האָט באַלד נאָך זיין גרינדונג געדינגען אַ לאָקאַל אויף פּל. קאָסציושקי 16, וווּ עס ווערט געפירט אַ נישקשהדיקע טעטיקייט לטובת דעם היגן יידישן בעל־מלאכה.

צו דער פאַרוואַלטונג געהערן: י. ראַטענבערג (פרעזעס), ש. י. וואָלקאָוויטש, ז. עפּשטיין, ל. וואַרזאַגער, ג. פּאָלק, י. א. געל־באַרד, א. עפּשטיין, י. קופּערוואַסער, ח. אונגער, האָבערמאַן, ב. טורעק, יאַקובאָוויטש, שמידעק און בעלזיצקי.

אין דעם פאַראיין גרופּירן זיך אַ גאַנצע ריי פאַכן.

## האַנטווערקער־פאַראיין אין דער פוילישער רעפּובליק

די איניציאַטאָרן צו גרינדן דעם פאַראיין זענען געווען די ה״ה ש. קאַשעראָווסקי, ש. גלאַזבוים און י. ראָזענצווייג. די אויפגאַבן זענען געווען צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון יידישן האַנטווערקער און כאַלופּניק.

אין שייכות מיטן צעכן־געזעץ, האָט דער פאַראיין אונטער־גענומען אַ פּראָטעסט־אַקציע קעגן געזעץ. צו דעם צוועק זע־

נען איינגעאָרדנט געוואָרן עטלעכע מיטינגען. ביים פאַראיין, וועלכער געפינט זיך אויף יעראָזאָלימסקע 1, געפינט זיך אַ סעקציע פון דראַזשקאַזשעס און פורמאַנעס.

די פאַרוואַלטונג, וועלכע דערלידיקט אַ גאַנצע ריי האַנטווערקער־ענינים פאַר די מיטגלידער, באַשטייט פון די ה״ה: ש. קאָשעראָווסקי, פּרעזעס און י. ראָזענצווייג, מ. א. בעלפער, א. וואָראַצלאַווסקי, אַ. מעלל, ש. גלאַזבוים, י. קרעטש־מער, נ. קאַרמאַזין, מ. שפערלינג און מ. גאָלדבערג — מיט־גלידער.

### יידישער בעקער־מייסטער־צעך

די איניציאַטיוו צו גרינדן אין טאָמאַשאָוו אַ יידישן בע־קער־מייסטער־צעך איז אַנטשטאַנען אין חודש אַפּריל 1930, ווען די צעכן־גזירה איז שוין געווען אין קראַפט און די היגע בעקער־מייסטער האָבן געזען פאַר זיך די געפאַר, וואָס עס דראָט זיי. אַ גרופּע פון די ה״ה: י. וואַסערבערג, אַ. עליאַש, פּ. אייזענשטיין, פּ. האַוזער, ה. בראַון און וו. מלינקאַוויטש האָבן זיך גענומען ענערגיש און אַ יידישער בעקער־צעך איז טאַקע באַלד געגרינדעט געוואָרן.

דער צעך ציילט 30 מיטגלידער פון היגע יידישע בע־קער־מייסטער און האָט זיין אייגענעם שיינעם לאָקאַל אויף פּאָלנע 6, ווו עס ווערט געפירט אַ גוטע טעטיקייט, האַבנדיק אין זינען די קולטורעלע און עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די מיטגלידער.

לעצטנס האָט די פאַרוואַלטונג פון צעך אָפּגעהאַלטן אַ ריי פאַרזאַמלונגען מיט די מיטגלידער, ווו עס איז אַרומגערעדט געוואָרן די פראַגן וועגן גרופּירונג, ד. ה. אַז עטלעכע יידישע בעקער זאָלן זיך גרופּירן אַרום איין בעקעריי, כדי זיי זאָלן זיך אַזוי אַרום קענען ראַטעווען און נישט בלייבן אָן אַן עק־זיסטענץ און אַרויסגעוואָרפן ווערן אויפן ברוק צוליב דער גזירה פון מעכאַניזירן די בעקערייען.

די מעכאַניזאַציע־גזירה האָט אין אַ שאַרפער פאָרם גע־טראָפן טאָמאַשאָוו, ווייל מיט אַ קורצער צייט צוריק האָבן עטלעכע און צוואַנציק היגע יידישע בעקער־מייסטער באַקו־מען פון דער וואָיעוואָדסטווע אַן אויפפאָדערונג אָפּצושטעלן דאָס באַקן אין זייערע בעקערייען — דעם 31־טן דעצעמבער ד. י. אין הסכם מיט די פאַרשריפטן פון אינערן־מיניסטעריום.

מען מוז מודה זיין, אַז אין דעם פּרט האָט די פאַרוואַלטונג פון צעך אַ סך געלייסטעט לטובת די מיטגלידער. עס איז אָנ־גענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע צו שאַפן גרופּירונגען בכדי אַ גרויסער טייל פון די בעקער־מייסטער זאָלן נישט אַרויס־געשטויסן ווערן.

דער היגער יידישער בעקער־מייסטער־צעך איז געווען דער ערשטער יידישער צעך אין טאָמאַשאָוו, וואָס האָט געגעבן אַ מוסטער פאַר אַנדערע פאַכן, ווי שניידער, שוסטער, טיש־לער א. אנד., וועלכע האָבן זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיטן צעך־געדאַנק און האָבן אויך אונטערגענומען אַזעלכע צו שאַפן אין אונדזער שטאָט.

די פאַרוואַלטונג פון צעך באַשטייט פון די ה״ה: פּ. איי־זענשטיין — סטאַרשי, א. עליאַש, י. וואַסערבערג, י. באָגו־צקי — וויצע־סטאַרשיס, פּ. האַוזער — קאַסירער, ש. שטראָס־בורג וו. מלינקעוויטש און מ. באַנד — מיטגלידער.

### יידישער שניידער־מייסטער־פאַראיין

דער יידישער שניידער־מייסטער־פאַראיין עקזיסטירט שוין אייגנטלעך אין טאָמאַשאָוו 18 יאָר. ער איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1912 און איז באַשטעטיקט געוואָרן אין יאָר 1916 דורך דער דייטשער מאַכט. אין יאָר 1918 איז ער אויך באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער פּוילישער מאַכט.

די גרינדער פון פאַראיין זענען געווען דער פאַרשטאָר־בענער פּרעזעס דוד ראָזענבערג, ביי דער מיטהילף פון מ. אייזענבערג, יחיאל מילנער און הענעך צוקערמאַן.

די אויפגאַבע פון פאַראיין איז געווען צו אָרגאַניזירן זיך צוליב די דעמאָלטיקע אָפּטע פאַרגעקומענע שטרייקן און בכלל צו פאַראייניקן זיך, כדי געמיינזאַם צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די יידישע שניידער־מייסטער, וואָס איז גע־ווען אַ נויטווענדיקייט.

דער פאַראיין האָט זיך באַלד געבויט אַן אייגענעם לאָ־קאַל אויף טקאַצקאַ 12, געשאַפן ביי זיך אַ גמילת־חסד־קאַסע, כדי געבן הלוואות די נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער און דער־נאָך איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ נויט־הילפס־קאַסע.

די פאַרוואַלטונג פון פאַראיין פירט אַ ברייטע טעטיקייט און ציילט 112 מיטגלידער — יידישע שניידער־מייסטער פון טאָמאַשאָוו.

צו דער פאַרוואַלטונג געהערן: מ. אייזענבערג, עמ. גראָס־מאַן, ה. צוקערמאַן, מ. שטעטער, ש. יוזעפאָוויטש, פּ. בעל־זיצקי, וו. וועלטמאַן און י. בידערמאַן.

### האָלץ־פאַראיין

ביים היגן יידישן האָלץ־פאַראיין, וואָס עקזיסטירט שוין אַ לענגערע צייט און געפינט זיך אין אייגענעם לאָקאַל אויף קאַליסקאַ 26, גרופּירן זיך אַ ריי סעקציעס, ווי טישלער־געזעלן, שניידער־, שוסטער־געזעלן, מאַלערס און אַנד.

ביים פאַראיין עקזיסטירט אויך אַ ספּאָרט־מאַנשאַפט א. נ. „מלאָט״, וואָס נעמט אַנטייל אין די היגע עפנטלעכע מעטשן.

### פרויען־פאַרבאַנד „וויזאָ״

לויט דער איניציאַטיוו פון דער לייטערין פון היגן יידישן

גימנאַזיום, פרוי אַננאַ ווייכסלפיש, איז אין מערץ 1929 געשאַפן געוואָרן, לויטן מוסטער פון אַנדערע גרעסערע שטעט אין פּוילן, אַ פּראָווינץ־פאַרבאַנד „וויזאָ״.

„וויזאָ״ איז אַן אַפּאָליטישער פאַראיין, וואָס האָט נאָר די צילן צו פירן אַ קולטורעלע טעטיקייט און אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן יידישע פרויען דורך געבן זיי בילדונג און דערהייבן זייער קולטורעלן ניוואָ, באַזונדערס אין נאַציאָנאַלן גייסט. צו דעם צוועק קומען פאָר מיטגלידער־פאַרזאַמלונגען, לעקציעס, רעפעראַטן וועגן ליטעראַטור, יידישע געשיכטע, וויסנשאַפט א.ד.גל.

דער „וויזאָ״־פאַרבאַנד האָט לעצטנס באַנייט די אַרבעט. עס האָבן זיך פאַרשריבן אַ גרעסערע צאָל פרויען, דערונטער מיידלעך. עס זענען געשאַפן געוואָרן העברעאישע אָוונט־קורסן, וועלכע קומען פאָר צוויי מאָל וועכנטלעך און רעפעראַטן וועגן יידישער געשיכטע, יעדן מיטוואָך, צו וועלכע עס קענען אַריינגעפירט ווערן געסט און סימפּאַטיקער.

די לעקציעס און רעפעראַטן ווערן געהאַלטן דורכן פּראָפ. וועגמייסטער. אויסער דעם קומען פאָר, אונטער דער אָנפירונג פון פרוי דאָמאַנאָוויטש, לעקציעס פון האַנט־אַרבעטן און אויך גימנאַסטישע לעקציעס. די פרעקווענץ ביי די לעקציעס איז וואָס אַמאָל אַ שטאַרקערע. צו דער פאַרוואַלטונג געהערן די פרויען: ווייכסלפיש, רביצין בראַט, שטיינמאַן, הירשפרונג, דאָמאַנאָוויטש, שפּיעוואַק, אידאַ שפּיעוואַק, באַרנשטיין און פּריוועס.

די פאַרוואַלטונג אַרבעט אויס אַ ריי פּלענער צו אַנטוויקלען נאָך מער די „וויזאָ״.

אין פּראָיעקט איז אויך צו אָרגאַניזירן בקרוב אין „וויזאָ״ יינגערע מיידלעך, וואָס באַזוכן נישט קיין שול.

## „הזמיר״

אַ ליטעראַריש־מוזיקאַלישער פאַראיין מיט אַ רייכן ספר־היוחסין. געהאַט אַמאָל אַ דראַמאַטישע סעקציע, ביבליאָטעק, כאָר, אָרקעסטער א.א.וו.

געווען אַמאָל שיינע צייטן ביים „הזמיר״. היינט איז די ליטעראַריש־מוזיקאַלישע געזעלשאַפט געבליבן ביי דעם בלויזן שילד. פון אינווענטאַר איז פאַרבליבן אַ פאָרטעפּיאַן, אַ פּוס־האַרמאָניע, אַ שאַנק יידישע ביכער. עס איז אויך לעצטנס שוין רעמאָנטירט געוואָרן דער לאָקאַל, וועלכער שטייט אָבער פאַרמאַכט. קיינער באַזוכט דאָ נישט מער און די פאַרוואַלטונג שלאָפט זיך ווי קיינמאָל גאַרנישט אין אַ צוקער־זיסן שלאָף.

## „באָראָכאָוו״־ביבליאָטעק

אַ וויכטיקע דערשיינונג איז זיכער די גרינדונג פון אַ יידישער ביבליאָטעק ביי די היגע רעכטע „פּועלי־ציון״ אויף קושיזשאַוואַ 19. די דאָזיקע ביבליאָטעק איז פאַרזען מיט די נייעסטע אויסגאַבן פון דער יידישער ליטעראַטור.

## „לינת הצדק״

מיר איז געלונגען צו פאַרשאַפן זיך דעם ביולעטין, וואָס דער היגער „לינת הצדק״ האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1909 — אַ יאָר נאָך דעם, ווי די אינסטיטוציע איז געשאַפן געוואָרן דורך די ה״ה אַלעקסאַנדער לאַנדסבערג, אלחנן רובין, יהושע ראָטענבערג, אלי׳ קאַנעל, פייוול ווייס, סאַמועל שטיינמאַן און איטשע ווייס.

ווען מען קוקט אַדורך דעם צעטל פּראָדוקטן, שפּייז, און געלט־אונטערשטיצונגען, וואָס דער „לינת הצדק״ האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן, זעט מען ערשט, וואָס פאַר אַ ברייטן פאַרנעם און גוואַלדיקן ראָל די דערמאָנטע הילפס־אינסטיטוציע האָט געשפּילט אין היגן לעבן.

אַלע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס זענען געווען גרופּירט אַרום „לינת הצדק״ און די טעטיקייט איז געווען אַן אומגעהויער רייכע. גענוג וועט זיין אָנצווייזן, אַז 2.086 פאַמיליעס האָבן דעמאָלט גענאָסן פון אַלזייטיקער שטיצע.

ביים היינטיקן טאָג ציילט דער „לינת הצדק״ נאָר 190 מיטגלידער. די פאַרוואַלטונג גיט אַרויס פאַר נויטבאַדערפטיקע הילף, אַחוץ געלט־אונטערשטיצונגען.

אַ וויכטיקע ראָל ביי דער אינסטיטוציע שפּילט די קאַסע, וועלכע פאַרמאָגט היינט 1.300 זל. און גיט אַרויס פאַר אָרעמע לייט אָנפּראָצענטיקע הלוואות אין דער סומע פון 50—100 זל. אויף וועכנטלעכע אויסצאָלונגען פון 4—2 זל.

צו דער פאַרוואַלטונג געהערן: באָלעסלאַוו שעפּס — פּרעזעס; י. הירשהאָרן — ערן־לייטער און קאַסירער; הענריקאַ רוזשיצקאַ — סעקרעטאַרין; יאַדוויגאַ לאַנדסבערג, פרוי שטיינמאַן, שטשענסליוואַ, וולאַדיסלאַוו לאַנדסבערג, סאַלאָמאָן באַרנשטיין, סטאַניסלאַוו קאָרטיז, באָריס אַלעסקאָווסקי, מאָוריצי הירשהאָרן, פעליקס שפּיעוואַק און בראָניסלאַוו קעניגהייט.

די אינסטיטוציע האַלט זיך אויס פון שפּענדונגען, וואָס פליסן אַריין אין קאַסע.

די פאַרוואַלטונג מיטן פּרעזעס שעפּס בראש, ווייזן אַרויס אַן ענערגישע טעטיקייט אויפן געביט פון פילאַנטראָפּיע אין אונדזער שטאָט. עס ווערן איינגעאָרדנט בעלער און אַנדערע אימפּרעזעס, וועמענס הכנסות זענען באַשטימט פאַר העלפן אָרעמע פאַמיליעס אין טאָמאַשאָוו.

## „לינת החולים״

דער „לינת החולים״ געהערט צו די אינסטיטוציעס אין שטאָט, וועלכע נייטיקן זיך נישט אין קיין ספּעציעלער רעק־

לאמע. דער נאמען פון דער געזעלשאפט רעדט שוין אליין פאר זיך און אז מען רופט נאר אן דעם נאמען פארשטייט מען שוין די אויפגאבן.

געגרינדעט איז די אינסטיטוציע געווארן אין יאר 1925 דורך די ה״ה מאשקע שמידט, יצחק פאקטאר, יעקב יוסף אר־באך, זקן אבואז, איטשע קאנטאראוויטש און ישראל יודל פיליכאווסקי, וועלכע האבן זיך געשטעלט פאר א ציל ארויס־צוהעלפן די ארעמסטע קראנקע פון דער שטאט דורך דערטיילן זיי פארשידענע הילף.

באלד אין די ערשטע צייטן האבן צו דער אינסטיטוציע געהערט 250 מיטגלידער. אין יאר 1926 ווערט די אינסטיטו־ציע רעארגאניזירט און עס ווערט אויסגעוויילט א פארוואל־טונג פון די ה״ה אברהם גאסטינסקי, משה העלמאן, ה. י. ווייסמאן, ט. מילשטיין, א. טאלמאן, יונה סקורניצקי, י. ב. לוסטיג און א קירשטיין, א דאנק וועלכע די טעטיקייט ווערט אויסגעברייטערט און עס ווערט אונטערגענומען אן אקציע צו באזארגן די יידישע קראנקע אין שטאטישן שפיטאל מיט כשרע מיטאגן, ווי אויך מיט געלט־אונטערשטיצונגען.

די מיטאגן זענען געגעבן געווארן אין שטאטישן שפיטאל 3 יאר צייט, נישט געקוקט דערויף, וואס די יידישע קהילה האט באשטימט דערויף א סובסידיע און זי נישט געגעבן.

ערשט נאך דריי יאר, נישט האבנדיק קיין פינאנסיעלע מיטלען, זענען די מיטאגן דורכן „לינת החולים״ אפגעשטעלט געווארן.

ביים היינטיקן טאג ציילט „לינת החולים״ ביז 700 מיט־גלידער און איז די פאפולערסטע הילפס־אינסטיטוציע אין טאמאשאוו, וועלכע דערטיילט הילף ארעמע קראנקע.

דער בודזשעט פון דער אינסטיטוציע האט אין יאר 1929 אויסגעמאכט די סומע פון 10 טויזנט זלאטעס און איצט באטרעפט דער בודזשעט 12 טויזנט זלאטעס. די הכנסות היינטיקס יאר זענען ליידער שוואכע צוליב דעם, וואס די היגע יידישע באפעלקערונג וויזט לעצטנס ארויס א שוואכן אינ־טערעס צו דער אינסטיטוציע. די פארוואלטונג זעט דעריבער נישט קיין ווייטערדיקע מעגלעכקייט צו דערהאלטן דעם „לינת החולים״. און אויב די דאזיקע וויכטיקע אינסטיטוציע וואלט זיך געשלאסן, וואלט עס זיכער געווען איינע פון די גרעסטע פארלוסטן אין אונדזער שטאט און פון דער צווייטער זייט א פארברעכן צו לאזן אזא נוצלעכע און פאפולערע אינסטיטוציע אונטערגיין, בפרט אין דער איצטיקער שווערער נויט אין שטאט.

די פארוואלטונג פון „לינת החולים״ פארדינט צו זיך דעם פולסטן צוטרוי פאר איר אינטענסיווער טעטיקייט אין איר געביט. די היגע יידישע באפעלקערונג און די טאמאשא־ווער אין אויסלאנד דארפן באלד זיך אפרופן און דערהאלטן ווייטער דעם קיום און אנוצן פון דער אזוי וויכטיקער און נוצלעכער אינסטיטוציע, וועלכע האט שוין צו פארצייכענען א גאנצע ריי אקציעס און אויפטואן לטובת די היגע ארעמע יידישע קראנקע.

### „משמרת החולים״

א נוצלעכע און סימפאטישע אינסטיטוציע, וואס פירט איר בשלמותדיקע טעטיקייט איז „משמרת החולים״, וואס גע־פינט זיך אויף ווארשאווסקא 44.

א גרופע בעלי־בתים, די ה״ה יצחק וויינבערג, אליעזר געלצמאן, משה גאלדקראנץ, משה אהרן לאנדא, שלמה יונג, יעקל פאקין, יעקל האפפע און יאסל נודענבערג, האבן אין יאר 1925, נאך עטלעכע באראטונגען, אוועקגעשטעלט דעם פאראיין „משמרת החולים״ מיטן ציל צו באזארגן ארעמע קראנקע מיט מילך און נאכטלעגערס.

די אינסטיטוציע האט זיך באלד שיין אנטוויקלט, עס זענען צוגעקומען א סך מיטגלידער און אין א צייט ארום האט זיך די טעטיקייט פארברייטערט.

א חוץ מילך און נאכטלעגערס גיט שוין ביים היינטיקן טאג די „משמרת החולים״ אויך ארויס מעדיצינישע הילף, ווי דאקטוירים, פעלדשער, רעצעפטן און געלט־אונטערשטיצונ־גען.

די צאל מיטגלידער באטרעפט איצט ביז 300, פון וועמענס בייטראג דער פאראיין האלט זיך אויס. פון צייט צו צייט באקומט אויך „משמרת החולים״ שפענדונגען פון טאמאשאווער לאנדסלייט אין אויסלאנד.

צו דער פארוואלטונג געהערן די ה״ה: משה וויינבערגער, פרעזעס; אליעזר געלצמאן, בראניסלאוו קעניגהיים, וויצע־פרעזעסן; וועלוול וועלטמאן, קאסירער; מ. קויפמאן, סעק־רעטאר, יצחק וויינבערג, יעקב פאקין, שלמה יונג, ברוך נאכמאנאוויטש, אנשל מעלל, נחמיה בלאנקעט, וועלכע דער־פילן ווי ווייט מעגלעך זייערע אויפגאבן.

די אויבנדערמאנטע אינסטיטוציע פארדינט באמת סימ־פאטיע און מיטהילף מצד אלע קרייזן פון דער היגער יידישער געזעלשאפט און בפרט מצד די טאמאשאווער אין אויסלאנד.

### יתומים־הויז

דאס היגע יידישע יתומים־הויז איז געגרינדעט געווארן אויף דער איניציאטיוו פון היגן אינדוסטריעלער און דאזאר, ה' באלעסלאוו שעפס אין יאר 1923. די אויסגאבן זענען גע־דעקט געווארן דורך פאנדן פון „לינת הצדק״, סובסידיעס פון צענטראלן יידישן יתומים־פארבאנד אין ווארשע, ווי אויך פון דער פירמע „מ. ב. שעפס״.

דאס יתומים־הויז באזיצט אן אייגענע געביידע אויף

פאַרנאַ 47, ווו עס ווערן דערצויגן און אויסגעהאַלטן 12 פון די אָרעמסטע יידישע יתומים, פאַר וועלכע די פאַרוואַלטונג זאָרגט בשלמות. האַלט פאַר זיי אַ לערער און אַ קוואַליפיצירטע פעדאַגאָגין אין דער פּערזאָן פון פרל. יאַנינאַ גערשט.

אין יתומים־הויז זענען דערצויגן געוואָרן קינדער, וועל־כע נאָכן ענדיקן 15 יאָר, האַלטן זיך שוין אויס זעלבשטענדיק, אַ טייל פון זיי זענען באַשעפטיקט ביי דער פירמע שפּעס.

די פאַרוואַלטונג שיקט אויך די קינדער פון הויז יעדעס יאָר אויף זומער־קאָלאָניע.

ביים היינטיקן טאָג באַטרעפט די צאָל מיטגלידער אין יתומים־הויז 110 פּערזאָן, וועלכע צאָלן רעגולער זייער ביי־טראָג.

צו דער פאַרוואַלטונג געהערן: פרוי יאַדוויגאַ לאַנדס־בערג, פרוי רוזשיצקאַ, פרוי באַרנשטיין, פרוי וו. לאַנדסבערג, פרוי ליכטענשטיין און די ה״ה וולאַדיסלאַוו לאַנדסבערג, באַ־לעסלאַוו שפּעס.

די פאַרוואַלטונג רעכנט צו פאַרברייטערן די טעטיקייט און אויסהאַלטן ביז 20 יתומים אַ דאַנק דעם, וואָס אַ לאָקאַטאָר פון דעם הויז פאַרלאָזט אַ וווינונג — און עס שאַפן זיך נייע מעגלעכקייטן.

## „עזרת יתומים ובקור חולים"

שטיל און באַשיידן פירט אַן אינטענסיווע אַרבעט דער היגער „עזרת יתומים". געגרינדעט געוואָרן אין קריגס־צייט, האָט דער „עזרת יתומים" באַלד נאָך זיין אַנטשטייאונג גע־ציילט 500 מיטגלידער און די דעמאָלטיקע פאַרוואַלטונג האָט אַ סך געטאָן לטובת די יידישע יתומים אין אונדזער שטאָט, אַרויסגעגעבן מיטאָגן פאַר זיי, באַקליידט זיי א.א.וו. און פון יענע מיטגלידער איז פאַרבליבן אַ קליינע גרופּע, וועלכע דערהאַלט ווייטער דעם אַמאָליקן שיינעם לאָקאַל.

אין יאָר 1929 ווערט די אינסטיטוציע רעאָרגאַניזירט און הויבט אָן אַ ברייטערע טעטיקייט לטובת דעם היגן יידישן יתום. דער ראַט, וואָס באַשטייט פון די ה״ה שלמה הערש וואַרטמאַן, הלל קאַשטוצקי און טוביה לעש, האָט זיך ענער־גיש גענומען צו דער אַרבעט, דערצו ביי שוואַכע פינאַנסיעלע מיטלען. וואָרום „עזרת יתומים" באַקומט נישט קיין שום סובסידיעס, נאָר האַלט זיך אויס פון מיטגלידס־אָפּצאָל און שפּענדונגען, וועלכע זענען אָבער נישט בכוח צו באַפרי־דיקן די נויטן.

דער ראַט האָט לעצטנס אונטערגענומען אַן אַקציע צו באַזאָרגן די היגע יידישע יתומים מיט שיכלעך צום ווינטער. די שיכלעך ווערן טאָקע פאַרטיילט דעם ערשטן טאָג חנוכה.

ביי דער אויבנדערמאָנטער אינסטיטוציע איז אויך לעצ־טנס געשאַפן געוואָרן אַ „בקור חולים", וועמענס אויפגאַבע עס איז אַרויסצוגעגעבן פאַרשידענע כלים פאַר קראַנקע מיט־גלידער, באַזאָרגן זיי מיט נאַכטלעגער און ביי נויטיקע פאַלן מיט געלט־אונטערשטיצונגען.

ביי אַ געהעריקן אינטערעס פון דער היגער יידישער באַ־פעלקערונג, באַזונדערס מצד אונדזערע לאַנדסלייט־פאַראיינען אין אויסלאַנד צו דער אויבנדערמאָנטער אינסטיטוציע, וואָלט דער ראַט געקענט פירן איר נוצלעכע אַרבעט בשלמות. בקרוב וועט „עזרת יתומים" אַדורכפירן אין שטאָט אַן אַקציע. בלייבט טאַקע צו האָפן, אַז די יידישע באַפעלקערונג וועט זיך אָפּרופן מיט סימפּאַטיע צו דער דאָזיקער אַקציע.

## פרויען־פאַראיין „עזרת חולים"

אַן שום רעקלאַמע פירט אַ לעבהאַפטע טעטיקייט דער היגער פרויען־פאַראיין „עזרת חולים". דער פאַראיין האָט נאָך אייגנטלעך עקזיסטירט פאַר דער מלחמה און געהאַט די אויפגאַבע צו שטיצן אָרעמע קימפּעטאָרינס. אין יאָר 1920 איז דער פרויען־פאַראיין רעאָרגאַניזירט געוואָרן און אַ דאַנק דער ענערגישער אַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג מיט פרוי ד. גערשאַנאָוויטש בראש, איז די טעטיקייט פון „עזרת חולים" באַדייטנד פאַרברייטערט געוואָרן און אַ חוץ פאַר קימפּע־טאָרינס ווערן אַרויסגעגעבן כסדר געלט־אונטערשטיצונגען פאַר קראַנקע, אַלטע לייט און סתם נויטליידנדיקע אין אונדזער שטאָט. אַ דאַנק דער באַמיאונג און איינפלוס פון פרוי גערשאַ־נאָוויטש באַקומט דער פאַראיין פון צייט צו צייט שטיצע פון אויסלאַנד.

דער אויבנדערמאָנטער פאַראיין האָט אויך די אויפזיכט איבער די כשרע מיטאָגן אין שטאָטישן שפּיטאָל.

די אָנפירערשאַפט באַשטייט פון די פרויען: נייפעלד, פרעזעס; רביצן בראָט, וויצע־פּרעזעס; ד. גערשאַנאָוויטש, לייטערין; רייזבוים, קאַסירערין און פרל. פ. שפּעס, סעקרע־טאַרין.

אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: פרויען ר. ל. שטיינמאַן און דאָראַ קאָהן. צו דער פאַרוואַלטונג געהערן די פרויען גאָלדקראַנץ, זשעמאַנסקאַ, קאַשקעוויטש, ראָזענבלום, קאָהאַנע און גרינבוים.

## „חסד ואמת"

געגרינדעט געוואָרן אין מערץ ד. י. די אויפגאַבע פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע איז צו העלפן ווען אַ מיטגליד שטאַרבט, די פרוי, אָדער קינדער באַקומען דאַן אַ גרעסערע סומע און דעקן אַלע אויסגאַבן פאַרן פאַרשטאָרבענעם, ווי לוויה, קרקע, נעקראָלאָגן א.ד.גל. צו דער פאַרוואַלטונג גע־הערן די ה״ה: יעקב שפּעס, פּרעזעס; בנימין רייגראָדזקי, וויצע־פּרעזעס; שמואל דאַמאַנאָוויטש, קאַסירער און סעק־




פרויען־פאַראיין „עזרת חולים"

רעטאָר: פסח ווייסבאַרד, אַלעקסאַנדער זינגער, קלמן הור־וויטש.

אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: וועלוול גרינבערג, משה סאַנינאַ און אַדאָלף בלייבערג.

דער פאַראיין ציילט שוין ביים היינטיקן טאָג אַ גרעסערע צאָל מיטגלידער און וויזט אַרויס אַ נישקשהדיקע אַנטוויק־לונג.

## „הכנסת אורחים"

אַן אינסטיטוציע, ווו הונדערטער פרעמדע רייזנדע גע־ניסן פון אַ וואַרעם ווינקל צו שלאָפן און באַקומען געגוג טיי מיט צוקער.

„הכנסת אורחים" עקזיסטירט שוין אין טאָמאַשאָוו קנאַ־פּע 100 יאָר, ווי לאַנג די שטאָט שטייט. אין יאָר 1923 ווערט די אינסטיטוציע רעאָרגאַניזירט דורך די ה"ה משה העלמאַן, הענעך לאַנדאַ און יעקל בראַון, וועלכע האָבן באַלד געדונגען אויף בוזשניטשנאַ 11 אַן אייגענעם לאָקאַל פון 3 צימערן, אין וועלכע עס געפונען זיך 13 בעטן.

די אינסטיטוציע געניסט פון מאַגיסטראַט אַ יערלעכע סובסידיע אויף אַ סומע פון 1.000 זל.

בקרוב טרעט צו די פאַרוואַלטונג צו בויען אַן אייגענעם בנין.

צו דער פאַרוואַלטונג געהערן: משה העלמאַן, מאיר קי־מעלפעלד, יעקב אהרן יאַקובאָוויטש, זקן אבזאץ, בעריש יואל פאַלמאַן, בעריש גאָלדבערג און אברהם ראָזענבלום.

## יידישער טורן־ און ספּאָרט־פאַראיין

אַן אַלטע אינסטיטוציע, וואָס האָט אומגעהויערע פאַר־דינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג אין אונדזער שטאָט. אַנטשטאַ־נען איז דער פאַראיין אין יאָר 1910. די רוסישע מאַכט האָט דעמאָלט נישט געוואָלט אַרויסגעבן קיין לעגאַליזאַציע אויף צו גרינדן אַ יידישן ספּאָרט־פאַראיין, דאָך איז נאָך לאַנגער

מי. אַ דאַנק פערזענלעכע איינפלוסן און פראַטעקציע ביים פיעטרקאָווער גובערנאַטאָר, די אינסטיטוציע לעגאַליזירט געוואָרן. און שוין הויבט זיך אָן אַ ניי קאַפּיטל אין געזעל־שאַפטלעכן לעבן אין טאָמאַשאָוו. וואָס אָן אמת, איז דעמאָלט דער טורן־פאַראיין באַשטאַנען פון סאַמע אַריסטאָקראַטן צו ווע־מען דער פאָלקס־מענטש האָט נישט געהאַט קיין צוטריט, אָבער מיט דער צייט נעמט דער פאַראיין אָן אַנדערע ווענדונג אין דער אַרבעט לטובת דער יידישער געזעלשאַפט.

אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע ווערט די אַרבעט אין פאַראיין איבערגעריסן. עס קומען שלעכטע צייטן. גלייכצייַ־טיק גרינדן זיך פאַרשידענע סקויטן־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע ברייטערן אויס דעם ספּאָרט־געדאַנק. מיט דער צייט ליקווי־דירן זיך אָרגאַניזאַציעס, אָבער די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע בלייבט.

אין יאָר 1920 ווערט דער היגער יידישער טורן־פאַראיין רעאָרגאַניזירט און באַקומט ברייטערע אַרבעטס־מעגלעכ־קייטן פאַר פיזישער דערציאונג.

די ספּאָרט־באַוועגונג נעמט אָן בכלל ברייטערע פאַר־מען און דער טורן־פאַראיין שפּילט דערביי אַ גרויסע ראָל.

ביים היינטיקן טאָג גרופּירט אַרום זיך דער היגער יידי־שער טורן־ און ספּאָרט־פאַראיין 5 סעקציעס פון דאַמען און מענער, דערונטער אויך אַ קינדער־סעקציע.

צו דער היינטיקער פאַרוואַלטונג פון פאַראיין געהערן די ה״ה: הענריק לאַנדסבערג, פּרעזעס; מיעטשיסלאַוו יאַקו־באָוויטש, וויצע־פּרעזעס; יוזעף שפּיעוואַק, קאַסירער; פע־ליקס שפּיעוואַק, עקאָנאָם; דוד יאַקובאָוויטש, סעקרעטאַר; סאַלאָמעאַ אַנצעלאָוויטש, לעאָן אַנצעלאָוויטש, ש. ז. מאַרד־קאָוויטש, אברהם פּיימאַן — מיטגלידער.

צו דער רעוו.־קאָמיסיע געהערן: ד״ר פּ. קאָן, מיעטש. זילבער און אינזש. ד. ליכטענשטיין.

דער פאַראיין פאַרמאָגט אַן אייגענעם שיינעם בנין און אַ רייכן אינווענטאַר.

### יידישער ספּאָרט־קלוב „הכוח״

דער ספּאָרט־קלוב „הכוח״ האָט פריער געהערט צום טורן־פאַראיין אַלס פוטבאָל־סעקציע. פאַרגאַנגענעם יאָר האָט זיך די סעקציע אָפּגעריסן פון טורן־פאַראיין און געשאַפן זיך אַ באַזונדערן פאַראיין.

„הכוח״ האָט אין פאַרלויף פון זיין קורצער עקזיסטענץ צו פאַרצייכענען אַ גאַנצע ריי נצחונות בעת פוטבאָל־ און פּינג־פּאָנג־מעטשן מיט די היגע ספּאָרט־מאַנשאַפטן. אַ חוץ דעם איז „הכוח״ שוין אַרויסגעטראָטן אויף מעטשן מיט ערשטקלאַסיקע קלובן פון לאָדזש און אַנדערע שטעט. „הכוח״ געפינט זיך היינט אין לאָקאַל פון „הזמיר״.

# יידישע בענק

1

### קאָאָפּעראַטיווע סוחרים־באַנק („באַנק קופּיעצקי״)

די לעצטע יאָרן איז דאָס קאָאָפּעראַטיווע באַנק־וועזן צווישן יידן אין פּוילן אַוועק אויף אַ ברייטן וועג פון אַנט־וויקלונג. אַ באַווייז דערצו קען דינען דער כסדרדיקער וווקס פון קאָאָפּעראַטיווע בענק אין יעדער שטאָט און שטעטל.

די היגע „קאָאָפּעראַטיווע סוחרים־באַנק״ (פּילסודסקי־גאַס 10) איז געגרינדעט געוואָרן אין אַ צייט, ווען אין טאָ־מאַשאָוו האָט זיך געפילט דער מאַנגל אין אַ סוחרישער קרעדיט־אינסטיטוציע.

דאָס האָט פאַרשטאַנען דער היגער גרויס־אינדוסטריע־לער ה׳ עמ. באַרנשטיין, וועלכער האָט אָפּגעהאַלטן עטלעכע זיצונגען מיט נאָך אַ ריי היגע אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן, און דעם 1־טן יולי 1928 איז טאַקע געגרינדעט געוואָרן די אויבנדערמאָנטע באַנק, אין וועמענס שפּיץ עס האָט זיך גע־שטעלט דער ה׳ באַרנשטיין און די פּאַקטישע לייטונג איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון ה׳ ש. בערלינער.

אָנגעהויבן ביי קליינע מיטלען, האָט אָבער די באַנק אַדורכגעמאַכט אין פאַרלויף פון דער קורצער צייט אַ גוטע אַנטוויקלונג אַזוי, אַז דער גרונט־קאַפּיטאַל (פיי־פאָנד) שטייגט היינט אַריבער די סומע פון 60 טויזנט זל.

טראָץ דעם שווערן עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס האָט אין אַ שטאַרקער פאָרם אָנגעריררט טאָמאַשאָוו, האָט אָבער די באַנק, אַ דאַנק דער פאַרזיכטיקער פאַרוואַלטונג, נישט צו פאַרצייכענען קיין שום פאַרלוסטן. איבערהויפּט אין באַצוג צו אינקאַסאָס און פקדונות, האָט די באַנק געמאַכט אַ גרויסן פאָרשריט און ביים היינטיקן טאָג איז זי אימשטאַנד אַליין צו דעקן איר בודזשעט. די באַנק האָט אויך גוטע אויסזיכטן און אין דער נאָענטסטער צייט וועט זי באַקומען רעדיסקאָנטאָ־קרעדיט אין מלוכהשע בענק און אַזוי אַרום קענען באַדייטנ־דיק פאַרביליקערן דעם קרעדיט, וואָס זי דערטיילט די מיט־גלידער און דאָס איז אייגנטלעך דער הויפּט־ציל און אויפ־גאַבע פון דער באַנק.

מיט אַ חודש צוריק האָט אינספּעקטאָר שאַשקעס מצד דעם וואַרשעווער רעוויזיאָנס־פאַרבאַנד אַדורכגעפירט די יערלעכע רעוויזיע אין דער באַנק און איינגעפונען, אַז דאָ ווערט געפירט אַלץ אין דער בעסטער אָרדענונג און עס ווערן בשלמות דערפילט די זיך־געשטעלטע אויפגאַבן, צום וווּיל פון טאָמאַשאָווער סוחרטום, וואָס מיר מוזן מודה זיין און אָנערקענען.

צו דער באַנק־פאַרוואַלטונג געהערן די ה״ה: עמ. בארנ־שטיין, ש. בערלינער מ. שעראַדזקי, י. מ. פאַקין. אין ראַט: ד״ר ל. פרוכט, מ. שעפּס, ח. בענגלעראָוויטש, איגנ. גאָלד־שטאַוב, י. סאָלאָמאָנאָוויטש, ה. הימעלפאַרב, ב קורץ און ש. לאַך.

2

## פאָלקס־באַנק („באַנק לודאָווי״)

די דאָזיקע באַנק האָט הינטער זיך אַ רייכע פאַרגאַנגענ־הייט און געהערט צו די עלטערע אינסטיטוציעס אין שטאָט.

די באַנק איז געגרינדעט געוואָרן דורך דעם פאַרשטאָר־בענעם ש. וואַסערמאַן און ה׳ מ. סאַנינאַ, נאָך אין יאָר 1909 און געטראָגן דעמאָלט דעם נאָמען „ליי־ און שפּאָר־קאַסע״. ווערנדיק דעמאָלט גערעכנט אַלס איינע פון די נוצלעכסטע אינסטיטוציעס אין טאָמאַשאָוו.

די גרויזאַמע וועלט־מלחמה צעשטערט אָבער אַלע האָפע־נונגען און פּלענער פון דער דעמאָלטיקער לייטונג און די באַנק מוז איבעררייסן איר טעטיקייט. ערשט אין נאָוועמבער 1921 ווערט די באַנק צוריק טעטיק און נאָך דער פאַרזאַמ־לונג, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם זעלבן חודש, ווערט די באַנק באַלד אָנגענומען אין וואַרשעווער רעוויזיאָנס־פאַר־באַנד אויף רימאַרסקע 6.

צו יענער צייט קריגט די באַנק די ערשטע קרעדיטן אין „דזשאָינט דיסטריביושן קאָמיטעט״ און י.ק.א., וואָס ברענגען אַריין אויפלעבונג אין דער באַנק, דערפירן צו אַ גוטער אַנטוויקלונג און די באַנק ווערט אַוועקגעשטעלט אויף פעס־טע יסודות.

אין די יאָרן 1926—1928 געניסט די באַנק פון קרע־דיטן אין פ.ק.אָ., וואָס גיט די מעגלעכקייט צו פירן אַ ברייטע טעטיקייט. די אַנטוויקלונג גייט מיט ריזן־שריט פאָראויס, אַזוי, אַז אין יאָר 1929 זענען די דעפּאָזיטן פאַרגרעסערט געוואָרן אויף 200 פּראָצענט און דער קאַפּיטאַל פון באַנק באַטרעפט שוין קרוב 50 טויזנט זלאָטעס.



פאַרוואַלטונג פון דער פאָלקס־באַנק

עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס: פסח ווייסבאַרד, הערש גערשטיין, וואָלקאָוויטש, יידל ראָזענבערג, חיים קאַגאַן, ש. י. אַש, האָרוויטש.
עס זיצן פון רעכטס אויף לינקס: אהרון ליכטענשטיין, גרינבערג, משה סאַנינאַ, וואַסערמאַן, באָלעסלאַוו שעפּס, י. שימבאַך.

די לויפנדע חשבונות און אָפּשפּאָר־ביכלעך פאַרגרעסערן און מערן זיך פון טאָג צו טאָג, און נישט געקוקט אויפן אַלגע־מיינעם ווירטשאַפטלעכן קריזיס, אַרבעט דאָך די באַנק מיט רווחים. די דערטיילטע קרעדיטן פאַר מיטגלידער, סיי אַלס הלוואות און סיי אַלס דיסקאָנטאָ, דערגרייכט די סומע פון 250 טויזנט זלאָטעס.

די באַנק האָפט בקרוב צו באַקומען קרעדיט אין „באַנק פּאָלסקי".

וואָס שייך די אינקאַסעס, הגם דער וועקסל־פאַרקער ביים היינטיקן טאָג איז ביי אונדז, ווי אין גאַנץ פּוילן, פאַרקלע־נערט געוואָרן, באַטרעפט פון דעסטוועגן דער דורכשניט־לעכער אומזאַץ פון אינקאַסעס ביז 3 טויזנט וועקסלען. דאָס איז דער בעסטער באַווייז, אַז די היגע יידישע באַפעלקע־רונג באַציט זיך צו דער לייטונג פון פּאָלקס־באַנק מיטן פולסטן צוטרוי, זעענדיק דאָ אַ גוטע קוועלע פון קרעדיט־הילף פאַר דעם היגן יידישן פאָלקס־מענטש, קליין־פאַברי־קאַנט, האַנטווערקער, קליינהענדלער, אָדער סוחר.

מען מוז טאַקע צוגעבן, אַז די אויבנדערמאָנטע באַנק איז אַ גרויסער צושטייער פאַר דער לינדערונג פון די היינטיקע גרויסע נויטן ביי דעם היגן פּאָלקס־מענטש.

די פאַרוואַלטונג באַשטייט פון די ה"ה יעקב שעפּס, וועלוול גרינבערג און פסח ווייסבאַרד.

### אַלג. אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו „אייניקייט"

געגרינדעט דורך דעם היגן טעקסטיל־פאַראיין אין די פּערזאָנען פון אהרן לייבוש בערלינער און בעריש צימבאַ־ליסט אין יאָר 1917, אין דער מלחמה־צייט, מיט דער אויפ־גאַבע צו פאַרטיילן פּראָדוקטן צווישן די היגע אַרבעטער.

דער קאָאָפּעראַטיוו, וואָס האָט דעמאָלט געטראָגן דעם נאָמען „טעקסטיל", האָט באַלד געפונען אַ געהעריקן אָפּקלאַנג און געוואָרן אין יענער צייט איינע פון די גרעסטע קאָאָפּעראַטיוון אין טאָמאַשאָוו.

נאָך דער מלחמה האָבן זיך די אַנדערע, דעמאָלט עק־זיסטירנדיקע בירגערלעכע קאָאָפּעראַטיוון געשלאָסן און ליקווידירט און דער „טעקסטיל"־קאָאָפּעראַטיוו איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין „אייניקייט", וועלכער האָט אין דער האַסע און „פּאַסיק"־צייט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל ביים פאַרטיילן פּראָדוקטן דער היגער יידישער אַרבעטערשאַפט.

פון יאָר 1926 איז דער קאָאָפּעראַטיוו פאַראייניקט מיטן אַלגעמיינעם אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו אין וואַרשע און שפּילט אַ גרויסע ראָל בעת יקרות, אָדער מאַנגל אין שפּייז־פּראָ־דוקטן. אַ וויכטיקער צווייג ביים קאָאָפּעראַטיוו איז די אייגענע בעקעריי, וועלכע דיקטירט די געבעקס־פּרייזן אין אונדזער שטאָט.

דער קאָאָפּעראַטיוו האַלט אויס דעם אַרבעטער־ווינקל, וואָס פירט אַ קולטורעלע טעטיקייט און פאַרמאָגט אַ יידישע ביבליאָטעק מיט 1200 ביכער פון די נייעסטע אויסגאַבן, מיט 150 לייענער, באַזונדער אַ דראַמאַטישע סעקציע, וועלכע אַרבעט און פירט אַ שיינע טעטיקייט.

דער קאָאָפּעראַטיוו באַזיצט אין טאָמאַשאָוו דריי פיל־יאַס: אויף אַנטאָניעגאָ 16, קאַליסקאַ 1 און אויף וואַרשאַוו־סקאַ 25.

דערמיט ענדיקט זיך דער „שפּאַציר", וועלכער נעמט אַרום אַ גענוגנדיקע צאָל אינסטיטוציעס פון דער שטאָט טאָ־מאַשאָוו.

## „עזרת חולים"

פרץ בייטעל

די הילפס־אינסטיטוציע „עזרת החולים" איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1921/22.

דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע מיטגלידער: אברהם גאָסטינסקי (פּרעזעס), אברהם בייטל (קאַסירער), יצחק פאַקטאָר (לייטער), י. ד. פּיליכאָווסקי, אברהם טאַלמאַן, יעקב אהרון יעקובאָוויץ (מיטגלידער). אַלס סעקרעטאַר איז אויסגעוויילט געוואָרן משה שמידט און אַלס אינקאַסענט — דוד ראָזנבוים.

די אויבנדערמאָנטע פּערזאָנען האָבן געבילדעט דעם אַקטיוו און געוועזן טעטיק אין „עזרת החולים" פון די ערשטע טעג פון דער גרינדונג ביזן סוף פון איר טעטיקייט.

דער הויפּט־ציל, וואָס די אינסטיטוציע האָט פאַר זיך אָוועקגעשטעלט, איז געווען: צו אונטערשטיצן די אָרעמע קראַנ־קע, ווי געבן מעדיצינישע הילף, שיקן דאָקטוירים און רע־צעפּטן פאַר זייער ביליקע פּרייזן, אָדער אין גאַנצן אומזיסט; קויפן נויטיקע מעדיצינישע אינסטרומענטן און מעדיקאַמענטן און איבערגעבן זיי צום רשות פון די קראַנקע.

די חברים פון „עזרת החולים" האָבן באַזוכט די קראַנקע

אין די שפּיטעלער, באַזאָרגט זיי מיט כשר עסן, געטרייסט און געמוטיקט, באַזונדערס יעדן נויטבאַדאַרפטיקן.

די פּאַנדן אויסצוהאַלטן די „עזרת־החולים" זענען גע־שטיצט געוואָרן דורך די מיטגלידער, וואָס האָבן געגעבן חודשלעכע באַשטייערונגען — יעדער לויט זיינע מעגלעכ־קייטן.

אויך אונדזערע לאַנדסלייט פון אויסלאַנד האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט צו טראָגן הילף פאַר די נויטבאַדערפטיקע קראַנקע. פון צייט צו צייט האָבן זיי געשיקט געלט און אַנדערע הילף.

צוויי מאָל אין יאָר: ערב פּסח און ערב יום־כיפּור זענען פאָרגעקומען בלימל־טעג, אָרגאַניזירט דורך „עזרת החולים", מיטן צוועק צו שאַפן גרעסערע שטיצע פאַר די יידישע קראַנקע.

פאַרשטענדלעך, אַז די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך וואַרעם אָפּגערופן אויף יעדן אָפּעל מצד דעם אַקטיוו פון „עזרת החולים".

ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז די מיטגלידער פון דעם דאָזיקן חשובן פאַרבאַנד זענען אויך געגאַנגען נעכטיקן צו קראַנקע און אויב עמעץ פון די מיטגלידער איז געווען פאַרנומען, האָט ער געשיקט אַ מענטש צום נעכטיקן אויף זיין חשבון.

מען וואָלט נאָך געקענט פיל שרייבן וועגן דער דאָזיקער הילפס־אינסטיטוציע אין אונדזער שטאָט טאָמאַשאָוו, וועלכע האָט געשפּילט אַ שיינע און וויכטיקע ראָל אין יידישן לעבן ביז צו דער טראַגישער פאַרניכטונג.

# די פייערלעכע דערעפענונג פון „מושב זקנים"

צו דער אַזוי לאַנג דערוואַרטעטער פייערלעכער דער־עפענונג פון היגן יידישן זקנים־הויז, וואָס איז פאָרגעקומען פאַראַנגענעם זונטיק, דעם 16־טן ד. ח., 12 אַזייגער בייטאָג, אין אייגענעם לאָקאַל אויף פּראָוואַ־גאַס 2, איז — נישט געקוקט אויף דער שטאַרקער היץ און ברענענדער זון — געקומען אַ גרויסער עולם, צווישן וועלכע מען האָט געזען פאַרשטייער פון כמעט אַלע היגע ווירטשאַפטלעכע און גע־זעלשאַפטלעך־פילאַנטראָפּישע פאַראיינען, פון דער יידישער אינטעליגענץ, אָנגעזעענע יידישע פּערזענלעכקייטן, כלל־טוער א. ד. גל.

צו אַלעמענס פאַרוווּנדערונג, זענען אָבער ביי אָט דער פייערונג נישט אַנוועזנד געווען די איינגעלאַדענע פאַרשטייער פון דער אָרטיקער קאָמונאַלער און אַדמיניסטראַטיווער מאַכט און אויך נישט אייניקע יידישע ראַטמענער.

די אָרדענונג ביים אַריינגאַנג און אינעווייניק האָלטן די מיטגלידער פון היגן „ברית החייל".

די דערעפענונג קומט־פאָר אין גרויסן שיינעם גאָרטן ביים „מושב זקנים" דורכן פּרעזעס ה' מיכאַל זילבער, וועל־כער בעט צו באַערן דעם אָנדענק פון מאַרשאַל פּילסודסקי דורך אויפשטיין פון די ערטער און צוויי מינוט שטילשווייגן. דאַן ווייזט ער אָן, אַז ביי די קאַרגע פינאַנסיעלע מיטלען, האָט די פאַרוואַלטונג נישט געקענט דערווייל מער אַריינגעמען אין הויז, ווי נאָר 10 זקנים. ער דריקט אויס ביי דער גע־לעגנהייט אַ דאַנק די אַלע פּערזאָנען, וועלכע האָבן מיטגע־האָלפן דורך אַרבעט און שפּענדונגען צו דער דערעפענונג פון דער אַזוי נויטווענדיקער אינסטיטוציע.

חזן ה' מ. נאָוואָדזשעלסקי, ביי דער באַגלייטונג פון כאָר, דיריגירט דורך ה' י. ראָזענווייז, זינגט „מה טובו", נאָך וועלכן עס טרעט אַרויס מיט אַ געלונגענער באַגריסונגס־רעדע דער היגער חשובער רב, פּרעזידענט פון „מזרחי" אין פּוילן, הרב ש. בראָט.

דער רעדנער ווייזט אָן אויף דער באַדייטונג פון עפענען אין דער הייניטיקער צייט אַזאַ הומאַניטאַרע יידישע אינסטי־טוציע, ווי אַ „מושב זקנים" אין אונדזער שטאָט, ווו עס פילט זיך אַ מאַנגל אין קולטורעלע און אין הילפס־געזעלשאַפטן, און בפרט אין פילאַנטראָפּישע עסקנים, וועלכע זאָלן ווייד־מענען זייער צייט און אַרבעט פאַר הומאַניטאַרע צוועקן.

ברענגענדיק אַ ריי לעגענדעס, שטעלט זיך אָפּ הרב בראָט אויף דער הייניטיקער שמחה, דאַנקט די איניציאַטאָרן פאַר זייער שיינעם טאָט און אַפּעלירט צו די אַנוועזנדיקע קומען צוהילף דער פאַרוואַלטונג און דערפילן די נוצלעכע אויפ־גאַבן פאַר דער אַנטוויקלונג און דערפאָלג פון דער נייער אינסטיטוציע לטובת די יידישע זקנים.

אין נאָמען פון דער יידישער קהילה־פאַרוואַלטונג באַ־גריסט פּרעזעס עמ. באָרנשטיין, ווינטשנדיק דער פאַרוואַל־טונג דערפאָלג אין דער אַרבעט, צוזאָגנדיק דערביי, אַז די קהילה וועט שטיצן דעם „מושב זקנים" מאָראַליש און מאַ־טעריעל.

מושב זקנים



מושב זקנים אין טאָמאַשאָוו

נאָכן זינגען דורכן חזן מיטן כאָר קאַפּיטלעך תהילים, דעם פויליש־נאַציאָנאַלן הימן און „התקוה״, ווערט די פייערונג דורכן פּרעזעס זילבער פאַרענדיקט.

אויפן אָרט האָבן פיל פּערזאָנען דעקלאַרירט זיך אַלס מיטגלידער פון זקנים־הויז און אויך געשפּענדעט געוויסע געלט־סומעס.

# הלל לאַנדסבערג - גרינדער פון „בקור חולים״

אין יאָר 1887 האָט אין טאָמאַשאָוו זיך נישט געפונען קיין איין אינסטיטוציע, וואָס זאָל זיך אינטערעסירן מיטן גורל פון קראַנקע יידן אין שטאָט. עס זענען נאָר געווען יחידים, וועלכע זענען געגאַנגען צו קראַנקע נעכטיקן.

דער דאַמאָלסדיקער אינדוסטריעלער, ר׳ הלל לאַנדסבערג (גרינדער און שפּעטער פון דער גוט באַקאַנטער אַקצ. געז. „ה. לאַנדסבערג״), האָט דאַן גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו גרינדן אין טאָמאַשאָוו אַ געזעלשאַפט, וואָס זאָל האָבן דעם ציל צו אינטערעסירן זיך מיט היגע קראַנקע יידן. ער האָט טאַקע אַרויסגערוקט די איניציאַטיוו און צונויפ־




„לינת החולים״

עס שטייען, פון לינקס אויף רעכטס, ערשטע ריי: א. ראָזענבלום (קאַסירער), י. באַרנשטיין (סעקרעטאַר), ד״ר רעבהון, משה טושינסקי (פּרעזעס), ד״ר יהושע ראָטענבערג (ערן־פּרעזעס), יצחק פאַקטאָר (ליטער), מ. מאַרקאָוויטש (וויצע־פּרעזעס), מ. ראָזען. צווייטע ריי: הערצשטיין, ח. ווייס, א. גראַנאַט, ד״ר מאשענבערג, ב. גאָלדבערג, י. ווייסבאַרד, מ. גאָלדמאַן.

גערופן אַ פֿאַרזאַמלונג פון די אָנגעזעענסטע צו יענער צייט בעלי־בתים, ווי: ר׳ מיכל דעסער, ר׳ אהרן נייפעלד, משה אהרן שטיינמאַן, מיכל שפּיעוואַק, ישׂשכר ווײַנבערג, ליפּאַ, זילבער, ליזער באַרנשטיין א. אַנד. און אויף דער דאָזיקער פֿאַרזאַמלונג איז טאַקע געגרינדעט געוואָרן (1887) אין אונדזער שטאָט די געזעלשאַפֿט „בקור חולים״.

די חברה האָט געקויפֿט אַ פּנקס און דער דאַמאָלסדיקער סופר, ר׳ זלמן איטשע, איז גערופן געוואָרן צו שרייבן די תקנות־החברה.

צווישן די תקנות געפינען זיך פֿאָלגנדע פּונקטן: 1) די חברה מוז באַזאָרגן דעם קראַנקן יעדע נאַכט מיט 2 מאַן צו נעכטיקן; 2) געבן דעם קראַנקן 2 רובל יעדע וואָך, ביז ער וועט געזונט ווערן.

ערן־מיטגליד פון דער חברה „בקור חולים״ איז געווען דער דאַמאָלסדיקער היגער רב, הרב יעקב אלי׳ וויעליטשקער ז״ל.

אין וועלכן יאָר „בקור חולים״ איז ליקווידירט געוואָרן און צוליב וועלכע סיבות — איז ביז איצט נישט באַקאַנט. אַפילו דער פּנקס פון דער חברה איז פֿאַרניכטעט געוואָרן, נאָר על פּי צופֿאַל איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דאָס בלאַט פון פּנקס אויף וועלכן עס זענען באַשריבן געוואָרן די תקנות.

# 100 יאָריקער יובל פון „הכנסת אורחים״

היינט, פּרייטיק, ווערט גראָד הונדערט יאָר זינט עס איז געגרינדעט געוואָרן אין אונדזער שטאָט די געזעלשאַפֿט „הכנסת אורחים״. די גרינדער פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע זענען דעמאָלט געווען ר׳ איציק שעפּס, יהודה בער לוסטיג און נפתלי יחזקאל לאַנדאָ.

אין דער אָרגאַניזיר־אַרבעט האָבן זיך אויך באַטייליקט די דעמאָלטיקע טאָמאַשאָווער רבנים: ר׳ אברהם בעלכאַטאָווער און ר׳ ירחמיאל, צוזאַמען מיט די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים, ווי יעקב שטיינמאַן, לייביש ווייס, הירש עלבינגער, אברהם מאָדזשעווסקי, אברהם שעפּס, מרדכי עלבינגער, ישראל טענענבוים, מאיר קירשבוים, דוד סקראָביש, יצחק וועבער, שמואל שעפּס א. אַנד.

קליין און ווייניק פּאָפּולער איז די געשאַפֿענע אינסטיטוציע געווען אין די ערשטע צייטן. איר אויפֿגאַבע איז נאָר געווען צו באַזאָרגן בכבודיקע אָרעמע לייט מיט צוויי פּאָרציעס עסן יעדן טאָג. וועגן געלעגערס פֿאַר די אורחים, האָט די אָנפֿירערשאַפֿט נישט געזאָרגט, ווייל די אָרעמע לייט זענען דאַן געשלאָפֿן אין הקדש, וועלכער האָט זיך געפֿינען אין הויף פון שטאָטישן בית־המדרש. (נאָך היינט געפֿינט זיך אַ וואַנט פון דעם הקדש און גרענעצט זיך מיט דער בוזשניטשנאַ־גאַס).

פון די פּופֿצן תקנות, וואָס עס אַנטהאַלט דער פּנקס החברה, זענען נאָר אַממערסטן אינטערעסאַנט די פֿאָלגענדע:
1) יעדער מיטגליד צאָלט יעדע וואָך דריי פּוילישע גראָשנס, 2) די חברה האָט אַן אייגענעם חברים־געריכט, וואָס מוז אויסגלייכן און ליקווידירן די מחלוקתן צווישן חברה־מיטגלידער, 3) אַז אַ חברה־מאַן פֿירט זיך נישט יידיש ,ווערט ער אויסגעשלאָסן פון דער חברה.

אין יאָר תר״א (1841) נעמט איבער דאָס טאָמאַשאָווער כסא הרבנות, הרב ר׳ יעקב אהרן יאַנאָווסקי, מחבר פון ספר „בית יעקב״ און שפּעטערדיקער רב אין אַלעקסאַנדער. ער ווערט מיטגליד אין דער חברה „הכנסת אורחים״ און ווערבירט אויך נייע מיטגלידער.

שפּעטער, אין יאָר תר״ז (1847), ווערט רב אין טאָמאַשאָוו ר׳ נח אַלטשולער, אָדער, ווי מ׳האָט אים גערופן, דער קאָסאָווער רב. אויך ער ווערט באַלד אַ מיטגליד אין „הכנסת אורחים״, אינטערעסירט זיך מיט איר און שאַפֿט פרישע מיטגלידער פון צווישן די בעלי־בתים, ווי ר׳ חיים אָבערזשאַנעק, אליעזר רעדליך, אברהם פּישאָף, דוד גראָסמאַן א. אַנד.

פֿאַרשידענע תקופֿות און גלגולים האָט דאַן די „הכנסת אורחים״ אַדורכגעמאַכט אין יאָר תרי״א (1851). צום סוף פון דעם זעלבן יאָר ווערט די חברה דורך אַ גרופּע מיטגלידער רעאָרגאַניזירט און עס ווערן צוגעצויגן נייע יונגע כוחות, ווי ר׳ משה ווייס, משה פייטלס, מיכל דעסער, יוסף שעפּס, חיים שטיינמאַן, יצחק מאָרדקאָוויטש, ישראל יצחק גרונדמאַן, נתן ריינגעווערץ, וואָלף וואָלראַך, אברהם הערש שאַפּמאַן, אבא שטיינמאַן, שמעון וואָלף זיידלער. זלמן רובין, משה קימעלפעלד, יחזקאל לוסטיג, יוסף העלפגאָט, וואָלף אויערבאַך, יעקב שעפּס, הערש אָרנבאָך, ישראל יעקב רובין, יעקב גאָלדמאַן, גרונם אייזענשטיין, אלי׳ פֿראַנקפורט, חיים קעסלער, אהרן שעפּס, ישראל רעדליך, אברהם ישראל ווייס,

יצחק דרעקסלער, יחזקאל שטיינמאַן, יוסף ליבעסקינד, מיכל רעדליך, משה גרינבערג, מרדכי ווייסבערג, אברהם מאַסלער, יעקב־לייב גרינהאָלץ א. אַנד.

די אַלע יאויבנדערמאַנטע האָבן אַוועקגעשטעלט די „הכנסת אורחים" אויף אַ געהעריקער הויך און כמעט די גאַנצע טאָמאַשאָווער יידישע באַפעלקערונג האָט געשטיצט די אינסטיטוציע און מיטגעהאָלפן צו ווייטערדיקער אַנטוויקלונג.

אין יאָר תרי"ד (1854), האָט די חברה געשריבן אַן אייגענע ספר־תורה און דאָס האָט זיך געצויגן ביזן יאָר תרכ"ב (1862).

אין דעם זעלבן יאָר האָט איבערגענומען דאָס היגע כסא הרבנות הרב ר׳ יעקב אלי׳ וויעליטשקער, וועלכער ווערט אַ מיטגליד אין „הכנסת אורחים" און ווערבירט די פאָלגנדע נייע מיטגלידער: הערש מיכלעוויטש, פנחס רייכמאַן, וואָלף נייפעלד, מענדל פריילינך, לייב גאָלדמאַן, לייב מאָשקאָוויטש, אברהם יוסף קליינמאַן, יששכר ליכטענשטיין, שלום פלוים, משה ראָזענבלום, הערשקע מינץ, אפרים פענסטערמאַן, אברהם דוד האַמבורגער, אברהם יעקב מילשטיין, שלמה גאָלדמאַן, משולם שאַפמאַן, ישראל גאָלדשטיין, שכנא הורוויץ, זלמן איטשע סופר א. אַנד.

די טעטיקייט פון „הכנסת אורחים" איז געווען אַ פרוכטבאַרע און געפירט געוואָרן נאָרמאַל, יאָר־איין, יאָר־אויס.

פאַרן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, האָט די געזעלשאַפט „הכנסת אורחים" פולשטענדיק אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

ערשט אין יאָר תרפ"ג (1923), ווערט די חברה רעאָרגאַניזירט און די לייטונג שטעלט זיך די אויפגאַבן צו באַזאָרגן בלויז די אַדורכרייזנדיקע אורחים מיט נאַכטלעגער.

דער לאָקאַל פון „הכנסת אורחים" געפינט זיך אויף בוזשניטשנאַ־גאַס 11, אָבער די היינטיקע פאַרוואַלטונג האָט וויזט אויס פאַרגעסן אין דער וויכטיקער דאַטע, פון טאָמאַשאָווער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. די הונדערט־יאָריקע עקזיסטענץ פון דער אויבנדערמאַנטער, כמעט ערשטער אינסטיטוציע אין טאָמאַשאָוו און געפינט נישט פאַר נייטיק צו פייערן דעם דאָזיקן שיינעם יובל. אַזאַ יובילײ־פייערונג וואָלט בלי ספק גורם געווען צו פאַרשטאַרקן די "הכנסת־אורחים", פאַרבעסערן איר פינאַנסיעלן מצב און מאַכן זי פאָפולער ביי דער היגער יידישער באַפעלקערונג.

אַ שאָד, אַז אַזאַ יובילײ, אַזאַ וויכטיקע דאַטע זאָל פאַרשוויגן ווערן.

ט"ו אב תקצ"ז (1837) — ט"ו אב תרצ"ז (1937)

# יידישער טורן און ספּאָרט־פאַריין

יוזעק שפּיעוואַק

דער באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער אין אונדזער שטאָט, סאַמועל שטיינמאַן ז״ל, האָט זיך געווענדעט צו זיינע זין מיט אַ פאָרשלאַג, אַז זיי זאָלן זיך פאַרבינדן מיט אַנדערע יידישע יוגנטלעכע און שאַפן אַ גרופּע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט ספּאָרט.

דער דאָזיקער פּראָיעקט איז גלייך אָנגענומען געוואָרן און אַ גרופּע יוגנטלעכע האָט מיט אַ הייסן ווילן און אינטענסיווקייט אָנגעהויבן אים צו רעאַליזירן.



עמנואל שטיינמאַן
גרינדער פון טורן־ און ספּאָרט־פאַריין זש.ט.ג.ס.
(פאָטער פון יידישן ספּאָרט־וועזן אין פּוילן)

עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ספּאָרט־קלוב, וועמענס גרונט־קאַפּיטאַל האָט באַטראָפן 15 רובל. די גרופּע האָט זיך געווענדעט צום פּראָיעקט־געבער סאַמועל שטיינמאַן און געבעטן אים שטיצע, כדי צו רעאַליזירן דעם שיינעם פּלאַן און שאַפן אַ יידישע ספּאָרט־באַוועגונג אין שטאָט.

שטיינמאַן האָט זיך פאַרבונדן מיט דעם דעמאָלטיקן פּרעזעס פון דער יידישער קהילה, אַלעקסאַנדער לאַנדסבערג, און נאָך גרויסע באַמיאונגען איז אין יאָר 1911 געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער יידישער טורן־ און ספּאָרט־פאַריין „זש.ט.ג.ס.״.

דער ספּאָרט־פאַרבאַנד איז לעגאַליזירט געוואָרן ביים פּיעטרקאָווער גובערנאַטאָר אונטערן נאָמען „פּיעטריאָוואָיע יעווריעיסקאָיע גימנאַסטיטשעסקאָיע אָבשטשעסטוואָ״.

סאַמועל שטיינמאַן האָט זיך נישט באַגרענעצט מיט זיין מאָראַלישער און אָרגאַניזאַטאָרישער טעטיקייט. ער האָט אויך אויף אייגענע קאָסטן, נאָך אין זעלבן יאָר, אויסגעבויט אויף דער פּיעטרקאָווער גאַס, אַ ספּעציעל הויז, וואָס זאָל דינען אויף טורן־ און ספּאָרט־צוועקן פאַר דער יידישער יוגנט אין שטאָט.

צו דער ניי־אויסגעבויטער געביידע האָבן געשטראָמט יידישע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט פאַרשידענע ספּאָרט־צווייגן.

אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט זענען אַנטשטאַנען פאַרשידענע ספּאָרט־סעקציעס: טורן־סעקציעס פאַר עלטערע און יוגנטלעכע, ווי אויך לייכט־אַטלעטיק, פוטבאָל, פּינג־פּאָנג, קאַלאַרסקע (ראָווערן), שווים־סעקציע און אַנדערע.

דער ספּאָרט־פאַראיין האָט אויך געהאַט זיין אייגענעם בלאָז־אָרקעסטער, וועלכער האָט אָנטיילגענומען אין פאַרשידענע מלוכהשע פאַראַדן, יידישע פייערונגען און פאַרוויילונגען.

ווער געדענקט נישט דעם דיריגענט פון אָרקעסטער, דעם באַקאַנטן מוזיקער אין טאָמאַשאָוו, קערצפעלד, וועלכער האָט זיך דענערווירט בעת די איבונגען. ווען עמיץ האָט זיך טועה געווען אויף אַ האַלבן טאָן, האָט ער באַלד אויסגעשריגן: „צאַ פאַן ביערזי!?״.



Томашовское Еврейское
Петроковской Губернiи
ГИМНАСТИЧЕСКОЕ ОБЩЕСТВО

Tomaszowskie Żydowskie
Piotrk. gub.
TOWARZYSTWO GIMNASTYCZNE

BILET CZŁONKOWSKI

Для Г. | dla W. H.B. Krone

Томашовъ 2/4 1913 г. | Tomaszów 2/4 1913

Председ. | Prezes

Секр. | Sekretarz

מיטגליד־קאַרטע פון בערנאַרד קראָן פון יאָר 1913

דער גרעסטער קרבן בעת די איבונגען איז געווען זיין אייגענער זון, וועלוול, וועלכער האָט געשפּילט אויף אַ קאַרנעט.

די טורן־ און לייכטאַטלעטיק־סעקציעס האָבן אָרגאַניזירט פאַרשידענע אויפטריטן און טורן־פייערונגען, וועלכע האָבן שטענדיק צוגעצויגן אַ גרויסן יידישן און נישט־יידישן עולם.

די אַלע דערמאָנטע סעקציעס האָבן אויך אָנטיילגענומען אין פאַרשידענע צווישנשטאָטישע טורן־פעסטן און ספּאָרט־פאַרמעסטונגען, ווי קראָקע, לאָדזש, טשענסטאָכאָוו, וואַרשע, פּיעטרקאָוו. די ספּאָרטלער האָבן זיך אומעטום אויסגעצייכנט ווי ערשטקלאַסיקע טורנער.

ווער געדענקט נישט קובאַ מאָרדקאָוויטש, מאָטיס שטע־טער, דעם געלן לייזער יאַקובאָוויטש, קראַקאָוויאַק, וויינראָט, פּוטערהענדלער און די ערשטע טורנער: קראַוזע, מרדכי־בער יונג און אַנדערע.

דער טורן־ און ספּאָרט־פאַרבאַנד האָט זיך אויסגעהאַלטן פון מיטגליד־אָפּצאָל פון אַקטיווע און נישט־אַקטיווע מיט־גלידער.

די צאָל מיטגלידער האָט באַטראָפן אַרום 300.

דער ערשטער פּרעזעס פון טורן־פאַרבאַנד איז געווען דער גרינדער סאַמועל שטיינמאַן; דער צווייטער פּרעזעס איז געווען א. ליכטענשטיין און דאַן האָט זיין פּלאַץ פאַרנומען הענריק לאַנדסבערג. נאָך אים איז איין יאָר געווען פּרעזעס ש. ז. מאָרדקאָוויטש (קובאַ) אין די לעצטע יאָרן ביז ערב דעם קריג־אויסברוך האָט פאַרוואַלטעט מיטן פאַרבאַנד דער שריי־בער פון די דאָזיקע שורות. צום לעצטן קאָמיטעט פון פאַר־באַנד האָבן געהערט:

י. שפּיעוואַק, פּרעזעס; זיין פאַרטרעטער — ס. אַלטער; סעקרעטאַר — גאַמאַלינסקי; קאַסירער — מאיר אַמזעל (איצט אין ישראל); לייטער פון דער פוטבאַל־סעקציע — וויינראָט (איצט אין ישראל) און די אַנדערע מיטגלידער זע־נען געווען: א. שטיינמאַן (דער זון פון אָרגאַניזאַטאָר) און בליבוים.



דער בנין פון טורן־פאַראיין

# צום ערשטן יאָרצייט פון אהרן ליכטענשטיין ז״ל

(פּרעזעס פון טורן־פאַראיין „זש.ט.ג.ס.״)

ש. מאָרדקאָוויטש

אַ יאָר איז שוין אַוועק זינט עס האָט אין ווין אויסגעהויכט זיין נשמה איינער פון די בעסטע און איבערגעגעבנסטע טוער אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט. ווייט פון זיין אַרבעט־פּלאַץ, צווישן פרעמדע, האָט אויפגעהערט קלאַפּן דאָס האַרץ פון אייביק־יונגן אהרן ליכטענשטיין ז״ל.



אהרון ליכטנשטיין
לאַנגיאָריקער פּרעזעס פון טורן־פאַראיין זש. ט. ג. ס.

ווי ווייט ער איז געווען באַליבט און געשעצט אין אונדזער שטאָט קען באַווייזן דאָס, וואָס נישט געקוקט אויף דער גרויסער היץ, וועלכע איז דעמאָלט געווען, האָבן הונדערטער מענטשן באַגלייט זייער פריינד און טוער צו זיין אייביקער רו. אַלע היגע אינסטיטוציעס האָבן זיך באַטייליקט אין דער גרויסער לוויה, אויף וועלכער יעדער רעדנער האָט ביים אָפענעם קבר נישט געפונען גענוג ווערטער פון צער צוליב דעם פריציטיקן טויט פון אהרן ליכטענשטיין און איבערגעבן וועגן שווערן פאַרלוסט פאַר יעדער היגער יידישער אינסטיטוציע.

מיר, די יידישע ספּאָרטלער, האָבן אין ערשטן מאָמענט זיך נישט געקענט אָפּגעבן קיין רעכענונג, ווי גרויס דער פאַרלוסט איז פאַר אונדז. צו שווער איז דער קלאַפּ, וואָס האָט אונדז געטראָפן מיטן אַוועקגיין פון אונדזער פּרעזעס. צו שטאַרק האָט נאָך געבלוטיקט די ווונד אין אונדזערע הערצער און ווען אונדזער רעדנער האָט ביים אָפענעם קבר גענומען אים געזעגענען האָבן טרערן זיך געגאָסן פון אונדזערע אויגן און דער רעדנער האָט נישט געקענט פאַרענדיקן זיין הספד.

נישט געקוקט אויף זיין עלטער, האָט זיך אהרן ליכטענשטיין געפילט צווישן אונדז אַ סך יינגער. נישט איינמאָל האָבן זיינע נאָענטע אים אויסגעלאַכט צוליב דעם, וואָס ער האָט מאַרשירט מיט זיינע טורן־ברידער איבער די גאַסן און שטענדיק געווען דער, וואָס האָט אונדז פאַרטיידיקט פאַר אונדזערע קעגנער און אויפגעוויזן, אַז טורנען איז נישט קיין קונצנמאַכעריי, דער מין ספּאָרט איז אַ באַוועגונג, וואָס דאָס גאַנצע יידישע פאָלק מוז אויפנעמען מיט פרייד. יעדער זיג אונדזערער דאַרף געוויזן ווערן דער וועלט, אַז מיר זענען שוין נישט די, וואָס וועלן זיך לאָזן שלאָגן, נאָר מיר זענען די, וועלכע קענען זיך פאַרטיידיקן פון שלעגער. מיר וועלן ווייזן דער וועלט, אַז מיר זענען מענטשן גלייך מיט אַנדערע, וואָס קענען מיט שטאָלץ פאַרטיידיקן אונדזער ווירדע און מענטשלעכקייט. אָט דאָס איז די טורן־ און ספּאָרט־באַוועגונג און פאַר אַזאַ באַוועגונג לוינט זיך די אַרבעט. אונדזער יוגנט איז דער בעסטער באַווייז, וואָס מיר האָבן געטון אין משך פון צוואַנציק יאָר עקזיסטענץ פאַר פיזישער דערציאונג ביי יידן.

און ווען עס דערמאָנט זיך, אַז אַזאַ איבערגעגעבענער פּרעזעס און געטרייער טורן־ברודער, ווי אהרן ליכטענשטיין, איז נישטאָ מער צווישן אונדז, דאַרפן מיר איצט נישט וויינען און קלאָגן נאָך אים, ווייל די פּרוכט פון זיין אַרבעט לעבט און בליט. מיר זענען נאָכפאָלגער און דאַרפן מיט מער מוט און ענערגיע פאָרזעצן די אַרבעט פון פיזישער אַנטוויקלונג צווישן די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן. דאָס וועט זיין דער שענסטער און בעסטער מאָנומענט אויפן קבר פון אונדזער פּרעזעס און טורן־ברודער.

כבוד זיין אָנדענק!

(אויסצוגן פון „טאָמאַשאָווער וואָכנבלאַט״)

# פון חלום צוווירקלעכקייט

ש. ז. מאָרדקאָוויטש

ווען די שעפער און גרינדער פון היגן יידישן טורן־ און ספּאָרט־פֿאַראיין, בראש פון וועלכן עס זענען געשטאַנען סאַמועל שטיינמאַן, מאָטל שענבערג און דער פאַרשטאָרבענער לאַנגיאָריקער פּרעזעס פון דערמאָנטן פאַראיין, אהרן ליכטענשטיין ז״ל, זענען מיט 20 יאָר צוריק געקומען מיט דער לאָזונג צו דערציען אַ פיזיש־געזונטן דור ביי יידן און גלייכצייטיק פאַרלייגט דעם ערשטן פונדאַמענט אין טאָמאַשאָוו — האָט עס ביי דער היגער יידישער באַפעלקערונג אויסגעזען ווי אַ חלום, וואָס קען קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכט ווערן.

און אַפילו דאַן, ווען עס האָבן מאַרשירט איבער די היגע גאַסן יונגעלייט מיט מיידלעך אין זייערע ספּאָרט־מלבושים דורך די אַלייען צו זייער טורן־בנין, האָט מען פון אַלע זייטן געטייטלט אויף זיי מיט די פינגער און אויסגעלאַכט זיי מיט פאַרשידענע חוזק־ווערטלעך: „אָט דאָס זענען די נייע קונצנמאַכער, וואָס די ה״ה שטיינמאַן, שענבערג, ליכטענשטיין און אַנד. האָבן, רחמנא ליצלן, פאַרשלעפּט אין שטאָט אַריין.

און נישט מיטן בלויזן לאַכן איז מען אָפּגעקומען. עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט פאַרביטערטע קאַמפן צווישן עלטערן מיט זייערע קינדער, נישט לאָזנדיק באין אופן די לעצטע אין דעם „קונצנמאַכעריי־פאַראיין״.

עס זענען דעמאָלט געווען אַנדערע צייטן. מיר, אַלטע טורנער, וועלכע שטייען ביים וויגעלע פון טורן־פאַראיין ביזן היינטיקן טאָג, קענען זיך אָפּגעבן אַ חשבון פון די דערנער און שטיינער, וואָס זענען געשטאַנען אויפן וועג פון היגן טורן־ און ספּאָרט־פאַראיין אין משך פון זיין 20־יעריקער טעטיקייט.

מיר ווייסן אויך וועגן די גוטע צייטן. ווער פון אונדז געדענקט נישט, ווען אין יאָר 1913 זענען מיר איינגעלאַדן געוואָרן דורכן לאָדזשער טורן־פאַראיין צוזאַמען מיט אַ גאַנצער ריי פאַראיינען פון אַנדערע שטעט אין פוילן, און ווי ביים אַלגעמיינעם אויפמאַרש פון די היגע טורנער איבערן זאַל פון אַמאָליקן לאָדזשער גרויסן יידישן טעאַטער, זענען מיר אויפגענומען געוואָרן מיט הילכיקע אומאויפהערלעכע הוראַ־געשרייען און באַוואָרפן געוואָרן מיט בלומען לכבוד אונדז, די ערשטע טורנער אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד ?

ווער שמועסט נאָך ווען די היגע 32 אַנטוויקלטע טאָמאַשאָווער יידישע טורנער האָבן זיך באַוויזן דעמאָלט צו זייער געזעלשאַפטס־פריי־איבונג אונטער דער לייטונג פון ה׳ סטעמפּעל.

וויפל כסדרדיקע אַפּלאָדיסמענטן און פרייד־געשרייען האָבן מיר געהערט פון פובליקום און דאַן ביי די פאַרשידענע מכשירים, ווען מיר האָבן געוויזן אונדזערע אַנדערע טורן־ברידער וואָס עס הייסט אַזוינס גרעטע־טורנער און ווי איבעראַשט און דערשטוינט זענען די אַנוועזנדע געוואָרן זעענדיק די טאָמאַשאָווער ווייזן מאַרמאָר־גרופּן, ווי געזונטע, פריילעכע יינגען מאַכן פון זיך טויטע סקולפּטורן אַזוי, אַז דאָס פובליקום האָט לכתחילה נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס איז און ערשט



אַ גרופּע טורנער און ספּאָרטלער, וואָס האָט פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אויף אַ טורן־פאַרמעסטונג אין פוילן, אין די ערשטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ.

ווען די בילדלעך האָבן זיך געענדערט פון מינוט צו מינוט — ערשט געוווּסט, אַז דאָס איז אויך אַ רינגעלע אין דער גרויסער קייט, וואָס רופט זיך ספּאָרט־באַוועגונג.

עס וואָלט צופיל פּלאַץ פאַרנומען אויסצורעכענען אונדזערע נצחונות, וואָס מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אין פאַרשידענע ספּאָרט־צוזאַמענפאָרן און בכלל — וועגן דער מוסטערהאַפטער טעטיקייט פון דעמאָלטיקן היגן יידישן טורן־ און ספּאָרט־פאַראיין.

די גרויזאַמע וועלט־מלחמה האָט אין דערמיט צעטריסלט אונדזער אַרבעט און פונאַנדערגעיאָגט אין אַלע וועלט־טיילן אונדזערע בעסטע טורנער און בתוכם אונדזערע פירער. נאָר אַ קליינער טייל איז פאַרבליבן און אויף זיי איז געפאַלן דער גורל ווייטער צו ציען דעם פאָדים פון דער יידישער ספּאָרט־באַוועגונג.

שווער איז געווען צו באַזייטיקן די דייטשע פערד, וואָס זענען געשטאַנען אין אונדזער טורן־זאַל און נאָך שווערער איז געווען צו באַזייטיקן די קיך פאַר קינדער, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורכן ד״ר ראָטענבערג און ווו אַ גרויסער טייל פון אונדזערע מכשירים זענען פאַרברענט געוואָרן אונטער די קיך־קעסלען.



זש. ט. ג. ס. אין יאָר 1926



אָרקעסטער פון יידישן טורן־ און ספּאָרט־פאַראיין אין יאָר 1930

אויף א קורצער באַראַטונג האָבן מיר פעסט באַשלאָסן א סוף צו מאַכן מיט דער קיך און ביינאַכט זענען די קיכן און קעסלען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן.

צי,גאַר די מעשה מיטן עסטרייכישן אָפיציר, וועלכער האָט געוואָלט דעם פאַראיין פאַרוואַנדלען אין אַ לאַזאַרעט און דער שרייבער פון די שורות מיטן חבר יולעק האָבן דעם אָפי־ציר אַרויסגעוואָרפן הגם עס האָט אונדז געדראָט אַ שווערע שטראָף.

און זענען אַליין אונדזערע שטענדיקע באַזוכער ביי יעדער ספּאָרט־אונטערנעמונג.

עס איז מער נישט פאַר זיי קיין קונצנמאַכעריי, נאָר זיי זענען, ווי עס שטייען פאַר זיי געזונטע יינגען מיט האַרטע מוס־קולן און אויסגעשטרעקטע ברוסט־קאַסטנס. נאָר אַזעלכע זע־נען פעאיק געווען צו פאַרוואַנדלען דעם אַמאָליקן חלום אין אַ ווירקלעכקייט. און דערפאַר טאַקע האָט דער היגער טורן־פאַראיין געוווּנען דעם גרעסטן צוטרוי און סימפּאַטיע פון



די פוטבאָל־מאַנשאַפט ביי זש. ט. ג. ס.

ערשט דערנאָך האָט אָנגעהויבן פונאַנדערבליען דאָס קע־רנדל, וואָס איז פאַרזייט געוואָרן מיט יאָרן צוריק. עס זענען צוריקגעקומען אַ טייל פון די אַלטע כוחות און אָנפירער און ביי דער מיטהילף פון סאַמועל שטיינמאַן האָט זיך צוריקגע־שטעלט צו דער אַרבעט דער פאַרשטאַרבענער אַ. ליכטענשטיין ז״ל.

וואָס זענען מיר ביים היינטיקן טאָג? — די טאַטעס־מאַ־מעס, וועלכע האָבן געחוזקט פון אונדז און געפירט אַ ביטערן קאַמף, שיקן איצט זייערע קינדער און איניקלעך זיך איבן

דער גאַנצער היגער באַפעלקערונג. ביי יעדער ספּאָרט־אונ־טערנעמונג גייען מיר אַרויס מיט אַ בכבודיקן זיג און אָנזען. דאָס גיט אונדז דעם מוט ווייטער צו פירן דעם זעלבן צווישנ־פּאַרטייאישן וועג און דערציען אַ פיזיש־געזונטן דור ביי יידן, ווי עס האָבן אונדז געלערנט אונדזערע אָנפירער. דאָס איז גע־ווען די גאַראַנטיע צו פאַרוואַנדלען דעם אַמאָליקן גרויסן חלום אין דער היינטיקער ווירקלעכקייט.

(אויסצוגן פון „טאָמאַשאָווער וואָכנבלאַט״)

# יידישער ספארט אין מיין היימשטאט

מאיר אַמזעל

(זכרונות)

וועגן יידישן ספאָרט־לעבן אין אונדזער שטאָט וואָלט מען געקענט זייער פיל שרייבן.

צום באַדויערן לעבן נישט מער די ספאָרטלער, וועלכע וואָלטן געהאַט פיל מער צו דערציילן און באַשרייבן וועגן דער פאַרצווייגטער טעטיקייט אויפן געביט פון ספאָרט אין אונ־דזער שטאָט טאָמאַשאָוו. די וועלכע זענען געווען איבערגעגעבן מיט זייערע אַלע חושים פאַרן יידישן ספאָרט און געווען דער שטאָלץ אויף דעם געביט, זענען טראַגיש דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים.

איך בין אפשר נישט פעאיק צו שרייבן זכרונות און איך וואָלט עס מסתמא נישט געטון, ווען עס וואָלט מיר נישט אַריינגעפאַלן צופעליק אַ פאָטאָגראַפיע, וועלכע געפינט זיך ביי אַ לעבנגעבליבענעם לאַנדסמאַן. איך קוק זיך אַזוי איין אין בילד אויף וועלכן איך געפין זיך מיט מיינע אַמאָליקע חברים פון דער ציקליסטן־סעקציע ביים יידישן ספאָרט־פאַר־איין.

איך דערמאָן זיך די אַלע גוט־באַקאַנטע פּנימער, ווי איך וואָלט איצט געווען מיט זיי צוזאַמען, הגם עס זענען שוין פאַרביי קרוב 30 יאָר. טייערע חברים, מיט וועלכע איך בין געווען צוזאַמען טעטיק פיל יאָרן אויפן ספאָרט־געביט אין יידישן טורן־ און ספאָרט־פאַראיין זש.ט.ג.ס.

און הגם איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דעם ספאָרט־פאַראיין אין יאָר 1931, בין איך באַלד געוואָרן פאַררעכנט צווישן די אַקטיווסטע מיטגלידער. איך האָב נישט דורכגע־לאָזט קיין איין „לעקציע„ פון לייכט־אַטלעטיק און גימנאַסטיק.



ניסן ווערטהיים
אויסגעצייכנטער ספאָרטלער פאַרן קריג, 1939



דער אַקטיוו פון טורן־ און ספאָרט־פאַראיין זש. ט. ג. ס. ערב דער מלחמה, 1939

איך האָב אָנטיילגענומען אין אַלע איבונגען און פאַרמעסטונגען פון דער ראַווערן־סעקציע און בכלל געוואָרן טעטיק אין דעם יידישן ספּאָרט־פאַראיין.

אַ דאַנק מיין אַקטיווקייט בין איך אויסגעוויילט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג און פאַרנומען דעם אַמט פון קאַסירער. צו זיין קאַסירער אין יענע צייטן איז נישט געווען קיין לייכטע פונקציע. דער ספּאָרט־פאַרבאַנד האָט געהאַט גרויסע אויסגאַבן: מען האָט געדאַרפט אויסהאַלטן אַ לאָקאַל, אַן אָרקעסטער, צאָלן אַ דיריגענט, קויפן ספּאָרט־ און גמינאַסטיק־מכשירים און פיל אַנדערע אויסגאַבן. ווו נעמט מען געלט?

די הכנסות זענען הויפּטזעכלעך באַשטאַנען פון חודש־לעכן אָפּצאָל פון די מיטגלידער. נישט אַלע אָבער האָבן געהאַט די מעגלעכקייטן צו צאָלן און איך בין געווען געצוווּנגען צו גיין איינמאָנען דעם מיטגליד־בייטראָג ביי די מער פאַרמעגלעכע חברים.

אַלס קאַסירער האָב איך געדאַרפט שטיין אין קאָנטאַקט מיטן מאַגיסטראַט, געמוזט באַזאָרגן בילעטן אויף ספּאָרט־פאַרמעסטונגען, איינקאַסירן פאַר איינטריט־קאַרטן אויף דעם ספּאָרט־פּלאַץ, ווי אויך זאָרגן פאַר איינקונפטן פון אימפּרעזעס און פיל אַנדערע פאַרצווייגטע פונקציעס, וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיט דער דאגה פאַר הכנסות, צו קויפן אויסשטאַטונג פאַר דער פוטבאָל־סעקציע און פאַרן אויסברייטערן דעם גאַנצן אינווענטאַר פון טורן־פאַראיין.

די יידישע ספּאָרטלער פון יידישן טורן־פאַראיין האָבן מיט שטאָלץ געטראָגן דעם בלוי־ווייסן פאָן און אויסגעצייכנט זיך ביי אַלע ספּאָרט־פאַרמעסטונגען, סיי אין די פאַרמעסטונגען מיט די פּוילישע ספּאָרט־קלובן און סיי אין די צווישנשטאָטישע פאַרמעסטונגען אויפן געביט פון טרענירן זיך אויף מכשירים, ווי אויך לייכט־אַטלעטיק און גימנאַסטישע איבונגען.

די שיינע און זויבערע קליידונג פון די ספּאָרטלער, די מאַרשן איבער דער שטאָט מיט דער אייגענער אָרקעסטער האָבן אַרויסגערופן ביי דער יידישער באַפעלקערונג פיל ענטוזיאַזם, וואָס האָט אונדז פאַרשאַפן פיל פרייד און סאַטיספאַקציע.

מען האָט געזען מאַרשירן די יידישע ספּאָרטלער אין די ל״ג־בעומר־פייערונגען צוזאַמען מיט אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, אויך אין די טרויער־אַקאַדעמיעס פון כ׳ תמוז, געווידמעט ד״ר הערצלס יאָרצייט.

דעם שטאַרקסטן איינדרוק האָבן געמאַכט די טורן־פייערונגען, אין וועלכע עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די באַוווּסטע טרענירער אויף מכשירים: מאָטיס שטעטער, אליעזר יאַקרובאָוויטש (דער געלער ליזער), קראַקאָוויאַק, פוטערהענדלער, סערוואַטאַר און פון דעם יינגערן דור: מאַריק מאַיערקעוויטש, מרדכי וואַלמאַן, מאַריק דויט, ניסים ווערטהיים און אַנדערע.

עס איז קיין וווּנדער נישט, וואָס דער טאָמאַשאָווער טורן־און ספּאָרט־פאַראיין איז געווען באַקאַנט אין וואַרשע, לאָדזש, פּיעטרקאָוו, טשענסטאָכאָוו און אין פיל אַנדערע שטעט, אין וועלכע זיי האָבן אַרויסגערופן גרויס רעספּעקט צו זיך אַ דאַנק דעם, וואָס זיי האָבן כמעט שטענדיק פאַרנומען די ערשטע פּלעצער אין אַלע פאַרמעסטונגען. זיי האָבן אַלזאָ געבראַכט פיל כבוד דעם יידישן ישוב אין טאָמאַשאָוו.



די ציקליסטן־סעקציע

די אַלע האָבן די דייטשע רוצחים אומגעבראַכט.

צום סוף וויל איך נאָך דערמאָנען אַלע מיינע חברים פון דער ראַווערן־סעקציע, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין די צווישנשטאָטישע געיעג־פאַרמעסטונגען מיט די פּוילישע ספּאָרט־קלובן און שטענדיק פאַרנומען בכבודיקע ערטער און אויסצייכענונגען.

אָט זענען זיי די טייערע חברים מיינע פון דער דאָזיקער סעקציע, פון וועלכע פיל פון זיי זענען אומגעקומען אויף קידוש השם: סרולעק מאָשקאָוויטש, יוסף וואַטענבערג, סרולעק דאַנער, בנימין שימבאַק, מאַריץ מאַיערקאָוויטש, אליעזר פאַקטאָר, יוסף פּאַווע פיינזילבער, אייזיקאָוויטש, קימעלפּעלד, טענענבוים און גראָסמאַן.

מיר, די איינציק לעבנגעבליבענע: נח גרינשפּאַן, בעניעק וואַרזאַגער, יוסף בעלזיצקי און איך — פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די טייערע חברים מיט כבוד. זיי וועלן בלייבן איינגעקריצט אין אונדזער זכרון אויף אייביק.

# ספּאָרט־קלוב „הכח״

משה שטיינמאַן

דער יידישער ספּאָרט־קלוב „הכח״ איז געגרינדעט געוואָרן אין די דרייסיקער יאָרן דורך אַ גרופּע חברים, צווישן וועלכע עס זענען געווען אַקטיוו שמואל לעבענסבוים, גרשון מיכלעוויטש, די ברידער צבי און מולא כהנא (צבי כהנא לעבט אין רמת־גן), יוזשעק דויט, סאַשאַ מאַיערקאָוויטש און אַנדערע.

די הויפּט־באַזע פון דעם ספּאָרט־קלוב איז געווען די פוטבאָל־מאַנשאַפט. אויסער דעם זענען אויך געווען פיל אַנדערע ספּאָרט־סעקציעס, ווי לייכט־אַטלעטיק פאַר מענער און פרויען, פינג־פּאָנג, נעץ־באָל, קויש־באָל, ראַווערן, באָקס־סעקציע און אַנדערע.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, אַז מאָניעק בליבוים האָט געהערט צו דער רעפּרעזענטאַנץ פון דער באָקס־מאַנשאַפט (שווערע וואָג) אין לאָדזשער קרייז. ער איז דערמאָרדעט געוואָרן דעם 6־טן מאַי 1942 דורך דעם אָרטיקן דייטשן פאַרברעכער בעטיך, וועלכער איז אויפן ספּאָרט־געביט פאַרן קריג געווען אַ חבר פון דעם דורך אים דערמאָרדעטן בליבוים.



ספּאָרט־פאַראיין „הכח״



אויך צווישן די פוטבאַל־שפּילער האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט גרשון מיכלעוויטש, וועלכער איז געווען דער איינציקער ידישער שפּילער אין דער מיליטערישער פוטבאַל־מאַנשאַפט פון 28־טן פולק אין לאָדזש.

דער דאָזיקער מיליטערישער קלוב האָט זיך גערופן ו.ק.ס. און האָט געהערט צו די בעסערע רעפּרעזענטאַטיווע פוטבאַל־מאַנשאַפטן אין פוילן.

דער ספּאָרט־קלוב „הכח" פלעגט אָנטיילנעמען אין די מלוכהשע ספּאָרט־פאַרמעסטונגען אין ספּאַלאַ (רעזידענץ פון פוילישן מלוכה־פּרעזידענט). דאָס איז געווען אין דער צייט פון „דאָזשינקעס" (שניט־פייערונג). דער דערמאָנטער בלי־בוים האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט אין די דאָזיקע פאַר־מעסטונגען.

אויסער דער רייכער און פאַרצווייגטער טעטיקייט האָט „הכח" אויך געפירט אַ רייכע געזעלשאַפטלעכע און חברישע טעטיקייט. עס האָבן זיך אין קלוב באַגעגנט כמעט די גאַנצע ידישע יוגנט־אינטעליגענץ, די יוגנט פון אַלע גימנאַזיעס אין שטאָט און סטודענטן.

דער לעצטער פּרעזעס פון קלוב איז געווען באַציאַק מענקעס (לעבט איצט אין וואַרשע). אויסער אים האָבן צו דער לעצטער פאַרוואַלטונג פון „הכח" געהערט די לאַנדסלייט דוד בליבוים, שמעון מאַזעלשיך און אַנדערע.

משה בליבאָום
באַקאַנטער ספּאָרטלער און באָקס־מייסטער
אין רעפּרעזענטאַנץ־גרופּע פון לאָדזשער קרייז



פוטבאַל־סעקציע ביים ספּאָרט־קלוב „הכח"

# תעשיה, מסחר ובעלי מלאכה

י. שטינמן

**היכן וכיצד בילו תושבי העיר את זמנם החופשי**

רוב התושבים הנוצרים היו פועלים בבתי־חרושת לארי־גה, טויה ואשפרה, השאר היו אומנים ובעלי מלאכה שונים. וגם רובם של יהודי העיר היו אורגים, אומנים ובעלי מלאכה. לא היתה מלאכה שלא עסקו בה היהודים. אפילו חוטבי עצים יהודים ונשים כובסות לבנים יהודיות היו בה. המועט בהם היו חנוונים, תגרנים וסרסורים. מובן מאליו שאנשים כאלה לא יכלו אחרי עבדם ארבע־עשרה שעות ביום, לבקש להם כל מיני שעשועים בלילה. אבל החרשתנים, גם הלויתנים וגם דגי הרקק שבהם, עיתם היתה פנויה כמעט כל היום ורוב הלילה בילו בשתיה ובשעשועים.

בקיץ ובחורף היו נאספים כל החרשתנים, — רובם גרמנים, — במעונו וחנותו של אופה המגדנות, הינריך, שהאולם הגדול שלו היה משמש גם מסעדה ובית־מרזח, ובו היו יושבים אוכלים ושותים עד לפנות בוקר.

כדי לשעשע ולבדח את אורחיו ומעריציו, היה מביא להם הינריך להקות של מנגנים וזמרים קברטיים אשר היו שרים ומנגנים וגם מציגים מחזות מבדחים שונים לפני הסובאים. כמעט כל שיריהם היו בגרמנית ותוכנם היו הלצות, בדיחות ועקיצות על היהודים והיהדות.

החרשתנים הגרמניים היו מתמוגגים מרוב נחת ונהנים מצערם ומעלבונם של חבריהם היהודים אשר ספגו עלבונות מבלי להגיב עליהן.

מוזר הדבר שכמעט רובם של המנגנים והזמרים היו יהודים וביניהם הצטיינו האחים שורץ מגליציה, ויש אומרים מהונגריה, שהעליבו וגדפו בשיריהם את היהודים.

מנגינה אחת עוד שמורה בזכרוני והיא 'דאס יודען־שיקזאל בים באָם", שהסובאים הגרמנים היו מלווים אותה במקהלה בקולם הניחר, אלא שהם סרסו את המלה „שיקזאל" במלה „שיקסעל". כל כך היתה השירה הזאת חביבה על הגרמנים, עד שלפעמים, בהיותם שיכורים, היו שרים אותה גם ביום לפני ביתו של הינריך, ומאז נחרתה בזכרוני.

בקיץ, בלילות החמים, היו סובאים שרים וזוללים בגינה הדלה שבחצרו של הינריך לצד הרחוב הירושלמי. אם היתה באה לעיר להקה יותר גדולה של שחקנים, היה משמש להם האולם של אהרון נייפלד — עכשיו קולנוע ותיאטרון „אודי־און". האולם היה מרווח ונמוך, התאורה היתה של מנורות נפט, והעשן והפיח היו מחנק לגרוני המבקרים.

השחקנים היו מציגים מחזות זולים בשפה הגרמנית. שחקנים פולנים הופיעו בעירנו לעתים נדירות ורוב מבקריהם היו יהודים נאורים, כי הגרמנים היו מזלזלים בהם ולא היו מבקרים את הצגותיהם.

למהדרין בסביאה היה משמש מועדון בימי הקיץ החמים „העמק השויצרי", שהיה שייך לבית בישול הבירה של שוינ־הויזר, ואחרי כן קנאטהע, אשר מאחורי הארמון של הרוזן אוסטרובסקי, שנקרא „גן הארמון". שם היו הרבה עצי אלון, והאגוזים, שהיו נושרים מהם, נקראו בפי הילדים „אגוזי־החזיר".

מאמצע הגן התחיל ראשיתו של העמק, כי ממנו התחיל המדרון וירד בשפוע עד לעומק של כמעט קומה אחת. מצד צפון גבל העמק עם הוולבורקה, ומצד מזרח ודרום סובבוהו שתי גבעות. מהצד הגובל עם הוולבורקה היה גן גדול של אילנות־סרק עבותים, שפרשו את צילם על כל הגן. ביום שררה בו אפלה כמו ביום ערפל ובלילה הודלקו בו מנורות נפט רבות. באמצע הגן היתה בימה קטנה ששימשה מקום לתזמורת או לשחקנים השונים, שהיו מראים את גבורתם בזימרה ובנגינה, והגרמנים בשתית בירה.

לפולנים וליהודים לא היה שם מקום מפני הריח הגרמני שהיה נודף משם ומרחיק את „הזרים" — את הפולנים והיהודים. היום אין זכר לא לעמק ולא לגבעות שהקיפוהו ולא לגן הארמון, כי העיריה מלאה את העמק בחול הגבעות וכל השטח נהפך למישור גדול ועליו נבנו בניני הבנק הפולני ובניני מכבי־האש. נעקרו גם עצי האלון ובמקומם הוקם בית־העיריה הנהדר והמפואר. ומסביב לו סודרה ככר דשא בשתילי פרחים יפים, ובמקום העמק עובר עכשיו רחוב הארמון.

הפועלים, האומנים ובעלי המלאכה הנוצרים היו מבלים את כל יום ראשון לשבוע, בימי הקיץ, על „האגם הזכסי", שנמצא מאחורי האשפרה של מוריץ פיש, כי רצועת אדמה רחבה יצאה מחצרו של פיש לתוך הוולבורקה והמים הקיפוה משלוש רוחותיה. שם היו עורכים נשפי מחולות וריקודים.

בימות החורף היו מלאים בכל יום ראשון כל בתי־המרזח, שנמצאו לעשרות בכל רחוב, באומני האריגה, הצביעה והטויה. הגרמנים היו מבלים בכל יום ראשון בבית־המרזח של גרושצינסקי „בשוק הקש" ובבית־המרזח של הגרמני רוזנ־טרטר.

לבתי המרזח של היהודים היו באים בכל יום ראשון בשבוע אכרי הסביבה עם נשותיהם ובניהם. שם היתה מנגנת לפניהם תזמורת של כנור, הרמוניה, ותוף, שלקולה היו יוצאים במחולות, אחרי שתותם לשיכרה. ובכל חוצות העיר היו שומעים את דפיקות מגפי האכרים בדופקם ברגליהם על

הרצפה וקולות השירה „אוי דאַנאַ, דאַנאַ דאַנאַ, אוי דאַנאַ דאַנאַ, אוהא !".

לפעמים נשמעו גם קולות צעקה, יללות וצווחות של האכרים המוכים והנדרסים בתגרות שהיו פורצות ביניהם בהיותם שיכורים כלוט.

בעלי בתים וחנוונים יהודים היו מבלים את זמנם בערבי יומא דחול בשיחות בטלות ובמשחק הקלפים „והפתקאות", והפועלים היהודים בבית־מרזח מיוחד שלא היתה בו דריסת רגל לאכרים וביחוד במסבאה של יעקב וינרב.

הסוחרים היהודים, נאורים ואדוקים למחצה, היו מבלים את זמנם במסבאה של יצחק פלפן. את החגים והשבתות היו מבלים בתפילות ובאמירת תהלים בבית־המדרש אחרי שינה קלה של אחר הצהריים וכן בשמיעת דרשות בלימוד פרשת השבוע עם פירוש מפי ר' פנחס וארשוואר, „וחיי אדם" בערב יום חול.

אם צמאו לכוס בירה בשבת, היו באים לבית־המרזח של ר' חיים אליעזר זיידלר. שם היה מונח פנקס גדול ועבה ולכל אחד דף מיוחד בפנקס אשר בו היה מכניס פתקאות של מספרים לפי מספר הכוסות ששתה בכדי לא לחלל את השבת, ואחרי שבת היו כולם משלמים את חובם.

לפעמים היו מוציאים חביות של בירה לקצה היער הדומרובי בגבול העיר ושם היו שותים חבורות חבורות. לנשפי ריקודים ולקונצרטים לא היו הולכים, כי היו מסתפקים בשמיעת מקהלת הכלי־זמרים של שולעק או של זינגר, בחתונות או בחגיגות אחרות, ובפרט היו מתמוגגים מנחת כאשר שולעק ניגן את המנגינה „הציפור". זה היה חקוי לקול זימרתה של ציפור דרור, ששולעק היה מחקה אותה מצויין, בכינורו.

הפרעה קטנה גרמו לאידיליה הזאת שוליות של חייטים וסנדלרים ובחורות אחדות, שהיו מתאספים בכל יום שבת בבית אביו של עקיבא האלטקופ והוא היה מלמד אותם לרקוד.

בשנות תרמ"ד־מ"ה החלה תקופה חדשה בשעשועי היהודים. להקת שחקנים יהודים שנקראו „שחקני ברודא" ובראשם פישזון וטנצמן מורשה, הופיעו בטומשוב והציגו באולמו של ניפלד את המחזות שולמית, בר־כוכבא, שמנדריק טרפניאק, קוני־למל יעוד כאלה. ופלא, אלה היהודים הפשוטים שלא ידעו טעמו של תיאטרון, מילאו את האולם בהמוניהם ונשיהם באו ועולליהן היונקים בחיקן.

אף היהודים הנאורים (הדייטשען) באו כולם, מרוב השתוממות על החידוש, כי קיימת אמנות יהודית וחילקו מתנות לשחקנים — אריגים לחליפות.

אפילו הבחורים של בית־המדרש הלכו לתיאטרון בהחבא ובהסתר. האמת צריכים להגיד, כי אומנם הצטיינו השחקנים בתפקידיהם ובהשפעתם החליפו האורגים היהודים את תפילותיו של החזן בשירים: „אַ פאַסטעכל איז געווען אַמאָל" ועוד שירים שונים. וגם שירי אליקום צונזר החלו להשמע בפיות הפועלים.

כמדומני שזאת היתה הפירצה הראשונה בחיים הדתיים של האורגים היהודים, והאדוקים החסידים לא הרגישו כי על ידי התיאטרון באה התחלת התערערותה של חומת הדת אם כי הביטו על זה בביטול ובשאט נפש.

פעם שמעתי איך אחד מותיקי החסידים אמר בשטיבל הרדזיני: „שפחתי היתה אתמול בתיאטרון וספרה לאשתי מה ששמעה וראתה, ואינני יודע מה חדשו בעלי ההפקר ההם, הלא הדברים נמצאים ברש"י ובתוספות על דבר חולדה ובור". כוונתו היתה למחזה שולמית.

אחרי טנצמן ופישזון הופיעו בעירנו להקות שונות של שחקנים יהודים וכולם יצאו ממנה שבעי רצון ובהכנסה יפה.

בשנת תרנ"ב היה בין להקה אחת השחקן ריבלסקי, שקולו הבריטוני האדיר והערב, יצירת משחקו והתלהבותו בשעת ההצגה, משכו לתיאטרונו המון מבקרים, שערכו לו תשואות־חן.

אודה ולא אבוש, שאני ורעי שרוח חיבת־ציון פעמה בקרבנו, ערכנו לריבלסקי לפני פרידתו מעירנו מסיבה נהדרת וקנינו לו שעון יקר שעליו חרטנו בשפה הרוסית לפי דרישתו הוא. „אקטיורו ריבלסקומו ו' זנאַק פוטשטניה אי דרוזשבי זאַ אוטליטשיע איספולנעניאַ רולי בר כוכבא" (לשחקן ריבלסקי, לאות כבוד ולידידות עבור הצטיינותו במלוי התפקיד בר־כוכבא).

כדאי לספר, כי בשנת 1904 באה לעירנו בפעם הראשונה והאחרונה להקה רוסית והציגה את המחזה „יעווריי" של ציריקוב. מובן מאליו שרוב המבקרים היו יהודים ורובם ציונים צעירים, ואחרי המונולוג של גיבור המחזה „נחמן", קמו כל הציונים הצעירים על רגליהם, מחאו כף וקראו: „תחי הציונות! יחי העם העברי!", והקריאות נפסקו רק לאחר שהופיעה המשטרה והוציאה אותם מן האולם.

## האורגים

השכם בבוקר, בקיץ ובחורף, היו באים האורגים היהודים לבית־המדרש לאמור תהילים ולהתפלל. מנשה „מבשל התה" היה מוכן כבר עם המיחם שלו והיה מוכר תה לאורגים לפני התפילה במחיר קופיקה אחת הכוס עם שתי חתיכות סוכר. אחרי התפילה היו נוהרים כולם לבית־המרזח של פישל המוזג, שהיה מול בית־המדרש, לשתות כוס יי"ש.

אומנם גם למנשה היו למכירה יי"ש ורקיקים, אבל הוא היה דורש בעד כוס יי"ש שלוש קופיקות, ופישל רק שתי קופיקות, ומידת כוסו היתה גדולה מזו של מנשה.

בשעה שבע בבוקר היו נוהרים ברחובות המוני האורגים

אַרעמע האַנטוועדקער, וואָס האָבן דערנאָך אויסגעצאָלט דעם פאַרבאַנד ביסלעכווייז פאַר זיי.

ערב פסח איז אַלע מאָל איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פסח־אַקציע בעת וועלכער מען האָט אויף אַ בכבודיקן אופן אַרויס־געהאָלפן אַרעמע האַנטוועדקער צו פּראַווען יום־טוב. דאָס געלט פאַר דעם צוועק איז געשאַפן געוואָרן קודם פון פאַר־מעגלעכע און בעסער־סיטואירטע מיטגלידער און דאַן פון סימפּאַטיקער, וולאַדעק און העגריק לאַנדסבערג, זיגמונט עפּשטיין, וועלכער איז אַ צייטלאַנג געווען אַ סימפּאַטיקער, און מיט גרעסערע געלט־סומען געשטיצט דעם האַנטוועדקער־פאַרבאַנד, ווי אויך אַנדערע פאַבריקאַנטן.

דער פאַרבאַנד האָט אויסער דעם איינגעאָרדנט אימפּרע־זעס עטלעכע מאָל אין יאָר, וואָס האָבן אַריינגעטראָגן אַ ביסל געלט פאַר די אויבנדערמאַנטע צוועקן.

דעם 5־טן דעצעמבער 1927 איז אַריין אין קראַפט דאָס טרויערריק־באַרימטע צעכן־געזעץ (Ustawa Przemysłowa).

כדאי צו באַמערקן, אַז פאַר דעם געזעץ האָבן געשטימט אין פּוילישן סיים אַלע דעפּוטאַטן, איינגעשלאָסן די פּוילישע סאָציאַליסטן, די פּ.פּ.ס. אַחוץ די יידן, וועלכע האָבן געשטימט קעגן. די יידן האָבן אין דעם אויבנדערמאַנטן געזעץ געזען אַ געפאַר צו באַגרענעצן די מלאכה פאַר יידן. און אַזוי איז טאַקע געשען. יעדער זעלבסטשטענדיקער בעל־מלאכה האָט געמוזט געהערן צו אַ צעך און יעדעס לערניינגל, וואָס האָט אָנגעהויבן לערנען אַ פאַך, האָט זיך געמוזט רעגיסטרירן.

דערביי זענען אַנטשטאַנען קוריאָזן.

אַזוי, למשל, האָט אַ פאָטער, וואָס זיין זון האָט געלערנט דאָס פאַך ביי אים, געמוזט שרייבן אַ קאָנטראַקט מיט זיך אַליין. ווייל דאָס יינגל איז אַלט געווען 14 יאָר און איז געווען מינדער־יעריק איז דער פאָטער געווען מחויב אונטערצושרייבן דעם קאָנטראַקט מיטן מייסטער ביי וועמען דאָס יינגל הייבט אָן לערנען. אין דעם פאַל האָט דער פאָטער געשלאָסן אַ קאָנ־טראַקט מיט זיך אַליין.

לויטן נייעם געזעץ האָבן די האַנטוועדקער, ווי געזאָגט, געמוזט געהערן צו צעכן. אין פּוילן האָבן דעמאָלסט עקזיס־טירט נאָר קריסטלעכע צעכן, זיי האָבן נישט געוואָלט אָננע־מען קיין יידן אַלס מיטגלידער. איז דעריבער אַנטשטאַנען דאָס פּראָבלעם צו שאַפן יידישע צעכן. לויט דער איניציאַטיוו פון האַנטוועדקער־פאַרבאַנד זענען געשאַפן געוואָרן 5 יידישע צעכן — אַ שניידער־צעך מיט אַ פאַרוואַלטונג, וועלכע איז באַשטאַנען פון יודל ראָזנבערג, י. ראָזנבלום, א. ח. סאַמעלסאָן, פּ. בעלזשיצקי, מ. שטעטער, ע. גראָסמאַן, וו. בידערמאַן, ה. גערנשטאַט, מ. אייזנבערג; שוסטער־צעך — דוד שאַפּמאַן, בערל רובין, הערשל קאַשעראָווסקי, ז. סאַמעלסאָן, א. אייזענ־שמיד און אַנדערע; בעקער־צעך — פאַליק אייזנשטיין, יואל ניידאָרף, ל. ראָזנצווייג, איטשע וואַטענבערג, אברהם עליאַש און אַנד.; טישלער־צעך — ש. י. וואָלקאָוויטש, דוד וואָלמאַן, לייביש וואַלד, ל. געלצמאַן, ה. שטיינבערג, אברהם בייטל און אַנדערע; פליישער־צעך — אַלטער בערמאַנסקי, ש. מילשטיין, אידל זלאָטאָגורסקי און אַנדערע.

די יידישע פריזירער האָבן שוין פון לאַנג געהערט צום קריסטלעכן צעך, ווו זיי זענען באַהאַנדלט געוואָרן אַלס גלייכ־באַרעכטיקטע מיטגלידער. דער פריזירער־צעך איז געווען דער איינציקער געמישטער צעך פון יידן מיט קריסטן צוזאַ־מען אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק.

אין דער פאַרוואַלטונג פון דעם צעך זענען געווען פאַר־טראַטן היימאַן שאַפּשאָוויטש, מ. ראָזען און דער שרייבער פון דעם אַרטיקל.

דער פריזירער־צעך האָט געפירט אַ גוטע טעטיקייט



שטיקעריי־וואַרשטאַט
פון די שוועסטער גאָלדבערג

לטובת די מיטגלידער. עס איז געווען אַ גמילות־חסד־קאַסע פון וועלכער די מיטגלידער האָבן געקאָנט באָרגן געלט אָן פּראָצענט. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן קורסן פאַר די לערנייִנגלעך ווו זיי זענען צוגעגרייט געוואָרן צו די טעאָרעטישע עקזאַמענס. ווען זיי האָבן פאַרענדיקט דעם לערן־טערמין האָבן זיי אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אָן שוועריקייטן.

איך בין געווען טעטיק אין דער פאַרוואַלטונג פון צעך העכער 10 יאָר.

דער האַנטווערקער־פאַרבאַנד אין טאָמאַשאָוו האָט מיט דער צייט אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט און אָנגעהויבן שפּילן אַ באַדייטנדע ראָל אין טאָמאַשאָווער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דער האַנטווערקער־פאַרבאַנד האָט זיך באַטייליקט אין די וואַלן צום שטאָטראַט אין יאָר 1927 און אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג. עס זענען אויסגעוויילט געוואָרן מערערע ראַטמענער. דער שניידער יודל ראָזנבערג איז געוויילט געוואָרן אַלס לאַווניק, ד. ה. אינעם פּרעזידיום פון מאַגיסטראַט. דער לאַווניק האָט צום אָנהייב געאַרבעט לטובת דער יידישער באַפעלקערונג. מיר האָבן אָבער באַמערקט, אַז ער גייט נישט אויפן ריכטיקן וועג פון אַ יידישן געזעלשאַפטלעכן טוער — האָבן מיר געשאַפן אַ בייראַט פון צוואַנציק האַנטווערקער, פאַרשטייער פון אַלע פאַכן, וואָס זענען געווען אָנגעשלאָסן אין פאַרבאַנד.

איך האָב געהערט צו דעם בייראַט. מיר האָבן דעם לאַווניק געגעבן דירעקטיוון ווי אַזוי צו האַנדלען אויף די זיצונגען אין מאַגיסטראַט. דער לאַווניק האָט אָבער נישט אַלע מאָל אויסגעפירט אונדזערע אָנווייזונגען און דעריבער האָט ער זיין קאַריערע שלעכט פאַרענדיקט.

עס איז געלונגען צו באַשעפטיקן אין מאַגיסטראַט יעקב גראַנאַט, דעם סעקרעטאַר פון האַנטווערקער־פאַרבאַנד. דער אינזשיניער ד. ליכטנשטיין איז געוואָרן אַ מיטגליד אין פּרעזידיום פון דער „קאַסאַ קאָמונאַלנאַ" און היימאַן שאַפּשאָוויטש אַלס פאַרטרעטער פון דירעקטאָר אין דער דאָזיקער קאַסע. ה. שאַפּשאָוויטש האָט געאַרבעט לטובת דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָמאַשאָוו און אויף זיין אַמט פאַרשאַפט כבוד און נוצן דעם טאָמאַשאָווער יידנטום. אין שטאָטראַט זענען געווען טעטיק אַלס ראַטמענער מצד דעם האַנטווערקער־פאַרבאַנד אברהם חיים סאַמעלסאָן, דוד שאַפּמאַן, איטשע וואַטענבערג, הערשל שטיינבערג און ש. ראַדזשיצקי.

אַ זייער עקשנותדיקן קאַמף האָבן געפירט די יידישע ראַטמענער און נישט נאָר די האַנטווערקער, נאָר אויך די ראַטמענער פון סוחרים־פאַרבאַנד עמנואל באַרנשטיין און חיים בענגלעראָוויטש, איבערהויפּט אין שייכות מיטן אויפבויען אַ שולע פאַר יידישע קינדער, ווייל אין די עקזיסטירנדיקע שולן איז געוואָרן ענג. אין שטשוטשינערס שולע אויף דער טקאַצקאַ־גאַס איז געווען אַ געפאַר, אַז דער סופיט זאָל איינפאַלן.

אַלע יידישע ראַטמענער האָבן אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג צום שטאָטראַט צו בויען אַ שולע פאַר יידישע קינדער. דער פאָרשלאָג איז דורך דעם שטאָטראַט אָנגענומען געוואָרן. עס איז פאַרגעלייגט געוואָרן די יידישע ראַטמענער, זיי זאָלן געפינען אַ פּאַסיקן פּלאַץ פאַר אַ פאָלקס־שול פון יידישע קינדער.

איך האָב זיך באַטייליקט אין דעם זוכן, עס איז געווען אַ שווער פּראָבלעם, אין דער שטאָט איז נישט געווען קיין פּאַסיקער פּלאַץ. עס זענען געווען פיל פעלדער אויסער דער שטאָט, אָבער עס איז גוט געווען באַקאַנט, אַז יידישע קינדער קאָנען נישט גיין הינטער דער שטאָט צוליב די שיקאַנעס מצד קריסטלעכע קינדער.

ענדלעך האָבן מיר געפונען דעם פּלאַץ נאָך וואַסערמאַנס הויז, אין אָנהייב פון פּיעטרקאָווער שאָסיי אויף דער רעכטער זייט.

נאָך שווערער מי איז מען ענדלעך צוגעטראָטן בויען די שולע. נאַטירלעך, אַז מען בויט שוין, האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ מאָדערנע געביידע מיט אַ מעטעאָראָלאָגישער סטאַציע אויפן דאַך. און דאָס איז געווען אַ חסרון — די כלה איז געווען צו שיק... די אַנטיסעמיטישע געזעלשאַפט אין טאָמאַשאָוו מיטן דאָקטאָר נאַרעווסקי בראש, האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן, אַז יידישע קינדער זאָלן האָבן אַ שיינע שולע — האָבן זיי איינגעלייגט וועלטן און נישט דערלאָזן, אַז די שולע זאָל זיין פאַר יידישע קינדער. דער פּ.פּ.ס.ישער מאַגיסטראַט, מיטן פּרעזעס סמולסקי בראש, האָבן זיך געמאַכט פאַרגעסן, אַז אין די פּראָטאָקאָלן פון שטאָטראַט איז פיל מאָל אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז עס ווערט געבויט די שולע פאַר יידישע קינדער. עס האָבן נישט געהאָלפן אונדזערע פּראָטעסטן און דאָס סאַבאָטירן די זיצונגען פון שטאָטראַט. זיי האָבן די שולע פאַרענדיקט, געגעבן אַ נאָמען נאָך פּילסודסקין און זי איבערגעגעבן דעם שולראַט פאַר קריסטלעכע קינדער. די יידן האָבן אָבער נישט נאָכגעגעבן און נאָך פיל קאַמפן האָבן די שטאָט־טאַטעס באַשלאָסן איבערצוגעבן דעם זקנים־הויז אויף סטאַלאַרסקאַ־גאַס פאַר אַ שול פון יידישע קינדער. דער לערער ג. שטשוטשינער האָט אַריבערגעפירט זיין שול אין דער דאָזיקער געביידע און די יידישע קינדער האָבן דאָרט געלערנט ביז צו דער פינצטערער מלחמה.

די געשאַפענע צעכן האָבן אָנגעהויבן מאַכן שבת פאַר זיך. דערמיט האָבן זיי אָפּגעשוואַכט די טעטיקייט און עקזיסטענץ פון דעם האַנטווערקער־פאַרבאַנד.

דאָן איז געקומען די צעשפּליטערונג. משה שטעטער האָט מיט דער הילף פון שרייבער און זשורנאַליסט הערש־איסר ראָזנבלום צוגעצויגן צו דער אַרבעט אויך דעם ד"ר ראַטענ־

בערג און זיי האבן געשאפן א לאקאלן האנטווערקער־פאראיין, וועלכער איז נישט געווען אנגעשלאסן אין קיין צענטראלע. און אזוי ווי אין די גרויסע שטעט, ווי ווארשע, האט זיך געשאפן א סאציאליסטישער האנטווערקער־פאראיין — אזוי האט זיך אויך אין די קלענערע שטעט, ווי טאמאשאוו, געשאפן אזא האנטווערקער־פאראיין.

דער זייער פאפולערער בונדישער טוער שמשון קאשעראווסקי האט געשאפן א סאציאליסטישן האנטווערקער־פארבאנד. דאס האט דעם אמאליקן גרויסן האנטווערקער־פארבאנד צעשפליטערט. אבער קיין איינער פון די דריי האנטווערקער־ארגאניזאציעס האט נישט געהאט די מעגלעכקייט צו עקזיסטירן. אלע האבן זיי געהאט מאטעריעלע שוועריקייטן. די האבן געפירט א קליינע טעטיקייט, יעדער באזונדער. מיר האבן דעם גרויסן האנטווערקער־פארבאנד איבערגעצויגן אין א קלענערן לאקאל און שפעטער אין נאך א קלענערן, און דאן איז אויסגעבראכן די מלחמה. עס זענען אונטערגעגאנגען די ידישע ארגאניזאציעס און אויך די טאמאשאווער יידישע האנטווערקער האבן צוזאמען מיט זייערע פירער געטיילט דעם גורל פון די זעקס מיליאן אייראפעאישע יידן.

כבוד זייער אנדענק!

# די עקזיסטענץ פון טאמאשאווער סוחרים

חיים בענגלעראוויטש
פרעזעס פון טאמאשאווער סוחרים־פארבאנד

עס איז אלעמען געגוג באוווסט, אז דאס סוחרטום בכלל און דאס טאמאשאווער סוחרטום בפרט, לעבט זינט א צייט איבער א שווערן קריזיס. נאך טרויעריקער איז אבער די לאגע פון די סוחרים אויף להבא.

דער גרעסטער ווײ־געשריי פון סוחר איז צוליב דעם דרוק פון די שטייערן־שרויפן. דאס האט צעבראכן און רואינירט די עקזיסטענץ פון סוחרטום און אונטערגעבראכן צענדליקער ריזן־פירמעס, וועלכע האבן עקזיסטירט לאנגע יארן.

פיל ערגער ווי די שטייערן־פראגע איז די קאנקורענץ צווישן די סוחרים. וואס שייך די שטייערן, מוזן מיר זיי צאלן. מיר מוזן דאך שטיצן און העלפן בויען דאס לאנד, אנטוויקלען דאס פוילישע לאנד ווו מיר לעבן, פירן געשעפטן און עקזיסטירן. מיר מוזן אבער נעמען אין באטראכט, אז דאס לאנד ציילט קרוב 30 מיליאן איינוווינער, פון דעם כמעט 70 פראצענט דארפישע באפעלקערונג און ארום 30 פראצענט שטאטישע בירגער, וועלכע מוזן אויסהאלטן דעם גרעסטן טייל פון מלוכה־בודזשעט.

פארשטענדלעך, אז צוליב דעם פאלט ארויף די הויפטלאסט פון צאלן שטייערן אויפן סוחרטום און ווייל דער מסחר געפינט זיך דער עיקר אין יידישע הענט, זענען די הויפטצאלער פון די שטייערן די יידן.

אלס מיטגליד פון דער שטייערן־קאמיסיע קומט מיר נישט איין מאל אויס צו פירן פאר גערעכטיקייט א קאמף מיט דעם ארטיקן שטייער־אמט, בכדי פארקלענערן, אדער באפרייען געוויסע סוחרים און קליינהענדלער פון געוויסע שטייערן.

איך וויל זיך דא נישט אפשטעלן ווער עס טראגט די שולד אין דער דאזיקער לאגע, אבער אויך אונדזערע פארשטייער פון דער צענטראלע אין ווארשע זארגן ווייניק לטובת די יידישע סוחרים אין די פראווינץ־שטעט.

בלייבט אלזא העלפן זיך מיט אייגענע כוחות, ווי ווייט עס איז מעגלעך. די צרה איז אבער, וואס אויך ביי אונדז שטיצן די, וואס קענען העלפן, פון דער ווייטנס און שטיצן נישט דעם ארטיקן סוחרים־פאראיין, וועלכער ציילט ארום 600 מיטגלידער.

די דאזיקע צאל מיטגלידער געהערט צו 15 בראנזשעס, וועלכע זענען צו ווייניק סאלידאר בכדי צו בילדן א שטארקן פראנט פון ארגאניזירטע סוחרים, סיי אויפן געביט פון ליגדערן די שטייערן און סיי אויפן געביט פון באקומען קרעדיטן, וועלכע זענען איינע פון די באדינגונגען פאר דער עקזיסטענץ פון די סוחרים.

און נאך צוויי גורמים — דאס פעלן פון סאלידאריטעט און די קאנקורענץ — פירט צו רואינע פון סוחרטום. דער סוחר איז „בלינד" און זעט נישט, אז דורך דער קאנקורענץ פירט ער אליין צו א קאטאסטראפע.

די דעטאל־סוחרים באקומען זייער רווח לויט באשטימטע רעגירונגס־פרייזן. אזוי למשל באקומען סוחרים פון קאלאניאל־סחורות 12% פארדינסט, גאלאנטעריע־סוחרים — 20% פארדינסט, אבער צוליב דער קאנקורענץ פארקויפן די סוחרים מיט א קלענערן פארדינסט, ווי עס איז זיי דערלויבט געווארן.

נישט איין מאָל בין איך געשטאַנען פֿאַר דער שטייערן־קאָמיסיע און געקעמפֿט. איך האָב זיך באַמיט אויפֿצוקלערן, אַז דעם סוחר בלייבט אַ גאַנץ קליינער פֿאַרדינסט, פֿיל ווייניקער ווי עס איז אים דערלויבט און דאָס טוט ער, ווייל ער וויל עפּעס פֿאַרקויפֿן, כדי קענען עקזיסטירן. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפֿן. איך האָב אָפּטמאָל אויפֿגעוויזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז די קליינהענדלער פֿאַרדינען צייטנווייז פֿון 2 ביז 5 פּראָצענט און די לאַגע זייערע איז אַ טרויעריקע. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפֿן. זיי האָבן געמוזט באַצאָלן אַלע שטייערן לויטן פּראָצענט, וואָס דער שטייער־אַמט האָט אָנערקענט אַלס פֿאַרדינסט.

די סוחרים דאַרפֿן אַלזאָ וויסן, אַז עס איז די העכסטע צייט צו ליקווידירן די נאַרישע קאָנקורענץ צווישן זיך, וועלכע איז נישט קיין מיטל פֿאַר עקזיסטענץ, נאָר אַ געווער קעגן זיך אַליין. מיר דאַרפֿן זיך בעסער אָרגאַניזירן אין סוחרים־פֿאַראיין, שטיצן די קעגנזייטיקע הילף, סאָלידאַריזירן זיך איינער מיטן צווייטן, העלפֿן איינער דעם אַנדערן. נאָר אויף דעם אופֿן וועלן מיר זיך קענען אַנטקעגנשטעלן די אויסערלעכע גורמים, וועלכע רואינירן אונדזער עקזיסטענץ.

אַלס פֿאָרשטייער פֿון היגן סוחרים־פֿאַרבאַנד, האָב איך שוין אייניקע מאָל געפּרוּווט אונטערנעמען אַ פּילזייטיקע אַקציע צו רעאָרגאַניזירן דאָס גאַנצע טאָמאַשאָווער יידישע סוחרטום און בילדן אַ שטאַרקן כוח. ליידער איז עס מיר נישט געלונגען צוליב דעם, וואָס פֿיל סוחרים שטייען פֿון וויטנס און רופֿן זיך נישט אָפּ, באַזונדערס די וועלכע זענען שטענדיק פֿאַרהאָרעוועט און קעמפֿן פֿאַר זייער פּרנסה.

נישט קוקנדיק דערויף וועל איך בקרוב רופֿן אַלע היגע יידישע סוחרים, דעם פּרעזעס פֿון דער קהילה און אַנדערע פֿאָרשטייער פֿון די יידישע אינסטיטוציעס אויף אַ באַראַטונג וועגן דער לאַגע פֿון טאָמאַשאָווער סוחרטום.

(פֿון „טאָמאַשאָווער וואָכנבלאַט״)

# פּאַרטייען און יוגנט־באַוועגונגען אין טאָמאַשאָוו

טראָץ די גרעסטע אָנשטרענגונגען פון די קאָמיטעט־חברים פון אונדזער יזכור־בוך האָבן מיר לײדער נישט געקענט שאַפן דעם קאָמפּלעטן מאַטעריאַל וועגן דעם אַלדיטיקן פּאַרטייאישן־לעבן אין אונדזער שטאָט.

נאָך דער טאָטאַלער פאַרניכטונג פון דער פּרעכטיקער טאָמאַשאָווער קהילה זענען געבליבן זייער ווייניק אַזעלכע, וועלכע וואָלטן געקענט איבערגעבן וועגן דעם, אַז די טאָמאַשאָווער יוגנט און אויך די עלטערע יידישע באַפעלקערונג זענען כמעט אַלע געווען אָרגאַניזירט אין די פּאָליטישע פּאַרטייען און באַוועגונגען פון אַלע שטרעמונגען און שאַטירונגען.

יעדער איינער האָט געהאַט זיין אידיי און געקעמפט פאַר איר פאַרווירקלעכונג. ווער עס האָט זיך נישט פאַרנומען מיט קיין פּאָליטיק איז געווען אָרגאַניזירט אין די ספּאָרט־קלובן, געווען טעטיק אין פאַרשידענע הילפס־אינסטיטוציעס, קולטור־ און געזעלשאַפטלעכע פאַרבאַנדן, פאַך און האַנטווערקער־פאַראיינען, פרויען־אָרגאַניזאַציעס א.ד.גל.

עס איז צום באַדויערן, וואָס מיר האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַראייביקן אין דעם יזכור־בוך, בעיקר וועגן דער פאַרצווייגטער טעטיקייט פון די גרויסע רעליגיעזע פּאַרטייען אין אונדזער שטאָט, ווי אגודת ישראל, פּועלי אגודת ישראל, מזרחי און פּועלי מזרחי, וועגן זייערע יוגנט־באַוועגונגען און רעליגיעזן שול־וועזן.

ווייניקע זענען געבליבן פון די שיינע טאָמאַשאָווער רעליגיעזע געשטאַלטן און די איינצלנע, ביים לעבן געבליבענע רעליגיעזע לאַנדסלייט, האָבן נישט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן אינטערעס פאַרן יזכור־בוך, בכדי פאַראייביקן זייערע נאָענטע אידיי־חברים.

מיר האָבן זיך געווענדט צו זיי צענדליקער מאָל דורך בריוו, מיר האָבן צו זיי געשיקט חברים פון בוך־קאָמיטעט, אָבער אָן רעזולטאַט.

נאָך מער: מיר האָבן אַפילו געמאַכט אַ דרוק אויף געוויסע רעליגיעזע לאַנדסלייט דורך אונדזערע שטאָטישע פון אויסלאַנד, אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן.

עס איז טרויעריק, אַז דווקא די רעליגיעזע לעבן־געבליבענע האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ גלייכגילטיקייט פאַרן יזכור־בוך, וואָס דאַרף זיין אַ ווירדיקע מצבה פאַר אונדזער פאַרניכטעטער קהילה און דערונטער פאַר די רבנים, שוחטים, חזנים און בעלי־תפילות, חסידים, גלויביקע און נישט־גלויביקע יידן. וואָס פאַרא שאָד, וואָס אַזאַ שיינע געשטאַלט און אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טוער ווי שלמה וואַקס ז״ל האָט נישט זוכה געווען צו זיין איצט מיט אונדז ביים אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך און פאַראייביקן די טאָמאַשאָווער קהילה. ער האָט אויף מיר און אויך אויף אַנדערע געמאַכט אַ דרוק דורכצופירן די הייליקע זאַך.

שלמה וואַקס איז געווען אַן אַקטיווער טוער פון טאָמאַשאָווער „מזרחי". ער האָט געהערט צו די אַקטיווסטע טוער פון טאָמאַשאָווער פאַרבאַנד אין ישראל ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן. ער וואָלט זיכער געזאָרגט, אַז זיין פּאַרטיי און אפשר אויך דאָס גאַנצע רעליגיעזע לעבן זאָל געפינען דעם געהעריקן פּלאַץ אין ספר הזכרון.

אויך די איינצלנע געבליבענע פון אַנדערע באַוועגונגען האָבן זיך נישט אָפּגערופן ווי געהעריק.

איך גלויב, אַז דאָס וואָס מיר האָבן יאָ באַוויזן צו שאַפן, וועט זיין נישט קיין קליינער ביישטייער צו באַלייכטן דאָס ברויזנדיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע לעבן אין אונדזער שטאָט. אַלנפאַלס ווילן מיר בעטן אַנטשולדיקונג ביי די אַלע, וועלכע קענען מיינען, אַז מיר האָבן געהאַט אַ כוונה עמיצן צו באַעוולען. מיר שטרייכן אונטער נאָך אַ מאָל, אַז עס איז אַ גרויסער שאָד, וואָס די לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געקענט אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד זייערע אידעאיש נאָענטע חברים און פריינד, האָבן דאָס פאַרנאַכלעסיקט.

**משה ווייסבערג**

# הציונים הראשונים

י. שטינמן

מי הביא את בשורת הגאולה לטומשוב? מי היו הציפורים הראשונות ששרו את שיר תחית העם בארצו? הלא הם היו: רב, איש חסיד מופלג, בעל־בית פשוט ונער בן עשר.

בשנת 1880 עבר עלי חורף קשה. בכל יום הייתי מקשיב לדרשות „המגיד מקלם" שהיה דורש בכל יום בבית־המדרש. היה לו כשרון של נואם גאוני. בהעוויותיו ובתנועותיו בשעת הדרשה היה דומה לשחקן תיאטרוני, ובניגונו היה מקסים את לב שומעיו. משליו וסיפוריו על הגיהנום, תאורי העינויים של הפושעים עשו רושם כאילו הראה צילומים ותמונות חיות מהגיהנום. בדרשותיו היה מקיף את חיי היהודים החילוניים והדתיים. הוא הכריז מלחמה על בתי־הספר, על ההשכלה, על אלה שלובשים בגדי נכרים, על הנשים שיוצאות בלי פאה נכרית, על הקרינולינות ועל השרוולים הקצרים של הנשים. הוא היה מעביר לפני שומעיו את חטאי ופשעי בני העיר, והיה מראה בצבעי־אש את העונש הצפוי לעבריי־נים. היה מתאר את התופת, את מלאכי החבלה, את הדודים עם הזפת הבוערת שבהם „מבשלים" את החוטאים.

כל שומעי דרשתו היו עומדים כאילו נידונו ונכוו ברותחים, ורבים הושפעו מדבריו ושינו את אורח חייהם.

השפעתו על האורגים היתה רבה. אחרי דרשותיו המרו־בות הם יסדו חברה „חיי אדם", וחבריה היו לומדים אחרי תפילת המנחה בבית־המדרש, וכמו כן „חברת תהילים" אשר חבריה היו גומרים בכל יום שבת לפנות בוקר את כל ספר התהילים, ואחרי כן היו לומדים מפי ר' מונק את פרשת השבוע עם פירוש האלשיך.

כל הדרשות האלו, כל הסיפורים על התופת, על מלאכי החבלה ודודי הזפת, השפיעו על נשמתי הילדותית, דכאו את רוחי והרעילו את שנותי הילדותיות. ביום לא מצאתי לי מנוחה, כי הייתי „בעל עבירה" בעיני, ובלילה ביעתוני הגיה־נום ומוראיו, והרבה פעמים העירוני הורי משנתי, כי בכיתי וצעקתי מפחד בלילות.

לשיווי המשקל החזירני הרב יוסף אלקלעי מבלגרד, שמראהו היה מהודר ומקסים, כי היה בעל קומה, יפה־תואר עם זקן כשלג, ולא חבש שטריימל, כי אם צילינדר. הוא סר לעירנו זמן קצר אחרי צאתו של המגיד מקלם והביא עמו רוח אחרת של חיים ותחיה. דברים חדשים נשמעו לגמרי מדרשותיו: על המצב הכלכלי והפוליטי של היהודים, על ארץ־ישראל, על הצורך להתחיל בישוב הארץ כל זמן שארץ־ישראל חרבה ושוממה. את דרשתו הראשונה הוא סיים בשאגה:

— יהודים! הביטו בעד החלונות החוצה וראו: „הנה מלך המשיח עומד מאחורי כתלנו, הוא מחכה שאתם תעזרו לו, ואם תתחילו בישוב הארץ, יופיע מיד!"

איזה רושם עשה נאומו על אחרים לא ידעתי, אבל עלי, על הילד הקטן, השאירו דבריו רושם לכל ימי חיי. מאז היו כל שיחותי עם חברי בחדר על הנושא: „המשיח וארץ ישראל".

### אהבת ציון

מלבד המתבוללים שהתיחסו בביטול לרעיון הציוני, והחסידים שיצאו נגדו במלחמת תנופה ובכל מיני הלצות, מעשיות בדויות והשמצה, היו שאר יהודי טומשוב, אפילו האדישים שבאדישים, ציונים ברוחם ונפשם, והביעו תמיד את אהדתם וחיבתם לציונות.

עוד בשנת תרמ"ג נתן לי אורג צעיר מתנה ליום הבר־מצוה שלי, את ספרו של נחום סוקולוב: „ארץ חמדה", ואחר נתן לי את המפה העברית של ארץ־ישראל. המאסף הציוני „דער וועקער" של לילנבלום, היה ספר־השולחן בביתם של מאות יהודים בטומשוב.

עם הופעת הציונות המדינית היא מצאה לה שדה נרחב לזריעה בטומשוב, ולאות אהדתם לציונות, נשאו כמעט כל יהודי טומשוב את הז'טון הציוני מחובר לשרשרת השעון שלהם. קנו מספר גדול של שקלים, עד כי לקונגרס השישי נשלחו שלושה צירים מטומשוב, — יותר משמשלחה ורשה, ולאחד מהם נתנו את הוצאות הדרך לבזל.

בכל המגביות שנערכו בעירנו לטובת הציונות וקרנו־תיה נאספו סכומים הגונים, והכל מהיהודים הפשוטים והדלים, כי העשירים לא נתנו כמעט מאומה. כשיצאתי לאסוף כסף בשביל הטכניון העברי בחיפה בלחמו את מלחמת השפה העברית, אספתי במשך שעות אחדות מאה רובל מעניים ודלים.

בשנת תרפ"ה, שנת פריחתה של התעשיה בעירנו, נאספו לטובת קרן־היסוד 75,000 זהובים, — סכום ששום עיר בפולין מלבד לודז' וורשה לא נתנה כמוהו, וגם בקרנות האחרות תמכו אנשי עירנו ביד רחבה.

בעיניים עצומות הלכו אחרי הציונים בכל הבחירות לסיים הפולני, לקהילה ולעיריה, ותמיד קיבלה הרשימה הציונית שמונים אחוז מקולות הבוחרים היהודים בעירנו.

יהודי־טומשוב היו הראשונים בפולין ששמעו לכרוזו של ד"ר הרצל: „כבשו את הקהילות", והורידו את המתבול־לים וגרוריהם החסידים מכסאותיהם בקהילה ומסרו אותה

בידי הציונים. ורבים מהם סבלו מזה הפסדים ונזקים גדולים, עד אבידת פרנסתם, שבאה להם מהחרשתנים המתבו־ללים.

בדבר אחד חטאו יהודי טומשוב לציונות, והחטא הוא: העליה ־ הבלתי מספיקה לארץ־ישראל. אמנם העניים שבהם השתוקקו לעלות ולא יכלו, כי חסרו להם האמצעים לעליה וגם סרטיפיקטים. והאמידים שבהם, וביניהם ציונים טובים, אטמו את אזניהם ולא רצו לשמוע בדברי אליהם ובבקשי אותם שיעבירו לכל הפחות חלק מהונם לארצנו. בכל זאת נמצא בארץ מספר גדול של בני־טומשוב מכל הזרמים והמפלגות, שהשתרשו בה וחיים בה חיי עבודה שקטים מתוך מסירות ואהבה למולדת.

# אגודת חובבי השפה העברית

יצחק גילון (זילינסקי)

**(הערות ליסוד התנועה הציונית הכללית בטומשוב)**

עוד בסוף המאה ה־19 היו בטומשוב יהודים רבים, אשר בהשקפותיהם נטו לתנועה הציונית. העובדה המעידה על כך היא, שבשנת 1897 נמכרו בעירנו עשרות שקלים ובטומשוב נבחר ציר לקונגרס הציוני הראשון בבזל. היה זה מר לנדאו ממשפחת לאנדסברג. לנדאו היה יהודי מתבולל, אשר נטה לתנועה הציונית ואחר כך עבר שוב לצד של מתנגדי הציונות.

היות והשלטון ברוסיה הצארית אסר להקים את התנועה הציונית, נוסדה בשנת 1912 „אגודת חובבי השפה העברית" וכל הפעולות הציוניות התקיימו במסגרת האגודה הזו ותחת שליטתה.

בין הצעירים אשר יסדו את האגודה והיו פעילים בה היו: יעקב שטיינמן, יצחק גילון (זיעלינסקי) החי בתל־אביב, מנחם ליפשיץ, צבי כהנא, שלמה (סלומון) וסרמן, סמואל שטינמן, וייס מאיר, פרוינדליק סמואל ואחרים.

עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה התחילה להתארגן הסתדרות הציונית הכללית בטומשוב באופן חוקי ובראשה עמד מר יעקב שטינמן, והחברים הנ"ל היו חברי הוועד הפעילים בתנועה.

הפעולה העיקרית החלה בשנת 1915 והתרכזה סביב ענין הקהילה וארגון הפעולה הציונית בשטחים שונים: התרבות העברית, חינוך ציוני־לאומי, ארגון הקרנות ועוד.

אחת הפעולות הראשונות באותה שנה (1915) היתה הקמת בית־הספר „התחיה", שבו למדו פרט לשפה הפולנית והגרמנית, הרבה שעות עברית. בית הספר ערך טיולים, בעיקר בל"ג־בעומר, כגון טיול לספלה עם דגלים לאומיים (תכלת־לבן) וכל זה ברשות השלטון הגרמני.

כותב השורות האלו קבל מטעם השלטון את הרשות לשאת את הדגל הלאומי.

מנהל בית הספר היה שמעון פיזיצקי.

התנועה היתה פעילה בחיים המקומיים: ציבוריים וחבר־תיים, פוליטיים ותרבותיים אנו היינו פעילים בבחירות לקהילה, בבחירת רב או חזן. ניהלנו מאבק נגד החסידות והבונד, בעד החיים הלאומיים, הקשורים לתחית העם בארצו.

בשנת 1915־16 התקיימה בוורשה הועידה הראשונה של הסתדרות הציונית הכללית בשטחים הכבושים על ידי הגרמ־נים. יושב ראש הועידה היה הרשל פארבשטיין, יושב־ראש הקהילה בוורשה, ואחר כך יושב־ראש של המזרחי וציר בסיים הפולני.

אני הייתי ציר בוועידה — מטעם הסתדרות הציונות בטומשוב. כדי להגיע לוורשה היה צורך לשלם עבור האישור מהשלטון הגרמני 20 מרקים בזהב. בוועידה זו נבחרתי כחבר הועד המרכזי של ההסתדרות הציונית בפולין.

בשנת 1918 עברתי לפביאניצה כמנהל הגמנסיה העברית של הקהילה היהודית, ברשת בתי־ספר של ד"ר מרדכי בראודה.

# פון מיין ציוניסטישער טעטיקייט אין טאמאשאוו

חיים כהן (קאַגאַן)

נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר פון מיין זיין אין ארץ־ישראל אין מטולה, האָב איך זיך געמוזט צוריקקערן קיין פּוילן.



חיים כהן (קאגאן)

איך האָב זיך באַזעצט אין טאָמאַשאָוו און געעפנט דעם ערשטן יידישן פאָטאָגראַפיע־אַנשטאַלט אויף דער אַנטאָניעגאָ־גאָס 24. מיין אַנשטאַלט איז נישט נאָר געווען אַ פּלאַץ פון וועלכן איך האָב געצויגן מיין חיונה, נאָר אויך אַ צענטער, וואָס האָט געדינט פאַר אַ פאַרצווייגטער ציוניסטישער טעטיקייט.

אין די יאָרן 1911—1913 האָבן מיר נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן צו פירן אַ פאַרצווייגטע ציוניסטישע אויפקלערונגס־אַרבעט. דאָס איז ממש פאַרבאָטן געווען דורך דער צאַרישער רעגירונג.

דאָך האָט זיך אָרגאַניזירט אַ קליינע גרופּע בחורים און אונטערן נאָמען „חובבי שפת עבר" האָבן זיי זיך איין מאָל אין וואָך צוזאַמענגעקומען, כדי אָרגאַניזירן און פאַרשפּרייטן די ציוניסטישע אידיי.

דעמאָלט האָט שוין עקזיסטירט דער קולטור־מוזיקאַלישער פאַרבאַנד „הזמיר", צו וועלכן עס האָבן געהערט אַ סך אַסימילירטע יוגנטלעכע.

די חברים פון „חובבי שפת עבר" זענען געווען גלייכצייטיק מיטגלידער פון „הזמיר" און עס איז זיי געלונגען צו פאַרוואַנדלען אים אין אַ פאַרבאַנד, וועלכער האָט געטראָגן אַ נאַציאָנאַלן און פאָלקס־כאַראַקטער.

מיטן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג אין יאָר 1914, האָט מיך דער גורל פאַרוואָרפן קיין פּאָלטאַווע, ווו איך האָב פאַרבראַכט 4 יאָר, דאָס הייסט די גאַנצע צייט פון וועלט־קריג. דאָס זיין אין פּאָלטאַווע האָט אויף מיר געווירקט אידעאיש און אויסקריסטאַליזירט מיינע אַנשויאונגען.

ווען איך בין צוריקגעקומען קיין טאָמאַשאָוו, האָב איך באַמערקט, אַז עס האָט זיך דאָ ווייניק וואָס געענדערט, הגם עס האָבן זיך שוין באַוויזן צו שאַפן געוויסע ציוניסטישע גרופּירונגען. צווישן אַנדערע האָט זיך געגרינדעט די ציוניסטי־





די געזעגענונג פון חבר חיים קאַגאַן צו זיין עולה זיין קיין א"י אין יאָר 1933

שע פרויען־ארגאניזאציע „בנות ציון". די גרינדערינס פון דער דאזיקער ארגאניזאציע זענען די צווי מיידלעך: באל־טשע קליין און לאה זאמענטשקאווסקא. אלס פרעזעס פון דער ארגאניזאציע איז אויסגעקליבן געווארן יעקב שטיינמאן און אלס וויצע־פרעזעס — הערש־יצחק כהנא.

איך האב געהאט פיל גוטע פריינד און חברים, וועלכע זענען געווען גוטע ציוניסטן. צו זיי האבן געהערט מענדל ליפשיץ און הערש־איסר כהנא. לײדער זענען די ביידע נישט געווען אידעאיש פאראייניקט און עס איז מיר נישט געלונגען זיי צו פאראייניקן. עס איז מיר אויך נישט געלונגען צו פאר־איניקן די פארשידענע צעשפליטערונגען, וועלכע האבן גע־הערשט אין דער ציוניסטישער באוועגונג אין טאמאשאוו. אין זאך האט זיך מיר יא איינגעגעבן: צו ארגאניזירן די צעירי־ציון־באוועגונג און א גרויסער טייל פון דער פרויען־ארגאניזאציע „בנות ציון" האט זיך אנגעשלאסן אין די רייען פון „צעירי־ציון".

איך האב געשטרעבט צו אן אלגעמיינער פאראייניקונג. צו דעם צוועק האב איך זיך געוואנדן קיין ווארשע צום מרכז. עס זענען טאקע געקומען צווי פארשטייער: די ברידער גראַ־וויצקי (היינט אין ישראל), אבער צו קיין פאראייניקונג איז נישט געקומען.

אין יאר 1923־24 הייבט זיך אן די יוגנט־עליה. די ערשטע, וועלכע זענען פון אונדזער פארטיי אין טאמאשאוו עולה געווען קיין ארץ־ישראל זענען געווען: זלאטניצקי און מיינע 2 ברידער הלל און יצחק כהן. הלל איז געווען לייטער פון „סולל־בונה" אין ישראל און יצחק — לייטער פון דער פאבריק „חמת". אויך צווי חברות זענען דעמאלט אוועק קיין ארץ־ישראל: רבקה וואלד און מאניא באנד.

אין די יארן 1925־26 הייבט זיך אן צו אנטוויקלען דער פאלעסטינע־אמט און עס הייבט זיך אן א גרעסערע עליה. אין דער צייט זענען אויך עולה געווען מיין מוטער און שוועסטער און פיל חברים פון אנדערע שטעט.

אין יאר 1926 איז אין טאמאשאוו געגרינדעט געווארן דער יידישער האנטווערקער־פארבאנד און דאס האט גורם געווען צו א פארברייטערונג פון אונדזער פארטייאישער אר־בעט. עס איז אונדז געלונגען צו שאפן ביים האנטווערקער־פארבאנד א קולטור־קאמיסיע, וועלכע האט אונדז דערמעג־לעכט פירן א פארצווייגטע ציוניסטיש־סאציאליסטישע טעטי־קייט. וועמענס הויפט־לאזונג איז געווען: „פארן קיין ארץ־ישראל". דעמאלט טאקע בין איך מיט מיין משפחה עולה גע־ווען קיין ארץ־ישראל.

# צעירי־ציון און פועלי־ציון צ. ס. אין טאָמאַשאָוו

(געזאַמלט דורך: בלה כהן, זלמן זהבי, מיכאל גראַסמאַן, פרץ בייטעל און שלמה בירנשטאַק)

אין יאָר 1911, ווען אונדזער חבר חיים קאַגאַן איז צוריקגעקומען קיין טאָמאַשאָוו פון ארץ־ישראל, פון דער מו־שבה מתולה, אין גליל העליון, נעמט ער זיך אַקטיוו מיט־אַרבעטן אין שוין עקזיסטירנדיקן קרייז „חובבי השפה העברית".

כמעט אַלע חברים זענען דאַן געווען מער־ווייניקער ביר־גערלעכע און האָבן גערעדט פויליש. אין יאָר 1913־14 נעמט ח. קאַגאַן אויך מיטאַרבעטן אין מוזיקאַלישן דראַמאַטישן קרייז „הזמיר", וווּ עס האָט געהערשט אַ גרויסע אַסימי־לאַציע, וועלכע האָט נעגירט די יידישע שפּראַך.

אין יאָר 1913, ווען דער גרויסער יידישער שרייבער שלום עליכם האָט באַזוכט פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, און אויך געוואָלט באַזוכן אונדזער שטאָט, האָט זיך די פאַרוואַלטונג אַרויסגעזאָגט קעגן דעם באַזוך מיטן מאָטיוו, אַז די יוגנט איז נישט פאַראינטערעסירט צו הערן יידישע רעפעראַטן. און אַזוי אַרום האָט טאָמאַשאָוו נישט געהאַט די זכיה, אַז שלום עליכם זאָל זיין דער גאַסט פון טאָמאַשאָוו און געבן דאָ זיין פאָרטראַג.

אין יאָר 1919 גרינדעט זיך די „צעירי ציון". צו דער גרופּע געהערן אַ סך חברות, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון „עזרת נשים" און פון „בנות ציון". די גרינדער פון דער באַוועגונג זענען געווען: יוסף גראַוויצקי, זאב ברזילי פון צ.ק. און ח. קאַגאַן פון טאָמאַשאָוו.

די באַוועגונג נעמט זיך אינטענסיוו צו פאַרשידענער גע־זעלשאַפטלעכער און קולטורעלער טעטיקייט.



כרטיס־חבר של דב קרון (1918)

עס ווערט געשאַפן אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט צו וועלכן עס געהערן די בעסטע יוגנטלעכע. אַ דאַנק דער סיסטעמאַ־טישער אַרבעט און דעם רייכן אינהאַלט פון די רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס, ווי ביאָלאָגיע, נאַטור־וויסנשאַפט,


צעירי־ציון (1917)

פילאָסאָפיע, געשיכטע פון ציוניזם, סאָציאַליזם און יידישע געשיכטע, ווערן די לעקציעס גוט באַזוכט.

די לעקציעס קומען פאָר 2 מאָל אַ וואָך — דינסטיק און פרייטיק. עס באַטייליקן זיך אַ חוץ די לעקטאָרן און לערער פון דער יידישער גימנאַזיע, אויך אַדוו. שטערנפעלד, ד"ר הירשפרונג, יאַקובאָוויטש און אַנדערע.

די ציוניסטישע יוגנט האָט זיך פאַרזאַמלט אין לאָקאַל אויף קאָסציושקאָ 16. צו דער דאָזיקער יוגנט האָט געהערט דער בעסערער עלעמענט פון יונגן יידישן דור אין אונדזער שטאָט.

אין יאָר 1918, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן אַ סך פאַרלאָזן די שטאָט און צוליב דעם איז די „פּראַקציע" געוואָרן שוואַכער. אין יאָר 1920 ווערט געגרינדעט דער „מרכז". דער לאָקאַל געפינט זיך אויף אַנטאָניעגאָ־גאַס 20, ביי שעראַדזקין אין הויז.

פסח 1921 גרינדעט זיך די צ.ס.־פּאַרטיי. די גרינדער זענען די חברים: חיים קאַגאַן, ברידער אַקסעלראָד, דוד שעפּס, בעלאַ קליק, משה פלאַפאַן, כאַנטשע גאָלדקראַנץ, רבקה וואַלד, מרים באַנד, ברידער בייטל און אַנדערע.

אין יאָר 1923 קומט פאָר די פאַראייניקונג פון דער „צעירי־ציון" מיט „פועלי־ציון" און די פּאַרטיי באַקומט דעם נאָמען „פועלי־ציון צ.ס."

אין משך פון דער צייט קומען פאָר פאַרשידענע פּאָליטישע רייבונגען. די אָרגאַניזאַציע גייט איבער אין אַ נייעם



איחוד צעירי־ציון עם צ. ס. (1920)
(די פאַראייניקונג)



אַ גרופּע חברים פון פועלי־ציון צ. ס. אין יאָר 1924 מיט די צוויי חברטעס מרים באַנד און רבקה וואַלד ערב זייער עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

לאָקאַל, איבער דער בריק אויף גוסטאַוונאַ־גאַס, ביי אַלטער קראַשינסקי אין הויז.

עס אָרגאַניזירן זיך פאַרשידענע קולטורעלע קרייזן ביי דער מיטהילף פון חברים פון צ.ק. און אויך פון אָרטיקע כוחות. צווישן זיי די חברים: יוסף שליוואָווסקי, בער אַקסעל־ראָד און אַנדערע.

אין משך פון דער צייט זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל אַ סך חברים. די ערשטע גרופּע: הערצקע בירנצווייג, זלאַטניצקי (היינט אַ חבר אין קאָאָפּעראַטיוו „עתיד" פון הלבשה אויף נחלת בנימין אין תל־אביב), פּנחס ברענער, הלל כהן, וועלכער ווערט אין די שפּעטערדיקע יאָרן דער מנהל פון

אָרגאַניזאַציע. אין דער צייט ווערט פּראָקלאַמירט אַן אַקציע אונטער דער לאָזונג: „אַ חבר ברענגט אַ חבר".

די אַקציע ווערט געקרוינט מיט גרויס דערפאָלג. דער זאַל ווערט פול מיט פרישע חברים און חברטעס, וועלכע קומען פון פאַרשידענע שיכטן, קרייזן און קלאַסן, און אויך פון פאַר־שידענע פאַכן, ווי וועבערס, שניידערס, שוסטערס, טישלערס און אַנדערע.

מיר זענען געווען פאַרטראָטן אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, הגם די פאַראיינען זענען מער לינק געשטימט. אויך דאָרט לאָזן מיר הערן אונדזערע לאָזונגען וועגן ארץ־ישראל און ציוניזם. צו דער פּאַרטיי קומען צו יענער צייט



1־טע מאַי דעמאָנסטראַציע פון פּועלי־ציון צ. ס. אין יאָר 1934

„משרד קבלני" און נאָך דעם דער מנהל פון „סולל בונה", ביז צו זיין אַרויסגיין אויף פּענסיע.

אין דער צווייטער גרופּע זענען עולה געווען די חברים: חיים יונג, דוד שעפּס, יחיאל גאָלדקראַנץ, הערשל אַקסעלראָד, רבקה וואַלד און מרים באַנד.

צום אַקטיוו געהערן דאָ צווישן אַנדערע, די חברים: הענעך דלוזשנאָווסקי, ישראל ראָזנבליט (וועלכער איז שפּע־טער עולה געווען און געאַרבעט אַ לענגערע צייט אַלס טיש־לער אין „משרד קבלני" און שפּעטער ווערט ער אַ נוטר אין סעדזשעראַ), זלמן שאַפּמאַן, יולעק מאַרקאָוויטש, רבקה העלפּ־גאָט, שוועסטער באַנד, גאַרפינקעל, העלאַ ראָזענבלום, שמואל קנעכט, יענקל ווייסבראָדט (איצט אין פּאַריז, אַקטיוו אין פאַראיין פון די טאָמאַשאָווער אין פראַנקרייך) און אַנדערע.

אין יאָר 1929, ווען עס קומען פאָר אין ארץ־ישראל פּאָגראָמען אויף יידישע ישובים, ווערט די יוגנט אין אונדזער שטאָט נאָך מער צוגעצויגן צום שטראָם פון חלוציזם. די פּאַרטיי גייט דאַן אַריבער אין לאָקאַל אויף קזשיזשאַוואַ 19 ביי ברענערן אין הויז, בשותפות מיט דער „השומר־הצעיר"־

אַ סך בחורים פון חסידישע היימען מיט די יידישע היטלעך און מיט די לאַנגע כאַלאַטלעך (קומענדיק אין לאָקאַל ווערט דאָס היטל באַהאַלטן).

צו יענער צייט געהערן צו דעם אַקטיוו פון דער פּאַרטיי, די חברים: שלום ברוך שטשופּאַק, יענקעלע קאָפּער, שמואל קנעכט, אברהם גאָלדקראַנץ, אָשר פּאַקין, ישראל ראָזנבליט, אריה רייזנבוים, שרה באַרנשטיין, אברהם קילשטיין, פּרץ בייטל, אָשר־מאַכל גראָסמאַן און אַנדערע.

אין די יאָרן 30־1929, ווען עס הערשט אַ קריזיס אויף דער וועלט, ליידט אויך אונדזער שטאָט פון דעם.

נישט קוקנדיק אויף דער אַלגעמיין־שווערער לאַגע, פאַר־אינטערעסירט זיך די יוגנט מיט פּאָליטיק פון דער גאָרער וועלט און באַזונדערס מיט ארץ־ישראל. צו יענער צייט פאָרן חברים פון דער פּאַרטיי אויף הכשרה און פיל יאָרן וואַרטן זיי אין די קיבוצים אויף אַ סערטיפיקאַט. צווישן די חברים, וואָס פאָרן אויף הכשרה געפינען זיך צווישן אַנדערע: שלום שטשו־פּאַק, משה בירנשטאַק, שמעון שטיינאָוויטש און אַנדערע. די פּאַרטיי פאָדערט, אַז אויך אונדזערע חברים זאָלן באַקומען

סערטיפיקאַטן לויטן פּאַרטיי־שליסל, בכדי אַזוי אַרום צו דער־מעגלעכן אונדזערע חברים עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

אין דער זעלבער צייט ווערט אָרגאַניזירט די יוגנט פון דער פּאַרטיי, וואָס ציט צו פיל חברים. די חברים פון „פּועלי־ציון" און „פרייהייט" געהערן צום „החלוץ", ספּאָרט־קלוב „הפּועל" און נעמען אויך אָנטייל אין דראַמאַטישן קרייז ביי דער פּאַרטיי. עס ווערט געשאַפן אַ ביבליאָטעק. חברים און פריינד פון דער באַוועגונג באַשטייערן זיך מיט געלט און ביכער. עס ווערט אָרגאַניזירט אַ „רינג", וואָס גייט אַדורך מיט גרויס דערפאָלג. די ביבליאָטעק פאַרגרעסערט זיך, עס קומען צו פיל לייענער, אויך נישט־מיטגלידער. אַ דאַנק דער מיטהילף פון חבר ישראל ראָזנבליט, ווערן געמאַכט נייע שענק פאַר דער ביבליאָטעק. דער דערמאָנטער ראָזנבליט שענקט אויך פיל ביכער פון זיין פּריוואַטער ביבליאָטעק.

מיט דער צייט אָרגאַניזירט זיך ביי דער פּאַרטיי אַ דראַמאַטישער קרייז א. נ. „כאַליאַסטרע" און עס ווערן אויסגעפירט בילדער פון אָרטיקן לעבן. ביז שפּעט אין דער נאַכט קומען פאַר רעפּעטיציעס. אין דער „כאַלאַיאַסטרע" האָבן זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט הענעך דלוזשנאָווסקי וועמען מען האָט גערופן „שמואל־עליע" (לויטן נאָמען פון שלום עליכמס אַ טיפּ). באַזונדערס האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין שפּילן חסידישע טיפּן און ישיבה־בחורים. דער „גרימירער" פון קרייז איז לאַנגע יאָרן געווען שמואל קנעכט. צום קרייז האָבן אויך געהערט: אָשר פּאַקין, רעגינע שטערן, אָשר־מאַכל גראָסמאַן, ירחמיאל און אברהם גאָלדקראַנץ, יעקב קאַפּער, זלמן זשולטאָווסקי, אריה ראָזנבוים. מוזיק־באַגלייטונג — זלמן שאַפּמאַן. קאַפּער האָט אינסצעניזירט פאַרשידענע רעוויי־פאָרשטעלונגען פון משה בראָדערזאָן, לייוויק, נאַדיר און אַנד.

די „כאַליאַסטרע" האָט געשפּילט מיט גרויס דערפאָלג, די זאַלן זענען שטענדיק געווען איבערפולט.

די פּאַרטיי האָט אָנטיילגענומען אין אַלע ציוניסטישע אַקציעס, ווי: ק.ק.ל., קרן־היסוד, ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל (קפּא"י), „החלוץ" און פאַרשפּרייט אַקציעס פאַרן „בנק הפּועלים" אין ארץ־ישראל, די פּאַרטיי־פּרעסע „באַפרייאונג אַרבעטער־שטימע", „דבר" און „דאָס וואָרט". עס זענען אויך געפירט געוואָרן עברית־קורסן, בכדי צוצוגרייטן די אַלע, וועלכע גרייטן זיך עולה צו זיין, זיי זאָלן קענען רעדן עברית.

אָפטע געסט זענען ביי אונדז געווען לייזער לעווין פון לאָדזש, וועלכער איז געווען אין געטאָ און שפּעטער עולה געווען און געלעבט אין קיבוץ יגור, ווו ער איז נפטר געוואָרן.

זייער אָפט האָט אונדז באַזוכט דער ח' משה בינעם פערבער, וועלכער איז געווען אַ חבר אין לאָדזשער ראַיאָן־קאָמיטעט (היינט אין ישראל). דער חבר קאַגאַן איז עולה געווען קיין ישראל מיט זיין פאַמיליע, און ווערט אויסגעוויילט אַלס ערן־פּרעזעס פון דער פּאַרטיי.

זייער אָפט פלעגן מיר איינאָרדענען רעציטאַציע־אָוונטן מיט דער באַטייליקונג פון מרדכי־מאיר לייזעראָוויטש פון פּיעטרקאָוו און אויך פון אליהו גאָלדענבערג פון וואַרשע (היינט אין ישראל).

די פּאַרטיי באַטייליקט זיך אין פאַרשידענע קאָנפערענצן און קאָנגרעסן. אין יאָר 1932 קומט פאָר אין דאַנציג די פאַראייניקונגס־קאָנפערענץ פון „פּועלי־ציון צ.ס.", מיט „התאחדות". אויך אונדזער שטאָט באַקומט צוויי דעלעגאַטן. אַלס דעלעגאַטן ווערן באַשטימט אברהם גאָלדקראַנץ און אָשר־



דראַמאַטישער קרייז ביי דער פּועלי־ציון צ. ס.־פּאַרטיי

מכאל גראָסמאַן (צו יענער צייט געפינט זיך גאָלדקראַנץ אין דאַנציג).

די קאָנפערענץ איז געווען אימפּאָזאַנט. עס האָבן זיך באַטייליקט אַ סך דעלעגאַטן פון גאַנץ פוילן און אויך פון ארץ־ישראל. ביים פּרעזידיום־טיש זיצן צווישן אַנדערע די חברים זלמן רובאַשאָוו (היינט צו טאָג נשיא מדינת ישראל, ה׳ זלמן שזר), מערעמינסקי, ברוך צוקערמאַן פון אַמעריקע, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער רעדאַקטאָר פון אַמעריקאַנער „פּאָרווערטס״. פּאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ איז געווען דוד בן־גוריון. ער באַגייסטערט אַלע אַנוועזנדיקע מיט זיין טאַלאַנטפולער רעדע. אַלע זענען געווען זיכער, אַז די פּאַראייניקונג מוז קומען.

די קאָנפערענץ דויערט דריי טעג און די חברים שיקן די באַריכטן צו דער פּאַרטיי. במשך דער צייט זענען עולה געווען די חברים מרדכי ערליך, לייבל יאַסקאָוויטש און זיין פאַמיליע. די פּאַרטיי נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין אָרטיקן יידישן לעבן. פּורים 1933 פאָרט אָפּ קיין ארץ־ישראל משה בירנשטאָק. ער האָט פאַרברענגט פיל יאָרן אין פאַרשידענע קיבוצים אין פוילן ווי סוכעדניאָוו און אַנדערע.

צוליב דעם, וואָס מען באַקומט ווייניק סערטיפיקאַטן זיצן חברים אין די קיבוצים, אָדער אין סניף לאַנגע חדשים, זינגען חלוצישע לידער, טאַנצן „הארא״ און מען וואַרט אויף עליה.

אין יאָר 1935 פאָרט אויך קיין ארץ־ישראל דער אַקטיווער חבר־„רעוואָלוציאָנער״ שלום־ברוך שטשופּאַק. דער דערמאָנטער חבר איז יאָרן־לאַנג געווען אויף הכשרה אין קלאָסאָוו און אין אַנדערע הכשרה־פּונקטן.

אין יאָר 1934 ווערט געגרינדעט דער „העובד״. די אויפגאַבע פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע איז געווען שיקן בעלי־מלאכות קיין ארץ־ישראל. צום קאָמיטעט פון „העובד״ האָבן געהערט די חברים: שמואל קנעכט, חיים אייגער („התאחדות״), אָשר פּאַקין און אַנדערע.

אין יאָר 1936 פייערט די פּאַרטיי דעם אַרבעטער־יום־טוב דעם 1־טן מאַי. עס ווערט איינגעאָרדנט אַ דעמאָנסטראַציע בשותפות מיט די „פּועלי־ציון״ און „פרייהייט״ אונטער די לאָזונגען: „אַ פרייע עליה״, „רעכט אויף יידישע אַרבעט״ און „פרייע עמיגראַציע״.

אין אָוונט קומט פאָר אין אייגענעם לאָקאַל, פּילסוסקעגאַ 19, אַן 1־טע־מאַי־אַקאַדעמיע, וווּ עס באַטייליקן זיך חברים פון דער פּאַרטיי און פון „החלוץ״. עס ווערן אַרומגערעדט די געשעענישן אין ארץ־ישראל. די פּאַרטיי פאַרגרעסערט זיך. עס קומען צו פיל חברים, דער לאָקאַל אויף פּילסודסקעגאַ איז גענוג גרויס אויפצונעמען פיל מענטשן און ווערט אויסגענוצט אויף פאַרשידענע אימפּרעזעס. די יוגנט וואַקסט אונטער. מען באַזאָרגט פרישע אַרבעטס־פּלעצער פאַר דער יידישער יוגנט. די חברים גערשטיינסקי און קנעכט פאָרן קיין וואַרשע אין צ.ק. און ווענדן זיך צו זיי וועגן שאַפן אַרבעט פאַר די חברים אין דער קונסטזייד־פאַבריק אין אונדזער שטאָט. די אינטערווענץ איז געלונגען און פיל חברים און יידישע יוגנטלעכע באַקומען אַרבעט אין דער דערמאָנטער פאַבריק.

די פּאַרטיי האָט זיך באַטייליקט אין דער אַ. ג. „אָפּיעקאַ ספּאָלעטשנאַ״, וווּ עס איז געווען פאַרטראָטן אין דעם קאָמיטעט אונדזער חבר שמואל קנעכט. זיין אויפגאַבע איז געווען צו באַזאָרגן יידישע אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע מיט שטיצע.

די שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך אָנגערוקט איבער דער וועלט און אויך אויף אונדזער שטאָט. די בעסטע חברים זענען אומגעקומען אויף אַ בעסטיאַלישן אופן דורך די נאַצישע



דער דראַמ. קרייז אין אַ פאַרשטעלונג

מערדער און זייערע צוהעלפער. עס זענען אומגעקומען צוזאַ־מען מיט אַלע יידן אויך אונדזער טייערע יוגנט, וואָס האָט געקעמפט פאַר אַ בעסערן מאָרגן, פאַר גערעכטיקייט, מענ־טשלעכקייט.

זאָלן די דאָזיקע שורות זיין אַ נר־תמיד פאַר די אַלע אומגעקומענע. די לעבנגעבליבענע חברים וועלן זיי תמיד געדענקן!

# קבוצת פועלי־ציון - שמאל

אהרן שפס

קבוצת פועלי ציון שמאל בעירנו לא קמה בבת אחת. בשנת 1928/9 רק איש אחד התחיל ללכת בשביל של מפלגת פועלים זו. הוא נשאר גם הרוח החיה בה במשך שנים. היה זה פישל זיידלר, מטובי הנוער, נגר לפי מקצועו, אשר בכו־חות עצמו והאינטליגנציה שלו קנה לו ידיעות רחבות בשט־חים שונים ופילס לעצמו דרך בחיי החברה.

ידוע היה קודם לכן כחבר פעיל בקן השומר הצעיר. אף פעם לא ויתר על מחשבתו לעלות ארצה. ללא הצלחה ניסה להגשימה.

במרץ רב ובהבנה יתירה רחש לו במהרה חברים לדעה. יעקב קרונהיים ונחמיה ז'ולטובסקי הצטרפו אליו הראשונים בפעילותו המפלגתית כעבור זמן מה הלכו בעקבותיהם ליפמן, ויסברג ובן ציון בורובסקי.

באותה תקופה התישב בעירנו יוצק חותמות יוסקוביץ, חבר ותיק פועלי ציון שמאל בלודז'. גם הוא נמנה עם הקבוצה הזו. בשנת 1932 התווספו אליה אהרון שפס ואחריו משה ריזבאום. בזה תמה רשימת החברים המאורגנים בה.

שבעה מאנשיה הם היו יוצאי כמה הסתדרויות ציוניות־סוציאליסטיות.

לפני שלטונות המדינה מופיע הסניף הקטן של המפלגה בשם פיקטיבי „חברה לשעורי ערב" („געזעלשאפט אוונט־קורסן"). לא ניתן לקבל רשיון על שמה האמיתי. מחוסר אמצעים כספיים לא הגיע לרכישת מועדון.

בית המלאכה של יוסקוביץ שימש מקום מפגש להתיע־צויות, לפעולות מפלגתיות ולשיחות רעים. הוא נמצא בבית בפינת רחוב ירוזולימסקה וככר קוסציושקו.

החברים לא חששו לבוא הנה לעתים קרובות אם כי מעל לדירה הזו, בקומה השניה, קבעה המשטרה משרדיה.

מתנגדים וידידים התיחסו אליהם ברצינות. הם היו רחוקים מתעמולה ריקה ואף לא זלזלו בשום אדם בעל דעה אחרת. נשקם העיקרי היתה הסברה עניינית ושכנוע בצדקת דבריהם.

לעבודת קודש זו התכוננו באופן מתמיד. היסוד לעמידה



קבוצת פעילים של „פועלי־ציון" שמאל.

עומדים מימין לשמאל: ח. ב. יוסקוביץ', פישל זיידלר, ליפמן, ויסברג, נחמיה ז'שולטובסקי. יושבים: אהרון שפס, בן־ציון בורובסקי, יעקב קרונהיים.

בהיאבקות רחשו להם תמיד ע״י עיון בספרות המארקסיסטית המועטת בימים ההם בפולין הפשיסטית, התעמקות בכתבי בורוכוב ומחברים אחרים, וקודם כל ע״י קריאה בעתונות וספרות מפלגתית וכללית.

בקוצר רוח חיכו החברים וכמה מהאוהדים את התנועה בכל יום ששי להופעת השבועון „ארבייטער צייטונג". לא מעט השפיעה לעיצוב דמותם החברתית קריאה בבטאון המפלג־תי רב חשיבות זה, שלפי רוחו חונך דור של פועלים.

כרגיל מעורבים הם בין הבריות ובהרבה הזדמנויות נכנסו לשיחות ולויכוחים עם אנשים מזרמים שונים. לפעמים אפשר לראות אחדים או יחידים מהם שקועים בדו־שיח ער ונוקב עם קומוניסטים רציניים העוסקים בעבודתם בסביבה יהודית. במקרים כאלה ידעו לא לקלקל את היחסים האישיים עם בעלי הפלוגתא.

עם אנשי הבונד לעולם לא באו במגע. עובדה זו לא מנעה נסיונות מוסווים מצד חברי פועלי ציון להשפיע על הנוער הבונדאי. נפגשו עם כמה מהם מחוץ־לעיר בשיחות הסברה. אחדים מהם עשו גם מלאכת המפלגה באיגוד המקצועי. לא אחת אירגנו וקיימו בהצלחה הרצאות של יעקב זרובבל על נושאים מדיניים או ספרותיים, בהשתתפות קהל רב, באחד האולמות הגדולים בעיר.

בסוף כדאי להזכיר את וולף מיכלביץ וקובה מורדקוביץ, חברי פועלי ציון שמאל בשנים עברו. הם עמדו במגע עם הקבוצה המפלגתית, בהביעם לה את אהדתם.

על גורלם המר של יוסקוביץ ואשתו, נחמיה ז׳ולטובסקי ובן ציון בורובסקי אינם ידועים לי שום פרטים. פישל זיידלר נפל בימים הראשונים של המלחמה נגד הנאצים בשדה הקרב בשורות הצבא הפולני, לא רחוק מעיר מולדתו. ליפמן ויסברג נתן את חייו יחד עם אחיו ברל בחזית הרוסית נגד הגרמנים.

# טאָמאַשאָווער „התאחדות"־פּאַרטיי און „גורדוניה"

גדליהו קאַשעראָווסקי

(זכרונות פון אַ חבר)

עס איז שווער צו שרייבן וועגן דער פּאַרטיי, מיט וועל־כער איך האָב זיך געשיידט צוריק מיט העכער 31 יאָר. פיל געשעענישן און איבערלעבונגען זענען אַרויס פון זכרון. דאָך קען איך נישט בלייבן פּאַסיוו לגבי אַזאַ פּאַרטיי ווי „התאח־דות", וועלכע איז געווען טעטיק אויף אַלע געביטן פון ציוניס־טישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אונדזער שטאָט.

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָב איך זיך אַלס יונגער חור אַנגעשלאָסן אין דער „צעירי־ציון"־באַוועגונג. פאַרשטענדלעך, אַז דורך אַ צייט־אָפּשניט פון 47 יאָר האָבן פיל פאַקטן און נעמען פון חברות און חברים געקענט אַרויס פון זכרון און נאָר שאָטנס פון זיי באַגלייטן אונדז. מיר טאָרן זיי אָבער נישט פאַרגעסן.

דעריבער בעט איך ביי מיינע חברים פון מיין געוועזע־נער פּאַרטיי אַנטשולדיקונג, און מחילה ביי די אַלע וואָס זענען מער נישטאָ מיט אונדז, אויב איך דערמאָן נישט זייערע נע־מען. מעגלעך, אַז איך האָב אויך געוויסע טעותן ביים איבער־געבן געוויסע פאַקטן וועגן מיין געוועזענער פּאַרטיי — „הת־אחדות".

ביים סוף פון ערשטן וועלט־קריג לאָזט זיך מערקן ביים פּוילישן יידנטום אַ גרויסע אויפלעבונג פון פּאָליטישן, געזעל־שאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן. עס מערן זיך פּאַרטייען און יוגנט־באַוועגונגען, געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און אינ־סטיטוציעס. אונדזער טאָמאַשאָוו בלייבט אויך נישט הינטער־שטעליק. עלטערע און יוגנטלעכע גרופּירן זיך אַרום די באַ־וועגונגען און זוכן אַן אידיי און אַ תוכן אין לעבן. עס הייבט זיך גלייכצייטיק אָן אַ געוויסער קאַמף צווישן די לינקע טע־ריטאָריאַלע באַוועגונגען און צווישן די ציוניסטישע הויפּט־זעכלעך — אַנטוויקלט זיך אַ געיעג צו דעראָבערן די יוגנט, און איך בין אויך דעם געביט נישט געבליבן הינטערשטעליק.

אין יענער צייט זענען אין טאָמאַשאָוו געווען צוויי „צעירי־ציון"־פּאַרטייען. בראש פון איין פּאַרטיי איז געשטאַנען חיים קאַגאַן און אין דער שפּיץ פון דער צווייטער פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך געפונען אין ליבערס הויז אויף זגאַזשעליצקאַ־גאַס 14, איז געשטאַנען מנחם ליפשיץ. דער צ.ק. האָט דעלעגירט די צוויי חברים: גראַוויצקי און אייזנבערג, כדי פאַראייניקן די דאָזיקע צוויי פּאַרטייען, אָבער דאָס האָט לאַנג נישט אָנגע־האַלטן.

צו יענער צייט קומט אויך אַ שליח פון דער צ.ס.־פּאַרטיי פון וואַרשע, מיטן צוועק צו גרינדן אַ סניף אין טאָמאַשאָוו. איך מיט אַ גרופּע יונגע חברים ווערן פאַרבעטן אויף אַ שמועס. איך בין געווען אַ יונגער חבר און האָב זיך געפילט צו־שוואַך צו פירן א וויכוח. איך לייג פאַר דעם שליח גיין

אין דער טורן־האַלע, ווו עס קומט גראַד פאַר אַ רעפעראַט פון אונדזערס אַ חבר און דאַרט זאָל ער פירן אַ וויכוח, וועלן מיר וויסן וואָס פאַרא שטעלונג מיר זאָלן אננעמען.

אין יאָר 1920 שפּאַלט זיך די „צעירי־ציון"־פּאַרטיי. איין טייל פאַראייניקט זיך מיט דעם „הפועל־הצעיר" אין ארץ־ישראל און פאַרוואַנדלט זיך אין דער „התאחדות"־פּאַרטיי.

די פּאַרטיי „התאחדות", וועלכע האָט יאָרן לאַנג געפירט איר אייגנאַרטיקע טעטיקייט, האָט זיך נישט באַזירט אויף דעם מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם. דאָס הייסט, אַז די באַוועגונג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ יידישער אַרבעטנדיקער פאָלקס־פּאַרטיי, וועמענס הויפּט־ציל איז געווען דערציען און צוגרייטן צו אַרבעט אין ישראל פאָלקס־יידן און חלוצים.

אין די יאָרן 1920—1924 האָב איך זיך טיילווייז געפונען אויסער טאָמאַשאָוו. אין יאָר 1924 בין איך באַפרייט געוואָרן פון מיליטער און איך וואַרף זיך אַריין מיט דער גרעסטער אַקטיוויקייט אין דער פּאַרטיי־אַרבעט. איך מיט נאָך אייניקע חברים אָרגאַניזירן די אַרבעט אויפסניי און מיר קלויבן אַ נייעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, אין וועלכן עס גייען אַריין פאָלגנדע חברים: מרדכי פּיזיצקי, יעקב פלאַמקאַ, פאַלק, חיים רובין, עטקע שטערן, חנה אייזענבערג און איך. אַלס פּאַרזיצער איז געווילט געוואָרן מאיר יצחק ווייס (חבר פון בונד־קאָמיסיע).

די פּאַרטיי־חברים רעקרוטירן זיך כמעט פון אַלע פאָלקס־שיכטן, ווי האַנטווערקער, אַרבעטער, שילער, סטודענטן און אויך פון אַ גרופּע וועבער מיט די חברים סקראַביש און אייזענבערג בראש.

די פּאַרטיי פירט אַ פאַרצווייגטע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, אין וועלכער עס באַטייליקן זיך אויך חברים פון צענטראַל־קאָמיטעט און פון אַנדערע שטעט. עס קומען פאָר פאַרלעזונגען, פאַרשטעלונגען, אַקאַדעמיעס און אַנדערע אימפּרעזעס. מיר האָבן אויך אָנטיילגענומען אין פּאַרטראָגן פון אַנדערע פּאַרטייען, דורכגעפירט דיסקוסיעס און שמועסן.

## קרן קימת לישראל

לאַנגע יאָרן האָט דער ק.ק.ל. געפירט די טעטיקייט אין אונדזער לאָקאַל אויף טקאַצקאַ־גאַס. עס איז כדאי צו דערמאָנען די איבערגעגעבענע אַרבעט פאַר דער דאָזיקער אינ־



העלענקאַ קעניגקייט

סטיטוציע פון אַ גרופּע חברים מיט העלענקאַ קעניגקייט בראש. זיי האָבן געפירט זייער טעטיקייט אין די שווערסטע באַדינגונגען און נישט דערלויבט זיך אויסגעבן קיין גראָשן פון די



„התאחדות"־חברים אין טאָג פון עליה קיין ארץ־ישראל פון ח' מאיר יצחק ווייס

קרן־קימת־הכנסות, אַפילו אויף אַ ביסל באַהייצן דעם לאָקאַל בעת די גרויסע פרעסט אין די ווינטער־אָוונטן.

אונדזערע חברים, ווי אויך די יוגנטלעכע פון „גורדוניה" האָבן זיך שטענדיק אַקטיוו באַטייליקט אין די ק.ק.ל.־אַקציעס, ווי בלימל־טעג און אַנדערע.

אויף גרעסערע אַקציעס האָבן מיר אויך מאָביליזירט עלטערע חברים. איך פלעג שטענדיק גיין זאַמלען אין די יידישע גאַסן און געסלעך, ווו עס האָט געוווינט די יידישע אַרעמע באַפעלקערונג: יעראָזאָלימסקאַ, פּיעקאַרסקאַ, קאָזע־גאַס, האַנדלאָוואַ, בוזשניטשנאַ און אַנדערע.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז איך האָב נישט געזאַמלט ווייניקער, ווי די, וועלכע זענען געגאַנגען זאַמלען אין די רייכערע גאַסן, ווי קאַליסקאַ, אַנטאָניעגאָ, פּלאַץ קאָסציושקי און אַנדערע.

מען האָט מיך שטענדיק אויפגענומען מיט נייגעריקייט און וואַרעמקייט, אויסגעהערט מיינע אויפקלערונגען וועגן קרן קימת און אירע אויפגאַבן, און דורך דעם האָבן מיר איינגעפלאַנצט אַ ליכט פון האָפענונג אין די הערצער פון די פרנסה־לאָזע יידן.

כדאי ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט ברענגען אַ קליינעם פאַקט, וואָס וועט אונטערשטרייכן, ווי הייליק עס איז פאַר מיר געווען די אַרבעט פאַרן קרן קימת לישראל.

אַ געוויסן ערב יום־כיפור האָט מען מיך געשיקט צום סטאַראָסטע קיין בזשעזין מיט אַ בריוו אין שייכות מיט די וואַלן אויף אַ רב. איך האָב געדאַרפט ברענגען אַ תשובה, וואָס איך האָב באַקומען ערשט צוויי אַ זייגער נאָכמיטאָג. און הגם עס איז געווען רעזערווירט פאַר מיר אַ פלאַץ צו בלייבן איבער יום־כיפור אין בזשעזין, דאָך האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך דאַרף פאַרנאַכט זאַמלען געלט פאַרן קרן קימת אין דער גרויסער שול. איך האָב אַלזאָ באַשלאָסן גלייך קומען קיין קאָלושקי צום צוג, כדי פאָרן קיין טאָמאַשאָוו. די יידישע בעלי־עגלות („דראָזשקאַזשעס") זענען שוין נישט געפאָרן און קריסטלעכע זענען נישט געווען. האָב איך מיך געלאָזט גיין צו־פוס — אַ מרחק פון אַן ערך 10 קילאָמעטער, נישט רעכענדיק זיך מיט דעם האַרבסט־רעגן, וואָס איז געפאַלן אָן אויפהער.

ווען איך האָב באַמערקט דעם צוג פון ווייטן האָב איך גענומען לויפן ביז צוויי קילאָמעטער מיט מיין גאַנצן כוח, כדי נישט פאַרשפּעטיקן דעם צוג.

באַגאָסן מיט שווייס און רעגן האָב איך דערגרייכט דעם צוג ווען ער האָט שוין אָנגעהויבן רירן פון אָרט און איך האָב קוים באַוויזן אַריינשטייגן אָן אַ בילעט.

איך בין אָנגעקומען קיין טאָמאַשאָוו אַ מידער, אַ הונגעריקער און נאַסער און ווידער אַמאָל געלאָזט זיך צו־פוס אין שטאָט, גלייך אין שול אַריין, כדי דערפילן מיין פליכט לטובת דעם קרן קימת.

אונדזערע חברים זענען געגאַנגען זאַמלען געלט אויף אַלע חתונות און ווען אַ מחותן פלעגט שטערן בעת דער זאַמלונג האָבן מיר געדראָט צו שטערן די חופה. דאָס האָט געהאָלפן און איבערצייגט דעם מחותן, ווי וויכטיק עס איז די טעטיקייט פאַרן קרן קימת.

עס האָט פּאַסירט, ווען איך בין געקומען אויף אַ חתונה און דער באַקאַנטער טאָמאַשאָווער בדחן שלמה־יאָסל מאַרשעליק האָט מיך אויפגענומען אַלס גאַסט. ער האָט מיך באַזינגען און כלי־זמרים האָבן געשפּילט. איך האָב זיך פיל מאָל צוגעהערט מיט פאַרגעניגן צו זיין באַזונגען די כלה פאַר דער



„התאחדות"־חברים אין יאָר 1932

חופה מיט דער באגלייטונג פון די כלי־זמרים און ווייבערישע טרערן.

ווען עס זענען אין זעלבן אוונט פארגעקומען חתונות, פלעגט אים צוהעלפן זיין זון הערש־בער, א שוסטער.

ספעציעל האט ער זיך אויסגעצייכנט ביים באזינגען א כלה א יתומה. ער איז אריין אין אזא עקסטאז, אז נישט נאר די ווייבער האבן געוויינט, נאר אויך די מענער פלעגן לאזן א טרער.

## גורדוניה

די יוגנט־באוועגונג „גורדוניה" אין טאמאשאוו האבן מיר געגרינדעט אין יאר 1925. מיר האבן דערמיט דערפילט דעם פארלאנג פון אונדזער צענטראל־קאמיטעט און געהערט צו די ערשטע סניפים אין פוילן.

מיר האבן פארזאמלט יוגנטלעכע אין עלטער פון 12—14 יאר, פון פארשידענע קרייזן. מיט דער יוגנט־באוועגונג האבן זיך פארנומען אונדזערע בעסטע און אקטיווסטע חברים: חיים קאנטאראוויטש, חנה אייזענבערג, שמעון שייעוויטש, איך און אנדערע.

די גורדוניה־יוגנט, וועלכע האט געדארפט זיין אונדזער צוקונפטיקער אוואנגארד, האט געפירט א רייכע קולטורעלע טעטיקייט. עס דערמאנען זיך מיר די שיינע אימפרעזעס אין די שבתדיקע אוונטן: „לעבעדיקע צייטונגען", קעסטל־אוונטן און רעפעראטן. עס איז געווען א פארגעניגן צו זיצן און צו־הערן זיך ווי אזוי די נעכטיקע קינדער פירן אויס אן אוונט מיט אזא רייכן קולטור־אינהאלט.

מיט דער צייט האבן אין דער גורדוניה זיך דערצויגן יוגנטלעכע, וועלכע האבן אליין געקענט פירן זייער טעטיקייט.

די ערשטע גורדוניסטן זענען ארויס אויף הכשרה קעגן ווילן פון זייערע עלטערן. די עלטערן האבן געהאלטן, אז איך בין שולדיק אין דעם, וואס זייערע קינדער פארלאזן די היימען און פארן אויף הכשרה. אויך מיינע אייגענע עלטערן האבן געהאלטן, אז איך בין שולדיק, וואס מיין יינגערער ברודער, אברהם, איז ארויס און געגרייט זיך פארן קיין ארץ־ישראל. עס האט מיך געקאסט פיל מי, כדי איבערצייגן נישט איינעם פון די דאזיקע עלטערן, אז דער וועג פון זייערע קינדער איז דער ריכטיקער.

אין די יארן 1931—1933 פארשטארקט זיך דער נאציזם אין דייטשלאנד און היטלער, ימח שמו, קומט צו דער מאכט. שווערע וואלקנס רוקן זיך אן אויפן פוילישן יידנטום. דער דייטשער נאציזם האט א גרויסע השפעה אויף דעם פוי־לישן אנטיסעמיטיזם. אין די טאמאשאווער גאסן, אויף די קיאסקן, מויערן און געשעפטן, באווייזן זיך אויפרופן „קויפט נישט ביי יידן" אין איניקע שטעט און שטעטלעך קומען פאר ארגאניזירטע אנפאלן אויף יידן און די מאכט בלייבט גלייכגילטיק צו דעם. פון דייטשלאנד ווערן ארויסגעטריבן טויזנטער יידן, וועלכע וואלגערן זיך ארום אין דעם גרענעץ־שטעטל זבאנשין. רואינירטע און בארויבטע זוכן זיי א נייע היים.

ווידער חזרט זיך איבער די יידישע טראגעדיע פון רדי־פות און נע־ונד, מיט וועלכע די געשיכטע אונדזערע איז אזוי רייך אין אלע עפאכעס.

פיל פון די טאמאשאווער יידן גיבן זיך אפ א דין־וחשבון פון דער דאזיקער לאגע. די זעלבע עלטערן, וועלכע האבן ערשט נישט לאנג געשטערט דאס פארן אויף הכשרה און דאס עולה זיין פון זייערע קינדער, האבן אנערקענט אונדזער אמת, אז די איינציקע האפענונג און טרייסט איז עליה קיין ארץ־ישראל. לײדער האבן צוליב די דעמאלטיקע באדינגונגען נישט פיל געקענט עולה זיין.

מיר, די קליינע צאל חברים פון דעם אמאליקן „התאח־דות" און „גורדוניה", וועלכע האבן טראץ אלע שוועריקייטן, באוויזן עולה זיין, וועלן מיר שטענדיק געדענקען די צענד־ליקער חברים, וועלכע האבן נישט זוכה געווען צו זיין מיט אונדז אין ישראל.

## ליגע פארן ארבעטנדיקן ארץ־ישראל

די „התאחדות"־חברים האבן זיך אקטיוו באטייליקט אין דער טעטיקייט פון דער „ליגע פאר ארבעטנדיקן ארץ־יש־ראל"", צוזאמען מיט די חברים פון אנדערע ציוניסטיש־סאציאליסטישע פארטייען.

אין די יארן 28־1927 איז אין ארץ ישראל געווען א גרויסער עקאנאמישער קריזיס און די ארבעטסלאזיקייט איז געווען גרויס. מיר האבן געפירט א זאמל־אקציע, בכדי קומען צו הילף אונדזערע הונגעריקע חברים אין לאנד. עס איז אונדז טאקע געלונגען צו שאפן אין טאמאשאוו, צו דעם צוועק, א באדייטנדיקע סומע געלט.

איך וויל דא דערמאנען די איבערגעגעבענע ארבעט פאר דעם ענין פון חבר ישראל ראזענבליט ז"ל (א חבר פון רעכ־טע פועלי־ציון).

אין יאר 1925 זענען עולה געווען דער חבר מאיר־יצחק ווייס און די חברים יעקב פלאמקא (כתם־אופיר), חיים פרוינדליך און די חברה חנה אייזענבערג. דאס פארלאזן פון די אקטיווע חברים די פארטיי־טעטיקייט, האט אפגעשוואכט די ארבעט אין „התאחדות".

זומער 1927, אדער 28, האט דער צענטראל־קאמיטעט באשלאסן רופן אין טאמאשאוו א ראיאן־קאנפערענץ מיט דער באטייליקונג פון א חבר פון דער צענטראלע. צו דער קאנפערענץ זענען געקומען פיל דעלעגאטן און געסט פון די

אַרומיקע שטעטלעך. עס האָט זיך געשאַפֿן אַ חברישע אַט־מאָספער און יום־טובדיקע שטימונג. לײדער, איז אָבער דער חבר פון צ.ק. נישט געקומען און מיר, דער טאָמאַשאָווער „התאחדות"־קאָמיטעט איז געווען געצוווּנגען צוזאַמענשטעלן אַ טאָג־אָרדענונג און פירן אַליין די קאָנפערענץ. נאָך דער דערעפענונג האָבן מיר פאַרגעזעצט די באַראַטונגען אין נאַגאַזשיצער וואַלד. צענדליקער חברים און חברות האָבן געשטראָמט דורך די טאָמאַשאָווער גאַסן און געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג. די חברים האָבן זיך באַטייליקט אין די וויכוחים און אין אָננעמען רעזאָלוציעס.

די קאָנפערענץ האָט זיך געענדיקט מיט חלוצישע טענץ און געזאַנגען און די חברים זענען זיך פאַנאַנדערגעפאָרן צופרידענע און דערמוטיקטע.

ווען מיר האָבן איבערגעשיקט דעם באַריכט פון דער שטאָט און איז געוואָרן זייער פאָפולער ביי דער אָרטיקער יוגנט.

די בחורים מיט די ספאָרט־הויזן און לעדערנע קורטקעס, די מיידלעך אין זייערע פשוטע קליידער, זענען געווען אַ ביישפּיל פון צניעות און באַשיידנקייט. אויף וויפל זיי זענען געוואָרן פאָפולער און באַליבט זאָל דינען פאָלגנדער פאַקט:

אין אַ הייסן זומער־טאָג, ווען פיל טאָמאַשאָווער יוגנט־לעכע האָבן זיך געבאָדן אין דער פיליצע, האָט פאַסירט, אַז דער יונגער בחור, קורץ, האָט זיך אָנגעהויבן טרונקען. איינער פון די חלוצים פון דער אָרטיקער הכשרה־קבוצה איז אַריינגעשפרונגען אין וואַסער ראַטעווען קורצן. ער האָט טאַקע אים אָפגעראַטעוועט, אָבער איז דערביי אַליין דערטרונקען געוואָרן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן טרויער אין שטאָט און זיין לוויה האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מעכטיקער טרויער־דעמאָנסטראַציע פון דער גאַנצער טאָמאַשאָווער יוגנט.



„התאחדות"־קאָמיטעט אין יאָר 1934

קאָנפערענץ דעם צ.ק., האָבן זיי אונדז געענטפערט, אַז עס וואָלט כדאַי געווען אַריבערצופירן די צענטראַלע קיין טאָמאַשאָוו.

## קבוצת הכשרה אין טאָמאַשאָוו

אין טאָמאַשאָוו האָט אייניקע יאָר עקזיסטירט אַ הכשרה־קבוצה אויפן נאָמען פון יוסף וויתקין. דאָס זענען געווען חברים פון התאחדות פון פאַרשידענע פוילישע שטעט. מיר האָבן זיי געהאָלפן זוכן אַרבעטס־פּלעצער און מיט וואָס מיר האָבן נאָר געקענט. די חלוצישע יוגנט, וועלכע האָט זיך געגרייט עולה צו זיין, האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג אין

ביז היינט צו טאָג באַגעגענען מיר אין לאַנד פיל חלוצים, וועלכע האָבן אַדורכגעמאַכט די הכשרה אין טאָמאַשאָוו.

זאָלן מיר אויך אָפּגעבן כבוד די קדושים און געדענקען זיי, די חלוצים, וועלכע האָבן נישט זוכה געווען עולה צו זיין.

איך וויל ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען אייניקע חברים, מיט וועלכע איך בין צוזאַמען געווען טעטיק פאַר אונדזערע געמיינזאַמע ציוניסטישע צילן:

חיים קאַנטאָראָוויטש — לערער פון עברית, וועלכער האָט אויך געגעבן ביי אונדז לעקציעס אָן שום באַלוינונג, ווייל ער האָט עקשנותדיק געקעמפט פאַר דער העברעאישער שפּראַך און געווען טריי דער באַוועגונג.

מרדכי פיזיצקי, אַ שניידער פון פאַך, געפירט אַ שווערן קאַמף פאַר דער טאָג־טעגלעכער עקזיסטענץ, אָבער דאָך האָט אים דאָס נישט געשטערט צו זיין אַקטיוו פאַר יעדער ציוניס־טישער אַרבעט. זיין איינציקער חלום איז געווען עולה זיין קיין אַרץ־ישראל. לײדער האָט ער נישט זוכה געווען.

באַדילקעס (דער עלטערער ברודער). איך וועל תמיד געדענקען די רואיקע, איידעלע געשטאַלט, וועלכע האָט יעדן געשעצט און אַרויסגערופן צו זיך אַכטונג. קורץ פאַר מיין עולה־זיין האָבן מיר זיך גוט באַפריינדעט, שטענדיק גערעדט וועגן די עליה־שוועריקייטן און שטאַרק געשטרעבט עולה זיין. ער האָט שטודירט אַלס אַדוואָקאַט און געווען אַ טאַלאַנט־פולער רעדנער. ווער ווייס, אפשר אַ פאַרלוירענער דיפּלאָמאַט פאַר מדינת ישראל.

שמעון שייעוויטש. ער איז געקומען צו אונדז פון „השומר הצעיר". ער האָט שטודירט אַלס אַדוואָקאַט און געווען אַן אויסגעצייכנטער רעדנער, וועלכער האָט נישט לאַנג גע־טראַכט צו געבן דעם ריכטיקן ענטפער בעת אַ וויכוח. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע איבערצייגונגס־קראַפט און עס איז געווען שווער אים זיך אַנטקעגנצושטעלן אין זיין עקשנותדיקן ווילן.

איך דערמאָן זיך אַ פאַקט, ווען שייעוויטש איז צו מיר געקומען אַ פרייטיק פאַרנאַכט און איבערגעגעבן, אַז חיים פרוינדליך האָט געזאָלט דעם פאַרגאַנגענעם שבת רעפערירן אין אָפּאַטשנע, אָבער ער איז קראַנק געוואָרן און אויך דעם שבת איז ער קראַנק, אַזוי אַז ער האָט געמוזט טעלעפאָנירן, אַז קאַשעראָווסקי קומט רעפערירן. מיין אָפּזאָג און פּראָטעסט האָט גאָרנישט געהאָלפן. איך האָב אים געמוזט געבן די האַנט, אַז איך פאָר קיין אָפּאַטשנע. ערשט דאָן האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער גייט טעלעפאָנירן, אַז איך פאָר. ער האָט עס געמאַכט מיט אַ שמייכל און איראָניע.

זאָלן מיר מוחל זיין די אַלע חברים, וועלכע איך דערמאָן נישט, ווייל איך געדענק נישט מער זייערע נעמען.

אין יאָר 1933 באַקום איך אַ ידיעה פון אונדזער צ.ק., אַז איך בין באַשטעטיקט צו באַקומען איינעם פון די צוויי סערטיפיקאַטן, וועלכע עס האָט באַקומען די פּאַרטיי, און דעם 20־טן יאַנואַר 1934 דאַרף איך עולה זיין. איך גלויב זיך אַליין נישט, אַז מיין לאַנגיאָריקער חלום ווערט פאַרווירק־לעכט.

צו מיין געזעגענונגס־באַנקעט, וועלכן די פּאַרטיי האָט איינגעאָרדנט זענען געקומען פיל חברים, פריינד און געסט; די חברים פון „גורדוניה", פון דער הכשרה־קבוצה, חברים פון די אָרעמיקע שטעטלעך. דער לאָקאַל איז צו קליין געווען אויפצונעמען אַלע געסט. מען טרינקט לחיים, מען הערט באַגריסונגען און מען ווינטשט זיך צו טרעפן אין קורצן אין אייגענעם לאַנד. שפּעט ביינאַכט באַגלייט מען מיך מיט מיין משפחה צו דער אויטאָבוסן־סטאַציע. דער אָוונט פאַרוואַנדלט זיך אין אַ גרויסער ציוניסטישער דעמאָנסטראַציע. דאָס גע־זעגענען זיך מיט די חברים און פריינד האָט אין מיר דער־וועקט אַ געוויסן פאַרגעפיל, אַז דאָס איז מיין לעצטע באַגע־געניש מיט די חברים.

דער רעש פאַרגרעסערט זיך, ווען איך שטייג איין מיט מיין משפחה אין אויטאָבוס. די פּאָליציי שטייט און שטערט נישט דעם רעש און דאָס זינגען די „התקוה" האַלבע נאַכט. ווען דער אויטאָבוס רירט פון אָרט הייבן זיך הונדערטער הענט. דאָס זענען די הענט פון די, מיט וועלכע איך האָב יאָרן לאַנג געאַרבעט פאַר דעם זעלבן אידעאַל. די הענט, וועלכע איך זע צום לעצטן מאָל, פּנימער און געשטאַלטן, וועלכע האָבן זיך געריסן צו אַ בעסערן מאָרגן און צו אַ בעסערער צוקונפט אין אונדזער לאַנד, אָבער לײדער האָבן זיך זייערע שטרעבונגען נישט פאַרווירקלעכט.

ווען מיר בלעטערן דעם יזכור־בוך דערמאָנען מיר זיי אַלע מיט ווייטאָק און צער. הייליק זאָל זיין זייער אָנדענק!

# תולדות התנועה הרוויזיוניסטית בטומשוב

יעקב אולמן

בשנת 1924 נוסדה התנועה הרוויזיוניסטית בהנהגתו של זאב ז׳בוטינסקי, שמטרתה המוצהרת היתה הקמת מדינה יהודית בארץ־ישראל, בגבולותיה ההיסטוריים.

הגרעין הראשון של המפלגה הרוויזיוניסטית בעירנו קם בשנת 1926 כסיעה בתוך ההסתדרות הציונית הכללית. בין המייסדים היו אלעק ז׳לינסקי, דוד שוייצר, דוד אובז׳אנק יהושע רוזנצווייג, אלעק בורגין, משה רוזנבליט, אברהם שטינמן, משה גולדברג ועוד.

מאורעות הדמים בארץ־ישראל — תרפ״ט—1929 נתנו את הדחיפה העיקרית להתפתחות התנועה בעירנו. המאורעות הוכיחו בעליל שדרושה רוויזיה דרסטית במדיניותה של ההסתדרות הציונית כלפי ממשלת אנגליה שהתנכלה בגלוי לזכויות היהודים בא״י לפי המנדט שקבלה על עצמה.

לתנועת הצה״ר זרמו אנשים מכל שכבות העם: בעלי מלאכה, סוחרים, פועלים ואינטליגנציה. המפלגה שכרה אולם במועדון בעלי מלאכה (האנטווערקער־פאריין) בככר קוס־ציושקו, שם גם התרכזו הציונים הכלליים, „הרצליה״, מזכירות קק״ל וקרן־היסוד. במשך זמן קצר הגיע מספר החברים עד קרוב למאה. בדצמבר 1929, נבחרה הנהלת התנועה בהרכב דלקמן: יו״ר בורגין אלעק, פיוול וויסברד, יהושע רוזנ־צווייג, אברהם שטינמן, דוד אובז׳אנק, מ. מרקוביץ, ואלעק ז׳לינסקי.

פרט לאסיפות־חברים רגילות נערכו לעתים קרובות הרצאות ואסיפות־עם בהשתתפות חברי המרכז, אליהם נהרו המונים שעד אז לא התענינו בציונות.

לקונגרס הציוני ה־ט״ז, בקיץ 1929, זכו הרוויזיוניסטים בטומשוב־מזוביצק ב־18 קולות.

בשנת 1930 נאמו בעירנו מטעם המרכז ד״ר ליפמן, ד״ר וודובינסקי, המשורר א. צ. גרינברג ואחרים.

ההשתתפות בבחירות לקונגרסים הציוניים הקודמים היתה מאוד מצומצמת בעירנו. לעומת זאת הפכו הבחירות לקונגרס הציוני ה־י״ז, בשנת 1931, להפגנה גדולה של התנועה הציונית בכללה.

הבחירות האלו הוכיחו עד כמה מושרש היה רעיון הציוני בקרב המוני היהודים בטומשוב. בבחירות לסיים הפולני ולעיריה לא הורגשה ערנות כזאת כמו בבחירות האלו. דינמיותה, חיוניותה ומטרתה הברורה של התנועה הרוויזיו־ניסטית הן שהביאו להתעוררות המונים. בפעם הראשונה ראו בציונות לא מטרה לעתיד לבוא אלא פתרון ממשי של הבעיה היהודית הכאובה בימינו.

הצה״ר זכה בבחירות האלו ב־879 קולות, המקום השני אחרי תנועת „המזרחי״ ויותר מאשר כל המפלגות של א״י העובדת ביחד. זה היה הישג גדול בשביל התנועה.

תוצאות הבחירות הוכיחו שהתנועה הרוויזיוניסטית היכתה שורשים עמוקים בציבור היהודי בעירנו. הצה״ר נעשתה לאחת המפלגות הגדולות בטומשוב. מעון בעלי מלאכה, איפה שהיו, כזכור, גם מפלגות אחרות, היה קטן מכדי לערוך אסיפות חברים או פעולות הסברה לקהל אוהדי התנועה.



המפלגה הרוויזיוניסטית בטומשוב־מזוביצק בשנת 1929

והצה"ר ובית"ר עברו למעון חדש ברח׳ב פולנה (בית גוס־טינסקי) עם הרבה חדרים וחצר גדולה.

בלילות שבת נערכו ערבי־ויכוחים (קעסטל־אוונטן) והרצ־אות על נושאים ציוניים וכלליים. בשנת 1932, באסיפה הכללית של הציונים הכלליים, שכללו שלוש סיעות — „על המשמר", „עת לבנות" והצה"ר — זכתה סיעת הצ"הר ברוב אבסולטי, וכתוצאה מזה עבר האינוונטר עם דגל הציונים הכלליים לתנועת הצה"ר.

## ביקור ז. ז׳בוטינסקי

במרץ 1933 ביקר בעירנו מנהיג התנועה הרוויזיוניסטית וראש בית"ר, זאב ז׳בוטינסקי. זמן רב לפני המאורע הורגשה תכונה בלתי רגילה לקראת הביקור הזה, לא רק בקרב החברים אלא גם בציבור הרחב. נוסד ועד־קבלת פנים מנכבדי העיר בהרכב של הרב שמואל הלוי בראט ז"ל, עו"ד הירשפרונג, מנהלת הגימנסיה העברית גב׳ ווייקסלפיש, מהנדס רייגרו־דזקי, בולסלב שפס, ד"ר רוטנברג ועוד.

על יד תחנת הרכבת חיכו לבואו מאות חברי התנועה ובית"רים מטומשוב והסביבה בתלבושתם המלאה ובדגליהם. הרכבת הגיעה. זאב ז׳בוטינסקי ירד מהקרון לצלילי ההמנון הלאומי „התקוה", שהשמיעה תזמורת ז׳. ט. ג. ס. (תנועת הספורט היהודית). המשטרה, פועלי הרכבת ומפקד התחנה עמדו דום והצדיעו כאילו לראש מדינה. היה זה חזיון מרהיב ומרטיט לב כשהגאוה היהודית פרצה לרגע מלבותיהם של המונים שבאו לקבל את פני המנהיג.

לאורך כל הרחובות, דרכם עברה שיירת המכוניות שליוותה את האורח הנכבד, צפו אלפי יהודים שקבלו את פניו במחיאות כפיים ובקריאות הידד.

הרבה פולנים דברו ביניהם שהנשיא היהודי בא לטומשוב. בערב, באולם קולנוע „מודרן" הגדול, שמסוגל היה להכיל בתוכו חלק קטן מאוד מאלה שהשתוקקו לשמוע את דבריו. הזדמנה לנו חוויה בלתי נשכחת לשמוע בפעם הראשונה בחיינו את גדול הנואמים, את המנהיג הדגול שהפך בחייו לאגדה. אחרי האזהרה על הסכנה הצפוייה לעמנו בגולה, (זה היה תיכף אחרי עליתו של היטלר, ימ"ש, לשלטון) שהרעידה את קהל שומעיו, כאילו יצאה מפיו של נביא־הזעם המוכיח את עמו, עבר לתאר את החזון הגדול של תחיית האומה היהודית במדינתה, בא"י השלמה.

מוקסמים מכוח השיכנוע שלו, מתפארת מליצותיו, שתינו כל מלה ומלה שלו כפי ששותה תועה במדבר לוהט מים חיים. לרגע נדמה היה לנו שכנפי הגאולה מרחפות מעלינו...

אותו ערב היינו משולהבים, קרני־אור פילחו את חשכת הגלות. היינו כחולמים...

## אחרי ועידת קטוביץ

אחרי שהקונגרס הי"ז דחה ברוב קולות את הצעת החלטה של הצה"ר, — שהמטרה הסופית של הציונות היא יצירת מדינה יהודית, החליט ז. ז׳בוטינסקי שהגיע הזמן לפרוש מההסתדרות הציונית וליצור הסתדרות ציונית חדשה שתנהל מדיניותה באופן עצמאי במישור הבין־לאומי. אולם חלק מההנהלה העולמית של הצה"ר, ובראשם מאיר גרוסמן, התנגדו לזה ובועידת קטוביץ, במרץ 1933, חל קרע בתנועה בגלל חילוקי דעות אלה.



קבוצת חברים במפלגה הרוויזיוניסטית

גם בעירנו חלק מחברינו עבר לצד סיעת גרוסמן.

אחרי הפילוג נבחרה הנהלה חדשה של הצה"ר בהרכב של החברים: יצחק קניגהייט, פנחס בנצ׳קובסקי, יוסף גרפינקל, פייוול וקרולה וייסברט, יוסף רוזנבליט, בני קורץ ועוד. בבחירות לקונגרס הי"ח, שהתקיימו באותה שנה, קיבלו שתי הסיעות הרוויזיוניסטיות 1080 קולות (המספר הגדול ביותר בין כל המפלגות הציוניות). בשנת 1934 הוחל מסע הפטיציה שעליה הכריזה ההנהלה העולמית של הצה"ר. מגילות בנוסחים שונים למלך אנגליה, לפרלמנט הבריטי, לועדת המנדטים של חבר הלאומים, ובהן דרשו החותמים עליה חופשית לא"י מחמת המצוקה והאנטישמיות ההולכת וגוברת בארצות אירופה. לשם הפצת רעיון הפטיציה בין ההמונים ביקרו בטומשוב חברי ההנהלה העולמית והארצית ד"ר וולפגנג פון ווייזל, ד"ר שכטמן ומנהיג ברית־ישורון, הרב טרייסטמן. בטומשוב נאספו כ־7 אלפים חתימות.

בקיץ 1934 התקיימו בחירות לקונגרס „ההסתדרות הציונית החדשה". בפעם הראשונה קיבלו זכות הבחירה לקונגרס כל יהודי שחתם על הצהרה האומרת שהמטרה הסופית של

הציונות היא יצירת מדינת היהודים בא״י השלמה. לבחירות אלו הצביעו כ־2.000 איש.

באותה שנה עברה תנועת הצה״ר למעון ברחוב אנטוניגו 15. ביוזמת הבית״רי זליג מרקוביץ נוסד אירגון נוער רוויזיוניסטי בשם „מנורה״, אליו הצטרפו בני נוער בגיל יותר מבוגר. בעיקר נוער עובד. נוצר חוג דרמטי בהדרכתו של החבר בינם מוסמן, וחוג להיסטוריה יהודית וציונית תחת הדרכתו של הרב ד״ר גרייעוער — מורה בגימנסיה העברית.

במרץ 1936 נבחרה הנהלה חדשה: יו״ר ד״ר הנל, חברי ההנהלה: יצחק קניגהייט, פנחס וזאב גרפינקל, פנחס בנצ׳קובסקי, זליג מרקוביץ, קששבר, פיבל וקרולה ויסברד.

בשנת 1938 התקיימה בטומשוב ועידה של הצה״ר, בה

## ברית החיל

ביוזמת המפלגה הרוויזיוניסטית בטומשוב, נוסד בשנת 1933 ארגון של חיילים משוחררים בשם „ברית־החיל״. מטרת האירגון היתה להכין אנשי צבא לשעבר שיהיו מוכנים לעלות ארצה ביחד עם משפחותיהם ולהתישב באיזורי הגבול של ארץ־ישראל המנדטורית. לשורות „ברית־החיל״ נמשכו מצד אחד קצינים יהודיים לשעבר של הצבא הפולני, בחלקם משכבות המתבוללים היהודיים ומצד שני, — ואלה היו הרוב הגדול — „עמך״ במלוא מובן המלה: עגלונים, סבלים, סנדלרים ואחרים, פשוטי עם, עם לב יהודי חם, המוכנים תמיד לבוא לעזרת הזולת.

למפקדת הסניף בטומשוב נבחרו מהנדס פיינר, וו. בירנצויג, ב. מנקס, פ. ויסברד מהנדס וינשטין, מיכאל שפיבק,



קבוצה רוויזיוניסטית עם ד״ר יוסף שכטר (סגן יו״ר ההנהלה העולמית)

השתתפו כל סניפי הצה״ר בגליל לודז׳. בועידה זו דנו בבעיות פוליטיות, אירגוניות ותכנית האווקואציה של הצ״ח. נתקבלו החלטות לארגן פעולה נרחבת למען עליה בלתי ליגלית (עליה ב׳) בממדים נרחבים. נבחרה מועצת הגליל. מסניף טומשוב נבחרו למועצה החברים זליג מרקוביץ ופנחס בנצוקובסקי.

בשנת 1937 השתתפה הצה״ר במשותף עם ארגון בעלי מלאכה בבחירות למועצת עירית טומשוב. כתוצאה מהבחירות נבחרו 2 נציגים מטעם המפלגה למועצה.

בשנת 1938, בבחירות לועד קהילת טומשוב, נבחרו מטעם הצה״ר וולף בירנצויג וגלובינסקי שמואל כחברי קהילת טומשוב־מזוביצק.

מיכאל ויסקופף, אהרון רוזנבלום ושמואל גלובינסקי. המפקד הראשון היה וו. בליברג.

בערבים, בשבתות ובחגים, היו מתאספים בפעולות הסברה ציונית ובאימונים צבאיים.

בשנת 1935 הצטרפו למפקדת הסניף: יוסף גרפינקל, ישעיהו ויסברד, יולק מרקוביץ וקושטוצקי וולף.

חברי „ברית החייל״ השתתפו באופן פעיל בכל פעולות פוליטיות וציבוריות של המפלגה הרוויזיוניסטית.

הלהקה הדרמטית הציגה ביחד עם החוג הדרמטי של הצה״ר ובית״ר הצגות והופעות בידור.

לצערנו הרב לא זכה החומר האנושי היקר הזה להגשמת חלומותיו וכמעט כולם ניספו בשואה הנוראה.

# אַרבעטער־פּאַרטיי „בונד"

ביז יאָר 1903 האָט אין דער שטאָט טאָמאַשאָוו זיך נישט געפילט קיין שום סאָציאַליסטישע טעטיקייט צווישן די יידישע וועבער און אַנדערע בעלי־מלאכות. אין דער צייט האָבן שוין אויף דער פּוילישער גאַס עקזיסטירט צוויי אומלעגאַלע פּאָליטישע פּאַרטייען: די ס.ד. און די פּ.פּ.ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי).

איניקע יידישע וועבער, וועלכע האָבן זיך שוין אַרומגעטראָגן מיט די סאָציאַליסטישע געדאַנקען, האָבן פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו און געפאָרן קיין ענגלאַנד, אַמעריקע, אָדער אַנדערע לענדער, ווייל זיי האָבן געהערט, אַז אין די דאָזיקע לענדער ווערט מען נישט פאַרפאָלגט און מען זיצט נישט אין תפיסה צוליב סאָציאַליסטישע אַנשויאונגען.

אַנהייב 1903 האָבן זיך פלוצים באַוויזן אויף די ווענט לאָזונגען פון „בונד". אויך דער בונדישער „וועקער" און פאַרשידענע בראָשורן האָבן זיך באַוויזן אין שטאָט.

נאָך פסח אין יאָר 1903, האָט דער „בונד" אַרויסגערוקט זיינע ערשטע, אָבער גאַנץ באַשיידענע פאָדערונגען. זיי האָבן פאַרלאַנגט אַ העכערונג פון לוין אַ האַלבע קאָפּיקע אויף יעדע 2400 איילן, איידער זיי האָבן צוגעגרייט די קעטע צום וועבן.

זיי האָבן נישט דערקלערט קיין שטרייק, אָבער די דאָזיקע פאָדערונג האָבן זיי אַ געוויסן טאָג דערלאַנגט די פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן די העכערונג באַשטעטיקט.

נאָך די וועבער האָבן אויך געפאָדערט לוין־העכערונגען די שניידער און שוסטער, ווי אויך אַנדערע בעלי־מלאכות.

ווען איך האָב שפּאַצירט בעת די זומערדיקע שבת־טעג אין די וועלדער ביי טאָמאַשאָוו, האָב איך כמעט שטענדיק זיך אָנגעטראָפן אויף פאַרזאַמלונגען פון יונגע מיידלעך און בחורים, וועלכע זענען געזעסן אויפן גראָז אין אַ האַלב־ראָד און אַ יונגער רעדנער, נישט קיין טאָמאַשאָווער, האָט פאַר זיי רעפערירט וועגן סאָציאַליזם און וועגן דער רעוואָלוציע, וועלכע דערנענטערט זיך.

דער נאָמען „בונד" איז נאָך ווייניק געווען באַקאַנט און די אָרגאַניזירטע גרופן האָבן זיך גערופן „די מענטשן פון פאַראייניקונג".

צו די פּראָפּאַגאַנדיסטן האָבן געהערט עטלעכע טאָמאַשאָווער, אָבער הויפּטזעכלעך זענען עס געווען צוגערייזטע פון לאָדזש. מען האָט זיי לייכט דערקענט לויט די פּעלערינעס, וואָס זיי האָבן געטראָגן און די גרויסע טשופּרינעס. איך דערמאָן זיך אַ רעדע פון אונדזערן אַ תושב, וועלכער האָט פאַר די צוהערער דערקלערט די וויכטיקייט פון פאַראייניקטן אַרבעטער־קלאַס. אָט איז אַן אויסצוג פון זייערע לאָזונגען:

„מיר, אַרבעטער, זענען אַזוי ווי ריטלעך פון אַ בעזעם, יעדעס ריטל פאַר זיך אַליין האָט נישט קיין באַדייטונג און קיין כוח, אָבער ווען מען בינדט זיי צונויף אין אַ בעזעם קענען זיי אויסרייניקן דאָס מיסט. אויך מיר, יעדער איינער פון אונדז איז אַ נול, אָבער ווען מיר פאַראייניקן זיך אין איין פּאַרטיי, וועלן מיר זיין אַ גרויסער כוח, וועלכער וועט זיין פעאיק צו באַקעמפן דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס און אַרויס־



פּאַרטיי־קאָמיטעט פון „בונד" אין יאָר 1922—18.

זיצן פון רעכטס אויף לינקס: שפּינעלמאַן, שפרה ווייסקאָפּ (מילער), יאַקובאָוויטש, צימערינג און מענדלעוויטש.

זיצן פון רעכטס אויף לינקס: שמחה שוואַלב, שלמה מעלשפּייז, ווייננאַרט, ישעיהו שאַיעוויטש און חיים זאַכאַריאַש.

רייסן די קאַפּיטאַליסטן מיטן וואָרצל. נאָך דער רעוואָלוציע וועלן מיר זיין די הערשער איבער אונדזער פּראָדוקציע און מיר וועלן נישט זיין מער קיין אונטערגעדריקטע און דערנידעריקטע און נישט אויסגיין מער פון הונגער".

זומער־צייט זענען די קליינע גרופּן געוואַקסן אין גרויסע מחנות חברים און יעדן אָוונט האָבן זיי שפּאַצירט אויף די טראָטואַרן פון די זייטיקע גאַסן און געטיילט פאַרשידענע אויפרופן און בראָשורן, אין וועלכע עס זענען באַלויכטן און אויפגעקלערט געוואָרן פראַגן וועגן סאָציאַליזם. פון צייט צו צייט האָבן זיך אויך געהערט אויסרופן: „נידער מיטן צאַר!", „זאָל לעבן די רעוואָלוציע!".

די אויפגעשטאַנענע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי „אייניקייט" האָט נישט געהאַט קיין לאָקאַל. זייערע פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען, ווי עס איז שוין באַמערקט געוואָרן, אין די וועלדער, אין פּריוואַטע וווינונגען און אַפילו אין בית־המדרש אויפן בוידעם.

איין מאָל, אויף אַזאַ פאַרזאַמלונג, האָט עמיץ אַ וואָרף־געטון אויף די צעריסענע סידורים און ספרים אַ נישט דער־רויכערטן שטיקל פּאַפּיראָס און ווען זיי האָבן פאַרלאָזן דעם בוידעם איז אויסגעבראָכן אַ שריפה און דער גאַנצער אויבערשטער טייל מיטן דאַך פון בית־המדרש איז פאַרברענט געוואָרן.

נאָך סוכות, פון זעלבן יאָר 1903, האָבן זיך שוין באַוויזן אויף די ווענט אויפרופן אין נאָמען פון „בונד".

בעת דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, אין יאָר 1904, האָט אין פּוילן און אויך אין טאָמאַשאָוו געהערשט אַ ווירטשאַפט־לעכער קריזיס. אין רוסלאַנד איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע, וועלכע האָט געצוווּנגען דעם צאַר עפענען די רוסישע „דומע" און פּראָקלאַמירן אַ נייע קאָנסטיטוציע. דאָס איז געווען אַ דאַנק דעם זיג פון דער ערשטער רעוואָלוציע.

דער „בונד" אין טאָמאַשאָוו איז געווען שטאָלץ מיטן זיג פון רוסישן פּראָלעטאַריאַט און דאָס איז געווען אַ גורם אויס־צוברייטערן די טעטיקייט און די פאָדערונגען כלפּי די אָרטיקע פאַבריקאַנטן.

צום ערשטן מאָל איז דער „בונד" אַרויסגעטראָטן מיט אַן אייגענער ליסטע צו די שטאָטראַט־וואַלן אין יאָר 1919 און זיי האָבן אָפּגעהאַלטן אַ נצחון. דאָס איז געווען אַ דאַנק דער השפּעה פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און גלויבן, אַז אויך אין פּוילן דערנענטערט זיך די רעוואָלוציע.

דאָס איז געווען איין יאָר נאָכן ערשטן וועלט־קריג, דער הונגער און די נויט איז געווען גרויס און קיין וווּנדער, וואָס די אָרעמע מאַסן האָבן געשטימט פאַר די סאָציאַליסטישע פאָרשטייער. די מערהייט האָט דאַן באַקומען די פּ.פּ.ס. און אויך דער „בונד", וואָס איז געגאַנגען האַנט־ביי־האַנט מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט באַקומען 5 ראַטמענער.

אויף די 1־טע מאַי־דעמאָנסטראַציעס האָט דער „בונד" איינגעאָרדנט צוזאַמען מיט דער פּ.פּ.ס.

(אויסצוגן פון י. שטיינמאַנס בוך אין העברעיש)



לוויה פון בונדישן טוער חיים זאַכאַריאַש

# אקטיוויסטן פון „בונד"

בנימין ווייסמאַן

איך געדענק נישט פיל פון מיינע יינגל־יאָרן בעת איך האָב געהערט צום „בונד".

איך דערמאָן זיך דעם ניי־געווילטן שטאָטראָט אין יאָר 1922. דעם גוואַלדיקן איינדרוק, וואָס עס האָט געמאַכט אין שטאָט, ווען עס איז אויסגעווילט געוואָרן דער ערשטער יידישער לאָווניק הערש־איסר ראָזענבלום און די ערשטע יי־



א גרופע יונגע אַקטיוויסטן פון „בונד" אין יאָר 1926

דישע ראָטמענער יאַקובאָוויטש, אברהם בערנאַנסקי און אַנד.

פאַר די בונדישע חברים איז עס געווען אַ שטאָלץ צו לאָזן הערן זייער שטימע קעגן אַנטיסעמיטיזם אויף די זיצונגען פון שטאָטראָט.

איך דערמאָן זיך די טעטיקייט פון די אַלע אַרבעטער־טוער. מיר זענען געלאָפן הערן זייערע רעפעראַטן, באַריכטן פון זייער טעטיקייט אין שטאָטראָט, וועגן דעם קאַמף פאַר דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס. מיר האָבן אָנטיילגענומען, אונטער זייער אָנפירונג, אין די 1־טע מאַי־־דעמאָנסטראַציעס, אין פאַרשידענע פּראָטעסטן און שטרייקן.

אין יענער צייט איז עס געווען וויכטיק פאַר די אָרעמע יידישע אַרבעטס־מענטשן, וועלכע האָבן זיך נישט געפילט פאַראייניזאַמט אין זייער קאַמף פאַר אַ בעסערן מאָרגן. זיי האָבן אין די אַקטיווע פאַרטיי־טוער און אין די חברים געפונען אַ טרייסט צו זייערע צרות, אַ האָפענונג צו לינדערן די נויט און אַ מקור פאַר גייסטיקן אויסלעבן זיך. שעהן־לאַנג האָבן זיי געקענט פאַרברענגען אין אַן אידעאַישער אַטמאָספער און פאַרגעסן אין די טאָג־טעגלעכע דאגות.

איך דערמאָן זיך די אַלע אַרבעטער־טוער, די חברים: יאַקובאָוויטש, חיים זאַכאַריאַש, שמשון קאַשעראָווסקי, בנימין זאַבלאָצקי, בערלינער, אַהרן פלאַמקע און אַנדערע. פיל פון זיי זענען טראַגיש אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים.

כבוד זייער אָנדענק!

# „מיטן פאַרשניטענעם פאָלק״

יעקב צעלעמאַנסקי

(דאָס איז דער נאָמען פון בוך, וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרק אין יאָר 1963. דער מחבר איז אַלס דעלעגאַט פון „בונד״, אין דער צייט פון נאַצי־יאָך אַרומגעפאָרן אין פאַרשידענע שטעט און דערציילט וועגן יידישן חורבן מיר ברענגען אויסצוגן פון זיין באַשרייבונג וועגן טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק)

*

...פרילינג 1941. איך בין געפאָרן קיין טאָמאַשאָוו מיטן אויטאָבוס, וואָס האָט קורסירט פון פּיעטרקאָוו. איך האָב געהאַט די אויפגאַבע זיך צו טרעפן מיט חבר שמשון קאַשעראָווסקי, וועלכער איז פאַרן קריג געווען אַ באַקאַנטער בונדישער טוער, מיטגליד פון שטאָטראַט און פון דער קהילה־לייטונג.

אין אויטאָבוס האָב איך צווישן די פּאַסאַזשירן דערזען אַ ייד. איך האָב אים געפרעגט אויף פּויליש צי ער קען אַ טאָמאַשאָווער איינוווינער מיטן נאָמען קאַשעראָווסקי. דער ייד האָט מיך אָנגעקוקט אַ ביסל איבערגעשראָקן און מיט חידוש געפרעגט: „ווי קומט אַ פּאָליאַק זיך פרעגן אויף אַ ייד און דערצו נאָך אויף אַ באַקאַנטן בונדיסט?״.

איך האָב אים שנעל באַרואיקט, אַז איך בין אַ פּיעטערקאָווער און דאַרף זיך זען מיט קאַשעראָווסקין געשעפטלעך.

אין טאָמאַשאָוו האָט מיר דער ייד אָנגעוויזן אין וועלכער ריכטונג איך זאָל גיין און איז אַליין נעלם געוואָרן.

עס איז געווען אַ פּייכטער טאָג. פון די דעכער איז אַראָפּגערונען דער צעגאַנגענער שניי. ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו די יידישע גאַסן, האָב איך אַרויסגעפילט אַ שרעק. קיינער פון די פאַרבייגייענדיקע יידן האָט נישט געקוקט אין מיין זייט. מיין העל פּנים, מיין טעקע, מיין מאַנטל — דאָס אַלץ האָט זיי פון מיר אָפּגעשטויסן. צי בין איך נישט אַמאָל אַ דייטש, מיט וועלכן מען דאַרף זיין פון דערווייטנס.

איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער וווינונג פון חבר שמשון קאַשעראָווסקי. ער אַליין האָט מיר געעפנט די טיר און מיר האָבן זיך באַגריסט. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין ערשטן צימער, ווו איך האָב דערזען דאָס פּאָרפאָלק שמואל און צעשע בלום — צוויי פּאַרטיי־טוער פון קראָקע, וועלכע האָבן נישט לאַנג צוריק זיך אַריבערגעצויגן קיין טאָמאַשאָוו. זיי האָבן מיך גלייך דערקענט און האָבן זיך געפרייט מיט מיין קומען. די פרייד האָט אָבער פאַרדעקט די מוראדיקע באַדינגונגען אין וועלכע זיי האָבן געלעבט.

קאַשעראָווסקי האָט צו מיר געזאָגט: „איר זענט געקומען אין איינעם פון אונדזערע ביטערע טעג״. ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ טיר און זי געעפנט. איך האָב פאַר זיך דערזען אַ שטוב, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט בלייכע, אויסגעמאַגערטע יידישע פרויען. בעת קאַשעראָווסקי האָט געעפנט די טיר זענען עטלעכע פרויען צו אים צוגעלאָפן און געזאָגט מיט אַ געיאָמער: „שמשון, ראַטעווע מיין קינד!״ אַנדערע זענען געזעסן רעזיגנירט מיט פאַרבראָכענע הענט.

קאַשעראָווסקי האָט זיי עפּעס געזאָגט און די פרויען זענען ווידער געבליבן זיצן, ווי פאַרגליווערטע. ער האָט פאַרמאַכט די טיר און צו מיר געזאָגט: „דאָס איז אונדזער גרעסטער אומגליק. מען כאַפּט יוגנטלעכע. זיי ווערן פאַרשלעפּט אין אַ לאַגער. די אַרבעט איז אַ קאַטאָרזשנע, די יידישע בחורים ווערן געפּייניקט און געמאַטערט. די מאַמעס פון אַזעלכע פאַרכאַפּטע קינדער זיצן דאָ גאַנצע טעג. זיי קומען אַהער, ווייל ער איז פאַרבונדן מיט דער קהילה, וואָס באַזאָרגט פּעקלעך שפּייז און וועש פאַר די יינגלעך און פון צייט צו צייט געלונגט אים אַרויסצוראַטעווען אַ פאַרשלעפּטן קרבן״.

איך האָב זיך ווייטער דערוווּסט, אַז אויף די גאַסן פּאַרט כסדר דאָס קעטשל און כאַפּט אַלץ נייע קרבנות. יידישע יוגנטלעכע באַמיען זיך וואָס ווייניקער אַרויסצוגיין אין דרויסן, אָבער דאָס העלפט נישט. די דייטשן האָבן לעצטנס אָנגעהויבן זיך אַריינרייסן אין די וווינונגען און שלעפּן פון דאָרט אַרויס די יונגע קינדער.

שמשון קאַשעראָווסקי האָט מיר דערציילט וועגן אַ צווייטער געשעעניש, וואָס האָט מיך טיף דערשיטערט. דאָס איז געווען אין חודש מערץ 1941. די צרות, וואָס די דייטשן האָבן שוין דעמאָלט אָנגעטאָן די יידן, זענען געווען גענוג פּיינלעכע. עס זענען שוין דעמאָלט געווען אַ סך פאַלן פון גרויזאַמע מאַטערנישן און מאָרדן. איך האָב אָבער ביז דעמאָלט נישט געהערט פון קיין פאַל, אַז די נאַציס זאָלן צונויפטרייבן אַ גרויסע צאָל יידישע פאַמיליעס און זיי קאַלטבלוטיק דערמאָרדן.

קאַשעראָווסקי האָט מיר אויך דערציילט, אַז מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק איז פאָרגעקומען אין טאָמאַשאָוו אַזאַ מאַסן־שחיטה. די געסטאַפּאָ האָט געמאָלדן, אַז די יידישע אינטעליגענץ, די אַלע, וואָס געהערן צו די פרייע פּראָפעסיעס, דאַרפן זיך רעגיסטרירן צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס, ווייל עס איז פאַראַן פּאַר זיי אַ מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד. נאָך דער אָדורכגעפירטער רעגיסטראַציע האָט מען זיי אַלע, מיט די פרויען און קינדער, אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם, ווו מען האָט זיי באַפוילן אויסצוגראָבן אַ מאַסן־קבר און מען האָט זיי דערשאָסן. אונדזער חבר האָט מיר איבערגעגעבן די דאָזיקע גרויזאַמע נייעס מיט אַ שטילער וויטיקלעכער שטימע.

מיר זענען נאך דעם בײדע געזעסן א לענגערע צייט און נישט אויסגערעדט קיין ווארט. איך האב פשוט נישט געהאט קיין מוט צו רעדן. זיין הויז איז געווען א טרערן־אינדזל. פון צוויי צימער, ווו עס זענען געווען די מאמעס פון די געכאפטע קינדער, איז צו אונדז דערגאנגען א ספאזמאטיש געוויין.

איך האב אבער דערפילט, אז נישט געקוקט אויף דעם אלעם מוז איך דערפילן מיין שליחות. איך טאר זיך בשום אופן נישט פארלירן. איך האב זיך אויפגעשטעלט און געזאגט צו קאשעראווסקין, אז איך גיי אוועק צו דער חברטע אסתר ראזענבלום און בעט אים צוקומען אהין פארנאכט, ווייל איך וועל דארט פרובירן אפצוהאלטן א זיצונג.

אסתר ראזענבלום האט געוווינט אויף וואיציעכאווסקאגאס 12. פארן קריג איז זי געווען די ביבליאטעקארין אין דער שטאטישער ביבליאטעק, אבער אין יאר 1938 האט די פוילישע אנפירערשאפט אין טאמאשאוו זי באזייטיקט צוליב איר ידישקייט. זי האט געוווינט אויף א פערטן שטאק איז צוויי קליינע בוידעם־שטיבלעך, מיט פענצטער אויפן דאך.

ווען איך בין אריינגעקומען האב איך געטראפן אירע א שוועסטער, אויך אן אקטיווע טוערין. איך האב זי געבעטן גיין מודיע זיין אונדזערע חברים וועגן מיין קומען, אז מען דארף אפהאלטן א זיצונג.

איך בין אליין געבליבן. אין די אויערן האט מיר כסדר געקלינגען דאס געיאמער פון די ייִדישע פרויען אין קאשעראווסקיס דירה. איך האב געזען פאר די אויגן זיין טרויעריק פנים, און געהערט זיין פארשעמטע שטילע שטימע, בעת ער האט מיר איבערגעגעבן וועגן דעם מאסן־מארד אויפן בית־עולם.

עס איז צוגעפאלן דער אוונט און פון די ווינקלען פון בוידעם־שטיבל האבן אנגעהויבן ארויסקריכן גרויע שאטנס. איך האב דערהערט טריט אויף די טרעפ און פון דער אפענער טיר זענען אריינגעקומען די חברטע אסתר ראזענבלום, איר חבר זעליג ניעדזשוויעדזש און באלד נאך זיי זענען געקומען די אנדערע חברים פון קאמיטעט: קלארא זאכאריאש, חיים בערלינער און פאקולא. די שטימונג בעת דער זיצונג איז געווען א געדריקטע.

אין טאמאשאוו האבן דעמאלט געלעבט צוזאמען מיט די צונויפגעטריבענע פון די ארומיקע שטעטלעך העכער 15 טויזנט יידן דייערע לעבנס זענען אפהענגיק פון דער רשעות פון די נאצישע סאדיסטן. די באדינגונגען זענען געווען אזעלכע, אז עס האט נישט געקענט זיין קיין רייד וועגן א פרוכטבארער פארטיי־ארבעט. די אקטיווע בונדיסטן זענען געווען פארנומען מיט הילפס־ארבעט פאר די געפייניקטע אין די לאגערן און פאר די פארמאטערטע אין געטא, וועלכע זענען ממש אויסגעגאנגען פון הונגער. די נידערגעשלאגנקייט האט זיך געפילט אויף אלע ייִדישע גאסן.

צום סוף האב איך געפרווט איבערגעבן א באריכט פון צענטראל־קאמיטעט און אריינברענגען כאטש א שטראל פון האפענונג, אבער איך אליין בין געווארן אנגעשטעקט מיט יאוש און געהאט א געפיל פון דערשלאגנקייט.

דער חבר שמשון קאשעראווסקי איז א קורצע צייט שפעטער אומגעקומען אין גרויסע יסורים. אין שייכות מיט זיין בונדישער טעטיקייט, האט אים די געסטאפא ארעסטירט צוזאמען מיט שמואל־יונה בלום און זיין פרוי, וועלכע האבן ביי אים געוווינט. במשך צוויי וואכן האבן אים די רוצחים מוראדיק געפייניקט אין דער פיעטרקאווער תפיסה. צום סוף האבן זיי אים אדורכגעפירט דורך דער שטאט אויפן וועג צום בית־עולם. זיין קערפער איז געווען צעממיתט און פארבלוטיקט. א האלב־טויטן האבן זיי אים דערשלעפט אויפן בית־הקברות און דארט אים דערשאסן.

זיין פרוי, וועלכע איז נאענט פארן קריג אוועקגעפארן אויף דער וועלט־אויסשטעלונג קיין ניו־יארק, איז דארט פארבליבן צוליב דער מלחמה. זי האט אים געשיקט א וויזע און ער וואלט אפשר געקענט אוועקפארן, ער האט אבער נישט געוואלט פארלאזן טאמאשאוו און אליין זיך ראטעווען, ווען די סכנה פון טויט האט געלויערט אויף אלעמען.

מילדער איז געווען דער גורל פון דער חברטע קלארא זאכאריאש — זי איז געשטארבן אויף איר בעט פון א טיפוס. אן אינטערעסאנטע און העלדישע פרוי איז זי געווען, די אלמנה פון חיים זאכאריאש. א הויכע, א שלאנקע מיט א ווייס ליכטיק פנים און העל־בלויע אויגן. זי האט גערעדט א פליסיקן דייטש און מיט איר אריסטאקראטישן אויסזען האט זי געקענט לייכט אנגיין אלס אריערין.

זי איז געווען אקטיוו אין דער אונטערערדישער באוועגונג און האט אין שליחות פון „בונד" באזוכט א גרויסע צאל שטעט און געפירט אומלעגאלע ליטעראטור. זי איז געפארן אלס אריערין אין די וואגאנען צוזאמען מיט דייטשן.

עס איז געווען א פאל, בעת א רעוויזיע ביי די אראפגייענדיקע פאסאזשירן פון א צוג, האט זי געבעטן א דייטשן זעלנער איר העלפן צוטראגן די שווערע וואליזע. ער איז געווען זייער העפלעך צו דער „דייטשער דאמע" און א דאנק דעם איז איר געלונגען צו בלייבן לעבן. דער טיפוס האט אוועקגעריסן איר לעבן צוזאמען מיט נאך ייִדישע קרבנות.

# די יידישע ארבעטערשאפט אין דער קאמוניסטישער באוועגונג פון טאמאשאוו

הערש־דוד ווייסבערג

נישט לאַנג נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פוילן האָט באַקומען איר אומאָפּהענגיקייט, האָט זיך געגרינדעט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פוילן.

דעם 16־טן דעצעמבער 1918 איז פאָרגעקומען אַ פּאַראייניקונגס־צוזאַמענפאָר פון דער ס.ד.ק.פּ.ל. (סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קרוין־פוילן און ליטע) און דער לינקער פּ.פּ.ס., בעת וועלכן עס איז געגרינדעט געוואָרן די קאָמוניסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי פון פוילן (ק.פּ.ר.פּ.). אין יאָר 1925, אויף איר דריטן צוזאַמענפאָר, האָט די פּאַרטיי געענדערט איר נאָמען אויף ק.פּ.פּ. און אין דער זעלבער צייט איז אויך אין טאָמאַשאָוו אַנטשטאַנען די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אַרומגענומען אַ גרויסן טייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט געפירט אַ לעבהאַפטע טעטיקייט אין פּאָליטישן, געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן אין שטאָט. זי האָט געהאַט אַ גרויסן און שטאַרקן איינפלוס אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און אין דעם אַרבעטער־ראַט אין טאָמאַשאָוו.

אין דער דאָזיקער טעטיקייט האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט פיל יידישע אַרבעטער, צווישן זיי דוד שפּערלינג, איכל אייזענמאַן, יוסף מאיר קאַנטאָראָוויטש, לייביש אייזענבערג, עליאַש מאיר (עליאַש האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון בעקער אייזענשטיין, וועלכער האָט געהאַט די בעקעריי אין עמנואל „פּיעטרעקס" הויז) און פיל אַנדערע.

אין יאָר 1921 איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין „בונד" און עס איז אַנטשטאַנען דער אַזוי גערופענער „קאָמבונד", וועלכער האָט עקזיסטירט אַ קורצע צייט אַלס זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע און אַ צייט שפּעטער האָבן זיי זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אויך אין טאָמאַשאָוו האָבן אַ גרויסע טייל חברים פאַרלאָזן דעם „בונד" און זיך אָנגעשלאָסן אין דער אָרטיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. צווישן די חברים זענען געווען חיים שלום קאַנטאָראָוויטש (איצט אין טאָמאַשאָוו), וואָלף שוואַרצמאַן, מעלשפּייז, שבח בערקאָוויטש, שלמה ווייגאַרטן און אַנד.

די קאָמוניסטישע יוגנט־באַוועגונג ז.מ.ק. איז אַנטשטאַנען אין טאָמאַשאָוו אין יאָר 1919. איר איינפלוס אויף דער אָרטיקער יוגנט איז געווען אַ גרויסער, סיי אויף דער פוילישער און סיי אויף דער יידישער גאַס.

צו די יידישע יוגנטלעכע אַקטיוויסטן האָבן געהערט משה גאָלדשטיין, מאיר שפּיגל, דוד אייזענמאַן, שלמה מעלשפּייז, הערש־דוד ווייסבערג (דער שרייבער פון די שורות) און פיל אַנדערע.

צו די שפּעטערדיקע אַקטיוויסטן האָבן געהערט אברהם לאַנדאַו (וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך דער דעפענסיווע אין שטאָט זאַגלעמביע־דאָמבראָוואַ), יעקב שטיינבאַך (געפינט זיך אין אַמעריקע), אברהם גינגאָלד, יהושע גינגאָלד, הערש באַרנשטיין, רחל באַרענשטיין, פּערל שוואַרץ, בערל ווייסבערג, מינק און פיל אַנדערע.



אַ גרופּע יידישע מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי

אין יאר 1924 זענען פארגעקומען די ערשטע ארעסטן צווישן די יידישע יוגנטלעכע קאמוניסטן. צווישן אנדערע זענען ארעסטירט געווארן יהושע גינגאלד, מעלשפיז, רחל בארענשטיין און פערל שווארץ.

אין יאר 1931 איז פארגעקומען א גרויסע פראוואקאציע נעבן דער קונסטזייד־פאבריק אין ווילאנאוו. עס זענען דע־מאלט פארגעקומען גרויסע ארעסטן. צווישן די העכער 80 ארעסטירטע זענען אויך געווען פיל יידישע ארבעטער.

דער גרעסטער טייל פון די פראפעסיאנעלע פאראיינען האבן זיך געפונען אונטער דעם איינפלוס פון דער קאמוניס־טישער פארטיי. דער מעטאל־פאראיין, כעמישער, האלץ, לע־דער, שניידער און אנדערע פאראיינען.

אויך צום „מאפר״ (אינטערנאציאנאלע ארגאניזאציע צו העלפן פאליטישע ארעסטירטע) האבן געהערט פיל יידישע ארבעטער און ארבעטנדיקע אינטעליגענץ.

די קאמוניסטן האבן ארגאניזירט די לעגאלע פארטיי לינקע פ.פ.ס., צו וועלכער עס האבן געהערט פיל יידישע ארבעטער.

ביי דעם האלץ־פאראיין האט עקזיסטירט א שיינער ספארט־קלוב „מלאט״, צו וועלכן עס האבן געהערט אויס־שליסלעך יידישע יוגנטלעכע ארבעטער

די פראפעסיאנעלע פאראיינען האבן געפירט א ברייטע קולטור־ארבעט. עס זענען געגרינדעט געווארן דראמאטישע קרייזן. דער גוט־ארגאניזירטער דראמאטישער קרייז, וועלכער האט עקזיסטירט ביים האלץ־פאראיין האט אפט געשפילט שיינע יידישע פיעסן מיטן גרעסטן דערפאלג. די פיעסן פון שלום־עליכם, פרץ און אנדערע יידישע שרייבער האבן שטענדיק אויסגענומען און צוגעצויגן א גרויסן עולם.

די פראפעסיאנעלע פאראיינען האבן אויך זייער אפט איינגעארדנט וויסנשאפטלעכע רעפעראטן און אנדערע קול־טור־אימפרעזעס.

ביים האלץ־פאראיין האט אויך עקזיסטירט א מאנדאלין־ארקעסטער, צו וועלכן עס האבן געהערט אויסשליסלעך יידי־שע יוגנטלעכע. מיטן ארקעסטער האט אנגעפירט דער פוילי־שער ארבעטער־טוער טאמאש קרוליקאווסקי, וועלכער איז אומגעקומען אין אוישוויץ. ביים פאראיין איז אויך געווען א שיינער כאר, צו וועלכן עס האבן געהערט יידישע און פוילישע יוגנטלעכע.

די קולטור־טעטיקייט איז אלזא געווען זייער א פאר־צווייגטע. אלץ איז פארניכטעט געווארן. בלויז איינצלנע פון די אמאליקע יידישע ארבעטער־טוער זענען געבליבן צווישן די לעבעדיקע.

# די לינקע פראפעסיאנעלע פאראיינען

יעקב שטיינבאק

נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פוילן איז געווארן זעלבסטשטענדיק, האט זיך אויך אנגעהויבן צו אנטוויקלען אונדזער שטאט טאמאשאוו. באזונדערס האט זיך געמערקט א שטארקע און שנעלע אויפלעבונג צווישן דער יידישער באַ־פעלקערונג אויף אלע געביטן פון גייסטיקן, געזעלשאפטלעכן,ווירטשאפטלעכן און פאליטישן לעבן.

טאמאשאוו איז געווען אן אינדוסטריע־שטאט און אין די צאלרייכע טעקסטיל־פאבריקן זענען אויך געווען באשעפטיקט א גרויסער טייל יידישע ארבעטער — מענער און פרויען.

דארט וו עס זענען פאראן פאבריקן און פאבריקאנטן מוז אויך זיין אן ארגאניזירטע ארבעטער־באוועגונג. עס האבן זיך טאקע געשאפן פארשידענע פראפעסיאנעלע ארגאני־זאציעס, וועלכע האבן געשפילט א גרויסע און באדייטנדע ראל אין לעבן פון דעם יידישן ארבעטער־קלאס אין אונדזער שטאט.

צום אנהייב האט די גאנצע השפעה אויף די יידישע פראפעסיאנעלע פאראיינען געהאט דער „בונד״, וועמענס גייס־טיקע און ארגאניזאציאנעלע פירער זענען געווען אזעלכע חברים, ווי אברהם יאקובאוויטש, חיים זאכאריאש און אנ־דערע.

די געשעענישן אין די ערשטע יארן נאך דער רעוואלו־ציע אין רוסלאנד האבן געווירקט אויף דער אנטוויקלונג פון ארבעטער־קלאס אין פוילן און אויך אין טאמאשאוו.

הויפטזעכלעך איז געקומען אן אויפשוואונג אינעם לעבן פון יידישן פראלעטאריאט, אויף וועלכן עס האט געווירקט דאס געבן פולע גלייכבארעכטיקונג די יידישע מאסן אין רוסלאנד.

אויך די יידישע ארבעטער אין אונדזער שטאט זענען נישט געבליבן היגטערשטעליק. אין אנהייב פון די צוואנצי־קער יארן איז פארגעקומען א שפאלטונג אין יוגנט־בונד און עס איז אנטשטאנען די ערשטע מארקסיסטישע יוגנט־באוועגונג אין טאמאשאוו. מיט א צייט שפעטער איז דאס זעלבע

פֿאַרגעקומען אין דער בונדישער פּאַרטיי און עס איז אַנטשטאַנען דער אַזוי גערופֿענער „קאָמבונד״.

די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען: טעקסטיל, שניידער, לעדער, טישלער און אַנדערע פֿאַראיינען, האָבן מיט זיך געבילדעט אַ מאַסן־כוח. דאָס איז געווען קענטיק אין פֿאַרשידענע פּאָליטישע אַקציעס, אָפּטמאָל צוזאַמען מיט די פּוילישע אַרבעטער, ווי אַקציעס פֿאַר בעסערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אַקציעס קעגן פֿאַשיזם, אַנטיסעמיטיזם און אַנדערע.

צו דער לינקער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן אויך געהערט אַ ריי יונגטלעכע אינטעליגענטן, ווי אַברהם לאַנדאַו (דערמאָרדעט דורך דער אויספֿאָרשונגס־פּאָליציי), מאיר שפּיגעל און אַנדערע. די קולטורעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט פֿון די לינקע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען האָבן אויך געהאַט זייער פּאָזיטיווע ווירקונג צווישן די קליינהענדלער און האַנטווערקער.



פֿאָרשטייער פֿון די יידישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען

דער מענטש אין יענע צייטן איז געווען אַדורכגעדרונגען מיט שיינע אידעען און בפֿרט האָט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין גאַנץ פּוילן, דערונטער אויך אין טאָמאַשאָוו, געגלויבט און געהאָפֿט אויף בעסערע צייטן.

'די באַגייסטערונג פֿון געמיינזאַם־געזעלשאַפֿטלעכער און אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט האָט געגעבן פֿיל מוט און ענערגיע און געקרעפֿטיקט דעם געדאַנק, אַז די רייכע געשעענישן מוזן ברענגען בעסערע צייטן.

די שיינע לאַנדשאַפֿט און אומגעגנט אַרום דער שטאָט, די שיינע ברייטע גאַסן, דער ראָדע־פּאַרק, וווּ מיר פֿלעגן פֿירן דיסקוסיעס וועגן וועלט־פּראָבלעמען — דאָס אַלץ האָט געגעבן דעם חשק און צוגעבונדנקייט צו דער שטאָט, בפֿרט זומער, וווּ עס איז געווען אַזוי אָנגענעם צו פֿאַרברענגען.

אַ מערדעריש־טייוולאָנישע האַנט האָט פֿאַרניכטעט דאָס יידישע טאָמאַשאָוו, אַוועקגעריסן די יידן פֿון זייער שטאָט אויף אייביק.

צעזייט און צעשפּרייט איז דאָס ביסל געראַטעוועטע טאָמאַשאָווער שארית הפליטה איבער דער גאַנצער וועלט און טראָגן אין זייערע הערצער די בענקשאַפֿט און ווייטאָק נאָך זייער פֿאַרניכטעטער קהילה און אַלע נאָענטע.

# סניף „החלוץ"

אהרן שפס

באחד הערבים של קיץ 1927 התכנסו לאסיפה משותפת בוגרי קן „השומר הצעיר" ו„גורדוניה", סניף „פרייהייט", כמה מחברי „פועלי ציון צ.ס." ובודדים מ„התאחדות" במועדון „התאחדות־גורדוניה" והכריזו על הקמת סניף „החלוץ" בעירנו.

באותו מעמד נבחרה הנהלה מורכבת מבאי כוח האירגונים החלוציים האלה. כל הפעולה הזו נעשתה בהשראת מרכז „החלוץ" בורשה ובסיועו.

מובן שאנשי המקום היו מעונינים בדבר קודם כל מטעמים אירגוניים חברי „החלוץ" נזדמנו מפעם לפעם באסיפות מיוחדות רבות משתתפים, לשם בירור וליבון בעיות אירגון, לשיחות על ארץ ישראל, או לוויכוח בענינים מדיניים אקטואליים ואידיאולוגיים.

לעתים רחוקות התקיימו גם הרצאות של אנשי המרכז.

רוב ועיקר העבודה החלוצית והחינוכית נשארה כמו בעבר, ואף הוגברה בקיני וסניפי הסתדרויות הנוער. תנועות אלו פעלו בחלקם כבר בהתחלת שנות העשרים בקרב הדור הצעיר. השפעתן עליו התחזקה והתרחבה במידה ניכרת.

מאמצע אותו עשור הן חינכו במסגרותיהן עשרות ומאות בני נוער משכבות עם שונות ברוח ארץ־ישראל העובדת, ולהגשמה חלוצית במולדת.



קבוצת חלוצים, שעלו ארצה בשנת 1923
(החברים: בינרצוויג, ברנר, הלל כהן, זלוטניצקי)



חברי „השומר הצעיר" בהכשרה ב־1929.
עומדים: הח' אהרן שפס ודב גרנק.

תודות לערבים משותפים אלה, ומבלי לטשטש את המפריד ביניהן, הגיעו הן להכרה בצורך ליסד סניף „החלוץ" בעיר, והדבר הוצא לפועל, כאמור, בהשראת המרכז.

מטומשוב יצא הראשון להכשרה חלוצית אליהו בורובסקי, חבר „גורדוניה". הוא נזקק לאישור של סניף החלוץ בעיר אחרת, כי הקדים במעשהו את היוסדו אצלנו בחצי שנה.

בורובסקי זכה גם הראשון לעלות במסגרת חלוצית (1929). אחרי הכשרה ממושכת עלו ביחד, בשנת 1930, אברהם קושרובסקי, ואליעזר קמפנר. שניהם חניכי „גורדוניה". אחריהם הגיעו ארצה חיה איזנברג, ברוניה גרנק, צילה דוידוביץ וחיה פישוף, כולן מ„גורדוניה".

באותה תקופה הלכו להכשרה כמה מחברי „פרייהייט", „פועלי ציון צ.ס." ו„התאחדות".

מהמעטים האלה רובם הספיקו לעלות בזמנים שונים, בשנות העליה החמישית.

חברי ה„שומר הצעיר" פיגרו אחרי אחרים בהגשמה. אמנם שני שומרים, דב גרנק ואהן שפס נמצאו כבר בהכשרה בזמן מאורעות אב 1929 ועלו לחוד רק כעבור שנים אחדות.

אחרים לא יכלו במהרה לבוא אחריהם, כי הבוגרים עזבו את הקן והצעירים עדיין עסקו בעבודה חינוכית.

מהאחרונים יצאו בשתי קבוצות להכשרה: אחת לקוסטופול, והשניה לצ'נסטוחובה בשנת 1931.

לפני מלחמת העולם הספיקו רק אחדים מהם להגיע לחופי הארץ, ועוד כמה אחרים מהם כניצולי השואה באו אחרי המלחמה.

# אין געראַנגל פאַר עליה

ג. קאשעראָווסקי

איך מוז אָנהייבן מיינע קורצע בענקשאַפט־זכרונות מיט די ווערטער פון דיכטער: קינדער־יאָרן, יוגנט־יאָרן, אַך, ווי שנעל איך האָב אייך אָנגעווירן!...

יאָ, זינט עס איז צו מיר דערגאַנגען די שרעקלעכע ידיעה, אַז מיין געבורט־שטאָט עקזיסטירט נישט מער, לעבט זי אויף אין מיין זכרון נאָך מיט מער ליבע און בענקשאַפט. אין שלאָפלאָזע נעכט שווימען פאַרביי פאַר מיינע אויגן דערינערונגען און בילדער פון מיין היימשטאָט. עס דערמאָנען זיך די שפּאַצירן צווישן פעלדער, וועלדלעך און וועלדער, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט די שטאָט און זיך געצויגן העט ווייט־ווייט.

עס קלינגט נאָך אין די אויערן דער אָפּקלאַנג פון דער זינגענדיקער און שפּאַצירנדיקער יוגנט אין די שבתים צו דער פּיליצע און צום קאַלירטן וואַסער. עס בענקט זיך נאָך יענע יאָרן. עס דערמאָנט זיך דאָס הויז פון מיינע עלטערן אויף פּיליטשנאַ־גאַס מיטן פּרוכט־גאָרטן, דער לאַנגער טיש מיט די שטענדיקע אורחים, און די 9 קינדער אַרום, מיינע חברים, מיין ציוניסטישע אַרבעט און מיין דראַנג צו עליה.

דאָס זענען געווען די שענסטע און ליכטיקסטע טעג פון מיין יוגנט־לעבן.

מיין געראַנגל פאַר עליה הייבט זיך אָן אין יאָר 1919. כ'וויל נאָר דערציילן עפּיזאָדן, וואָס זענען ביי מיר געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון. עס זענען ביי מיר געבליבן אייניקע דאָקומענטן פון יענער צייט, וואָס באַשטעטיקן די אמתדיקייט פון מיין דערציילונג.

פוילן פירט מלחמה מיט רוסלאַנד. דער אַנטיסעמיטיזם בושעוועט, אין שטעט און שטעטלעך קומען פאָר פּאָגראָמען, אויפרופן „קויפט נישט ביי יידן". אויב די מלחמה וועט אָנהאַלטן, רוקט זיך אונטער די צייט איך זאָל זיך מעלדן צום מיליטער. זאָל איך, הייסט עס, גיין דינען אין דער אַנטיסעמיטישער אַרמיי? מיך שרעקט אויך, אַז כ'וועל נישט זען דאָס לאַנד פון מיינע לאַנגיאָריקע חלומות.

איך באַקום די הסכמה פון מיינע עלטערן, אַז איך זאָל אַריבער קיין דייטשלאַנד. אַחוץ געלט שיקט מיין גוטער פאָטער אַ שליח, וועלכער דאַרף זיי ברענגען דעם סימן, אַז איך בין בשלום אַריבער די גרענעץ.

אין אַ זומער־פרימאָרגן פון יאָר 1919 זענען מיר אָנגעקומען אין דער גרענעץ־שטאָט סאָסנאָוועץ. מיטאָג־צייט בין איך מיט אַ קריסטלעכן שמוגלער אַריבער דעם טייך, וועלכער טיילט אָפּ ביידע לענדער, אָוועקגעגעבן דעם צייכן, אַז כ'בין אַריבער בשלום און בין גלייך אָפּגעפאָרן קיין קאַטאָוויץ.

איך זוך דאָ אַרבעט. גרעסערע אַרבעט־פלעצער דערקלערן מיר, אַז זיי באַשעפטיקן נישט קיין אויסלענדער. דאָך געלונגט מיר צו געפינען וועלכע עס איז אַרבעט. אַ לענגערע צייט האָב איך געאַרבעט אין דעם דאָרף איינטראַכטסהוטע, אויבערשלעזיע, וואָס איז געווען באַזעצט פון די פראַנצויזן.

דא האט געדארפט פארקומען דער פלעביסציט, צו וועמען דאס געביט זאל געהערן — צו דייטשלאנד, אדער צו פוילן.

יעדן וועלכע ווילן בלייבן אין דייטשלאנד, אדער פארן אין אנדערע לענדער, שמוגלען זיך אריבער ווייטער. דער גרעסטער טייל פון דער יוגנט ווארט אויף עליה־מעגלעכקייטן. צווישן די פליטים קורסירן קלאנגען, אז בקרוב וועלן זיך פאר אונדז עפענען די טויערן קיין ארץ־ישראל.

ענדלעך, אין יאר 1920, האבן זיך פארשפרייט קלאנגען, אז מען פארט קיין ארץ־ישראל. נישט ווייט פון קאטאוויץ, אין א באראק, האט זיך געשאפן א ביורא און א לאגער. הונדערטער יונגעלייט האבן זיך דארט פארזאמלט און רעגיסטרירט. יעדער האט געדא־פט מיטברענגען זיינע פאפירן און אן אויסמעלדונג־שייך. 2 גרופן זענען אפגעפארן קיין ווין. קורץ פאר מיין אפפארן איז געקומען א פאראָרדענונג פון אקציאנס־קאמיטעט אפצושטעלן צייטווייליק די עליה.

איך האב געזען, אז מיינע חלומות ווערן צערינען און געמוזט שלום מאכן מיטן גורל. איך האב אבער נישט פארלוירן מיין האפענונג און דא האט די מלחמה צווישן פוילן און רוסלאנד זיך געענדיקט און איך זע נאך אלץ נישט קיין תכלית אין היימלאזן נע־ונד־לעבן אין דייטשלאנד.

איך שרייב צו מיין משפחה, אז איך גיי צוריק אריבער די גרענעץ קיין פוילן. מיין שוועסטער טובה האט מיך אפגעווארט אין סאסנאוויעץ. ארום האלבע נאכט האבן מיר, א 10—12 יונגעלייט, גייענדיק איבער די סאסנאוויעצער גאסן מיט אונדזערע פעקלעך, געצויגן די אויפמערקזאמקייט פון א פאטרול, וועלכער האט אונדז פארהאלטן און געבראכט אין דער פאליציי. דעם שמוגלער האבן זיי דא מקבל פנים געווען מיט א פאר קלעפ און אונדז האט מען פונאנדערגעטיילט אזוי, אז איך האב מער קיינעם פון מיינע ארעסטירטע חברים נישט געזען.

נאך א קורצער אויספארשונג, צו וועלכער איך בין געווען גרייט, בין איך געבליבן אין פאליציי־ארעסט.

צומארגנס האט מען מיך געשטעלט פארן געריכט און... ווי נאר איך האב געהערט די געלט־שטראף מיט וועלכער איך בין געקנסט געווארן, האב איך דעם באטראף גלייך באצאלט.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך דערמאנען אן עפיזאד. אין געריכט האב איך געבעטן א ייד איבערגעבן צו א משפחה אין סאסנאוויץ, אז אן ארעסטירטער האט מיטגעבראכט א פעקעלע פון יעקב מיגדאל (זיין ברודער דוד וווינט אין הרצליה) אבער וועגן דעם ווייטער.

נאך מיטאג ברענגט מען מיך צוריק אין תפיסה.

דער פאליציאנט, וואס האט מיך געפירט האט מיך איבערגעגעבן אין רשות פון דער תפיסה־מאכט און נאכן ענדיקן די פראצעדור האט מען מיך געפירט איבער א לאנגן קארידאר אין מיין קאמער.

די קאמער איז געווען א פינצטערע. אהער איז קוים דערגאנגען א ביסל ליכט דורכן פארקראטעוועטן פענצטערל.

אויף די נארעס זענען געלעגן צוזאמענגעפרעסט פארשידענע טיפן. אויך די פאדלאגע איז געווען באלייגט מיט ארעסטירטע. איך האב קוים געפונען א שטיקל פלאץ.

ווען איך האב באקומען דאס אונטערברויט האב איך זיך דערמאנט, אז איך האב א גאנצן טאג נישט געגעסן. וועגן שלאפן איז נישט געווען קיין רייד. די פארפעסטעטע לופט און דער „קבלת פנים" פון די „חיהלעך" האבן פארטריבן דעם שלאף.

אזוי בין איך געלעגן און געווארט אויף מיין ווייטערדיקן גורל.

מיטאג־צייט האב איך געהערט, ווי דער תפיסה־וועכטער רופט איבערן קארידאר „מיגדאל !", האב איך פארשטאנען, אז ער מיינט מיך. איך האב אנגעקלאפט אין טיר. דער וועכטער פירט מיך ארויס און ווייזט, אז מען האט מיר געבראכט א מיטאג מיט אנדערע קלייניקייטן. איך האב פארשטאנען פון וועמען דאס איז. דאס האט די סאסנאוויצער משפחה געגלייבט, אז מיגדאל איז דער ארעסטאנט און מיר געשיקט מיטאגן ביז מיין באפרייאונג פון ארעסט.

אויב עס געפינט זיך ערגעץ די משפחה דריק איך אויס מיין הארציקסטן דאנק פאר די גוטע מיטאגן.

נאך 10 טעג ווער איך אין א פראסטיקן אוונט גערופן זיך גרייטן אין וועג. איך באקום צוריק מיין באגאזש פון וועלכן עס פעלן פיל זאכן און אין דער באגלייטונג פון א פאליציאנט מיט א ביקס ווער איך געבראכט קיין קאלושקי.

דא ווייזט זיך ארויס, אז מיר דארפן ווארטן אויף א צוג ביז אוונט.

איך נעם שטארק צורעדן און איבערצייגן דעם פאליציאנט, אז מיר זאלן גיין צופוס. עס איז נאר א מרחק פון 15 קילאמעטער, הגם איך האב געוווּסט, אז אין דער אמתן זענען פאראן 30 קילאמעטער.

צופעליק האט אים עס א פאליאק אויך באשטעטיקט און מיר האבן זיך געלאזט אין וועג אריין.

מיר גייען און דער טיפער שניי באשווערט אונדז דעם וועג. מיר גייען ערנסט און שווייגן.

אפגייענדיק א האלבן וועג האט דער פאליציאנט אן אויסגערעגטער געפרעגט ווען וועלן זיך שוין ענדיקן די 15 קילאמעטער ?

איך האב אים „געטרייסט", אז נאך א ביסל און מיר וועלן אנקומען צום ציל.

אין אויאזד האבן מיר זיך אפגערוט און געגאנגען ווייטער.

קאַסטן אים אָפּ פיל געלט. ער שטעלט זיך בראש פון פאַרשי־דענע אַקציעס און זייענדיק רעפּרעזענטאַנט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט, דערווייטערט ער זיך פון דער אַסימי־לאַציע. ער פאַראינטערעסירט זיך מיט יידישע ענינים, וועלכע ער שענקט פיל אויפמערקזאַמקייט.

אַ דאַנק עמנואל באַרנשטיין ווערט אין יאָר 1928 גע־גרינדעט די „קאָאָפּעראַטיווע סוחרים־באַנק״ (באַנק קופּיעצקי ספּולדזשעלטשי), פון וועלכער ער איז די גאַנצע צייט פאַר־וואַלטונגס־פּרעזעס.

די דאָזיקע באַנק, אָנגעפירט דורכן דירעקטאָר סאַמועל בערלינער, מאַכט אַדורך אין משך פון איר עקזיסטענץ־צייט אַ גוטע אַנטוויקלונג און שפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אַלס ווירטשאַפטלעכע פּלאַצוווקע און פינאַנס־אינסטיטוציע פאַרן יידישן סוחרטום.

לויט דער איניציאַטיוו פון ע. באַרנשטיין ווערט אויך געשאַפן ביים סוחרים־פאַרבאַנד אַ גמילת־חסד־קאַסע פון וועל־כער עס געניסן סוחרים־מיטגלידער פון פאַרבאַנד אָנפּראָ־צענטיקע הלוואות.

די דאָזיקע קאַסע האָט צו פאַרדאַנקן איר עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג איר פּרעזעס עמנואל באַרנשטיין, וועלכער אַרבעט אומדערמידלעך אויף צו פאַרגרעסערן כסדר דעם גרונט־קאַ־פּיטאַל.

ע. באַרנשטיין פאַרנעמט אויך מאַנדאַטן אַלס פאַרוואַל־טונגס־מיטגליד אין אייניקע היגע אינסטיטוציעס („מושב זקנים״ א. אַנד.).

ער העלפט באַזונדערס פיל דעם היגן יידישן סוחרטום, ביי וועמען ער געפינט צו זיך סימפּאַטיע און צוטרוי. אַ דאַנק דעם ווערט ער געוויילט אַלס ראַטמאַן אין היגן שטאָטראַט ביי די לעצטע צוויי קאַדענצן.

אַנדערש שטעלט זיך אָבער פאַר די טעטיקייט אין דער קהילה.

נישט ווערנדיק באַהערשט פון „טריפהנעם בלוט פון פּאָליטיק״ (ביאַליקס אַן אויסדרוק), — מיט וואָס דער רוב יידישע כלל־טוער אין פּוילן זענען געבענטשט — ווערט ער אַריינגעצויגן אין אַן אינטריגע־פּלאָנטער פון וועלכן עס איז אים שווער אַ לענגערע צייט אַרויסצוּוויקלען זיך. זיינע כלו־מרשטע „טרייע אָנהענגער״ „מאכן״ אַרום אים פּאָליטיק און די קאָנסעקווענצן מוז דערנאָך טראָגן ער אַליין.

בערך זיבן יאָר פאַרנעמט עמנואל באַרנשטיין דעם מאַנ־דאַט פון קהילה־פּרעזעס, געפינענדיק זיך פּנים אל פּנים מיטן יידישן לעבן.

נישט ווייסנדיק אָבער גענוי וועגן די באַדערפענישן און נויטן פון זיינע ברידער און דער ברייטער מאַסע — האָלט ער נישט אַליין דעם רודער פון קהילה־אַפּאַראַט אין די איי־גענע הענט, נאָר באַשליסט עס אָנפאַרטרויען אַנדערע הענט. דער גורל האָט גראָד געוואָלט, אַז ער זאָל אָנטרעפן אויף אומפּעיקע און אומפּאַסיקע פּערזאָנען צו אַזאַ ערנסטער און פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט פון דער גרעסטער יידישער אינסטאַנץ אין שטאָט. דאָס איז גורם, אַז די ציוניסטיש־ מזר־חישע פראַקציע אין דער פאַרוואַלטונג ציען זיך צוריק און אין פאַרלויף פון אַ לענגערער צייט נעמט זי נישט קיין אָנטייל אין דער טעטיקייט. די דאָזיקע פראַקציע בלייבט אין אָפּאָזיציע און באַטראַכט די אָנפירער אַלס תקיפים־מושלים.

די אַרומיקע נאָכלויפער פון פּרעזעס נוצן דאָס אויס אויף אונטערצופירן נייע אינטריגעס, פּליאַטקעס און רכילות. דער רעזולטאַט דערפון — רייבונגען און מחלוקת. עס ליידט פון דעם הרב בראַט, וועלכער זעט אין דעם ירידה, מיסדערפאָלג, וועגעטאַציע.

אַממייסטן האָט אָבער געליטן די קהילה גופא. די אַרבעט איז לחלוטין נישט נושא פירות. אַ פּעריאָד פון רעגרעס. דער וואָגן זינקט און רירט זיך נישט פון אָרט.

ביז —

ביז עס קומען אין יאָר 1936 נייע קהילה־וואַלן. עס קומט אַ נייע פאַרוואַלטונג און דער ענערגישער, טעמפּעראַמענטפו־לער, פול מיט אימפּעט און אחריות, געניטער עסקן באָלעס־לאַוו שעפּס נעמט איבער אַלס ראש הקהל דעם רודער אין זיינע הענט.

ווי געזאָגט, האָט עמנואל באַרנשטיין, זייענדיק פיל יאָרן קהילה־פּרעזעס, דערנענטערט זיך צום יידישן פאָלק, וועמען ער האָט לויט זיינע כוחות געדינט מיט ברייטהאַרציקייט און גוטן ווילן. ער וואָלט געקענט זיין אַ ברכה פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט מיט זיינע לייסטונגען לטובת הכלל. ליידער אָבער האָט ער נישט געהאַט קיין מיטהעלפער און מען האָט אים דווקא געוואָלט אויסנוצן צו קליינלעכע אַמביציעס.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם אַלעם האָט עמנואל באַרנ־שטיין געהאַט אַ רעאַלן בליק אויפן לעבן, ער האָט אַרויסגעוויזן אינטערעס און פאַרשטענדעניש אויף וויכטיקע דערשיינונגען, זיך אויסגעצייכנט אַלס נדבן און פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט צווישן די יידישע עסקנים אין טאָמאַשאָוו.

# ד י ה

מאַקס גערשאָנאָוויטש / פּאַריז

די פיגור פון דיה גערשאָנאָוויטש איז געבליבן אַ רעטעניש פאַר אירע אייגענע קינדער. פון וואַנען האָט זיך גענומען צו דער פרוי אַזויפיל מוט, כוח און צייט, כדי זיך אָפּצוגעבן אין פאַרלויף פון איר גאַנצער עקזיסטענץ לטובת הכלל?

ווען דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1903, זענען מיר געווען אַ געזינדל פון 7 קינדער. וויפל איך וויל זיך דערמאָנען גאָר ווייט אין די קינדער־יאָרן, זע איך נישט אין שטוב קיין פּנים פון אַ פרוי, אָדער דינסטמיידל, וואָס זאָל האָבן געהאָלפן אין דער הויזווירטשאַפט. אַ רעטעניש איז אויך, וואָס אַזאַ פרוי ווי דיה,



דיה גערשאָנאָוויטש

וועלכע האָט געשטאַמט פון זייער חסידישע עלטערן, האָט זייער יונג חתונה געהאַט און גאָט האָט זי געבענטשט יעדע צווי יאָר מיט אַ זכר, האָט באַוויזן אָנצוזאַמלען אַ פולן קאָפּ מיט לימודי־חול און לימודי־קודש. אויך יידיש, דייטש, רוסיש און פויליש. אַזוי ווי לייענען און שרייבן איז נישט געווען גענוג, האָט זי געלייענט און פאַרטייטשט חומש מיט רש״י און אַפילו אַ בלאַט גמרא.

איך וועל פּרוּוון צוגיין כראָנאָלאָגיש צו דער ביאָגראַפיע פון דער מערקווירדיקער פרוי און איך וועל זיך באַנוצן מיט זכרונות פון איר עלטסטן זון, חיים, וועלכער איז שוין היינט אַ ייד פון 75 יאָר און לעבט אין ברוקלין, אַמעריקע.

אין יאָר 1895 האָט אין דזשעבלאָוויץ, נעבן ספּאַלאַ, געוווינט דער יידישער וואָלד־שרייבער פּנחס גערשאָנאָוויטש, אָדער ווי מען האָט אים דעמאָלט גערופן פּנחס כהן. יאָרןלאַנג האָט מען צוליב דעם מיין מוטער גערופן דיה די כהנטע. אין זעלביקן יאָר איז דערשינען אַ געזעץ, אַז יידן דאַרפן פאַרלאָזן אַלע דערפער אַרום ספּאַלאַ, וואָס האָט געדאַרפט ווערן די יאַגד־ און זומער־רעזידענץ פון די ראָמאַנאָווס. דעמאָלט האָט זיך עס דאָס פּאָרל באַזעצט אין טאָמאַשאָוו.

אין יאָר 1902 האָט דיה געעפנט אַ צוגאָב־שולע פאַר מיידלעך צו לערנען שרייבן און לייענען יידיש. זי האָט שוין געהאַט קנאַפּע 40 קינדער צום לערנען, ווען עס איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן די דערלויבעניש פאַר עפענען אַזאַ שולע. אָפיציעל האָט מען איר געזאָגט, אַז דער לאָקאַל אַנטשפּרעכט נישט פאַר אַ שולע. שפּעטער איז מען געוווּיר געוואָרן, אַז דער אָפּזאָג איז געקומען, ווייל זי האָט נישט אויפגעהאַנגען אויף דער וואַנט דאָס בילד פון ניקאָליי דעם צווייטן. דיה האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט פאַר שוועריקייטן. היות מען לאָזט נישט די קינדער קומען צו מיר, וועל איך גיין זיי לערנען יידיש אין דער היים ביי זייערע עלטערן. אַזוי אַרום האָט זי יאָרנלאַנג צוגעהאָלפן אונדזער פאָטער, וועמענס לוין אַלס וואָלד־שרייבער איז ווייט נישט געווען גענוג אויסצוהאַלטן דאָס גרויסע געזינדל, דורך לערנען שרייבן און לייענען יידיש מיידלעך פון פאַרמעגלעכע חסידישע עלטערן און אויך פון רייכע אַנגעזעענע פאַבריקאַנטן.

דיהס אַרבעט לטובת הכלל הייבט זיך אָן אַרום 1906. זי האָט זיך דערוווּסט, אַז אין שטאָטישן שפּיטאָל, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען קעגנאיבער דעם דאָקטאָר ראָדע, ליגן אָרעמע יידישע קראַנקע, וואָס גייען פּשוט אויס פון הונגער, ווייל זיי ווילן נישט עסן קיין טריפות. אויף וואָס פאַרא פּרימיטיוון און גלייכצייטיק געוואָגטן אופן זי האָט אונטערגענומען אָן קיין שום פינאַנסיעלע מיטלען די אַרבעט פון העלפן די קראַנקע, דערציילט דער עלטסטער זון חיים, וועלכער האָט עס מיטגעלעבט. איך גיב אים דאָס וואָרט:

מיין מוטער האָט אויפגעגנייט זעקלעך און מיך מיטגענומען אין די שפּייז־געוועלבער און אין די כשרע יאַטקעס. קיינער האָט איר נישט געוואָגט אָפּצוזאָגן. מיר זענען געקומען אַהיים באַלאָדן מיט קאַרטאָפל, אַרבעס, ציבעלעס, פּערל־גרויפּן און אויך מיט שטיקער פלייש און מאַרך־ביינער. די מוטער האָט דאָס פלייש געמאַכט כשר, צומאָרגנס איז זי אויפגעשטאַנען פאַרטאָג, אַריינגעלייגט דאָס אַלץ אין אַ גרויסן טאָפּ און 10 אַזייגער אינדערפרי איז געווען פאַרטיק אַ קרופּניק, וואָס זיין געשמאַקער ריח איז זיך צעגאַנגען איבערן גאַנצן הויז. דורכגערוקט אַ גראָבן שטעקן דורך די צוויי אויערן פון טאָפּ, האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג. די הייליקע

פרייד אויף איר פנים האָט אונדז געגעבן כוח צו טראָגן דאָס עסן ביז דעם שפּיטאָל. פון צייט צו צייט האָט זי מיר גע־זאָגט: „רו זיך אָפּ, חיימל, עס איז זייער שווער. אָבער אין דעם זכות וועסטו האָבן אַ גוטן מזל״.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם מערקווירדיקן ספּעקטאַקל פון די יידישע קראַנקע, ווען זיי האָבן דערזען אונדזער מוטער מיטן גרויסן טאָפּ כשר עסן. זייער פרייד איז געווען אין לשער. זיי האָבן געקושט די הענט פון אונדזער מוטער און האָבן אונדז באַגלייט מיט אַזויפיל דאַנקען און ברכות, אַז עס איז דיהן געווען אוממעגלעך זיך צו באַגנוגע־נען בלויז מיט דער איינמאָליקער אַקציע. טאַקע פון דעמאָלט אָן האָט זי זיך אָפּגעגעבן בלב ונפש פאַר אָרעמע קראַנקע, אַל־טע לייט, אָרעמע קימפּעטאָרינס און זי האָט אַפּילו חתונה גע־מאַכט אָרעמע כלות.

נאָך דער וועלט־מלחמה 1914—1918 האָט זי זיך מיט אַ נייעם אימפּעט אַריינגעוואָרפן אין דער פילאַנטראָפּישער טע־טיקייט, אָבער דאָס מאָל שוין מיט דער מיטהילף פון די אָנגע־זעענסטע פרויען פון דער שטאָט.

איר נאָענטסטע און איבערגעגעבנסטע מיטהעלפערין איז געווען פרוי רחלע רייזבוים. איך ווייס נישט ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דער פרויען־פאַראיין „עזרת חולים״ אלס אַן אָפיציעלע אינסטיטוציע מיט אַ פּרעזעס, אַ קאַסירערקע, אַ סעקרעטאַרין. אָבער מען קען זאָגן אויף זיכער, אַז אויב די אינסטיטוציע האָט זיך מיט יעדן יאָר אַלץ מער אַנטוויקלט אין איר טעטיקייט צו העלפן אָרעמע און קראַנקע, קימפּעטאָ־רינס און אַלטע לייט, איז עס געווען נאָר אַ דאַנק דער אומ־דערמידלעכער טעטיקייט און אַ דאַנק די מערקווירדיקע איינ־פאַלן פון דער לייטערין דיה גערשאָנאָוויטש. זי האָט געפירט אַ פאַרצווייגטע קאָרעספּאָנדענץ מיט טאָמאַשאָווער געזעל־שאַפטן אין דער גאַרער וועלט. אירע בריוו צו די טאָמאַשאָ־ווער אין ניו־יאָרק, שיקאַגאָ לאָנדאָן און פּאַריז, אין וועלכע זי האָט אַזוי האַרציק באַשריבן די נויט און דיליידן פון אָרעמע און קראַנקע אין דער היימשטאָט, זענען קיינמאָל נישט געבליבן אָן אָן ענטפער און האָבן תמיד געגעבן רעזול־טאַטן.

אָט ליגט פאַר מיינע אויגן אַ בריוו פון יאָר 1929, וואָס איך היט אָפּ, ווי אַן אוצר. דיה באַשרייבט אין בריוו אַ פּסח־אַקציע פון „עזרת חולים״. איך וויל דאָ ציטירן אַן אויסצוג פון בריוו, גענוי ווי זי באַשרייבט עס:

„איך בין לעצטנס געווען זעהר פאַרנומען צוזאַמען מיט די פערוואַלטונג פון פרויען פעראיין מיט די פּסח אַקציע פאַר אונזערע קראַנקע און נויט ליידנדע. מיר האָבן פערטיילט שטיצע פאַר איבער 300 פאַמיליעס. פון די מיטגלידס בייטראַג אין טאָמאַשאָוו געגוגט בלויז פאַר די אָרעמע קינפּעטאָרינס.

נאָר מיין קאָרעספּאָנדענץ נאָך אויסלאַנד האָט געווירקט. דאָס טראָץ די שלעכטע צייט אין אַמעריקע האָבן מיר באַקו־מען פון ניו יאָרק 200 דאָלאַר, פון פּאַטערסאָן 100 דאָלאַר, פון לאָנדאָן 10 פונט. יעדע פרוי פון דער פאַרוואַלטונג האָט באַקומען די אויפגאַבע צו פערטיילן די שטיצע לויט אַ פאַר־אויס געגרייטע ליסטע. פאַר די וואָס שעהמען זיך אַליין צו קומען, שיקט מען די הילף אַ היים בדרך כבוד. פּראָפּעסיאָ־נעלע שנאָרער האָבן נישט קיין צוטריט צו אונזער פעראיין. מיר האָבן אַ צוזאַג צו באַקומען אַ געוויסע סומע פון אַמע־ריקע און ענגלאַנד ענדע זומער, וועלן מיר דאָס פערטיילן אויף באַהייצונג צום ווינטער״.

פרויען פעריין „עזרת חולים״ טאָמאַשאָוו
STOWARZYSZENIE KOBIET
„EZRAS CHOLIM"
w TOMASZOWIE-MAZ.

Tomaszów-Maz. d. 12. August 193…

[illegible]

Prezes. G. Neufeldowa
Kasjer R. Perlbaum
Kierownik. D. Gerszonowicz
Sekretarka Pola Szeps.




Kierowniczka
D. Gerszonowicz

אָריגינעלער בריוו פון דיה וועגן הילף פאַר „עזרת חולים״

נישט אַלע מאָל האָט דיה געוואָרט אויף קאָלעקטיווע געלטער צו העלפן אָרעמע און קראַנקע. זי פלעגט זיך טיילן מיט דעם וואָס מיר האָבן אַליין געהאַט. אַזוי צום ביישפּיל פלעגט אונדזער פאָטער אַריינשיקן פון קירשבוימס טאַרטאַק, ווו ער איז געווען אָנגעשטעלט אלס וואַלד־שרייבער, אַ גרויסע פור מיט אָפּפאַל פוןברעטער, אַרויסגעפאַלענע פון די זעג־מאַשינען. אַ האָלצהעקער פלעגט עס צעהאַקן אויף קורצע שטיקלעך און אַזאַ פאַרציע פלעגט גענוג זיין אויף צוויי, אָדער דריי וואָכן. זייער אָפט האָט דיה 8 טעג שפּעטער ווידער גע־בעטן פנחסן, אַז ער זאָל אַריינשיקן האָלץ. אונדזער פאָטער פלעגט אָנשטעלן אַ פאַר פאַרחידושטע אויגן. דיה האָט באַלד פאַרענטפערט, אַז דאָס האָלץ איז געווען נאָס און עס דאַרף זיך

טריקענען. דער אמת איז געווען גאָר אַן אַנדערער. זי פלעגט מכבד זיין צווי פון אירע בנים, אַז זיי זאָלן פון דעם צעהאַקטן האָלץ מאַכן בינטלעך און פאַר אַ צוזאָג צו באַקומען געלט אויף צו גיין אין קינאָ, פלעגן מיר יעדן פרייטיק אָוועקטראָגן אַ גרויסע צאָל בינטלעך צו בכבודיקע אָרעמע שכנים, וועלכע עס האָט נישט געפעלט אָרום דער קזשיזשאַווער גאַס, ווו מיר האָבן דעמאָלט געוווינט.

פאַרשטייט זיך, אַז ווען די מעשה האָט זיך אָפּט איבער־געחזרט, האָט אונדזער פאָטער פאַרשטאַנען ווי אַזוי דאָס האָלץ ווערט „אויסגעטריקנט". אויף אַ באַמערקונג, אַז ער טאָר נישט איבערטרייבן אין טאַרטאַק מיט נעמען יעדע וואָך אַ פור האָלץ, פלעגט דיה ענטפערן, אַז מיט די 8 קערבלעך אַ חודש פענסיע וועט דער בעל הבית נישט ווערן בדלות, ווען פון אָפּפאַלעכץ, וואָס מיר נעמען פאַר זיך, וועלן געניסן נאָך אַ פּאָר אָרעמע מענטשן.

די אַקציע פאַר אָרעמע קימפּעטאָרינס, וואָס איז געווען איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון פרויען־פאַראיין „עזרת חולים", שילדערט דיה אין איינעם פון אירע בריוו, געשריבן אין יאָר 1931, אויף אַזאַ אופן:

„די אַקושערקע באַראַדינאַ שיקט אונדז צו אַ צעטל מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט: די פרוי מרים האָט באַשאַנקען טאַמאַ־שאָוו מיט אַ זיבעט קינד, נויטיק באַלדיקע געלט־שטיצע און אויך וועש. מיט דעם צעטל קומט דער בעל ברית, אַן אָרע־מער שוסטער, וואָס לעבט מיט זיין פאַמיליע אין דחקות און פרייט זיך, אַז עס איז אים צוגעקומען אַ ייִנגעלע, נאָכדעם ווי זיין ווייב האָט אים געבוירן 6 מיידעלעך. גוטע שכנים לייגן זיך צונויף אויף אַ פעסעלע ביר. דעם וואָס מען איז מכבד מיט סנדק ברענגט לעקעך און בראָנפן. אַנדערע ברענ־גען ברויט מיט הערינג, מען זינגט און מען בענטשט כנהוג און מען איז משמח דעם בעל ברית, וואָס קוועלט פאַר פרייד. פרעג איך דעם קבצן אפשר וועט שוין זיין גענוג? לאַכט ער זיך אויס און זאָגט: וואָס מער קינדער, אַלץ מער מזל. אַז זיי וועלן אויפוואַקסן, וועלן זיי אַרבעטן, כדי זיך צו פאַרזאָרגן און אפשר נאָך אונדז צוהעלפן אויף די עלטערע יאָרן..."

אַזוי איז אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר. דיה מיט איר מאַן פנחס האָבן זיך געעלטערט. אין יאָר 1933 האָבן זיי געפייערט זייער גאָלדענע חתונה, אָבער בלויז אַרומגערינגלט מיט דער פאַרוואַלטונג פון „עזרת חולים". זיי האָבן נישט געהאַט די זכיה צוריק צו זען כאָטש איינעם פון זייערע קינדער, וועלכע זענען געווען צעשפרייט איבער ווייטע מדינות און איבער שבעה ימים. איינער נאָכן צווייטן האָבן די קינדער חתונה געהאַט און זיי האָבן נישט געהאַט די זכיה צו פירן אַ קינד אונטער דער חופּה און צו זען מיט זייערע אויגן אייניקלעך. איז טאַקע פאַר דיה געווען איר אַרבעט לטובת הכלל אַ טרייסט און אַ מאָראַלישע באַפרידיקונג.

אָבער ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז זיי וועלן דערלעבן צו זען דעם חורבן פון יידישן טאָמאַשאָוו, ווו זיי האָבן מיטגעלעבט במשך אַ האַלבן יאָרהונדערט אַלעמענס פריידן און ליידן. ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז זייערע הייסע תפילות פון די ימים נוראים במשך לאַנגע יאָרן און צווישן זיי די רירנדיקסטע תפילה „אַל תשליכנו לעת זיקנה, ככלות כוחנו אַל תעזבנו" זאָל זיך פאַר זיי אַזוי טראַגיש ענדיקן אין שווידערלעכן גהינום פון טרעבלינקע.

חבל על דאבדין ולא משתכחין.

# יהודה טאַפּעל

פּערל טאַפּעל

יהודה טאַפּעל, געבוירן אין יאָר 1891 אין טאָמאַשאָוו, איז געווען אַ באַקאַנטער יידישער קינסטלער און שרייבער און באַוווסט אין דער אַמעריקאַנישער יידישער און נישט־יידישער געזעלשאַפּט.



יהודה טאַפּעל
באַקאַנטער מאָלער און שרייבער

צו 14 יאָר האָט ער פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו. שוין אין די קינדער־יאָרן האָבן די לערערס אין דער שולע באַמערקט, אַז דאָס יינגל טאַפּעל וועט אַמאָל זיין אַ גרויסער טאַלאַנט. צו 10 יאָר האָט ער אָנגעהויבן שרייבן פּאָעזיע און דאַן איבערגע־גאַנגען צו שרייבן דערציילונגען, אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז ער באַרימט געוואָרן אַלס טאַלאַנטפולער מאָלער.

ער האָט פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו מיט זיין פאַמיליע און זיך באַזעצט אין אַמעריקע, ווו ער האָט פאַרענדיקט זיינע שטודיעס. צו 18 יאָר, אַלס שילער אין „קאָלעדזש”, האָט ער אָנגעהויבן מאָלן און גלייכצייטיק אויך פאָרגעזעצט שרייבן אין צוויי שפּראַכן: יידיש און ענגליש. ער האָט געשריבן זייער פיל אַרטיקלען וועגן מאָלעריי אין דער ענגלישער שפּראַך, וועל־כע זענען געדרוקט געוואָרן אין די אָנגעזעענסטע ענגלישע זשורנאַלן. די טעמאַטיק פון זיינע אַרטיקלען זענען געווען פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער מאָלעריי־קונסט.

אין יאָר 1919 האָט ער געהאַט זיין ערשטע ערנסטע ביל־דער־אויסשטעלונג. אין יאָר 1928 האָט ער באַקומען אַן אויס־צייכענונג און סטיפּענדיע פון 3000 דאָלאַר צו שטודירן אין פּאַריז. אין פראַנקרייך איז דערשינען טאַפּעלס ערשט בוך דערציילונגען אונטערן נאָמען „אַמאָל איז געווען אַ מענטש”.

ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ מאָנאָגראַפיע פון ב. קאַפּמאַן אין יידיש און אין ענגליש און אַנדערע ווערק.

אין יאָר 1929 איז יהודה טאַפּעל געקומען צוריק אין זיין געבורט־שטאָט טאָמאַשאָוו. ער איז ממש באַגייסטערט גע־וואָרן פון דעם ברויזנדיקן יידישן לעבן אין שטאָט און הגם ער איז שוין נישט געווען אין זיין היימשטאָט העכער 20 יאָר, איז אים אַלץ געווען נאָענט צו זיין גייסט און נשמה, אַזוי אַז ער האָט באַשלאָסן זיך ווידער באַזעצן צווישן אייגענע, ווייל ער האָט געפילט אַז די יידישע פּנימער, די יידישע קינדער, דאָס גאַנצע יידישע לעבן איז אים נאָענט צום האַרצן.

טאַפּעל האָט געדונגען אַ דירה אין טאָמאַשאָוו און אָנגע־הויבן מאָלן מיט גרויס באַגייסטערונג.

ער האָט לײדער נישט געקענט לאַנג בלייבן אין שטאָט, ווייל דער וואַקסנדיקער אַנטיסעמיטיזם, די שנאה פון די פּאָ־ליאַקן צו די יידן האָבן אויף אים שטאַרק געווירקט, ווייל אין די מערב־לענדער ווי פראַנקרייך און אַמעריקע האָט ער זיך נישט אָנגעשטויסן אויף ענלעכער אַנטיסעמיטישער באַצי־אונג מצד דער קריסטלעכער באַפעלקערונג לגבי די יידן.

אין טאָמאַשאָוו האָט ער חתונה געהאַט מיט זיין קוזינע פּערל ווייסבערג. געווווינט עטלעכע חדשים און ווידער פאַר־לאָזט זיין היימשטאָט צוזאַמען מיט זיין פרוי און דורך דעם אָפּגעראַטעוועט צוויי נפשות פון די היטלער־באַנדעס.

טאַפּעל איז געפאָרן קיין פראַנקרייך און געבליבן דאָרט צוויי יאָר און דאַן איז ער צוריקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

טאַפּעל האָט איינגעאָרדנט פיל אויסשטעלונגען פון זיינע בילדער אין פּאַריז, ניו־יאָרק און אין אַנדערע לענדער. זיינע בילדער געפינען זיך אויך אין ישראל, אין ועד הפועל פון הסתדרות, אין קבוץ עין חרוד און אין אַנדערע ערטער.

אין יאָר 1959 איז טאַפּעל געשטאָרבן אין עלטער פון 68 יאָר. ער האָט איבערגעלאָזט אַ גרויס פאַרמעגן פון בילדער, וועלכע געפינען זיך איצט אין פאַרשידענע קאָלעקציעס, ווי אויך אין מוזייען אין אַמעריקע, פראַנקרייך און אין אַנדערע לענדער.

# משה סאַנינאַ ז״ל

מ. אַמזעל / פוילן

איך גלויב, אַז יעדער האָט געקענט די שיינע געשטאַלט אין אונדזער שטאָט, דעם הויכן און מאָגערן מאַן מיט גרוי־ווייסן פאַררונדיקטן בערדל. דאָס איז געווען דער לערער און געזעלשאַפטלעכער טוער משה סאַנינאַ.

מ. סאַנינאַ איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1868 אין מלאַווע. אין זיינע יינגערע יאָרן איז ער געווען אַ לערער אין די שטעט קאָלאָ, ליפּנאָ, לאָדזש און שפּעטער זיך באַזעצט אין טאָמאַשאָוו, ווו ער האָט פאַרנומען זיין געהעריקן פּלאַץ צווישן דער יידישער אינטעליגענץ אין שטאָט.



משה סאַנינאַ
באַקאַנטער פּעדאַגאָג און געזעלשאַפטלעכער טוער

ער איז געווען דער רעליגיע־לערער פון די יידישע שי־לער אין די אָרטיקע גימנאַזיעס; ער האָט געפירט דעם מעל־דונגס־אַמט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג ביים אָרטיקן מאַגיסטראַט; ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער טאָמאַשאָווער יידישער פאָלקס־באַנק און אַלע יאָרן פאַר־וואַלטונגס־מיטגליד אין דער דאָזיקער באַנק. סאַנינאַ האָט אויך אָנטיילגענומען אין פאַרשידענע אַנדערע געזעלשאַפט־לעכע אַרבעטן.

אין יאָר 1917 האָט משה סאַנינא אַרויסגעגעבן אין דער פוילישער שפּראַך זיין אייגן לערן־בוך פאַר די יידישע גימ־נאַזיע־שילער: „דערציילונגען וועגן דער יידישער רעליגיע״. דאָס בוך איז געווען אַ פאַרקירצונג פון דער אַנטוויקלונג פון יידישן גלויבן און געשיכטע, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויף די הייליקע ספרים פון תנ״ך, אויף דעם געביט האָט ער אַרויס־געגעבן נאָך אַנדערע ביכער.

די הויכע אײדעלע געשטאַלט מיט זיין תמיד שטראַלנדיקן פּנים פון סאַנינאַ שטייט מיר שטענדיק פאַר די אויגן.

איך דערמאָן זיך אַמאָל, ווען מיין פאָטער ע״ה, האָט מיך מיטגענומען אין אָרטיקן מאַגיסטראַט, וועגן דערליידיקן גע־וויסע מעלדונגס־פאָרמאַליטעטן פאַר מיין יינגסטן ברודער (איצט אין ישראל), האָט מיך סאַנינאַ אַרויפגעזעצט אויף זיינע קני און געפרעגט פאַרשידענע פראַגן פון חומש און בעיקר פון פרשת השבוע.

איך דערמאָן זיך אויך די שיינע געשטאַלט פון דער גוטער און האַרציקער פרוי פון משה סאַנינאַ.

אין ווינקל פון די טאָמאַשאָווער גאַסן וואַרשאַווסקי און קאַליאַוואַ שטייט נאָך ביזן היינטיקן טאָג דאָס שיינע דריי־שטאָקיקע הויז, וואָס רופט זיך: „סאַנינעס הויז״, ווייל עס האָט טאַקע געהערט צו סאַנינען.

מיר האָבן אַמאָל געוווינט אין דעם הויז און איך דערמאָן זיך, ווי די פרוי סאַנינאַ פלעגט קומען און פרעגן די איינוווינער צי אַלץ איז אין אָרדענונג, צי עס רויכערט נישט פון די אויוונס, צי די רערן און קראַנען רינען נישט און אויב עס האָט זיך ווער פאַרקלאָגט, האָט זי באַלד געשיקט בעלי־מלאכות צו פאַריכטן יעדע זאַך.

צוזאַמען מיט אַלע יידן פון טאָמאַשאָוו איז משה סאַנינא געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע, אָבער ער האָט נישט באַ־וויזן דאָרט אָנצוקומען. אויף דעם טאָמאַשאָווער וואָקזאַל האָט זיך סאַנינא אַראָפּגעבויגן פאַרבינדן זיינע שיך און אַ דייטשער מערדער האָט אים דערשאָסן אויפן אָרט.

די פרוי סאַנינאַ האָט נאָך באַוויזן צו שטאַרבן אין געטאָ מיט אַ נאַרמאַלן טויט (אין יאָר 1942).

עס לעבן נאָך היינט צוטאָג דריי טעכטער פון סאַנינאַ: מאַרילאַ שווייצער, 76 יאָר אַלט. זי איז קראַנק און לעבט מיט איר טאָכטער; אַדעלאַ־וואַנדאַ ראַמאַשקעוויטש, געפינט זיך אין שווידניץ (פוילן) און די דריטע טאָכטער, אַנטאָנינאַ, געפינט זיך מיט איר מאַן און קינדער אין דייטשלאַנד. די לעצטע צוויי טעכטער זענען געווען אין ישראל אויף אַ באַזוך אין יאָר 1966.

# שמשון קאשעראווסקי

גדליהו קאַשעראָווסקי

שמשון, דער זון פון ראַצע און הערשל קאַשעראָווסקי, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1895. זיין פאָטער איז געווען פּאָפּו־לער ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג מיט זיין גוטער שיך־פּראָדוקציע און ער איז אַפילו אויסגעצייכנט געוואָרן מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל אויף אַ שיך־אויסשטעלונג אין פעטערבורג. ער איז געווען אַ דיפּלאָמירטער פאַכמאַן מיט צעך־פּאַפּירן און באַהערשט די שפּראַכן: רוסיש, פּויליש און יידיש אין שריפט און אין וואָרט.



שמשון קאַשעראָווסקי — בונדישער טוער

עס איז אַלזאָ קיין וווּנדער נישט, וואָס ער האָט זיך באַמיט געבן בילדונג זיינע קינדער.

אויף דעם געביט האָט ער בלויז מצליח געווען מיט זיין זון שמשון, וועלכער האָט געלערנט אין פאָלקס־שול און שפּע־טער אין האַנדלס־שול.

אַלס שילער טרעט שמשון אַריין אין דער דעמאָלט אומ־לעגאַלער פּאַרטיי „בונד״, וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט אַ דאַנק דער השפעה פון די רעוואָלוציאָנערע שטרעמונגען נאָכן יאָר 1905.

ער האָט שאַרף רעאַגירט אויף די אַנטיסעמיטישע דער־שיינונגען אין דער שול און דאָס האָט גורם געווען, אַז ער זאָל באַזייטיקט ווערן פון דער שולע. ער הייבט דאַן אָן אַרבעטן מיטן פאָטער אין שיך־געשעפט.

אין די יאָרן פאַרן ערשטן וועלט־קריג באַקומט שמשון פּאַפּירן און גרייט זיך עמיגרירן קיין אַמעריקע. ער האָט שוין אַפילו באַוויזן אוועקצושיקן זיין באַגאַזש, אָבער אים אליין פאַרכאַפּט דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914 און ער בלייבט אין טאָמאַשאָוו.

ער אַנטוויקלט זיין שיך־געשעפט, באַשעפטיקט אַרום 30 אַרבעטער און גלייכצייטיק זעצט ער פאָר זיין פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין „בונד״ און אין פאַרשי־דענע אינסטיטוציעס. ער ווערט געוויילט אין שטאָטראַט, אין דער קהילה, שאַצונגס־קאָמיסיע און אין אַנדערע אינסטיטו־ציעס. ער דינט אַלעמען מיט ראַט און טאַט און געפינט צייט אויסצוהערן יעדן, וועלכער ווענדט זיך צו אים אין אַ נויט.

טראָץ דעם, וואָס מיינע און שמשונס אַנשויאונגען זענען געווען גאַנץ אַנדערע, זענען אונדזערע באַציאונגען געווען באמת ברידערלעכע. אויף יעדן געביט.

אויף דעם געזעגענונגס־באַנקעט פאַר מיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל האָט זיך שמשון צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו די ציוניסטישע רעדעס פון אַלע חברים, וועלכע האָבן זיך געוווּנטשן צו טרעפן מיט מיר אין ארץ־ישראל.

איך בין אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל אין פעברואַר 1934. עטלעכע טעג האָב איך אַרומשפּאַצירט איבערן לאַנד, געזען און באַוווּנדערט די שיינע ווירטשאַפטן, די פאַראַקערטע פעל־דער דורך יידן, די יידישע דערפער און קבוצים און דאָס אַלץ האָט מיך באַגייסטערט. איך האָב וועגן דעם געשריבן צו מיינע עלטערן און משפחה. אין שמשונס בריוו צו מיר האָב איך גע־פילט, אַז ביי מיין ברודער האָט זיך עפּעס געענדערט.

נאָך מער: שמשון דריקט אויס זיין פרייד און ווינטשט מיר פיל גליק, בעת איך האָב אים געשריבן וועגן מיין באַ־גייסטערונג און צופרידנקייט פון שאַפן מיט מיין אַנטייל אַ נייעם פונקט אין לאַנד. ער זאָגט מיר צו אויך קומען אויף אַ באַזוך אין לאַנד און זען אונדזער שאַפונג ווען זיין פרוי וועט זיך צוריקקערן פון איר לוסטרייזע אין אַמעריקע.

שמשונס פרוי האָט נישט באַוויזן צוריק צו קומען, ווייל זייענדיק אויפן וועג קיין אייראָפּע איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה אין יאָר 1939. די שיף האָט זיך צוריקגעקערט קיין אַמעריקע און אַזוי אַרום איז זי ניצול געוואָרן און לעבט ביז היינט צו טאָג אין אַמעריקע.

שמשון האָט אַלזאָ צום צווייטן מאָל נישט קיין מזל. ער בלייבט אין טאָמאַשאָוו און מאַכט אַדורך די גרויסע טראַגעדיע פון פּוילישן יידנטום. ווען די היטלער־באַנדעס האָבן באַזעצט די שטאָט וואַרפט זיך שמשון אַריין אין דער הילפס־אַרבעט פאַר דער ליידנדיקער און הונגעריקער יידישער באַפעלקע־

רונג. פליטים פון די אַרומיקע שטעטלעך געפינען אין זיין וווינונג אַ וואַרעמע היים.

עס איז כדאי צו דערמאָנען אַן עפּיזאָד וועגן שמשונס ערלעכקייט. אין אַמעריקאַנער זשורנאַל „אונדזער צייט", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1942 ווערט מיטגעטיילט פאַלגנ־דיקס:

„מיר האָבן זיך געוואָנדן צום חבר שמשון קאַשעראָווסקי וועגן שיקן אים פּעקלעך שפּייז. האָט ער געענטפערט: „עס איז אמת, אַז עס איז מיר שלעכט, אָבער אונדזערע וואַרשע־ווער חברים איז ערגער. שיקט זיי. אין וואַרשעווער געטאָ שטאַרבט מען פון הונגער".

שמשון איז וואַרשיינלעך אַרעסטירט געוואָרן אין יאָר 1941. די פּרטים וועגן זיין אומקום זענען מיר נישט באַקאַנט.

ווי עס האָט איבערגעגעבן דער געוועזענער פּיעטרקאָווער איינוווינער יעקב קורץ, האָט מען אויף דער באַן־סטאַציע בעתן זוכן וואַלוטע געפונען אומלעגאַלע ליטעראַטור און שמשונס נאָמען האָט פיגורירט צווישן די, וועלכע האָבן גע־זאָלט באַקומען די דאָזיקע ליטעראַטור. ער איז אַרעסטירט געוואָרן, אָפּגעשיקט קיין פּיעטרקאָוו און דאָרט האָבן אים די נאַצישע פאַרברעכער פאַרפּייניקט.

זאָלן מיינע ווערטער דינען אַ מצבה אויף די אומבאַקאַנ־טע קברים פון שמשון און מיין גאַנצער משפחה.

# מנחם ליפשיץ ז"ל

## גדליהו קושרובסקי

מנחם נולד יתום, אמו התאלמנה לפני שנולד והוא נקרא על שם אביו.

מנחם גדל והתחנך באווירה קשה ומדוכאת, קיבל חינוך דתי ומסורתי בחדר ובבית־המדרש. בעודנו יושב על הגמרא נמשך ליבו ללימודים חילוניים. הוא למד בשעורי־ערב את לימודי חול ועברית ושם השפיעו עליו מורים ציוניים, אשר סיפרו ולימדו על הציונות וארץ־ישראל.

כך ספג לתוכו את התרבות הלאומית ואהבתו לשפה ה־עברית, את האהבה הזו נטע בליבות הנוער. הוא מצא את מקומו בתנועה „חובבי שפת עבר", הטיף לעליה והעמיד את עצמו להגשמה עצמית. בשנת 1912 עלה ארצה יחד עם חברו מנחם שטיינמן ז"ל, שנפטר אחר־כך ביבוש הביצות בחדרה.

את נסיעתו מימן מורו וחברו הנאמן, מנהיג הציונות ויושב ראש הקהילה בטומשוב, ר' יעקב שטיינמן ז"ל.

בינתיים הגיע היום הגורלי ומנחם היה צריך להתיצב לצבא. לפי בקשת האם הוא חוזר, כדי לא לשלול ממנו את האזרחות הפולנית ואת היכולת לחזור לפולין, וכדי שאמו לא תצטרך לשלם קנס כספי 100 רובל, דבר שלא תוכל לעמוד בו.

מנחם חזר, אך זמן קצר לאחר מכן פרצה מלחמת העולם הראשונה, אשר סגרה בעדו את הדרך חזרה לארץ־ישראל.

בשנת 1914 ראיתיו בפעם הראשונה בעירנו. זה היה בערב יום הכיפורים, אחרי תפילת „כל נדרי". בבית חושך ואפלה, רק הנר היחיד דולק ומאיר במעומם את פני היוש־בים מסביב לשולחן ובראשו מנחם. הוא מספר בהתלהבות על ארץ־ישראל, על השומרים והשמירה, על ההגנה, על המאבק בעד עבודה עברית, על מידת החיים והגבורה שם. ואני עודני נער. בפעם הראשונה נשמתי אווירה של ארץ־ישראל, בשבילי אז ארץ לא נודעת. בלב פועם שמעתי את סיפוריו והתחלתי לרקום בליבי את חלום העליה — חלום אשר לא עזבתני עד אשר הגשמתיו.



מנחם ליפשיץ עם נכדותיו

קבלתי ממנחם ליפשיץ באופן סדיר את החוברות של „קאַפּיקע ביבליאָטעק" וספרי לימוד על ארץ־ישראל.

הוא היה מורה ומחנך בבית הספר העברי של הגב' וייקסלפיש בטומשוב, היה פעיל בתנועה העברית בפולין. עם הווסדה של תנועת „צעירי־ציון" בפולין היה הוא בין רא־שוני עסקניה בטומשוב מזוביצק.

נשאר בזכרוני נאומו הנמרץ של מנחם. זה היה בשנת

1920. בפולין חוגגים את הנצחון ושחרור המדינה בלווי התנפלויות על יהודים.

היה זה אחרי הפוגרום בלמברג, שעלה ליהודים ב־30 קרבנות. חברי צעירי־ציון פונים לקהילה בטומשוב לארגן יחד אסיפות־מחאה נגד מעשי הזדון. הקהילה לא הסכימה מחשש לפרובוקציה והתנפלויות. חברי מצעירי־ציון מארגנים שתי אסיפות מחאה על דעת עצמם — אחת בבית־הכנסת והשניה בקולנוע „אודאון". מנחם נעם בזעם על המצב ובין היתר קרא: זאָלן מיר אויך וואַשן אונדזערע שטיוול אין כּר־ליגאַניש בלוט". חברי צעירי ציון הכריזו על סגירת העסקים לפני הזמן וקראו לאסיפה בבית־הכנסת ברחוב הנדלובה.

בית הכנסת צר היה מלהכיל את הקהל הרב. מנחם דבר בזעם נגד השלטון ועל אזלת ידו. הוא מבכה את חיי היהודים בפולין וקורא לחיים חדשים בארץ־ישראל. את אסיפת מחאה ב„„אודאון" קראו לזכר „„הנופלים בארץ־ישראל", כביכול, כדי לא לעורר את תשומת לב המשטרה. המונים מלאו את אולם הקולנוע. מנחם ליפשיץ היה הנואם היחיד. במלים הראשונות כבש את קהל הנאספים. מתוך כאב רב דבר על המצב הבלתי נסבל של יהדות הגולה: באוקראינה נרצחו מאות אלפי יהודים ומעשי הרצח והתועבה של הגויים הולכים ומתפשטים ומגיעים לעיירות פולניה. הקריאות אל מצפון העולם לא עוזרות לנו ואין לנו ברירה אלא לארגן הגנה עצ־מית, כי אסור לנו להפקיר את דמינו.

מנחם מסתער על אנשי השמאל והימין, המאמינים ש־פולין היא מולדתם ועתיד ילדיהם. הוא רואה שחורות ומנבא שאין תקווה ועתיד ליהדות בגולה.

מנחם נמנה בין העסקנים של „התאחדות" בפולין. הוא לחם נגד הפילוגים בעם ובמפלגה, כי לא סבל סטיות ורצה בעם מאוחד ומלוכד. כאשר לא השיג את מטרתו עזב את המפלגה ועבר לציונים כלליים. היה אחד מחסידיו הנאמנים של יצחק גרינבוים, אשר עמד בראש המפלגה הזו בפולין. הוא נמנה בין חבר העובדים של השבועון „על המשמר" עד פרוץ השואה והיה כמה שנים מזכיר ראשי של מפלגת הציונים הכלליים בווארשה. הוא היה גם בין הפקידים הבכירים במשרד הארץ־ישראלי בווארשה.

בשנת 1936 ביקר בארץ והתפעל מההתקדמות העצומה. בעוזבו את הארץ הבטיח לחזור עם משפחתו על מנת להש־תקע בה.

בהיותו בארץ הזמין לפגישת חברים את מ. וייס, שלמה וקס ז"ל, פרוינדליך ז"ל וג. קושרובסקי.

הפגישה הזאת היתה אבן היסוד לאירגון „עולי טומ־שוב" והמטרה היתה לעזור בקליטתם ושיקומם של בני טומשוב בארץ.

אך זו היתה פגישתי האחרונה עם מנחם. הוא נחרט בזכ־רוני כאיש דינמי ורב מרץ ונדמה לי, כי רק אתמול ראיתיו. הוא הקדיש את שנות חייו לפעולה ציונית וציבורית; חנך וגדל דור של אידיאליסטים למען ארץ־ישראל ורבים מהם נמצאים בארץ. חבל מאד, שדווקא הוא ומשפחתו לא זכו להינות מפירו־תיו וגורלו היה כה טראגי. נזכור את דמותו ופועלו לנצח.

# מיין פאַטער חיים בענגלעראָוויטש ז"ל

**יצחק בענגלעראָוויטש**

חיים בענגלעראָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1890 אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, ביי שטרענג־רעליגיעזע על־טערן. דאָך איז אים געלונגען, כמעט מיט אייגענע כוחות, צו באַקומען אַ מער פריי אַלגעמיינע דערציאונג.

בענגלעראָוויטש איז געווען טעטיק אין אונדזער שטאָט שוין אין זיינע יוגנט־יאָרן. אין די יאָרן 1925/26 נעמט ער אַן אַקטיוון אָנטייל ביים אָרגאַניזירן פאַרשידענע ציוניסטישע פאַרלעזונגען, זאַמלען און שפענדן געלט פאַר די נאַציאָנאַלע ציוניסטישע פאָנדן: קק"ל, קרן היסוד און אַנדערע ציוניסטישע אַקציעס.

חיים בענגלעראָוויטש איז געווען איינער פון די גרינדער און שפעטערדיקער פּרעזעס פון טאָמאַשאָווער סוחרים־פאַר־איין. ער ווערט געוויילט אַלס פאַרשטייער פון די סוחרים אין שטאָטראַט און פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די יידישע סוחרים און קליינהענדלער.

ער איז אויך געוויילט געוואָרן אַלס פּרעזעס פון קהילה־ראַט און אַלס פאַרטרעטער פון די יידישע אינטערעסן ביים שטייער־אַמט.

מיין פאָטער חיים איז אויך געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון סוחרים־באַנק און פלעגט העלפן זייער פיל די קליינהענדלער און אָרעמע שיכטן מיט הלוואות.

חיים בענגלעראָוויטש איז אויך געווען טעטיק אין פאַר־שידענע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס און אַ גמילת חסד

אָדער מתן בסתר פאַר אַ נויטבאַדערפטיקן איז ביי אים געווען פאַררעכנט פאַר איינער פון די גרעסטע מצוות.

ער האָט אויך דערצויגן אין ציוניסטישן גייסט זיינע קינדער און די צוויי זין, וועלכע זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל זענען געווען טעטיק אין דער הגנה און גע־קעמפט פאַר דער באַפרייאונג פון דער מדינה.

מיין ברודער הערש (צבי) בענגלעראַוויטש ז״ל, וועל־כער איז געשטאָרבן אין לאַנד, האָט געהערט צו די צענטראַלע פערזענלעכקייטן פון דער הגנה אין אַלע פעריאָדן פון איר אַנטוויקלונג.

מיין פאָטער ע״ה, האָט נישט דערלעבט צו זען מיט זיינע אייגענע אויגן די פאַרווירקלעכונג פון זיינע אַמאָליקע גע־דאַנקען, דעם אויפבוי פון דער יידישער זעלבסטשטענדיקער מדינה. צוזאַמען מיט אַלע טאָמאַשאָווער יידן און מיט זיין משפחה האָבן אים די דייטשע רוצחים אומגעבראַכט.

כבוד זיין הייליקן אָנדענק!

# דוד יאקובאוויטש

גדליהו קאַשעראָווסקי

איך האָב אים געקענט נאָך אַלס שילער אין דער פאָלקס־שול. זיין משפחה האָט געוווינט אין דעם זעלבן הויז ווו מיינע עלטערן, אויף אַנטאָניעגאָ־גאַס. זיין פאָטער, מענדל, איז גע־ווען אַ וועבער און האָט געאַרבעט אין לאַנדסבערגס טעקס־טיל־פאַבריק.



דוד יאַקובאָוויטש — באַקאַנטער ציוניסטעשער עסקן

ווען דוד איז אַלט געוואָרן 10 יאָר, איז ער געוואָרן אַ יתום. זיין פאָטער, נאָך אַ יונגער מענטש, איז געשטאָרבן און דוד מאַכט אַדורך שווערע און פיינלעכע קינדער־יאָרן. דאָס שטערט אים נישט צו ווערן איינער פון די פּאַיקסטע תלמידים.

אין דער פאָלקסשולע צייכנט ער זיך אויס אַלס איינער פון די בעסטע שילער און ווערט באַליבט ביי די לערער און תלמידים פאַר זיין סאָלידער אויפפירונג. ער האָט שטענדיק גערעדט שטיל, מיט אַ שמייכל און געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ שעמעוודיקן. זיין מוטער, מלכה, אַן אלמנה מיט 4 קליינע קינדער, מאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונג, אַז דוד זאָל פאַר־זעצן זיינע לימודים.

אין עלטער פון 13 יאָר ווערט ער אָנגענומען אין דער אָרטיקער הומאַניסטישער גימנאַזיע — און אויך דאָ צייכנט ער זיך אויס אין לערנען און ווערט פּאָפּולער צווישן דער יידישער לערנענדיקער יוגנט.

ער ווערט דער הילפס־לערער פון אַ סך יידישע שילער און דאָס העלפט אים זיך אויסהאַלטן מאַטעריעל און ער איז אויך דער הויפּט פרנסה־געבער פון זיין משפחה.

נאָך דעם ווי ער האָט באַקומען די מאַטורע, האָט ער זיך פאַרשריבן אין דער קראָקעווער אוניווערסיטעט און אָנגעהויבן שטודירן אַלס אַדוואָקאַט. ער האָט אָבער נישט פאַרענדיקט זיינע שטודיעס.

דוד באַקומט אַ פּאָסטן אַלס באַאַמטער אין שטאָטראַט און ווען איינמאָל האָט באַזוכט דעם מאַגיסטראַט דער פאַר־טרעטער פון לאָדזשער וואָיעוואָדע און קאָנטראָלירט די אַר־בעט פון די טאָמאַשאָווער באַאַמטע אין שטאָטראַט, האָט ער דוד יאַקובאָוויטשן אויסגעצייכנט אַלס בעסטן באַאַמטן און אים נאָמינירט אַלס לייטער פון דער אָפּטיילונג. דער פאַקט, אַז דער איינציקער יידישער באַאַמטער אין טאָמאַשאָווער שטאָטראַט איז אויך דער איינציקער, וועלכער האָט זיך אויס־געצייכנט, איז דעמאָלט ברייט קאָמענטירט געוואָרן אין דער פּוילישער פּרעסע.

אין זיינע יונגע יאָרן איז דוד יאַקובאָוויטש געווען איי־

נער פון די אַקטיווע חברים און מדריכים אין השומר־הצעיר אין טאָמאַשאָוו.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז ער אַריינגעטראָטן אין דער פּאַרטיי פון די אַלגעמיינע ציוניסטן און געוואָרן דאָרט איינער פון די אַקטיווסטע חברים און בייגעשטייערט פיל צו דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער פּאַרטיי.

דוד יאַקובאָוויטש איז פון אונדז אָוועקגעריסן געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע זיינע חלומות און האָפענונגען אין בליענדיקן עלטער פון 33 יאָר, דריי חדשים נאָך זיין חתונה, אין דער צייט ווען ער האָט שוין געפונען זיין מנוחה פון דאגת פּרנסה און זיך געקענט אין גאַנצן איבערגעבן פאַר זיין פרוכטבאַרער ציוניסטישער טעטיקייט.

אַזוי איז דוד געשטאָרבן אין יאָר 1934, דער יונגער באַליבטער מענטש, וועלכער האָט געהאַט פאַר זיך אַ גרויסע צוקונפט. פריינד און באַקאַנטע, ווי אויך זיין משפחה וועלן אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

# מנחם שטיינמאן

א. בוגאַיעוויטש

נישט לאַנג האָט אָנגעהאַלטן ביי יידן די תקופה פון „חיבת ציון", וואָס האָט אָנגעזאָגט אַ קאַמף דער אַסימילאַציע. עס איז ווידער געווען די זעלבע צרה: די נאַציאָנאַליסטן האָבן געהאַט מער סברות, טעאָריעס און פלענער איידער נאַציאָנאַלע מעשים און אַ נאַציאָנאַלן פּראָגראַם. מען האָט אַרויסגעשלעפּט די גאַנצע „שווערע אַרטילעריע" פון וויסנשאַפט, כדי צו כשרן דעם נאַציאָנאַליזם פון פאָלק, וועלכע עס פעלן די אַט־ריבוטן פון אַ נאַציע.

די תלמידי חכמים האָבן איבערגעשטיגן איינער דעם צווייטן אין הלכות נאַציאָנאַליזם אָן בינו לבינו איז דאָס יידישע פאָלק, וואָס אַמאָל מער צעשפּליטערט געוואָרן. עס איז געבליבן אָן אַ נאַציאָנאַלער קולטור, אָן אַרבעט, אָן באָדן אונטער זיינע פיס. די קרעפטן פון פאָלק ווערן וואָס אַמאָל שוואַכער, די קוואַלן פון גייסטיקער און מאַטעריעלער יניקה אויסגעטריקנט; די רדיפות ווערן אָפטער; די אינערלעכע פאַרדאַרבנקייט און צעפּוילטקייט פאַרשפּרייטן זיך וואָס אַמאָל מער.

און ווען ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע קוואַלן פון פאָלקס־כוחות זענען פאַרשטאָפּט — האָבן זיך באַוויזן יחידים מיטן כישוף־שם: אַרבעט...

נישט די פלאַכע השכלה אין דעם לעכערלעכן סענטימענ־טאַליזם פון אונדזערע זיידעס, נישט די הינקנדיקע נאַציאָנאַלע טעאָריעס פון אונדזערע פאָטערס, נאָר דורך טאָט און אַרבעט קען אונדזער לאַגע פאַרבעסערט ווערן. און פון אַלע תפוצות האָבן אַזעלכע יחידים געמומען עולה זיין קיין ארץ־ישראל. איינזאַמע, געציילטע זענען זיי געווען, אָבער זיי האָבן געגעבן אַ נייעם ווענדפּונקט דער יידישער היסטאָריע און געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער יידישע מלוכה, וואָס זאָל בקרוב אַנטשטיין.

באַלד אין זיינע האָניק־חדשים האָט דער ציוניזם גענו־מען אַריינדרינגען קיין טאָמאַשאָוו. די יידיש־נאַציאָנאַלע טאָ־מאַשאָווער יוגנט האָט דאַן געפירט אַ קולטור־פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער העברעאישער מאָדערנער ליטעראַטור. עס איז דאַן געגרינדעט געוואָרן אין טאָמאַשאָוו אַ ליטעראַריש־מו־זיקאַלישער פאַראיין א. נ. „הזמיר", ווי אין אַלע גרויסע שטעט פון פוילן. דער פאַראיין האָט דערנאָך אויך געהאַט אַ דראַמאַטישע סעקציע, ביבליאָטעק, אָרקעסטער א.אַ.וו.

דער „הזמיר" האָט געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע, אָנגעזעענע און וויכטיקע ראָל אין טאָמאַשאָווער יידישן קולטור־ און געז־עלשאַפטלעכן לעבן. דאָ האָט זיך קאָנצענטרירט די יידישע אינטעליגענץ, מאַסן־מענטש און יוגנט פון שטאָט, פירנדיק אַ קולטור־אַרבעט אויף פאַרשידענע געביטן און בפרט אויפן מוזיקאַלישן און סצענישן געביט.

פון דער ביבליאָטעק האָט גענאָסן אַ גרויסע צאָל לייע־נער. די דראַמאַטישע סעקציע האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט און אויסגעפירט מיט גרויס דערפאָלג אַ ריי ענרסטע יידישע סצענישע ווערק, אויף די בינע־ברעטער פון טאָמאַשאָוו און פון די אַרומיקע שטעט. די דאָזיקע סעקציע האָט פאַרמאָגט אייניקע דראַמאַטישע טאַלאַנטן.

מיט דער מוזיק־סעקציע פון „הזמיר" האָבן דאַן אָנגע־פירט אָנגעזעענע דיריגענטן, קאָמפּאָזיטאָרן און באַרימטע מוזיק־גאונים. אין די דעמאָלטיקע קאָנצערטן האָבן אָנטייל־גענומען ספּעציעל אָנגאַזשירטע באַרימטע קינסטלער פון דער פרעמד.

דער „הזמיר" אַלס שיינע יידישע קולטור־פּלאַצוווקע אין טאָמאַשאָוו, האָט עקזיסטירט לאַנגע יאָרן, אָבער צוליב אינערלעכע רייבונגען צווישן אַ טייל פאַרוואַלטונגס־

מיטגלידער און דער גלייכגילטיקער באַציאונג מצד די מיט־גלידער — ליקווידירט געוואָרן.

דאָס יידישע טאַמאַשאָוו, וואָס האָט ווי אַ סייסמאָגראַף רעאַגירט אויף יעדער יידישער דערשיינונג, האָט אויך אַרויס־געגעבן אַ העלד פון דער תקופה — מנחם שטיינמאַן.

מנחם שטיינמאַן, געבוירן און דערצויגן אין טאַמאַשאָוו איז געווען אַן איבערגעגעבענער ציוניסט און האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער ציוניסטישער אַרבעט. באַזונדערס האָט ער אַגיטירט צווישן דער יוגנט פאַר דער עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל. ער האָט מאַטעריעל געשטיצט זיינע חברים, וואָס זענען געפאָרן אַהין.

אין יאָר תרע״ג (1913) האָט מנחם שטיינמאַן באַשלאָסן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און מיט זיינע אייגענע הענט העלפן בויען דאָס לאַנד. פאָרן אָפּפאָרן אַהין, איז ער תשעה־באב אַריין אין דער שול, ווו עס זענען געזעסן, ווי אַבלים, אַ פּאָר מנינים יידן און געזאָגט קינות. מנחם שטיינמאַן האָט עס נישט געקענט פאַרטראָגן. ער איז אַרויף אויף דער בימה און ווי אַ נביא גענומען רופן מיט פּאַטאָס:

— יידן! אוי, יידן! אומזיסט אייער קלאָגן און קינות־זאָגן... פאָרט קיין ארץ־ישראל!...

מנחם שטיינמאַן האָט באַשלאָסן, אַז מער וועט ער נישט קוקן אויפן גלות און געזעגנדיק זיך מיט זיינע חברים האָט ער פאַר זיי אָפּגעגעבן אַ פייערלעכע שבועה, נישט מער זיך צוריקצוקערן אין גלות אַריין.

„— אויב יאָ, — האָט ער צוגעגעבן — אויב כ׳וועל מיין שבועה נישט דערפילן, זאָל אויפן וועג די שיף מיט מיר אונטערגיין!!...

מנחם שטיינמאַן איז געפאָרן מיט דער דעה אָנצוקומען אין „מקווה ישראל״, דער באַרימטער אַגראָנאָמישער שולע פון ארץ־ישראל. ער האָט אָבער נישט געקענט דאָרט בלייבן, ס׳איז אים דאָרט ענג געוואָרן און ער איז געוואָרן אַן אַר־בעטער אין דער קאָלאָניע חדרה, דערנאָך ווידער אין רחובות.

עס קומט די וועלט־מלחמה, מנחם שטיינמאַן אַרבעט אין טערקישן אַרבעטער־באַטאַליאָן, אין מרה ביי זכרון־יעקב. ער ווערט דאָרט פאַרוואונדעט ביים פאַלן פון אייקאַליפּטוס־ביימער. מען ברענגט אים קיין ירושלים אין שפּיטאָל „שערי צדק״, ווו ער ליגט קראַנק גאַנצע דריי חדשים און כ״ג תשרי תרע״ז הויכט ער אויס זיין יונגע נשמה אין הייליקן לאַנד.

ער האָט זיין שבועה געטריי אָפּגעהיטן און מער נישט צוריקגעקומען אין גלות.

# מנחם שטינמן

יעקב שטינמן

**(לגילוי המצבה על קברו בהר הזיתים)**

נצר למשפחת משכילים וחובבי ציון בפולין מצד אביו וחסידים אדוקים מחשובי חסידי אמשינוב מצד אמו. ושני הזרמים הנגדיים השפיעו על אפיו ותכונתו. עדין נפש ועניו, שואף למטרות נעלות בעל מסירות ונאמנות ואהבת העבודה, ומאידך גיסא חולם כביר בעל התלהבות רוחנית.

בתרע״ג, בהיותו בן תשע עשרה, גמר בדעתו לעלות לארץ. בארץ סבל מחוסר עבודה, מקדחת ומחלות שונות. מכתביו מהארץ היו מלאים התלהבות. וכשתורקיה הכריזה מלחמה על רוסיה, והמון חבריו עזבו ויצאו למצרים, נשאר נאמן על משמרתו ובעבדו עבודת ספיח לצבא התורקי נפל חלל במושבה חדרה.

טוב עשתה ועדת „ציון״ שעל יד ההסתדרות, שהעלתה את זכרו והעמידה מצבה על קברו.

# זאב פרוש ז״ל

זאב, בן בכור למשפחה יהודית מובהקת, קיבל חינוך כללי וסיים בית־ספר תיכון עברי למרות מצבה הכלכלי הקשה של 'משפחתו.

אחר־כך נסע לבלגיה לשם השלמת החינוך והכשרתו בלימודי־חקלאות באחת האוניברסיטאות במקום. הוא סיים את לימודיו בהצטיינות והוענק לו תואר אגרונום.



זאב פרוש — החלוץ, קרבן של העליה ב׳

עוד בנעוריו הצטרף לתנועת הנוער „גורדוניה״ והיה מן הפעילים בתנועתו, כשמטרתו היתה להגשים ולעלות ארצה, לכן בחר בלימודי החקלאות כדרך חיים במולדת.

עם סיום לימודיו בבלגיה חזר לטומשוב, והחל בהכנות להגשמה עצמית, לעליה לארץ ישראל. תנאי העליה בשנים 1933—1934 היו קשים מאוד, צימצום מתן הסרטיפיקטים לתנועה על ידי ממשלת המנדט לא היו מהתנאים המסייעים לעליה. אלפי חלוצים ישבו שנים בנקודות ההכשרה בלי סיכוי לעליה קרובה.

העליה במסגרת עליה „ב״ היתה יקרה בגלל התנאים המיוחדים והאופי המיוחד שלה, אולם הרצון החזק שפעם בלבו של זאב לעלות ארצה לא מנע ממנו להצטרף לעולי אונית המעפילים הראשונה „ולוס״. מההנהגה הראשית של „גורדוניה״ קיבל את האישור להחלטתו זו. ההוצאות הכספיות הקשורות לעליה זו הכבידו על משפחתו ובכל זאת נטלה על עצמה את העול הכבד הזה.

פרשת חלוצי אונית המעפילים „ולוס״ ידועה לתנועה החלוצית והציונית.

הנדודים והטלטולים במשך חודשים, מארץ לארץ בלב הים, מבלי יכולת לשבור את ההסגר שהבריטים הטילו על חופי הארץ, התישו את כוחותיהם הפיזיים והנפשיים של העולים באוניה זו. בסופו הוחזרו המעפילים לפולין לעיר זלשצ׳יקי.

בדצמבר 1934 הגיע תורו של זאב פרוש לעליה ליגלית (חוקית). למקום ההגשמה במולדת בחר לו, עוד בגולה, את קבוצת „גניגר״ שבה שאף להמשיך את דרכו.

רצה הגורל, כי מספר ימים אחרי בואו ארצה, בהיותו בגניגר, חלה בדלקת ריאות, מחמת הנדודים והטלטולים באוניה. הוא הוכנס לבית החולים המרכזי בעפולה ושם נלחם על חייו בשארית כוחותיו, אך הוא לא התגבר על מחלתו, והוא נפטר ביום א׳ באדר תרצ״ה (1935). בקשתו האחרונה היתה, כי מקום מנוחתו יהיה בגניגר.

בהגיעי ארצה קיבלתי מיד את הבשורה הנוראה על זאב, ורק בשעתיים אחרתי את השתתפותי בהלוויתו. יכולתי רק לבקר את קברו הרענן, הראשון בקבוצת גניגר. כך אבד לי חבר טוב. יהי זכרו ברוך!

**צילה** (קבוצה גניגר)

# ר׳ דב בריש גווירץ הי״ד

ר׳ בריש היה נצר מרבי משה מיכל גווירץ מזאַמושץ׳. ששימש בקודש כרב בעיר ביאלה, ושהיה מחסידיו המקורבים ביותר של הרבי מנחם מנדל מקוצק זצ״ל.

ר׳ בריש גווירץ נולד בעיר פיוטרקוב ולאחר נישואיו עם אשתו הנדה־לאה לבית צובר, התיישב בטומשוב ופתח חנות למנופקטורה בככר קוסציושקו.

הודות ליושרו בעסקי המסחר התחבב מאוד על לקוחו־תיו, יהודים כגויים, הכפריים, אנשי „עמד״ וכן הפריצים, ובעלי האחוזות העשירים. כולם רכשו לו אמון רב ושמו הלך לפניו כסוחר ישר.

ר׳ בריש היה מחשובי חסידי גור בעיר ובשנת 1936 נבחר כנציג „אגודת־ישראל״ לקהילת־טומשוב, חרף התנגדותו לכך במשך שנים רבות, כי ברח מהכבוד והתרחק מהשררה. ביתו היה תמיד פתוח לכל נדכה־לב ועזר לפונה אליו בעת צרה ומצוקה, ובפרט בימים החשוכים לאחר פרוץ מלחמת הנאצים ימ״ש.

במכתביו לפני פרוץ המלחמה הודיע לנו בשמחה על תכניותיהם לעלות ארצה ולהתאחד אתנו ועם בני משפחתו, הלוא הם בתם היחידה, רעייתי טובה והנכדות וקרובי משפחה אחרים בארץ. אך תוכניותיו לא התגשמו, כי הגרזן הנאצי הונף בטרם התגשמותם.

בשנת 1940, לפני פלישת הגרמנים לבלגיה, קבלנו מכתב מאנטוורפן, מאת הרה״ג, ר׳ שמואל הלוי ברודט ז״ל, שכיהן אז כרב דמתא ואשר זכר לר׳ בריש חסד ידידות מאז ישב על כסא הרבנות בעיר טומשוב (למרות הניגודים בהשקפו־תיהם). במכתבו העביר לנו הרב ברודט ז״ל ד״ש מבית גווירץ, שהגיעה אליו באמצעות „הצלב האדום״.

בשנת 1942 באו כמה יהודים מפיוטרקוב שנסעו לשם כתיירים ארצישראליים והוחלפו בגרמנים תושבי הארץ ומפי החוזרים נתקבלה הידיעה העצובה בדבר מות הקדושים של ר׳ בריש יחד עם יתר פרנסי־הקהילה של העיר טומשוב הי״ד, שהוצאו להורג עפ״י צו הגרמנים הטמאים.

יהצו של אנשי הגסטפו ניתן ב־6 למאי 1942, לאחר שפרנסי הקהילה לא הזדרזו לבצע את פקודתם בדבר מכסת אנשים למשלוח למחנה־עבודה — הוא מחנה המוות.



ר׳ בריש גווירץ (נציג „אגודת־ישראל״ בועד הקהילה)

בחשכת אותו לילה באו לאסרו, רעייתו ביקשה ללוותו חרף העוצר שהיה קיים בלילות, ובעברה מפתן ביתם נורתה ע״י המרצחים הארורים.

גם בחוברת הזכרון שהופיעה אחרי המלחמה ע״י נצולי יהודי־טומשוב במחנה לאנדסברג שבגרמניה נקוב התאריך הנ״ל ושמות הקדושים — פרנסי הקהילה דאז.

יהי זכרם ברוך לנצח, יחד עם שאר קדושי קהילת־טומשוב!

**ז׳אק לנדאו**

# לזכר ליפמן ויסברג

אהרן שפס

בהתחלת לימודיו בבית הספר התיכון הריאלי של העיירה הצטרף ליפמן ויסברג יחד עם חבריו היהודיים בכיתתו לתנו־עת „השומר הצעיר". שנים רבות נמנה בין חברי הקן והיה בין הפעילים בתוכו. על גמר לימודיו בגימנסיה נאלץ לוותר, כי באותה תקופה נעשה המפרנס העיקרי למשפחתו.

אחרי עבודה מלאה על יד מכונה אוטומטית בבית החרושת לאריגים, העמיס על שכמו התעסקות נוספת בהנהלת חשבו־נות, למרות מצב בריאותו הלקוי.

כשהתברר לו, אחרי התלבטויות רבות והיסוסים, שבתנאי חייו אין לו כל תקווה להגשים עלייתו לארץ־ישראל בזמן הקרוב, עזב בכאב את תנועתו.

הוא היה בין אחרוני שכבתו שדבק בקן. במהרה מצא דרכו החברתית והמדינית לקבוצה המצומצמת של פועלי ציון שמאל בעירנו ולמפלגה זו נשאר נאמן עד הסוף.

מעולם לא התלונן על קשיי חייו, דאגותיו המרובות ובריאותו המעורערת. השתדל להסתיר אפילו לפני חבריו וידידיו הכי קרובים.

מטבעו שתקן, אבל לא מתבודד. בשעת הצורך הביע דעתו בבהירות. אציל רוח היה והצטיין בישרו ובכנותו המוח־לטת.

ליפמן גדל במשפחת פועלים מרובת ילדים, והוא הבן לפני האחרון להוריו. אביו פרנס בכבוד את בני משפחתו עשרות בשנים מעמל כפיו בבית החרושת הגדול לטקסטיל, ובכל זאת מנת חלקה היה להתגורר בדירה דלה ברחוב וסכודניה.

דוגמת שאר אחיו עבר גם ליפמן לאסכולה חילונית אחרי כמה שנות חינוך בחדר המסורתי.

עם פרוץ מלחמת העולם השניה הצליח להתחמק מידי הרוצחים, ויחד עם שלושה מאחיו וגיסיו ברח לקוקז, רוסיה, ובאחד הקולחוזים נתקבל בתור מנהל חשבונות, אך במשרה זו לא החזיק אלא חדשים ספורים. עם אחיו ברל נסע משם לעיר אַזוב־דון אשר באיזור רוסטוב. כאן כיהן כמנהל וכמפקח הפיננסים העירוניים עד קיץ 1941, עת התגיסותו לצבא האדום עם פלישת הגרמנים לרוסיה.

הוא לא הספיק תקופה ארוכה ללחום נגד האויב הנאצי. בסוף אותה שנה נפל יחד עם אחיו ברל בחזית. פתיל חייו נפסק בטרם עת ובאופן אכזרי, במלאות לו רק שלושים ושתים שנים.

רואה אני אותו בימיו האחרונים הוגה וחולם, רחוק מביתו וידידיו, על זמנים יותר טובים ועל חוף מבטחים בארץ.

# מיין חבר שלום־ברוך שטשופאַק ז"ל

מ. גראַסמאַן

דעם 15־טן אָקטאָבער 1967, צוויי טעג פאַר מיין נסיעה קיין ישראל צו זען מיינע קינדער, האָב איך באַקומען די טרויעריקע ידיעה וועגן דעם פריציייטיקן טויט פון מיין טייערסטן און נאָענטסטן חבר און פריינט שלום־ברוך שטשו־פאַק. ווי אַ דונער איז די ידיעה געפאַלן אויף מיין קאָפּ. בלויע רעדער מיט פייער־פונקען האָבן אָנגעהויבן שווינדלען פאַר מיינע אויגן.

איך האָב טעלעפאָנירט צו חברים, ווייל איך האָב נישט געגלייבט, אַז דאָס איז אמת. לײדער האָט זיך די ידיעה באַ־שטעטיקט. ווען איך בין איינגעשטיגן אין עראָפּלאַן, איז אויף מיר געפאַלן אַ שטאַרקע מידקייט. איך בין געזעסן אַ צעבראָ־כענער און געזען פאַר זיך בלויז איין געשטאַלט: שלומען. אַ גרויסער טייל פון מיין רייזע קיין ישראל איז דאָך געווען געווידמעט מיין טייערן חבר. זיינע בריוו, זיינע פאָליטישע אָנשויאונגען, זיין אָרויסזאָגן זיך וועגן יעדער אַקטועלער טעמע האָט געמאַכט לייכטער אויף דער נשמה. זיין אָפענע שטוב איז געווען אַ היים פאַר אַלע טאַמאַשאָווער. זיין טיר איז קיינמאָל נישט געווען פאַרמאַכט. תמיד איז ער גרייט געווען העלפן יעדן איינעם. ביי טאָג, אין אָוונט און אין יעדער שעה האָט מען געקענט אַריינקומען צו אים, שמועסן, אָראָפּ־רעדן זיך פון האַרץ און טאַקע באַקומען אַ טרייסט און אַ דערמונטערונג. וועל איך אים טאַקע שוין מער נישט זען? עס גלוסט זיך פשוט נישט גלויבן.

איך פאַרמאַך די אויגן און זע ווי אין אַ חלום אונדזערע ערשטע באַגעגענישן אין דער „פועלי־ציון" פאַרטיי מיט 40 יאָר צוריק, ווען מיר זענען געווען יונגע בחורים. שוין דע־מאָלט איז שלום־ברוך באַקאַנט געווען אַלס באַלעזענער און באַוווסטזיניקער בחור. זיינע פראַגן און שמועסן אויף די

פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען און וויכוחים האָבן אַרויסגעוויזן אויף וויפל ער איז בקי אין פּראָבלעמען פון סאָציאַליזם, ציוניזם, חלוציזם און וועגן אַלעם, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ באַוווּסטזיניקן חבר פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי, וועלכער ווייס וואָס ער וויל און צו וואָס ער שטרעבט. מיר האָבן אים באַוווּנדערט, ווארום עס איז פּשוט געווען אַ פאַרגעניגן צו הערן זיינע לאָגישע באַגרינדונגען און אויספירן, אַזוי, אַז ער האָט אַרויסגערופן רעספּעקט אַפילו ביי די, וועלכע האָבן מיט אים נישט מסכים געווען.

נאָך די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען פלעג איך מיט שלומען שפּאַצירן כמעט יעדן אָ:ונט ביז שפּעט ביינאַכט און מיר פלעגן דיסקוטירן וועגן פּראָבלעמען, וואָס האָבן צו יענער צייט אינטערעסירט דער יידישער יוגנט אין גלות פּוילן. מיר האָבן דיסקוטירט וועגן זיגמונט פרוידס שאַפונג, וועגן פאַרשידענע פילאָזאָפן, וועגן די אויפגאַבן פון יחיד אין דער געזעלשאַפט, וועגן אונדזער ספּעציפישער לאַגע און אונדזער אויפגאַבע אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג א.א.וו.

זייער יונג האָט שלום אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס מעשגיסער און די פּאָר זלאָטעס, וואָס ער האָט פאַרדינט, זענען שטאַרק צונוץ געקומען אין דער פּרנסה פון זיין משפּחה. ער אַליין האָט נישט געדאַרפט אַסך. אַ פּאָר גאַנצע שיך מיט אַן אַנצוג, מעג זיין פון אַן ערגערן קוואַליטעט און נישט אויסגעפּרעסט. גענוג, אַז די בגדים זענען געווען ריין און גאַנץ — דאָס האָט אים צופרידנגעשטעלט.

זיין גאַנצן חוש און פרייע צייט האָט ער געשפּענדעט פאַר לייענען ביכער, פירן דיסקוסיעס, בעיקר אויף סאָציאַלע טעמעס. ער האָט טאַקע געלייענט די בעסטע בעלעטריסטישע ביכער פון די רוסישע און אַנדערע קלאַסיקער, שטודירט ווערק פון סאָציאָלאָגן און קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן זיין מאַטעריעלער לאַגע, אָדער מקנא געווען אַ חבר, וועלכן עס איז עקאָנאָמיש בעסער געווען.

זיין אָנזאָפּן אין זיך די סאָציאַלע ליטעראַטור, זיין אינדיווידועלע לאַגע, האָט אויף אים משפּיע געווען, אַז שוין אַלס יונגער בחור האָט זיך אין אים פאַרמירט אַ געשטאַלט מיט אוניווערסאַלע מענטשלעכע ווערטן. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן קיין עוולה און קיין שנאה. טראָגן הילף אַ חבר, אַ באַקאַנטן, אָדער סתם אַ מענטש, איז געווען דער פּרינציפּ, וואָס האָט אים באַגלייט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

אין שלום שטשופּאַק האָט די פּועלי־ציון־פּאַרטיי געהאַט איינעם פון די געטרייסטע און איבערגעגעבנסטע חברים. יעדן טאָג איז ער געקומען מיט נייע פּלענער, געווען פאַרטרעטן אין אַלע קאָמיסיעס און יעדע זאַך אויסגעפירט מיט דער גרעסטער ערנסטקייט, פאַראַנטוואָרטלעכקייט און ליבשאַפט. סיי אין פּאַרטיי־לעבן און סיי אין פּריוואַטן לעבן איז ביי אים שטענדיק געווען דער כלל: „אחד בלב ובפה”.

אין יאָר 1958 האָב איך זיך באַגעגנט מיט מיין טייערן חבר שלום נאָך 25 יאָר פון טראַגישע און שרעקלעכע איבערלעבונגען — און עס האָט זיך קוים געגלויבט, אַז דאָס איז אַ ווירקלעכקייט. ער האָט מיך געבעטן איבערגעבן וועגן גורל פון אונדזערע חברים, און ווען איך האָב אים דערציילט, האָט ער געקוקט פאַר זיך, ווי ער וואָלט געזען די טויזנטער און מיליאָנען יידן, מענער, פרויען, קינדער, זקנים, געטריבענע מיט אייזערנע און גומענע בייטשן אין די וואַגאָנען, כדי פירן זיי צום שרעקלעכן טויט אין די גאַז־קאַמערן. ער האָט געזען זיין משפּחה, זיינע נאָענטע חברים, זיין שטאָט יידן, זיין יידיש פאָלק.

איך דערמאָן זיך יענע באַגעגעניש:

אַ לענגערע צייט זיצן מיר און שווייגן, אַ שווייגן, וואָס קען שפּאַלטן הימלען, וואָס שרייט מיט געפילן און וויטאָק פון אַ צעבראָכן האַרץ. ווען ער מאַכט ליכטיק אין צימער, נעמט ער ווישן זיינע טרערן, וועלכע האָבן באַנעצט מיין לינקן אָרעם מיט דעם אויסטאַטואירטן אוישוויצער נומער. נאָך אַ לענגערן שווייגן האָט שלום מיר דערציילט וועגן זיין חלום, ווי אַזוי זיין ברודער שלמה איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן איז ער טאַקע געפאַלן אין דער זעלבער נאַכט פון זיין חלום.

מיטן פריצייטיקן פּלוצימדיקן טויט פון שלום־ברוך שטשופּאַק האָט זיין פרוי שרה, זיין געטרייע לעבנס־באַגלייטערין, שטענדיק פאַרשטאַנען און געפינען אַ בשותּפותדיקע שפּראַך און אַלע חברים און באַקאַנטע האָבן אין אים פאַרלוירן דעם בעסטן פריינט. איך פּערזענלעך האָב אין שלומען פאַרלוירן מיין בעסטן, אינטימסטן און געטרייסטן חבר.

יאָ, שלום! דו ביסט געווען געשעצט, באַליבט און איינגעקריצט אין מיין האַרץ און אַלס אַזעלכער וועסטו שטענדיק פאַרבלייבן. דו האָסט אונדז אַלע פאַריתומט, ווייל דו האָסט געהערט צו אונדז אַלעמען און דו וועסט אונדז אַלעמען פעלן.

כבוד דיין ליכטיקן אָנדענק!

# שלום שצ׳ופק ז״ל

**יוסף מרקוספלד**

הלך מאתנו חבר שאין דומה לו. מעטים הם, וכמעט שאינם נראים לעין כמוהו בארצנו. לא תמצאו כאן גם אם תעברו על פני הארץ לאורכה ולרוחבה, כי אינם.

הוא היה בין אלה שהספיק לעלות ארצה לפני השואה ולהגיע לתחנה הסופית שלו — לישראל. הוא היה המושיט יד־אחים לניצולי־השואה בהכנסת אורחים, בכסף ובעצה.

בלי רעש נהג היה לשמש להם משען וסעד־נפשי; היה דואג לשיקומם החומרי והנפשי כאחד. כל זה עשה בשקט, בצניעות ובסתר.

ביתו היה ידוע כביתם של יוצאי טומשוב, תמיד היינו באים לשמוע מפיו עצה ותורה.

היה ידוע כלוחם נגד חיי־המותרות בארץ, כי לדידו היה כל הכסף צריך להיות קודש לבטחון־המדינה.

כך חינך גם שלום שצ׳ופק ז״ל, אותנו וכך חינך את שני בניו, והיה למשל ולשנינה לכולנו.

ולא די בזה — היה עוזר בסתר לחברים הותיקים בארץ. ביקור חולים היה אצלו הדבר הראשון במעלה והכל עשה בשקט ובשלווה נפשית בלתי רגילה.

פעיל באירגון יוצאי־טומשוב, חבר המערכת להוצאת הספר „יזכור" להנצחת קהילת טומשוב, שהושמדה. היה כמו כן ער לכל דבר נעלה שמסביבו.

קשה למנות ולעלות על הנייר את כל מעשיו הטובים ולתאר מי היה שלום עבורנו. אבד לנו חבר, אב ומורה דרך!

יהי זכרו קדוש וחבל על דאבדין ולא משתכחין!

# דמעה על חבר שאיננו

**דב גרנק**

ברצוני להעלות כאן, במלים ספורות, זכרונו של פישל זיידלר, אחד מטובי הבנים שהלכו מאתנו יחד עם אלפי בני עירנו. היה זה בימים הראשונים, כשהורם המגף הנאצי לקראת כיבוש פולין אכולת האנטישמיות, הרקובה והשסועה, על ידי אלמנטים בוגדניים מבפנים ועזובה לנפשה על ידי בעלי ברי־תה מבחוץ.

בהתקרב הצבא הגרמני לסביבות עירנו נמצא פישל בשורות הלוחמים של הצבא הפולני, בדיווזיה תחת פיקודו של הגנרל בורטניצקי שפעלה בסביבת הנהר בזורה — שם נפל מכדור הפולשים.

פישל נולד בעיר טומשוב. פה גדל, התחנך וספג את כל מאוויותיו וחלומותיו של הנוער היהודי.

היה אחד מאלה שהתלבטו בין התגשמות הציונית, — נוער שחידש את שפת עמו הקדומה וחתר לקראת עליה למול־דת הישנה־חדשה שקמה לתחיה, — ובין הנוער שלחם את מלחמת הקיום של המוני העם היהודי בתוככי פולין אשר נאבק על קיומו בין גלי האנטישמיות וההסתה, כששפת אמו יידיש (מאמע־לשון), שבה יצרו גדולי הסופרים היהודיים יצירות־מופת — עליהן התחנכו המוני העם היהודי.

עם פישל נפגשתי לראשונה כשהייתי כבן 5־6, בחצר הגדולה של בית סבו, ר׳ חיים־לוזר זיידלר שברחוב בוז׳ניצנה. בחצר הזו, בין הבתים המרובים מלאי שכנים מדלת העם ומרתפי הקרח (מקור פרנסתו של סבו), התגורר בה זיינוול הדרדקי־מלמד, שאצלו למדתי לראשונה את צורת אות העברית.

ברגעים החופשיים מלימודים, כשאנו, תלמידי ה„חדר", שיחקנו בחצר, נפגשתי שם עם פישל ובמרוצת השנים התק־רבנו אחד לשני ונקשרה בינינו ידידות שלא נותקה עד עלותי ארצה, וגם מכאן עמדתי אתו בקשר מכתבים עד היום הגורלי המר שבו נפל.

פישל נתייתם מאביו בהיותו ילד קטן, (אמו חזרה עם בתה הקטנה לעיר לוביץ׳ שם גרו הוריה) ונשאר אצל סבו, יהודי נכבד ומפעילי ה„מזרחי" בעירנו. תחת פיקוחן של שתי הדודות שלו, אשר גרו באותו בית, קיבל פישל חינוך קפדני כיאה לנכדו של ר׳ חיים־לוזר זיידלר. כנראה שמצאתי חן בעיני הדודות, והורשיתי לבוא לדירת סבו, שם היינו משחקים בשעות הפנויות מלימודים.

והיו לפישל הרבה משחקים ומכשירים שונים מהם היינו בונים כל מיני דברים שבדמיון, כדרך ילדים בגילנו, היינו מחריבים ושוב בונים. וכשנמאסו עלינו המשחקים בבית, היינו משתעשעים בכל מיני משחקים בחצר, בין המרתפים הגדו־

לים ומלאים קרח, שנחצב בחורף והובא על ידי עגלות רתומות לסוסים מן הנהר. הקרח כוסה בנסורת עץ וקצבי העיר היו מביאים לכאן בשר טרי לקרור ולאחסנה. היו אלה דברים שלא ראיתים עד אז ופישל היה מראה ומסביר לי כל זה.

כך עברו עלינו ימי ילדותנו, ובהגיעה שעתנו להתחיל ללמוד בבית־הספר — נפרדו דרכינו. פישל, כמו יתר בני בעלי־הבתים, אשר הוריהם לא רחשו אמונם לבית־הספר העברי „התחיה", שהוקם אז בעירנו, — למרות שהיו יהודים וציונים טובים — התחיל לבקר בבית־הספר הפולני „ריאלי", בו למדו בני־הפולנים בעירנו. אני למדתי בבית־הספר „התחיה", ולמרות שכל אחד מאתנו היה נמצא בתוך חוג חבריו מבית־הספר שלו — לא נותקה ידידותנו.

ידידותנו נקשרה עוד יותר כאשר אחרי מספר שנים, כש„גוייסו" תלמידים מתוך בתי־הספר בעיר לתנועת ה„שומר־הצעיר", ופישל נמצא יחד אתי בין כתלי הקן.

שוב עברו מספר שנים ותקופת הגשמה התקרבה. כתוצאה מהחינוך שקבלנו בתנועת ה„שומר הצעיר" ובסיסמה של העברה לעבודה פרודוקטיבית, עזבנו את בתי־הספר והתחלנו שנינו ללמוד את מלאכת הנגרות. בו בזמן שאצלי היה זה הכנה לחיי עבודה בארץ, — היה זה אצל פישל, עם התקדמותו בעבודה, אמצעי להשתחרר מאפוטרופסות של סבו ולעבור לחיים עצמאיים.

ואז חל מפנה בהשקפת עולמו של פישל ולא מצא יותר את מקומו בין כתלי קן ה„שומר־הצעיר". הוא החל להתקרב למחנה העובדים שיום־יום לחם את מלחמת הקיום. וכך מצא את עצמו קרוב לחברי פועלי ציון צ.ס. והשקפת עולמנו הלכה בשני כיוונים שונים. עדיין חיים במוחי הויכוחים הסוערים שהיו ביני לבין פישל בנוגע לבעיות שעמדו אז ברומו של עולם ובעיקר ברחוב היהודי. הויכוחים נסבו בין היתר על שאלת השפה.

פישל האידישיסט המושבע ראה את שפת האידיש כשפתם של המוני הפועלים היהודים שהתחנכו על התרבות האידיש, ואני כחבר תנועה שדגלה בהגשמת הציונות ויצירה בארץ, דגלתי כמובן בשפה העברית. אך למרות הויכוחים וחילוקי־הדעות שהיו בינינו — ידידותנו נמשכה.

פישל, עם כושרו המופלא לנתח מצבים ובעיות חברתיות, ובמזגו הנוח, כשבת־צחוק על שפתיו, ריכז סביבו חוג חברים, ביניהם חברי פועלי ציון וגם אחדים מבין חניכי ה„שומר־הצעיר", שגם אני נמניתי עליהם. במשך הזמן מצאתי בחוג זה ידידים טובים ובחברתם בילינו ערבים ושבתות בשיחות, ויכוחים ושירה.

במרוצת הזמן נוצר מתוך החוג הנ"ל גרעין של פועלי ציון שמאל שפישל היה הרוח החיה בתוכו. ככה זה נמשך עד עלייתי ארצה ואז נפרדנו. למרות שהבטיח לי שכעבור מספר שנים יעלה גם הוא ונפגש שוב, לא הספיק להגשים את חפצו ורק קשר־מכתבים נמשך בינינו זמן רב.

מספר תמונות שקבלתי ממנו במשך שהותי בארץ נשמרות אצלי עד היום כמזכרת יחידה מידיד טוב, שהגורל המר פסק את חוט חייו לנצח.

אבד לי חבר ורע טוב ששני לו — לא מצאתי בחיי.
לבני עירי אבד בן שציפינו ממנו גדולות.
זכרו לא יישכח ממני עד יומי האחרון.

# אַמאָליקע טאָמאַשאָווער געשטאַלטן

א. ש—ן

## יוסף מאַרשעליק

יוסף מאַרשעליק איז געווען אַ שם דבר, אַ ייד מיט אַ נאָמען נישט נאָר אין טאָמאַשאָוו. אַפּילו אין דער גאַנצער אומגעגנט, האָט יוסף געשמט אַלס בדחן פון בעסערן קוואַליטעט. אַ חתונה אָן אַ מאַרשעליק האָט געהאַט אַן אויסזען, ווי זאָל מען איך אָפּמשלן — ווי אַן אתרוג אָן אַ פּיטום, אָדער ווי אַ גוטער ייד אָן פּיאות...

יוספן האָבן אַלע ליב געהאַט צו הערן, הן דער חסיד, הן דער דייטש, הן דער פּראָסטאַק, הן דער וואַסעריונג. פאַר אַלע האָט יוסף געהאַט אַ וואָרט.

איז טאַקע גאַנץ זעלטן פאָרגעקומען אַ חתונה אין טאָמאַשאָוו אָן דער באַטייליקונג פון יוסף מאַרשעליק.

אַליין איז יוסף געווען אַ פּשוטער ייד. תמיד האָט איר אים געטראָפן אַ פאַרטראַכטן, אַ פאַרמוחטן, פאַרזונקען אין טיפע מחשבות.

אויפן ערשטן בליק האָט ער אויף אייך בשום אופן נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ לוסטיקן בדחן.

יוסף — זאָל ער עס אונדז מוחל זיין — איז פון תמיד אָן געווען אַ שטאַרקער ליבהאָבער פון אַ ביסעלע „שפּעריטעס".

„שפּריט, אי לאו האי" — פלעגט יוסף תמיד זאָגן, כלומר: ווען נישט דאָס ביסעלע שפּעריטעס, וואָס דער אין הימל האָט באַשאַפן אויף דער וועלט, איז כמה יוספס איכא בשוקא — וואָלט איך געווען אַ פּראָסטער יוסף, נאָר טאַקע אַ דאַנק דעם ביסעלע משקה בין איך יוסף מאַרשעליק...

און ווירקלעך איז טאַקע אַזוי געווען: פאַרן באַזינגען חתן־כלה, האָט יוסף געמוזט מאַכן אחת ואחת, אחת ושתים און דאַן ערשט האָט זיך אין אים אָנגעהויבן באַווייזן דער מאַרשעליק...

טאָמאַשאָווער יידן האָבן שוין געוווּסט, אַז בכדי יוסף זאָל באַקומען דעם רוח המאַרשעליק מוז מען אים פאַרן באַזינגען אַ ביסעלע צופּילנעווען... און דאַן האָט זיך פאַר אייך באַוויזן דער אמתער יידישער בדחן, אין זיין גאַנצן פּראַכט און גלאַנץ.

יוספס שטים איז נישט געווען קיין הויכע, נישט קיין שטאַרקע. פאַרקערט, גאַנץ נידעריק. דערפאַר אָבער זייער סאָליד. יוספס ווערטער זענען שטענדיק געווען טרעפלעך און צוגעפּאַסט מייסטערהאַפט צו די מחותנים און געסט. מיט זיינע איינפאַכע, אָבער גענוג ערנסטע ווערטער, איז יוסף געווען בכוח, בעתן באַזינגען חתן־כלה, אַרויסצורופן ביי אַלע אָנוועזנדיקע אַזאַ שטאַרק־הילכיק געוויין, אַז עס האָט זיך אייך אויסגעדאַכט, אַז איר זענט נישט אין אַ בית־השמחה, נאָר חלילה אין אַ בית־אבל.

ווי נאָר שוליק קלעזמער האָט אויפגעהערט שפּילן זיין „יהי רצון" קודם החופה און יוסף האָט אָנגעהויבן גאַנץ שטיל ציען זיין „שאַ־אַ־אַ־אַ", האָט זיך שוין דערהערט אַ שטיל שטקינדיק געוויין פון ווייבערישן ווינקל, וואָס האָט וואָס אַמאָל געשטיגן העכער און העכער.

און ווען יוסף האָט אין אַזאַ איינגעהאַלטענעם טאָן און גאַנץ באַשיידענע ווערטער דערציילט דעם חתן, אַז אָט אין דער איצטיקער מינוט קומט אין הימל פאָר איבער אים אַ משפּט; אַז איצט ווערט אין הימל אַרויסגעטראָגן דער פּסק־דין וועגן זיין גאַנצן לעבנס־וועג און אַז טאַקע איצט איז ער, דער חתן, הייסט עס, בכוח תשובה־טאָן אויף אַלע עבירות און זיך אויסבעטן אַ גליקלעך לעבן — דעמאָלט האָט זיך שוין קיינער נישט געקענט אָפּהאַלטן פון וויינען. דעמאָלט האָבן זיך די טרערן געגאָסן פון אייערע אויגן קעגן אייער אייגענעם ווילן.

ווען יוסף האָט שוין דערזען דעם חתן מיט די מחותנים זיך באָדן אין זייערע אייגענע טרערן, האָט ער ווידער אין אַ מידן, ווייכן, רחמנותדיקן טאָן פאָרגעשטעלט דעם חתן, אַז זיינע טרערן האָבן אין הימל מיט אַמאָל אָפּגעוווירן אַלע זיינע עבירות, אַז זיין איצטיקע תשובה האָט פּועל געווען אין הימל. אַז זיין נשמה איז איצט אַ לויטערע, אַ ריינע, ווי זי וואָלט ערשט אַפּוירגענומען געוואָרן פון אונטערן כסא הכבוד, און אַז ער וועט זיך עלטערן מיט זיין זיווג אין נחת און אין גוטס עד מאה ועשרים שנה.

פאַר יעדן פאָרפאָלק האָט יוסף בעתן זינגען געהאַט פאַרשידענע רמזים־גימטריאות, פּרפּראות־נוטריקון פון תנ"ך, תלמוד, מדרש זוהר א. אַ. וו., אַז דאָס איז אַ זיווג מן השמים.

אָט, למשל, אויף אַ חתונה פון אַ געוויסן טאָמאַשאָווער בעל־הבית ווו דעם חתן האָט מען גערופן אליעזר און די כלה אסתר מלכה, האָט יוסף מאַרשעליק ביים באַזינגען אויסגעשריגן: „חסדך ד' מלאה הארץ", זאָגן אותיות „מלאה" אַהין און צוריק: החתן אליעזר אמור לכלה אסתר־מלכה הרי אַת מקודשת לי"...

איף דעם דאָזיקן געביט איז יוסף געווען אַ מייסטער און תמיד אַרויסגעוויזן גרויס פאַכקענטעניש.

ביים עסן אויף אַ חתונה האָט יוסף נישט געזינגען קיין לידער, נישט באַוויזן קיין קונצשטיק, ווי עס האָבן נאָך אין

יענע צייטן באַוויזן די בדחנים און וואָס האָט נישט ביי אַלע־
מען אויסגענומען.

ביים עסן האָט יוסף געוויילט דעם עולם דורך דערציילן עטלעכע מעשהלעך, פון וואָס דער עולם האָט זיך געקייקלט פאַר געלעכטער. די דאָזיקע מעשהלעך זענען פון יוספס מויל אַרויס אַזוי רואיק, אַזוי ערנסט, אַז איר וואָלט געשווירן, אַז אַלץ איז אמת וצדק...

יוסף איז פון דער נאַטור נישט געווען קיין כעסן און טאָמער האָט ער געדאַרפט זיך אָפּרעכענען מיט עמעצן, האָט ער עס געטאָן אויפן בדחנישן אופן, צוגעוואָרפן אַ ווערטל, וואָס האָט יענעם גוט אונטערגעקיצלט.

אָט, למשל, איז יוספן אויסגעקומען אַמאָל אָפּצוהאַלטן אין אויאַזד אַ חתונה. פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ כרך, ווען עס קומט אַמאָל פאָר אַ חתונה, זענען זיך אַלע משמח. זענען זיך טאַקע צום באַזינגען דעם חתן צוזאַמענגעקומען אנשים, נשים וטף. יוסף האָט אויף זיין שטייגער אָנגעהויבן שיטן מיט רמזים, גימטריאות, פון וואָס דער עולם איז שטאַרק נתפּעל געוואָרן.

צומאָרגנס, ווען יוסף, צוזאַמען מיט שוליקס כלי־זמרים, איז געזעסן שוין אויף דער פור גרייט אַהיימצופאָרן, איז אָנ־געקומען אַן אויאַזדער בעל־הבית און אין אַ חוזק־טאָן אַ זאָג געטאָן: ר' בדחן, איר זענט דאָך עפּעס אַ מייסטער אויף רמזים, נוטריקון, ראשי־תיבות וכדומה, טאָ לאָזט אונדז אי־בער אַ גוט וואָרט אויף נאָמען.

ר' יוסף האָט אַ קנייטש געטאָן דעם שטערן און באַלד אַ פרעג געטאָן: „ווי הייסטו, יונגערמאַן?" — „משה צדוק" — ענטפערט דער ייִד. אונדזער ר' יוסף קלערט נישט לאַנג און זאָגט: „די אותיות פון משה צדוק מאַכן: „מיין שוועער הארץ צו דיין קאָפּ". דער אַרומיקער עולם האָט אויסגעשאָסן אין אַ הילכיק געלעכטער און איינער האָט אַ פרעג געטאָן: „איר האָט דאָך פאַרגעסן אויסצוטייטשן די וואָוו, וואָרום צדוק שרייבט זיך דאָך מיט אַ וואָוו פאַר דער קוף". „אויב אַזוי — ענטפערט גאַנץ געמיטלעך יוסף — זאָל זיין אויף זיין ווייבס קאָפּ אויך"...

אין פריוואַטן לעבן איז יוסף געווען שטאַרק אָפּגעזונ־דערט, האָט נישט געהאַט קיין חברותא, איז זיך געזעסן אין זיין בוידעם־שטיבל, אַריינגעקוקט אין עפּעס אַן אַלט ספרל. דער פּראָסטער עולם האָט אים געהאַלטן פאַר אַ „קענער" אין תנ"ך, לשון־קודש, מדרש און אַפילו אין קבלה. חסידים, ווי־דער, האָבן אויף אים געקוקט, ווי אויף אַן אַלטן אַפּיקורס.

דער פלעק „אַפּיקורס" איז אים געבליבן נאָך אַ שמועס מיט ר' דוד ניישטעטער ע"ה, שבועות פאַרטאָגס נאָכן תיקון.

— מילא, — זאָגט יוסף — אַז מ'האָט אונדז איינגעשאַפּט דעם מנהג פון עסן שבועות קיכלעך אָנגעפּילט מיט קעז, מלינטשיקעס אָנגעפּילט מיט ראָזשינקעס — פאַרשטיי איך נאָך, אָבער צו הייסן פסח ביים סדר, נאָכדעם ווי מ'האָט שוין אָנגעפּילט דעם מאָגן מיט אַ כזית מרור, — נעמען צווי דאַרע שטיקלעך מצה, אָנפּילן זיי מיט אַ שפּאַרער פּאַרציע האַרבן כריין און דאָס צוזאַמען עסן, פון וואָס דו קריגסט אויפן אָרט אַ ברכה אין דער נאָז, וואַסער אין די אויגן און שפּעטער נאָכ־גרימעניש אין בויך. אָט דאָס — זאָגט יוסף — פאַרשטיי איך נישט. איך ווייס נישט פאַרוואָס הלל האָט עס אַזוי איינגע־פירט... אַ שאַד, כ'לעבן — זאָגט ווייטער יוסף — וואָס הלל האָט צווישן די מצות נישט אַריינגעלייגט צעבראָכענע שטיק־לעך גלאָז...

ביי די דאָזיקע ווערטער איז ר' דוד אויפגעשפּרונגען און אַ געשריי געטאָן: „ביסט אַן אַלטער אַפּיקורס! מ'טאָר מיט דיר נישט רעדן!"

יוסף האָט געפּרוּווט זיך פאַרטיידיקן, אַז ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט נישט ערנסט, נאָר בדרך הלצה. ר' דוד אָבער האָט אים נישט געוואָלט מער הערן און איבערגעריסן דעם שמועס.

זינט דעמאָלט איז יוספן געבליבן אין די חסידישע אויגן דער פלעק „אַפּיקורס".

אַלע יאָרן זיינע האָט יוסף פאַרבראַכט אין דלות און נויט. די ערשטע יאָרן האָט ער אין די פרייע שעהן געלערנט מיט תלמידים, שפּעטער איז אים עס אַלס „מסחר" נמאס געוואָרן און ער האָט עס אינגאַנצן אָוועקגעוואָרפן.

מיטן טויט פון יוסף מאַרשעליק איז פאַרשוווּנדן גע־וואָרן אַ זייער אינטערעסאַנטער טיפּ פון די אַמאָליקע באַ־רימטע עכט־ייִדישע בדחנים.

## שרה־לאה די „הייוון"

ווער האָט זי נישט געקענט, די דאָזיקע שרה־לאה? אַלט און יונג ובפרט „עמך" האָט געוווּסט, אַז שרה־לאה, שלום קאָפּעלוש־מאַכערס פלוניתטע, וואָס וווינט אין דער קאָזע־גאַס, איז די איינציקע אָפּנעמערין פון די ניי־געבוירענע „מענטשלעך" אין טאָמאַשאָוו.

שיינע צענדליקער יאָרן האָט שרה־לאה די „הייוון" אויסגעפירט איר אַרבעט על צד היותר טוב. מ'האָט זי אין שטאָט געהאַלטן פאַר אַ „מומחה" אויף דעם דאָזיקן געביט און דערפאַר האָט מען זי באַשעפטיקט אין אַ גרויסער טייל שטאָט.

אין יענער צייט איז אַפילו אין טאָמאַשאָוו יאָ געווען נאָך אַ ייִדישע הייבאַם, די „זינגעריך", אָבער ווער פון די אמתע ייִדן האָט זי גערופן?... קודם־כל איז די „זינגעריך",

זאָל זי עס אונדז מוחל זיין. בנוגע יידישקייט נישט געווען מיט אַלעמען. זי האָט נישט געטראָגן קיין שייטל, וויניק גע־קומען אין שול, האָט נישט געוווסט פון קיין ראש־חודש־בענטשן... פון אַן ערשטע סליחות, זכור ברית, שלוש עשרה מידות א.א.וו.

היינט די „פּאָקוסן" וואָס זי האָט געמאַכט ביי אַ גע־ווינערין. אַלע האָנטעכער, וואָס זענען געווען אין שטוב זענען פאַר איר געווען צו־ווייניק. ווער שמועסט פון ליילע־כער, ציכלעך, העמדער, העמדלעך א.ד.גל. — דאָס האָט זי פאַרברויכט אַן אַ שיעור...

וויטער האָסטו געמוזט אָנגרייטן פאַר איר אַ 2—3 שיס־לען פון בלאָען געפּעס, אָדער גאָר קופּערנע, נאָר איבער־געוויסטע מיט צינק, און דערביי האָט זי ביי יעדער זאַך פאַרקרימט דאָס נעזל: „דאָס איז נישט ריין, יענץ איז פאַר־שטויבט" א.אַז.וו. ואחרי ככלות הכל, ווען זי האָט די גע־ווינערין שוין געהאַט געבראַכט אין אָרדענונג, האָט זי אָנגע־זאָגט, אַז די ערשטע טעג זאָל מען צו איר גאַנץ ווייניק מענטשן אַריינלאָזן, ווייל עס קען איר חלילה שאַדן, און מיטן עסן זאָל מען זיין גאַנץ פּאַרזיכטיק. דערביי האָט זי אויסגע־רעכנט אַ גאַנצע „דאַלאַטע", וואָס זי מעג און וואָס זי טאָר נישט.

און אַז עס איז איר גאָר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, האָט זי זיך געהייסן ברענגען דעם דאָקטאָר ראַדע און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּריש משא ומתן: ווידער פרישע האָנטעכער מיט ליילעכער, מיט ציכן, מיט ציכלעך, מיט שיסלען פון בלאָ געפּעס מט אויפגעקאָכט וואַסער, מיט זייף, מיט אַפּטייק־זאַכן א.אַז.וו. אַן אַ סוף און אַן עק...

וואָס זאָל מען אייך זאָגן, אַז אַ קימפּעטאָרין איז אַריינ־געפאַלן אין די הענט פון דער „„זינגערין" איז שוין נישט געווען וואָס איר מקנא צו זיין...

אונדזער שרה־לאה, זעט איר, האָט אַ גאַנץ אַנדערן סדר. זי האָט נישט געדאַרפט קיין סך האָנטעכער, קיין ליילעכער, האָט נישט שטאַרק מקפּיד געווען אויף דער ריינקייט פון די אַרומיקע זאַכן, דער עיקר — פלעגט זי זאָגן — איז, אַז דער מענטש גופא האַלט זיך ריין און היט אָפּ אַלץ וואָס גאָט ברוך הוא האָט געהייסן...

שרה־לאה איז געווען אַ פּשוטע יידענע. פון דער נאַטור אַ גאַנץ גוטע, האָט נישט געהאַט קיין „אויפגעצויגן נעזל", האָט זיך קיינמאָל נישט געבייזערט, האָט קיינעם נישט באַ־ליידיקט. אין איר פאַך האָט מען זי געהאַלטן פאַר אַ מוצלחת און דערובער האָט זי אין יענע צייטן געהאַט „פּאַוואָדזעניע".

אַריינקומענדיק צו דער געווינערין, האָט שרה־לאה קודם־כל פאַראָרדנט אָנצושרייבן אַ „למנצח" און אים אָנקלעפּן אויף דער אויסנווייניקסטער זייט טיר. דערביי האָט זי שוין געהאַט אירע שרייבערס. איינער פון די דאָזיקע שרייבערס איז געווען ר' יעקב שמעון מלמד, וועמען שרה־לאה די „היזון" האָט געהאַלטן פאַר אַ ספרא־רבא און גלאָט אַ ייד אַ מוצלח פאַר אַזעלכע ענינים.

אגב, איז דער זעלבער ר' יעקב שמעון מלמד געווען דער באַרימטסטער עין־הרע־אָפּשפּרעכער פון דער גאַנצער געגנט. איז עמיץ געפאַלן אין חלשות, אָדער עמעצן איז סתם נישט־גוט געוואָרן, איז מען געלאָפן צו ר' יעקב שמעון מלמד, וואָס האָט געוווינט ביי לייביש פּאַקולאַ אויפן הויף, בכדי ער זאָל אָפּשרעכן אַן עין־הרע.

אויפנעמענדיק געווי דעם נאָמען מיט דער מוטערס נאָ־מען פון דעם ליידנדיקן, האָט ר' יעקב שמעון זיך אַ וואָש־געטאָן די הענט, פעסטער פאַרצויגן זיין גאַרטל, טיפער פאַר־רוקט די יאַרמעלקע, פאַרקנייטשט דעם שטערן אויסגעגלעצט מיט ביידע הענט די באָרד און אָנגעהויבן שעפּטשען מיט די ליפּן. נאָך דריי מאָל אויסשפּייען האָט ער אַ שטאַרקן גענייץ געגעבן און אַ זאָג געטאָן: אַ־וואַ! אַ־וואַ! איז דאָ געווען אַן עין־הרע!...

אין אַזאַ ענלעכן נוסח האָט ר' יעקב שמעון געשריבן די „למנצחס" און אין אַ נויט־פאַל — אויך די קוויטלעך פאַר דער יולדת.

ווען דער „למנצח" האָט שוין געקלעפּט אויף דער טיר, האָט שרה־לאה אַריינגעלייגט צו דער קראַסערין אין בעט אַריין אַ האַקמעסער און דאַן געהייסן אַריינשטעלן אין דער קאָפּע אַריין, איבער דעם אויוון, אַ דאָרן בעזים מיט די ריטער אין דער הויך...

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט די דאָזיקע פאַרבערייטונגען, האָט שרה־לאה באַפוילן צו ברענגען פאַר אַ צווייער אייל און אַ ביסעלע וואַסער צו וואַשן די הענט, בכדי קענען זאָגן אַ פאַר ייִדישע ווערטער. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס שרה־לאה האָט באַנוצט ביים אַדורכפירן דעם גאַנצן ענין.

קורץ פאַרן געבוירן, האָט אויך שרה־לאה באַפוילן אויפ־צושטעלן די שפּאַנישע וואַנט. אַזאַ וואַנט האָט זיך געפונען ביי אַלע שרה־לאַהס קליענטקעס.

יעדעס פאַרפאַלק נאָך דער חתונה, אַז מען האָט געהאַלטן ביי די הויכע חדשים, האָט זיך פאַרזאָרגט מיט אַ שפּאַניש וואַנטל. דאָס וואַנטל האָט מען אויפגעשטעלט קורץ פאַרן גע־בוירן נעבן בעט פון דער יולדת, אַרומגעהילט מיט אַ ווייס ליילעך און אַזוי איז עס געשטאַנען גאַנצע אַכט טעג. דאָס אויפשטעלן פון דעם וואַנטל איז פאַרגעקומען אונטער דער קאָמאַנדע פון שרה־לאַהן.

האָט שרה־לאה דערזען, אַז ביי דער יולדת גייט עפּעס נישט אַלץ כשורה, האָט זי גלייך באַפוילן צו זאָגן עטלעכע מאָל „למנצח". אויב דאָס האָט, חלילה, אויך נישט געהאָלפן,

האָט זי אָוועקגערופן דעם מאַן פון דער יולדת אין אַ זייט און אים באַפוילן צו גיין זיך טובל זיין אין דער מקווה.

דאָס לעצטע און שטאַרקסטע מיטל, וואָס שרה־לאה האָט געהאַט צו איר דיספּאָזיציע איז געווען דאָס פאַרלייענען פאַר דער „קראַסערין" די הפטורה פון ערשטן טאָג ראש־השנה און דאָס האָט געמוזט טאָן דער בעל־מפטיר פון ערשטן טאָג ראש־השנה...

לויט ווי שרה־לאה פלעגט איבערגעבן, האָט זי זיך מיט די דאָזיקע מיטלען גאַנץ ווייניק געדאַרפט באַנוצן, ווייל על פי רוב איז אומעטום ב"ה געגאַנגען בסדר. וואָרום וואָס — פלעגט זי תמיד איינטענהן — קען איך, אַדער אַן אַנדערער מענטש, ביי אַזאַ זאַך אויפטאָן? איך בין דאָך נישט מער, ווי אַ שליח. אַז גאָט ברוך הוא העלפט און דאָס עפּעלע ווערט אויף דעם ביימעלע צייטיק, רייסט עס זיך אַליין אַראָפּ. אויב, חלילה, נישט — מ'זאָל גאַרנישט אַזוי זינדיק זיין — איז טאַקע ביטער. דעמאָלט קען קיין בשר ודם גאָרנישט אויפטאָן און מ'מוז נאָר בעטן דעם, וואָס לעבט אייביק, אַז מ'זאָל ווערט זיין די ישועה.

איינמאָל, דערציילט מען, האָט שרה־לאה באַפוילן ביי אַ געווינערין צו זאָגן 18 מאָל „למנצח", פון ערשטן פּסוק ביזן לעצטן און נאָכהער 18 מאָל צוריק, ד. ה. אָנהייבן פון לעצטן פּסוק און ענדיקן ביים ערשטן פּסוק.

ווען דאָס קינד איז אַרויס אויף דער וועלט און שרה־לאה האָט אַ געשריי געטאָן „מזל־טוב, אַ יינגל!", האָט זיך אויף אירע ליפּן באַוויזן אַ שמייכעלע און זי האָט אַ זאָג געטאָן: אַ־וואַ! אַזאַ יינגאַטש, געזונט און שטאַרק זאָל ער זיין, מ'דאַרף גיין אַהער גייט ער צוריק... האָב איך מיר טאַקע באַלד אַן עצה געגעבן: אַזוי ווי ער האָט זיך געדרייט אַהין און צוריק, אַזוי האָב איך געהייסן זאָגן דעם „למנצח" אַהין און צוריק און אַזוי אַרום האָב איך אים ב"ה „געטאַטשטשעט"...

בנוגע דעם שכר־טרחא האָט שרה־לאה זיך נישט געדינ־גען. וויפל מ'האָט איר געגעבן איז גוט געווען. דערביי האָט זי צוגעגעבן איר ברכה, אַז ס'קינד זאָל גרינג דערצויגן ווערן צו גרויס נחת.

מיטן אָפּשטאַרבן פון שרה־לאה די „הייווץ" זענען פאַר־שווונדן געוואָרן אין טאָמאַשאָוו די דאָזיקע קאַטעגאָריע „היי־ווגס" און זייער אָרט האָבן פאַרנומען —יונגע געלערנטע דיפּ־לאָמירטע אַקושערקעס.

# משה וואַסערפירער

מיט אַ 5—6 צענדליק יאָרן צוריק איז טאָמאַשאָוו אין ענין וואַסער געשטאַנען כמעט גלייך מיט ארץ־ישראל... אַ ביסל וואַסער דעמאָלט האָט אין טאָמאַשאָוו געהאַט אַ געוויסן ווערט און ווער שמועסט נאָך טיי־וואַסער — דאָס איז גאָר געווען אַ יקר המציאות... די סיבה דערפון איז געווען אַ פּשוטע: די עטלעכע געציילטע ברונעמס, וואָס טאָמאַשאָוו האָט דעמאָלט פאַרמאָגט, זענען געווען פאַרמאַכט אויף זיבן שלעסער און נישט יעדער פּשוטער בשר ודם האָט זוכה געווען פון זיי צו געניסן. האָט דער עולם, ובפרט אין די יידישע געסלעך, טאַקע געפילט אַ שטאַרקן דוחק אין וואַסער.

די איינציקע פרייע קוועלע פונוואַנען דער עולם האָט געשעפּט וואַסער אומגעשטערט, איז געווען דער סטאַוו. דאָרט אַהין זענען געקומען מענער, פרויען, קינדער, גרויס און קליין און מ'האָט גענומען וואַסער וויפל מ'האָט געוואָלט...

יעדער דורכשניטלעכער ייד, אפילו פון די גאָר שיינע באַלעבאַטים, האָט שוין געוווּסט, אַז מען שטייט אויף אינ־דערפרי פון בעט, גיסט מען זיך אָפּ די נעגל, מען זאָגט ברכת־התורה און דאַן — לאָזט מען זיך מיט צוויי קענדלעך אין די הענט נאָך וואַסער צום סטאַוו. ווו איר האָט תמיד אָנגעטראָפן אַ שיינע פאַר מנינים יידן און נישט־יידן, וואָס האָבן עוסק געווען אין דער שמחת השואבה...

דער פּראָסטער עולם האָט זיך געמאַכט באַקוועמער און געטראָגן די קאַנען אויף „טשאָנגעס". די בכבודיקע אָבער, איז עס נישט אָנגעשטאַנען אַזאַ באַקוועמלעכקייט — האָבן זיי נעבעך געהאַט צו הייבן...

פיל מיטגעהאָלפן צו לינדערן דעם וואַסער־דוחק, האָט אויך דער רעגן, וועלכער איז אין טאָמאַשאָוו שטענדיק געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט... און נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער פלעגט אין די יידישע, נישט־ברוקירטע געסלעך אָנמאַכן גרויסע זומפּן און בלאָטעס, האָט אים דער עולם אויפגענומען בסבר פנים יפות...

ווי נאָר איבערן טאָמאַשאָווער האָריזאָנט האָבן זיך באַ־וויזן אַ ביסל „וואַסער־וואָלקנדלעך", האָבן זיך די ווייבער אַ לאָז־געטאָן מיט קאַנען, קובלעס, שעפער, באַליעס א.ד.גל. צו די דאַך־רינוועס און געזאַמלט וואַסער אין אַ גרויסער כלי. דערביי האָט שוין יעדע פרוי, באַלעבאָסטע, הייסט עס, געהאַט איר חזקה פון וועלכער דאַך־רינווע זי זאָל שעפּן וואַסער.

ביי אַ שטאַרקן רעגן האָט מען אויפגעכאַפּט דאָס וואַסער נישט נאָר דורך דער פאַרמיטלונג פון די דאַך־רינוועס, נאָר אויך דירעקט פון פרייען הימל... אַזאַ הימלדיק וואַסער האָבן די אַלטע ווייבער געהאַלטן אַלס רפואה צו שוואַכע אויגן, קאָפּ־ווייטאָג ד.ד.גל.

נישט זעלטן פלעגט צוליב אַזאַ ביסל רעגנוואַסער צווישן די באַלעבאָסטעס פאָרקומען אַ שאַרפער ווערטער־אויסטויש. מען האָט זיך אַריינגעזאָגט אין טאַטנס־טאַטן אַריין, מען האָט זיך אויפגעזוכט די אַלטע זכרונות. עס איז אָבער אַלץ כדאי

געווען פאַר דעם ביסל „וויכן" וואַסער, וואָס מען האָט זיך אָנגעגרייט.

אויסער דעם סטאַוו און די „וואַסער־וואַלקנס" האָט אויך געלינדערט דעם וואַסער־דוחק אַ געוויסער משה וואַסערפּירער...

גערופן האָט מען אים וואַסערפּירער, ווייל ער האָט זיינע אַלע יאָרן געפירט וואַסער. „כשמו כן הוא".

צום פירן דאָס וואַסער האָט ער געהאַט אַ דרענגער־וועגעלע, אַ פערדל און אַ גרויס לענגלעך פאַס.

ווען מ'האָט געוואָרפן אַ בליק אויף משהן, אויף זיינע פאַרחלומטע און טיליוויז פאַרגלאַצטע אויגן; אויף זיין שטענדיקן שטילשווייגן — האָט מען גלייך באַקומען דעם איינדרוק, אַז דאָ האָט מען צו טאָן נישט מיט קיין פּשוטן בשר־ודם, אַז אין דעם גוף געפינט זיך גאָר אַ גרויסע נשמה, וואָס וויל, דורך צושטעלן יידן וואַסער, מתקן זיין אַ געוויסן חטא...

דאָס פערדל האָט ר' משה באַהאַנדלט „ברידערלעך", נישט געהאַלטן זיך ווי אַ באַלעבאָס, ווי אַן אויבערהאַר לגבי דעם בהמהלע, נאָר צוזאַמען געשלעפּט דאָס וועגעלע מיטן וואַסער. קיין בייטש האָט ר' משה פאַר זיין פערדל נישט באַנוצט, ער האָט עס גוט געקענט און געוווּסט, אַז עס אַרבעט נעבעך איבער די כוחות... אַז מען דאַרף עס נישט יאָגן, עס ווייסט אַליין, אַז מען קען די יידן נישט איבערלאָזן אָן וואַסער און דעריבער טאַקע האָט ר' משה זיין פערדל געפירט ביים ציימל, ד. ה. ער מיטן פערדל, להבדיל, זענען געגאַנגען צוזאַמען. ביידע האָבן געצויגן דעם וואָגן און יעדעס מאָל האָט איר געקענט באַמערקן, ווי ר' משה האָט מיט כל הכוחות אַ כאַפּ־געטאָן ביים ראָד און אַרויסגעהאָלפן זיין געטריי בהמהלע, וואָס האָט אים אַזוי גוט פאַרשטאַנען און זיך באַנוגנט מיט אַ ביסעלע שאַבעכץ, וואָס אַ יידענע האָט, אויס רחמנות, מכבד געווען זומער־צייט, ווי אויך מיט אַ ביסל גראָז, וואָס איז געוואַקסן אויף אַ הפקר־פּלאַץ...

שטיל און רואיק, אָן יעדן אויסגעשריי „וויאָ", אַ „וויאָ", אַ „הויטאָ", אָדער „פּררררר", האָט ר' משה מיט זיין פערדל, להבדיל, געצויגן דאָס וועגעלע איבער די יידישע געסלעך.

דאָס פערדל האָט שוין געוווּסט וווּ און ביי וועלכן הויז זיך אָפּצושטעלן און ווען צו רירן פון אָרט. די באַלעבאָסטעס ווידער, האָבן, זייענדיק אין שטוב שוין דערשנאַפּט דאָס אָנקומען פון משה וואַסערפּירער און אַרויסגעטראָגן די כלים אויף אָנצופילן זיי מיט ר' משהס וואַסער.

שטענדיק האָט ר' משה אויסגעפּאַסט צו קומען מיט זיין „וואַסערגעצייג" פאַרנאַכט אין בית־המדרש־גאַס צוליב צוויי טעמים. ערשטנס, זייענדיק נאָענט פון בית־המדרש, האָט ער אויף דער גיך געכאַפּט אַ „קדושה", אַן „אָמן", אַ „ברכו", געקושט אַ פּאָר מאָל די מזוזות א.אַ.וו. און צווייטנס — האָבן צו יענער צייט דאָס בית־המדרש־געסל, ווי אויך די אַרומיקע געסלעך, אויסגעצייכנט און זיך באַרימט געמאַכט מיט די גרויסע בלאָטעס און זומפּן. אַזוי, אַז גייענדיק אין בית־המדרש אַריין האָט מען זיך איבער דער גרעסטער העלפט טובל געווען אין אַ גאַנץ אָרנטלעכער „בלאָטע־באָד", וואָרעם די אַלע געסלעך זענען בימי משה נישט געווען ברוקירט און אַז אַזאַ „אָדלער", ווי עס איז געווען ר' משהס פערדל האָט זיך דאָרט אַריינגעכאַפּט, איז ער אויף קיין פאַל נישט געווען ביכולת פון דאָרט זיך אַרויסצובאַקומען.

דאָ האָט ר' משה שוין גענדאַרפט אָנקומען נאָך הילף צו זיינע ידידים און סתם יידן בני־רחמנים, וואָרעם ווער פון די אַדורכגייענדיקע יידן האָט געקענט צוקוקן ווי אַזוי אַ יידישע בהמה מאַרדעוועט זיך אין אַזאַ זומפּ?

זענען טאַקע שטענדיק געווען אַזעלכע צער־בעלי־חיים־ניקעס, וואָס זענען אַריין אין די זומפּן און אַרויסגעראַטעוועט די צוויי ברואים, וועלכע זענען אַראָפּגעשיקט געוואָרן אויף דער זינדיקער וועלט, בכדי מתקן צו זיין אַ גרויסן חטא...

איבעריקנס, האָבן זיך גאָר עטלעכע דאָס געהאַלטן פאַר אַ מצווה און ווי נאָר ר' משה מיט זיין „אָדלער" האָבן זיך באַוויזן אין בית־המדרש־געסל, האָט זיך דער עולם פאַרקאַשערט די פאָלעס און דאָס וועגעלע אַ נעם־געטאָן אינדערהויך און עס אַריבערגעטראָגן ביז צו דער יבשה... דערביי האָט זיך דער זייטיקער עולם אויסגעבערענגט אַ גלייכווערטל: — זעט, ווי עס איז אַלץ פאַרדרייט — שרייט אויס אַנשעלע סמאַטשאַרזש — אַמאָל האָט משה די יידן געפירט איבערן ים און היינט פירן די יידן משהן איבערן ים...

— וואָס טויג מיר ס'ליצנות — רופט זיך אָפּ אין אַ געמאַכטן ערנסטן טאָן ישראל דרעקסלער — ס'וואָלט געווען אַ יושר איבערצושיקן דאָס פערדל צו אַ גוטן איינבינדער, אַז ער זאָל עס אַריינזעצן עפּעס אַ לייטישן רוקן, איר זעט עפּעס וואָס פאַראַ צעבראָכענעם רוקן ר' משהס פערדל האָט?...

— אויב איר ווילט טאָן די מצווה בשלימות — שרייט אויס דער גראָבער יידל — טאָ זייט־זשע מוחל און לייגט אַרויף דאָס פערדל מיט ר' משהן אויפן וועגעלע און פירט זיי אַהיים אויף אָפּצורוען זיך אַ ביסל...

אַזוי האָט נעבעך ר' משה אָפּגעאַרבעט אויף דער זינדיקער וועלט זיינע ביסל יאָרן...

שפּעטער זענען שוין אָנטשטאַנען אין שטאָט עטלעכע ברונעמס. דעם חשובסטן און אָנגעזעענסטן פּלאַץ פון די דאָזיקע ברונעמס האָט פאַרנומען דער ברונעם פון נחמיה פּאַקולאַ. נחמיהס וואַסער איז געווען ווייך, געשמאַקהאַפט און איז כמעט אַזוי גוט געווען ווי שטאַרקס וואַסער... אַ טייל מענטשן האָט גאָר געהאַלטן, אַז נחמיהס וואַסער איז פיל בעסער, ווי שטאַרקס, עס האָט עפּעס אַ באַזונדערן יידישן טעם... אָבער אַ ביסל

וואַסער פון נחמיהס ברונעם איז אויך נישט לייכט אָנגעקומען. אויסער דעם, וואָס מען האָט געמוזט צאָלן חודש־געלט, האָט מען תמיד געמוזט אָפּוואַרטן אַ לענגערע צייט ביז מען האָט זיך דערשלאָגן צו דער קאָרבע. דערביי איז דער ברונעם געווען איינגעאָרדנט אויף אַ גאָר פרימיטיוון אופן מיט אַ קאָרבע, מיט קייטן, אויף וועלכע עס זענען געהאַנגען צוויי גרויסע, שווערע מיט אייזן באַקלאַפּטע קובלעס. ביים אויפשעפּן אַזאַ קובל וואַסער, האָט מען זיך גוט דעם שטערן דערשוויצט. על פּי רוב האָבן ביים אויפשעפּן וואַסער געאַרבעט צוויי פּערזאָן.

די „ווילדע ייִנגען”, וועלנדיק אַרויסווייזן זייער גבורה, האָבן באַוויזן קונצן און מיט איין האַנט אַרויפגעדרייט אַ קובל וואַסער.

ווי עס איז אַלזאָ צו זען, איז אין יענע צייטן טאָמאַשאָוו נישט געווען ברווח אין וואַסער און ווי געזאָגט, אין דער הינזיכט געווען גלייך צו ארץ־ישראל...

## זקן לערער

מיט אַ 3—4 צענדליק יאָרן צוריק האָט אין טאָמאַשאָוו צווישן „עמך” געשמט אַלס „קענער” און „געלערנטער” אַ געוויסער זקן לערער.

דעם טיטל לערער האָט זקן באַקומען דערפאַר, וואָס ער האָט אַלע זיינע יאָרן געלערנט מיידלעך — על פּי רוב פון „עמך” טאַקע — אַ ייִדיש בריוול שרייבן און די רוסישע אַ־בע־צע.

דאָס אַליין איז אָבער נאָך געווען ווייט נישט גענוגנדיק צו ווערן צווישן עולם אַזוי פּאָפּולער און זיך קונה שם צו זיין אין טאָמאַשאָוו און אויסער איר. וואָרעם אין ענין אויסלערנען דאַווענען האָט זקן קיין אויסערגעוויינלעכס נישט אַרויסגעוויזן, וכמה זקנס איכא בשוקא? אַזעלכע זקנס האָבן ביי ייִדן קיינמאָל נישט אויסגעפעלט.

דעם „גרויסן” נאָמען, וואָס זקן האָט זיך פאַרשאַפט אין יענער צייט ביים ברייטן עולם בכלל און ביי „עמך” בפרט, האָט ער נאָר געהאַט אַליין צו פאַרדאַנקען זיין „אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט” ביים צוזאַמענשטעלן אַ בריוו פון אַ חתן צו אַ כלה, אָדער פאַרקערט — פון אַ כלה צום חתן. דאָ האָט ער אַרויסגעוויזן גרויס „קענעכץ”. נישט געשריבן קיין פּשוטע ווערטער ווי מען רעדט אין קיך, צווישן פּראָסטן עולם, נאָר טאַקע ווי מען רעדט ביי די „גרויסע לייט”, ס'הייסט, מער „דייטשמעריש” ווי למשל, אַנשטאָט כלה — ברויט, אַנשטאָט חתן — ברויטיגאַם, אַנשטאָט פעטער — אָנקל, אַנשטאָט מומע — טאַנטע א.אַז.וו. — אַלץ אַזעלכע לשונות, וואָס נישט יעדער פּשוטער בשר ודם האָט עס געקענט פאַרשטיין. צו דעם האָט מען אין יענער צייט געמוזט זיין אַ... זקן.

פון וואַנען עס האָט צו דעם זקן, אַגב אַ שוסטערס אַ זון, זיך גענומען אַזאַ „טאַלאַנט,”, אַזוי פיל „קענעכץ”, האָט קיינער אויף זיכער נישט געוווּסט. עס זענען געווען חילוקי דעות: אַ טייל עולם האָט געזאָגט, אַז גאָר פּשוט, דאָס קען מען זיך אַליין נישט נעמען, דאָס איז אַ מתנה פון גאָט ברוך הוא, וואָס נישט יעדער איז דערצו זוכה... אַ טייל אָבער האָט געהאַלטן פאַרקערט: לאָו בזכותא תליא מילתא — דאָס ווענדט זיך נישט אין קיין זכות, אַליין פליט אַזעלכעס נישט אין קאָפּ אַריין. מסתמא האָט ער אויף דעם געביט גענוג אַריינגעאַרבעט, געהאַט אַ סך שלאָפלאָזע נעכט, ביז ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט צו אַזאַ מדרגה...

סיווי איז אונדזער ר' זקן אין יענער צייט געווען אויף דעם געביט אַ יחיד בדורו... די גאַנצע „יוגענד” איז געלעגן אין זיינע הענט: האָט אַ יונג, אָדער ווי מען רופט עס, אַ יונגערמאַן געוואָרפן אַן אויג אויף אַ מיידל און געוואָלט געווינען איר הארץ, האָט ער געמוזט אָנקומען צו זקנס אַ בריוו. האָט אַ חתן „דערשנאַפּט”, אַז די כלה איז עפּעס צו אים נישט אַזוי כתמול שלשום, איז ער אַוועק צו אונדזער ר' זקן, אים מוסר סוד געווען, אַריינגעשטעקט אים אַ גרעסערע מטבע און דער ענין איז שוין געוואָרן דערליידיקט על צד היותר טוב. ר' זקן האָט זיך באַלד אַוועקגעזעצט, געכאַפּט אַ בליק אין בריוונשטעלער און אָנגעשריבן אַ בריוו צו דער „געפּרווירענער” כלה „„קאַק סלעדויעט”, ווי עס דאַרף צו זיין, מיט גרויסע און קליינע פּינטעלעך, אָדער ווי ער האָט עס גערופן אויף רוסיש — מיט „טאָטשקעלעך”, מיט געדאַנקן־שטריכן א. אַז.וו.

איבערלייענענדיק פאַר דעם חתן דנן דעם בריוו, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן נוסח: צו מיינע הויכגעשעצטע, טיף ליבנדע, קיינמאָל נישט־פאַרגעסענע האָניק־זיסע בראָוט, פריילין... דאָ קומט דער נאָמען אויף דייטש. למשל, אַנשטאָט חיה — חייקאַ) פּערל — פּערעלקאַ א.א.וו.

ווערט דער יונגערמאַן פּשוט צעשמאָלצן פאַר גרויס גדולה און באַלד דערויף ווענדט זיך צו אים ר' זקן מיט אַ שעלמיש שמייכעלע: — נו, וואָס זאָגסטו, פּאַצעט איינער? וועט דיין כלהס האַרץ איבערגעדרייט ווערן נאָך אַזאַ בריוו?...

און מודה זיין מוז מען, אַז על פּי רוב האָט אַזאַ בריוו געהאַט דעם געהעריקן דערפאָלג. האָט אַ כלה דערהאַלטן אַ בריוו פון איר חתן געשריבן ביי זקן לערער איז זי באַלד אומגעענדערט געוואָרן... זי איז פּשוט נהפך געוואָרן לאיש אחר — אַזאַ כוח האָט געהאַט זקן לערערס בריוו...

אויפגענומען זיינע פּאַציענטן האָט זקן שטענדיק מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, מיט אַ קלאַפּ איבער דער פּליצע און אַז עס האָט זיך געלוינט — אויך מיט אַ קניפּ אין בעקל. אים

האָט מען געמוזט אַלץ דערציילן, פאַר אים איז נישט פאַראַן געווען קיין סוד...

אינפאָרמירנדיק זיך וועגן אַלע איינצלהייטן האָט ר׳ זקן גענומען אַ פּאָסט־בייגעלע פּאַפּיר מיט אַ פעדער, דעם „פּאַציענט" אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל אין מיטן שרייבן אים נישט מבלבל זיין, וואָרעם מיט איין וואָרט קען ער אומוואָרפן, חלילה, אַ גאַנצן בנין...

ביים אָנהייבן שרייבן דעם בריוו האָט זקן קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו נעמען אין האַנט אַריין דעם „דאַטן־צייגער" (וואַנט־קאַלענדאַר), אַ זאַך, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען נאָר ביי די „גרויסע לייט", ביי די „דייטשן" און ביי די גרויסע „קענערס". ער האָט געמישט די בלעטלעך, קנייטשנדיק דערביי מיטן שטערן, ווי ער וואָלט געדאַרפט קלערן וועגן אַן ענין וואָס שטייט ברומו של עולם, געטייטלט מיטן פינגער אַהין און צוריק און ענדלעך אַ פרעג געטאָן זיין „פּאַציענט":

— ווי זאָל איך שרייבן דעם רוסישן „טשיסלאָ", אָדער די דייטשע דאַטע?

— ס׳איז דען עפּעס אַ חילוק? — פרעגט הכנעהדיק דער פּאַציענט.

— אַ שענע שאלה, כ׳לעבן — ענטפערט ר׳ זקן — פון רוסישן טשיסלאָ ביז דייטשן איז דאָך גערוקט אַ מעשה פון שענע עטלעכע טעג...

— פון וואַנען זאָל איך דאָס וויסן? — ענטפערט דער „פּאַציענט", — איר זענט דאָך אַן עין־הרע קלוגער, געבילדעטער, מאַכט ווי איר פאַרשטייט, כ׳וועל דאָך נישט פאַרלאַנגען ,חלילה, אייער עוולה...

נעמט טאַקע ר׳ זקן די פעדער אין דער האַנט אַריין, דרייט מיט איר אַ צענדליק מאָל אין דער לופט איבערן פּאַפּיר און ענדלעך ווערט אויפגעשטעלט דער „טשיסלאָ".

אָפּפאַרטיקנדיק זיך מיטן „טשיסלאָ" גיט ער אַ פרעג דעם „פּאַציענט", אָדער „פּאַציענטקע" דעם נאָמען און פאַמיליע־נאָמען, זעצט אים תיכף איבער אויף „דייטש" און דאַן לאָזט ער זיך מיט דער פעדער „אין וועג אַריין" — אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז דער בריוו ווערט איבערפולט פון אַלע זייטן. אַ באַזונדער בלאַט איז איבערגעלאָזט געוואָרן ספּעציעל פאַר גרוסן, אָדער ווי מען האָט עס דעמאָלט גערופן: „אויף גריסקעס". ביי די „גריסקעס" האָט מען נישט געטאָרט אַדורכלאָזן קיינעם פון דער פאַמיליע און אויך קיינעם נישט פון די שכנים. אַלעמען האָט מען אין זקנס בריוו געמוזט גריסן און טאַקע „הערצלעך און פריינדלעך".

אָפּגעשריבן דעם בריוו גיט ר׳ זקן אַ שטרענגן באַפעל צו זיין „פּאַציענט", אַז ער זאָל אויסהערן מיט קאָפּ און געדאַנק דאָס איבערלייענען דעם בריוו, און אויב ער וועט נישט וויסן עפּעס אַ טייטשוואָרט זאָל ער אים איבערפרעגן, וועט ער אים באַלד דאָס „טלאָמאַטשען" אויף „זשאַרגאָן", אויף יידיש הייסט עס...

איבערגעבנדיק צום „פּאַציענט" דעם בריוו זאָגט אים ר׳ זקן אַז למען השם אים נישט אַריינצוּוואַרפן אין קעסטל, וואָס הענגט ביי שפּיעוואַקס הויז, נאָר גלייך צוגיין אויף דער פּאָסט, ווייל דאָרט איז עס זיכערער.

דער גרעסטער „יעשן" ביי זקן לערער איז געווען פון ר״ח אלול ביז נאָך הושענא רבה. דעמאָלט האָט ר׳ זקן געהאָרעוועט, ווי אַ בין און דעמאָלט האָט ער נישט אָנגענומען קיין פּראָסטע בריוו, נאָר אַלץ ווונטש־בריוו. ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָט זקן זיך געפילט געזונט און קאָנקורענצלאָז... אמת, אַ „סעזאָנאָווע" אַרטיקל, אָבער גאָר גאַנגבאַר, פון וואָס מען האָט געקענט אָפּלעקן אַ פעט ביינדל...

ביי די ווּנטש־קאַרטן האָט זקן אַרויסגעוויזן גאָר פרישע פעאיקייטן — הן מיטן שרייבן גופא, הן מיטן צוזאַמענשטעלן און הן מיט די קאָלירן. און וויסן דאַרפט איר, אַז די ווונטשן זענען נישט געשריבן געוואָרן מיט פּשוטן טינט, ווי אַ גאַנץ יאָר, נאָר מיט פאַרשידענע קאָלירן, וועלכע זענען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן גאַנץ פאַרשידנאַרטיק.

אויסער די קאָלירטע טינטן האָט ר׳ זקן געהאַט אַ גאַנצן אויסוואַל פון „אַבראַזקעס", ווי גרינע בלעטלעך, טייבעלעך מיט בריוועלעך אין די טייבלשע פּיסקלעך, צונויפגעהאָפטענע הענדלעך, קרוינדלעך א.אז.וו., א.אז.וו.

די פרייזן פון די ווונטשן זענען געווען פאַרשידנאַרטיק, אָפּהענגיק פון דעם מאַטעריאַל, גרויס, קאָליר און ווערטער.

און וויסן דאַרפט איר, אַז אַפילו די ווערטער פון די ווונטשן זענען אויך נישט געווען קיין וואָכעדיקע. ביי די ווונטשן האָט זיך ר׳ זקן באַנוצט מיט ימים־נוראימדיקע אויסדריקן, אַרויסגעכאַפּט פון דער סליחה, מוספדיקער שמונה־עשרה, כפרות־שלאָגן, מענה־לשון א.אז.וו.

האָט טאַקע „עמך" באַצאָלט פאַר אַזאַ ווונטש דעם אמתדיקן יום־טובדיקן פרייז, וואָרעם יעדער האָט זיך געסטאַרעט, אַז זיין ווונטש זאָל אַנטהאַלטן וואָס מער „רויטע בוכשטאַבן", וואָס מער טייבעלעך און וואָס מער לייש־גאָלד. האָט מען טאַקע באַצאָלט וויפל נאָר ר׳ זקן האָט געוואָלט און זיך געהייסן געבן.

זקן לערערס „קענעכץ" האָט אין טאָמאַשאָוו געשמט אַ לענגערע צייט. זיין „שקאָלע" איז פאַר די מיידלעך פון „עמך" געווען דער איינציקער לערן־אַנשטאַלט, וווּ מען האָט זיך געקענט אויסלערנען דאַווענען, שרייבן אַ שורה, רוסישע אַ־בע־צע און ציפערן ביז טויזנט...

אַ דאַנק אָט די „גרויסע פעאיקייטן" האָט זקן לערער אין דער דעמאָלטיקער צייט געלעבט זיך במנוחה, געהאַט פרנסה בריווח און דערוואָרבן אַן אייגן הייזל.

# דוד נאָוויזשענטש

ווי אין אַלע שטעט און שטעטלעך האָט מען מיט יאָרן צוריק די גאַסן אין טאָמאַשאָוו אָנגערופן נישט לויט דעם אָפּי־ציעלן נאָמען, נאָר אויפֿן נאָמען פֿון אַן אָנגעזעענעם באַוווּסטן בעל־הבית, וואָס האָט אין דער דאָזיקער גאַס געוווינט. אַט, למשל, האָט מען מיט יאָרן צוריק די בוזשניטשנאַ־גאַס גערופן „פּאַלעקל בעקערס גאַס"; די פּיעקאַרסקאַ — „נחמיה שענ־קערס גאַס". דאָן איז געגאַנגען אַ סדרה פֿון זלמן טאַרבעס גאַס, רעטיכס גאַס, דוד באַרנשטיינס גאַס, אלחנן רובינס גאַס א.אַז.וו.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען מען האָט אַפֿילו אין יעדן ראָג אָנגעקלאַפּט שילדלעך מיט די אָפֿיציעלע אויפֿשריפֿטן, האָט זיך דער עולם אַלץ באַנוצט נישט מיט די ניי־„מאָדערנע" נע־מען, נאָר מיט די אַלטע, ווייל אַזוי איז אים געווען באַקוועמער, ליבער און היימישער...

אַנטקעגן וואָס דערצייל איך עס אייך, פֿרעגט איר? טאַקע אַנטקעגן דער הײַנטיקער פּאַלנע־גאַס.

אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, האָט די דאָזיקע גאַס נישט גע־הייסן פּאַלנאַ, נאָר דוד נאָוויזשענטשס גאַס, ווייל דאָרט, אויבן־אָן אין דער גאַס, האָט געוווינט אַן אָנגעזעענער, שטיין־רייכער בעל־הבית מיטן נאָמען דוד נאָוויזשענטש.

אייגנטלעך איז נאָוויזשענטש נישט געווען דער פֿאַמיליע־נאָמען, נאָר אַ צונאָמען, אַזוי ווי דער מנהג איז אין אַלע קליינע שטעטלעך. ר' דודס פֿאַמיליע־נאָמען איז גאָר גע־ווען זשולקאָוויטש. דעם צונאָמען נאָוויזשענטש האָט מען אים געגעבן צוליב דעם, וואָס צומאָרגנס, נאָך זײַן חתונה, זענען צו זײַן שווער אַרײַנגעקומען עטלעכע קריסטלעכע שכנים און אים געפֿרעגט אין פּויליש: „גדזיע יעסט נאָווי זשענטש" (ווו איז דער נײַער איידעם?). דערויף האָט דער חתונה־עולם, וואָס איז נאָך געווען אין אַ געווּג בגילופֿנדיקער שטימונג אויסגעשריגן: „נאָוויזשענטש! נאָוויזשענטש! קום נאָר!"

זינט דעמאָלט איז ר' דודן געבליבן דער צונאָמען „נאָווי־זשענטש" און מיט דעם זעלבן צונאָמען איז אויך געקרוינט געוואָרן די גאַס, וווּ ר' דוד האָט געוווינט און געהאַט זײַן הויז, זײַן שיינעם גאָרטן און אַנדערע בעל־הבתישע אײַנריכטונגען.

ר' דודס אויסזען איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער. שוין באַלד אויפֿן ערשטן קוק האָט ער געמאַכט אויף אייך אַן אײַנדרוק פֿון אַ מענטש מיט אַ גאַנץ באַזונדערן כאַראַקטער, מיט אַ באַזונדער אַרט לעבן און מיט אַ גאַנץ אַנדערע התנהגות. עס איז דעריבער קיין ווונדער, וואָס אַ טייל פֿון דעם אַלטן דור האָט געזען אין ר' דוד נאָוויזשענטשס פּירונג איינעם פֿון די ל"ו צדיקים...

און ווירקלעך איז ר' דוד נאָוויזשענטש געווען איינער פֿון די אויסנאַם־מענטשן, וועלכע עס איז שווער געווען צו פֿאַרשטיין. און וואָס איינער וויל, דאָס זעט ער.

פֿאַר זיך אַליין, ס'הייסט פֿאַר זײַן גוף, איז דוד נאָווי־זשענטש געווען זייער קאַרג. אָנגעטאָן איז ער תמיד געגאַנגען, ווי אַ מחזיר על הפתחים, ווי אַ מדינה־גייער. דער קאָפּ, די באָרד, די פּאות — אַלץ פֿאַרלאָזן, ווילד, ווי די וואַלדן קיינמאָל נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט ר' דודס קערפּער.

אין גאַס האָט איר אים געקענט אָנטרעפֿן אין אַ גרויסן צעקנייטשטן קאַשקעט, אין אַ לאַנגן, פֿאַרשמוצטן, פֿאַרפֿעדערטן פּאַלטן און אַ פּאָר גרויסע פֿאַרלאַטעטע שטיוול. פֿון דער אַנדע־רער זײַט אָבער, האָט ער נישט געשפּאָרט קיין געלט אויף צדקה־ענינים. אין זײַן הויז, ווו דאָס ווייב זײַנס, חנה, איז גע־ווען די עקרת הבית, האָט מען אָרעמעלייט מאכיל ומשקה גע־ווען, געגעבן שיינע נדבות און ר' דוד האָט שטאַרק הנאה געהאַט מיט יעדן אָרעמאַן זיך אַדורכצושמועסן וועגן זײַנע געשעפֿטן און על פּי רוב ביים געזעגענען זיך אַרײַנצושטופּן אַ נדבה הגונה.

אַ גרויס פֿאַרמעגן האָט ר' דוד אויסגעגעבן אויף לערנען זײַנע קינדער. דאָ האָט ער נישט געשפּאָרט קיין געלט. אַ סך יאָרן האָט ער ביי זיך געהאַלטן ספּעציעלע מלמדים און לערערס פֿאַר זײַנע זין. אַ לענגערע צײַט איז געווען זײַן הויז־מלמד ר' משה פּייטלס איידעם — ר' אברהם דוד ע"ה, וועמען ער האָט פֿולשטענדיק אויסגעהאַלטן מיט פּרנסה און יעדעס מאָל צוגעגעבן אַ שיינעם כיבוד אויף יום־טוב, אַבי ער זאָל וואָס מער אין זײַנע קינדער אײַנפֿלאַנצן יראת שמים און פֿירן זיי בדרך התורה.

מיט גרויס צופֿרידנקייט פֿלעגט ר' דוד נאָוויזשענטש רעדן וועגן זײַן אָפּשטאַמונג און ביי יעדער געלעגנהייט פֿלעגט ער אַרויסווייזן, אַז ער איז געווען אַ גאָר נאָענטער קרוב פֿון ר' דודל לעלעווער זצ"ל און אַז ר' משה לעלעווער האָט אים געבענטשט און די ברכה — פֿלעגט ער תמיד צוגעבן — איז אים טאַקע מקוים געוואָרן.

געווען איז ר' דוד אַן אָנגעפּראַפּטער גביר. מענטשן פֿלעגן זאָגן, אַז דוד נאָוויזשענטש וויס גאָר אַליין נישט וויפֿל ער פֿאַרמאָגט... גאַנצע אוצרות — פֿלעגן שכנים זאָגן — זענען באַגראָבן ביי אים אין דער ערד... און אין דער אמתן האָט מען דאָרטן ביי ר' דודן תמיד געזען אַ שפּע, וואָס האָט אָנגע־האַלטן צענדליקער יאָרן.

ר' דוד נאָוויזשענטשס באַשעפֿטיקונג איז געווען דאָס אַריבערפֿירן אויף אייגענע וועגן סחורות פֿון טאָמאַשאָוו קיין לאָדזש און צוריק. צו דעם צוועק האָט ר' דוד געהאַלטן אַ 10—12 פּאָר פֿערד, עטלעכע שמייסערס, גרויסע יונגען, קליי־נע יינגלעך א.אַז.וו.

אין דער שפּיץ פֿון דעם אַלעם איז געשטאַנען ר' דוד

אַליין. גאַנצע נעכט פלעגט ער אַרומקריכן אויפן הויף, וועל־כער איז געווען אָנגעוואָרפן מיט גרויסע און קליינע וועגענער, מיט רעדער, דישלעס, ברעטער און ד.גל. אַלץ גלייכגעשטעלט, איבערגעקוקט, פאַראַרדנט וואָס צו טאָן. עטלעכע מאָל אין דער נאַכט איז ער אַריין אין דער „סטייניע", פאַרבראַכט דאָרט אַ לאַנגע צייט! פאַרזאָרגט יעדעס פערד מיט פאַשע. שפּעטער איז ער אַריין אין די שפּייכלערס, ווידער נאָכגעקוקט, נאָכגעזען צי אַלץ איז אין אָרדענונג — און דאַן איז ער אַריין צוריק אין שטוב, ווו ער האָט זיך גענומען צום תהילים און געגרייט זיך צום דאַווענען.

אַ טייל שכנים, צוזעענדיק ר׳ דודס התנהגות פון ביי־נאַכט, האָט אים חושד געווען, אַז ער האָט צו טאָן מיט די „יעניקע"... דער רוב אָבער האָט געהאַלטן, אַז ר׳ דוד נאָווי־זשענטשס עשירות שטאַמט נאָך פון ר׳ משה לעלעווערס ברכה...

דאָס הויפּט־געשפּרעך ר׳ דודס, אויב איר האָט אים אָנ־געטראָפן אין אַ גוטער שטימונג, איז געווען וועגן זיינע גע־שעענישן אויפן וועג קיין לאָדזש און צוריק. דאָ האָט ער אייך פאַרשאָטן מיט מעשות, מיט ניסים ונפלאות, וואָס ווערט אים פון הימל צוגעטיילט. ער פלעגט אייך דערציילן ווי אַזוי זיין פערד „שימעל" איז אים געבליבן שטיין הינטער ביקעוו און נישט געקענט אַרויס, אָדער ווי דער וואָגן האָט איינגעשניטן אין אַנדרעספּאָל און בשום אופן נישט געקענט זיך רירן פון אָרט, און אַז שטענדיק האָבן אים פּאַרט מלאכים פון הימל אַרויסגעהאָלפן...

מיט די דאָזיקע מעשות האָט ר׳ דוד אייך געשטאָפּט און געקראָפּט און קיינמאָל זענען זיי אים נישט אַרויס פון די גע־דאַנקען. מיט די דאָזיקע מעשיות האָט ער זיך געלייגט און איז אויפגעשטאַנען.

איינמאָל, דערציילט מען, איז ר׳ דוד אויף שבועות גע־פאָרן קיין פּשעדבאָרזש צום רבין, ווו ער איז טאַקע געווען אַ זייער אָנגעלייגטער גאַסט, דער עיקר צוליב זיינע שיינע פּדיו־נים און באַזונדערס צוליב זיין התנהגות.

דער פּשעדבאָרזשער רבי זצ״ל האָט אין ר׳ דוד נאָווי־זשענטש געזען אַן איש תם וישר. ביינאַכט, ווען דער עולם איז געזעסן מיטן רבין בראש ביים טיש און געזאָגט תיקון ליל שבועות, און בתוכם ר׳ דוד נאָוויזשענטש, האָט זיך פּלוצים דערהערט אַן אויסטערליש קול: „וויאָ־אָ־אָ! וויאָ־אָ־אָ!" און באַלד דערויף האָט ר׳ דוד מיט זיין אַקסל אונטערגעשפּאַרט דעם טיש, וועלכער האָט זיך גלייך צוזאַמען מיט די לייכטערס, גלעזער, פלעשער און ספרים איבערגעקערט מיט די פיס אַרויף.

אויף די געשרייען פון די חסידים איז ר׳ דוד אויפגעקומען פון זיין שלאָף און דערציילט, אַז עס האָט זיך אים געחלומט, אַז ער איז אונטערוועגס מיט זיין גרויסן וואָגן און מיט אַמאָל איז אים דער קאַסטאַן אָפּגעשטאַנען און נישט אַהין און נישט אַהער. דערווייל מאַכט זיך שפּעט, כ׳ וועל נישט קענען אַהיימ־קומען אויף יום־טוב, האָב איך מיר גענומען גאָט צו הילף — דערציילט ווייטער ר׳ דוד — און מיטן גאַנצן כוח אויפגעהויבן דעם וואָגן.

ווען ר׳ דוד האָט געענדיקט זיין חלום, האָט דער רבי אַ געשריי געטאָן: רבונו של עולם, וואָס נאָך ווילסטו פון דיינע הייליקע יידן?! — — —

## ר׳ זיינוול־לייב טיי־מאַכער

וועלכער ייד אין טאָמאַשאָוו האָט אים נישט געקענט? יעדער ייד, וואָס האָט נאָר איבערגעטראָטן די שוועל פון בית־המדרש האָט געוווּסט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ ר׳ זיינוול־לייב אויף דער וועלט און אַז אָט דער ר׳ זיינוול־לייב „מאַכט" טיי אין טאָמאַשאָווער בית־המדרש. אייגנטלעך איז ר׳ זיינוול־לייב נישט געווען דער ערשטער דערפינדער פון „טיי־מאַכעריי" אין בית־המדרש און אויב איך האָט קיין טעות נישט, איז ר׳ זיינ־וול־לייב גאָר נישט געווען קיין טאָמאַשאָווער, זיין געבורטס־אָרט איז גאָר אַ קליין שטעטעלע אין „מלך אביונס" גיטער.

דער ערשטער „טיי־מאַכער" אין טאָמאַשאָווער בית־המדרש איז גאָר געווען ר׳ מנשהלע און ער טאַקע איז דאָס געווען דער ערשטער דערפינדער פון דעם „געניאַלן" אויפטו צו מאַכן אין בית־המדרש טיי, נאָר וואָס דען? צווישן דיביידע „טיי־מאַכערס" איז געווען אַ גרויסער קאָנטראַסט: ר׳ מנשה־לע איז געווען אַ פּשוט נאַאיוו יידל, אָן קונצן, אָן „אויפטועכ־צער" אין דעם געשעפט, ער איז זיך געגאַנגען זיין אַקסן־שריט...

זיין גאַנצע אַרבעט ביים מאַכן טיי איז געווען אָן אויטאָ־מאַטישע: געקריגן אַ מטבע אין האַנט אַריין — אָנגעגאָסן די טיי, דערלאַנגט דעם גאַסט און פּטור. דאַקעגן ר׳ זיינוול־לייב, ווען ער האָט איבערגענומען דאָס „געשעפט", האָט ער דערין אַריינגעבלאָזן אַ רוח־חיים...

ער האָט פאַרשענערט, פאַרבעסערט און בכלל האָט זיך געפילט, אַז דאָ אַרבעט אַ מענטש מיט אַ חוש און געהעריקן געשמאַק פאַר דער זאַך... — ובזכות זה, און טאַקע אין דעם דאָזיקן זכות, איז אים געבליבן דער נאָמען זיינוול־לייב טיי־מאַכער.

וואָס אייגנטלעך איז דאָס געווען דאָס „טיי־מאַכעריי"? — גאַר פּשוט: אין איינע פון די זייטיקע בית־המדרש־שטובן איז געווען איינגעאָרדנט אַ „טשייניע", אַן אַזוי גערופענע „טיי־האַלע". און וויסן דאַרפט איר, אַז אין דער דעמאָלטיקער צייט

האָט דאָס טאָמאַשאָווער בית־המדרש געהאַט אַ גאַנץ אַנדערן אויסזען: אויף דרום־זייט פון דער געביידע האָבן זיך געפונען צוויי גרויסע שטובן, פון וועלכע איינע איז פאַרנומען געוואָרן דורך די ישיבה־בחורים און די אַנדערע איז געווען אַזאַ מין רעזערוו־בית־המדרש...

דאָרט האָבן די פאַרשפּעטיקטע מתפללים געמאַכט אַ מנין, געכאַפּט אַ קדושה. און ווען אין גרויסן בית־המדרש האָט אַ משולח געהאַלטן אַ דרשה, האָט דער עולם אין דער שטוב געכאַפּט אויף דער גיך אַ מעריב.

אָט אין דער דאָזיקער שטוב איז יאָרן־לאַנג געווען איינגעאָרדנט די דערמאָנטע „טשייניע“.

די „טשייניע“ האָט פיל־ווייניק געהאַט דעם פאָלגנדיקן אויסזען: אין ווינקל פון מזרח־צפון איז געווען אַנגעהאַנגען אויף צוויי אייזערנע פרענטלעך אַ קעסעלע, וואָס איז געווען פאַרזען מיט אַ הענטל אויף אויסצוצאַפּן דאָס הייסע וואַסער. פון דער זייט פונעם קעסעלע האָט זיך געצויגן אַ לענגלעך שטיקל רער אין דער וואַנט אַריין. האַרט ביים קעסעלע, מער צו דער מזרח־וואַנט, איז געשטאַנען אַ פעסעלע אָנגעפילט מיט „שטאַרקס“ טיי־וואַסער.

בנוגע דעם טיי־וואַסער, צי עס איז טאַקע געווען פון שטאַרקס פּלומפּ, וועלכע אין אין יענער צייט באַרימט געווען אַלס די איינציקע פּלומפּ, וואָס האָט אַרויסגעגעבן טיי־וואַסער, אָדער גאָר פון פאַליקל בעקערס ברונעם, צו וועלכן יעדער איינציקער האָט געהאַט שליטה — זענען שטענדיק געווען חילוקי דעות. דאָס האָט אָבער נישט קיין שייכות צום עצם־ענין. דער עיקר איז, אַז עס איז געווען וואַסער, וואָס האָט זיך געלאָזט גיסן...

אין ווינקל מערב־צפון איז געשטאַנען אַ טישל מיט עטלעכע גלעזער, טעצלעך, צוויי האַלבע לימענעס און אַ בלאָק צוקער. אויף דער גאַנצער מערב־זייט ווידער איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש, ביי וועלכן דער עולם איז געזעסן און געטרינקען טיי.

די פּרייזן זענען געווען פעסטע, אָן צו פאַרהאַנדלען. אַ גלאָז טיי אָן צוקער און אָן לימענע — אַ האַלבע קאָפּיקע; אַ גלאָז טיי מיט איין שטיקל צוקער — אַ קאָפּיקע; מיט דריי שטיקלעך צוקער און לימענע — צוויי קאָפּיקעס.

טעטיק איז די „טשייניע“ געווען טאָג־טעגלעך, אויסער שבתים און יום־טובים, פון 4 פאַרטאָגס ביז 1 נאָכמיטאָג. און פון מנחה־צייט ביז שפּעט אין אָוונט.

אין אָט די שעהן האָסטו געקענט אָנטרעפן צענדליקער יידן זיפּן די טיי און נישט פאַרגעסן אַרויסצולאָזן יעדעס מאָל אַ ברייטן „אַי, אַ מחיה“ א.ד.גל.

דער עולם האָט שוין געוווּסט, אַז צוזאַמען מיטן טלית־זאַק דאַרף מען מיטנעמען עטלעכע קליינע מטבעות אויף טיי.

אַ טייל האָט זיך געהאַט אַזוי צוגעוווינט צו דער טיי, אַז מ׳האָט עס געהאַלטן פּשוט פאַר אַ רפואה. עס איז דאָך עפּעס טיי געמאַכט אין בית־המדרש! וויפל „קדושות“, ברכוס, אָמנס האָט די טיי אין זיך איינגעזאַפּט... הײנט דער קול־תורה, וואָס האָט ממש אַדורכגענומען...

האָט טאַקע דער עולם מקבל־תענוג געווען פון דער טשייניע. האָט אַ ייד עפּעס נישט אַזוי געשמאַק געשלאָפן ביינאַכט, אָדער עס איז אים גלאַט געוואָרן ביטער אין מויל, האָט ער זיך אויף גיך אָנגעטאָן, אַוועק אין בית־המדרש, אַריינגעכאַפּט די ברכת־התורה און אויסגעטרינקען ר׳ זיינוול־לייבס אַ צוויי־דריי גלעזער טיי. דאָס האָט אים דערפרישט, ער האָט זיך באַלד דערפילט גאָר אַן אַנדערער מענטש, פּשוט אַ בריה חדשה...

אַזאַ כוח האָט ר׳ זיינוול־לייבס טיי געהאַט!...

האָט זיך אַ בחור אויפגעהויבן פאַרטאָגס צום לערנען, האָט אים די מאַמע שוין פאַרזאָרגט מיט אַ צוויי קאָפּיקעס און אים אָנגעזאָגט למען השם צו טרינקען טיי ביי ר׳ זיינוול־לייבן.

ווי געזאָגט, איז ר׳ זיינוול־לייב געווען אַ שטאַרקער אויפטוער אויף דעם געביט. ער האָט זיך שטענדיק באַמיט, אַז זיין געשעפט זאָל פאַרגרעסערט ווערן און מען מוז מודה זיין, אַז ר׳ זיינוול־לייב איז, חלילה, נישט געבליבן הינטערשטעליק.

אויסער טיי, קיכלעך, בראָנפן און פּאַפּיראָסן, האָט ר׳ זיינוול־לייב זיך איינגעפירט נאָך אַ „געשעפטל“ און טאַקע אין בית־המדרש, וואָס עס האָט אים געגעבן אַ שיינע פאָר מטבעות יעדן טאָג: דאָס אַוועקבאָרגן טלית ותפילין.

פאַר אויסבאָרגן טלית ותפילין האָט ר׳ זיינוול־לייב געהאַט ווי ביי אַנדערע אַרטיקלען, להבדיל, אַ פעסטן פּרייז: צוויי קאָפּיקעס פאַר איין מאָל אָפּדאַווענען. האָט ווער פאַרגעסן מיטצוברענגען זיך אַ גאַרטל, אַ קאַפּל, אַ סידור, רבינו תמס תפילין, האָט ער אַלץ געקריגן געבאָרגט ביי ר׳ זיינוול־לייבן נאָר פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל.

די געלטער פון דער דאָזיקער הכנסה האָט ר׳ זיינוול־לייב געהאַלטן אין אַ באַזונדער שאַכטל, נישט אויסגעמישט מיט די אַנדערע געלטער — עס איז דאָך פון אַ דבר־קדושה. פאַרנוצט האָט ער עס אויך נישט אויף דברי־חול, נאָר טאַקע אויף דברי קודש, ווי אַ זיידענע יופּיצע, אַ נסיעהלע צום רבין א.אז.וו.

די לעצטע געסט יעדן טאָג ביי ר׳ זיינוול־לייבן זענען געווען: ר׳ יצחק טינטנמאַכער, ר׳ אברהם חיים טשערוואָנעק, ר׳ עמנואל אריה טעפּערס און אַנדערע.

לגבי די דאָזיקע געסט איז שוין ר׳ זיינוול־לייב נישט געווען דער בעל־הבית, נאָר אויך אַ גאַסט... מיט זיי האָט ער געשמועסט חסידות, גענומען צו „קאַפּעטשקעלעך“ אין מויל

אַריין, פאַרביסן מיט אַ שטיקל הערינג, אַ שטיקעלע כשרן קעז און מען האָט גאַנץ געמיטלעך פאַרברענגט.

לגבי די דאָזיקע געסט זענען די פריזן אויך נישט געווען קיין פעסטע. מען איז אַדורכגעקומען ווי מען האָט געקענט, אויפן אמתן חסידישן אופן, „שלך שלי ושלי שלך"...

ר' זיינוול־לייב האָט זיך געהאַט אַזוי איינגעבירגערט אין בית־המדרש, אַז ער איז מיט דער צייט געוואָרן אַ טייל פון אים און עס האָט זיך געדאַכט, אַז שטענדיק, ווי לאַנג דאָס בית־המדרש וועט שטיין, אַזוי לאַנג וועט זיינוול־לייב דאָרט פירן זיין „טשייניע", און אַז אָן דער „טשייניע" קען גאָר קיין בית־המדרש נישט זיין...

און... שעמט אייך נישט, מען מוז טאַקע מודה זיין, אַז צוזאַמען מיט ר' זיינוול־לייבס „טשייניע" איז אַוועקגעקומען דאָס דעמאָלטיקע גרויסע יידישע בית־המדרש אין אונדזער טאָמאַשאָוו...

## שוליק קלעזמער

אין גאַלדע, אברהם איטשעס הויז, אין נחמיה שענקערס געסל, וואָס גרענעצט זיך מיט דער שטאָטישער שול, האָט אַ ריי יאָרן געוווינט דער באַקאַנטער יידישער מוזיקאַנט שוליק.

דער ריכטיקער נאָמען זיינער איז געווען יעקב־שאול. דעם דאָזיקן נאָמען האָט ער באַקומען, ווען ער האָט אָנגע־הויבן פילן דעם ערשטן ווייטאָק אַלס ייד... ביים ברית הייסט עס. נאָר היות ווי אַזאַ צוויי־רייאיקער נאָמען איז נאָך אין יענע צייטן פאַר אַזאַ מענטש נישט געווען גאַנץ באַקוועם, האָט מען מיט דער צייט דעם צווייררייאיקן נאָמען רעדוצירט אויף 50 פראָצענט און גערופן אים בלויז איין נאָמען.

פון צווישן די ביידע נעמען יעקב און שאול איז בעסער ווייל געפעלן דער נאָמען שאול, ווייל יעקב איז צופיל, „פּאָוו־שעכניעס" און גאַנץ פּראָסט... דאַקעגן שאול איז אַ זעלטענער נאָמען און קלינגט גאָר אַנדערש...

פון שאול, פאַרשטייט זיך, איז באַלד געוואָרן שאוליק. פאַר וואָס דען נישט? אַז פון שמואל ווערט שמואליק, פון הערש — הערשיק איז דאָך דער שכל הישר מחייב, אַז פון שאול זאָל ווערן שאוליק. און היות ווי דער עולם איז נישט אַזוי מדייק בלישנא איז פון דעם אַלעם געוואָרן — שוליק. און אַזוי טאַקע האָט מען אים גערופן ביז דער לעצטער מינוט זיינער.

שוליק איז געווען אַ באַגאַבטער, טאַלאַנטפולער יידישער מוזיקער־קלעזמער. אַלס אַזעלכער האָט ער געשמט אין די ווייטסטע שטעט אין פוילן. די זיסע גאָלדענע טענער פון שוליקס פידעלע האָבן אָפּגעהילכט גאַנץ ווייט. ווער ס'האָט איינמאָל געהערט שאוליקס פידעלע, דער האָט שוין קיינמאָל נישט אַדורכגעלאָזן קיין געלעגנהייט צו קענען אים נאָך אַמאָל הערן. דער קלאַנג פון שוליקס פידעלע האָט זיך זיי אַריינגע־ריסן טיף אין די געהירן און האָט תמיד געוועקט צו וועלן אים וואָס מער הערן.

ס'איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, וואָס יעדעס מאָל, ווען שוליק האָט אָפּגעשפּילט חתן־כלה קודם החופה האָט זיך אַרום די פענצטער פון דער חתונה־שטוב פאַרזאַמלט אַ פאַרשידנ־אַרטיקער עולם, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געלעכצט, ממש מיט אָפענע מיילער געשלונגען יעדן קלאַנג און יעדע תנועה פון שוליקס פידעלע.

ווי נאָר שוליק האָט פאַרלייגט זיין פידעלע צו דער ברייט־טער גאָמבע זיינער און צוגעבויגן נעענטער זיין לינק אויער, ווי ער וואָלט געוואָלט געוואָר ווערן צי דאָס פידעלע איז גרייט אַרויסצוגעבן די טענער, וואָס ער וויל — האָט עס ביי אַלע אַנוועזנדיקע אַר׳יסגערופן אַזאַ רעספּעקט, אַזאַ דרך־ארץ, אַז אַלע און אַלץ איז מיטאַמאָל פאַרשטומט געוואָרן.

מיט זיינע אויסגעביינערטע לענגלעכע פינגער, וואָס זענען אַזוי ציטערדיק פלינק געלאָפן אַהין און צוריק איבערן פידל, האָט שוליק געוווּסט אַריינצוטרעפן אין דער טיפעניש פון דיין נשמה; באַרירן די איידלסטע סטרונעס פון דיין האַרץ; אַרויס־צורופן ביי דיר טייכן טרערן, צו האַלטן דיך געשפּאַנט און פשוט צוגעשמידט צום אָרט. שוליקס פידעלע איז געווען בכוח אַרויסצונעמען פון גרעסטן עצבות און מאָמענטאַל דיך אַריינצוזוואַרפן אין אַזאַ פריילעכער שטימונג, אין אַזאַ התלה־בותדיקער שמחה, אַז נישט ווילנדיק האָבן זיך דיינע פיס געהויבן צום טאַנצן.

אַליין איז שוליק געווען אַ זייער רואיקער, כמעט שוויגנ־דיקער מענטש. האָט באַזיצן אַ שפּאַר ביסל אינטעליגענץ. קיין שום זייטיקע ענינים האָבן אים נישט אינטערעסירט. ער האָט אויסגעמיטן צו שליסן וועלכע עס איז באַקאַנטשאַפט, האָט זיך געהאַלטן זייער אָנשטענדיק. מיט זיינע מוזיק־חברים האָט ער נאָר גערעדט וועגן ענינים וועלכע האָבן אַ שייכות צום פאַך. ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט נהנה זיין אויף קיין שמחה אַלס קלעזמער. אויף זיין פּנים איז שטענדיק געווען אויסגעגאָסן עפּעס אַזאַ מין סודותדיקע ערנסטקייט. עס האָט גע־מאַכט דעם איינדרוק, ווי קיין שום זאַך אויף דער וועלט עק־זיסטירט נישט פאַר אים אויסער זיין פידעלע פאַר וועלכן ער האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל אינטערעס און אַריינגעלייגט זיין גאַנצן כוח, ענערגיע און פּיעטעט.

עס איז דעריבער גאָר קיין וווּנדער נישט, וואָס מען האָט שוליקן אַנגאַזשירט אויף אַלערליי שמחות און פאַרוויילונגען.

אַ חתונה אָן שוליקן איז ממש געווען אַ פאַרשטערטע שמחה. האָט טאַקע נישט איינמאָל פּאַסירט, אַז מחותנים האָבן

צוליב שוליקן געמוזט אָפּלייגן דעם זמן חתונה אויף אַזאַ טאָג, וואָס איז געווען פּאַסנדיק פאַר שוליקס מוזיק. ווי פלעגט יוסף מאַרשעליק תמיד זאָגן: אַ חתונה אָן שוליקן זעט אויס, ווי אַ רב אָן פאות און האָט אַ טעם, ווי אַ לעקעך אָן צוקער און אַ לאָקשן־קיגל אָן פעטס...

געווען צייטן, ווען מחותנים האָבן געטאָן וואָס נאָר מעגלעך, בכדי שוליק זאָל זיין אויף זייער חתונה און אויב עס איז נישט מעגלעך געווען באַין אופן אים צו פאַרהאַלטן אויף דער חתונה־צייט, ווי למשל, ראש חודש אייר, ל״ג בעומר — דעמאָלט האָט שוליק איינגעטיילט זיין קאַפּעלע אויף אַזאַ אופן, אַז דאָס אָפּשפּילן חתן־כלה קודם החופה האָט ער אַליין דורכגעפירט אויף אַלע חתונות.

דאָס אָפּשפּילן חתן־כלה קודם החופה איז אין יענע צייטן געווען דער פייערלעכסטער אַקט פון דער חתונה. דער דאָזיקער מנהג איז געווען אַזוי איינגעוואָרצלט, אַז קיינער האָט זיך נישט דערלויבט שטעלן אַ חופה אָן אָפּשפּילן.

דאָס „אָפּשפּילן״ ווידער, ווי מען רופט עס אַנדערשוווּ „יהי רצון קודם החופה״, איז געווען, ווי געזאָגט, אַ פייערלעכער הייליקער און העכסט־ערנסטער אַקט פון דער חתונה, אַ צוגרייטונג פון חתן־כלה אין זייער יום־הדין צום גרויסן משפּט... אין דעם „יהי רצון״, וואָס שוליק האָט געשפּילט קודם החופה האָסטו באַשיימפּערלעך געהערט די האַרצרייסנדיקע תפילות ובקשות, וואָס זיין קוויטשנדיק פידעלע אין באַגלייטונג פון אַלטן אברהמס באַס האָט אַוועקגעלייגט פאַרן בית דין של מעלה. אַז דאָס פּאַרפאַלק, וואָס שטייט איצט פאַרן הויכן געריכט זאָל ווערן פאַרגעבן אַלערליי זינד, אַז זיי זאָלן זיך עלטערן אין נחת און אין פרייד עד מאה ועשרים שנה...

האָבן זיך טאַקע צום אָפּשפּילן צונויפגעזאַמלט אַלע חתונה־געסט, שכנים, שכנות און גלאַט נייגעריקע און ווי נאָר שוליקס פידעלע האָט אַרויסגעגעבן דעם ערשטן טאָן, זענען גלייך אַלע אָנוועזנדיקע אַריינגעפאַלן אין אַ כל־נדרי־שטימונג. די עלטערע פרויען מיט „קופּקעלעך״ אויף די קעפּ, האָבן זיך באַלד געכאַפּט פאַר די פּאַטשיילעס און אַ טייל פאַר די שערצן אויף דער לינקער זייט, געווישט די נעז, די באַקן און די אויגן. און שפּעטער, ווען דאָס פידעלע האָט זיך אַזוי שטאַרק צעוויינט און געבעטן רחמים ביים כסא הכבוד, האָט זיך שוין פון אַלע זייטן געהערט אויפן קול שטאַרקע קרעכצערייען און געוויינען, וויבער האָבן ספּאַזמירט, געפאַלן אין חלשות און דער עולם האָט ממש פאַרגעסן ווו ער געפינט זיך. אין דאָזיקן מאָמענט האָבן זיך פון שוליקס פידעלע אָנגעהויבן שיטן וואָס אַמאָל ווייכערע און מילדערע טענער, וואָס האָבן געצערטלט, געגלעט איבערן פּנים, געטריקנט די טרערן און צוריק אַריינגעוואָרפן אין אַ שמחהדיקער שטימונג.

ווען ר׳ יידל נאָמבערג האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער איז ספּעציעל געקומען צו פאָרן דער ראַדזינער רבי זצ״ל. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ געלעגנהייט האָבן נישט אויסגעפעלט קיין געסט, וואָס זענען באַשטאַנען פון בלויז „שמן־זית״. לכבוד דעם רבין זענען אָנגעקומען חסידים פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך און בכלל האָט יעדער אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן צו קענען בייוווינען אַזאַ חתונה.

אין גרויסן זאַל, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט בלויז בליך־לאָמפּן, איז געזעסן אויבן־אָן, נעבן חתן, דער ראַדזינער רבי, דער אָרטיקער רב, נאָענטע מחותנים און סתם שיינע חסידים ווי נאָר מען האָט דערהערט, אַז מען גייט שוין אָפּשפּילן דעם חתן, איז דער זאַל כהרף עין געוואָרן איבערפולט פון מענטשן און דעמאָלט האָט מען שוין נישט געקוקט יאָ מחותנים נישט מחותנים. ווער עס האָט געקענט — דער איז אַריין. מען איז פּשוט געגאַנגען מיט כוח. כל דאַלים גבר...

מיט גרויס מי און שוועריקייטן איז געמאַכט געוואָרן אַ וועג פאַר שוליקן מיט זיין קאַפּעלע. מילא די יונגערע מוזיקאַנטן, ווי אברהמטשע הערש דנ׳ס און אַנדערע, האָבן אַרויסגעוויזן זייער כוח גברא און האָבן זיך געשניטן אַ וועג צום טיש. אויפן אַלטן אברהם באַס, נעבעך, איז געווען אַ ביטער רחמנות ביז עס איז אים געלונגען אַדורכצופּאַקן זיך מיט זיין „קליידער־שאַנק״.

ווי נאָר שוליק האָט צום ערשטן מאָל געגעבן אַ פיר מיטן סמיטשיק, איז אין זאַל מיט איינמאָל אַריינגעטראָטן אַ פייערלעכע שטילקייט. אַלעמענס אויגן זענען געווען געווענדעט צו שוליקן.

דער רבי, וואָס איז פריער געזעסן אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף זיין לינקער האַנט, האָט זיך מיט אַמאָל אויפגעכאַפּט, געוואָרפן פאַרבלאָנדזשעטע בליקן איבערן גאַנצן זאַל און ענדלעך זיך אָפּגעשטעלט אויף שוליקן, וועלכער האָט מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן געשפּילט דעם „יהי רצון״ קודם החופה.

ווען שוליקס פידעלע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ קינדעריש קוויטשנדיק קולעכל צעוויינען און צעשרייען, האָט עס פּשוט בוקע געווען די חלונות הרקיע און דערגרייכט ביז צום כסא הכבוד... און שפּעטער, אָפּגעמאַטערט פון הויכן געשפּיל, גאַנץ שטיל און רואיק געבעטן רחמים — האָבן אין רבינס אויגן זיך באַוויזן צוויי גרויסע פינקלדיקע טרערן, ווי טייערע בריליאַנטן.

זייענדיק נאָך אַלץ איבעראַשט פון שוליקס אָפּשפּילן, האָט דער רבי ביים עסן מיט זיינע מקורבים פאַרפירט אַ שמועס מכוח דעם עולם הניגון, אַז נגינה — זאָגט דער רבי — ברענגט צו עבודת הבורא. דערביי האָט דער רבי אויסגע־

טייטשט דעם „הללוהו בנבל וכנור״, דעם פסוק „שאו זמרה יתנו תוף כנור עם נבל״ א.אַז.וו.

ווען די התונה־געסט האָבן זיך געזעגנט מיטן רבין, איז אויך אונטערגעקומען שוליק, וועלכער האָט אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנט צום רבין האַלטנדיק אין דער האַנט זיין פידל. דער רבי האָט שוליקן אַ דריק־געטאָן די האַנט און געזאָגט: „זמור לאלקינו בכנור...״

גרויס וויסנשאַפט און פאַכקענטעניש האָט שוליק אַרויס־געוויזן בעת דער שול־קאָמיטעט האָט אַמאָל געהאַט איינגע־אָרדנט אין דער גרויסער שול אַ פריילעך חנוכה־ליכט־צינדן. געצונדן חנוכה־ליכט האָט דער חזן זשעמאַנסקי מיטן כאָר, ביי דער באַגלייטונג פון שוליקס אָרקעסטער. דאָס איז געווען אַ קונסט־שטיק, וואָס טאָמאַשאָוו האָט עס ביז דעמאָלט נאָך נישט בייגעוווינט.

דאָס פּיעטרקאָווער יינגעלע האָט אויף זיין זיס־האַרציקן אַלט, ביי דער באַגלייטונג פון שוליקס פידעלע, געזאָגט „הנרות הללו״ און באַלד דערויף האָט דער גאַנצער כאָר מיט דער מוזיק אַזוי קינסטלעך אַדורכגעזינגען דעם „מעוז צור ישועתי״, אַז אברהם לייב קאַמאַשנשטעפּער, וועמען די שטאָט האָט געהאַלטן פאַר אַ שטאַרקן מנגן, האָט אויסגעשריגן אויפן קול:

— כ׳ווייס נישט צי אין בית המדרש האָט מען געזונגען שענער...

ביים אַרויסגיין פון דער שול האָבן די דעמאָלטיקע מנג־נים, טאַקע דער זעלבער אברהם לייב, ישראל אברהם, יוסף מלמד, אברהם ליטוואַק, דער גראַבער יידל, עמנואל שפּילי־טער, בנימין־דוד עסיקמאַכער און אַנדערע, גענומען שטאַרק לויבן שוליקן מיטן חזן און געהויבן זיי ביזן זיבעטן הימל. אַלע זענען געקומען צום אויספיר, אַז שוליקס טאַלאַנט איז אַ מתנת־אלקים צו וואָס נישט יעדער מוזיקאַנט קען זוכה זיין.

שוליק האָט געהאַט אַ ברודער, מאָטל, אויך אַ מוזיקאַנט. יאָרן־לאַנג איז מאָטל געווען קאַפּעלע־מייסטער אין אַ מילי־טערישן אָרקעסטער. יידן אין בית־המדרש האָבן געוווּסט צו דערציילן, אַז מאָטל האָט שוין געשפּילט פאַרן וואַרשעווער פּירשט, ביי וועמען ער האָט שטאַרק נושא חן געווען און אַזוי אַרום האָט ער זוכה געווען צו דערגרייכן אַזאַ מדרגה.

אויף יעדן פסח פלעגט מאָטל קומען קיין טאָמאַשאָוו. שטאָטישע יידן זענען מיט אים געווען שטאָלץ, עפּעס אַ קליי־ניקייט, אַ ייד אַ קאַפּעלע־מייסטער אין אַ מיליטערישן אָר־קעסטער אין רוסלאַנד...

ווען מאָטל איז די ערשטע נאַכט נאָך פסח אַריינגעקומען אין שול אַריין דאַווענען, אָנגעטאָן אין אַ העל־גראָען מיליטע־רישן שינעל, באַזעצט מיט בלישטשנדיקע מעשענע „רוסאַ־קעס״ (קנעפּ), אין וועלכע עס האָבן זיך געשפּילט די פלעמ־לעך פון די ליכטלעך אין דער שול, איז ער באַפאַלן געוואָרן פון צענדליקער הענט, וואָס האָבן אים אַריינגערוקט דעם שלום עליכם. דערביי האָט אים יעדער געשטעלט אַן אַנדער פראַגע, אויף וואָס ער האָט קורץ געענטפערט אַ ביסל אין רוסיש און אַ ביסל אין יידיש.

משה חיה־רבקהס, וואָס האָט צוגעשטעלט פלייש פאַר די זעלנער און געהאַלטן זיך פאַר אַ רוסיש־קענער, האָט מיט מאָטלען גערעדט אויף רוסיש צוליב וואָס דער אַרומיקער עולם האָט אים שטאַרק מקנא געווען...

אַ שווערער קלאַפּ איבערן באַלעמער, געגעבן דורך ר׳ לייביש שמש, וואָס האָט אָפּגעהילכט אין דער גאַנצער שול אַלס צייכן, אַז מען שטעלט זיך שוין דאַווענען, האָט מאָטלען באַפרייט פון די ווייטערדיקע שלום־עליכמס, און ווען דער חזן זשעמאַנסקי, אין באַגלייטונג פון כאָר, האָט אויף זיין פעטן באַריטאָן, בייגנדיק זיך גאַנץ לאַנגזאַם, געצויגן דעם „ברכו״, איז מאָטל שוין געשטאַנען ביי שוליקן אויסגעצויגן גלייך, ווי אַ סטרונע און אַריינגעקוקט אין מחזור.

## דוד קאָוואַל

צווישן די פעלדער, וואָס זענען דעמאָלט געלעגן אויסגע־שפּרייט אויפן וועג צו יוזעפאָוו, אָפּגעזונדערט העט־ווייט פון בית־המדרש־געסל, איז געשטאַנען, ווי פאַריתומט אַן איינציק הייזל אין וועלכן עס האָט זיך געפונען די קוזשניע און די וווינונג פון דוד קאָוואַל. צום דאָזיקן הייזעלע פלעגן תמיד אונטערפאָרן: אַ פויעריש וועגעלע פון אַ דערבייאיק דאָרף, אַ דראָזשקע פון דער שטאָט, וואָלף כאַנפער מיט זיין לאַנגער ריסאַרקע. דוד גוי מיט זיין האַנטוועגעלע, מאיר קאַשעס מיטן דרענגער־וואָגן א.אַז.וו.

רואיק און שטיל פלעגט ר׳ דוד באַטראַכטן די אַרבעט, וואָס מען האָט אים צוגעפירט. ער האָט מיט קאָפּ אויסגעהערט וואָס דער „קונדע״ פאַרלאַנגט, האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג און איז באַלד צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

אין די טאַרג־טעג, ד.ה. דינסטיק און פרייטיק, איז ר׳ דודס הייזל געווען אַרומגערינגלט מיט אַ צענדליק פויערישע פור־לעך. איינעם האָט ער צוגעשלאָגן אַ פאַדקאָווע, אַ צווייטן צו־געצויגן די רייף פון ראָד, אַ דריטן אָנגעזעצט אַ קייטל א.אַז.וו.

הערש בנימין דער קאַלעקטאַר, וועלכער פלעגט אַמאָל אַריינשטופּן ר׳ דודן אַ זאַקסיש צעטעלע, האָט זיך גאָר נישט געקענט אָפּוווּנדערן פון אים, ווי אַזאַ קליין יידל קען זיך אַן עצה געבן מיט אַזוי פיל גויים. ווי אַזוי ער ענטפערט יעדן אַזוי קאַלט און רואיק, אַפילו ווען יענער רייסט זיך איבערן קאָפּ אַריבער.

אין די זומערדיקע טעג, נאָכן זון־אונטערגאַנג, פלעגן די בית־המדרש־בחורים זיך אַ ביסל איבערשפּאַצירן און גיין „אויפן פעלד" כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט.

דער דאָזיקער שפּאַציר האָט זיך געצויגן ביז דוד קאָוואַלס הייזל. ווייטער האָבן די בחורים נישט געוואָגט צו גיין, ווייל ערשטנס מפּני הסכּנה, עס איז דאָך הינטער דער שטאָט. אַ גוי, אַ שייגעץ, אויפן גויאישן לשון איז מען געהרגעט, מען פאַרשטייט נישט וואָס יענער דברט און ממילא גיט יענער צו פאַרשטיין נישט מיטן מויל, נאָר מיט די הענט... צווייטנס, איז גלאַט נישט שיין פאַר אַ ישיבה־בחור צו שפּאַצירן אין די ווייטע פעלדער, כי מה יאמרו הבריות?

אויב די בחורים האָבן זיך שוין יאָ דערלויבט צו גיין ווייטער פון דוד קאָוואַלס הייזל, האָט געמוזט מיט זיי מיטגיין לייזער פּאַקולאַ, אָדער וועוול אהרן יואלס. זיי ביידע זענען געווען די שטאַרקסטע אין בית־המדרש און לייזער האָט גע־קענט אַ ביסל גויאיש לשון. אויף זיי ביידע האָט מען דעמאָלט געזאָגט, אַז זיי האָבן לייבן־ביינער... מיט זיי האָבן זיך די בחורים געפילט אַ ביסל זיכערער. נתגלה געוואָרן איז זייער שטאַרקייט דורך דעם, וואָס זיי האָבן אויפגעהויבן מיט איין האַנט די גרעסטע צאָל גמרות אין פאַרגלייך צו אַנדערע בחורים. דאָס אויפהייבן ספרים מיט איין האַנט איז געווען אַזאַ מין איבונג, וואָס איז פאַרגעקומען על פּי רוב אין די טעג, וואָס מען איז פריי פון לערנען, ווי פרייטיק נאָכמיטאָג, אין די תענית־טעג א.אַז.וו.

אַלס גיבור האָט אין יענער צייט שטאַרק געשמט אַ גע־וויסער אברהם קאַלערשטיין. אויף אים האָט מען געזאָגט, אַז ער באַזיצט אַ העלפאַנטן־ביין. ער האָט פאַר קיין שום שייגעץ נישט קיין מורא געהאַט.

ווען אברהם קאַלערשטיין איז געווויר געוואָרן, אַז די בית־המדרש־בחורים זענען געגאַנגען אויפן פעלד, איז ער באַלד אַוועק אין יענער געגנט, בכדי זיי אָפּצוהיטן פון אַ קלאַפּ, אַ שטיין און אַמאָל אַ מעסער אויך.

די דאָזיקע אָנפאַלן האָבן דעמאָלט נישט געטראָגן קיין ספּעציעלן אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער און זענען אויך נישט געווען קיין אויסדרוק פון אַ ספּעציעלער שנאה, נאָר גלאַט אַזוי, סתם אין דער וועלט אַריין. ביסט שוואַך? האָסט מורא? דו אַנטלויפסט? נאַ־זשע דיר אַ שטיין אין די פּלייצעס אַריין. האָבן זיי אָבער אָנגעטראָפן אויף אַ גברא דאית ליה, האָבן זיי נישט געוואָגט ס׳מויל צו עפענען. דעמאָלט איז לא יחרץ כלב לשונו.

עס האָבן געטראָפן פיל פאַלן, וואָס פאַר איין גוי זענען אַנטלאָפן צענדליקער יידן. איז אָבער אָנגעקומען אַ מער דרייסטער ייד, וואָס האָט זיך אָקעגנגעשטעלט איז גלייך גע־וואָרן אַנדערש.

אַזאַ ענלעכער פאַל האָט אַמאָל פּאַסירט אין ראש השנה ומעשה שהיה כך היה: דעם ערשטן טאָג ראש־השנה, בעת דער עולם האָט געשטראָמט באַלד נאָכן עסן צום תהילים אין בית־המדרש אַריין, האָט אין בית־המדרש־געסל פאַרבלאָנ־דזשעט אַ הויכער גוי, וואָס האָט פאַרטשעפּעט די אַדורכגייענ־דיקע יידן. דער גרעסטער טייל פון די דאָזיקע יידן האָט אַראָפּגעבויגן די קעפּ, זיך איינגעקאָרטשעט און דורך פאַרשי־דענע וועגן אַריינגעכאַפּט זיך אין בית־המדרש אַריין, בכדי חלילה נישט צו פאַרשפּעטיקן דעם תהילים.

בינו לבינו האָט זיך דעם גויס אַפּעטיט צעוואַקסן און ווי נאָר עס האָט זיך באַוויזן פון בית־המדרש אַרויס אַ ייד, האָט ער אָנגעהויבן יאָגן. דערווייל איז געקומען די צייט פון גיין צו תשליך. דער עולם הייבט אָן אַרויסצוגיין און דער גוי יאָגט צוריק אַריין. אין בית־המדרש ווערט אַ שטיקל מהומה. עס הערן זיך פאַרשידענע מיינונגען. איינער ווייסט צו דער־ציילן, אַז דער גוי האָט אין טאַש אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָל־ווער, דער צווייטער האָט אַליין געזען, אַז ער האַלט אין אַרבל אַ לאַנגן מעסער א.אַז.וו.

ר׳ דוד, וואָס האָט נאָך געהאַט צו זאָגן נאָך מנחה עטלע־כע קאַפּיטלעך תהילים, האָט זיך קאַלט און רואיק אָפּגעטאָן ס׳זייניקע, ד.ה. פאַרטיק געמאַכט דעם תהילים, איינגע־קנייטשט עטלעכע בלעטלעך אין מחזור ביי תשליך און לאַנג־דיק זיך צו דער טיר, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו חיים זעלנער:

— דו, חיים, האָסט אויך מורא פאַרן גוי?

ווי נאָר ביידע האָבן זיך באַוויזן אויף דער גאַס, האָט דער הויכער גוי, וועמען דער עולם האָט שפּעטער אַ נאָמען געגעבן גלית און וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ביי יאָסל סקאָטיקס הויז, אַ לאָז־געטאָן צו זיי. אין דער זעלבער רגע אָבער איז ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסן עקיבא באַל־קעס, אַ גאַנץ נידעריק „יינגערמאַנטשיקל" און נישט קוקנ־דיק דערגרייכן צום גויס פּנים איז ער אונטערגעשפּרונגען און אים דערלאַנגט אַזאַ מתנת־יד, אַז ער האָט זיך גלייך אויסגע־צויגן אין זיין גאַנצער לענג.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז פון הירשס שענק אַרויסגע־קומען מיט אַ פּאָר גלאַנציקע אויגן דער פּאַדוואָכמיסטש ביאַלאָוואַנס, וועלכער האָט דערווייסנדיק זיך אין וואָס עס האַנדלט זיך, דעם גוי קודם־כל פאַרבעטן אין דער „קאָזע" אַריין און אַזוי אַרום האָט דער בית־המדרש־עולם אָפּגע־האַלטן אומגעשטערט די תשליך.

די דאָזיקע מעשה איז דעם גאַנצן ראש־השנה געווען דאָס געשפּרעך פון טאָג. יעדער האָט די מעשה דערציילט אויף אַן אַנדערן אופן. אברהם דוד ר׳ משה פּייטלס האָט אין דעם גע־זען גרויסע זאַכן און אין דער געשעעניש אַ סך אַריינגע־לערנט. עס איז דאָך געשען אין ראש־השנה — סימנא מילתא.

ר׳ דוד קאָוואַל, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו דעם געשפּרעך, האָט זיך אָנגערופן:

— וואָס וווּנדערט איר זיך, וואָס אַזאַ קליינער האָט מנצח געווען אַזאַ גרויסער, איר געדענקט דען נישט די רש״י „ניצוץ אחד יוצא ממפוח שלך ששורף את כלו״. ד.ה. איין פונק וועט אַרויס פון דיין בלאָז־זאַק, וואָס וועט פאַרברענען אַלץ, אַזוי ווי אין פסוק שטייט: והיה, און עס וועט זיין, בית יעקב — יעקבס הויז, אש — פייער, ובית יוסף — און יוספס הויז, להבה — אַ פלאַם, ובית עשיו — און עשיוס הויז, לקש — צו שטרוי...

אלינקע דער ליטוואַק, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו די ווערטער, האָט זיך אָפּגערופן: איר ווייסט, ר׳ דוד, איר האָט אוודאי די נשמה פון ר׳ יצחק נפחא.

אין יענער צייט איז אין טאָמאַשאָוו געווען נאָך אַ יידישער קאָוואַל, עזרא. זיין קוזשניע איז נישט געווען אָפּגעזונדערט, נאָר איז זיך געשטאַנען „איבער דער בריק״ צווישן אַנדערע הייזער. נעבן דער קוזשניע איז געווען אַ שוויץ־באָד. וואָס פאַראַ שייכות עס האָט אַ קוזשניע צו אַ שוויץ־באָד — ווייס איך נישט און אפשר האָט עס יאָ געהאַט אַ דירעקטע שייכות, וואָרעם די היץ פון דער קוזשניע האָט גלייכצייטיק געדעקט די שוויץ־באָד...

אָן אויסזען האָבן זיי ביידע, ד. ה. די קוזשניע און די שוויץ־באָד, געהאַט אַן ענלעכע. אויך די שוויץ־באָד איז געווען נישט ווייניקער שוואַרץ און חושכדיק, ווי די קוזשניע.

די „קאָנסטרוקציע״ פון דער שוויץ־באָד איז געווען אַ גאַנץ פּרימיטיווע: אין דער וואַנט איז געווען אויסגעאַרבעט אַזאַ מין אויוון אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען שטיינער. האָט מען פון צייט צו צייט געגאָסן וואַסער אויף די הייסע שטיינער און באַלד האָט אַ זעץ געטאָן אַ פּאַרע, וואָס איז גלייך, מיט דער הילף פון בעזעמלעך, „צעכאַפּט״ געוואָרן דורך די באָדנדיקע.

און מען מוז מודה זיין, אַז נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דער דאָזיקער „באָד־אַנשטאַלט״ האָט זיך געפונען אין אַזאַ טרויעריקן מצב, איז ער באַזוכט געוואָרן דורך אַ גרעסערע צאָל יידן, וואָס האָבן אויס געוווינהייט נישט געקענט אויסקומען אָן אַ שוויץ־באָד.

די לעצטע יאָרן איז אויפן פּלאַץ פון דוד קאָוואַל אויפגעשטעלט געוואָרן אַ הושטאַווקע, אויף וועלכער יונגוואַרג האָט פאַרברענגט די זומער־אָוונטן.

די דאָזיקע הושטאַווקע האָט מיט דער צייט צוגעצויגן אַ פאַרשידנאַרטיקן עולם, וואָס האָט געשטערט די בית־המדרש־בחורים דעם שפּאַציר צום „בית דוד״. דער עולם האָט געוואָסט צו דערציילן, אַז שפּעט אין אָוונט הושטען זיך אויף דוד קאָוואַלס הושטאַווקע, קעגן זיין הסכמה, שטיוול צוזאַמען מיט פּאַנטאָפל...

דאָס האָט דודן פאַרשאַפט גרויס צער און עגמת־נפש. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט ער זיך פאַרטיידיקן, אַז דאָס איז קעגן זיין רצון.

אַ טייל בחורים און יונגעלייטלעך האָבן נישט געקענט גובר זיין דעם יצר און פון צייט צו צייט אַ בליק געגעבן צו דער הושטאַווקע... אַלטער וואָלבאַרזשער, וואָס האָט געהאַט מער טאַלאַנט צו זאָגן אַ גלייכווערטל, ווי צו קענען פאַרדינען אויף ברויט, האָט אויף די דאָזיקע בחורים געזאָגט, אַז זיי לערנען פסוק מיטן רד״ק... (רד״ק מאַבט: ר׳ דוד קאָוואַל). דערביי האָט ער זיי אַלעמען געעצהט יום כיפור ביים זאָגן דעם „על חטא שחטאנו לפניך בריצת רגלים להרע״ צו געבן זיך אַ שטאַרקערן קלאַפּ אין האַרץ אַריין...

# דער טאָמאַשאָווער למד־וואָווניק

א. בוגאַיעוויטש

די יידישע לעגענדע דערציילט, אַז אין יעדן דור זענען פאַראַן 36 צדיקים, זעקס־און־דרייסיק פּראָסטע, שניידער־ און שוסטער־יידן, באַהאַלטענע צדיקים, וואָס דווקא אין זייער זכות שטייט די וועלט, און מיט זייער צדקות זענען זיי מגין אויפן גאַנצן דור.

דאָס יידישע טאָמאַשאָוו, הגם נאָך געווען אַ יונגע קהילה, האָט שוין באַוויזן צוצושרייבן איינעם פון יענע ל״ו־צדיקים, אירן אַ תושב. דאָס איז געווען דער הייליקער שניידער ר׳ משה פייטל ז״ל.

בכלל האָט אין יענער תקופה געבליט אין טאָמאַשאָוו די תורה און צדקות. עס האָט דאַן עקזיסטירט אין שטאָט אַ „חברה משניות״, וואָס אירע מיטגלידער זענען געווען געקלי־בענע יידן, וועלכע האָבן געלערנט תורה לשמה, ווי עס דאַרף צו זיין. דער רבי פון דער חברה איז געווען ר׳ משה זלמן. דער ייד האָט מיט זיינע מעשיות און שיינע ווערטער אַלעמען צוגעצויגן אַזוי, אַז זיי האָבן פאַרגעסן, אַז עס גייט אַ טאָג מיט דאגות פּרנסה.

צווישן די אָנגעזעענסטע מיטגלידער פון „חברה משניות״ זענען געווען ר׳ חיים גראָסמאַן, ר׳ נפתלי ניסענבוים און ר׳ משה מנשהס. ווען דער לעצטער איז געקומען 5 אַזייגער פאַרטאָג אין בית־המדרש לערנען, האָט זיך ר׳ חיים גראָסמאַן געפּעדערט און געקומען 4 אַזייגער פאַרטאָג. און דאָס האָט נאָכגעטאָן ווידער ר׳ נפתלי ניסענבוים, אַזוי, אַז זייערע קולות האָבן אויפגעריסן די שטילקייט פון באַגינען מיט זייער תורה־לערנען. צווישן די בעלי־בתים האָבן אויך דאַן געשמט ר׳ דוד האָפּמאַן און בעריש שטיינמאַן מיט זייער צדקות און גוטסקייט. און אָט צווישן אַזאַ עדה קדושה ווי די חברה משניות, וואָס איז באַשטאַנען פון שניידערס, שוסטערס און קצבים, האָט זיך בולט געצייכנט די פּערזענלעכקייט פון שניידער ר׳ משה פייטל ז״ל, וועמענס געשטאַלט עס איז געוואָרן איינגעהילט אין אַן אָרעאָל פון קדושה. וועגן אים האָבן פיל יאָרן זיך גע־וועבט אין דער שטאָט מיסטישע דערציילונגען און לעגענדעס, איבער זיין צדקות און למד־וואָווקייט...

און באמת — דאָס צדקות פון דעם הייליקן ר׳ משה פייטל, איז גאָרנישט צו דערציילן וואָס פאַר אַ ייד דאָס איז געווען. עס איז אין לשער ואין לספּר. ר׳ משה פייטל האָט זיך נוהג געווען, אַז ער איז פריער נישט געגאַנגען שלאָפן ביז ער האָט צוערשט פאַרזאָרגט די קימפּעטאָרינס און סתם חולאים, מיט זאַכן אין וועלכע זיי האָבן זיך גענייטיקט. יעדן ווינטער פלעגט ער אויפהאַקן דאָס אייז און גיין זיך טובל זיין.

מיר ווילן דאָ אילוסטרירן איין פאַקט, וואָס וועט אַן און פאַר זיך פיל זאָגן וועגן דער צדקות פון טאָמאַשאָווער למד־וואָווניק.

איינמאָל, אויף שבת בראשית, איז ר׳ משה פייטל ע״ה געווען אין גער, עס איז געווען מוצאי שבת. עס איז שוין געווען פינצטער, אײדער מ׳האָט אָנגעצינדן אַ ליכט. זיצט זיך אַ ייד און רעדט זיך אַראָפּ דאָס האַרץ פאַר אים, בכן, ער האָט אַ טאָכטער, אַ בוגרת, נישט קיין שיינע, נישט קיין געראָטענע, וואָס טוט מען? ווי אַזוי מאַכט מען זי חתונה?

זיצט אַזוי ר׳ משה פייטל, הערט אויס די רייד, וואָס דער ייד רעדט זיך אַראָפּ פון האַרץ און רופט זיך פלוצים אָפּ צו אים:

— דער אייבערשטער וועט העלפן. איך האָב אַ בחור וואָס זיצט און לערנט, לאָמיר זיך משדך זיין!

און באַלד נאָך הבדלה איז טאַקע ר׳ משה פייטל ע״ה אַריין צום רבין, טאַקע געשריבן תנאים און געווינטשן זיך מזל טוב. נאָכמער: ער האָט אַפילו דעם ייד איבערגעלאָזט ק״ן רובל אויף צו מאַכן דער טאָכטער אַן אויסשטייער.

אָט אַזוי, האָט ר׳ משה פייטל געטאָן אַ שידוך מיט זיין זון שלמה אליעזר ע״ה.

ווען ר׳ משה פייטל איז געשטאָרבן, האָט ער איבערגע־לאָזט אַ צוואה, אַז מען זאָל מאַכן פון זיין ניי־טיש קרשים צום אָרון פאַר אים. נאָך זיין לוויה איז נאָכגעגאַנגען גאַנץ טאָמאַ־שאָוו און אים באַוויינט.

נאָך פיל יאָרן האָט זיך געהאַלטן אין איין וועבן אין טאָמאַשאָוו, אַרום זיין פּערזאָן אַ שלל מיט לעגענדעס און מעשיות. וואָס אַמאָל אַלץ מער האָט מען זיך איבערגעגעבן שיינע טאָטן אויף זיין אַדרעס, ווייל דער ייד איז געווען אַ יוצא מן הכלל פון זיין סביבה, מיט זיין אָרנטלעכער אויפפי־רונג. עס זענען נישט געווען אַ סך אַזעלכע יידן אין גלות, נאָר 36 זענען דאָ אין יעדן דור...

# ר׳ שלמה אליעזר דער בעל־תוקע

א. ש—ן

אַ ריי יאָרן איז ר׳ שלמה אליעזר אַבערציגער געווען בעל־תוקע אין דער טאָמאַשאָווער גרויסער שול. זיינע תקיעות האָבן געשמט אין דער גאַנצער געגנט. די תקיעות גופא זענען אַפילו נישט געווען אַזוי לעילאדיק, עס זענען נאָך אין יענע צייטן געווען בית־המדרש־בחורימלעך, וואָס האָבן ר׳ שלמה אליעזרן ווייט איבערגעשטיגן, נאָר דאָ, ווייסט איר דאָך, שפּילן נישט די תקיעות די ראָל, נאָר דער בעל־תוקע גופא. און ר׳ שלמה אליעזר איז טאַקע געווען דער דאָזיקער, וואָס מען האָט אָן שום חשש געקענט אַנטרויען אַזאַ עבודה.

ר׳ שלמה אליעזר איז געווען דער זון פון באַוווסטן צדיק ר׳ משה פייטלס זצ״ל, דאָן דער שיינער למדן, דער גרויסער ירא שמים א.אַז.וו. און ווו עס האָט זיך אים אַמאָל דער שופר פאַרהאַקט, וואָס איז טאַקע נישט געווען קיין זעלטענע דער־שיינונג, האָבן אַלע מודה געווען, אַז דאָס איז נישט זיין אייגענע שולד...

אַרויף אויפן באַלעמער צו די תקיעות איז ר׳ שלמה אליעזר געגאַנגען אין פולן „רישטונעק״: פון דער רעכטער זיין בוזעם האָבן אַרויסגעקוקט 2—3 שופרות (שטענדיק האָט ער געהאַט אַ זאַפּאַסאָווען שופר); פון דער לינקער בוזעם־זייט — אַ זוהר, אַ של״ה, אַן אַלט מיט טרערן אויסגעווייקט מחזור, אַ כל־בו־סידור א.ד.גל.

דאָס איז געווען ר׳ שלמה אליעזרס כלי־זיין און אַמוניציע אויף אַנטקעגנשטעלן זיך דעם קטיגור...

די ווייבער־שול האָט שוין געהאַט אירע סימנים אין די תקיעות: זענען די תקיעות אַדורך גלאַטיק איז געווען אַ סימן, אַז מען האָט דעם שטן מנצח געווען און דאָס נייע יאָר וועט זיין אַ שנת ברכה וישועה. טאָמער, חלילה, נישט, האָט מען געוווסט, אַז די שטאָט דאַרף האָבן חסד און רחמים...

האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, אַז באַלד ביי דער ערשטער תקיעה האָט זיך דער שופר פאַרהאַקט און בשום אופן נישט געוואָלט אַרויסגעבן קיין קול.

ר׳ שלמה אליעזר האָט געאַרבעט מיט כל הכוחות, גע־דרייט דעם שופר אויף אַלע זייטן, דורכגעשווענקט מיט וואַ־סער. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. דער בעל מקריא האָט עטלעכע מאָל אויסגעצויגן ת—קי—עה, אַמאָל אין אַ בעטנדיקן טאָן און אַמאָל גאָר אין אַ בייזערדיק־באַפעלערישן טאָן, אָבער אין קול ואין עונה. דאַן האָט ר׳ שלמה אליעזר האַסטיק אַ כאַפּ געטאָן דעם טלית איבערן קאָפּ, אַרויסגע־שלעפּט פון בוזעם איין ספר און נאָך אַ ספר, זיינע ליפּן האָבן זיך ציטערדיק באַוויגן. אין שול האָבן זיך געהערט זיינע שווערע קרעכצן, וואָס זענען באַגלייט געוואָרן מיט ווייבערי־שע געוויינען.

שטייט ר׳ שלמה אליעזר און דער קערפּער זיינער שאָקלט זיך אָן אויפהער. דער עולם אין שול איז ווי פּאַראַליזירט און וואַרט אָפּ דעם סוף. מיט אַמאָל גיט ר׳ שלמה אליעזר אַ כאַפּ דעם שופר, שטרענגט אָן אַלע זיינע כוחות און באַלד דערהערט זיך צום ערשטן מאָל אַ דערשטיקט קול, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַזאַ אויסטערלישן קוויטש, אַז די שול האָט אויפגעציטערט. דאָ האָט מען שוין געוווסט, אַז די שטאָט שטייט פאַר גרויסע געשעענישן...

און ווירקלעך האָט יענעם זומער געהאַט אויסגעבראָכן, צום גוטן־געדאַכט, די כאָליערע־קראַנקהייט, ר״ל, וואָס האָט צווישן אַנדערע אַוועקגעריסן ר׳ ישעיהו־הערש מונק מיט זיין ווייב.

בעת דער דאָזיקער מגיפה האָט טאָמאַשאָוו נישט גערוט. דער פרומער עולם האָט יעדן פרי און פאַרנאַכט געזאָגט אין אַלע בתי־תפילות תהילים. שפּעטער איז לויט דער איניציאַ־טיוו פון אַנגעזעענע בעלי־בתים אָרגאַניזירט געוואָרן אין שול־פּאָליש אַ הילפס־שטיבל, ווו עס האָבן זיך שטענדיק גע־פונען די נייטיקע הייל־מיטלען, צווישן זיי ריצין־אייל, שפּירט א.ד.גל.

בייטאָג און ביינאַכט האָבן דאָרט געוואַרט דיזשורנעס, וועלכע האָבן אויף יעדן רוף זיך געשטעלט צו דינסט און האָבן טאַקע איינשטעלנדיק דאָס אייגענע לעבן אָפּגעראַטעוועט צענ־דליקער מענטשן פון אַ זיכערן טויט.

אַזוי ווי צו דער דאָזיקער אַרבעט האָט מען געדאַרפט האָבן פיזיש־אַנטוויקלטע מענטשן, האָבן זיך טאַקע פרייווי־ליק פאַרשריבן צו דער הייליקער אַרבעט די דעמאָלטיקע גיבורים, צווישן זיי אברהם לייביש, חיים זעלנערס, משה שטיינמאַן און אַנדערע.

זייער טעטיק איז דעמאָלט אויך געווען אַ סאַניטאַר־קאָמיסיע ביים מאַגיסטראַט, וועלכע האָט אַכטונג געגעבן אויף ריינקייט, געהייסן קאַלכן די רינשטאָקן, אויסשפּריצן די שטובן און בפרט די עפנטלעכע הייזער, ווי בתי־תפילות א.ד.גל. מיט קאַרבאָל און אַנדערע דעזינפעקציע־מיטלען. מען האָט נישט דערלויבט צו טרינקען קיין רוי וואַסער, צו עסן רויע פירות א.ד.גל.

יעקל מלמד ע״ה, האָט אַפילו נישט אָנגעהויבן צו פאַר־שטיין די דאָזיקע פאַרהיטונגס־מיטלען. ערשטנס, האָט ער גע־טענהט, איז די גאַנצע מעשה אַ הימל־זאַך. — איר זאָגט — האָט ער תמיד געגעבן צו פאַרשטיין, — אַז עס איז אַזאַ אונ־

טערגאַנג, איך זאָג אָבער, אַז עס איז אויבערגאַנג: אויבן! אויבן! — האָט ער אָנגעוויזן אויפן הימל. — דאָרט הייסט מען אַזוי, וואָרום עס שטייט דאָך בפירוש: אין אדם נוקף אצבעו מלמטה עד שהכריז עליו מלמעלה, ד.ה., אַז אַ מענטש גיט זיך נישט קיין קלאַפּ אין פינגער, אויב מען זאָל נישט הייסן פון הימל. אַלץ איז מן השמים. וואָס איז די עצה פרעגט איר — תשובה! צווייטנס, האָט ר׳ יעקל געפרעגט, שוין גאָר נישט הימלדיק: „מה ענין שמיטה אצל הר סיני?" וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס קאַלכן דעם רינשטאָק מיט דער קראַנקהייט? מילא, אַביסל „שפּעריטס" — דאָס איז טאַקע אַ רפואה־בדוקה נישט נאָר קראַנקערהייט, נאָר אַפילו געזונטערהייט און נישט נאָר פאַרן גוף, נאָר אויך פאַר דער נשמה. פון אַ ביסל „שפּעריטס" צוזאַמען מיט אַ פּאָר היימישע יידן קומט מען צו הויכע זאַכן, אָבער קאַלעכן דעם רינשטאָק אַלס מיטל צו דער קרענק, ר״ל, דאָס איז שוין שטותים והבלים...

און... סיווי האָט טאַקע די דאָזיקע מגיפה געבושעוועט, נישט היינט געדאַכט, שיינע וואַכן. דער פרומער עולם האָט אָבער געוואָרט, אַז ראש השנה איז דער פּאַסיקסטער זמן אויף צו קענען פּטור ווערן פון דער דאָזיקער מחלה. און אַז יידן וועלן זיך איינעקשנען וועט מען זיי צוליב טאָן...

מיט אַ באַזונדערן ערנסט און פרומקייט האָט דעם דע־מאָלטיקן ראש־השנה דער שול־עולם געדאַוונט. אויף אַלע־מענס פּנימער איז געווען אויסגעגאָסן טרויער און צער. אַפילו דער אַלטער סקראַביש האָט זיך נישט דערלויבט אויף קיין שום ליצנות. די „דייטשן" און די „גרויסע לייט" זענען דאָס יאָר פריער געקומען אין שול אַריין. אַלע, גרויס און קליין, האָבן געוואָרט, אַז היינט ווערט אין הימל דעצידירט וועגן דער ביטערער קראַנקהייט, וואָס האָט אַזוי אַכזריותדיק אַרומגע־נומען טאָמאַשאָוו. אַ ים טרערן האָט דער עולם פאַרגאָסן ביי דער דרשה, וואָס דער רב האָט געהאַלטן פאַר תקיעת שופר.

אַ ציטערדיקער, אַ פלאַטערדיקער, געבויגן אין דרייען איז ר׳ שלמה אליעזר אַרויף אויפן באַלעמער, אָנגעלאָדן מיט דריי שופרות פון איין זייט און אַ באַרג גרויסע און קליינע ספרים פון דער צווייטער זייט. לאַנג האָט ער זיך געשאָקלט, נישט אויפגעהערט צו קרעכצן און צו יאָכצן און אַזוי וויי־נענדיק האָט ער געמאַכט די ברכה „לשמוע קול שופר" און די „שהחיינו". באַלד דערויף האָט זיך פון שופר דערהערט אַ ווייך זיס קול, וואָס האָט זיך אַזוי ליב צעגאָסן איבערן רוים פון דער שול און אָנגעפילט יעדעס האַרץ מיט האָפענונג אויף אַ גליקלעך און געזונט יאָר.

און אַז די מגיפה איז טאַקע פאַרשוווּנדן, האָבן אַהיים־גייענדיק זיך די ווייבער געווינטשן מען זאָל האָבן אַזאַ יאָר, ווי גוט דער שופר איז געגאַנגען...

# העלדן פון דער חברה קדישא

**א. ש—ן**

ווי אין אַלע שטעט און שטעטלעך האָט אין טאָמאַשאָוו מימות עולם עקזיסטירט אַ חברה קדישא, וואָס האָט געפירט אַלעס און אַלץ ביד חזקה, מיט דער גרעסטער תקיפות. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען ביי איר אין די הענט, זי האָט אין אַלע ענינים געהאַט דאָס דעצידירנדיקע וואָרט. אַלע אינסטי־טוציעס און חברות זענען געווען אירע „פּאַדוואַלאַדנע", ובכלל האָט זיך די דאָזיקע חברה גערעכנט אַלס די גרעסטע יידישע אינסטאַנץ אין שטעטל, וועמענס באַפעלן עס האָבן געמוזט אויסגעפירט ווערן.

ביים עולם איז שוין געווען אַזוי איינגעבאַקן אין געדאַנק, אַז די דאָזיקע חברה־לייט האָבן באמת די ממשלה אין די הענט, אַז דער מלאך המות שטייט תמיד צו זייער דיספּאָזיציע און אַז צו יעדער צייט און אויף יעדן ווונק מוז ער אויספירן זייער שליחות...

די דאָזיקע חברה האָט געהאַט אַן אייגן בית התפילה, אייגענע בעלי־תפילות, אַן אייגענעם פּנקס, אייגענע תקנות און דער עיקר אייגענע גבאים מיט אַ ברייטן שניט, שיינע ברייטביינינקע און לאַנגבערדיקע יידן... מיט אַ הדרת פּנים, וואָס האָבן מיט זייער בלויזער פיגור אַרויסגערופן ביי אַלעמען גרויס רעספּעקט...

פון צייט צו צייט פלעגן די דאָזיקע גבאים איינאָרדענען פאַר די חברה אַ סעודהלע, אַ מלוה מלכהלע און ווער שמועסט נאָך אין אַ יומא דפגרא, ווי שבת פון די ערשטע סליחות, שבת בראשית, אָדער גלאַט אַ שבת מברכין — דעמאָלט איז דאָס גאָר געווען לעילא ולעילא.

וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ שמחה? פרעגט איר? — גאָר פּשוט, מען האָט זיך געפרייט אַז מען לעבט און מען קען עפּעס נעמען אין מויל אַריין.

לצים און בייזע צינגער פלעגן אַפילו זאָגן, אַז די שמחה

שטאַמט גאָר פון דעם „מי ימות״, אָבער ווער רעכנט זיך עפּעס מיט אַזעלכע דיבורים ?...

אין שפּיץ פון דער חברה קדישא, וועגן וועלכער עס רעדט זיך אין די דאָזיקע שורות, איז דעמאָלט געשטאַנען הערשל קאַשע, משה ביינישעס, פאַליקל בעקער, דער גראָבער יודל, אברהם פאַליעך און אַנדערע. דאָס זענען אַלץ געווען ייִדן, זאָלן זיי עס אונדז מוחל זיין, וואָס האָבן געקענט טועם זיין אַ שפּאָר ביסעלע משקה און זיך נישט געבן דערביי דעם מינדסטן קרים. דער אַדיוטאַנט זייערע איז געווען אַ געוויסער אַברהם קאַפּליאַך. דער דאָזיקער אברהם האָט דער חברה געדינט צו אַלעם, וואָס מען האָט געדאַרפט: אַלס שמש, אַלס שליח, אַלס קברן און דער עיקר — אַלס אינפאָר־מאַטאָר, ד. ה. יעדן טאָג האָט ער געהאַט די אויפגאַבע צו־צושטעלן דער חברה ידיעות וועגן דעם מצב פון די אַלטע חולאים און וועגן דער צאָל פון במשך דעם טאָג צוגעקומענע חולאים...

וועגן אַלעם האָט די חברה געמוזט זיין גענוי אינפאָר־מירט, בכדי צו וויסן ווו מען איז ערגעץ אין דער וועלט...

איז דערהאַלטן געוואָרן אַ ידיעה וועגן אַ נשמה, וואָס רייסט זיך צוריק אַהיים, פון וואַנען זי איז געקומען — האָט חברה שוין קיין אויג נישט צוגעמאַכט. האָט געוואַרט, איז געשטאַנען „נאָ פּאָגאָטאָוויע״ אַזוי לאַנג ביז דער ענין איז דערליידיקט געוואָרן.

דאָס דערליידיקן פון אַזאַ ענין, אָדער ווי זיי האָבן זיך דעמאָלט אויסגעדריקט „פון אַזאַ שטיקל אַרבעט״ איז פאָרגע־קומען מיט אַ געוויסן סדר, אונטער דער קאָמאַנדע פון די גבאים לויט אַ פאָראויס באַשטימטן פּלאַן. עס איז נישט קיין הפקר־וועלט...

דערביי האָט מען נישט פאַרגעסן אין פאַליקלס דרש וועגן דעם בקדושה ובטהרה...

יעדער חברה־מאַן איז באַשטימט געוואָרן צו אַזאַ אַרבעט צו וועלכער ער האָט אַרויסגעוויזן מער פעאיקייטן. אָט למשל, אַברהם קאַפּליאַך איז נישט צוגעפּאַסט געוואָרן צו דערוואַק־סענע מענטשן. זיין ספּעציאַליטעט איז גאָר געווען „קליינ־וואַרג״...

מיט דעם האָט ער זיך באַשעפטיקט, דאָס איז געווען זיין „גלזוונע״ אַרבעט, וואָס ער האָט אויסגעפירט על צד היותר טוב, אָן קיינעמס מיטהילף. דערביי איז אים לגמרי קיין אונ־טערשיד נישט געווען בייטאָג צי ביינאַכט. אַלץ איינס, אַ ביסל יי״ש אין מויל אַריין, דאָס „פּעקעלע״ אונטערן אָרעם, אָדער גאָר אין בוזעם, אין דער רעכטער האַנט אַ שטעקן, אין דער לינקער — אַ לאַמטערן און היידאַ.

די הויפּט־מכשירים זיינע זענען געווען טאַקע דער שטעקן און די לאַמטערן. דער שטעקן — פלעגט ער זאָגן — פאַר־היט מיך פון לעבעדיקע און דער לאַמטערן פון טויטע.

וועגן דעם זעלבן אברהם קאַפּליאַך האָט מען אין יענער צייט דערציילט פאָלגנדיקע געשיכטע:

איינמאָל, ווען ער האָט געטראָגן אַ נפלע צום בית־עולם האָט ער זיך דערוווּסט, אַז די חברה קדישא באַלעוועט אויף וואָס די וועלט שטייט, און מורא האָבנדיק, אַז ביז וואָס־ווען וועט פאַר אים גאָרנישט בלייבן, האָט ער דאָס „פּעקעלע״ פאַררוקט אין זיין לאַנגער בוזעם־טאַש און אַוועק צו דער סעודה, ווו ער האָט טאַקע געמאַכט אַחת ואַחת, אַחת ושתים און נישט פאַרגעסן אָן אַחת ושלוש.

דאַרף מען דאָך נאָך אַזאַ מעשה עפּעס צו פאַרבייסן, האָט ר׳ אברהם דערשנאַפּט, אַז אין דער צווייטער שטוב איז אַנגע־גרייט פאַרן עולם עטלעכע געבראָטענע גענדזלעך. מיין גו־טער ר׳ אברהם קלערט גאָרנישט לאַנג, כאַפּט זיך אַריין אין צווייטן שטוב, פּאַקט איין אַ האַלב גענדזל אין זיין טאַשן־פּאַ־טשיילע, פאַררוקט עס אין אַ טאַש אַריין און הענדום־פּענדום לאָזט ער זיך צום בית־החיים אויף צו דערליידיקן זיין שטיקל „אַרבעט״.

קומענדיק אַהיים האָט ר׳ אברהם דערציילט זיין הויזגע־זינד וועגן זיין הצלחה, אַז ער האָט נישט פאַרשפּעטיקט די סעודה ביי דער חברה און דער עיקר וועגן דעם האַלבן גענדזל, וואָס איז אים געלונגען אונטערצושלאָגן. — „אָבער גענדזונס זאָלט איר זען — שרייט אויס ר׳ אברהם, אַריינטועענדיק די האַנט אין דער בוזעם־טאַש און פון גרויס אַפּעטיט קומט אַלעמען ס׳שפּייעכץ אין מויל אַריין. באַלד אָבער באַמערקט מען ווי ר׳ אברהם ווערט שטאַרק אין כעס און שרייט אויס: „אַ־וואַ! אַ־וואַ! אַזעלכעס האָט זיך מיר נאָך נישט געטראָפן... אַזאַ טעות צו מאַכן!...״ וואָס עס איז געווען אברהמס בייזערן זיך, פרעגט איר? פּשוט: אונדזער ר׳ אברהם איז באַגאַנגען אַ גאַנץ „קליינעם״ טעות און נעמלעך: האָבנדיק ביי זיך צוויי ענלעכע פּעקלעך האָט ער זיך צוליב גרויס איילעניש טועה געווען און אַנשטאָט קובר צו זיין דאָס נפלע און אַהיים צו טראָגן דאָס פּעקעלע גענדזונס, האָט ער געטאָן פאַרקערט — באַגראָבן דאָס גענדזונס און אַהיימגעטראָגן דאָס צווייטע...

אויף וויפל די מעשה שטימט מיט דער ווירקלעכקייט קען איך אייך גענוי נישט זאָגן. אַ פאַקט איז, אַז עפּעס ענלעכס איז באַשטימט פאָרגעקומען.

איינער פון די העלדן פון דער חברה קדישא איז געווען, ווי געזאָגט, פאַליקל בעקער. די חברה איז ביי אים געווען טייערער ווי זיין אייגענע בעקעריי, להבדיל. פאַליקל האָט קיין איין לוויה נישט אַדורכגעלאָזט.

אומעטום איז ער געווען טעטיק: ביים שניידן דעם אָרון, ביי דער טהרה אויפן בית־החיים א.ד.גל.

געוויינלעך פלעגט ער זיך ביי אַזאַ עסק נישט זשאַלעווען אַ ביסל משקה, כנהוג. און נישט זעלטן פלעגט ער אַריינקו־מען אין אַ בגילופנדיקער שטימונג. איינמאָל האָט אים ר׳ אברהם דוד (ר׳ משה פייטלס איידעם), אין אַ זייער ערנסטן טאָן, פאַר אַ טהרה, געפרעגט: זאָג מיר אויך פאַלעק, פון וואַנען איז דאָס געדרינגען, אַז פאַר דער טהרה מוז מען קידוש מאַכן?

פאַליקל האָט נישט געקלערט און הויך אַ געשריי געטאָן:

— למדן מיינער, מען זאָגט נישט אַלע טאָג אין דאַווענען „בקדושה ובטהרה"? דאָס איז דער טייטש, אַז פאַר דער טהרה דאַרף מען קידוש מאַכן...

אַזוי האָט די חברה קדישא געפירט איר טעטיקייט אַ סך צענדליקער יאָרן און טאַקע ביד רמה, ביז עס איז אויף דעם געביט צוליב פאַרשידענע טעמים איינגעפירט געוואָרן אַ גאַנץ אַנדערע אָרדענונג און נעמלעך: די חברה איז מיט דער צייט ליקווידירט געוואָרן און אויף איר אָרט זענען אַנגאַ־זשירט געוואָרן ספּעציעלע מתעסקים, לויטן מוסטער פון די גרעסערע מאָדערנע שטעט.

מיט דער ליקווידאַציע פון דער אַלטער חברה קדישא האָט זיך געשלאָסן אַן עפּאָכע פון אַ געוויסער קאַטעגאָריע תקיפים.

# מערקווירדיקע טיפּן פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק

**אלימלך גאַרפינקעל**

## דער געלער ברוך

אַ דיקלעכער, מיטעלע וווקס, אַ פּנים מיט זומער־שפּרענ־קעלעך, געהאַט אַ ווייב מיט אַ פּאָר קינדער, געוווינט אויף וויעטשנאַשטש. גערופן האָט מען אים „דער געלער ברוך".

ער פלעגט זיך אויפהייבן גאַנץ פרי, בכדי אָפּדאַווענען מיטן ערשטן מנין און איילן זיך אויף פּלאַץ קאָסציושקי צום געשעפט פון לוזער ווייס, ווו מען פלעגט ברענגען די צייטונ־גען פון דער באַן.

גאַנץ פרי פלעגט זיך שוין פאַרזאַמלען אַ גרופּע יידן אָפּ־וואַרטנדיק די צייטונגען פון וואַרשע: דעם „מאָמענט", „היינט", „אונזער עקספּרעס", „נאַש פּשעגלאָנד" און לייענען די הויפּט־נייעסן פון די ערשטע זייטן.

ברוך פלעגט זיך גוט צוהערן צו די נייעסן, ווי למשל: „מען שלאָגט יידן אין פּשיטיק", „מאַדאַם פּריסטאָר וויל פאַרווערן יידישע שחיטה", „היטלער וויל פאַרניכטן די יידן", „מאַרשאַל פּילסודסקי איז געשטאָרבן", „דייטשע יידן אַרויס־געטריבן קיין זבאָנשין", „לייבעלע מינצבערג האָט גערעדט אין סיים וועגן דער יידישער שחיטה".

ברוכס אַרבעטס־וואָך איז באַשטאַנען פון זונטיק ביז פרייטיק. ער האָט די שטאָט איינגעטיילט אין גאַסן: זונטיק, מאָנטיק, דינסטיק — איבער דער בריק; מיטוואָך, דאָנערש־טיק, פרייטיק — אין דער גאַס.

ברוך האָט געמאַכט אַ לעבן. ער פלעגט אַרומגיין איבער די הייזער און איבערגעבן די נייעס, וואָס עס האָט פּאַסירט אין דער וועלט. די נייעסן פלעגט ער אָפּזאָגן זייער שנעל און אויסשטרעקן זיין רעכטע האַנט. די באַלעבאָסטעס פלעגן אים אַריינוואַרפן אַ פּאָר גראָשן אין האַנט אַריין און זיין זייער צו־פרידן דערוויסנדיק זיך די לעצטע נייעס, וואָס עס האָט פּאַ־סירט אויף דער וועלט. עס האָט אויך טיילמאָל פּאַסירט, אַז אַ באַלעבאָסטע האָט נישט געהאַט די פּאָר גראָשן אים צו געבן, פלעגט ער זיך נישט בייזערן, נאָר זאָגן: „האָט מיר אַ גוטן טאָג, איר וועט מיר געבן אַ צווייט מאָל".

## איטשע ביק

אַ הויכער, אַ ברייטער, אַן אויסזען פון אַ ריז. ער פלעגט זיך באַוועגן, ווי אַ גולם. נישט געקענט שרייבן און לייענען. ער האָט געוווינט איבער דער בריק.

ווען ער איז אונטערגעוואַקסן פלעגט ער אַרבעטן ביי פאַלעק בעקער. ער פלעגט טאָן די שווערסטע אַרבעט, ווי האַקן האָלץ, טראָגן זעקלעך מעל, טראָגן קיבלעס וואַסער. ער איז קיינמאָל אין לעבן נישט קראַנק געווען. ווינטער, אין די גרעסטע פרעסט, פלעגט ער זיך אויסטאָן אין דרויסן נאַקעט און אַרויפגיסן קאַלט וואַסער אויף זיין לייב. ווען מען פלעגט אים פרעגן: „איטשע, וואָס טוסטו, דו וועסט דאָך קראַנק ווערן?", פלעגט ער זאָגן מיט אַ גראָבער שטימע: „בלויז קליינע קינדער ווערן קראַנק".

אַמאָל, אין יום כיפור, ווען פאַלעק בעקער מיט זיין משפחה איז געגאַנגען צום דאַווענען און אָוועקגעשטעלט אין

דער בעקעריי פיש, לעקעך, חלות, אַ געבראָטענע גאַנדז, האָט זיך איטשע אַריינגעבראָכן און אַלץ אויפגעגעסן.

ווען פאַלעק מיט זיינע קינדער זענען אַהיימגעקומען מוצאי יום כיפור, נאָך אַ גאַנצן טאָג פאַסטן, האָבן זיי נישט געהאַט וואָס צו עסן.

צומאָרגנס האָט די גאַנצע שטאָט גערעדט, אַז דער יום כיפור איז געווען איטשעס בעסטער טאָג אין זיין לעבן. ער האָט נישט געדאַרפט שווער אַרבעטן און געהאַט עסן צו דער זעט.

## שיע דער משיח (קאָפּלאָוויטש)

אַ מיטלוווּקסיקער, אַ ייד מיט אַ שוואַרצער, לאַנגער באָרד, מיט אַ פּאָר שוואַרצע גרויסע אויגן. געוווינט איבער דער בריק. די מוטער אַן אַלמנה, געהאַט אַ גאַלאַנטעריע־געשעפט ראָג וואַרשעווער־וולאַדיסלאַוואַ. מען האָט אים גערופן שיע דער משיח.

ער איז געווען אַ גערער חסיד. געדאַוונט אין גערער שטיבל. ביים דאַוונען פלעגט ער זיך קיינמאָל נישט אָוועקזעצן, נאָר זיך אַרומדרייען און רעדן צו זיך. ווען די מתפללים האָבן שוין געהאַט פאַרענדיקט דאָס דאַוונען פלעגט ער אַליין איבערבלייבן אין שטיבל און אַרויסנעמען פאַרשידענע ספרים און אַריינקוקן אין זיי.

ער האָט אויך געקענט רעדן און שרייבן אַ גוטן יידיש און פויליש. ווען ער פלעגט אַריינקומען אין אַ שטוב, האָט ער זיך געהייסן געבן דעם קאַלענדאַר און אויף אים פאַרשריבן פאַרשידענע ווערטלעך.

אין די אָוונטן פלעגט ער זיך שטענדיק אַרומדרייען און רעדן צו זיך און קוקן אויפן הימל. ער האָט אויך ליב געהאַט צו פאַרטשעפּען אַ פאַרבייגייער און אים זאָגן, אַז ער זעט אַ פייער אויפן הימל; אַ קאַמף צווישן גוטע און שלעכטע מלאַכים; עס וועט נישט לאַנג דויערן און עס וועט קומען אַ פאַרניכטונג פון דער מענטשהייט. עס וועלן פאַלן באָמבעס, מען וועט ברענען און בראָטן, די שטעט וועלן פאַרניכטעט ווערן, די גרעסטע קרבנות וועלן זיין יידן, ווייל זיי זינדיקן צו פיל. דעריבער דאַרף מען תשובה טאָן, כדי די גוטע מלאכים זאָל איבערוועגן די שלעכטע. אַזוי אַרום וועט משיח קומען און די וועלט וועט ווערן אויסגעלייזט.

קורץ פאַר דער מלחמה האָבן יידן מורא געהאַט זיך צו באַוועגן אין די גאַסן, ווייל די אַנטיסעמיטן פלעגן אָנפאַלן אויף זיי. שיע פלעגט זיך אַרומדרייען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין און קיינער פלעגט אים נישט פאַרטשעפּען.

# ר׳ דוד דרעקסלער - דער מצה־בעקער

א. ש—ן

אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר איז דוד דרעקסלער געווען אַ דרעקסלער, האָט געהאַט אַן אייגענעם ווערקשטעל און טאַקע אין גרויסן מאַסשטאַב, פאַרזען מיט אַלערליי נויטיקע מכשירים, פונוואַנען די אַרבעט איז אַרויס זייער געשמאַקפול, פּינקטלעך, טאַקע אָפּגעדרעקסלט...

בכלל האָט ר׳ דוד באַזעסן דעם געהעריקן טאַלאַנט און געניטע פעאיקייטן פאַר דער דאָזיקער מלאכה, פון וועלכער ער האָט, אויף אַ גאַנץ בכבודיקן אופן, געצויגן זיין חיונה.

דאָס איז געווען אַ גאַנץ יאָר. פאַר פסח אָבער, איז ר׳ דוד דרעקסלער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מצה־בעקער און זיין ווערקשטעל צוזאַמען מיט דער וווינונג — אין אַ מצה־בעקעריי. געפירט די דאָזיקע בעקעריי האָט ר׳ דוד צוזאַמען מיט זיין לאַנגיאָריקן שותף ר׳ אברהם „פּאַלוך״.

דאָס איינאָרדענען די מצה־בעקעריי איז פאַר ר׳ דוד דרעקסלער נישט געווען פאַרבונדן מיט קיין שום שוועריקייטן און קיין זאַך האָט אים נישט געשטערט אָוועקצושטעלן די בעקעריי אויף דער געהעריקער הויך.

קיין „פּאַזוואָלעניע״ פון דער מאַכט האָט מען נישט געדאַרפט, וואָרום פּאַניע איז אויף אַזעלכע ענינים ווי היגיענע, סאַניטאַרע באַדינגונגען וכדומה, קיינמאָל נישט געווען קיין גרויסער מחמיר. און ווען גאָר יאָ, איז אויך נישט געווען קיין אומגליק: מ׳האָט זיך געזען מיטן „סטאַרשי וואַכמיסטש״ און די זאַך איז דערלעדיקט געוואָרן. ווייטער, וואָס נאָך? אַן אויוון? וועגן דעם איז גאָר קיין זאָרג נישט געווען, וואָרום וועלכע שטוב האָט דעמאָלט נישט געהאַט קיין באַק־אויוון? אַ דירה אַן אַ באַק־אויוון אין יענע צייטן האָט אויסגעזען, ווי זאָל איך אייך אָפּמשלען, ווי אַ מקוה אַן וואַסער... גיכער האָט איר געקענט אָנטרעפן אַ דירה אַן אַ פּאָדלאָגע, אַן אַ סופיט, אָבער אַן אַן אויוון — דאָס נישט. איצט וואָס נאָך? וואַלגערהעלצער, מצה־רעדלעך, שויפלען? — אין די ענינים איז דאָך

ר׳ דוד דרעקסלער געווען דער גאָר גרויסער מומחה. זיינע וואָלגער־העלצער און רעדלעך האָבן דאָך געשמט אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך. דאָס אויסאַרבעטן אַ מצה־רעדל איז ביי אים געגאַנגען „הוק־שטוק״: גענומען אַ רוסישע 3־קאָפּיקע־מטבע, אויסגעשניטן ציינדלעך, פאַרזעצט אין אַ שיין, באַקוועם הענטל און פאַרטיק אַ מצה־רעדל.

איז אַלזאָ, ווי איר זעט, די טעכנישע זייט גענצלעך ערלעדיקט... וואָס נאָך דאַרף מען צו אַ מצה־בעקעריי? געלט? דאָס איז נאָר, בעוונותינו הרבים, היינט... אַמאָל האָט דער מצה־בעקער נישט געדאַרפט קיין געלט. אין יענע צייטן, דאַרפט איר וויסן, האָבן ייִדן נישט געקויפט קיין מצות, נאָר געבאַקן מצות און דאָס „באַקן מצות״ איז ביי יעדן ייִד געווען הייליק און טייער, הגם ס׳איז געווען פאַרבונדן מיט נישט קיין קליינע יגיעות.

די פּראָצעדור פון פאַרזאָרגן זיך מיט מצות אויף פּסח איז געווען אַזעלכע: אויפן יום־טובדיקן מעל האָט די קהילה אַרויפגעלייגט איר „כשר״ הענטל. די קהילה האָט זיך געעפנט אין פּאָליש (אין דער שול־געביידע) אַ סקלאַד פון מעל, האָט באַשטימט אַ „סטאַלע״ פּרייז אָן האַנדל און ווי דער שטייגער איז מכריז ומודיע געווען אין אַלע עקן שטאָט, אַז דער איינציקער מעל־פאַרקויף אויף מצות געפינט זיך אין דער קהילה און דער יעניקער, וואָס וועט נוצן מעל נישט פון דער דאָזיקער קוועלע, איז נישט יוצא מיט אַכילת מצה...

דער דאָזיקער „כרוז״ פלעגט אַפילו אַרויסרופן ביי אַ טייל ייִדן גרויס אומצופרידנהייט און נישט קיין קליינע פּרעטענסיעס, אָבער סוף כל סוף האָט קיינער נישט געוואָגט צו קויפן מעל אויף מצות מחוץ לתחום און אַלע האָבן געמוזט אָנקומען צו דער איינציקער פּאַטענטירטער פאַרקויפס־שטעלע.

דאָרט אין פּאָליש זענען געזעסן די „פּני״, האָבן יעדן „פּאַציענט״ געבאַדעט, אויסגעפרעגט יעדע איינצלהייט, וויפל מעל, וואָסער מעל, ביי וועמען ער האָט בדעה צו באַקן און ענדלעך, נאָך אַן איבערווינקען זיך מיט די אויגן, איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן די דעציזיע וויפל דער קליענט האָט איינצוצאָלן לטובת דער קמחא־אַקציע. אָפּגעפאַרטיקט זיך מיטן איינקויפן דאָס מעל איז מען אַוועק צום בעקער, פאַרשטענדיקט זיך מיט אים וועגן טאָג, וועגן דער שעה, אין וועלכער מ׳קען, מיט מזל, אָפּבאַקן דאָס ביסל לחם עוני. נאָכן אָפּבאַקן די מצות האָט זיך אָנגעהויבן די „וויפּלאַטע״: דעם בעקער — באַק־געלט, דעם שיבער — שיבער־געלט, דעם רעדלער — רעדלער־געלט, די וואַלגערס — וואַלגער־געלט, דעם גלאַנגער — גלאַנגער־געלט, די העלפער — העלפער־געלט, דעם טרעגער — טרעגער־געלט א.אַז.וו.

אַנטקעגן וואָס דערצייל איך דאָס אַלץ? — אַנטקעגן דעם, אַז דער מצה־בעקער, ביים לאָזן אין גאַנג זיין מצה־בעקעריי, האָט וועגן געלט נישט געדאַרפט זאָרגן און מהאי טעמא האָט ר׳ דוד דרעקסלער, האָבנדיק אַזעלכע „גאָלדענע״ באַדינגונגען, יאָר־איין, יאָר־אויס געלאָזט אין גאַנג אַ מצה־בעקעריי, וווּ די שענסטע בעלי־בתים האָבן געבאַקן זייערע מצות און די חסידים — שמירה.

די לייטונג פון דער בעקעריי האָט איבערגענומען ר׳ דוד אַליין. זיין געניט אויג האָט אויפגעפּאַסט, אַז די מצות זאָלן אַרויס שיין, דין, אויסגעבאַקן נישט צו גרויס נישט צו קליין, אַלץ אָפּגעטאַקט און אָפּגעצירקלט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ דרעקסלער, און דעריבער האָט ער שוין געהאַט זיינע „געשווירענע״ קונים אויסגערעכנט אויף יעדן טאָג ביז ערב פּסח.

איינער פון ר׳ דודס געשווירענע מצה־קליענטן איז געווען דער דעמאָלט אָנגעזעענער בעל־הבית, לאַנגיאָריקער שול־גבאי, ר׳ דוד אָפּמאַן, אָדער ווי די זקנים האָבן אים גערופן דוד אָלעיניק.

דער דאָזיקער ר׳ דוד האָט יאָרנלאַנג געהאַט אַ חזקה צום ערשטן אויוון און קיינער האָט חלילה נישט געוואַגט אים דאָס אַוועקצונעמען, ווייל, ערשטנס, איז ר׳ דוד אָפּמאַן, ווי געזאָגט, געווען אַ שיינער בעל־הבית, און צווייטנס, האָט ער פאַר דער חזקה גאַנץ אָרנטלעך באַצאָלט, האָט געשאָטן מיט געלט — וואָס אַן אמת מיט קליינגעלט — אויף רעכטס און אויף לינקס, באַזונדערס נאָכן באַקן געטיילט דעם אַרבעטער־עולם בראָנפן מיט קעז.

צו מצות־באַקן איז ר׳ דוד אָלעיניק צוזאַמען מיטן ווייב געקומען אָנגעטאָן אין די יום־טובדיקע מלבושים. ער — אין אַ ברייטער סערזשענער יופּיצע, אַרומגענומען מיט אַ ברייטן גאַרטל, אונטערן אָרעם אַ פּאָר גרויסע בויגנס פּאַפּיר, אין איין האַנט אַ שפּאָר ביסל היי צו רייניקן די קופּערנע בעקנס, ווּ מ׳האָט געקנאָטן דאָס טייג און אין דער צווייטער — אַ פּאָר שטיקלעך גלאָז אָפּצוקראַצן די וואָלגער־העלצער. דאָס ווייב זיינס. די דודטע, הייסט עס, איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שבת־קודש־יעקל, אַרומגענומען אין אַ ברייטער לאַנגער שערץ און געהאַלטן אין די הענט צוויי יום־טובדיקע ליילעכער: איינס אַריינצולייגן אין קויש און איינס צוצודעקן די מצות ביים איבערטראָגן זיי אַהיים פון דער בעקעריי, ווי אויך עטלעכע האַנטעכער, אין וועלכע דער קנעטער און די העלפערס האָבן יעדעס מאָל זיך געמוזט אָפּווישן די הענט.

די גאַנצע צייט פון באַקן די מצות האָט ר׳ דוד מיט זיין ווייב נישט גערוט, געלאָפן פון די וואָלגערס צו די קנעטער, פון קנעטער צום רעדלער, געטווישט די וואָלגער־העלצער, גערייניקט אַליין די בעקנס, די רעדלעך א.אַז.וו.

ווען ר׳ דוד מיטן ווייב זענען אַרויסגעגאַנגען פון דער בעקעריי מיט די געבאַקענע מצות, האָבן זיי אַלע העלפערס

אויפן קול געווינטשן, אַז זיי זאָלן דערלעבן איבער אַ יאָר אין פריידן און זוכה זיין אַנטקעגנצוטאַנצן משיחן.

מער פון אַלע אַנדערע בעקערייען האָט זיך ר׳ דוד דרעקסלערס מצה־בעקעריי אויסגעצייכנט אין עניני כשרות. אַליין אַ פּשוטער ייד, אָן קונצן, אָן „געדרייעכץ״, האָט ר׳ דוד די פאַרשריפטן און באַפעלן פון ראַבינאַט אויסגעפירט רעיעל און פּינקטלעך, דברים ככתבן — אַזוי ווי מ׳האָט אים באַ־פוילן, אַזוי האָט ער מקיים געווען און נישט בחינם פּלעגט שטענדיק ר׳ יעקב דיין זצ״ל באַרימען די דאָזיקע בעקעריי און דעריבער איז טאַקע קיין וווּנדער נישט, פאַרוואָס צווישן די חסידים פלעגן נישט איינמאָל אויסברעכן העפטיקע סיכסוכים ביים דינגען דעם אויוון אויף ערב פסח. די כלערליי חסידים האָבן צווישן זיך געפירט אַ קאַמף, אָפּגעטאָן מעשים, אַבי דעם אויוון צו געווינען פאַר זיך, אַזוי, אַז נישט איינמאָל פלעגט זיך דאָס שול־געסל צוזאַמענלויפן ערב פסח נאָך חצות אויף די משונהדיקע געוואַלדן, וואָס האָבן זיך אַרויס־געטראָגן פון ר׳ דוד דרעקסלערס מצה־בעקעריי, ווו עס איז בחפזונדיק פאָרגעקומען דער דעצידירנדיקער קאַמף.

שיינע יאָרן האָט ר׳ דוד דרעקסלערס מצה־בעקעריי עקזיסטירט אין טאָמאַשאָוו. מיטן מאָמענט אָבער ווען ר׳ דוד איז לא־עלינו געוואָרן — ווי זאָגט מען עס — אַ בייגל־בעק־קער... האָט די מצה־בעקעריי אויפגעהערט צו לעבן און איז מער נישט אויפגעשטאַנען קיין תחיית־המתים...

## אברהם ליכטענשטיין

לאַנגע יאָרן האָט אברהם ליכטענשטיין פּראַקטיצירט אין טאָמאַשאָוו אַלס סטאַרשי פעלדשער. דער עלטערער עולם האָט אים גערופן: ר׳ אברהם פעלדשער; דער יינגערער עולם אָבער ד. ה. דער „דייטשמערישער״ — הער ליכטענשטיין.

פּראַקטיק האָט דער פעלדשער ליכטענשטיין געהאַט אי־בער גענוג. אין יעדן הויז אָן אונטערשיד פון ריכטונג און שטאַנד, ביי יעדן קראַנקהייט־צופאַל, האָט מען אים גערופן, אויסגעהערט זיין מיינונג און געטאָן אַלץ פּינקטלעך וואָס ער האָט געהייסן. געהאַלטן האָט מען אין טאָמאַשאָוו, ווי אויך אין דער אומגעגנט, ליכטענשטיינען אַלס אַ גרויסן מומחה אין זיין פאַך.

פאַרמאָגט האָט טאָמאַשאָוו אין יענער צייט דריי יידישע פעלדשער, וואָס האָבן געוווינט אין איין קוואַרטאַל. ליכטענשטיין האָט געוווינט אין גרויסן ראַגאָווע הויז אין אָנ־הייב פון דער בריסטאָווקער־גאַס, נעבן יעקל בראָוואַרניק און צווילינגס געוועלב.

בלינד פעלדשער האָט געוווינט: די ערשטע צייטן אין הירשס הויז, קעגנאיבער יעקב נאָפט־הענדלער, שפּעטער אין שמואל טוביה מענדלבורגס הויז, קעגנאיבער נייבוירן און דעם חזיר־פעלדשער (אַזוי האָט מען אים גערופן. דער נאָמען זיינער, אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז געווען אברהם פּיזיצקי). די ערשטע צייטן אין אַ קליין הייזל, וואָס איז געשטאַנען אין שכנות פון איין זייט מיט פישל שענקערס הויז, קעגנאיבער דעם בית־המדרש; פון דער צווייטער זייט — מיט ניקעלס הויז נעבן דוד שליווינסקער.

די דריי יידישע פעלדשער האָבן זיך ווייט אונטערשיידט אין זייערע כאַראַקטערן. ליכטענשטיין איז געווען אַ רואיקער, אַ סאָלידער, אַ שטילער, אַ געדולדיקער. ער האָט גערן און לאַנגזאַם געענטפערט אויף אַלערליי פראַגן ביי אַ קראַנקן, און קיין פראַגן ביי אַזאַ פאַל ובפרט אין יענער צייט — פעלן דאָך נישט. דאַקעגן דער חזיר־פעלדשער (זאָל ער עס אונדז מוחל זיין) איז געווען אַ כעסן, ווייט נישט קיין געדולדיקער, האָט אָפּגעטון זיין שטיקל אַרבעט און היידאַ, אַלץ איז ביי אים געגאַנגען אין אַ שנעלן טעמפּאָ, בחפזונדיק, האָט ווייט נישט גערן געענטפערט אויף די אים געשטעלטע פראַגן, גע־קוקט, אַז מען זאָל אים נאָר געבן די פאָר גרייצערס און אַנט־לויפן.

עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז אין דער צייט איז דאָס באַצאָלן דעם דאָקטאָר, ווי אויך דעם פעלדשער פאַר אַ וויזיט געווען זייער האַנאָראָווע. נישט דער דאָקטאָר און נישט דער פעלדשער האָבן איבערגעציילט ס׳געלט פאַר דעם וויזיט, נאָר וויפל מ׳האָט זיי געגעבן אין דער האַנט אַריין, האָבן זיי עס אַריינגעוואָרפן אין טאַש נישט פרעגנדיק זיך אַפילו וויפל און וואָס.

דאָס איז געווען צו פאַרדאַנקען דעם גוט באַקאַנטן איבע־ראַל באַרימטן דאָקטאָר ראַדע, וועלכער האָט קיין געלט פאַר די וויזיטן נישט גענומען אין דער האַנט, נאָר מען האָט עס איינגעוויקלט אין פּאַפּיר און אַריינגעוואָרפן אים אין טאַש אַריין.

בלינד פעלדשער ווידער איז געווען אַ ביסל מעסיקער און רואיקער פון חזיר־פעלדשער, אָבער ווייט נישט פאַרמאָגט די געדולדיקייט פון ליכטענשטיינען.

בלינד מיט זיין האַלטונג בנוגע פּאַציענטן האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט זיך אויסגעוויילט דעם מיטלוועג צווישן ליכטענשטיינען און חזיר־פעלדשער. ליכטענשטיינס ספּעציאַליטעט איז געווען אינערלעכע קראַנקהייטן, דעם חזיר־פעלדשערס — אויסערלעכע, ווי פאַרשידענע מכות, קרעץ, פאַרך און אַנדערע הויט־קראַנקהייטן.

בלינד פעלדשער ווידער האָט זיך פאַרנומען אַ ביסל מיט דעם און אַ ביסל מיט יענעם. גרויס פאַכקענטעניש האָט בלינד אַרויסגעוויזן ביים אַרויסנעמען ציין. דאָס האָט ער געמאַכט

זייער שנעל און געשיקט. ווי נאָר מ׳האָט אים אָנגעוויזן אויפן קראַנקן צאָן האָט ער נישט דערציילט דעם פּאַציענט קיין מעשׂיות, געהייסן האַלטן אָפן ס׳מויל, די אויגן צום פּולאָפּ, די כלי גענומען אין מויל אַריין, באַלד האָט זיך געהערט אַ היכער אויסגעצויגענער קוויטש און דער צאָן איז שוין געווען אין דרויסן...

ס׳האָט זיך אַפילו אַמאָל געמאַכט (אומאויסגערעדט זאָל עס זיין...), אַז פאַר גרויס איילעניש האָט די צוואַנג אַרויסגעריסן אַ גאַר געזונטן, „אומשולדיקן" צאָן און אים נעבעך אַרויסגעוואָרפן פון זיין מקום מנוחה.

אין אַזאַ פאַל האָט דער פעלדשער בלינד ווידער, ווי זיין שטייגער — דעם פּאַציענט נישט דערציילט קיין מעשׂיות. ער האָט אים נאָר געהייסן נאָך אַ ביסל האַלטן אָפן ס׳מויל און די אויגן צום פּולאָפּ און ווידער האָט זיך אַלץ איבערגעחזרט ווי פריער.

האָנאָראַר האָט ער נאָר גענומען פאַר איין צאָן, דער צווייטער איז געווען גראַטיס... בעסער געזאָגט, „נאָד פּראַגראַמאָווע".

דער איינגאַנג צו די פעלדשערס איז געווען דורך אַ פּראָגטאָווע געוועלב־טיר איבער וועלכער ס׳האָבן אויף אַ לאַנגער שטאַנג געהאַנגען דריי מעשענע גלאַנציקע טעלער און איבער זיי אַ שילד מיט דער אויפשריפט: „סטאַרשי פעלדשער".

אויסער דער פעלדשעריי האָט יעדער פעלדשער געקענט די מלאכה פון שערן און ראַזירן, די צוויי פאַכן זענען געווען דעמאָלט ענג פאַרבונדן. צו דעם צוועק האָט יעדער פעלדשער אויפגעהאַלטן אַ ראַזורע און אַז ס איז דאָרט אַריינגעקומען אַ פּאַציענט האָט מען אים אויסגעפרעגט וואָס זיין פאַרלאַנג איז: צי אַרויסרייסן אַ צאָן, צי אָפּשערן זיך, אָדער גאָר מאַכן זיך אַ קאַנע... הגם אין יענער צייט איז די ראַזורע געווען אָן אָרט נאָר פאַר די „דייטשן", פאַר די „ווילע יונגען", פאַר די „גאַליטראַמבעס".

דער חסידישער עולם און קינדער האָבן די ראַזורעס גאַנץ ווייניק באַנוצט. דאָס אָפּשערן זיך איז פאָרגעקומען אין דער היים, געמאַכט האָט עס די מאַמע, אָדער גאָר די באָבע... אַ ס׳איז אַרויסגעקומען מיט שטיגן, מיט זאַגאַנעס — וועמען אַרט עס, אַבי די פּאות זענען נישט גערירט און ס׳וועט נישט זיין קיין חציצה ביים תפילין־לייגן.

פון צייט צו צייט האָבן אויף די ראַזורעס באַזוכט די דעמאָלטיקע משׂכּילים „קאַליע געוואָרענע" — בית־המדרש־בחורים, וואָס האָבן אויסגעפונען אַ בפירושן דין, אַז פאַר שערן די באָרד מיט אַ שער און נישט מיט קיין ראַזיר־מעסער איז מען נישט עובר אויף די פינף לאוין.

דער עולם, פאַרשטייט זיך, האָט אויף די דאָזיקע לייט געקוקט, ווי אויף אָפּענע אַפּיקורסים פון וועמען ס׳איז אײַנגאַנצן אַראָפּ דער צלם אלקים.

און אַזעלכע האָט זיך דעמאָלט געפונען אין טאָמאַשאָוו אַ היפּשע צאָל, וואָס האָבן געוויסע שעהן עוסק געווען אין ספרי חיצונים... ווי, למשל, איטשע קיניצערס, דעם שמוקלערס זון, טובא־וואָלף גבאים, ישכר מלמדס זון און אַנדערע.

דעם אמת געזאָגט, איז דעמאָלט אין בית־המדרש גופא אויך געווען אַ שפּאַר ביסל בחורים, ביי וועלכע די בערד זענען געווען גערירט, אָבער נישט חלילה מיט קיין שער, נאָר אונטערגעזענגט מיט אַ חלבן ליכטל, אָדער גאָר פּשוט אויסגעצופּט־אויסגעריסן, וואָס עס איז על־פּי־דין כּשר אַפילו למהדרין מן המהדרין...

דאָס אויסציפּן די באָרד איז ביי אייניקע געווען אַזאַ געוווינהייט, אַז די האָבן נישט געלייגט קיין שום אַכט אויף די "באַמבלעס", וואָס האָבן זיך באַוויזן אויפן פּנים, אויף די שמערצן, וואָס דאָס ציפּן האָט גורם געווען, נאָר מ׳האָט געהאַלטן אין איין ציפּן און רייסן. און געציפּט האָט מען נישט קיין איינצלנע האָר, נאָר גאַנצע סנאָפּעס. על פּי רוב איז דאָס ציפּעריי פאָרגעקומען ביים פאַרטיפן זיך אין אַ שווערן ענין. דעמאָלט האָט זיך דער שטערן געקנייטשט אויטאָמאַטיש אַרויף און אַראָפּ און די הענט האָבן געאַרבעט ביי דער באָרד, אויסגעציפּט אַ ביסל האָר, אַ קוק געגעבן אויף זיי און אַריינגעלייגט זיי אין אַ ספר, אָדער גאָר פאַרברענט ביי אַ ברענענדיק ליכטל.

דער פרייז פאַרן אָפּשערן איז געווען אַ מינימאַלער. פאַר 2 „דרייערס" האָט מען גאַנץ שיין אָפּגעשוירן אָן שטיגן און אָן זאַגאַנעס. פאַר יינגלעך איז גענוג געווען איין „דרייער" אויך. (אַ דראַיער איז געווען אַ מטבע אין ווערט פון אַנדערטהאַלבן קאָפּיקעס, אויסגעאַרבעט פון אַ גלאַטיק רונדיק שטיקל קופּער אָן אַ שום צורה און אויפשריפט).

אברהם ליכטענשטיין האָט אויף דער ראַזורע נישט געלייגט קיין גרויס אַכט. לעצטנס האָט ער זי אינגאַנצן ליקווידירט. געצויגן האָט ער זיין חיונה פון פעלדשעריי. געהאַט האָט ער פּראַקטיק איבערגענוג: ביי די „דייטשן", ביים חסידישן עולם און ביים דורכשניטלעכן ייד. איבעראַל האָט מען אים געאַכטעט, אומעטום האָט מען געוווּסט, אַז ליכטענשטיין פעלדשער איז אין זיין פאַך אַ קענער און דערצו אַ הויפּטערלעכער מענטש.

געוויינלעך האָט מען אין יענער צייט גערופן אַ פעלדשער ערשט נאָכדעם ווי מ׳האָט געהאַט אויסגענוצט אַלערליי היימישע מיטלען. אויב, למשל, עס איז עמיצער אַוועקגעפאַלן אויף קאָפּ־שמערצן, מאָגן־ווייטאָק, שטעכעניש אין אַ זייט וכדומה, האָט מען קודם־כּל געשיקט אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע.

צו דעם איז אין יענער צייט געווען אַ ספּעציאַליסט יעקב

שמעון מלמד, וועמענס שפרוך עס האט מאמענטאל געווירקט... ווייל, ווי ער פלעגט תמיד זאגן, ער איז געווען א בכור בן־בכור...

די פראצעדור פון עין־הרע אפשפרעכן איז געווען אזעלכע: ערשטנס, האט ער זיך גענוי אויסגעפרעגט ווי דער חולה הייסט לויט דער מוטערס נאמען און איבערחזרנדיק עטלעכע מאל דעם דאזיקן נאמען, האט ער שטייפער צוגעצויגן דעם גארטל, אויסגעגלייכט דאס היטל מיט דער יארמולקע, א וויש געגעבן מיט די הענט איבער די שויבן, א קנייטש געטאן דעם שטערן, פארמאכט די אויגן און גענומען שעפטשען שטילערהייט מיט די ליפן, שפעטער ארויסגעלאזט א לאנגן אויסגעצויגענעם געניץ און ענדלעך אויסגעשפיגן דריי מאל.

אויב דער שפרוך האט נישט פועל געווען, האט מען זיך גענומען צו די היימישע מיטלען און קודם־כל האט מען געזען, אז דער חולה זאל האבן „אפן־לייב". צו דעם צוועק האט מען געמאכט א צעפל, א קאנע, — איינגעגעבן צענערס מיט ראבארבערע, שפעטער ווידער האט מען דריי מאל אפגעלעקט דעם דופק, געלאזט איבערזען די מזוזות, געגעבן דעם קראנקן א ביסל "לוּבינג", ווי א פריש שטיקעלע ברויט מיט פוטער, א פענעצל ארומגעשמירט מיט קנאבל א.ד.גל. און אויב חלילה דאס אלץ האט נישט געהאלפן, האט מען גערופן ליכטענשטיינען, וועלכער האט טאקע נישט געלאזט אויף זיך ווארטן, גענומען זיך אלע כלים: דעם ראניעל מיט באנקעס, די קאנע, דעם גראדאטשניק (טערמאמעטער) און איז אוועק צום חולה.

נאך א גענויער אונטערזוכונג און אויספרעגן זיך וועגן דעם גאנג פון דער קראנקהייט האט ער פעסטגעשטעלט די דיאגנאזע און פארארדנט וואס דעם חולה צו געבן. און ווי נאר ער איז געווען עפעס מסופק וועגן דער קראנקהייט, האט ער באלד געהייסן רופן דעם דאקטאר ראדע. אין אזא פאל האט מען שוין געוווסט, אז די קראנקהייט איז אן ערנסטע און אז דער חולה דארף האבן גרויס רחמים.

עס האבן אויך פאסירט פאלן ווען ליכטענשטיין איז געווען זעלבשטענדיק און האט געטאן אויף אייגענער אחריות. דאס איז שוין געווען אין אן אויסערגעוויינלעכן פאל.

אט, למשל, האט מען אים געהאט גערופן צו א חולה אן אכט־יאריק יינגעלע, וואס איז קראנק געווען אויף עצירות. די קראנקהייט האט שוין געדויערט א 3—4 טעג, אלע היימישע מיטלען האבן נישט געווירקט, האט ליכטענשטיין אויפן ארט און שנעל אנגעווענדעט א זייער ריזיקאליש מיטל, וואס האט זיך אים טאקע גוט איינגעגעבן.

ווען דער מצב פונעם חולה האט זיך געענדערט צום גוטן, האט ליכטענשטיין אויפגעקלערט אין וואס עס האט זיך געהאנדלט, ד. ה. ווי ווייט דער חולה איז געווען אין א סכנה און פשוט פון הימל האט מען אים איינגעגעבן די עצה אנצווענדן אזא שארף מיטל. נישט בחינם האט מען דעמאלט געזאגט, אז אויך מיט ליכטענשטיינען, אזוי גוט ווי מיט אלע גרעסטע דאקטוירים, גייט מיט דער מלאך רפאל.

ביים פארשרייבן א רעצעפט האט ליכטענשטיין די נישט־פארמעגלעכע פאציענטן געראטן ווי אזוי צוזאמענצושטעלן די „לעקארסטוואַ" ביליקער. צו דעם צוועק האט ער געהייסן קויפן ביי פאצאנאווסקין יעדעס ארטיקל באזונדער און דערנאך געוויזן ווי אזוי דאס צונויפצושטעלן.

מיט זיין רואיקייט און גרויס געדולדיקייט און בכלל מיט זיין ארט האנדלונג, האט ליכטענשטיין ארויסגערופן צו זיך גרויס רעספעקט און האט געשמט אין דער גאנצער סביבה אלס גרויסער מומחה און בעל מוצלח.

# נעמען און צונעמען

**ישראל פרענקעל / שיקאגא**

אין דעם אמאליקן טאמאשאוו האבן די יידן איינער דעם אנדערן על פי רוב נישט גערופן ביים פאמיליע־נאמען, נאר ביי א צונאמען.

צונעמען זענען געווען פארשידענע און עס איז כדאי זיי איינטיילן אין קאטעגאריעס, ווארום די צונעמענישן זענען דער עיקר באשטאנען אדער פון דינאסטישע, פון דער פרשה „ואלה שמות" — לויטן פאטער, מוטער, זיידן, באבען, אדער עלטער־זיידן.

למשל: פישל־אברהם לאה־דינהס; אברהם חיה־עלקעס; משה חיה־רבקהס; דוד־שמואל אברהם־עלקעס.

מען האט אויך גערופן יידן לויט דעם פאך וואס ער האט זיך פארנומען, ווי צום ביישפיל: משה שוסטער, דוד טישלער, יענקל דרעקסלער, זקן מאלאזש, זקן לערער. דער בעקער, דער דראזשקאזש, דער קאוואל, דער טרעגער, דער מויערער א.אז.וו.

מען האט אויך גערופן די יידן לויט די קאלירן: דער געלער בעריש, דער געלער משה, דער געלער דוד, דער שווארצער יענקל, די ווייסע פייגע א.אז.וו.

געווען אויך צונעמענישן לויט דער שטאט־אפשטאמונג, אדער דארף פון וואנען דער „בעל־כינוי", אדער זיינע עלטערן

זענען געקומען קיין טאָמאַשאָוו. למשל: הערשל אַפּאַלטשינער, יענקל קאָנסקער, דער אינאָוואָלדזער, דער גריצער, דער בענטקאָווער, דער לאָדזשער, דער וואַרשעווער, דער צעקאָ־נאָווער, דער מאַגעלניצער, דער בריסטאָווקער אאַז״וו.

אַ טייל האָט מען גערופן לויטן וווּקס: דער גרויסער נחמן, דער קליינער, דער שטיפער.

אַנדערע האָט מען גערופן לויטן מום, ווי דער לאָמער וויגדאָר, דער לאָמער מיילעך, דער לאָמער מאיר, דער טויבער בעריש, דער טויבער משה, דער בלינדער, דער הויקער, דער שטומער, דער ציטערדיקער, דער שאַקלדיקער.

איך מוז אויך אויסרעכענען אַלגעמיינע צונעמען, וואָס איך געדענק פון אַמאָל. איך וויל דערביי זיך אָפּהאַלטן פון אַזעלכע צונעמען, וואָס קענען נישט צוליב עסטעטישע, אָדער אַנדערע טעמים אַרויפגעבראַכט ווערן אויפן פּאַפּיר.

עס איז אַ פאַקט, אַז מען האָט אַזוי גערופן יידן ביי אונדז אין שטאָט און אויך אין אַנדערע שטעטלעך אין פּוילן.

כמעט יעדער ייד האָט זיך געהאַט אַ צונאָמען. כדאי זיי צעטיילן לויטן אלף־בית:

א׳: אינדיק.

ב׳: באָבע, בייגל, בודיש, באָבער, בוידעם, באָק, באַש, באַרשטיק, בראָק, באַלאַן, באַלקעס, באַנק־קראַיאָווי, ביק, בולוואַן.

ג׳ גאָמקעס, גלעקל, גלאָק, גרעגער, גאַנעק, גאַלקעלע, גראַלעק, גאַרבערס.

ד׳: דרייקאָפּ, דענשטשיק, דיבוק.

ה׳: הילצערנער קאָפּ, הויזן־ציער, היטל־מאַכער.

ו׳: וואַרגאַל.

ז׳: זעקעל, זעזאַק.

ט׳: טראָפּ, טעטלאַך, טשוק, טשאָקל, טרענדער, טשאָפּ, טאַרבע, טרייבעטשאָזש, טעקאָ, טאָסעלע.

י׳: יאָטש, יאַצעק.

כ׳: כאָלערע, כאַנפעס, כאַפּוש.

ל׳: לאָש, לאַטעק, לאָמפּן־ציער, לובוכניער.

מ׳: מילטער, מעגאַ, מעטלאָק, מאַזשניאָק, ממזר, מייקיס, מזיק, משיח, מאַרשיליק, מע.

נ׳: ספּאָדניק, ספּאָדעק, סטאַמע, סמאָלאַרזש, סראָקאָ.

פ׳: פּאָקעל, פּאַלעק, פּיעטריק, פּויער, פּאָמפּ, פּעטשקע, פּאַפּוס, פּעטער, פּאָמיטעלע, פּלעשל, פּאָי, פּופּיק, פּאַרבערס, פּאַרעך, פלאַפליק, פּאָפּאַלאָווער, פּיענקנאָ, פּאַק, פּאָמפּע.

צ׳: צווייגאָס, צימבער, ציפער, צעקאָנאָווער, צוויק, ציבעלע.

ק׳: קאָשע קאַפּיטשאַרזש, קאַלאַן, קלאָדאָוויצער, קאָפּ, קיזדאָ, קעפּקעס, קוטשעביירעך, קאַטשקע, קישקע, קאָצאָפּ, קנאָפּזאָרגער, קראַדניק, קאָטער, קוואָקאָ, קוקעל, קאָוואַל, קוקאָ, קעלבאָס, קריכער, קול־מבשר, קאָווע־ברענער, קאָזשעל, קאַליע־מאַכער, קוטוואַ־קעס, קלעזמער.

ר׳: ראָנטשקע, ראָווער, ראָצער, ריזיק.

ש׳: שמערגער, שמייסער, שמאַלץ, שאָשעלע, שטערב, שפּיז, שטובער־שנאָרער, שמענדריק, שוויגערס, שלאָק, שאַמיס (שמש), שירעם־מאַכער, שוואַכער אד״גל.

דאָ איז בלויז אַ טייל פון די צונעמען, וואָס יידן האָבן געטראָגן נישט נאָר אין אונדזער שטאָט, נאָר, ווי געזאָגט, כמעט אין אַלע שטעטלעך אין פּוילן.

וויפל פּיעטעט און היימישקייט איז געלעגן אין די דאָזיקע שלום־עליכם־צונעמען. וויפל טעם עס האָט געהאַט למשל אַזאַ נאָמען, ווי „דרייקאָפּ", וואָס האָט באַצייכנט אַ קלוגן ייד, וואָס קען זיך געבן אַן עצה אין אַלע באַדינגונגען און וויפל פאַלקסטימלעכקייט עס איז געווען אין אַזאַ צונאָמען, ווי „הילצערנער קאָפּ" — אויב עמיץ האָט אַזוי שנעל נישט תופס געווען אַ זאַך.

ביי קיין שום אומה אין דער וועלט האָט זיך נישט געפּאָדערט אַזוי פיל איינפאַל פון אַ מענטש, ווי פון אַ ייד, וועלכער האָט, נישט געקוקט אויף די רדיפות און דאגת־הפרנסה, דאָך איינגעהאַלטן זיין קיום און עקזיסטענץ.

וווּנדערן זיך די אומות העולם: אין וואָס באַשטייט דער כוח פון ייד, וואָס ער קען אַרויס פון אַלע פייערן, אַלע קידוש־השמס און בלייבן לעבן?

איך ענטפער איז פּאַראַן דערויף: די פעאיקייט און איינגעבאָרענע אינטעליגענץ, אַפילו ווען דער ייד האָט נישט פאַרענדיקט קיין פאַקולטעטן.

אַזעלכע צונעמען, ווי „מזיק", „משיח", „ממזר", „קול מבשר" און נאָך און נאָך כאַראַקטעריזירן בולט די דורכגעטריבנקייט פון ייד און זיינע איינפאַלן ביי אַלע אומשטענדן.

אַ גאַנץ בוך וואָלט מען געקענט אָנשרייבן אויף דער דאָזיקער טעמע און ווער עס וועט אויף אַ רגע אַנאַליזירן די צונעמען, וואָס מיר ברענגען דאָ אויבן און זיך פאַרטראַכטן אויף אַ רגע וועגן די סיבות ווי אַזוי עס איז געשאַפן געוואָרן דער יידישער פאָלקלאָר, וועט געווגו זיין צו באַגרייפן דעם „נצח ישראל לא ישקר", דעם „עם ישראל חי" אין אַלע דורות.

# אל מלא רחמים

דיין אלמנות ואבי יתומים, אל נא תחשה לדם ישראל שנשפך כמים, תן מנוחה נכונה על כנפי השכינה במעלות קדושים וטהורים, כזוהר הרקיע מזהירים את נשמותיהם של שש מאות רבבות אלפי ישראל, ובתוכם אלפי בני הקהילה הקדושה טומשוב־מזוביצק, אנשים ונשים, ילדים וילדות שנהרגו ושנשחטו ושנשרפו ושנטבעו ושנחנקו ושנקברו חיים בידי מפלצות הצור־רים הגרמנים ואחרים שר״י (שם רשעים ירקב) בגולת אירופה (במחנות הריכוז בליז׳ין, בוכנוולד, אושוויינ־צים, טרבלינקה, ובמחנות אחרים, וגם בטומשוב וסבי־בותיה, ואלה שנפלו בשדות קרב שונים במלחמה נגד הנאצים — כולם קדושים וטהורים, בגן עדן תהא מנוחתם. לכן בעל הרחמים יצרור בצרור החיים את נשמתם, ה׳ הוא נחלתם ויזכור לנו עקדתם ותעמוד לנו ולכל ישראל זכותם. ארץ, אל תכסי דמם ואל יהי מקום לזעקתם. בזכותם נדחי ישראל ישובו לאחו־זתם והקדושים לזכרון תמיד נגד ה׳ צדקתם. יבואו שלום וינוחו על משכבותם.

ונאמר אמן.


Wolborka
ul. Piłsudskiego
Do Piotrkowa
ul. Jeziorna
ul. Św. Tekli
Do Łodzi
Do Warszawy
ul. Warszawska
ul. Wesoła
ul. Miła
ul. Gustowna
ul. Władysława
ul. Tkacka
Pl. Kosciuszki
ul. Św. Antoniego
ul. Pałacowa
ul. Mościckiego
ul. Jerozolimska
Do bramy Getta
ul. Krzyżowa
ul. Piekarska
ul. Kramarska
ul. Zgorzelicka
ul. Wieczność
ul. Stolarska
ul. Południowa
ul. Bożnicza
ul. Cicha
ul. Polna
ul. Tarna
ul. Słowackiego

# איך באַשולדיק

משה ווייסבערג

די יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן עקזיסטירן נישט מער!

נישטאָ מער מיין יידיש טאָמאַשאָוו! צעשטערט, פאַרניכטעט, פאַרברענט! די הייזער, די גאַסן, די בתי־מדרשים. די יידישע שולן און קולטור־אַנשטאַלטן; די געשעפטן און וואַרשטאַטן, די פּאַרטייען, פאַראַבאַנדן און יוגנט־באַוועגונגען, אַפילו דער בית־הקברות — אַלץ, אַלץ איז פאַרניכטעט.

און די יידישע לעבנס? — פאַרפייניקט אין שפּאַט, הונגער, אין שמוץ און אין ענגשאַפט, פאַרשאָטן לעבעדיקע אין מאַסן־גריבער; געשאָסן, געהאָנגען, אומגעבראַכט מיט די פאַרשידנסטע באַרבאַרישע און טייוולאַנישע מאָרדן; פאַרגאַזט, דערשטיקט, פאַרברענט!

דייטשיש פאָלק! איך ווייס נישט, ווי דיך אָנצורופן: פאָלק פון רוצחים? — ניין! דאָס איז צו שוואַך, ווייל אַ רוצח איז אַ מענטש, וועלכער דערמאָרדעט אַ צווייטן צוליב געוויסע אומנאָרמאַלע סיבות. באַרבאַרן? — ניין! דאָס איז אַן אויסדרוק פאַר ווילדע פעלקער און שבטים, וועלכע האָבן געקעמפט, אָדער באַפאַלן אין די פּרעהיסטאָרישע צייטן, אָדער אין דער תקופה פון מיטלאַלטער.

אָבער איר, דייטשן, האָט זיך אָנגערופן אַ קולטור־פאָלק פון 20־טן יאָרהונדערט. ווי קומט עס, וואָס דווקא איר זאָלט שאַפן מענטשלעכע ליידן און פּיין אַזוי גרענעצלאָז און שווידערלעך? ווען מען פּרוּווט עס היינט דערציילן, קלינגט עס אומבאַגרייפלעך, אומפאַרשטענדלעך, כמעט אומגלויבלעך, ווי אַ גרויליקע פאַנטאַזיע.

אין פיל הונדערטער שטעט און שטעטלעך אין פּוילן און אין אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער, וווּ עס האָט אַ מאָל פּולסירט אַ רייך יידיש לעבן, איז ביים היינטיקן טאָג כמעט נישטאָ מער קיין זכר פון אַ ייד. יעדע שטאָט, יעדעס שטעטל איז אַ דאָקומענט פון טראַגיק און קידוש השם; יעדע גאַס און געסל, יעדעס איינגעפאַלן הייזל, יעדער שטיין איז באַפלעקט מיט יידיש בלוט, וואָס שרייט און פרעגט: „פאַרוואָס?“ באַשולדיקט און מאָנט: נקמה!

עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן נישט אַדורכגעמאַכט דעם מוראדיקן גיהנום און פרעגן אַזוי ווי ביאַליק אין זיין „שחיטה־שטאָט“: פּוילישע יידן! פאַרוואָס זענט איר געגאַנגען ווי שעפּסן צו דער שחיטה?

זאָל פאַר די יעניקע זיין מיין תשובה: אין דער צייט ווען מעכטיקע און באַוואָפנטע פעלקער און מלוכות זענען געפאַלן אין געציילטע טעג ביים צוזאַמענשטויסן זיך מיט די באַרבאַריש־טייוולאַנישע היטלעריסטישע כוחות; אין דער צייט, ווען דאָס פּוילישע פאָלק און אַנדערע פעלקער האָבן געשוויגן ווען מען האָט געמאָרדעט זייער אינטעליגענץ, געברענט און געראַבעט זייערע שטעט, זייער האָב־און־גוטס — וואָס האָט געקענט טאָן דאָס שוצלאָזע און הילפלאָזע יידנטום אין פּוילן און אין אַנדערע לענדער?

דאָך האָבן יידן אָרגאַניזירט פיל מער אויפשטאַנדן, ווי אַנדערע פעלקער אין זייערע אָקופּירטע לענדער. אין וואַרשע, אין ווילנע, אין ביאַליסטאָק, אין טשענסטאָכאָוו און אין פיל אַנדערע שטעט, אַפילו אין די גרויזאַמע טויטן־לאַגערן, ווי אוישוויץ און טרעבלינקע, האָבן יידן אָרגאַניזירט אויפשטאַנדן און געפאַלן אין גרעסטן און אין שרעקלעכסטן פּיין און גבורה.

די יידישע געשיכטע איז רייך אין בלוטיקע בלעטער, אָבער אין יעדער היסטאָרישער תקופה האָבן זיך יידן געקענט ראַטעווען דורך שמדן זיך, אויסקויפן זיך פאַר געלט, עמיגרירן אין אַנדערע לענדער א.א.וו. דאָס מאָל האָט גאָרנישט געהאָלפן. עס זענען אומגעקומען יונג און אַלט, רייכע און אָרעמע, גלויביקע, פרייַדענקער און משומדים.

עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן אַז וואָס מען האָט געקענט זאָגן האָט מען שוין געזאָגט און מען דאַרף אפשר גאָרנישט אַזוי פיל שרייבן וועגן דעם. וואָרום עס קלינגט אין די אויערן אומגלויבלעך, אָבער ווי קען מען שווייגן און נישט פאַראייביקן דעם אָנדענק פון יענע קדושים, וועמענס גייסט לעבט מיט אונדז, וועקט, דערמאָנט און מאָנט: פאַרגעסט אונדז נישט!

צי דאַרף איך, איינער פון די געראַטעוועטע פון שרעקלעכן חורבן, זיין איינער פון די, וועלכער זאָל דערמאָנען און מאָנען פאַר מיין טראַגיש־פאַרפייניקטן פאָלק?

צי איז עס אין מיינע כוחות און מעגלעכקייטן צו פאַראייביקן דעם זכר פון מיין פאַרפייניקטער און טראַגיש־פאַרניכטעטער קהילה טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, מיט אירע טויזנט יידן? אָבער די, וועלכע זענען מיט אַזאַ אַכזריותדיקייט אומגעבראַכט געוואָרן, די קרובים, נאָענטע, פריינד און באַקאַנטע, אַלע קדושים וטהורים פון מיין שטאָט טאָמאַשאָוו,

האָבן פאַר די על פּי נס געראַטעוועטע איבערגעלאָזט אַ צוואה, אַן אינערלעכע שטויס־קראַפט און באַדערפעניש צו געדענקען און שרייבן וועגן דער שרעקלעכער טראַגעדיע פון די יידן אין אונדזער שטאָט. זיי שרייען אַרויס פון די קברים, זייערע אויגן זענען געווען געווענדט צו אונדז פון די גאַז־קאַמערן אין טרעבלינקע און אין אַנדערע טויט־לאַגערן; פון דער טיפעניש פון די ברידער־קברים רופן זיי: שרייבט און דערציילט דאָס שרעקלעכע און נישט מעגלעכע! זאָל אין דער געשיכטע פאַראייביקט ווערן דאָס אַלץ, וואָס האָט זיך ביז איצט נישט געלייגט אויפן מענטשלעכן שכל! זאָל געשריבן ווערן, ווי ווייט די מענטשלעכע פאַנטאַזיע איז שוואַך אין אירע באַגריפן אין פאַרגלייך מיט דער ווירקלעכקייט! גייט! שרייבט! דערציילט! באַשולדיקט!

דערציילן? — האָט דען די מענטשלעכע שפּראַך ווערטער, כדי זיין אימשטאַנד צו דערציילן? זעט דען נישט אויס יעדע דערציילונג, ווי אַ שאָטן לגבי דעם וואָס עס איז געשען? ווי אַ לעגענדע?

ווען אַ מענטש שטאַרבט אין נאָרמאַלע צייטן מיט אַ נאָרמאַלן טויט, קען ער באַוויינט ווערן דורך הונדערטער, אָדער טויזנטער מענטשן. אין דעם פאַל דאַרף איין מענטש, איין געראַטעוועטער באַוויינען און דערציילן וועגן טויזנטער אומגעקומענע. איז עס מעגלעך?

און צי איז מעגלעך צו באַשולדיקן איינצלנע פאַרברעכער, וועלכע האָבן אויף זייער געוויסן טויזנטער, אָדער מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן — קינדער, זקנים, פרויען, מענער און בליענדיקע יוגנט?

איז דען פאַראַן אַ גזר־דין פאַר אַזעלכע פאַרברעכנס?

צי בין איך בכוח צו זיין איינער פון די, וואָס דאַרפן באַשולדיקן פאַר די אַלע רציחות, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן לגבי מיינע קרובים, נאָענטע, פריינד און באַקאַנטע אין מיין שטאָט טאָמאַשאָוו?

דאָך קען מען נישט און מען טאָר נישט שווייגן.

דייטשיש פאָלק! פאַר דער קולטורעלער וועלט ביסטו דאָס פאָלק פון קאַנט און ניטשע, דאָס פאָלק פון געטע און שילער. פאַר מיר און פאַר די אַלע על־פּי־נס־געראַטעוועטע פון דער בלוטיקער און נידערטרעכטיקער פאַרניכטונג ביסטו דאָס פאָלק פון מערדער און הענקער, באַרבאַרן און פייניקער, רוייבער און פאַרניכטער, באַנדיטן און בלוטדורשטיקע חיות, וועלכע האָבן קיין גלייכן נישט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

איך וואָלט איך, דייטשן, אָנגערופן מיט די שרעקלעכסטע און מיאוסטע אויסדרוקן, אָבער ליידער פאַרמאָגט נישט די מענטשלעכע שפּראַך אויסדרוקן, וואָס זאָלן קענען אַרומנעמען די גרויזאַמקייט פון אייערע פאַרברעכנס אין וועלכע איך באַשולדיק אייך.

דייטשיש פאָלק! איך באַשולדיק דיך פאַרן פאַרפּייניקן און פאַרברענען מיין אַלטע מוטער אין די טרעבלינקער גאַז־קאַמערן; פאַר דעם הונגער־טויט פון מיין פאָטער אין געטאָ, פאַר מיינע דערמאָרדעטע ברידער און שוועסטער, פאַר מיינע אומגעבראַכטע קרובים, פריינד און באַקאַנטע; פאַר מיין פאַרניכטעטער קהילה טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצק און אירע 15 טויזנט יידן; פאַרן פאַרניכטן אַ דריטל פון מיין פאָלק!

איך באַשולדיק אייך, דייטשן, פאַרן צערייסן און צעטרעטן קערפּערלעך פון יידישע קינדערלעך, פאַר צעשמעטערן זייערע קעפּלעך און באַפלעקן מיט זייער בלוט און געהירן די מויערן און שטיינער; פאַר באַגראָבן טויזנטער קינדערלעך לעבעדיקערהייט אין מאַסן־גריבער!

איך באַשולדיק אייך פאַר צורויבן ביי יידן, כמעט אין גאַנץ אייראָפּע, זייער האָב און גוטס, פאַר פאַרשפּאַרן זיי אין ענגע געטאָס און צווינגען זיי לעבן און מאַטערן זיך אין שמוץ און קראַנקהייטן, אין הונגער און נויט!

איך באַשולדיק אייך פאַרן פאַרברענען די שולן און בתי־מדרשים צוזאַמען מיט די יידן; פאַר שפּאָטן, דערנידעריקן און פאַרמאַטערן דאָס יידישע פאָלק אין פּוילן און אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע: גייסטיק און פיזיש, ערב דער טאָטאַלער פאַרניכטונג.

דייטשיש פאָלק! איך באַשולדיק דיך פאַר צווינגען די יידישע מאַסן גיין אויף זייערע אייגענע לוויות, פאַר טרייבן די צענדליקער און הונדערטער־טויזנטער צו די מאַסן־קברים, דערשיסן זיי נאַקעטע, אָדער באַגראָבן לעבעדיקע; פאַר דערשטיקן די מאַמעס צוזאַמען מיט זייערע זויג־קינדער; פאַר דערשיסן אַלטע און קראַנקע אין זייערע בעטן; פאַר הענגען און ברענען לעבעדיקע און פאַר אויסטראַכטן כלערליי משונה־דיק־טייוולאָנישע טויטן און רציחות!

דייטשיש פאָלק! איך באַשולדיק דיך פאַר טרייבן אונדזער שענסטע יוגנט, אונדזערע פרויען און מענער אין די טויט־לאַגערן, שלאָגן און פאַרמאַטערן זיי ביז צום טויט; פאַר רייסן פון לעבעדיקע און טויטע די גאָלדענע ציין; פאַר ניצן הויט, האָר, פעטס פון יידישע קערפּערס צו אייער פאַרברעכערישער אינדוסטריע; פאַר טויטן יידן צו אייערע מעדיצינישע עקספּערימענטן; פאַר פאַרגאַזן, דערשטיקן און פאַרברענען אונדזערע נאָענטע; פאַר אַלע באַרבאַרישע און סאַדיסטישע פאַרברעכנס, וועלכע עס איז גאָר אוממעגלעך צו באַגרייפן און אויסצורעכענען!

דייטשיש פאָלק! איך באַשולדיק דיך פאַר אַריינציען די פינצטערע עלעמענטן פון פאַרשידענע פעלקער צו הילף פאַר דער אַנטוויקלונג פון דיין טויט־אינדוסטריע.

איך באַשולדיק די אוקראַינישע באַנדעס און מערדער, וועלכע האָבן מיט אַזאַ גלייכגילטיקייט און רציחה געהאָלפן די דייטשע סאַדיסטן מאָרדן און פאַרניכטן אונדזער פאָלק!

איך באַשולדיק דאָס פּוילישע פּעבל, וואָס האָט מיט דער גרעסטער סאַטיספאַקציע געהאָלפן מאָרדן און רויבן דאָס פּוילישע יידנטום און עס איז צוליב דעם אפשר קיין וווּנדער נישט, וואָס דווקא אויף דער פּוילישער ערד האָבן די היטלעריסטישע מערדער אַנטוויקלט זייערע טויט־לאַגערן, ווו עס איז אומגעקומען דער רוב פון די 6 מיליאָן אייראָפּעישע יידן.

איך באַשולדיק די ווילדע האָלאָטעס פון אַלע אייראָפּעאישע פעלקער, וועלכע האָבן געהאָלפן די דייטשן אונדז אומברענגען: די ליטווינער, די לאָטישן, די אונגאַרער און די אַלע אַנדערע בלוטדורשטיקע באַנדיטן פון פאַרשידענע פעלקער און לענדער, ווו עס האָט געטראָטן דער היטלעריסטישער שטיוול.

איך באַשולדיק די ענגלענדער, וועלכע האָבן פאַרשלאָסן די טויערן פון ארץ־ישראל און נישט אַריינגעלאָזט די קליינע צאָל יידן, וועמען עס איז געלונגען צו אַנטלויפן פון היטלעריסטישן גיהנום. זיי זענען געווען געצוווּנגען דורך די ענגלענדער אַרומבלאָנדזשען איבער ימים און אומקומען אין די וואַסער־טיפענישן.

איך באַשולדיק די גאַנצע קולטורעלע וועלט, וועלכע איז געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט און צוגעקוקט זיך גלייכגילטיק, ווי מען ברענט און פאַרניכטעט אַ שוצלאָזן פאָלק!

יאָ, עס זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס זאָגן: קען מען דען באַשולדיקן דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק? זענען דען נישט געווען קיין יוצאי מן הכלל? און אויך די וויל איך ענטפערן: קיין יוצאי מן הכלל כאַראַקטעריזירן נישט דעם כלל, קיין אויסנאַמען כאַראַקטעריזירן נישט קיין שום געזעלשאַפט, קיין שום פאָלק. אין דער צייט פון דער גרויזאַמער פאַרניכטונג פון אונדזער פאָלק האָט זיך נישט געפונען אין דייטשלאַנד קיין איין אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל זיך אַנטקעגנשטעלן די שוידערלעכע פאַרברעכנס.

עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וועלכע זאָגן: אָט האָט איר היינט אַן אַנדער דייטשלאַנד. וויל איך אויך באַשולדיקן דאָס היינטיקע דייטשלאַנד, וואָס איך זע ווידער אַלס סכנה פאַר אונדזער פאָלק, פאַר אונדזער צוקונפט און אפשר גאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

איך באַשולדיק דאָס היינטיקע דייטשלאַנד, וואָס לאָזט פריי אַרומדרייען זיך אויף איר ערד טויזנטער פאַרברעכער, וועלכע האָבן געהאַט אַ באַדייטנדיקן אָנטייל אין אונדזער אומקום.

טויזנטער ס.ס.־לייט פאַרנעמען הויכע אַמטן אין היינטיקן דייטשלאַנד: אין מיליטער, אין דער פּאָליציי און אין אַלע אַמטן. געוועזענע נאַצישע ריכטער משפּטן נאַצישע מערדער, וועלכע קומען מיט זייערע שיינע אויטאָס צום משפּט און וועלכע ווערן באַפרייט, אָדער באַקומען פאַר דערמאָרדן הונדערטער און טויזנטער אומשולדיקע, אַן אורטייל, וואָס רופט אַרויס אַ געלעכטער: אַ יאָר, אָדער צוויי יאָר תפיסה פאַר אויסמאָרדן אַ שטאָט מיט יידן און אויך דער אורטייל ווערט נישט אויסגעפירט, אָדער עס ווערט דערמעגלעכט דעם רוצח צו אַנטלויפן.

איך באַשולדיק דאָס היינטיקע דייטשלאַנד, וואָס טאָלערירט, אַז אירע געלערנטע, געוועזענע נאַציס און נישט־נאַציס זיצן אין מצרים און אין אַלע פיינטלעכע אונדז מדינות און שאַפן פאַר זיי דאָס מאָדערנסטע געווער, כדי צוצוגרייטן פאַר אונדז אַ פריש בלוט־באָד.

אין אַמעריקע, אין קאַנאַדע, אין אַלע דרום־אַמעריקאַנישע לענדער; אין אויסטראַליע, אין אַ ריי אַפריקאַנישע לענדער; אין אַלע אַראַבישע לענדער און אומעטום, געפינען זיך דייטשע פאַרברעכער, געוועזענע נאַציס, ס.ס.־לייט, וועלכע פירן ווייטער אַ ווילדע און גיפטיקע העצע קעגן יידישן פאָלק, אָרגאַניזירן ווידער אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען קעגן די אָרטיקע יידן און קעגן כלל ישראל.

יאָ, עס איז אוממעגלעך אויסצורעכענען די אַלע באַשולדיקונגען, וואָס איך וואָלט געקענט אַרויסברענגען קעגן דייטשן פאָלק.

עס איז אוממעגלעך אויסצורעכענען די אַלע פאַרברעכנס, וואָס די דייטשן זענען לגבי אונדז באַגאַנגען.

אפשר וועט זיך געפינען אין דער צוקונפט אַ היסטאָריקער, וועלכער וועט קענען אַרומנעמען די תקופה פון אונדזער דור מיט אירע גרויזאַמקייטן און מוראדיקן פאַרנעם? — איך גלויב אָבער נישט אין אַזאַ מעגלעכקייט.

איך פיל, ווי שוואַך עס זענען מיינע ווערטער אין פאַרגלייך מיטן יאָמערדיקן געוויין פון די מאַסן־קברים פון מיין אומגעקומענער קהילה אין מיין שטאָט! איך ווייס, אַז איך רעד אין נאָמען פון די 15 טויזנט יידן פון מיין שטאָט טאָמאַשאָוו און אומגעגנט, אָבער ווי שוואַך זענען ווערטער, אַנטקעגן דער גרויסקייט פון מות קדושים!

נישטאָ מער קיין יידישע שטאָט טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק! זאָלן מיינע באַשיידענע ווערטער זיין דער זכרון פון אַלע קדושים וטהורים פון מיין שטאָט!

זאָלן מיינע ווערטער זיין אַ סימבאָלישע מצבה פאַר מיין טראַגיש־אומגעבראַכטער קהילה טאָמאַשאָוו!

ברײַנדל שטוטמאַן און איך, און מיר זענען אַוועק פון שטאָט. אויפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן אַ סך גרופעס קאַלושינער אײַנוווינער, וועלכע זענען געגאַנגען אין פאַרשידענע ריכטונגען.

אַן אײנציקער זון בין איך געווען בײַ מײַן מאַמען, און ווען איך האָב זיך געגרייט אַוועקצוגיין האָב איך זי געבעטן, אַז זי זאָל מיט מיר מיטגיין, אַז וואָס עס וועט זײַן מיט מיר וועט אויך זײַן מיט איר. מײַן מאַמע איז געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענע. אַלע יאָרן האָט זי געהאָפט מיך צו פירן צו דער חופּה — דאָס אײנציקע גליק פאַר וועלכן זי האָט געלעבט און געטרוימט, — איז זי געשטאַנען און געוויינט מיט ביטערע טרערן: „איך וואָלט גערן מיטגעגאַנגען, נאָר ווי וועל איך גיין? איך בין אַלט און האָב שוין מײַנס אָפּגעלעבט, גיי דו, מײַן זון". מיר האָבן זיך לאַנג געקושט און מײַן פּנים איז געוואָרן נאַס פון דער מאַמעס טרערן.

אַזוי האָב איך פאַרלאָזט מײַן געבורטסשטאָט קאַלושין, אויף אײביק, און מיטגענומען מײַן מאַמעס טרערן אויף מײַן גאַנץ לעבן.

מענדל בערמאַן / דעטרויט

# חורבן קאַלושין

נאָכדעם ווי די קריגס־אָפּעראַציעס האָבן זיך פאַרענדיקט מיט גרויסע פאַרלוסטן פאַר אונדזער שטעטל — הונדערטער ייִדן דערשאָסן און דער גרעסטער טייל הײַזער פאַרברענט — הייבט זיך אָן צוליב מאַנגל אין וווינונגען אַ טיילווײַזע אויסוואַנדערונג פון די קאַלושינער ייִדן אין די שכנותדיקע שטעטלעך — מראָזי, מינסק־מאַזאָוויעצק, ווענגראָוו, דאָברי, און אויך אין די פאַרשידענע דערפער. אַ באַדייטנדיקער טייל — הויפּטזעכלעך יונגע, פּעקלען זיך אַריבער אויף דער סאָוויעטישער זײַט. אַזוי, אַז פון די בערך 7000 נפשות, וואָס די קאַלושינער ייִדישע באַפעלקערונג האָט געציילט פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, בלײַבן נאָר אַ 4500.

די ערשטע רעפּרעסיעס מצד די דײַטשן האָבן זיך אָנגעהויבן מיט כאַפּן ייִדן צו אַרבעט. יעדע פּאָר טעג האָט מען דורכגענישטערט אַלע ייִדישע וווינונגען און אַלע ווערטפולע זאַכן האָט מען צוגערויבט. דאָס האָט פּאַראַליזירט דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן פון אונדזער שטעטל.

ווען די דײַטשן האָבן פּראָקלאַמירט פּוילן אַלס גענעראַל־גוווערנעמענט און אין מינסק־מאַזאָוויעצק הייבט אָן זײַן טעטיקייט דער אַזוי גערופענער „לאַנדראַט" (ווי פאַר דער מלחמה — „סטאַראָסטווע") — ווערט דער דעמאָלטיקער בירגערמייסטער אויפגעפּאָדערט צו באַשטימען אַ יודענראַט, און גלײַך ווערט טאַקע באַשטימט אַ יודענראַט פון 12 פּערזאָן, איבערהויפּט געוועזענע דאָזאָרעס, ווי אויך געוועזענע מיטגלידער פון ייִדישן קהילה־ראַט — אין פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: ראובן מיכלזאָן, אברהם גמזו, יודל פּיענקנאַוויעש משה בערמאַן, משה קישעלניצקי, אלתר משה גאָזשיק יענקל גאָלדוואַסער, לייזער באָרנשטיין, הערשל פעלדמאַן, מאָטל אהרנסון, שמואל לייזער סאַדאָווסקי און דוד באַטאַלין. עס ווערט אויך באַשטימט אַ ייִדישע פּאָליציי (אַזוי גערופענע „אָרדנונגס־דינסט") אונטער דער לייטונג פון אײנעם אַ געקומענעם פון לאָדזש — דעמבאָוויטש, אַ קוזין פון יודל דעמבאָוויטש. עס ווערט אויך באַשטימט אַ ייִדישע סאַניטאַר־אָפּטיילונג.

דער ערשטער באַפעל, וואָס דער יודענראַט האָט באַקומען, איז געווען אײנצואָרדענען די דײַטשישע זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט זיך באַזעצט אין מראָזי, מיט אַלעמען — מיט אויסגעמאָלטע וווינונגען, מעבל, קאָלדרעס, געצייג און פאַרשידענע געשיר. מיט איין וואָרט, מען האָט נישט געזשאַלעוועט אויף אונדזער חשבון אַלע באַקוועמלעכקייטן. און אַזוי איז עס געגאַנגען כסדר, ווי נאָר די דײַטשן האָבן געשאַפן נײַע אַמטן, זענען ייִדן געצוווּנגען געוואָרן צוצושטעלן אַלץ וואָס נויטיק. זענען טאַקע די שטייער־לאַסטן שטאַרק געשטיגן און די אָרעמקייט האָט אַרומגעכאַפּט אַלץ ברייטערע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג.

אין דעצעמבער 1939 קומען אָן פאַראָרדענונגען, אַז אַלע ייִדן מוזן טראָגן ווײַסע אָרעמבענדער מיטן בלויען מגן־דוד. פאַרן נישט טראָגן די אָרעמבענדער (די „שאַנד־באַנד", ווי די דײַטשן האָבן זי גערופן) ווערט מען באַשטראָפט מיט האַרבע שטראָפן. עס קומט

# דאָס יאָר 1939

## (זכרונות)

**לייב יאַנושעוויטש**

שרעקלעך זענען געווען די טעג פון יאָר 1939. עס בלאָזן בייזע ווינטן פון מערב, וועלכע ברענגען יעדעס מאָל גרויזאַמע ידיעות וועגן די יידישע יידן אין היטלעריסטישן דייטשלאַנד. די פּאָליטישע לאַגע ווערט אָנגעשטרענגט פון טאָג צו טאָג, די לופט שמעקט מיט פּולווער, דער אַנטיסעמיטיזם וואַקסט.

יידן זענען צוגעשמידט צו די ראַדיאָס. אין די גאַסן שאַפן זיך גרופּעס יידן. יעדער ברענגט אַן אַנדערע ידיעה. איינער מאַכט אויספירונגען, אַ צווייטער טוט אַ זיפץ, אַ דריטער באַרואיקט. איין זאַך איז אָבער קלאָר, אַז עס ווערט שווערער אויפן האַרצן און די שטימונג איז אַ דערדריקנדיקע.

אַזאַ איז געווען די לאַגע אויף דער יידישער גאַס אין פּוילן. אַזאַ איז געווען דאָס יאָר 1939 אין אונדזער שטאָט טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצק.

עס געדויערט נישט לאַנג און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער אומרו ביי יידן איז געווען אַ באַרעכטיקטער.

1־טער סעפּטעמבער 1939. די דייטשע אַוויאַציע האָט מערדערלעך אָנגעגריפן פיל פּוילישע שטעט, נישט דערקלערנדיק אַפילו קיין קריג. 6 אַזייגער פרי ווערן אויך באָמבאַרדירט די גאַסן פון טאָמאַשאָוו: וויעטשנאָשטש און זגאָזשעליצקאָ; עס פאַלן די ערשטע יידישע קרבנות, ווי אינזשיניער פיינער און אַנדערע. דער קריגס־פּסיכאָז באַהערשט די יידישע מאַסן אין טאָמאַשאָוו. די אומרואיקייט שטייגט, מענטשן לויפן, דער הונגער הייבט אָן הערשן. עס שאַפן זיך רייען ביי די בעקערייען צו באַקומען ברויט.

מאָנטיק, דעם 4־טן סעפּטעמבער. שווערע לופט־אָנגריפן אויף דער ווילאַנאָווער פאַבריק און די עכאָס פון אויפרייסן לאָזן זיך הערן איבער גאַנץ טאָמאַשאָוו.

דאָס טאָמאַשאָווער יידנטום איז באַהערשט געוואָרן פון אַ פּאַניק און פאַרצווייפלונג. פאַר יעדן ייד ווערט קלאָר, אַז די געפאַר דערנענטערט זיך פון שעה צו שעה, פון מינוט צו מינוט.

דינסטיק, דעם 5־טן סעפּטעמבער. די דייטשע משחיתים באַווייזן זיך אויף די גאַסן פון טאָמאַשאָוו. ביינאַכט איז די שטאָט באַלויכטן פון די אַרומיקע ברענענדיקע דערפער. עס דוכט זיך, אַז עפּעס אַ געהיימער בת־קול רוימט איין יעדן ייד אַ סוד אין אויער: אַנטלויפט, יידן! ראַטעוועט זיך! עס קומען שווערע צייטן!

אויפן וועג פון טאָמאַשאָוו ביז ראַווע באַגעגנט מען מאַסן יידן פון טאָמאַשאָוו און פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. מען גייט, מען לויפט, מען פאָרט מיט פערד און וואָגן, אויף ראָווערן און אַנדערע פאַרקער־מיטלען.

יונג און אַלט, קליין און גרויס, זקנים און קינדער, מענער און פרויען מיט קינדער אויף די הענט, מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס — אַלע אַנטלויפן, ווי פון אַ פייער, וואָס האָט זיך צעבושעוועט — אַ שרעקלעכע שריפה.

די מערדערישע עראָפּלאַנען לאָזן זיך אַראָפּ איבער די קעפּ מיט זייער גרויזאַמען געברויש, וואַרפן באָמבעס, באַשיסן מיט מאַשין־געווער. מען לויפט, מען שרייט, מען וויינט און מען קרעכצט. עס פאַלן צענדליקער קרבנות.

דאָס געלויף אויפן וועג קיין ראַווע און קיין וואַרשע, ווי אויך די שווערע באָמבאַרדירונגען פון וואַרשע, האָבן געקאָסט די טאָמאַשאָווער יידן פיל קרבנות. עס זענען דעמאָלט אומגעקומען: יצחק בוימגאַרט, ה. סקאָרופּאַ, דער פריזיער ראָזשי און אַנדערע.

די באַרבאַרישע היטלעריסטן דרינגען אַריין פון אַלע זייטן, ווי אַ פּעסט, און דאָס לויפן ווערט וואָס אַמאָל שווערער און כאַאָטישער. פיל קערן זיך צוריק, אָבער עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וועלכע קומען איבערן טייך בוג קיין ביאַליסטאָק און אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

מיר האַלטן זיך אינאיינעם אייניקע טאָמאַשאָווער פאַמיליעס. אין ביאַליסטאָק און וואַרטן אומגעדולדיק אויף ידיעות פון דער היים. עס קומען עטלעכע לאַנדסלייט, וועלכע ברענגען לידער זייער טרויעריקע ידיעות וועגן טעראָר און פאַרניכטונג, וואָס עס הערשט אין שטאָט.

דער קריג יאָגט אונדז פאַרויס. דער בלינדער גורל פירט ווייטער.

אייניקע טאָמאַשאָווער האַלטן מיר זיך צוזאַמען אויפן ווייטן אוראַל און אין די ווייטע קאַזאַכסטאַנער סטעפּעס. אונדזערע אויגן און געדאַנקען זענען געווענדט צו אונדזערע נאָענטע אין אונדזער שטאָט. אפשר וועלן מיר זיך נאָך באַגעגענען, עמעצן טרעפן נאָך דעם ווי דער שונא וועט באַקומען זיין מפּלה.

די רוצחים האָבן געכאַפּט אַ מפּלה, אָבער דאָס פּוילישע יידנטום איז כמעט פאַרניכטעט געוואָרן. בלויז אַ שארית הפּליטה איז פאַרבליבן, וואָס זעצט פאָר דעם קיום, אויף צו להכעיס דעם מערדערישן דייטשן פאָלק.

# אונטערגאנג פון דער יידישער קהילה

אלימלך גאַרפינקעל

אַנדערש ווי אין די מערסטע שטעט און שטעטלעך פון פוילן, האָט אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק זיך אָפּגעשפּיגלט דער אויסברוך פון לעצטן קריג, און אַנדערש זענען אויך אַדורך די יאָרן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע. נאָך איידער די באַפעלקערונג האָט זיך דערוווּסט, אַז די נאַציס האָבן אַטאַקירט דאַנציג, איז טאָמאַשאָוו שוין געוואָרן באַמבאַרדירט פון דייטשע עראָפּלאַנען. דאָס איז געווען פרייטיק, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939. מיט פינף טעג שפּעטער, דעם 6־טן סעפּטעמבער, האָט די דייטשע אַרמיי פאַרנומען די שטאָט.

די פאָלקס־דייטשן, וואָס האָבן געלעבט אין טאָמאַשאָוו און במשך פון דורות אָנגעהאַלטן די פריינדלעכסטע באַציאונגען מיט די יידישע שכנים, האָבן מיטן אָנקומען פון די נאַציס אַראָפּגעוואָרפן די מאַסקעס און גענומען רודפן און פּלאָגן די שוצלאָזע יידן. דאָס ערשטע געשעעניש, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די יידישע באַפעלקערונג, האָט זיך אָפּגעשפּילט ערב ראש־השנה 1939. אין דעם דאָזיקן טאָג האָבן די דייטשן געמאַכט אַן „אַבלאַווע" און אַרויסגעשלעפּט 84 יידן, זיי אַריינגעזעצט אין אויטאָס און אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. אַ טיפער טרויער האָט אַרומגענומען די הערצער פון די איבערגעבליבענע מענטשן.

וועגן גורל פון די מענער, וועלכע מען האָט געכאַפּט ערב ראש־השנה, האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג דערוווּסט ערשט דאַן, ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די ערשטע טויט־שיינען פון בוכענוואַלד.

באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן גזירות. עס ווערן קאָנפיסקירט אַלע יידישע פאַבריקן און גרעסערע אונטערנעמונגען. אין די קלענערע יידישע געשעפטן מוז מען אַרויסהענגען אין די שויפענצטער אַן אויפשריפט „יודען־געשעפט", כדי די קריסטלעכע באַפעלקערונג זאָל וויסן, אַז עס איז אַ יידיש געשעפט. עס איז פאַרבאָטן געוואָרן די יידן זיך צו באַווייזן אין עפנטלעכע לאָקאַלן. אין אַנבליק פון דער לאַגע איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער יודענראַט. אַלס פאָרזיצער פון יודענראַט ווערט באַשטימט ב. שעפּס, אַלס פאַרטרעטער לייב־יש וואַרזאַגער.

אין אָקטאָבער 1939, איז דורך די אָרטיקע פאָלקס־דייטשן און היטלער־יוגנט אונטערגעצונדן געוואָרן די שטאָטישע שול און די בתי־מדרשים.

אין חודש נאָוועמבער 1939, זענען קיין טאָמאַשאָוו געקומען די ערשטע טראַנספּאָרטן פון לאָדזשער יידן. דאָס זענען געווען יידן, וועלכע מען האָט פון פאַרשידענע קוואַרטאַלן פון לאָדזש אַרויסגעכאַפּט אין מיטן דער נאַכט, אויסצווזידלען פון „רייך" אין „גענעראַל־גאָווערנאַמענט" (אין יענער צייט איז לאָדזש צוגערעכנט געוואָרן צום דריטן רייך). די ניי־אָנגעקומענע יידן מאַכן אויף אַלעמען אַ טרויעריקן איינדרוק. די קליינע קינדער זענען האַלב־געפרוירן און הונגעריק. די ברידער דערציילן, אַז אין לאָדזש קומט פאָר אַן אויסזידלונג־אַקציע. מען שיקט יידן קיין ריישע, פּויזן און אַנדערע ערטער.

דעם 22־טן דעצעמבער 1939, באַווייזט זיך אַ פאַראָרדענונג, אַז עס ווערט איינגעפירט דער „יודען־צייכן" אין דער פאָרם פון אַ ווייסן באַנד מיט אַ בלויען מגן־דוד. דאָס געזעץ גילט אויף פאַר קינדער פון 6 יאָר אָן. פאַרן גרינגשעצן די דאָזיקע פאַראָרדענונג דראָט אַ האַרבע שטראָף. די גזירה רופט אַרויס אַ פּאַניק, ווייל אַ טייל יידן, מיט קיין נישט ספּעציעל יידישן אויסזען, האָבן זיך נאָך געקענט אַ ביסל פרייער באַוועגן. נאָך מער האָט די גזירה געטראָפן די יידישע פרויען. דאָס אַרויסגעבן פאַרשידענע גזירות, רדיפות, ווירקט באַזונדערס אויף דער יידישער יוגנט, וואָס אַנטלויפט קיין רוסלאַנד. נאָכן איינפירן דעם „יודען־צייכן" ווערט געשאַפן די יידישע אָרדנונגס־דינסט (פּאָליציי).

ווען מען האָט געשאַפן די יידישע פּאָליציי אין טאָמאַשאָוו, זענען געווען פיל יוגנטלעכע, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אָננעמען דעם אַמט. זייער מאָטיוו איז געווען: נישט דינען די דייטשע מערדער. די גרעסטע צאָל פון דער „אָרדנונגס־דינסט" איז באַשטאַנען פון די טראַנספּאָרטן יידן פון די אַרומיקע שטעט.

מיטן אָנהייב פון יאָר 1940, ווערן איינגעפירט נייע גזירות: דער פאַרבאָט צו וווינען אין די הויפּט־גאַסן, באַגרעניצטער גאַסן־פאַרקער דורך די אָנגעוויזענע שעהן, צוואַנגס־אַרבעט ביי פאַרשידענע עפנטלעכע שווערע אַרבעטן.

די הויפּט־אַרבעט באַשטייט פון רעגולירן דעם טייך וואָלבורקאַ, וואָס פליסט אַדורך די שטאָט טאָמאַשאָוו און צעטיילט די שטאָט אויף צוויי טיילן.

אין די קאַלטע טעג מוז מען שטיין באָרוועס אין וואַסער, די אויפזעער — אָרטיקע דייטשן. זיי באַגייען זיך שלעכט מיט די יידישע אַרבעטער. זיי ווערן מערדערלעך געשלאָגן מיט שטעקנס און גומענע פּאַלקעס. נישט איינער פון די אַרבעטער גיט אַוועק זיין יונג לעבן ביי אָט דער אַרבעט. די דאָזיקע אַרבעט האַלט אָן עטלעכע חדשים.

נישט באַוויזנדיק זיך אָפּצורוען, רוקט זיך שוין אָן אַ פרישע צרה. דער אַרבעטס־אַמט רופט אַלעמען, פון 14 ביז

40 יאָר, זיך רעגיסטרירן (דער טאָג פון דער רעגיסטראַציע איז גראָד אויסגעפאַלן אין תשעה־באב). ס׳הייסט, אַז מען וויל בלויז רעגיסטרירן, אָבער אין דער אמתן ווערט מען גלייך פאַרהאַלטן. עס הייבט זיך אָן דאָס אַוועקשיקן אין פאַרשידענע אַרבעטס־לאַגערן.

דער אופן פון שיקן אין די לאַגערן שטעלט מיט זיך פאָר אַ שרעקלעך בילד: ס.ס.־לייט, געסטאַפּאָ, שופּאָ, אָרטיקע פאָלקס־דייטשן און היטלער־יוגענד מיט מאַשין־געווער באַגלייט דורך פּאַנצער־אויטאָס. פרויען ספּאַזמירן. נישט ווייסנדיק וווהין מען שיקט זייערע קינדער און מענער. אַלץ קומט אָן קיין לובלין. פון דאָרט ווערן זיי צעשיקט אין פאַרשידענע אַרבעטס־לאַגערן: טישאָוויצע, ציעשאַנאָוו און בעלז. די אַרבעט אין די דערמאָנטע לאַגערן האָט פאַרשלונגען פיל קרבנות פון פּוילישן יידנטום, דערונטער אויך פיל טאָמאַשאָווער.

דעם אמתן גיהנום פאַר די טאָמאַשאָווער יידן ברענגט מיט זיך דאָס יאָר 1941, ווען קיין טאָמאַשאָוו קומט דער שונא ישראל פּרעס ימ״ש. אָט דער אויסוווּרף האָט אָנגעהויבן פירן זיין יידן־העצע, באַגלייט טאָג־טעגלעך מיט נייע גזירות.

די ערשטע גזירה, וואָס איז געווען דער גרעסטער קלאַפּ פאַר די אָרעמסטע שיכטן, איז דאָס פאַרקלענערן די לעבנס־מיטל־ראַציעס. לויט אַ פאַראָרדענונג, ווערט צוגעטיילט איין קילאָ מיט 20 דעקאָ ברויט אויף אַ גאַנצן חודש אויף אַ קאָפּ. מען הייבט אָן איינפירן דעם יידישן קוואַרטאַל (אָפּענער געטאָ).

עס ווערן איינגעפירט „אויסווייזן" (דערלויבענישן). צו פאַרלאָזן דעם יידן־קוואַרטאַל מוז מען האָבן אַ ספּעציעלן שיין, וואָס איז פאַרזען מיטן אונטערשריפט פונעם מערדער פּרעס.

דאָס דערנענטערן זיך פון די ימים נוראים, וואַרפט אָן אַ פחד אויף די יידן, ווייל מען ווייסט שוין, אַז די רוצחים גרייטן די אַקציעס דווקא אין די יום־טוב־טעג. קיין עפנטלעכע בתי־מדרשים זענען נישט פאַראַן. עס ווערן איינגעאָרדנט אין פאַרשידענע ערטער מנינים צום דאַווענען. אין עטלעכע ערטער באַפאַלן די דייטשן די מתפללים, פירנדיק זיי אין די טליתים איבער דער שטאָט און צווינגעדיק זיי אויסצופירן פאַרשידענע עקלהאַפטע אַרבעטן.

דורך דער פאַראָרדענונג פון דעם מערדער פּרעס, קומט פאָר אין טאָג פון שמחת־תורה אַ „לאַפּאַנקע" אין דעם אַזוי גערופענעם „זאַוואַדע־לאַגער". עס ווערן געכאַפּט עטלעכע הונדערט מאַן, ס׳רוב יונגע. אין דאָרף זאַוואַדע, 4 קילאָמעטער פון טאָמאַשאָוו, ווערן זיי אַריינגעזעצט אין אַ נישט אויסגעפאַרטיקטן שול־בנין, באַוואַכט דורך ס.ס.־לייט און פּוילישער פּאָליציי. די אַרבעט איז אַ נוצלאָזע. מען איז בלויז אויסן צו פּייניקן. די אויפזעער שלאָגן מערדערלעך. די דערנערונג איז אַ שלעכטע, דער וווין־בנין, אַ חורבה; קיין שויבן, קיין אָרט צו שלאָפן, קיין וואַסער, ממש נישט אויסצוהאַלטן.

דעם 25־טן נאָוועמבער 1941 קומט פאָר די אויסזידלונג פון „איבער דער בריק". די גאַסן: וואַרשעווער, שאָסאַ וואַרשאַווסקאַ, שעראָקאַ און קאָלעיאָוואַ ווערן פולשטענדיק אויסגעזידלט פון טאָמאַשאָוו קיין קאָלושקי. די יידן פון די איבעריקע קלענערע געסלעך, ווי וולאַדיסלאַוואַ, מילאַ, גוסטאָווגאַ, פּראָיעקטאָוואַ, קרוטשאַ, טעקלאַ און וועסאָלאַ, ווערן אויסגעזידלט קיין אָפּאָטשנע און אַ טייל איבערגעזידלט אין דעם שטאָטישן יידן־קוואַרטאַל. די דערמאָנטע אַקציע איז דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס אַכזריותדיקייט. אין משך פון עטלעכע שעה זענען די יידישע איינוווינער פון איבער דער בריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין היימלאָזע בעטלער.

די יידן, וואָס זענען ניצול געוואָרן פון גירוש קאָלושקי,



דער אָדע־מאַן מאיר ערליך, מיט אַ גרופּע יידן ביי דער אַרבעט
ערשטער פון לינקס — מרדכי יואל גראָספעלד (היטלמאַכער)

האָבן געמוזט געבן זייערביישטייער: באַלד נאָך דער אויסזידלונגס־אַקציע, זענען באַפאַלן געוואָרן די יידישע גאַסן און פון די שטובן זענען אַרויסגערויבט געוואָרן מלבושים, וועש און אַנדערע חפצים, וואָס זענען שפּעטער פאַרטיילט געוואָרן צווישן די פאָלקס־דייטשן אַלס „ווייניאַכט־געשאַנק".

כל־זמן היטלער האָט אָפּגעהאַלטן אין נצחון נאָכן צווייטן און איז געוואָרן דער מושל איבער פיל לענדער, איז די אויסראָטונגס־אַקציע פון דער יידישער באַפעלקערונג געפירט געוואָרן פלאַנמעסיק און איז געווען אויסגערעכנט אויף אַ לאַנגער צייט. פון דעם טאָג אָן אָבער, וואָס דער קריג מיט רוסלאַנד און אַמעריקע האָט זיך אַלץ מער פאַרוויקלט און נאָך די ערשטע מפּלות אויף דער רוסישער ערד, איז די אויסראָטונגס־אַקציע פאַרשנעלערט געוואָרן.

אָנהייב 1942 ווערט איינגעפירט אין טאָמאַשאָוו דאָס געטאָ. דאָס געטאָ איז אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער גאַנצער אַרומיקער סביבה, אַרומגעצוימט מיט פאַרקאַנעס פון שטעכיקן דראָט. די אויפזיכט האָט איבערגענומען די „שופּאָ" (שוצפּאָליציי). פאַר פאַרלאָזן דאָס געטאָ אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש דראָט טויט־שטראָף.

מיטן שאַפן דאָס געטאָ זענען די טאָמאַשאָווער יידן אָפּגעריסן געוואָרן פון דער אויסערלעכער וועלט.

די 15 טויזנט געטאָ־איינוווינער זענען אַזוי אַרום פאַרמשפּט געוואָרן אויף אַ לאַנגזאַמען הונגער־טויט. אַלס רעזולטאַט פון הונגער און קעלט האָט זיך דער טיפוס פאַרוואַנדלט אין אַן עפּידעמיע, וואָס ברענגט מיט זיך הונדערטער קרבנות. דאָס איינציקע יידישע שפּיטאָל אויף וויעטשנאָשטש (בנין פון דער העברעישער גימנאַזיע), קען נישט אויפנעמען אַלע קראַנקע און אין די קאַלטע ווינטער־טעג מוזן די קראַנקע ליגן אין די קאָרידאָרן פונעם שפּיטאָל. די יידן באַקומען נישט קיין שום מעדיקאַמענטן פון דער דייטשער מאַכט. אַלץ ווערט דורך די יידן גופא אַריינגעשמוגלט פון דער אַרישער זייט פאַר גאָר הויכע פרייזן און אין מערסטן טייל פאַר ווערטפולע חפצים.

דאָס געטאָ שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויליק בילד. מענטשן אָפּגעריסענע, אָן שיך, קראַנקע, געשוואָלענע פון הונגער. די בעטלעריי נעמט אָן אַ מאַסן־כאַראַקטער. מען פּרוּווט לינדערן אַ ביסל די נויט דורך איינאָרדענען אַ פאָלקס־קיך. יעדן טאָג ווערן אויסגעטיילט אַ פּאָר הונדערט וואַסערדיקע זופּן.

נישט האָבנדיק קיין שום מעגלעכקייט צו לעבן, האָבן די רעזיגנירטע יידן אָנגעהויבן אַרויסגיין פון געטאָ, כדי צו זוכן עפּעס צום עסן, אָבער באַלד האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ האָגל פון קוילן, און פון דאַן אָן איז נישט אַדורך קיין איין טאָג אָן קרבנות.

די עלטערן זענען געצוווּנגען אַרויסצושיקן זייערע קינדער אויסערן געטאָ, כדי צו ברענגען אַ פּאָר קאַרטאָפל, אָדער אַ שטיקל ברויט, נישט געקוקט דערויף וואָס פאַרן פאַרלאָזן דעם געטאָ דראָט טויט־שטראָף. ווען אַ קינד ווערט דערקענט דורך אַ דייטש ווערט עס גלייך דערשאָסן.

ספּעציעל אין דער „מלאכה" פון מאָרדן קינדער האָט זיך אויסגעצייכנט דער שופּאָ־פּאָליציסט קראָפּפיש. אים האָט מען אַ נאָמען געגעבן „קינדער־מערדער", ווייל ער איז געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג ביים אַריינגאַנג פון געטאָ און געלויערט אויף יידישע קינדער, צי זיי גייען נישט אַרויס פון געטאָ. ווען ער כאַפּט אַזאַ קינד, שיסט ער עס גלייך, און ווען דאָס קינד צאַפּלט נאָך אין גסיסה־ווייען, טרעט ער עס צו מיט זיין באַנאָגלטן שטיוול, לאַכט דערביי און זאָגט: „דיינע על־



יידן באַשעפטיקטע ביים „אַרבעטס־באַטאַליאָן טאָדט"
יידן באַשעפטיקטע ביים „אַרבעטס־באַטאַליאָן טאָדט"

טערן וואַרטן אויף דײַנע קאַרטאָפל, ברויט. נאַדיר קאַרטאָפּל, פאַרפלוכטער לויזיקער יודע״.

ווען מען האָט געפונען ביי די אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ, עפּעס אַריינשמוגלען, האָט מען גלייך דערשאָסן. דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז דער הונגער איז געוואָרן נאָך גרעסער. דער הונגער איז געווען שטאַרקער, ווי דער פּחד פאַרן טויט, אָבער דער שמוגל האָט נישט אויפגעהערט. אין משך פון 6 חדשים זענען אומגעקומען דורכשניט־לעך 20 מאָן טעגלעך.

אין די ערשטע טעג פון יאָר 1942 קומט פאָר די „פוטער־אַקציע". יעדער ייד מוז צושטעלן, אונטערן צוואַנגט פון טויט־שטראָף כל מיני פוטערוואַרג. אָבער נישט אַלע יידן האָבן אויסגעפירט די פאַראָרדענונג צוליב צווי טעמים. ערשטנס, נישט שטיצן דעם שונא און צווייטנס, אויסבאַהאַלטנדיק די טייערע פעלצן איז נאָך געווען אַ פונק פון האָפענונג, אפשר אַמאָל ?...

באַקומענדיק אַ קליינעם קוואַנטום, דערצו פון די ערגס־טע סאָרטן פוטערוואַרג, האָבן די דייטשן באַלשאָסן נקמה צו נעמען אין די יידן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה זוכענישן, וואָס האָבן געקאָסט פיל קרבנות און אין בעסטן פאַל האָט עס זיך געענדיקט מיט צעבראָכענע אברים. אין דער דערמאָנטער „מלאכה" האָט זיך אויסגעצייכנט דער עסטרייכישער וואַמפּיר האַנס פּיכלער פון ווילאַך ביי קערטען. דער דערמאָנטער מער־דער האָט אויף זיין געוויסן הונדערטער טאָמאַשאָווער יידן.

אין חודש אַפּריל 1942, זענען געקומען עטלעכע געסטאַ־פּאָ־לייט אין יודענראַט און פאַרלאַנגט די אַלגעמיינע רשימה פון אַלע יידן. נאָכן באַזייטיקן די אָנגעשטעלטע האָבן זיי גופא געמאַכט אויסצוגן.

אין דער זעלבער צייט האָבן גרופּן פון געסטאַפּאָ, שופּאָ, אָרטיקע פאָלקס־דייטשן און ס.אַ.־אָפּטיילונגען, באַזוכט די הייזער און לויט אַ רשימה אַרויסגענומען פאַרשידענע פער־זאָנען און זיי דערשאָסן אויפן אָרט. די דאָזיקע אַקציע איז געווען אַן אויסרייד צו זוכן קאָמוניסטן און אַנדערע יידן, וועלכע זענען אַמאָל געווען אין פאַרבינדונג מיט די אָרטיקע דייטשן.

דעם 6־טן מאַי 1942, אין מיטן דער נאַכט, זענען אַלע יידן פון טאָמאַשאָוו וואַך, מען הערט שיסערייען פון מאַשין־געווער. קיינער קען נישט שלאָפן. שויבן פאַלן אויפן ברוק. יעדער מיינט, אַז אָט־אָט קומט מען נאָך אים. ווען מען שטייט אויף אין דער פרי און מען גייט אַרויס אין גאַס זעט מען אַ שוידערלעך בילד. אויפן ברוק ליגן דערשאָסן פאָלגנדיקע פּערזאָנען :

פּרעזעס לייביש וואַרזאַגער, בעריש געווירץ, הערשל נאָוואָמיאַסט, לעאָן גלאַווינסקי, א. באַלבין, מ. שעפּס אַדוו. הירשפּרונג, ד״ר קאָהן, ד״ר יוווילער, ד״ר מ. ווייסקאָפּ, פּאָרוטשניק מ. בלייבערג, דאָמאַנאָוויטש, ברי־, דער אַלעק און יולעק בורגין, ברידער דוווטשע און מאָניעק בליבוים א״אַנד.

אין דער זעלבער צייט האָט די געסטאַפּאָ געזוכט דעם יידישן פּאָליציי־קאָמענדאַנט ר. ווינריב, וועלכער איז מיט עטלעכע טעג פאַר דער מאַי־אַקציע פאַרשוואונדן (אים זאָל מען האָבן צוגעטראָגן וועגן דער אַקציע). מען האָט צעשיקט שטעק־בריוו, אַרעסטירט זיינע עלטערן, געמאַכט פאַראַנט־וואָרטלעך די גאַנצע יידישע פּאָליציי. אין עטלעכע טעג אַרום, האָט ער זיך אַליין געמאָלדן אין דער יידישער פּאָליציי אין פּיעטרקאָוו, פון וואַנען ער איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער טאָמאַשאָווער געסטאַפּאָ.

אַ צווייטער פאַל האָט פּאַסירט מיט דעם יידישן פּאָליציסט דוד אַבערזשאַנעק, וועמען די געסטאַפּאָ האָט געזוכט. ער האָט פאַרנומען דעם אַמט פון פּאָליטישן לייטער. נישט וועלנדיק אַריינפאַלן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ אַ לעבעדיקער, כדי נישט ווערן געצוווּנגען אויסצוגעבן פאַרשידענע סודות, באַגייט ער אַ העלדנטאַט דורך אויפהענגען זיך. אויפן טיש אין זיין וווינונג לאָזט ער איבער דאָס בוך „דער געהאָנגענער".

בעת די דערמאָנטע אַקציעס — אַפּריל־מאַי — זענען דערמאָרדעט געוואָרן העכער 200 מענטשן.

די טראַגעדיע רופט אַרויס אַ צעדרודערונג. מען ווייסט נישט וואָס צו טאָן. עס איז נישטאָ קיין פּירערשאַפט. אַלס פּאָליציי־קאָמענדאַנט ווערט באַשטימט דער דייטשער ייד מוסמאַן. ער ווערט אויפגעפאָדערט דורך דעם געסטאַפּאָ־שעף צו שאַפן אַ יודענראַט. נישט לייכט קומט אים אָן צו געפינען אַזאַ קערפּערשאַפט, ווייל יעדער האָט מורא צו ווערן אַ מיט־גליד פון ראַט, וויסנדיק דעם סוף פון די ערשטע. טייל ברענ־גען צעטלען פון דאָקטוירים, אַז זיי זענען קראַנק און שוואַך, כדי אַזוי אַרום זיך אַרויסדרייען פון אָננעמען דעם אַמט. דער דרוק פון דער געסטאַפּאָ האָט געווירקט און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ נייער יודענראַט. עס הייבן אָן אָנקומען צו אונדז טרויעריקע ידיעות פון וואַרשע וועגן אַקציעס אויף יידן, אַז מען שיקט אָוועק מאַסן יידן, נישט וויסנדיק וועגן זייער גורל. דער טייל מענטשן, וועלכער איז נישט באַשעפטיקט, רייסט זיך צו באַקומען אַרבעטס־פּלעצער. מען וויל זיך אַזוי אַרום „דעקן". די רייכערע יידן צאָלן אַ סך געלט, כדי צו זיין באַשעפטיקט.

אין שטאָט שאַפן זיך נייע אַרבעטס־פּונקטן. עס ווערט גע־שאַפן אַן אַרבעטס־שאָפּ, וואָס נעמט אַרום ביז 700 בעלי־מלאכות, פרויען און מענער פון די פאַכן : שניידער, שוסטער, טישלער, מאָלער, דרוקער א״אַ. עס עקזיסטירט אַ לייסטן־פאַבריק פון „אָטע", וועלכע באַשעפטיקט אַרום 300 מענער עס ווערט געשאַפן די פירמע „דיטש" (טוך־שיך־פאַבריק פאַר

מלחמה־אינוואַלידן), אַ כעמישע וועשעריי, פירמע „בליטץ" (יוזעפאָוו) און פיל קלענערע אונטערנעמונגען ביי ציווילע פאָלקס־דייטשן.

ווי לאַנג די יידן זענען נאָך דאָ, באַשליסן די דייטשן פון זיי אויסצופרעסן די לעצטע כוחות ביי שווערסטע אַרבעטן, ווי: בויען אַ באַן־ליניע פון סלאָטווין ביז טאָמאַשאָוו (אַ שטרעקע פון 23 קילאָמעטער), שאַפן אַ ספּאָרט־סטאַדיאָן אויפן פּלאַץ ביי דער גאַזאָווניע. די דערמאָנטע אַרבעטן קאָסטן פיל קרבנות. די סלאָטווינער אַרבעטער ווערן טראַקטירט ווי שקלאַפן. יעדן טאָג, 5 אַ זייגער פאַרטאָג, מוזן זיי זיך זאַמלען ביים אַרבעטס־אַמט (טשיכאַ). פון דאָרט מאַרשירן זיי 3 קילאָמעטער צום באַנהויף. דאָרט ווערן זיי פאַרלאָדנט אין פּי־וואַגאָנען. די אַרבעט דויערט 12 שעה. ביי דער אַרבעט ווערן זיי מערדערלעך געשלאָגן. כמעט יעדן טאָג ווערן עטלעכע מאָן דערשאָסן ביי דער אַרבעט פאַר לויפן זוכן אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ פּאָר קאַרטאָפל, כדי זיי אַריינצושמוגלען אין געטאָ פאַר די הונגעריקע משפחות.

נישט אין קיין בעסערע באַדינגונגען געפינען זיך די אַרבעטער פון ספּאָרט־סטאַדיאָן. די אַרבעט דאָרט איז לויט אַ נאָרמע, נישט אויספירבאַר פאַר הונגעריקע מענטשן. דער סוף איז — צעשפּאָלטענע קעפּ און צעבראָכענע גלידער.

אין חודש יולי 1942 האָט זיך די לאַגע אין טאָמאַשאָווער געטאָ געענדערט. די אַלגעמיינע לאַגע אין געטאָ איז לייכטער געוואָרן. די אָפטע שיסערייען זענען געוואָרן זעלטענער און די יידישע באַפעלקערונג איז אויפגעהאַלטן געוואָרן אין אַ צו־שטאַנד צווישן רעזיגנאַציע און האָפענונג.

אין געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן פאַרשידענע בלאָקן:

דער שאָפּ־בלאָק אין פאָרם פון אַ צוגעמאַכטן קאַסטן, אַרומנעמענדיק די גאַסן: יעראָזאָלימסקאַ, פּיעקאַרסקאַ, האַנדלאָוואַ און וואָסכאַדניאַ. דער פּאָליציי־ און יודענראַט־בלאָק אויף קזשיזשאַוואַ 22. דער בלאָק פון „לומפּען"־זאַמלער אויף קזשיזשאַוואַ 16.

די אַלע בלאָקן זענען געוואָרן אַרומגעצוימט. ביים אַריינגאַנג אַ וואַך־בודקע מיט אַ היטער. זייטיקע פּערזאָנען אויסער די איינוווינער האָבן נישט געהאַט קיין צוטריט. די געטאָ־איינוווינער הייבן אָן צו מערקן, אַז עפּעס הענגט איבער זיי. יעדן טאָג קומען דייטשע קאָמיסיעס. נייע פאַראָרדענונגען, דעזינפעקציעס, „קענקאַרטן", אַרבעטס־קאַרטן, עקסטראַ שיינען פאַר די בלאָק־איינוווינער.

די אַרטיקע פאָלקס־דייטשן און פּאָליאַקן הייבן זיך אָן צו חברן מיט די יידן, ראַטנדיק אויסצובאַהאַלטן ביי זיי די ווערטפולע זאַכן, צוזאָגנדיק בייהילפיק צו זיין אין אַן עת־צרה. פיל נאַיווע יידן האָבן זיי געגלייבט.

טראָץ דעם, וואָס דאָס געטאָ איז געווען אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, נישט האָבנדיק קיין פּאָסט־פאַרבינדונג און פּרעסע, האָבן זיך דאָך אַריינגעריסן די טרויעריקע ידיעות וועגן דער ליקווידאַציע פון די געטאָס אין גאַנצן לאַנד. אין דער אמתן האָט עס אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף דער יידישער באַפעלקערונג. נאָר מען האָט זיך געטרייסט, אַז טאָמאַשאָוו איז אַן אינדוסטריע־שטאָט. מען טאָר נישט פאַרלירן די האָפענונג ביז דער לעצטער מינוט.

קורץ פאַר דער אַקציע, באַווייזט זיך אַ באַקאַנטמאַכונג, וואָס וואָרנט די אַרישע באַפעלקערונג נישט אויסצובאַהאַלטן קיין יידן. אין פאַל ווען מען וועט ביי זיי טרעפן אַ ייד, ווערט



אַדע־מאַן מאיר ערליך, מיט אַ גרופּע יידן ביי דער אַנטלויזונגס־באָד (יידישע מקווה)



טרעגער פאַקולאַ
געווען אַמאָל צייטן...

דער קריסט צוזאַמען מיטן ייד דערשאָסן. מען הייבט אָן מערקן, אַז דער יום־הדין פאַר די טאָמאַשאָווער יידן איז שוין גאַנץ נאָענט.

שבת, דעם 23־טן אָקטאָבער, האָט באַזוכט דאָס יידישע שפּיטאָל אַ קאָמיסיע. אין משך פון עטלעכע טעג ווערט אויף די גאַסן פון געטאָ אינסטאַלירט עלעקטריש ליכט.

מיטוואָך, דעם 28־טן אָקטאָבער 1942, קומט קיין טאָמאַשאָוו אַ מחנה אוקראַינער אין שוואַרצע מונדירן. שוין אין דעם זעלבן אָוונט ווערט דאָס געטאָ אַרומגערינגלט. די גאַסן ווערן גלייך באַלויכטן. עס אַנטשטייט אַן אומגעהויערע פּאַניק. מ׳לויפט איינער צום צווייטן. עס הערט זיך אַ שיסעריי. עס פאַלן טויטע. דאָס באַווייזן זיך אויף דער גאַס איז פאַרבינדן מיט טויט. די נאַכט איז אַ שלאָפלאָזע.

צומאָרגנס איז דעם יודענראַט געוואָרן באַקאַנט געמאַכט דער באַפעל וועגן דער אויסזידלונג פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג „נאַך אָסטען". גלייכצייטיק מוז דער יודענראַט דעקן די טראַנספּאָרט־קאָסטן.

מענטשן לויפן אין די גאַסן, יעדער וויל זיך געזעגענען מיט זיינע נאָענטע. מען זוכט „מעלינעס" זיך צו באַהאַלטן. מען זעט אַ שוידערלעך בילד: אויפן געטאָ־טויער האָבן די אוקראַינער אויפגעהאָנגען אַ קאָפּ פון אַ דערשאָסענעם ייד.

פרייטיק, דעם 30־טן אָקטאָבער, האָט מען געבראַכט יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך: ראַוואַ־מאַז. און ביאַלע. ביים אַריינפירן זיי אין געטאָ ווערן פיל דערשאָסן צולים דעם, וואָס זיי קענען נישט גיין. אַ גאַנצן טאָג פירט מען די טויטע קערפּערס, דערונטער די געשטאָרבענע פון הונגער. דער הונגער שטייגט פון טאָג צו טאָג. עס איז צו זען אַ בילד, ווי מענטשן כאַפּן אַ הונט, טויטן אים און טיילן זיך מיטן פלייש

די אויסזידלונג־אַקציע איז אויסגעפירט געוואָרן שבת, דעם 31־טן אָקטאָבער און מאָנטיק, דעם 2־טן נאָוועמבער 1942 (כ׳ און כ״ב חשון תש״ג).

אין יענעם פינצטערן שבת־טאָג... דעם 31־טן אָקטאָבער 1942 האָט מען אויסגעזידלט פאָלגנדיקע גאַסן: יעראָזאָלימסקאַ, פּאָלנאַ, טשיכאַ, בוזשניטשנאַ, פּאָלודניאָוואַ, סלאָנעטשנאַ, גראַניטשנאַ, סטאָלאַרסקאַ, לעוואַ און וויעטשנאָשטש (לינקע זייט).

מאָנטיק, דעם 2־טן נאָוועמבער 1942, האָט מען אויסגעזידלט די גאַסן: פּיעקאַרסקאַ, קזשיזשאָוואַ, מאַלאַ, קראַמאַרסקאַ, האַנדלאָוואַ, פּראַוואַ, ווסכאָדניאַ, זגאָזשעליצקאַ, וויעטשנאָשטש (רעכטע זייט).

די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די הייזער דורך דער געסטאַפּאָ, שופּאָ, און יידישער



די אויסזידלונג — הגרוש יט—כא חשון תשי״ג — 1942

פּאָליציי און געפירט געוואָרן מאַסנווייז אין געשלאָסענע רייען, צום זאַמל־פּלאַץ ביים יידישן שפּיטאָל.

האַרצרייסנדיק איז געווען דאָס געזעגענען זיך מיט די עלטערן. מען פאַלט זיך אין די אָרעמס מיט געוויין און אַ צוויפל באַהערשט דעם געדאַנק — צי וועט מען זיך נאָך אַמאָל זען? מען פּרוּווט איבערצייגן די עלטערן צו האַלטן זיך צוזאַמען, אָבער טאַטע־מאַמע ראַטן דיך: — „גיי, מיין קינד, ראַטעווע זיך! דו ביסט נאָך יונג, זאָל כאָטש ווער פון אונדז בלייבן, אַ געדעכעניש. וואָס זאָל מען טאָן, עס איז אַ ביטע־רער גזר־דין, מען מוז מקבל באהבה זיין". שווער צו באַשרייבן די שוידערלעכע סצענעס, וואָס האָבן זיך דאָן אָפּגעשפּילט. אַ שוידער גייט אַדורך דורכן לייב, דערמאָנענדיק די נאָענטע.

אויסגעשטעלטע אין רייען צו פינף, מענער פרויען און קינדער, מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, אָפּגעריסן פון זייערע ברידער און שוועסטער מעבר לים, אַנטוישט אין דער גרוי־סער ציוויליזירטער וועלט, וואָס האָט שווייגנדיק זיך צוגע־קוקט צום אומקום פון מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן, ני־דערגעשלאָגענע, אומבאַהאָלפענע און רעזיגנירטע, זענען די טאָמאַשאָווער יידן געגאַנגען זייער לעצטן וועג, כדי אומצוקו־מען אין די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס פון טרעבלינקע פאַר זייער איינציקער זינד, ווייל זיי זענען יידן.

אַזוי זענען 15 טויזנט טאָמאַשאָווער יידן געטריבן גע־וואָרן צו דער שחיטה, געפּאַקט צו 120 מאַן אין אַ וואַגאָן.

איך באַשולדיק דאָס דייטשע פאָלק אין דעם, וואָס זיי האָבן געהרגעט מיין פאָטער, מיין מוטער, מיינע שוועסטער און ברידער, אַלע מיינע קרובים און די 15.000 יידן פון מיין שטאָט.

נישטאָ מער קיין יידיש טאָמאַשאָוו.

יזכור — דער ברידער־קבר פון די 200 קדושים, וואָס זענען געפאַלן בעת דער אויסזידלונגס־אַקציע!

יזכור — די וועלכע זענען געפאַלן נישט ווענדיק פאַרלאָזן זייערע היימען!

יזכור — די העלדישע יונגעלייט, וואָס האָבן געשטעלט אַ ווי־דערשטאַנד!

יזכור — די 15 טויזנט יידן פון טאָמאַשאָווער געטאָ, אומגע־קומענע על קידוש השם והעם!

# די אויסזידלונג אין 1942

מ. גראָסמאַן

אין זומער 1942 האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז עפּעס קומט פאָר אין די אָרומיקע שטעט און שטעטלעך. גענוי וואָס האָט מען נישט געוווּסט, קיין קאָנטאַקט מיט די שכנות־דיקע ערטער האָבן מיר נישט געהאַט. מיר זענען געווען, ווי אָפּגעשניטן פון דער וועלט. פאָרן פון איין שטאָט אין דער אַנ־דערער איז נישט דערלויבט געווען. בריוו, קאָרעספּאָנדענץ, אָדער טעלעגראַפישע פאַרשטענדיקונג איז אָפּגעשטעלט גע־וואָרן באַלד נאָכדעם, ווי דאָס געטאָ איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן אין יאָר 1941.

די איינציקע, וואָס האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו באַוועגן נאָענט אויסער דער שטאָט, ווי אויך אין די שכנות־דיקע דערפער און שטעטלעך, זענען געווען די „גרינע בענדער". (דאָס זענען געווען שמאַטע־זאַמלער און פּעל־סוחרים, וואָס האָבן געקויפט אַרטיקלען ביי די פּויערים, כדי זיי צוזושטעלן אין די פאַבריקן, וואָס די דייטשן האָבן איבערגענומען).

זיי, די „גרינע בענדער", האָבן עס געבראַכט די ידיעה, אַז גאַנצע שטעט און שטעטלעך ווערן אויסגעליידיקט, יידן־ריין, אָוועקגעשיקט, אויסגעזידלט, טראַנספּאָרטירט. וווּהין? דאָס האָט מען נישט געוווּסט. געווען קלאַנגען, אַז זיי ווערן געשיקט אין לאַגערן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. אויך האָט מען געזאָגט און דערמאָנט די ווערטער „קאָנצענטראַציע־לאַ־גערן". און אויב עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אַרויס־געבראַכט די השערה, אַז מען שיקט זיי צום טויט, איז נישט נאָר מען האָט זיך צו זיי נישט צוגעהערט, נאָר מען האָט זיי געשטעמפּלט אַלס משוגעים, חסר־דעהניקעס. וואָס הייסט? מען וועט נעמען יונגע, געזונטע מענטשן און אומברענגען?

אין די ימים נוראים, ביים דאַווענען, האָט מען שוין כמעט געפילט, אַז עפּעס גרייט זיך, עפּעס שרעקלעכס... עפּעס, וואָס אַנטקעגן דעם איז דאָס איצטיקע געטאָ־לעבן געווען אַ שפּילעכל... גרופּקעלעך האָבן געשמועסט, זיך געאַמפּערט און געפּרוּווט באַוויזן, אַז די ידיעות לויט וועלכע מען טראַנספּאָר־טירט יידן און מען ברענגט זיי אום — זענען אומבאַגרינדעט, בפרט פאַר אַזאַ שטאָט ווי טאָמאַשאָוו — אַן אינדוסטריע, אַ פאַבריקן־שטאָט. דער שמש האָט געקלאַפּט אין שולחן, נאָר ווער האָט אים געהערט? אַ פּחד איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף די פּנימער פון די מתפּללים, אַ פאַרגעפיל, אַז דאָס זענען די לעצטע ימים נוראים, ווען מען דאַוונט בציבור און מען איז צוזאַמען מיט דער משפּחה.

דאָס געטאָ־לעבן איז געוואָרן וואָס אַמאָל ערגער און שווערער. די לעבנסמיטל־צוטיילונגען זענען געוואָרן פאַרקלענערט, משפחות האָבן זיך געקלאַמערט איינס אין אַנדערע, געהאַלטן זיך צוזאַמען. דער הונגער איז אַריינגעדרונגען כמעט אין אַלע הייזער. די טיפוס־עפּידעמיע, קראַנקהייטן האָבן זיך פאַרשפּרייט אַלץ מער און מער. עס איז געוואָרן „אין בית אשר אין שם מת". משפחות האָבן געוווינט צו 4—5 און מער מענטשן אין איין שטוב, אין אומהיגיענישע באַדינגונגען. עס איז געווען אַ מאַנגל אין מעדיצינישע מיטלען — דאָס אַלץ, צוזאַמען מיטן הונגער, האָבן גורם געווען, אַז די עפּידעמיע און קראַנקהייטן זאָלן זיך פאַרגרעסערן און אַוועקרייסן זייער אַ סך קרבנות.

שבת, דעם 23־טן אָקטאָבער 1942, האָט אַ קאָמיסיע באַזוכט דעם יידישן שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען אויף וויעטשנאָשטש־גאַס. די קאָמיסיע האָט באַזוכט די קראַנקן־אָפּטיילונגען. זי איז באַשטאַנען פון געסטאַפּאָ־לייט און שופּאָ. זיי האָבן אַרומשפּאַצירט איבערן לאַנגן שפּיטאָל־הויף און געמאַכט פאַרשידענע נאָטיצן און באַמערקונגען איינער צום אַנדערן...

דער יודענראַט, וואָס האָט זיך געפונען אין שאוליק קלעזמערס הויז, ביי דער „באַיסקאָ" (פוטבאָל־פּלאַץ), האָט אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען ביז שפּעט אין אָוונט — אַפּנים, אַז דאָרט ווייסט מען שוין יאָ עפּעס... ווייל עפּעס סודעט מען זיך דאָרט... אין די אָפּטע באַראַטונגען און דיסקוסיעס באַטייליקן זיך די סאַמע קאַרפּן־קעפּ, די פאַרטרויאונגס־מענער. זיי שליסן זיך אָפּ אין באַזונדערע צימערן. די קלענערע באַאַמטע און די יידישע פּאָליציי ווערט דאָרט נישט אַריינגעלאָזט. זיי ווערן אַהיימגעשיקט פריער, ווי געוויינלעך. פון צייט צו צייט באַווייזט זיך אַ וואַכמייסטער פון דער שוצפּאָליציי, גייט אַריין, רעדט מיטן קאָמיסאַר מוסמאַן, אָדער מיטן פאָרזיצער פון יודענראַט, גראַנאַט. אַלץ זעט אויס אַזוי געהיימנישפול, סודותדיק... די אַטמאָספער — אַ דערדריקנדיקע, עפּעס גרייט זיך... דער הונגער דערקוטשעט, קאַרטאָפל־שאָלעכץ ווערט דאָס הויפּט־מאַכל, אָבער סייווי טראַכט מען נישט פון עסן.

מיטוואָך, דעם 23־טן אָקטאָבער 1942, באַווייזן זיך אוקראַינער אין שוואַרצע מונדירן, באַוואָפנט מיט מאַשין־געווער. דעם זעלבן אָוונט ווערן אָנגעצונדן די גאַסן־לאָמפּן, וואָס גרענעצן זיך מיטן געטאָ (במשך דער גאַנצער צייט פון 1940 ביז דער אויסזידלונג האָבן גאַסן־לאָמפּן געברענט נאָר אויסער דעם געטאָ, אין געטאָ איז געווען פינצטער). דאָס געטאָ ווערט אַרומגערינגלט פון פּוילישע, אוקראַינישע, לעטישע און אויך דייטשע שוצפּאָליציי. אַלע אין פולער באַוואָפענונג, ווי צו אַ שלאַכט... מיט רעוואָלווערן, מאַשין־געווער און אויך שטאָלענע העלמען אויף די קעפּ. באַלד הערט מען שיסן און שוין פאַלן טויטע. הגם די עלעקטרישע לאָמפּן באַלייכטן דאָס געטאָ צום ערשטן מאָל אין די לעצטע עטלעכע יאָר, באַלייכטן זיי נאָך מער די בלאַסע אויסגעהונגערטע פּנימער, און די אָפּגעריסענע בגדים פון די געטאָ־מענטשן. עס איז אַ ליכט, וואָס בלענדט און פאַרבלענדט די אויגן און פאַרפינצטערט דאָס אַזוי אויך חושכדיקע געמיט, וואָס דריקט אַזוי...

די אָנגעצונדענע לאָמפּן זענען געווען דער סיגנאַל צום גרויסן און טרויעריקן ספּעקטאַקל. דאָס האָבן די רוצחים אָנגעצונדן די לאָמפּן, כדי די משחיתים, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם געטאָ, זאָלן בעסער זען וואָס עס טוט זיך אינעווייניק — און טאַקע שיסן ווען עס וועט זיך זיי גלוסטן...

האָבן מאַמעס גענומען טוליען שטאַרקער זייערע קינדער צו זיך, געקוקט מיט רחמנות־בליקן אין זייערע אומעטיקע אויגעלעך, געפילט זייער מוטערלעכן אינסטינקט, אַז די קאַטאַסטראָפע איז נאָענט, אַז עס הייבט זיך אָן... און מיט אויפּגעהויבענע הענט צום הימל געפרעגט: רבונו של עולם, פאַרוואָס אַזאַ ביטערער גזר?

דאָנערשטיק, דעם 29־טן אָקטאָבער 1942. אַ געדראַנג פון מענער, פרויען און קינדער — דאָס גייט מען צוזאַמען צום לאָקאַל פון יודענראַט, פרעגנדיק איינער דעם אַנדערן צי מען ווייסט שוין עפּעס... דער גאַנצער אָרום ווערט אויסגעפּילט מיט מענטשן. מען שטופּט זיך צום יודענראַט, כדי זיך דערוויסן עפּעס נייעס. און דער עיקר ווזהין מען ווערט געשיקט. און צי קען מען אָפּרופן די גזירה? — טוען מיר דאָך נוצלעכע אַרבעט אַאַז"וו.

שווער איבערצוגעבן וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין יענער „ליכטיק"־פינצטערער נאַכט. ווייניק־באַקאַנטע, שוין נישט רעדנדיק פון משפחות, זענען וויינענדיק זיך געפּאַלן אויף די העלדזער, זיך געזעגנט... און הגם מען האָט נישט געוווּסט ווו מען ווערט פאַרשיקט און וואָס עס וועט זיין דער ווייטערדיקער גורל, האָט מען זיך שטאַרק געדריקט און געטוליעט איינער צום אַנדערן, ווי מען וואָלט פאַרויסגעפילט, אַז מען צעשיידט זיך אויף אייביק.

דאָנערשטיק, דעם 29־טן, אָוונט, באַווייזן זיך געסטאַפּאָ־לייט, ווי אויך שוצפּאָליציי, באַאַמטע, מיטן מייסטער פּיכלער בראש. ער באַפעלט, די אָרדנונגס־דינסט און די סאַניטאַרן־דינסט זאָלן תיכף באַזייטיקן דעם פאַרזאַמלטן עולם און אים באַרואיקן, אַז אַלץ איז אין דער „בעסטער אָרדענונג". אַלע בלייבן אויף די ערטער, און ווער עס וועט פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען וועגן אַוועקשיקן אד"גל, וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן. יעדער דאַרף זיין ביי זיך אינדערהיים, פאַרהאַלטן זיך רואיק און טאָן וואָס מען וועט הייסן.

ביסלעכווייז איז זיך דער המון פונאַנדערגעגאַנגען און מיט אַ שווער געמיט און שלעכטן פאַרגעפיל געפרווט טריי־

סטן איינער דעם אַנדערן, אַז אולי... אולי ירחם... אפשר וועט דאָך נישט זיין אַזוי שלעכט, ווי מען מיינט.

דעם זעלבן אָוונט ווערט אַ גרופּע פון אָרדנונגס־דינסט (יידישע געטאָ־פּאָליציי), אין דער באַגלייטונג פון דייטשע און אוקראַינישע באַוואָפנטע וועכטער אַוועקגעשיקט צו דער באַן, ווו עס זענען געווען פאַרזאַמלט הונדערטער מענער, פרויען און קינדער, צווישן זיי נאָרוואָס געבוירענע עופעלעך. צוזאַמענגעטריבן פון אַרומיקע שטעט און שטעטלעך ווערן זיי געהאַלטן אין אַ ספּעציעל־אַרומגעצוימטן פּלאַץ. ביי די אַריינגאַנג שטייען געסטאַפּאָ־לייט מיט ראַפּניקעס. באַלד נעמען זיי אויף די יידישע פּאָליציי מיט בייטשן און מיטן באַפעל: „מאַך מאַל אָרדנונג מיט דעם יודן־געזינדל", און טרייבן זיי אַריי'ן אין דעם המון צו העלפן ווי עס איז צו באַרואיקן די קליינע קינדער און מאַמעס, וואָס וואַרטן ביז דער צוג וועט אָנקומען און זיי אַוועקפירן...

אַ גאַנצע נאַכט האָט געדויערט דאָס וואַרטן ביי דער באַן, קיינער טאָר נישט אַוועק פון די ערטער, ווו מען געפינט זיך, צומאָל נישט אויף קיין מינוט. אויך די מענטשלעכע באַדערפענישן ווערן דערליידיקט אויפן אָרט... מען קומט כסדר אָן מיט וועגענער און צופוס. כמעט אַלע ווערן באַגלייט מיט בייטשן און נאַגייקעס. די אוקראַינישע און דייטשע באַגלייטער בייזערן זיך און שלאָגן די יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס ווילן פאַרלייכטערן די יסורים פון די פאַרזאַמלטע, דורך ברענגען זיי אַ ביסל וואַסער, אָדער ביים פּרוּוון אויפזוכן עלטערן, וואָס קינדער האָבן אין גרויסן געדראַנג פאַרלוירן.

פון צייט צו צייט הערן זיך שאָסן. דאָס שיסט מען זקנים און אויך קינדער און יעדן, וואָס פּרוּווט צו געפינען זיינע נאָענטע. עס איז אויך אַ מיטל אָפּצושרעקן די, וואָס טראַכטן זיך אַרויסצוקריגן פון דעם גיהנום.

פרייטיק, דעם 30־טן, פאַרטאָג, ווערט דאָס רוב יידן אַריינגעטריבן אין די וואַגאָנען. משפחות ווערן צעשיידט. דאָס אָנקומען פון גרופּעס פאַרגרעסערט זיך. איצט קומען אָן די אַרויסגעטריבענע פון ביאַלע, ראַוואַ מאַז. אויאַזד און פון די אַרומיקע דערפער. צוליב דעם, וואָס עס זענען נישטאָ גענוג וואַגאָנען און דער שטח ווערט צו קליין, ווערן אַ טייל פון די געבראַכטע יידן געשיקט אין שטאָט אַריין, כדי אויף צומאָרגנס, שבת, אַוועקגעשיקט צו ווערן צוזאַמען מיט די יידן פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק. עטלעכע ווערן דערשאָסן.

די געבראַכטע יידן ווערן איינגעקוואַרטירט אין ליידיקע פאַבריקס־לאָקאַלן. וואַסער און עסן, וואָס די אָרטיקע משפחות ברענגען פאַר זייערע נאָענטע, ווערט נישט צוגעלאָזן. זיי ווערן שטרענג באַוואַכט דורך אוקראַינישע באַוואָפנטע שומרים.

שבת, דעם 31־טן אָקטאָבער 1942. פון פרי פאַרטאָג, עס איז נאָך כמעט פינצטער, אַ גוואַלדיקע באַוועגונג. דאָס איילט מען זיך צו משפחה, כדי זיין צוזאַמען. מען לויפט, מען שטופּט זיך. ווער מיט אַ רוקזאַק, אָדער אַ פּעקל בעטגעוואַנט, מאַמעס מיט קליינע קינדער אויף די אָרעמס, מיט עטלעכע קינדער ביי דער האַנט. אַרומגעוויקלט מיט שאַלן, מיט קאָפּ־טיכער, אין עטלעכע בגדים. עס הערן זיך קולות און אויסרופן: „אַלע יודען ראַוס!" און עס ווערט איבערגעזאָגט אין עטלעכע שפּראַכן אויף דייטש, פּויליש און אויך יידיש דורך דער יידישער פּאָליציי. די יידן ווערן אַרויסגעטריבן אין די הויפן, ווו עס וואַרטן אויף זיי געסטאַפּאָ, שוצפּאָליציי, אוקראַינער און אויך גראַנאַט־פּאָליציי. מיט אויסגעשטרעקטע אויטאָמאַטן, ווי גרייט צו אַ שלאַכט. פון די שטובן קומען כסדר אָן גרופּן, אָנגעפירט דורך דער שוץ־פּאָליציי, מיט דער הילף פון דער יידישער פּאָליציי. (עס איז אַ שטרענגער באַפעל פון מייסטער פּיכלער, און עס טרעפט טאַקע, אַז דער יידישער פּאָליציאַנט מוז אונטערטרייבן זיינע אייגענע נאָענטע, כדי זיי זאָלן נישט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט). עס פאַלן שאָסן און שוין זענען דאָ עטלעכע טויטע און פאַרוווּנדעטע, וואָס קרעכצן אין גסיסה־יסורים און בעטן הילף.

מען לאָזט איבער די רוקזעק און אַנדערע חפצים, מען שטעלט זיך אויס צו פינף אין אַ ריי. און אַזוי, צו צוואַנציק, אָדער 24, ווערן די אויסגעשטעלטע רייען, אין דער באַגלייטונג פון די באַוואָפנטע שומרים, געפירט צום שפּיטאָל־הויף אויף וויעטשנאָשטש־גאַס (אַמאָל געווען די יידישע גימנאַזיע), איבערלאָזנדיק פאַרוווּנדעטע און טויטע אויפן וועג. דאָס זענען עלטערע און שוואַכערע, וואָס קענען נישט מיטהאַלטן דעם בלוטיקן מאַרש.

קינדער רופן זייערע עלטערן, וואָס זיי האָבן פאַרלוירן אין מאַרש, ווערן אָפּגעריסן און צעשיידט פון זייערע משפחות, פאַרלירן זיך. די גאַסן אַרום ווערן פאַרפולט מיט קולות, געשרייען און געוויין. מען וואַרפט זיך אויף דערשאָסענע קערפּערס. די רוצחישע דייטשע און אוקראַינישע פּאָליציי שלאָגן מיט קאָלבעס פון ביקסן איבער די קעפּ. בלוט רינט, נאָענטע ווערן דערשאָסן, אָבער מען מוז ווייטער מאַרשירן. מענער ווערן אָפּגעריסן פון פרויען, קינדער צעשיידט פון עלטערן, זייערע רופן און געשרייען רייסן דורך די לופט און ס'שנידט דאָס האַרץ.

און אַזוי קומט מען אָן אויפן הויף פון שפּיטאָל־פּלאַץ, ווו מען שטעלט זיך ווידער אויס צו 5 אין אַ ריי. עס ווערן אָפּגעציילט צוואַנציק רייען, אַרומגעשטעלט מיט באַוואָפנטע שומרים.

נישט ווייט פון שפּיטאָל־הויף, אויף וויעטשנאָשטש, דאָרט ווו עס געפינט זיך דאָס קליינע „טומאהלע", גייט אָן אַן אינטענסיווע קאָנטראָל. דאָרט שטייט די געסטאַפּאָ און קאָנטראָלירט און קוקט אַדורך די פּאַפּירן און באַשייניקונגען פון די

וועלכע זענען באַשטימט צו בלייבן אין שטאָט און אַרבעטן פאַר די דייטשן, ווער אין שאָפּ, אָדער אין אַנדערע פּלעצער. זיי ווערן אָפּגעזונדערט און געשיקט דערווייל אין אויסגעליידיקטע פאַבריקס־געביידעס אויף סטאָלאַרסקאַ־גאַס (בלייכ פאַבריק). אַ גרויסער טייל פון אַרבעטס־קאַרטן, אָדער אַרבעטס־פּאַפּירן ווערן דורך די דייטשן נישט אָנערקענט. זיי צערייסן די קאַרטלעך און שיקן אַוועק די מענטשן צום שפּיטאָל־הויף, וווּ זיי וועלן טראַנספּאָרטירט ווערן צוזאַמען מיט די וואָס געפינען זיך שוין דאָרטן. עס זענען דאָרט פאַראַן אויך די שופּאָ־אָנפירער מיטן אָבערלייטענאַנט גרעיזער און מייסטער האַנס פּיכלער בראש, און זיי פירן אָן מיט דער אויסזידלונג פון טאָמאַשאָווער יידנטום. אַלץ ווערט אויסגעפירט פּלאַנמעסיק, מיט פּרעציזער דייטשער פּינקטלעכקייט.

די פאַרזאַמלטע מענער, פרויען און קינדער, אויסגעשטעלטע צו 120 מאַן אין יעדער גרופּע, באַגלייט דורך באַוואָפנטע דייטשע און אוקראַינישע שומרים, ווערן געפירט צו דער באַן־סטאַציע. עס ווערן פון זיי אַראָפּגעצויגן די שיך, צוגענומען די רוקזעק. אַזוי ווערן זיי אַריינגעפּרעסט אין די שוין פון פריער צוגעגרייטע פי־וואַגאָנען, צו 120 מענטשן אין אַ וואָגאָן. אַחוץ די שומרים, וואָס באַגלייטן זיי, פאָרט נאָך אַן אויטאָ מיט ספּעציעלע שומרים. אויפן דאַך — מאַשין־געווער.

דער טאָג האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַן ערך זעקס טויזנט אַרויסגעשיקטע. אַחוץ די דערמאָרדעטע אויפן אָרט. אין דעם טאָג זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן די יידן, וואָס האָבן באַוווינט די געטאָ־ראַנדן: יעראָזאָלימסקאַ, פּאָלנאַ, טשיכאַ, בוזשניטשנאַ, פּאָלודניאָוואַ, סלאָנעטשנאַ און וויעטשנאָשטש.

צומאָרגנס, זונטיק, האָבן די רוצחים אָפּגעשטעלט די שחיטה. ווער עס איז געווען מיד פון נעכטן, ווער עס איז מסתמא געגאַנגען אין קירכע... דעם גאַנצן טאָג געשיכורט און צוגעגרייט זיך צום מאָנטיקדיקן טאָג... די וואַכן אַרום די דראָטן ווערן פאַרשטאַרקט, עס זאָל קיינער זיך נישט אַרויסקריגן פון געטאָ.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, ווי אָנגעשטרענגט דער טאָג איז געווען פאַר די געבליבענע. דאָך האָט מען נאָך געהאָפט: אפשר וועלן די מערדער זיך באַרויקן און לאָזן לעבן די איבערגעבליבענע.

מאָנטיק, דער צווייטער נאָוועמבער 1942.

עס חזרט זיך איבער דאָס זעלבע, וואָס שבת, נאָר מיט מער אַכזריותדיקייט. מיט שטאַרקע געוואַלדן, מיט חיהש־צעיושעטע, רציחהדיקע פּרצופים ווערט אין קאַלטן פרימאָרגן אַרויסגעטריבן די פאַרבליבענע יידישע באַפעלקערונג. אַפילו שווער־קראַנקע, אַלטע און קינדער שטעלן זיך אויס אין די רייען.

עס איז שווער איבערצוגעבן ווי אַזוי עס האָבן זיך אויפגעפירט דריי־ און פיר־יאָריקע קינדער. אין זייערע בליקן — דער צער פון דורות, דער יאוש פון דערוואַקסענע, געמישט מיט פּיין און האַס צום מערדער, מיט שנאהדיקער פאַראַכטונג, האַלטנדיק זייערע עלטערן פאַר די הענט. אַזוי האָבן זיי מיטמאַרשירט צום שפּיטאָל־פּלאַץ.

עס קומען אָן משפחות, צו פינף אין אַ ריי, איינגעפלאָכטן די הענט איינער מיטן אַנדערן. אָט איז ר׳ גאָדל טריטער מיט דער משפחה. קלמן פינקוסעוויטש מיט דער משפחה, אַחוץ דער עלטערער טאָכטער פעסקע, וואָס איז צווישן די וואָס דאַרפן בלייבן — זי האָט אַ כשרע אַרבעטס־קאַרטע. אָט קומט אָן ר׳ מאָטל ניעמעץ מיט זיין משפחה, באַגלייט דורך 5 — פון זיין ווייב און קינדער (אַחוץ זיין זון משה, וואָס איז אין סאַניטאַרן־דינסט). גייט ער אַזוי, מאָטל, אין דער מיט. זיינע ליפּן באַוועגן זיך. זאָגט ער תהילים? שעפּטשעט ער אַ תפילה? אָדער זאָגט ער גאָר ווידוי?



אויסזידלונגס־אַקציע אין געטאָ

אָט איז ר׳ עמנואל גראָסמאַן מיטן ווייב און קינדער. די פרוי האַלט ביי דער האַנט דאָס יינגסטע מיידעלע. טרערן רינען איר פון די אויגן און זי רעדט צו די קינדער: „ראַטעוועט זיך. אפשר וועט בלייבן אַ זכר...״ און זי ווישט אָפּ די טרערן, ווייל גראָד גייט פאַרביי אַ דייטש, זאָל דער מערדער נישט זען טרערן אין די אויגן פון אַ יידישער מאַמע... אויך דער טאַטע, וואָס איז שטענדיק געווען אַ בעל־בטחון, ווייזט איצט נישט אַרויס, אַז עס קומט אין אים פאָר אַן אינערלעכער געראַנגל, און אַז דער שטענדיקער בטחון, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אין די מלחמה־יאָרן, אַז מען וועט אַלץ איבערלעבן, נעמט זיך וואַקלען. ער ווייזט אָבער נישט אַרויס זיין יאוש. ער ווענדעט זיך צו די קינדער: „גייט, קינדערלעך און ראַטעוועט זיך. נאָר געדענקט, בלייבט יידן און דערציילט וואָס מען טוט מיט אונדז״.

און אָט איז ר׳ גדליה שוחט, אַרומגערינגלט און באַגלייט פון די זין, טעכטער, שניר, איידעמס און אייניקלעך. זיין הויכע געשטאַלט איז געבויגן, די באָרד — גרוי־שוואַרץ זעט זיך קוים אַרויס פון דער אַרומגעבונדענער פאַטשיילע (דאָס האָט מען זיך אַרומגעבונדן זייענדיק אין געטאָ, אַז די באָרד זאָל זיך נישט וואַרפן די דייטשן צופיל אין די אויגן. עס האָט אָפט געטראָפן, אַז ווען אַ דייטש האָט באַגעגנט אַ ייד מיט אַ באָרד, האָט ער אַרויסגענומען די שווערד און די באָרד אָפּגעשניטן צוזאַמען מיט שטיקער פנים). דאָס איז ר׳ גדליה, אַ ייד אַ ירא שמים, דער בעל מנגן, בעל־קורא, מתיקותדיקער בעל־תפילה, וואָס זיין יום־כיפּורדיקער מוסף האָט געבראַכט אין שיל אַריין יונג און אַלט. אַפילו פרייע האָבן ליב געהאַט צו הערן זיין זיס קול. זיין „הנני העני ממעש״ האָט געמאַכט ציטערן די ווענט און אַרויסגערופן אַ געוויין אין דער ווייבערשול. שטייט ער אַזוי, ר׳ גדליה, אויפן שפּיטאָל־פּלאַץ און זעט ווי מען וואַרפט אַרויף די קראַנקע אויפן וואָגן און אַ טייל ווערן אויפן אָרט דערשאָסן. און די רוצחים מיט צעיושעטע פּרצופים לויפן אַרום און שלאָגן מיט די ביקסן איבער די קעפּ און בלוט גיסט זיך, ווי וואַסער.

ר׳ גדליה גלייכט דאַן אויס דעם רוקן, בינדט אָפּ די פאַטשיילע פון דער באָרד, האַלט זי ביי די עקן איבערן קאָפּ, אָט אַזוי ווי ער פלעגט מאַכן די ברכה „להתעטף בציצית״ און טוט אַ זאָג: „און דו, רבונו של עולם, דו זיצסט אויבן און קוקסט אויף אַלץ און שווייגסט?״

ווידער חזרן זיך איבער די סצענעס פון לעצטן שבת: צענדליקער טויטע, כסדרדיקע שאָסן רייסן איבער דאָס לעבן פון די, וועלכע קענען זיך נישט שנעל באַוועגן. דאָס רוב אַלטע לייט. מען קען זיי צומאָל נישט באַוויינען, ווייל די ביקסן זענען אָנגעשטעלט אויף די, וואָס פּרווון פאַרלאַנגזאַמען די טריט.

אויך אויפן הויף, ווו דאָס „טומאהלע״ אויף וויעטשנאָשטש געפינט זיך, גייט אָן אַן אינטענסיווע אַרבעט. דאָרט געפינט זיך די געסטאַפּאָ און זיי קאָנטראָלירן די אַרבעטס־קאַרטן און באַשטימען ווער עס זאָל בלייבן און ווער עס זאָל אָפּטראַנספּאָרטירט ווערן. ווידער ווערן פרויען צעשיידט פון זייערע מענער, קינדער פון זייערע עלטערן. יעדע גרופּע ווערט אויסגעשטעלט באַזונדער און ווייַ איז צו דעם, וואָס וויל אַריבערגיין פון איין זייט צו דער אַנדערער. אַ קלאַפּ, אָדער אַ קויל נעמט אָפּ דעם חשק. עס טרעפט אויך, אַז די וואָס זענען באַשטימט געוואָרן צו בלייבן און געשיקט ווערן אויף אַרבעט אין „שאָפּ״, קוקן זיך אַרום, אַז זיי בלייבן אינגאַנצן אַליין, אָן משפחה, אָן טאַטע־מאַמע.

אַזוי איז געווען מיט פעסקע פינקוסעוויטש, וועלכע איז באַשטימט געוואָרן אויפן סמך פון איר אַרבעטס־קאַרטע, אַז זי זאָל בלייבן און גיין אין „שאָפּ״ אַרבעטן. לויפט זי מיטאַמאָל



אַ דייטשער רוצח ביי זיין קרבן

צו צום געסטאַפּאָוויעץ און בעט אים ער זאָל זי לאָזן צוריקגיין, אַז זי וויל זיין צוזאַמען מיט די עלטערן און משפּחה. מען קלערט איר אויף, אַז דאָס וואָס זי וויל מיינט גיין גלייך אין הימל אַריין, אָבער עס העלפט נישט. אַזוי האָט זי באַשלאָסן און מיט געוויין בעט זי זיך, מען זאָל זי לאָזן זיך פאַרייניקן מיט אירע נאָענטע. און הגם זי פילט, אַז עס איז אפשר פאַראַן אַ סך אמת אין דעם וואָס מען האָט איר געזאָגט, איז זי אָבער גליקלעך ווען מען מאַכט אויף דאָס טירל און דער זשאַנדאַר זאָגט איר: „גיי, דו דומע גאַנדז". זי לויפט אַ ווײנענדיקע, אָבער אַ שטראַלנדיקע און כאַפּט זיך אַרום קושן מיט אירע טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער און שרייט ספּאַזמאַטיש: „זאָל זיין אין הימל, נאָר מיט אייך צוזאַמען!"

אויפן פּלאַץ זענען פאַרזאַמלט די באַוואָפנטע זשאַנדאַרן מיטן מייסטער פּיכלער און אָבערלייטענאַנט גרעיזער בראש. צוזאַמען מיט די געסטאַפּאָ־עלטסטע גיבן זיי אַרויס באַפעלן און פירן אָן מיט דער אַקציע פון אַרויסשיקן די ייִדן. עס הייבן אָן צו רירן די ערשטע גרופּעס, באַגלייט דורך באַוואָפנטע זשאַנדאַרן און אוקראַאינער. און אַזוי מאַרשירן זיי פון פילס:דסקי (פּיעטרקאָווער גאַס) אין דער ריכטונג צו דער באַן. אַ קליין פורל מיט אַ הינקענדיק פערד, אָנגעטריבן פון אַן אַלטן פויער, באַגלייט יעדע גרופּע. דאָרט, אויף דעם וועגעלע, געפינט זיך כלומרשט אַ טייל פון באַגאַזש, וואָס איז דערלויבט מיטצונעמען, און דאָס כדי צו פאַרבלענדן די אויגן, מען זאָל מיינען, אַז מען פאָרט טאַקע אויף אַרבעט.

אָט גייט, צווישן אַנדערע, ברכה דעם בייגל־בעקערס טאָכטער, מיט איר איינציקן קינד אויף דער האַנט. זי פילט, ווי די כוחות גייען איר אויס. זי רופט דעם אָרדנונגס־מאַן, וואָס גייט נעבן איר (זיי קענען זיך נאָך פון פריער), זאָגט אים עפּעס. ער נעמט דאָס קינד און זעצט עס אַרויף אויפן וואָגן. באַלד דערנעבן געפינט זיך רעגינע פּאַקין (פונדערהיים שטערן. איר מאַן, אשר פּאַקין, האָט געאַרבעט אַלס סאַניטאַר אין בלייס פאַבריק, פון וואַנען ער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אַ ביסל שפּעטער). מיט איר איז איר דריי־יאָריקע מאַרילקע. דאָס קינד קען דעם אָרדנונגס־מאַן און בעט אים: „זעץ מיך אַרויף אויפן וואָגן, איך האָב קיין כוח נישט". ווי נאָר ער זעצט זי אַרויף אויפן וואָגן, ווערט ער באַפאַלן פון אַ זשאַנדאַר מיט דער ביקס איבערן קאָפּ. ער באַגיסט זיך מיט בלוט. דער זשאַנדאַר שטרעקט אויס די ביקס, אָבער ער ווערט געראַטן פון אַן אַנדערן זשאַנדאַר. דער אָרדנונגס־מאַן, מיט אַ פאַרבלוטיקט פּנים, האַלט זיך קוים אויף די פיס ביי דער זייט פון וועגעלע און באַגלייט אַזוי די גרופּע ביז דער באַן. די פּאָליאַקן שטייען אויפן טראָטואַר. טייל פון זיי באַגלייטן די מאַרשירנדיקע מיט שפּאָטישע בליקן, נאָר אַ קלענער טייל מיט באַדויערן. און נישט איינער טראַכט ביי זיך: אָבי פּטור ווערן פון די זשידעס.

נאָך יעדער געשלאָסענער גרופּע פון הונדערט, אָדער מער ייִדן, פאָרט נאָך אַן אויטאָמאָביל מיט באַוואָפנטע זשאַנדאַרן, מיט אויטאָמאַטן און האַנט־גראַנאַטן. אַחוץ דעם זענען יעדע צען מענטשן באַגלייט דורך צוויי זשאַנדאַרן.

אָט אַזוי האָבן זיי מאַרשירט, די טאָמאַשאָווער ייִדן, האַלטנדיק פאַר די הענט די נאָענטע, מיט בליקן פון פאַראַכטונג צום שונא. און הגם זיי האָבן נישט געוווּסט וווּהין מען פירט זיי און זייענדיק אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנטע זשאַנדאַרן, באַגלייט דורך די שפּאָטישע בליקן פון די פּאָליאַקן, האָבן זיי מאַרשירט מיט אויפגעהויבענע קעפּ. אַפילו די, וועלכע זענען שוין געווען גייסטיק און פיזיש דערשעפּט, האָבן זיי ווי ווייט מעגלעך, אָפּגעמאָלט איבער זייערע כוחות, זיך געהאַלטן און נישט אַרויסגעוויזן קיין סימנים פון הכנעהדיקייט.

צוקומענדיק צום וואָקזאַל האָט זיך ווידער איבערגעחזרט דאָס יאָגעניש פון די זשאַנדאַרן, מיט בייטשן איבער די קעפּ און אונטעריאָגן ביים אויסטאָן די שיך.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן דער אָרדנונגס־מאַן גוטגעלט. ער האָט, ביים אויסטאָן די שיך פון די אומגליקלעכע, צופעליק באַמערקט זיין שוועסטער. ער האָט זי אין געדראַנג פריער נישט געזען. ער האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ. די בליקן פון ברודער און שוועסטער האָבן זיך באַגעגנט. לעאָן גוטגעלט האָט זיך כמעט ווי צוזאַמענגעבראָכן, אַ שטראָם טרערן האָט גענומען פליסן פון זיינע אויגן. דער זשאַנדאַר האָט באַמערקט לעאָנס צערודערונג. ער האָט מיט ווילדער רציחה גענומען שטויסן מיט זיינע שטיוול איבער לעאָנס פּנים. זיין ראַפּניק (בייטש), אויסגעאַרבעט פון לעדער און דראָט, האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איבער לעאָנס קאָפּ. דאָס בלוט האָט נישט אויפגעהערט רינען.

אַ צווייטער אָרדנונגס־מאַן האָט באַלד פאַרטראָטן לעאָנס אָנגעהויבענע אַרבעט און אַראָפּגעצויגן די שיך.

אין אַזאַ בלוטדורשטיקער אָרגיע פון די דייטשע מענטשן־פרעסער זענען די ייִדן גרופּנווייז, צו 100 אָדער 120, אַריינגעשטופּט געוואָרן אין די וואַגאָנען. קיין וואַסער, קיין כלי פאַרן מענטשלעכן געברויך. און דאָ ווו עס איז שווער געווען אַריינצופּאַקן אַזוי פיל מענטשן אין אַ וואַגאָן, האָבן ווידער די ס.ס. און די זשאַנדאַרן מיט רוצחישער ווילדקייט געלאָזט אין גאַנג זייערע בייטשן ביז אַלע זענען אַריינגעפּרעסט געוואָרן אין די וואַגאָנען. די טירן זענען דאַן פאַרפלאָמבירט געוואָרן. באַוואָפנטע זשאַנדאַרן האָבן געוואַכט אויפן דאַך, אַז קיינער זאָל נישט אַנטלויפן אויף וועלכן עס איז אופן.

עס איז שווער, ממש אוממעגלעך, צו שילדערן מיט ווערטער די האַרצרייסנדיקע סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט

אויפֿן וואָקזאַל און ביים אַריינגיין אין די וואַגאָנען. מענער האָבן פֿאַרלוירן זייערע פֿרויען, פֿרויען זייערע מענער, קינדער האָבן גערופֿן זייערע עלטערן און עלטערן האָבן געזוכט זייערע קינדער. די מערדערישע זשאַנדאַרן און צוזאַמען מיט זיי די אוקראַאינער האָבן געלאָזט אין גאַנג זייערע בייטשן און ביקסן־קאָלבעס, אַראָפּגעריסן די היטלען ביי אַ טייל יידישע פּאָליציסטן, וואָס האָבן זיך געפֿונען אויפֿן וואָקזאַל. אויך זיי, די יידישע פּאָליציסטן, זענען מיט צעבלוטיקטע קעפּ אַריינגעשטופּט געוואָרן אין די וואַגאָנען. עס זענען צווישן זיי געווען די יידישע פּאָליציסטן גוטגעלט, ערליך, עלענצווייג. אויך כמעט אַלע, וואָס האָבן געהערט צו דער סאַניטאַרן־גרופּע פֿון יידישן אָרדנונגס־דינסט, זענען בלוטיק צעשלאָגן און אַריינגעשטופּט געוואָרן אין די וואַגאָנען און געטיילט דעם זעלבן גורל מיט זייערע נאָענטע אין די לעצטע שעהן פֿון זייערע ליידן.

דער טאָג האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַכט טויזנט אַרויסגעשיקטע און עטלעכע הונדערט דערמאָרדעטע אויפֿן אָרט.

די בערך טויזנט נפשות, וואָס זענען דערווייל באַשטימט געוואָרן צו בלייבן, זענען צייטווייליק איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין פֿאַבריק־געביידעס (בלייס פֿאַבריק, לייסטן־פֿאַבריק א״אַ). אויך אין די בלאָקן פֿאַר די שאַפּ־אַרבעטער, וואָס זענען נאָך פֿון פֿריער באַשטימט געוואָרן דורך דעם פֿאָלקס־דייטש מעטציג, מיטן קרייז־הויפּטמאַן גרעיזער. אַ טייל איז אויך אין טאָג פֿון דער אויסזידלונג געשיקט געוואָרן אין דער פֿריער שוין דערמאָנטער זאַמל־שטעלע, וואָס האָט זיך געפֿונען אויף יעראָזאָלימסקאַ און פּאָלנע און איז געווען אויף דער גרענעץ פֿון אויסער דעם געטאָ. אין זעלבן טאָג פֿון דער אויסזידלונג זענען דורך די דייטשן באַשטימט געוואָרן גרופּן, וואָס זאָלן צוזאַמענגעמען די טויטע און זיי באַגראָבן, ווי אויך זאַמלער, וואָס זאָלן צוזאַמענגעמען די געבליבענע זאַכן, ווי מעבל, בעטגעוואַנט אאַז״וו און עס ברענגען צו דער זאַמלשטעלע. אַ טייל האָט אויך באַדאַרפֿט באַדינען די געסטאַפּאָ, שופּאָ, קרימינאַל־פּאָליציי א״אַנד.

דאָס געטאָ איז געוואָרן פֿאַרקלענערט און האָט אַרומגענומען די פֿאָלגנדיקע גאַסן: יעראָזאָלימסקאַ, ווסכאָדניאַ, האַנדלאָווע, פּיעקאַרסקאַ. פֿאַרצוימט מיט שטעכיקן דראָט, באַוואַכט פֿון שופּאָ־פּאָליציי, אוקראַאינער און פּוילישער גראַנאַט־פּאָליציי.

## אין פֿאַרקלענערטן געטאָ

אין זעלבן טאָג נאָך האָבן זיך געדאַרפֿט אַריינקלייבן די איבערגעבליבענע.

און ווידער האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצענעס, איצט, צווישן די פֿאַרבליבענע. יעדער האָט זיך געפֿילט אָפּגענאַרט און אומגליקלעך. עס איז איצט קלאָר געוואָרן פֿאַר זיי וואָס מען האָט פֿאַרלוירן. ווער — דאָס ווייב; ווער — דעם מאַן, קינדער, עלטערן, ברידער און פֿריינד. ווער ווייסט וווּהין זיי זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן. די אָפּנאַרעריי פֿון די דייטשע רוצחים, וועלכע האָבן צוגעזאָגט איבערצולאָזן די פֿאַמיליעס, האָט נאָך מער דערדריקט און געפּייניקט.

ווי שווערע וואָלקנס הענגען די טרויעריקע שטימונגען און געמיטלאָזיקייט איבערן געטאָ. אַלץ איז פֿאַרלוירן. יעדער פֿאַרבליבענער האָט זיך געפֿילט, ווי אַן אָפּגעבראָכן צווייג פֿון אַ פֿאַרצווייגטן בוים, אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל אין מיטן אַ צעשטורעמטער נאַכט, אין פֿינצטערן פֿעלד. דער ווייטאָג



יידן אויף זייער לעצטן וועג

און די איינזאַמקייט האָט געדריקט. נישט אויסצוהאַלטן. מען האָט נישט געוווסט ווו זיך אַהינצוטאָן. מערסטנס זענען עס געווען יונגע מענטשן — מענער, פרויען, אונטערוואַקסנדיקע מיידלעך, וועלכע זענען פּלוצים געבליבן אָן עלטערן, אָן ברידער און שוועסטער, פאַריתומטע, דערשלאָגענע, פאַרצווייפלטע. בלויז עטלעכע עלטערע מענטשן זענען פאַרבליבן. איינצלנע און איינזאַמע.

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ. באַגלייט פון יידישע אָרדנונגס־מענער. אַחוץ די שאָפּ־אַרבעטער, וואָס זענען געגאַנגען יעדן אינדערפרי צו דער אַרבעט און צוריקגעקומען אין אָוונט, זענען אויך געווען אַנדערע, ווי סטאָליאַרעס, מוליאַרעס (פּיינטערס).

האָט געטראָפן, אַז אַ באַן־קאָנדוקטאָר, אַ פּאָליאַק, זעענדיק, אַז עס גייט אַ קליינע גרופּע יידן אויסער דעם געטאָ. זיי שטעלן זיך אָפּרוען אויף אַ פעלד אויסער דער שטאָט. איז ער צוגעקומען און איבערגעגעבן, אַז מען האָט די אויסגעזידלטע יידן געפירט קיין מאַלקין און פון דאָרט — קיין טרעבלינקע צום פאַרברענען. ווען מען האָט עס איבערדערציילט אין געטאָ, האָט עס קיינער נישט געוואָלט גלייבן. מען האָט עס אויסגעטייטשט, אַז דאָס האָט אַ גוי, אַן אַנטיסעמיט, אויסגעטראַכט. ס'האָט זיך פּשוט נישט געלייגט אויפן שכל. היתכן? ווי נעמט מען עס לעבעדיקע מענטשן און מען פאַרברענט? דערצו אַזוי פיל זקנים, פרויען, קינדער? — ניין, ניין, עס קען נישט זיין! אוממעגלעך!

גיכער האָט מען זיך צוגעהערט, אַז עס קומען אָן בריוו פון מענטשן, וואָס געפינען זיך אין פאַרשידענע ערטער און אַרבעטן. מען האָט פאַרשפּרייט ידיעות, אַז די פרוי פון יאַנקל וואָלאַרד, וועלכע איז אַוועק מיטן לעצטן טראַנספּאָרט, האָט געשיקט אַ בריוו, אַז זי געפינט זיך אין דייטשלאַנד און אַרבעט ביי אַ פּויער און אַז די קינדער זענען מיט איר.

און הגם מען האָט נישט געקענט פעסטשטעלן צי עס איז אמת, האָט מען דאָך געגלייבט, ווייל... עס האָט זיך געלייגט אויפן שכל, עס האָט זיך געגלוסט גלויבן...

און אַזוי האָט מען זיך גענאַרט און זיך צוגעוווינט צו דעם אָרט לעבן, מיט ברעקלעך האָפענונג אין די הערצער אויף בעסערע טעג, אַז אַמאָל וועט דאָך נעמען אַ סוף צו די ליידן.

די גרופּע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו זאַמלען די שטוב־חפצים און מעבל פון די אַוועקגעשיקטע יידן, האָבן עס געטאָן אונטער דער אויפזיכט פון זשאַנדאַרן. אומעטום זענען געווען אויפגעפּראַלטע טירן, אויסגעהאַקטע שויבן, ווי לידיקע אויגנלעכער ביי בלינדע. אין די הייזער הענגט אַ שטילשווייגן, וואָס שרייט מיט אומגעהערטע קולות. אַ פאַרגליווערט שטילשווייגן. דאָרט ווו מען האָט נאָרוואָס געהערט קינדערישע געוויינען, ווו מען האָט זיי איבערגעריסן דעם זיסן שלאָף, אַרויסרייסנדיק פון די בעטלעך — הערשט איצט אַ טויבע שטילקייט. זייערע קישעלעך זענען נאָך כמעט וואַרעם... אויך די בעטן פון די עלטערן זענען צעוואָרפן. דאָס בעטגעוואַנט צעוואַלגערט און די קישנס נאָך נאַס פון די פיל טרערן, וואָס יידישע מאַמעס האָבן אויסגעגאָסן, אַריינוויינענדיק אין די קישנס זייער צער, אויסהיטנדיק זיך, אַז די איבעריקע משפּחה־מיטגלידער זאָלן נישט באַמערקן. אויף די טישן — רעשטלעך פון איבערגעבליבענער זופּ, גלעזער מיט ביסלעך נישט דערטרינקענער קאַווע, טיי, וואָס מען האָט איבערגעלאָזט אין איילעניש, ווען מען האָט געהערט דאָס געשריי „יודן ראַוס!". פאַרגעסענע רוקזעק מיט אַ ביסל וועש און אַנדערע קלייניקייטן, ווי ביכער, ספרים. אַלץ האָט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד אין מוראדיקער אומאָרדנונג און נאַכלעסיקייט. אַלץ ווערט איצט צוזאַמענגענומען און אויפגעזאַמלט דורך די פאַרבליבענע יידן, פאַר די דייטשע מערדער־רויבער.

דער זשאַנדאַר, וואָס באַגלייט די אַרבעטער, גיט אַכטונג, אַז די זאַכן, וואָס מען קלייבט צונויף, זאָלן חלילה נישט צעבראָכן ווערן. מען רייסט פּאָדלאָגעס, מען נעמט פונאַנדער ווענט, מען זוכט און נישטערט צי עס זענען נישט באַהאַלטן קיין אוצרות... און וואָס מען געפינט, ווערט אויפגעלאָדנט אויף וועגענער. אין טייל שטובן זעט מען נאָך סימנים פון בלוט. דאָס איז דאָס בלוט פון די שווער־קראַנקע, וועלכע האָבן נישט געקענט אויפשטיין פון זייערע בעטן און זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

אייניקע אָרדנונגס־מענער (יידישע פּאָליציי) ווערן אויפגעפאָדערט צו באַגלייטן די זשאַנדאַרן אין אויפזוכן די טויטע, וואָס זענען געבליבן אין זייערע בעטן. די אויפרוימונגס־קאָמאַנדע האָט די טויטע צוזאַמענגענומען און זיי באַגראָבן אויפן בית־עולם. דאַן אויסגעליידיקט די שטובן און אַלץ געפירט אין דער זאַמלשטעלע. דאָרט איז אַלץ געוואָרן סאָרטירט און דורכגעקוקט און דערנאָך אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד.

מוראדיקע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין דער זאַמלשטעלע, ווו עס זענען סאָרטירט געוואָרן די זאַכן פון די אַוועקגעשיקטע. מאַמעס האָבן דערקענט דאָס אָנטועכץ פון זייערע אייגענע קינדער און פון אַנדערע משפּחה־מיטגלידער, ווי עלטערן, שוועסטער און ברידער. זייער אָפּט האָבן זיך געהערט אין דער זאַמלשטעלע אויסגעשרייען: „אוי, דאָס איז דאָך מיין מאַמעס קלייד! מיין שוועסטערס קאָסטיום! מיין ברודערס אָנצוג! מיין רייזעלעס שיכעלעך!"

די חפצים און מלבושים האָבן כסדר דערמאָנט דעם גרויסן חורבן. נאָך גרעסער איז געווען דער צער פון די איינזאַמע, איינצלנע, יחידים, ווען זיי זענען אַהיימגעקומען צו די ליידי־



**מצבת־זכרון לזכר 300 בני עירנו שנרצחו בשעת הגרוש לטרבלינקה**

**די מצבה פאַר די 300 דערמאָרדעטע בשעת דער אויסזידלונג קיין טרעבלינקע**

**(די מצבה איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויפן טאָמאַשאָווער בית־הקברות יט—כא חשון תש״ג — 1942)**

קע וועגט. אַ גוואַלדיקער טרויער האָט זיך געלייגט אויף יעדנס געמיט.

צועשרט איז עס געווען אַ שאָק. דער ווייטאָג איז ערשט געקומען, ווען מען האָט זיך אַרומגעזען, אַז עס איז פאַראַן אמת אין די קלאַנגען און השערות, אַז מען האָט די ייִדן נישט געשיקט אויף אַרבעט...

אין דעם פאַרקלענערטן געטאָ, וואָס האָט אַרומגענומען איין בלאָק מיט הייזער, ווו עס האָבן זיך געפונען בערך 1000 נפשות, האָט זיך איינגעשטעלט אַ געוויסע רוטין. פאַרטאָג האָט מען זיך אויסגעשטעלט אין דער ריי גיין צו דער אַרבעט אויף פאַרשידענע פּלאַצוווקעס. אַהיימקומענדיק צו די פיר ווענט, האָט מען ערשט דערפילט די איינזאַמקייט און די ביטערע ווירקלעכקייט. האָט מען זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן, באַפריינדעט זיך און געטיילט זיך מיטן טרויער. מיטן עסן איז געוואָרן לייכטער. מען האָט זיך געטראָפן אויף די אַרבעטס־פּלעצער מיט פּאָליאַקן און מען האָט „אָרגאַניזירט", אָדער אויסגעטוישט בגדים, חפצים פאַר אַ ביסל שפּייז. טיילמאָל האָט מען פאַר אַ ביסל עסן אַוועקגעגעבן גאָלד, אָדער אַנדערע ווערטזאַכן, וואָס מען האָט נאָך באַוויזן אויסצובאַהאַלטן. די פריינדשאַפט צווישן די פאַרבליבענע איז געוואָרן פעסטער. עס איז פאַרשוווּנדן דער פאַרמלחמהדיקער יחוס, עס זענען ווי פאַרווישט געוואָרן די מחיצות צווישן אָרעם און רייך, געבילדעטע און „פּראָסטע". סוף וואָך האָט מען בציבור געמאַכט אַ „לחיים" און טיילמאָל בכוונה אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס, כדי פאַרגעסן דעם ווייטאָג און צער. גראָד דעמאָלט איז מען נאָך ניכטערער געוואָרן און געזען זאַכן קלאָרער, בולטער. אָפּטמאָל האָט מען ביי אַזעלכע צוזאַמענקונפטן געפירט דיסקוסיעס און אויסגעדריקט פּראָטעסטן: הלמאי דאָס וועלט־ייִדנטום שוויגט און דערלאָזט, אַז אַזעלכע רציחות זאָלן אָפּגעטאָן ווערן. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געטרונקען ביחידות און האָבן אַרויסגעוויינט דעם צער און געטראַכט, אַז אויב עס איז קיין אויסוועג נישטאָ, איז טאַקע אפשר גלייכער מאַכן אַ סוף צום לעבן און פּטור. באַלד אָבער האָט אַן אַנדער געדאַנק פאַרטריבן די פריערדיקע מרה־שחורה: ניין! דאָס ווילן דאָך די נאַציס. איז אויף צו להכעיס זיי, אויף להכעיס די שונאים טאָן אַלץ און זיך נישט אונטערגעבן, און אפשר, ווער ווייס, וועט מען טאַקע איבערלעבן און זיך דאָך טרעפן מיט די נאָענטע.

דערווייל האָט מען זיך צוגעוווינט צו די אומשטענדן. דאָס לעבן איז געוואָרן לייכטער, די מאָראַל, די זיטן, ווי טהרת המשפחה, זענען געוואָרן לויזער. עס האָבן זיך דערנענטערט און פאַרבראַכט צוזאַמען איינזאַמע פרויען מיט איינזאַמע מענער. מען האָט זיך ווי אויפגעהערט צו שעמען איינער פאַרן אַנדערן. און אויך אין דער אויפפירונג איז גע־לעגן אַ שטיקל צו־להכעיס: אויב אַ וועלט איז הפקר, זאָל זיין הפקר... ווער ווייסט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען? — איז חי־געלעבט, היום, היינט... און זאָל זיין, וואָס ס'וועט זיין!... במילא איז מען נישט זיכער מיטן לעבן!...

געווען אויך אַ טייל, וואָס האָט עס אַלץ אויסגעמיטן און אין דער שטיל זיך אַרומגעטראָגן מיטן צער און ווייטאָג און אויך נישט געוואָלט פאַרשעמען זייערע טאַטעס און זיידעס אין די קברים...

דאָס איז געווען דער מער רעליגיעזער עלעמענט. טייל האָט געגלייבט, אַז מען וועט דאָס געטאָ שוין איצט צורו לאָזן — עס איז דאָך געבליבן בלויז אַ קליינע צאָל, דערצו נוצלעכע עלעמענטן...

אָט אין אַזאַ לאַגע איז דאָס קליינע געטאָ אַריין אין יאָר 1943.

## פּאַלעסטינע־אַקציע

צומאָרגנס, נאָכדעם ווי די דייטשן און פּאָליאַקן האָבן געשיכורט און זיך געפרייט מיטן אָנהייב פון נייעם יאָר, באַוויזן זיך פּלאַקאַטן אויף די ווענט, אַז ווער עס האָט אַ משפחה, קרובים, אָדער וויל פאָרן קיין פּאַלעסטינע, זאָל זיך קומען רעגיסטרירן. באַלד האָבן זיך געשאַפן גרופּעס, רעדלעך אין די הויפן, אין די הייזער און ווו נישט? מען האָט דיסקוטירט, זיך געהיצט און געקריגט. טייל האָבן געזאָגט, אַז עס איז אוממעגלעך, אַז אין אַזאַ צייט זאָל מען שיקן קיין פּאַלעסטינע. נישט אַנדערש, ווי עפּעס אַ נייע פּאַסטקע אַוועקצופירן ייִדן און אומברענגען. דער אַנדערער צד האָט געהאַלטן, אַז עס איז יאָ מעגלעך, אַז היות אין אַמעריקע האָט מען אַרעסטירט אַ סך דייטשן און אויך אין ענגלאַנד געפינען זיך דייטשע געפאַנגענע, טוישט מען זיי אויס פאַר ייִדן. ספּעציעל איז די מיינונג געווען געשטיצט פון דער גרופּע „איוואַ" (ראשי תיבות: ייִדן ווילן אַזוי). האָט מען יעדן בשורה־קלאַנג אויסגעטייטשט צום גוטן, ווי אַ טרינקענדיקער, וואָס כאַפּט זיך אָן אין אַ שטרוי.

און אַזוי, אין קאָכעניש, אין טומלעניש איז מען גיך געלאָפן זיך שטעלן אין די רייען און זיך פאַרשרייבן קיין... פּאַלעסטינע, אויסזוכנדיק אין זכרון נאָענטע און ווייטע קרובים. די דייטשן האָבן געזאָגט: „אַפילו חברים, אָדער סתם באַקאַנטע — אויב זיי וווינען אין פּאַלעסטינע, איז עס גענוג". באַלד האָט מען געמאָלדן, אַז די רשימה איז פאַרפולט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מערכה פון אונטערקויפן מיט גאָלד, גאָלדענע זייגערס און... פּראָטעקציע, אַבי מען זאָל פיגורירן אויף דער ליסטע. די „גליקלעכע", וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער ליסטע, האָבן שוין אַפילו גענומען פּאַקן די רוקזעק און זיך געגרייט קיין פּאַלעסטינע...




**המצבה בבית הקברות בטומשוב שהוקמה לזכר 15,000 היהודים מבני עירנו שנרצחו בימי השואה.**

**די מצבה אויפן טאָמאַשאָווער בית־הקברות געווידמעט דעם הייליקן אַנדענק פון די 15,000 יידן פון אונדזער שטאָט, וועלכע זענען אומגעקומען אויף קידוש־השם דורך די דייטשע מערדער און זייערע העלפער**

**ה׳ ינקום את דמם!**

פלוצים האָבן זיך פאַרשפרייט קלאַנגען, אַז מען וועט גאָ־ נישט שיקן קיין פאַלעסטינע, נאָר ערגעץ אויף אַרבעט, בפרט אַז מען האָט אויסגעפונען, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדענונג מיט דער ליסטע, און אַז די מיוחסים און זייערע קרובים ווערן אויסגעביטן אויף אַנדערע נעמען. ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלויף איינער צום אַנדערן און מען האָט געזוכט אַ וועג ווי מען זאָל אַראָפּ פון דער „פּאַלעסטינער ליסטע". ווידער האָבן די זעלבע פאַרמיטלער, וואָס האָבן גענומען געלט פאַר פיגורירן אויף דער רשימה, פאַרלאַנגט נאָך גרעסערע געלט־ סומען, אָדער גאָלד, פאַרן אויסמעקן און פאַרבייטן די ליסטע מיט אַנדערע נעמען.

דעם 5־טן יאַנואַר, פאַרטאָג, איז ווידער דאָס געטאָ אַרומ־ גערינגלט געוואָרן פון אוקראַאינער און זשאַנדאַרן אין פולער באַוואָפענונג. עס פאָרן אַריין פויערישע וועגעלעך, ווי אויך לאַסט־אויטאָס. עס ווערן אַרויפגעלאָדן עטלעכע הונדערט יידן, וואָס פאָרן אָפּ אין דער ריכטונג קיין אויאַזד (10 קילאָמעטער פון טאָמאַשאָוו) און פון דאָרטן ווערן זיי געשיקט, צוזאַמען מיט אַנדערע יידן, קיין... טרעבלינקע.

**פורים־אַקציע**

(„שלח־מנות" פון אָבערלייטענאַנט גרעיזער
פאַרן ד"ר מאָרדקאָוויטש)

ד"ר מאָרדקאָוויטש האָט געהערט צו די אייגנאַרטיקע און אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייטן פון טאָמאַשאָוו. אַליין האָט ער געשטאַמט פון פשוטע עלטערן, וואָס האָבן קוים פאַרדינט אויף חיונה. זיין מוטער חיה האָט געהאַנדלט מיט מילך. דער פאָטער האָט ביינאַכט זיך אַרומגעדרייט מיט אַ גראַגער אין האַנט און אַכטונג געגעבן אויף די געוועלבער מען זאָל זיי נישט באַגנבענען — ער איז געווען אַ נאַכט־שומר. געוווינט האָבן זיי אוי פלאַץ קאָסציושקאָ 6, וואָס מען האָט גערופן „דער קאָריטאַזש" (קאָרידאָר). שוין אין זיינע יונגע יאָרן האָט

ער אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן. ער איז געווען איינער פון די באַגאַבטסטע שילער אין גימנאַזיע. די לערער האָבן אים פאַרויסגעזאָגט אַ גרויסע קאַריערע. ער פלעגט געבן לעקציעס, כדי זיך צו קענען אויסהאַלטן און אָנגיין מיט זיין שטודיום. הגם קליין אין וווקס, אַן ערך 5 פוס הויך, האָט ער כמעט איבערגעשטיגן אַלע זיינע חברים און שול־קאָלעגן. עס איז פאַר אים גאָרנישט געווען צו־שווער אַבי ער זאָל זיינס דערגרייכן און ווערן אַ דאָקטאָר, כדי ברענגען הילף די קראַנקע. נאָך אַלס אַסיסטענט אין פּאָזנאַנסקי־שפּיטאָל האָט ער שוין געקריגן אַ שם אַלס אַ גוטער כירורג, און טאַקע אַלס איינער פון די בעסטע כירורגן. מען האָט אים גערופן אויף אַ סך קאָנסיליומס ביי שווערע און קאָמפּליצירטע פאַלן. און ווען ער איז אָנגעשטעלט געוואָרן אין ד״ר אייזנערס שפּיטאָל אין לאָדזש, האָט מען אים געקרוינט מיטן נאָמען „זלאָטאַ ראָנטשקאַ״ (גאָלדענע האַנט).

הגם ער איז באַוווּסט געוואָרן כמעט אין גאַנץ פּוילן אַלס כירורג־ספּעציאַליסט, איז ער דאָך פאַרבליבן אַ באַשיידענער און צוגעלאָזענער מענטש, פריינטלעך און באַליבט ביי אַלע־מען.

ווי נאָר ער האָט געהאַט אַ שטיקל פרייע צייט, אָדער סוף וואָך, האָט ער זיך אַריבערגעכאַפּט צו זיינע עלטערן אויז משפּחה, כדי פאַרברענגען צוזאַמען.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז נישט נאָר ער האָט פון זיינע פאַרדינסטן אויסגעהאַלטן בכבוד זיינע עלטערן, נאָר די ברי־דער, שוועסטער, די גאַנצע משפּחה.

באַלד ביים אויסברוך פון דער מלחמה, ווען לאָדזש איז אָנגעשלאָסן געוואָרן אין דריטן רייך, איז אים אין דער לעצ־טער מינוט געלונגען זיך אַרויסצוקריגן פון לאָדזש און קומען צוריק אין זיין געבוירן־שטאָט טאָמאַשאָוו. דאָ האָט ער מיט זיין אומדערמידלעכער און איבערגעגעבענער אַרבעט גע־האָלפן זייער אַ סך יידן בעת די קראַנקהייטן און עפּידעמיעס. ער האָט געטאָן וואָס ער האָט געקאָנט, אָפּטמאָל איבער זיינע כוחות.

ער ווערט דער אינטענדאַנט פון שפּיטאָל אין געטאָ, ווייל קיין יידן קענען מער נישט קריגן קיין דערלויבעניש באַהאַנ־דלט צו ווערן אין שטאָטישן שפּיטאָל. מיט זייער באַשיידענע מיטלען געלונגט אים איינצושאַפן די נייטיקע מכשירים און אינסטרומענטן; ער אָרגאַניזירט אַ מעדיצינישן שטאַב. און הגם ער איז שטרענג צו זיינע מיטאַרבעטער, ווייזן אַלע אַרויס צו אים רעספּעקט און ער געווינט דעם צוטרוי און די ליב־שאַפט פון זיינע מיטאַרבעטער און קראַנקע.

ד״ר אויגשפּאַך, הגם אַ פאָלקסדייטש, וואָס פירט אַן מיטן שטאָטישן שפּיטאָל און געהערט צו די חסידי אומות העולם, קומט אין אויסנאַם־פאַלן אין געטאָ און טרעפט זיך אָפט מיט ד״ר מאַרדקאָוויטש. ער דריקט אויס זיין באַדויערן הלמאַי ע־קען זיך נישט זען מיט אים אָפטער. אויך די דייטשן, די געס־טאַפּאָ די זשאַנדאַרמעריע ווייסן, אַז ד״ר מאַרדקאָוויטש איז אַ גרויסער קענער אין זיין געביט. ספּעציעל ווייסט עס דער אָבערלייטענאַנט גרעיזער. שוין אַ צייט ווי ער איז קראַנק אַחוץ אַנדערע קראַנקהייטן, ליידט ער אויף דער „געלער זאַך״ (געלזוכט). שוין אַ סך דייטשע דאָקטוירים האָבן אים באַהאַנ־דלט, אָבער עס העלפט נישט. ווען מען זאָגט אים, אַז עס איז פאַראַן אַ גוטער דאָקטאָר, אַ ייד, וואָס איז אַ מומחה אויפן גע־ביט אַ סך קראַנקהייטן, וויל ער פון דעם נישט הערן: ער זאָל זיך לאָזן קורירן פון אַ ייד, ווען ער קען אפילו נישט הערן דאָס וואָרט ייד? ווען ער קומט אין באַרירונג מיט יידן, ווייל דאָס פאָדערט זיין דינסט, טוט ער עס מערסטנס דורכן מיס־טער פון שופּאָ האַנס פיכלער. נאָר ווען ער מוז עס אַליין טאָן, שטייט ער מערסטנס זעקס מעטער פונדערווייטנס. זיינע בליקן זענען געווענדט איבער די קעפּ פון אַלעמען, ווייל זיין „ראַסן־שטאָלץ״ דערלויבט אים נישט שטיין צו־נאָענט צו יידן. זיין פאַרביטערטער אַנטיסעמיטיזם, יודאָפאָביע, קען אַ סך ליידן דערפון. אָבער אַז זיין געזונט־צושטאַנד פאַרערגערט זיך פון טאָג צו טאָג און די פּראָפעסאָרן פון בערלין, וועלכע זענען ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט געוואָרן, העלפן אים נישט —

דעמאָלט טעלעפאָנירט מען אין דער יידישער אָרדנונגס־דינסט, אַז מען זאָל זאָפאָרט ברענגען דעם ד״ר מאַרדקאָוויטש צום אָבערלייטענאַנט גרעיזער. יעדער ווייס, אַז אויב עמעץ גייט אַרויס אויסערן געטאָ, איז ער באַגלייט דורך אַ פּשוטן אָרדנונג־מאַן, אָבער דאָס מאָל נעמט איבער די באַגלייטונג יוזשעק גאָלדבערג, וועלכער איז אין אָנהייב געווען אַ פּראָס־טער פּאָליציסט און צוליב אַ סך ,אַ סך „סיבות״, איז ער גע־וואָרן דער קאָמיסאַר, דער עלטסטער, דער ממונה איבער דער יידישער פּאָליציי. ער אַליין וועט אַלזאָ באַגלייטן דעם ד״ר מאַרדקאָוויטש צום אָבערלייטענאַנט, דעם אַרכי־רוצח גרעיזער.

די צערודערטקייט אין קליינעם געטאָ וואַקסט פון מינוט צו מינוט. אַ פרייד כאַפּט יעדן אַרום ווען יוזשעק קומט צוריק מיטן דאָקטאָר פון זיין וויזיט ביים אָבערלייטענאַנט. ער וויל, אַז ד״ר מאַרדקאָוויטש זאָל יעדן צווייטן טאָג געבראַכט ווערן צום אָבערלייטענאַנט, כדי ער זאָל אים העלפן פּטור ווערן פון זיין מחלה.

און וווּנדער איבער ווונדער: שוין אין אַזאַ קורצער צייט, נאָך קיין צווי וואָכן נישט פאַריבער זינט דער ד״ר מאַרד־קאָוויטש איז דאָס ערשטע מאָל געווען ביים חולה־מסוכן באַוויזט זיך דער אָבערלייטענאַנט נאָענט פון געטאָ (ער קומט זעלטן אַריין אינעווייניק). ער לאָזט רופן צו זיך דעם דאָקטאָר. שטייט אַזוי אָבערלייטענאַנט גרעיזער, די הייך 6 פוס, 8 אינ־טשעס, אַ דייטש אַ ריז, מיט דעם קליינוווּקסיקן ד״ר מאַרד־




מצבת־זכרון ל־21 הקדושים שנרצחו בפורים 1943 (המצבה הוקמה בבית־הקברות בטומשוב)
די מצבה פאַר די דערמאָרדעטע אין דער „פורים־אַקציע", מערץ 1943

קאָוויטש און זיי שמועסן געמיטלעך. דוכט זיך, צום ערשטן מאָל זעט מען אים שטיין און שמועסן מיט אַ ייִדן... נאָך אַ קורצן שמועס געזעגנט ער זיך און דאַנקט אים פאַר זיין העלפן אים פטור ווערן פון זיינע חולאתן.

20־טער מערץ 1943. דער טאָג איז אַ זוניקער, אַ וואַרעמער. די אַרבעט אין דער זאַמלשטעלע און אַנדערע ערטער ווערט געטאָן מיט אַ ביסל מער חשק. היינט ביינאַכט איז פורים, אויפדערנאַכט וועט מען לייענען די מגילה. אַ ביסל משקה איז צוגעגרייט, אַ ביסל אַ בעסערע סעודה. ווי געווינלעך, אַפילו המן־טאַשן האָבן עטלעכע פרויען צוגעגרייט. אפשר וועט מען אַ ביסל זיך פאַרגעסן היינט אָוונט, אפשר וועט אַ ביסל נאָכלאָזן דאָס „שולד־געפיל", וואָס כמעט יעדער טראָגט ביי זיך אין האַרצן; אויך דאָס קנאה־געפיל צו די ביי וועמען עס זענען געבליבן די נאָענטע משפחה. מען וועט זיך צוזאַמענקומען, אַ ביסל עסן, טרינקען בציבור, אַ ביסל זינגען צוזאַמען, אפשר וועט דאָך אַ ביסל לייכטער ווערן. איז מען צופרידן, וואָס די שעהן לויפן און באַלד וועט זיך די פאַרשאָלטענע אַרבעט ענדיקן.

אויך ד״ר אפרים מאַרדקאָוויטש פילט זיך היינט אַ ביסל בעסער, ווי אין די וואָכעדיקע טעג. אין זיינע יוגנט־יאָרן איז ער געווען ווייט פון צו זיין רעליגיעז, אָבער די יום־טובים, ווי ראש־השנה, יום־כיפור, פסח צום סדר, פורים א״אַ, האָט ער כמעט שטענדיק פאַרבראַכט מיט זיינע עלטערן און משפחה. עס איז געוואָרן ביי אים אַ טראַדיציע אַזאַ אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען זיין פּראָפעסיע האָט אים וויניקער דערלויבט צו זיין צוזאַמען מיט זיינע נאָענטע. אין מאַי 1942, ווען מען האָט דערשאָסן דאָקטוירים און אינטעליגענטן, האָט ער גענומען אויף זיך צו פאַסטן צוויי מאָל אין וואָך, מאָנטיק און דאָנערשטיק. אַן אינערלעכער טרויער האָט אים כסדר באַגלייט. זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט האָט ער געשאָנקען זיין 9־יאָריק טעכטערל קרישיאַ. זיין ענערגיע האָט ער געווידמעט די קראַנקע, ספּעציעל בעת דער טיפוס־עפּידעמיע. ער אַליין האָט זיך אויך אָנגעשטעקט מיט דער חולאת, אָבער באַלד ווי ער איז געזונט געוואָרן, האָט ער מיט נאָך מער מוט, מסירת נפש און איבערגעגעבנקייט פאַרגעזעצט די אַרבעט.

איצט, נאָך דעם ווי מען האָט דאָס רוב ייִדן אויסגעזידלט, דעפּאָרטירט, איז אויך די אַרבעט אין שפּיטאָל פאַרקלענערט געוואָרן. געבליבן זענען סך־הכל אַרום הונדערט מענטשן, דערונטער 4 דאָקטוירים: ד״ר יורעק מילשטיין, ד״ר קעניקיים, ד״ר זלאָטאָלאָוו און ער, ד״ר אפרים מאַרדקאָוויטש. קיין סך קראַנקע זענען, גאָט צו דאַנקען, נישטאָ, האָט ער מער צייט זיך אָפּצוגעבן מיט זיך און זיין טעכטערל, צו וועמען ער דאַרף זיין אי אַ טאַטע, אי אַ מאַמע. וועט ער טאַקע היינט, פורים, פאַרבעטן אַלע וואָס וווינען אין דער דירה: די דאָקטוירים, זיין ברודער מנשה מיט דער פלימעניצע און די שכנים. אויך זיין טעכטערל קרישיאַ האָט איינגעלאַדן עטלעכע קינדער, צו שפּילן זיך מיט זיי, וועט מען זיך פאַרגעסן אויף אַ ווייל...

ענדלעך, 5 אַ זייגער פאַרנאַכט. מען שטעלט זיך אויס אין די רייען. ווי נאָר מען קומט אין לאַגער אַריין פון דער אַרבעט, פאָרט צו אַ לאַסט־אויטאָ צום געטאָ־טויער, עס דערהערט זיך אַ ווילד געשריי: „אויפמאַכן, איר דרעקיקע יודן־שווינען!". דאָס שרייט אַזוי האַנס אַלש, דער זשאַנדאַר פון דער שוץ־פּאָליציי, וועלכער פאָרט טאַקע באַלד אַריין מיטן לאַסט־וואָגן אין געטאָ אַריין. דורך דער פראָנט־טיר קומט אַריין פיכלער. ער גיט איבער אַ ליסטע דער ייִדישער פּאָליציי: די אַלע מוזן זאָפאָרט געבראַכט ווערן, זיי ווערן געשיקט אין אַן אַנדערן לאַגער.

עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר ביים ד״ר מאַרדקאָוויטש. עס קומט אַריין דער ייִדישער פּאָליציסט י. ש. מיט אַ ליסטע אין האַנט. ער לייענט אַרויס די נעמען: ד״ר מאַרדקאָוויטש מיט זיין טעכטערל, זיין ברודער מנשה מיט זיין טאָכטער...

ער חזרט איבער די ווערטער, וואָס פיכלער האָט געזאָגט. זיי דאַרפן איינפּאַקן אַ ביסל זאַכן, זיי ווערן איבערגעשיקט אין אַן אַנדערן לאַגער. און זאָפאָרט זאָלן זיי אַראָפּקומען, ווייל מען וואַרט אויף זיי.

דערווייל זענען אַנדערע פּאָליציסטן געלאָפן ברענגען די, וואָס געפינען זיך אויף דער ליסטע. צווישן אַנדערע האָבן זיי אויך געבראַכט זייערע קאָלעגן פּאָליציסטן, ווי הלל קאַשטוצקי מיט זיין פרוי רחל און צוויי קינדער; אויך רייגראָדסקי מיט זיין פרוי יאַדזשאַ, פון דער היים ברעסלער, און אַנדערע.

מייסטער פיכלער האָט גענוי קאָנטראָלירט און אונטערגעזאָגט, אַז קיינער זאָל נישט פעלן. און ווען ד״ר מאַרדקאָוויטש איז אַראָפּגעקומען מיט זיין רוקזאַק אין איין האַנט און זיין טעכטערל ביי דער אַנדערער האַנט, אין באַגלייטונג פון זיין ברודער און פלימעניצע, האָט ער זיך דערנענטערט צו פיכלערן און געפרעגט וווהין זיי ווערן געשיקט. פיכלער האָט מיט סאַרקאַזם אַרויסגעצישעט: „דו ווערסט געשיקט צום ריכטיקן פלאַץ".

דעם קינדס אויגן זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט טרערן און זיך געבעטן: פאַרוואָס שיקט מען אונדז אַוועק גראָד היינט? גראָד ווען זי האָט פאַרבעטן צו זיך אַנדערע קינדער זיך צו שפּילן? אפשר קען מען אָפּלייגן אויף מאָרגן?...

פיכלער האָט אַ גלעט געטאָן איר קעפּל. קרישיאַ וויינט. מיט איר קינדערישן אינסטינקט האָט זי דערפילט דעם מער־

דערס האַנט. זי האָט זיך שנעל אויסגעדרייט, צוגעלאָפן צום פאָטער און זיך נאָך שטאַרקער צעהעשעט.

דערווייל האָט מען געבראַכט די אַלע, וואָס זענען געווען אויף דער ליסטע און זיי שנעל אויפגעלאָדן מיט די רוקזעק. עס זענען געווען 21 נפשות. און ווי נאָר דער וואָגן איז אַרויס פון געטאָ־טויער און צוגעקומען צו שעפס' הויז, וואָס האָט זיך געפונען אויסערן געטאָ, זענען אַרויף אויפן וואָגן עטלעכע באַוואָפנטע זשאַנדאַרן. צווישן אַנדערע זענען דאָרט געווען דער פאָלקס־דייטש פוקס, וואָלקאָוויאַק, ווי אויך דער וואַכמייסטער קראָפפיש און עטלעכע פון דער געסטאַפאָ.

אין אַ ספעציעלן אויטאָמאָביל איז נאָכגעפאָרן דער אָבערלייטענאַנט גרעיזער, מייסטער פיכלער און אָבערוואַכמייסטער זיגערט. דאָס האָט ער, זיגערט, רעקאָמענדירט אַוועקצושיקן דעם יידישן פאָליציסט קאָשטוצקי מיט זיין פאַמיליע, ווייל ער האָט אים געטראָפן אין אַ זונטיק באַגלייטן אַ געטאָ־ייד צום דענטיסט, וואָס האָט זיך געפונען אויסערן געטאָ. דערפאַר האָט ער באַצאָלט מיט זיין לעבן און מיטן לעבן פון זיין פאַמיליע.

איצט האָבן זיי באַגלייט דעם לאַסטוואָגן, וועלכער איז געפאָרן אין דער ריכטונג צום בית־עולם. מיט די ביקסן־קאָלבעס איבער די קעפ האָט מען די קרבנות אַראָפגעיאָגט פון וואָגן, וועלכער איז פאַרהאַלטן געוואָרן ביי אַן אָפענעם קבר (כדי עס זאָל נישט זיין אויפפאַלנדיק האָבן דאָס מאָל דעם קבר צוגעגרייט פאָליאַקן). פיכלער האָט באַפוילן זיי זאָלן אַראָפציען פון זיך די בגדים... ספאַזמאַטישע געשרייען האָבן פאַרהילכט דעם בית־עולם. די צוויי פרויען יאַדזשאַ רייגראָדסקי און די טאָכטער פון דער משפחה ווייך (די משפחה ווייך וועלכע האָט זיך געפונען צווישן די קרבנות, איז געווען פון קראָקע. דער מאַן איז געווען אַן אינזשיניער, די פרוי אַ דענטיסטקע. די טאָכטער האָט אויפן בית־עולם געשטעלט אַ ווידערשטאַנד), האָבן נישט געוואָלט אויסטאָן זייערע קליידער, נאָר גענומען נאָך העכער שרייען און לויפן צום פלויט אויך די קליינע קרישיאַ האָט אָנגעהויבן שטאַרק וויינען און גענומען לויפן. קראָפפיש, וועלכער האָט זיך ספעציעל אויסגעצייכנט מיט זיין סאַדיזם צו שיסן קינדער אין געטאָ, זאָגנדיק דערביי: „קאָם שלאָפן, מיין קינד", האָט באַלד איבערגעריסן דאָס קינדערישע געוויין און געשריי מיט אַ קויל אין קעפל. די אַנדערע זשאַנדאַרן האָבן מיט מאַשין־געווער דערשאָסן די, וועלכע האָבן זיך געפונען נעבן די קברים. האַנס אָלש, האַנס פיכלער און זיגערט האָבן זיך געיאָגט נאָך די אַנטלאָפענע צוויי פרויען און מיט עטלעכע רעוואָלווער־שאָסן האָבן זיי איבערגעריסן דאָס געשריי און געלויף, רעוועדיק דערביי: „די פאַרפלוכטע הונדע האַבען די קליידער פערזאַערט".

עטלעכע פאָליאַקן האָבן פאַרשאָטן די קברים. ווי זיי האָבן שפעטער איבערגעגעבן, האָט זיך די ערד געהויבן עטלעכע שעה נאָכן פאַרשיטן דאָס קבר.

אָבערלייטענאַנט גרעיזער איז געזעסן אין אויטאָמאָביל און אַכטונג געגעבן, אַז דער מאָרד איבער די 21 יידן זאָל אויסגעפירט ווערן פינקטלעך. די רוצחישע זשאַנדאַרן, מיט פאַרבלוטיקטן הענט און מונדירן, זענען אַרויף אויפן וואָגן, צוריקצופאָרן אין שטאָט אַריין אין דער באַגלייטונג פון אויטאָמאָביל, אין וועלכן עס זענען איינגעשטיגן פיכלער און זיגערט.

אָבערלייטענאַנט גרעיזער האָט זיי מיט דייטשער העפלעכקייט באַדאַנקט פאַר דעם גוטן שטיקל אַרבעט, וואָס זיי האָבן נאָרוואָס אויסגעפירט. ער האָט אויך „אָפגעצאָלט אַ חוב" דעם ד"ר מאָרדקאָוויטש פאַרן אויסהיילן אים פון זיין מיאוסער חולאת...

— „שלח־מנות" פון אַ דייטשן וואַנדאַל פאַר אויסהיילן אים. פינצטערער „געוויסנסביסן", אַז דער ייד, וואָס האָט אים קורירט לעבט...

דעם זעלבן אָוונט איז געקומען אַ זשאַנדאַר מיט עטלעכע אַרבעטער אויפן בית־עולם, כדי צוזאַמענצונעמען די קליידער פון די קרבנות און זיי איבערגעבן אין דער זאַמלשטעלע.

# די לעצטע יידן אין טאָמאַשאָוו

מיכאל גראָסמאַן

עס איז דאַן שוין געווען נאָך דער גרויסער אויסזידלונג פון 1942. נאָך דער „פּאַלעסטינער אַקציע" *, „פּורים־אַקציע" **, נאָך דער „סטוק־אַקציע" ***, נאָכן אַוועקשיקן די טישלער קיין בליזשין, נאָכן טראַנספּאָרט קיין פּיאַנקי. דאָס איז געווען אין מאַי 1943.

אויסערן געטאָ איז דער מאַי געווען אַ שיינער, ווי אַלע מאָל אין דער צייט. אין געטאָ דאַקעגן, האָבן זיך נאָר געמערט די פליגן אויף די מיסטקאַסטנס און די אומאָנגענעמע ריחות האָבן זיך מער פאַרשפּרייט. מען איז פאַרבייגעגאַנגען פון איין הויף אין אַנדערן דורך די עפענונגען אין די ווענט, וואָס האָבן זיך געגרענעצט מיט די הויפן. געבליבן זענען דאַן 750 נפשות און געוווינט אין איין בלאָק, וואָס האָט אַרומגענומען עטלעכע געסלעך: אַ שטיקל פּיעקאַרסקאַ, אַ טייל האַנדלאָוואַ, וווסכאָדניאַ און צוויי הייזער אויף יעראָזאָלימסקאַ. אַרום און אַרום האָט דאָס געבילדעט איין קאַסטן. באַוועגן האָט מען זיך נאָר געקענט פון אינעווייניק. נאָך דער אַרבעט, אַרום 6 אַ זייגער נאָכמיטאָג, פלעגן זיך די מענטשן צונויפקומען אויף די הייף, אַרומגערעדט פאַרשידענע קלייניקייטן, אָדער געזוכט עפּעס צו קויפן איינער ביים אַנדערן. אַנדערש האָט אָבער אויסגעזען אין די לעצטע טעג פון חודש מאַי. שוין עטלעכע טעג, ווי קיינער גייט נישט אַרויס צו דער אַרבעט — אָן אָנזאָג, אַז עס טרעט ווידער אַריין אַן ענדערונג אין דעם חושכדיקן בידנעם דאָזיין. אין דער לופט פילט מען שוין, אַז עפּעס גרייט זיך. שטייען קופּקעלעך מענטשן און שמועסן און דעבאַטירן וועגן דעם, וואָס מען וועט טאָן מיט די פאַרבליבענע, הגם קיינער שרעקט זיך נישט פאַר דעם וואָס עס דאַרף געשען, ווייל סיווי איז מען רעזיגנירט. אַז געבליבן איז מען אַליין, אָן די נאָענטסטע, אָן פאַמיליע — טאָ וואָס איז שוין דער חילוק?...

און אַזוי שטייענדיק צווישן געזעמל, קומט אַן אַרבעטער פון מאַרגאָליס וואַרשטאַט און דערקלערט, אַז ס'איז נאָר וואָס געווען ביי זיי איינער פון די שופּאָווצעס און איבערגעגעבן דעם סוד, אַז מיר ווערן געשיקט קיין בליזשין אַרבעטן, אָבער צי דאָס איז זיכער, האָט מען נאָך געצווייפלט.

באַלד האָט מען זיך דערמאָנט אין דעם וויזיט פון דער געסטאַפּאָ מיט אַ צייט צוריק אין דער באַגלייטונג פון צוויי יידישע פאָרשטייער ווינאָגראָדזקי און טיגער, וועלכע האָבן באַזוכט די פירמע „דיטש", וווּ עס ווערן אויסגעאַרבעט הויזפּאַנטאָפל פאַרן מיליטער. אין דעם ווייטערדיקן שמועס מיטן פּרעזעס גראַנאַט האָבן זיי דערקלערט, אַז מען וועט די אַרבעטער, צוזאַמען מיט דער פאַבריקס־איינריכטונג, אַריבערפירן קיין בליזשין, וווּ עס איז שוין פאַראַן אַ היפּשע צאָל אַרבעטער און די פאַבריק ווערט פאַרגרעסערט. ווען מען האָט אים געפרעגט: „וואָס וועט זיין מיט די קינדער?", האָט ווינאָגראָדזקי אַזאַ קוק געטאָן אויף דעם פרעגנדיקן, אַז אַ קעלט איז אַדורך איבער די ביינער, ווי ער וואָלט זאָגן „מען רעדט דאָך וועגן אַרבעטער".

ווען מען האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז עטלעכע און צוואַנציק אַרבעטער, וועלכע זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אַהין, כדי אויפצושטעלן באַראַקן, האָט מען געזען אַ צוזאַמענהאַנג מיט דער איצטיקער השערה.

פרייטיק, דער 30־טער מאַי.

נאָכן געשמאַקן מיטאָג אין דער שוץ־פּאָליציי איז דער געוועזענער טישלער־מייסטער און איצטיקער שופּאָ־מייסטער, פיכלער, געקומען אויף פּאָלנע אין ביוראָ פון דער זאַמלשטעלע און געלאָזט רופן צו זיך דעם קאָמענדאַנט פון „אָדע", יוזשעק גאָלדבערג, און זיין פאַרטרעטער מולעק מילשטיין. זיי זענען איצט געווען זיינע בעסטע יועצים. דער ערשטער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע נאָך פאַר דער גרויסער אויסזידלונג.

ער האָט זיי דערקלערט: „שבת פאָרט איר קיין בליזשין. עס בלייבן 36 פּערזאָן. אויף זייער פראַגע צו וואָס פאַר אַ צוועק עס בלייבן די מענטשן, האָט ער זיי אָפּגעמאָסטן מיט זיינע דורכדרינגענדיקע אויגן, ווי זיי וואָלטן זאָגן: דאָס איז נישט אייער באָבעס דאגה. אויב איך האָב אייך ביז איצט טאָלערירט און מיט אַ רמז צו וויסן געגעבן וועגן דער, אָדער יענער זאַך. וואָס דאַרף געשען, איז עס געווען דערפאַר, ווייל איך האָב אייך געדאַרפט צו מיינע צוועקן, אָבער איצט דאַרף איך אייך אויף כפרות...

דעם געהיימנישפולן בליק האָט מען אויך געקענט אויסטייטשן, אַז די אַלע וועלכע דאַרפן בלייבן, וואַרט דער זעלבער סוף, וואָס די 21 פון דער „פּורים־אַקציע". ווען ער האָט צוגעגעבן, אַז צווישן די געבליבענע דאַרפן זיין די „פאַרברעכער",

---

* דעם 5־טן יאַנואַר 1943 איז דער יודענראַט אויפגעפאָדערט געוואָרן צוצושטעלן אַ רשימה פון די וועלכע ווילן פאָרן קיין פּאַלעסטינע. 200 מאַן זענען דאַן אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אויאַזד און פון דאָרט קיין טרעבלינקע.

** פּורים 1943 זענען אַרויסגענומען געוואָרן די רעשט איבערגעבליבענע אינטעליגענץ, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן א. א. אין צאָל פון 21 פּערזאָן. צווישן אַנדערע ד"ר מאָרדקאָוויטש און פאַמיליע.

*** אין מערץ 1943 זענען צונויפגערופן געוואָרן די רעשט געבליבענע יידן און עס איז זיי דערקלערט געוואָרן, אַז עס מוז אָפּגעגעבן ווערן דאָס גאַנצע געלט, ווערט־זאַכן א. א. וו. אויפן אָרט זענען דערשאָסן געוואָרן 4 יידן. דער עולם האָט עס באַצייכנט מיטן אויסדרוק „סטוק" — אַ שפּיל אין קאָרטן.

וואָס מ'האָט געפונען אין בונקער אויף פּיעקאַרסקע און עט־לעכע עלטערע קראַנקע, קליינע קינדער, איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז דער קאָנטיגענט, וועלכער וועט געפירט ווערן אויפן בית־עולם און מיט אַ געשיסערײַ פון מאַשין־געווער פאַרענדיקן דעם לעצטע אַקאָרד, מאַכן די שטאָט טאָמאַשאָוו יודענרײַן.

אַ גאַנצע נאַכט איז מען געזעסן אין דער פּאָליציי־שטוב און אַדורכגעזופּט די ליסטע, וואָס עס האָט אויך צוגעהאָלפן מולעקס שווער, דוד רעדליך, וועלכער האָט מיט גוטע „אַרגו־מענטן" באַאיינפלוסט צו טוישן די געבליבענע.

שבת, דעם 31־טן מאַי.

שוין פון סאַמע באַגינען האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג אין געטאָ. מענטשן מיט רוקזעק און מיט וואַליזעס האָבן זיך געאײַלט צום פּלאַץ. מאַמעס האָבן אַרויסגעריסן קינדער פון זייער טיפן שלאָף. אָנגעטון זיי אויף גיך, באַגעצנדיק זייערע קינדערישע קעפּלעך מיט מאַמעשע טרערן, ווי זיי וואָלטן אינסטינקטיוו געפילט, אַז מיטן פאַרלאָזן דאָס אָרט איז ווער ווייסט וואָס עס וועט געשען מיט זיי. מען איז געלאָפן צו קרו־בים, צו באַקאַנטע, צו גוטע פרײַנד, כדי זיך צו האַלטן צוזאַ־מען. געהאָלפן איינער דעם אַנדערן איינפּאַקן, געעצהט וואָס צו טאָן מיט די לעצטע פּאָר גראָשן, מורא האָבנדיק פאַר אַ רע־וויזיע.

באַלד האָט זיך דערהערט אַ פּייף, אַ סימן, אַז מען דאַרף זיך אויסשטעלן אויפן אַפּעל־פּלאַץ, וואָס האָט זיך געצויגן פון פּיעקאַרסקאַ ביז האַנדלאָוואַ. אויסגעשטעלט זיך לויט פּלאַ־צוווקעס, ביי דער לייסטן־פאַבריק, שאָפּ, זאַמלשטעלע א"אַנד צו 5 מאַן אין אַ ריי. פּיכלער איז באמת צופרידן געווען פון דער „אַדע", וואָס האָבן מוסטערהאַפט צוגעגרייט און געהאָלפן, אַז די „אַבפּערטיקונג" זאָל פאַרלויפן „רואיק און פּלאַנמעסיק".

פון אַ ליסטע האָט מולעק אַרויסגעלייענט די נעמען פון די, וועלכע דאַרפן בלײַבן און דערבײַ צוגעגעבן, אַז די אויס־געגרופענע פּערזאָנען זאָלן זיך שטעלן באַזונדער. קיינער האָט זיך נישט געאײַלט אַרויסצוגיין, ווייל פאַר אַלעמען איז שוין געווען קלאָר, אַז די איבערגעבליבענע וועלן דערשאָסן ווערן אויפן פּלאַץ, אָדער אויפן בית־עולם.

אויפן באַפעל פון מולעקן, האָט דער „אַדע"־מאַן, רייכבוים, אויסגעזוכט די מענטשן, שטעלנדיק זיי ביי דער לינקער זייט פון טויער. פּיכלער איז רואיק געשטאַנען און געווען צופרידן פון זיינע „צוהעלפּער". אויך די מאַסע איז געווען טיילווייז צופרידן, יעדער באַזונדער, וואָס מען געפינט זיך נישט צווישן די וואָס דאַרפן בלייבן...

באַלד האָט די מאַסע פון 714 מענטשן געגומען שפּאַנען דורכן געטאָ־טויער איבערלאָזנדיק הינטער זיך די זעקס און דרייסיק פּערזאָן. די איבערגעבליבענע האָבן געוופן: „ווו לאָזט איר אונדז איבער?" — אַ געשריי, וואָס האָט, ווי מיט אַ מעסער זיך אַריינגעשניטן אין חלל; אַ געשריי, וואָס איז דערגאַנגען ביזן הימל. עס איז געווען אַ געשריי פון די טיפ־סטע טיפענישן פון מאַמעס הערצער, וואָס האָבן געמאַכט פאַרגליווערן ס'בלוט אין די אָדערן.

פּיכלער האָט מיט אַ ספּעציעלער געניטקייט און מיט זיין סאַדיסטישן שמייכל געפירט די געבליבענע. באַגלייט און אַרומגערינגלט דורך שופּאָ זענען זיי אַריינגעטריבן געוואָרן אין הויז פון דער זאַמלשטעלע אויף יעראָזאָלימסקאַ, פאַרמאַ־כנדיק דאָס טירל הינטער זיי. דער רעוויר־אָבער פון דער שו־פּאָ, האַנס אַלטש, פון איין זייט און דער שופּאָוויעץ וואַלקאָ־וויאַק פון דער אַנדערער זייט, מיט העלמען אויף די קעפּ, מיט מאַשין־געווער אין די הענט, האָבן געהיטן דעם אַרויס־גאַנג. וואָס האָט אויך עדות געזאָגט, אַז באַלד וועט מען די געבליבענע באַגלייטן צו דער באַן־גאַס, ווו ס'געפינט זיך דער בית־עולם און ס'וועט פאַרענדיקט ווערן דאָס קאַפּיטל פון די לעצטע יידן אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק.

די גאַנצע שטרענגקייט ביים היטן די 36 מאַן, איז גע־ווען אָבער נאָר די אַלטע מעטאָדע פון די דייטשן צו שרעקן די יידן. אין דער אמתן זענען זיי געבליבן נאָר אויף אָפּצוּרוי־מען דאָס שוין אָפּגעליידיקטע געטאָ. דעם 5־טן סעפּטעמ־בער 1943 זענען זיי אַריבערגעשיקט געוואָרן קיין סטאַראַ־כאָוויץ, ביי ראַדאָם.

# געטאָ און אומקום

## (מלחמה־עפּיזאָדן)

ש. מעלדונג

### דאָס אַנטלויפן

פרייטיק, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939, אינדערפרי, ווען איך בין געגאַנגען אין דער שול נעמען מיין חודשלעכן געהאַלט, האָט זיך אויפן וועג פּלוצים דערהערט אַן אַליאַרם פון די פאַבריק־סירענעס. אין גאַס איז געוואָרן אַ גרויסע מהומה: מענטשן האָבן אָנגעהויבן לויפן און אויסבאַהאַלטן זיך אין די נאָענטע הייזער. באַלד האָבן זיך אויפן הימל איבער אונדזערע קעפּ, באַוויזן דייטשע עראָפּלאַנען און עס זענען געפאַלן די ערשטע באָמבעס.

דינסטיק, דעם 5־טן סעפּטעמבער, שפּעט ביינאַכט האָט אונדז אויפגעוועקט פון שלאָף אַ קלאַפּן אין די לאָדנס. מיר האָבן זיך שנעל אָנגעטאָן און זענען אַרויס פון שטוב. דער הימל איז געווען רויט פון די אַרומיקע שריפות.

די טקאַצקע־גאַס, וווּ איך האָב געוווינט איז געווען באַלויכטן און לענגאויס זענען געשטאַנען טישן, ביי וועלכע עס איז פאָרגעקומען די אויסצאָלונג פאַר די אַרבעטער פון דער ווילאַנאָווער קונסטזייד־פאַבריק. די גאַס איז געווען פול מיט מענטשן, וועלכע האָבן זיך געשטופּט צו די טישן.

באַלד האָט זיך אויף איינעם פון די טישן באַוויזן אַ מאַן, וועלכער האָט אַרויסגעלייענט פון אַ פּאַפּיר אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע מענער, וועלכע זענען פעאיק צו טראָגן געווער זאָלן גלייך פאַרלאָזן די שטאָט. די מהומה איז אָנגעוואַקסן. עס האָבן זיך געהערט קולות: „שנעלער, שנעלער! דער שונא איז נאָענט! ראַטעוועט זיך כל זמן עס איז נאָך צייט!"

דאָס אַלץ האָט אויף אונדז געמאַכט אַ שווערן רושם און מיר זענען צוריק אַריין אין שטוב, איינגעפּאַקט די נייטיקסטע זאַכן און מיט גרויס אָנשטרענגונג זיך אַרויסבאַקומען פון דער טקאַצקע־גאַס. מיר זענען אַריין אין אַ מעכטיקן שטראָם פון מענטשן: פוסגייער, מענטשן אויף וועגענער רייטער אויף פערד, מענטשן מיט האַנטוועגעלעך און מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, בהמות געטריבענע און געשלעפּטע מיט שטריק — אַלץ און אַלע האָבן געצויגן אין דער ריכטונג פון בריק אויף דער וואַרשעווער גאַס. די אַגיטאַטאָרן האָבן גערופן אין דער פּוילישער שפּראַך: „שנעלער! דער שונא איז הינטער אונדז! נישטאָ קיין וועג צוריק! זיגן, אָדער אומקומען!"

מיר זענען מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם פון דער מאַסע, איינגעקלעמט געוואָרן צווישן די וועגן און געשלעפּט זיך, ביז מיר האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון שטאָט.

אויסער דער שטאָט האָט דער מענטשן־שטראָם זיך אויסגעברייטערט אויף די זייטיקע פעלדער. אויך מיר האָבן זיך דערווייטערט טיפער אין פעלד. די שיך האָבן געדריקט, דאָס רענצל איז געוואָרן שווערער און אויך דאָס גיין האָט באַדראָט אומגעבראַכט צו ווערן פון די דייטשע באָמבאַרדירער, וואָס האָבן אָן אויפהער געוואָרפן באָמבעס און געשאָסן איבער די קעפּ. הונדערטער קרבנות זענען אַזוי אַרום געפאַלן אויף די וועגן. מיר האָבן שטאַרק באַדויערט, וואָס מיר זענען באַגאַנגען אַ פעלער און פאַרלאָזט די היים. מיר האָבן באַשלאָסן זיך צוריקצוקערן אין שטאָט, אָבער דער שטראָם מענטשן איז געווען אַזוי מעכטיק און אין איין ריכטונג, אַז מיר האָבן באמת נישט געזען קיין וועג צוריק.

פאַרצווייפלטע זענען מיר שטיין געבליבן אויפן פעלד ביים וועג.

פּלוצים איז אַדורכגעפאָרן אַ וואָגן און עס האָט זיך פון אים דערהערט אַ געשריי פון אַ מיידעלע: „מיין לערער! מיין לערער! דאָס איז געווען אובערמאַן מיט זיין לאַנגן קוילנוואָגן און מיט צוויי איינגעשפּאַנטע פערד. דער פאָטער האָט גענומען באַרואיקן זיין מיידעלע, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. דאָס מיידעלע האָט געמאַכט מיט דער האַנט און ווייטער געשריגן „מיין לערער!" דאַן האָט דער וואָגן זיך פאַרהאַלטן. די באַוועגונג האָט זיך אָפּגעשטעלט, מענטשן האָבן אָנגעהויבן שרייען און שעלטן. איך מיט מיין פרוי האָבן זיך גלייך אַריינגעפּרעסט צווישן די מענטשן און פּעקלעך אויפן וואָגן.

מיר זענען געפאָרן אַ לענגערע צייט. לענגאויס דעם וועג האָבן פון איין זייט זיך אויסגעשפּרייט גערטנער און קאַרטאָפל־פעלדער און פון דער צווייטער זייט האָט זיך געצויגן אַ גרויסער וואַלד פון יאָדלעס־ביימער. דער הימל איבער די פעלדער איז געווען באַדעקט מיט רויטע פלאַמען; דאָ און דאָרט האָבן זיך נאָך געשלענגלט געדיכטע רויך־וואָלקנס פון נישט איינגעלאָשענע שריפות. יעדער איז געווען פאַרזונקען אין זיינע מחשבות.

ווען עס איז געוואָרן גוט ליכטיק האָט זיך פּלוצים באַוויזן אַן עראָפּלאַן, אַרומגעקרייזט איבער אונדזערע קעפּ, געפלויגן פאָרויס און צוריק און ווידער פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער זעלבער ריכטונג פון וואַנען ער איז געקומען. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און פון דער זעלבער זייט זענען אָנגעקומען מיט אַ שטאַרקן גערויש אַ גרעסערע צאָל עראָפּלאַנען, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק איבער די קעפּ פון די מאַסן מענטשן און אָנגעהויבן באַשיסן די פרידלעכע באַפעלקערונג מיט מאַשין־געווער. די פּאַניק איז געוואָרן גרויס, עס זענען

געפאַלן טויטע און פאַרוווּנדעטע. מיר זענען אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן, אַריין אין וואַלד און זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז אונטער די ביימער.

עס איז שווער צו זאָגן, ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט, ווייל יעדע מינוט איז געווען אַן אייביקייט. ווען דער אָנפאַל האָט זיך פאַרענדיקט און די שיסעריי איינגעשטילט, זענען מיר ווידער אַוועק צום וואָגן. אַלע האָבן זיך שנעל אַריינגעזעצט און איך האָב געוואַרט אויף מיין פרוי, וועלכע איז די לעצטע אַרויס פון וואַלד. ווען איך האָב זיך געוואָלט אַרויפכאַפּן אויפן וואָגן האָט ער פונקט גערירט פון אָרט און מיך מיט מיין פרוי געלאָזט שטיין אין מיטן וועג. איך בין נאָכגעלאָפן, געשריגן און געבעטן, אַז ער זאָל זיך פאַרהאַלטן און אונדז מיטנעמען, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן.

די מענטשן האָבן געשמיסן די פערד מיט די בייטשן, באַמיט זיך אויסמיידן איינער דעם צווייטן, כדי וואָס גיכער אַנטלויפן פון דער געפאַר. איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט און געזוכט אַן עצה. איך האָב נישט געוווּסט וואָס איך זאָל טאָן. איך בין געשטאַנען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, ווי אַ בעטלער, אפשר וועט דאָך עמעץ זיך פאַרהאַלטן און אונדז אויפנעמען אויף זיין וואָגן.

ווייזט אויס, אַז אויך דאָ האָט מיר אַ ביסל צוגעשפּילט דאָס מזל. פּלוצים האָט זיך פאַרהאַלטן נעבן אונדז אַ מיליטערישער וואָגן, אויף וועלכן עס זענען געזעסן די צוויי זעלנער, איינער פון זיי האָט אונדז אויסגעשטרעקט די האַנט, אַרויפגעצויגן אויפן וואָגן און מיר זענען ווייטער געפאָרן.

די צוויי פּוילישע זעלנער זענען אין מיינע אויגן געווען ווי מלאכים. ווי עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, איז איינער פון זיי געווען אַ ייד, אַ חלוץ, וועלכער האָט זיך געפונען אויף הכשרה אין טאָמאַשאָוו צווישן דער קבוצה חלוצים, וועלכע איז איינגעשטאַנען אין קאָלערשטיינס הויז.

ער האָט מיך געקענט אַלס לערער, וועלכער פלעגט אַמאָל צו זיי אַרויפקומען אויף אַ „שיחה" מיט די חלוצים.

איך האָב אים דערציילט וואָס מיט אונדז האָט פּאַסירט און ער האָט דערציילט וועגן דעם שרעקלעכן מצב אויף אַלע וועגן. די בהלה איז גרויס, עלטערן האָבן פאַרלוירן זייערע קינדער, מענער האָבן פאַרלוירן די פרויען און פרויען די מענער. די פּאַניק אויף די וועגן, די באָמבאַרדירונגען און שיסערייען איבער די קעפּ — דאָס אַלץ איז אַזוי שרעקלעך, אַז ס'איז שווער צו שילדערן מיט ווערטער. דאָס האָבן די דייטשן מיט אויסרעכענונג און כוונה זיך באַמיט אַרויסצורופן אַ שרעקלעכע פּאַניק, כדי וואָס שנעלער צו פאַרנעמען גאַנץ פּוילן.

נאָך אַ קורצער צייט האָבן מיר געטראָפן אַבערמאַנס וואָגן און נאָך אַנדערע וועגענער שטיין אין אַ וועלדל, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט צו פאָרן ווייטער צוליב די באָמבאַרדירונגען און געוואַרט ביז עס וועט צופאַלן די נאַכט.

די זעלנער האָבן אונדז געוואָלט מיטנעמען אויף זייער ווייטערדיקן וועג, אָבער זיי זענען געפאָרן אין דער ריכטונג פון לובלין און מיר האָבן באַשלאָסן צו בלייבן. מיר האָבן זיי האַרציק געדאַנקט און אַריין אין וועלדל, כדי זיך אויך אויסבאַהאַלטן פון די באָמבעס.

ווען ס'איז פינצטער געוואָרן, האָבן מיר זיך ווידער געלאָזט אין וועג און אויף צומאָרגנס אָנגעקומען קיין וואַרשע. עס איז נישט לייכט צו באַשרייבן וואָס מיר, צוזאַמען מיט די הונדערטער טויזנטער יידן אַנגעלאָפענע פון אַלע ריכטונגען, האָבן אין וואַרשע דורכגעמאַכט דורך די דריי וואָכן פון דער דייטשער באַלאַגערונג. די אומאויפהערלעכע באָמבאַרדירונגען בייטאָג און ביינאַכט, דער הונגער, די שרעק, קעלט און שמוץ זענען געווען אומדערטרעגלעך. גאַנצע נעכט זענען מיר געשטאַנען אין רייען פון הונדערטער מענטשן ביי די בעקערייען, כדי צו באַקומען אַ ברויט. נישט איינמאָל זענען שראַפּנעלן אַריינגעפאַלן אין די רייען, אַוועקגעלייגט קרבנות, אָבער די מענטשן זענען נישט אַנטלאָפן און זיך פאַרויסגערוקט אין דער ריי. די שטאָט וואַרשע איז געווען ביינאַכט ליכטיק נאָר פון די הונדערטער הייזער, וועלכע האָבן געברענט פון די באָמבעס. אויף די גאַסן האָבן זיך געוואַלגערט קערפּערס פון הונדערטער טויטע מענטשן און פערד, אויסגעמישטע מיט הויפנס גלאָז, שטיינער און ציגל.

ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָבן מיר זיך צוריקגעקערט קיין טאָמאַשאָוו. אונדזער בעל־הבית אַנטאָני בענאַרסקי האָט אונדז געעפנט די וווינונג און מיר זענען געווען שטאַרק איבעראַשט, ווען מיר האָבן אַלץ געטראָפן אויף זייַ פּלאַץ אַזוי ווי מיר האָבן די דירה פאַרלאָזט אַנטלויפנדיק קיין וואַרשע.

עס איז כדאַי אונטערצושטרייכן דעם שיינעם טאַט פון מיין פּוילישן בעל־הבית. ער האָט יעדן פרימאָרגן געעפנט די לאָדנס פון מיין וווינונג און יעדן אָוונט זיי פאַרמאַכט. ווען די דייטשן האָבן געפרעגט וועגן דער וווינונג, האָט ער געזאָגט, אַז זי געהערט צו זיין טאָכטער.

### די פאַלקס־קיך

שוין אין די ערשטע חדשים נאָך דעם מלחמה־אויסברוך האָבן זיך אין טאָמאַשאָוו געפונען פיל משפחות מיט קליינע קינדער, זקנים און קראַנקע, וועלכע האָבן ממש געהונגערט. צווישן די נויטליידנדיקע האָבן זיך געפונען אויך אַרויסגעטריבענע יידן פון דייטשלאַנד, אַנטלאָפענע פון לאָדזשער געטאָ און אומגעגנט און סתם פּליטים. עס איז אַלזאָ געווען

נייטיק קומען צו הילף אַט די אַלע און אין דער ערשטער ריי עפּענען אַ פֿאָלקס־קיך.

די איניציאַטאָרן פֿון אָרגאַניזירן אַ קיך זענען געווען: דער פּרעזעס פֿון דער יידישער קהילה באָלעסלאַוו (ברוך) שעפּס און דער וויצע־פּרעזעס לייביש וואַרזאַגער. פֿאַרשטענדלעך, אַז די קהילה האָט מער נישט עקזיסטירט און איר פּלאַץ האָט פֿאַרנומען דער יודענראַט, אָבער אַ פֿאַקט איז געווען, אַז אויך פֿאַרן קריג האָט אין טאָמאַשאָוו עקזיסטירט אַ פֿאָלקס־קיך פֿאַר אָרעמעלייט און די קיך איז געפֿירט געוואָרן מיט גרויס איבערגעגעבנקייט דורך דעם פּרעזעס באָלעסלאַוו שעפּס. די קיך האָט זיך טאַקע געפֿונען אויף זיין הויף.

די מעגלעכקייטן צו אָרגאַניזירן די קיך זענען געווען זייער שוואַכע און אויך שפּייז־צוטיילונגען פֿון דער מאַכט איז געווען נישט מער ווי אַ חלום. אָבער דאָך האָט מען אָנגעהויבן כמעט מיט גאָרנישט צו אָרגאַניזירן די קיך. צו דעם צוועק האָט ב. שעפּס אָפּגעגעבן אין זיין דיוואַן־פֿאַבריק אַ גאַנצן שטאָק. עס איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ קיך פֿון ציגל, איינגעמויערט גרויסע קעסלען, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן פֿון שפּיעוואַקס פֿאַרבעריי און אין אַלע עקן פֿון גרויסן פֿאַבריק־זאַל זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אייזערנע אויוונס, כדי צו דערוואַרעמען דעם גרויסן זאַל אין די פֿראָסטיקע ווינטער־טעג.

ביים אָרגאַניזירן די דאָזיקע פֿאָלקס־קיך האָט דער פּרעזעס ב. שעפּס אַרויסגעוויזן גרויסע דערפֿאַרונג און אָרגאַניזאַטאָרישע פֿעאיקייטן. די קיך האָט געהאַט צוויי אָפּטיילונגען. אין איין טייל זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן לאַנגע טישן מיט בענק פֿון ביידע זייטן פֿאַר די מענטשן, וועלכע זענען געקומען עסן אויפֿן אָרט. און פֿאַר דער צווייטער זייט איז געווען אַ ספּעציעלער אַריינגאַנג פֿאַר די וועלכע זענען געקומען נעמען זייערע פּאָרציעס אַהיים.

הגם די קיך האָט זיך געעפֿנט מיט בטחון, האָט זי די גאַנצע צייט עקזיסטירט מיט נסים. די קאַרטאָפֿל צום ערשטן מיטאָג האָט אַרויסגעגעבן דער פּרעזעס שעפּס פֿון זיין קעלער; די קוילן אָפּצוקאָכן דעם מיטאָג זענען געבראַכט געוואָרן פֿון וויצע־פּרעזעס לייביש וואַרזאַגער. מיר האָבן געקויפֿט שפּייז אויף „שוואַרץ" פֿאַר הויכע פּרייזן — פֿון איין טאָג אויפֿן צווייטן און קיינמאָל נישט געוווּסט וואָס מען וועט קאָכן מאָרגן.

נאָך גרויסע באַמיאונגען האָבן מיר ענדלעך באַקומען אַ געוויסע צוטיילונג פֿון פּראָדוקטן און קוילן צום קאָכן און באַהייצן. קיינמאָל אָבער איז די צוטיילונג נישט געווען גענוגנדיק און מיר האָבן שטענדיק געמוזט צוקויפֿן שפּייז אויפֿן שוואַרצן מאַרק.

עס האָט אָפֿט פּאַסירט, אַז די צוטיילונגען זענען נישט אָנגעקומען צו דער צייט און די שיילערקעס האָבן געמוזט זיצן און וואַרטן אויף די קאַרטאָפֿל. אין פֿיל פֿאַלן זענען מיר געווען געצוווּנגען אַרויסצוגעבן בלויז אַ שטיקל ברויט מיט קאַווע.

נאָרמאַל האָט די קיך יעדן טאָג אַרויסגעגעבן אַ פּאָרציע ברויט מיט אַ טעלער זופּ פֿאַר יעדער פּערזאָן. אין אָנהייב האָט די קיך אַרויסגעגעבן הונדערט מיטאָגן. ווען מיר האָבן אָבער באַקומען די צוטיילונגען איז די צאָל מיטאָגן פֿאַרגרעסערט געוואָרן ביז 300 און מיט דער צייט איז די צאָל דערגאַנגען ביז אַן ערך 1500 מיטאָגן טעגלעך. עס זענען צעשניטן געוואָרן אַרום 120 קילאָ ברויט יעדן טאָג. דאָס איז געווען אין יענער צייט ווען די קיך האָט זיך שוין געפֿונען אין



אויפֿן טאָמאַשאָווער בית־עולם
קבר פֿון לוי פֿריידענרייך — איינער פֿון די ערשטע קרבנות

זילבערס הויז און עס איז געווען אַ ביסל גרינגער צו באַקו־מען לעבנסמיטל.

אין דער קיך האָבן געאַרבעט די מענער: שלמה באַרענ־שטיין, משה מאדזעווסקי, אַלטער פּאַרצעלאַן, און פון די פרויען: העלענאַ קעניגקייט, שווייצער, אָוויעטשקאַ און אַנד.

אַדאַנק דעם דיסציפּלינירטן פּערסאָנאַל האָט די קיך פונק־ציאָנירט נאָרמאַל די גאַנצע צייט און איז, טראָץ אירע באַגרע־נעצונגען און שוועריקייטן, געווען אַ גרויסע הילף פאַר דער נויטבאַדערפטיקער באַפעלקערונג. די אַלע, וועלכע זענען שפּעטער געווען אין די קאָנצענטראַציע־ און טויט־לאַגערן, קענען זיכער אָפּשאַצן וואָס עס האָט פאַר יעדן פון אונדז באַדייט אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ ביסל זופּ. וואָס וואָלט איך דען נישט אָוועקגעגעבן פאַר אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ ביסל זופּ אין אוישוויץ, בוכענוואַלד, אָדער אין אַנדערע לאַ־גערן? — — —

מיטן אָפּשליסן דאָס געטאָ האָט זיך די לאַגע זייער פאַר־ערגערט. דער יודענראַט איז אומגעבראַכט געוואָרן, די צוטיי־לונגען זענען באַגרענעצט געוואָרן און דאָס קויפן פּראָדוקטן אויפן שוואַרצן מאַרק איז געוואָרן אוממעגלעך. דאָס האָט מיט זיך געבראַכט שרעקלעכע פאָלגן. אין געטאָ איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט אָוועקגעריסן פיל מענטשלעכע קרבנות.

**אין געטאָ־שפּיטאָל**

איך האָב געאַרבעט אין שפּיטאָל און געוווינט אויף דער זגאַזשעליצקאַ־גאַס, אין איין הויז מיט הערש־איסר ראָזענ־בלום און מיט יוסף גראַנאַט און זייערע פאַמיליעס, נאָך דעם ווי מיר זענען איבערגעטראָגן געוואָרן פון אונדזערע דירות אין דער שטאָט, אין געטאָ אַריין.

די צייט פון מיין אַרבעט אין שפּיטאָל איז געווען זייער אַ שלעכטע. עס זענען אויסגערויבט געוואָרן די ייִדישע הייזער און דאָס ייִדישע האָב און גוטס איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן די פאָלקס־דייטשן אַלס אַ ווייַנאַכט־געשענק. מיר זענען איינ־מאָל דאָ געזעסן אין דער פינצטער און די היטלעריסטישע מערדער זענען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, לויט אַ רשימה, אַרויסגענומען מענטשן און זיי אומגעבראַכט אויפן אָרט. אַזוי זענען מיר אויסגעשטאַנען די צרות ביז צו דער אויסזידלונג און ליקווידאַציע פון טאָמאַשאָווער ייִדנטום.

די אַרבעט אין שפּיטאָל אין יענער צייט איז געווען פאַר מיר אַ קוואַל פון יסורים. דער פאַקט אַליין, וואָס מיר האָבן געאַרבעט צווישן די טיפוס־קראַנקע איז געווען אַ לעבנס־געפאַר און נישט איינער פון די אַרבעטנדיקע האָט זיך אָנ־געשטעקט פון דער קראַנקהייט און געשטאָרבן. אַזוי איז גע־שטאָרבן שפּיעוואַק פון לאָדזש. אויף דעם שפּיטאָל־פּלאַץ האָבן זיך אָפּגעשפּילט פיל טראַגעדיעס.

דאָס שפּיטאָל איז געווען גוט איינגעאָרדנט: גרויסע, ליכטיקע צימערן פאַר די קראַנקע, אַן אָפּעראַציע־זאַל מיט אַלע נייטיקע איינריכטונגען, אַן אַפּטייק מיט מעדיקאַמענטן, וואָס זענען געקויפט געוואָרן אויפן שוואַרצן מאַרק פאַר הויכע פּרייזן; אַ לאַבאָראַטאָריע, אַ קיך, מיט אַ שפּייז־מאַגאַזין, ווי אויך באַהייצונג און וואַסער־לייטונג מיט אַן אייגענעם מאָטאָר.

אַמאָל איז די גרויסע דריישטאָקיקע געביידע פון שפּיטאָל געווען אַ דיוואַן־פאַבריק און האָט געהערט צום פּרעזעס ב. שעפּס, דאַן איז די געביידע איבערגעבויט געוואָרן אויף אַ שולע פאַר דער ייִדישער גימנאַזיע און בעת דער דייטשער אָקופּאַציע איז דער בנין איבערגעגעבן געוואָרן פאַר אַ ייִדישן שפּיטאָל.



אין געטאָ אויף וויעטשנאַשטש־גאַס; מ׳וואַרט אויף אַ שטיקל ברויט

דער דירעקטאָר פון שפּיטאָל איז געווען דער באַקאַנטער כירורג ד״ר מאַרדקאָוויטש. די דאָקטוירים זענען געווען: ד״ר קעניגקייט, ד״ר מילשטיין, זלאָטאָלאָוו; די שוועסטער פון כי־רורגיע — פאַניאַ פון לאָדזש; לאַבאָראַנטקע — פּר. מאַנקע־וויטש און אַ גאַנצער שטאַב פון קראַנקן־שוועסטער און אויך צוויי סאַניטאַרן; איינער פון זיי איז געווען דער געלער לייזער (יאַקובאָוויטש).

מיט דער קיך אין שפּיטאָל האָט אָנגעפירט פרוי גאָלד־שטיין (איר מאַן איז אומגעקומען אין בוכענוואַלד, זיין טויט־שיין איז אָנגעקומען אין ווינטער 1942).

דאָס ייִדישע שפּיטאָל האָט געהאַט 60 בעטן. אַזאַ צאָל בעטן האָט געזאָלט זיין פאַר די פופצן טויזנט ייִדן אין אַ נאָר־מאַלער צייט, אָבער ווייט נישט גענוג, ווען די ייִדן זענען גע־ווען פאַרשפּאַרט אין געטאָ און דערצו ווען עס האָט געהערשט די עפּידעמיע. דאָך איז אין שפּיטאָל געלונגען צו ראַטעווען אַ סך ייִדישע לעבנס און אויך אַדורכפירן פיל אָפּעראַציעס.

בפרט אויף די קרבנות פון די אַרבעטס־לאַגערן, וועלכע האָבן געאַרבעט שטייענדיק אין וואַסער. אין דער קעלט ביים רעגו־לירן דעם טייך וואַלבורקע.

ווינטער 1942, נאָכן אַפּשליסן דאָס געטאָ, איז אויסגע־בראָכן אַ טאָפּלטע עפּידעמיע: אַ בויך־ און פלעק־טיפוס מיט פאַרשידענע קאָמפּליקאַציעס. פון איין זייט דער שרעקלעכער הונגער, פון דער אַנדערער זייט די גרויסע ענגשאַפט פון די זעכצן טויזנט יידן — איינגעשפּאַרטע און צוזאַמענגעפּרעסטע אין אַ פּאָר ענגע געסלעך, אין די שענדלעכסטע סאַניטאַרע באַדינגונגען, האָבן געבראַכט אויף דער יידישער באַפעלקע־רונג אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע. די לאַגע אין שפּיטאָל איז געווען אַ קריטישע. די צאָל קראַנקע איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג און דאָס שפּיטאָל איז געוואָרן איבערפולט. די קראַנקע זענען געלעגן אין די קאָרידאָרן, די דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער זענען געווען הילפלאָז.

אין יענער צייט איז דער מלאך־המות געווען אַן אָפטער גאַסט אין שפּיטאָל און די עגלה האָט נישט אויפגעהערט צו קורסירן אַהין און צוריק. די טייערע איינשפּריצונגען פון גלוקאָזע, געקויפט אויפן שוואַרצן מאַרק, האָבן כמעט נישט געהאָלפן. מען האָט געדאַרפט האָבן אַ שטיינערן האַרץ מיט שטאָלענע נערוון צו קענען דאָס אַלץ צוזען און פאַרטראָגן.

אויסער דעם זענען יעדן טאָג געשיקט געוואָרן אין שפּיטאָל פון דער שוץ־פּאָליציי די קרבנות, וועלכע זענען דערשאָסן, אָדער פאַרוווּנדעטע געוואָרן אויסערן געטאָ, כדי אידענטיפיצירן די קרבנות, היילן די פאַרוווּנדעטע און באַ־גראָבן די טויטע. דער גרעסטער טייל פון די אומגליקלעכע האָט זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ, כדי זוכן עפּעס עסן. צווישן זיי זענען אומגעקומען פיל קינדער, וועלכע זענען מיר געווען באַקאַנט פון דער שולע. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום אינטערווענצן, קיין געבעט. די היטלעריסטישע מערדער האָבן אויף אַלע געשאָסן אָן רחמנות. גאַנצע משפּחות זענען אויף דעם אופן אומגעקומען. דער הונגער איז געווען שטאַר־קער, ווי דער פּחד פאַרן טויט.

פאַר די היטלער־באַרבאַרן איז עס געווען אַ גליקלעכע צייט. אַלץ איז געגאַנגען לויט זייער פּלאַן אומצוברענגען די יידישע באַפעלקערונג דורך הונגער און נויט, שמוץ און קראַנ־קהייטן, מאָרדן און שיסן, כדי פאַרשנעלערן די ענגילטיקע פאַרניכטונג פון די יידן אין טאָמאַשאָוו.

עס האָבן קורסירט קלאַנגען, אַז בקרוב וועט פאָרקומען אין שפּיטאָל אַ רעוויזיע, אָבער ווען — האָט קיינער נישט גע־וווּסט. מען האָט אויך נישט געוווּסט וואָס מען וועט זוכן, ווייל אין די אויגן פון די רוצחים איז אַלץ געווען פּסול. די אַלע באַשעפטיקטע אין שפּיטאָל האָבן וואָס שנעלער אַרויסגעטראָגן ד־יערע זאַכן, על פּי רוב מלבושים, וועלכע עס איז נאָך גע־לונגען ערגעץ צו פאַרשטעקן.

עס איז געווען אַ פראַגע וואָס טוט מען מיט די ספרי־תורה, וועלכע זענען אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן בעתן פאַר־ברענען די שטאָטישע שול און בית־המדרש. איצט האָבן די ספרי־תורה זיך געפונען אין שפּיטאָל. נאָך אַ באַראַטונג צווישן זיך האָבן מיר באַשלאָסן די ספרי־תורה אַרויספירן מיט דער עגלה אויפן בית־עלמין. זיי זענען דאָרט באַגראָבן געוואָרן און נאָך דער באַפרייאונג ווידער אויסגעגראָבן געוואָרן.

די צרה איז נישט גלייך געקומען. מיר האָבן געגלייבט, אַז דער ענין פון אַ רעוויזיע אין שפּיטאָל איז בכלל געווען אַ פאַלשער אַלאַרעם. ז׳ איז אָבער געקומען ווען מיר האָבן זיך אַמווייניקסטן אויף איר געריכט. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן מיר מיינע שכנים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אין שפּיטאָל קומט עפּעס פאָר. איך האָב אַ בליק געטאָן דורכן פענצטער און דערזען, אַז דער פּלאַץ אַרום שפּיטאָל איז באַשטעלט מיט פּוילישער פּאָליציי. מיט אַ שווערער האַרץ האָב איך זיך געלאָזט גיין צו דער אַרבעט אין שפּיטאָל. ביים אַריינגאַנג פון שפּיטאָל איז געשטאַנען אַ באַקאַנטער פּאָליציאַנט, און ווען איך האָב אים געפרעגט אויב איך קען אַריינגיין, האָט ער מיר געענט־פערט: „אַריינגיין קענסטו, אָבער איך צווייפל צי דו וועסט נאָך קענען אַרויסגיין״.

אויפן שפּיטאָל־פּלאַץ האָט זיך אַרומגעדרייט די דייטשע שוץ־פּאָליציי מיט פּיכלערן בראש. אַ שרעק האָט געהערשט אין דער גאַנצער סביבה. פּיכלער האָט מיך אַ פרעג געטאָן: „וואָ איסט ד״ר מאָרדקאָוויטש?״ איך בין געווען אַליין און געהאַט ביי זיך דעם שליסל פון שפּיטאָל און פּיכלער האָט באַשלאָסן גלייך צוטרעטן צו דער רעוויזיע. די שוץ־פּאָלי־ציאַנטן האָבן אַדורכגענישטערט אַלע צימערן פון די קראַנקע, דעם ביוראָ, די קיך, די מאַגאַזינען, די קישנס — אַלץ. איך בין מיט זיי אַרומגעגאַנגען אויף די בוידעמס און אין די קעלערס. מיט שפּיזן האָבן זיי געשטאָכן די ערד.

די זוכענישן האָבן געדויערט אַ האַלבן טאָג, אָבער זיי האָבן גאָרנישט געפונען און פאַרלאָזט דעם שפּיטאָל.

וואָס זיי האָבן געזוכט ווייס איך נישט, אָבער פון פּיכלערס פראַגן, וועלכע ער האָט מיר געשטעלט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן געזוכט צוויי זאַכן: געווער און באַהאַלטענע מאַ־נופאַקטור. ווען איך בין יענעם טאָג צוריקגעקומען, האָבן מיך די שכנים באַגעגנט, גלייך ווי איך וואָלט געקומען פון יענער וועלט.

נאָך דער רעוויזיע האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה אַנדערע „וויזיטן״. צום ערשטן מאָל זענען אַריינגעפאַלן אומגעריכט דער פּאָליציי־פירער מיט צוויי ס.ס.־אָפיצירן. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט און באַטראַכט פון אַלע זייטן דעם שפּיטאָל־

פלאַץ. דאַן האָבן זיי אַרויסגערופן מיך און ד״ר זלאַטאַלאָוו (ד״ר מאַרדקאָוויטש איז דעמאָלט נישט געווען) און זיי האָבן וועגן אַלעם אויסגעפרעגט וואָס עס קומט פאַר אין שפּיטאָל, ווי: די צאָל קראַנקע, דאָקטוירים, קראַנקן־שוועסטער, וואָס טוען די רעקאָנוואַלעסצענטן נאָך דעם ווי זיי פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל? צי זענען זיי אַרבעטספעאיק? און פאַרוואָס ווערט מען נישט פּטור פון זיי אין שפּיטאָל? באַלד האָט איינער באַמערקט, אַז ער ווייס פאַרוואָס: „ווייל די לויטע האָבען איין ווייכעס געוויסן״.

פון דעמאָלט אָן זענען די „וויזיטן״ געוואָרן אָפטערע. ס.ס.־לייט, פּוילישע פּאָליציי, שוץ־פּאָליציי, זענען געקומען, געקוקט, געמאָסטן, געשטעלט זיך אויף די פאַרקאַנטעס און נאָטירט.

מיר האָבן געפילט, אַז עס גרייט זיך עפּעס, אָבער קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז דער שפּיטאָל־פּלאַץ וועט זיין באַשטימט אַלס דער אויסזידלונגס־פּלאַץ פון די טאָמאַשאָווער יידן.

# די אויסזידלונג

**ש. מעלדונג**

**(אויסצוג פון אַ גרעסערער אַרבעט)**

...עס איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון דער אַרישער זייט, אַז אין פּיעטרקאָוו האָט עפּעס פּאַסירט מיט די יידן. מען האָט נישט געוווסט גענוי וואָס עס האָט פּאַסירט. צוויי פּאָליאַקן האָבן געזאָלט זען פון אַ בוידעם, דורך אַ לאַרנעטקע, ווי מען טרייבט גרויסע מאַסן מענטשן צו דער באַן. עס זענען געווען אַנדערע קלאַנגען, אַז דער יודענראַט האָט אַרויסגעשיקט צוויי שליחים פעסטצושטעלן וואָס עס קומט פאַר אין פּיעטרקאָוו. אויב דאָרט קומט פאַר אַן אויסזידלונג, האַלט עס שוין אויך ביי אונדז.

דערווייל איז די ידיעה געהאַלטן געוואָרן בסוד, כדי נישט אַרויסצורופן קיין פּאַניק אין געטאָ, ווען אָבער די פאַרשידענע אַרבעטס־שטעלן האָבן אָנגעהויבן פאַרהאַלטן די אַרבעטער און אויפפאָדערן זיי אַריינצוציען זיך אין פאַבריק־לאָקאַלן, איז קלאָר געוואָרן, אַז די אויסזידלונג־צרה דערנענטערט זיך אויך צו אונדזער שטאָט.

די קראַנקע אין שפּיטאָל האָבן נישט געקענט בלייבן אָן אויפזיכט, ווייל עס קען פּאַסירן, אַז עס וועט נישט מעגלעך זיין קומען צו דער אַרבעט. דעריבער זענען אַלע אָנגעשטעלטע און די דאָקטוירים אויפגעפאָדערט געוואָרן צו באַשליסן צי זיי ווילן בלייבן מיט זייערע פאַמיליעס, אָדער אַריבערגיין אין שפּיטאָל. אַ גרויסער טייל פון זיי, וואָס האָט געהאַט משפּחות, האָט באַשלאָסן צו פאַרבלייבן מיט זייערע נאָענטע. אין שפּיטאָל־בנין זענען אַלזאָ פאַרבליבן די וואָס זענען געווען אַליין.

איך האָב מיין פרוי אַריבערגעפירט אין שפּיטאָל־בנין. מער קיין משפּחה האָבן מיר אין טאָמאַשאָוו נישט געהאַט. אויך פרוי גאָלדשטיין האָט אַריבערגענומען איר יינגעלע. עס זענען געווען יחידים, וועלכע האָבן באַשלאָסן זיך אַרויסצוגנבענען פון געטאָ, ווייל דער שפּיטאָל־בנין איז געשטאַנען אויף דער גרענעץ פון געטאָ און אויף דער צווייטער זייט פאַרקאַן האָט זיך גערעכנט די אַרישע זייט.

ווען עס זענען אָנגעקומען די שוואַרצע טעג און דאָס געטאָ איז אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט אוקראַינער אין די שוואַרצע מונדירן, איז דאָס שפּיטאָל איזאָלירט געוואָרן פון געטאָ — נישט אַריין און נישט אַרויס. מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג וואָס עס קומט פאַר אַרום אונדז. מיר זענען געזעסן אין בנין, מיט פאַרהאַנגענע פענצטער, צוהערנדיק זיך צו דער שיסעריי פון דרויסן און מורא געהאַט אַרויסצורעדן אַ הויך וואָרט. דאָס פאַרלאָזן דעם בנין איז געווען פאַרבאָטן. אַ פינצטערניש האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן שפּיטאָל.

שבת, דעם 30־טן אָקטאָבער, איז אויף דעם שפּיטאָל־פּלאַץ, פאַר אונדזערע אויגן פאָרגעקומען די אויסזידלונג פון אַרום זעקס טויזנט טאָמאַשאָווער יידן. ווען די אויסראָטונגס־קאָמיסיע איז אָנגעקומען אין שפּיטאָל, האָט זיך דער שטורמפירער קראָוזע מיט זיין אַדיוטאַנט געווענדט צו מיר און אַ פרעג געטאָן ווו איז דער דירעקטאָר פון שפּיטאָל און די דאָקטוירים? (זיי זענען, ווי באַקאַנט, געווען מיט זייערע נאָענטע). איך בין געשטאַנען פאַר די צוויי מחבלים און געשטאַמלט, אַז מען האָט מיך איבערגעלאָזט צו פאַרשליסן דעם שפּיטאָל. דערווייל האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען גרופּעס יידן פון געטאָ און דער גאַנצער פּלאַץ איז פאַרפולט געוואָרן מיט מענער, פרויען און קינדער, אויסגעשטעלטע אין רייען. דעם ערגסטן רושם האָט געמאַכט די מוראדיקע שטילקייט. מען האָט נישט געהערט קיין וואָרט און קיין געוויין פון אַ קינד.

די קאָלומנעס האָבן אָנגעהויבן אַרויסמאַרשירן פון פּלאַץ אויף זייער לעצטן וועג. דער פּלאַץ איז געווען פאַרוואָרפן מיט זאַכן פון די אומגליקלעכע. מיר זענען געבליבן אין שפּיטאָל אַליין. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַלץ וואָס עס איז פאָרגעקומען פאַר מיינע אויגן איז נישט געווען מער, ווי אַ וויסטער און שרעקלעכער חלום.

די קראַנקן־שוועסטער האָבן מורא געהאַט צו בלייבן אויפן דריטן שטאָק און זענען אַראָפּ צו אונדז. שעהנלאַנג זענען מיר געזעסן צוזאַמען, געשמועסט שטילערהייט ביי פאַרהאָנגענע פענצטער, זיך געטרייסט, געפרעגט, געענטפערט, צוהערנדיק זיך צו די כסדרדיקע שיסערייען פון דרויסן.

וואָס עס וועט פּאַסירן מיט די איבעריקע יידן און וואָס וועט זיין מיטן שפּיטאָל און מיט די קראַנקע, האָט קיינער נישט געוווּסט. און אפשר איז מעגלעך אַרויסצוקריגן זיך פון געטאָ? מען דאַרף בלויז אַריבער דעם פּאַרקאַן און אָט זענען מיר שוין אויף דער אַרישער זייט. אָבער וווּהין גייט מען ווייטער? עס איז דען פאַראַן ווו צו לויפן?

עס איז געקומען מאָנטיק און עס האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע „שפּיל". די רעשט יידן זענען ווידער פאַרזאַמלט געוואָרן אויפן זעלבן פּלאַץ, געטריבן געוואָרן צו דער באַן און פון דאָרט צו דער פאַרניכטונג קיין טרעבלינקע.

אַ טייל פון די אָנגעשטעלטע אין שפּיטאָל זענען מיטגעשיקט געוואָרן מיט די קראַנקע, כלומרשט זיי צו באַדינען, און אַ טייל איז איבערגעלאָזט געוואָרן אין שפּיטאָל. קיינער האָט נישט געוווּסט צו וואָס און צו וועלכן צוועק.

אונדז, די איבערגעבליבענע, האָט מען אַרויסגעפירט פון שפּיטאָל און מיר האָבן געגלייבט, אַז דאָס איז אונדזער לעצטער וועג. אויף דער וויעטשנאָשטש־גאַס איז אונדז אַנטקעגנגעקומען ליכטענבערג מיטן שפּיטאָל־וואָגן, וועלכער איז צוריקגעקומען פון דער באַן, נאָכן אַריבערפירן די קראַנקע. אויפן וואָגן איז געלעגן דאָס בעטגעוואַנט פון די קראַנקע. יעדן פון אונדז האָט עס אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן, ווייל עס איז שוין מער נישט געווען קיין ספק וועגן גורל פון די אומגליקלעכע. ליכטענבערג האָט געזאָגט, אַז ער האָט געדאַרפט מיטפאָרן מיט זיין פרוי און זיינע קינדער. ער האָט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן און האָט נישט געקאָנט. אויסברעכנדיק אין אַ געוויין האָט ער אַ שמייס־געטאָן דאָס פערד און אָוועקגעפאָרן.

מיר זענען געגאַנגען ווייטער. אויפן וועג האָבן זיך געוואַלגערט פאַרשידענע זאַכן: אַ טלית, אַ פּאָר תפילין, אַן אָפּגעריסענער סידור, קינדער־שיכלעך, מלבושים און אַנדערע זאַכן אָן אַ שיעור.

מיר זענען אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ הויף, ווו מיר זענען איבערגעלאָזט געוואָרן מיט אַנדערע אַרבעטער פון פאַרשידענע אַרבעטס־פּונקטן.

די שטימונג צווישן די איבערגעבליבענע איז געווען אַ געדריקטע, די הערצער זענען געווען איבערלאָדן מיט צער און טרויער נאָך די פאַמיליעס, קרובים און פריינד. מיר זענען אין יענער צייט געווען ווי עופות אין אַ שטייג פאַר דער שחיטה. אַ מערדערישע האַנט איז יעדעס מאָל אַריינגעשטעקט געוואָרן אין דער שטייג און אַרויסגעשלעפּט אַ טייל פון די איינגעשלאָסענע קרבנות. קיינער פון אונדז האָט נישט געוווּסט ווען עס קומט זיין ריי.

אָט זענען דערמאָרדעט געוואָרן אַרום צוויי הונדערט פּערזאָן בעת דער „פּאַלעסטינע־אַקציע"; אָט זענען אומגעקומען 21 מאַן אין דער „פּורים־אַקציע"; אָט זענען 4 יידן דערשאָסן געוואָרן אָן שום סיבה ביים אָפּנעמען דאָס געלט און גאָלד פון די אַרבעטער.

פון די איבערגעבליבענע אין קליינעם געטאָ איז אַרויסגענומען געוואָרן אַ גרופּע יידן און אָפּגעשיקט קיין פּיאַנקי, אַ צווייטע גרופּע איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין בליזשין.

סוף מאַי 1943, איז ליקווידירט געוואָרן דאָס קליינע געטאָ. די געבליבענע אַרבעטער זענען אַריבערטראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין בליזשין.

# איך וועל עס נישט פאַרגעסן

אליהו סקורניצקי

(אויסצוגן)

...ווער עס געדענקט די יידישע ישובים אין פּוילן, די הונדערטער שטעט און שטעטלעך, ווייס וואָס פאַראַ אָרעמ־קייט עס האָט געהערשט ביי די יידישע מאַסן פאַרן קריג. מען קען אָבער נישט פאַרגלייכן דעם מצב מיט דעם הונגער, וואָס עס האָט געהערשט ביי יידן אין געטאָ. דאָס איז געווען אַ ווע־געטאַציע פאַר דער ענדגילטיקער פאַרניכטונג און עס איז קיין ווונדער נישט, וואָס הונדערטער זענען געשטאָרבן פון הונגער, ווייל די קליינע צוגעטיילטע ראַציע פון אַ שטיקל שוואַרץ ברויט און אַ פּאָר קאַרטאָפל איז געווען פאַר דעם גרעסטן טייל די איינציקע באַשפּייזונג.

צוזאַמענגעקוועטשטע אויף אַ קליינעם שטח, אָפּגעשני־טענע פון דער אַרומיקער וועלט, באַרויבטע פון די געשעפטן, פאַבריקן, וואַרשטאַטן און פון יעדן פּריוואַטן האָב און גוטס, זענען די יידן במילא פאַראורטיילט געווען צום אומקום, ווארום אַלע פּרנסה־קוואַלן האָבן זיך אויסגעלאָזט.

עטלעכע פאַמיליעס האָבן געלעבט אין איין צימער; די נויט, די קעלט און דער שמוץ איז געווען גרויס. קיין באַהיי־צונג איז נישט געווען, האָבן מענטשן אַרויסגעריסן די ברע־טער פון די ווענט און אונטערגעהייצט דאָס אייוועלע, כדי אָפּקאָכן אַ ביסל עסן.

עס איז פאַרבאָטן געוואָרן אַרויסצופירן דאָס מיסט — האָט מען געגראָבן טיפע גריבער און מען האָט דאָס מיסט באַגראָבן.

דער טיפוס און אַנדערע קראַנקהייטן האָבן געבושעוועט און די מעדיצינישע הילף איז געווען זייער אַ באַגרענעצטע. אויף די גאַסן האָבן זיך געוואַלגערט מענטשן געשוואָלענע פון הונגער, די שטערבלעכקייט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג.

דער טעראָר פון די נאַציס איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. די טויזנטער טאָמאַשאָווער דייטשן, די אַמאָליקע יידישע שכנים און „פריינד", האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין ווילדע חיות און רוצחים, וועלכע האָבן זיך נישט געזעטיקט מיטן יידישן בלוט. אַלע אָרטיקע דייטשן, אָנהייבנדיק פון דער יונגט אין עלטער פון 14 יאָר, זענען געוואָרן מיטגלידער פון דער „היטלער־יוגענד" און פון דער נאַצי־פּאַרטיי. אַלע זענען זיי געוואָרן באַוואָפנט און האָבן געקענט מאָרדן יידן פראַנק און פריי. זיי זענען געוואָרן די הויפּט־שומרים פון געטאָ.

פינף־יאָריקע יידישע קינדער זענען געוואָרן די הויפּט־שפּייזער פון זייער משפחות. זיי האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ, געבעטלט אין די אַרומיקע דערפער אַ שטיקל ברויט און אַ פּאָר קאַרטאָפל און גאַנץ אָפט זיך מער נישט צוריקגע־קערט, ווייל די דייטשע באַנדיטן האָבן אויף זיי געשאָסן און דערשאָסן.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס בילד, וואָס שטייט פאַר מיינע אויגן ביזן היינטיקן טאָג. אין טאָמאַשאָווער געטאָ האָט זיך געפונען די יידישע היימלאָזע משפחה מיטן נאָמען מאַנקאָוואַסקי. די דאָזיקע משפחה האָט געשטאַמט פון שעדלעץ און אויף איר וואַנדער־וועג זיך אַריינבאַקומען אין טאָמאַשאָווער געטאָ.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, האַרבסט 1941, איז זייער עלף־יאָריק מיידעלע, חנה, אַרויס פון געטאָ, געגאַנגען אין די אַרומיקע דערפער בעטן אַ ביסל שפּייז פאַר אירע עלטערן און פאַר די קליינע ברידערלעך אירע. ווען זי איז שוין גע־גאַנגען צוריק מיטן ביסל אויסגעבעטלטן שפּייז, איז זי באַ־מערקט געוואָרן דורך אַ 14־יאָריקן היטלער־יוגנטלעכן, וועל־כער האָט זי דערשאָסן 50 מעטער פון געטאָ־טויער. די מאַמע פון דעם מיידעלע איז געשטאַנען ביים געטאָ־טויער און גע־זען, ווי איר טעכטערל צאַפּלט נאָך אַ האַלב־לעבעדיקע אין אירע גסיסה־ווייען. זי האָט זיך אַ לאָז־געטאָן צו איר פאַר־וווּנדעטע קינד, אָבער מיר האָבן זי געמוזט צוריקהאַלטן מיט כוח, ווייל דער יונגער רוצח האָט געוואַרט און בלויז געטשאַ־טעוועט צו דערשיסן יעדן איינעם, וואָס וועט זיך דערנענטערן צום גוססדיקן מיידעלע. אַזוי האָט עס געדויערט ביז צוויי יידישע פּאָליציסטן האָבן געבראַכט אַ טראַגבעטל פון יידישן שפּיטאָל און דערווייל האָט חנהלע אויסגעהויכט איר נשמה.

*

...דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט געאַרבעט אויף אַ פּלאַץ, ווו מען האָט געזאַמלט אַלט אייזן. איין מאָל האָט מען געבראַכט די אייזערנע שטאַכעטן פון בית־הקברות. די מצבות און שטיינער האָבן די פאַרברעכער באַנוצט צו פלאַסטערן די גאַסן, וואָס האָבן געפירט צו דעם געסטאַפּאָ־בנין.

די יידן פון טאָמאַשאָוו, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך, האָבן זיך געפונען אין אַ טאָפּלטן אַרעסט, כדי זיי גוט היטן פאַר דער ענדגילטיקער פאַרניכטונג. זיי זענען געווען פאַרשפּאַרט אין געטאָ און אויך דאָ איז די באַ־וועגונג געווען באַגרענעצט: פינף פאַרנאַכט איז געווען די פּאָליציי־שעה און מען האָט נישט געטאָרט זיך מער געפינען אויף דער גאַס, ווייל עס האָט געדראָט דערשאָסן צו ווערן; מען האָט נישט געקענט פאַרלאָזן די הייזער, אַפילו אַרויס אין הויף, באַזוכן שכנים. און אויך דאָ ווענען צוזאַמען מיט אַ מנין איז געווען אַ פאַרברעכן. פאַרשטענדלעך, אַז די לעצטע באַגרענעצונגען זענען נישט אָפּגעהיטן געוואָרן און זענען גע־ווען קלייניקייטן אין פאַרגלייך צו דער גרויסער טראַגעדיע, וואָס האָט געטראָפן דאָס טאָמאַשאָווער יידנטום.

# די טויטן פון מיין מאמע שרה ע״ה

יצחק האָפּפע

צום הייליקן אָנדענק פון מיינע נאָענסטע און טייערסטע, מיין פאָטער יעקב ז״ל, מיין מוטער שרה ע״ה, מיין שוועסטער לאַלאַ און מיין שוועסטער אין וואַרשע עוואַ אַטלאַס ע״ה — אַלע אומגעקומען על קידוש השם והעם דורך די פאַרשאָלטענע נאַציס, ימח שמם וזכרם.

אָנגעהויבן האָט עס זיך אין סוף פון יאָר 1941, ווען די נאַציס אין טאָמאַשאָוו האָבן אַרויסגעגעבן אַ פרישע גזירה אויף די געפּייניקטע און געפּלאָגטע יידן. די גזירה איז געווען, אַז אַלע פוטערוואַרג־זאַכן דאַרפן געבראַכט ווערן צו די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען. דאָס האָט געהייסן, אַז יעטוועדעס שטיקל פוטערוואַרג, וואָס אַ יידישע משפחה האָט פאַרמאָגט — איז דאָס געוואָרן אַן אייגנטום פון דער דייטשער מלוכה. די גזירה איז באַגלייט געוואָרן מיט טויט־שטראָף פאַר נישט צופּאַסן זיך צו דער דאָזיקער פאַראָרדענונג.

פאַרשטייט זיך, אַז די געפּייניקטע און געררודפטע טאָמאַשאָווער יידן האָבן אויסגעפירט די פאַראָרדענונג אין די פולע הונדערט פּראָצענט. אויך מיין משפּחה האָט אַלע פוטערזאַכן אַוועקגעטראָגן אין דעם זאַמלפּונקט — קיינער האָט נישט געוואָלט איינשטעלן דאָס לעבן פון זיין פאַמיליע.

אין דער זעלבער צייט, יוען די דאָזיקע גזירה איז געווען אין גאַנג, איז אויך פאָרגעקומען די איבערזידלונג פון אַלע טאָמאַשאָווער יידן אין דעם גרויסן געטאָ אַריין. די איבערזידלונג איז באַגלייט געווען מיט די אַכזריותדיקסטע מיטלען פון דער דייטשער שוץ־פּאָליציי און אַנדערע נאַציס. פאַרשטענדלעך, אַז דער כאַאָס און טומל איז אין יעדער יידישער משפחה געווען אין לשער און אויך ביי מיין משפחה איז דער כאַאָס נישט געווען קלענער. און טאַקע בעת דער דאָזיקער צעטומלעניש האָבן מיר פאַרגעסן אין דער מאַמעס סקונקסענעם קראַגן. אַט צוליב דעם דאָזיקן שטיקל נישטיקן פוטערנעם קראַגן האָט אין אונדזער משפחה דאָס אומגליק פון טאָמאַשאָווער יידישן ישוב אָנגעהויבן זיך אַ ביסל פריער.

געווען איז עס אַזוי: ווי נאָר די איבערזידלונג איז פאַרענדיקט געוואָרן, האָט די נאַצישע שוץ־פּאָליציי אָנגעהויבן דורכפירן רעוויזיעס איבער אַלע יידישע וווינונגען און אויך ביי אונדז אין דער וווינונג, אין געטאָ אויף בוזשניטשנאַ־גאַס, קעגנאיבער דעם פוטבאָל־פּלאַץ, איז פאָרגעקומען אַזאַ מין איבערפאַל־רעוויזיע פון דער שוץ־פּאָליציי.

צו אונדזער גרויסן אומגליק האָבן די באַנדיטן געפונען דאָס נישטיקע שטיקל פוטער־קראַגן. בשעת דער רעוויזיע איז צו די אַלע צרות פונקט קיינער נישט געווען אין דער וווינונג אויסער מיין מוטער שרה ע״ה. פאַרשטענדלעך, אַז מיין מוטער האָט די גאַנצע שולד פון פאַרגעסן דאָס שטיקל פוטער אַוועקצוטראָגן צום זאַמלפּונקט, גענומען אויף זיך און די דייטשע שוץ־פּאָליציי האָט זי גלייך אַרעסטירט און געבראַכט אין דער געסטאַפּאָ.

די געסטאַפּאָ האָט מיין מאַמע, די „פאַרברעכערין", אַריבערגעשיקט אין תפיסה אונטער דער באַשולדיקונג פון נישט אויספירן דעם באַפעל פון זייער פירער אַדאָלף היטלער, ימח שמו וזכרו, און פאַר אַזאַ „פאַרברעכן" דאַרף די באַשולדיקטע געמשפּט ווערן דורך דעם „זאָנדער־געריכט", וואָס די איינציקע שטראָף איז — טויט!

די יללה און שרעק ביי אונדז אין שטוב איז געווען נישט צו באַשרייבן. מיר זענען געלאָפן אין יודענראַט און פּרובירט מיט אַלע מיטלען עפּעס צו טאָן, כדי מיין טייערע מוטער אַרויסצוראַטעווען פון די דאָזיקע רוצחישע הענט. אַלע באַמיאונגען מצד די פאַרשידענע יידישע טוער און „מאַכער" זענען אָבער געבליבן אָן דערפאָלג. זעענדיק, אַז דורך יידן וועלן מיר גאָרנישט מאַכן, האָבן מיר באַשלאָסן זוכן הילף דורך די „אַריער". און הגם מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס שמעקט מיט טויט, — ווייל אַרויסגיין פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט האָט געדראָט מיט טויט־שטראָף, — האָבן מיר דאָך זיך דעצידירט צו מאַכן דעם געפערלעכן שריט, אַבי צו ראַטעווען אונדזער מאַמען!

אין דער זעלבער צייט איז דורך די דייטשן באַשטימט געוואָרן אַלס בירגערמייסטער דער פּאָליאַק מעציק. דער דאָזיקער פּאָליאַק איז געווען פאַר דער מלחמה אונדזער שכן און אויך אונדזערס אַ קונה. איינשטעלנדיק מיין לעבן האָב איך גענומען מיט זיך אַלע ווערטפולע זאַכן פון שטוב, ווי גאָלד, זייגערס און גאָלדענע מטבעות, וואָס זענען נאָך ביי אונדז געבליבן. אַראָפּנעמענדיק דעם „יודן־באַנד" פון מיין אָרעם בין איך אַוועק צום בירגערמייסטער מעציק. צוקומענדיק צו זיין הויז, האָט מיך באַמערקט זיין פרוי, וועלכע האָט מיך באַגעגנט מיט אַ געשריי, אַז איך זאָל שנעל צוריקגיין אין געטאָ, ווייל מען וועט מיך דערשיסן. איך האָב זי געבעטן מיך אויסצוהערן און אַוועקגעלייגט אויפן טיש אַלע מיטגעבראַכטע ווערטזאַכן. דאַן האָט זי מיר צוגעזאָגט, אַז זי וועט זיך דורכרעדן מיט איר מאַן, אַז מען זאָל עפּעס טאָן, כדי צו ראַטעווען מיין מוטער פון טויט.

מיט אַ שוואַכער האָפענונג, אַז אפשר וועט דער דאָזיקער פּאָליאַק עפּעס קענען העלפן, בין איך צוריק אַוועק אין געטאָ.

עס איז נישט אַדורך קיין וואָך נאָך מיין אינטערוועוירן ביים בירגערמייסטער, ווי פון דער יידישער פּאָליציי אין געטאָ איז מען געקומען אונדז מיטטיילן, אַז צומאָרגנס וועט מען מיין טייערע און ליכטיקע מאַמע פירן פון דער תפיסה צום

בית־עולם און דאָרט וועט דער טויט־אורטייל איבער איר אויסגעפירט ווערן. די יידישע פּאָליציי האָט אונדז געגעבן די דערלויבעניש, אַז אונדזער משפחה וועט קענען שטיין ביים טויער פון געטאָ אויף דער אַנטאָניעגאָ־גאַס, וואָס האָט זיך געפונען קעגנאיבער דער דייטשער שוץ־פּאָליציי און קענען זען ווי אַזוי מען וועט פירן די מאַמע אויף איר לעצטן וועג...

צומאָרגנס אין דער פרי, די אויגן שוין טרוקן פון וויינען, האָבן מיר, אין דער באַגלייטונג פון דער יידישער פּאָליציי, זיך אַוועקגעשטעלט ביים טויער פון געטאָ און מיר האָבן דייטלעך געקענט זען, ווי מען פירט אַרויס אַ פרוי פון דער געביידע מיט אַ זאַק איבערן קאָפּ. מיר האָבן גלייך דערקענט אונדזער טייערסטע מאַמע, וועלכע איז אַריינגעשליידערט געוואָרן אין תפיסה־קעטשל, וואָס איז מיט אַ שנעלקייט אָפּגעפאָרן צום בית־עולם.

מיין פאָטער, אַ צעבראָכענער, האָט אויפסניי צוזאַמען מיט אונדז אָנגעהויבן יאָמערן און קלאָגן און גענומען זאָגן „קדיש". און הגם מיין פאָטער, ע"ה, האָט מיך גערופן מיטזאָגן „קדיש", האָב איך מיט שלוכצנדיקע ווערטער אויפמערקזאַם געמאַכט מיין פאָטער, אַז אונדזער מאַמע איז נאָך אַ לעבעדיקע און מען טאָר נאָך נישט זאָגן קיין „קדיש"...

פלוצים האָט זיך באַוויזן אַ שוואַרצער אויטאָ און מיט גרויס שנעלקייט אַרויס פון מאָשטשיצקעגאָ־גאַס, נאָכיאָגנדיק דאָס תפיסה־קעטשל. און טאַקע מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָבן מיר געזען, ווי דאָס תפיסה־קעטשל מיט מיין מאַמען אינעווייניק האָט זיך אויסגעדרייט און אָפּגעפאָרן צוריק אין דער תפיסה. דער שוואַרצער אויטאָ איז געווען דעם בירגערמייסטערס און ער, דער פּאָליאַק מעציק, האָט, ווי מיר האָבן געמיינט, געהאַלטן וואָרט און פאַרלויפיק אָפּגעראַטעוועט מיין מאַמע פון טויט.

צוזאַמען מיט אונדז האָט אויך דאָס גאַנצע געטאָ שטאַרק איבערגעלעבט דעם דאָזיקן צייטווייליקן נס און מיר האָבן ווידער אָנגעהויבן מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען, כדי אַרויסצוראַטעווען די מאַמע פון די רוצחישע הענט. די באַמיאונגען האָבן אונדז פשוט אויסגעליידיקט פון יעטוועדע ווערטזאַך, וואָס מיר האָבן נאָך פאַרמאָגט. מיר האָבן אַוועקגעגעבן דאָס לעצטע די אַלע „מאַכערס", אָבער אָן דערפּאָלג. אין צוויי חדשים אַרום האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה, אַז מען האָט אונדזער טייערער מאַמען אַוועקגעשיקט קיין אוישוויץ.

און פונקט אַזוי ווי אין אַלע פאַרמאַכטע געטאָס, האָט די יידישע באַפעלקערונג נישט געוווּסט דעם באַדייט פון „אוישוויץ", אַזוי האָבן מיר, די יידן פון טאָמאַשאָוו, נישט געוווּסט און ערשט שפּעטער געוואָר געוואָרן, אַז דער דאָזיקער קאָנצענטראַציע־לאַגער איז באַשטימט פאַר פּאָליטישע פאַרברעכער.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס פאַר אַ ייד איז געווען אוממעגלעך ערגעץ אַרויסצוגיין, אָדער אַרויסצופאָרן מחוץ דעם הערמעטיש־פאַרשלאָסענעם געטאָ, האָבן מיר געטאָן אַלץ, כדי זיך עפּעס דערוויסן וועגן אונדזער מאַמען. מיר האָבן נאָך אַלץ געהאָפט, אַז מען וועט זי ווען עס איז פון דעם דאָזיקן אוישוויץ־לאַגער באַפרייען...

אַ גאָר שטאַרקע איבעראַשונג איז געווען פאַר אונדז דאָס, וואָס אין אַ געוויסער צייט אַרום האָבן מיר באַקומען אַ קאַרטל געשריבן מיט דער מוטערס האַנט מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: „איך בין געזונט, נישט איבערקלערן".

אַזוי זענען אַדורך וואָכן און חדשים. דאָס לעבן אין געטאָ איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג אַלץ אומדערטרעגלעכער. כלערליי קראַנקהייטן האָבן באַגלייט דעם הונגער־טויט. מענטשן זענען געפאַלן אין געטאָ טאָג־איין, טאָג־אויס, און די מישטיינס־געזאָגט לעבעדיקע האָבן זיך געטרייסט מיט האָפענונג, אַז לאַנג וועט עס שוין נישט דויערן. מען האָט אויך פאַנטאַזירט, אַז די מכלומרשטע פרייע וועלט, און דער עיקר די יידן אין דער פרייער וועלט, וועלן אָנהייבן עפּעס צו טאָן כדי אונדז אַרויסצוראַטעווען פון דעם דאָזיקן גיהנום.

די דאָזיקע אילוזאָרישע האָפענונגען האָבן ווי עס איז דערהאַלטן דעם נישטיקן לעבן פון די יידישע לעבעדיקע מתים אין טאָמאַשאָווער געטאָ.

אין אַ געוויסער צייט אַרום זענען מיר געוואָרן אַרויסגערופן אין יודענראַט. מיר זענען געווען זיכער, אַז מסתמא איז אָנגעקומען עפּעס אַ ידיעה פון דער מאַמע. בין איך מיט מיין פאָטער אַוועק אין דער גמינע, ווו די פאָרשטייער פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָמאַשאָוו האָבן אונדז איבערגעגעבן די טרויעריקע ידיעה, אַז די געסטאַפּאָ האָט זיי געמאָלדן, אַז מיין מוטער איז אין אוישוויץ געשטאָרבן מיט אַ נאָרמאַלן טויט. איצט וויל די געסטאַפּאָ זיין „גוטהאַרציק" און דערליידיקן ביי די מאַכט־אָרגאַנען פון אוישוויצער לאַגער, אַז מען זאָל אונדז איבערשיקן דאָס קעסטעלע אַש פון דער מאמע (אין אוישוויץ האָט מען נישט מקבר געווען, נאָר פאַרברענט), כדי מיר זאָלן קענען לויטן יידישן דין מקבר זיין דאָס קעסטעלע אַש אויפן בית־עולם.

די פאָרשטייער פון יודענראַט האָבן באַטאָנט, אַז די געסטאַפּאָ קען עס דערליידיקן נאָר מיטן באַדינג, אויב מיר וועלן באַצאָלן די רוצחישע נאַציס פאַר זייער „גוטהאַרציקייט" אַ גרעסערע געלט־סומע. מיין פאָטער, וועלכער איז אין משך פון געציילטע שעהן געוואָרן אַן אַלטער צעבראָכענער מענטש, האָט צוזאַמען מיט מיר אָנגעהויבן מאַכן אַלע באַמיאונגען די דאָזיקע גרויסע געלט־סומע, וואָס די געסטאַפּאָ האָט געפאָדערט, איינצושאַפן, כדי באַקומען דאָס קעסטעלע אַש.

ווי אַזוי מיר האָבן די סומע געלט פאַרשאַפט, ווייס איך

נישט ביזן היינטיקן טאָג. מיר האָבן די סומע איבערגעגעבן דעם יודענראַט און אין אַ וואָך שפּעטער האָבן מיר באַקומען אַ קעסטעלע אַש. זעענדיק, אַז דאָס דאָזיקע אַש איז פון אונדזער טייערער מאַמע, האָבן מיר מיט גרויס יאָמער און געוויין אַדורכגעפירט די קבורה אויפן יידישן בית־עולם און דערביי געזאָגט קדיש כדת וכדין נאָך איר ליכטיקער נשמה.

עס זענען געווען די ערשטע חדשים פון יאָר 1942 און קיין שום אויסזיכט, אַז די לאַגע אין טאָמאַשאָוו זאָל זיך מיט עפּעס פאַרבעסערן. אַ חוץ דעם צער און פיין וועגן אונדזער טייערער מוטער, האָבן זיך אָנגעהויבן פרישע יסורים און צרות. דער הונגער האָט געבושעוועט, די אויסזידלונגען זענען אָנגעגאַנגען, און יעדער באַזונדער האָט געזוכט אַ מיטל ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען פון די אויסזידלונגען, וועלכע האָבן שוין, מיטן פולן באַוווּסטזיין פאַר אונדז, באַדייט — טויט!!!

מיט גרויסער פּראָטעקציע איז מיר געלונגען אַריינצובאַקומען זיך אין אַ פאַבריק, ווו איך האָב אויך אַריינגעשטופּט מיין פאָטער ע״ה. מיין שוועסטער לאָלאַ האָט אויך געמוזט זיין ערגעץ־ווו באַשעפטיקט, כדי אויסצומיידן די אויסזידלונג. זי איז אָבער צו אַלעם געווען אַזוי אַפּאַטיש, אַז זי האָט גאָר־נישט געוואָלט און וועגן גאָרנישט געטראַכט. איצט איז מיין אויפגאַבע געווען צו טראַכטן וועגן פאָטער און מיין שוועסטער, וועלכע איז געווען אַ קאַנדידאַטין אויף אויסזידלונג — אויף טויט...

אין עטלעכע חדשים אַרום, נאָכדעם ווי מיר האָבן באַגראָבן דאָס קעסטעלע אַש, האָבן מיר פּלוצים באַקומען אַ פּאָסט־קאַרטל פון לאַגער ראַווענסברוק, געשריבן מיט מיין מאַמעס האַנטשריפט: „איך בין געזונט. נישט איבערקלערן. עס פעלט מיר בלויז געלט, וואָלט איך געהאַט געלט, קען איך אַלץ קויפן. זייט געזונט. אַ סך קושן. אייער מאַמע און פרוי שרה״.

דאָס דערהאַלטענע קאַרטל אין געטאָ האָט אונדז געטראָפן, ווי אַ דונער. עס איז נישט געווען צו באַגרייפן מיטן קלאָרן שכל וויאַזוי דאָס איז מעגלעך. אַפילו די מיטגלידער פון יודענראַט זענען דערשיטערט און דערשטוינט געוואָרן איבער דער דאָזיקער בלוטיקער קאָמעדיע, וואָס די נאַציס האָבן געפירט מיט אַזאַ באַרבאַרישקייט און מיט אַזעלכע נידערטרעכטיקע אינקוויזיטאָרישע מיטלען. מיר זענען געווען זיכער, אַז דאָס קעסטעלע אַש איז געווען בלויז אַ מיטל צו באַקומען און ווידער אויספּרעסן געלט. און הגם איך און מיין פאָטער האָבן דאָס דאָזיקע קאַרטל נישט געהאַלטן פאַר רעאַל, האָבן מיר מיט אָנגעווייטיקטע הערצער ווידער אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי צו באַזאָרגן מיט געלט־מיטלען אונדזער אויפגעשטאַנענער פון קבר מאַמע. עס איז דאָך איר אונטערשריפט, איר האַנטשריפט. הייסט עס, אַז זי לעבט!

מיט פרישע באַמיאונגען און אויסערגעוויינלעכע פאַרבינדונגען זענען מיר געקומען צום אויספיר, אַז מען דאַרף עפּעס ווייטער טאָן, כדי ראַטעווען די מאַמע. מיר האָבן אָנגעשריבן צוויי בריוו — איין בריוו צו דער יידישער געמיינדע אין בערלין און דעם צווייטן בריוו צו דער יידישער געמיינדע אין האַמבורג (איז עס געווען נאַיוויטעט, אָדער ווי יענער טרינקענדיקער, וואָס כאַפּט זיך אָן אין אַ שטרוי), און געבעטן העלפן אונדזער מאַמע. עס זענען אַדורך עטלעכע חדשים און מיר האָבן קיין שום ענטפער פון די ביידע יידישע געמיינדעס (צי זיי האָבן נאָך דעמאָלט, ענדע 1942 עקזיסטירט — ווייסט איך גאָט) נישט באַקומען. מיר האָבן אָבער אין דער צווישנצייט ווידער באַקומען אַ קאַרטל פון דער מאַמען, פון ראַווענסבריק, מיט דער זעלבער ביטע, ווי אין ערשטן פּאָסט־קאַרטל.

אַ געוויסן טאָג האָבן מיר באַקומען אַן ענטפער, געשריבן אין דייטש, אויף אַ שרייבמאַשין. דער ענטפער איז געווען מיט אַן אַנטשולדיקונג פאַרוואָס מען האָט אונדז אַזוי לאַנג אויפגעהאַלטן מיט אַ תשובה. די סיבה איז די, וואָס זיי, די יידישע געמיינדעס, האָבן געדאַרפט אויסגעפינען אונדזער מוטער אין דעם לאַגער ראַווענסבריק, אין וועלכן בלאָק זי איז און וואָס פאַראַ לאַגער־נומער זי האָט. אין דעם ענטפער זייערן איז טאַקע געווען אויסגעשריבן דער נאָמען פון אונדזער מוטער און אויך איר לאַגער־נומער. זיי, — די מכלומרשטע יידישע געמיינדע אין האַמבורג — האָט אונדז ווייטער מיטגעטיילט, אַז זיי האָבן איבערגעשיקט עטלעכע דייטשע מאַרקן קיין ראַווענסברוק פאַר דער מאַמע און זיי וועלן עס טאָן פון צייט צו צייט. זיי האָבן דערביי באַמערקט, אַז זיי ווילן נישט, אַז מיר זאָלן זיי צוריקגעבן דאָס אויסגעלייגטע געלט, ווייל דאָס איז זייער יידישער פליכט. אונטערגעשריבן איז געווען „די יידישע געמיינדע אין האַמבורג, פרוי שרה בערמינץ״ (?!?!).

און הגם קיין שום פרייד איז שוין אויף קיינעמס פּנים נישט געווען אין טאָמאַשאָווער געטאָ, איז דאָך — סיי ביי מיין משפּחה און סיי ביי אַלע אַנדערע יידישע איינוווינער פון טאָמאַשאָווער געטאָ — געווען עפּעס דערפרייענדיקס. דאָס דערפרייענדיקע איז געווען, — צי מיר האָבן יאָ געגלייבט צי נישט, — אַז עס עקזיסטירט דאָך נאָך, ענדע 1942, אַ יידישע געמיינדע אין האַמבורג, און עס זענען נאָך דאָ יידן אין דייטשלאַנד. אמת, עס איז געווען אַ רעטעניש, אָבער דאָך... אַ פאַקט — די בריוו, דער ענטפער, די אונטערשריפט...

דאָס רעטעניש איז געוואָרן נאָך געהיימניספולער און אומפאַרשטענדלעכער, ווען מיר האָבן פון דער מאַמע ווידער דערהאַלטן אַ בריוו. צו אונדזער גרויסן צער איז עס געווען דער לעצטער בריוו פון מיין טייערער מוטער, ע״ה, — אַז זי האָט דערהאַלטן פון האַמבורג געלט און פאַר דעם געלט קען זי זיך קויפן פאַרשידנס אין דעם לאַגער־קאַנטין. זי האָט

אויך געשריבן, אַז זי ווונדערט זיך און פֿאַרשטייט נישט ווי אַזוי שיקט איר עמעצער געלט פון... האַמבורג.

דאָס טאָמאַשאָווער געטאָ האָט שוין געהאַלטן ביי זיין גסיסה־געראַנגל. די אויסזידלונגען זענען שוין געגאַנגען אָן שום צוזאָגן. מען האָט שוין געוווּסט, אַז אַלץ ווערט געשיקט אויף פֿאַרניכטונג. מיין פֿאָטער, ע"ה, מיין שוועסטער לאָלאַ, זענען צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע יידישע נפשות אַוועק אין פֿאַרניכטונגס־לאַגער טרעבלינקע און דאָרט אומגעקומען על קידוש־השם.

איך, מיט נאָך עטלעכע טאָמאַשאָווער יידן, בין דורך אַ נס נישט אַוועקגעשיקט געוואָרן אין דעם פֿאַרניכטונגס־לאַגער און דערלעבט די באַפרייאונג דעם 5־טן מאי 1945, דורך די אַלירטע אַרמייען, אין לאַגער עבענזע (עסטרייך). פון דאָרטן בין איך, צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע, על־פי־נס לעבנגע־בליבענע יידן, אַוועק קיין איטאַליע.

אין איטאַליע האָב איך באַקומען פון מיין איינציק ניצול־געוואָרענער שוועסטער צילאַ (לעבט אין ישראל) אַ בריוו, אין וועלכן זי האָט מיר מיטגעטיילט, אַז זי איז געווען אויסבאַהאַלטן אין וואַרשע און גלייך נאָך דער באַפרייאונג איז זי אַוועק קיין טאָמאַשאָוו. דאָרטן האָט זי זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ פּויילישער פרוי, וועלכע האָט איר איבערגעגעבן דעם לעצטן גרוס פון אונדזער טייערער מוטער שרה. די דאָזיקע פּוילישע פרוי, וועלכע איז אויך געווען אין לאַגער ראַווענסבריק, האָט מיין שוועסטער איבערגעגעבן, אַז די מוטער האָט געלעבט ביזן יאָר 1945 טאַקע אין לאַגער ראַווענסבריק און זי איז אומגעקומען אין טויטן־מאַרש בעת דער ליקווידאַציע פון לאַגער. אַזעלכע טויטן־מאַרשן זענען געווען אין אַ סך קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן בשעת די דייטשן, ימח שמם וזכרם, האָבן ליקווידירט די לאַגערן און געפירט די לאַגערניקעס פון איין אָרט צום אַנדערן.

מעלבורן, דעם 7־טן נאָוועמבער 1966

# מיין מאמע

יוסף פערלשטיין

(פון בוך לידער, פאָעמעס און באַלאַדן „נישט אויסדערציילן")

איך האָב אַ מאַמע, אַ טייערע מאַמע געהאַט,
נאָר ס'האָט זי צום קבר געטריבן דער קאַט.
איך ווייס נישט וואָס האָט ער צו מיין מאַמע געהאַט —
וואָס האָט ער, וואָס האָט ער דער תלין
געהאַט ? — — —

וואָס האָט דען אַזאַ מאַמע געקענט שולדיק זיין,
אַז די אומשולד אַליין נאָר געווען איז איר פּיין ?!
אַ יידישע מאַמע — מישטיינסגעזאָגט שוין ! —
וואָס האָט אַזאַ מאַמע דען שלעכטס געקענט טון !?

איך געדענק זי, מיין מאַמע, אין מינוטן פון פרייד,
אין רגעים פון מנוחה, פון צאָרן און לייד ;
אין שמחה, אין טרויער צי גאָר אין געוויין —
וויפל חן ס'איז געלעגן אין איר, וויפל חן !

אָט זע איך זי, מיין מאַמע, אין אַ פרייטיקצונאַכטס —
זי זיצט ביי דער תחינה און זאָגט שטיל, מיט האַרץ,
צי שטייט ביי די ליכטלעך און בענטשט פאָרכטיק,
לאַנג,
און וויינט מיט אַ מאַמעשן טרערן־געזאַנג — — —

אָ, וויפל נעימות האָט מיין מאַמע פאַרמאָגט,
ווען זי האָט די „צאינה וראינה" געזאָגט,
און שפּעטער דעם ספר פאַרמאַכט און געקושט
און הייליק, מיט יראה, די טרערן געווישט — — —

אַ לעבן האָט מיין מאַמע געתפילהט צו גאָט,
געלייענט די קרישמע אין פאַרגיי ביים „א ח ד" ;
אָפּגעהיט דעם „אָ מ ן" נאָך יעדער ברכה גאַנץ פּרי
און דערביי נישט פאַרגעסן איר טעגלעכע מי.

ביים קנעטן די חלה אין אַ פרייטיק־פאַרטאָג,
ביים ריכטן אַ העמד, צי ביים צירן אַ זאָק —
וויפל חן, וויפל חן ס'איז געלעגן אין איר,
אין איר מינדעסטער תנועה, אין מינדעסטן
ריר ! — — —

אַזאַ מאַמע, דוכט זיך, האָב איך נאָר געהאַט...
נאָר ס'האָט זי צום קבר געטריבן דער קאַט.
זי האָט צו די „זאַמדן" קוים־קוים זיך דערשלעפּט



הסופר והעיתונאי יוסף פרלשטיין

און ביז צו דער שחיטה שוין מער נישט
געלעבט ! — — —

דוכט זיך ערשט נעכטן ז'געווען דאָס, נישט לאַנג...
איך קען גאָר נישט טראַכטן דערפון — איך ווער
קראַנק.
זי האָט דאָך מיך שטענדיק געבעטן : מיין זון,
ווען כ'וועל אַמאָל שטאַרבן, דו זאָלסט עס מיר טון :
קדיש זאָלסט זאָגן נאָך מיר, ליבער זון ! —
וויל איך עס מאַמע, אָ, ווי כ'וויל עס דיר טון !
נאָר שטום איז מיין מויל און מיין שטימע איז מיד —
שטום איך דיר אויס נאָר מיין קדישדיק ליד...
אין גן־עדן ביסטו דאָך סיי ווי שוין אַריין,
געלייטערט דורך יסורים, דורךליידן און פּיין ;
געהייליקט דורך גסיסה אין תחינה צו גאָט,
ווען דו ביסט פאַרגאַנגען אין לעצטן א ח ד ! — — —
— — — — — — — — — — — — —

יאָ, כ'האָב אַ מאַמע, אַ טייערע מאַמע געהאַט,
נאָר ס'האָט זי צום קבר געטריבן דער קאַט.
אַ יידישע מאַמע — מישטיינסגעזאָגט שוין ! —
וואָס האָט אַזאַ מאַמע דען שלעכטס געקענט
טון !? — — —

# די ערשטע אקציע אין טאמאשאוו־מאזאוויעצק

אברהם קילשטיין

די אויסערגעוויינלעכע שפאַנונג פון די ערשטע קריגס־טעג אין סעפּטעמבער 1939 האָבן אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף דעם טאָמאַשאָווער יידנטום.

אַ שטאַרקע פּאַניק האָט אַלעמען באַהערשט. די נעכט פול מיט אומקלאָרע דערוואַרטונגען און בייטאָג — יעדע מינוט פרישע שרעקלעכע נייעסן: די היטלעריסטישע אַרמייען דער־נעענטערן זיך, ווי אַ פעסט, מיט אַ שנעלן טעמפּאָ צו דער שטאָט.

אין טאָג האָט פון נאגאזשיצער וועג זיך פּלוצים דער־הערט דאָס שטאַרקע מאָטאָרן־גערויש פון אָפּטרעטנדיקן פּוילישן מיליטער.

צוזאַמען מיטן מיליטער האָבן געצויגן מאַסן מענטשן מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, מיט פערד און וואָגן, ווי אויך מיט אַנדערע פאָרקער־מיטלען.

הונדערטער יידן פון אונדזער שטאָט, און צווישן זיי אויך אַלע מענער פון מיין משפּחה, האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

צוזאַמען מיט די מאַסן מענטשן פון פיל שטעט און שטעט־לעך האָבן מיר זיך געשלעפּט אויפן וועג קיין וואַרשע מיטן געדאַנק, אַז אפשר וועט אונדז געלונגען זיך דערלאַנגען קיין רוסלאַנד.

דער וועג פון טאָמאַשאָוו ביז ראַווע איז געווען ווי איין געדיכטע מענטשן־מאַסע: מיליטער, פרויען, קינדער, מענער און זקנים.

פון צייט צו צייט האָבן זיך באַוויזן די דייטשע עראָפּלאַנען און געוואָרפן באָמבעס. זיי זענען געפלויגן נידעריק, כמעט איבער די מענטשנס קעפּ און די מאַסע מענטשן האָבן גענו־מען אַנטלויפן, זוכנדיק אַ באַהעלטעניש.

אויף טריט און שריט האָבן זיך געוואַלגערט טויטע קערפּערס. דאָס קרעכצן פון די פאַרוווּנדעטע האָט געגליווערט דאָס בלוט. מיר האָבן קיינעם נישט געקענט העלפן, ווייל אַפילו אַ ביסל וואַסער האָבן מיר נישט געהאַט.

אונטערוועגס האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט פיל טאָמאַ־שאָווער. נישט פאַר איינעם פון זיי איז עס געווען דער לעצ־טער וועג, ווייל זיי זענען געפאַלן נאָך איידער זיי האָבן באַ־וויזן ערגעץ אָנקומען, אָדער זענען דערהרגעט געוואָרן אין וואַרשע בעת די באָמבאַרדירונגען.

אין דער בהלה האָב איך באַגעגנט מיין חבר אשר פּאַקין מיט זיין פרוי און קינד, וואָס זיי האָבן געפירט אין אַ קינדער־וועגעלע. מיט זיי איז אויך געגאַנגען פּאַקינס שוואָגער, יאַ־טשע שטערן מיט זיין פרוי און קינד. בעת איינער פון די באָמ־באַרדירונגען האָבן מיר זיך צעשיידט און מער נישט באַגעגנט.

מיר האָבן געגלייבט, אַז אין שטעטל ראַווע וועלן מיר שוין האָבן אַ ביסל מער רו, אָבער אויך דאָ איז די סכנה גע־ווען גרויס. בייטאָג און נאָך מער ביינאַכט האָבן די באָמבעס נישט געלאָזט רוען. מיר האָבן זיך צונויפגעקוועטשט פיל מענטשן אין אַ פינצטערן קעלער און אַזוי שטייענדיק איבער־געקומען די גאַנצע נאַכט. עס איז געווען אַזוי ענג, אַז עס איז געווען שווער צו אָטעמען. יעדער איז געווען גצוווּנגען צו דערליידיקן זיינע נאַטירלעכע באַדערפעענישן אויפן אָרט ווו ער איז געשטאַנען.

די שרעקלעכע באָמבאַרדירונגען האָבן אונדז נישט דער־מעגלעכט צו פאַרלאָזן דעם קעלער אויך אין דער פרי, כדי צו קענען איינאָטעמען אַ ביסל פרישע לופט, נאָך דער שלאָף־לאָזער נאַכט, וואָס האָט אונדז אַזוי אויסגעמאַטערט.

דריי אַ זייגער נאָך מיטאָג האָבן מיר באַמערקט דורך דער קליינער עפענונג פון קעלער דעם ערשטן דייטשן טאַנק. מיר האָבן דאָן דערזען, ווי נאַיוו עס איז צו גלייבן, אַז מיר וועלן קענען צוקומען צו דער סאָוויעטישער גרענעץ. פאַר־צווייפלטע און דערשעפּטע האָבן מיר באַשלאָסן זיך צוריק־קערן קיין טאָמאַשאָוו.

אויף דאָס צוריקקערן זיך אַהיים האָט נישט געהערט צו די לייכטע זאַכן. ראַווע איז באַזעצט געוואָרן דורך דייטשיש מיליטער. אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהן האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג. דעם ערשטן קבלת־פּנים האָבן אונדז גע־מאַכט די דייטשן ביים אַרויסגאַנג פון שטעטל. זיי האָבן אונדז געהייסן אויפהייבן די הענט, באַטאַפּט אונדז פון קאָפּ ביז די פיס, צוגערויבט ביי אונדז דאָס געלט, די זייגערס און אַלץ, וואָס מיר האָבן געהאַט ביי זיך. ערשט דאַן האָבן זיי אונדז געלאָזט גיין מיטן הויפּט־וועג, מיט די „הענדע־האָך“.

דער וועג צווישן טאָמאַשאָוו און ראַווע איז געווען באַ־לייגט מיט היטלעריסטיש מיליטער און מיר זענען געווען געצוווּנגען מיט אויפגעהויבענע הענט גיין שעהן לאַנג אין דער ריכטונג פון אונדזער שטאָט.

ערשט ווען עס איז גוט פינצטער געוואָרן און דאָס מילי־טער האָט דערוויילע אָפּגעשטעלט דעם מאַרש אויף וואַרשע, האָבן מיר אַ ביסל פרייער אָפּגעאָטעמט.

מיר האָבן זיך קוים דערשלעפּט קיין טאָמאַשאָוו, אָבער דאָ איז געקומען אויף אונדז אַ נייע צרה. מיר קענען נישט קומען אַהיים, ווייל דאָס גיין ביינאַכט איז שטרענג פאַרבאָטן. באַמערקנדיק אַ דייטשן פּאַטרול, האָבן מיר אים דערציילט

אונדזער לאַגע. ווי עס ווייזט זיך אויס, האָט ער נאָך געהאַט אַ שטיקל מענטשלעך געפיל און אונדז אָפּגעפירט ביז צו מיין שוועסטער זעלדע, וועלכע האָט געהאַט איר געשעפט מיט דער וווינונג אויף טעקלאַ־גאַס אין קלינגערס הויז.

**דער ערשטער רויב פון די נאַציס**

פאַרטאָג האָט מיין פאָטער מיט דער גאַנצער משפחה באַשלאָסן גיין אַהיים אַ קוק טאָן וואָס עס הערט זיך. דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל אַליין בלייבן ביי מיין שוועסטער און ווען איך האָב זיך נאָר אַ ביסל צוגעלייגט און איינגעשלאָפן, האָט מיך אויפגעוועקט אַ שטאַרקער גערויש. עמיץ האָט געריסן די טירן פון געשעפט. אָט זענען שוין די טירן אָפן. אַ באַנדע דייטשע סאָלדאַטן זענען אריינגעפאַלן, ווי די הייזעריקן און גענומען רויבן פון דאָס שענסטע און בעסטע אין געשעפט, ווי שאָקאָלאַד, באַנבאָניערעס, קאָנסערווון און אַנדערע זאַכן. איך בין אַריינגעלאָפן אין געשעפט און הגם דאָס האָט זיי אַ ביסל איבעראַשט, האָבן זיי זייער רויבעריי נישט אָפּגעשטעלט. איך האָב זיי געבעטן, געוואָלט איבערצייגן, אַז דאָס געשעפט געהערט צו אַ פרוי מיט קליינע קינדער און איר מאַן געפינט זיך אין מיליטער, אָבער דאָס האָט אויף זיי קיין שום ווירקונג נישט געהאַט. זיי האָבן מיטגענומען די גרויסע פעקלעך מיטן רויב. איינער פון זיי האָט מיר אַ וואָרף געטאָן אַ פינף־מאַרק־שטיק און מיט אַ ציניש שמייכל אויסגערופן: „האַסט דו, יודע — ווייַן ניכט!" און זיי זענען אַוועק.

איך בין געווען שטאַרק דענערווירט און האָב געגלייבט, אַז דער פאַל וועט שלעכט ווירקן אויף מיין שוועסטער. עס איז אָבער געווען אַנדערש, ווייל ווען מיין שוועסטער איז צוריקגעקומען און געזען דעם חורבן אין איר געשעפט האָט זי מיך אַנגעהויבן טרייסטן זאָגנדיק, אַז מיט דעם דאַרפן מיר זיך נישט איבערנעמען, גוט וואָס מיר האָט גאָרנישט פּאַסירט.

פאַרנאַכט האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ גערויש און אַ געלויף פון מענטשן. מיטאַמאָל האָט מען דערזען צום ערשטן מאָל פאַרבייפאָרן אין אונדזער שטאָט אַ לאַנגע ריי יידן, אַלטע און יונגע, אויסגעשטעלטע צו פיר, דערשעפּטע און געטריבענע האָבן זיי זיך געשלעפּט און געבעטן אַ ביסל וואַסער. עס איז נישט מעגלעך געווען זיי מיט עפּעס העלפן. קיינער האָט אַפילו נישט געוווּסט וווהין מען האָט זיי געטריבן און וואָס איז געווען זייער גורל.

**די ערשטע אַקציע אין שטאָט**

אַ טאָג פאַר ראש־השנה. איך בין אַוועק פון מיין שוועסטער און זיך געלאָזט אַהיים. צומאָרגנס, ערב ראש־השנה, איז אויסגעפאַלן אין מיטן סעפּטעמבער 1939, צוויי וואָכן זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די דייטשע בלוטיקע אינוואַזיע. אין דער שטאָט טאָמאַשאָוו האָט זיך גענומען פילן דער הונגער, אויפן מאַרק איז שוין נישט געשטאַנען קיין איין קרעמער, נאָר אין די הייף האָט מען נאָך געקענט עפּעס באַקומען פון די לעצט־פאַרבליבענע שפּייז־אַרטיקלען, אָדער גרינוואַרג. ווער עס האָט נאָך געהאַט פאַרוואָס צו קויפן האָט געקאָפט דאָס וואָס עס האָט זיך געלאָזט, כדי נישט פאַרשעמען דעם יום־טוב.

פאַרנאַכט. די צייט צווישן מנחה און מעריב.

די זון הייבט אָן אונטערצוגיין און שיקט אירע לעצטע שטראַלן, ווי אַ סימבאָל פון פייער, וואָס פאַרגייט, אָדער דאַרף זיך צעפלאַקערן. יידן גרייטן זיך גיין אין שול אַריין. פּלוצים דערהערט זיך אַ געטומל און באַלד נאָכדעם ווילדע געשרייען: „יודען ראוס!"

איך בין צעמישט געוואָרן און זיך אַ וואָרף־געטאָן אויף דער סאָפע, אָבער די קולות זענען וואָס אַמאָל העכער געוואָרן. פּלוצים האָב איך דערהערט אַ געלויף אויף די טרעפּ און אַן אָפּהילך פון שטיוול. אַ פעסטער קלינג אין טיר. איך האָב זיך נישט געאיילט אויפצומאַכן די טיר, אָבער ווען מען האָט זי אָנגעהויבן ברעכן און אויפרייסן מיט כוח, האָב איך שוין לענגער נישט געקענט וואַרטן.

איך בין אַראָפּ פון מיין געלעגער און אויפגעמאַכט די טיר. צוויי נאַציס האָבן זיך געוואָרפן אויף מיר מיט אַ געשריי פאַרוואָס איך האָב זיך פאַרשטעקט. באַלד האָט מיר איינער דערלאַנגט מיט זיין רעוואָלווער איבערן קאָפּ. איך האָב זיך באַגאָסן מיט בלוט. באַמערקנדיק ביי מיר דעם טאַשנזייגער האָבן זיי אים אַרויסגעריסן. דאָס האָט אַ ביסל געשטילט זייערע ווילדע געשרייען און אפשר גאָר געראַטעוועט מיך פון טויט. זיי האָבן מיך צוגעפירט צו די טרעפּ און אַרויסגעשליידערט. ווי אַזוי איך האָב זיך אויפגעהויבן, געדענק איך נישט.

פאַר אונדזער הויז זענען שוין געשטאַנען אויסגעשטעלט פיל מענער. זיי האָבן אַרויסגערופן צו מיר אַ סאַניטאַר, וואָס האָט מיר פאַרבונדן דעם קאָפּ און אַריינגעשטעלט אין דער ריי. צוליב מיין מצב האָב איך אַפילו נישט געזען מיט וועמען איך געפין זיך צוזאַמען. מען האָט אונדז צוגעפירט צום מאַגיסטראַט און דאָרט אַלע אויפגעלאָדן אויף מאַשינען.

נאָך דעם זעלבן אָוונט האָבן מיר זיך געפונען אין טשענסטאָכאָוו, נישט ווייט פון דער באַן־סטאַציע.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן אין דעם טראַנספּאָרט זיך געפונען יידן און פּאָליאַקן. מיר זענען געווען צוזאַמען איינקוואַרטירט, אָבער צו געוויסע אַרבעטן האָט מען נאָר גענומען יידן. ווען אַ ייד האָט זיך אויסבאַהאַלטן צווישן די פּאָליאַקן, האָבן די פּאָליאַקן אויף אים אָנגעוויזן. די דייטשן האָבן ביי די יידן צוגענומען די גוטע שיך און מלבושים און

עס אַלץ אַוועקגעגעבן די פּאַליאַקן. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אייניקע טעג.

איין טאָג האָט מען אונדז ווידער אויסגעשטעלט אין אַ ריי, געגעבן יעדן אַ פּאַרשימלט ברויט מיט אַ ביסל מאַרמעלאַדע און אונדז אָפּגעפירט צו דער באַן־סטאַציע, ווו עס זענען געשטאַנען וואַגאָנען, אין וועלכע זיי האָבן אַריינגעלאָדן די מענטשן. מאַכט זיך אָבער, אַז פאַר דער לעצטער גרופּע, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען אַרום נײַנציק ייִדן, הויפּטזעכלעך פון טאָמאַשאָוו, איז שוין קיין פּלאַץ נישט געווען. אין לעצטן מאָמענט האָבן די דייטשן אָנגעשלאָסן נאָך אַ וואַגאָן, אויף וועלכן עס איז געווען אַן אויפשריפט: „שווערפאַרברעכער". דער דאָזיקער אויפשריפט האָט אונדז פאַרשאַפן גרויסע צרות, ווייל ווו מיר זענען געקומען האָט מען אונדז געהאַלטן אונטער אַ שווערער וואַך, אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע. ווען מיר האָבן געפּרוּווט אויפקלערן, אַז עס איז לגבי אונדז באַגאַנגען געוואָרן אַ טעות, האָט מען אַפילו נישט געוואָלט הערן.

דאָס איז געווען ביי גערליץ, ווו מען האָט אונדז אַראָפּגעלאָזט. אַלע זענען געוואָרן איינקוואַרטירט, נאָר אונדזער גרופּע איז געווען באַוואַכט און פאַר גרויס שרעק האָבן מיר אַפילו נישט געפילט, ווי מיר זענען אַדורכגעווייקט געוואָרן פון שטאַרקן רעגן.

אַזוי זענען מיר אָפּגעשטאַנען ביז האַלבער נאַכט אין פרייען פעלד.

אויף די דייטשע פּאָסטנס, וועלכע האָבן אונדז געהיט, זענען אַדורכגעווייקט געוואָרן און אפשר צוליב דעם אונדז שפּעטער אַריינגעפירט אין לאַגער, פאַר די שטעכלדראָטן, אַוועקגעשטעלט ביים וועכטער־טורעם, ווו עס איז געשטאַנען אַ דייטש מיט אַן אויטאָמאַט און געדראָט צו שיסן יעדן פון אונדז, וואָס וועט פּרוּוון זיך באַוועגן, אָדער דערווייטערן אויף אַ טריט. דאַן האָבן זיי אונדז געבראַכט אַ צעלט און באַפוילן אים אויפשטעלן.

די פינצטערניש איז געווען אַזוי גרויס, אַז איינער האָט קוים געזען דעם אַנדערן און דאָס אַ דאַנק דעם רעפלעקטאָר, וועלכער האָט אונדז באַליכטן פון טורעם. דער רעגן איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער און אונדז נאָך מער דורכגעווייקט. אין אַזאַ מצב איז פון אויפשטעלן דעם געצעלט נישט געווען קיין רייד, בפרט, אַז מיר האָבן קיין כלים נישט געהאַט און קיינער פון אונדז האָט נישט געהאַט קיין אָנונג דערין. מיר האָבן אַלזאָ קיין ברירה נישט געהאַט און באַדעקט זיך מיטן געצעלט איבער די קעפּ און אַזוי דורכגעשטאַנען די גאַנצע נאַכט. ערשט אין דער פרי האָבן זיי אונדז אַריינגעלאָזט אין אַ פּאַלאַטקע, וועלכע איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע און פון ביידע זייטן האָבן זיי ווידער אַוועקגעשטעלט פּאָסטנס, כדי אונדז באַוואַכן. נאַסע, מידע און צעבראָכענע האָבן מיר זיך אַוועקגעלייגט אויף דער פייכטער ערד, ווייל די פיס האָבן נישט געטראָגן מער. ביים דערלידיקן די נאַטירלעכע באַדערפענישן האָבן זיי אונדז געפירט אונטער אַ שטאַרקער וואַך.

דער לאַגער גערליץ האָט געדינט אַלס אַ דורכגאַנגס־לאַגער פאַר פוילישע קריגס־געפאַנגענע. אין אַ וואָך אַרום האָט מען אונדז ווידער געפירט צו דער באַן, אויפגעלאָדן ווי בהמות אין די לאַסט־וואַגאָנען און געפירט אונדז ביז ראַוויטש, ווו מען האָט אונדז ווידער אויסגעלאָדן. אין יעדן וואַגאָן זענען אַריין צוויי היטלעריסטישע מערדער, וועלכע האָבן אויף יעדן אָנגעוואָרפן אַ טויט־שרעק. מיט גומי־שטעקנס אין די הענט, לעדערנע בייטשן, פאַרקניפּטע מיט גרויסע קניפּן, האָבן זיי אונדז געהייסן אַראָפּנעמען די היטלען און אַרויסשפּרינגען פון וואַגאָן, באַגלייטנדיק אונדז מיט קלעפּ ווו עס האָט זיך געלאָזן. זיי האָבן אונדז געצוווּנגען צו שרייען „הייל היטלער" און דאַן ווידער אַדורכלויפן דורך צוויי רייען סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אונדז ווידער באַגלייט מיט די קאָלבעס ווו עס האָט זיך געלאָזט. נישט איינער איז שוין מער נישט אויפגעשטאַנען.

אין דער גרעסטער בהלה, מיט אָנגעשוואָלענע און צעקלאַפּטע גלידער פון די מכות רצח, זענען מיר געלאָפן אין די אויטאָס, וואָס זענען געשטאַנען צוגעגרייט פאַר אונדז. מען האָט אונדז דאָרט אַוועקגעזעצט מיט די הענט פאַרלייגט אויפן קאַרק און ווער עס האָט זיך געגעבן אַ ריר, איז געווען באַדראָט מיטן טויט. דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג ביז מיר זענען אָנגעקומען אין דער ראַוויטשער תפיסה.

דאָ האָבן זיי אונדז צעשיקט אין די תפיסה־קאַמערן צו זעקס מאַן אין אַ צעלע. די סאַניטאַרע באַדינגונגען, דאָס עסן און יעדעס מאָל די פרישע גזירות, האָבן אונדז געגעבן צו פאַרשטיין, אַז לאַנג אַזוי לעבן קען מען נישט. ווידער האָט מען די ייִדן צוזאַמענגעטריבן אין איין גרויסער צעלע און יעדער האָט דערציילט וואָס ער האָט אַדורכגעלעבט, כדי זיך לייכטער מאַכן אויף דער נשמה, ווי מען זאָגט: „צרות רבים חצי נחמה". דאָ זענען ווידער געווען אַנדערע פּיינען. די הויפּט־צרה איז געווען דאָס אויסשטיין פון די אונטערוועלט־טיפּן, וועלכע זענען דאָ געזעסן נאָך פון פאַר די נאַציס. זיי זענען דאָ געוואָרן קאַפּאָס און פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן „שטובן־דינסט" און פאַרטיילן דאָס עסן. איינער פון די פאַרברעכער מיטן נאָמען שלאַמאָוויטש, האָט נישט פאַרמאָגט קיין ביסל מענטשלעך געוויסן און צוגענומען אונדזער פאַרציע ברויט. ער האָט געשלאָגן, געמסרט, געדראָט, געפּייניקט אָן שום סיבה.

פיר וואָכן האָבן מיר דאָ אַזוי פאַרבראַכט. איין טאָג האָט מען גערופן אייניקע פון אונדז און צוריקגעגעבן די זאַכן, וואָס מען האָט ביי אונדז צוגענומען בעתן אַריינגיין אין תפיסה.

דאָס האָט אונדז געגעבן די האָפענונג, אַז אפשר וועט מען אונדז אַהיימשיקן. דאָס איז געווען די ערשטע נאַכט, וואָס איז אַדורך אין אַ בעסערער שטימונג.

צומאָרגנס האָט מען אונדז טאַקע געהייסן אַרויסגיין און פאַרטיילט די זופ מיט דער פאָרציע ברויט אין דרויסן. פיל האָבן זיך נישט געקענט איינהאַלטן און אויפגעגעסן די טעג־לעכע פאָרציע מיטאַמאָל.

אונדזער פרייד האָט נישט לאַנג געדויערט, ווייל נאָכן מיטאָג האָט מען אונדז ווידער אויסגעשטעלט אין אַ ריי און אונטער אַ שטרענגער באַוואַכונג געפירט צו דער באַן־סטאַציע. ווידער האָט מען אונדז אַריינגעשטופט אין די וואַגאָנען און ווידער זענען מיר געפאָרן אַ טאָג מיט אַ נאַכט אין אַן אומ־באַקאַנטער ריכטונג. פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין ווײַ־מאַר. צען קילאָמעטער פון דער שטאָט וויימאַר האָט זיך גע־פונען דער באַקאַנטער קאָנצענטראַציע־לאַגער בוכענוואַלד.

מען האָט אונדז געפירט דורך דער שטאָט, ווו מיר האָבן נישט געפילט קיין ספעציעלע שלעכטע באַציאונג, אָבער ווי נאָר מיר זענען אַרויס פון וויימאַר האָבן מיר ווידער דער־פילט וואָס עס הייסט אַ גיהנום. מען האָט אונדז באַפוילן אויפהייבן די הענט אין דער הייך און לויפן. מען האָט געמוזט אַלץ אָוועקוואַרפן. די דייטשע רוצחים האָבן געשלאָגן מיט די ביקסן איבער די קעפ מיט אַזאַ רציחה, אַז דאָס איז זיך שווער פאָרצושטעלן און מען קען עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווייל ווער עס זעט עס נישט קען עס נישט באַגרייפן מיט זיין פאַנ־טאַזיע. ווער עס איז געפאַלן האָט זיך שוין מער נישט אויפ־געשטעלט. דער גאַנצער וועג, צען קילאָמעטער, איז געווען אויסגעלייגט מיט הרוגים.

דאָס איז געווען דער טויטן־מאַרש פאַרן אַריינקומען אין לאַגער בוכענוואַלד אין וועלכן עס האָבן זיך אויך געפו־נען 91 טאָמאַשאָווער. פיל פון זיי זענען געפאַלן אויפן וועג. פיל פון אונדזער גרופע טאָמאַשאָווער זענען אומגעקומען אין לאַגער בוכענוואַלד, נאָר 13 פון דער גרופע זענען געבליבן לעבן.

זייער טראַגישער טויט וועט אויף אייביק פאַרבלייבן אין זכרון פון די לעבנגעבליבענע. זאָל זייער אומקום, זייער היי־ליקער אָנדענק פאַראייביקט ווערן אין יזכור־בוך און זיין אַ טרויעריקער צושטייער צו דער בלוטיקער מצבה פון אונדזער פאַרניכטעטער קהילה אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק.

# דער געטאָ־דאָקטאָר

## ד"ר משה זלאָטאָלאָוו

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיינע
דערמאָרדעטע חברים־דאָקטוירים

דאָס לעבן אין די געטאָס, די פיזישע, גייסטיקע און מאָ־ראַלישע ליידן זענען געווען ממש אומדערטרעגלעך פאַר יעדן איינעם אָן אונטערשיד. פאַרשפאַרט אין די פינצטערע ד' אמות, איז אוממעגלעך געווען איבערצוטראָגן דעם טאָג־טעגלעכן פיין און קאָשמאַר פון הונגער, נויט און ענגשאַפט, וואָס האָט געהערשט אין געטאָ. די גרויזאַמע בילדער און איבערלעבונ־גען קענען נישט פאַרגעסן ווערן, בפרט אין זכרון פון אַ געטאָ־דאָקטאָר, וועלכער איז אין דער ערשטער ריי געווען דער הילף־טרעגער פאַר די פיל קראַנקע. דער געטאָ־דאָקטאָר האָט געמוזט קומען אין ענגן קאָנטאַקט מיט דער טראַגישער וויר־קלעכקייט אין געטאָ אויף שריט און טריט.

גייענדיק פון שטוב צו שטוב האָט דער געטאָ־דאָקטאָר זיך באַגעגנט מיט דעם הילפלאָזן מצב פון די הונדערטער קראַנקע, אַלט און יונג, געשוואָלענע און פאַרשמאַכטע פון הונגער.

דער לעבנגעבליבענער געטאָ־דאָקטאָר איז געווען און וועט פאַרבלייבן דער באַגלויבטסטער היסטאָרישער עדות פון אָט די וואַנדאַלן־באַרבאַרישע פייניקונגען און גרוילטאַטן, וואָס די בלוטדורשטיקע נאַצי־חיות זענען באַגאַנגען לגבי אונדזערע ברידער און שוועסטער אין די געטאָס.

פון ערשטן טאָג אָן, זינט מען האָט אונדז פאַרשפאַרט, ביזן לעצטן טאָג, ווען דאָס געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן צו־זאַמען מיט די יידן, איז אויף די פלייצעס פון געטאָ־דאָקטאָר אַרויפגעלייגט געוואָרן אַן אומגעהויערע שווערע לאַסט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו היטן דעם געזונט־צושטאַנד פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. די אַרבעט איז נישט געווען קיין לייכטע, בפרט אין יענע באַדינגונגען.

די ערשטע טעג פון דער מלחמה און נאַצי־אָקופאַציע, ווען די בהלה איז געווען גרויס און טויזנטער מענטשן זענען אַנטלאָפן קיין וואַרשע און אין דער ריכטונג פון די רוסישע געביטן, איז אין דער שטאָט טאָמאַשאָוו כמעט נישט געבליבן קיין דאָקטאָר.

דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז צו יענער צייט האָט

אין דער שטאָט זיך געפונען אַ גרופּע יונגע, פריש־געבאַקענע ייִדישע דאָקטוירים, צו וועלכע דער שרייבער פון די שורות האָט געהערט. אָט די דאָזיקע ייִדישע נאַציאָנאַל־באַוווּסטזיניקע יונגע דאָקטוירים האָבן פאַרשטאַנען דאָס געבאָט פון דער שעה און געשטעלט זיך מיט דער פולער אַחריות אין דינסט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין טאָמאַשאָוו.

צוויי־דריי יאָר פאַרן קריג האָט אין טאָמאַשאָוו זיך געגרינדעט די געזעלשאַפט פאַר געזונט־וועזן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג „טאָז”, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַנטאָניעגאָ־גאַס 14. טאַקע דער „טאָז”־לאָקאַל איז געוואָרן דער געזונט־הייט־צענטער פאַר די טאָמאַשאָווער ייִדן אין דער ערשטער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע. דער דאָזיקער צענטער האָט ליידער לאַנג נישט עקזיסטירט. די סיבה איז געווען די, וואָס טאָג־טעגלעך האָבן, ווי אַ האָגל, זיך געשאָטן די גזירות אויף אונדזערע קעפּ. אָט האָבן די נאַציס פאַרבאָטן די ייִדן צו וווינען אין די הויפּט־גאַסן און געכאַפּט ייִדן אויף צוואַנגס־אַרבעט צו רעגולירן די וואָלבורקע, ווי אויך אויף אַנדערע פּלעצער.

נישט געקוקט אויף דער שווערער אַרבעט פון די ייִדן, האָבן די רוצחים פאַרבאָטן אַריינצונעמען ייִדישע קראַנקע אין שטאָטישן שפּיטאָל און דאָס איז נאָר געווען דער אָנהייב פון די שפּעטערדיקע שווערע גזירות.

צוליב דעם האָט זיך גלייך פאַרערגערט דער געזונט־צושטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, הויפּטזעכלעך ביי די אָרעמע אַרבעטער־שיכטן, וועלכע זענען געבליבן אָן שום מיטלען פון חיונה.

דאָס פאַרקלענערן די לעבנסמיטל־ראַציעס איז געווען כמעט אַ טויט־קלאַפּ פאַר די דאָזיקע אָרעמסטע שיכטן. די גרויסע צאָל אויסגעמאַטערטע, פאַרהונגערטע און פאַרפּייניקטע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון פאַרשידענע אַרבעטסלאַגערן, ווי טישאָוויצע, ציעשאַנאָוו, בעלז און אַנד.

דאָס איינפירן צו יענער צייט דעם ייִדישן קוואַרטאַל (דעם אָפענעם געטאָ), האָבן נאָך פאַרגרעסערט די ענגשאַפט און אַזוי אַרום באַדראָט דעם געזונט־צושטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. בלית ברירה איז דאָס גרינדן אַ שפּיטאָל אין געטאָ געוואָרן דאָס געבאָט פון דער שעה און זייער וויכטיק.

דאָס געטאָ־שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען אין בנין פון דער אַמאָליקער ייִדישער גימנאַזיע אויף וויעטשנאָשטש־גאַס, האָט זיך פאַרוואַנדלט נישט נאָר אין אַ הייל־אַנשטאַלט, נאָר אויך אין אַ מקום לפורענויות, ווו עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דאָס גאַנצע טראַגישע לעבן פון די טאָמאַטאָווער ייִדן בעתן נאַצי־יאָך.

די געשוואָלענע פון הונגער, וועלכע פלעגן ליגן אויף די געטאָ־גאַסן אין די הונדערטער, קראַנקע אויף פלעק־טיפוס, אַן עפּידעמיע, וואָס האָט געבושעוועט אין געטאָ, האָבן אָנגעפּאַקט די זאַלן, קאָרידאָרן און פאָדלאָגעס פון שפּיטאָל.

אויך מערדערלעך־צעשלאָגענע, דורך נאַציס פאַרפּייניקטע, ווי אויך ייִדן מיט אָפּגעפרוירענע פיס און הענט, נאָכן צוריקקערן זיך פון זאַוואַדע־לאַגער, זענען געלעגן אין שפּיטאָל.



**אין געטאָ**
**אַ לעבן אָן אַ ציל...**

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס בילד, וואָס שטייט מיר שטענדיק פאַר די אויגן, ווען דער שפּיטאָל־וואָגן מיט דעם אויסגעדאַרטן פערדל פלעגט אויפן באַפעל פון דער שופּאָ, טאָג־איין, טאָג־אויס, אַרויספאָרן אויסערן געטאָ און צוריק אַריינפירן די נאָר וואָס דערשאָסענע קליינע ייִדישע קינדערלעך, וועמענס פאַרשטאַרטע הענטלעך האָבן נאָך געקלאַמערט דאָס זעקעלע מיט די פּאָר קאַרטאָפל, אָדער אַ שטיקל ברויט, באַגאָסן מיט זייער פריש, נאָך נישט פאַרגליווערט בלוט.

דער הונגער איז געווען אַזוי גרויס, אַז די ייִדישע מאַמעס, הגם וויסנדיק, אַז זייערע קינדערלעך דראָט דער טויט, זענען דאָך געווען געצוווּנגען זיי אַרויסצושיקן אויסערן געטאָ, אפשר וועט זיי דאָך געלונגען צוריקצוקומען מיט אַ ביסל עסן. אָפּטמאָל האָבן די הונגעריקע קינדערלעך אַליין, אָן דעם וויסן פון זייערע עלטערן, אַרויסגעגנבעט זיך פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט, אויסבעטלען ערגעץ־ווו אַ פּאָר קאַרטאָפל, אָדער אַ שטיקל ברויט פאַר זייערע פאַרשמאַכטע פון הונגער ברידערלעך און שוועסטערלעך און טאַקע אויך פאַר טאַטע־מאַמע. דאָרט אָבער, אויסערן געטאָ, ביים טויער, פלעגט שוין לויערן און וואַרטן אויף זיי דער מלאך־המוות, דער באַקאַנטער

סאַדיסט און קינדער־מערדער, דער שופאָ־פּאָליציסט קראַפּ־פּיש. אַט דער דאַזיקער בלוטדורשטיקער מנוול, די צוויי־פּיסיקע חיה, האָט טאָג־טעגלעך געוואַרט אַריינבאַקומען אין די לאַפּעס זיינע קינדער־קרבנות. דער דאַזיקער וואַמפּיר און קינדער־פרעסער פלעגט זיך נישט בלויז באַגנוגענען מיט דערשיסן די אומשולדיקע קינדערלעך, נאָר אויך, ווען דאָס קינד האָט נאָכן דערשיסן געצאַפּלט אין גסיסה־יסורים, זיך געראַנגלט מיטן טויט, האָט דער באַרבאַר עס צוגעטראָטן מיט זיינע באַנאַגלטע זעלנער־שטיוול, זאָגנדיק דערביי מיט זיין טיוולאָניש געלעכטער: „דיין מוטער וואַרט אויף דיין ברויט און קאַרטאָפל, אַט האָסטו ברויט און קאַרטאָפל, פאַרפלוכטער יודע“.

מיט מיינע אייגענע אויגן האָב איך צוויי מאָל געזען און בייגעוווינט אַזעלכע, פּשוט אומבאַשרייבלעכע מערדער־אַקטן. דאָס איז געווען דעמאָלט ווען איך בין געגאַנגען צום קרייז־דאָקטאָר דורך ראַדעס פּאַרק.

אָפטמאָל האָט געטראָפן, אַז דער שפּיטאָל־וואָגן האָט אַריינגעבראַכט פון אויסערן געטאָ אַ דערשאָסן קינד, וואָס האָט נאָך געזשיפּעט און זיך געראַנגלט מיטן טויט. אין אַזעלכע פאַלן פלעגט, ווי פון אונטער דער ערד, זיך פּלוצים באַווייזן אין שפּיטאָל, דער באַקאַנטער באַנדיט, דער „בעל־הבית“ פון געטאָ, וואַכמייסטער האַנס פּיכלער און באַפעלן דעם כירורג אין שפּיטאָל, דירעקטאָר ד״ר מאָרדקאָוויטש, ווי וויט מעגלעך ראַטעווען דאָס קינד... נישט איין מאָל פלעגט ער קוקן אויפן קינדער־קרבן און אַ זאָג געטון מיט איראָניע: „דאָס איז פוקס אַרבעט“.

דער דאַזיקער רוצח פוקס איז געווען דער צווייטער קינדער־מערדער. דאָס איז געווען אַ טאַמאַשאָווער פאָלקס־דייטש, וועלכער איז געוואָרן אַ שופאָ־פּאָליציאַנט, אָבער ער־האָט זיך נישט אַזוי אויסגעצייכנט אין שיסן קינדער, ווי זיין קאַמעראַד, דער מערדער קראַפּפּיש און דאָס איז געווען די סיבה, וואָס זיינע קינדער־קרבנות זענען געבראַכט געוואָרן אין שפּיטאָל האַלב־לעבעדיקע און האַלב־טויטע.

עס האָט פּאַסירט, אַז דער נאַצי־פאַרברעכער פּיכלער האָט אַליין בייגעוווינט כירורגישע אָפּעראַציעס איבער קינדער־קרבנות און שפּעטער זיך אַפילו שטאַרק פאַראינטערעסירט מיטן געזונט־צושטאַנד פון דערשאָסענעם דורך פוקסן קינד. פּיכלער איז געווען דער בעסטער ביישפּיל פון אַ טייוול־מענטש, די פּסיכאָלאָגיע און מענטאַליטעט פון אַ נאַצי־פאַרברעכער, וואָס עס איז שווער צו פאַרשטיין און וויסנשאַפטלעך צו דערקלערן ביזן היינטיקן טאָג.

כדי זיין אַ דאָקטאָר און העלפן קראַנקע אין געטאָ, אָדער אין שפּיטאָל, איז נישט געווען פון די לייכטע אויפגאַבעס מחמת עס האָבן פּשוט אויסגעפעלט נייטיקע מעדיצינישע מיטלען. די יידן אין געטאָ האָבן נישט באַקומען פון דער דייטשער מאַכט צוגעטיילט קיין שום מעדיקאַמענטן. אַלץ האָט מען געמוזט קויפן פאַר הויכע פרייזן אויף דער אַרישער זייט און אַריינשמוגלען אין געטאָ.

עס איז כדאַי צו דערמאָנען אונדזערע איבערגעגעבענע קראַנקן־שוועסטערס, כבוד זייער אָנדענק. זיי האָבן פּשוט אויסבאַהאַלטן מעדיקאַמענטן פאַר די אָרעמע קראַנקע. די



דער פריזירער שמעון ווייסבערג שערט די האָר ביי פרויען
בעת דער אויסזידלונג קיין קאַלושקי

דאָקטוירים. האָבן ספּעציעל פאַרשריבן פאַר די מער פאַרמעגלעכע קראַנקע גרעסערע דאָזעס מעדיקאַמענטן פון וואָס די קראַנקן־שוועסטער האָבן געקענט אויך שפּאָרן פאַר די אָרעמע קראַנקע אַ ביסל רפואות.

אויפן שטח פון שפּיטאָל פלעגן נישט איינמאָל פאָרקומען גרויזאַמע מאָרדן. די שופאָ און געסטאַפּאָ זענען געווען דאָרט אָפטע געסט. זיי האָבן געזוכט, געגנישטערט און בשעת מעשה נישט איינמאָל, אין מיטן העלן טאָג, אָדער אין אַ פולער לבנה־נאַכט, אַרויסגענומען פון די בעטן קראַנקע און זיי דערשאָסן אויפן שוועל פון שפּיטאָל. דערביי האָבן די באַנדיטן באַפוילן צונעמען פון די קרבנות די ליילעכער כדי זיי חס וחלילה נישט באַשמוצן מיט מענטשלעך בלוט. אַן אַלט צעריסן ליילעך האָט פאַר די רוצחים געהאַט אַ גרעסערע באַדייטונג איידער אַ מענטשלעך לעבן.

אָט אַזוי האָט אויסגעזען די מענטאַליטעט פון דעם אַזוי גערופענעם „אויסדערוויילטן“, ציוויליזירטן און קולטורעלן פאָלק“, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע איינפירן „אָרדנונג“ אין אייראָפּע, לויט זייער סאַדיסטישן שטייגער, וואָס האָט איבערגעשטיגן יעדן וואַנדאַליזם.

אויסערן היילן די קראַנקע, האָט אויך דער געטאָ־דאָקטאָר, לויט אַ באַפעל פון דער דייטשער מאַכט, געהאַט די אויפגאַבע אָנצונעמען פּראָפילאַקטישע מיטלען, אַז דער פלעק־טיפוס זאָל זיך נישט פאַרשפּרייטן און אַריבערכאַפּן אויסער די געטאָ־מויערן און אָנשטעקן די אַרישע באַפעלקערונג, הויפּטזעכלעך די טאָמאַשאָווער פאָלקס־דייטשן, פאַר וועלכע דאָס געטאָ איז געווען ווי אַ דאָרן אין די אויגן. די דאָזיקע כמעט נעכטיקע געוועזענע גוטע פריינד און לאַנגיאָריקע שכנים, האָבן נישט איינמאָל אונדז אונטערגערוקט נייע אַכזריותדיקע גזירות, אין וועלכע דער באַרימטער צורר־היהודים, פּרעס, האָט זיך אָנגעכאַפּט.

אין שייכות מיט דער עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס זענען די יונגע געטאָ־דאָקטוירים געווען געצווונגען צו גיין פון שטוב צו שטוב און אַדורכפירן די סאַניטאַרע אינספּעקציעס. ביי דער געלעגנהייט האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן נאָך בולטער אַנטפּלעקט דער נאַקעטער און טרויעריקער מצב פון די געטאָ־איינוווינער, הויפּטזעכלעך די אומבאַשרייבלעכע ענגשאַפט, וואָס איז געווען די צענטע מכה פון געטאָ. מענטשן זענען פּשוט געווען צונויפגעפּרעסט, ווי הערינג אין אַ פאַס. אין איין צימער האָבן געמוזט וווינען אָן שום גוזמא אַ מנין נפשות. נאָך היינט איז פריש אין מיין זכרון אָט דער שוידערלעכער מצב און איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן וואָס מיינע אויגן האָבן געזען ווען איך בין איינמאָל בשעת אַזאַ סאַניטאַרער אינספּעקציע, אַריינגעקומען אין רויטן, איינגעבויגענעם הילצערנעם הייזל אויף פּאָלנאַ־גאַס, קעגנאיבער גאָסטינסקיס הויז.

איך האָב דאָרט געטראָפן אַ מוטער מיט צוויי קליינע קינדער וווינען אין אַ שאַנק פון מלבושים. דאָס קלינגט אפשר אומגלויבלעך, פאַנטאַסטיש, אָבער לײדער איז עס געווען די טרויעריקע ווירקלעכקייט פון ענגן געטאָ. אין דעם דאָזיקן צימער איז שוין מער נישט געווען קיין אָרט, אויסער אין שאַנק.

אַ קאַפּיטל פאַר זיך איז געווען די „אַנטלויזונגס־באָד", וואָס האָט זיך געפונען אויסערן געטאָ אין דעם בנין פון דער יידישער מקווה אויף טקאַצקאַ־גאַס. אויך דאָ האָט דער געטאָ־דאָקטאָר געמוזט יעדן טאָג זיך צוקוקן צו די הונדערטער נאַקעטע, געשוואָלענע פון הונגער קערפּערס.

יעדער געטאָ־איינוווינער — יונג און אַלט, אָן אונטערשייד פון געשלעכט, איז געווען געצווונגען איין מאָל אין חודש אַדורכמאַכן די אַנטלויזונגס־פּראָצעדור, דאָס הייסט, אַרומוואַשן זיך מיט אַ ביסל הייס וואַסער אָן זייף, ווייל זייף איז געווען זייער אַ טייער אַרטיקל און עס איז נישט געווען צו באַקומען אין געטאָ.

אויסער דעם האָט יעדער געמוזט געבן זיינע אַלטע בגדים אויסצופּאַרען. נאָך היינט צו טאָג כאַפּט מיך אַרום אַ גרויל, ווען איך דערמאָן זיך דאָס בילד, ווען אין די קאַלטע, פּראָסטיקע ווינטער־טעג פלעג געפירט ווערן גרופּעס יידן, סקעלעטן ממש, שאָטנס פון מענטשן, איינגעהילטע אין אָפּגעריסענע קליידער און מיט שמאַטעס אַרומגעוויקלט די פיס. אַזוי פלעגן זיי זיך שלעפּן און ציטערן פון קעלט, אויסגעשטעלט אין אַ ריי צו צוויי, באַגלייט דורך די יידישע „אָדעמענער" (יידישע פּאָליציי אין געטאָ), צום „אַנטלויזונגס־באָד".

און אויב די אַלע צרות, וועלכע דער געטאָ־דאָקטאָר האָט געהאַט אויסצושטיין, זענען געווען פאַר אים ווייניק, האָבן אים נאָך די נאַציס געגעבן די מעגלעכקייט צו זיין אַן עדות פון זייערע בעסטיאַלישע גוואַלדטאַטן לגבי דער מענטשהייט בכלל און לגבי די יידן בפרט.

גענוג געווען אַ בליק־טאָן אין דער שטאָטישער טורמע ווו עס זענען געזעסן פיל טאָמאַשאָווער יידן, אַלע מיט צעשפּאָלטענע קעפּ, צעבראָכענע גלידער און אָפּגעריסענע שטיקער לייב דורך די געסטאַפּאָ־הינט בעת די אויספאָרשונגען פון דער שופּאָ, אָדער געסטאַפּאָ. לויט די נירנבערגער געזעצן האָבן קראַנקע אַרעסטירטע יידן געמוזט באַהאַנדלט ווערן דורך אַ יידישן דאָקטאָר, אָבער די אַלע, וואָס איך האָב געזען האָבן שוין נישט געדאַרפט קיין מעדיצינישע הילף.

ווען איך בין איינמאָל צוריקגעגאַנגען פון דער תפיסה, האָט מיך נישט ווייט פון קאָסציושקאָ־דענקמאָל באַגעגנט דער באַקאַנטער יידן־רוצח, פּרעס, מיט זיינע צוויי קינדער. באַמערקנדיק אַ ייד אויסערן געטאָ, האָט ער גלייך געכאַפּט זיין רעוואָלווער און געוואָלט מיך מכבד זיין מיט אַ נאַציקויל. דער מנוול האָט דערביי געריטשעט ווי אַ חיה, אָבער ווען איך האָב אים אַ זאָג־געטאָן, אַז אַלס דאָקטאָר בין איך אויפגעפאָדערט געוואָרן צו אונטערזוכן אַ קראַנקן אויף פלעק־טיפוס אין דער תפיסה, האָט ער מיטאַמאָל אָנגעהויבן זיך טרייסלען און ציטערן פאַר שרעק און מיר באַפוילן שנעל צו פאַרשווינדן. דאָס האָט אַזוי דער נאַצי־העלד זיך דערשראָקן טאָמער ער, אָדער זיינע קינדער, וועלן זיך אָנשטעקן חס וחלילה פון אַ יידישן פלעק־טיפוס־דאָקטאָר...

נאָך די אַלע איבערלעבונגען אין שפּיטאָל, טורמע און „אַנטלויזונגס־באָד איז נאָך דער געטאָ־דאָקטאָר געווען געצווונגען צוריקגיין אויף נאַכט־דיזשור אין שפּיטאָל.

די קאָשמאַרפולע נעכט וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, הויפּטזעכלעך די נאַכט פון 6־טן מאַי 1942, ווען איך בין גראָד דעמאָלט געווען אין שפּיטאָל. מיינע אויערן הערן נאָך היינט דאָס שיסעריי פון מאַשין־געווער און דאָס פייפעריי פון די קוילן, וואָס האָבן אַוועקגעלייגט אויף די טאָמאַשאָווער געטאָ־גאַסן איבער 200 טויטע יידן, און צווישן זיי פיל פון מיינע חברים דאָקטוירים און אָנגעזעענע טאָמאַשאָווער טוער·

ארום האַלבער נאַכט באַוויזן זיך אין שפּיטאָל באַוואָפנטע מיט מאַשין־געווער פּיכלער מיט עטלעכע געסטאַפּאָ־לייט און צווישן זיי דער טרויעריק־באַרימטער בעטיך. און אויך דאָ, אויפן שוועל פון שפּיטאָל, האָבן זיי דערשאָסן צוויי יידן פון ראַווע. ביי דער געלעגנהייט האָט מיר דער מערדער פּיכלער אַ זאָג־געטאָן: „דיינע קאָלעגן דאָקטוירים ליגן טויטע אויף די גאַסן און אויף דיר וועט שפּעטער קומען די ריי״.

מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָב איך מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער אונטערגעשריבן די טויט־שיינען פון העכער 200 יידן, וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן בעת דער דאָזיקער אַקציע. מיין אונטערשריפט האָט געדאַרפט באַדייטן, אַז די אַלע זענען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט.

עס איז מיר אוממעגלעך צו באַשרייבן דאָס בילד און האַרץ־ווייטיק ווען איך האָב צום ערשטן מאָל אַרויסגעקוקט פון שפּיטאָל־פענצטער און געזען די אויסגעשטעלטע אין רייען צו פינף יידן און צווישן זיי מיינע עלטערן, שוועסטער, פאַמיליע, פריינד און באַקאַנטע, יונג און אַלט, מענער, פרויען און קינדער — אַלע זענען זיי געטריבן געוואָרן אויף זייער לעצטן וועג צו דער פאַרניכטונג אין טרעבלינקער קרעמאַטאָריע.

— חבל אל דאבדין ולא משתכחין! זאָל זייער אומזיסט־פאַרגאָסן בלוט אויף דור־דורות פאַרבלייבן אַ פלעק אויף די דייטשע עמלקים און זיין אַ וואָרענונג פאַרן פיל־געפּרוּווטן יידישן פאָלק, אַז טוב שבעמלקים הרוג!...

# דער לעצטער יום־כּפּור אין טאָמאַשאָווער געטאָ

**ד״ר משה זלאָטאָלאָוו**

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיינע אומגעקומענע עלטערן און שוועסטער.

דאָס גרויזאַמע טאָג־טעגלעכע לעבן אין געטאָ, די ענגשאַפט, דער הונגער, שמוץ און קראַנקהייטן, די מורא און גזירות, האָט יעדן פון אונדז רייך און אָרעם, יונג און אַלט, דערפירט צו אַ מצב פון יאוש, פאַרצווייפלונג און רעזיגנאַציע.

אין די ערשטע טעג פון דער נאַצי־אָקופּאַציע האָבן מיר לחלוטין נישט געוואָלט און נישט געקענט גלייבן, אַז מענטשן פון אַזאַ ציוויליזירט און קולטורעל פאָלק, ווי די דייטשן, קענען אַזוי שנעל פאַרלירן, ווי מען זאָגט, דעם צלם אלוקים, און זיך פאַרוואַנדלען אין צווייפיסיקע, בלוטדורשטיקע חיות מיט די נידעריקסטע באַרבאַרישע אינסטינקטן.

בליק־שנעל איז אָבער אונדזער אילוזיע, אונדזער גלויבן אין דייטש־מענטש פאַרשוווּנדן, ווען די נאַצי־„סאָציאַליסטישע״ רוצחישע אידעאָלאָגיע פון „ווען דאָס יודען־בלוט פון מעסער שפּריצט״, איז אַריין אין פולן זין פון וואָרט אין אַ סטאַדיע פון ווירקלעכקייט און איז אָנגעווענדט געוואָרן כלפּי אונדז יידן.

דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן אין די געטאָס איז געווען אומדערטרעגלעך, אָבער נאָך טראַגישער זענען געווען די יום־טובים.

אַ טויט־שרעק און אַ פּאַניק־שטימונג פלעגט אונדז אַלע באַהערשן ווען אַ יידישער יום־טוב האָט זיך דערנענטערט, ווייל מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז אַזאַ טאָג וועט נישט פאַרבייגיין אַזוי גלאַט. די דייטשע פאַרברעכער האָבן גוט אויסגעשטודירט דעם יידישן לוח און געזאָרגט, אַז יעדער יום־טוב ביי די יידן זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טרויער און עס דאַרפן פאַלן יידישע קרבנות.

מיט אַ גוט־צוגעגרייטן פּלאַן פון פאַרויס, האָבן זיי זיך באַמיט אונדז פריער צו טויטן גייסטיק, פּסיכיש און מאָראַליש און שאַפן אַזוי אַרום די באַזע פאַר אונדזער ענדגילטיקער פיזישער פאַרניכטונג.

דעם ערשטן פאַרשטערטן און טראַגישן יום־טוב האָבן מיר געהאַט ערב ראש־השנה 1939, אַ פּאָר טעג נאָכן פאַרנעמען אונדזער שטאָט. אין יענעם טאָג האָבן די דייטשן געמאַכט אַן אַבלאַווע אויף מענער אין די יידישע קוואַרטאַלן און אין אָנגעפּאַקטע אויטאָס די וועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. מיר האָבן זיי קיינמאָל מער נישט געזען. ערשט מיט חדשים שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן טראַגישן גורל פון אָט די דאָזיקע פאַרשלעפּטע יידן. דאָס איז געווען נאָכדעם ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען צו זייערע משפּחות טויט־שיינען פון בוכענוואַלדער לאַגער מיטן באַקאַנטן נוסח: „געשטאָרבן פון אַ לונגען־אָנצינדונג, אָדער פון טיפוס״.

דער שרייבער פון די שורות האָט אין זיינע וואַנדערונגען איבער פאַרשידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן זיך געטראָפן מיט איינצלנע לאַנדסלייט, וועלכע זענען פאַרשיקט געוואָרן

דעמאָלט בעת דער אַקציע. איך האָב זיי באַגעגנט אין אוישוויץ און אין בוכענוואַלד און מיט זיי צוזאַמען באַפרייט געוואָרן. זיי האָבן זיך טאַקע דערוווּסט פון מיר וועגן דעם טראַגישן גורל פון זייערע נאָענטסטע און טייערסטע און פון גאַנצן יידנטום אין אונדזער היימשטאָט טאָמאַשאָוו.

מיר, דאָס קליינע הייפעלע לעבנגעבליבענע געדענקען זייער גוט דעם טראַגישן תשעה־באב פון יאָר 1940. דאָס איז געווען אַ טאָג פון יידישע פּורעניות אין שטאָט. עס איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע יידישע מענער אין עלטער פון 14 ביז 40 יאָר מוזן זיך רעגיסטרירן און די רעגיסטראַציע האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַוועקשיקן עטלעכע הונדערט יידישע יוגנט־לעכע אין פאַרשידענע אַרבעטס־לאַגערן, ווי טישאָוויצע, ציע־שאַנאָוו, לובלין און בעלז.

דאָס יאָמערלעכע און האַרצרייסנדיקע געוויין, דאָס ספּאַז־מירן פון די מאַמעס, דאָס זיפצן און קרעכצן פון די טאַטעס, פון די הונדערטער אַוועקגעשיקטע יוגנטלעכע, קלינגען נאָך היינט אין מיינע אויערן. איך קען נישט פאַרגעסן דאָס טראַ־גישע בילד, ווען די געסטאַפּאָ, שופּאָ, אָרטיקע פאָלקס־דויי־טשן און היטלער־יוגענד — מיט מאַשין־געווער אין די הענט, האָבן אַרומגערינגלט זילבערס פאַבריק, וווּ עס איז פאָרגעקומען די רעגיסטראַציע. נישט איין יידישע טאָמאַ־שאָווער משפחה האָט באַצאָלט מיט קרבנות אין די טרויעריק־באַקאַנטע אַרבעטס־לאַגערן.

די ביטערע דערפאַרונגען פון די פאַרשטערטע יום־טובים האָבן אונדז שוין גוט אָנגעלערנט, אַז ווען אַ יום־טוב דער־נענטערט זיך וועלן מסתמא די נאַציישע מערדער ווידער פאַר אונדז צוגרייטן אַ פרישע גזירה, פרישע צרות. באַזונדערס אין די לעצטע טעג, ערב ימים־נוראים, פלעגט אונדז אַרומנע־מען אַ טויט־שרעק און פּאַניק. אונדזער פאַרגעפיל האָט אונדז ליידער נישט אָפּגענאַרט

ראש־השנה 1941 האָבן די סאַדיסטן פון „הערן־פאָלק" זיך געלאָזט ווילגיין אויף אונדזערע לעבנס. זיי האָבן אַרויס־געשלעפּט די יידן פון אייניקע מנינים, געפּירט זיי איינגע־הילטע אין די טליתים איבער דער שטאָט, געצוווּנגען זיי מאַכן פאַרשידענע איבונגען און אויספירן די עקלהאַפטיקסטע אַרבעטן. מיט קנאַפּע צוויי וואָכן שפּעטער, שמחת־תורה, האָט דער שונא וצורר ישראל, פּרעס, געגעבן אַ „הקפה פון עוזר דלים"; ער האָט דורכגעפירט אַ גרויסע „לאַפּאַנקע" אויף הונדערטער יידן און געשיקט זיי צו די נוצלאָזע אַרבעטן קיין זאַוואַדע, אַרום 5 ק"מ פון טאָמאַשאָוו. די באַדינגונגען אין דעם דאָזיקן לאַגער זענען געווען שוידערלעכע. פון די קלעפּ פון די פאָלקס־דייטשן, הונגער, קעלט און טיפוס־עפּידעמיע, זענען געפאַלן פיל קרבנות.

באַזונדערס קען איך נישט פאַרגעסן דעם לעצטן יום־כיפור אין טאָמאַשאָווער געטאָ אין יאָר תש"ב (1942) צוליב אייניקע וויכטיקע געשעענישן.

אָנהייב האַרבסט פון יאָר 1942, זענען צו אונדז, די פאַר־שפּאַרטע אין געטאָ, דערגאַנגען טרויעריקע ידיעות וועגן דער ליקווידאַציע פון די געטאָס אין די שטעט פון פּוילישן „גע־נעראַל־גוווערנאַמענט". מיר האָבן געהערט וועגן דעם, אַז צענדליקער טויזנטער יידן פון וואַרשעווער געטאָ ווערן פון צייט צו צייט אויסגעזידלט און אָפּגעשיקט אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. געציילטע מענטשן, ווי מען זאָגט „יחידי סגולה", פלעגן זיך שושקען בסוד וועגן גאַז־קאַמערן אין טרעבלינקע, מאַידאַנעק, אָבער ווער האָט דעמאָלט געוואָלט גלויבן אין דעם? ס'רוב יידן האָבן נאָך דעמאָלט געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז אַזעלכעס קען נישט פּאַסירן אין אַזאַ אינדוסטרי־שטאָט, ווי טאָמאַשאָוו, ווייל די דייטשן דאַרפן דאָך האָבן יידישע אַרבעטס־הענט און יידישע בעלי־מלאכות.

פאַלשע באַוויזן האָבן נישט געפעלט פאַר די יידישע אָפּטימיסטן, והראיה: די דייטשן האָבן געגעבן די יידן אין געטאָ קענקאַרטן, אַרבעטס־קאַרטן, פאַראָרדנט שאַפן בלאָקן פאַר בעלי־מלאכות, באַפוילן צו מאַכן אַ דיזענפעקציע אין געטאָ; דייטשע קאָמיסיעס קומען אין געטאָ בכדי שאַפן אַ סאַניטאַרע דינסט און אַפילו געבויטביים געטאָ־שפּיטאָל אַן „אַנטלויזונגס־אַנשטאַלט".

די דאָזיקע אָפּטימיסטישע אָפּשאַצונגען און פאַרפירע־רישע האָפענונגען זענען, ווי אַ חלום, בליץ־שנעל צערונען גע־וואָרן. די ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ, די טויט־לאַגערן מאַידאַנעק, טרעבלינקע, בעלזשעץ און אַנדערע, זענען געוואָרן אויס סוד.

גאַר נאָענט צו די ימים־נוראים האָבן זיך שוין אָנגע־הויבן באַווייזן מיט גרויסע קידוש־לבנה־אותיות די אויפרופן און באַקאַנטמאַכונגען צו דער אַרישער באַפעלקערונג נישט צו באַהאַלטן קיין יידן, ווייל יעדער קריסט, וועלכער וועט אויס־באַהאַלטן אַ ייד, דראָט אים טויט־שטראָף. אונדזערע אַמאָליקע „גוטע־פריינד", די פאָלקס־דייטשן און פאָליאַקן, האָבן אָפּן, אָן בושה, געראָטן צו באַהאַלטן ביי זיי די ווערטזאַכן, צוזאָגנ־דיק דערביי הילף בעת אַ צרה.

מיר אַלע, און צווישן אונדז אויך די אָפּטימיסטן, האָבן איצט אָן שום צווייפל, זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז אונדזערע לעצטע שעהן דערנענטערן זיך.

אין אַזאַ פּסיכיש־דערשלאָגענער, האָפענונגסלאָזער אַט־מאָספער האָבן מיר דערוואַרט דעם לעצטן יום־כיפור תש"ב (1942) אין טאָמאַשאָווער געטאָ.

דער הייליקער טאָג איז געקומען. יענעם פאַרנאַכט איז די זון, ווי ספּעציעל, ווי מיט אַ כוונה, שנעל אָנגעהויבן און־

טערגיין. אין יענעם כל־נדרי־פאַרנאַכט האָט מען שוין מער נישט געזען דאָס פאַרמלחמהדיקע בילד ווען פון אַלע עקן שטאָט פלעגן שטראָמען, ווי כוואַליעס, די מאַסן יידן מיט די טליתים אונטערן אָרעם, אייַלנדיק זיך אין שול אַרייַן, אין די בתי־מדרשים און שטיבלעך. די גאַסן פון געטאָ זענען געווען פּוסט און ליידיק. אַ טויטע בית־הקבֿרות־שטילקייט האָט געהערשט און דער רויט־פלאַמענדיקער הימל האָט באַדעקט דעם געטאָ. מען האָט נישט געזען מער די גרויסע ברענענדיקע יום־כּיפּור־ליכט אין די פענצטער פון די יידישע הייזער. אומעטיק, נישט אַריבערצוטראָגן.

כמעט אין יעדן הויז האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ מנין יידן און מיט צעבראָכענע, אָנגעווייטיקטע הערצער, געשטעלט זיך זאָגן, אָדער בעסער געזאָגט, אויסוויינען די טרערן, דעם האַרץ־רייסנדיקן און סענטימענטאַלן כל־נדרי־ניגון. ליידער, דאָס לעצטע מאָל.

געדאַוונט האָבן מיר שעפּטשענדיק, אין דער פינצטערניש, ווי די אַמאָליקע אנוסים אין שפּאַניע. ביי פיל יאָרצייט־ליכטלעך, האָט מען מיט דערדריקטע שטימען נאָכגעזאָגט נאָכן שליח־ציבור, אַזוי ווי ווידוי, די ווערטער פון כל־נדרי און פון אַנדערע תּפילות.

שטראָמען הייסע טרערן זענען פון זיך זעלבסט געפלאָסן פון אונדזערע אויגן בעת איינער דעם אַנדערן האָט געדריקט די האַנט און געווונטשן דעם טראַדיציאָנעלן ווונטש: „מיר זאָלן זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר און דערלעבן דעם קומענדיקן יום־כּיפּור“. זעלטן ווער עס האָט אָבער געגלויבט, אַז דער דאָזיקער ווונטש וועט מקוים ווערן.

ליידער איז אונדזער לעצטער נעילה־געבעט ווייט נישט דערגאַנגען צו די שערי־רחמים. גאָטס הימלען האָבן פאַרן יידישן פאָלק זיך פאַרמאַכט אויף זיבן שלעסער.

דער שטן המקטרג און דער מלאך־המוות האָבן באַקומען די שליטה און נישט דערלאָזן, אַז אונדזערע האַרצרייסנדיקע געוויינען זאָלן דערגיין צום כּסא הכּבֿוד.

די געדריקטע שטימונג פון יענע לעצטע אָוונטן פון כל־נדרי און נעילה, איז פּשוט שווער און אוממעגלעך צו שילדערן מיט ווערטער. איך גלויב, אַז די אַמאָליקע אנוסים אין שפּאַניע, פאַרשטעקטע אין די פינצטערע קעלערס, האָבן נישט אַזוי פיל אַדורכגעלעבט און געצירט געוואָרן פון דער כל־נדרי־תּפילה אין זייערע צייטן, ווי מיר דעם לעצטן יום־כּיפּור אין טאָמאַשאָווער געטאָ אין יאָר 1942.

# מלחמה־עפּיזאָדן

## שמואל טאַלמאַן / טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק

שמואל טאַלמאַן געהערט צו די 3—4 געראַטעוועטע לאַנדסלייט, וועלכע וווינען נאָך ביזן הייַנטיקן טאָג אין טאָמאַשאָוו. ער האָט צוגעשיקט אַ לענגערע אַרבעט אין דער פּוילישער שפּראַך, וווּ ער גיט איבער אַ היסטאָרישן איבערבליק איבער טאָמאַשאָוו זינט איר אַנטשטייאונג ביז צו דער פאַרניכטונג. היות דער דאָזיקער אַרטיקל איז אָנגעקומען נאָכדעם ווי מיר האָבן שוין באַאַרבעט אַ גרעסערע צאָל אַרטיקלען וועגן די פּראָבלעמען וועלכע ער האָט געשריבן, ברענגען מיר נאָר איייניקע דערגענצונגס־פראַגמענטן פון זיין אַרטיקל, איבערגעזעצט אויף יידיש.

**...נאָך דעם ווי דער דייטשער פּאַנצער־קאָרפּוס האָט אַדורכגעריסן דעם פּוילישן פראָנט, האָט דער 45־סטער פּוילישער פּיעכאָטע־פּולק זיך צוריקגעצויגן דורך טאָמאַשאָוו פון דער פראָנט־ליניע שטשערצאָוו—פּיעטרקאָוו.**

**דעם 6־טן סעפּטעמבער בייַנאַכט איז דאָס פּוילישע מיליטער אָנגעקומען אויף דער וואַרשעווער־גאַס און דאָ זענען זיי אַרייַן אַזוי ווי אין אַ נעץ. די אָרטיקע דייטשן האָבן אָנגעהויבן זיי באַשיסן פון די פענצטער, דעכער און פון פאַר די מויערן. עס זענען געפאַלן צענדליקער פּוילישע זעלנער און אָפיצירן, צווישן זיי אויך דער פּולקאָווניק סטאַניסלאַוו כאָינאַצקי.**

**אַזוי האָבן די אָרטיקע דייטשן — פּוילישע בירגער, וועלכע זענען אַלע יאָרן געווען אַמבעסטן סיטואירט אין אונדזער שטאָט — אָפּגעצאָלט די פּאָליאַקן פאַר זייער גאַסטפריינדלעכקייט.**

**ווען דעם 8־ן סעפּטעמבער האָבן דורך דער שטאָט אַדורכמאַרשירט די געפּאַנצערטע היטלעריסטישע באַנדעס, האָבן די אָרטיקע פאָלקס־דייטשן זיי אויפגענומען מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג. אַלע זענען געגאַנגען מיט די אָרעמבענדער מיט**

האַקנקרייצן און מיט פרייד דעמאָנסטרירט זייער צוגעבונדנקייט צום היטלעריסטישן דריטן רייך.

*

...שוין דעם 8־טן סעפּטעמבער, גלייך נאָכן אָקופּירן טאָמאַשאָוו, האָבן ידי היטלער־באַנדעס אָנגעהויבן בושעווען אין שטאָט. זיי האָבן אָנגעהויבן רויבן די יידישע געשעפטן, שלאָגן יידן און כאַפּן זיי אויף די שווערסטע און ערגסטע אַרבעטן. דעם צווייטן טאָג נאָך זייער אַריינקומען אין שטאָט זענען גלייך דערשאָסן געוואָרן דריי יידן אויף דער מאַלאַ־גאַס, אין צענטער פון די גאַסן, באַוווינטע דורך יידן. דעם מאָרד האָט אויסגעפירט אַ ווערמאַכט־אָפּטיילונג פון פעלד־זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט זיך אויך אויסגעצייכנט אין מאָרדן אומשולדיקע יידן.

*

...דער יודענראַט איז באַשטאַנען פון די אַלע פּערזאָנען, וועלכע האָבן פאַרן קריג געהערט צו דער קהילה־לייטונג, ווי אויך פון פאָרשטייער פון דער אָרטיקער יידישער אינטעליגענץ. פּרעזעס איז געווען באַלעסלאַוו שעפּס און צו די מיטגלידער האָבן געהערט: אַדוואָקאַט הירשפרונג, דאַמאַנאָוויטש, שמשון קאַשעראָווסקי, נאָוואָמיאַסט, יצחק ראָזענבוים, שמעון פּערבער, שמואל־יוסף אַש, לייביש וואַרזאַגער, אָסקאַר פישמאַן און אַנדערע.

די ערשטע צייטן — הגם עס זענען געקומען שווערע גזירות אויף יידן — האָט אַ גרויסער טייל זיך נאָך אַן עצה געגעבן. די יידן האָבן נאָך געקענט זיך באַוויזן אויף דער אַרישער זייט און אויספאַרקויפן די ווערטפולע זאַכן, זייער האָב־און־גוטס און אַזוי אַרום רייך מאַכן די אַרישע באַפעלקערונג, הויפּטזעכלעך די פאָלקס־דייטשן.

ביז ענדע 1940 האָבן אַפילו עקזיסטירט אין אָפענעם געטאָ אומלעגאַלע „קאָמפּלעטן" צו לערנען מיט דער יוגנט לימודים לויט פּראָגראַמען פון אַ פאָלקסשול און מיטלשול. די דאָזיקע „קאָמפּלעטן" האָבן געפירט ד"ר באַרענשטיין (געוו. דירעקטאָר פון דער יידישער גימנאַזיע), ס. גלאָגאָווסקי, פּאָלאַ טושינסקי, איך מיט מיין שוועסטער פּעלאַ טאַלמאַן, דער לערער מעלדונג מיט זיין פרוי א"אַנד.

אין אויגוסט 1940 זענען פון טאָמאַשאָוו אַרויסגעשיקט געוואָרן צוויי טראַנספּאָרטן יידן, צו 600 מאַן יעדער, קיין לובלין (ליפּאָוואַ־גאַס 7) און פון לובלין זענען זיי פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן אין פאַרשידענע לאַגערן, ווי טשעשאַנאָוו, טישאָוויצע, בעלזשעץ און יאַבלאָן. פון די דאָזיקע איז אַ טייל זיך צעלאָפן, אַ טייל איז באַפרייט געוואָרן און צוריקגעקומען. אויך איך בין אַנטלאָפן פון יאַבלאָן־לובעלסקי.

*

...פרילינג 1941 זענען אין טאָמאַשאָוו געשאַפן געוואָרן דריי ספּעציעלע קוואַרטאַלן פאַר יידן, דערונטער צוויי קוואַרטאַלן איבער דער בריק: 1) אין דער רעכטער זייט פון דער שעראָקאַ־גאַס ביז צו דער ניעבראַוווסקא־גאַס. 2) דער קוואַרטאַל האָט אַרומגענומען לענגאויס דער רעכטער זייט פון קאָליעאָווא־גאַס, די לענג פון דער דלוגאַ, ביידע זייטן פון דער וולאַדיסלאַווא־גאַס און אַ טייל פון גוסטאָוונאַ. 3) דער דריטער און גרעסטער יידישער קוואַרטאַל האָט זיך געפונען אין שטאָט אין די גרענעצן פון די גאַסן: יעראָזאָלימסקאַ, פּאָלנאַ (ביז ראַדעס פּאַרק), זשווירקי איז וויגורי, לענגאויס די גאַסן סטאָלאַרסקאַ, גראַניטשנאַ, סמוגאָוואַ, לעגיאָנאָוו (די הייזער, וואָס גרענעצן מיט וויעטשנאַשטש), ווי אויך די הינטער־זייט פון פּילסודסקיעגאָ און פּלאַץ קאָסציושקי מיט די אַרויסגענג אויף די גאַסן ווסכאָדניאַ, קראַמאַרסקאַ און פּאָלנאַ.

נאָוועמבער 1941 זענען די יידישע קוואַרטאַלן פון איבער דער בריק ליקווידירט געוואָרן און די יידן זענען איבערגעפירט געוואָרן: אַ טייל אין שטאָט אַריין, אַ טייל קיין קאָלושקי און ניישטעטל. די לעצטע זענען נאָך אַ געוויסער צייט צוריקגעקומען אין טאָמאַשאָווער געטאָ. די אַלע איבערזידלונגען האָבן אָבער געקאָסט צענדליקער קרבנות.

דאָס רוב פון זיי איז גלייך אַרעסטירט געוואָרן דורך דער דייטשער שוצפּאָליציי אונטער דער לייטונג פון אָבערלויטענאַנט גרעיזער. מען האָט זיי אַריינגעזעצט אין תפיסה און אין פרילינג 1942 זענען זיי דערשאָסן געוואָרן אין וואַלד ביי די מיליטערישע קאַזאַרמעס.

ווי עס האָבן איבערגעגעבן די פּוילישע עדות, וואָס האָבן דעמאָלט געגראָבן די גריבער פאַר די קרבנות, זענען אין דעם דאָזיקן מאָרד דערשאָסן געוואָרן 33, אָדער 34 יידן.

דעם 29־טן אָקטאָבער 1947 זענען געעפנט געוואָרן צוויי מאַסן־קברים, פון וואַנען עס זענען אַרויסגענומען געוואָרן די ביינער פון 23 דערמאָרדעטע און געבראַכט געוואָרן צו קבר־ישראל. דאָס דריטע גרוב, ווו עס זאָלן זיך נאָך געפינען 10—11 דערשאָסענע, איז ליידער נישט אַנטדעקט געוואָרן ביזן היינטיקן טאָג.

די דאָזיקע עקסהומאַציע איז אַדורכגעפירט געוואָרן מיט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון דער קרייז־קאָמיסיע פאַר פאָרשן די היטלעריסטישע פאַרברעכנס אין פּוילן, מיטן אָנטייל פון געריכט און פּראָקוראַטור אין פּיעטרקאָוו, ווו עס געפינען זיך די אַקטן פון דער דורכגעפירטער עקסהומאַציע. אַלס פאָרשטייער פון געזונטהייטס־דינסט איז געווען ד"ר וואַרשאַווסקי און איך אַלס סעקרעטאַר פון דעמאָלטיקן יידישן קאָמיטעט.

*

...דער שעף פון דער דייטשער ציווילער אַדמיניסטראַציע איז געווען אינספּעקטאָר פּרעס, אַ שרעקלעכער טיפּ פון אַ

היטלעריסטישן מנוול, וועלכער איז געווען צווישן די איניציאַטאָרן פון דעם לאַגער אין זאַוואַדע און פון אַלע אַנטי־יידישע גזירות. ער איז געווען אונטערגעאָרדנט דעם סטאַראָסטע, ד״ר גלען.

און אָט ברענג איך איניקע פאַקטן פון אַ צייט־אָפּשניט פון יענע שרעקלעכע טעג, וואָס כאַראַקטעריזירט די טעטיקייט פון די פאַרשטייער פון דער דייטשער אַדמיניסטראַציע און וועגן דעם גורל פון די יידן, וועלכע זענען ביי זיי געווען באַשעפטיקט.

דער פוילישער זשורנאַליסט פון דער אַרישער זייט, קאַזימיעזש קוכאַרסקי, דערציילט וועגן דעם אַזוי:

„איינער פון "הערענפאָלק" איז געשטאַנען אויף אַ ברייטן וואָגן (פלאַטפאָרמע), וואָס איז געווען אין באַוועגונג. ער האָט געהאַט אַ שרעקלעך פּרצוף, ענלעך צו אַ מאַלפּע. צווישן זיינע ציין האָט ער געהאַלטן אַ פייפ. זיין הויקערדיקע געשטאַלט האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף דער סביבה. „הער בייער" האָט מען אים גערופן. ער איז געווען אַמאָל אַ סטרוזש (שומר) אין מאַגיסטראַט. היינט איז ער די רעכטע האַנט פון קוואַטירונגס־אַמט.

„אין דעם וואָגן זענען געווען איינגעשפּאַנט צען יידן, וועלכע זענען געשמיסן און געטריבן געוואָרן מיט דער לאַנגער בייטש פון דעם דאָזיקן עקלהאַפטן מנוול בייער. ער איז געווען שטאָלץ פון זיין אויפטו, אויסצונוצן יידן אַלס שלעפּקראַפט בכדי דערמיט זיך שאַפן אָנערקענונג ביים ד״ר גלען און אַנדערע פאַרברעכער.

„די יידן זענען געווען געשפּאַנט צו פינף אין ביידע זייטן פון דער פלאַטפאָרמע. שאַפּסע בירענצווייג האָט זיך יעדעס מאָל, נאָך אַ לענגער לויפן, אָנגעכאַפּט ביים האַרץ. ער איז געלאָפן געשפּאַנט אין רעכטן פינפטל. „מען וועט מוזן טוישן דעם יידישן פאַרך — האָט אויסגעשריגן דער דייטשער פאַרברעכער בייער און דערביי אַ שמיץ געטאָן מיט דער בייטש שמואל בירנבוימען, וועלכער האָט אַ ביסל פאַרקלענערט דעם טעמפּאָ, ווי דאָס האָט זיך אויסגעוויזן דעם דייטשן טיראַן.

„הער בייער" האָט דאָך באַקומען אַ באַפעל, אַז היינט מוז צוגעשטעלט ווערן פאַרשידן מעבל פון די יידישע וווינונגען פאַר די אָנגעקומענע „פּערזענלעכקייטן" פון דייטשלאַנד, וועלכע וואַרטן אומגעדולדיק און שרייען ביי יעדער געלעגנהייט „דאָנערוועטער" — נו, מוז ער זיך צואײַלן און שמייסן די איינגעשפּאַנטע יידן!...

די פלאַטפאָרמע באַוועגט זיך מיט אַזאַ שנעלקייט און די אָרטיקע „קולטורטרעגער" האָבן הנאה ווען די לאַנגע בייטש שמייסט איבער די קעפּ און פּלייצעס פון די קוים־אָטעמדיקע און קרעכצנדיקע יידן. דער סאַטראַפּ „הער בייער" הערט נישט אויף שרייען, ווי אַ ווילדע חיה: שנעל, שמולעק, שנעל! שנעל!"

אין חודש מאַי 1965 האָב איך עדות געזאָגט קעגן די דייטשע פאַרברעכער אין טאָמאַשאָוו וועגן זייערע פאַרברעכערישע מעשים אין די אָקופּאַציע־יאָרן 1939—1943 ביז צו דער צייט, ווען איך בין צוזאַמען מיט אַנדערע געבליבענע שטאָטישע יידן אַרויסגעפירט געוואָרן קיין בליזשין. איך בין פאַרהערט געוואָרן דורכן געריכט אין דאַרמשטאָט (מערב דייטשלאַנד). צווישן אַנדערע דאָקומענטן האָב איך געזען א רשימה פון טאָמאַשאָווער, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט ביי דעם דאָזיקן פאַרברעכער בייער.

דאָס זענען געווען: אברהם רייזנגעווירץ, פּאָלנאַ 26; אבּרהם ווינשטאָק, יעראָזאָלימסקאַ 12; מענדל פּיאָטראָוסקי, בוזשניטשנאַ; יונה יאַנושעוויטש און דער פּוטער־הענדלער אברהם, בוזשניטשנאַ 3; מרדכי פּאכניא, יאָסעלעוויטשאַ 3; פּערל זוהאטש, בוזשניטשנאַ 9 און שמואל ראָזענצווייג, וולאָדיסלאַווא 12. דער גורל פון די מענטשן איז מיר נישט באַקאַנט. איך גלויב, אַז אַלע זענען אומגעקומען.

*

...לויט דער פאַראָרדענונג פון די צוויי מענטשנפרעסער, פרעס און ד״ר גלען, איז דאָס געטאָ אַרומגעצוימט געוואָרן און אָפּגעשלאָסן פון דער אַרישער סביבה, דעם 8־טן דעצעמבער 1941.

די גרענעצן פון געטאָ האָבן זיך געצויגן לענגאויס דער ווסכאָדניאַ־גאַס (לינקע זייט) ביז צו דער קושיזשאַוואַ־גאַס; פון זגאָזשעליצקאַ 37 ביז צום יידישן שפּיטאָל; לענגאויס דער לעגיאָנווו־גאַס ביז צו דער סמוגאָוואַ (מיט אַן אַרויסגאַנג אויף דער וויעטשנאָשטש; פון דער סמוגאָוואַ לענגאויס דער גראַניטשנאַ־גאַס (לינקע זייט) און לענגאויס דער פּאָלנאַ־גאַס ביז צו דער זשווירקי און וויגורי, בוזשניטשנאַ און די אַנדערע זייט פון פּאָלנאַ ביז צו דער ווסכאָדניאַ. דער שטח פון דער פאַרצוימטער און ענגער געטאָ האָט געדאַרפט אָפּיציעל אַריינגעמען אין זיך אַרום 15 טויזנט יידן, אָבער פּאַקטיש האָבן צו דער צייט זיך געפונען אין געטאָ אַרום 18.000 יידן.

פאַר פאַרלאָזן דאָס געטאָ האָט געדראָט טויט־שטראָף און די דייטשע פאַרברעכער האָבן מיט דער גרעסטער שטרענגקייט און פּינקטלעכקייט אָפּגעהיט דעם דאָזיקן באַשלוס.

דער אָפיציעלער אַרויסגאַנג פון געטאָ האָט זיך געפונען, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, אויף דער זגאָזשעליצקאַ־גאַס 37. דאָס איז געווען אַ טויער, וווּ עס איז געשטאַנען אַ היטער פון דער יידישער אָרדנונגס־דינסט. עס איז געווען מעגלעך אַרויסצובאַקומען זיך פון געטאָ דורך פאַרשידענע לעכער, אָבער דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט טויט־געפאַר, ווייל די דייטשע

באַנדיטן זענען געשטאַנען אויסבאַהאַלטן אויף פאַרשידענע פּלעצער און געלויערט אויף די יידישע קרבנות, כדי זיי אומצוברענגען. ספּעציעל האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער מערדערישער מלאכה די אָרטיקע פאָלקסדייטשן: „וויצעק" און „וואַצעק", האָלץ, „מאַצי", וועגנטלאַנד און די קינדער־מערדער וועגן וועלכע עס איז שוין געשריבן געוואָרן אין אַנדערע אַרטיקלען וועגן יאָהאַן קראָפּפּיש און פוקס, ימח שמם.

נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ האָט דער דאָזיקער באַנדיט, פוקס, אָנגעפירט מיט אַ בריגאַדע יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט צונויפזאַמלען די זאַכן נאָך די אַרויסגעשיקטע טאָמאַשאָווער יידן קיין טרעבלינקע.

אין איינעם פון די נאָוועמבער־טעג 1942, איז צו אונדז אָנגעקומען אין לאַגער אַ ידיעה, אַז דער מנוול פוקס האָט דערשאָסן 4 יידן. דאָס זענען געווען: ליכטענבערג, סאַלעם, זילבערוואַסער און דער נאָמען פון פערטן ייד איז מיר נישט באַקאַנט.

מיט די אַלע פאַרברעכנס איבער די יידן, וועלכע האָבן געפּרוווט פאַרלאָזן דאָס געטאָ, האָט אָנגעפירט דער ראַפּינירטער פאַרברעכער האַנס פּיכלער, וועלכער האָט אָנטיילגענומען אין אַלע אויסראָטונגס־אַקציעס. ער איז שטענדיק געקומען אין געטאָ אַריין מיט זיינע מיטהעלפער אולש, רייכעל, מאַצי און אַנדערע רוצחים, וועלכע זענען שטענדיק געגאַנגען מיט גרויסע הינט און אָנגערייצט זיי אויף די יידן, וואָס זענען צעריסן געוואָרן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן.

מען האָט געזאָגט, אַז דער דאָזיקער פאַרברעכער פּיכלער האָט זיינע זשאַנדאַרן געצאָלט פּרעמיעס פאַר יעדן דערמאָרדעטן ייד. די דאָזיקע גרופּע באַנדיטן אַליין האָבן אויף זייער געוויסן אַרום טויזנט דערמאָרדעטע טאָמאַשאָווער יידן. יעדער באַזונדער זייערער און רעוויזיע אין געטאָ האָט געבראַכט קרבנות.

דער פּוילישער זשורנאַליסט קאַזימיעזש קוכאַרסקי גיט איבער צוו. אַנד. אַ פאַקט וועגן אַן אַנדערן קינדער־מערדער אין טאָמאַשאָוו — דער שעף פון זיכערהייטס־דינסט, ערווין טיל.

איינמאָל איז אָט דער מערדער אַליאַרמירט געוואָרן דורך זיינע צוויי קליינע קינדער, אַז אויף זייער הויף איז געקומען אַ קליין יידיש מיידעלע. דאָס מיידעלע, ווי עס איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן, איז געגאַנגען איבער די פּוילישע הייזער אַ הונגעריקע און דערפרוירענע פון קעלט און געבעטן אַ שטיקל ברויט.

דער פאַל איז געשען אויף דער גאַס באַרטאָשאַ גלאָוואַצקיעגאָ. דאָס אומגליק האָט געוואָלט, אַז דאָס יידישע קינד זאָל אויך אַריינגיין אין הויז נומער 34. אויפן געשריי פון די צוויי דייטשע קינדער איז געקומען צו לויפן זייער פאָטער, דער דערמאָנטער ערווין טיל. ער האָט גענומען דאָס אומגליקלעכע יידישע מיידעלע ביים הענטל, זי אַרויסגעפירט אויף דער האָזשאַ־גאַס און זי דערשאָסן אויפן אָרט.

דעם מערדערס קינדער האָבן בייגעוווינט דעם מאָרד און ווען דאָס יידישע קינד איז געפאַלן טויט, האָבן זיי מיט אַן עקלהאַפטער גרי־מאַסע באַשפּיגן דאָס טויטע קערפּערל פונעם מיידעלע.

אָט אַזוי האָבן די היטלעריסטישע באַרבאַרן דערצויגן זייערע קינדער און זיי צוגעגרייט צו מאָרדן.

*

...דער טיפוס און אַנדערע מגיפות, דער הונגער־טויט, די פאַרצווייפלונג, די פּסיכישע און פיזישע ליידן, האָבן נישט געשטערט צו פירן אין געטאָ אַ געוויסע קולטורעלע טעטיקייט.



כאַטש נאָך איין מאָל אין לעבן עסן צו דער זעט...



פאַרשמאַכטע קינדער אויף וויעטשנאָשטש־גאַס

אין געטאָ האָט זיך אָרגאַניזירט אַן אומלעגאַלער סאַטי־רישער קרייז, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרשטעלן דאָס ביטערע און טראַגישע לעבן פון יענער צייט. צווישן די אַקטיווע חברים פון דעם דאָזיקן קרייז איז כדאי צו דערמאָנען דעם פריזירער זיגמונט טושינסקי.

אין הויף אויף קושיזשאַוואַ 24 (רעכטע אָפיצינע אויפן בוידעם) פלעגט געבן שיינע קאָנצערטן אויף אַ פאַרטעפּיאַן אַ יידישע פּראָפעסאָרין, וועמענס נאָמען איך האָב ליידער פאַר־געסן.

עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אומלעגאַל גע־הערט די ראַדיאָ־קאָמוניקאַטן און אומלעגאַל אַרויסגעגעבן ביולעטינען. פון די אַלע קאָנספּירירטע קולטורעלע דערגריי־כונגען האָבן ליידער נאָר געוואָסן אַ באַגרענעצטע צאָל געטאָ־איינוווינער.

עס דאַרפן אויך נישט פאַרגעסן ווערן די געוויסע פּרוון צו אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

אויף דער אַרישער זייט און אַרום דער שטאָט האָבן עק־זיסטירט פּוילישע ווידערשטאַנד־גרופּן, וועלכע האָבן געפירט אַן אונטערגרונט־טעטיקייט קעגן די דייטשע אָנגרייפער און הערשער. זיי האָבן געפּרוווט זוכן אַ פאַרבינדונג מיטן געטאָ און אָרגאַניזירן אַ געמיינזאַמע מיליטערישע אַקציע אונטערן אומלעגאַלן נאָמען „זשעגאָטאַ". זייער איינפלוס איז געווען ליידער אַ שוואַכער און וואָס עס איז געווען דער פאַרנעם פון זייער טעטיקייט איז מיר שווער צו זאָגן, ווייל קיינער פון די וועלכע האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער דאָזיקער באַוועגונג איז נישט געבליבן ביים לעבן. עס זענען מיר באַקאַנט געוויסע פאַקטן פון גבורה פון יידישע טאָמאַשאָווער יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט אין העלדישקייט און אומגעקומען אין קאַמף קעגן די נאַציס אויסער דעם טאָמאַשאָווער געטאָ. אַזוי איז אומגעקומען דאָס יונגע מיידל טאָשקאָ פוקס (די טאָכטער פון באַקאַנטן פוטער־געשעפט־אייגנטימער, פוקס). זי האָט געקעמפט אין דער אונטערגרונט־באַוועגונג אין קראָקע, דאָרט אַרעסטירט און דערמאָרדעט געוואָרן.

(וועגן טאָשקאָ פוקס און איר אָנטייל אין דער ווידער־שטאַנד־באַוועגונג געפינען מיר אין דעם בוך „מלחמת הגי־טאות", אַרויסגעגעבן דורכן „קיבוץ המאוחד". דאָס אַרטיקל דערשיינט אונטערן נאָמען: „יומנה של יוסטינה". אין דריטן טייל פון דעם יזכור־בוך געפינט זיך אויך דאָס אַרטיקל: „דער לעצטער געפונענער טאָמאַשאָווער".

אין דאָזיקן אַרטיקל ווערט דערמאָנט, אַז די מוטער פון דעם געפונענעם טאָמאַשאָווער יתום איז געווען פראַנקאַ פריד־מאַן, די פרוי פון מולעק בלייבערג, וועלכע איז געווען אַק־טיוו אין דער וואַרשעווער אונטערגרונט־באַוועגונג און גע־טראָגן דעם פּוילישן נאָמען באַזשעניצקאַ. אין איינער פון אירע געהיימע שליחות איז זי געכאַפּט געוואָרן דורך די נאַ־ציס און דערשאָסן געוואָרן).

*

מיין שוועסטער פעלאַ טאַלמאַן איז געווען פאַרבונדן מיט די יידישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס אין וואַרשעווער געטאָ און איז דאָרט אומגעקומען.

איך וויל אויך דערמאָנען אייניקע נעמען פון פריינד און באַקאַנטע, וועגן וועלכע איך ווייס ווו זיי זענען אומגעקומען.

אין מערץ 1943, עטלעכע חדשים נאָך דער ליקווידאַציע, האָט מען די פאַר הונדערט געבליבענע יידן צוזאַמענגענומען אויפן פּלאַץ ביי פּיעקאַרסקאַ־גאַס, צוגערויבט ביי זיי דאָס געלט, גאָלד, זייגערלעך און אַלע אַנדערע ווערטפולע זאַכן. אין דער אַקציע זענען דערשאָסן געוואָרן פיינער, פּלאָט, וואָלקאָ־וויטש און סאַמעלסאָן.

אין דער פּורים־אַקציע זענען דערשאָסן געוואָרן 21 יידן און צווישן זיי, אויסער ד"ר מאָרדקאָוויטש מיט זיין טעכטערל, זיין ברודער מנשה מאָרדקאָוויטש, רעניאַ מאָרדקאָוויטש און זון יורעק, קראַנקן־שוועסטער פּראַניאַ, יוסף קאָזלאָווסקי, ד"ר קעניגקייט און פרוי, דענטיסטקע גוטאַ וויין, מאַן און טאָכטער טערעזאַ, אַדוואָקאַט איגנאַצי רייגראָדזקי מיט זיין משפחה, הילאַרי קאַשטוצקי מיט זיין משפחה און אַנד.

אינזשיניער אַלעקסאַנדער גאָלדשטאַוב איז געשטאָרבן אין לאַגער בליזשין; אינזש. גרונם אייזענשטיין איז געשטאָרבן אין אַן אַנדער קאָנצענטראַציע־לאַגער; ד"ר בערעק רייזמאַן איז אומגעקומען בשעת דעם אויפשטאַנד אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע. ער איז אַריבערגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע פון ראַוואַ־מאַזאָוויעצק ווו ער איז געווען בעת דער אָקופּאַציע.

דעם 6־טן פעברואַר 1963 איז אין טאָמאַשאָוו געשטאָרבן ד"ר פאַביאַן וואַרשאַווסקי אין עלטער פון 76 יאָר. בעת דער אָקופּאַציע האָט ער זיך געפונען אין ראַטנפאַרבאַנד. ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין טאָמאַשאָוו אין יאָר 1946, ווו ער האָט געאַרבעט אַלס מעדיצין־דאָקטאָר אין משך פון פופציק יאָר פון זיין לעבן.

נאָך דער מלחמה האָט ער די גאַנצע צייט געאַרבעט אין דער טאָמאַשאָווער קראַנקן־קאַסע. אין זיין לוויה האָבן אָנטייל גענומען פיל פּערזענלעכקייטן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט, בפרט פון געזונטהייטס־דינסט. אַזוי אַרום איז אויפן יידישן בית־עולם אין טאָמאַשאָוו געקומען צו קבורה דער לעצטער יידישער מאָהיקאַנער־דאָקטאָר, דער אַזוי גערופענער „דאָק־טאָר פון אָרעמע". איך האָב געהאַט דעם כבוד צו געזעגענען דעם לעצטן יידישן דאָקטאָר אין אונדזער שטאָט צו זיין איי־ביקער רו.

*

...עס זענען מיר אויך באַקאַנט אייניקע פּרטים וועגן די מערדער פון טאָמאַשאָווער יידנטום.

אין מאַי 1965 בין איך פאַרהערט געוואָרן אַלס עדות אין דאַרמשטאַטער געריכט (מערב דייטשלאַנד) און דאָרט בין איך געוויר געוואָרן פּרטים וועגן פאָלגנדיקע באַנדיטן און מערדער פון אונדזערע גאָענטע:

1) כרעס — לעבט נישט.

2) ד״ר גלען — קרייזהאַופּטמאַן פון טאָמאַשאָווער ראַיאָן — לעבט און געפינט זיך אין תפיסה. דאָס געריכט אין דאַרמשטאָט פירט אַן אויספאָרשונג וועגן זיין פאַרברעכערישער טעטיקייט אין טאָמאַשאָוו.

3) דער קינדער־מערדער קראָפּפיש איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אין טאָמאַשאָוו אין יאָר 1954. דער אורטייל איז באַשטעטיקט און אויסגעפירט געוואָרן דורך דעם אַפּעלאַציע־געריכט אין לאָדזש. איך בין געוועזן איינער פון די עדות אויף דעם דאָזיקן פּראָצעס.

4) וועגן דעם באַנדיט ערווין טיל פירט דאָס געריכט אין דאַרמשטאָט אַן אויספאָרשונג.ליידער ווערט ער אָנערקנט אַלס אַ פאַרלוירענער אָדער געשטאָרבענער.

לויט דעם זעלבן געריכט זאָל דער באַקאַנטער רוצח האַנס פּיכלער זיין אומגעקומען אין וראָצלאַוו דעם 25־טן מערץ 1943. דאָס עסטרייכישע געריכט זאָל האָבן אַנולירט זיין משפּט (פּיכלער איז געוועזן אַן עסטרייכער).

6) הערמאַן וויזע איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אין טאָמאַשאָוו אין יאָר 1949. איך בין געוועזן איינער פון די עדות אויפן משפּט.

7) דער אָבערלויטענאַנט גרעיזער געפינט זיך איז תפיסה אין מערב־דייטשלאַנד. דאָס געריכט אין דאַרמשטאָט פירט קעגן אים אַן אויספאָרשונג וועגן זיין פאַרברעכערישער טעטיקייט אין טאָמאַשאָוו.

באַמערקונג:

לויט פעסטגעשטעלטע קוועלן, זאָלן די צוויי קינדער־מערדער קראָפּפיש און פוקס זיין אַרעסטירט אין דייטשלאַנד. בעתן פאַרעפנטלעכן די דאָזיקע מלחמה־עפּיזאָדן איז באַקאַנט געוואָרן, אַז עס פירט זיך די אויספאָרשונג און עס ווערן אויסגעהערט עדות וועגן זייער פאַרברעכערישער טעטיקייט קעגן טאָמאַשאָווער יידנטום.

# שער העדות

## וולף גולדברג

סיג׳ 03/1392

הנושא / הארץ: — פולין

המראיין: זליג סופר

העד: גולדברג וולף

כתובת: חיפה, רח׳ החרמון 32

השכלה ומקצוע: פקיד

תאריך, מקום וארץ לידה: 1913, טומשוב מזוביצק

תוכן העדות: כחייל פולני בספטמבר 1939. — נפילת לשבי — תחת הכיבוש הגרמני.

הגיטו: טומשוב מזוב. עד ל„אקציה״ הגדולה בטומשוב ועוד מקרי־רצח המוני.

**שמות האנשים הנזכרים בעדות**

**המקומות הנזכרים בעדות**

— במכרות ומחצבות במחנה בליז׳ין ואבנזהה.

ד״ר אפרים מורדקוביץ ובתו בת תשע ואחיו.

מנשה מורדקוביץ ובתו רניה.

ד״ר קינגהיים ואשתו. נכדו של חרשתן בורנשטיין. (השם שכח). פליה הרמן, דורה זיידל, מוטל שרייבוים, מאיר ארצי, ויסלפיש, פיני פקטור.

נספחים לעדות: 3 צילומים. — פתיחת קבר ה„24״ בטומשוב. — כנ״ל. — מצבת זכרון לחללי טומשוב.

הערות: לא עלה בידי המראיין להחתים את העד.

תאריך 22.5.59

חתימת המראיין ז ל י ג  ס ו פ ר

03 / 1392

ג—66 / 880

העתק

גולדברג וולף, חיפה, רחוב החרמון 32

**ימי נעורי**

נולדתי בפולין, בשנת 1913, בעיר טומשוב מזוביצק המאוכלסת כ־50 אלף תושבים וביניהם כ־15 אלף יהודים.

המסחר בעיר מולדתי היה מרוכז בעיקר בידי היהודים וגם אבי ז״ל היה סוחר (עיבוד ומכירת עורות).

היינו 10 ילדים בבית: 4 אחים ו־6 אחיות. אבי קנה לו שם כסוחר בעיר וסביבתה והפרנסה לא חסרה. על אף המשפחה הגדולה ניתנה לכל עשרת הילדים השכלה. כל אחד לפי כשרונותיו ושאיפותיו. אחר שסיימתי את למודי בבית הספר היסודי, החליט אבי להכניסני לסודות המסחר, וצרף אותי לכל מסעיו בעניני המסחר בסביבה הקרובה ואפילו הרחוקה יותר.

שנות חיי הראשונות עברו בתקופה הקשה של מלחמת העולם הראשונה אשר פגעה קשה בפולין המחולקת בין מספר מדינות.

אני, כמובן, הייתי צעיר מדי, ורק זכרונות קלושים נשתמרו אצלי מימי עזיבת הבית, נדודים כפליטים — פליטי מלחמה ועוד. למעשה מתחילים זכרונותי מתקופה, כאשר פולין כבר היתה מדינה עצמאית, כאשר החיים שוב נכנסו למסלולם הרגיל.

התקופה שלאחר המלחמה הביאה רווחה כלכלית וגם עסקי־אבי פרחו, ולנו לילדים ניתן טיפול ויחס המקובלים בבתי אמידים.

בשנת 1935, גוייסתי לצבא הפולני הסדיר ונשלחתי למחנה צבאי בעיר הבירה ורשה, ובכך ניתנה לי ההזדמנות לטעום את טעמו של כרך גדול.

בשנת 1937 חזרתי הביתה, שוב נכנסתי למסחר והתחלתי לחשוב על נשואין.

בשנת 1938, נשאתי בת עירי בריינדל לבית רוטבלט, ובחודש נובמבר 1939 נולדה בתי הראשונה, ושם ניתן לה „צעירה", אולם היה זה כבר בחודש השלישי של מלחמת העולם השניה. נחלי דם הציפו כבר אז את פולין, ואני כבר לא זכיתי לראות בתי זו, מכיון שהייתי הרחק מהבית.

## המלחמה

אני גויסתי מספר ימים לפני פרוץ המלחמה, בראשון לספטמבר 1939. חוילתי ליחידה פ. ס. ק. 28, יחידת מכונות יריה, ונשלחתי לגבול הגרמני בסביבות פוזנן.

היה זה מספר ימים לפני הראשון בספטמבר, אולם ריח המלחמה כבר ריחף באויר. הרגשנו כולנו, כי מלחמה עומדת לפרוץ, אך מי תיאר לעצמו כי „פולין הגדולה" עם צבאה המפואר תוכרע תוך ימים ספורים בלבד?

בראשון לספטמבר כוסו השמים להקות מטוסי אויב אשר פשטו כנחלי ארבה מעל לערים, כפרים ושדות המדינה; הרגו הרסו והשמידו ללא רחמים.

לא כאן המקום לתאר את הקטסטרופה האיומה שפקדה את פולין, קטסטרופה שבאה באופן כמעט בלתי צפוי, מאחר והעתונות הפטריוטית הפולנית, תארה יומם ולילה את הצבא הפולני כבילתי מנוצח. אולם תעמולה לאומית לחוד ומציאות מרה לחוד, והמציאות היתה מרה מאוד.

כל הטכסיסים שלמדתי בקסרקטינים, ובעת אמונים לפני המלחמה, לא היה בכוחם להצילני מההשמדה הטוטלית שהטילו הגרמנים על תושבי הארץ הזאת, חיילים כאזרחים. ראיתי לנגד עיני רק המונים בוכים, נמלטים מהמוות, שארב מאחורי כל ענן ובכל רגע. בכל שעות היממה כולם נסו על נפשם ורק גדודים בודדים גילו התנגדות אי־פה אי־שם עד שהושמדו כליל.

בשבילי נסתיימה המלחמה ב־16 לספטמבר, עת נפלתי פצוע ברגלי הימנית. באותו היום היינו ליד ה„ורטה". התחפרנו, אבל טרם הבטחנו לעצמנו מחסה בטוח, הופיעו מטוסים גרמניים, שהנמיכו טוס והמטירו עלינו אש קטלנית. כדור פגע ברגלי הימנית ונשארתי שוכב בשדה מבלי לקבל כל עזרה רפואית.

עמדותינו היו בקרבת כפר, וכאשר נפצעתי, ניסיתי לזחול לכיוון הכפר, בתקווה למצוא שם עזרה כלשהי, אולם כוחותי אפסו ואני נשארתי כמחצית הדרך לכפר, נשען על עץ גדול.

משעה 10 בבוקר ועד לשעות שלאחר הצהריים שכבתי בודד, מאבד הרבה דם ולא היה לי במה לעצור את שטף הדם, עד אשר אבדתי את הכרתי. התעוררתי לשמע קולות בני אדם. ראיתי במרחק מה קבוצת חיילים גרמנים

בקושי הורדתי את כובע הפלדה, שמתיו על קצה הרובה וניסיתי לאותת שיתקרבו אלי, כי לצעוק, לא עמדו לי כוחותי.

הגרמנים הבחינו בי ואחד מהם כיוון את רובהו אלי וירה, אולם למזלי החטיא את המטרה והכדור לא פגע בי.

עם קבוצת החיילים היה גם קורפורל אשר לא הרשה להם לירות בי שנית ואז הם התקרבו אלי, נתנו לי לשתות, חבשו את רגלי, השכיבוני על אלונקה והביאוני אל הדרך.

הגרמנים דברו אלי כמובן, בגרמנית, אך אני פחדתי לגלות להם כי הנני יהודי, ועשיתי את עצמי כלא מבין גרמנית. עניתי להם בפולנית, כי אינני מבין את שפתם ואז השכיבוני ליד הדרך ואמרו כי עלי לחכות עד שיבוא אמבולנס ויאסוף אותי.

עד היום אינני יכול להבין מדוע עורר בי הקורפרול אמון ואז הודעתי שאני יהודי. הוא הרגיעני שלא אפחד מאחר שיש לו הרבה ידידים בין היהודים והבטיח לשלוח אותי לבית חולים.

כעבור כמחצית שעה הופיע אמבולנס, אשר אסף אותי והביאני לבית חולים־שדה בכפר בלשקי ע"י העיר פוזנן. שם, בבית חולים, קבלתי עזרה ראשונה וכעבור יומיים העבירו אותי לבית חולים אחר בקאסצוב.

בבית חולים זה כמעט כל הפצועים היו גרמנים, גם הרופא הראשי היה גרמני, ואילו האחיות היו נזירות פולניות.

רק כעבור חצי שנה פונו הגרמנים הפצועים ובמקומם אושפזו חיילים פולנים פצועים.

כעבור מספר חדשים הועמדתי בפני ועדה רפואית על מנת לקבוע את כושר עבודתי. הועדה הזאת היתה מחזירה לבתיהם את הבלתי כשרים לעבודה ואת היתר היתה מעבירה לתוך גרמניה לעבודות־כפיה.

קבלתי תעודת נכה־מלחמה והוחזרתי לעיר מולדתי טומשוב מזוביצק. חזרתי הביתה מספר חדשים אחר הולדת בתי הצעירה.

## בטומשוב הכבושה

כאשר חזרתי הביתה, כבר לא היתה קיימת טומשוב היהודית. המפלצת הנאצית כבר הספיקה לנעוץ את צפורני הארס שלה לתוך גופו של הישוב היהודי במקום. יום יום היו מכריזים עוצר בית, ועל היהודים אסרו את ההליכה על מדרכות הרחוב. על שרווליהם ענדו סרט תכלת לבן עם מגן דוד . בפני כל חייל גרמני חייבים היהודים להסיר את הכובע, אבל גם זה היה פסול בעיני הרוצחים, כי תדירות היו הגרמנים מרביצים להם מכות מלוות צעקות: „חזיר, מדוע הנך מברך אותי, וכי חברי הנך?"

בחודש אוקטובר 1940, ריכזו הגרמנים את האוכלוסיה היהודית בגיטו. היה זה עדיין גיטו פתוח, כלומר שכל היהודים רוכזו ברובע אחד של העיר, אבל כעבור תקופה קצרה כבר נאסרה התנועה מן הגיטו ליתר חלקי העיר.

אנחנו היינו בתוך טומשוב מספר קטן של נכי־מלחמה ופנינו ל„ועד היהודי" בבקשה להשיג עבורנו הקלות מסויימות מאת השלטונות הגרמנים. ואמנם הצליחו אלה להשיג עבורנו אי־אלו זכויות בעלות חשיבות רבה בשבילנו.

נתנו לנו תעודות חדשות של נכים, ענדו לנו סרט מיוחד עם כתובת „נכה מלחמה" התירו את יציאתנו מהגיטו ואפילו הורשינו לצאת את גבולות העיר.

אני בקרתי אפילו בורשה. ניצלתי זכותי זו ועסקתי קצת במסחר עורות מה שאיפשר לי לכלכל את משפחתי. במרוצת הזמן קבלתי עבודה בנגריה שעבדה עבור הגרמנים. כמובן שלא קיבלנו תשלום עבור עבודתנו זו, פרט למזון שהספיק איכשהו לכל עובד להחזיק שתי נפשות מבני משפחתו.

כך קויתי שאצליח להבטיח את בטחונן של אשתי וילדתי הפעוטה אם כי ידעתי כי הבטחון הזה הוא יחסי מאד.

## הגיטו והאקציה הגדולה

פעולות ההשמדה ההמונית החלו יותר מאוחר, אולם כבר בשנת 1942—1941 לא היה ערכם של חיי יהודי רב מקליפת השום.

ב־2 ביוני 1942 תפסו את אחי, האשימוהו במסחר, והוא הוצא להורג ע"י יריה ללא כל משפט.

כפי שנודע לנו מאוחר, הלשין עליו יהודי, וכאשר עבר באחד מרחובות הגיטו עצר אותו שוטר פולני, צורר ישראל ידוע, שאל אותו לאן הוא הולך, ולפני שאחי פתח את פיו לענות, האשימו הצורר ב„ספקולציה" וירה בו לעיני מאות יהודים בני עירנו. הוענק לו חסד לקבור אותו במו ידי.

מספר שבועות לפני כן נהרג בצורה דומה אב אשתי, וכמובן גם־כן ללא כל משפט וללא כל סיבה.

בימים 29—30 באוקטובר, החלה ה„אקציה" בטומשוב מזוביצק. ה־29 באוקטובר 1942 היה היום האחרון שראיתי את אשתי, ילדתי, את הורי, אחי ואחיותי.

בשעות המוקדמות של היום המר והאכזרי הזה, הופיעו ברחובות הגיטו קבוצות גדולות של אנשי ס.ס., גיסטאפו, שוטרים פולנים ואוקראינים.

מספר קטן של אנשים הושארו בתוך הגיטו המצומצם. היו אלה אנשים אשר נועדו להמשיך לעבוד למען המאמץ המלחמתי הגרמני, ואני נמניתי עם אלה אשר הוכנסו לגיטו המצומצם הנ"ל.

מה היה גורלם של יתר יהודי העיר, לא ידענו מכיון שנסגרנו בתוך בתי המלאכה, הספקנו עוד לראות דרך החלונות של בתי המלאכה כיצד מריצים על ככר העיר את ההמון האומלל של זקנים, נשים וטף, וכל יתר תושבי העיר: כיצד הרוצחים דוחפים אותם, מרביצים מכות רצח במגלבים ובכתות הרובים, אבל לא ידענו לאן מובילים אותם.

ב־2 בנובמבר 1942 שוב שמענו צעקות וראינו כיצד מעמיסים את היהודים על משאיות. בין ההמון הכרתי בבירור את כל משפחתי, אשתי עם הילדה בזרועותיה, את הורי הזקנים ואת אחי ואחיותי. היתה זו הפעם האחרונה שעיני ראו אותם. משגיח העבודה שלנו סיפר, כי את הצעירים שולחים לעבודה, ואילו את הזקנים יכניסו ל„מושב זקנים". אנחנו כמובן לא נתנו אמון בדבריו, אם כי מאוד מאוד רצינו להאמין בהם.

כעבור יום־יומיים נשארנו בסך הכל 850 יהודים מקהילה שמנתה 15 אלף נפשות.

כבר יותר מאוחר נודע לנו, כי רק חלק מהם נשלח לעבודה, ואילו היתר הובלו ישר לקרמטוריום.

## הרצח ההמוני הראשון

כחצי שנה עבדנו בגיטו, מי בסנדלרות ומי בחייטות. בינינו היו הרבה בעלי מקצועות חופשים — רופאים, רוקחים ומהנדסים. אחר העבודה, בבתי המלאכה היה עלינו לחזור ל„דירתינו" והוטל עלינו איסור חמור לצאת החוצה.

ביום 19.3.43, יום לפני פורים, נקראנו למפקד („אפל") ושם נדרשנו תוך שעה להביא כל דברי־ערך שנשאר אצלנו

טישלעריי, שמידעריי, טריקאטאזש, זייגערמאַכעריי און נאָך. מיט יעדן וואַרשטאַט האָט אָנגעפירט אַן ס.ס.־מאַן און איבער אַלע איז געווען דער ווערקלייטער — אַ גרויסער כלב און יידן־פרעסער.

מען האָט אויף אונדז אַרויפגעלייגט גרויסע קאָנטינגענטן פון אַרבעט, און ווען מען האָט עס נישט אויסגעפירט, האָט מען אונדז אַרויסגעפירט אויפן אַפּעל־פּלאַץ און יעדער, וואָס האָט נישט אויסגעפירט זיין קאָנטינגענט האָט באַקומען 25 שמיץ מיט אַ בייטש, וואָס איז געווען פאַרענדיקט מיט אַ גומי־קניפּל.

מיט דער צייט זענען געבראַכט געוואָרן טראַנספּאָרטן מיט יידן פון פּיעטרקאָוו, לובלינער געגנט און פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

דעם 21־טן יאַנואַר 1944 איז אָנגעקומען דער לובלינער ס.ס.־שטאַב איבערנעמען דעם לאַגער. די נייע מערדער זענען געווען באַקאַנט פון ליקווידירן דאָס לובלינער יידנטום און מיר האָבן געמיינט, אַז זיי זענען געקומען אויך אונדז ליקווידירן. שוין ביים ערשטן אַפּעל האָבן זיי אויף אונדז אָנגעוואָרפן אַ טויט־שרעק. אייניקע טעג פריער איז געקומען אַ טראַנספּאָרט ברעטער אין דער טישלעריי און אויף איין ברעט איז געווען אַן אויפשריפט, אַז אין לובלין איז פולשטענדיק ליקווידירט געוואָרן דאָס געטאָ און די לעצטע 3000 יידן זענען דערמאָרדעט געוואָרן. מיר האָבן אַלזאָ גערעכנט, אַז עס וואַרט אונדז דער זעלבער גורל.

די לאַגע אין בליזשין האָט זיך טאַקע שטאַרק פאַרערגערט. די באַוואַכונג איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך די צעווילדעוועטע אוקראַינער. וועלכע זענען אָנגעקומען צוזאַמען מיט די ס ס.־לייט. די רדיפות און דאָס שלאָגן זענען געווען שרעקלעך. יעדער פאַרבינדונג מיטן אויסערן־לאַגער צו קויפן לעבנסמיטל, האָט זיך אָפּגעשטעלט. מענטשן זענען קראַנק געוואָרן און אויך די שטערבלעכקייט האָט זיך באַדייטנד פאַרגרעסערט.

אַמשווערסטן איז געווען די לאַגע פון די, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די שטיינהאַקערייען. זיי האָבן געאַרבעט זייער שווער, געהונגערט און דערביי האָט מען זיי נאָך מערדערלעך געשלאָגן.

אין בליזשין האָט זיך אויך געפינען אַ פּוילישער לאַגער פאַר פּאָליאַקן, וועלכע זענען באַשטראָפט געוואָרן פאַר נישט אויספירן די פאַראָרדענונגען פון די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען. אין די שטיינהאַקערייען האָבן אויך געאַרבעט פּאָליאַקן. זיי זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט מיט זייער גרופּע פאַר די יידן.

איין מאָל, דאָס איז געווען דעם 5־טן אויגוסט, ווען די אַרבעטער זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט, זענען אַרויס פון וואַלד, ביי דער שטיינהאַקעריי, אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער און האָבן געשאָסן אויף די וואַכן. דריי אוקראַינער זענען גלייך געפאַלן טויט. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיי אויסגעטאָן, צוגענומען ביי זיי דאָס געווער און באַפוילן אונדז אַלע צו אַנטלויפן אין וואַלד אַריין. די יידן האָבן זיי אָבער צוריקגעשיקט פון וואַלד.

אַ צווייט מאָל זענען די פּאַרטיזאַנער איבערגעפאַלן אַ טראַקטאָר, אים פאַרברענט און דעם וואַכמאַן דערהרגעט.

די דייטשן האָבן אַליין מורא געהאַט צו ברענגען דעם טויטן וואַכמאַן, האָבן זיי געשיקט דעם ד״ר מילשטיין מיט אַ יידישן פּאָליציסט. דערביי האָבן זיי גענומען זייערע פרויען אַלס ערובניקעס, טאָמער וועלן דער דאָקטאָר און די פּאָליציסטן אַנטלויפן.

די לעבנס־באַדינגונגען אין לאַגער האָבן זיך פאַרערגערט פון טאָג צו טאָג. דער הונגער איז געוואָרן גרויס און דאָס פייניקן פון די מערדער און זייערע פאָדערונגען זענען געוואָרן נאָך גרעסער און שווערער. יעדן טאָג זענען געקומען אינספּעקציעס פון הויפּטווערק, דערונטער דער לייטער זייפערט און אַנדערע, וועלכע האָבן געהיטן, אַז אַלץ זאָל ווערן אויסגעפירט פּינקטלעך און לויט זייער פּלאַן. אַלס גרויסער סאַדיסט האָט זיך אויסגעצייכנט דער לייטער פון שניידעריי, דער רייכסדויטש אייזיק און נישט בעסער פון אים איז געווען דער מייסטער פון טישלעריי, אַ געוויסער ברילאַק, אַן אַלטער מאַן, וועלכער איז שטענדיק געגאַנגען מיט אַ רוט אין איין האַנט און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער געפירט אַ גרויסן הונט, וועלכער איז געווען דרעסירט אויסצופירן זיינע באַפעלן ביים אָנפאַלן אויף יידן.

נאָך דער אַרבעט פלעגן די מענער גיין באַזוכן באַקאַנטע און קרובות אין די פרויען־באַראַקן. די מערדער האָבן אָבער דאָס נישט געקענט פאַרטראָגן.

איינמאָל, אין אַ געוויסן זונטיק אָוונט, איז די ס.ס.־באַנדע אַרויס אויפן פּלאַץ און אָנגעהויבן אַ שיסעריי. מענטשן זענען געלאָפן ווו עס האָט זיך געלאָזט און פיל זענען געלאָפן אין די פרויען־באַראַקן. דורך דעם האָבן זיי געבראַכט אויף זיך אַ גרויס אומגליק. די ס.ס.־לייט זענען אַריין אין די באַראַקן, אַרויסגעטריבן די פרויען און ווו זיי האָבן געטראָפן מענער האָבן זיי אָן שום רחמנות זיי דערשאָסן. פיל יידן זענען דעמאָלט אומגעקומען און צווישן זיי אויך מיינע חברים פון טאָמאַשאָוו ניסן ווערטהיים און אַנדערע. נאָך דעם איז אַרויס אַ באַפעל, אַז וועמען מען וועט טרעפן אויף דעם פרויען־פּלאַץ וועט גלייך דערשאָסן ווערן.

די פייניקונגען זענען געוואָרן אומדערטרעגלעך. נאָך דעם אַפּעל זענען מיר געזעסן אין די בלאָקן און מורא געהאַט אַרויס אויף דער גאַס. אָבער אויך דאָס האָבן די מערדער

נישט געקענט פאַרגינען און יעדער מינוט איז אַן אַנדערער ס.ס.־מאַן אַריינגעקומען, געזוכט, גענישטערט און יעדער זאַך צוגענומען. דאַן האָבן זיי איינגעפירט, אַז גלייך נאָך דער אַרבעט זאָלן מיר שעהנלאַנג שטיין אויפן אַפּעל־פּלאַץ. עס איז אוממעגלעך געווען אויסצוהאַלטן, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט קיין טאָג און קיין נאַכט. אַזוי האָט דער מצב אָנגעהאַלטן ביז דעם 5־טן יולי 1944.

## אין אוישוויץ

איין טאָג האָט אונדז דער דייטשער קאָמענדאַנט מינצבאַר געמאָלדן, אַז אין די נאָענטסטע טעג וועלן מיר טראַנספּאָרטירט קיין לייפּציג און מיר וועלן געטריבן ווערן צופוס. צו דעם צוועק איז שוין געקומען פון לובלין די ספּעציעלע קאָמאַנדאָ מיט הינט. מיר האָבן ביי זיך אין די בלאָקן באַשלאָסן, אַז ווי נאָר מען וועט אונדז אַרויספירן פון לאַגער וועלן מיר לויט אַ באַשטימטן סימן זיך וואַרפן אויף די באַנדיטן. צו דעם צוועק האָט יעדער פון אונדז געדאַרפט צוגרייטן אין טאַש עפּעס אַ טעמפּע אייזערנע זאַך.

צום אָנהויב האָבן זיי אונדז געטריבן אָנצולאָדן אויף די וואַגאָנען אַלץ פון די מאַגאַזינען. דאַן האָבן זיי באַפוילן מיטנעמען מיט זיך די אייגענע זאַכן און גיין אויף דעם אַפּעל־פּלאַץ. יעדער האָט גענומען זיין פּעקל צרות און געקומען אויף דעם באַשטימטן פּלאַץ. די באַנדיטן האָבן אונדז אויסגעשטעלט אין רייען, אַריינגעפירט אין די מאַגאַזינען, צוגענומען ביי אונדז די פּריוואַטע מלבושים און געגעבן יעדן איינעם „פּאַשאַקעס". דאָס זענען געווען ספּעציעלע אַרעסטאַנטן־קליידער, אַז מיר זאָלן נישט קענען אַנטלויפן. אין דער לעצטער מינוט האָט אונדז דער לאַגער־פירער געמאָלדן, אַז מיר האָבן באַקומען טראַנספּאָרט־מיטלען. זיי האָבן אונדז טאַקע אויסגעשטעלט אין אַ ריי און געפירט צו דער באַן. דאָ זענען מיר אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין פערד־וואַגאָנען, וועלכע האָבן גלייך געריסן פון אָרט. מיט צוויי טעג שפּעטער זענען מיר אָנגעקומען קיין אוישוויץ

מען האָט אונדז אַריינגעפירט אויף אַ זייטיקן וועג, אויפגעפּענט די וואַגאָנען און מיט געשרייען „אַלעס ראַוס!", אונדז פון זיי אַרויסגעטריבן. צעבראָכענע פון וועג זענען מיר אַרויס און באַלד האָט זיך באַוויזן די לאַגער־קאָמאַנדאַ און אונדז געמאָלדן: „גיבט אַלץ אַוועק וואָס איר פאַרמאָגט, ווייל איר גייט סיי ווי אין אויוון אַריין". עס איז אויך גלייך אָנגעקומען דער באַקאַנטער מערדער, דאָקטאָר מענגעלע, און ער האָט אונדז באַפוילן מיטנעמען דעם באַגאַזש, וועלכער איז באַשטאַנען פון אַ שטרוי־זאַק און צוויי קאָצן. אַ האַלבע שעה האָבן מיר זיך געשלעפּט און נישט געוווּסט ווו מיר גייען.

פון דער ווייטנס האָבן מיר געזען קוימענס און מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס איז דאָס קרעמאַטאָריום. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז דאָס געווען דער „באַד־אַנשטאַלט". 5 שעה זענען מיר געשטאַנען אויפן ליימיקן באָדן און געוואַרט אויף דער באָד. אין דער צייט האָבן זיך באַוויזן אַלטע העפטלינגען, צווישן זיי אויך אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן פון לאָדוש, ווי משה חסיד און אַנדערע. זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז אַלץ וועט ביי אונדז צוגענומען ווערן דורך די ס.ס.־לייט, וועלכע האָבן זיך טאַקע גלייך באַוויזן מיט רימען־בייטשן און גומי־נאַגייקעס אין די הענט. זיי האָבן אונדז אַריינגעטריבן אין אַ נישט־אויסגעפּאַרטיקטן באַראַק, באַגלייטנדיק אונדז דערביי מיט קלעפּ ביז בלוט. די העפטלינגען זענען ווידער אַמאָל צוגעקומען צו אונדז און געזאָגט, אַז פון דעם באַראַק איז נאָך קיינער נישט אַרויס אַ לעבעדיקער און פון דאַנען פירט מען גלייך אין אויוון אַריין.

מיר זענען דאַן געזעסן ביז 11 אַזייגער ביינאַכט, ביז עס האָט זיך ווידער באַוויזן אַן ס.ס.־מאַן, וועלכער האָט אונדז אַרויסגעיאָגט און געפירט אין באָד אַריין.

אין באָד איז ביי אונדז צוגענומען געוואָרן דאָס אָנטועכץ. ביי דער טיר איז געשטאַנען אַן ס.ס.־מאַן און קאָנטראָלירט צי מען האָט אַלץ אָפּגעגעבן און ווען מען האָט ביי עמיצן עפּעס געפונען, איז אים נישט געווען מקנא צו זיין.

אין אַ צווייטן קאָרידאָר זיצן פריזירער און שערן יעדן אָפּ די האָר. ביי דער טיר צו דער באָד גופא שטייט נאָך אַ מענטש, וועלכער באַשיט די שיף מיט אַ דיזענפעקציע־מיטל. ערשט דאַן ווערן אַריינגעטריבן אַרום 200 מאַן מיט־אַמאָל אין באָד און אַ „קאַפּאָ" שטייט און גיט אַכטונג ווי מען וואַשט זיך. ביים אַרויסגיין פון באָד שטייען ווידער צוויי מענטשן מיט הענטשקעס און באַשמירן יעדן מיט אַ שטאַרקן דיזענפעקציע־מיטל, אַז דער גאַנצער קערפּער ווערט אָפּגעבריט.

ביים אַרויסגיין באַקומט יעדער אַ העמד מיט אַ פּאָר הויזן און אַנשטאָט שקאַרפּעטקעס באַקומען מיר שטיקער „טליתים". דאָס אָנטועכץ איז צעריסן, שמוציק און אַדורכגעזאַפּט מיט בלוט.

מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען די בגדים פון אונדזערע דערמאָרדעטע ברידער, אָבער מיר האָבן ניט געהאַט קיין ברירה.

פאַרטאָג זענען מיר געווען פאַרטיק. מען האָט אונדז אַלע פאַרזאַמלט, אויסגעשטעלט צו פינף אין דער ריי און געהייסן מאַרשירן. זיי האָבן אונדז געפירט אין דער ריכטונג פון דער קרעמאַטאָריע. מיר האָבן זיך באַגאָסן מיט אַ קאַלטן שוויס. אַ טויט־שרעק האָט באַגלייט אונדזערע טריט. פיל האָבן געוויינט, ווייל זיי האָבן געמיינט, אַז דאָס זענען אונדזערע לעצטע מינוטן. דאָך זענען מיר צוגעקומען אויף אַ פּלאַץ,

אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען 20 באַראַקן. מען האָט אונדז אַריינגעלאָזט אין באַראַק (בלאָק) נומ. 4. דאָ איז נישט געווען ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. אין דער פרי האָט מען אונדז ווידער אַרויסגעטריבן אויפן פּלאַץ ביים בלאָק צום אַפּעל און מיר זענען אַזוי געשטאַנען ביז 10 אַזייגער. יעדעס מאָל האָט מען אונדז געציילט און ווידער געהייסן אַריינגיין אין בלאָק. דאָס האָט געדויערט אייניקע טעג. ביז זיי האָבן אונדז אַריבערגעפירט אין דעם 6־טן בלאָק.

אין דעם בלאָק איז געווען דער בלאָק־עלטסטער אַ פּאָ־ליאַק. מען האָט אים גערופן: „קרוואַווי פּאַליאַק מיעטעק", ווייל ער האָט אָנגעטאָן געבערענטע צרות. ער פלעגט קומען מיט זיין חבר, אויך אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען אַלעק, ביידע שיכורע און ביינאַכט, ווען אַלע זענען איינגעשלאָפן אויף די האַרטע פּריטשעס", פלעגן זיי אָנצינדן ליכט און געגאַנגען פון פּריטשע צו פּריטשע און געבערענט די מענטשן די פּיענ־טעס. ווער עס האָט אַ געשריי געטאָן פון ווייטיק, האָט אים אַלעק „שטיל" געמאַכט מיט זיין שטעקן ביז ער האָט דעם אומגליקלעכן ייד אַוועקגעהרגעט.

מיר האָבן וועגן דעם איבערגעגעבן דעם לאַגער־סעקרע־טאַר און מיר זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין בלאָק נומער 10, אָבער אויך דאָ איז געווען דער בלאָק־עלטסטער אַ פּאָ־ליאַק, אַן אויסוווּרף, אַ מאַרפיניסט פון פּויזנער ראַיאָן מיטן נאָמען וואַרכמאַיר, וועלכער האָט אָנגעטאָן נישט קיין קלע־נערע צרות, ווי זיינע חברים מיעטעק און אַלעק.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אין אונדזער בלאָק אַריינ־געשיקט קינדער פון ליטע. די קינדער זענען געווען אין עלטער פון 5 ביז 12 יאָר. האָט פּאַסירט, אַז אייך קינד איז קראַנק געוואָרן אויף שקאַרלאַטינע און דער בלאָק איז פאַרמאַכט געוואָרן אויף 21 טעג. די לאַגע איז געוואָרן גע־פערלעך.

דער בלאָק איז באַוואַכט געוואָרן דורך 10 שומרים און יע־דעס מאָל זענען געקומען אַנדערע קאָמיסיעס און קאָנטראָלעס. מיר האָבן געפילט, אַז מיר זענען פאַרלוירן, אָבער אויך דאָס מאָל האָט די אַזוי גערופענע „געזונטע" צוגעשפּילט דאָס גליק. ווייל אַדאַנק די צוויי דאָקטוירים, ד"ר קליינער און ד"ר וואָלפע פון עסטרייך, האָט מען די געזונטע סעפּאַרירט פון די קראַנקע און מיר זענען צייטווייליק ווידער ניצול געוואָרן.

דורך דער צייט זענען יעדן טאָג פאָרגעקומען סעלעק־ציעס. כמעט יעדן טאָג זענען מענטשן געשיקט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס און דאָס וואָס איך האָב געזען און מיט־געמאַכט ערב ראש־השנה 1944 איבערשטייגט יעדן מענטש־לעכן באַגריף און פאַנטאַזיע.

מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די דייטשע מערדער און באַרבאַרן היטן ספּעציעל די דאַטעס פון די יידישע יום־טובים, כדי צו פאַרגרעסערן און פאַרשטאַרקן די מאָראַלישע און פיזישע ליידן פון די יידישע קרבנות. און די מאַסן־רציחות האָבן זיי אויסגעפירט אויף די יידן דווקא אין די טעג פון די יידישע יום־טובים.

אויך דאָס מאָל האָבן די מערדער ערב ראש־השנה אין דערפרי אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אין משך פון עטלעכע מינוטן דאַרף זיך יעדער געפינען אין זיין בלאָק. ווען זיי האָבן עמעצן געטראָפן אין אַ צווייטן בלאָק, איז אים געווען צו באַדויערן. באַלד איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז די קאַ־צעטלער פון 10־טן בלאָק זאָלן גלייך אַרויס אויפן אַפּעל. אַ שווידער איז אַדורך די גלידער. עס איז געוואָרן קאַלט און הייס, ווייל אַלע האָבן פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט. אין פאַרלויף פון איינצלנע מינוטן האָבן זיך אויסמאַרשירט 600 יידן, קליין און גרויס אין פינפטלעך אויפן פּלאַץ ביים בלאָק 10. די קינדער האָבן זיי געהייסן שטעלן באַזונדער. די הערצער האָבן געקלאַפּט מיט טויט־שרעק, ווייל מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס גרייט זיך עפּעס שרעקלעכס.

10 אַזייגער פרי זענען אָנגעקומען דער ס.ס־שטאַב מיט דעם הויפּט־רוצח מענגעלע בראש. זיי האָבן אַוועקגעשטעלט אַ באַנק און אָנגעהויבן די סעלעקציע ביי די קינדער. די קינדער האָבן געדאַרפט אַריבערשפּרינגען איבער דער באַנק און די, וועלכע עס איז געלונגען אַריבערצושפּרינגען די באַנק זענען דערווייל געבליבן ביים לעבן. די אַנדערע זענען גע־גאַנגען אין די גאַז־קאַמערן צום פאַרגיפטן און פאַרברענען.

אויך די קינדער האָבן פאַרשטאַנען בעת די סעלעקציעס וואָס עס דערוואַרט זיי. פיל קינדער האָבן געפּרוּווט דורך פאַר־שידענע איינפאַלן זיך מאַכן גרעסער און אויסזען עלטער, כדי מען זאָל זיי דערלויבן אַריבערשפּרונגען די באַנק, ווייל די קליינע און יונגע האָבן זיי דאָס אויך נישט דערלויבט. ווען אַ קינד איז געכאַפּט געוואָרן ביים מאַכן זיך העכער, איז עס געשלאָגן געוואָרן מיט אַ גראָבן שטעקן ביז בלוט. צו דעם ציל איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ ספּעציעלער ס.ס.־מאַן מיט אַ גראָבן שטעקן אין האַנט.

נאָך די סעלעקציעס פון קינדער איז פאָרגעקומען די סעלעקציע פון די עלטערע. פאַר יעדער קלייניקייט האָט מען גלייך באַקומען טויט־שטראָף. נאָך דער סעלעקציע זענען מיר צוריק אַריין אין בלאָק, אָבער קיינער פון אונדז האָט די נאַכט נישט געשלאָפן. אויף אַ פּריטשע פאַר זעקס פּערזאָן זענען מיר געלעגן 11 פּערזאָן, אַזוי אַז מיר זענען געווען געפּרעסט ווי הערינג און ווען איינער האָט זיך געוואָלט איבערדרייען אויף דער צווייטער זייט האָבן זיך אַלע געמוזט איבערדרייען, ווי אויף אַ קאָמאַנדע.

צומאָרגנס, דעם ערשטן טאָג ראש־השנה, איז אַריינגע־קומען אין בלאָק אַן ס.ס.־מאַן מיט אַ ליסטע אויפגעשריבענע

נעמען און געהייסן די אַלע אַרויסגיין. קינדער האָבן זיך געפּרוּווט באַהאַלטן אונטער די פּריטשעס און ווו זיי האָבן געקענט, אָבער דער גראָבער שטעקן פון ס.ס.־מאַן האָט די אַלע אַרויסגעיאָגט. מען האָט זיי צוגעפירט צום פעלד־טויער און אַרויסגעטריבן. ווען איך מיט נאָך איינִיקע חברים פון אונדזער בלאָק האָבן זיך געווענדט צום בלאָק־פירער, אַז ער זאָל פאַר די קינדער געבן דעם פרישטיק, האָט ער מיט חוזק געענטפערט, אַז זיי דאַרפן שוין נישט קיין עסן, ווייל זיי גייען באַלד אין הימל אַריין.

דאָך איז אונדז געלונגען באַקומען עסן פאַר די קינדער און ווען מיר האָבן זיי עס צוגעטראָגן האָבן מיר די קינדער געטראָפן פאַרוויינטע און בלאַסע. זיי האָבן געציטערט פון טויט־שרעק. פיל פון זיי האָבן שוין נישט געוואָלט נעמען ביי אונדז דאָס ביסל עסן.

איך דערמאָן זיך איין קינד מיטן נאָמען בירנבוים פון ראַדאָם, וואָס האָט צו מיר אַ זאָג־געטאָן: „גיט דאָס עסן מיין ברודער, וועלכער איז געבליבן אין בלאָק. איך דאַרף שוין נישט קיין עסן!".

דעם ווייטיק און פּיין איז פּשוט נישט צו באַשרייבן. עס פעלן ווערטער. איינִיקע טעג שפּעטער איז ווידער פאָרגע־קומען אַ סעלעקציע. דאָס מאָל אויף אַלע קראַנקע אין „שפּי־טאָל". עס איז געווען שרעקלעך צו קוקן, ווי מען האָט די קראַנקע געטריבן אין די בלויזע העמדער איבערן פעלד גלייך אין דער קרעמאַטאָריע. צווישן זיי האָט זיך אויך געפינען מיין חבר פון ראַדאָם, מאַרעק העפּל, אָבער איך האָב אים לײדער נישט געקאָנט העלפן.

אין דער צייט פון מיין זיין אין אוישוויץ האָט אין לאַגער עקזיסטירט אַן אונטערגרונט־באַוועגונג, וועלכע האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן אויפצורייסן די קרעמאַ־טאָריעס. דער פּלאַן האָט זיך טראַגיש פאַרענדיקט, ווייל עס האָט צו די צרות זיך אויך געפונען אַ פאַררעטער, וועלכער האָט צוגעטראָגן צו די דייטשע מערדער וועגן דעם פּלאַן. אַ טייל פון די געכאַפּטע חברים פון דער אונטערגרונט־אָרגאַניזאַציע זענען דערשאָסן געוואָרן, אָבער אַ טייל פון זיי איז געלונגען צו אַנטלויפן. דאָך האָט זיך איינגעגעבן די קרע־מאַטאָריע אויפצורייסן.

## אין לאַגער „ליבע ראָזאַ"

דאָס איז געווען אַ נייער לאַגער אין דער ריכטונג צו בערלין. די ס.ס.־לייט האָבן אונדז אַריינגעטריבן אין אַ ליידיקן באַראַק אָן פענצטער און אויך אָן קאָצן זיך צוצודעקן. צו דער אַרבעט האָט מען אונדז געטריבן 8 ק"מ פון לאַגער און מען האָט אונדז געצווינגען אַרבעטן אין די שווערסטע באַ־דינגונגען, באַזונדערס ווינטער, ווען דער פראָסט איז דער־גאַנגען ביז 20 גראַד. מיר זענען נישט געווען אָנגעטאָן, אָן אַ מאַנטל, אין קעלט און הונגער. די באַדינגונגען זענען געווען אומדערטרעגלעכע. יעדן טאָג זענען געשטאָרבן פון קעלט און הונגער אַרום 30 פערזאָן. אין משך פון צוויי מאָ־נאַטן זענען מיר געבליבן 500 מאַן פון 1200, וועלכע זענען אַהערגעבראַכט געוואָרן מיט אונדזער טראַנספּאָרט פון אוישוויץ.

יעדן טאָג האָט מען געזען פירן אויף וועגעלעך (טאַטש־קעס) פאַרפרוירענע פון קעלט און געשטאָרבענע פון הונגער. מיר האָבן דעם לאַגער גערופן „קאַלטער קרעמאַטאָריום". מיר האָבן געפילט, אַז אויב דאָס וועט נאָך לענגער דויערן, וועט קיין איינער נישט בלייבן ביים לעבן, ווייל מענטשן זענען דאָ אַוועקגעפאַלן און אויסגעשטאָרבן, ווי פליגן.

אָנהייב יאַנואַר 1945 איז ווידער פאָרגעקומען אַ רעגי־סטראַציע פון פאַכלייט און דעם 21־טן יאַנואַר האָט מען אונדז אַלע ווידער צוזאַמענגענומען, אַרויפגעלאָדן אויף אָפענע לאַסט־אויטאָס און ווידער געפירט. דער פראָסט און די קעלט זענען געווען גרויס. מיר זענען געזעסן באַרוועסע און אָן וועש. אין דעם מצב זענען מיר אָנגעקומען קיין זאַקסענהאַוזען.

## אין זאַקסענהאַוזען

דער לאַגער האָט זיך געפונען דריי קילאָמעטער פון אָראַ־ניענבורג. דאָרט זענען געווען אינטערנירט אַרום 80,000 העפטלינגען: יידן און קריסטן. עס האָבן זיך דאָ אויך גע־פונען איינִיקע פאַליאַקן פון טאָמאַשאָוו און צווישן זיי דער געוועזענער בירגערמייסטער סמולסקי (פירער פון דער טאָ־מאַשאָווער פ.פ.ס.־פּאַרטיי).

זיי זענען שוין פון לאַנג דאָ געווען אין דעם דאָזיקן לאַגער און געקומען באַזוכן די יידן פון טאָמאַשאָוו, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן מיטן לעצטן טראַנספּאָרט.

און ווידער האָבן מיר אַדורכגעמאַכט אַ דעזינפעקציע און געמוזט טוישן די קליידונג. ווען מיר זענען אַרויס פון באָד אין די „נייע" בגדים האָבן מיר געוויינט און געלאַכט קוקנדיק איינער אויפן צווייטן. אַ הויכן האָבן זיי באַשלייערט מיט קורצע הויזן און אַ נידעריקן מיט לאַנגע. עס איז באמת געווען אַ טראַגי־קאָמעדיע אונדז אָנצוקוקן.

מיר זענען אַריין אין באַשטימטן פאַר אונדז בלאָק, אָבער עס איז ניט געווען קיין פּלאַץ ווו זיך אַוועקצולייגן.

צוליב דער ענגשאַפט האָט מען אונדז נאָך דריי וואָכן זיין אין זאַקסענהאַוזען אָפּגעשיקט אין אַן אַנדער לאַגער, 30 קילאָמעטער פון דרעזדען. דאָס איז געווען אַ קליין אָרט־שאַפט — ניסטען, ווו עס איז געווען אַ פאַבריק פון עראָפּלאַן־טיילן.

מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ קעלער און מיר

זענען אויסגעשטאַנען געברענטע צרות פון דעם בלאָק־עלטסטן, אַ גרויסער רוצח.

מיר האָבן געאַרבעט 12 קילאָמעטער פון לאַגער אין אַן אָרט מיטן נאָמען ראָזנווין. צו דער אַרבעט זענען מיר געפאָרן מיט דער באַן, נאָך 4 שעה שלאָפן יעדע נאַכט.

מיר האָבן געאַרבעט 12 שעה אַ טאָג ביי די שווערסטע אַרבעטן, ווי גראָבן קאַנאַלן, גיסן מעטאַל און דערביי האָבן די קאַפּאָס נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ.

ספּעציעל האָבן זיך אויסגעצייכנט אין זייער ברוטאַליטעט כלפּי די יידן די קאַפּאָס פריץ נאסס און פּאַול באַנעפעלד, ווי אויך דער היטלעריסטישער פאַבריק־מייסטער.

פאַרשטענדלעך, אַז די אַלע באַדינגונגען, ווי אויך דער הונגער און קעלט האָבן גורם געווען, אַז מענטשן זענען קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן, אָדער פאַרמאַטערט געוואָרן צום טויט. מיר איז געלונגען צו אַרבעטן ביי מיין פאַך, ביי זייגערמאַכעריי און דאָס האָט מיך געראַטעוועט פון טויט.

דעם 10־טן אַפּריל 1945 האָט מען אָנגעהויבן עוואַקואירן דעם לאַגער. מיר זענען געטריבן געוואָרן צופוס פון דאָרף צו דאָרף אַהין און צוריק, ווייל פיל וועגן זענען שוין געווען פאַרשטעלט. קיין עסן האָבן מיר נישט באַקומען, האָבן מיר געגעסן גראָז. און ווען מיר האָבן געטראָפן אין אַ דאָרף אַ קעלער מיט קאַרטאָפל, האָבן מיר געגעסן די רויע קאַרטאָפל. פון 360 מאַן, וועלכע האָבן אַרויסמאַרשירט, זענען מיר געבליבן נאָר 120. פיל זענען געפאַלן אונטערוועגנס און פיל איז געלונגען צו אַנטלויפן. אַזוי זענען מיר אָנגעקומען אין דעם טשעכישן שטעטל לייטמעריץ, ווו עס האָט זיך געפונען אַ לאַגער מיט אונטערערדישע פאַבריקן און פיל אוקראַינישע ס.ס.־לייט האָבן אונדז געמאַכט אַן „אויפנאַמע" מיט זייערע שטעקנס און גומיס.

2 יידן זענען מיר נאָר געבליבן צווישן די אָנגעקומענע. דאָס בילד אַרום דעם לאַגער איז נישט צו באַשרייבן, ווייל אויך דער לאַגער האָט זיך געגרייט צום עוואַקואירן. אויף די פעלדער זענען געזעסן און געלעגן מענטשן־שקעלעטן און געוואַרט אויף זייער ווייטערדיקן גורל.

באַלד זענען אָנגעקומען לאַסט־אויטאָס און מען האָט די מענטשן אַרויפגעוואָרפן אויף זיי און אַוועקגעפירט אויף זייער לעצטן וועג.

מיר זענען געשטאַנען אויפן פעלד און באַלד האָט מען צו אונדז צוגעפירט אַ גרופּע פון אַרום 300 מאַן. די ס.ס.־לייט האָבן געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן זאָלן אַרויס. מיין פּוילישער לאַגער־חבר האָט מיר נישט געלאָזט זיך מעלדן און מיר האָבן זיך פאַרשריבן צום פּוילישן טראַנספּאָרט. נאָכן געבן אונדז עפּעס עסן, האָבן זיי אונדז ווידער געטריבן צו דער באַן־סטאַציע און אַריינגעשטופּט אונדז צו 80 מאַן אין אַ לאַסט־וואַגאָן. אין אַ צווייטן וואַגאָן נעבן אונדזערן זענען אַריין די אוקראַינישע און פּוילישע אויסוואָרפן.

מיר זענען אַזוי צוגעקומען ביז צו דער סטאַציע לוביע־שווו. דאָ האָבן אונדז איבערגענומען ס.ס.־לייט פון אַן אָפיצירן־שולע. זיי זענען גלייך צוגעטראָטן זוכן יידן. די יונגע דייטשע באַנדיטן זענען געגאַנגען פון וואַגאָן צו וואַגאָן און געזוכט. איך בין געלעגן ביי דער טיר פון אונדזער וואַגאָן און נעבן מיר איז געלעגן אַ קריסטלעכער העפטלינג. ווען זיי האָבן אויפגעמאַכט אונדזער וואַגאָן און געפרעגט צי עס זענען נישטאָ קיין „יודען" האָבן מיר געענטפערט „ניין".

איך האָב געזען, אַז איך בין אויסגעשטעלט אויף טויט, האָב איך באַשלאָסן צו אַנטלויפן און ווען מען האָט דערלויבט אַראָפּגיין פון די וואַגאָנען האָב איך זיך געמאָלדן צום דאָקטאָר, אַ פּאָליאַק פון וואַרשע, און געבעטן מיך אונטערזוכן, ווייל איך בין קראַנק. ער האָט מיך געהייסן אַוועקזעצן צווישן די קראַנקע. די ס.ס.־באַנדיטן זענען יעדעס מאָל געקומען און צוריקגעיאָגט אין די וואַגאָנען. איך האָב זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן צווישן די קראַנקע און ווען דער צוג איז אָפּגעפאָרן האָט אונדז, די גרופּע קראַנקע, דער „רויטער קרייץ"־אַמבולאַנס אָפּגעפירט אין שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ קלויסטער. מען האָט אונדז געטרייסט, אַז די דייטשן האָבן דאָ נישט קיין צוטריט.

דעם 1־טן מאַי 1945, איז געקומען אַ גרופּע דאָקטוירים וועלכע האָט אונדז אונטערזוכט און נישט דערלויבט עסן אויסער אַ סוכאַר מיט אַ ביסל זופּ. איך האָב געווויגן העכער 30 קילאָ. עס זענען געקומען צו אונדז מענטשן פון דער טשעכישער אונטערגרונט־באַוועגונג און איבערגעגעבן, אַז די באַפרייאונג דערנענטערט זיך.

דעם 7־טן מאַי 1945 זענען מיר ענדלעך באַפרייט געוואָרן, אָבער איך בין נאָך געווען געצוווּנגען בלייבן אייניקע וואָכן אין שפּיטאָל ביז איך האָב געקענט ווידער שטיין אויף די פיס.

איבערגעגעבן פאַר דער היסטאָרישער קאָמיסיע
אין לייפּהיים, אַמעריקאַנער זאָנע, דעם 7.1.1947

# זכרונות פון א קינד

איך בין 9 יאָר אַלט. ביזן יאָר 1943 בין איך געווען מיט מיינע עלטערן אין געטאָ טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק.

ווען מען האָט די יידן אויסגעזידלט פון שטאָט האָט מען מיך מיט מיינע עלטערן געשיקט אין לאַגער סטאַראַ־כאָוויצע. איך האָב דאָרט אַדורכגעמאַכט אַ זייער שווערע און שרעקלעכע צייט, ווייל אָפטמאָל האָבן מיך מיינע עלטערן געמוזט אויסבאַהאַלטן, אַז די ס.ס.־לייט זאָלן מיך ניט געפונען.

איך דערמאָן זיך, אַז אַמשרעקלעכסטן איז געווען, ווען מען האָט געכאַפּט די קינדער און געפירט זיי צום פאַר־ברענען. מיך און נאָך איניקע קינדער האָט מען אויסבאַהאַלטן אין אַ דאָפּלטן סופיט און אויף אַזאַ אופן בין איך געבליבן לעבן.

אין יאָר 1944 האָט מען אונדז געשיקט קיין אוישוויץ. מיין מזל איז געווען, וואָס אין דעם טראַנספּאָרט האָט מען נישט אַדורכגעפירט קיין סעלעקציע און איך בין דערווייל געבליבן לעבן. אין אוישוויץ האָב איך שטאַרק געהונגערט און אָפטמאָל געווען שווער קראַנק אויף פאַרשידענע קראַנק־הייטן. פאַרשטענדלעך, אַז מיינע עלטערן האָבן געטאָן אַלץ, אַז איך זאָל בלייבן לעבן. מען האָט מיר אין אוישוויץ אויס־טאַטואירט דעם נומער A־27633.

איך דערמאָן זיך אויך דעם גרעסטן מערדער פון אויש־וויץ מענגעלע, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די סעלעקציעס. איין מאָל האָט ער אונדז געוואָלט צונעמען פון די עלטערן, אָבער די מוטערס האָבן אַזוי געוויינט, אַז ער האָט געזאָגט, אַז ער וואַרט נאָך אויף אַ באַפעל פון דער העכערער מאַכט.

עס וועט מיר אייביק בלייבן איינגעקריצט אין זכרון ווען מען האָט אונדז, קינדער, געפירט אין גאַז־קאַמער צום פאַר־גאַזן און פאַרברענען. מען האָט אונדז באַפוילן זיך אויסטאָן נאַקעט און מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אונדזער קורץ לעבן האָט זיך פאַרענדיקט, אָבער אויך דאָ איז עפּעס געשען אַ נס. מען האָט אונדז אַלע נאַקעטע קינדער געהאַלטן אַ פּאָר שעה און צום סוף צוריקגעשיקט צו אונדזערע מוטערס אין די באַראַקן.

דאָס וואָס איך האָב אַדורכגעלעבט אין אוישוויץ וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דעם 27־טן יאַנואַר 1945 זענען מיר באַפרייט געוואָרן דורך די רוסן, וועלכע זענען זיך מיט אונדז באַגאַנגען, ווי מיט אייגענע קינדער.

איבערגעגעבן אין דער היסטאָרישער קאָמיסיע
אין לאַנדסבערג דורך **טובה גראָסמאַן**,
שילערין פון דער 2־טער קלאַס פאָלקס־שול.

# אין קאנצענטראציע־לאגער

**שמואל מעלדונג**

אין בירקענאַו איז דער הימל רויט,
אין בירקענאַו הערשט דער מלאך פון טויט;
און דער ריח פון מענטשלעכע העקאַטאָמבעס
שטיקט איבעראַל!
ער מאָנט, ער וועקט,
ער לאָזט נישט פאַרגעסן
אין ברידער, אין שוועסטער,
אין טאַטן, אין מאַמען,
אין אַלע, וואָס זענען פאַרפייניקט,
פאַרשוווּנדן אין פלאַמען! —
אַ חלום אַ וויסטער,
עס גלייבט זיך דיר קוים,
דו פילסט אָבער באַלד —
עס איז נישט קיין טרוים!
אַלץ וואָס קומט אין לאַגער
אַריין דורך די טויערן,
פאַרשווינדט דורך די קוימענס
פון די גרויזאַמע מויערן.
און דו ביסט צו אַלעם גרייט
עס טוט דיר נאָר באַנק —
פאַרוואָס נישט שוין?!
ווער ווייס, ווי לאַנג
עס וועט דויערן די גסיסה,
וועט לאַנגען דער פיין
פון צוזען דאָס אַלץ
און פאַרשאָלטן אַליין,
אין הונגער און נויט,
וואַרטן אויף דעם מלאך המוות —
האָפן אויפן טויט!

# ראש־השנה אין אוישוויץ

וואָלף גאַרפינקעל

אין בליזשין, אַ קליינע אָרטשאַפט, וואָס געפינט זיך צווישן ראַדאָם און סקאַרזשיסקאָ, איז געווען אַן אַרבעטס־לאַגער, ווו עס האָבן זיך געמאַטערט איבער צוויי טויזנט יידן, דערונטער מענער, פרויען און קינדער פון פאַרשידענע שטעט אין פוילן. צווישן זיי האָבן זיך געפונען עטלעכע הונדערט טאָמאַשאָווער, וועלכע זענען אין מאַי 1943 עוואַקואירט געוואָרן אין דעם דאָזיקן לאַגער.

אין 1944 (תשעה־באב) האָט זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציע פון בליזשינער לאַגער. מען האָט אונדז אַריינגעפּאַקט אין געשלאָסענע בהמות־וואַגאָנען, געפירט אָן אַ סוף, ביז מען האָט אונדז געבראַכט קיין אוישוויץ.

נאָכן אַדורכגיין אַלע פורעניותן, וואָס אַ ניי־געקומענער קיין אוישוויץ מוז אַדורכגיין, זענען מיר שפּעט נאָך האַלבער נאַכט אַרויפגעטריבן געוואָרן אויפן פעלד „אַ“, דאָרט, ווו עס האָט זיך געפונען דער דורכגאַנגס־לאַגער; דאָרט, ווו מען האָט אַרויסגעגעבן די געשטרייפטע קאַצעט־בגדים; דאָרט, ווו מען ווערט אַן אמתדיקער קאַצעטלער...

נאָכן אויסגעליידיקט ווערן פון דעם צלם אלוקים, נאָכן פאַרלירן דעם מענטש־אויסזען — זענען מיר, די פריש־אָנגעקומענע, צוגעטיילט געוואָרן צום בלאָק נומער 10.

דעם זעלבן טאָג האָט מען קיין אוישוויץ געבראַכט אַ טראַנספּאָרט מיט קינדער. בלויז ייִנגלעך. זיי זענען געהיט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלער וואַך. הונדערט־ניין־און־צוואַנציק ייִנגלעך — פון אַכט ביז פופצן יאָר. אויך זיי האָט מען צוגעטיילט צום בלאָק נומער 10. די אָרעמע יידישע קינדער האָבן געשטאַמט פון קאָוונע, פון וואַנען די נאַצי־מערדער האָבן זיי עוואַקואירט, צוזאַמען מיט זייערע עלטערן קיין דייטשלאַנד. דאָרט זענען דורכגעפירט געוואָרן „סעלעקציעס“: זייערע טאַטעס און עלטערע ברידער האָט מען געשיקט קיין לאַנדסבערג; די מאַמעס און די ייִנגערע ברידערלעך און שוועסטערלעך — קיין שטוטהאָף. דאָ איז פאָרגעקומען דאָס לעצטע, דאָס גרויזאַמסטע: די ייִנגלעך זענען אַוועקגעריסן געוואָרן פון זייערע מאַמעס און אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ.

כמעט אַלע פון די 129 ייִנגלעך זענען געווען רעליגיעז־דערצויגן, האָבן געהאַט מיט זיך סידורלעך און תפילין אין דעם צענטן באַראַק האָבן זיך געפייניקט צוזאַמען זעקס הונדערט יידן.

און אָט האָט געטראָפן דאָס ערשטע אומגליק:

איינס פון די קינדער איז קראַנק געוואָרן אויף שקאַרלאַטינע. די „גוט־האַרציקע“ נאַצי־דאָקטוירים האָבן מורא געהאַט, אַז אַנדערע בלאָקן זאָלן זיך, „חלילה“, נישט אָנשטעקן מיט דעם קינדס חולאת — האָבן זיי פאַראָרדנט אָפּצושליסן דעם צענטן באַראַק. פאַרמאַכן די טירן און קיינעם נישט אַרויסלאָזן פון דאָרט. 21 טעג האָט געדויערט דער „פאַרהיטונגס“־גזר. דריי וואָכן איזאָלאַציע פאַר זעקס הונדערט נפשות. אין דער דאָזיקער צייט האָבן נאָך איניקע קינדער זיך אָנגעשטעקט מיט דער שקאַרלאַטינע־קראַנקהייט. די לאַגע איז געוואָרן גרויזאַם.

פלוצים איז געקומען אַ נייע פאַראָרדענונג: אָפּשליסן דעם באַראַק אויף אַן אומבאַשטימטן טערמין. צווישן די אָפּגעשלאָסענע קאַצעטלער איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע פּאַניק: מען גרייט זיך צו פאַרברענען דעם גאַנצן בלאָק צוזאַמען מיט די מענטשן, כדי אַזוי אַרום פּטור ווערן פון די קראַנקע, וועלכע קענען באַדראָען די איבריקע בלאָקן.

דער בלאָק איז געבליבן פאַרמאַכט — אָן אַן אויסוועג. עס זענען אָבער געווען יידן אָפּטימיסטן אין צענטן בלאָק, וועלכע האָבן געזען אין אַלץ אַן אצבע אלוקים: אַזוי ווי עס דערנענטערן זיך די ראש־השנה־טעג וועט מען טאַקע דאָ, אין דער אָפּגעשלאָסענער תפיסה, האָבן אַ מעגלעכקייט צו דאַוונען בציבור.

די ראש־השנה־טעג זענען אָנגעקומען. דער בלאָק איז נאָך אַלץ געווען אַ געשלאָסענער. די יעניקע, וועלכע האָבן דווקא אין דעם געזען דעם רצון השמים — האָבן אָנגעהויבן צוצוגרייטן דעם מנין. יידן בעלי־תפילות זענען אויך דאָ: דער טשענסטאָכאָווער חזן, כאַלעוואַ הי״ד; דער שוחט פון וואָלאַנאָוו, ר׳ הערשל הי״ד; דער טיף־רעליגיעזער ייד ר׳ יהושוע מינץ פון אָסטראָווצע און נאָך פרומע יידן.

קיין מחזורים האָבן מיר נישט געהאַט. סידורים זענען געווען ביי די קאָוונער קינדער. מען האָט קיין מחזור דערווייל נישט געקענט באַקומען. וואָס טוען יידן? מען האָט זיך גענומען דערמאָנען פאַרשידענע תפילות, פיוטים און זיי פאַרשריבן אויף שטיקלעך פּאַפּיר און אַזוי אַרום געשאַפן אַ געשריבענעם מחזור. (איינע אַזאַ געשריבענע תפילה איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן און זי געפינט זיך אין „ייוואָ“).

הגם דער בלאָק נומער 10 איז געווען אַ געשלאָסענער און קיינער האָט אים נישט פאַרלאָזט, האָבן יידן פון אַנדערע בלאָקן זיך דערוווּסט, אַז דער איזאָלירטער בלאָק צען גרייט אַ מנין מיט אַ פּראָפעסיאָנעלן חזן. ערב ראש־השנה האָבן מיר אַריינבאַקומען אַ מחזור און עטלעכע ליכט און צומאָרגנס האָט מען געפּראַוועט ראש־השנה אין אוישוויץ.

דאָ, אין אוישוויץ, האָט יעדער איינער דערפילט דעם גזר־דין, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף דעם אייראָפּעאישן יידנטום. דער „ונתנה תוקף“ האָט זיך דאָ אָפּגעשפּיגלט אין

אַלע זיינע וואַריאַציעס. דער „מי למות"... און אַלע אַנדערע פּורעניותן.

אַמשטאַרקסטן האָט דאָס דאַוונען געווירקט אויף די הונ־דערט־ניין־און־צוואַנציק יינגלעך, וועלכע זענען דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבן געווען אָפּגעריסן פון זייערע טאַטע־מאַמע.

דער ערשטער טאָג ראש־השנה איז אַדורך רואיק, אָן שטערונגען. אויף דעם צווייטן טאָג האָט מען זיך גענומען גרייטן כעלות השחר, אָבער עפּעס אַ פאַרגעפיל האָט געשראָקן: מען האָט זיך דערוווסט, אַז דווקא אין די יידישע יום־טובים פירן אַדורך די נאַציסטע רוצחים זייערע „סעלעקציעס" און כלערליי גרויזאַמקייטן. מען האָט זיך געשטעלט דאַוונען, ווי אין ערשטן טאָג ראש־השנה — מער געוויינט, ווי געדאַוונט...

אַרום מיטאָג־צייט, ווען מען האָט זיך געגרייט צו „מוסף", האָט זיך פּלוצים צעקלונגען דער גלאָק, רופנדיק אַלע בלאָק־קאַפּאָס. דאָס איז געווען אַ צייכן, אַז עפּעס דאַרף געשען.

עטלעכע מינוט שפּעטער איז אַריין אונדזער בלאָק־קאַפּאָ, אַנזאָגנדיק, אַז אַלע יידן מוזן גלייך אַרויס אויפן אַפּעל־פּלאַץ, ווייל עס דאַרף פאַרקומען אַ „געזונטהייטס־איבערזיכט".

מען האָט שוין נישט געדאַוונט קיין „מוסף". די תפילות זענען איבערגעריסן געוואָרן, ווי זיי וואָלטן געבליבן הענגען פאַרשטאַרט...

קליינע יידעלעך און גרויסע יידן זענען געשטאַנען נאַקעטע פאַר דעם שופט, פאַר דעם מלאך־המוות. געוואַרט אויף זיין משפט, אויף זיין גזר:

— מי לחיים ומי למוות...

די „סעלעקציע" איז פאַרגעקומען דעם צווייטן טאָג ראש־השנה. דורכגעפירט האָט די „סעלעקציע" דער מערדער־דאָקטאָר מענגעלע, ימ"ש. ער האָט געהייסן אַלע זיך אויס־שטעלן אין באַזונדערע רייען. די קינדער באַזונדער. פון די 129 האָט ער געהייסן פאַרנאָטירן 89 נומערן — נישט קיין נעמען, נאָר נומערן (אין אוישוויץ זענען אַלע געווען טאַטואירט, אויסגעברענטע נומערן אויפן לינקן אָרעם). די קינדער האָבן נעבעך נישט תופס געווען וואָס דאָס באַדייט. פון די עלטערע האָט ער געהייסן פאַרשרייבן פיר נומערן. (צווישן זיי, האָט זיך געפונען אַ טאָמאַשאָווער יונגערמאַן, וועמענס נאָמען איך געדענק שוין נישט).

דער דייטשער סאַדיזם איז געווען אַזאַ צינישער, אַז דער שרייבער, וועלכער האָט באַגלייט דעם טייוול אין מענטשלעכן געשטאַלט, דעם ד"ר מענגעלע, איז דווקא געווען אַ ייד. דער ייד האָט געדאַרפט זיין דער אויספירער פון זיינע מערדערישע קאַפּריזן. דער „איבערזיכט" איז פאַרענדיקט. מיר זענען צוריק אַריין אין בלאָק. מען האָט פאַרענדיקט די ראש־השנה־דיקע תפילות, די געוויינען, וואָס זענען פאַרטריקנט געוואָרן אויף 600 פנימער.

און די קינדערלעך צווישן זיך האָבן זיך געטרייסט, אַז ווארשיינלעך וועט מען זיי איבערשיקן אין אַ קינדער־לאַגער, אָדער גאָר אויף אַ צווייט פעלד. זייערע קינדערישע מוחלעך האָבן אַנדערש נישט געקענט דאָס אויסטייטשן, בפרט ווען אין דער צייט פון די עטלעכע וואָכן, וואָס זיי האָבן זיך געפונען אין אוישוויץ, האָט מען זיי געקאָרמעט מיט אַן עקסטראַ קינדער־פאַרפלעגונג, וואָס איז באַשטאַנען פון ווייסע זעמל מיט פּוטער (נישט קיין ערזאַץ), זיסע מאַגע מיט מילך און געזיסטע מילך מיט צוקער. אין דעם איז באַשטאַנען דער דייטשער סאַדיזם און ציניזם: פאַרטושן די מוחות פון קליין און גרויס.

דעם זעלבן טאָג — דעם צווייטן טאָג ראש־השנה פון יאָר ניינצן־פיר־און־פערציק — אין די פאַרנאַכט־שעהן, האָט מען די 89 קינדער און די פיר עלטערע אַרויסגענומען פון אונדזער בלאָק. זיי האָבן זיך געזעגנט מיט זייערע איבערגעבליבענע חברים, מיט די עלטערע פון בלאָק, וועלכע האָבן זיך מיט זיי באַפריינדעט אין לויף פון דער צייט.

קיינער פון זיי האָט נישט געוויינט. געווען בלויז איין פאַל, ווען מען האָט געוואָלט צעשיידן צווי ברידערלעך האָבן זיי אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. דער עלטערער איז מיטגעגאַנגען מיטן יונגערן.

מען האָט אַלעמען אַוועקגעפירט אויפן פעלד „ע" — אויף יענעם פעלד אין אוישוויץ, ווו עס האָט זיך געפונען די גאַז־קאַמער און קרעמאַטאָריע...

אונדזער בלאָק איז פאַריתומט געוואָרן. עס האָט געהערשט אַן אבילות־שטימונג. עס האָבן אויפגעהערט די קלינגענדיקע שטימעלעך פון די טייערע יידישע קינדערלעך. פאַרוואָס איז עס אייך געקומען, פאַרוואָס? פאַרוואָס איז געווען אַזוי גרוי־זאַם אייער גזר?...

זאָל עס פאַרצייכנט ווערן לדורות — וואָס די היטלער־מערדער, ימח שמם, האָבן אָפּגעטאָן מיטן יידישן פאָלק.

# א סדר־נאכט אין לאַנדסבערגער קאַצעט

## זאב ברקת (וואָלף גאַרפינקעל)

דעם 24־טן אָקטאָבער 1944 זענען מיר, אַ גרופּע פון 1200 ייִדן, עוואַקואירט געוואָרן פון אוישוויץ אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. נאָך 3 טעג פאָרן זענען מיר אָנגעקומען קיין קאַופּרינג און גלייך פון באַנהאָף צוגעפירט געוואָרן צום דערנעבן ליגנדיקן לאַגער 3. פון דאָרט זענען מיר נאָך אין דער זעלבער נאַכט צעטיילט געוואָרן אין גרופּן און צעשיקט געוואָרן אין די אַרומיקע לאַגערן.

אונדזער גרופּע, אַן ערך 300 מאַן, איז צוגעטיילט געוואָרן צום לאַגער 1 אין לאַנדסבערג, ווו מיר זענען אָנגעקומען 5 אַזייגער פאַרטאָג צום פרימאָרגן־אַפּעל.

דער אַפּעל האָט געמאַכט אַ שוידערלעכן איינדרוק. עטלעכע רייען — פון דערוויייטנס איז געווען שווער אונטערצושיידן, צי דאָס זענען לעבעדיקע באַשעפענישן — אָנגעטאָן אין פּאַפּירענע צעמענט־זעק, אין הויכע פּאַפּירענע היטלען, זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין שטרענגער שטייפקייט. פון דער ווייטנס נאָך האָבן זיך צו אונדז, אָנקומענדע, דערטראָגן יעלות. דאָס האָט מען געשמיסן עטלעכע פון די לעבעדיקע מתים.

שוין ביים אָנקומען זענען מיר שטאַרק אָנגעשראָקן געוואָרן דורך אַ ייִדישן קאַפּאָ בורשטין, אַ ווילנער, וועלכער האָט אויף זיין געוויסן צענדליקער ייִדן. ער האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז מיר זענען אָנגעקומען אין אַן אָפּטיילונג פון דאַכאַו און אַז קיינער פון אונדז וועט נישט אַרויס קיין לעבעדיקער.

אונדזער גאַנצע גרופּע איז צוגעטיילט געוואָרן צו אַרבעט אין דער טרויעריק־באַרימטער פירמע „מאָלל״, ווו יעדער איינער פון אונדז האָט געהאָרעוועט צו 12 שעה אַ מעת־לעת. די שווערע באַדינגונגען אין לאַגער האָבן דערפירט צו דעם, אַז אין פאַרלויף פון עטלעכע חדשים זענען אין לאַגער 1 אומגעקומען אַ פּאָר טויזנט לאַדזשער ייִדן (אַרויסגעשיקט פון לאָדזש מיט די לעצטע טראַנספּאָרטן אין יאָר 1944).

באַלד נאָך ניי־יאָר 1945 האָט זיך די לאַגע אַ ביסל פאַרבעסערט. די אָפטע לופט־אַלאַרמען און די אַלגעמיינע פּאָליטישע לאַגע האָבן דערפירט צו דעם, אַז מיר זענען נישט אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט אין משך פון 3 וואָכן, כלומרשט צוליב דעם, וואָס מיר פאַרשפּרייטן אַנשטעקנדע קראַנקהייטן. די דאָזיקע 3 וואָכן אָפּרו זענען געווען פאַר אַלעמען אַ גרויס געווינס. עס האָבן זיך דאַן פאַרשפּרייט צווישן אונדז פאַרשידענע קלאַנגען, פון וועלכע איינער איז געווען דער איינגעשפּאַרטסטער און נעמלעך, אַז מיר וועלן באַקומען פּאַקעטן פון שווייצאַרישן „רויטן קרייץ״.

דער דאָזיקער קלאַנג האָט זיך צו אונדזער גליק באַשטעטיקט. אין אַ געוויסן זונטיק־טאָג האָט מען אויפן אַפּעל־פּלאַץ אויסגעשטעלט 2 לאַנגע טישן, נעבן וועלכע עס זענען געשטאַנען גרויסע קאַסטנס מיט פּאַקעטן. יעדער איינער איז צוגעגאַנגען צום טיש, אויפגעשריבן אויף אַן עקסטרע קאַרטל פון „רויטן קרייץ״ זיין לאַגער־נומער (אין די דייטשע קאַצעט־לאַגערן האָט מען נישט געהאַט קיין פאַמיליען־נאָמען, נאָר אַ לאַגער־נומער) און דערהאַלטן: 1 ק״ג האַרטן צוקער, 20 שטיק ציגאַרעטן, אַ שאַכטל סאַרדינען און אַ פּושקע מילך.

אונדזער פרייד איז געווען נישט צום באַשרייבן. צומאָרגנס איז גראָד אויסגעפאַלן פּורים און אַ טייל פון די פרומערע ייִדן האָט איינגעאָרדנט דאָס לייענען פון דער מגילה. געלייענט האָט הרב שניעג פון אַ חומש. די פּורים־סעודה האָט מען געפּראַוועט כדת וכדין.

נאָך פּורים זענען מיר ווידער אַרויס צו דער אַרבעט. די אַרבעט אָבער איז שוין געווען אַ לייכטערע. די דייטשע פאַראַרבעטער האָבן וויט נישט פאַרמאָגט דעם אַמאָליקן ברען. איינער דעם אַנדערן האָט איבערגעגעבן פאַרשידענע ידיעות פון די פראָנטן און מיר האָבן געפילט, אַז דער טאָג פון זייער סוף איז נאָענט.

אין דער וואָך פון פּסח האָבן מיר אַ טראַכט געטאָן וועגן מצות און אַרומגעקוקט זיך נאָך אַ פּאַסנדער פּערזאָן, וועמען מען זאָל קענען אָנפאַרטרויען די אויפגאַבע. געטאָן האָט עס ה׳ פרידמאַן פון באַקליידונגס־אַמט אין לאַגער 1, איינער פון די אויפריכטיקסטע און ערלעכסטע מענטשן, וואָס האָט זיך פאַרשטענדיקט מיטן הרב שניעג און צוגעגרייט מצות. ווו און ווען די מצות זענען געבאַקן געוואָרן איז געבליבן פאַר אונדז אַ סוד.

ערב פּסח נאָכמיטאָג האָבן מיר געמאַכט די לעצטע צוגרייטונגען צום סדר: צוגעקלאַפּט צו דער פּריטשע אַ ברעט, וואָס האָט געזאָלט דינען אַלס טיש און פון געברענטן צוקער מיט וואַסער געמאַכט ווין אויף אַרבע כוסות. פון מרור זענען מיר געווען פּטור, ווייל דאָס האָבן מיר געהאַט אַ גאַנץ יאָר.

ווען אַלץ איז שוין געווען כמעט פאַרטיק, איז אַרויסגעשווומען די פראַגע, ווו נעמט מען אַן הגדה. מיר זענען געלאָפן פון איין באַראַק צום צווייטן, געזוכט, געפרעגט, ביז מיר האָבן אויסגעפונען אַן עלטערן ייִד מיט אַ סידור, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען די הגדה. נישט אַזוי לייכט האָט ער דעם סידור אויסגעבאָרגט. ער האָט פאַרלאַנגט אַן אָפּצאָל נישט מער און נישט ווייניקער, ווי 10 געקאָכטע קאַרטאָפל. דאָס איז געווען אין אונדזערע באַדינגונגען אַ זייער טייערער פּרייז. נאָך לאַנגע דינגענישן זענען מיר דורכגעקומען און אַרויסגעגעבן פאַרויס 6 געקאָכטע קאַרטאָפל. (און זאָל, חלילה,

נישט שלעכט אויסגעטייטשט ווערן דער פאַקט, וואָס אַ ייד האָט זיך געהייסן באַצאָלן פאַרן אויסבאָרגן אַ סידור. דער דאָזיקער ייד איז געווען אַ קראַנקער און צעבראָכענער מענטש. ער האָט כאָטש געוואָלט האָבן די עטלעכע קאַרטאָפל, כדי אַזוי אַרום נהנה זיין פון יום־טוב).

פאַרן זעצן זיך צום סדר האָבן מיר נאָך אויסגעפּועלט ביים קאַפּאָ, אַז דאָס עלעקטרישע ליכט זאָל אויסגעלאָשן ווערן 12 אַזייגער ביינאַכט אַנשטאָט 9, ווי דאָס איז געווען אין אַלע אָוונטן.

נאָכן באַוויזן זיך פון די ערשטע שטערן, האָבן מיר אָפּ־געדאַוונט דאָס יום־טובדיקע דאַוונען און זיך געזעצט צום סדר. אונדזער געדעקטער טיש, די שניי־ווייסע מצות פון ווייצן־מעל, האָבן אַרויסגערופן אַן איבעראַשונג ביי אַלע „איינוווינער" פון באַראַק.

ביים קידוש־מאַכן האָבן טרערן געשטיקט און פון צייט־צו־צייט איז אַן אַראָפּפאַלנדיקע טרער אַריין אין קידוש־גלעזל.

דער „הא לחמא עניא" איז געזאָגט געוואָרן מיט אַ גע־בראָכענער שטים. נאָר ווען מיר האָבן געהאַלטן ביים פּסוק „השתא עבדי" איז געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכס. אַ בלאַ־סער יונגערמאַן האָט אויסגעשריגן מיטן גאַנצן כוח, וועלכן עס באַזיצט אַ קאַצעט־מענטש: „שא!". אַלעמענס פּנימער האָבן זיך געווענדט אין זיין ריכטונג. ער האָט שוין נישט גע־שריגן, נאָר געזאָגט מיט אַ באַסאָוועו שטים צו די זיצנדיקע ביים סדר־טיש: יידן, מיר קענען שוין לענגער נישט וואַרטן!

דער „לשנה הבאה" מוז אויסגעבעסערט ווערן אויף „בשנה זו בני חורין". ווי עלעקטריזירט האָט דער גאַנצער באַראַק יידן איבערגעחזרט דעם פּסוק „בשנה זו בני חורין". און די זעלבע שטים, וואָס האָט געשריגן פריער, האָט קרעפטיק אָפּגעענט־פערט: אמן!

מיר האָבן ווייטער געפּראַוועט דעם סדר, נאָר עפּעס האָבן אונדזערע מוחות פיבערהאַפט געאַרבעט און די מאַגישע ווער־טער „בשנה זו" האָבן געוועקט האָפנונגען. נאָכן סדר האָבן מיר געזוכט דעם בלאָסן יונגנמאַן, וועלנדיק אים איינלאַדן צום מאָלצייט. ער איז שוין אָבער לאַנג אַרויס פון באַראַק און מיר האָבן אים נישט געקענט געפינען.

עטלעכע יידן פון צווישן אונדז האָבן זיך איינגעשפּאַרט און נישט געגעסן קיין חמץ אין משך פון גאַנצן יום־טוב.

באַלד נאָך פּסח איז געוואָרן אַ שטאַרקע צערודערונג ביי די דייטשן. מ'האָט אַנגעהויבן עוואַקואירן די אַרומיקע לאַגערן. די קראַנקע און שוואַכע זענען פאַרבליבן אין לאַגער. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות און זיינע צוויי ברידער.

פרייטיק, דעם 27־טן אַפּריל 1945, אַזייגער 5 פּאַרטאָג, זענען מיר באַפרייט געוואָרן דורך דער זיגרייכער אַמעריקאַנער אַרמיי. דער באַפרייאונגס־טאָג איז אויסגעפאַלן פרייטיק, פּסח־שני. מיר האָבן זיך דאַן דערמאָנט די סדר־נאַכט און דעם בלאָסן יונגנמאַן, וועלכער האָט אויסגעשריגן „בשנה זו בני חורין".

# אין די גרויזאַמע טעג

חיים מאַכעבאַנסקי

**(אויפגענומען פון לייב יאַנושעוויטש)**

סעפּטעמבער 1949. דער אָנזאָג פון פּוילישן הערבסט, ווען די זון האָט אָנגעהויבן שיקן אירע שוואַכערע שטראַלן אויף דעם טייל פון ערד־קיילעך, זענען אויף פאַרשוווּנדן געוואָרן אַלע באַגריפן פון מענטשלעכן געזעץ, מאָראַל, עטיק, הומאַניזם און געוויסן. זייער אָרט האָבן פאַרנומען: טעראָר, אויסזיד־לונגען, גזילה און רצח, פאַרניכטונג און אומקום.

נאָך דורות, נאָך הונדערטער יאָרן פון איינוואָרצלען זיך אויף דער פּוילישער ערד, איז ווידער אויף יידן געקומען דאָס געזעץ פון פאַרניכטונג, פון עם נע־ונד, פון אַ פאָלק, וואָס כלפיו הכל הפקר.

ערב ראש־השנה 1939. דער טאָג פון חשבון־הנפש פאַר דעם אַלמעכטיקן, בין איך אַריינגעפאַלן אין דעם ערשטן טראַנספּאָרט פון די געכאַפּטע טאָמאַשאָווער יידן, וועלכע זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַ וואַגאָן פאַר שווערע פאַרברעכער קיין בוכענוואַלד.

בוכענוואַלד, פּונקט ווי אַנדערע צענדליקער לאַגערן, איז געווען דער סימבאָל פון ליידן און אומקום. עס הויבט זיך אָן דער טאָג־טעגלעכער מאַרטירער־וועג פון שרעקלעכע איבער־לעבונגען אין דער באַוווּסטער שטיינהאַקעריי, ווען מענטשן זענען געגאַנגען צו דער קאַטאָרזשנער אַרבעט און אַ סך פון זיי האָבן זיך מער נישט צוריקגעקערט. טאָג איין טאָג אויס די זעלבע שרעקלעכע סצענעס און טראַגעדיעס. יידן גייען צו דער אַרבעט און ווייסן נישט, אַז דאָס איז זייער לעצטער וועג.

איך בין דאַן אין די מיטעלע יאָרן און מיינע כוחות פאַר־לאָזן מיך מיט יעדן טאָג. איך ווער פאַרוואַנדלט אין אַ מענטש־

לעבן שאָטן, וואָס גייט אַריין, ווי אַ סינאָנים אין דער מענטשלעכער שפּראַך: „מוזלמאַן". איך וועג אַ דריטל פון יעדן שטיין, וואָס איך דאַרף שלעפּן מיט מיינע דאַרע הענט באַרג אַרויף.

דער דראַנג צום לעבן און צו זען די פרוי און קינדער איז גרויס. די פאַנטאַזיע אַרבעט מיטן גאַנצן פאַרנעם און איז געווענדעט צו איין ציל: פאַרמיידן די געפאַר, וואָס דראָט אויף טריט און שריט. עס אַנטפּלעקט זיך עפּעס אַן אינערלעכער געהיימער אינסטינקט, אַ רעזערוואַר פון גבורה און חכמה...

מיינע אויגן און האַרץ זענען געווענדעט אַהיים צו דער משפּחה, אָבער צווישן מיר און מיין כוח הדמיון איז פאַראַן אַ מחיצה און איך באַגרייף נישט, אַז דער סענטימענט פון „כרחם אב על בנים" איז ווייט פון זיין רעאַל.

אין יענע גרויזאַמע טעג, אין די יאָרן פון קאָשמאַר פיר איך אין חלום אַ „דיאַלאָג" מיט מיינע קינדער. איך זע זיי בולט שטייך מיט געפלאָכטענע אָרעמס, אַז די געפאַר זאָל נישט צעברעכן זייער אחדות. איך רעד צו זיי: קינדער מיינע, היט אייך אויס, מיידט אויס די געפאַרן, ווייל איר זענט די אַפּוטרופּסים פון שטוב! איר מוזט אַרויס פון דעם אומגליק בשלום!

עס עפענען זיך ביי מיר די אויגן און איך פיל, ווי שוצלאָז און אָן קראַפט איך בין. איך שלינג מיין שפּייעכץ, ווי אַ זיסן זאַפט. עס איז מיר שווער פעסטצושטעלן צי איז דאָס לעבן אַ חלום, אָדער דער חלום קען זיין אַ ווירקלעכקייט.

עס דערוועקט זיך אין מיר די אַסאָציאַציע לגבי דער קללה פון דער תוכחה — „בבוקר תאמר מי יתן ערב ובערב תאמר מי יתן בוקר". אין דער אמתן געזאָגט איז דאָך אַ קללה אַ פּאַראַדאָקס אַנטקעגן דער ווירקלעכקייט, אין וועלכער עס גייען דורך טעג, נעכט, וואָכן און חדשים, וואָס דויערן ווי גאַנצע אייביקייטן.

דער גורל האָט מיך באַשאָנקען מיט קערפּטן און מיט די לעצטע כוחות האָב איך צוגעצויגן ביז צו דער שוועל פון אויסלייזנג און באַפרייאונג.

אין פרילינג 1945 האָט זיך אין לאַגער באַוויזן אַ יידישער אָפיציר פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. ער האָט מיט טרערן זיך אַרומגענומען מיט די אומגליקלעכע, געטרייסט און געבעטן נאָך אויסהאַלטן געציילטע טעג, ווייל די נאַצישע חיה ליגט שוין אין גסיסה.

צומאָרגנס האָבן זיך טאַקע געעפנט די אייזערנע טויערן פון לאַגער בוכענוואַלד, אין וועלכן איך האָב אַדורכגעמאַכט פינף יאָר פון גרויזאַם, פון שרעקלעכע מענטשלעכע פּיינען, ווען טויזנטער זענען געפאַלן און פאַרניכטעט געוואָרן. דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל אויסהאַלטן און בלייבן לעבן.

די אינטערנירטע פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען אַהיים. און איך? איך האָב נישט מער קיין היים. איך בין מער נישט קיין „גלייכגעשאַלטער" מענטש. איך בין אַ רעשטל פון אַ פאָלק, אַ שארית הפליטה.

צייטנווייז דריקן און שטיקן מיך טרערן ווען איך דערמאָן זיך די עקידה פון די מיליאָנען פאַרברענטע, פאַרגאַזטע און פאַרניכטעטע יידן. דער „אַל תשלח ידך אל הנער" האָט פאַרשפּעטיקט צו קומען פאַר דעם דריטל פון יידישן פאָלק פאַר די אַנדערהאַלבן מיליאָן יידישע קינדער, פאַר מיינע קינדער.

אַזוי האָב איך זיך אַרומגעדרייט נאָך מיין באַפרייאונג, ווי אַ נע ונד, מיט די ווערטער פון איוב אויף די ליפּן: „לא ישוב עוד לביתו ולא יכירנו עוד מקומו".

אַ דערשעפּטער, אָן כוחות, צעבראָכענער מאָראַליש און פיזיש, שטיי איך ביי דער מצבה פון „יזכור־בוך" מיט אַ שטילער תפילה אין האַרצן און זאָג שטיל:

יתגדל ויתקדש!

# דער טויטן־מארש פון בוכענוואלד

זלמן זהבי (זשולטאַווסקי)

נישט לייכט איז איבערצוגעבן די טראַגיש־גרויליקע געשעענישן פון דעם טרויעריק־באַרימטן בוכענוואַלדער טויטן־מאַרש.

דאָס איז געשען דעם 8־טן אַפּריל 1945, קורץ פאַר דער באַפרייאונג פון לאַגער דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי. (דער לאַגער בוכענוואַלד איז באַפרייט געוואָרן דעם 14־טן אַפּריל 1945).

פּלוצים איז געקומען אַ באַפעל פון דעם לאַגער־פירער: „אַלע יודען אַנטרעטען".

ווען דאָס איז נישט געלונגען דער לאַגער־פאַרוואַלטונג, וועלכע איז באַשטאַנען פון דייטשע קאָמוניסטן און קעגנער פון נאַציש רעזשים, וואָס האָבן זיך געפינען אין לאַגער זינט 1933 — זענען דאַן די ס.ס.־לייט אַריינגעפאַלן אין לאַגער, ווי די וועלף, און האָבן אַלע יידן אַרויסגעטריבן פון די בלאָקן צום אַפּעל־פּלאַץ.

אַזוי איז זיי געלונגען צונויפצוזאַמלען איבער דריי טויזנט שוין האַלב־טויטע יידן צו דעם לעצטן וועג, וואָס איז דורך די קאַצעטלער שפּעטער באַצייכנט געוואָרן אַלס דער „טויטן־מאַרש".

צו אַרעם איז די מענטשלעכע פאַנטאַזיע און שפּראַך, כדי קענען שילדערן אין געשריבענעם וואָרט, אַפילו טיילוויז, די גרויזאַמע בילדער פון דעם דאָזיקן מאַרטירער־מאַרש, פון וועלכן בלויז איינצלנע מענטשן, דערונטער דער שרייבער פון די דאָזיקע טרויעריקע פאַרצייכענונגען, זענען געבליבן לעבן. כמעט אַלע פון דעם דאָזיקן „מאַרש" זענען דערמאָרדעט געוואָרן אויף דעם בעסטיאַלסטן אופן.

קיין בוכענוואַלד בין איך געקומען פון טשענסטאָכאָווער אַרבעטס־לאַגער „האַסאַג", דעם 19־טן דעצעמבער 1944. איך האָב דאָ געטראָפן אייניקע יידן פון טאָמאַשאָוו, וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן אין יאָר 1939, עטלעכע וואָכן נאָכן מלחמה־אויסברוך. דאָס זענען געווען: אברהם קילשטיין, ישראליק פרענקעל, חיים מאָכעביינסקי, ישראל רוזשיינסקי, יענקל זיל־בערשטיין, דוד ראָזענצווייג און נאָך אייניקע געציילטע טאָ־מאַשאָווער, וועמענס נעמען איך געדענק נישט. אויך האָב איך געטראָפן אין זעלבן לאַגער וועלוול ליבסטער, וואָס איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַ צווייטן לאַגער, פונוואַנען מען איז מער נישט צוריקגעקומען.

קומענדיק אין לאַגער האָב איך באַקומען דעם העפטלינג־נומער 11760 און בין אַריבערגעפירט געוואָרן אין דעם אַזוי גערופענעם קוואַראַנטין־לאַגער, בלאָק 67.

די דריי־שעהדיקע אַפּעלן אין די פראַסטיקע פרימאָרגנס פון די חדשים דעצעמבער־יאַנואַר, מיט דעם איינגעהילטן שוין האַלב־מוזולמענישן קערפּער אין אַ דינער דעק, וואָס איז געווען מער שמאַטע, ווי דעק, — וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

נאָך דעם אַפּעל זענען מיר מיט דער באַן געשיקט גע־וואָרן קיין ווייִמאַר און סביבה צו דער „אויפּרוימונגס־אַרבעט" נאָך די באָמבאַרדירונגען, וואָס די פיינטלעכע (פאַר אונדז פריינדלעכע) עראָפּלאַנען האָבן דורכגעפירט.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָבן מיר געלעבט און פאַר־שטייט זיך געליטן הונגער, ביז מיר זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין גרויסן לאַגער, בלאָק 48.

עס איז געקומען דער חודש מערץ 1945, די צייט פון פסח, פון פרילינג.

אין קאָנצענטראַציע־לאַגער בוכענוואַלד האָט זיך געפונען אין געהיים אַ ראַדיאָ. אַ דאַנק דעם זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות, אַז דער טאָג פון אונדזער באַפרייאונג דערנענטערט זיך. האָבן מיר, יידן, שביעי של פסח, ליגנדיק אויף די פּריטשעס, געזאָגט „הלל", ווייל שוין עטלעכע טעג, ווי מען האָט אונדז נישט אַרויסגעפירט פון לאַגער צו דער אַרבעט, צוליב די אָפטע אַלאַרמען.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז געקומען דער באַפעל „אַלע יודען אַנטרעטען", און מיר זענען אַרויסגעטריבן גע־וואָרן פון די בלאָקן דורך די רוצחישע ס.ס.־לייט, וועלכע האָבן אונדז באַגלייט מיט קלעפּ און שיסערייען צו דעם אַפּעל־פּלאַץ. נאָך דער ציילונג זענען מיר געטריבן געוואָרן אין די „ד.אַ.וו." (דויטשע אַרבעטס־וואַרשטאַטן), ווו מיר האָבן געוואַרט אויף טראַנספּאָרטן צוזאַמען מיט קאַצעטלער פון אַנדערע לאַגערן, מאַטהאַוזען, גראָסראָזען, בירקענאַו, וועלכע זענען געקומען הונגעריקע, האַלב־טויטע, נישט ווויסנדיק אונדזער ווייטערדיקן גורל.

שבת, דעם 11־טן אַפּריל, אין אַ נעפּלדיקן פרימאָרגן, ווערן מיר אַלע ווידער אַרויסגעטריבן צום אַפּעל־פּלאַץ. אַ טייל פון די צונויפגעזאַמלטע ווערן געשיקט מיט דער באַן צוזאַ־מען מיט נישט־יידישע קאַצעטלער, און דער צווייטער טייל בלויז יידן, ווערן אַרויסגעפירט צופוס. פון דער מינוט אָן הייבט זיך אָן דער טרויעריקער יסורים־וועג, אָדער ווי מיר האָבן אים באַצייכנט: דער „טויטן־מאַרש".

אַרויסגייענדיק פון לאַגער־טויער אין דער ריכטונג קיין ווייִמאַר, אַ מהלך פון 9 ק"מ, אין דער באַגלייטונג פון באַוואָ־פנטע ס.ס.־לייט, מיט זייער גוט־אויסדרעסירטע הינט, פאַלן פון אונדז די ערשטע קרבנות, אַרום 500 יידן.

ווער עס איז געבליבן הינטערשטעליק אין מאַרש, אָדער ווער עס האָט געוואָגט אַרויסצוגיין פון זיין ריי (מיר האָבן מאַרשירט צו 5 מאַן אין אַ ריי) — איז גלייך דערשאָסן געוואָרן. גלייכצייטיק איז געווען די כוונה פון די דייטשע שומרים אַנצוּוואַרפן אויף אונדז פּחד און „געהאַרכזאַמקייט״.

אַזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין ווײמאַר אין די מיטאָגשעהן, איבערלאָזנדיק הינטער זיך פּ.יל טויטע.

שוין אין די ערשטע שעהן פון מאַרש האָבן מיר געזען און געפילט וויהין מען פירט אונדז, אָבער מיר זענען געווען מאַכטלאָזע „מוזולמענער״, הונגעריק און דערשלאָגן.

ווי באַקאַנט, האָט הימלער ימ״ש אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידישע קאַצעטלער מוזן פאַרניכטעט ווערן, בכדי עס זאָלן נישט בלייבן קיין לעבעדיקע עדות. דאָס איז געווען עטלעכע טעג פאַר דער דייטשער קאַפּיטולאַציע, וועגן וואָס מיר האָבן דאַן נישט געוווּסט, אָבער געפילט, אַז אונדזער גורל איז אַ געחתמעטער.

אין ווײמאַר זענען מיר ווידער צעטיילט געוואָרן אין צוויי גרופּן. יעדע גרופּע איז געפירט געוואָרן אין אַן אַנדער ריכטונג. אונדזער גרופּע האָט דעמאָלט געציילט אַרום 1.300 מאַן.

פון באַקומען עפּעס עסן איז נישט געווען קיין רייד — אַחוץ ווער עס האָט נאָך אפשר געהאַט אַ פאַרדאַרט, אָפּגעשפּאָרט שטיקל ברויט פון לאַגער.

מיר זענען אָנגעקומען אין אַ דאָרף, וווּ מיר האָבן איבערגענעכטיקט די ערשטע נאַכט אין אַ סטאַדאָלע.

צו מאָרגנס אין דער פרי, ווען די זון האָט נאָך נישט באַוויזן אויפצושיינען, זענען מיר אַרויסגעטריבן געוואָרן און מען האָט אונדז געציילט צי עס פעלט נישט ווער פון אונדז. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס פעלן 13 מאַן. די צעיושעטע ס.ס.־לייט האָבן אין גרויס רציחה גענומען אַרומזוכן זיי מיט דער הילף פון זייערע דרעסירטע הינט.

די צעווילדעוועטע הינט האָבן אין שטרוי דערשנאַפּט די באַהאַלטענע 13 קאַצעטלער און זיי אַרויסגעשלעפּט צעריסענע און צעביסענע. צום סוף זענען זיי דערשאָסן געוואָרן פאַר אונדזערע אויגן.

דאַן האָבן די ס.ס.־לייט אַרויסגענומען פון דער ריי 8 מאַן, מער קרעפּטיקע, וועלכע זענען איינגעשפּאַנט געוואָרן אין אַ גרויסן פויערישן וואָגן. די טויטע קערפּערס פון די קאַצעטלער זענען אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויפן וואָגן און אין דער באַגלייטונג פון 2 באַוואָפנטע ס.ס.־מענער האָבן די 8 איינגעשפּאַנטע יידן אַוועקגעפירט הינטערן דאָרף און זיי דאָרט באַגראָבן.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז נאָך דער מלחמה זאָל איך זיך טרעפן אין מינכען מיט איינעם פון די 8 יידן. ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז הינטערן דאָרף האָבן די אַכט יידישע קאַצעטלער, נאָכן קובר זיין די דרייצן יידן, זיך געוואָרפן אויף די צוויי ס.ס.־לייט און זיי דערמאָרדעט מיט זייער אייגן געווער. דאַן זענען זיי אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער פון דער סביבה. מיט צוויי טעג שפּעטער זענען זיי אַלע באַפרייט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

איצט קער איך זיך ווידער אום צו אונדזער מאַרש.

אַרויסגייענדיק פון דעם דאָרף, וווּ מיר האָבן איבערגעלאָזט די 13 קרבנות, זענען מיר אַדורכגעגאַנגען אַ געדיכטן וואַלד, וווּ צוויי יונגע בחורים האָבן געפּרוּווט אַנטלויפן. דאָס זענען געווען 2 ברידער, קינדער פון אַ געוויסן יאַקובאָוויטש, וואָס לעבט היינט אין אַמעריקע. זיי זענען באַלד געכאַפּט געוואָרן מיט דער הילף פון די הינט און זייערע ס.ס.־באַגלייטער, הינטער אַ באַרג, נישט ווייט פון אַ באַן־ליניע. ביידע זענען אין דער אַנוועזנהייט פון זייער פאָטער און אונדז אַלע אויף אַ שוידערלעכן אופן דערמאָרדעט געוואָרן.

אין דער פאָדערשטער ריי, פאַר מיר, זענען געגאַנגען אַ פאָטער מיט אַ זון. איך האָב געהערט דעם שמועס צווישן זיי. דער פאָטער האָט געזאָגט צום זון: „קינד מיינס, איך האָב שוין מער קיין כוח נישט צו גיין. דו ביסט יונגער. שטאַרק זיך און דערגיי כאָטש צו דעם טאָג און דערלעב נקמה אין די מערדער״. דערויף האָט אים דער זון געענטפערט: „טאַטע, גיי נישט אַרויס פון דער ריי, איך וועל דיך אויף מיינע הענט טראָגן אַזוי לאַנג, ווי איך וועל נאָך כוח האָבן!״

דער פאָטער, אַ דערשעפּטער, איז אַרויס פון דער ריי זיך אַוועקגעזעצט ביי דער זייט פון וועג, ווייל ער האָט נישט געקענט ווייטער גיין. אין דעם מאָמענט איז צו אים צוגעלאָפן אַן ס.ס.־מאַן און אים קורץ געפרעגט: „קאַנסטו ניכט לאױפען?״ און נישט וואַרטנדיק אַפילו אויף אַ תשובה, אים דערשאָסן אויפן אָרט.

אין דעם מאָמענט האָט דער זון אויסגעשריגן: „טאַטע, איך וועל נקמה נעמען!...״

אין ווייטערדיקן מאַרש זענען מיר צוגעקומען צום טייך סאַהלע, וואָס געפינט זיך נעבן דער שטאָט האַלע.

די שרעקלעכע סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ביי דעם דאָזיקן טייך איז שווער צו שילדערן און עס איז פּשוט אומבאַגרייפלעך ווי אַזוי אַ מענטש זאָל זיין פעאיק אויסצופירן אַזעלכע שוידערלעכע מעשים איבער אַ צווייטן מענטש, ווי דאָס האָבן געטאָן אונדזערע באַגלייטער.

דער טייך סאַהלע האָט זיך געפונען אַרום 20 מעטער פון וועג, וווּ מיר זענען געגאַנגען. דער וועג האָט געפירט אין אַ האַלבן ראָד אַרום דעם טייך. די מעטאָדע פון די ס.ס.־לייט צו דערמאָרדן אונדז אין גאַנג איז געווען אַזאַ: ווי שוין געזאָגט, האָבן די ס.ס.־רוצחים געהאַט מיט זיך אויסדרעסירטע הינט.

וואָס זענען דורך די איצט אָנגערייצט געוואָרן אויף יענע קאַצעטלער, וועלכע זענען געגאַנגען נאָענט צום ברעג פון טייך. ווען אַ הונט האָט אָנגעכאַפּט וועמען פון זיי ביים פוס, איז דער קאַצעטלער, פאַרשטייט זיך אומגעפאַלן און דאָ איז דער ס.ס.-מאַן צוגעלאָפן, אים אַ קאַפּע געטאָן מיטן באַנאַגלטן שטיוול. דאָס אויסגעמאַטערטע נפש האָט זיך גלייך אַראָפּגעקייקלט אין דער טיפעניש פון וואַסער.

און כדי דער מערדער זאָל זיין זיכער, אַז ער האָט אויסגעפירט זיין רציחה-מאָרד בשלימות, צי דער קרבן קען נישט צומאָל שווימען און זיך ראַטעווען — האָט ער אים נאָכגעשיקט אַ קוילן-סעריע.

אויף אַזאַ אופן זענען אומגעקומען אין משך פון געציילטע מינוטן צענדליקער פון אונדז, אומגעקומען מיט אַן אַכזריותדיקן טויט.

דעם דריטן טאָג פון מאַרש, הונגעריקע און האַלב-טויטע, האָבן מיר ווידער איבערגענעכטיקט אין אַ סטאַדאָלע, ווו עס האָבן זיך געפונען קילעריבן.

אַרויסגייענדיק אין דער פרי פון דעם פּלאַץ, האָב איך זיך באַזאָרגט מיט עטלעכע קילעריבן. ליידער, בין איך נישט געקומען צום טעם. איך האָב בלויז באַקומען מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ פון אַן ס.ס.-מאַן און איך האָב זיך באַגאָסן מיט בלוט. דערביי האָב איך געהאַט מזל נישט דערשאָסן צו ווערן.

איך דערמאָן זיך אין איינער פון די בלוטיקע און שוידערלעכע סצענעס, גלייכצייטיק געוואָגטן און העלדישן שריט, פון איינעם פון די מאַרשירנדיקע אין די ערשטע רייען. איינער פון אונדז האָט געפּרוּווט אונטערוועגס, אין מאַרש, אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד, בעסער געזאָגט אַן איבערפאַל אויף די 90 ס.ס.-באַגלייטער.

דאָס האָט ער געפּרוּווט דורכפירן אין דער צייט ווען מיר האָבן געהאַט אָפּרו אויף אַ פרייען פעלד. נאָך אַ שעה צייט אָפּרו, איז ווידער געקומען דער באַפעל ווי געווינלעך: „אַלעס אויפשטיין. ווייטער מאַרשירן".

דער אָרגאַניזאַטאָר פון געוואָגטן אויפשטאַנד-איבערפאַל, האָט צוזאַמען מיט פיר מאַן זיך באַמיט צו זיין פון די ערשטע פינפטלעך אין דער ריי. מיר איז אויסגעקומען צו זיין אַ פּאָר מעטער פון הינטן. מיט אַ מאָל זעט מען, ווי דער בחור באַפאַלט דעם ס.ס.-מאַן, וואָס גייט ביי זיין זייט, אָבער די איבעריקע פיר האָבן אים ליידער נישט געהאָלפן.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן זיי חרטה באַקומען, הגם זייער סוף איז געווען דער זעלבער ווי פון ערשטן. מען האָט אָפּגעשטעלט דעם מאַרש. אַלע האָבן זיך געמוזט אויסשטעלן אין אַ האַלבן ראָד. אַנטקעגנאיבער אונדז — די רוצחים מיט אויסגעשטרעקט געווער. אין דער מיט — דער העלדישער בחור. אַ ביסל ווייטער — די איבעריקע 4.

דער אָנפירער פון טראַנספּאָרט, אַן עלטערער דייטש, מיט אַ מערדעריש פּרצוף און אַ שטעקן אין האַנט, האַלט פאַר אונדז אַ רעדע: „איר אַלע פאַרפלוכטע יודען-פאַרברעכער וועט האָבן די זעלבע ענדע, וואָס די 5 פאַרברעכער". נאָכן פאַרענדיקן זיין „דרשה" טרעט אַרויס אַן ס.ס.-מאַן פון דער ריי מיט אַ הונט און טוט אַ געשריי: „רעקס, ביים דעם יודע". דער העלדישער בחור, שוין אַן אויסגעטוענער נאַקעט אויפן באַפעל פון אָנפירער, כדי פאַרלייכטערן דעם הונט זיין „מלאכה", האָט זיך געפּרוּווט קעגנשטעלן, אָבער דער הונט איז אים גלייך באַפאַלן און גענומען רייסן שטיקער לייב, ביז דער בחור איז געפאַלן טויט. מיר אַלע האָבן געמוזט צוקוקן דאָס שוידערלעכע בילד. די איבעריקע 4 פון דער זעלבער ריי זענען אויך אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

אַזוי זענען די אויסגעמאַטערטע יידן שיטערער געוואָרן מיט יעדער מינוט.

ווי שוין געזאָגט, איז דאָס געווען זייער מערדערישער ציל. אויף אַזאַ אופן פריער אויסמאַטערן און דאַן סאַדיסטיש פאַרניכטן.

גייענדיק ווייטער, זענען מיר צוגעקומען צו אַ שמאָל פליסיק טייכל, וואָס איז גיכער ענלעך געווען צו אַ רינשטאָק.

ווער פון אונדז עס האָט געוואָגט זיך אַראָפּבייגן, כדי אַ טרינק טאָן אַ ביסל ריין וואַסער איז גלייך דערשאָסן געוואָרן.

דעם 5-טן טאָג פון מאַרש, דעם 15-טן אַפּריל, זענען מיר אַריבער אויפן בייערישן באָדן. (ביז דעם טאָג האָבן מיר מאַרשירט אויף דעם טירינגען-געביט). פלוצים האָבן זיך באַוויזן עראָפּלאַנען. אין דעם מאָמענט האָבן די ס.ס.-לייט אָפּגעשטעלט דעם מאַרש און אונדז געהייסן זיך לייגן אויף דער ערד. דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז געווען דאָס, וואָס אונדזערע באַגלייטער האָבן זיך געלייגט צווישן אונדז. אַ גרויסער טייל פון אונדז איז געווען אָנגעטאָן אין געשטרייפטע קאַצעט-בגדים און די כיטרע דייטשע חיות, די ס.ס.-לייט, האָבן דורך אונדז זיך געוואָלט ראַטעווען, פאַרשטייענדיק, אַז מיר, אַלס קאַצעטלער, וועלן נישט באַשאָסן ווערן. יעדעס מאָל, אין אַזעלכע פאַלן, ווען עס האָבן זיך באַוויזן די עראָפּלאַנען, האָבן זיי געגעבן אַ באַפעל פאַלן און ווער עס וועט וואַגן אויפשטיין, וועט דערשאָסן ווערן. דאַן האָבן מיר פאַרשטאַנען ווער די שטאָלענע, גלאַנציקע פייגל זענען איבער אונדז און אונדזערע הערצער זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט פרייד, האָפענונג און פעסטן ווילן צו בלייבן לעבן, אויסהאַלטן ביזן סוף.

נישט געקוקט אויפן פּחד, וואָס איז פלוצים באַפאַלן אונדזערע באַגלייטער, האָבן זיי אונדז ווייטער געטריבן. אויף אונדזער ווייטערדיקן וועג האָבן מיר געטראָפן צעהאַקטע און צעשאָסענע דייטשע מאַשינען, פאַרברענטע עראָפּלאַנען, ווי

אויך דערהרגעטע דייטשן פון באָמבאַרדירונגען. אינסטינקטיוו האָט אונדז אַרומגעכאַפּט אַ פרייד. מיר האָבן אויך באַמערקט אין די דייטשע הימלען שפּער־באַלאָנען — קעגן פיינטלעכע לופט־אַנגריפן.

די גאַנצע צייט בין איך געגאַנגען מיט אַ חבר, מיט וועמען איך האָב זיך באַקענט אין טשענסטאָכאָווער לאַגער „האַסאַג". זיין נאָמען איז געווען שיע באַרנשטיין ז"ל. מיר זענען געגאַנגען געשלאָסן האַנט ביי האַנט, זיך געטיילט מיט יעדן ביסן, ווי אמתדיקע „אחים לצרה". ער איז אָבער במשך דער גאַנצער צייט פון מאַרש געווען פעסימיסטיש געשטימט, אָן יעדן פונק פון האָפענונג. ווען מען האָט שוין אַפילו געקענט זען אויפן וועג סימנים פון באַפרייאונג, פלעגט ער נאָך אַלץ זאָגן צו מיר: זשולטאָווסקי, דו זעסט דאָך וואָס זייער כוונה איז מיטן טרייבן אונדז.

עס האָבן נישט געהאָלפן מיינע דערמוטיקונגס־ווערטער, הגם איך אַליין האָב גוט געזען און געפילט דעם מצב. איך האָב געפּרוּווט אים דערמוטיקן. ליידער איז עס מיר נישט געלונגען.

גייענדיק ווייטער האָבן מיר צווישן זיך געשלאָסן אַן אָפּמאַך, געגעבן זיך די הענט תקיעת־כף, אַז ווער פון אונדז עס וועט בלייבן לעבן איז זיך מתחייב איבערצוגעבן אַ גרוס זיינע קרובים, אויב מען וועט זיי נאָך טרעפן לעבעדיקע נאָכן קריג. מען וועט זיי דערציילן, אַז אין דעם טאָג, דאָ און דאָ, איז געפאַלן דער און דער.

נאָכן אָפּגיין נאָך עטלעכע קילאָמעטער האָט פּאַסירט פאָלגנדיקער טרויעריקער פאַל מיט אים:

פון די פאָדערשטע רייען איז איינער, אַ פולשטענדיק דערשעפּטער פון די כוחות, אַרויס פון זיין פינפטל און זיך אַוועקגעזעצט ביים וועג. איינער פון די ס.ס.־לייט האָט ווי געוויינלעך אים געגעבן דעם „רחמנות"־שאָס, און אַזוי ווי עס איז געוואָרן ליידיק דער פּלאַץ, האָט איינער פון די הינטערשטע רייען געמוזט אויספילן דעם חלל, אַזוי ביז עס איז דערגאַנגען צו אונדז און איך מיט מיין חבר האָבן זיך געמוזט שיידן. איך האָב געזאָגט צו שיען: „גיי דו אַריין דער פינפטער" און שיע האָט געזאָגט צו מיר: „זלמן, גיי דו". דער סוף איז געווען, אַז דער גורל איז געפאַלן אויף מיר און אויף מיין אָרט האָט געדאַרפט אַריין איינער פון הינטער אונדז. אָבער אויך דאָ איז געווען דער פאַל, אַז צוויי חברים האָבן זיך נישט געוואָלט שיידן און די ביידע זענען אַריין אויף מיין פּלאַץ. עס איז אַלזאָ אויסגעקומען, אַז מיין חבר שיע באַרנשטיין איז געוואָרן דער זעקסטער.

אין דעם מאָמענט קומט צו אַן ס.ס.־מאַן און פרעגט אים: „ווו האָסטו דיין ריי פון פינף?" שיע דערקלערט וואָס דאָ האָט פּאַסירט. זאָגט דער רוצח צו אים: „האָסטו קיין פּלאַץ דאַן קאָם מיט מיר. איך וועל שוין זאָרגן, שמוציקער יודע, דיר געבן דעם ריכטיקן פּלאַץ".

שיע האָט שוין פאַרשטאַנען וואָס עס דערוואַרט אים. דער דייטש, דער רוצח, נעמט אים אַוועק אין אַ זייט, שטעלט אים אַוועק הינטער אַ יונגביימל און זאָגט צו אים, צו מיין חבר שיע: „היינזיצן".

און הגם שיע איז געווען מיט אַ שעה פריער אַזוי רעזיגנירט, שרייט ער אויס אינסטינקטיוו: „הער שאַרפירער, איך בין דאָך נאָך קרעפטיק. איך קאָן דאָך נאָך לאַופען". אין דער רגע פאַלט אַן אַכזריותדיקער שאָס און אַ סוף צו די יונגע יאָרן פון מיין חבר שיע באַרנשטיין ז"ל.

איך האָב נישט מער ווי געקענט לאָזן אַ טרער און קעמפן פאַר אַ ווייטערדיקן טאָג לעבן.

וואָס איך טראָג אויף מיין געוויסן איז דאָס, וואָס איך האָב נאָך ביזן היינטיקן טאָג, ליידער, נישט געפינען עמעצן פון מיין טייערן חברס משפחה, אַז איך זאָל קענען דערפילן דעם חוב, וואָס איך האָב אויף זיך גענומען כלפּי מיין געפאַלענעם חבר און איבערגעבן אַ גרוס, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט צווישן זיך אין יענער פינצטערער שעה.

אַ פאַרטרויערטער בין איך ווייטער געגאַנגען, נישט וויסנדיק, וואָס די שעה, אָדער דער טאָג וועט ברענגען. און אַזוי זענען מיר אָנגעקומען אין דעם בייערישן אָרט שטוטהאָף.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ געשעעניש אין דעם דאָזיקן אָרט. בעת מיר זענען אַדורכגעגאַנגען איינע פון די גאַסן, האָט אַ דייטשע פרוי אונדז געוואָלט דערלאַנגען אַ ביסל וואַסער, אָדער מילך אין אַ טעפּעלע. אין דער רגע איז צו דער דייטשער פרוי צוגעגאַנגען איינער פון די ס.ס.־לייט און מיט דער ביקס האָט ער איר געגעבן אַ קלאַפּ איבער דער האַנט, זאָגנדיק דערביי: „די יודען־פאַרברעכער ווילסטו צו טרינקען געבן?"

פאַרשמאַכטע, הונגעריקע, דורשטיקע, כמעט פאַרחלשטע, זענען מיר ווייטער געטריבן געוואָרן — שוין דעם פינפטן טאָג, דאָנערשטיק, דעם 16־טן אַפּריל 1945, אַדורכגייענדיק די שטאָט מאַרקדרעצוויטש, אין דער ריכטונג צום קאָנצענטראַציע־לאַגער פלאָסענבורג.

פאַרן אַריינגיין אין דעם דאָזיקע לאַגער האָבן מיר געהאַט אָפּרו אין אַ דאָרף, בערך 4 קילאָמעטער פון דעם לאַגער. דאָ האָבן מיר באַקומען צום ערשטן מאָל, אין משך פון אונדזער גיין — יעדער איינער צו צוויי געקאָכטע קאַרטאָפל. איך האָב דאָ שיער באַצאָלט מיט מיין לעבן, ווען איך האָב געבעטן נאָך אַ קאַרטאָפל. הינטער מיר האָב איך באַקומען מיט אַ טעמפּע זאַך אַזאַ פעסטן קלאַפּ אין מיין אויסגעדאַרטן, שוין מוזולמענישן קערפּער, אַז איך בין געפאַלן צו דער ערד אַ באַוווסטלאָזער.

אין דעם מאָמענט איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגע־וואַקסן אַן ס.ס.־מאַן, איז צוגעקומען צו מיר מיט זיין אויס־געשטרעקטן רעוואָלווער אין האַנט און אַ פרעג געטאָן: „וואָס ווילסטו?" — „אַ קאַרטאָפל", — האָב איך געענטפערט מיט די לעצטע כוחות. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ קאַרטאָפל, אָבער איך האָב אים נישט געקענט נעמען מיט דער רעכטער האַנט, וואָס איז געווען מאַכטלאָז פון דעם פעסטן קלאַפּ, דער ס.ס. מאַן איז געשטאַנען איבער מיר, ווי דער מלאך־המוות און גע־זאָגט, אַז... אויב איך קען נישט נעמען דעם קאַרטאָפל מיט דער רעכטער האַנט וועט ער מיך דערשיסן. מיט די לעצטע כוחות האָב איך אויסגעשטרעקט מיין פאַרווונדעטע האַנט און אַזוי אַרום שוין צום דריטן מאָל אין משך פון מאַרש געבליבן לעבן.

די סיבה, וואָס מיר זענען גלייך נישט אַריין אין לאַגער פלאָסענבורג, נאָר געמאַכט אַן אָפּרו פון מאַרש, איז געווען — ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווסט, אַריינקומענדיק אין לאַגער — ווייל מיט דריי טעג פריער האָבן די דייטשן שוין דאָ געהאַט אַרויסגעהאַנגען ווייסע פענער, נאָר אַזוי ווי די אַליאירטע אַרמיי האָט זיך געהאַט אויף אַ געוויסן מהלך צו־ריקגעצויגן, האָבן די דייטשן צוריק אַראָפּגענומען די ווייסע פענער.

דאָס איז אויך געווען די סיבה, פאַרוואָס די לאַגער־פאַר־וואַלטונג האָט אונדזער טראַנספּאָרט נישט געוואָלט אַריינלאָזן, ווייל זיי האָבן נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט זייערע „איי־גענע" קאַצעטלער.

פון די העכער דרייצן הונדערט מאַן זענען מיר, אַריינקו־מענדיק אין דאָזיקן לאַגער, געבליבן נישט מער, ווי בערך זעקס הונדערט. די איבעריקע זיבן הונדערט זענען אין משך פון די געציילטע פאַר טעג אומגעקומען אין דעם יסורימדיקן מאַרש.

אין די בלאָקן האָט מען אונדז נישט אַריינגעלאָזט — זענען מיר געבליבן זיצן און ליגן אַרום זיי. מיר האָבן דאָ באַקומען אַ זופּ און פון דאַנען האָט מען אונדז געטריבן ווײ־טער.

איך בין פון דעם אָרט נישט אַרויס מער. איך האָב באַ־שלאָסן, אַז וואָס מיט מיר זאָל נישט געשען, גיי איך נישט ווייטער. עס קומט צו מיר צו די לאַגער־פּאָליציי און פרעגט פאַרוואָס איך גיי נישט מיט מיינע קאַמעראַדן. איך ענטפער זיי, אַז איך קען ווייטער נישט גיין. זיי פאַדערן מיך אויף, אַז אויב איך קען נישט גיין זאָל איך זיך וואַרפן אויף די עלעקטרישע דראָטן. איך זאָג זיך אָפּ. זיי ווילן מיך שלעפּן מיט כוח. איך שטעל אַ ווידערשטאַנד. איך וואַרף זיך אויף דער ערד, גלייך ווי איך וואָלט געפאַלן טויט. די פּאָליציי פאַרלאָזט מיך, נישט ווייל איך שטעל אַ ווידערשטאַנד, נאָר ווייל זיי פילן איצט זייער אייגענעם סוף...

אַ צעשלאָגענער און פאַרגאָסענער מיט בלוט בלייב איך ליגן אויף דער ערד — דאָס איז געווען אויפן אַפּעל־פּלאַץ פון לאַגער. איך ליג אין אָנמאַכט און וואַרט ביז מיין טראַנספּאָרט וועט פאַרלאָזן דעם לאַגער. איך בין פאַראַלייזיקט, צעבראָכן, אַ האַלבער מת.

אַזעלכע ווי איך זענען געבליבן 110 מאַן. דערווייל איז צוגעפאַלן די נאַכט — די זעקסטע נאַכט פון זעקס־טאָגיקן טויטן־מאַרש.

די איבערגעבליבענע אייניקע דייטשע לאַגער־אָנפירער (אַ קליינע טייל פון זיי איז שוין אַנטלאָפן) האָבן נישט גע־וווסט וואָס צו טאָן מיט אונדז. צום סוף האָבן זיי באַשלאָסן, און אונדז אַריינגעטריבן אין לאַגער־באָד, וואָס האָט זיך גע־פונען אין אַ קעלער. זיי האָבן אונדז באַפוילן זיך אויסטאָן נאַקעט און ווי ווילדע חיות אונדז באַפאַלן און סאַדיסטיש געשלאָגן מיט גומענע שטעקנס מכות־רצח. דאַן האָבן זיי פון גומענע רערן מיט אַ שטאַרקן וואַסער־דרוק געגאָסן אויף אונדזערע „מוזולמאַנען"־קערפּערס קאַלט וואַסער. דאָס האָט אַזוי געדויערט אַ גאַנצע נאַכט.

פון די 110 מאַן, וואָס האָבן נישט געוואָלט מער אַרויס־גיין זענען אין דער דאָזיקער נאַכט אומגעקומען צען מאַן.

היינט, נאָך העכער צוויי צענדליק יאָר זינט יענעם גיהנום, איז מיר שווער צו באַגרייפן ווי אַזוי עמעץ פון אונדז איז נאָך געבליבן ביים לעבן נאָך יענער שרעקלעכער נאַכט.

עס ברעכט אויס אַ נייער טאָג. ווידער אַ טאָג פון ליידן און פּיין. קיינער פון אונדז, דערווייל לעבנגעבליבענע — ווייסן נישט וואָס דער 7־טער טאָג וועט ברענגען.

מיר באַקומען אַ ביסל שמאַטעס אָנצוטאָן און גייען אַרויס אויפן אַפּעל־פּלאַץ. אין די בלאָקן לאָזט מען אונדז נישט אַריין, ווייל דער גאַנצער לאַגער פלאָסענבורג גרייט זיך עוואַקואירט צו ווערן.

איך געדענק ווי איצט. עס איז געווען פרייטיק צונאַכטס. אַלע קאַצעטלער פון לאַגער ווערן אויסגעשטעלט אויפן אַפּעל־פּלאַץ צוזאַמען מיט אונדז איבערגעבליבענע פון בוכענוואַלדער טראַנספּאָרט.

מיר ווערן סאָרטירט — ווער עס קען נאָך גיין און ווער עס וועט פאָרן מיט דער באַן. איך ווער צוגעטיילט צו די שוואַכע, וואָס וועלן פאָרן מיט דער באַן.

אין אַ שטאַרק פינצטערער נאַכט ווערן מיר, די שוואַכע, אַרום 750 מאַן, אַרויסגעפירט צו דער באַן־סטאַציע פלאָס, בערך 4 קילאָמעטער פון לאַגער און ווערן פאַרלאָדן אין 5 געשלאָסענע וואַגאָנען. עס איז אוממעגלעך צו שילדערן וואָס

עס איז פֿאָרגעקומען אין די וואַגאָנען ווו מיר זענען געלעגן צוזאַמענגעפּרעסטע, האַלב־טויטע, צו 150 מאַן אין אַ וואַגאָן.

דער צוג רירט פֿון אָרט. מיר ווייסן נישט וווּהין מען פֿירט אונדז און צו וואָס, ווען מיר פֿילן שוין דוכט זיך די באַפֿרייאונגס־טריט.

איצט באַגלייטן אונדז געוויינלעכע דייטשע שומרים, און נישט קיין ס.ס.־לייט און איך האָב דעם איינדרוק, אַז זיי, די לאַגער־פּאָליציאַנטן, נישט באַוואָפֿנט מיט געווער, נאָר מיט גומי־שטעקנס אין די הענט, ווייסן אַליין נישט ווו מיר פֿאָרן.

אַזוי זענען מיר אַ גאַנצע נאַכט געפֿאָרן הין און צוריק, ווייל די וועגן זענען שוין געווען פֿאַרמאַכט, אָדער אָפּגעשניטן דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

צום סוף זענען מיר אָנגעקומען צו אַ באַן־סטאַציע, וואָס האָט — אויף וויפֿל איך געדענק — געהייסן „נאַבורג". עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר זענען אַזוי געפֿאָרן אַ גאַנצע נאַכט, אָבער געמאַכט בסך־הכל 30 קילאָמעטער.

שבת אין דער פֿרי זענען מיר אויסגעלאָדן געוואָרן אויף דער סטאַציע נאַבורג און פֿון דאַנען זיך ווידער געלאָזט גיין צופֿוס.

איך געדענק יענעם שבתדיקן טאָג. עס איז געפֿאַלן אַ שלאַקס־רעגן. אַזוי האָבן מיר דורכמאַרשירט די שטעט, נויבורג, ווײַדען, שוואַרצענפֿעלד און אַנדערע דייטשע שטעטלעך און דערפֿער.

דורשטיקע, אויסגעמאַטערטע און דורכגענעצטע זענען מיר פֿאַרנאַכט אָנגעקומען ביז שוואַנדאָרף, נאָר ווייל אין שטאָט האָט מען נישט געקענט אַרײַן צוליב דעם, וואָס די שטאָט איז מיט אַ טאָג פֿריִער באָמבאַרדירט געוואָרן, האָבן אונדזערע באַגלייטער אונדז געוואָלט אַרײַנפֿירן אין אַ קלויסטער, וואָס האָט זיך געפֿונען אין דער פֿאָרשטאָט. די דינערשאַפֿט פֿון קלויסטער האָט אונדז אָבער נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן.

אַרום האַלבער נאַכט זענען מיר דורך אַן אומוועג געקומען ביז דער באַן־סטאַציע פֿון דער דערמאָנטער שטאָט, וואָס איז איצט געלעגן אין רואינען פֿון די באָמבאַרדירונגען.

זייענדיק די צעבאָמבירטע סטאַציע איז אונדז לייכטער געוואָרן אויפֿן האַרצן, אָבער דערווייל האָבן מיר נאָך נישט זוכה געווען אָפּצואָטעמען אַ ביסל פֿרייער.

אונדזערע שומרים האָבן דערווייל נישט געוווּסט וואָס מיט אונדז ווײַטער צו טאָן. די נאַכט איז געווען אַ שטאַרק פֿינצטערע. זיי האָבן אונדז אַרײַנגעטריבן אין אַ טונעל, וואָס האָט זיך געפֿונען הינטער די באַן־ליניעס. דאָ האָבן מיר זיך אָנגעטראָפֿן אויף געהרגעטע דייטשע סאָלדאַטן און אויך ציווילע. דער געשטאַנק פֿון די פּגרים איז געווען שרעקלעך.

מיט די לעצטע כוחות לויפֿן מיר אַרויס פֿון דעם פֿאַר־עיפּושדיקן „בית־הקברות". און הגם די שומרים אונדזערע דערלאָזן נישט לויפֿן, פֿילן מיר אָבער, אַז זייער ווידערשטאַנד איז אַ שוואַכער. מיר זענען אַזוי אויסגעמאַטערט און צעבראָכן, אַז מיר קענען פֿיל נישט אויפֿטאָן און אונדזער לעבן איז נאָך אַלץ אייַנגעשטעלט.

מיר ווערן ווידער אַרײַנגעפֿירט אין דרײַ אָפֿענע וואַגאָנען. מיר ציילן איצט אַרום פֿיר הונדערט מאַן, וואָס לעבן קוים. מיר ווערן אַוועקגעשלעפּט אין דער ריכטונג פֿון דער שטאָט רעגענסבורג, אָבער נאָך אַ פּאָר קילאָמעטער פֿאָרן ווערט דער לאָקאָמאָטיוו געטראָפֿן פֿון אַ באָמבע בעת אַ לופֿט־אָנגריף און מיר בלייבן ווייטער שטיין אין מיטן וועג ביי אַ גרויסן וואַלד.

אויף דעם דאָזיקן אָרט געפֿינט זיך ביזן היינטיקן טאָג אַ מאַסן־קבר פֿון 120 מאַן, וואָס זענען באַגראָבן געוואָרן נאָך האַלב־לעבעדיקע. דאָס זענען געווען די לעצטע קרבנות פֿון מיין טראַנספּאָרט פֿון דעם בוכענוואַלדער „טויטן־מאַרש", ערב דער באַפֿרייאונג.

דער מאַסן־קבר געפֿינט זיך 3 קילאָמעטער פֿון שוואַנדאָרף אין דער ריכטונג צו רעגענסבורג.

דערמיט איז אָבער נאָך נישט קיין סוף. עס קומט ווידער אַ פֿינצטערע נאַכט, הגם נישט אַזוי פֿינצטער ווי די פֿריִערדיקע נעכט. איצט באַפֿעלן אונדזערע שומרים, אַז מיר זאָלן אַרויס פֿון די וואַגאָנען. מען צעטיילט אונדז אין גרופּן און זיי פֿירן אונדז אַרײַן אין אַ געדיכטן וואַלד. איצט דערפֿילן מיר, אַז מיר וועלן דאָ דערשאָסן ווערן.

דאָס מאָל אָבער האָבן מיר — די ווייניק איבערגעבליבענע — געהאַט אַ טעות. אַ טייל פֿון די דייטשע נישט־באַוואָפֿנטע באַגלייטער האָבן אַליין געזוכט אַ וועג ווו צו אַנטלויפֿן. אייניקע פֿון אונדז האָבן עס באַמערקט און ווער עס האָט זיך געפֿילט מער בכוח, האָט געפּרוּווט אַנטלויפֿן. אָבער נישט אַלעמען איז עס געלונגען, וואָרום מען איז געווען אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז מען איז געווען מוטלאָז, ווי האַלב־טויטע.

איך האָב עס נישט געפּרוּווט. מיין קליין ביסל כוח, וואָס איז מיר געבליבן, נאָך אַזוי פֿיל ליידן, פּיין און צען מאָל אין טאָג זען דעם טויט פֿאַר מיינע אויגן, האָט עס מיר נישט דערלויבט. איך האָב זיך איבערגעגעבן אין די הענט פֿון מיין ווייטערדיקן גורל.

מיט דעם געדאַנק בין איך, און נאָך אַנדערע ווי איך, געגאַנגען ווייטער. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר אַזוי געגאַנגען, ביז מיר האָבן דערזען, אין די גרויע פֿרימאָרגן־שעהן, אַז מיר זענען אָנגעקומען אין אַ דאָרף מיטן נאָמען פֿישבאַך ביי רעגענסבורג. דאָ האָט מען אונדז אַרײַנגעטריבן אין אַ סטאַדאָלע.

אינגאַנצן אַ דערשפּטער בין איך גלייך געפֿאַלן אויף דער

ערד און בין איינגעשלאָפן. ווען איך האָב זיך אויפגעוועקט איז מיט מיר מער קיינער נישט געווען.

ווען איך בין אַרויס אויפן הויף, האָב איך געטראָפן די פויערטע פון הויז. איך פרעג זי ווהין זענען אַלע אַוועק און אין וועלכער ריכטונג? זי ווייזט מיר דעם וועג מיט וועלכן דער טראַנספּאָרט איז אַוועק. אין דעם מאָמענט דערזע איך, ווי דייטשע זעלנער לויפן איבער די פעלדער אין אומאָרדע־נונג און וואַרפן אַוועק זייער געווער. דייטשע געפּאַנצערטע מאַשינען, מיליטערישע לאַסט־אויטאָס מיט קליינע האַרמאַטן, ציען אין בהלה הין און צוריק, ווי זיי וואָלטן נישט געוווסט ווהין און אין וועלכער ריכטונג זיך לאָזן.

אין די מינוטן בין איך, דוכט זיך, ווי נישט געווען ביים פולן באַוווסטזיין. צי בין איך פריי? וואָס איז געשען? וואָס קומט פאַר אַרום מיר? ווי אַזוי בין איך פאַרבליבן? צי בין איך נישט באַמערקט געוואָרן דורך די שומרים? איז עס די ענדע פון קריג? — — —

ניין. איך האָב נישט געקענט גלייבן. מיט מיינע לעצטע כוחות דערשלעפּ איך זיך צום שאָסיי און זעץ זיך אַוועק אויף אַ שטיין. עס קומען צו מיר צו צוויי דייטשע זעלנער און איך בין זיכער, אַז איצט איז מיין סוף. „וואָס מאַכסטו היער?" — פרעגן זיי מיך און איך ענטפער זיי: „מיין טראַנספּאָרט איסט פאָרט, אָבער נאָך אַ ביסל אָפּרו וועל איך נאָכלאָופען".

די 2 דייטשן דערנענטערן זיך צו מיר און ווי אַ סוד אין אויער זאָגן זיי מיר: „דו דוממער אייזעל, וואָ ווילסטו לאָופען? זעסטו דען ניכט דאָס דאָס שפּיל קאָמט צו ענדע?"

אין דעם מאָמענט האָב איך דערפילט די ערשטע מינוטן פון דער באַפרייאונג. דעם אמת געזאָגט, האָט זיך מיר עס נישט געוואָלט גלויבן. פאַרקערט: איך האָב געמיינט, אַז די צוויי דייטשן וועלן מיך דערשיסן, אָבער צו מיין גרעסטער שטוינונג האָבן זיי מיך גענומען אויף זייערע הענט און אַריינ־געטראָגן אין נאָענטסטן הויז, צו אַ דייטשן פויער. זיי האָבן אים באַפוילן מיר געבן עסן און טרינקען לויט מיין פאַרלאַנג. זיי האָבן דערביי דעם דייטשן פויער פאַראַנטוואָרטלעך גע־מאַכט פאַר מיין לעבן.

ווי נאָר די צוויי דייטשן זענען אַוועק, האָט דער פויער מיר אָנגעהויבן דערלאַנגען פון כל־טוב, אָבער נאָך אַ צייט פון צוויי וואָכן הונגער בין איך געווען פאַרזיכטיק מיטן עסן. דאָס איז געווען מיין גליק. ווי איך האָב מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער געוואָר געוואָרן, זענען אַנדערע לעבנגעבליבענע קראַנק געוואָרן אויף דיזענטעריע און טראַגיש פאַרענדיקט זייער לעבן נאָכן עסן צו דער זעט...

דערווייל איז געוואָרן נאַכט און דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו דעם אָרט, ווו איך בין באַפרייט געוואָרן. עס האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקע האַרמאַטן־שיסעריי. דער פויער האָט מיך אַריבערגעפירט אין אַ באַראַק, ווו עס האָבן זיך געפונען פראַנצויזישע געפאַנגענע און ער מיט זיין פאַ־מיליע זענען אַנטלאָפן אין נאָענטן וואַלד.

אין באַראַק האָב איך געטראָפן אייניקע אָפּגעראַטעוועטע קאַצעטלער פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס זענען פאַר־שלעפּט געוואָרן דורך די דייטשן.

נאָך אַ נאַכט פון שיסערייען, אויפרייסן און שרעק, איז אין דער פרי געקומען דער פויער מיט די צוויי דייטשע מי־ליטער־לייט אין באַגלייטונג פון צוויי באַוואָפנטע אַמעריקאַנער זעלנער. די דייטשע מיליטער־לייט האָבן דערמיט געוואָלט ווייזן, אַז זיי האָבן מיך באַפרייט, בכדי זיך רעהאַביליטירן, אַז זיי זענען גאָט די נשמה שולדיק...

די אַמעריקאַנער האָבן מיך גענומען אונטער זייער שוץ, אויסגעפרעגט זיך וועגן מיינעליידן און פּיין אין משך פון דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה. דערנאָך האָבן זיי מיך אַריינגעפירט אין אַ דייטשן רעסטאָראַן, ווו עס זענען געווען נאָך זעלנער און אָפיצירן, ווי אויך אַ טשאַפּליין פון דער אַמע־ריקאַנער אַרמיי.

די אַמעריקאַנער זעלנער האָבן מיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טיש, אָבער איך האָב נישט געקענט זיצן. איך בין געווען אַ „מוזולמאַן", געוווגן 36 קילאָ און במחילה נישט געהאַט אויף וואָס צו זיצן...

אויך דאָס מאָל בין איך געווען פאַרזיכטיק מיטן עסן און קוים אָראָפּגעשלונגען אַ פּאָר ביסן.

אינעם זעלבן טאָג, דעם 23־טן אַפּריל, ווער איך אַרי־בערגעפירט אין דעם נאָענטסטן דאָרף פישבאַך. איך בין איבערגעגעבן געוואָרן אין אַ שפּיטאָל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַן אויסגעליידיקטער שולע, ווו עס זענען אַריינגעשטעלט געוואָרן בעטן. דאָ האָבן זיך שוין געפונען אַרום 80 פּערזאָן, געראַטעוועטע פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, דערונטער אויך רוסן.

דייטשע פרויען פון דאָרף פישבאַך האָבן אונדז דאָ באַ־דינט, אַרומגעוואַשן און באַקליידט. אַזוי באַדינענדיק פרעגן זיי, קוקנדיק אויף אונדז: „זענען אונדזערע דייטשן, דאָס דייטשע פאָלק, ווירקלעך פּעאיק געווען זאָ וואָס צו מאַכען פאַן מענטשן?"

קיינער ענטפערט זיי נישט.

די רוסישע באַפרייטע, וואָס זענען געווען שטאַרקער און געזונטער פון די אַנדערע קאַצעטלער, האָבן זיך גלייך אַוועק־געלאָזט איבערן דאָרף צו רויבן וואָס עס האָט זיך נאָר גע־לאָזט.

נאָך 3 טעג זיין אין דעם צייטווייליקן שפּיטאָל, האָט דער עלטסטער פון דאָרף אונדז אַרויסגעשיקט צוליב די „שיינע מעשים" פון די רוסישע באַפרייטע. מען האָט אונדז אויפגע־

לאָדן אויף אַן אָפענעם לאַסט־אויטאָ און נישט געקוקט אויפן שטאַרקן רעגן, וואָס האָט אונדז דורכגעווייקט, זענען מיר אַזוי געפירט געוואָרן, ביז מען האָט אונדז געבראַכט קיין שוואַנדאָרף — אַ מהלך פון 12 קילאָמעטער.

מיר זענען אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין אַ קלויסטער, וואָרום אַלס קאַצעטלער האָט מען אונדז נאָך אַלץ נישט אַריינגעלאָזט אין הייזער. די אַמעריקאַנער האָבן זיך באַצויגן זייער ליבעראַל צו די דייטשן און באַזונדערס צו דער ציווילער באַפעלקערונג.

די צוזאַמענגענומענע פון דער גאַנצער סביבה באַפרייטע קאַצעטלער, האָבן זיך דאָ שטאַרק צוגעכאַפּט צום עסן, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן אונדז געגעבן, דערונטער פאַרשידענע קאָנסערוון, און גלייך האָט זיך באַוויזן די דיזענטעריע, וואָס האָט אַוועקגעריסן צענדליקער מענטשן שוין איצט, נאָך דער באַפרייאונג.

אַזוי אַרום זענען אין דעם קלויסטער, ווו איך בין אָנגעקומען, דעם ערשטן טאָג געשטאָרבן אַרום 150 באַפרייטע קאַצעטלער.

איך מיט נאָך עטלעכע באַפרייטע קאַצעטלער האָבן דערזען וואָס עס טוט זיך און מורא האָבנדיק אָנגעשטעקט צו ווערן, זענען מיר אַנטלאָפן אין שטאָט אַריין (דער קלויסטער האָט זיך געפונען אין דער פאָרשטאָט פון שוואַנדאָרף). דאָ האָט מען אונדז פאַרעגיסטרירט, אויסגעפרעגט אין וועלכע לאַגערן מיר זענען געווען, אָבער קיין פלאַץ וו׳ זיך אויפצו־האַלטן האָבן אונדז די דייטשן דאָך נישט געגעבן, ווייל אַלע פלעצער זענען געווען פול מיט קראַנקע. יעדע ליידיקע געביידע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל, ווי דער קינאָ־זאַל, די שולן, דאָס הויז פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. אַפילו די רעסטאָראַנען זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שפּיטעלער.

מיט אַמעריקאַנער מיליטערישע אויטאָס ווערן מיר אַרי־בערגעפירט אין דער שכנותליקער שטאָט באַמבערג — 60 קילאָמעטער פון דער טרויעריק־באַרימטער שטאָט נירענבערג.

דאָ אָרגאַניזירט די „אונרראַ" אַ סאַנאַטאָריע פאַר טובער־קולאָז־קראַנקע, ווו איך ווער אויפגענומען אַלס קראַנקער.

דאָ געפינט מיך מיין יינגסטער ברודער אַלטער־שלום אין אַ יאָר אַרום בעת איך בין נאָך געווען קראַנק.

ער איז דער איינציקער פון מיין משפחה, וואָס איז געבליבן לעבן און געפינט זיך היינט צו טאָג אין אַמעריקע מיט זיין פרוי און קינדער.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך אונטערשטרייכן, אַז אַלץ, וואָס איך האָב דאָ דערציילט וועגן דעם טויטן־מאַרש פון בוכענוואַלד, איז נישט מער ווי אַ פּראַמיל פון די דורכגעלעבטע שוידערלעכקייטן.

שרייבנדיק די דאָזיקע שורות — שוידער איך אויף ביים בלויזן געדאַנק, אַז אַ מענטש איז מסוגל דאָס אַלץ דורכצולעבן און נישט אומזיסט זאָגט מען, אַז אַ מענטש איז שטאַרקער פון אייזן...

דער טויטן־מאַרש פון בוכענוואַלד באַגלייט מיך ביזן היינטיקן טאָג אויף שריט און טריט. פאַר די אויגן שטייען אָפט אויף, ווי לעבעדיק, יענע הונגער־יאָרן — יאָרן פון פּיין. נישט יאָרן, נאָר אייביקייטן. יאָ, גאַנצע אייביקייטן! עס גלוסט זיך נישט גלייבן!

געוועזן אַ וויסטער קאָשמאַר!

איצט לעב איך אַ פריי לעבן אין דער אייגענער מדינה וועגן וואָס מיר האָבן דאַן אַפילו חלומען נישט געוואָגט, פונקט ווי מיר האָבן נישט געוואָגט צו גלויבן, אַז מיר וועלן נאָך בלייבן לעבן.

## חיות־האדם הועמדו לדין

בעתון „מעריב" מ־19.1.1969 פורסמה כתבה מאת ע. אונגר (סופר „מעריב" באוסטריה) על משפטם של פושעי־מלחמה נאציים, שנפתח בווינה. בין הפושעים הגרמניים הנזכרים במאמר נמצא גם אחד הרוצחים של יהדות טומשוב בשם קרל מאכר. על הפושע הזה לא כתב אף אחד מניצולי טומשוב.

הנה קטע מן המאמר:

..אחד מהם הוא קרל מאכר, שנולד בווינה ב־18.11.1911 הגבוה בדרגה מתוך חמשת הנאשמים. הוא הצטרף עוד בשנת 1932 באורח בלתי חוקי למפלגה הנאצית, קיבל את התעודה מספר 1.386.323, ואחרי ה„אנשלוס" קיבל כ„לוחם ותיק" אות הצטיינות על „שירותיו הנאמנים". מספטמבר 1941 היה מנהל מחלקה לשירותי החוץ בטומאשוב מאזוביצק והגיע בגסטאפו לדרגה החשובה של האופטשטורמפיהרר. בסוף שנת 1944 חזר לווינה, שירת במחלקה לענייני חוץ של מרכז הגיסטאפו ופעל עד התמוטטותו של הרייך השלישי כמנהל שירותי החוץ בקרמס.

הוא מואשם בהוצאתם להורג של רופאים, שופטים, עורכי־דין וקצינים־לשעבר יהודיים וכן יהודים אחרים משיכבת ה־משכילים בטומאשוב מאזוביצק בליל ה־28 באפריל 1942. הוא נאשם גם ברצח חברי ה„יודנראט" בליל ה־7 במאי 1942, וכן בהוצאתם להורג של אסירים יהודיים קבוצות קבוצות ביער סמוך וברצח של אנשים רבים במיבצע הגירוש שנערך בעיר זאת ב־29.10 ו־1.11.1942.

מאכר נידון ב־1.3.1949 על ידי בית־הדין העממי בווינה על בגידה לשנתיים וחצי מאסר ועבודת פרך, ובזמן מעצרו בנו־במבר 1967 עבד כפקיד ביטוח.

# איינער פון די רוצחים פון טאמאשאווער יידן

די גביית־עדות איז איבערגעגעבן געוואָרן אין קרייז־געריכט, אין דער שטאָט צעללע, דייטש־לאַנד, בריטישע זאָנע, ווו דער מערדער איז אַרעסטירט געוואָרן.

צעללע, דעם 25־טן פעברואַר 1948. אין שייכות מיטן ד״ר גלען, צולעצט געוווינט אין ווינהאוזען, קרייז צעללע, געפינט זיך אין אַרעסט אין צעללע.

די אַרויסגערופענע עדות (געוועזענע טאָמאַשאָווער איינ־ווינער):

1) טענענבוים יוסף — איצטיקער וווינאָרט: היידענהיים.
2) ראָמאַנאָוויטש אברהם „ „ „
3) ראמער נתן „ „ „
4) וואלארד יעקב „ „ דאַכאַו.

מיר גיבן פאָלגנדעס איבער:

מיר הערן דאָס ערשטע מאָל וועגן ד״ר גלען ענדע 1939, אָדער 1940. גענוי קענען מיר די צייט נישט פעסטשטעלן. קיין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק איז ער געקומען אַלס קרייז־האַופּטמאַן. ער איז דעמאָלט געווען אָנגעטאָן אין אַן אוניפאָרם פון אַן ס.אַ.־פירער און מיר ווייסן נישט גענוי זיין מיליטער־ראַנגע.

זיין ערשטע פאַראָרדענונג איז געווען, אַז אַלע יידן דאַרפן טראָגן אויף דעם רעכטן אָרעם אַ ווייסן באַנד מיט אַ בלויען מגן־דוד. ער האָט אויך געשאַפן דעם געטאָ פאַר די יידן.

ער האָט אויך פאַראָרדנט צו שאַפן דעם „יודענראַט״, וועלכן ער האָט פאַרפליכטעט אויסצופירן אַלע זיינע פאַר־אָרדענונגען.

אין איינעם פון די טעג האָט ער אַרעסטירט די מיטגלי־דער פון יודענראַט און אַרויפגעלייגט אויף זיי אַ קאָנטריבוציע אין געלט און גאָלד. נאָכן צושטעלן די געפאָדערטע סומע געלט זענען די יודענראַט־מיטגלידער באַפרייט געוואָרן און געווען געצוווּנגען ווייטער אויסצופירן ד״ר גלענס פאָדערונגען.

ווינטער 1940 זענען הונדערטער טאָמאַשאָווער יידן גע־ווען געצוווּנגען רעגולירן דעם טייך וואלבורקע. די יידן האָבן זיך געפונען אין דעם צוואַנגס־לאַגער זאַוואַדע, געלעבט אין הונגער און אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען, באַגלייט מיט מכות־רצח, מגיפות און קעלט. נישט איינער פון די יידן איז צעשלאָגן געוואָרן ביז טויט און פיל זענען דערשאָסן גע־וואָרן.

אויסער דעם האָט מען יידן פון גרויסן געטאָ געטריבן צו פאַרשידענע אַנדערע עפנטלעכע אַרבעטן אין די גרויזאַמ־סטע באַדינגונגען.

דאָס מאַרשירן צו די אַרבעטן איז פאָרגעקומען אין גע־שלאָסענע רייען אונטער דער אויפזיכט פון פאָליציי.

אויסער דעם געטאָ זענען געשאַפן געוואָרן וואַרשטאַטן פאַר די יידישע האַנטווערקער און אויך אונטער דער שטרענג־סטער אויפזיכט.

מיר דערמאָנען זיך איניקע דאַטעס פון דער פאַרברעכע־רישער טעטיקייט פון ד״ר גלען.

דעם 28־טן אַפּריל 1942 זענען אַרום 40 יידן דערשאָסן געוואָרן אין זייערע וווינונגען, אָדער נעבן זייערע הייזער. דאָס האָט כלומרשט געהייסן, אַז די אומגעקומענע האָבן געהערט צו דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

דעם 6־טן מאַי 1942 זענען דערשאָסן געוואָרן 15 מאַן פון יודענראַט און אויך די גרעסטע טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ, ווי דאָקטוירים, אינזשינירן, אַדוואָקאַטן און אַנדערע. אין דער מאָרד־אַקציע זענען אומגעקומען 80 מאַן מיט זייערע פאַמיליעס. די דערמאָרדעטע זענען ווי געשאָכ־טענע בהמות אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויף פויערישע וואָגנס און אַרויסגעפירט געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם, ווו זיי זענען באַגראָבן געוואָרן אין אַ מאַסן־גרוב. מיר האָבן דאָס אַליין געזען, ווייל מיר האָבן זיך גראָד צוריקגעקערט פון דער אַרבעט פון די וואַרשטאַטן צו אונדזערע וווינונגען אין געטאָ. מיר האָבן געזען, אַז די גאַנצע אַקציע איז פאָרגעקומען אונ־טער דער פערזענלעכער אָנפירונג פון ד״ר גלען.

יעדער וואַרשטאַט האָט געהאַט איין דייטשן לייטער. מיטן שניידער־וואַרשטאַט, ווו מיר האָבן געאַרבעט, האָט אָנגעפירט אַ געוויסער פּריקע. דער דייטש איז אַ זון פון דעם שניידער־מייסטער פּריקע, וועלכער וווינט טאַקע אין דער שטאָט, ווו מיר גיבן איצט אָפּ אונדזערע עדות־דערקלערונגען, דאָס הייסט אין צעללע, מאַוערשטראַסע 5. אויך ער אַליין, דער זון, וועל־כער האָט פאַרוואַלטעט מיט אונדזער שניידעריי אין טאָמאַשאָוו, וווינט אין צעללע, האָסטמאַנשטראַסע 23. דער דאָזיקער פּריקע איז באַגאַנגען אין די וואַרשטאַטן גרויסע פאַרברעכנס לגבי די יידישע שניידער און אָנגעווענדעט די שרעקלעכסטע גרויזאַמסטע מיטלען. ער האָט איינמאָל צעשלאָגן דעם יידישן שניי־דער בירנבאַום אַזוי שרעקלעך, אַז ער איז דעם זעלבן טאָג גע־שטאָרבן פון די קלעפּ און וווּנדן. דער דאָזיקער דייטשער פאַרברעכער פּריקע האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זיינע מערדערישע טאַטן אין אַלע אַקציעס און אין דער גרויסער

אויסזידלונג. ער האָט סאָרטירט און דעצידירט ווער עס זאָל אָפּגעשיקט ווערן אין די גאַז־קאַמערן.

...דער הונגער אין געטאָ איז געוואָרן גרויס און אומדערטרעגלעך. די יידישע בעקער און קצבים זענען אויסגעשאָסן געוואָרן אונטער דער כלומרשטער טענה, אַז זיי באַקן אָדער שעכטן אויף שוואַרץ. פיל יידן שטאַרבן אויס פון הונגער. (באַמערקונג פון איבערזעצער משה ווייסבערג: אויך מיין פאָטער גדליהו ווייסבערג איז געשטאָרבן מיט אַ הונגער־טויט דעם 11.5.1942).

צוליב דער גרויסער נויט ווערן געשיקט יידישע קינדער צו די פוילישע פויערים עפּעס קויפן, אָדער אויסטוישן פאַר ווערט־זאַכן. די קינדער האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ, אָבער כמעט אַלע זענען געכאַפּט און דערשאָסן געוואָרן און זייערע טויטע קערפּערלעך זענען צוריקגעוואָרפן געוואָרן אין געטאָ אַריין.

אין די ערשטע מאָנאַטן פון 1942 האָט אויך ד״ר גלען פאַראָרדנט אָפּצוגעבן די פּעלצן (פוטערס). די אַקציע האָט געדאַרפט אַדורכפירן דער יודענראַט און ברענגען די פוטערס אין דער קאָמענדאַנטור. די צאָל צוגעשטעלטע פעלצן האָט זיך אויסגעוויזן די מערדער צו ווייניק און זיי האָבן אָנגעהויבן רעווידירן די וווינונגען אין געטאָ. ווען זיי האָבן ביי עמעצן געפונען אַ קינדער־יאַקע, אָדער ענלעכס, האָבן זיי דעם באַזיצער גלייך דערשאָסן. עס זענען דעמאָלט געפאַלן פיל קרבנות.

ענדע סעפּטעמבער 1942 זענען אַלע יידן פון די קליינע ערטער אַרום טאָמאַשאָוו, אַריינגעטריבן געוואָרן אין טאָמאַשאָווער געטאָ און דעם 29־טן אָקטאָבער, ווי אויך דעם 2־טן נאָוועמבער 1942 זענען זיי צוזאַמען מיט דער טאָמאַשאָווער יידישער געטאָ־באַפעלקערונג אָפּגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

די אויסזידלונג פון די יידן איז פאָרגעקומען דורך דער ס.ס.־פּאָליציי און געסטאַפּאָ אונטער דער פערזענלעכער אָנפירונג פון ד״ר גלען. הונדערטער יידן — אַלטע לייט, קינדער, קראַנקע און פרויען ווערן דעמאָלט דערשאָסן אין די גאַסן. דער מערדער, ד״ר גלען, האָט נישט אַרויסגעלאָזט זיין רעוואָלווער פון האַנט און אַליין געשאָסן די אומגליקלעכע יידן. ווען מ׳האָט די יידן געפירט גרופּנווייז צו דער באַן, זענען אויך דערשאָסן געוואָרן אַ געוויסע צאָל פּאָליאַקן, ווייל זיי האָבן געפּרווט געבן שטיקלעך ברויט זייערע באַקאַנטע יידן.

צווישן אַנדערע פאַלן פון גרויזאַמקייט דערמאָנען מיר זיך, אַז ווען דאָס געטאָ אין טאָמאַשאָוו איז געווען איבערגעפולט און ענג, האָבן די דייטשן געשיקט אַ טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג קיין אָפּאָטשנע און קאָלושקי. צווישן די עוואַקואירטע האָבן זיך אויך געפונען פיל פרויען, וועלכע מען האָט פאַרן אָפּשיקן פולשטענדיק אָפּגעשוירן די האָר.

די פרויען האָבן געבעטן, אַז מען זאָל זיי צוריקשיקן צו זייערע משפחות, צו זייערע מענער און קינדער. די דייטשן האָבן זיי געטאָן „דאָס פאַרגעניגן״ און די די פרויען צוריקגעשיקט, אָבער נישט צו די מענער און קינדער. זיי האָבן די פרויען דערשאָסן. אין דער דאָזיקער אַקציע זענען אומגעקומען עטלעכע הונדערט פרויען.

ביי אַן אַנדער געלעגנהייט זענען דערשאָסן געוואָרן 12 מענער, נאָר צוליב דעם, ווייל זיי האָבן זיך געוואָלט פאַרבינדן טעלעפאָניש מיט זייערע קרובים אין וואַרשע. די אַלע מאָרדן זענען אויסגעפירט געוואָרן אויף דעם פערזענלעכן באַפעל פון ד״ר גלען.

נאָך דער גרויסער אויסזידלונג זענען אין טאָמאַשאָוו געבליבן אַרום 750 האַנטווערקער. קרוב 300 יידן זענען צוריקגעקומען אין קליינעם געטאָ פון פאַרשידענע פּלעצער, ווו זיי האָבן זיך פאַרשטעקט בעת דער גרויסער אויסזידלונגס־אַקציע, וואָס האָט גורם געווען צו דער ליקווידאַציע פון טאָמאַשאָווער יידנטום.

דער הונגער און שמוץ האָט זיי געצוווּנגען אַרויסצוקריכן פון די פאַרשטעקטע בונקערס און לעכער.

ווען די דייטשן האָבן געזוכט די פאַרשטעקטע יידן האָבן זיי צוגעזאָגט, אַז די אַלע וועלכע וועלן זיך צושטעלן, וועלן באַשעפטיקט ווערן אין די וואַרשטאַטן.

אַ געוויסן טאָג ווערט געמאָלדן די יידן, אַז ווער עס האָט קרובים אין פּאַלעסטינע קען זיך רעגיסטרירן אַרויסצופאָרן צו זיי. פאַרשטענדלעך, אַז פיל האָבן ווידער געגלייבט אין די דייטשע טריקן און האָבן זיך גלייך רעגיסטרירט. די אַלע זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין אויאַזד, אַרום 10 ק״מ פון טאָמאַשאָוו און דאָרט זענען אַלע אומגעבראַכט געוואָרן.

זייער ווייניק איז געבליבן פון דער יידישער אינטעליגענץ. די גרעסטע צאָל איז פאַרניכטעט געוואָרן אין מערץ 1943. דעמאָלט איז אויך דערשאָסן געוואָרן דער באַקאַנטער כירורג ד״ר מאָרדקאָוויטש מיט זיין טעכטערל. דער מאָרד איז אויסגעפירט געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם און ד״ר גלען האָט אָנטיילגענומען אין דער פאַרניכטונגס־אַקציע. ווי עס איז איבערגעגעבן געוואָרן, האָט ער פערזענלעך דערשאָסן דעם ד״ר מאָרדקאָוויטש.

אַפּריל 1943 זענען די 750 געבליבענע האַנטווערקער אויסגעשטעלט געוואָרן אין רייען. עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסער קויש און מיר זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן אַריינצוּוואַרפן אין אים דאָס געלט און גאָלד, וואָס מיר האָבן נאָך געהאַט. פון גרויס שרעק האָט יעדער אַריינגעוואָרפן וואָס ער האָט נאָר פאַרמאָגט. 4 פון אונדזערע פריינד זענען

בעת דער אַקציע דערשאָסן געוואָרן, כדי אַנצוּוואַרפן אַ פחד אויף די איבעריקע.

דעם 29־טן מאַי 1943 זענען מיר אָפּגעשיקט געוואָרן אין לאַגער בליזשין און מיר, די פיר, קענען נישט מער זאָגן וואָס עס איז ווייטער געוואָרן אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק.

דאָס אַלץ דערקלערן מיר אַלס עדות און מיר זענען גרייט צו יעדער צייט און פאַר יעדן געריכט באַשטעטיקן די פאַקטן אונטער אַ שבועה.

די אונטערשריפטן זענען געגעבן געוואָרן אייגנהענטיק דורך די עדות.

איבערגעזעצט פון דייטש דורך **מ. ווייסבערג**

# דער דייטשער פאַרברעכער בעטיך

דער אַמאָליקער טאָמאַשאָווער תושב זאַנוול וועלטמאַן האָט איבערגעגעבן אין „אונרא״־ביוראָ אין שטוטגאַרט (מאַי 1947) וועגן דעם דייטשן מערדער בעטיק, פאָלגנדיקע דער־קלערונגען:

...דער פּאָליציי־פירער בעטיך איז מיר גוט באַקאַנט. איך האָב געוווינט אין טאָמאַשאָוו ביז מאַי 1943, ד. ה. ביז צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון געטאָ.

בעטיך האָט אָנטיילגענומען אין יעדער אויסזידלונג־אַק־ציע פון די טאָמאַשאָווער יידן.

איך דערמאָן זיך גענוי די גרויסע אויסזידלונג פון די טאָמאַשאָווער יידן קיין טרעבלינקע אין די טעג פון 29־טן אָקטאָבער ביז 2־טן נאָוועמבער 1942. אין די דאָזיקע טעג איז בעטיך געשטאַנען און דעצידירט וועמען צו שיקן אין קרעמאַטאָריע. צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע ס.ס.־לייט האָט ער דעמאָלט אָפּגעשיקט צו דער פאַרניכטונג קיין טרעבלינקע צוועלף טויזנט יידן.

...אויך אין דער אויסזידלונג פון די פאַרבליבענע עטלע־כע הונדערט יידן קיין בליזשין אין מאַי 1943, האָט בעטיך אָנ־טיילגענומען. ער אַליין פלעגט אָפּטמאָל קומען קיין בליזשין אין לאַגער און בעת יעדן באַזוך האָט ער אָדורכגעפירט נייע אויסזידלונגען, וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך פיל נייע קרבנות.

איינמאָל, אין יאָר 1943, האָט בעטיך אויסגעזידלט אין בליזשין דעם באַראַק נומער 4. אַרום 300 מאַן זענען דעמאָלט דורך אים אומגעבראַכט געוואָרן.

איבערגעזעצט פון דייטש און באַשטעטיקט מיט דער אונטערשריפט פון **זאַנוול וועלטמאַן**

שטוטגאַרט, מאַי 1947.

# היסטאָרישע פאַקטן וועגן יידיש לעבן אין טאָמאַשאָוו

די צענטראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע ביים צענטראַל־קאָ־מיטעט פון די באַפרייטע יידן אין מינכען, אַמעריקאַנער זאָנע, האָט זיך צווישן אַנדערן פאַרנומען מיטן אויספילן היסטאָרישע פראַגעבויגנס וועגן דעם דייטשן גיהנום אין די מלחמה־יאָרן. די איינצלנע געראַטעוועטע יידן פון די הונדערטער גרויסע און קליינע יידישע ישובים, האָבן באַקומען די בויגנס מיט פאַר־שידענע פראַגן בנוגע זייערע ישובים; וועגן יידישן לעבן פאַרן גרויסן חורבן און וועגן דער פאַרניכטונג.

היות וועגן דער טרויעריקער פאַרניכטונג פון דער קהילה טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק איז געשריבן געוואָרן לרוב אין דער יידישער שפּראַך, וועל איך מיר דערלויבן, צוליב געשיכטלעכע צוועקן, געוויסע פרטים, איבערגעגעבענע פון טאָמאַשאָווער געראַטעוועטע, אין די דאָזיקע פראַגעבויגנס, איבערצוזעצן אין דער העברעאישער שפּראַך.

# שאלון מס׳ 1

**ועדה מרכזית להיסטוריה**
**על יד ועד המרכזי של שארית הפליטה**
**במינכן (איזור אמריקני)**

1) **העיר?**
— **טומשוב־מזוביצק, איזור לודז׳, פולין.**
2) **בן כמה הישוב?**
— **בן 170 בערך.**
3) מספר היהודים לפני פרוץ המלחמה?
— 15.000.
4) מקורות הפרנסה של היהודים?
— **אורגים בתעשית הטקסטיל, בעלי מלאכה שונים, חרשתנים ותעשיינים, סוחרים ומסחר־זעיר.**
5) מוסדות צבוריים של היהודים?
— **בית כנסת מרכזי גדול, 2 בתי מדרשים ובתי תפילה רבים; בית הקברות, מושב זקנים, בית יתומים, בית ספר תיכון עברי, 4 בתי ספר ממלכתיים בשביל ילדי־יהודים, 2 בתי ספר פרטיים, „תלמוד־תורה" ו„יסודות־התורה", 2 בנקים, מוסדות צדקה רבים כגון „לינת־הצדק", „עזרת החולים" ועוד. 4 ספריות, צרכניה, כל המפלגות הפוליטיות ציוניות ולא ציוניות, כל התנועות נוער, ארגונים בעלי־מלאכה וסוחרים, ארגונים ספורטיביים, תרבותיים ועוד.**
6) **דברים נדירים שנמצאו אצל היהודים באופן פרטי או היו שייכים לקהילה, כגון בנינים, מצבות, פנקסים, תשמישי קדושה, ספרים, תמונות וכו׳. מה גורלם?**
— **כל הדברים הנ"ל ושלא נזכרו היו ברשות היהודים הכל נהרס או נשדד על ידי הגרמנים.**
7) **המאורעות החשובים בעיר בימי כבוש הנאצי?**
**הגרמנים נכנסו לטומשוב ב־5 לספטמבער 1939. בימים הראשונים של שליטתם נתפסו כ־90 יהודים ונשלחו לבוכנוולד. רק יחידים נשארו מאלה.**
**בהמשך שליטתם לקחו ערבים ודרשו סכומים כסף גדולים עבורם, החרימו בתים, בתי חרושת ובתי עסק; החרימו רכוש, זהב ודברי ערך; היהודים גורשו לגיטו, הוכרחו לעבודת פרך, הוכרחו לשאת את הסרט הלבן עם המגן־דוד, עברו ענויים קשים, פרעות (פוגרומים), הוצאו להורג ללא סיבה, יהודים מתו מרעב, לכלוך, מגיפות ועוד ועוד.**
**אין מלים בפי לתאר הזוועות שנעשו על־ידי הגרמנים. בביצוע זוועות אלו השתתפו גם 5.000 הגרמנים המקומיים.**
**בסוף אקטובר, התחלת נובמבר 1942 חוסל הגיטו ויהודי טומשוב נשלחו להשמדה בטרבלינקה.**
**נשארו בסך־הכל כ־850 בעלי מלאכה, שרובם נשלחו בסוף מאי 1943 למחנה רכוז וענויים בבליז׳ין.**

8) **היחס של האוכלוסיה הלא־יהודית כלפי היהודים?**
— **מצד הפולנים לא היה ניכר יחס עוין. הצרות העיקריות באו מצד הגרמנים המקומיים.**
9) **האם היהודים אירגנו איזו מחתרת או גילו איזו התנגדות?**
— **לא.**
10) **מספר היהודים שנשארו בחיים?**
— **כ־300, מהם כ־150 נשארו ממחנות ריכוז והיתר בדרכים שונות אחרות.**
1) **אישים ידועים בעיר (שמם, גילם, תעסוקתם, שטח פעילותם ואופן מותם?**
— **בימים הראשונים של הכיבוש — מת יושב ראש הקהילה בולסלב שפס, שחזר מישיבה אצל ראש־העיר. למותו גרם הצער הרב שעבר עליו בקשר לצרות והיחס המדכא מצד הגרמנים כלפי האוכלוסיה היהודית.**
**במשך כל הזמן של הכיבוש לא היה שבוע ואף לא יום בלי קרבנות. היהודים נורו ונרצחו ללא כל סיבות.**
**בסוף אפריל 1942 נרצחו עשרות יהודים בטענת שוא שהיו כביכול סוצאליסטים.**
**ב־6—7 למאי נרצחה האינטליגנציה היהודית ובין אלה כל אנשי ה„יודנראט": ורזאגר, גבירץ, נובומיאסט, מורדקוביץ׳, אש, אלטר, שפס משה, ראש המשטרה היהודית — זאמטשקובסקי, העורך־דין — הירשברונג עם שני בניו; הרופאים יובילר, כהן, ברלינר, לאנדאו; רופא שניים וייסקופ ואחרים; התעשיינים: האחים בורגין, האחים בירנצוויג, הירש דנציגר, האחים בליבוים ואחרים.**
**כ־200 גופות היו מונחים על המדרגות ועל יד בתיהם של כל ההרוגים.**
**לאחר מכן היו עוד מקרי רצח רבים.**
**ב־29 לאוקטובר ועד ל־3 לנובמבר 1942 היה גירוש של כ־12.000 יהודי טומשוב והסביבה למחנה ההשמדה טרבלינקה. בשעת הגירוש נרצחו ברחובות עירנו, על המגרשים ובבתים, יותר מ־200 יהודים.**
**מאלה שנשארו כבעלי מקצוע נרצחו עוד יהודים רבים בינואר 1943 ב„אקציה הפלסטינאית".**
**באיסוף הזהב והכסף אצל הנשארים — נרצחו 4 גברים.**
**ב„אקציה הפורימאית" נרצחו 21 יהודים ובין אלה הרופא המפורסם ד"ר מורדקוביץ.**
**ב־29 למאי 1943 נשלחו היהודים הנשארים מטומשוב למחנה ריכוז בליז׳ין והעיר טומשוב נשארה ללא יהודים.**

**משה נימץ**

לייפהיים (גרמניה), 22.8.1948

## שאלון מס׳ 2

**ועדה מרכזית להיסטוריה**
**על יד ועד המרכזי של שארית הפליטה**
**במינכן (איזור אמריקני)**

1) העיר ?

— טומשוב מזוביצק (איזור לודז׳, פולין).

2) שנות הקיום של הישוב ?

— כ־180 שנה.

3) מספר היהודים לפני פרוץ המלחמה ?

— 15.000 בערך.

4) מקורות הפרנסה של היהודים ?

— בעיקר תעשיית הטקסטיל, בעלי מלאכה שונים, סוח־רים, חנונים, פועלים ועוד.

5) מוסדות צבוריים ותרבותיים של היהודים, מפלגות, תנועות ועוד ?

— בית כנסת, בתי מדרשים, ישיבות, בית־קברות, בית־מרחץ צבורי יהודי, בתי יתומים, בית חולים, בית זקנים, ארגוני צדקה, („לינת־הצדק", „עזרת כלה" ועוד), בית־ספר תי־כון עברי, בתי ספר עממיים, „חדרים", שעורי־ערב, שני בנקים, ספריות, חוגים דרמטיים („הזמיר" ועוד), צרכניה, ארגונים מקצועיים וספורטיביים, כל המפלגות הפוליטיות, תנועות נוער ועוד.

בתי הכנסת ובתי המדרש נשרפו ע"י הגרמנים עוד בשנת 1939. גם בנינים אחרים נהרסו. בנין של ארגון הספורט ז׳.ט.ג.ס. נשאר.

6) דברים נדירים שהיו ברשות היהודים (באופן פרטי, ברשות הקהילה או ארגונים צבוריים אחרים), כגון מצבות, פנקסים, תשמישי קודש — פרוכות, עטרות, ספרים תמונות וכו׳ ?

— לא ידוע לי.

7) המאורעות החשובים בימי הכיבוש הנאצי ?

— ביום 5 לספטמבר 1939 כבשו הגרמנים את העיר טו־משוב־מזוביצק. בימים הראשונים של שלטונם יצאו גזירות וחוקים נגד היהודים, בין היתר היה צריך לתלות שלטים: „עסק יהודי" בחלונות ועל הדלתות של בתי־עסק יהודיים וזה נתן לתושבים הלא־יהודיים, פולנים וגרמנים, אפשרות לביזה ושוד אצל היהודים.

ב־17 לאוקטובר 1939, הקומנדנט המקומי הנעזר על־ידי המשטרה הפולנית, אסף כמה מאות יהודים בשוק העיר וצווה עליהם לשיר ולרקוד. ביניהם היה החזן ומקהלתו.

ב־21 באוקטובר 1939 נאספו שוב קבוצות גדולות של יהודים בשוק העיר ומשם נשלחו לעבודת פרך אל נהר וויל־בורקה.

ב־10 לספטמבר 1941 הועברו היהודים לגיטו פתוח. ה־צפיפות, הרעב והמגיפות עשו שמות ביהודים. מקרי מוות ואבוד את עצמם לדעת היו מעשי יום יום של היהודים, וזה פרט לקרבנות של היהודים אשר עונו או נרצחו על ידי הגרמנים.

באקציות הקטנות נרצחו מאות יהודים. מ־29 לאוקטובר עד ל־2 לנובמבר 1942 גורשו מטומשוב לטרבלינקה יותר מ־12,000 יהודים. 200 איש נורו ברחובות הגיטו ועל המגרשים במקומות ששם היהודים נאספו לגירוש.

לאחר הגירוש נשארו עוד כ־900—1000 בעלי מקצוע יהודים.

חלק מאלה נרצחו עוד בכמה אקציות: ה„אקציה ה־פלסטינאית", ב„אקציה הפורימאית". במרץ 1943 ובמאי 1943 נשלחו 500—600 יהודים, השרידים האחרונים של יהדות טומשוב למחנה בליז׳ין.

8) היחס של האוכלוסיה הלא יהודית כלפי היהודים ?

— בדרך כלל היחס ליהודים היה עוין ולא היו חסרים פולנים שעזרו לגרמנים. הם הצטיינו גם בביזה, בלעג ובעינויים של היהודים.

9) מספר היהודים שניצלו מן השואה ?

— מעט מאוד נשארו בחיים. מעטים ניצלו בדרך נס מן המחנות, מספר מועט מרוסיה ועוד.

11) אישים ידועים ומפורסמים שחיו בעיר ?

— כל הרופאים, עורך־דין הרשפרונג, בעלי בתי חרושת, עסקני המפלגות ועוד.

**רחל פאלעם**

ואלם־סדן, 24.5.48

# פאַרניכטונג פון יידישן בית־עולם אין פּלאַשאָוו

(לויט פראַגעבויגנס)

דער טאָמאַשאָווער געוועזענער תושב לאַזנאָווסקי דודעק (דוד) גיט איבער אין דער אָרטשאַפט אייכענשטאַדט (אַמע־ריקאַנער זאָנע), אין אַן אויסגעפילטן פראַגע־בויגן, אַרויס־געגעבן דורך דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע אין מינכען, זיינע איבערלעבונגען.

צווישן אַנדערע געפינען מיר פאָלגנדיקע פאַקטן:

...מען האָט מיך אַרויסגעפירט מיט נאָך 7 מאַן קיין פּלאַשאָוו. איך האָב דאָרט געאַרבעט ביים פאַרניכטן דעם יידישן בית־עולם און אויף דעם אָרט האָט מען אויפגעשטעלט אַ לאַגער מיט פיל באַראַקן.

דריי מאָנאַט האָט מען אונדז געפערלעך געפייניקט ביי דער אַרבעט און דאַן האָט מען אונדז, אַ גרופּע פון קרוב 1,500 מאַן, אַפּגעשיקט קיין אוישוויץ.

מיר האָבן דאָ געאַרבעט ביים אַפּרוימען די טויטע. דאָס שלאָגן און פייניקן איז געווען אַזוי גרויס, אַז נאָך 3 חדשים זענען מיר געבליבן פון די 1,500 מענער בלויז 100 מענטשן.

מען האָט מיך דאַן ווידער אַפּגעשיקט מיט אַ גרופּע קיין גאַלעשאָוו אויף דער טשעכישער גרענעץ. דאָ האָב איך געאַרבעט אין אַ שטיין־האַקעריי. מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן. די שוואַכע זענען גלייך אַפּגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ אין קרעמאַטאָריום.

אין דעם דאָזיקן אַרבעטס־פּלאַץ בין איך פאַרבליבן ביז ענדע 1944. דורך דער צייט זענען אַ העלפט פון אונדז אויס־געשטאָרבן פון הונגער און קעלט, אָדער דורך פייניקן און שיסן.

ד. לאַזנאָווסקי

# יידישע קינדער אין לאַגער בליזשין

דער געוועזענער טאָמאַשאָווער תושב ראָזענבערג חיים גיט איבער אין זיין פראַגע־בויגן פאָלגנדע שוידערלעכע פאַקטן:

...אין אַ געוויסן זומער־פרימאָרגן, איז אין לאַגער בליזשין געמאַכט געוואָרן אַן אַפּעל דורך דעם לאַגער־פירער, אונטער־שטורמפירער נעל. דער דערמאַנטער פאַרברעכער האָט גע־געבן אַ באַפעל אַפּצוגעבן די קינדער. 49 קינדער זענען צוגענומען געוואָרן ביי די עלטערן און אויך 3 זקנים, וועלכע עס איז ביז איצט געלונגען צו ראַטעווען זיך.

דער פאָטער, וואָס האָט געוואָלט וויסן דעם גורל פון זיין קינד, איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט דורך דעם ס.ס.־מאַן פאַל.

די קינדער זענען אַרויפגעזעצט געוואָרן אויף אַ לאַסט־אויטאָ און געפירט געוואָרן אין דער ריכטונג קיין ראַדאָם. עס האָבן זיי באַגלייט אוקראַינישע פּאָליציאַנטן. די קינדער זענען איבערגענומען געוואָרן דורך ס.ס.־לייט, וועלכע האָבן זיי געפירט צופוס און געשלאָגן ביז צום טויט.

די 3 זקנים האָבן באַקומען לאָפּאַטעס און די מערדער האָבן זיי באַפוילן אויסגראָבן אויפן פעלד אַ גרויסן גרוב פאַר די קינדער, וועלכע זענען אכזריותדיק דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים.

די טויטע קינדער זענען אַריינגעלייגט געוואָרן אין צוויי גרויסע קאַסטנס. דעם ערשטן קאַסטן האָבן די דריי זקנים באַוויזן צו דערשלעפּן ביז צום גרוב, אָבער דעם צווייטן קאַסטן מיט די קינדער זענען זיי נישט געווען בכוח צו רירן פון אָרט. די מערדער האָבן דאַן אַוועקגעשטעלט די דריי זקנים און זיי דערשאָסן.

איך בין דעמאָלט געווען געהילפס־שאָפער און אַנוועזנד געווען בשעת דעם טרויעריקן בילד.

צוזאַמען מיט מיר האָבן זיך אויך געפונען מיינע טאָמאַ־שאָווער חברים: נח גרינשפּאַן און חיים־אליהו ווייצמאַן.

## אַן ס.ס.־מאַן — אַ „דענטיסט"

...בערך 2000 פּערזאָן זענען מיר געטריבן געוואָרן צופוס פון ראַדאָם קיין טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצק.

אַלע קינדער, זקנים און קראַנקע זענען אויסגעשאָסן גע־וואָרן אין וועג. נאָך 4 טעג זענען מיר די איבערגעבליבענע, אָנגעקומען קיין טאָמאַשאָוו. מיטאַמאָל זענען פון אונדז פאַר־שווונדן געוואָרן אַלע פרויען אויף אייביק. די ביימער פון די וועלדער, נאָענט צו טאָמאַשאָוו אויפן ראַדאָמער וועג,

זענען באַפּרוכפּערט געוואָרן מיטן בלוט פון הונדערטער ייִדישע קרבנות, וועלכע זענען דאָרט דערשאָסן געוואָרן, צווישן זיי אויך פיל טאָמאַשאָווער.

פון טאָמאַשאָוו האָט מען אונדז אָפּגעשיקט קיין אויש־וויץ, ווו מען האָט אונדז צונויפגעזאַמלט און ווייטער אָפּ־געשיקט, בערך 5,300 מאַן, קיין לעאָנענבערג, ביי שטוטגאַרט. פון דער גרופּע זענען יעדן טאָג געפאַלן אַרום 35 טויטע, פאַר וועלכע איך און נאָך איניקע יידן האָבן געגראָבן גריי־בער, זיי אַריינגעוואָרפן און פאַרשאָטן.

אין דעם דאָזיקן לאַגער האָט זיך געפונען אַן ס.ס.־מאַן, אַ „דענטיסט", וועלכער האָט יעדן טאָג געריסן די ציין ביי 5־6 מאַן. צוערשט האָט דער פאַרברעכער געריסן די גאָלדענע ציין און דאַן האָט ער אויך ביי פיל יידן געריסן געזונטע ווייסע ציין, סתם אַזוי, אויס „ספּאָרט", אָדער כדי זיך פאַר־ווילן פון דיליידן פון זיינע קרבנות. אויך מיר האָט דער דאָזיקער מנוול אַרויסגעריסן איניקע ציין.

**יסורים־מאַרש**

...אָנהויב 1945 זענען מיר געטריבן געוואָרן אין אַן אַנ־דערן לאַגער. דאָס איז געווען דער לאַגער „גענאַקאָו" ביי לאַנדאַו אנדעראיזע. עס איז דאָרט געווען אַן אַלטער אונטער־שטורמפירער, אַ שרעקלעכער פאַרברעכער. זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען צו שיסן מענטשן לאַנגזאַם, אַז פאַרן טויט זאָלן זיי זיך פייניקן. דעריבער האָט ער קודם־כל גע־שאָסן אין די פיס אַריין און נאָך אַ לענגערער צייט ערשט דערשאָסן די קרבנות.

דעם 25.4.45 האָט מען אונדז געטריבן קיין עגענפעלדן. מיר זענען געווען אַ גרופּע פון 7000 מאַן. נאָך 5 טעג שלעפּן זיך האָבן די דייטשע מערדער דערשאָסן אונטערוועגס 6,800 מאַן. עס זענען פאַרבליבן בלויז אַרום 200 מאַן. איך בין געבליבן נאָר אַדאַנק דעם, וואָס איך בין געווען באַשעפטיקט אַלס שאָפער ביי דעם אָבערשטורמפירער.

**חיים ראָזענבערג**

(היסטאָרישע קאָמיסיע שווייבאַך,
דייטשלאַנד — 6.10.1948)

באַמערקונג:

די אַלע איבערגעגעבענע פאַקטן פון טאָמאַשאָווער לאַנדס־מאַן ח. ראָזענבערג וועגן דעם „מאַרש" פון טויזנטער יידן פון ראַדאָם קיין טאָמאַשאָוו, זענען אויך דערמאָנט אין דעם דאָקומענטאַרישן בוך אין דער פּוילישער שפּראַך פון ד"ר פריץ פרידלענדער. אין דעם דאָזיקן בוך געפינט זיך אַ גביית־עדות פון דעם ראַדאָמער געוועזענעם תושב פסח מילמאַן, וועלכער באַשרייבט גענוי דעם טויטן־מאַרש פון 3,000 יידן פון ראַדאָם קיין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק און די הונדערטער קרבנות, וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן וועג, ווי אויך דאָס פאַרשווינדן פון די הונדערטער פרויען.

עס ווייזט אויס, אַז דאָס בוך איז אויך איבערגעזעצט געוואָרן אין דער דייטשער שפּראַך און דער דערמאָנטער פסח מילמאַן גיט דאָרט איבער זיינע איבערלעבונגען אין די יאָרן 1939—1945.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז אויך ד"ר וו. פרידמאַן שרייבט אין זיין טאָג־בוך וועגן דעם מאַרש פאָלגענדעס: דעם 29־טן יולי 1944 פירט מען אונדז אַריין אין אַ גרויסן זאַל פון דער טאָמאַשאָווער זייד־פאַבריק. 2,500 מענער זענען מיר געלעגן במשך 7 טעג אין שמוץ, הונגעריקע און אָן וואַסער. 500 פרויען מיט די נאָך געבליבענע קינדער האָבן די פאַרברעכער אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. דעם 5־טן אויגוסט האָט מען אונדז ווייטער אָפּגעשיקט — דאָס מאָל קיין אוישוויץ.

ד"ר פרידמאַן איז געווען פאַרן קריג פּראָפעסאָר פון היסטאָריע אין די בראַודע־העברעישע גימנאַזיעס אין לאָדזש. נאָכן קריג איז ד"ר פרידמאַן געווען לייטער פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פּוילן, מיט וועלכן איך האָב צו־זאַמען געאַרבעט אין יאָר 1945.

**מ. ווייסבערג**

# יום־כיפור 1944 אין אוישוויץ

וו. שייעוויטש

זייער ווייניק טאָמאַשאָווער זענען מיר געבליבן אין קאַצעט בליזשין אין זומער 1944, אָבער אויך די זענען נישט געווען זיכער צי מען לאָזט זייביים לעבן כל זמן מען קען זיי נאָך אויסנוצן אַלס אַרבעטס־קראַפט. אָדער אפשר וועט אונדז דער גורל צושפּילן צו בלייבן לעבן און זען די מפּלה פון אונדזערע רוצחים ?

מיר זענען געווען פיזיש און גייסטיק אַזוי דערשעפּט, אַז פיל פון אונדז האָבן כמעט פאַרגעסן, אַז מיר זענען ענלעך צו שאָטנס און פאַרלוירן יעדן צלם אלוקים. זייער ווייניק האָבן געגלויבט, אַז די פאַרניכטונג זאָל זיי אויסמיידן.

עס זענען געווען אַזעלכע וועלכע זענען געווען גלייכגילטיק און האָבן נאָר געבעטן גאָט, אַז אויב דער טויט דאַרף זיי נישט אויסמיידן, פּונקט ווי אַלע זייערע נאָענטע, טאָ זאָל ער נישט פאַרשאַפן קיין באַזונדערע ליידן אויסער די, צו וועלכע מען איז שוין געוווינט געוואָרן...

אין יולי 1944 האָט מען אונדז, די קליינע גרופּע געבליבענע טאָמאַשאָווער, אָפּטראַנספּאָרטירט פון לאַגער בליזשין קיין אוישוויץ. אונטער אַ שטאַרקער באַוואַכונג פון ס.ס.־לייט האָט מען אונדז אַריינגעטריבן אין לאַסט־וואַגאָנעס, וועלכע האָבן געדינט צו פירן קוילן. מיר האָבן נישט געוווּסט צי מען פירט אונדז אין די גאַז־קאַמערן, אָדער זיי וועלן אונדז לאָזן אַרבעטן ווי לאַנג מיר זענען פעאיק און דאַן אונדז פאַרניכטן.

שפּעט ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין בירקענאַו. מען האָט אונדז אויסגעשטעלט אויף דעם אַזוי גערופענעם „קוואַראַנטאַנע פעלד", אָנגעטאָן אונדז אין די פּאַפּירענע ווייס־בלויע „פּאַשאַקעס" און איבערגעגעבן אין די הענט פון אַ קאַפּאָ.

אונדזער נייער „פאַרזאָרגער" איז געווען פאַרן קריג אַ באַקאַנטער פאַרברעכער, וועלכער האָט באַקומען לעבנסלענגלעכע תפיסה פאַר זיינע פאַרברעכנס. זיין לאַנגן און דיקן שטעקן, וואָס ער רופט „דאָלמעטשער" פּרוּווט ער גלייך אויס אויף די פּלייצעס פון אַ יידישן קאַצעטלער.

צומאָרגנס ווערן אונדז אויסטאַטואירט נומערן אויף די הענט. מיר האָבן נישט מער קיין פאַמיליע־נאָמען מיר זענען נומערן. נעבן באַראַק, אין וועלכן מען האָט אונדז אַריינגעשטופּט, געפינען זיך צווישן אַנדערע אַ באַראַק מיט 120 יידישע קינדער אין עלטער פון 10—13 יאָר, כמעט אַלע פון ווילנער געגנט. זיי האָבן שוין דורכגעמאַכט פאַרשידענע גיהנומס און דאָך האָבן זיי באַוויזן אויסצוהאַלטן ביז היינט. זיי האָבן אויך געהאַט מיט זיך עטלעכע פּאָר תפילין און גע־

טוישט זיך צווישן זיך, אַז אַלע זאָלן קענען דאַוונען. עס האָט פּאַסירט, אַז אַ קינד איז קראַנק געוואָרן אויף מאָזלען, אָדער אויף אַן אַנדער קראַנקהייט, איז עס איזאָלירט געוואָרן און מער האָט זיך שוין דאָס קינד ניט צוריקגעקערט אין באַראַק.

ערב ראש־השנה האָבן די פאַרברעכער צוגעטיילט יעדן קינד אַ גלאָז מילך און עטלעכע שעה שפּעטער האָט מען די קינדער אַוועקגעפירט אויף זייער לעצטן וועג.

די קינדער האָבן געפילט זייער סוף, וואָס דערנענטערט זיך און געפּרוּווט זיך נאָך קלאַמערן אין לעבן, אויסבאַהאַלטן די תפילין. זייערע בלאַסע פּנימלעך און אויסגעלאָשענע אויגעלעך האָבן געזוכט אַ רעטונג. געדאַוונט און געבעטן גאָט, אָבער די רעטונג איז נישט געקומען. דאָס האַרץ האָט געשניטן פאַר ווייטאָק קוקנדיק אויף זיי, אָבער מיר זענען געווען מאַכטלאָז.

דריי וואָכן זענען מיר שוין געווען איזאָלירט אין אונדזער באַראַק, געלעבט אין שפּאַנונג און סכנה און געווען זיכער, אַז אָט באַלד וועט מען קומען און אונדז אַוועקשיקן אין קרעמאַטאָריע.

דערווייל לעבן מיר נאָך. טעג און נעכט זענען לאַנג ווי דער גלות און שרעקלעכער פון גיהנום. מיר הערן, אַז עטלעכע קרעמאַטאָריעס זענען אויפגעריסן געוואָרן און די אויפשטענדלער האָט מען געהאָנגען.

מיר דערוואַרטן זיך דעם ערב יום־כיפור. איך ליג אויף מיין פּריטשע מיט פאַרמאַכטע אויגן און טראַכט וועגן דער אַמאָליקער היים אין אַ יום־כיפור טאָג. מיין פאָטער אין דעם ווייסן קיטל און איינגעהילט אין טלית שטייט ביי דער מזרח־וואַנט אין בית־המדרש. מיין מוטער מיט דעם גראָבן מחזור אין האַנט, מיינע ברידער, שוועסטער, חברים, פריינט, די גאַנצע שטאָט. איך דערמאָן זיך די יאָרן, ווען מיין פאָטער איז געווען גבאי אין בית־המדרש און האָט אַלץ געטאָן, אַז דער באַרימטער בעל־תפילה גדליהו שוחט מיט זיין קאַפּעליע זאָל דאַוונען שחרית אין בית־המדרש. איך פרעג זיך אַליין : פאַרוואָס און פאַר וועלכע זינד איז אויסגעפאַלן אויף אונדזער גורל דאָס אַלץ איצט איבערצולעבן ?

פּלוצים דערנענטערט זיך צו מיר דער מאלער שאפּמאַן און רייסט מיך אַרויס פון מיין קאָשמאַר. ער זאָגט צו מיר : „„דו ווייסט, וואָלף, מיר זענען שולדיק, וואָס מיר זענען נישט מיטגעגאַנגען מיט אונדזערע נאָענטע און איין מאָל פאַר אַלע מאָל געמאַכט אַ סוף צו די צרות". איך פּרוּוו אים טרייסטן, אָבער אין דער אמתן טראַכט איך, אַז ער איז גערעכט, ווייל פיל זענען געגאַנגען מיט זייערע משפחות און צווישן אַנדערע אויך מיין ברודער שמעון און מיין שוועסטער גיטל.

איך וועל אויך ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען מיין שול־חבר באַלעק שטיינמאַן („יאיטע" שטיינמאַנס זון), וועלכער איז בשעת דער אויסזידלונג אַנטלאָפן פון לאַגער, כדי צו זוכן זיין פרוי און קינדער. פון אים האָט מען זיך דערוווּסט דעם טרויעריקן אמת, אַז אַלע אונדזערע משפחות זענען אָפּ־געפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע און דאָרט אומגעבראַכט גע־וואָרן. אויך באַלעק שטיינמאַן איז שפּעטער אומגעקומען אויף אַ טראַגישן אופן.

ליגנדיק אַזוי פאַרטיפט אין מיינע געדאַנקען דערהערט זיך פּלוצים אַ געטומל — מען רופט אויף אַן אַפּעל. אַלע לויפן אַרויס אין פעלד און מיר שטעלן זיך אויס אין רייען. אין ריי אָפּגערוקט פון דער צווייטער דריי מעטער. מיר זענען נישט אָנגעטאָן און ציטערן פון קעלט. מיר שטייען אַזוי ביז עס דערנענטערן זיך ס.ס.־לייט מיטן באַקאַנטן יידן־מערדער ד"ר מענגעלע. ער גייט מיט פאַרריסנקייט, חוצפּהדיק און האַלט די רעכטע האַנט אַריינגערוקט אין דער מאַרינאַרקע צווישן די קנעפּלעך אין זיין בוזעם.

אַ גרויל גייט יעדן אַדורך, ווייל מיר ווייסן וואָס עס באַ־דייט דאָס באַווייזן זיך פון דעם דאָזיקן מערדער. ער הויבט אָן זיין ציִיגן מיטן גראָבן פינגער און ווינקט וועלכע נומערן צו פאַרשרייבן. אַזוי ווערן דעמאָלט פאַרשריבן צום טויט אונ־דזערע טאַמאַשאָווער: דער אַלטער שאַפּמאַן (דער מאָלער), יצחק ראָזנבלאַט און פון דער פרויען־אָפּטיילונג די פרוי אַהרנזאָן, לאַניאַ בראַמבערג און פיל אַנדערע חברים און באַקאַנטע. די אַלע פאַרמשפּטע צום טויט ווערן אָפּגעפירט מיט אויטאָס צו זייער לעצטן וועג. פאַרן אָפּפאָר האָבן זיי נאָך געפאָדערט זייער פּאַרציע ברויט פון קאַפּאָ.

עס פאַלט צו די נאַכט. פון אַנדערע בלאָקן שאַרן זיך אַריין עטלעכע יידן. זיי האָבן באַזאָרגט אַ טלית מיט אַ מחזור און דער באַוווּסטער טשענסטאָכאָווער חזן שטעלט זיך אַוועק ביים שיין פון די פינף רויכערנדיקע קרעמאַטאָריעס זאָגן „כל נדרי". נאָך אַזאַ שווערן טאָג, דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון אוישוויץ, שטעלן זיך יידן דאַוונען. די טרערן רינען פון די אויגן, די שטימע פון חזן ווערט וואָס אַמאָל העכער, פּרווּוט ברענגען אַ ביסל טרייסט די צעבראָ־כענע הערצער. מען היט צי עס הערן אונדז נישט די רוצחישע ס.ס.־לייט, ווייל מיר קענען אויף זיך ברענגען אַ באַלדיקן טויט. דאָס געוויין איז גרויס. די פלאַמען פון די קרעמאַטאָריעס זעצן אַרויס פון די קוימענס אַלץ העכער און העכער. אפשר ווערן איצט פאַרברענט צווישן אַנדערע די הייליקע קרבנות פון אונדזער שטאָט טאָמאַשאָוו, מיט וועלכע מיר זענען ערשט נישט לאַנג געשטאַנענען צוזאַמען אין דער ריי.

# דוד גאלדמן ז"ל

פרץ בייטל

(זיין טעטיקייט פאַר די קינדער אין געטאָ)

דער הונגער אין געטאָ איז נישט געווען קיין קלענערער שונא פון דער יידישער באַפעלקערונג, ווי די דייטשע מער־דער גופא.

דער הונגער איז געווען איינער פון די מערדערישע מיטלען צו פאַרניכטן פיזיש די יידן.

בולטער האָט זיך אָנגעזען דער הונגער מיט דער אַנט־שטייאונג פון געטאָ. יידן, עלטערע און קינדער, אָפּגעריסענע און כמעט באַרוועסע, אויסגעדאַרטע, אָדער געשוואָלענע פון קעלט און פון הונגער, האָבן זיך געדרייט, ווי שאָטנס אָן אַ ציל, אָדער אָוועקגעזעצט זיך אין אַ ווינקל און זייער חלום איז געווען ווו באַקומט מען אַ שטיקל ברויט צו פאַרלייכטערן דעם הונגער־פּיין.

עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ קיך, וועלכע האָט אין אַ געוויסער מאָס געלינדערט דעם הונגער, אָבער דאָס איז נישט געווען גענוג. מען האָט געדאַרפט טראַכטן קודם כל פאַר די קינדער, פאַר די יתומימלעך, וועמענס עלטערן זענען שוין דערמאָרדעט געוואָרן און פאַר די קינדערלעך פון די הילפס־לאָזע און פרנסהלאָזע יידן, וועלכע האָבן נאָך דערוויל גע־לעבט.

עס האָט זיך טאַקע געגרינדעט אַן איניציאַטיוו־קאָמי־טעט צו גרינדן אַ קינדער־קיך, וואָס זאָל אַרויסגעבן מיטאָגן פאַר אַלע קינדער, וועלכע וועלן קומען יעדן טאָג מיט טעפּלעך צו באַקומען דאָס מיטאָג. צו דעם דאָזיקן וויכטיקן אַנשטאַלט, צום קאָמיטעט, האָבן בעיקר געהערט חברים פון די ציוניסטישע אַרבעטער־באַוועגונגען, פון רעכטן און לינקן „פּועלי־ציון" און פון „השומר הצעיר".

די הויפּט־פאַראינטערעסירטע און אַקטיווע אַרבעטער פאַר דער קינדער־קיך זענען געווען: שלמה־זלמן (קובאַ) מאָרדקאָוויטש, שמואל קנעכט, בייטל פּרץ און דוד גאָלדמאַן. די קיך האָט זיך געפונען אין ווינקל פון די גאַסן וויעטש־נאָשטש־סלאָנעטשנאַ.

די פּראָדוקטן פאַר דער קינדער־קיך זענען געקויפט

געווארן אויף שווארץ און דאס געלט צו באצאלן פאר די פראדוקטן איז געזאמלט געווארן ביי די מער־פארמעגלעכע אין געטא, דאס הייסט, ביי די געוועזענע פאבריקאנטן און סוחרים, וועלכע האבן נאך געהאט פארשטעקט א ביסל סחו־רות און יעדעס מאל פארקויפט, אדער אויסגעטוישט פאר אביסל שפייז. דער הויפט געלט־זאמלער איז געוועזן קובא מארדקאוויטש, וועלכער איז געשטאנען אין פארבינדונג מיט אט די אלע געוועזענע פאבריקאנטן און סוחרים.



דוד גאלדמאן

נאך דעם טראגישן אומקום פון שלמה זלמן מארדקא־וויטש ז"ל, וועלכער איז דערמארדעט געווארן דורך דער דייטשער קרימינאל־פאליציי אנהויב מאי 1942, האט די קינדער־קיך זיך אנגעהויבן ראנגלען מיט איר עקזיסטענץ.

עס איז כדאי צו באמערקן די סיבה פון קובא מארד־קאוויטשס העלדישן טויט, וועלכער איז אומגעקומען אויף קידוש־השם פאר כלל ישראל. לויט א מסירה האט מען ביי קובא מארדקאוויטשן געפונען סחורות. מען האט אים ארעסטירט און געוואלט צווינגען אויסצוגעבן אנדערע פא־בריקאנטן און סוחרים, וועלכע האבן פארשטעקטע סחורות. אבער ער האט עס נישט געוואלט טאן. מען האט אים גע־פייניקט שעהענלאנג, געברענט אים די פיס, אויסגעשטאכן די אויגן און אזוי לאנג געפייניקט, ביז ער האט אויסגעהויכט זיין הייליקע נשמה. זיין פארפייניקטן טויטן קערפער האבן די רוצחים אראפגעווארפן פון די טרעפ און געמאלדן דעם יודענראט אים אוועקרוימען.

א באזונדער קאפיטל שטעלט מיט זיך פאר די שיינע טעטיקייט פון דעם יונגן בחור דוד גאלדמאן מיט זיין חברה ז"ל. נאך דעם טויט פון ש. ז. מארדקאוויטש ז"ל, איז די הויפט־פאראנטווארטלעכקייט פאר דער קינדער־קיך ארויפ־געפאלן אויף דוד גאלדמאן, וועלכער האט זיך מיט מסירת־נפש איבערגעגעבן פאר דער טעטיקייט פון דער קינדער־קיך און בכלל פאר די קינדער אין געטא.

זיין הויפט־טעטיקייט איז אויסגעפאלן אין דער צייט, ווען די קינדער־קיך האט זיך געראנגלט פאר איר עקזיס־טענץ, ווייל קיין שום מאטעריעלע מיטלען, ווי פראדוקטן אדער געלט צו קויפן פראדוקטן אויף שווארץ זענען נישט אריינגעפלאסן.

פיל פאקטן פון זיין טעטיקייט באשטעטיקן, אז זיין אי־בערגעגעבנהייט פאר די קינדער פון געטא איז געוועזן אן אומ־באגרענעצטע. ווען ער האט נישט געהאט וואס צו קאכן פאר די קינדער, האט ער צוגענומען די פראדוקטן ביי זיינע עלטערן.

אלס ביישפיל ברענג איך דעם פאלגנדן פאקט: איין מאל, אזייגער 12 ביינאכט, האט מען אריינגעשמוגלט צו זיין פאטער משה גאלדמאן 10 ק"ג הירזש (פראסא). דוד האט זיך גע־ווענדעט צום פאטער און געפאדערט די 10 קילא הירזש פאר דער קיך, כדי צוגרייטן א מיטאג פאר די קינדער, ווייל עס איז שוין נישט געווען מער וואס צו קאכן. דודס פאטער האט נישט מסכים געווען און געטענהט, אז ער קען נישט אוועקגעבן שטענדיק זיינע פראדוקטן, ווייל ער מוז אויך לעבן מיט זיין משפחה. ווען עס האט אבער נישט געהאלפן, האט דוד דערקלערט א הונגער־שטרייק און געזאגט: „אויב מיינע קינדער עסן נישט, וויל איך אויך נישט עסן". ער האט זיינס אויסגעפירט, באקומען די 10 ק"ג הירזש און די קינדער האבן ווידער געגעסן א מיטאג.

עס איז אבער נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט אויפצוהאלטן וויטער די קינדער־קיך.

דער יינגער בחור דוד גאלדמאן מיט זיין חברה ז"ל, זענען געווען פאר די קינדער ווי געטרייע עלטערן. זיי האבן די קינדער געפירט יעדע וואך אין באד, זיי אויסגעטאן, גע־וואשן, אנגעטאן און געפלעגט אויף וויפל זיי האבן נאר גע־קענט. זיין אומבאגרענעצטע איבערגעגעבנקייט פאר די הונ־געריקע און קראנקע אויף טיפוס קינדער האט דערנענטערט זיין פריצייטיקן, אבער העלדישן טויט.

איינמאל, פירנדיק די קינדער אין באד אריין, האט ער ביים אויסטאן זיי אנגעשטעקט זיך אויך מיט טיפוס און אין איינעקע טעג האט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.

זיין לוויה האט זיך פארוואנדלט אין געטא אין א גרויסער טרויער־דעמאנסטראציע, ווייל כמעט די גאנצע געטא־באפעל־קערונג, יינגע און אלטע, האבן באגלייט די לוויה ביז צום געטא־טויער און באוויינט דעם יינגן, איידעלן און טייערן

בחור, וועלכער האָט געקענט דינען אַלס ביישפּיל פון הומאַניטאַרער טעטיקייט און מענטשן־ליבשאַפט, געהאָלפן יעדן נויט־באַדערפטיקן אוועקגעבנדיק זיין לעבן פאַר די יידישע יתומימלעך, היימלאָזע, הונגעריקע און קראַנקע קינדערלעך.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז אַרויספירן פון געטאָ מקבר זיין אַ מת האָבן נאָר געקענט צוויי מענטשן. דאָ איז זיין אייגענער פאָטער געפאָרן ברענגען צו קבורה זיין איינציקן זון און פאַרן אַרויספאָרן פון געטאָ־טויער האָט משה גאָלדמאַן מיט אַ ווייטיקדיק האַרץ אַ זאָג געטאָן צו דעם פאַרזאַמלטן קהל: „יידן! איך ברענג מיין איינציקן זון אַלס קרבן. זאָל דאָס שוין זיין גענוג פאַר אַלע קרבנות. זאָל דאָס שוין זיין דער לעצטער קרבן!“

ווי עס גיבן איבער לעבנגעבליבענע טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט, האָט דוד גאָלדמאַן ז״ל געהאָלפן זיינע שטאָטישע נויט־באַדערפטיקע מיט וואָס ער האָט געקענט און אויב ער האָט נישט געקענט העלפן מאַטעריעל, איז כאָטשבי מיט אַ גוטן טרייסט־וואָרט.

אויך אַנדערע גיבן איבער, אַז אין אָנהייב פון דער דייטשער אָקופּאַציע זענען אויך פיל טאָמאַשאָווער יידן, און צווישן זיי דוד גאָלדמאַן, אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק. דוד גאָלדמאַן האָט באַקומען אַן אַרבעטס־פּלאַץ אַלס קעלנער אין אַ גרויסן יידישן רעסטאָראַן (אויף דעם קאָסציושקאָ־מאַרק). ער האָט זיך באַמיט אויף פאַרשידענע אופנים צו העלפן יעדן טאָמאַשאָווער פּליט, וועלכער האָט אים דערשנאַפּט און געקומען אין דעם דאָזיקן רעסטאָראַן.

די אַלע אַנטלאָפענע שטאָטישע זענען אַוועק פון דער היימשטאָט אָן שום מיטלען. ער האָט די אַלע באַזאָרגט מיט עסן. אַלץ האָט ער געטאָן שלא על מנת לקבל פּרס, הגם ער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז פאַרבונדן מיטן פאַרלירן זיין אַרבעטס־פּלאַץ. ליידער האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין טאָמאַשאָוו.

כבוד דעם אָנדענק פון דעם שיינעם געשטאַלט, דעם יונגן בחור דוד גאָלדמאַן און זיין געטרייע חברה, וועמענס נאָמען איך געדענק נישט מער, אָבער וועלכע האָט אים מיטגעהאָלפן אין זיין שיינעם לעבנס־וועג!

# יוסף טענענבוים

## ל. מאַרקאָוויטש

איך האָב געהערט פון פיל מענטשן וועגן דער הילף וואָס יוסף טענענבוים האָט געטראָגן זיינע טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט אין געטאָ און אין די לאַגערן, בכדי צו לינדערן זייער הונגער און ליידן.

איך האָב זיך דעריבער געווענדעט צו אים בעת זיין לעצטן באַזוך אין ישראל, אַז ער זאָל מיר דערציילן וועגן זיין הומאַניטאַרער טעטיקייט אין יענע שרעקלעכע צייטן.

„איך האָב גאָרנישט קיין ספּעציעלעס געטאָן“ — האָט מיר טענענבוים געענטפערט מיט אַ שטילער, באַשיידענער שטים. — „איך האָב נאָר דערפילט מיין מענטשלעכן פליכט און איך גלויב, אַז יעדער איינער אויף מיין אָרט וואָלט דאָס זעלבע געטאָן“.

וויסנדיק צו וואָס פאַראַ ציל איך וויל נעמען ביי אים אינפאָרמאַציעס וועגן זיין טעטיקייט, האָט ער מיך געבעטן, אַז איך זאָל נישט שרייבן וועגן אַזעלכע קלייניקייטן. ער וועט מיר אָבער אַנטשולדיקן הלמאי איך האָב זיין ביטע נישט דערפילט, צוליב פאָלגנדער סיבה:

די קאָמיסיע פון ספר־יזכור האָט אויף איינע פון אירע זיצונגען באַשלאָסן נישט צו דערמאָנען אין יזכור־בוך וועגן דער שלעכטער האַנדלונג פון געוויסע טאָמאַשאָווער יידן כלפּי דער געטאָ־באַפעלקערונג, אָדער אין די לאַגערן, ווייל דאָס בוך דאַרף דינען אַלס אָנדענק, אַ מצבה, נאָך די טאָמאַשאָווער יידן. עס פּירט זיך נישט, אַז אויף אַ מצבה זאָלן דערמאָנט ווערן שלעכטע טאַטן פון פאַרשטאָרבענע, אָדער אומגעקומענע.

מיר וואָלטן אָבער באַגאַנגען אַ פעלער, ווען מיר זאָלן נישט דערמאָנען די שיינע און גוטע טאַטן פון יעניקע, וואָס האָבן נישט איינמאָל געשטעלט זייער אייגן לעבן אין אַ סכנה, כדי צו העלפן אַנדערע יידן, שטעטישע און נישט שטעטישע.

דער ציל פון די נאַצישע פאַרברעכער איז געווען צו פאַרוואַנדלען די יידן דורך שטופנווייזער אויסמאַטערונג און דערנידערונג, הונגער און פּיין, אין חיות, ביי וועלכע דער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג און ראַטעווען זייער אייגן לעבן נעמט ביי זיי אַוועק יעדן מענטשלעכן געפיל און דורך דעם צו באַווייזן דער וועלט די ריכטיקייט פון זייער ראַסן־טעאָריע. דער הייליקער חוב פון די, וועלכע זענען איבערגעבליבן נאָך דער גרויזאַמער פאַרניכטונג איז צו דערציילן פאַר דער וועלט און פאַר די קומענדיקע דורות, אַז אין די

טראַגישסטע צייטן פון אונדזער געשיכטע האָבן זיך געפונען יידן, וועלכע האָבן טראָץ דעם שרעקלעכן געראַנגל פאַר זייער אייגענעם קיום נישט פאַרגעסן דעם כלל פון אונדזערע חז"ל: „כל המקיים נפש אחת מעלה עליו הכתוב כאילו קיים עולם מלא" (ווער עס דערהאַלט דאָס לעבן פון איין מענטש איז גלייך, ווי ער וואָלט דערהאַלטן אַ גאַנצע וועלט). אַזעלכע יידן האָבן אָפּגעראַטעוועט דעם כבוד פון יידישן פאָלק און באַוויזן אונדזער מאָראַלישע און גייסטיקע העכערקייט איבער די שונאים פון אַזוי גערופענעם „הערן־פאָלק".

צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע יידן האָט אויך געהערט יוסף טענענבוים. קיינער האָט טענענבוימען נישט געקענט אַלס פּאָליטישן, אָדער געזעלשאַפטלעכן טוער, ווייל ער איז אַזאַ נישט געווען. ער איז געווען באַקאַנט אין טאָמאַשאָוו אַלס „פּאַריזער שניידער", נאָך דעם ווי ער, צוזאַמען מיט זיין שוואָגער מאַרגוליס, זענען אין יאָר 1930 צוריקגעקומען פון פּאַריז, וווּ זיי האָבן געענדיקט אַ צושניידער־שולע. ער איז דאַן באַקאַנט געוואָרן אַלס קינסטלער אין זיין פאַך און באַרימט געוואָרן אין טאָמאַשאָוו און אין דער גאַנצער סביבה.

אין געטאָ־שאָפּ איז יוסף טענענבוים געווען איינער פון די, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיטן שניידער־וואַרשטאַט. ער האָט אַריינגענומען צו הילף אין די וואַרשטאַטן אַ געוויסע צאָל מענער און פרויען, פאַכמענער און נישט־פאַכמענער, און נישט איינער פון זיי האָט אַ דאַנק דעם זיך געראַטעוועט פון דער אויסזידלונג קיין טרעבלינקע.

אויך אין די לאַגערן בליזשין און פּלאַשאָוו האָט ער אָנגעפירט מיטן שניידער־וואַרשטאַט און אַריינגענומען צו זיך יידן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אָנונג אין שניידעריי.

אין פּלאַשאָוו זענען פיל טאָמאַשאָווער קראַנק געוואָרן אויף פלעק־טיפוס. דער שניידער־וואַרשטאַט איז געווען דאָס איינציקע אָרט, ווו עס איז געווען אַ מעגלעכקייט צו קאָכן אַ ביסל עסן פאַר די קראַנקע. עמעצער האָט אָבער וועגן דעם צוגעטראָגן דעם דייטשן לאַגער־פירער און גלייך צומאָרגנס זענען יוסף טענענבוים און אַנדערע טאָמאַשאָווער איבערגעשיקט געוואָרן אין דעם לאַגער מעלעק (אַן אָפּטיילונג פון לאַגער מאַטהאַוזען).

דער טאָמאַשאָווער לאַנדסמאַן אהרון פאַקין (היינט אין תל־אביב) דערציילט: דער לאַגער מעלעק איז געווען איינער פון די שווערסטע אַרבעטס־לאַגערן. מיר האָבן געאַרבעט 14—15 שעה אַ טאָג ביים בויען פאַבריקן פון אַמוניציע, ביי האַקן שטיינער און בעטאָנירן. עס איז נישט געווען מעגלעך, אַז מיר זאָלן לאַנג אויסהאַלטן ביי אַזאַ דערנערונג און ביי אַזעלכע באַדינגונגען. יוסף טענענבוימס באַמיאונגען אַריינצובאַקומען זיך אין שניידער־וואַרשטאַט זענען געווען אָן דער־פאָלג, ווייל דאָרט האָבן נאָר געאַרבעט אוקראַאינישע שניידער און האָבן נישט צוגעלאָזט קיין יידן.

„דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט זיך יעדן פרימאָרגן באַוויזן ביים אַרויספירן די קאַצעטלער צו דער אַרבעט. ער איז געריטן אויף אַ פערד און אַנגעוואָרפן אַ פחד אויף יעדן איינעם.

אַ געוויסן טאָג האָט זיך יוסף דערוווּסט, אַז דער קאָמענדאַנט איז אַריין אין שניידער־וואַרשטאַט און געשלאָגן מיט אַ נאַגייקע און מיט אַ רעוואָלווער די אוקראַאינישע שניידער מכות־רצח. די סיבה פון זיין כעס איז געווען הלמאי זיי האָבן שלעכט אויפגענייט דעם מונדיר וואָס ער האָט באַשטעלט.

יוסף טענענבוים האָט געפּרוּווט צוגיין צום „קאַפּאָ", דעם אויפזעער איבערן שניידער־וואַרשטאַט און אים פאַרגעלייגט, אַז ער נעמט אויף זיך צו פאַרריכטן דעם מונדיר. „דו ביסט פאַרריקט!" — האָט דער „קאַפּאָ" אויסגערופן. — „דו ריזיקירסט דאָך מיט דיין קאָפּ! דער קאָמענדאַנט לאָזט זיך דאָך אפילו נישט אַראָפּנעמען זיין מאָס". יוסף האָט אים אָבער פאַרזיכערט, אַז עס וועט זיין אין אָרדענונג. ער האָט דעם קאָמענדאַנטס מאָס אין קאָפּ...

טענענבוים האָט טאַקע צורעכט געמאַכט דעם מונדיר און דער קאָמענדאַנט איז געווען אויסער זיך פון פאַרוווּנדערונג ווען ער האָט אים אָנגעמאָסטן. ער האָט גלייך באַפוילן, אַז יוסף זאָל איבערנעמען די לייטונג פון דער שניידעריי. דאָ האָט טענענבוים אויסגענוצט דעם מאָמענט פון קענען קומען צו הילף זיינע ליידנדע טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט און אַ זאָג געטאָן, אַז בכדי אויסצופירן גוט די אַרבעט מוז ער האָבן זיינע געהילפן.

אַזוי האָבן אין שניידער־וואַרשטאַט זיך אַריינבאַקומען אַ געוויסע צאָל טאָמאַשאָווער יידן אויפן אָרט פון די אוקראַאינער. די לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געמוזט ווייטער פאַרזעצן די קאַטאָרזשנע אַרבעט האָבן זיך אויך געראַטעוועט פון אַ זיכערן הונגער־טויט אַ דאַנק יוסף טענענבוים און די אַנדערע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן אין וואַרשטאַט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו שאַפן עסן.

לויט ווי עס דערציילט אונדזער לאַנדסמאַן אהרון פאַקין, זענען אין דעם דאָזיקן לאַגער מעלעק געפאַלן מענטשן ווי פליגן נישט נאָר פון הונגער און שווערער אַרבעט, נאָר אויך פון די שרעקלעכע קעלטן, וועלכע האָבן געהערשט ווינטער 1944/45. אַ דאַנק דעם עסן, וואָס מיר האָבן באַקומען — זאָגט דער עדות — האָבן מיר געקענט מוותר זיין פון די 50 גראַם וווּרשט אַ וואָך, לטובת דעם קאַפּאָ און דערפאַר אַרבעטן אין די פאַבריקן און נישט אין דרויסן.

דעם 4־טן מערץ 1945, ווען דער רוסיש־דייטשער פראָנט

האָט זיך דערנענטערט, זענען די קאַצעטלער פון לאַגער מעלעק אַריבערגעפירט געוואָרן אין דעם טויטן־לאַגער „עבענזע". אין דעם דאָזיקן לאַגער זענען צוזאַמענגעטריבן געוואָרן מענטשן פון פאַרשידענע נאַציעס. אין משך פון 6 וואָכן זענען אין דעם לאַגער געשטאָרבן פון הונגער 22 טויזנט מענטשן. אויך דאָ האָט זיך איינגעגעבן טענענבוימען אַריינצובאַקומען אין שניידער־וואַרשטאַט און מיטנעמען מיט זיך אַ געוויסע צאָל טאָמאַשאָווער. די אַלע האָבן אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכן מסירת־נפש ביים ראַטעווען אַנדערע לאַנדסלייט פון אַ זיכערן הונגער־טויט.

אַ געוויסן טאָג האָבן יוסף טענענבוים מיט נאָטע ראַמער אַרומגעזוכט אין גאַנצן לאַגער די צוויי טאָמאַשאָווער יידן אברהם מיכלעוויטש און אלתר־בער טורעק, בכדי צו דערלאַנגען זיי אַ ביסל עסן. ליידער האָבן זיי געפונען די צוויי לאַנדסלייט טויטע.

ווען עס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די אַמעריקאַנער באָמבאַרדירונגען האָט דער לאַגער־קאָמענדאַנט באַפוילן אונדז אויסצובאַהאַלטן זיך אין די פעלזן, אָבער מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פעלזן זענען געווען מינירט.

נאָך דער באַפרייאונג זענען יוסף טענענבוים מיט זיין פרוי חנה און טעכטערל פרידאַ געווען צווישן די ערשטע, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט אין זייער היימשטאָט טאָמאַשאָוו. זייער דירה האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אַכסניה און אין אַ טרעף־פונקט פון די טאָמאַשאָווער געראַטעוועטע שאַרית הפליטה.

זאָל יוסף טענענבוימס אויפפירן זיך אין געטאָ און אין די לאַגערן דינען אַלסביישפּיל פון הומאַניטאַרער טעטיקייט פאַר די געראַטעוועטע שארית הפליטה פון אונדזער שטאָט טאָמאַשאָוו.

# ZESTAWIENIE

**Miejsca straceń ludności żydowskiej w okresie okupacji hitlerowskiej w latach 1939—1945**

Zestawienie jest sporządzone na podstawie informacji udzielonej przez obywateli: Szmuel Talman, Eugenia Kantorowicz (Drzazga) i wiele innych.

Zasadniczo w okresie okupacji hitlerowskiej nie było prawie ulicy na terenie Getta Tomaszowskiego, któraby nie była zbroczona krwią niewinnych ofiar ludzkich — żydowskich, zamordowanych przez zbirow hitlerowskich.

Nasilenie morderstw na bezbronnej ludnosci żydowskiej przez oprawcow hitlerowskich następowało szczególnie w okresie specjalnych akcji likwidacji ludności żydowkiej w okresie okupacji hitlerowskiej.

Poniżej podaję ważniejsze miejsca straceń:

1. **Wiosna 1942r.** Rostrzelanie w lesie tomaszowskim za koszarami wojskowymi 33 Żydow. Przeprowadzono ekshumację zwłok tych ofiar w dniu 29 maja 1947 r. i wydobyto szczątki 23 ofiar, które zostały złożone w grobie masowym na cmentarzu żydowskim w Tomaszowie-Maz. Ekshumację przeprowadził Komitet Żydowski w Tomaszowie-Maz.

2. **27 Kwietnia 1942 r.** Akcja polityczna i na innych Żydach. Miejsca straceń:
   1. Róg ulicy Polnej i ulicy Żwirki i Wigury (rodzina Belferow) w tym siostry Belferów, które należały do K.Z.M.P.
   2. Na rogu ulicy Bóźnicznej (obecnie Bohaterow Getta) i Jerozolimskiej obok boznicy kilkanaście ofiar, m. in. Popowicz i Waksmanowna należących do Zw. Lewic.

3. **6 Maja 1942 r.** Akcja na inteligencję żydowską (adwokaci, uczeni, lekarze i oficerowie). Miejsca stracen:
   1. Ulica Wieczność Nr. 1 (obecnie Słowackiego) kilka trupow (wsrod nich Dr. Juwiler, Dr. Hertz).
   2. Ulica Wieczność Nr. 18/20 (obecnie Słowackiego) przed domem Dykhofa kilka trupów (wśród nich Dr. Kon, Dr. Berliner, Dr. Gurcman, adwokat Hirszprung z synami).

4. **Marzec 1943 r.** Akcja łupieżu — Na placu przy ulicy Piekarskiej naprzeciwko transformatora, odbyła się akcja grabieży mienia wśród pozostałych jeszcze Żydow w części b: Getta po jego likwidacji. Rozctrzelono przy tym 4 Żydów, wśród nich starszego Żyda Wołkowicza i krawca Samelsona.

**Po za terenem Getta**, przy ulicy Granicznej, zbirowie hitlerowscy urządzili stałe miejsce egzekucji (straceń) uprowadzonych Żydów z Getta lub przyłapanych w dzielnicy aryjskiej.

**Miejscami wysiedlenia Żydów do Treblinki** w okresie likwidacji Getta tomaszowskiego w dniach 31 października i 2 listopada 1942 r. były:

1. plac kościółka przy ulicy Wieczność (obecnie Słowackiego).

2. plac b. Ginazjum Żydowskiego przy ulicy Wieczność 32/34 (obecnie ulica Słowackiego).

W dniu wysiedlenia, t. j. 31.X i 2.XI.1942 r., kiedy prowadzono wysiedlencow na dworzec kolejowy, w drodze do Treblinki, zostało zamordowanych na ulicach Tomaszowa-Maz. ponad 50 Żydów, przeważnie starców.

Hitlerowcy pozostawili w t. zw. małym Getcie kilkaset Żydów fachowców różnych zawodów, do wykonywania prac w Getcie, oraz do sprzątnięcia 250 pomordowanych Żydow, ktorzy zostali pochowani w masowym grobie na cmentarzu Żydowski.

Ponadto, na cmentarzu żydowskim we wspólnym ekshumowanym grobie znajdują się zwłoki Żydów, zamordowanych w okresie okupacji w osadzie Ujazd. Ekshumacja została przeprowadzona przez Komitet Żydowski w Tomaszowie-Maz. jesienią 1948 r. w osadzie Ujazd na polu przy ulicy w drodze prowadzonej do Będkowa.

Nadmieniam, że w ekshumacji zwłok wyżej podanych byli obecni: Prokurator Okręgowy, Doktór Powiatowy. Dużą pomoc udzieliło wojsko polskie, w lokomocji oraz przy wydobyciu szczątek pomordowanych Żydów.

CH. KANTOROWICZ

Tomaszow-Maz., dnia 10.XII.1964 r.

# בילדער פון דער שואה





חשיפת העצמות של 27 בני טומשוב שנרצחו בשנת 1942 ביער הפיוטרקובי.

דאָס אויסגראָבן די געביינער פון די 27 דערמאָרדעטע אין פיאָטרקאָווער וואַלד אין יאָר 1942.
(די קבורה איז פאָרגעקומען אין יאָר 1948)











חשיפת העצמות של בני עירנו שנרצחו באויאזד, ע״י טומשוב, בשנת 1942 (טקס הקבורה התקיים בשנת 1948). בין הגויות שנחשפו נמצאה אשה עם תינוקה ובקבוק עם מוצץ בזרועותיהן.

דאָס אויסגראָבן די ביינער פון אונדזערע שטאָטישע, וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין אויאַזד, ביי טאָמאַשאָוו. צווישן די אויסגעגראָבענע קערפּערס האָט זיך געפונען אַ פרוי מיט אַ זויג־קינד און אַ פלעשעלע אין די אָרעמס.



נצולי עירנו שהקימו את המצבות לקדושי השואה בטומשוב־מז. בשנת 1947

גראַטעוועטע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט די מצבות פאַר די טראַגיש־אומגעקומענע אין אונדזער שטאָט






# טאָמאַשאָווער אַנטינאַצי־קעמפּער

משה ווייסבערג

**אויפשטאַנד און אונטערגרונט**

נישט איין מאָל הערט מען אַ מיינונג, אָדער אַ פראַגע פון ייִדן און נישט־ייִדן: פאַרוואָס זענען די ייִדן אין די געטאָס און אין די לאַגערן געגאַנגען, ווי שאָף צו דער שחיטה? פאַרוואָס האָבן זיי זיך נישט געוואָרפן אויף די איינצלנע באַוואָפנטע דייטשן, אוקראַאינער און אַנדערע מערדער, וועלכע האָבן זיי געפירט צום טויט?

די דאָזיקע פראַגע קאָן פאַרענטפערט ווערן דורך זייער פיל אַרגומענטן. איך וויל נאָר ברענגען אייניקע פון זיי.

דאָס גרויסע פּוילן מיט איר העכער 30־מיליאָניקער באַפעלקערונג, מיט איר גרויסער אויסגעשולטער און באַוואָפנטער אַרמיי, האָט נישט אויסגעהאַלטן געציילטע טעג קעגן די באַוואָפנטע דייטשע הארדעס. דאָס נאָך גרעסערע פראַנקרייך מיט אירע שטאַרקע באַוואָפנטע כוחות און מיט איר „מאַזשינאָ־ליניע" האָט קוים אויסגעהאַלטן אַ חודש אין קאַמף קעגן די דייטשע פאַרניכטונגס־כוחות.

איינצלנע באַוואָפנטע דייטשן האָבן געפירט רייען פון צענדליקער טויזנטער סאָוויעטישע געפאַנגענע און געפאַנגענע פון אַנדערע אַרמייען און קיינער פון די געוועזענע פראָנט־קעמפער, אַלע יונגע מענער, האָט נישט געפּרוּווט זיך אַנטקעגנצושטעלן די דייטשע מערדער. טאָ ווי האָט געקענט זיך אַנטקעגנשטעלן דאָס געשלאָגענע אַנטוואָפנטע ייִדישע פאָלק? די קליינע קינדער? די פרויען און זקנים?

פאַר דער טאָטאַלער פיזישער פאַרניכטונג זענען דאָך די ייִדן אין פּוילן און אין אַנדערע לענדער אין אייראָפּע צעבראָכן און דערניידעריקט געוואָרן דורך די נאַציס מאָראַליש, פיזיש און פּסיכיש. דער הונגער, די עפּידעמיעס, די פּייניקונג, די מוראדיקע ענגשאַפט, שמוץ, זאָרג און מורא האָבן אַוועקגענומען פון די ייִדן יעדע קראַפט, חשק און מעגלעכקייטן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

אויסער דעם, האָט זיך נישט געלייגט אויפן שכל און אַפילו די פאַנטאַזיע האָט עס נישט געקענט באַגרייפן, אַז די „קולטורעלע" דייטשן וועלן זיך דערלויבן פאַרניכטן אַ גאַנץ פאָלק, וועמענס איינציקער חטא איז, וואָס זיי זענען ייִדן.

צו דעם דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז די דייטשע פאַרניכטונגס־פּלענער זענען געווען אַזוי ראַפינירט, געהיים און פּינקטלעך אָרגאַניזירט, אַז עס איז גאָר קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז דער ענדציל פון די רוצחים איז די טאָטאַלע פאַרניכטונג פון אַ פאָלק.

טראָץ דעם, וואָס די ייִדן האָבן געהאַט די קלענסטע און באַגרענעצסטע מעגלעכקייטן זיך אַנטקעגן צו שטעלן די דייטשע מערדער, זענען זיי געווען די איינציקע צווישן די אונטערגעדריקטע פעלקער אין אייראָפּע, וועלכע האָבן טראָץ אַלעמען יאָ באַוויזן צו אָרגאַניזירן אויפשטאַנדן קעגן די נאַציס.

דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז געווען דער ערשטער אויפשטאַנד קעגן דער היטלעריסטישער אַרמיי אין די אָקופּירטע לענדער אין אייראָפּע. און הגם די ייִדישע קעמפער האָבן געוווּסט, אַז זיי גייען אויף אַ זיכערן טויט — האָבן זיי דאָך באַוויזן פאַר דער וועלט ווי מען קעמפט און פאַלט אויף קידוש השם פאַרן כבוד פון ייִדישן פאָלק.

ייִדישע יוגנטלעכע האָבן אויך אָרגאַניזירט אויפשטאַנדן אין די געטאָס פון ווילנע, ביאַליסטאָק, קראָקע, טשענסטאָכאָוו און אַפילו אין די טויט־לאַגערן אוישוויץ און טרעבלינקע. און מיר וואָלטן געקענט אויסרעכענען נאָך פיל געטאָס, לאַגערן און הונדערטער גבורה־טאַטן און קאַמפן פון ייִדישע פּאַרטיזאַנער און העלדן אויפן גאַנצן אייראָפּעאישן קאָנטינענט, ווו דער פאַרברעכערישער היטלעריזם האָט געבושעוועט.

די אַלע מאָראַל־פּרעדיקער און בעיקר די אַלע שונאים פון ייִדישן פאָלק, וועלכע פּרוּוון היינט אונדז באַשמוצן און „פאַרגלייכן" די ייִדן מיט זייערע אייגענע רוצחים, דאַרף געזאָגט ווערן, ביי יעדער געלעגנהייט, אַז אַנדערהאַלבן מיליאָן ייִדישע יונגעלייט האָבן געקעמפט און אויסגעצייכנט זיך אין די קאַמפן קעגן די דייטשן, אין אַלע אַליאירטע אַרמייען.

קרוב אַ האַלבן מיליאָן ייִדן האָבן געקעמפט אין דער סאָוויעטישער אַרמיי און פאַרנומען איינע פון די בכבודיקסטע ערטער אַלס העלדן פון ראַטנפאַרבאַנד.

ליידער האָבן די טויזנטער ייִדישע קעמפער, וועלכע זענען געבליבן ביים לעבן, געמוזט צוריק שיקן זייערע טויזנטער קאַמפס־אויסצייכענונגען צו די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען און צו די אַלע קאָמוניסטישע לענדער, אַלס פּראָטעסט פאַר זייער אַנטי־ייִדישער און שמוציקער אַנטי־ישראל־קאַמפּאַניע נאָכן זעקסטאָגיקן קריג.

קרוב אַ האַלבן מיליאָן ייִדן האָבן געקעמפט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, הונדערטער טויזנטער ייִדן זענען געווען מאָביליזירט און געקעמפט אין אַלע אַנדערע אַרמייען אויף אַלע פראָנטן. ייִדן האָבן געקעמפט און העלדיש אומגעקומען אין די פראַנצויזישע, ענגלישע, פּוילישע, טשעכישע, אין דער ייִדישער ישראל־בריגאַדע און אין אַנדערע אַרמייען.

די ערד פון גאַנצן אייראָפּעאישן קאָנטינענט איז אָנגעזאַפּט מיט ייִדיש בלוט, נישט נאָר פון די מיליאָנען ייִדישע

נאַצי־קרבנות, נאָר אויך פון די צענדליקער און אפשר הונדערטער טויזנטער יידישע אַנטי־נאַצי־קעמפער, אָנהייבנדיק פון די יידישע געטאָ־קעמפערס אין די געטאָס, יידישע פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער און ענדיקנדיק מיט די יידישע קעמפער אויף אַלע פראָנטן און אין אַלע אַרמייען.

צווישן די אַלע קעמפער זענען אונדזערע זין פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק נישט געבליבן הינטערשטעליק. הונדערטער פון אונדזערע לאַנדסלייט האָבן געקעמפט קעגן די נאַציס אין אַלע ארמייען, אין פּאַרטיזאַנער־גרופּן און אין די געטאָס. פיל צענדליקער זענען געפאַלן אין קאַמף און האָבן נישט זוכה געווען צו לעבן אין באַפרייטן ישראל.

טאָמאַשאָווער קעמפער אין דער סאָוויעטישער, אָדער פּוילישער אַרמיי, האָבן צוריקגעשיקט זייערע אויסצייכענונגען אַלס פּראָטעסט קעגן דער בייזוויליקער אַנטי־ישראלדיקער און אַנטיסעמיטישער העץ־קאַמפּאַניע.

ס׳איז געלונגען צו זאַמלען די בילדער און אַ טייל פּרטים פון אַ פּאָר צענדליק טאָמאַשאָווער אַנטי־נאַצי־קעמפער.

יוועמען אַלע וואָלטן זיך אָפּגערופן אויף אונדזער ווענדונג און איבערגעגעבן זיך פאַר דער זאַך, ווי למשל דער חבר גערשאָנאָוויטש אין פּאַריז, וואָלטן מיר, זייער מעגלעך, דערגאַנגען צו אַ פילפאַכיק גרעסערער צאָל בכדי צו פאַראייביקן אין אונדזער יזכור־בוך, פאַר דער געשיכטע, די העלדנמוט פון די טאָמאַשאָווער יידן, אַז זיי זענען נישט נאָר אומגעקומען „ווי די שאָף” אין געטאָ און אין די לאַגערן, נאָר זייער פיל פון זיי זענען אויך געפאַלן, ווי העלדן אויפן שלאַכטפעלד, אויף פאַרשידענע פראָנטן.

כבוד די געפאַלענע טאָמאַשאָווער אַנטי־נאַצי־קעמפער אויף אַלע פראָנטן, וואָס האָבן אַריינגעשריבן אַ העלדיש קאַפּיטל אין דער מאַרטיראָלאָגיע פון אונדזער דורך יסורים־געלייטערטן פאָלק.

# מוטיקע קעמפער

ה. באַרנשטיין / פּאַריז

פרוי באַרענשטיין (געבוירן ליפשיץ) פון פּאַריז שרייבט אַ לענגערן אַרטיקל וועגן טאָמאַשאָוו. מיר ברענגען אויסצוגן וועגן אייניקע יידישע אַנטי־נאַצי־קעמפער פון טאָמאַשאָוו.

1) מאיר שפיגעל איז אומגעקומען אין די קאַמפן אין וואַרשעווער געטאָ בעתן אויפשטאַנד.

2) אברהם גאָלדבערג — אַ יונגער טאָמאַשאָווער בחור איז אַנטלאָפן פון טאָמאַשאָוו אויף דער סאָוויעטישער זייט. דאָרט איז ער מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי און גע־פאַלן אויפן פראָנט אין קאַמף קעגן די דייטשן.

3) חיים פּיזיצקי איז געווען אַן אָפיציר אין דער פראַנצוי־זישער אַרמיי און אָנטיילגענומען אין די קאַמפן קעגן דעם בלו־טיקן היטלעריסטישן שונא. די קאַמפן און די ליידן האָבן גורם געווען, אַז ער איז שווער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל אין יאָר 1947.

4) אַ באַזונדערער כבוד זאָל דאָ אָפּגעגעבן ווערן דער שיי־נער טאָמאַשאָווער געשטאַלט, דער באַרימטער אַרטיסטין קלאַראַ סעגאַלאָוויטש.

קלאַראַ איז געווען אַ שיין מיידל און געצויגן אויף זיך אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט.

זי האָט אָנגעהויבן באַזוכן דעם אַרטיקן „הזמיר", דאָרט געזונגען און געטאַנצט. דער באַקאַנטער שרייבער אפרים קאַגאַנאָווסקי האָט איר געווידמעט פיל פּלאַץ אין זיין בוך: „יידישע שרייבער אין דער היים".

אָט וואָס ער שרייבט וועגן קלאַראַ סעגאַלאָוויטש:

„אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13, האָט זיך באַוויזן די שיינע באַגאַבטע קלאַראַ, מיט איר האַלב־ווילדן אַזיאַטישן אויסזען. קיינער האָט נישט געוווּסט פון וואַ־נען זי שטאַמט. אַלע יונגע קינסטלער און שרייבער האָבן זיך פאַרליבט אין איר און איר נאָכגעלאָפן. אומדערוואַרט האָט זי פון אַלע אויסגעקליבן דעם פּאָעט סעגאַלאָוויטש און מיט אים חתונה געהאַט".

פון דער נאָכמלחמהדיקער פּרעסע, האָבן מיר זיך דער־וווּסט, אַז קלאַראַ איז געווען אַקטיוו אין דער אונטערגרונט־באַוועגונג פון וואַרשעווער געטאָ. זי איז געווען אין דער פאַר־בינדונגס־אָפּטיילונג. קורץ פאַר דעם געטאָ־אויפשטאַנד ווערט זי מיט נאָך אייניקע אויפשטענדלער געכאַפּט ביים אויספירן אַ געוויסע מיסיע פאַר דער אויפשטאַנד־באַוועגונג. זי ווערט אַרעסטירט, געפּייניקט און דערשאָסן אין וואַרשעווער פּאַוויאַק דורך דער געסטאַפּאָ.

# הלוחמים האנטי־נאציים בני טומשוב־מזוביצק בצבא צרפת

## טאָמאַשאָווער קעמפער קעגן די היטלער־אַרמייען אין די פראַנצויזישע קאַמפס־איינהייטן




שלמה מאָדזשעווסקי ביים דענקמאָל פון די יידישע פראָנט־קעמפער אין פראַנקרייך

שלמה מאָדזשעווסקי, מאיר שוסטערס זון (ווסכאָדניע 21), פאָן־טרעגער פון 21־סטן רעגימענט פון פרייווויליקע אויסלענדער אין פראַנקרייך. העלדיש געקעמפט אויף די ערשטע פייער־ליניעס, האָט אויסגעפירט די געפערלעכסטע שליחותן, אָנטייל גענומען אין די גרויסע שלאַכטן אין אַרדען (צפון־פראַנקרייך), ווו ער איז שווער פאַרווונדעט געוואָרן און אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. זיינע אויסצייכענונגען : ערן־לעגיאָן, קרייץ פאַר פרייווויליקע קאָמ־באַטאַנטן, קרייץ פאַר די אַליאירטע קעמפער, מעדאַל פאַר פראַנצויזיש־ענגלישע קעמפער, מעדדאַל פון פראַנצויזיש־בעלגישער רעזיסטאַנס, קאָמאַנדיר פון פרייווויליקער דינסט און אַנדערע.

MODZIEWSKI SZLAMEK. 21ème Regiment de Marche des Volontaires Etrangers, à combattu vaillament dans les Corps Francs. N'a pas hésité à s'exposer dans les missions les plus dangereuses. A pris part dans la Bataille des Ardennes, où il fut grièvement blessé et fait prisonnier. Ses décorations: Legion d'Hhonneur à Titre Militaire. Croix des Combattants Volontaires. Croix des Combattants Allies. Médaille des Engages Volontaires. Médaille Franco-Britanique. Médaille des Résistants Franco-Belges. Commandeur du Merite Volontaire.



**מאַריץ גערשאָנאָוויטש**
אומגעקומען אין אוישוויץ
MAURICE GERSZONOWICZ
mord à Auschwitz



**חיים פיזיצקי**
לויטענאַנט אין רעזיסטאַנס
CHAIM FIZICKI
Lieutenant dans la Résistance



**פנחס פאָפּאָוויטש**
אומגעקומען אין אוישוויץ
PAUL POPOWICZ
mord à Auschwitz



**סערזש אייכענבוים**
אומגעקומען אין פראַנקרייך
SERGE EICHENBAUM
mord en France



**יוסף וואָלקאָוויטש**
JOSEPH WOLKOWICZ



**בערל וואָלקאָוויטש**
אומגעקומען אין אוישוויץ
BEREL WOLKOWICZ
mord à Auschwitz



זשאַק ווייסברויט
JACQUES WAJSBROT



זשאָרזש קאַטושעווסקי
GEORGES KATUSZEWSKI



יחזקאל וויינטרויב
CHAZKIEL WAJNTRAUB



מאָריץ באַלבין
MAURICE BALBIN



חיים אייכענבוים
HENRI EICHENBAUM




מאַקס גערשאָנאָוויטש
MAX GERSZONOWICZ



זשעלאַזניק
מלחמה־קרייץ
ZIELAZNIK
Croix de Guerre



יעקב פּאָפּאָוויטש
JAQUES POPOWICZ



לעאָן קאָטעק
מלחמה־קרייץ
LEON KOTEK
Croix de Guerre



**זשאַק צעטער**
JACQUES CETER



**ד״ר וויינבערגער**
ערן־לעגיאָן
DOCTEUR WAJNBERGER
Legion d'Honneur



**זשאקא וויינטרויב**
JACOT WAJNTRAUB



**אברהם באָטשמאַק**
ABRAHAM BOCZMAK

יעקבס ברודער, האָט געקעמפט אויפן רוסישן פראָנט און באַקומען אַ גרויסע צאָל אויס־צייכענונגען.



**יעקב באָטשמאַק**
JACQUES BOCZMAK

פרייוויליקער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי אין ענגלאַנד. האָט העלדיש געקעמפט פון טשאד ביז ריינלאנד. זיינע אויסצייכענונגען: מלחמה־קרייץ, מיליטערישער מעדאַל (דאָס זענען די צוויי גרעסטע אויסצייכענונגען פאַר פראָנט־קעמפער), קרייץ פאַר פרייוויליקע, מעדאַל פאַר אַנטלויפן פון געפאַנגענשאַפט, מעדאַל פאַר די שלאַכטן אין קאַפּראַ (אפרי־קע), מעדאַל פאַר באַפרייען פראַנקרייך.



**ישראל לאַנדסבערג**
ISRAEL LANDSBERG



**אברהם ווייסבערג**

געוועז מאָביליזירט אין דער ענגלישער אַרמיי אַלס אונטעראָפיציר (סערזשאַנט), געקעמפט אין די מלחמה־יאָרן קעגן די נאַציס. אויך געוועז אין דינסט פון די ענגלישע באַזעצונגס־טרופן אין דייטשלאַנד נאָכן קריג. לעבט אין ענגלאַנד.



**מאַרק (מאָטל) קירשטיין**

געוועז מאָביליזירט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, אין דער 101 פּאַראַשוטיסטן־דיוויזיע, אין ראַנג פון אַן אָפיציר, געקעמפט אין די יאָרן 1943—1945 אויפן צווייטן פראָנט אין נאָרמאַנדיע, האָ־לאַנד, און אין דייטשלאַנד. לעבט אין ווינטשעסטער, ביי באָסטאָן.



**זאב גולדברג**

התגייס ב־24.8 1939 לצבא הפולני, לגדוד 28 חיל־רגלים בלודז'. ב־1 לספטמבר נשלח עם יחידתו לגבול הגרמני. נפצע בקרב על נהר וארטה ונפל לשבי גרמני, הועבר לבית־חולים שדה על יד פוזנן וכעבור מספר חודשים שוחרר מבית חולים וחזר לטומשוב. הצליח להשאר בחיים. כיום גר בחיפה.
אחיו של זאב, משה גולדברג, שרת בגדוד התותחים (P. A. L. 187) בעיר סקרניביץ והשתתף בקרבות. לפי עדותו של זאב נפל בקרב יוסף לייטמן, ויעקב כוינובסקי נעדר בשדה הקרב ולא ידוע לאן נעלם והיכן נפל. שניהם שרתו איתו ביחידה אחת. כולם גויסו כמעט יחד בטומשוב.



**שלמה שטשופּאַק**

געוועז מאָביליזירט אין דער פּוילישער קאָסציושקאָ־דיוויזיע, געקעמפט קעגן די נאַציס אויף די פראָנטן אין רוסלאַנד און אין פּוילן. געפאַלן אין שלאַכט ביי פּויזן אין אַפּריל 1945.



**ליאון מרקוביץ׳**

בעת פלישת הנאצים לפולניה היה בגדוד חיל־רגלים 28 (בדיוויזיה העשירית). עם פרוץ הקרבות חנה הגדוד דרומית מפוזנן. השתתף בקרבות על נהר ורטה, בזג ובהגנה על ורשה.



**מאיר מילשטיין**

מאָביליזירט אין דער פוילישער אַרמיי אין אויגוסט 1939, אין 28־סטן פולק. געקעמפט קעגן די נאַציס אין די ערשטע מלחמה־טעג ביי דעם טייך וואַרטע. נאָכן צוזאַמענברעכן זיך פון פראָנט, געקעמפט ביי וואַרשע. זיך צוריקגעצויגן פון וואַרשע אין כסדרדיקע קאַמפן ביז לעמבערג און דאָרט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער רוסישער אַרמיי. לעבט אין ישראל.



**מאיר־בר גלברד**

חניך „השומר הצעיר״. בשנת 1939 התכונן לעליה ארצה. גויס לצבא הפולני והשתתף בקרבות. מצא את מותו ע״י הצורר הנאצי.



**פישל זיידלער**

געדינט אין דער פוילישער אַרמיי, געקעמפט און געפאַלן אויפן שלאַכט־פעלד אין די שווערע קאַמפן, וועלכע עס האָט געפירט די דיוויזיע פון גענעראַל באַרטנאָווסקי אין יאָר 1939.

# די ברידער ווייסבערג, געקעמפט אין דער סאָוויעטישער אַרמיי



**בערל ווייסבערג**
**געפאַלן אין די קאַמפן ביי ראָסטאָוו, 1941**



**ליפמאַן ווייסבערג**
**געפאַלן אין די קאַמפן ביי ראָסטאָוו, 1941**

### הערש־דוד ווייסבערג

געדינט אין 207־טן באַטאַליאָן, מינעס און סאַפּערן־אָפּטיילונג. געווען אָפיציר און אינסטרוקטאָר פון אָפּרייניקן און צונעמען מינעס אויפן צווייטן אוקראַינישן פראָנט אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל־מאַרשאַל מאַלינאָווסקי, געקעמפט כמעט פיר יאָר אויף אַלע פראָנטן פון קאַווקאַז ביז בודאַפּעשט און טשעכאָסלאָוואַקיע. אויסגעצייכנט מיט פיל אָרדערס און מעדאַלן, וועלכע ער האָט צוריקגעשיקט קיין רוסלאַנד צוזאַמען מיט אַלע יידישע קעמפער אַלס פּראָטעסט קעגן דער אַנטי־ישראל קאַמפּאַניע געפירט דורך די סאָוויעטן און אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער קעגן ישראל.







### יעקב שפּערלינג

סוף 1939 מאָביליזירט אין דער רוסישער אַרמיי און דאַן איבערגעגאַנגען אין דער פּוילישער אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס. אין די יאָרן 1941־42 געקעמפט אין טאָברוק (צפון־אַפריקע) קעגן ראָמעלס אַרמיי. אין 1944 געקעמפט אין די רייען פון דער פּוילישער אַרמיי אין מאָנטע־קאַסינאָ (איטאַליע). לעבט אין אויסטראַליע.

יעקבס אַ ברודער, **שמחה שפּערלינג**, איז געפאַלן אין די פּאַרטיזאַנער־קאַמפן.



### אריה הררי (גולדברג)

ב־24.8.1939 גויס לצבא הפולני לגדוד 71 חיל־רגלים בזמברוב. השתתף בקרבות על נהר נאַרב ובוורשה. אחרי כיבוש פולין ברח לרוסיה ושם התיצב לצבא אנדרס ב־1941. שירת והשתתף בפעולות שונות בפרס (אירן) ובמצרים בדרגת רב־סמל. חי כיום בבת־ים.



**בן עירנו הנכבד, המהנדס יצחק גילון (ז׳ילינסקי) עם שני בניו הלוחמים האנטי־נאצים**

**אונדזער בכבודיקער בן־עיר יצחק גילון־זשעלינסקי מיט זיינע צוויי זין, אַנטינאַצי־קעמפער**

**בנימין־זאב ז׳ילינסקי** שירת בבריגדה העברית משנת 1936 בדרגת רב־סרן (קפטין). השתתף בקרבות נגד חיילות הנאצים באיטליה ובחזיתות אחרות.

אליהו גילון (אלכסנדר ז׳ילינסקי) שירת בבריגדה העברית משנת 1939. השתתף בקרבות נגד חילות הנאצים באיטליה ובחזיתות אחרות. כיום משרת בצה״ל כמפקד חיל הרפואה, כרופא ראשי בדרגת סגן־אלוף.

בנימין זאב זשעלינסקי, געדינט אין דער יידישער ישראל־בריגאַדע פון יאָר 1936 אין ראַנג פון אַ קאַפּיטאַן. אָנטיילגענומען אין די קאַמפן קעגן די נאַציס אין איטאַליע און אויף אַנדערע פראָנטן. אליהו גילון (אַלעקסאַנדער זשעלינסקי), געדינט אין דער ישראל־בריגאַדע פון יאָר 1939. אָנטיילגענומען אין די קאַמפן קעגן די נאַצישע חילות אין איטאַליע און אויף אַנדערע פראָנטן. היינט צוטאָג דינט אליהו גילון אין דער ישראל־אַרמיי אַלס הויפּט־קאָמענדאַנט פון די מעדיצינישע אָפּטיילונגען, אין ראַנג פון אַ פּולקאָווניק.



**אברהם סביר (סרוטור)**

התנדב לבריגדה העברית. לחם נגד הגרמנים בחזית איטליה. עם שובו ארצה — מפקד פלוגה קרבית של הארגון הצבאי הלאומי. במלחמת השחרור נלחם בחטיבת הנגב. במלחמת סיני השתתף עם יחידתו בכיבוש העיר רפיח.

**שטיינברג**

בנו של שכנא שטיינברג, היה בצבא הבריטי, בגדוד היהודים שאורגן בארץ. לחם נגד הנאצים באיטליה ובחזיתות אחרות. נפל בקרב באי קרטה.



**יצחק אליהו בן־דב (דלוזשנאָווסקי)**

עלה ארצה בשנת 1932 ומיד הצטרף ל„הגנה״. עבר קורסים שונים בשפיה, הדר, מקוה־ישראל ובסביבות תל־אביב. אחרי אימון רב צורף לפעולות קרביות שונות ב„הגנה״. בהתחלה בעמדות קדמיות שונות בתל־אביב, אחר־כך יצא לפעולות ברחבי הארץ. השתתף בליווי שיירות לחיפה ולירושלים. בשנות 1938־39 היה למדריך בבי״ס לאנשי „הגנה״ בת״א. בשנת 1940 הועבר למשטרת הבריטית וכאן היתה לו הזדמנות ללמד את בני יהודה קשת באופן רשמי. לקח חלק פעיל בהורדת עולים בלתי ליגליים בחופי הארץ. אירגן והדריך קורסים שונים של יחידות קרביות ופשיטות חבלה נגד הפולש הערבי. ב־1948, עם הקמת מדינת ישראל, גוייס לצבא הגנה לישראל בדרגת סגן ושירת עד אוקטובר 1951.

# פאַרטיזאַנער און אונטערגרונט־קעמפער קעגן די נאַציס

אין טאָמאַשאָווער געטאָ האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע יוגנט־לעכע פון דער יוגנט־באַוועגונג „עקיבא". די דאָזיקע יוגנטלעכע זענען באַזאָרגט געוואָרן מיט אַרישע דאָקומענטן דורך דער חברטע מינאַ פון דער צענטראַלע אין קראָקע.

אייניקע פון זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער אונטערגרונט־באַוועגונג אין קראָקע און אין סביבה. אין איינעם פון די קאַמפן קעגן די נאַציס אין קראָקע, דעם 22־טן דעצעמבער 1942, זענען זיי אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעשיקט קיין אוישוויץ, וווּ זיי זענען אומגעקומען אין מערץ 1943. דאָס האָט באַשריבן גוסטאַ דווידזאָן אין איר בוך „יומנה של יוסטינה" (דאָס טאָג־בוך פון יוסטינאַ). ספּעציעל איז דאָרט דערמאָנט וועגן דעם טראַגישן טויט פון דעם טאָמאַשאָווער מיידל (חברטע פון „עקיבא") טאָשקאַ פוקס. אַדאַש פּריוועס איז אומגעקומען אין וואַרשע. פון דער גרופּע איז ביים לעבן געבליבן טאָשקאַ פרידמאַן.

איבערגעגעבן : מ. טענענבוים

## ד"ר דוד שעפּס

אין סעפּטעמבער 1939 איז דעם ד"ר דוד שעפּס געלונגען צו אַנט־לויפן אין די באַזעצטע דורך די רוסן געביטן פון מזרח־פּוילן. ער האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל פון זדאָלבונאָווער ראַיאָן און אויך דאָרט געבליבן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע.

אין יאָר 1942 האָט זיך ד"ר שעפּס אָנגעשלאָסן אין דער פּוילישער אונטערגרונט־באַוועגונג אין זדאָלבונאָווער קרייז, אויף אַרישע דאָ־קומענטן. זיין אָפּטיילונג האָט זיך גערופן „טראָמבאַ". שעפּס' פּסעוודאָנים איז געווען „בער".

די פּוילישע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג האָט זיך פאַרנומען מיט אונ־טערמינירן בריקן, אייזנבאַן־ליניעס און דייטשע מיליטער־עשאַלאָ־נען, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן אויפן פראָנט און בעיקר די דייטשע טראַנספּאָרטן, וועלכע האָבן זיך צוריקגעצויגן נאָך דער מפּלה נעבן סטאַלינגראַד.

ד"ר דוד שעפּס האָט געפירט די סאַניטאַר־אָפּטיילונג אין דער דאָזי־קער פּאַרטיזאַנער־איינהייט. היינט צוטאָג געפינט זיך ד"ר שעפּס אין סידנעי (אויסטראַליע).

## יעקב שפּיגל

נולד בטומשוב ב־1910. בשנים האחרונות, לפני המלחמה, היה פעיל במפלגה הקומוניסטית בוורשה. היה בגיטו סטולפצי. בין נושאי הרעיון ההתנגדות נגד הנאצים וממארגני המחתרת. לחם בשורות הפרטיזנים ונפל בקרב ביערות נאליבוקי.

(ספר הפרטיזנים כרך ב', עמ' 778)



## משה רוזנבליט

גויס בארץ ישראל לצבא הבריטי בנובמבר 1939. לחם נגד חילות הנאצים במערכות בצרפת בשנת 1939/40, במערכות בצפון אפריקה בשנת 1940/41. בשנת 1941 לחם גם ביוון, השתתף בכיבוש אריטריאה (חבש), ושוב באפריקה הצפונית נגד צבאות הגרמנים של רומל עד גמר הקרבות שם בשנת 1942/43.

בשנת 1943/44 שירת בתור מדריך צבאי. בסוף 1944 הועבר לשרות באירופה ושירת במשך כל השנה 1945 עד לשחרורו בינואר 1946. הוא נפגש גם בצבא ובקרבות עם בני טומשוב מישראל — עם אברהם סרוטור, בליבוים ושטיינברג.



## טאלמאַן פייגע (פעלאַ)

אָנטיילגענומען אין די קאַמפן אין וואַרשעווער געטאָ און אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. געפאַלן ענדע יאָר 1944.

## זלמן ויאטרק

גויס לצבא הפולני לגדוד חיל־רגלים 27. בספטמבר 1939 השתתף בקרבות נגד הפולש הנאצי על יד צ'נסטוכוב. בשנת 1942 התנדב ברוסיה לצבא הפולני בדיוויזיה ע"ש קוסציושקו. השתתף בקרבות על יד לינינו, בשחרור ורשה ובכיבוש ברלין.

## פראַנקאַ פרידמאַן (בלייבערג)

פראַנקען, דער פרוי פון מולעק בלייבערג, איז געלונגען צו באַקומען פון אירער אַ פּוילישער חברטע. אַרישע פּאַפּירן אויפן נאָמען באזשענצקי. זי איז אַנטלאָפן קיין וואַרשע און דאָרט איז זי גע־וואָרן טעטיק אין דער אונטערגרונט־באַוועגונג. אַלס אַריערין איז זי געווען אַ פאַרבינדלערין צווישן די אויפשטענדלער פון וואַרשעווער געטאָ מיט דער אַרישער זייט. אין איינער פון אַזאַ שליחות איז זי געכאַפּט געוואָרן דורך די נאַצי־מערדער. זי איז געפייניקט און דערשאָסן געוואָרן.

## ד"ר בערעק רייזמאַן

איז אומגעקומען בעת דעם אויפשטאַנד אין טויטן־לאַגער טרעב־לינקע. קיין טרעבלינקע איז ער טראַנספּאָרטירט געוואָרן פון געטאָ ראַווא־מאַזאָוויעצק.

איבערגעגעבן : שמואל טאלמאן



## מאיר העלער

טאָמאַשאָווער אַנטינאַצי־קעמפער, געפאַלן אויפן שלאַכט־פעלד אין רוסלאַנד.

# מסע בעקבות הנצחון

סביר אברהם (סרוטור)

עם תום המלחמה והנצחון על גרמניה הנאצית בשנת 1945, עוזבת הבריגדה היהודית את איטליה. עלינו להגיע לבלגיה ולהולנד דרך אוסטריה וגרמניה. מפי השליחים הראשונים שהגיעו ממחנות ההשמדה בפולין ובגרמניה ידענו כבר את האמת המרה על אבדן של מיליוני בני אחינו בתאי הגאזים.

למרות זאת מיאן הלב להאמין וצל של תקווה הבהב בנו, כי חלק מן המשפחה נותרו בכל זאת בחיים.

אנו עוברים את הגבול האיטלקי-אוסטרי, הנוף מקסים ביופיו, רק הצער שבלב ואי-וודאות על גורל יקיריך משאירים אותך אדיש ואינך יכול ליהנות מן היופי.

העיניים בוהות, עוברות על כפרים שלווים פסטרליים, על האנשים העובדים בשדות המעובדים בקפידה ובדייקנות מפליאה כאילו לא קרה דבר בעולמנו במשך שש השנים שחלפו.

ערב. אנו חונים בקרבת העיר לינץ, יורדים לרחובותיה ושומעים את השפה הגרמנית הארורה, והנך מתפלץ מכאב. חלמנו להזדמנות של נקמה והנה אנו מתהלכים ברחובותיה של עיר מנוצחת כמנצחים, ובכל זאת...

בלילה עלו להבות אש מבתים בסביבת המחנה שלנו, ופיקוד הבריגדה, למרות שהיה על טהרת היהודים, קורא למסדרים בהם מגנים את מעשי-הנקמה הבודדים. יחד עם זאת הוחלט לא לקיים חניות-ביניים נוספות באוסטריה ובגרמניה כדי למנוע התפרצות של זעם ונקם של יחידים שחיפשו פורקן לרגשותיהם.

אנו עוברים את גרמניה ההרוסה, רואים ערים הרוסות, שלא נותרה בהן אבן על אבן, נחמה פורתא לרגש שבלב. רק מחשבה אחת ניקרה במוחי, איך לפגוש בבן-עיר, שיוכל לספר לך מה עלה בגורלם של יקירינו.

הגדוד הראשון של הבריגדה מתקרב ללנדסברג, עיר בה נמצא בית-הכלא המפורסם שישב בו היטלר ימח״ש וכתב את ספרו „מיין קאמף״.

עכשיו, אחרי השחרור, נהפך בית-הכלא הזה למחנה מעבר לניצולים יהודיים.

כשהתקרבנו למקום הבחנו בהם, בניצולים היהודיים, כשהם עומדים ומריעים לכבודנו בצדי הדרך. נעצנו עינינו בדמויות היקרות, אודים מוצלים, שרידים מועטים מהגהינום הנאצי. כמה חכינו לרגע זה של פגישה אתם. כמה רצינו לרדת לחבקם, לנשקם, ללטף את פצעיהם של אחינו, שהם דם מדמינו, שזכו בדרך נס להשאר בחיים.

כעת הם יוצאים מגדרם מרוב שמחה למראה חיילים עבריים מארץ-ישראל שלחמו בגרמנים. למראה המגן-דוד — סמל הבריגדה העוטר את מכוניותינו, אנו רואים את האושר בעיניהם. אנו שרים „הבאנו שלום עליכם״ במלוא ריאותינו.

השיירה דוהרת וממשיכה בדרכה. פתאום אני שומע קוראים בשם משפחתי. קבוצת אנשים עומדת וקוראת בקול את שמי. היה זה זעזוע שאין לתארו. נפעם ונרגש הושטתי את ידי דרך חלון המכונית. ידיים אוחזות בחוזקה את ידי. לא, זה לא חלום, זו מציאות! קבוצת טומשובאים, שנודע לה, כי אני בשיירה, חכתה לי.

אני מבחין בפנים מוכרים של בני עירי. המום לגמרי ומרוב התרגשות אבדתי לשוני. גם האנשים שרצו אחרי המכונית לא יכלו להוציא הגה מפיהם. זמן רב הסתכלו בי, ואני עליהם, כשהם לא מרפים מידי וממשיכים רק לקרוא בשמי; אברהם! אברהם!...

בהתאם לפקודה אסור היה לנהג לעצור את המכונית, אך בראותו מה מתרחש האיט נסיעתו כדי לא לסכן את הרצים בצד. ואכן, כל דאגתי היתה נתונה להם שחס-וחלילה לא יופלו ולא ידרסו מתחת לגלגלי המכונית.

אלה היו אנשים חלושים והמאמץ של הריצה החליש אותם לגמרי. אט-אט הירפו מידי. רק אחד מהם, קירשבאום יצחק, שהיה גר בביתנו והיה חבר תנועתי, המשיך לרוץ כברת דרך כשהוא לופת ידי בחוזקה ואינו מרפה ממני. הוא נשם בכבדות עד שהתחננתי בפניו, כי יעזוב את ידי פן יפול מתחת לגלגלי המכונית.

באפיסת כוחות גמורה עזב את ידי ודמותו הלכה והתרחקה ממני.

עזבנו את לנדסברג כשאני מליט את פני בידי מרוב צער. כה קרוב לאמת האיומה הייתי, כה קרוב, ושוב נשארתי בחוסר ידיעה. חברי לנשק שהיו עדים למפגש הדרמטי עודדוני ככל שיכלו, אבל אני לא מצאתי מנוחה. צר לי היה שלא יכולתי להשאר עוד רגעים עם בני-עירי שניצלו בנס מצפורני החיה הנאצית.

באותו לילה חכינו על הגבול הצרפתי בשדה פתוח. שכבתי בשדה תלתן כשמעלי שמים שזורי כוכבים, וייסורי תופת שקשה לפרשם במלים מפלחים את לבי. הם לא אמרו כלום ואני לא שאלתי כלום, ובלבי החלטה נחושה לחזור בהקדם האפשרי לגרמניה לפגישה עם הקבוצה שראיתי.

למחרת היום הגענו לטורינו שבגבול בלגיה-צרפת. כאן התמקמנו ופה מצא אותי אדש פרידמן, טומשובאי, מהגדוד השלישי, שעבר את לאנדסברג יום לפני עם יחידת החלוץ והיה באפשרותו להעצר ולפגוש את אנשי עירנו הניצולים.

מפיו נודע להם שאהיה בשיירה ומכאן הציפייה שלהם לפגוש אותי.

אדש סיפר לי גם את האמת המרה, כי ממשפחתי לא נשאר איש ואין מה לחזור לגרמניה שנית.

זמן רב לא יכולתי למצוא שקט ומנוחה לנפשי, אך את הפגישה ההיא, הרגעים הגורליים האלה, ובתנאים ההם, כששמעתי ופגשתי איש מבני עירי — לא אשכח לעולם. זה ילווה אותי בכל אשר אפנה.

### פנים אל פנים עם המציאות

אחרי מסע ממושך ומייגע התמקמנו חלק מהבריגדה בבלגיה וחלק בהולנד. מהארץ מתחילים להגיע מכתבים עם בקשות קורעות לב לוודא על גורל משפחותיהם בארצות ההריגה.

הקשר עם אירופה באמצעות הדואר התחיל לאט לפעול, אבל לא ידענו למי לפנות ולאן.

משה פרוינדליך, ז״ל, שהיה באותו זמן מזכיר האירגון יוצאי טומשוב־מזוביצק בארץ־ישראל, הציף אותי במכתבים וביקש ידיעות.

לאחר שנודע לי, כי משפחתי נספתה כולה ולא נותר שריד ממנה, החלטתי לא לדרוך על אדמת גרמניה הארורה. אבל פרוינדליך בארץ, וליסופרבסקי מארצות־הברית, במכתביהם שינו החלטתי זו.

נוסף על כך נודע לי, כי בברגן־בלזן נותרה קבוצה של ניצולים מבני עירנו וביניהם קרובתי שרה קירשבאום. ראיתי חובה קדושה להתחיל בפעולת קשר בינם לבין האירגון וקרוביהם בארץ. קרבת הגבול הגרמני איפשרה לי לעבור את גרמניה לאורכה ולרוחבה, כשאני הולך ממחנה למחנה, במטרה לחפש ולמצוא שרידים וידיעות על בני עירנו.

הקבוצה שנמצאה בברגן־בלזן סיפקה לי את מלוא האינ־פורמציה על גורל העיר ותושביה. לילות שלמים ישבתי אתם כשהם מגוללים בפני את אשר קרה לקהילתנו המפוארת ועל סופה המר.

הבחנתי שלמרות שלא חסרו כבר במחנות מנות מזון, היה בכל זאת מחסור בפריטים אלמנטריים כגון: סבון, משחה שיניים, מברשות וכו׳. בעזרת חסכונותי וחסכונות חברי מהבריגדה קנינו את המצרכים האלה וחלקנום בין הניצולים מבני עירנו.

היות והיה ברשותי רכב צבאי, העברתי ללא שהות כמה מהשרידים דרך הגבול הגרמני־הולנדי לבלגיה, להכשרה ולעליה, כשהם לבושים במדי הצבא הבריטי, אוכלים במחנות הצבא ונוסעים ברכבות כחיילים בריטיים לכל דבר.

במקרים של בקורת הסברתי את עייפותם הגדולה שהת־בטאה בשינה ארוכה החל מהעליה לרכבת ועד לסיום הנסיעה. האנגלית שלי היתה די חלקה, למדתי אותה בעת שהותי בבית חולים בחברת חיילים בריטיים והדבר הציל את כל הכבודה שלי מתסבוכות.

מהרכבת עברנו שוב למכונית משא של הבריגדה. האנשים היו רעבים, ובאחד הכפרים הגרמניים נכנסנו לבית־קפה, בכדי לשתות כוס תה חם ולנוח קצת. שלמתי את הנדרש וזזנו לדרך.

לאחר מספר קילומטרים הוקפנו על ידי מספר ג׳יפים של המשטרה הצבאית הבריטית שאותתה לנו לעצור. מסתבר כי בעלי הפונדק הגרמנים, בראותם את המכונה ומספר חיילים עם סמל הבריגדה העברית נכנסים לשטחם, נבהלו ושלחו שליח למחנה הצבאי הקרוב שיודיע, כי באו להרגם. הסברתי למפקד את סיבת העיכוב בכפר, וזה, — למרות שקפץ אלי לפני רגע באקדח שלוף, — ביקש התנצלותי והסתלק עם שיירתו חזרה.

בט״ו בשבט — 1946 צורפתי למשלחת שיצאה מטעם המרכז לגולה של הבריגדה עם שתי מכונות משא עמוסות מתנות לילדים במחנות. היות, ומספר הילדים במחנות היה זעום, מסרנו את המתנות להנהלות של המחנות.

רק בזלצהיים נפגשנו עם ריכוז גדול של כמה עשרות ילדים. איך אלה ניצלו? — זה הפלא הגדול ביותר שקרה במחנות הריכוז.

ערכנו מפגש חגיגי וספרתי להם על הארץ, על הילדים הכמהים לראותם, על השמים הבהירים, על הים הכחול ועל השדות הירוקים. נסיתי לתת להם חום ולבביות ותקוות חיים שהיה כל כך חסר להם במחנות המוות. ניבטו מולי עיניים עצובות של יתומים ששתו בצמא את דברי. נאחזו בחלום על המולדת הרחוקה, המחכה להם בזרועות פתוחות והרגשתי, כי דברי מעודדים אותם ומעוררים לחיים חדשים, לתקוות חדשות, ליום שיוכלו להתנער מהעבר האיום.

חופשת מולדת סיימה פעולות הקשר ביני לבין ניצולי המחנות. בתל־אביב, באסיפה רבתית של יוצאי טומשוב בארץ, ספרתי את אשר ראיתי ושמעתי על גורל עירנו ותושביה היהודים.

הבריגדה התפרקה, ויחד עם השמחה שחזרתי ארצה, נשאר בלבי צער גדול על שלא יכולתי להמשיך ולעזור לאלה שהגורל היכה אותם במלוא האכזריות. ותכניות רבות של פעילות נגנזו באיבם.

## טויבער געשריי

בלה כהן / תל־אביב

די געשרייען און די קלאָגן
האָט דער ווינט צעזייט, צעטראָגן
אין פאַרוואָלקנטע פאַרטאָגן.
קיינער האָט עס נישט פאַרנומען —
די אויסלייזונג איז נישט געקומען!

רציחות, מאָרדן, מערדערייען,
טאָג און נאַכט אין טויטן־רייען —
נישטאָ צו וועמען רופן, שרייען.
קיינער האָט עס נישט געהערט!
חורבן, חורבן אויף גאָטס ערד!...

פאַרלוירן יעדן מענטש־געשטאַלט
טויב די וועלט, גלייכגילטיק, קאַלט —
באַלד קומט אום אַ פאָלק, באַלד־באַלד...
דער מערדער שעכט און חוזקט, שעלט,
נאָר טויב, נאָר טויב ז'די גאַנצע וועלט.

אַפילו גאָט האָט נישט פאַרנומען
דאָס געשריי פון האַרץ דעם שטומען...
נישט געזען און נישט באַנומען,
ווי אַ גאַנצער פאָלק, אַן עדה
ווערט געפירט צו דער עקידה.

ווי אַ פאָלק ווערט אויסגעקוילעט —
האָסטו נישט געזען, גאָט, בולט,
ווי דער מערדער שעכט, איז שולט?
מאַכט פון פאָלק דיינעם אַ שפּאָט? —
אָ, גרויסער גאָט... אָ, גרויסער גאָט!...

הימלען האָסטו גאָט באַשאַפן,
רשעים מער נאָך און סאַטראַפּן
און צוזאַמען מענטשן־שקלאַפן...
דיין באַשאַף איז אויך דאָס מעסער —
וואָלסט אים נישט באַשאַפן בעסער!...

— — — — — — — — — — — — — —

# טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק נאָכן קריג

זאב גאַרפינקעל

באַלד נאָך דער באַפרייאונג פון קאַצעט־לאַגער „דאַכאַו, לאַנדסבערג" האָב איך באַשלאָסן ביי דער ערשטער מעגלעכ־קייט צו באַזוכן מיין געבורט־שטאָט טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק.



זאב גאַרפינקעל

צום אָנהייב איז דאָס געווען אַן אוממעגלעכע זאַך צוליב צוויי סיבות: ערשטנס — איז נאָך נישט געווען קיין שום פאַרבינדונג צוליב דער גרויסער צאָל רואינירטע באַן־בריקן; צווייטנס — בין איך זעלבסט נאָך נישט געווען בכוח אַדורכ־צומאַכן אַ ווייטע נסיעה, נישט האָבנדיק זיך פריער אַ ביסל דערהאָלט און קומען צו די כוחות. יעדנפאַלס האָב איך מיין באַשלוס נישט אויפגעגעבן. נאָך אַ 3 מאָנאַטנדיקע דערהאָלונג בין איך געווען אימשטאַנד מיין באַשלוס צו רעאַליזירן. מיינע דאָקומענטן: אויסלאַנד־פּאַס און וויזע זענען באַשטאַ־נען פון אַ פּינפּציפערדיקן טאַטואירטן קאַצעט־נומער אויף דער לינקער האַנט.

גראַד האָט זיך אַזוי געפירט, אַז מיר איז אויסגעקומען צו פאָרן קיין פּוילן אין חודש אלול דוקא דעמאָלט ווען מען פלעגט אין די אַמאָליקע צייטן פאָרן אויף קבר־אבות.

וואָס אַנבעלאַנגט דער רייזע — איז זי געווען אַ קאָמ־פּליצירטע, ווייל מען האָט געמוזט מער גיין צופוס ווי פאָרן.

אויף אַלץ זענען נאָך געלעגן די שפּורן פון נאָר־וואָס פאַרענדיקטן קריג.

אָנקומענדיק אין דעם ערשטן פּוילישן גרענעץ־שטעטל האָט מיך באַהערשט אַ געפיל פון האָפענונג און מורא. האָ־פענונג — אפשר וועל איך עמעצן אָפּזוכן; מורא — פאַר דער טרויעריקער ווירקלעכקייט.

איך האָב, וואָס שנעלער געוואָלט דערגרייכן מיין געבורט־שטאָט. יעדער טאָג האָט זיך אויסגעוויזן, ווי אַן אייביקייט.

נאָך אַן 8 טאָגיקער רייזע בין איך מיטאָג־צייט אָנגעקו־מען קיין קאָלושקי, 28 קילאָמעטער פון טאָמאַשאָוו־מאַז. די עטלעכע שעה וואַרטן אויף אַ פאַרבינדונג האָט מיך אַריינ־געבראַכט אין אַ נערוועזער שטימונג, ענדלעך שטייג איך איין אין צוג קאָלושקי—טאָמאַשאָוו. דער צוג לויפט פאַר־ביי סלאָטווין. ווי אין אַ פילם לויפן פאַרביי בילדער פון יענע טעג... ווען הונדערטער יידישע יונגעלייט האָבן דאָ אין סלאָטווין אָוועקגעגעבן זייערע יונגע לעבנס ביים בויען צוגאַב־רעלסן סלאָטווין—טאָמאַשאָוו, פאַלנדיק פון די קלעפּ פון די פּוילישע פאָראַרבייטער און דייטשע אויפזעער.

אָט אַנטפּלעקט זיך פאַר מיר אַ צווייטע סעריע ביל־דער — בילדער, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף די זעלבע באַן־רעלסן טאָמאַשאָוו—טרעבלינקע. דאָס האַרץ הויבט אָן האַסטיקער קלאַפּן. די לופט ווערט אַ שווערע דערמאָנענדיק זיך ווי מיר זיינען געווען געפּאַקט צו 120 מאַן אין אַ לאַסט־וואָגאָן. איך הער דאָס געוויין פון קליינע קינדער, דאָס קרעכצן פון קראַנקע און אַלטע, וואָס בעטן אַ ביסל וואַסער, וואַסער!...

די רעדער פון לויפנדן צוג קלאַפּן צום טאַקט: וואַסער! וו־אַ־ס־ע־ר! וו־אַ־ס־ע־ר!...

ווי פון אַ חלום האָט מיך אויפגעוועקט דאָס אויסגעשריי פון קאָנדוקטאָר: טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק! אויסשטייגן!

מיט שנעלע טריט פאַרלאָז איך דעם באַן־וואָגאָן, פאַר־האַלטנדיק זיך אויפן פּעראָן, כדי צו קענען באַטראַכטן די ענ־דערונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אין משך פון דער צייט. כמעט אַלץ ווי געווען, אָן שום ענדערונגען ביי זיי. — אָבער ביי אונדז — האָט זיך פיל, זייער פיל געענדערט...

פאָרנדיק פון דער באַן אין שטאָט אַריין, פאַרפיר איך אַ געשפּרעך מיטן דראָזשקאַזש. ערשטנס, בין איך נייגעריק צו וויסן וויפל יידן זענען דאָ און וווּ זיי וווינען? — האַ, וועגן די „זשידקעס" — עס זענען דאָ אַ ביסל; די צאָל ווייסט ער נישט. וווּ זיי וווינען — דאָס ווייסט ער שוין גאַנץ גענוי: אויף אַנטאָניעגאָ 12 און קאַליסקאַ 16. ער פרעגט מיך וווּ ער זאָל פאַרפאָרן. איך ווייס נישט וואָס צו ענטפערן. ער העלפט מיר אַרויס. מיר וועלן פאַרפאָרן אויף אַנטאָניעגאָ, דאָרט איז פאַראַן אייער „זשידאָווסקי קאָמיטעט"...

איך בין מסכים (דאָס דאַזיקע „פאַרגעניגן", צוזאַמען

מיט די אינפאָרמאַציעס האָט מיך געקאָסט אַ 1000 זלאָטעס — פאַר אַ געוועזענעם קאַצעטלער אַ צו גרויסער לוקסוס).

אַנשטאָט צו גיין אין קאָמיטעט בין איך אַריין אין זעלבן הויף צו דער פאַמיליע י. טענענבוים. איך מוז מודה זיין, אַז דער אויסוואַל איז געווען אַ גוטער. עס פעלן מיר ווערטער, כדי צו באַשרייבן דעם צוזאַמענטרעף־מאָמענט. באַקומענדיק גלייכצייטיק אַ גרוס פון מיינעם אַ ברודער, וועלכן איך האָב אַרומגעזוכט.

דעם זעלבן אָוונט זענען צו מיר געקומען פאַרשידענע מענטשן נאָכפרעגן זיך וועגן זייערע נאָענטסטע, מיט וועלכע איך בין געווען צוזאַמען אין די לאַגערן. ליידער, האָב איך געהאַט מער טרויעריקע, ווי פריילעכע ידיעות. נישט אַלע האָט מען געקענט דערציילן דעם אמת; מען האָט געמוזט לייקענען און טרייסטן, אפשר וועלן זיי זיך אָפּרופן?...

צומאָרגנס אין דער פרי איז מיין ערשטער באַזוך געווען אויפן בית־עולם. איך גיי מיט דעם זעלבן וועג, ווו מען האָט געפירט צום לעצטן מאָל אונדזערע עלטערן, פרויען און קינדער.

דער בית־עולם שטעלט מיט זיך פאָר אַ חורבה. די מערסטע טייל מצבות זענען פולשטענדיק פאַרשוווּנדן (די דייטשן האָבן מיט זיי אויסגעלייגט די וועגן). פון די טייערע און ווערטפולע מאַרמאָר־שטיינער איז נישט געבליבן קיין זכר. עס וואַלגערן זיך אַ גרויסע צאָל צעבראָכענע מצבות. עס איז שווער פעסטצושטעלן די נעמען. איך דערנענטער זיך צו די מאַסן־קברים פון יענע טעג... די ערטער זענען מיר גוט באַקאַנט. אויף דער רעכטער זייט ביים טויער געפינט זיך דער מאַסן־קבר פון דער פורים־אַקציע.

נאָכן אָפּגעבן כבוד די אַלע קדושים, וועלכע זענען אומגעקומען דורך די בעסטיאַלישע נאַצי־רוצחים, האָב איך, שטיקנדיק זיך אין טרערן, פאַרלאָזט דעם בית־עולם.

פאַרבייגייענדיק דאָס אָרט, ווו עס איז אַמאָל געשטאַנען דער בית־המדרש פון איבער דער בריק, וואַרפט זיך אין די אויגן אַ בערגל אָפּפאַל, ווי נאָך אַ שריפה.

דעם זעלבן טאָג האָב איך באַזוכט די ערטער, ווו עס איז געשטאַנען די שול און בית־המדרש. פון אַלעם זענען געבליבן בערגלעך אַש.

זייענדיק אין די גאַסן, ווו עס איז געווען דאָס געטאָ, בין איך אַריינגעגאַנגען אין עטלעכע הייזער, וועלכע זענען פולשטענדיק דעמאָלירט: די טירן פענצטער, דילן — אַלץ אַרויסגעריסן. אין אייניקע שטובן קען מען נאָך אָנטרעפן בלעטלעך פון צעריסענע ספרים און סידורים.

פון די עטלעכע צענדליק יידן, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון די לאַגערן און פון רוסלאַנד, האָט קיין איינער פון זיי נישט פאַרנומען אַ וווינונג דאָרט, ווו עס איז געווען דאָס געטאָ. און אפשר מיט רעכט. ווייל יעדע שטוב איז פאַר אונדז, לעבנגעבליבענע, ווי אַ קבר פון אונדזערע נאָענטסטע.

כמעט אַלע האָבן זיך קאָנצענטרירט צוזאַמען אין צוויי גאַסן: אַנטאָניעגאָ 12 (שעפּס' הויז) און קאַליסקאָ 16 (ראָזענבערגס הויז).

צומאָרגנס האָב איך געמאַכט אַ באַזוך אין יידישן קאָמיטעט, כדי צו קאָנטראָלירן די ערשטע רשימות פון די לעבנגעבליבענע טאָמאַשאָווער יידן, אַדורכוואַרפנדיק דערביי עטלעכע מאָל די פאַרשידענע בריוו פון מעבר־לים און פון די לאַגערן אין דייטשלאַנד. כמעט אַלע בריוו האָבן געהאַט דעם זעלבן אינהאַלט: „צי ווייסט איר וועגן גורל פון מיינע קרובים?", „שרייבט וואָס איז געשען מיט — — — ?" א.אַז.וו.

ווײַלנדיק אין טאָמאַשאָוו אַ געוויסע צייט האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו אָבסערווירן דאָס דאָרטיקע „יידישע" לעבן".

אין דער שטאָט, ווו עס האָט אַמאָל פולסירט אַזאַ רייך יידיש לעבן; אין דער שטאָט, ווו דער גאַנצער מסחר כמעט איז געלעגן אין יידישע הענט; אין דער שטאָט, ווו דער גרעסטער טייל הויז־באַזיצער זענען געווען יידן, — די שטאָט איז היינט אַריערייזירט. קיין איינציק יידיש געשעפט; קיין איין יידישע אונטערנעמונג; אַלץ האָבן זיי גערירשנט. אויב עס קערט זיך צוריק אַ ייד, וועמענס געשעפט איז על פּי נס געבליבן נישט באַשעדיקט, ווערט אים דאָס נישט צוריקגעקערט, נאָר דערקלערט אַלס שטאָט־אייגנטום.

ווי עס זאָל נישט זיין — קיין צוקונפט פאַר די יידן אין פוילן איז נישט פאָראויסצוזען און דערפאַר האָב איך באַשלאָסן זיך אומצוקערן דאָרט, פון וואַנען איך בין געקומען.

אין אַלגעמיין שטעלט מיט זיך פאָר טאָמאַשאָוו, ווי אַן אָפּגעשטאָרבענע שטאָט. עס קורסירט דאָרט אַ וויץ, אַז צוליב דעם, וואָס אין צענטער שטאָט (מיטן מאַרק) איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ „צמענטאַזש" פון קריגס־געפאַלענע, איז די שטאָט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בית־עולם. און אפשר איז דאָס אמת?...

טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, אויגוסט 1945

# אויף די חורבות פון דער אלטער היים

שמואל מעלדונג

נישטאָ מער קיין היים, נישטאָ מער קיין שטוב!
נאָך פריש איז דער קבר — פון די קדושים דער גרוב.
די שטאָט — אַ בית־עלמין, מיר — לעבעדיקע מתים,
מיר רייסן קברים, מיר פאַסטן תעניתים!
די גאַסן, די הייזער, די טראָטואַרן, יעדעס שטיין
דערמאָנט אין אַמאָל, דערוועקט אַ געוויין! —
קיין ברודער, קיין שוועסטער, קיין טאַטע, קיין מאַמע,
אַלץ איז פאַרפייניקט, פאַרשוווּנדן אין פלאַמען;
קיין פריינט, קיין חבר, קיין ווייב, קיין קינד —
נישטאָ מער, פאַרשוווּנדן, אַוועק מיטן ווינט;
פון דער היים נישט געבליבן קיין טיר, קיין פענסטער,
מיר דרייען זיך אויף די חורבות אַרום,
ווי געשפּענסטער.

דער בֿית עלמין געשענדעט, די שולן פאַרברענט,
עס שרעקן די קוימענס און די איינגעפאַלענע ווענט!
דאָס פאַרמעגן אַוועקגערויבט, אין געטאָס פאַרשלאָסן,
די בעסטע פאַרפייניקט, דערמאָרדעט, דערשאָסן.
אַלץ וואָס טייער — פאַרשטויסן, פאַרטריבן;
פינפצן טויזנט געווען — אַ הייפעלע געבליבן.
אין גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס, פון הונגער, נויט
האָבן אונדזערע ליבסטע געפונען דעם טויט!
זוכט נישט קיין טאַטן, זוכט נישט קיין מאַמען —
אַלע אונדזערע ליבע געפינען זיך צוזאַמען...
במעלות קדושים וטהורים
כזהר הרקיע מזהירים! —

# צוריקקער

סאַבינאַ ווישליצקי

די אַנדערהאַלבן שעה, וואָס איך בין געפאָרן מיט דער באַן קיין טאָמאַשאָוו, זענען מיר געווען אַן אייביקייט. איך בין געזעסן אומגעדולדיק אַ נערוועזע און געטראַכט וועגן דעם לעצטן מאָל, ווען איך בין געווען פסח אין טאָמאַשאָוו פאַרשטעלט אַלס קריסטין.

שפּעטער איז דאָס לאַדזשער געטאָ געוואָרן פאַרזיגלט אויף אַלע שלעסער — פון דרויסן באַוואַכט אַרום און אַרום דורך דייטשן. אַרויסגיין פון געטאָ האָט דעמאָלט געהייסן אַליין זיך נעמען דאָס לעבן. איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט וועגן היטלערס צוגעגרייטע טייוולאָנישע פּלענער, אַזוי, אַז איך האָב מיט ציטער אין האַרצן געוואַרט און געהאָפט, אַז די מלחמה וועט זיך שנעל ענדיקן און איך וועל זיך ווידער טרעפן מיט מיין איינציק קינד, רות, ווי אויך מיט מיין ייִנגסטער שוועסטער חנה שאפּמאַן.

ענדלעך איז די באַן אָנגעקומען קיין טאָמאַשאָוו. פון וואָקזאַל צו דער שטאָט איז אַ שטיק וועגס. ווען איך בין געקומען אויף קאָלעיאָוואַ־גאַס, האָב איך אָפּגעשטעלט אַ דראָזשקע, ווו עס זענען געפאָרן קריסטלעכע פּאַסאַזשירן. ווען דער דראָזשקאַזש האָט איינגעשטימט צו נעמען פון מיר דייטשע מאַרק, האָב איך זיך אַרויפגעזעצט און געפאָרן אין שטאָט אַריין. די באַנען און טראַמווייען זענען דעמאָלט געווען אומזיסט פאַר די צוריקקערנדיקע פון די לאַגערס און שקלאַפן־אַרבעט.

אָנקומענדיק אויף פּלאַץ קאָסציושקי, דריי איך זיך אַרום און זוך אַ ייִד עפּעס געוווּיר צו ווערן. אָבער לײַדער זע איך נישט קיין איין ייִד. אַלע געוועזענע ייִדישע געשעפטן זענען איצט פאַרנומען פון קריסטלעכע סוחרים און קרעמער.

ס׳ערשט לויף איך אויפן אַדרעס לויט רותס קאַרטל. צו דער לעווע־גאַס 8. דאָס הויז איז פאַרהעמערט, קיינער וווינט דאָרט נישט מער.

איך לויף אויף אַנטאָניעגאָ 20, דאָרט, ווו מיין שוועסטער האָט געהאַט אַמאָל אַ גרויס שיך־געשעפט. דאָס גאַנצע הויז איז פאַרניכטעט און ליגט אין חורבות.

איך בלייב שטיין מיטן זעקל אויף די פּלייצעס און טראַכט וואָס ווייטער צו טאָן.

עס גייט פאַרביי אַ קריסטין, פרעג איך ביי איר:

— קענסטו מיר אפשר זאָגן, ווו עס איז אַהינגעקומען די משפּחה קאָשעראָווסקי, וועלכע האָט דאָ אויף דעם פּלאַץ אַלע יאָרן געהאַט אַ שיך־געשעפט?

די קריסטין פאַרקלערט זיך. דערנאָך ענטפערט זי מיר:

— יאָ, יאָ, איך פלעג שטענדיק ביי זיי קויפן שיך. די אייגנטימערין איז פאַר דער מלחמה געפאָרן אויף אַ לוסט־רייזע קיין אַמעריקע. ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה און עס איז געוואָרן אַ געטאָ, איז איר מאַן געגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע „זשידעס" אין געטאָ אַריין. ער האָט דאָרט געוווינט אויף דער לעווע־גאַס 8. כ׳ווייס נישט, ס׳דאַכט זיך מיר, אַז דייטשן

האָבן אים דערשאָסן... ס'בעסטע וועט זיין, אַז דו זאָלסט גיין אויף וואַרשעווער גאַס, דאָרט, זאָגט מען, געפינען זיך אַ פּאָר צוריקגעקערטע קראַנקע יידן פון לאַגער.

די קריסטין האָט מיך צוגעפירט צום הויז און מיר געוויזן די טיר, ווו עס געפינען זיך אַ פּאָר יידן.

ווען איך האָב אויפגעמאַכט די טיר, האָב איך דערזען פאַר זיך אַ גאַנץ גרויסע, האַלב־פינצטערע, כמעט ליידיקע שטוב, ווו עס איז געשטאַנען ביי אַ וואַנט אַ גרויס אַלט איי־זערן בעט, אין וועלכן עס זענען געלעגן דריי קראַנקע פרויען־סקעלעטן. אויף דער ערד, נעבן אַ צווייטער וואַנט, זענען גע־לעגן אַ פּאָר טויט־בלאַסע מענער מיט געשוואָלענע פיס.



רות פרעסמאַן

נעבן אַ דריטער וואַנט איז געשטאַנען אַ פיר־קאַנטיק טישל, דערנעבן אַ גאַנץ לאַנגע בית־המדרש־באַנק. מיינע ערשטע ווערטער צו זיי זענען געווען:

— זענט איר אויך געווען אין טאָמאַשאָווער געטאָ?

— יאָ, — איז געקומען דער ענטפער.

— האָט איר דאָרט געקענט רות פרעסמאַן, אָדער חנה שאפּמאַן?

— חנה שאפּמאַן מיט איר קינד און מאַן זענען אָוועקגע־פירט געוואָרן אין 43־טן יאָר צוזאַמען מיט נאָך יידן פון גע־טאָ קיין טרעבלינקע, — האָט עמיץ שטיל געזאָגט.

— און וואָס איז געוואָרן מיט רות פרעסמאַן? — האָב איך קוים אַ באַהערשטע געפרעגט.

מיט שווערקייט הייבט אַ פרוי אויף איר קאָפּ. זי זעצט זיך אויף, קוקט אויף מיר לאַנג, שפּעטער זאָגט זי:

— רות פרעסמאַן האָב איך גוט געקענט. איך האָב מיט איר צוזאַמען געאַרבעט אין שפּיטאָל אין געטאָ.

זי בלייבט זיצן שטיל. איך דערהער די שטימע פון אַ צווייטער פרוי:

— רות פרעסמאַן איז געשטאָרבן אין געטאָ.

— ס'איז נישט אמת, — רופט אויס די פרוי — זי איז נישט געשטאָרבן.

— וואָס דען, זי לעבט? — האָב איך זי נישט געלאָזט ווייטער רעדן און בין אויפגעשפּרונגען.

— געסטאַפּאָווצעס זענען געקומען און זי אַרויסגענומען פון שפּיטאָל און זי דערשאָסן אויפן הויף פון שפּיטאָל...

— אוי, אוי, צו וואָס האָב איך געדאַרפט איבערלעבן די מלחמה? — האָב איך שטיל געזאָגט צו זיך אַליין.

כ'האָב זיך באַהערשט מיט די לעצטע כוחות, געבליבן שטיל, נישט געוואָלט זאָגן, אַז זיך בין די אומגליקלעכע מאַמע פון רות פרעסמאַן, כדי נישט דאַרפן אויסהערן דעם גאַנצן פאַרלויף פון גרויסן חורבן און אומגליק, וואָס מיך האָט געטראָפן.

— ווי נאָר רות איז אָנגעקומען אין שפּיטאָל אַרבעטן, איז זי גלייך קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, — האָט אַ פרוי אָנגעהויבן דערציילן, — זי האָט גערעדט פון היץ זייער אָפט, געוויינט, גערעדט פון איר מוטער, וועלכע האָט זיך געזאָלט געפינען צו יענער צייט אין לאָדזשער געטאָ. ד"ר ניסנבוים האָט זי ליב געהאָט ווי אַן אייגן קינד. ער איז נישט אָפּגע־טראָטן פון איר קראַנקן־בעט.

— ווו געפינט ער זיך איצט, דער ד"ר ניסנבוים? — האָב איך מיט אַ הייזעריקער שטימע געפרעגט.

— ער לעבט אויך נישט. ער איז אין 43־טן יאָר אַוועק־געשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט נאָך יידן קיין טרעבלינקע. ער האָט פאַר רותן געשאַפן אַלע מעדיצינען, וואָס קיין שום קראַנקער האָט זיי נישט געקענט האָבן. ווי גרויס איז געווען זיין פרייד, ווען רות איז נאָך אַ גאַנצן ווינטער אַפּליגן קראַנק, געוואָרן צוריק געזונט...

„באַלד נאָך פסח, אין 42־טן יאָר, — האָט די פרוי ווייטער דערציילט מיט אַ שוואַכער שטימע, — דאַכט זיך, אַז דאָס איז געווען אין אַפּריל... דעם 28־טן אַפּריל, אָדער דעם 6־טן מאַי. אין אָט די צוויי טעג זענען דעמאָלט זייער אַ סך מענ־טשן געוואָרן אויסגעשאָסן... פאַרטאָגס זענען געקומען דריי שקצים פון געסטאַפּאָ. זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט אין שפּיטאָל אויף רות פרעסמאַן, זאָגנדיק, אַז זיי ווילן עפּעס אויסגעפינען וועגן איר פעטער שמשון קאַשעראָווסקי, וועמען זיי האָבן געכאַפּט אין געטאָ זיצן ביי אַ ראַדיאָ. זיי האָבן דעמאָלט אַרעסטירט אַלע פון שמשון קאַשעראָווסקיס ווינונג, צווישן זיי אויך רות פרעסמאַן, וועלכע איז שפּעטער, נאָך 6 וואָכן

אָפּזיצן אין תּפיסה, באַפרייט געוואָרן. אויך ד״ר בלום איז באַפרייט געוואָרן, וועלכער האָט דעמאָלט געוווינט מיט זיין פרוי ביי שמשון קאַשעראָווסקי. שמשונען האָבן זיי אַוועקגע־פירט און מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָבן זיינע עלטערן באַ־קומען צוגעשיקט אין שטוב אַריין אַ טויט־שיין... אויך ד״ר בלום מיט זיין ווייב, וועלכע זענען געווען פון קראָקע, זענען דערשאָסן געוואָרן.

„פּאַרטאָגס האָבן די געסטאַפּאָווצעס אָנגעקלאַפּט אין רותס טיר און איר באַפוילן אַרויסצוגיין פון צימער. זיי אַליין זענען דערווייל אַרונטער אויפן הויף.

„ווען רות האָט געזען דורכן פענצטער, אַז זיי זענען שוין אויפן הויף, איז זי אַרויס אַ האַלב־נאַקעטע, בלויז אין נאַכט־



ד״ר ניסנבאום

העמד, מיט אַ מאַנטל איבער דער פּלייצע. זי איז געלאָפן הין און צוריק איבערן לאַנגן שפּיטאָל־קאָרידאָר, זוכנדיק אַ פּלאַץ ווו זיך צו קענען באַהאַלטן. זי האָט שוין גוט פאַרשטאַ־נען נאָך וואָס זיי זענען געקומען.

„באַלד זענען צוריק אַרויף די שקצים און באַפוילן רותן, אַז זי זאָל מיט זיי מיטגיין. ווען רות האָט געוואָלט אַריין אין איר צימער עפּעס אָנצוטאָן אויף זיך, האָבן די מערדער איר דאָס נישט דערלויבט, דערקלערנדיק, אַז זי וועט באַלד צוריקקומען. זיי ווילן איר בלויז עפּעס פרעגן וועגן איר פע־טער.

„מיר אַלע זענען געשטאַנען דערשיטערטע און געקוקט דורכן פענצטער פון שפּיטאָל אויפן הויף. געזען ווי רות גייט צווישן צוויי געסטאַפּאָווצעס און פון הינטן גייט נאָך דער דריטער... מען האָט געזען ווי רות ברעכט די הענט און בעט זיך רחמים ביי די געסטאַפּאָווצעס, וועלכע זענען געגאַנגען שטיל און איר גאָרנישט געענטפערט.

„מיטאַמאָל האָט דער, וואָס איז געגאַנגען פון הינטן, אויס־געשאָסן... רות איז אַנידערגעפאַלן און געבליבן אין אַ קניען־דיקער פּאָזע, מאַכנדיק האַרצרייסנדיקע געשרייען. די צוויי מערדער האָבן אַ ווונק געטאָן דעם דריטן, וועלכער האָט גלייך אויסגעשאָסן נאָך אַמאָל, און רות האָט אויפגעהערט צו שרייען. זי איז געבליבן ליגן אויף דער ערד אין אַ קאַלוזשע בלוט...

„ווען די מערדער זענען אַוועק, זענען אַלע דאָקטוירים אַרונטער פון צווייטן שטאָק פון שפּיטאָל. זיי האָבן געוויינט און געבראָכן די הענט. זיי זענען צוגעגאַנגען צו רותן, וועל־כע איז געלעגן אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד אויף דער ערד, אָבער דאָס האַרץ האָט נאָך ביי איר אַ ביסל געקלאַפּט.

„ד״ר ניסנבוים איז געשטאַנען או זיך געהאַקט אין קאָפּ אַריין. מען האָט אים נישט געקענט באַרואיקן.

„און הגם מען האָט נישט געטאָרט ראַטעווען — האָבן די דאָקטוירים דעמאָלט איינגעשטעלט זייער לעבן און אַרויפגע־נומען רותן אין שפּיטאָל און אָנגעווענדט אַלע מיטלען זי צו ראַטעווען. ליידער האָבן זיך אַלע באַמיאונגען נישט איינגע־געבן. רות איז נאָך אַ שעה פון באַוווסטלאָזיקייט און שרעק־לעכע יסורים געשטאָרבן.״

— אוי, צו וואָס האָב איך דאָס אַלץ דערלעבט צו הערן? — האָב איך געזאָגט. איך האָב צוגעדעקט מיט די צוויי ציטערדיקע הענט דאָס פּנים און יאָמערלעך געוויינט.

— ווו האָט מען מקבר געווען מיין קינד? — האָב איך אַ דערשלאָגענע געפרעגט.

— מען האָט איר געמאַכט אַ בכבודיקע לוויה, וואָס קיי־נער האָט דעמאָלט נישט געהאַט די זכיה. אָנגעטאָן זי אין אָנשטענדיקע תּכריכים... כאָטש מען האָט דעמאָלט נישט געטאָרט גיין צו קיין לוויה, זענען מיר אַלע נאָכגעגאַנגען אומבאַמערקט אויף די טראָטואַרן אין אַ זייט. אוי, וואָס עס האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָ אין געטאָ! — איז געפאַלן אַ ווייטאָקדיקער ענטפער.





הקהל שהשתתף בהקמת המצבות בשנת 1947

די אַנטיילנעמער ביים אויפשטעלן די מצבות אויפן טאָמאַשאָווער בית הקברות אין יאָר 1947.

# נאָך דער באַפרייאַנג

**ש. מעלדונג**

נאָך דער באַפרייאונג האָבן זיך אין טאָמאַשאָוו פאַרזאַמלט אַרום 200 לעבנגעבליבענע יידן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען 6 קינדער.

עס איז באַלד געגרינדעט געוואָרן אַ יידישער קאָמיטעט און דאָס הייפעלע נידערגעשלאָגענע, אומבאַהאָלפענע יידן, האָט גענומען בויען אַ ניי לעבן אויף די חורבות, ווו יעדער שטיין האָט דערמאָנט די גרויסע טראַגעדיע פון דעם טאָמאַשאָווער יידנטום אין דער לעצטער מלחמה. אָבער די אָנפאַלן אויף יידן און די אָפטע מאָרדן פון די געראַטעוועטע פון חורבן אין פאַרשידענע פוילישע שטעט, האָבן געבראַכט צו דער איבערצייגונג, אַז וואָס שייך יידן, האָט זיך נאָך דערווייל אין פוילן גאָרנישט געענדערט און די שנאת ישראל איז געבליבן, ווי תמיד איינגעוואָרצלט אין די הערצער פון דער פוילישער באַפעלקערונג.

עס איז פשוט געווען אַ לעבנס־געפאַר אין די ערשטע נאָכמלחמה־יאָרן צו בלייבן אויף דער פוילישער ערד

פון קהילות, וועלכע האָבן געציילט פאַרן קריג צענדליקער טויזנטער יידן, זענען געבליבן צעבראָכענע יחידים, וועלכע זענען צוריקגעקומען אויף די חורבות פון זייערע פאַרניכטעטע היימען און אויך די לעצטע מאָהיקאַנער האָט אָפטמאָל געטראָפן די מערדערישע קויל פון די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן זיך, ווייזט אויס, נישט געזעטיקט ביז איצט מיט שנאה און יידיש בלוט.

אָט האָט מען געהערט וועגן מאָרדן יידן אין ראַדאָמסק, אין לובלין, אין ראַדאָם, און אָט האָבן מיר געהאַט דעם פּאָגראָם אין קעלץ אין יוני 1946.

טאָג־טעגלעך האָבן מיר געהערט וועגן פרישע מאָרדן פון די פוילישע א.ק.־מערדער. און אָט האָבן מיר געהאַט אונדזער אייגענעם טאָמאַשאָווער קרבן. אין האַרבסט 1945, איז דורך אַ פוילישן מערדער דערמאָרדעט געוואָרן העלאַ גראָסמאַן ע"ה אויף דער 11־ליסטאָפּאַד־גאַס אין לאָדזש.

עטלעכע חדשים נאָך דער באַפרייאונג, נאָך יאָרן פון הונגער, פּיין און שטענדיקער טויט־שרעק האָט זי זיך ענדלעך געראַטעוועט און אָנגעהויבן בויען אַ ניי לעבן, וואָס איז שנעל פאַרשניטן געוואָרן דורך די פוילישע מערדער.

העלאַ גראָסמאַן ז"ל, איז עטלעכע שעה פאַר איר טויט געקומען צו משה וייסבערג, וועלכער האָט דעמאָלט מיטגעאַרבעט מיט דער אומלעגאַלער עליה און געבעטן אים דערליידיקן איר אַרויספאָר פון פוילן. ליידער איז איר פּלאַן נישט מקוים געוואָרן.

עס איז געווען שווער צו פאַרגעסן דעם זאָאָלאָגישן יידן־האַס, וואָס האָט געהערשט אין פוילן פאַר דער מלחמה און עס איז נאָך געבליבן טיף אין זכרון די ראָל, וואָס די פוילישע באַפעלקערונג האָט געשפּילט בעת דער אָקופּאַציע אונטער דעם פאַרשאָלטענעם היטלער־רעזשים.

זומער 1939, ווען עס האָבן זיך שוין באַוויזן די בולט־

סטע סימנים פון דער דערנענטערנדיקער זיך מלחמה, האָבן די פּוילישע מנהיגים נישט געזען די נאָענטע געפאַר און נישט געהאַט קיין אַנדערע דאגות, ווי גראַבלען זיך אין דער „יידן־פּראַגע״.

די אַנטיסעמיטישע אינסטינקטן ביי אַ גרויסער טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג זענען געוואַקסן. די אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען אין שטעט און שטעטלעך קעגן יידישע סוחרים און סתם אָנפאַלן אויף יידן, אונטער די לאָזונגען: „ניע קופּוי או זשידאַ!״ (קויף נישט ביי יידן), „זשידאָ־קאָמונאַ״, זענען געוואָרן טאָג־טעגלעכע דערשיינונגען.

אויף די אוניווערסיטעטן האָבן די כוליגאַנישע פּוילישע סטודענטן, מיט דער שטילער צושטימונג פון זייערע פּראָפעסאָרן, באַפאַלן און געשלאָגן זייערע יידישע חברים, נישט געוואָלט זיצן מיט זיי אויף איין באַנק.

ווער געדענקט נישט דעם אָפיציעלן קאַמף קעגן יידן אין די לעצטע יאָרן פאַרן קריג? דעם קאַמף קעגן יידישער שחיטה, דאָס ווערטל פון פּרעמיער סקלאַדקאָווסקי: „באָיקאָט עקאָנאָמיטשני — אָוושעם״, די פּיקעטן פאַר די יידישע געשעפטן, דאָס איבערקערן יידישע סטראַגאַנעס, די יידישע קרבנות אין פּשיטיק, מינסק, טשענסטאָכאָוו און אין אַנדערע שטעט; די קרבנות פון יידישע סטודענטן אויף דער לעמבערגער, אָדער ווילנער אוניווערסיטעט און אַ גאַנצע ריי אַנדערע אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען.

די גאַנצע צייט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע האָט די גרעסטע טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג געקוקט מיט אַ שטילער סאַטיספאַקציע אויף די מעשים תעתועים פון די סאַדיסטישע מערדער און מיט אַ געפיל פון באַוווּנדערונג און אָנערקענונג אויפגענומען די אויסראָטונג־אַקציע פון דער יידישער באַפעלקערונג, אין דער האָפענונג, אַז היטלער וועט ענדלעך לייזן אויף הונדערט פּראָצענט די יידן־פּראַגע אין פּוילן.

די פּוילישע באַפעלקערונג האָט אויך נישט ווייניק מיטגעהאָלפן צו דעם דערפאָלג פון דער אויסראָטונגס־אַקציע אין גאַנצן לאַנד. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס די גרעסטע פאַרניכטונגס־לאַגערן, ווי מיידאַנעק, טרעבלינקע, אוישוויץ, בעלזשעץ, כעלמנאָ און פיל אַנדערע, זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אויף דער פּוילישער ערד און דווקא קיין פּוילן זענען געשיקט געוואָרן צו דער פאַרניכטונג די יידן פון גאַנץ אייראָפּע: פון בעלגיע, פראַנקרייך, האָלאַנד, אונגאַרן, טשעכיע, סלאָוואַקיע און פון אַלע לענדער, וואָס די היטלעריסטישע באַרבאַרן האָבן צייטווייליק באַהערשט. אַפילו גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס פאָדערן אַן אייגנאַרטיקע סביבה, און דאָס האָט היטלער געפונען אין פּוילן.

אין קיין שום לאַנד אין אייראָפּע האָבן זיך נישט אָפּגעראַטעוועט, פאַרהעלטנישמעסיק, אַזאַ קליינע צאָל יידן, ווי אין פּוילן, און אין ערגעץ איז דער חורבן פון יידנטום נישט געווען אַזוי גרויס, ווי אין פּוילן. דאָס קען נאָר דערקלערט ווערן מיט דער פאַרביסענער, פיינטלעכער באַציאונג פון דער פּוילישער באַפעלקערונג לגבי די הילפלאָזע יידן.

אין פּוילן זענען געווען צוויי סאָרטן פּאָליאַקן: אַזעלכע, וואָס האָבן אויף פאַרשידענע אופנים מיטגעהאָלפן די היטלעריסטישע מערדער אומברענגען די יידן און אַזעלכע, וואָס האָבן זיך רואיק צוגעקוקט, ווי די יידן ווערן אומגעבראַכט.

עס האָבן זיך אויך געפונען איינצלנע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן צו די יידן אויסגעשטרעקט אַ מענטשלעכע וואַרעמע האַנט און ריזיקירט דערמיט מיט זייער לעבן; עס האָבן זיך געפונען פּאָליאַקן, וועלכע האָבן ביי זיך אויסבאַהאַלטן יידן און זיי געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. עס זענען געווען פאַקטן, אַז די פּוילישע יידן־רעטער און פריינד האָבן געמוזט טייער באַצאָלן און אַפילו פאַרלאָזן זייערע וווינערטער אין פּוילן נאָכן קריג, נישט קענענדיק איבערטראָגן די רדיפות, יסורים און פּיין, וואָס זיי האָבן געליטן מצד זייערע שכנים פאַר ראַטעווען יידן.

מיט האַרצווייטיק זענען געלייענט געוואָרן בריוו, וואָס די דאָזיקע יידן־רעטער האָבן געשריבן נאָך דער מלחמה צו די יידן, וועלכע זיי האָבן געראַטעוועט פון טויט, און האָבן געבעטן מען זאָל זיך אויף זיי דערבאַרעמען, פּשוט רחמנות האָבן און זיי וואָס גיכער אַרויסנעמען פון פּוילן. זיי האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז אַזאַ זאַך קען פּאַסירן.

דאָס זענען אָבער, ווי געזאָגט, געווען יחידים, ממש איינצלנע פּאָליאַקן. פון צייט צו צייט ווערן אַזעלכע פאַרבעטן קיין ישראל פון די דורך זיי געראַטעוועטע יידן. זיי ווערן אויסגעצייכנט אין „יד־ושם״ און פראַפלאַנצן ביימלעך אין דער אַלייע פון די„חסידי אומות העולם״ אין ירושלים. עס ווערט אַזוי אַרום אונטערגעשטראָכן זייער מענטשלעכקייט און חסד, וואָס זיי האָבן געטאָן פאַר יידן אין זייער אומגליק, איינשטעלנדיק דאָס אייגענע לעבן.

עס זענען אָבער געווען אַזעלכע פּאָליאַקן, פּונקט ווי די קריסטן אין אַנדערע לענדער, ווי אוקראַינער, ליטווינער, לאַטישן און אַנדערע, וועלכע האָבן כלומרשט גענומען יידן אויסצובאַהאַלטן, כדי ביי זיי צוצונעמען אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט און שפּעטער זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון געסטאַפּאָ, אָדער אַליין זיי אומגעבראַכט.

עס זענען געווען פּאָליאַקן, וועלכע האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל נאָכצושפּירן יידן, וועלכע האָבן זיך געפּרוּווט ראַטעווען אויף דער אַרישער זייט און איבערגעגעבן זיי אין די הענט פון געסטאַפּאָ.

פון דעם סטאַראַכאָוויצער לאַגער, ווו איך בין געווען זענען אַנטלאָפן איבער הונדערט יידן, אָבער די פּאָליאַקן האָבן זיי געכאַפּט און איבערגעגעבן צו דער שוצפּאָליציי און געסטאַפּאָ. נאָר דריי פון די דאָזיקע יידן זענען געבליבן לעבן, אָבער נאָך דער באַפרייאונג איז איינער דערשאָסן געוואָרן, ווען ער האָט זיך באַוויזן אין זיין היימשטאָט.

אַפילו די פּוילישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן דאָך געקעמפט קעגן דעם אָקופּאַנט, האָבן אומגעבראַכט די יידן, וועלכע זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער, כדי מיטהעלפן זיי באַקעמפן דעם שונא.

עס איז באמת שווער זיך פאָרצושטעלן וויפל יידישע פּאַרטיזאַנער עס זענען אומגעקומען אין די פּוילישע וועלדער פון די מערדערישע הענט פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ”.

עס וואָלטן זיכער זיך געראַטעוועט פיל יידן, ווען זיי וואָלטן געקענט האָפן אויף דעם מיטגעפיל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. אַפילו ביי דער שטרענגסטער שמירה ביי די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן איז געווען אָפטמאָל מעגלעך צו אַנטלויפן. גאַנץ ווייניק יידן האָבן אָבער אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט, פשוט דערפאַר, ווייל זיי האָבן געוווסט, אַז עס איז נישטאָ ווו צו לויפן. דער ערשטער־בעסטער פּאָליאַק וועט זיי איבערגעבן אין די הענט פון די דייטשע מערדער.

ווען דאָס טאָמאַשאָווער געטאָ איז שוין געווען באַשטעלט מיט אוקראַינער אין די שוואַרצע מונדירן, איז געלונגען צוויי פון די שפּיטאָל־אָנגעשטעלטע צו אַנטלויפן ביינאַכט. זיי זענען אָבער געווען געצוווּנגען, נאָך אַ געוויסער צייט, צוריקקומען פון דער אַרישער זייט און זיך אַריינגנבנען אין קליינעם געטאָ. אויך צוויי אַנדערע יידן, נישט קיין טאָמאַשאָווער, האָבן זיך בגניבה אַריינבאַקומען אין קליינעם געטאָ פון דער „אַרישער זייט”.

איך מוז נאָך אַמאָל דערמאָנען דאָס בילד, וואָס איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין מיטן העלן טאָג אין סטאַראַכאָוויצער לאַגער, פאַרן אַריבערפירן קיין אוישוויץ.

צוויי טויזנט יידן זענען געשטאַנען אין רייען אויפן אַפּעלפּלאַץ. מיט אַמאָל האָבן די יידישע יונגעלייט אָנגעהויבן לויפן און שפּרינגען איבער דעם הויכן, מיט שטעכלדראָט אָפּגעצוימטן פּאַרקאַן אין די אויגן פון די שומרים. שורותווייז זענען זיי געלאָפן און געשפּרונגען, איין ריי נאָך דער אַנדערער. די לאַגער־פּאָליציי איז געשטאַנען ווי פאַרכישופט, נישט גלייבנדיק זייערע אייגענע אויגן. און ווען זיי האָבן זיך אָריענטירט וואָס עס קומט פאָר און אָנגעהויבן שיסן אויף די אַנטלויפנדיקע, האָט דאָס שפּרינגען נאָך לאַנג נישט אויפגעהערט. דאָס איז געווען אַ זעלטענער אַקט פון גבורה, אָבער וואָס האָט עס געהאָלפן? די וואָס עס א״ז געלונגען צו אַנטלויפן האָבן די פּאָליאַקן אויסגעפונען און איבערגעגעבן זיי אין די הענט פון די דייטשע רוצחים און די וועלכע האָבן זיך דערשלאָגן אין די וועלדער זענען אומגעקומען דורך די פּוילישע פּאַרטיזאַנער.

דאָס צוריקקערן זיך פון דער קליינער צאָל לעבנגעבליבענע יידן קיין טאָמאַשאָוו, נאָך דער באַפרייאונג, איז פאַר זיי געווען אַ נייע, טרויעריקע אַנטוישונג. דער קבלת פנים פון די „גאַסטפריינטלעכע” פּאָליאַקן איז געווען ממש „האַרצרייסנדיק”. זיי האָבן פשוט נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי עס זענען געבליבן ביים לעבן יידן? די עשעלאָנען מיט די צוריקגעקומענע יידן פון רוסלאַנד זענען באַוואָרפן געוואָרן מיט שטיינער און מיט קללות. די פּוילישע באַפעלקערונג האָט



אַ מנין פון די ערשטע געראַטעוועטע נאָכן קריג אין טאָמאַשאָוו.




אַ גרופּע טאָמאַשאָווער ביים דענקמאָל אין טרעבלינקע

נישט געקענט שלום־מאַכן מיטן געדאַנק, אַז עס זענען נאָך געבליבן לעבן יידן, וועלכע קומען צוריק קיין פּוילן. דאָס יידישע בלוט איז ווידער פאַרגאָסן געוואָרן. כמעט יעדן טאָג זענען דערמאָרדעט געוואָרן יידן אויף די וועגן, אין די באַנען, אין די שטעט און דערפער.

עס זענען באַפאַלן געוואָרן אַפילו יתומים־הייזער, קינדער־היימען, וועלכע האָבן זיך נאָר וואָס געגרינדעט פאַר די גע־ראַטעוועטע קינדער. די איינצלנע, וועלכע זענען על פּי נס געבליבן פון גרויסע פאַרצווייגטע משפחות, זענען נאָך דער באַפרייאונג דערמאָרדעט געוואָרן דורך פּוילישע באַנדיטן.

וואָס פאַר אַ שרעקלעכן רושם האָט געמאַכט דער ערש־טער הרוג, וואָס איז געבראַכט געוואָרן נאָך דער באַפרייאונג אויף דעם טאָמאַשאָווער בית־עולם אים קובר צו זיין. אַרום דעם פרישן קבר איז געשטאַנען אַ מנין גערעטעוועטע טאָ־מאַשאָווער יידן מיט פאַרקלעמטע הערצער מיט טרויער און ווייטאָק. איינער האָט געקוקט אויף דעם צווייטן ווער עס וועט זיין אימשטאַנד צו זאָגן קדיש נאָך דעם אומגעקומענעם.

פיל יידן זענען געווען געצוווּנגען צו לעבן נאָך דער מלחמה אויף זייערע אַרישע פּאַפּירן, וואָס זיי האָבן באַקומען בשעת דער שואה.

די אַלע מאָרדן און דאַן דער קעלצער פּאָגראָם דעם 4־טן יוני 1946, האָבן אונדז קלאָר געמאַכט, אַז עס איז נישטאָ מער קיין שום צוקונפט פאַר די איבערגעבליבענע יידן אין פּוילן, אַז אויף דער פּוילישער ערד וועט שוין מער קיין יידיש לעבן נישט אויפגעבויט ווערן. און דאָס הייפעלע טאָ־מאַשאָווער יידן האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פּוילן, — דאָס לאַנד ווו זייערע אָבות האָבן געלעבט און געשאַפן.

דער רוב פון דער טאָמאַשאָווער שארית הפליטה האָט זיך גענומען צעשפּרייטן איבער גאָר דער וועלט. הויפּטזעכ־לעך זענען מיר געפאָרן אומלעגאַל קיין דייטשלאַנד און די פאַרשאָלטענע דייטשע ערד האָט אונדז געדאַרפט דינען אַלס קאָרידאָר צו בויען אַ נייע צוקונפט.

די מערהייט איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל און אָנגע־הויבן העלפן בויען דאָס לאַנד און אַן אייגענע זיכערע צוקונפט.

# גלות גרמניה

שמואל מעלדונג

טרויעריק און איינזאַם וועבט זיך מיין ליד,
און עלנט קלינגט יעדעס וואָרט.
גרויס, שיין און ליב איז די וועלט,
נאָר פאַר אונדז נישטאָ איז קיין אָרט! —
אין געטאָ, קאַצעט, אין פינצטערן טונעל
די האָפנונג אַלץ נישט אויפגעגעבן,
טאָמער געשען וועט דאָך אַ נס
און בלייבן וועלן מירביים לעבן?!
פון הונגער און נויט דרייט זיך דער קאָפּ,
דער קערפּער אין דרייען געבויגן.
„מוזולמענער", סקעלעטן, בלויז הויט אוןביין —
דער טויט שטייט שוין פאַר די אויגן!

ווי פערד בלינדע, אונטער דער ערד...
מיט שטעקנס צו דער אַרבעט געטריבן;
אָן ברויט, אָן ליכט, אָן פרייהייט, אָן זון —
בלויז נאָך די האָפנונג ז'געבליבן.
נאָך אַלץ געחלומט, געטרוימט אין דער שטיל
פון פרייהייט, פון זון און פון פעלד.
אַ סוף צו די צרות וועט קומען אַמאָל!
אַ פרייע וועט זיין נאָך די וועלט! —
אַ נס איז געשען מיר האָבן איבערגעלעבט,
אין לאַגער דאָך זיצן מיר נאָך פאָרט.
גרויס, שיין און ליב איז די וועלט —
נאָר פאַר אונדז נישטאָ איז קיין אָרט! — — —

# דער לעצטער געפונענער טאמאשאווער

מ. ווייסבערג

אין 4 נומערן פונעם ניו־יאָרקער „פאָרווערטס". פון 13— 17יוני 1966, איז געדרוקט געוואָרן אין המשכים אַ גרויס אַרטיקל אונטערן נאָמען: „אידישער מלחמה־יתום געפינט זיינע נאָענטע דורך דעם „פאָרווערטס". דאָס דאָזיקע אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן דורך דעם זשורנאַליסט און שטענדיקן מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס" — י. שמולעוויטש, וועלכער איז זיכער געווען דער הויפּט־גורם צו אַנטדעקן ווער עס איז דער דאָזיקער יתום און ווער עס זענען זיינע נאָענטע.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן איז דער יתום נישט געווען קיין אַנדערער, ווי דער זון פון די טראַגיש־אומגעקומענע טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט: שמואל און פראַנקאַ בלייבערג (פרידמאַן).

וויל איך ברענגען אַ קורצן איבערזיכט איבער די טראַגישע אַרטיקלען פון י. שמולעוויטש אין „פאָרווערטס" און זיין ערנסטע באַמיאונג צו אַנטפּלעקן די טרויעריקע געשיכטע, וועלכע האָט זיך שפּעטער פאַרוואַנדלט אין אַ פריילעכער ידיעה און איבעראַשונג פאַר דעם יונגנמאַן און פאַר דער משפחה, וועלכע ער האָט געפונען אַ דאַנק דעם „פאָרווערטס" און דער באַמיאונג פון דעם זשורנאַליסט שמולעוויטש.

אין פאַרלויף פון 20 יאָר האָט דער געראַטעוועטער יתום אומאויפהערלעך געפרעגט: „אפשר ווייסט איר ווער איך בין?" אָבער זיין דראַמאַטישע פראַגע איז געבליבן אָן ענטפער.

עטלעכע חדשים פאַרן דערשיינען פון די אַרטיקלען האָט זיך צו דער רעדאַקציע „פאָרווערטס" געווענדעט אַ פרוי מיטן נאָמען רבקה צימערמאַן און איבערגעגעבן, אַז איר קרובה, פרוי זילבער פון ישראל, האָט זי געבעטן אַריינגעבן אַ מעלדונג אין צייטונג און העלפן אויפזוכן די נאָענטע פון אַ יידישן מלחמה־יתום, וועלכער וווינט אין ישראל.

די מעלדונג איז אַריינגעגעבן געוואָרן, אָבער קיין רעזולטאַטן האָט עס נישט געבראַכט.

דעם 14־טן מאַי 1966 האָט זיך באַוויזן אין „פאָרווערטס" דאָס ערשטע אַרטיקל פון י. שמולעוויטש אונטערן נאָמען: „אפשר ווייסט איר ווער איך בין?" אין דעם דאָזיקן אַרטיקל האָט דער מחבר איבערגעגעבן די דראַמאַטישע געשיכטע וועגן דעם יונגנמאַן אין ישראל, וועלכער איז געראַטעוועט געוואָרן אַלס קינד פון נאַצי־חורבן בעתן אומקום פון אייראָפּעאישן יידנטום.

די דערמאָנטע פרוי, דבורה זילבער, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט אַלס קריסטין, האָט באַלד נאָכן קריג באַשלאָסן זיך ווידמען אַ הייליקער מיסיע — אַרויסצוראַטעווען יידישע מלחמה־יתומים פון קריסטלעכע הענט. זי האָט געוואַנדערט

איבער גאַנץ פוילן אונטער אַ פאַלשן נאָמען אַלס אַ פוילישע פרוי מיטן נאָמען מאַריאַ דאַבזשאַנסקאַ.

אין אָנהייב 1946 איז די פרוי אָנגעקומען אין דעם מאָנאַסטיר טורקאָוויצע, נעבן הרוביעשאָוו. זי האָט זיך גלייך דערוווסט, אַז אין דעם קלויסטער געפינען זיך צוויי יידישע יתומים: אַ מיידעלע פון 11 יאָר און אַ ייִנגעלע פון 6 יאָר. פאַר אַ גרויסער סומע געלט איז איר געלונגען אַרויסצובאַקומען די צוויי יידישע קינדער פון מאָנאַסטיר. זי האָט זיי געבראַכט קיין לאָדזש און אַ געוויסע צייט שפּעטער האָט זי די קינדער, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע געראַטעוועטע יידישע יתומים געבראַכט קיין ישראל. זי איז געווען און געבליבן אַ געטרייע מאַמע צו די דאָזיקע יתומים, וועלכע זענען היינט צו טאָג דערוואַקסענע מענטשן און האָבן שוין אייגענע קינדער.

דאָס דערמאָנטע ייִנגעלע האָט גאָרנישט געדענקט וועגן זיין אָפּשטאַם. די „מוטער" פון דעם מאָנאַסטיר האָט געוווסט וועגן דעם קינד פאָלגנדיקס:

אין יאָר 1943, ווען דאָס וואַרשעווער געטאָ האָט געברענט, איז דאָס קינד אַלט געווען 3 יאָר. דאָס ייִנגעלע האָט געוואַנדערט איבער די וואַרשעווער גאַסן און אויף זיינע קליידער איז געווען צוגעשפּיליעט אַ צעטעלע מיט זיין נאָמען: „סטעפעק באַזשענסקי". גראַד האָט אים באַגעגנט די קלויסטער־שוועסטער אירענאַ און זי האָט דאָס קינד געבראַכט אין מאָנאַסטיר. ווען די פרוי דבורה זילבער האָט דאָס ייִנגעלע אַרויסגענומען פון מאָנאַסטיר איז ער אַלט געווען אַרום 6 יאָר.

דער יונגערמאַן, וועלכער טראָגט אויך איצט דעם נאָמען סטעפעק באַזשענסקי, איז היינט אַלט 26 יאָר.

ווען דאָס אַרטיקל וועגן דעם יידישן יתום איז דערשינען זענען טאַקע אין רעדאַקציע פון „פאָרווערטס" אָנגעקומען בריוו פון לייענער, וועלכע זענען געווען פאַראינטערעסירט צו העלפן דעם מלחמה־יתום אויסגעפינען ווער ער איז.

צווישן די לייענער פון דעם אַרטיקל אין „פאָרווערטס" האָט זיך אויך אָפּגערופן דער טאָמאַשאָווער לאַנדסמאַן ד"ר זלאָטאָלאָוו.

דער דערמאָנטער זשורנאַליסט פון „פאָרווערטס" י. שמולעוויטש שרייבט דאַן זיין סעריע אַרטיקלען ווי אַזוי דער יידישער מלחמה־יתום געפינט זיינע נאָענטע.

ד"ר משה זלאָטאָלאָוו האָט פלוצים אָנגעקלונגען אין רעדאַקציע פון „פאָרווערטס", פאַרבינדן זיך מיט דעם דאָזיקן זשורנאַליסט און איבערגעגעבן אים טעלעפאָניש מיט אַ ציטערדיקער, נערוועזער שטימע, אַז ער איז איבעראַשט פון דער געשיכטע, ווייל דער געראַטעוועטער יתום וועלכער זוכט זינט 20 יאָר ווער ער איז, איז נישט קיין אַנדערער ווי זיינס אַ נאָענטער קרוב... ער איז דער זון פון זיין פרויס אַ שוועסטער, דער זון פון שמואל (מולע) בלייבערג און פראַנקאַ פרידמאַן פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק.

נאָך איין שוועסטער פון זיין מוטער וווינט אין לאַנג־איילאַנד, ניו־יאָרק, אַן אַנדערע מומע וווינט אין אויסטראַליע און זיין מוטערס ברודער, אהרן (אַדאַש) פרידמאַן, וווינט שוין קנאַפּע דרייסיק יאָר אין ישראל, נישט ווייט פון דעם געפונענעם, זיין שוועסטערן־זון, און ער האָט אין משך פון די גאַנצע 20 יאָר גאָרנישט געוווסט וועגן אים. אויך אין בראַזיל געפינט זיך אַ מומע פון דעם יונגנמאַן.

אַזוי אַרום האָט דער יתום, וועלכער האָט 20 יאָר געזוכט ווער ער איז, געפונען מיט אַמאָל, אַ דאַנק דעם „פאָרווערטס" און דעם זשורנאַליסט י. שמולעוויטש, אַ פאַרצווייגטע, נאָענטע משפחה.

ד"ר זלאָטאָלאָוו האָט גלייך געשיקט טעלעגראַמעס צו אַלע נאָענטע און דער ערשטער, וועלכער האָט זיך געזען מיט סטעפעק באַזשענסקי איז געווען אהרן פרידמאַן, זיין פעטער פון מושב בני־ציון.

שמואל (מולע) בלייבערג, דער פאָטער פון סטעפעק באַזשענסקי, איז געווען באַקאַנט אין טאָמאַשאָוו אַלס אינטעליגענטער, באַשיידענער ייד, אַ זשורנאַליסט. אין דער צייט פון דער לעצטער אויסזידלונג פון טאָמאַשאָווער יידן איז בלייבערגן געלונגען צו אַנטלויפן און דערשלאָגן זיך אין די וועלדער מיטן צוועק אָנצושליסן זיך אין די פּאַרטיזאַנער־גרופן. די פּאַליאַקן האָבן אָבער בלייבערגן איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן און די מערדער האָבן אים דערשאָסן.

אויך בלייבערגס פרוי, פראַנקאַ (פון דער היים פרידמאַן), איז געלונגען קורץ פאַר דער ליקווידאַציע, צו אַנטלויפן מיט איר קינד סטעפעקן.

זי האָט מיט איר קינד געוואַנדערט פון דאָרף צו דאָרף און געזוכט שוץ און באַהעלטענישן פון די מערדער. דער טויט האָט אָבער געלויערט אויף יעדן ייד פון אַלע באַהעלטענישן.

פראַנקאַ האָט דאַן באַשלאָסן צו פאָרן קיין וואַרשע אַלס קריסטין אויף פאַלשע אַרישע פּאַפּירן. דאָ איז איר געקומען צו הילף איר פוילישע חברטע, די טאָכטער פון דעם טאָמאַשאָווער אַפּטייקער באַזשענסקי, וועלכער האָט געהאַט זיין אַפּטייק אויף דער פּילסודסקי־גאַס. זי האָט זיך באַזאָרגט מיט אַרישע דאָקומענטן אויפן נאָמען באַזשענסקי און אויך דאָס ייִנגעלע האָט באַקומען דעם פוילישן נאָמען סטעפעק באַזשענסקי.

פראַנקאַ בלייבערג מיט איר קינד זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע און געוווינט אויף דער אַרישער זייט ביי אַ פוילישער פאַמיליע, וועלכע האָט נישט געוווסט, אַז זי איז אַ יידישע פרוי.

אין וואַרשע איז אין דער צייט געווען דאָס אמתע גיהנום

פאַר יידן, וועלכע זענען מאַסנווייז אין איין אויסזידלונג נאָך דער אַנדערער, אַרויסגעפירט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

פראַנקאַ איז געוואָרן אַקטיוו אין דער אונטערערדישער באַוועגונג קעגן די נאַציס. אין איינער פון די געהיימע שליחותן פאַר דער אונטערגרונד־באַוועגונג איז זי געכאַפּט געוואָרן דורך די נאַצי־מערדער, וועלכע האָבן זי דערשאָסן.

עס ווייזט אויס, אַז די פּאָליאַקן ביי וועלכע פראַנקאַ האָט געוווינט האָבן מורא געהאַט, אַז די שפּורן וועלן אויך פירן צו זייער וווינונג, ווייל דאָס ייִנגעלע פון דער דערשאָסענער פראַנקאַ האָט זיך געפונען ביי זיי, האָבן זיי אָנגעשפּיליעט אַ צעטעלע אויף דעם קינדס קליידער, מיט זיין נאָמען: סטעפעק באָזשענסקי און אים אַרויסגעלאָזט איבער די וואַרשעווער גאַסן.

דאָס האָט פּאַסירט אין פרילינג 1943, ווען דאָס וואַרשעווער געטאָ איז געשטאַנען אין פלאַמען אין דער צייט פון אויפשטאַנד.

ווי עס איז שוין דערציילט געוואָרן, האָט דעם אומגליקלעכן יתום סטעפעקן באַגעגנט אין גאַס אַ קלויסטער־שוועסטער פון טורקאָוויצע און זי האָט אים טאַקע אַוועקגעפירט אין דעם דאָזיקן קלויסטער. סטעפעק באָזשענסקי איז דאָ געבליבן ביזן יאָר 1946, ווען די יידישע פרוי דבורה זילבער האָט אים פון דאָרט אַרויסגענומען און געבראַכט קיין ארץ־ישראל.

אַלע דריי שוועסטער פרידמאַן: גוטאַ, ד״ר זלאָטאָלאָווס פרוי; בראָניאַ, די פרוי פון לוטעק מאָרגענשטערן — איצט אין בראַזיל און טושיאַ — איצט אין לאָנג־איילאַנד, האָבן געוווּסט, אַז זייער שוועסטער פראַנקאַ האָט געהייסן באָזשענסקאַ, אָבער זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז איר קינד, סטעפעק, האָט זיך געראַטעוועט. אויך די שוועסטער פון שמואל בלייבערג, פראַנקאַ בוים פון אויסטראַליע, האָט געוווּסט וועגן דעם אומקום פון איר ברודער און שוועגערין, וועלכע האָט געהייסן באָזשענסקאַ.

דער פעטער אהרון פרידמאַן פון מושב בני־ציון, וועלכער האָט זיך זינט 20 יאָר געפונען נישט ווייט פון זיין פּלימעניק האָט נישט געוווּסט, אַז זיין אומגעקומענע שוועסטער האָט געהאַט אַ פּוילישן נאָמען — באָזשענסקאַ.

דער זשורנאַליסט פון „פאָרווערטס״ י. שמולעוויטש, האָט באַזוכט דעם ד״ר זלאָטאָלאָוו אין זיין וווינונג און פון אים און זיין פרוי האָט ער זיך דערוווּסט וועגן די אַלע פרטים.

ער ברענגט נאָך אין דער סעריע אַרטיקלען אַ קורצן איבערבליק וועגן אומקום פון דער טאָמאַשאָווער קהילה, וועגן אומקום פון די משפחות זלאָטאָלאָוו און פרידמאַן.

ער שרייבט אויך וועגן ד״ר זלאָטאָלאָווס פּאָזיציע אַלס באַקאַנטער פסיכיאַטער, מיטאַרבעטער פון וויסנשאַפטלעכע מעדיצינישע צייטונגען אין אַמעריקע.

דער געראַטעוועטער מלחמה־יתום סטעפעק באָזשענסקי, האָט אין ישראל געענדיקט אַן אַגראַר־שול. ווען ער איז אַלט געוואָרן 17 יאָר, אין יאָר 1956, האָט ער זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין דער ישראל־אַרמיי און העלדיש זיך אויסגעצייכנט אַלס פּאַראַשוטיסט אין די קאַמפן בעת דער סיני־אַקציע און שפּעטער אויך קעגן די סיריער און אַרויס פון אַלע געפאַרן אַ לעבעדיקער.

ער איז אויך געווען צוויי מאָל אין אייראָפּע מיטן צוועק צו זוכן קרובים.

אין איינעם פון זיינע בריוו צו די אָפּגעפונענע קרובים שרייבט סטעפעק באָזשענסקי: „מיט מיין יונג לעבן האָבן פּאַסירט ניסים: איין נס, וואָס איך בין געראַטעוועט געוואָרן פון די נאַציס; אַ צווייטער נס, וואָס מען האָט מיך אַרויסגעראַטעוועט פון דער קריסטלעכער וועלט; אַ דריטער נס, וואָס איך בין געבליבן לעבן בעת דער סיני־אַקציע און דער פערטער נס איז, אַז איך ווייס ווער איך בין דורכן געפינען מיינע נאָענטע.

# צוויי חברים זענען מיר געווען

משה רייזבוים / ניו־יארק

מיין נאמען איז משה, מיין חבר רופט מען קלמן. שטענדיק האט מען אונדז גערופן צוזאמען. מיר האבן געלערנט אין די זעלבע חדרים, געלערנט צוזאמען אין דער פאלקס־שולע ביי שטושינער, צוזאמען מיט אונדזערע פאטערס געדאווענט אין דעם זעלבן ראדאמסקער שטיבל אויף פאלנא־גאס. דעריבער האט מען יעדן פון אונדז באזונדער גערופן משה־קלמן. ווען קלמן פלעגט שטערן זיין מאמען, פלעגט זי זאגן: „גיי א ביסל צו משה־קלמן".

מיין חבר קלמן איז זייער יונג געווארן א יתום. זיין פאטער איז געשטארבן און זיין מאמע האט ווידער חתונה געהאט. קלמן האט נישט געהאט קיין שלום־בית מיט זיין שטיף־פאטער. דאקעגן איז ער געווען שטארק צוגעבונדן צו זיין מוטער. ער האט שטענדיק גערעדט וועגן זיין מאמע און איר געהאלפן מיט וואס ער האט געקענט. ווען קלמן האט אנגעהויבן פארדינען איז ער געווען גליקלעך, וואס ער קען העלפן זיין מאמע.

איך האב קלמנען זייער ליב געהאט און האב זיך מיט אים קיינמאל נישט געקריגט. אלס בחורים פון 16—17 יאר זענען מיר, משה־קלמן, אריינגעטראטן אין דער יוגנט־ארגאניזאציע „גורדוניה", וועלכע האט זיך געפונען אויף דער וואסקאדניא־גאס אין פרצעס הויז, צוזאמען מיט דער „התאחדות"־פארטיי.

יעדן אוונט האבן זיך דארט פארזאמלט פיל יוגנטלעכע. מיר זענען געווען איינגעטיילט אין קבוצות צו 10—12 חברים מיט א ראש הקבוצה. עטלעכע מאל אין דער וואך האבן מיר געהאט „שיחות" אויף פארשידענע טעמעס און וועגן ציוניסטישע פראבלעמען.

יעדן פרייטיק־צונאכטס און שבת־צונאכטס זענען פארגעקומען פארשידענע קולטורעלע אימפרעזעס: רעפעראטן, לעבעדיקע צייטונגען, קעסטל־אוונטן א.ד.גל.

די קולטורעלע טעטיקייט איז געפירט געווארן מיט דער הילף פון „התאחדות"־חברים און די אוונטן האבן זיך פאר דער יוגנט פארוואנדלט אין אן אמתן יום־טוב.

דער רוב יוגנט איז געקומען פון דער יידישער ארעמער סביבה, אן וויסן און בילדונג. מיידלעך און בחורים האבן זיך אנגעהויבן ארומטראגן מיט ביכער, דיסקוטירט איבער פארשידענע פראבלעמען. מיר האבן געלערנט די סיבות פון אונדזער גייסטיקער און מאטעריעלער ארעמקייט, די פאלגן פון אונדזער באדנלאזיקייט, פון אונדזער גלות־לעבן, פון צווינגען אונדז פארנעמען זיך מיט באשטימטע פאכן און לופט־פרנסות.

„גורדוניה" האט אונדז צוגעגרייט צו הכשרה, הגשמה און עליה און א דאנק דעם געפינען זיך אין ישראל א סך פון יענער יוגנט.

איך דערמאן זיך מיט וויטאק די אלע יוגנטלעכע, וועלכע האבן צוליב די עליה־באגרענעצונגען נישט דערלעבט צו רעאליזירן זייער ציל — עולה צו זיין.

מיט צער וויל איך דערמאנען אזעלכע טייערע חברים, וועלכע זענען געשטאנען בראש פון דער „גורדוניה"־באוועגונג: וועלוול פרוש, ש. מאיעראוויטש, יצחק ראזענוויין, עמנואל אייזענבערג א.א.

איך דערמאן אויך די חברים פון „התאחדות", וועלכע האבן אונדז אזוי פיל געהאלפן אין דער דערציערישער און קולטורעלער ארבעט: מרדכי פיזיצקי, חיים אייגער, חיים פרוינדליך, חנה אייזנבערג, חיים קאנטאראוויטש און אנדערע.

אין יאר 1934 ווערן 5 חברים באשטעטיקט אויף הכשרה און צווישן זיי אויך משה־קלמן. מיר זענען געפארן אין שטעטל זאגיינסק ביי קעלץ. אויף דער הכשרה האבן מיר זיך צום ערשטן מאל געטראפן מיט די שווערע ארבעט־ און עקזיסטענץ־ באדינגונגען. די ארבעט אויף א טארטאק, ווינטער אין די שנייען, רעגנס און פרעסט, זומער אין די היצן — פאר יוגנטלעכע, וועלכע האבן נאך קיינמאל נישט געוווסט פון קיין שווערער פיזישער ארבעט, — איז נישט געווען לייכט.

מיר זענען געפרוווט געווארן צי מיר וועלן קענען לעבן פיזיש און גייסטיק אין א קאלעקטיוו און אין שווערע באדינגונגען.

טראץ דעם שווערן לעבן איז עס געווען פאר אונדז די שענסטע צייט.

נאך א יאר הכשרה זענען מיר ביידע באשטעטיקט געווארן צו עליה. מיט אומגעדולד ווארטן משה־קלמן אויף סערטיפיקאטן און זיך קיינמאל נישט דערווארט.

קלמנס משפחה ציט זיך אריבער קיין לאדזש. קלמן וויל זיך נישט שיידן מיט טאמאשאוו, אבער ער קען אויך נישט פארלאזן זיין מאמע.

פון צייט צו צייט פלעגט ער קומען קיין טאמאשאוו און זיין ביי אונדז אין שטוב. ווי שטענדיק האט ער געווארט אויף דעם גליקלעכן טאג פון עליה.

אינצווישן האבן זיך דערנענטערט שווערע צייטן פארן פוילישן יידנטום מיטן קומען פון היטלערן י"ש צו דער מאכט. עס באווייזן זיך אין טאמאשאוו די ערשטע אנטלאפענע יידן פון דייטשלאנד, פון די פארטריבענע יידן קיין זבאנשין (א לאגער אויף דער פויליש־דייטשער גרענעץ פאר די ארויסגעטרי־

בענע יידן פון דייטשלאַנד). דאָס לעבן אין פּוילן גופא ווערט הפקר. יידן פאַרלירן זייערע פּרנסות.

עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה און אין משך פון פינף טעג ווערט אַלץ אין פּוילן צוזאַמענגעבראָכן. יונג און אַלט זענען מיר געלאָפן קיין וואַרשע מיטן גלויבן, אַז די פּוילישע אַרמיי וועט שטעלן אַ ווידערשטאַנד ביז עס וועט קומען הילף פון אויסלאַנד.

צוזאַמען מיט אַנדערע יידן האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט צו פוס קיין וואַרשע. עס איז שווער צו באַשרייבן דעם פּיינפולן מאַרש פון די צענדליקער טויזנטער יידן צוזאַמען מיטן אַנטלויפנדיקן פּוילישן מיליטער.

דער גאַנצער וועג איז געווען אויסגעלייגט מיט טויטע, געפאַלענע פון די דייטשע באָמבעס, אָדער מאַשין־געווער. צווישן די געפאַלענע זענען אויך געווען פיל טאָמאַשאָווער.

אַנדערע זענען געפאַלן אין וואַרשע שטייענדיק אין די רייען צו באַקומען ברויט, אָדער אין די באָמבאַרדירטע געביידעס, ווו מיר זענען געלעגן.

טאָג און נאַכט, אָן אויפהער, האָט מען באָמבאַדירט וואַרשע, עס איז נישט געווען קיין ליכט, קיין וואַסער, קיין עסן. לויפנדיק מיט אַן עמער וואַסער פון דער ווייסל אונטער אַ האַגל פון קוילן, ביז צום בונקער איז מיר גאַרנישט געבליבן. דעם גאַנצן וועג האָט יעדער געכאַפּט ביי מיר אַ ביסל וואַסער.

גייענדיק צופעליק אויף דער לעשנע־גאַס האָב איך באַגעגנט מיין חבר זלמן. איך האָב אים קוים דערקענט, ווייל אין משך פון די 8 טעג, זינט ער איז אַרויס פון לאָדזש, איז ער געווען אָן עסן און נישט געשלאָפן.

מיר זענען ביידע געגאַנגען אין בונקער. ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע באָמבאַרדירונג. נעבן אונדז איז געפאַלן אַ דראָשקע מיט זיין פערד. באַלד איז מען דאָס פערד באַפאַלן ווי די רויב־פייגל און יעדער האָט געכאַפּט אַ שטיק פליש.

מיר זענען געלעגן צוזאַמענגעפּרעסט אין אַ בונקער און נישט געקענט אַרויס. הייזער, גאַנצע גאַסן האָבן געברענט און צוזאַמענגעפאַלן. דאָך האָבן מיר געמוזט פון צייט צו צייט אַרויס און זוכן עפּעס צום עסן.

מיר האָבן נישט געקענט גיין צו די רוסן און נישט צוריק אַהיים, ווייל די שטאָט איז געווען אַרומגערינגלט.

קלמן האָט באַשלאָסן גיין צו זיין מאַמע. איך דאַרף אַהיימברענגען מיין יינגערן ברודער. די לאַגע אונדזערע איז אַ פאַרצווייפלטע. וואַרשע האָט זיך ענדלעך אונטערגעגעבן. מיר ווערן באַפרייט פון די באָמבאַרדירונגען, אָבער נישט פון די דייטשע פאַרפאָלגונגען. מען כאַפּט יידן אויף די וואַרשעווער גאַסן אויף אַרבעט, צו רייניקן די חורבות, עס ווערן אויסגעקלעפּט די ערשטע אַנטי־יידישע פאַראָרדענונגען און מיר זעען גלייך, אַז מיט די דייטשן וועט זיין שווער צו לעבן.

סוכות־צייט, 1939, לאָזן מיר זיך אין וועג צוריק קיין טאָמאַשאָוו, אָדער לאָדזש. אונטערוועגס האָב איך באַגעגנט די ברידער קראַנהיים. מיר האָבן אין טאָמאַשאָוו געטראָפן דאָס לעבן האָפנונגסלאָז און פּרנסהלאָז. מען כאַפּט אויף צוואַנגס־אַרבעט. יידן ווערן פאַרשיקט און מען ווייסט נישט ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

דעם 2־טן נאָוועמבער 1939 בין איך מיט קלמנען און דעם חבר מאַריק צימבאַליסט געגאַנגען צו דער באַן מיטן צוועק צו קומען צו די רוסן. נאָך גרויסע מאַטערנישן זענען מיר אָנגעקומען קיין לובלין. ביינאַכט זענען מיר אַוועק צו פוס צום טייך בוג. ביים אַריבערשיפן זיך זענען מיר אַלע געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן. דער שמוגלער איז וואַרשיינלעך געשטאַנען מיט זיי אין פאַרבינדונג. זיי האָבן ביי אונדז אַלץ צוגענומען, אויסגעפּאַרשט און אָפּגעשיקט צום פּלאַץ ווו עס ווערן אויסגעטויטשט מענטשן.

ענדלעך האָבן מיר זיך דערשלאָגן אויף דער רוסישער זייט און געפילט זיך פרייער, ווי ביי די דייטשן, אָבער אויך דאָ איז דער כאַאָס געווען גרויס.

עטלעכע טעג האָבן מיר זיך געשלעפּט ביז ביאַליסטאָק. טויזנטער מענטשן האָבן זיך געוואַלגערט אויף די וואָקזאַלן, כדי קענען זיך אַריינכאַפּן אין צוג.

אין ביאַליסטאָק האָבן מיר געווינט 7 טאָמאַשאָווער אין איין צימער. דאָס זענען געווען: משה־קלמן, מאַריק צימבאַליסט, ל. וויינבלום, מ. קירשבוים מיט זיין שוועסטער און קעניגשטיין.

צענדליקער טויזנטער פּליטים זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אין ביאַליסטאָק. אַלע שולעס, אינסטיטוציעס און שולן זענען געווען באַזעצט פון פּליטים. מען האָט זיך נישט מער דערווייטערט פון דער גרענעץ מיט דער האָפענונג זיך באַלד צוריקקערן אַהיים. די רוסן האָבן געפאָדערט מיר זאָלן אָננעמען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט און דאָ איז געווען די געפאַר, אַז מיר וועלן נישט קענען אַהיימפאָרן.

אינצווישן האָבן זיך פאַרשפּרייט פאַלשע קלאַנגען, אַז דאָס לעבן ביי די דייטשן האָט זיך נאָרמאַליזירט און צוליב דעם האָבן פיל יידן, דערונטער אויך פיל טאָמאַשאָווער, אָנגעהויבן לויפן צוריק צו די דייטשן.

צום גליק זענען פיל פון אונדז נישט געווען אַזעלכע אָפּטימיסטן, ליידער האָט אויך מיין חבר קלמן באַשלאָסן פאָרן צוריק אַהיים. צוזאַמען מיט אים זענען אויך אַהיימגעפאָרן מ. צימבאַליסט, מאיר־בער געלבאַרד און אַנדערע.

אַלע פּליטים, וועלכע האָבן זיך געפונען נאָענט פון דער גרענעץ זענען דורך די סאָוויעטן פאַרשיקט געוואָרן אין

ווייטן רוסלאַנד אין אַרבעטס־לאַגערן. שווער איז געווען דאָס לעבן אין די לאַגערן אין די ווייטע קאַלטע רוסישע סטעפּעס.

איך האָב זיך אויך באַגעגנט מיט פיל טאָמאַשאָווער, וועלכע האָבן מיר טיילוויז געהאָלפן איבערלעבן די שווערע צייטן.

נישט איינער פון אונדזערע טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט איז געשטאָרבן אין רוסלאַנד פון הונגער, קעלט און נויט. נישט איינער איז געפאַלן אין די קאַמפן אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי.

אין יאָר 1946 האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין טאָמאַשאָוו מיט דער האָפענונג צו טרעפן עמיצן פון מיין משפחה און אפשר אויך מיין חבר קלמן. לײדער האָב איך קיינעם נישט געטראָפן. אויך אין לאָדזש און אין דייטשלאַנד האָב איך זיך נישט דערוווּסט קיין ספּעציעלס וועגן קלמנען.

אין יאָר 1956 באַזוך איך מיינע קרובים אין אַ מיטל־וועסט־שטאָט אין אַמעריקע. גייענדיק אין גאַס פרעגט מיך אַ פאַרבייגייער צי איך בין אַ טאָמאַשאָווער און גיט גלייך צו: איך בין קלמן! כ'שטיי ווי אַ פאַרכישופטער. כ'גלויב נישט מיינע אויגן און קען נישט אַרויסברענגען קיין וואָרט. ער זעט אויס מיט 20 יאָר עלטער, ווי ער איז פאַקטיש, אַן האָר, מיט אַ גרויער באָרד, אַ צוזאַמענגעבראָכענער.

קלמן זעט מיין פאַרלעגנהייט און זאָגט: „קום, משה, אין אַ קאַפע, וועלן מיר זיך אַדורכשמועסן. איך בין גליקלעך, וואָס מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן". אַן אויפהער זעצט ער פאָר זיינע רייד: „איך וויל דיך גאָרנישט פרעגן, ווייל איך ווייס אַלץ וועגן דיר ביז דיין קומען קיין אַמעריקע. כ'ווייס, אַז איך האָב געזינדיקט קעגן דיר, ווייל איך האָב דיך פאַרלאָזן. דאָס געוויסן האָט מיר דיקטירט, אַז אין אַזעלכע טראַגישע צייטן מוז איך זיין נעבן מיין מאַמען און דאָס איז פאַר איר געווען אַ טרייסט. אין די שווערסטע צייטן האָב איך איר געהאָלפן מיט וואָס איך האָב געקענט, ביז עס איז געקומען דער טאָג, ווען ביי אונדז אין שטוב האָט מען באַשלאָסן, אַז איך זאָל אַריבער אויף דער אַרישער זייט אפשר וועל איך אַזוי אַרום זיי קענען בעסער העלפן.

„איך האָב זיך נישט געוואָלט שיידן פון מיין מאַמען, אָבער זי האָט מיך אַזוי שטאַרק צוגערעדט און איך האָב איר פאָלגן אויסגעפירט. איך בין איבערצייגט, אַז זי האָט נאָר געוואָלט ראַטעווען מיין לעבן. זי האָט געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז דאָס אומגליק שטייט פאַר דער טיר.

„אַ באַקאַנטער קריסט פון מיין שטיפפאָטער האָט מיך באַזאָרגט מיט אַרישע פאַפירן און איך האָב ביי אים געאַרבעט אַלס פאַראַבעק.

„אַ געוויסע צייט האָב איך יעדע וואָך עפּעס געשיקט פאַר מיין מאַמען. ביז עס איז געקומען דער שרעקלעכער טאָג, ווען די יידן פון טאָמאַשאָווער געטאָ זענען געוואָרן אויסגעזידלט און פאַרשיקט אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע.

„אין דער שרעקלעכער צייט, ווען איך בין נישט געווען צוזאַמען מיט די יידן, האָב איך פון דער ווייטנס געזען, ווי מען טרייבט זיי מיט שטעקנס, בייטשן און געווער צו די איבערגעפּאַקטע וואַגאָנען. עס איז שווער איבערצוגעבן, וואָס עס האָט זיך דאָרט אָפּגעשפּילט: קינדער רופן די מאַמעס; מאַמעס רופן קינדער; פרויען זוכן מענער; מענער — פרויען. עס קלינגען מיר נאָך אין די אויערן די געשרייען פון די דייטשע באַרבאַרן: איינשטייגן! שנעלער!

„איך האָב געזען די דערשראָקענע, וויינענדיקע סקעלעטן לויפן אין פאַרצווייפלונג און בהלה. איך האָב געזוכט מיט די אויגן מיין מאַמען און געוואָלט זי זען צום לעצטן מאָל. איך האָב געזען, ווי מען וואַרפט אַריין אין די געפּאַקטע וואַגאָנען האַלב־נאַקעטע מענטשן און דער וויי־געשריי פון די נאַענטע און טויזנטער פאַרפייניקטע קלינגט מיר נאָך אין די אויערן.

„איך לעב מיט אַ צעבראָכן האַרץ און אַ טיפע וווּנד, וואָס קען זיך נישט פאַרהיילן".

קלמן איז אַריין אין אַזאַ עקסטאַז, אַז אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זיין פּנים.

ווען ער האָט זיך מיט מיר געזעגנט, האָב איך לאַנג נאָכגעקוקט זיין וואַקלדיקן גאַנג.

יענע נאַכט איז ביי מיר געווען אַ שלאָפלאָזע. פאַר מיינע אויגן האָט דורכגעשוועבט טאָמאַשאָוו, די שיינע יוגנט, די „גורדוניה", די שיינע חלומות. ווו איז דאָס אַלץ אַוועק?

און איך טראַכט: ווו נעמט מען אַ רפואה, וואָס זאָל היילן מיין גוטן חבר קלמן, וועלכער איז אַזוי שווער געפּרוווט געוואָרן — אַ רפואה, וואָס זאָל אים צוריקברענגען צו אַ נאָרמאַל, געזונט לעבן? — — —

# דב קרון (בערנארד)

(באַקאַנטער אינטערנאַציאָנאַלער פילאַטעליסט)

דב קרון געפינט זיך אין ישראל העכער 50 יאָר און אַ גרויסער שאָד, וואָס די טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט קענען זייער ווייניק זייער אַמאָליקן תושב, זיין פאַרגאַנגענהייט און זיין טעטיקייט ביז צום היינטיקן טאָג.

איך האָב אים באַזוכט אין זיין וווינונג אויף דער מקווה־ישראל־גאַס 3 אין תל־אביב, פאַרבראַכט מיט אים עטלעכע שעה, וואָס האָבן ביי מיר אויסגעזען ווי עטלעכע מינוט.



דוב (בערנאַרד) קרון

כדי צו הערן און צו זען דעם חבר בערנאַרדס „האָבי" (די מאַרקן־קאָלעקציע) דאַרף מען שפּענדן פיל צייט.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז הגם דב קרון וואָלט אפשר געקענט זיין אַ גביר פון זיין פילאַטעליסטיק־באַשעפטי־קונג — וווינט ער מיט זיין פרוי אין אַן אַלט הויז אויפן דריטן שטאָק אין אַן אַלטער, אָבער זויבערער דירה, מיט אַלט מעבל און ווי דער חבר קרון באַמערקט, האָט ער נישט קיין אינטערעס פאַר קיין געלט און זיין גאַנצן חוש האָט ער אַריינגעטאָן אין די מאַרקעס.

איך מוז שרייבן חבר, ווייל בערנאַרד קרון לאָזט זיך נישט אַנדערש טיטולירן, אפשר צוליב זיין פאַרצווייגטער און פּאָלקסטימלעכער טעטיקייט אין זיינע יינגסטע יאָרן.

דב־בערנאַרד קרון איז געבוירן אין טאָמאַשאָוו. ער האָט אין זיינע יונגע יאָרן זיך אויסגעצייכנט אין אונדזער

## משה ווייסבערג

שטאָט אויף דריי געביטן: אַ גוטער ספּאָרטלער, אַ פילאַטע־ליסט (מאַרקן־זאַמלער) און מיט זיין אהבת־ישראל.

ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון יידישן ספּאָרט־און טורן־פאַראיין אין יאָר 1911. קרון האָט זיך אויסגעצייי־כנט אין די ספּאָרט־צווייגן: ראָווער־פאָרן (ציקליסטיק), אַט־לעטישע פאַרמעסטונגען („וואָלקעס"), הייבן געוויכטן און פרייע איבונגען.

ער דערמאָנט זיך נאָך היינט די צייט, ווי ער פלעגט אַרויפפאָרן און אַראָפּפאָרן פון „ריזיקס־באַרג" ביי די טריפה־יאַטקעס. די צענדליקער פאָטאָגראַפיעס, וואָס קרון באַ־זיצט נאָך היינט פון יענע צייטן זאָגן עדות וועגן זיין אויס־געאיבטן אַטלעטישן קערפּער. ער האָט אָנטיילגענומען אין פאַרשידענע ספּאָרט־פאַרמעסטונגען אין העלענוווּעק ביי לאָדזש און אין אַנדערע ערטער, און געוואָרן אויסגעצייכנט פאַרן פאַרנעמען די ערשטע פּלעצער.

דער קעמפערישער אינסטינקט פון חבר קרון צו פאַר־טיידיקן דעם יידישן כבוד האָט אויף אים משפּיע געווען צו זיין אַ מיטגרינדער פון אַ יידישער זעלבסטשוץ קעגן די כו־ליגאַנעס אין אונדזער שטאָט. מיט דער הגנה האָט אָנגעפירט מנחם ליפשיץ, איינער פון די גרינדער פון „צעיר־ציון" אין אונדזער שטאָט.

צווישן די גרינדער פון „צעירי־ציון" אין טאָמאַשאָוו איז אויך געווען דב קרון און זיין אהבת־ציון איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט נישט נאָר געוואָלט רעדן וועגן ציון, נאָר אויך פאַרווירקלעכן, דאָס הייסט, עולה זיין און העלפן בויען דעם יידישן ישוב אין לאַנד. ער האָט טאַקע פאַרווירקלעכט זיין שטרעבונג, ווייל אין יאָר 1917 איז קרון געווען דער צווייטער עולה פון טאָמאַשאָוו קיין ארץ־ישראל, נאָך מנחם שטיינמאַן ז"ל. קרונס ציל איז געווען מאָביליזירן זיך אין „גדוד העברי" און קעמפן פאַר אַ פרייען יידישן ישוב.

אין דער צייט פון ערשטן וועלט־קריג, ווען אין רוס־לאַנד האָבן זיך געפירט קאַמפן צווישן די רעוואָלוציע־קעמ־פער. די מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס, האָט קרון פאַרלאָזט טאָמאַשאָוו און אָנגעקומען קיין דייטשלאַנד מיטן ציל פאַר־צוזעצן פונדאַנען זיין רייזע קיין ארץ־ישראל.

אין ארץ־ישראל האָט קרון אַדורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גיהנום, פונקט אַזוי ווי אַלע אַנדערע ערשטע חלוצים, וועלכע זענען געקומען בויען דאָס לאַנד. ער האָט געאַרבעט ביי פאַרשידענע אַרבעטן אין דער באַרימטער עפּאָכע פון „כבוש עבודה" אין ישוב.

אין דער קבוצה חולדה איז ער קראַנק געוואָרן אויף

מאַלאַריע און נאָכן געזונט ווערן פאַרגעזעצט זיין אַקטיוויטעט אין דער „הגנה״.

ער איז געווען דער הויפּט־עדות אין משפט קעגן די ענגלענדער אין שייכות מיטן יפוער פּאָגראָם אין יאָר 1921 מטעם „וועד הצעירים״.

ער האָט אויך געאַרבעט אַלס טעכניקער ביים ענגלישן לופט־פלאָט אין ארץ־ישראל 22 יאָר.

אויפן געביט פון פילאַטעליסטיק האָט דב קרון זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט פון זיינע יינגסטע יאָרן און דערגאַנגען צו דער מדרגה פון אַ וועלט־באַרימטן פילאַטעליסט.

אין יאָר 1914, ווען די דייטשן זענען אַריין קיין טאָמאַשאָוו, האָבן ביי אים די דייטשע אָפיצירן צוגענומען זיינע ערשטע זאַמלונגען פאַר 100 מאַרק.

די הויפּט־טעטיקייט אויף דעם געביט האָט קרון אָנגעהויבן אין ארץ־ישראל. אין יאָר 1921 האָט ער געגרינדעט דעם ערשטן פילאַטעליסטן־פאַרבאַנד אין תל־אביב. אין יאָר 1922 איז ער געווען דער גרינדער פון ערשטן ענגלישן פילאַטעליסטן־פאַרבאַנד אין ירושלים. דער פאַרבאַנד האָט זיך גערופן Palestine Philatelic Society און בראש פון דאָזיקן פאַרבאַנד איז געשטאַנען דער סעקרעטאַר פון דער מאַנדאַט־רעגירונג ה. צ. לוק.

זינט 1925 האָט קרון געאַרבעט צוויי יאָר אין רבת־עמון און דאָ האָט ער געגרינדעט אַן אַראַבישן פילאַטעליסטישן פאַרבאַנד.

אונדזער לאַנדסמאַן איז היינט צו טאָג דער גרעסטער און אָנגעזעענסטער מאַרקן־זאַמלער אין ישראל. ער איז אויך דער איינציקער ישראל־בירגער, וועלכער איז אַ מיטגליד אין דעם ענגלישן קייזערלעכן פילאַטעליסטן־פאַרבאַנד אונטערן פּאַרזיץ פון דער קעניגין עליזאַבעט.

קרונס זאַמלונגען פאַרנעמען 96 בענדער מאַרקן־קאַלעקציעס כמעט פון אַלע לענדער. עס איז כדאי צו באַצייכענען די 13 בענדער פון ענגלאַנד מיט אירע קאָלאָניעס. אין זיין רשות געפינט זיך די איינציקע קאָמפּלעטע מאַרקעס־קאַלעקציע פון „העדיאַז נעדיעד״ (סאַוד־אַראַביע) — צווישן די יאָרן 1916—1927.

קרון גיט איבער, אַז אויף אַלע אינטערנאַציאָנאַלע אויסשטעלונגען שטייען אין די רייען הונדערטער באַזוכער, הויפּטזעכלעך אַראַבער, צו זען די דאָזיקע זעלטענע מאַרקן־קאַלעקציע, וואָס עס האָט געשאַפן דווקא א ישראל־בירגער.

אין קרונס זאַמלונגען געפינט זיך אויך די זעלטענע אין דער וועלט זאַמלונג אין צוויי בענדער פון 2800 מאַרקעס פון קראָאַטיע (דרום־יוגאָסלאַוויע), פון דער צייט פון דעם באַרימטן יוגאָסלאַווישן היטלעריסטישן דיקטאַטאָר און אַנטיסעמיט פּאַוועליטש (אין די יאָרן 1944—1942).

יעדער באַנד מיט מאַרקעס פאַרנעמט אַ געשיכטלעכע עפּאָכע פון דאָזיקן לאַנד. דער פאַקט, וואָס קרון האָט צום ביישפּיל פון 240 אַרויסגעגעבענע אין קראָאַטיע מאַרקעס צוזאַמענגעשטעלט 2800, אַדער פון אַן ערך 4800 מאַרקעס פון בריטאַניע צוזאַמענגעשטעלט 26.000 — ווייזט, אַז ער איז אַ גלענצנדער פאַרשער אויף דעם געביט פון פילאַטעליסטיק.

אין די בענדער מיט מאַרקעס זעען מיר די געשיכטע פון יעדער מאַרקע איינגערעמטע אין צעלולאָז־פּאַפּיר. עס געפינט זיך ביי אים יעדע אויסגאַבע מיט אירע דרוק־פעלערן, פאַרקערטן דרוק, זיך טוישנדיקע פאַרבן, נאָמען פון צייכענער, דאַטע, אַרט פון אַרויסגעבן א.אַז.וו.. דאָס אַלץ איז צוזאַמענגעשטעלט מיט דער גרעסטער פּרעציזקייט און פּעדאַנטישקייט.

עס איז אַלזאָ קיין וואונדער נישט, וואָס בערנאַרד קרון נעמט אָנטייל אין אַלע אינטערנאַציאָנאַלע פילאַטעליסטיק־אויסשטעלונגען. אין זיין שאַפע געפינען זיך שאַכטלעך מיט גאָלדענע און זילבערנע מעדאַלן פון אַלע וועלט־אויסשטעלונגען: ענגלאַנד, האָלאַנד, שפּאַניע, דייטשלאַנד, לוקסעמבורג און אַנדערע לענדער, ווי אויך פון אויסשטעלונגען אין ישראל.

אַ חוץ די מעדאַלן פון אַלע אויסשטעלונגען זענען די ווענט פון זיין אַרבעטס־צימער באַהאַנגען מיט דיפּלאָמען.

מיר זענען שטאָלץ מיט אונדזער לאַנדסמאַן און ווינטשן אים פיל געזונטע יאָרן און אַ וויטערדיקן דערפאָלג אין זיין „האָבי״.

# שטריכן פון יידישן לעבן אין טאמאשאוו

ש. ל. שניידערמאַן

ווער עס אינטערעסירט זיך מיט געוויסע יידישע אויסגאַבן, וועלכע דערשיינען אין פאַרשידענע לענדער, ווו עס געפינען זיך היינט צו טאָג גרעסערע יידישע ישובים, קען צוו. אנד. זיך נישט איינמאָל אָנטרעפן אויף אַרטיקלען וועגן אַמאָליקן יידישן טאָמאַשאָוו און וועגן די לעבנגעבליבענע טאָמאַשאָווער שארית־הפליטה אין דער גאָרער וועלט.

דאָ ברענגען מיר איינִיקע אויסצוגן פון אַזעלכע אַרטיקלען, וואָס כאַראַקטעריזירן דאָס יידישע לעבן אין אונדזער שטאָט.

**אין דעם וואָכנבלאַט „אידישער קעמפער" פון 1־טן אַפּריל 1966, אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק, געפינען מיר אַ לאַנגן אַרטיקל פון ש. ל. שניידערמאַן א. נ. „פאַרצייכענונגען פון טרויעריקע נסיעות".**

**אינעם דאָזיקן רעפּאָרטאַזש־אַרטיקל וועגן דעם חורבן פון פאַרשידענע יידישע קהילות אין פּוילן, געפינען מיר אויך אַ לענגערע אָפּשאַצונג וועגן אונדזער היימשטאָט טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק.**

ש. ל. שניידערמאַן שרייבט צוו. אנד.:

**...דעם חורבן פון דער יידישער קהילה אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק האָב איך געזען אויף דער צוריק־אויפגעפרישטער הויפּט־גאַס. אַ פּראַכטפולער ברייטער בולוואַר מיט אויפגעפרישטע הייזער און געשמאַקפול־דעקאָרירטע קראָמען. דאָס איז די באַפרייאונגס־אַלייע, ווו עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער מאָנומענט פאַר די געפאַלענע סאָלדאַטן פון דער רויטער אַרמיי, וועלכע האָט באַפרייט די שטאָט פון די נאַציס. פאַרן קריג האָט די גאַס געהייסן „שוו. אַנטאָניעגאָ" און געווען דער צענטער פון יידישן האַנדל אין אָט דער מאָדערנער טעקסטיל־שטאָט אין פּוילן.**

**אויף דער דאָזיקער אַלייע האָב איך אומזיסט געזוכט אַ יידישע קראָם. איך האָב אָבער דאָרט געטראָפן טראַגישע יידישע שפּורן. די מצבות פון דעם אָפּגעווישטן יידישן בית־עלמין זענען גענוצט געוואָרן פאַרן אויפבוי פון דעם סאָוויעטישן מאָנומענט מיט דעם הויכן אָבעליסק, פון וועלכן עס שרייט אַראָפּ אַן אויפשריפט אין רוסיש: „וויעטשנאַיאַ סלאַוואַ געראָיאַם זאַ סוואָבאָדו" (אייביקער רום די העלדן פון באַפרייאונג).**

**אויף דער אַנדערער זייט פון די גראַניט־פּליטן, אויף וועלכע עס איז אויסגעקריצט געוואָרן דער רוסישער עפּיטאַף, זענען נאָך פאַרבליבן די יידישע אותיות פון די געשענדעטע מצבות. אַזוי האָבן מיך פאַרזיכערט פּוילישע איינוווינער פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, וועלכע האָבן געזען, ווי דער מאָנומענט איז געבויט געוואָרן.**

**דאָס איז אָבער נישט די פולע געשיכטע פון דער שענדונג, ווייל נאָך איידער די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט טאָמאַשאָוו, האָבן פּוילישע מצבה־קריצער אויסגערויבט די שענסטע מאָנומענטן פון יידישן בית־עלמין, פונקט ווי דאָס האָט פּאַסירט אין הונדערטער אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. דאָס האָבן די פּוילישע מצבה־קריצער צוגעשטעלט די גראַניטענע און מאַרמאָרנע פּליטעס פאַרן סאָוויעטישן דענקמאָל.**

**אַנדערש ווי אין דאָס רוב שטעט און שטעטלעך פון פּוילן, האָט אין טאָמאַשאָוו זיך אָפּגעשפּילט דער אויסברוך פון לעצטן קריג און אַנדערש זענען אויך אַדורך די יאָרן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע.**

**נאָך איידער די באַפעלקערונג האָט זיך דערוווּסט, אַז די נאַציס האָבן אַטאַקירט דאַנציג, איז טאָמאַשאָוו שוין באָמבאַרדירט געוואָרן דורך דייטשע עראָפּלאַנען. דאָס איז געווען פרייטיק, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939. מיט פינף טעג שפּעטער, מיטוואָך, דעם 6־טן סעפּטעמבער, האָט די דייטשע אַרמיי פאַרנומען די שטאָט.**

**די טויזנטער פאַליאַקן פון דייטשער אָפּשטאַמונג, וואָס האָבן געלעבט אין טאָמאַשאָוו און במשך פון דורות אָנגעהאַלטן די פריינדלעכסטע באַציאונגען מיט די יידישע שכנים, האָבן מיטן אָנקומען פון די נאַציס, אַראָפּגעוואָרפן די מאַסקעס און ווי פּריווילעגירטע „פאָלקס־דייטשן", גענומען יאָגן און פּלאָגן די שוצלאָזע יידן.**

**אין עטלעכע גאַסן: יעראָזאָלימסקאַ, בזשניטשנאַ, האַנדלאָוואַ, וואָסקאָדניאַ, פּאַלנאַ, פּיעקאַרסקאַ און אין נאָך טיילן פון איינִיקע געסלעך זענען צונויפגעטריבן געוואָרן אַרום 15 טויזנט יידן פון טאָמאַשאָוו און עטלעכע טויזנט יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך.**

**אין יאַנואַר 1942 האָבן די נאַציס אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג אַרומצוצוימען מיט שטעכיקע דראָטן די יידישע גאַסן, אָבער נאָך ביזן געטאָ האָבן שוין די נאַציס באַוויזן צו פאַרפייניקן הונדערטער טאָמאַשאָווער יידן, וועלכע זענען געפאַלן ביים בויען וועגן, רעגולירן דעם טייך וואָלבורקע און פאַרשידענע אַנדערע פיינלעכע אַרבעטן.**

**סוף 1942 (אָקטאָבער־נאָוועמבער) זענען די טאָמאַשאָווער יידן אָפּגעשיקט געוואָרן אין פאַרניכטונגס־לאַגער פון טרעבלינקע און דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן.**

**אין טאָמאַשאָווער געטאָ איז אין יאָר 1942 אומגעקומען**

דער צוואַנציק־יאָריקער, הויך־באַגאַבטער מאָלער־פּאָעט טאַ־דעוש באַרנשטיין, וועלכער האָט אין די לעצטע חדשים פאַר זיין טראַגישן טויט, ווי אין אַ טראַנס, געשריבן און געמאָלן ממש טאָג און נאַכט. ער האָט אָפּגעוואָרפן די אַנבאָטן פון זיינע פּוילישע פריינד וועגן אויסבאַהאַלטן זיך אויף דער אַרישער זייט. ער האָט זיך נישט געוואָלט צעשיידן מיט זיין מוטער.

נישט מער, ווי עטלעכע הונדערט טאָמאַשאָווער יידן זענען געבליבן ביים לעבן, געראַטעוועט זיך פון די נאַציש־לאַגערן, אין רוסלאַנד און אַלס קעמפער אין פאַרשידענע אַר־מייען און פּאַרטיזאַנער קעגן די דייטשן. די מערהייט פון זיי האָט גלייך פון דייטשלאַנד אויסגעוואַנדערט קיין ישראל. אייניקע צענדליק טאָמאַשאָווער יידן האָבן נאָך דער באַ־פרייאונג זיך אומגעקערט אין זייער היימשטאָט און געמאַכט אַ פאַרזוך צוריק צו באַנייען דאָס קהילה־לעבן. דער קעלצער פּאָגראָם פון יאָר 1946 האָט אָבער צונישט געמאַכט די פאַלשע האָפענונגען פון די דאָזיקע יידן און כמעט אַלע האָבן אויס־געוואַנדערט.

אין ווינטער 1957 איז צו די פינף פאַרבליבענע יידן צוגעקומען נאָך אַ ייד, ד״ר פּאַביאַן וואַרשאַווסקי, אַ זקן אין די הויכע זעכציקער, וועלכער איז באַפרייט געוואָרן פון אַ סאָוויעטישן לאַגער אין סיבר (ד״ר וואַרשאַווסקי ז״ל איז גע־שטאָרבן אין טאָמאַשאָוו אין יאָר 1964).

טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק געהערט צו די יינגסטע שטעט אין פּוילן. די פונדאַמענטן פאַר דעם דאָזיקן טעקסטיל־צענ־טער זענען געלייגט געוואָרן אין די יאָרן פון גרויסן אינ־דוסטריעלן אויפשוווּנג אין אייראָפּע אין מיטן פון 19־טן יאָרהונדערט — אין דער תקופה פון אַזוי גערופענעם „פּריי־לינג פון די פעלקער״.

דער בויער פון טאָמאַשאָוו איז געווען דער פּוילישער מאַגנאַט, גראַף טאָמאַש אָסטראָווסקי, וועלכער האָט אַ צייט געלעבט אין פראַנקרייך און אין ענגלאַנד. ער האָט געחלומט, אַז די שטאָט זאָל מיט זיך פאַרשטעלן אַ קאָמבינאַציע פון מאַנטשעסטער און פּאַריז.

ער האָט אָפּגעהיטן, אַז טאָמאַשאָוו זאָל נישט געבויט ווערן אויף דעם זעלבן כאַאָטישן אופן, ווי דאָס שכנותדיקע לאָדזש מיט אירע שמאָלע גאַסן און טאַנדעטנער אַרכיטעק־טור. ווי אַ וועלטלעכער מענטש מיט פּראָגרעסיווע אידייען, האָט גראַף אָסטראָווסקי געשטרעבט, אַז זיין שטאָט זאָל זיין אָפן פאַר אַלע פעלקער. צוזאַמען מיט דייטשע, רוסישע און שוועדישע קאָלאָניסטן האָט ער אויך איינגעלאַדן יידישע האַנט־ווערקער און סוחרים, וועלכע האָבן געהאָלפן לייגן דעם פונ־דאַמענט פאַרן נייעם ישוב. די יידן פון טאָמאַשאָוו האָבן זיך דעריבער תמיד געפילט ווי איינגעוואָרצלטע בעלי־בתים און מיטשותפים אין דער אַנטוויקלונג פון זייער שטאָט.

ביים סוף פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן די יידישע גבירים פון טאָמאַשאָוו געשטיצט די אויפגייענדיקע מאָדערנע העברעאישע ליטעראַטור. אין אַ גרויסער מאָס איז דאָס גע־ווען צו פאַרדאַנקען דער השפּעה, וואָס נחום סאָקאָלאָוו האָט געהאַט אויף די אויפגעקומענע טעקסטיל־גבירים פון טאָמאַ־שאָוו. זיי האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין געלט, כדי צו האָבן פאַר אַ לערער און דערציער פון זייערע קינדער דעם יונגן עילוי פון ווישעגראַד, וועלכער האָט שוין דאַן געשמט איבער גאַנץ פּוילן. דאָס איז געווען אין די יאָרן 1879—1880, ווען דער קוים צוואַנציק־יאָריקער נחום סאָקאָלאָוו איז שוין געווען באַקאַנט אַלס העברעאישער און פּוילישער שרייבער.

די קורצע צייט, וואָס סאָקאָלאָוו האָט געלעבט אין טאָ־מאַשאָוו, האָט ער באַוויזן צו געווינען די שטיצע פון די יידישע גבירים פאַר דער מאָדערנער העברעאישער קולטור און איר דעמאָלטיקער פעסטונג — די העברעאישע טאָג־צייטונג „הצפירה״, וועמענס רעדאַקציע עס האָט איבערגענומען סאָ־קאָלאָוו, ווען ער איז אַלט געווען קוים 21 יאָר.

דאַקעגן דער צווייטער דור פון די יידישע בויער פון טאָמאַשאָוו האָט זיך לגמרי אַסימילירט און געגעבן גרויסע פאַנדן פאַר פּוילישער קונסט און ליטעראַטור. די פּאַלאַצן פון די יינגערע יידישע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן אין טאָמאַשאָוו זענען געווען אין אומאָפּהענגיקן פּוילן די היים פון די מאָ־דערנע פּוילישע שרייבער און קינסטלער, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן. אין שפּיץ פון זיי איז געשטאַנען יוליאַן טובים, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין לאָדזש, אָבער די פרוכטבאַרסטע יאָרן פון זיין שאַפן, ווען ער האָט זיך אַנטפּלעקט אַלס דער מייסטער פון פּוילישן וואָרט, האָט ער פאַרבראַכט אין טאָמאַשאָוו.

אויך יוליאַן טובים איז געווען אַ לערער ביי די יידישע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן פון טאָמאַשאָוו. און אָט אין דער סביבה האָט דער יונגער פּאָעט באַגעגנט זיין צוקונפטיקע פרוי, סטעפאַניאַ מאַרכעוו, וועלכע האָט געשמט אין די קרייזן פון דער טאָמאַשאָווער יידישער בורזשואַזיע, ווי אַ זעלטענע שיינ־הייט.

דאָס קלערט אויף די רעטעניש, ווי אַזוי יוליאַן טובים, וועלכער האָט געשטאַמט פון פאַררויכערטן, פּראָזאַאישן לאָדזש, האָט אין דער נייער פּוילישער פּאָעזיע אַריינגעבראַכט אַזאַ'אַי־בערראַשנדיקע רייכקייט, פאַרביקע נאַטור־שילדערונגען און אַזאַ לויטערן און פרישן ליריזם. דאָס איז געווען די ווירקונג פון דער ווונדערלעכער נאַטור אַרום טאָמאַשאָוו, ביי די ברעגן פון טייך פּיליצאַ, די פּרעכטיקע סאָסנע־וועלדער, די מאָלע־רישע אַזיערעס און רחבותדיקע פעלדער, וואָס רינגלען אַרום די שטאָט.

טאָמאַשאָוו איז אויך געווען אַ פעסטונג פון אָרטאָדאָק־

סישן יידנטום מיט ישיבות און חדרים. אין די ערשטע יאָרן פון אומאָפּהענגיקן פּוילן האָבן אין טאָמאַשאָוו זיך אויך גענו־מען אַנטוויקלען וועלטלעכע יידישע אינסטיטוציעס מיט שולן, קלובן און אַ גוט־רעדאַגירטע וואָכנצייטונג. פון טאָמאַשאָוו איז געקומען צום מאָדערנעם יידישן טעאַטער די באַגאַבטע אַקטריסע קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, פון דער היים באַראַדינאַ. די שיינע, טעמפּעראַמענטפולע קלאַראַ איז געבוירן געוואָרן אין כּאַרבין און ווי אַ יונג קינד איז זי מיט אירע עלטערן געקו־מען קיין טאָמאַשאָוו.

ווען איך בין געקומען קיין טאָמאַשאָוו און זיך געפרעגט, ווו עס וווינען יידן, האָט מען מיר אָנגערופן דעם נאָמען שמואל טאַלמאַן, אַ באַאַמטער אין שטאָטישן פּלאַנירונגס־אַמט. ער האָט זיך טאַקע גלייך באַפרייט פון דער אַרבעט און מיך גע־פירט איבער די חרובע געסלעך פון געוועזענעם געטאָ.

ער האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב, וואָס ער האָט פאַרוואַנדלט אין אַ מוזיי פון דער יידישער מאַרטיראָלאָ־גיע אין טאָמאַשאָוו. אויף די ווענט זענען געהאָנגען פאָטאָס פון געטאָ, באַזונדערס דעפּאָרטאַציע־סצענעס. עס האָבן זיך אויך געפונען בילדער פון ברענגען צו קבר ישראל די ביינער פון די טאָמאַשאָווער יידן, וועלכע זענען דערשאָסן געוואָרן דורך די נאַציס אין די אַרומיקע וועלדער.

אויף אַ טישל, וואָס איז באַדעקט געווען מיט אַ צעדרי־וולטן פּרוכת פון דער חרוב געוואָרענער שול, איז געשטאַנען אַ צעבראָכענע מעשענע מנורה און אַ גרויסע, קופּערנע קוואַרט — די לעצטע אויסגראָבונגען פון אונטער די חורבות פון טאָמאַשאָווער געטאָ.

# איינער פון די געראַטעוועטע

ז. זהבי (זשולטאָווסקי)

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, ווען די שוואַרצע וואָל־קנס האָבן פאַרדעקט די הימלען פון אייראָפּע, ווען די דייטשע האָרדעס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבער פּוילן, און בפרט אי־בער יידישע שטעט און שטעטלעך, האָט אים נאָך געפעלט 2 חדשים צו די 14 יאָר. נישט באַוויזן צו באַקומען די געהעריקע



אלתר־שלום זשולטאָווסקי

דערציאונג, האָט ער שוין געפילט די געפאַר פון די דייטשע רוצחים ביים וועלן פאַרשאַפן די עלטערן אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ פּאָר קאַרטאָפל.

גערופן האָט מען אים אין דער היים אַלטער־שלום. ער איז געווען דער יינגסטער פון 5 ברידער און שוועסטער. דערפאַר האָט אים זיין פאָטער געגעבן דעם נאָמען אַלטער־שלום, אַלס סימבאָל און ווונטש פון שלום אויף דער וועלט און ער זאָל דערגרייכן אַ טיפע עלטער.

זעענדיק די געפאַר, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף די יידן, האָבן די עלטערן געזאָגט צו אים: „קינד, ראַטעווע זיך, דו ביסט נאָך יונג, אָבער ווי אַזוי ?"

דאָס איז געווען אין די יאָרן 41—1940. די גזירות פון דער דייטשער בעסטיע זענען געפאַלן אויף די יידישע קעפּ אָן אויפהער. דאָס לעבן פון אַ ייד איז געווען אין סכנה אויף טריט און שריט, סיי אין די געטאָס און סיי אויסער זיי. האָט אַלטער־שלום באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון טאָמאַשאָוו צו זיין עלטסטן ברודער, וואָס האָט געוווינט אין אַ קליין שטעטל, אַ מהלך פון 80 ק"מ.

אין יענער צייט איז אַזאַ שריט געווען זייער ריזיקאַליש. טאָמאַשאָוו האָט געהערט צום גענעראַל־גאָווערנעמענט און דאָס שטעטל ווו זיין ברודער האָט געוווינט, האָט געהערט צום אַלט־רייך, ווי די דייטשן האָבן דאָן גערופן די דאָזיקע געביטן.

נאָך 2 נעכט פון גיין און בלאָנדזשען איז אַלטער־שלומען געלונגען אַריבערשוואַרצן די גרענעץ און אָנקומען צו זיין

ברודער, וועלכער האָט נישט געגלייבט זיינע אייגענע אויגן. ער האָט זיך שטאַרק צעוויינט, זיך פונאַנדערגעפּרעגט, וואָס מאַכן די עלטערן און די איבעריקע שוועסטער און ברידער, און ביידע האָבן זיך שטאַרק געפרייט פון דער באַגעגעניש.

דעם ברודער צו וועלכן אַלטער־שלום איז געקומען איז געווען דערלויבט זיך צו באַוועגן אויסער דעם געטאָ אין זיין שטעטל. ער האָט געאַרבעט ביי די דייטשן אין זיין פאַך אַלס מאלער, אין וועמען די דייטשן האָבן זיך געניייטיקט אַלס אין אַ גוטן פאַכמאַן.

ער האָט זיין יונגן, געקומענעם ברודער פון צייט צו צייט מיטגענומען צו דער אַרבעט, כדי ער, אַלטער־שלום, זאָל זיין „געדעקט" און נישט אַוועקגעשיקט ווערן אין אַן אַרבעטס־לאַגער.

אין אַ געוויסן טאָג, ווען אַלטער־שלום איז נישט מיטגעגאַנגען מיט זיין ברודער אויסער דעם געטאָ צו דער אַרבעט, איז ער געכאַפּט געוואָרן דורך דער יידישער פּאָליציי. און הגם זיין ברודער האָט געהאַט די פאַרזיכערונג פון דייטשן אַרבעטס־אַמט, אַז אויך שלום־אַלטער איז „אומבאַרירלעך", היות ער אַרבעט, האָט דאָך דער יודענעלטסטער פון שטעטל אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס ער איז נישט מיטגעגאַנגען דעם טאָג מיט זיין ברודער צו דער אַרבעט און אים אַוועקגעשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט אין אַ דייטשן אַרבעטס־לאַגער. דערמיט האָט ער באַפרייט אַן אַנדערן אויף זיין אָרט, פאַרוואָס ער האָט גענומען אַ סומע געלט. געהייסן האָט עס, ווי מען האָט געזאָגט אין שטעטל, די אַזוי־גערופענע אַקציע פון „נשמה־כאַפּערס", אָדער „אַ קאָפּ פאַר אַ קאָפּ".

די אינטערווענץ פון זיין ברודער אין דייטשן אַרבעטס־אַמט האָט שוין נישט געהאָלפן. מען האָט אים שוין געהאַט אַוועקגענומען.

קומענדיק אין דעם דייטשן אַרבעטס־לאַגער גוטענברון, פּויזנער געגנט, האָט דער יונגער, שוין 15־יאָריקער אַלטער־שלום, אין די ערשטע דריי טעג דערזען פאַר זיינע אויגן שוידערלעכע בילדער: יעדן טאָג ווערן געהאַנגען 3—4 יינגלעך אין זיין עלטער.

נישט לאַנג טראַכטנדיק, האָט ער מיט נאָך אַ יינגל אין זיך עלטער באַשלאָסן צו אַנטלויפן, אָבער ווי אַזוי? ווי אַזוי אַנטלויפט מען פון אַזאַ גהינום, ווען אויף יעדן טריט און שריט ווערט מען געהיטן דורך מערדערישע אויגן, דערצו איז דער לאַגער פאַרצוימט מיט עלעקטרישע שטעכל־דראָטן.

ביידע יידישע יינגלעך באַשליסן זיך אויף אַ געוואַגטן פּלאַן: זיי מאַכן אַן אונטערגראָבונג אין בלאָק און אין אַ פינצטערער נאַכט געלינגט זיי צו אַנטלויפן.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי געבלאָנדזשעט איבער פעלדער און וועלדער, וועגן און אומוועגן, נישט וויסנדיק וווּהין צו גיין, אַבי וואָס ווייטער פון לאַגער, פון געזיכערטן טויט.

אַזוי זענען זיי געגאַנגען אָן אַ ציל אויך אַ גאַנצן טאָג, מיט שרעק אין האַרצן נישט געכאַפּט צו ווערן דורך די דייטשע רוצחים.

דערווייל האָט דער הונגער און דורשט אָנגעהויבן פּייניקן אַלץ מער און די כוחות האָבן זיי גענומען פאַרלאָזן. ביז ענדלעך איז ווידער צוגעפאַלן די פינצטערע נאַכט.

אָט אַזוי זענען זיי אָנגעקומען אין אַ דאָרף, זיך אַריינגעגנבעט אין אַ פּויערישער סטאָדאָלע, זיך איינגעגראָבן אין שטרוי און איבערגענעכטיקט די ערשטע נאַכט אויף דער פריי.

נאָך אַ נאַכט פון טויט־שרעק האָבן זיי מיט די ערשטע זונען־שטראַלן זיך אַרויסגעשאַרט פון דער סטאָדאָלע און ווידער גענומען גיין אָן אַ ציל, אָבער ווי נאָר זיי האָבן זיך דערווייטערט אַ פּאָר מעטער פון דעם אָרט ווו זיי האָבן גענעכטיקט, זענען זיי געכאַפּט געוואָרן דורך געסטאַפּאָ־לייט און זיי זענען אָפּגעפירט געוואָרן אויף אַן אויספאָרשונג ווער זיי זענען.

צו זייער גרויס מזל האָבן זיי אויסגעזען ווי קריסטלעכע יינגלעך. צוערשט האָט מען אויסגעפאָרשט אַלטער־שלומס חבר. (ער האָט זיך אויך געראַטעוועט און לעבט אין פּאַריז). דערנאָך איז אויסגעפאָרשט געוואָרן אַלטער־שלום.

די ערשטע פראַגע פון דער געסטאַפּאָ איז געווען ווי ער הייסט. ער האָט געענטפערט, אַז זיין נאָמען איז „אָלעק" (אַזוי רופט מען אים ביזן היינטיקן טאָג). דער טאַטע הייסט אַדאַם, די מוטער אירענאַ. דעם פאַמיליען־נאָמען האָט ער זיי געזאָגט אַן עכט פּוילישן, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט „סקי".

נאָכן פאַרענדיקן די חקירה, וואָס איז באַגלייט געווען מיט קלעפּ און זידלערייען, האָט מען זיי ביידע איינגעזעצט אין תפיסה. נאָך איניקע טעג פון זיצן אין תפיסה האָט מען אָלעקן (אַלטער־שלום) אַוועקגעשיקט צו אַ דייטשן פּויער אין פּויזנער געגנט צו אַרבעטן אַלס „פּאַראָבעק". אָלעק האָט זיך געמוזט אויפפירן אויף אַלע געביטן ווי אַ קריסטלעך יינגל, געמוזט גיין יעדן זונטיק אין קאָשטשאָל, יעדן פריימאָרגן זאָגן דעם „פּאַטשעזש", קניענדיק דערביי פאַר דער „הייליקער מוטער".

אַזוי האָט אָלעק געלעבט און געאַרבעט ביים פּויער ביז די רוסישע אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט קיין פּוילן. ווען אָלעק האָט דערפילט, אַז עס דערנענטערט זיך די מינוט פון באַפרייאונג, האָט ער געכאַפּט די ברישקע מיט אַ פּאָר פערד, מיט וועלכע ער האָט יעדן זונטיק געפירט די בעלי־בתים אין קאָשטשאָל, און איז אַנטלאָפן — נאָר דאַסמאָל צו אַ פולשטענדיקער באַפרייאונג.

אָלעק איז אַריינגעטרעטן אין דער רויטער אַרמיי אַלס פרייוויליקער, אָבער זייענדיק מיט די רוסן עטלעכע וואָכן

און דערקענענדיק זיי נעענטער, האָט ער באַשלאָסן ווידער זיך באַנוצן מיט זיין אַלט־אויסגעפּרוווט מיטל (שוין צום 4־טן מאָל) און מאַכן ויברח.

ער האָט אָוועקגעוואָרפן דאָס געווער מיט די בגדים אין וואַסער און ער איז צוריקגעקומען צום שטעטל ווו זיין ברודער האָט געוווינט. דאָ איז ער געוווּיר געוואָרן, אַז זיין ברודער מיט דער פרוי האָבן די דייטשן אַרויסגעשיקט אין לאַדזשער געטאָ און די 3 קינדער — קיין כעלמנאָ אין קרעמאַטאָריום צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע יידן פון שטעטל. קיין יידן האָט ער דאָ מער נישט געטראָפן, אויסער איין ייד, וואָס האָט געלעבט מיט אַ קריסטין.

מורא האָבנדיק זיך פאַרטרויען, אַז ער איז אַ ייד, האָט אַלעק זיך באַגריסט מיט די פּאַליאַקן מיטן „ניעך בענדזשע פּאָכוואַלאָני" און באַשלאָסן וואָס פריער אַוועק פון דאַנען. דערווייל האָט ער זיך דערוווּסט, אַז עטלעכע יידן פון דעם שטעטל לעבן אין לאָדזש, און אַלעק איז אַוועקגעפאָרן אַהין.

קומענדיק קיין לאָדזש האָט ער זיך געטראָפן מיט באַ־קאַנטע, וואָס האָבן אים איבערגעגעבן, אַז זיין ברודער לעבט און געפינט זיך אַ קראַנקער אין דייטשלאַנד אין אַ סאַנאַ־טאָריע.

אין חודש מאַי 1946 קומט אַלעק קיין דייטשלאַנד אין אַ שטעטל ביי נירענבערג, ווו ער טרעפט זיך מיט זיין לעבנ־געבליבענעם קראַנקן ברודער, מיט וועמען ער פאַרבלייבט ביזן סוף יאָר 1947. דאַן באַשליסט ער אַוועק פון דייטשלאַנד וואָס שנעלער. ער קען נישט טרעטן אויף דער טומאהדיקער, מיט בלוט אָנגעזאָפּטער דייטשער ערד. אַלעק פאָרט קיין בעלגיע, ווו ער אַרבעט אין אַ קוילן־גראָבן. פון דאָרט פאָרט ער אַוועק קיין קאַנאַדע. זיין קראַנקער ברודער קומט צו זיך און פאַרלאָזט אויך די פאַרשאָלטענע דייטשע ערד און איז עולה קיין ישראל. דער קאָנטאַקט צווישן ביידע ברידער ווערט באַנייט.

היינט־צו־טאָג געפינט זיך אַלעק מיט זיין פרוי און 4 שיינע קינדער אין ניו־יאָרק.

אַזוי האָט זיך געראַטעוועט איינער פון די טאָמאַשאָווער יידן, וואָס האָט צענדליקער מאָל געזען דעם טויט פאַר זיינע אויגן. זיין נאָמען איז אַלטער־שלום זשולטאָווסקי.

# תינוק נולד במחנה

**א. סביר (סרוטר)**

בין שרידי עירנו שנותרו במחנה ההשמדה ברגן־בלזן מצאתי את לולה רוזנבלום (קנטורוביץ) ולה תינוקת בת חצי שנה בשם אילנה.

מפי הטומשובאים שסובבו אותי בבקורי הראשון במחנה שמעתי סיפור מרטיט־נפש על מבצע העזרה של בנות־טומ־שוב שהיו יחד עם לולה במחנה, כדי לשמור בסוד את הריונה ולידתה של התינוקת, כי גילוי הדבר פירושו היה מוות מידי לאם ולילדה.

נדמה לי שבין כל בנות עירי היה זה המקרה היחידי של שמירת הריון ולידה במחנה בתנאים כה אכזריים ולא אנושיים. הדבר נגע לליבי באופן מיוחד וזכורני שבשובי לאנטוורפן, מקום בסיסי שבבריגדה העברית, התרוצצתי כמה ימים כדי למצוא זוג נעלי־תינוק בחנויותיה הריקות של העיר. כאשר הצלחתי להשיגן והבאתי את הנעלים בביקורי השני לאם התינוקת, לא היה גבול לאושרה.

תכננתי להעביר אותן לארץ ישראל דרך הולנד ובלגיה, איפה שהבריגדה קיימה מחנות העברה זמניים בשביל ניצולי השואה, לפני עלייתם ארצה.

באותו זמן העברתי כמה מבני עירי דרך הגבול, כשהם מחופשים כחיילים בריטיים ובדרך זו תכננתי גם להעביר את האם והתינוקת.

היות שבאותו זמן קבלתי חופש ואפשרות לחזור לארץ לאחר כמה שנים של היעדרות ממנה, נשללה ממני היכולת להגשים את הדבר אישית. משום כך בקשתי את אולש ז'לינסקי, היום קצין־רפואה ראשי בצה"ל, — בן טומשוב, שהיה ביחידה אחת אתי, בגדוד הראשון של הבריגדה העברית, שיבצע את הדבר.

אולש הסכים מיד, כי היה גם בן־משפחה ללולה. קבענו מקום ותאריך הפגישה עם לולה בגרמניה. מסיבה לא ידועה לי עד היום היא לא הופיעה ואולש חזר מאוכזב ליחידה בלי לולה ותינוקה.

סוף טוב הכל טוב. אחרי שנה־שנתיים הגיעה לולה ארצה עם ילדתה אילנה.

בכל עת שאני פוגש את אילנה, שהיא כיום סטודנטית חמודה, חייכנית ומקסימה, אני רואה לפני „תינוקת וזוג נעלים לרגליה" ואת אמה שבגבורה וסבל לא יתואר ילדה אותה במחנה מוות שבגרמניה.

## באריכטן

# נאך דער באפרייאונג אין דייטשלאנד

**משה ווייסבערג**

דער טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט־פאַרבאַנד אין דייטשלאַנד איז געגרינדעט געוואָרן אין אויגוסט 1946 — אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון עטלעכע טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט, וועלכע האָבן זיך געפונען אין לאַנדסבערג.

די איניציאַטיוו־גרופּע האָט גערופן די ערשטע פאַרזאַמלונג פון אַלע טאָמאַשאָווער, וועלכע האָבן געוווינט אין לאַנדסבערג.

עס האָבן זיך פאַרזאַמלט ביז 30 טאָמאַשאָווער פון לאַנדסבערג און דער שרייבער פון די שורות האָט רעפערירט די צילן און אויפגאַבן פון דער פאַרזאַמלונג.

אַלס הויפּט־ציל איז אַרויסגערוקט געוואָרן: נישט פאַרגעסן די טראַגיש־אומגעקומענע פאַמיליעס פון אונדזער שטאָט און איינאָרדענען אַ טרויער־אַקאַדעמיע, געווידמעט דעם 4־טן יאָרטאָג פון אומקום פון אונדזערע קדושים. די אַקאַדעמיע זאָל פאָרקומען אין לאַנדסבערג, ווייל דאָ איז פאַראַן די גרעסטע צאָל טאָמאַשאָווער און דאָ איז דאָס פּאַסיקסטע אָרט.

עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ צייטווייליקער קאָמיטעט אין פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: פאָרזיצער — מ. ווייסבערג, קאָמיטעט־מיטגלידער — י. קירשבוים, אל. גאַרפינקעל, מ. זילבערבערג און ד. זינגער. דער קאָמיטעט איז ענערגיש צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן די טרויער־אַקאַדעמיע, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 17־טן נאָוועמבער 1946. אויף דער אַקאַדעמיע זענען געווען אַנוועזנדיק אַן ערך 200 לאַנדסלייט פון אַלע עקן דייטשלאַנד.

אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער אַרבעט פון דעם צייטווייליקן קאָמיטעט, איז די טרויער־אַקאַדעמיע אויפן בית־עולם, ביי לאַנדסבערג, אַדורך ווי געהעריק.

באַלד נאָך דער אַקאַדעמיע האָט דער ח' מ. ווייסבערג אַרויסגערוקט צוויי פאָרשלאָגן: 1) באַשליסן צו בויען אין ארץ־ישראל אַ דענקמאָל פאַר אונדזערע 15 טויזנט געפאַלענע קדושים, 2) אויפלייזן דעם צייטווייליקן קאָמיטעט און אויסקלויבן אַ סטאַבילן קאָמיטעט. ביידע פאָרשלאָגן ווערן איינשטימיק אָנגענומען.

אין קאָמיטעט פון טאָמאַשאָווער פאַרבאַנד זענען אויסגעוויילט געוואָרן פאָלגנדיקע לאַנדסלייט: ד"ר מילשטיין (באַמבערג), מ. ווייסבערג און א. גאַרפינקעל (לאַנדסבערג), מ. רייזבוים און ג. פּיאָטרקאָווסקי (פעלדאַפינג), אָסקאַר פישמאַן (אויגסבורג) און מ. מאַרקאָוויטש (היידענהיים).

די טעטיקייט פונעם קאָמיטעט ווערט אָבער שטאַרק באַשווערט צוליב דעם, וואָס די דערמאָנטע מענטשן וווינען אין פאַרשידענע שטעט, ווייט איינער פון אַנדערן.

איך פאַרשטענדיק זיך מיט די קאָמיטעט־מיטגלידער דורך דער פּאָסט, ווי אויך פערזענלעך. אַלע זענען איינשטימיק, אַז אין לאַנדסבערג זאָל זיך געפינען דער סעקרעטאַריאַט, וועלכער זאָל זיין באַפולמעכטיקט צו קאָנצענטרירן די גאַנצע טעטיקייט.

דער קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן פירן אַ ברייטע קאָרעספּאָנדענץ מיט אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטן אין ארץ־ישראל, אַמעריקע, לאָנדאָן און פּאַריז. דער הויפּט־ציל פון שרייבן איז געווען אויפפאָדערן אַלע אונדזערע לאַנדסלייט צו בויען אין ארץ־ישראל אַ הייליקן דענקמאָל פאַר אונדזערע קדושים.

גענוי ווי מיר דאָ, האָבן אויך אונדזערע לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל באַשלאָסן צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים מיטן שאַפן אַ טעקסטיל־פאַבריק אין תל־אביב א. נ. „מפעל טומשוב־מז.״ מיט אַ גרונט־קאַפּיטאַל פון פערציק טויזנט דאָלאַר, וועלכע דאַרפן געשאַפן ווערן אין דער פאָרם פון פאַרקויפן אַקציעס צווישן די מער פאַרמעגלעכע טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט אין די פאַרשידענע לענדער.

די פאַבריק דאַרף האָבן אַ פילפאַכיקע באַדייטונג:



ביי דער מצבה פון מאיר יצחק ליסאָפּראַווסקי ז"ל

1) טראָגן דעם נאָמען און זיין דער דענקמאָל פון אונדזערע קדושים.

2) באַשעפטיקן אונדזערע גראַטעוועטע טאָמאַשאָווער, וועלכע וועלן קומען קיין ארץ־ישראל.

די סיבה, צוליב וועלכער מיר האָבן זיך דאָ אָפּגעזאָגט פון יעדער סאָרט הילף פון אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע. מיר האָבן זיי אויסדריקלעך געשריבן, אַז זיי זאָלן די גאַנצע הילף, וועלכע זיי ווילן אונדז שיקן אין די לאַגערן אין דייטש־



די אזכרה פון דער טאָמאַשאָווער שארית הפליטה אין לאַגער קאַופרינג ביי לאַנדסבערג

3) מיטווירקן צו דער אַנטוויקלונג פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין אונדזער אייגן לאַנד, אַלס רעהאַביליטאַציע פאַר דער פאַרניכטונג פון אונדזערע שאַפונגען אין די גלות־לענדער.

דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון כמעט דער גאַנצער באַקומענער קאָרעספּאָנדענץ פון ארץ־ישראל. דאָס איז געווען

לאַנד, איבערשיקן קיין ארץ־ישראל צו בויען דעם הייליקן מאָנומענט.

דעם 14־טן יוני 1947 איז גערופן געוואָרן קיין לאַנדסבערג אַ צוזאַמענטרעף פון טאָמאַשאָווער. אויף דער פאַרזאַמלונג זענען אָנוועזנד געווען אַלע טאָמאַשאָווער פון לאַנדבערג, ווי אויך אַלע קאָמיטעט־מיטגלידער און צו עטלעכע



די פאַרזאַמלטע גראַטעוועטע לאַנדסלייט אויף דער אזכרה אין לאַנדסבערג אין יאָר 1947.

פערזאָן פון יעדער שטאָט, ווו עס געפינט זיך אַ געוויסע צאָל טאָמאַשאָווער.

נאָכן אַדורכלייענען די דערהאַלטענע קאָרעספּאָנדענץ איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט פון פאָרזיצער. אַלע אַנוועזנדיקע האָבן אַקצעפּטירט די ביז איצטיקע טעטיקייט פון לאַנדסבערגער סעקרעטאַריאַט און באַשלאָסן אויף להבא צו פאַרגרעסערן די צאָל קאָמיטעט־מיטגלידער. מיטן צוקאָאָפּטירן די געוועזענע מיטגלידער פון צייטווייליקן קאָמיטעט אין לאַנדסבערג.

גלייכצייטיק איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אין יעדער שטאָט, ווו עס געפינען זיך טאָמאַשאָווער, דאַרף זיין אַ פאָרשטער מיט וועלכן מיר זאָלן קענען שטיין אין פאַרבינדונג.

טער, וועלכע זענען טיילוויז איינגעפּלאָסן, האָבן מיר געהאָלפן 4 קראַנקע טאָמאַשאָווער.

מיר האָבן אויך פון די קליינע געלטער אויף די נייטיקסטע אויסגאַבן, ווי אויך אַלס פאָנד איינצואָרדענען די טרויער־אַקאַדעמיע, געווידמעט דעם 5־טן יאָרטאָג פון אונדזערע געפאַלענע טאָמאַשאָווער קדושים.

פון דעם זעלבן געלט דעקן מיר טיילוויז די הוצאות מיט וועלכע עס איז פאַרבונדן אונדזער אויסגאַבע: „חורבן טאָמאַשאָוו מאַז.", וועלכע דערשיינט צו דער 5־טער יאָרצייט.

מיר האָבן דאַן דערהאַלטן אַרום 50 בריוו און אַרויסגעשיקט 60 בריוו.



פרעזידיום צו דער אזכרה אין מינכען אין יאָר 1948.

אַלע פאַרזאַמלטע זאָגן צו ביישטייערן מיט אַלע מיטלען אויפצובויען דעם הייליקן דענקמאָל אין ארץ־ישראל.

עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן הילף פאַר אונדזערע קראַנקע און נויטבאַדערפטיקע מיט אייגענע מיטלען. צו דעם צוועק איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יעדער טאָמאַשאָווער דאַרף צאָלן אַ מאָנאַטלעכן בייטראָג. פון די דערמאָנטע געל־

אָט דאָס איז געווען די ריכטונג פון אונדזער טעטיקייט און געצילט דערמיט צו פאַרענדיקן אונדזער אַרבעט און צונויפשליסן זיך מיט אונדזערע לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל אין איין גרעסערער לאַנדסמאַנשאַפט, וועלכע האָט אין פיל הינזיכטן געדאַרפט דערמאָנען און פאַרטרעטן אונדזער אַמאָליקע שטאָט טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק.

# טאמאשאווער יידן אין פראנקרייך

מאַקס גערשאָנאָוויטש

ביז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען געקענט ציילן אויף די פינגער די צאָל טאָמאַשאָווער אין פראַנקרייך. ערשט אַרום 1920 האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען עמיגראַנטן פון אונדזער היימשטאָט, פאַר וועלכע די טויערן פון אַמעריקע זענען, וואָס אַמאָל אַלץ מער געשלאָסן געוואָרן.

לאַנגזאַם און מיט אַ כסדרדיקן צושטראָם האָט זיך געשאַפן אַ גרעסערע גרופּע טאָמאַשאָווער, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין פּאַריז, אַ קלענערע גרופּע אין צפון־פראַנקרייך. פּאַריז האָט צו זיך צוגעצויגן די אַלע, וואָס האָבן געהאַט די אַזוי גערופענע יידישע פאַכן, ווי, למשל, שניידער, היטלמאַכער, קאַמאַשנמאַכער, וואָס זענען דאָ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בייטלמאַכער.

שווערע טעג האָט אין יענער צייט דורכגעמאַכט דער יידישער עמיגראַנט פון פּוילן. ער איז געווען אָן געלט, אָן שפּראַך־קענטעניש, געאַרבעט שווער און פון זיין פאַרדינסט האָט ער אַ גרויסע טייל אַוועקגעגעבן פאַרן האָטעל־צימער.

אין יענער צייט איז נישט געווען קיין שום יידישע אינסטאַנץ, וואָס זאָל אים העלפן אַפילו מיט אַן עצה. עס האָט אויך נישט עקזיסטירט קיין יידישע טאָג־צייטונג, וואָס זאָל אים קענען אינפאָרמירן. עס איז אָנגעקומען זייער שווער צו באַקומען לעגאַלע פּאַפּירן אויף אַרבעט־רעכט. עס איז געווען שווערער, ווי היינט, צו באַקומען נאַטוראַליזאַציע.

אָפּגעריסן פון עלטערן און פון קרובים, פון חברים מיט וועלכע ער האָט פאַרבראַכט זיין גאַנצע יוגנט, האָט דער טאָמאַשאָווער עמיגראַנט, פּונקט ווי די עמיגראַנטן פון אַנדערע



גרינדונגס־קאָמיטעט פון טאָמאַשאָווער פאַרבאַנד אין פראַנקרייך אין יאָר 1929/30

עס זיצן אין דער ערשטער ריי, פון לינקס אויף רעכטס: איטשע אייזענמאַן, בערעק (דב) ציגלער, סאַמועל סקורניצקי, איטשקע נייבערג (פּרעזעס); זלמן קוזניעצעוו, זשאַק רובין, קעניגקייט, פנחס כץ. עס שטייען פון לינקס אויף רעכטס: שלמה אייכענבוים, אברהם דלוזשנאָווסקי, לאזאר פוקס, זשאַק ברוין, אייכענבוים, זשאַק פרענקעל, מרדכי גערשאָנאָוויטש.

פוילישע שטעט, אָדער רוסלאַנד, געזוכט צו טרעפן באַקאַנטע פון דער אַלטער היים מיט וועמען ער וואָלט זיך געקענט צו־נויפרעדן און ווייניקער פילן די איינזאַמקייט.

דעמאָלט איז אויפגעקומען דער געדאַנק וועגן גרופּירן זיך און שאַפן אַ היימישע סביבה פון לאַנדסלייט. לייכט איז עס נישט אָנגעקומען. די ערשטע פּרוּוון צו שאַפן אַזאַ פאַר־באַנד (אָדער „סאָסיעטע", וואָס באַצייכנט אויף פראַנצויזיש יעדע גרופּירונג פון עטלעכע מענטשן אויף סאָציאַלע, אָדער פילאַנטראָפּישע יסודות), זענען געמאַכט געוואָרן פון אייניקע לאַנדסלייט, ווי צ.ב. דוד וויינראַט, שמעון קעניגקייט, ברוך ראָזענבלום. אָבער די פּרוּוון זענען נישט געלונגען. ערשט דעם 12־טן יאַנואַר 1929 איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ פאַרבאַנד אונטערן נאָמען „פריינד פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק".

דער עשטער פּרעזעס, וועלכן מען קען אָנרופן אַלס פּאַק־טישן גרינדער פון דער סאָסיעטע, איז געווען זשאַק נייבערג, פון דער היים איטשקע ישכר טישלערס אַ זון. ער האָט אַוועק־געגעבן זיין צייט און מי, כדי דער פאַרבאַנד זאָל זיך אַנט־וויקלען און אַוועקגעשטעלט ווערן אויף יסודות פון קעגנזיי־טיקער הילף, בפרט נאָך פאַר נייע־אָנגעקומענע עמיגראַנטן, וועמענס צאָל עס איז געוואָרן מיט יעדן יאָר גרעסער.

עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ קראַנקן־קאַסע, ווו יעדער מיטגליד האָט באַקומען מעדיצינישע הילף ביי דעם דעמאָלטיקן ערשט געענדיקטן טאָמאַשאָווער דאָקטאָר וויינ־בערגער, מיט וועמען דער פאַרבאַנד האָט געהאַט אַ ספּעציעלן אָפּמאַך.

אויפן קולטורעלן געביט איז די טאָמאַשאָווער סאָסיעטע




ADMINISTRATION & BUREAU
de la ANNEÉ 1929

Président d'Honneur Rabin Liber
Président de la Societé Najberg J.
22, Rue Bafroi Paris XI
Vice Presidents Kuznietzoff S.
» » Skornicki S.
Secrétaire Général Cygler B.
Secretaire Adjoint Eichenbaum S.
Tresorier Rubin J.
Caissier Saldman L.
Président Sanitaire Fucks L.
90, rue Pixerecourt XX
Membres du Bureau Braun F.
» » Dluzniewski A.
» » Gerszonowitz M.
» » Frenkel J.
» » Seidenbeutel A.
Controleurs Kenigkeit S.
» Aizenman J.
» Katz P.

נייבערג זשאַק, גרינדער און פּרעזעס פון דער טאָמאַשאָווער „סאָסיעטע" אין פראַנקרייך




פון דער

טאָמאַשאָווער
מאַזאָוויעצקער
סאָסיעטע אין פּאַריז

געגרינדעט דעם 12 יאַנואַר 1929



האַפּטזיץ 22 רו באַפראָ פּאַריז 11־טן אַראָנדיסמאַן

9. Rue Jules-Verne - דרוקעריי .פּראָגרעס.

MEMBRES FONDATEURS
de la SOCIETÉ LES AMIS
de TOMASZOW MAŻOWIECKI

1. Najberg Isaac J.
2. Rubin Jacob
3. Cygler Berek
4. Wajnrot Dawid
5. Braun Fischel
6. Braun Jacob
7. Dlusniewski Abram
8. Zeldman Mayer
9. Eichenbaum Aron
10. Eichenbaum Szlama
11. Lubochinski Abram
12. Gerszonowicz Mordka
13. Wattenberg Jacob
14. Masler Moïse
15. Katz Paul
16. Freilich Abram
17. Friser Faiwel
18. Granat Jacob
19. Szmul Zalman

געווען און געבליבן די איינציקע, וואָס האָט געוואַגט אַרויס־צוגעבן צו איר צוויי־יאָריקער עקזיסטענץ אַ יובליי־אויס־גאַבע פון 10 זייטן. די אויסגאַבע האָט געהייסן „די נייע היים" און זי איז צונויפגעשטעלט געוואָרן בלויז פון לאַנדסלייט. זי האָט געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג אויף דער יידישער גאַס אין פראַנקרייך און אויך אין בעלגיע. די רעדאַקציע־קאָלעגיע איז באַשטאַנען פון די חברים: בעריש ציגלער, סאַמועל סקור־ניצקי און מרדכי גערשאָנאָוויטש.

כדי צו פאַרשטיק, ווי אַזוי עס איז אָפּגעשאַצט געוואָרן אין יענער צייט די אַנטשטייאונג פון טאָמאַשאָווער פאַרבאַנד אין פאַריז, איז כדאַי צו דערמאָנען אייניקע אויסצוגן פון די באַגריסונגען, וועלכע זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער יובליי־אויסגאַבע.

לאָמיר אָנהייבן פון הויפּט־גרינדער זשאַק נייבערג, וועל־כער שרייבט: „מיין וואַנדערן האָט מיך איבערצייגט, אַז ווו עס געפינען זיך אייניקע לאַנדסלייט, קען מען די איינזאַמקייט פאַרטרייבן. יעדער איינער פון אונדז האָט דורכגעמאַכט דעם זעלביקן פּעקל פון איבערלעבונגען. קען מען זיך דעריבער גרופּירן אין אַ היימישער סביבה, וואָס זאָל אַריינברענגען אַ ביסל וואַרעמקייט אין טאָג־טעגלעכן לעבן פון דער גרויסער



ערשטע זומער־קאָלאָניע פון טאָמאַשאָווער קינדער אין פראַנקרייך אין דער קינדער־היים פון פרוי אייכענבוים (צווייטע ריי, לינקס). אין צענטער זיצט פרעזעס לאזאר פוקס, הינטער אים שטייט סאַניטאַר שמואל פליגעלמאַן.



דער לעצטער קאָמיטעט ערב דער וועלט־מלחמה, 1939

עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס: מאַרעק קירשטיין, שליבאָווסקי (אומבאַ־קאַנט), בעיסקי, לובאָכונסקי, פליגעלמאַן. עס זיצן פון רעכטס: יוסף ברוין, זישע קימעלפעלד, לאזאר פוקס, אברהם פריי־ליד, לעאָן וואַטענבערג.

פרעמדער שטאָט. איך ווינטש אַ לאַנג לעבן אונדזער פאַרבאַנד און דאַנק אַלע חברים, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן דעם ציל צו פאַרווירקלעכן״.

און אַט איז אַן אויסצוג פון די ווערטער פון משה דלוזשנאַווסקי: „איך בין פון די נאָר וואָס געקומענע עמיגראַנטן, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אין שטעטל דעם לעצטן פרילינג און דעם שטילן גרויזאַנג פון שלווה. מיט יענעם אַלעם האָב איך זיך געזעגנט און מיטגענומען מיט זיך עפּעס אַ מאָדנע בענקשאַפט. כ׳האָב געוואָלט באַגעגענען אין דער גרויסער שטאָט נאָענטע מענטשן, צאַרטע בליקן פון וואַרעמע אויגן, וואָס זאָלן דערמאָנען מיין שטעטל. איך הייב מיין טאָאַסט לכבוד אייער שיינער אונטערנעמונג, מיין טאָאַסט לכבוד דער פריינדשאַפט פון אַלע הערצער״.

זשאַק וואַטענבערג שרייבט צווי. אַנד: „איך אַפּלאַדיר די אַנטשטייאונג פון טאָמאַשאָווער פאַראיין. איצט זעט מען ווייניקסטנס אַ לאַנדסמאַן. די גרויסע שטאָט מאַכט דעם מענטש פאַרשקלאַפט און פאַריאָגט. מען האָט נישט קיין צייט צו זען זיך מיט אַ לאַנדסמאַן און זיך צונויפרעדן. איצט איז דאָס לעבן פון אונדז, טאָמאַשאָווער, גאָר אַנדערש. מיר זעען זיך אָפט און דאָס האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם חבר איטשקע נייבערג. מיט שווערער מי האָט ער די טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט פאַראייניקט. ער איז אַרומגעלאָפן איבער אַלע הייזער, געקלאַפּט אין די טירן, ווי טוביה שמש מיטן האַמער און עס איז אים ענדלעך געלונגען צוזאַמענצוברענגען די צעוואָרפענע טאָמאַשאָווער נע־ונדניקער אין פאַריז.

ליידער האָט דער גרינדער נייבערג נישט געהאַט די זכיה צו לעבן גענוג לאַנג און צו זען, ווי זיין קליינע געביידע האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ גרויסן בנין מיט הונדערט און דרייסיק מיטגלידער. בעת אַ שווערער אָפּעראַציע איז ער געשטאָרבן אין יאָר 1935 אין בליענדיקן עלטער פון 37 יאָר.

דער צווייטער פּרעזעס, לאַזאַר פוקס, האָט אָנגעפירט מיטן פאַרבאַנד ביז 1939. ער געהערט צו דער גרויסער צאָל טאָמאַשאָווער דעפּאָרטירטע קיין אוישוויץ, וועלכע זענען נישט צוריקגעקומען.

ביים אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האָט אַ גרויסע צאָל טאָמאַשאָווער זיך אַנגאַזשירט אַלס פרייוויליקע אין דער אַרמיי. אַ טייל פון זיי איז געוואָרן אויסגעמישט אין פראַנצויזישע רעגימענטן. אַ גרעסערע צאָל האָט געדינט אין פרעמדן־לעגיאָן, אין וועמענס רייען אייניקע פון זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אויף די שלאַכטפעלדער. די וואָס זענען גענומען געוואָרן אַלס קריגס־געפאַנגענע איז געלונגען צוריקצוקומען אין זייערע היימען נאָך היטלערס מפּלה. דאַקעגן איז אַ גרויסע צאָל דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ פון די, וואָס זענען דעמאָביליזירט געוואָרן נאָך דער ווישי־קאַפּיטולאַציע און זיי זענען דאָרטן אומגעקומען. געראַטעוועט זיך פון די נאַצי־מערדער האָבן טאָמאַשאָווער אַזוי גוט, ווי אַנדערע הונדערטער און טויזנטער יידן פון פראַנקרייך, אַ דאַנק דער טאָלעראַנץ און דער מיטהילף פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג. פראַנצויזן האָבן אָפט ריזיקירט זייער פרייהייט און אַפילו זייער לעבן ביים אויסהאַלטן גאַנצע יידישע פאַמיליעס. די פראַנצויזישע אונטערערדישע באַוועגונג (רעזיסטאַנס) האָט באַזאָרגט יידן מיט פאַלשע אידענטיטעט־ און ברויטן־קאַרטן.



יעקב ווייסבראָט
פרעזעס פון טאָמאַשאָווער פאַרבאַנד אין פראַנקרייך

פון אונדזער היימשטאָט טאָמאַשאָוו האָבן מיר באַקומען צענזורירטע קאַרטלעך ביז יולי 1942, ווען מיר זענען געווען געצוווּנגען צוליב די גרויסע אַבלאַוועס און דעפּאָרטאַציעס, צו לעבן אין גאַנצן באַהאַלטן און געהיים. פון די פּאָסט־קאַרטלעך האָבן מיר גאָרנישט פאַרשטאַנען וועגן דעם גהינום, וואָס זיי האָבן דאָרט דורכגעמאַכט. קיינער האָט זיך נישט געקענט פאַרשטעלן וואָס דאָרט קומט פאָר מיט אונדזערע נאָענטע און טייערע. ווען מיר האָבן אין געהיים געהערט דעם ענגלישן ראַדיאָ וועגן אויסראָטונגס־לאַגערן און גאַז־קאַמערן, האָבן מיר עס אָנגענומען אַלס קריגס־פּראָפּאַגאַנדע. טיף אין האַרצן האָט מען געהאָפט, אַז מען וועט דערלעבן היטלערס מפּלה און דעמאָלט וועט מען ווידער באַקומען נייעס פון לעבנגעבליבענע קרובים און פון אונדזער אַלטער היימשטאָט.

גרויס איז געווען די אַנטוישונג און די פאַרצווייפלונג ווען עס זענען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות וועגן חורבן פון יידישן פּוילן און וועגן גורל פון אונדזערע נאָענטסטע און טייערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, וועלכע האָבן אַזוי



אַ גרופּע געראַטעוועטע שארית־הפליטה פון טאָמאַשאָוו אין פּאַריז



די לאַנדסלייט אויף אַ יזכור־אָוונט אין יאָר 1966, ביים דערנקמאָל פון יידישן מאַרטירער אין פּאַריז

טראַגיש געענדיקט זייער עקזיסטענץ אין גיהנום פון טרעב־לינקע.

אָבער די גרעסטע קאַטאַסטראָפעס און טראַגעדיעס, קאָ־לעקטיווע און אינדיווידועלע, שטעלן נישט אָפּ דעם גאַנג פון דער געשיכטע. דאָס לעבן פאַרלאַנגט און פאָדערט פון מענטש, אַז כל זמן שהנשמה בקרבו זאָל ער גיין ווייטער און פאָרויס.

זייער שווער איז אָנגעקומען אין די ערשטע נאָכמלחמה־יאָרן צוריק אויפצולעבן דעם פאַרבאַנד. אָן פירער און אָן פי־נאַנסיעלע מיטלען זענען די לעבנגעבליבענע טאָמאַשאָווער אין פראַנקרייך געווען אָנמעכטיק צו פירן וועלכע עס איז פּאָזיטיווע טעטיקייט. דערווייל זענען אָנגעקומען געראַטע־וועטע פליטים פון פוילן און פון רוסלאַנד. זיי האָבן ליידער נישט באַקומען די הילף, וואָס זיי האָבן מיט רעכט דערוואַרט. ענדלעך האָט זיך געפונען אַ מענטש, דער חבר בעיסקי, גראָד נישט קיין לאַנדסמאַן, נאָר וועמענס פרוי איז פון די טאָמאַ־שאָווער ראָזענבערגס, און ער האָט אויף זיך גענומען די אי־ניציאַטיוו צונויפצושטעלן צוריק די סאָסיעטע. אַ דאַנק זיין גרויסער מי און איבערגעגעבענער אַרבעט איז געלונגען דעם פאַרבאַנד צוריק אויפצולעבן.

מיט דריי יאָר שפּעטער האָט דאָס פּרעזידיום איבערגע־נומען איטשע אייזנמאַן, אַ זון פון הויכן יאָס, וועלכער איז צוזאַמען מיט סאַמועל פּליגעלמאַן געווען און געבליבן די אַקטיווסטע קאָמיטעט־מיטגלידער אויפן געביט פון סאָציאַלער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין פאַרלויף פון איבער 20 יאָר עקזיסטענץ פון דער טאָמאַשאָווער סאָסיעטע אין פראַנקרייך.

ביים היינטיקן טאָג פירט אָן מיטן פאַרבאַנד ח׳ זשאַק וויסבערוויט, די גראַבע גיטלס אָן איניקל, וועלכער האָט גע־פונען אַזוי פיל סימפּאַטיע ביי אַלע טאָמאַשאָווער, אַז שוין 16 יאָר ווי ער איז פּרעזעס און עס האָט זיך נאָך נישט באַ־וויזן אַ קאַנדידאַט וועלכער זאָל איבערנעמען זיין פּלאַץ.

די אַרבעט פון אַ סאָסיעטע־פּרעזידענט איז נאָך די מל־חמה־יאָרן נישט געווען קיין לייכטע. אין די סאָסיעטעס, וואָס טראָגן נעמען פון די חרוב־געוואָרענע שטעט אין פוילן, און ווו עס האָט געדאַרפט הערשן אייניקייט צווישן די לעבנ־געבליבענע, הערשן טענדענציעזע פּאָליטישע מחלוקת און עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז מערערע סאָסיעטעס האָבן זיך געשפּאָלטן.

אַ דאַנק דער טאַקטישער און דיפּלאָמאַטישער פירונג פון זשאַק וויסבערוויט צוזאַמען מיטן קאָמיטעט אין וועלכן עס זענען געווען פאַרטראַטן מענטשן מיט פאַרשידענע אידייען, איז געלונגען דעם טאָמאַשאָווער פאַרבאַנד איינצוהאַלטן די אייניקייט און צו בלייבן צוזאַמען.

אויף וויפל עס האָבן דערלויבט די פינאַנסיעלע מעגלעכ־קייטן, האָט די סאָסיעטע אָנטיילגענומען אין אַלע אַקציעס, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט העלפן מדינת ישראל, ווי למשל די סיני־אַקציע.

אין פאַרלויף פון דריי יאָר זענען אַלע אונטערנעמונגען געווען געווידמעט דער ליי־קאַסע פון די טאָמאַשאָווער אין ישראל צו העלפן איינאָרדענען פריש־געקומענע עולים.

דער פּאַריזער פאַרבאַנד האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער דעלעגאַציע, וואָס איז געפאָרן קיין פוילן צו דער אַנטהי־לונג פון דענקמאָל אין טרעבלינקע. אין דער זעלבער צייט איז אויך באַזוכט געוואָרן אונדזער חרוב־געוואָרענע יידישע היים־שטאָט טאָמאַשאָוו. אונדזער גרופּע איז באַשטאַנען פון חיים אייזענבוים מיט זיינס אַ שוועסטער, שלמה מאַדזעווסקי, די



אַ גרופּע אַקטיווע לאַנדסלייט פאַרן יזכור־בוך אין פּאַריז.

פון רעכטס שטייען: ירחמיאל ראָזענ־בלום, מאָריץ לאַסקי, מאַקס גערשאָנאָ־וויטש, שלמה מאַדזיעווסקי, באַלבין און קאַטושעווסקי זשאַק. ס׳זיצן פון רעכטס: ברוך ווייס, חיים אייכענבוים, פּרעזעס זשאַק וויסבערוויט, זשאַק צעטער, זשאַק פרענקעל, אַער.

צוויי שוועסטער נחמה און שבע פון דעם היים אַלטפעלד, ווי אויך דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות.

### אונדזער באַזוך אין טאָמאַשאָוו

אויב מען זאָל וועלן היינט אָנרופן טאָמאַשאָוו אַ שטאָט, דאַרף מען זיך אַוועקזעצן אויף דער נאַקעטער ערד אין סאַמע מיטן מאַרק, דאָרט ווו עס האָט געברויזט און גערוישט דאָס פילפאַרביקע לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג און ווי ירמיהו האָט אויסגערופן: „איכה ישבה בדד העיר”.

צוויי יידן האָבן מיר געטראָפן אין שטאָט, ווו עס האָבן געלעבט קנאַפּע 15 טויזנט יידן. און ווי אַזוי זאָל מען דערקלערן די אָנוועזנהייט פון די צוויי יידן — מיט מוט אָדער מיט פשוטער רעזיגנאַציע — וואָרעם וואָס פאַראַ איבערמענטשלעכן קוראַזש דאַרף מען האָבן, כדי צו לעבן, אַרומצוגיין בייטאָג און ביינאַכט אין די גאַסן פון אונדזער היימשטאָט, ווו יעדע שטוב, יעדעס הויז דערמאָנט דורות איינגעוואָרצלטע יידישע משפחות. האָבן דאָך די ווענט פון די אַלטע הייזער איינגעזאַפּט זייערע פריידן און לײדן, זייער צער און גליק. איינגעביסן האָבן זיי זיך אין דער פרעמדער ערד, פון וועלכער זיי האָבן געצויגן זייער יניקה און געקלערט וועגן אַן אייביקן קיום. פון די אַלטע ערטער קוקט אַרויס אַן אימהדיקע פוסטקייט. אַפילו די, וואָס וווינען דאָרט היינט, זעען אויס ווי




דענקמאָל־מצבה אויפן פאַריזער יידישן בית־עולם, לזכר די טאָמאַשאָווער יידן, דערמאָרדעטע דורך די דייטשע רוצחים. דער טעקסט אין פראַנצויזיש: „די טאָמאַשאָווער סאָסיעטע, פאַר אירע מאַרטירער דערמאָרדעטע דורך די נאַציס”.

שאָטנס. די גאַנצע שטאָט זעט אויס ווי אַ גרויס אומעטיק דאָרף.

דאָס איינציקע אָרט, וואָס ציט אַ ייד, וועלכער באַזוכט היינט טאָמאַשאָוו, איז דער בית־עולם. דאָ וואָלט מען יאָ געדאַרפט דערקענען, אַז אין דער שטאָט האָבן געלעבט אַ סך יידן און עס האָט עקזיסטירט אַ גרויסע יידישע עדה. אָבער די דייטשע באַרבאַרן האָבן באַוויזן, אַז זיי זענען פעאיק אומצוברענגען אַ צווייט מאָל די יידן, וועלכע האָבן נישט געהאַט די טרויעריקע פּריווילעגיע אָנצוקוקן זייער חיהשן פּרצוף. פון דעם אַלטן בית־עולם האָבן זיי אַרויסגעריסן די מצבות און מיט זיי אויסגעברוקירט די גאַסן פון טאָמאַשאָוו. נאָך דער מלחמה האָט מען די מצבות צוריקגעבראַכט, גאַנצע און צעבראָכענע, און זיי אָוועקגעלייגט ביים הויפּט־טויער פון בית־עולם און זיי וואַרטן דאָרט אויף אַ תיקון.

מיר, די קליינע גרופּע פון פּאַריז, צוזאַמען מיט די לעבנגעבליבענע טאָמאַשאָווער, וועלכע ווינען היינט אין לאָדזש, האָבן פאָרגעלייגט אַ פּראָיעקט, אַז פון דעם באַרג צעבראָכענע מצבות זאָל מען אויפשטעלן אַ דענקמאָל פאַר דער אומגעקומענער יידישער באַפעלקערונג. דער פּלאַן איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן טאָמאַשאָווער שטאָטראַט, ווו עס אַרבעטן אויך די צוויי דאָרט געבליבענע לאַנדסלייט: קאָנטאָראָוויטש און טאַלמאַן. דאַקעגן האָט געדויערט זייער לאַנג ביז דער פּראָיעקט איז אָנגענומען געוואָרן דורך די העכערע אינסטאַנצן פון לאָדזש און וואַרשע.

דערווייל האָבן מיר געמוזט דעם פּראָיעקט אָפּלייגן צוליב דער גרויסער אונטערנעמונג פון אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך, וואָס וועט בלייבן אָן שום ספק דער שענסטער און ווערטפולסטער דענקמאָל פאַר אונדזערע קדושים.

# די טאמאשאווער לאנדסלייט אין טאראנטא

חיים סאַמעלסאָן / טאָראָנטאָ

נאָך דער שרעקלעכער צווייטער וועלט־מלחמה, בעת וועלכער עס איז כמעט פאַרניכטעט געוואָרן דאָס פּוילישע יידנטום, האָבן די לעצטע מאָהיקאָנער, די קליינע שארית־הפּליטה פון די אַמאָליקע בליענדיקע יידישע ישובים אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך, געזוכט אַ מעגלעכקייט צו אַנטלויפן פון דער פאַרשאָלטענער פּוילישער ערד, אַן אַדורכגעזאַפּטע מיט טייכן יידיש בלוט און טרערן, און געפונען אַ מקום־מנוחה ווו צו בויען אַ ניי משפחה־לעבן.

די איינצלנע געראַטעוועטע, געטרודפטע און געפּלאָגטע, האָבן זיך צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט און אויך קיין קאַנאַדע איז אָנגעקומען אַ גרופּע טאָמאַשאָווער, וועלכע האָבן זיך מערסטנטייל קאָנצענטרירט אין דער שטאָט טאָראָנטאָ.

די געראַטעוועטע, וועלכע האָבן זיך דערצויגן און געלעבט אין איין שטאָט, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט די זעלבע טראַגעדיע, האָבן זיך אין דער פרעמד געפילט נאָענט, אָפּטמאָל ווי איין משפחה און עס איז אַנטשטאַנען אַ געדאַנק, אַז זיי דאַרפן זיך אָרגאַניזירן אין אַ לאַנדסמאַנשאַפט מיטן צוועק צו האַלטן זיך צוזאַמען, אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט די געראַטעוועטע פון טאָמאַשאָוו און אַנדערע שטעט און לענדער, קענען זיך געמיינזאַם העלפן, באַראַטן און פאַרברענגען אין פריייד און אין לייד.

עס איז אָבער געווען אוממעגלעך צו שאַפן אַ פאַרבאַנד פון אַזאַ קליינער צאָל לאַנדסלייט און צוליב דעם איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ געמיינזאַמער פאַרבאַנד פון אַלע לעבנגעבליבענע פון עטלעכע שכנותדיקע שטעט און שטעטלעך פון אַמאָליקן פּוילן.

אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון איניקע לאַנדסלייט איז צושטאַנדגעקומען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג וועגן שאַפן אַ לאַנדסמאַנשאַפט פון די טאָמאַשאָווער, פּיעטרקאָווער און בעלכאַטאָווער יידן אין טאָראָנטאָ.

מיט געמיינזאַמע כוחות האָבן די לאַנדסלייט פון די דריי שכנותדיקע שטעט געשאַפן אַ סאָסייטי, וועלכע שפּילט היינט צו טאָג אַ באַדייטנדיקע ראָל אין דעם יידישן לעבן אין טאָראָנטאָ.

מיר נעמען אָנטייל אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אויף דער יידישער גאַס זינט דער גרינדונג פון דער סאָסייטי, וואָס עקזיסטירט שוין עלף יאָר — פון דעם 17־טן נאָוועמבער 1957. מיר מיטאַרבעטן מיט דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס, פאַר די ציוניסטישע אינסטיטוציעס און פאַר אַנדערע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע צוועקן.

אין יאָר 1961 איז פאַראייביקט געוואָרן דער נאָמען פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט אין ספר הזכרון, וואָס געפינט זיך אין ישראל אין קיבוץ לוחמי הגיטאות.

ווער עס פאַראינטערעסירט זיך מיטן טראַגישן אומקום פון פּוילישן יידנטום וועט אין דאָזיקן בוך אויך געפינען מאַטעריאַל וועגן דער פאַרניכטונג פון אונדזער שטאָט טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן מיר געקויפט אַן איי־

גענעם בית־החיים. יעדעס יאָר ווערן איינגעאָרדנט אזכרה־אָוונטן צום אָנדענק פון אונדזערע פאַרניכטעטע קהילות און דערמאָרדעטע דורך די דייטשע הענקער. מיר באַטייליקן זיך אויך אין דעם פאַראייניקטן אַנטי־נאַצי־קאָמיטעט.

אין יוני 1967, בעת דעם זעקס־טאָגיקן קריג, ווען דער גורל פון ישראל איז געשטאַנען אין סכנה, האָט אונדזער סאָסייטי געזאַמלט 14.000 דאָלאַר פאַר זיכערקייט־צוועקן פון ישראל און פאַר דער טעטיקייט פון מגבית זענען מיר געוואָרן אויסגעצייכנט.

מיר האַלטן איצט ביים אויפשטעלן אַ מאָנומענט פאַר אונדזערע טראַגיש־אומגעקומענע. אונדזער וואָרט הערט זיך אין דער אָרטיקער פרעסע און אויך אין ראַדיאָ.

די דאָזיקע פאַרצווייגטע טעטיקייט האָבן מיר צוו. אַנד. צו פאַרדאַנקען אַ צאָל אַקטיווע טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט. עס איז כדאַי צו פאַרצייכענען די איבערגעגעבענע טעטיקייט פון פאָלגנדיקע אַקטיווע טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט:

פּרעזעס אברהם בערמאַנסקי מיט זיין פרוי ליובע (געבוירן גערענשטאַט), נח יאַקובאָוויטש מיט זיין פרוי פעלאַ (פון דער היים קאַטשקאַ), וועלכע שפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער סאָסייטי; אַברהם בעלזיצקי, איינער פון די גרינדער פון פאַראַנד מיט זיין פרוי בראָניא (לאָקעטש); ירחמיאל גערשטיין מיט זיין פרוי טאָבי; ברוך קאָסציושקאָ מיט זיין פרוי ריוועלע (שאָפמאַן); שעפּסל באָיאַרסקי מיט זיין פרוי ריווע (גערענשטאַט; דוד יאַקובאָוויטש מיט זיין פרוי לילי; אלעק ליכטענבערג מיט זיין פרוי נחמה (יאַקובאָוויטש); פּנחס קורץ און פרוי; יצחק האָפמאַן און פרוי, אָשר לאָקעטש מיט זיין פרוי טאָבי (קעניגשטיין) און אַנדערע.



אויסצוג פון אָנערקענונג־דאָקומענט לטובת דעם ישראל־מגבית איבערגעגעבן דעם טאָמאַשאָוו־פּיעטרקאָוו־בעלכאַטאָווער פאַרבאַנד אין טאַראָנטאָ, קאַנאַדע



אַ גרופּע טאָמאַשאָווער אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

עס שטייען פון לינקס אויף רעכטס: יצחק האָפמאַן און פרוי; דוד יאַקובאָוויטש; שעפּסל באָיאַרסקי און פרוי; נח יאַקובאָוויטש און פרוי; אברהם בערמאַנסקי און פרוי; אברהם בעלזשיצקי און פרוי; פּנחס קורץ און פרוי; רחמיאל גערשטיין און פרוי

# ביי די לאנדסלייט אין אויסטראליע

בנימין ווייסמאַן

אין יאָר 1951 האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער וווינונג פון ב. ווייסמאַן (מעלבורן) אַ גרופּע אַמאָליקע טאָמאַשאָווער לאַנדסלייט מיטן ציל צו גרינדן די לאַנדסמאַנשאַפט. אַלס פאָרזיצער איז געוויילט געוואָרן זכריה צימערמאַן.

צוליב דער קליינער צאָל טאָמאַשאָווער איז די טעטיקייט געווען אַ באַגרענעצטע. אין יאָר 1960 איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ גרעסערע לאַנדסמאַנשאַפט פון דער קליינער גרופּע שארית־הפליטה אין אויסטראַליע, פון די שכנותדיקע פוילישע שטעט: טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, ראַוואַ־מאַזאָוויעצקאַ און בזשעזין, ביי לאָדזש.

צו די אַקטיווע טוער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט געהערן: פאָרזיצער — בנימין ווייסמאַן (טאָמאַשאָוו); קאַסירער —



בנימין ווייסמאַן
פרעזעס פון פאַרבאַנד אין אויסטראַליע, אין קאַצעט־קליידער



זכריה צימערמאַן, ערן־פרעזעס פון פאַרבאַנד אין אויסטראַליע



אזכרה נאָך די טאָמאַשאָווער קדושים אין אויסטראַליע אין יאָר 1933

וו. ווילער (ראַווע), יצחק האָפּפּע און יעקב שפּערלינג (טאָ־מאַשאָוו); פּ. טושינסקאַ (בזשעזין); יעקב באַלבין, ס. קו־פּערשמידט, טאַשמאַ (ראַווע); מ. ווינטער (בזשעזין) און דער סעקרעטאַר י. בענסקי.

צו דער וויכטיקסטער טעטיקייט פון דער בשותפותדיקער לאַנדסמאַנשאַפט געהערט דאָס אָפּהיטן די יזכור־אָוונטן נאָך די פאַרניכטעטע קהילות אין די דאָזיקע שטעט, ווי אויך קעגנזייטיקע הילף, אויב עס איז נייטיק.

די הויפּט־אַרבעט רעקרוטירט זיך אַרום דער פינאַנסיע־לער הילף פאַר מדינת ישראל און עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין דער אַקטיווער אַרבעט פאַרן מגבית פאַרנעמט אונדזער קליינע לאַנדסמאַנשאַפט דעם צווייטן אָרט אין מעלבורן.

בעת דער 6־טאָגיקער מלחמה האָבן מיר באַוויזן צו שאַפן פאַרן מגבית 75.000 דאָלאַר.

עס פירט זיך אויך אַ געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייט און אונדזער לאַנדסמאַן בנימין ווייסמאַן, איז דער הויפּט־כוח, וועלכער קאָנצענטרירט די גאַנצע טעטיקייט.

עס דאַרף אָנגעוויזן ווערן אויף דער פאַרצווייגטער און פרוכטבאַרער אַרבעט פון אַמאָליקן טאָמאַשאָווער תושב בנימין ווייסמאַן, וועלכער איז טעטיק אין די וויכטיקסטע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין מעלבורן.

ער געהערט צום קאָמיטעט פוןביידע יידישע שולן: די פּרץ־שולע און שלום־עליכם־שולע. ער איז עקזעקוטיוו־מיט־גליד און ערן־קאַסירער פון דער עלטסטער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע „קדימה", מיטגליד אין פעדעראַלן ראַט פון די פּוילישע יידן אין אויסטראַליע, מיטגליד פון פעדעראַציע־קאָמיטעט פון אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן אין מעלבורן.

ב. ווייסמאַן איז איינער פון די טעטיקסטע מיטאַרבעטער פאַרן מגבית אין אויסטראַליע און אין דירעקטאָריום פון קרן היסוד.

כדאי אויך אונטערצושטרייכן מיט דער גרעסטער אָנער־קענונג די אַקטיווע הילף פון אונדזער לאַנדסמאַן ב. ווייסמאַן ביים שאַפן דעם יזכור־בוך אַלס דענקמאָל נאָך אונדזער אומפאַרגעסלעכער יידישער קהילה אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק.

## תמונות מן החיים הצבוריים, החברתיים והתרבותיים בעיר טומשוב

## בילדער פון געזעלשאַפטלעכן, אָרגאַניזאַציאָנעלן און קול־טורעלן לעבן אין טאָמאַשאָוו



ארגון נשים „עזרת חולים"

פרויען־פאַראיין „עזרת חולים" 1935

עס שטייען פון לינקס אויף רעכטס: ס. ניסענבאום, ס. קאַטשקאָוויטש, ד. בענטמאַן, ל. קאָרנבלום, ע. באָרענשטיין, ט. ראָזענבלום, ג. באַראַן

עס זיצן פון לינקס אויף רעכטס: ר. רייזבאום, ד. גערשאָנאָוויטש, ה. ראָזענבלום, ס. זיעמאָנסקאַ, י. גלאַס



כתה בבית הספר „התחיה"

אַ קלאַס אין דער העברעאישער פאָלקס־שול „התחיה"



כתה בגמנסיה העברית

אַ קלאַס אין דער יידישער גימנאַסיע 1925



כתה בבית הספר העממי של שצ'וצינר

אַ קלאַס אין דער פאָלקס־שול
פון שטשוטשינער
1926



כתה בבית הספר העממי של גלוגובסקי

אַ קלאַס אין דער פאָלקס־שול
פון גלאָגאָווסקי



פעילי הסתדרות הצופים

דער סקויטן־אַקטיוו
1919/20



קבוצת צופים

אַ גרופּע סקויטן
1916



תלמידי התיכוניים בהסתדרות הצופים

גימנאַזיע־שילער אין דער
סקויטן־באַוועגונג
1920



חברי ז׳.ט.ג.ס.
לפני מלחמת־עולם הראשונה

חברים פון זש.ט.ג.ס.
פאַרן ערשטן וועלט־קריג



קבוצת „ידידים" ב„השומר הצעיר"
1931



קבוצת „ארי" ב„השומר הצעיר"
1931



בחורים ידועים בעיר
בשנות השלושים

אַ גרופּע חברים אין די 30-קער יאָרן



קבוצת חברים של
„הליגה למען ארץ־ישראל העובדת"

אַ גרופּע חברים פון
„ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל"



נוער ציוני בטומשוב

ציוניסטישע יוגנט



כנס „ברית החייל"
בראש הצועדים — זאב בירנצווייג



מסיבת־פרידה מדב גרנק
בזמן עלייתו ארצה

חברים געזעגענען זיך מיט דב גראַנעק
צו זיין עולה זיין קיין א״י



חברי „גורדוניה" נפרדים מברוניה גוטליב
בזמן עלייתה ארצה

„גורדוניה"־חברים געזעגענען זיך
פון דער חברטע בראָניע גאָטליב



חברי „גורדוניה"

„גורדוניה"־חברים
1924

## שארית הפליטה — בני טומשוב אחרי המלחמה

## געראַטעוועטע לאַנדסלייט נאָכן קריג



קבוצה מבני טומשוב
על יד האנדרטה בטרבלינקה

אַ גרופּע טאָמאַשאָווער
ביים דענקמאָל אין טרעבלינקע



העצמות לקבורה

די ביינער צו דער קבורה



בבית הקברות בטומשוב
5 שנים לרצח יהודי העיר

אויפן בית הקברות אין טאָמאַשאָוו
צו דער 5־טער יאָרצייט נאָכן אומקום



עקסהומאַציע פון די ברידער־קברים נאָך דער באַפרייאונג



ד״ר וואַרשאַווסקי און יוזשעק שפּיעוואַק ביים דענקמאָל פאַר 15000 דערמאָרדעטע טאָמאַשאָווער יידן אויפן בית־הקברות.

## Ajnladung

*Der Komitet fun di geblibene Tomaszower-Maz. jidn hot dermit dem kowed ajnculadn Ajch ojf der*

## TROJER-AKADEMIE

*gewidmet der 5 jorcajt fun di gefalene Tomaszower-Maz. jidn.*

*Di Trojer-Fajerung kumt for Zuntik dem 9tn nowember 1947 in lokal fun Kino-zal in Landsberg, 3 azejger nochmitog.*

*Der Komitet.*

*Bamerkung: Cufor fun Münchener hojpt-banhof 5 fri, 12.42 mitog. Cufor mitn ojto 11 fri fun Münchener hojpt-banhof.*

Landsberger Verlagsanstalt




איינלאַדונג צו דער
5־טער טרויער־אַקאַדעמיע
אין לאַנדסבערג/לעך (דייטשלאַנד)
1947



מאלענדאַר פון די יארצייטן
נאך די טאָמאשאָווער מאַז.
קדושים

נאָך די יידן וואָס האָבן
געוווינט אין די גאַסן:

יעראָזאָלימסקאַ לינקס
פון פאָלנאַ
פאָלנא
טשיכאַ
ביזשנישנא
פאָלזרניאָוואַ
סלאָנעטשנאַ
גראַנישנאַ
וויעטשנאָשטש
(לינקע זייט פון סמאָלאַרסקאַ)
לעיוואַ
סמאָלאַרסקאַ

י״ט
חשון
תש״ג - 1942



פּיעקאַרסקאַ
כזשיזשאָוואַ
קראַמאַרסקאַ
מאַלא
האַנדלאָוואַ
זגאָישעל־צקאַ
בראַוואַ
ויסכאָרניאַ
וויעטשנאָשטש
(רעכטע זייט פון סמאָלאַרסקאַ)
יעראָזאָלימסקאַ
(רעכטס פון פאָלנאַ)

כ״א
חשון
תש״ג - 1942

יאָרצייט־קאַלענדאַר
נאָך די טאָמאַשאָווער קדושים
(אַרויסגעגעבן דורך דעם
שארית־הפליטה קאָמיטעט
אין דייטשלאַנד)



האזכרה בלנדסברג (גרמניה)
לזכר קדושי קהילת טומשוב
1947




די אַזכרה אין לאַנדסבערג 1947



24-טע אזכרה אין ישראל



נצולי השואה מבני טומשוב בישראל
בערב האזכרה, 1966

טאָמאַשאָווער שארית־הפליטה
אין ישראל
אויף דער אזכרה אין יאָר 1966





תמונות מן האזכרה ה־24 בישראל

יעקב אולמן

# במעלות קדושים

...וביום ההוא, כשהנדונים למוות הופקרו לחסדי קלגסי השטן ורגליהם הכושלות שרכו את דרכם האחרונה, ואיש תמך ברעהו וילדים כגוזלים המומים ונפחדים מאימת הנץ, ומשפחות משפחות קשרו נפש בנפש רעהו, בידעם ששערי המוות נפתחו לפניהם —

הם לא בכו ולא זעקו. רק מעיניהם התוהות והתובעות ניבט צער ושאלה אילמת אל העולם האכזרי ואל אותם הרוצחים שקנה־רוביהם הופנו לעבר השורות הנעות. ובלבותיהם השותתים דם התרוננה המנגינה עתיקת היומין „אלי, אלי, למה עזבתני"... והשמש זרחה על ראשיהם המושפלים ועוף השמים נס בבהלה מפני גוש האדם השחור.

...ויקדרו פני השמים והתחבאה השמש בין ענני החרון וזעם ורוח השטן מרחפת מעל פני הארץ. ותוהו ובוהו שולטים בין אדם לאדם שבצלם אלוקים נבראו. וקולות וברקים משסעים את מרומי היקום ורעמי הקללה מתגלגלים ברעש אבני בזלת: „שפוך חמתך על הגויים"...

אז, במצוקתם הנוראה, כשצבתי האינקוויזיציה הנאצית נסגרו מכל עבר, גברו תפילותיהם לבוראם לאל רחום וחנון, והתחזקו התפילות שבלב, וגברו הרעד, האנחות והגניחות קורעות הלב ושערי שמים סוגרים ומסוגרים... ודממה איומה מסביב.

„תשובה תפילה וצדקה מעבירים את רוע הגזירה", אבל, הגזירה של חדלון ואבדן מהשמים נגזרו ומעמקי השאול את לועם פתחו מול שארית יקירינו. וערפילי דמעות נוצצות נתלו בחלל האכזרי. וכמדומני שמי שלא ראה צערם של המובלים לטבח — לא ראה צער מעולם, כשזקן מצטער על נער ונער על זקן, אמהות על ילדיהן וילדים על אמהות, כשדורות של אבות ובנים נמחצים תחת ריחיי־השנאה והמשטמה האימתנית, כשעוללים ויונקים ומורי הדורות ודרדקיהם מועלים כקרבן דמים על מזבח הטמא של חלאת האנושות — האומה הגרמנית.

והיה זה בימי כ׳ וכ״ב חשון תש״ג, שנת מארה וקללה, אבדן, חרפה ורעב לאחינו. נסתמו כל שערי חסד ורחמים. וחורבננו לעולמים הונצח. דם בדם רעהו נשפך וזעקות השבר והחנק אל כסא היושב במרומים הגיעו. קבענו לעצמנו לקונן בימים אלה, ימי צום ותענית, אבל והספד על אבדן מחמדי נפשנו.

וכגבורי ישראל בכל הדורות, הם, הנאהבים והנעימים בחייהם שבמותם לא נפרדו, הלכו יחד שלובי זרוע לקראת עולם שכולו טוהר וזוהר, עולמם של קדושים וטהורים, שהועלו על עקידת הנצח, כשכנפי השכינה מעלים אותם מעלה מעלה השמימה...

## בקדושה ובטהר




אנו מעלים את זכרם של הורינו היקרים

את אבינו היקר

**פנחס גרשונוביץ' ז"ל**

את אמנו היקרה

**דיה גרשונוביץ' (לבית להמן) ז"ל**

שנרצחו על־ידי הגרמנים הנאצים ימ"ש

הבל על דאבדין ולא משתכחין

יהי זכרם ברוך!

ה' ינקום דמם!

המנציחים:

**בניהם: חיים־משה, מנחם ומאיר גרשונוביץ**

---

## לזכר עולם!




רעייתי הבלתי נשכחת

מרסל גרשונוביץ'

(מבית קריסט)

ז"ל

אשר נרצחה על ידי הנאצים במחנה המוות אושביץ

זכרה הרות בלבי לנצח!

**מאַקס גרשונוביץ'**

**פאריז**

---

## אַ מצבה

מיט יראת הכבוד און גרויס צער דערמאָנען מיר אונדזערע אומגעקומענע ברידער




פישל (פעליקס) גערשאָנאָוויטש

מיט זיין פרוי און קינדער

מרדכי (מאָריץ) גערשאָנאָוויטש

מיט זיין פרוי און קינד

וועלכע זענען אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס אין אוישוויץ

כבוד זייער אָנדענק!

די אין טרויער פאַרבליבענע

**וויקטאָר און עמנואל גערסאָן**

**מיט זייערע פאַמיליעס אין אַמעריקע**

**מאַקס גערשאָנאָוויטש — פאַריז**

**מיט יראת הכבוד**



דערמאָנען מיר דעם אַנטי־נאַצישן

קעמפּער אין דער רעזיסטאַנץ

**דניאל וויינטרויב** ז״ל

וועלכער איז פאַרפייניקט געוואָרן אין פאַרניכטונגס־לאַגער אושוויץ

ה׳ ינקום דמו!

**משפחת וויינטרויב**

פאַריז

---

**צום הייליקן אָנדענק**

אונדזערע טייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער, וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען אין לאַגער אושוויץ

פאָטער **שלמה נאַכמאַנאָוויטש** ז״ל

מוטער **בלומע נאַכמאַנאָוויטש** ז״ל

שוועסטערן: **חנה** און **בינע** ז״ל

ברידער: **גדליהו, אברהם, יצחק** און **משה** ז״ל

יהי זכרם ברוך!

**טאָכטער מאַרטאַ**
**און פאַמיליע באבעלעך**

פאַריז

---

**למצבת נצח**



בלב שבור ובצער רב אנו מזכירים

את בעלי ואת אבי הבלתי נשכח

**מנדל־וולף לוין** ז״ל

אשר נרצח על ידי הברברים הנאצים במחנה ההשמדה אושביץ

**רוזה ודוד לוין**

פאַריז

---

**לזכרון עולם**

דערמאָנען מיר אונדזערע טייערע און נאָענטע

אונדזער ליבן פאָטער **הענעך לאַנדסבערג**

אונדזער ליבע מוטער **צביה לאַנדסבערג**

שוועסטער **פרימעט**; ברידער **מענדל** און **שלמה**

וועלכע זענען אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע

זכרם לא ימוש מלבנו לנצח!

אין טרויער:

**ישראל לאַנדסבערג**

פאַריז

---

**צום אייביקן אָנדענק**

דערמאָנען מיר אונדזערע עלטערן

פאָטער **יעקב יעקובאָוויטש**

מוטער **פייגע יעקובאָוויטש**

שוועסטער **רוזשע־העלטשע**

ברידער **לייביש** און **יוסף**

מיט זייערע פרויען און קינדער

וואָס זענען אַזוי אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס אין טרעבלינקע — כ״ג חשון תש״ג

אין טרויער געבליבענע

**מענדל יעקובאָוויטש**
**און פאַמיליע**

פאַריז

---

**על אלה אני בוכה:**

לזכר רעייתי **מינדל קראסקאָפּף**

ילדי **ישעיהו, הערצקע**

אחי **זיינוול, הערש, ליפּע, שלמה**

כבוד לזכרם!

**קראסקאָפּף אברהם**

פאַריז



## לזכרון עולם

דערמאָנען מיר אונדזער אומפאַרגעסלעכן פּרעזידענט

**לאַזאַר פוקס** ז״ל

ווי אויך אונדזערע מיטגלידער: **אברהם לייביש פוקס** און פרוי ז״ל

וואָס זענען אכזריותדיק פאַרפייניקט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע רוצחים אין אושוויץ

כבוד זייער אָנדענק!

**די אין טרויער פאַרבליבענע משפחות**
**און דער פאַרבאַנד פון**
**טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצקער אין פראַנקרייך**

---



## צום הייליקן אָנדענק

פון מיין ליבן פאָטער **בינעם קימעלפעלד** ז״ל
מיין ליבער מוטער **חייקע קימעלפעלד** ז״ל
מיין ליבן ברודער **זישע קימעלפעלד** ז״ל

וואָס זענען טראַגיש דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצישע מערדער
אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע

ה׳ ינקום דמם! יהי זכרם ברוך!

אין אייביקן טרויער:

**דוד קימעלפעלד** און פאַמיליע

פּאַריז

---





## לזכרון נצח

פאַראייביק איך

מיין טייערן פאָטער **וועלטמאַן הערשל** ז״ל
מיין טייערן מאַן **סטאָפּניצקי מאָניעק** ז״ל

וועלכע זענען טראַגיש אומגעבראַכט געוואָרן
דורך די נאַצישע רוצחים אין אושוויץ

זכרם לא ימוש מאתנו לנצח!

אין טרויער פאַרבליבענע **מאַשע (מאַדלען) סטאָפּניצקי**
**און פאַמיליע וועלטמאַן**

פּאַריז

---





## צום אייביקן אָנדענק

פון אונדזערע טייערע און אומפאַרגעסלעכע:

ברידער **יצחק** און **מאַקס בעלפער** מיט זיין פרוי און קינד
שוועסטער **מלכה בעלפער, חנה לופטמאַן**
**שרה קראַנצענבוים, אַלטע שוואַרצבערג**
מיט זייערע מענער און קינדער

וועלכע זענען אומגעקומען איף קדוש השם דורך די דייטשע
בעסטיעס אין אושוויץ

כבוד לזכרם! לא נשכח אתכם לנצח!

**ראָזאַ און סימאָן בעלפער**
**ראַשעל און מישעל פינקאָוסקי**

פּאַריז

## צום ליכטיקן אָנדענק

פון די טראַגיש אומגעקומענע דורך די היטלעריסטישע רוצחים ימ״ש
דערמאָנען מיר אונדזערע נאָענטע

משה בראָנשטיין
ברכה ווייס
שרה מילשטיין
מרים יורקעוויטש
דבורה ליטאָווסקי און זייערע משפחות

דמם השפוך לא יכופר לעד!

פראַנקרייך **משפחת יאַבלאָנסקי**

---



## לזכר עולם

אונדזער טייערן פאָטער

**יעקב וואָלקאָוויטש** ז״ל

אשר נרצח על־ידי הברברים הנאצים במחנה המות אושביץ

יהי זכרו ברוך!

פאַריז טאָכטער **בערלינער בלוי**
**און משפחה**

---



## צום אייביקן אָנדענק

פון מיין נישט פאַרגעסלעכע פרוי און קינדער
וואָס זענען אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצי־מערדער
אין טויטן־לאַגער אוישוויץ

מיין טייערע פרוי **חנה הערבשטיין** ז״ל
מיינע טייערע קינדער **דבורה** און **שרהלע** ז״ל

כבוד זייער אָנדענק!

אין טרויער פאַרבליבענע
מאַן און פאָטער
**משה הערבשטיין**

פאַריז

---



## צום אָנדענק

פון די נישט פאַרגעסענע:

מיין מאַן **בערל וואָלקאָוויטש**
שוועסטער
**שרה איילענבערג (ווייסבוים)**
שוואָגער **אברהם איילענבערג**
און שוועסטער־קינדער **בארט, טערעז** און **זשאַק**
וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען אין לאַגער אוישוויץ

זכרם לא ימוש מלבינו לנצח

פאַריז פרוי **העלען וואָלקאָוויטש**
זין: **הענרי** און **ראָבערט**

---

## לזכרון נצח

פאַראייביקן מיר אונדזערע ברידער און שוועסטער

**יחיאל־ברוך** און **פאַני ראָזענבלום**
**לייביש** און **פעסע ראָזענבלום**
שוועסטער **רבקה רובינזאָן**, מאַן און קינדער
ברודער **יצחק־יוסף** און טאָכטער **רעזשין**

וועלכע זענען טראַגיש פאַרפייניקט און דערמאָרדעט געוואָרן דורך
די היטלעריסטישע רוצחים

אין אייביקן טרויער פאַרבליבענע

פאַריז **ירחמיאל ראָזענבלום** און משפחה

---



## לזכר עולם

בעלי היקר

**פנחס ברינהולץ**

אשר נרצח על ידי הרוצחים
הנאצים באושביץ

יהי זכרו ברוך!

פאַריז **באַשע ברינהולץ**

מיט יראת הכבוד

דערמאָנען מיר אונדזער פריינט און סאָסיעטי־חבר

## דוד דענקער

מיט זיין פרוי און דריי קינדער

וואָס איז אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציש
בעסטיעס אין אוישוויץ

כבוד זיין אָנדענק!

די סאָסיעטע
„פריינט פון טאָמאַשאָוו־מאַז."
אין פּאַריז

---

אין טיפן טרויער

פאַראייביק איך מיין אומפאַרגעסלעכן ברודער

יוסף בערמאַנסקי און פרוי דבורה

שוועסטער שפּערלינג מינאַ און סטאַשעק

איך וועל זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

וואַלד שרה
פּאַריז

---

צום אייביקן אָנדענק





אונדזערע ליבע און אומפאַרגעסלעכע

מיין מאַן בצלאל ברוין ז״ל
מיין מוטער גיטעלע ראָזענטאַל ז״ל
אייניקל ניוטעק
שוועסטער אסתר־מלכה זשולטאָווסקי ז״ל
און טאָכטער טאַניאַ ברוין

אין טרויער פאַרבליבענע

פייגע־לאה און רות ברוין
פּאַריז

---

## לזכר עולם!



בצער רב וביגון קודר הנני מבכה את רעייתי

מרים פרנקל ז״ל (לבית קליין)

אשר נרצחה על־ידי הברברים הנאצים במחנה אוישביץ

זכרה לא ימוש מלבי לנצח!

יעקב וזשארזשעט פרנקל
פריז

## צום אייביקן אָנדענק



פון מיין שוועסטער **רחל** און שוואָגער **יעקב גאַוורואַן**

מיט זייער טאָכטער **הענריעט**

שוועסטער **העניאָ** און שוואָגער **לייזער בענטשקאָווסקי**

מיט זייער זון **איטשע**

וואָס זענען אַזוי אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס אין אושוויץ

כבוד זייער אָנדענק!

אין טרויער פאַרבליבענע

**זשאַק זאַיאָנץ, פרוי און פאַמיליע**

בעלגיע

---

## נר תמיד למשפחתי היקרה

פאָטער **אברהם סאַלאָמאָנאָוויטש** ז״ל

מוטער **גיטל סאַלאָמאָנאָוויטש** (געב. פריד)

שוועסטער **מרים־לאה** ז״ל

שוועסטער **שרה־רבקה** ז״ל

ברודער **ישעיהו־מאיר** ז״ל

באָבע **ברײַנדל** ז״ל

פעטער **קלמן** ז״ל

וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע נאַצי־בעסטיעס ימ״ש

כבוד זייער אָנדענק!

אין טיפן טרויער

**שאַפסע סאַלאָמאָנאָוויטש**

בריסל, בעלגיע

---

## אַ מצבה

אונדזער טראַגיש אומגעקומענער משפּחה דורך די דייטשע נאַצי־מערדער

פאָטער **הערש־מאיר זוסמאַן** ז״ל

מוטער **לאה זוסמאַן** ז״ל

**אסתר זוסמאַן** און קינדער ז״ל

**יעקב (יאַנקל) זוסמאַן** און פאַמ׳ ז״ל

**משה זוסמאַן** און פאַמ׳ ז״ל

שוועסטערן **שיינע** און **רחל זוסמאַן** ז״ל

**חנה־רויזע צעטער** און קינדער ז״ל

**שאול (שאעל) צעטער** און פאַמ׳ ז״ל

**שבע בערמאַנסקאָ** און קינדער ז״ל

**יעקב (יאַנקל) ראָזענבלום** ז״ל

יהי זכרם ברוך!

מיר וועלן אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן

**יאַדזשאַ ערליך** (געב. זוסמאַן)

**איר מאַן שלמה**

**אברהם זוסמאַן**

בעלגיע

## בקדושה ובצער



אנו מעלים את זכרם של יקירינו

את אבי היקר **שלמה יוסף שפיגלמן**

אמי היקרה **שבע שפיגלמן**

אחי היקר **הערש־וולף שפיגלמן**

אחיותינו היקרות **שפרינצה, עטל, שרה־רבקה** וילד

רעייתי **יטה** (לבית צעטער), ילדי **בערל**

וכל משפחתנו שנרצחו ונשרפו בידי הנאצים

יהי זכרם ברוך!

פריס

השרויים בצער

**יעקב, צרקה שפיגלמן**
**ומשפחת טורק**

## בקדושה ובצער



את אבי היקר **שלמה יוסף שפיגלמן**

אבי היקר **מתתיהו הרצוג**
אמי היקרה **הדס קליימאן**
גיסי היקר **יהודה פלאט**
אחותי היקרה **אסתר הרצוג**
בת אחותי **חיה פלאט**

וכל משפחתנו שנרצחו ונשרפו בידי הנאצים

יהי זכרם ברוך!

הנשארים בצער

**אריה (לייב) הרצוג** ומשפחתו
**יצחק הרצוג** ומשפחתו
**לאה וייץ** ומשפחתה
בצרפת ובישראל



לזכרם הקדוש

של הורינו היקרים וכל יתר בני משפחתנו

וועלכע זענען טראַגיש אומגעבראַכט געוואָרן
דורך די נאַצישע רוצחים

פאָטער **משה־לייב צעטער** ז״ל
מוטער **חנה־מינקע** (געב. פיינער) ז״ל
שוועסטערן און ברידער

ערע זייער אָנדענק!



פון די 21 פערזאָן, משפחה צעטער, זענען געבליבן 4 ברידער (אין פאַריז)

אין אייביקן טרויער פאַרבליבענע זין:

**יצחק (זשאַק), שמואל דוד, חיים, בעניעק**
**צעטער** און זייערע פאַמיליעס

פאַריז, פראַנקרייך

מצבת נצח





צום אייביקן אָנדענק דערמאָן איך

מיינע ברידער

**יוסף** און **חיים עדעלמאַן**

וואָס זענען אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס
אין טרעבלינקע — כ״ג חשון תש״ג

אין טרויער פאַרבליבענע

שוועסטער **לאה צעטער**

פאַריז

צום אייביקן

אָנדענק



דערמאָנען מיר

אונדזערע ברידער

**שלמה, בערל** און **פנחס פאַפּאָוויטש**

שוועסטער **רבקה פאַפּאָוויטש**

ברידער און שוועסטער **ראָזענבערג**

וואָס זענען אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס
אין אוישוויץ

אין טרויער פאַרבליבענע פאַמיליעס

**פאַפּאָוויטש — ראָזענבערג**

פאַריז, פראַנקרייך



בלב שבור וביגון קודר אנו מעלים את זכרם
של יקירינו

אבי **יוסף ליסקביץ'**

אמי **נחה ליסקביץ'**

אחותי **פרידא מישפסקי**

אחותי **רויזה מישפסקי**

וכל משפחתנו שנרצחו ונשרפו בידי הנאצים

ה' ינקום דמם!

**מוריס לאסקי ומשפחתו**
פאַריז

---

## לזכרון נצח

דערמאָן איך מיין ליבע מוטער **חיה יאַקובאָוויטש**
און טאָכטער **לאהלע**
ווי אויך מיין גאַנצע משפחה ע״ה

אין טיפן טרויער:
**שלום יאַקובאָוויטש**
**און פאַמיליע**
פאַריז

---

לזכר הורי היקרים

אבי **אליעזר קאטושבסקי** ז״ל
אמי **הנדה קאטושבסקי** ז״ל
אחותי **חיה** ואת כל משפחתי

תהי נפשם צרורה בצרור החיים!

**ג'ורג' קאטושבסקי**
פאריס

---

מיט אַ צעבראָכן האַרץ באַווין איך
מיין ליבן מאַן **מאיר זיעמלאַקאָווסקי** ז״ל
און מיין ליבן זון **יעקב (זשאַק)** ז״ל
וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען אין אוישוויץ

השרויה בצער ובכאב
**מרים זיעמלאַקאָווסקי**
**און קינדער**
פאַריז

---

## צום הייליקן אָנדענק

דערמאָנען מיר אונדזערע אומפאַרגעסלעכע



מוטער **אסתר באלבין**
שוועסטערן **שרה** מיט איר מאַן
מומע **ליבע בלאַגאָווסקי**
**אַלטע** מיט איר זון **איטשע**
שוואָגער **משה וועלטמאַן**

אין טרויער פאַרבליבענע:

**משה באלבין און משפחה**
פאַריז

## על אלה אנו בוכים



פאָטער **מאיר מאָדזשעווסקי** ז״ל

מוטער **ברײַנדל מאָדזשעווסקי** ז״ל

שוועסטער **צירל** מיט איר מאַן און קינד

ברידער: **אברהם, יצחק, בערל,**

**הערשל** און **דוד מאָדזשעווסקי**

וואָס זענען אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס
אין טרעבלינקע — כ״ג חשון תש״ג

אין טרויער פאַרבליבענע

זון און ברידער: **שלמה און חיים מאָדזשעווסקי**
**מיט זייערע פאַמיליעס**

פאַריז

---

## צום אייביקן אָנדענק

דערמאָנען מיר

מיין פרוי **טעמאַ ווייס**
מיין זון **מאָריס**
מיין זון **סילוויאַן**
ברידער: **מאיר, שמערל** און **מאָטל**



וואָס זענען אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס
אין אוישוויץ

אין טרויער פאַרבליבענע

**בערנאַרד ווייס** און **משפחה**
**פון פראַנקרייך און ישראל**

---

## לזכרון עולם

מיט צער און טרויער דערמאָן איך מיינע טייערע, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַן אכזריותדיקן אופן דורך די דייטשע מאַסן־מערדער

מיינע טייערע עלטערן **גרשון** און **הינדע טוואַרדאָוויטש**

מיין געוועזענעם מאַן **אהרון גרינשפאַן**

שוועסטער און שוואָגער **מרים** און **אברהם מאַרדקאָוויטש**

און זייער זון **לייביש**

שוועסטער און שוואָגער **שרה** און **בן־ציון מילשטיין**

איך וועל זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן

**רעגינע צימבערג**
**(געב. טוואַרדאָוויטש)**

קאַנאַדע

## לזכר עולם

דערמאָן איך מיין מוטער

**חיה־דינה**
**לאָקעטש־ווייסמאַן**
שוועסטער **לאה**
מיט איר קינד **דאָראָטאַ**
שוועסטער **אסתר**
ברודער **משה לאָקעטש**

וועלכע זענען טראַגיש אומגעקו־
מען פון די דייטשע רוצחים אין
טרעבלינקע אין יאָר 1942

צום אייביקן אָנדענק פון מיין מאַן **קאָפּל ווייסמאַן**
מיט זיין פאַמיליע

וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען אין טרעבלינקע אין יאָר 1942

כבוד זייער אָנדענק!

**אידאַ ווייסמאַן (לאָקעטש)**

מעלבורן, אויסטראַליע

---



מיט צער און טרויער
דערמאָנען מיר אונדזער
אומפאַרגעסלעכע מוטער

**זלאַטע ווייסמאַן־אַבערזשאַנעק**

ברידער **לייב** און **משה** ז"ל



מיט ווייטיק דערמאָנען מיר אויך

אונדזער טייערן ברודער **ברוך**

מיט זיין פרוי **הינדע**

פון דער היים: גאַווראָן

וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען אין פאַרניכטונגס־לאַגער
אוישוויץ אין יאָר 1942

אין אייביקן טרויער:
**לאה האזע**
**בנימין ווייסמאַן**

מעלבורן, אויסטראַליע

---



**איך דערמאָן מיט כבוד**

מיין אומפאַרגעסלעכע ערשטע פרוי **שרה־חנה**

און מיינע טייערע קינדער **מענדעלע** און **מאַשעלע**

וועלכע זענען אויף אַן אכזריותדיקן אופן אָוועקגעריסן געוואָרן פון מיר
און אומגעבראַכט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן פון כעלמנאָ אין 1942

ה' ינקום את דמם!

אין אייביקן טרויער:
**בנימין ווייסמאַן**

מעלבורן, אויסטראַליע

---

## יזכור אלוהים



את נשמת אמנו היקרה

**רחל ווייסמאַן**
(פון דער היים: ציגלער)
ז"ל

וואָס איז געשטאָרבן אין
עלטער פון 46 יאָר
אין מעלבורן — 1956

מאַמע! דו וועסט אייביק בלייבן איינגעקריצט אין אונדזערע הערצער

טעכטער:
**זלאַטע און אסתר ווייסמאַן**

מעלבורן, אויסטראַליע

## אַ משפחה־מצבה

פאַר מיינע אומגעבראַכטע אויף אַן אכזריותדיקן אופן דורך די דייטשע היטלעריסטישע מערדער

מיין פאָטער **אברהם כץ**
אומגעקומען אין אוישוויץ

מיין מוטער **רייזל כץ**
אומגעקומען אין אוישוויץ

מיין ברודער **יוסף כץ**
אומגעבראַכט אין לאָדזשער געטאָ

מיין שוועסטער **פייגע כץ**
אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ

מיין שוועסטער **טובה לייזעראָוויטש** (געב. כץ)
געשטאָרבן אין מעלבורן אין יאָר 1952

מיין פעטער **הערש־יהודה כץ** און פאַמיליע
אומגעבראַכט אין לאָדזשער געטאָ

מיין פעטער **בנימין כץ** און פאַמיליע
אומגעבראַכט אין טאָמאַשאָווער געטאָ

מיין מוטער **אסתר כץ**
אומגעבראַכט דורך די נאַציס



אייביק וועט איר בלייבן איינגעקריצט

אין מיין זכרון

**לאַלע רייך** (געב. כץ)

מעלבורן





## צום אייביקן אָנדענק



מיין טראַגיש אומגעקומענער משפחה דורך די היטלעריסטישע רוצחים ימ"ש

מיין ליבע מוטער **רחל־לאה** ע"ה
(געשטאָרבן אין דייטשלאַנד)

מיין ברודער **עזריאל צימערמאַן**
און פאַמיליע

מיין ברודער
**אברהם־מרדכי צימערמאַן**
אומגעקומען דורך נאַציס אין טאָמאַשאָוו

מיין שוועסטער **חיה־פריידע**
**שאוצער (צימערמאַן)**
מאַן **יוסף שאוצער**
און טעכטערל **אסתר**
אומגעקומען אין לאָדזש

עס וועט אייביק נישט פאַרהיילט ווערן די וווּנד אין מיין האַרץ.

כבוד זייער אָנדענק!

**זכריה צימערמאַן**
אויסטראַליע

---

מיט טרויער און צער פאַראייביק איך מיינע טייערע און נאָענטע וועלכע זענען אומגעקומען אויף אַן אכזריותדיקן אופן דורך די היטלעריסטישע מערדער

פאָטער **מרדכי שפערלינג** ז"ל
(אומגעקומען אין טרעבלינקע)

מוטער **רייזל שפערלינג** ז"ל
(געשטאָרבן אין טאָמאַשאָווער געטאָ)

ברודער **אליעזר שפערלינג** ז"ל
(אומגעקומען אין פּאַריז)

ברודער **משה־שמעון** ז"ל און פרוי (געב. פּיאָטרקאָווסקי)
און קינדער
(אומגעקומען אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע)

ברודער **שמחה שפערלינג** ז"ל
(געפאַלן אין די פּאַרטיזאַנער־קאַמפן)

שוועסטער **מאַשע שפערלינג** ז"ל
(אומגעקומען אין טאָמאַשאָווער געטאָ)

זיידע **דוד שוואַרצמאַן**
קוזינע **שרה שוואַרצמאַן** און קינדער
(דערמאָרדעט געוואָרן אין טרעבלינקע)





תהי נשמתם צרורה בצרור החיים וזכרם לא ימוש מלבי לעד!

**יעקב שפערלינג און משפחה**

מעלבורן, אויסטראַליע

# לזכרון נצח

מיט טיפן צער און מיט יראת הכבוד דערמאָנען מיר אונדזערע טייערע און נאָענטע
וועלכע זענען טראַגיש אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע היטלער־רוצחים

אונדזער פאָטער **יעקב האָפּפּע**

אונדזער מוטער **שרה** בת שלמה ראָזענבערג

אונדזער שוועסטער **חוה**, איר מאַן **שלמה אַטלאַס**

און קינד **אברהמלע**

אונדזער שוועסטער **לאה**

טיף זענען זיי איינגעקריצט אין אונדזערע הערצער און מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

טאָכטער **צעלאַ וואַסערמאַן** (לבית האָפּפּע), חיפה
זון **יצחק האָפּפּע**, מעלבורן

# צום הייליקן אָנדענק

אייביק וועלן מיר געדענקען און דערמאָנען אונדזערע נישט פאַרגעסלעכע און טייערע עלטערן



פאָטער **יעקב זאַמאָלעוויטש** ז״ל

מוטער **אסתר זאַמאָלעוויטש** ז״ל

וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים

ה׳ ינקום דמם ויהי זכרם ברוך!

די פאַרבליבענע אין טיפן טרויער:

טאָכטער **פאָלאַ האָפּפּע** — מעלבורן, אויסטראַליע
זון **יוסף זאַמאָלעוויטש** — ניו־יאָרק

## אַ משפחה־מצבה פאַר אונדזערע טייערע און נאָענטע




דערמאָרדעטע דורך די דייטשע היטלעריסטישע מערדער

מוטער
**פרימעט הערצשטיין**

ברודער
**משה־לייב הערצשטיין**, פרוי **לאה**
און די קינדער **מאיר** און **שרהלע**




שוועסטער
**גאָלדע הערצשטיין**

מיין טעכטערל **בראָנטשע (ברכה) קערש**




מומע **ראָזע**

פעטער **אפרים**

זייער טעכטערל **פייגעלע**

גרוים איז דער ווייטיק — מען קען זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן

יהי זכרם ברוך!

טאָכטער **שיינדל־לאה (סאָניע) סאָנאַבענד**
אויסטראַליע
טאָכטער **צילאַ הערצשטיין** — פאַריז
טאָכטער **צפורה שקלאַרסקי** — אַרגענטינע
זון **אהרן הערצשטיין** — מאָנטעווידעאָ

## צום הייליקן אָנדענק

אונדזערע טייערע און אומפאַרגעסלעכע עלטערן און ברידער

פאָטער **חיים־הערש גערשטיין** ז״ל

מוטער **פריידל** (פון דער היים גערשאַנאָוויטש)

ברידער: **אייזיק**
**אברהם**
**מרדכי**
און **שמואל**

וועלכע זענען אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אומגעבראַכט געוואָרן אין טרעבלינקע אין 1942

כבוד זייער אָנדענק!

אין טרויער:

זון און ברודער
**ירחמיאל גערשטיין און פאַמ.**
**גרשון גערשטיין און פאַמ.**

טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

## צום אייביקן אָנדענק

דערמאָנען מיר אונדזער אומפאַרגעסלעכע פאַמיליע, וועלכע איז אומגעבראַכט געוואָרן אין טרעבלינקע דורך די היטלעריסטישע רוצחים

אונדזער ליבן פאָטער **הערשל לאָקעטש**
אונדזער ליבע מוטער **גאָלדע־מרים** (פון היים: שאַפּמאַן)
אונדזערע טייערע שוועסטערן:
**שרה־לאה** מיט איר מאַן **דוד**
**פייגע־ריווע**, איר מאַן **משה טאַרנאָווסקי**
**חיה־שרה**
און טייערן ברודער **דוד־מרדכי**
זיידע **משה שאַפּמאַן** און פרוי **רויזע**
פעטער **דוד שאַפּמאַן** און פאַמיליע
פעטער **עזריאל שאַפּמאַן** און פאַמיליע
פעטער **אברהם שאַפּמאַן** און פאַמיליע
פעטער **הלל קאַשטוצקי** און פאַמיליע

זון און ברודער:
**אשר לאָקעטש**
טאָכטער און שוועסטער:
**בראָניע בעלזיצקי (לאָקעטש)**
טאָכטער און שוועסטער:
**איטע שלעזינגער (לאָקעטש)**
טאָכטער און שוועסטער:
**ראָזאַ טשיעס (לאָקעטש)**, אַמעריקע

טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

## מיט טיפן צער

דערמאָנען מיר אונ־דזערע טייערע און נאָענטע, וועלכע זענען אומגעקומען אויף קדוש השם דורך די נאַצישע בעסטיעס אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע







אונדזער ליבן פאָטער
**הערש גערענשטאַט**
(געשטאָרבן פאַרן קריג)
אונדזער ליבע מוטער
**שרה־פייגע**
פון דער היים: שאַפּמאַן
ברודער **אברהמעלע**

פעטער **אליעזר גערענשטאַט** און פאַמיליע
מומע **מרים גערענשטאַט** און פאַמיליע
פעטער **הערמאַן שטיינבערג** און פאַמיליע

די אין טרויער איבערגעבליבענע:
טאָכטער און שוועסטער
**ראָז בערמאַנסקי (גערענשטאַט)**
טאָכטער און שוועסטער
**ריווע באַיאַרסקי (גערענשטאַט)**

טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

## מיט יראת הכבוד און טיפן צער

פאַראייביקן מיר אונדזערע אומפאַרגעסלעכע עלטערן און ברודער, וועלכע זענען אומגעקומען אויף קדוש השם דורך די בעסטיאַלישע נאַציס

פאָטער **אַלטער פנחס בערמאַנסקי** ז״ל





מוטער
**קאַזע־בלומע בערמאַנסקי**
(געב. סומעריי) ז״ל

ברודער
**צמח־שמחה בערמאַנסקי**
ז״ל

יהי זכרם ברוך!

אין אייביקן טרויער:
טאָכטער און שוועסטער
**העלאַ הררי (בערמאַנסקי)**
זון און ברודער
**אברהם בערמאַנסקי**

ישראל — קאַנאַדע

## מצבת נצח לזכרם הקדוש של הורינו ובני משפחתנו היקרים



אונדזער ליבן פאָטער **טוביה יאַקובאָוויטש**

און ליבע מוטער **חנה־פייגע יאַקובאָוויטש**
(געב. מיכאַלעוויטש)

שוועסטער **צלובע באָגוכוואַל** (געב. יאַקובאָוויטש)
מיט איר מאַן און קינדער

ברידער: **נפתלי, בערל** און **יחזקאל**

מיין ליבע פרוי **אַנדזשע יאַקובאָוויטש**
(געב. קאַשעראָווסקאַ)

און טעכטערל **מאַרילקאַ**

וועלכע זענען אויף אַן אכזריותדיקן אופן אומגעקומען אין טרעבלינקע

זייער אָנדענק איז טיף איינגעקריצט אין אונדזערע הערצער

זון, ברודער, מאַן און פאָטער **נח יאַקובאָוויטש**
טאָכטער און שוועסטער **נחמה דיכטענבערג (געב. יאַקובאָוויטש)**
**און פאַמיליע**
זון און ברודער **דוד יאַקובאָוויטש און פאַמיליע**

טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

---

## צום הייליקן אָנדענק

פון מיינע טייערע עלטערן און שוועסטערן, וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע

פאָטער **אברהם קורץ** ז"ל — שוועסטערן: **רחל**
מוטער **שפרינצע קורץ** ז"ל — **שרה**
פאָטער **אברהם קורץ** ז"ל — **חוה**

ה' ינקום את דמם ויהי זכרם ברוך!

זון און ברודער
**פנחס קורץ און פאַמיליע**

טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

---

## לזכרון עולם

דערמאָן איך מיינע טייערע עלטערן, שוועסטערן, באָבע און זיידע

פאָטער **מאָטל האָפמאַן**
מוטער **חנה־רבקה האָפמאַן** (געב. יאַקובאָוויטש)
שוועסטערן **דינה** און **דבורה**
זיידע **שמואל־אליעזר יאַקובאָוויטש**
באָבע **מרים יאַקובאָוויטש**

אייביק וועט זייער אָנדענק בלייבן אין אונדזערע הערצער!

זון, ברודער און אייניקל
**יצחק האָפמאַן און פאַמיליע**

טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

---

בצער רב ובלב דואב אני מבכה את בני משפחתי היקרים, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין טרעבלינקע

מיין ליבן פאָטער **יעקב בעלפער** ז"ל
מיין ליבע מוטער **חנה בעלפער** ז"ל
שוועסטערן **פייגע, פעסע** און **רחל**
ברידער **קלמן, יוסף, אברהם** און **ישראל**
שוועסטערן **פייגע, פעסע** און **רחל**

דמם לא ישקוט לנצח!

אין טרויער:
זון און ברודער
**ישעיהו בעלפער און פאַמיליע**

מאָנטרעאַל, קאַנאַדע

